יצאו"[82] ניט ארייגגעמישט זיך אין דעם חינוך פון אידישע קינדער (אע"פ וואס דערוויילע האלטן זיי נאך ניט בא חרטה האבן פון דדכם הבלתי טובה - מאכן שינויים אין תורה און יהדות וכו׳), וואס דעמולט וואלט געווען די תועלת כמ"פ ככה, אויך פאר זיי אליין.

כ. און צוזאמען מיט דער נתינת תודה אויף דעדויף וואס עס איז געטאן געווארן עד עתה - קומט אויך די בקשה און דרישה, אז מ׳זאל פאדלאנגען בא דעד ממשלה אז זי זאל פועל׳ן און אויפטאן דעם ענין החינוך אין אלע מדינות מיט וועלכע זי שטייט בקשר,

אז נוסף אויף דעדויף וואס זי וועט זיי מודיע זיין פון איר הצלחה - מוסיף זיין אין הדגשת חשיבות ענין החינוך, און אז דער חינוך איז פארבונדן מיט "לשבת יצדה", וואס צוליב דעדויף דאדף מען מקיים זיין די אלע מצוות וואס זיינען נכלל אין די מצוות פון בני נח,

און אע"פ אז בשעת מ׳איז מקיים די מצוות בני נח ניט "מפני שצוה בהן הקב"ה בתודה והודיענו ע"י משה דבינו", איז מען ניט "מחסידי אוה"ע אלא מחכמיהם"[83] - איז די וואס האבן מורא צו ווערן פון "חסידי אוה"ע", קען מען בא זיי פאדלאנגען אז זיי זאלן עכ"פ אדיינגעשטעלט ווערן צווישן חכמי אוה"ע,

זאל זי אויך פארלאנגען בא אלע מדינוה כולם, אז אזוי ווי מ׳שטייט אין יחסים טובים, און זיי זעהן ווי די מדינה העלפט זיי ארוים - זאלן זיי איר אויך נאכטאן בנוגע צו הדגשת חשיבות ענין התינוך, און א חינוך וואס איז מחנך דעם מענטשן אז עד זאל זיך פידן ווי א בן אדם, ניט ווי א "פרא אדם".

כא. און דעמולט וועט דאס זיכעד מצליח זיין, וואדום דאס איז דאך איינע פון די הוראות פון דעם אויבעדשטן - מ׳זאל מאכן א דירה לו ית׳ בתחתונים, וואס דערצו דארף מען האבן אז די שבעים אוה"ע זאלן זיך פידן אין אן אופן פון "לשבת יצדה",

און דאס וועט נאכמעד מוסיף זיין (דורך "לעבדו שכם אחד") אין דער הנהגה פון אידן בעניניהם - דעד חינוך צו יהדות אמיתית אן קיינע שינויים.

און ע"י מעשינו ועבודתנו בכלל, ובמיוחד אין דעם ענין - האמור -

------------

82) ישעי׳ מט, יז. 83) דמב"ם שם הי"א.- בכה"י ההימנים. וכן הובא בשו"ת מהר"ם אלשקר סקי"ז.

האמור (אין אן אופן אז מ'זאל ניט אפלייגן אויף מארגן דאס וואס מ'קען אפטאן היינט) -

איז נוסף אויף דערויף וואס דורך דעם וועט זיין דער שלום העיר והמדינה (ווארום דורך דערויף וואס מ'פועל'ט אז ס'זאל זיין דער חינוך המתאים פון אוה"ע בכל מקום, ווערט אויך שטארקער און רואיקער דער מעמד ומצב אין מדינה זו),

וועט דאס אויך זיין די הכנה קרובה צום קיום היעוד[84] (מיט וועלכן דער רמב"ם איז מסיים ספרו "משנה תורה") "ומלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים".

* * *

כב. מ'האט גערעדט פריער אז התחלת ועיקר החינוך איז - דער חינוך הקטנים והקטנות. "הנוך לנער ע"פ דרכו".

מ'איז אבער פארשטאנדיק, אז ח"ו מ'זאל עפעס ניט דער-סאן אין דעם חינוך פון די גרולים בשנים, און אפי' אין דעם חינוך פון די גדולים בידיעות, ווארום "אין שלם אלא אחד", איז וויפל ער זאל זיין א גדול באיכות, דארף ער נאך צוקומען צו שלימות האמיתית,

וואס די בעסטע הוכחה אויף דערויף (אז ער דארף נאך צוקומען צו שלימות האמיתיח) איז - וויבאלד אז דער אויבערשטער גיט אים לעבן, איז דאך א זיכערע זאך אז ער דארף זיין א מהלך, ביי אים דארף זיין דער "ילכו מחיל אל חיל", ער זאל ניט בלייבן אין דעם זעלבן מעמד ומצב, אע"פ אז לפ"ע השנה ההיא אדער ההודש ההוא אדער היום ההוא, איז זיין מעמד ומצב געווען בשלימות,

איז ח"ו אז מ'זאל פארגעסן וועגן דעם חינוך הגדולים, סיי גדולים בשנים און סיי גדולים בידיעות.

וואס דאס איז דער צווייטער פרט אין "ושננתם לבניך - אלו התלמידים", אז אפי' ווען דער תלמיד איז אלט א ריבוי שנים בכמות, און ער האט א ריבוי ידיעות באיכות - אעפ"כ איז אבער דא א פרט אין וועלכן ער קען זיין זיינער א תלמיד (אדער א תלמיד פון אימעצן), במילא דארף ער אויך אנקומען צום ענין החינוך.

וואס דאס איז דער "דבר משנה" - "איזהו חכם הלומד מכל אדם"[85]: אויב ער וויל האבן דעם תואר "חכם", איז ניט גענוג דאס וואס ער האט געלערנט ביז דעם רגע; א "חכם" איז דער וואס איז "לומד מכל אדם", "לומד" לשון הוה, ער לערנט

- איצטער -

---

84) ישעי' יא, ט. 85) אבות רפ"ד.

הנהה הת' בלתי מוגה

איצטער, און ניט נאר פון איינעם, פון צוויי אדער פון דריי, נאר "הלומד מכל אדם".

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט תורת הבעש"ט אז פון יעדער זאך וואס א איד זעט אדער הערט דארף ער ארויסנעמען א הוראה אין עבודת ה' - וואס ס'זיינען דא אזוינע וואס זוכן זיך טשעפען מיט דער תורת הבעש"ט - איז דאס פארשטאנדיק פון דער משנה "איזהו חכם הלומד מכל אדם":

ווען עס רעדט זיך וועגן א "חכם", וואס דאס גייט אויף יעדער אידן, ווארום יעדער איד באלאנגט צום "עם חכם ונבון הגוי הגדול הזה"[86] - דאדף ער זיין "הלומד מכל אדם": ווען ער דערזעט א מענטשן, וועלכער מענטש עס זאל נאר זיין, זעט ער דאך א זאך וואס מיט א רגע לפנ"ז האט ער דאס ניט געזעהן, איז דערפון גופא די הוכחה, אז וויבאלד ער האט אים געזעהן, דארף ער פון אים עפעס אפלערנען, און אויב ניט, איז ער ניט קיין "חכם".

כג. דעם עניין האט מען אויך געזעהן אין די פעולות פון בעל ההילולא - אז נוסף אויף דעד מס"נ (ביז אין אן אופן אז כ'זאל דאס אראפברענגען אין מעשה בפועל) בנוגע צו דעם ענין החינוך פון קטנים וקטנות, אנהויבנדיק פון לימוד אל"ף-בי"ת, האט ער זיך אויך פארנומען מיט הפצה המעיינות, די מעיינות פון דעם בעש"ט ביזן אלטן רבי'ן, אין אן אופן פון "יפוצו מעינותיך חוצה", ביז אין אן אופן פון "חוצה" בנוגע צו לשון - ניט נאר אין לה"ק, נאר אויך אין שאר הלשונות.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק בנוגע צו די פעולות פון כאו"א - אז נוסף אויף דערויף וואס ער טוט בנוגע צו דער רצפה און דער קרקע און די עקביים פון אידן, ובלשון התרגום[87] - "דעדקיא דביה יעקב", וואס דאס זיינען די קטנים - דארף ער אויך טאן מיט דאשם של ישראל;

אנהויבנדיק דערפון ווי דאס איז בא יעדערן בא זיך אליין - פון זיין כה המעשה, וואס דאס איז דעד עניין העשי' און דער רגל אין זיין קומה רוחנית, ביז אין חב"ד שבנפשו, אז זיין שכל זאל זיין ממולא מיט ענינים פון תורה, כמבואר בארוכה אין תניא[88].

ועד"ז אויך בנוגע צו דער התעסקות אין הפצה היהדות - אז עס דארף זיין אנהויבנדיק פון דעם אל"ף-בי"ת פון יהדות, ביז צו הכליה השלימות אין יהדות, ביז צו דער הפצה פון פנימיות התורה.

- כד. -

------------

86) ואתחנן ד, ו. 87) עה"פ בלק כג, י. 88) פ"ט (יד, א).

כד. האמור לעיל אז מ'דארף טאן אין חינוך פון קטנים וקטנות, און צוזאמען דערמיט אויך טאן אין "יפוצו מעינותיך חוצה" - איז אויך מרומז אין דעם וואס די גמרא[89] זאגט "אל תגעו במשיחי - אלו תינוקות של בית רבן", ד.ה. אז "תינוקות של בית רבן" ווערן אנגערופן בשם "משיח" ("משיחי").

וואס "תינוקות של בית רבן" מיינט ווען ער איז נאך א תינוק, און ער גייט אין "חדר" אלס א תינוק;

און "משיח" איז דאך תכלית השלימות פון מין האנושי, ווי גערעדט בארוכה אין א פריערדיקע התוועדות[90] אז משיח איז א נשמה כללית פון כל בנ"י כולם, און ס'איז ניט נאר אן ענין פון פנימיות התורה, נאר ווי מ'האט דערמאנט פריער (ס"א) דעם פס"ד פון רמב"ם, אז דער מלך איז "לבו הוא לב כל קהל ישראל", ובלשון פון רש"י (וואס איז אפי' פאר א בן חמש למקרא) אז "הנשיא הוא הכל" -

זאגט מען אז א תינוק של בית רבו ווערט אנגערופן אין "תורת אמת" בשם "משיח".

און מ'זאגט[91] אז "אין מבטלין תינוקות של בית רבן אפי' לבנין בית המקדש", ד.ה. אז דאס איז נאך העכער פון בנין ביהמ"ק,

וואס דער ביהמ"ק איז כולל דעם קדשי קדשים, ואדרבה, לדעת הרמב"ן[92] אז "עיקר החפץ במשכן הוא מקום מנוחת השכינה שהוא הארון", איז דער קדשי קדשים דער עיקר פון ביהמ"ק, און אפי' לדעת הרמב"ם[93] אז דער עיקר פון ביהמ"ק איז "להיות מקריבים בו הקרבנות" - זיינען דאך די קרבנות עולה למעלה דורך דעם קדשי קדשים, ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס די תפלות (וואס "כנגד תמידין תקנום"[94]) זיינען עולה למעלה דורך דעם קדשי קדשים (וואס דערפאר איז דער דין[95] אז ווען ער איז "עומד אחורי המקדש" איז "יחזיר פניו למזרח כנגד בק"ק") -

זאגט מען אבער אז דער ענין פון לימוד התורה מיט תינוקות של בית רבן, איז נאך העכער פון בנין ביהמ"ק, ווארום דאס טוט אויף דעם ענין פון משיח'ן, און דאס טוט אויף דעם בנין ביהמ"ק מיטן קדשי קדשים, און דאס טוט אויף די דירה לו ית' בתחתונים, אין דעם תחתון שאין למטה ממנו.

עס איז אבער פארשטאנדיק, אז נאך דערויף וואס ער איז

- דורכגעגאנגען -

---

89) שבת קיט, ב. 90) שיחת עשרה בטבת ס"ז. 91) שבת שם. 92) ר"פ תרומה. 93) ריש הל' ביהב"ח. ועוד. 94) ברכות כו, ב. 95) שו"ע אדה"ז או"ח רסצ"ד.

דורכגעגאנגען דעם גיל פון תינוקות של בית רבן, און ער האלט שוין אין א העכערן אופן פון לימוד התורה האט ער דעם ציווי צו טאן "כרבעי לי' למיעבד"[96], און ווי די גמרא[97] איז מבאר דעם עונש וואס ס'איז געווען אויף דעם וואס מ'האט ניט געטאן "כרבעי לי' למיעבד".

כה. וכאמור לעיל אז צוזאמען מיט דער פעולה אין חינוך הקטנים והקטנות בשנים, דארף מען ניט פארגעסן (און מ'טאר ניט פארגעסן) וועגן חינוך עצמו, און חינוך כל הנמצאים בסביבתו, אע"פ אז זיי זיינען שוין גדולים ניט נאר בכמות (אין שנים) נאר אויך באיכות.

און טאן אין דערויף בשמחה ובטוב לבב ("לבב" מיט צוויי בי"ת'ן[98]), וואס דאס באווייזט אז ער איז אינגאנצן דורכגענומען דערמיט, ס'איז ניטא קיין נקודה אין די "שייפין" וואס באקומט ניט דעם ענין פון דעם "לבב", וואדרום וויבאלד אז דאס איז אין אן אופן פון "בטוב לבב", איז דאס אין אן אופן פון שמחה, וואס שמחה איז פורץ גדר[99].

און דורך די אלע ענינים בויט מען אויף א "קומה שלימה", אז סיי די רגלים, "רעדקייא דבית יעקב", און סיי די ראשי ישראל, פון "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך ושואב מימיך", שטייען אלע אין אן אופן פון "נצבים היום כולכם לפני ה' אלקיכם"[100],

און דעמולט ווערט דער "לעבדך גו'"[101], ביז ווי דאס איז כפשוטו - ווי ס'שטייט אין היינטיקער סדרה[102] "עד יעבור עמך ה' עד יעבור עם זו קנית", ווי רש"י צייכנט צום פירוש התרגום בזה, און אין אן אופן פון "קנית" - דער ענין פון חביבות[103], "ישראל קנין אחד"[104],

בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו,

וואס דעמולט וועט מען אויך זעהן בעיני בשר דעם "ה' ימלוך לעולם ועד", אז עס ווערט אן ענין של הוה (צוזאמען דערמיט וואס דאס איז א לשון עתיד), במהרה בימינו ממש.

* * *

כו. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה באתי לגני.

* * *

- כז. -

---

96) כתובות סז, א. 97) שם סו, ב ואילך. 98) ראה ירושלמי ברכות פ"ט ה"ה. 99) ראה ד"ה שמח תשמח תרנ"ז ע' 49 ואילך. 100) נצבים כט, ט-י. 101) שם, יא. 102) טו, טז. 103) פרש"י עה"פ. 104) אבות פ"ו מ"י. וראה פרש"י ד"ה קנינין - פסחים פז, ב. במדרש שמואל לאבות כאן.

כז. עס איז דא דער מנהג צו מאכן א סיום אויף א מסכת, און אויך דערמאנען וועגן "קרן התורה".

וואס עס זיינען דא אזוינע וואס לערנען תורה אן קיינע זייטיקע תכליות, אפי׳ ניט אויף צו ווערן א רב און פסק׳נען דינים (וואס דערפאר לערנט ער תורה, וויבאלד אז "לימוד מביא לידי מעשה"[105]), אדער אויף צו מחנך זיין און מדריך זיין קינדער, וואס דאס זיינען דאך תפקידים הכי נעלים - איז אבער דא דער ענין פון לימוד התורה צוליב תורה אליין.

וואס אויף דערויף דארף מען זיך מתייגע זיין (כפי שרש נשמתו, און נאך למעלה מזה) אויף צו פארשטיין די ענינים פון תורה, אלע ד׳ חלקי התורה, לעמקם ולרחבם ולארכם, ווי ס׳איז אויך פארשטאנדיק פון דעם פס"ד וואס דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין הל׳ ת"ת שלו[106], אז יעדערער דארף לערנען כל חלקי התורה, און יעדערער קען אויפטאן[107] אין כל חלקי התורה, כמבואר דארטן בארוכה, און אויך צוגעצייכנט אין שוה"ג א טייל פון די מראי מקומות.

און כדי צו אראפנעמען בא זיי די בלבולים און דאגות וכו׳ - גיט מען זיי פון דעם "קרן התורה".

און די וואס ווילן זיך אין דערויף משתתף זיין - איז וויבאלד אז דאס איז א השתתפות וואס איז נאך קודם הלימוד, קען מען דעמולט ע"פ דין[108] אויסנעמען דעם תנאי אז ס׳זאל זיין אין אן אופן פון "שמח זבולון בצאתך ויששכר באוהליך"[109], ער זאל האבן א חלק אין זיין שכר פאר לימוד התורה[110], ד.ה. ניט נאר אלס אן ענין של צדקה, וואס ער איז תומך אין תלמידי חכמים, נאר ער באקומט דעם שכר אלס א לומד תורה (פונקט ווי ער וואלט אליין געלערנט תורה).

וכמדובר כמ"פ אז די וואס ווילן, קענען אויך צוצייכענען שמם ושם אמם, כדי להזכירם לברכה.

און דער אויבערשטער זאל זיי בענטשן און מצליח זיין אז נאך בפעם הזאה זאלן זיי געבן נאך מערער וויפל זיי האבן אליין משער געווען אז זיי וועלן געבן, עאכו"כ כחר און מחרתים, וואס דעמולט וועט נאך צוקומען דער ענין פון "מעלין בקודש"[111].

מסתמא וועט מען אויך אויסטיילן צעטלאך, און די וואס

- ווילן -

------------

105) קידושין מ, ב. 106) פ"א ה"ד. 107) שם פ"ב ה"ב. וראה אגה"ק סכ"ו (קמה. א). 108) רמ"א יו"ד סרמ"ו ס"א. 109) ברכה לג, יח. 110) ראה גם הל׳ ת"ת לאדה"ז פ"ג ה"ד. 111) ברכות כח, א. וש"נ.

ווילן, וועלן קענען איצטער געבן, אדער געבן שפעטער, כאו"א כפי נדבת לבו,

אבי מ'זאל ניט יוצא זיין מיט א כוונה טובה און א מחשבה טובה (וואס דאס איז אויך מכריע את עצמו ואת כל העולם כולו לכף זכות) - נאר עס זאל טאקע זיין דער מעשה בפועל, "מעשה רב", סיי באיכות, און דער עיקר - בכמות, ווארום בא צדקה איז נוגע בעיקר דער ענין הכמות; עס דארף טאקע זיין דער ענין פון סבר פנים יפות[112], מיט אלע פרטים שבזה, אבער בעיקר איז נוגע כמות הצדקה.

און דאס זאל צוהיילן דעם "ומלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים", וואס דעמולט וועט זיכער זיין דער לימוד התורה צוליב תורה אליין, ווארום דעמולט וועלן זיין "מעדנים מצויין כעפר"[113], עס וועלן זיין כל הענינים הטובים און בשופי, וועט מען דאך זיכער לערנען תורה צוליב תורה אליין, ביז צו לימוד התורה לשמה.

כח. בנוגע צו א סיום אויף א מסכת - איז אזוי ווי עס רעדט זיך וועגן א נשיא, און א נשיא פון תורת חסידות חב"ד - איז מתאים מ'זאל מאכן א סיום אויף א מסכת וואס די גמרא[114] אליין זאגט אז די איז פארבונדן מיט חסידות, "מילי דחסידותא", וואס דאס איז מסכת אבות (אע"פ אז ס'איז א דבר בלתי רגיל כלל צו מאכן א סיום אויף מסכת אבות).

וואס אין מסכת אבות זיינען אויך דא כמה פסקי דינים אין הלכה למעשה בפועל, ואדרבה, ווען מ'לערנט מסכת אבות בהשקפה ראשונה און בפשטות, זעט מען אז אלע ענינים פון דער מסכת זיינען ענינים פון מעשה בפועל -

הוץ פון די געציילטע משניות וואו עס רעדט זיך וועגן שכר המצוה אדער וועגן גודל ענין המצוות וכיו"ב, און חוץ פון דער הקדמה אז "משה קבל תורה מסיני"[115], און חוץ פון דעם סיום פון פרק "קנין תורה"[116] "ה' ימלוך לעולם ועד" - וואס דער פרק "קנין תורה" איז א ברייתא וואס מ'האט מצרף געווען צו פרקי אבות אלס פרק ששי (כמבואר אין מפרשי המשנה[117]), אבער די מסכה אליין ענדיקט זיך מיט פרק חמישי.

כט. ובהקדים:

מ'האט גערעדט פריער (בהמאמר) וועגן דעם ענין העמודים,

- אז -

------------

112) ראה ב"ב ט, ב. שו"ע יו"ד סרמ"ט ס"ג. 113) רמב"ם סוף הל' מלכים. 114) ראה ב"ק ל, א. 115) רפ"א. 116) ראה מדרש שמואל לאבות רפ"ו. ועוד. 117) ראה פרש"י לאבות שם. ועוד.

אז ענינם איז, מחבר זיין דעם עליון שבעליונים מיטן תחתון שבתחתונים, אין אן אופן אז זיי ווערן איין זאך.

וואס דער ענין שטייט בגלוי ובהדגשה אין תורה, ווארום אויף תורה זאגט מען אז זי איז "תורה אחת",

ביז וואנעט אז אע"פ וואס מ'זאגט אז לימוד התורה דארף זיין אין אן אופן פון "סלסלה"[118], מ'דארף אפטיילן איין הלכה פון דער צווייטער הלכה, אבער צוזאמען דערכיט איז תורה בדוגמת ענין הדם, וואס ער איז אין אלע אברים בשוה,

כמבואר אין לקו"ת (אין די דרושים פון מ"ת אין פ' במדבר[119]) אז אין אברים איז דא א חילוק צווישן איין אבר מיטן צווייטן, ווארום אין דערויף באשטייט דער ענין האבר, אז ער איז מחולק פון דעם צווייטן אבר, משא"כ דער ענין הדם, וואס ער איז אין אלע אברים בשוה,

ד.ה. אז אפי' ווי דער דם שטייט שוין אין די אברים, און ער איז מחי' יעדן אבר מיט זיין חיות הפרטי (ווארום "הדם הוא הנפש" - דורך דעם דם קומט אן חיות הנפש אין אלע אברים) - איז דער דם וואס געפינט זיך אין דעם אבר בשוה צום דם וואס געפינט זיך אין אלע איבעריקע אברים, און דער כללות הדם וואס געפינט זיך אין די אברים, איז בשוה צום דם וואס געפינט זיך אין דעם לב, וואס דארטן איז דער מקור פון דעם דם.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אויב מ'זאגט אז ס'איז דא א חלק אין תורה וואס מ'לערנט אים ע"ד ההלכה, און ס'איז דא א חלק אין תורה וואס האט ניט קיין שייכות צום ענין פון הלכה, דערפאר וואס דאס איז חלק האגדה שבתורה,

ביז וואנעט אז מ'וויל זאגן אז מסכת אבות האט ניט קיין שייכות צו דעם ענין פון הלכה, וויבאלד אז מסכת אבות איז מחולק פון אלע איבעריקע מסכתות, ווארום רובם ככולם זיינען ענינים של הלכות, משא"כ מסכת אבות, וואס רוב המסכת רעדט זיך וועגן עניני מוסר און מדות טובות, ובלשון הרמב"ם[120] "מוסר הדיינין" -

איז דאס דער היפך פון דער גאנצער מהות פון תורה, ווארום תורה איז "תורה אחת" אין אלע אירע חלקים, און אין יעדער חלק שבתורה, זיינען דא אלע פיר דרגות שבתורה, סיי סוד, סיי רמז, סיי דרוש און סיי פשט, כולל אויך דעם ענין פון "בכך" און "גדול הלמוד שמביא לידי מעשה" - דער ענין פון הלכה למעשה.

- ל. -

------------

118) ל' הכתוב - משלי ד, ח. וראה לקו"ת אחרי כז, סע"א ואילך. ועוד. 119) יג, א. 120) בהקדמתו לפיהמ"ש ד"ה והחלק השני.

ל. ולדוגמא:

ווען מ׳רעדט וועגן דעם יחס און שייכות פון אידן צום אויבערשטן – דער יחס וואס דריקט זיך אויס אין דעם ענין פון עבודת האדם לקונו, וואס "אני נבראתי לשמש את קוני" – זאגט מען אז ס׳איז אן ענין וואס האט א שייכות צו מוסר, דרוש און סוד, ס׳איז אבער ניט קיין ענין וואס האט א שייכות מיט דעם ענין פון הלכות.

הכל מודים אז ס׳איז דא א הלכה כללית אז "אני נבראתי לשמש את קוני", וואס דאס איז א ציווי כללי אויף דעם ענין פון לימוד התורה און קיום מצוותי׳; דאס איז אן ענין פון עבודת ה׳, און ניט אין מעשה בפועל, נאר אן ענין אין "עבודה שבלב", וואס דאס איז דער עיקר העבודה, כמרז"ל[121] אויפן פסוק[122] "ולעבדו בכל לבבכם", "איזו היא עבודה שבלב הוי אומר זו תפלה" – מ׳וויל אבער שולל זיין אין דערויף דעם פארבונד מיט אן ענין של הלכה און שקו"ט אין הלכה.

קען מען אזוי ניט זאגן – ווארום עס קען ניט זיין אז בנוגע לכל התורה כולה, זאגט מען אז ענינה איז דער ענין פון הלכות, און מ׳דארף זיך אין דערויף קאכן, און מ׳איז מבאר דעם גודל הענין פון פלפולא דאורייתא, ביז אין אן אופן פון "עשרין וארבעה פירוקי" אויף יעדער קושיא[123]; און בנוגע צו עיקר בריאת האדם, וואס "אני נבראתי לשמש את קוני", זאל מען זאגן אז דאס איז אן ענין פון סודות התורה, רמזים שבתורה, דרוש און מוסר שבתורה, אבער ניט קיין ענין של הלכה!

אין דערויף איז דא א הלכה כללית, און ניט קיין הלכה כללית וואס האט ניט קיין פרטים, נאר א הלכה מיט כו"כ פרטים:

בנוגע צום יחס צווישן אידן מיטן אויבערשטן ("אני נבראתי לשמש את קוני") – איז דא א שאלה אין הלכה וואס פאר א יחס איז דאס – "אם כבנים אם כעבדים".

מ׳זאגט סאקע אז "אני נבראתי לשמש את קוני", וויבאלד אז דער אויבערשטער האט אים באשאפן, דארף ער משמש זיין את קונו – אבער אין דעם אופן השימוש זיינען דא צוויי סוגים כלליים:

עס איז דא דער חיוב – ע"פ הלכה – וואס א __בן__ איז מחוייב מכבד זיין און משמש זיין את אביו (וואס דאס איז פון די הלכות גדולות בתורה) – "אם כבנים"; און ס׳איז דא דער חיוב – ע"פ הלכה – וואס אן __עבד__ איז מחוייב משמש זיין את רבו – "אם כעבדים".

- און -

------------

121) תענית ב, א. 122) עקב יא, יג. 123) ראה שבת לג, סע"ב.

און אין דערויף איז אויך דא א שאלה להלכה - בנוגע צו דעם כללות ענין השכר:

דער חיוב וואס א בן איז מחוייב מכבד זיין און משמש זיין את אביו, איז דאך נים צוליב דעם ענין פון קבלת שכר, ועד"ז דער חיוב וואס אן עבד איז מחוייב משמש זיין את רבו, איז נים דערפאר וואס דער אדון גים אים שכר: דער אדון דארף אים געבן מזונות כדי ער זאל האבן א קיום, אבער די גאנצע מציאות פון דעם עבד איז, אז ער איז נים קיין מציאות פאר זיך, נאר כל ענינו איז משמש זיין את רבו, וואס דאס גופא איז שולל דעם חיוב פון דעם אדון געבן אים שכר.

וואס עפ"ז קומט אוים אז דער גאנצער ענין פון "שכר" פאסט זיך נים ארייז נים אין דעם סוג פון "בנים" און נים אין דעם סוג פון "עבדים".

וואס דער ענין איז אויך פארבונדן מיטן סיום פון מסכת אבות - כדלקמן.

לא. דער סיום פון מסכת אבות (פרק חמישי) - ווי דאס איז אין משניות - איז: "בן הא הא אומר לפום צערא אגרא".

אין די פרקי אבות וואס דער אלטער רבי האט ארייגגע־שטעלט בסידורו [וואס אע"פ אז די ענינים פון סידור זיינען ע"פ קבלה, זיינען זיי אבער אויסגעהאלטן אויך אין הלכה[124], ווארום ס'איז דאך "הורה אחת לכולנה"] - איז דער סיום פון מסכת אבות (פרק חמישי) מיט דער משנה "הוא הי' אומר בן חמש שנים למקרא וכו' בן מאה וכו'":

איז מבואר אין שער הכולל[125] אז באמת איז דער סיום המסכת די משנה "בן חמש שנים למקרא וכו'", אבער אזוי ווי דעמולט וועט דאך אויסקומען אז מ'איז מסיים מיט א דבר לא טוב ("בן מאה כאילו מת ובטל ועבר מן העולם"), און ע"פ תורה איז דאך דא דער חיוב לסיים בדבר טוב,

[וואס דאס איז דאך דער טעם וואס אין פיר פון די כ"ד ספרים[126] חזר'ט מען איבער בסיומם נאכאמאל א פריערדיקן פסוק[127], כדי לסיים בדבר טוב. עד"ז אויך בנוגע הפטרות חזר'ט מען איבער בסופן א פריערדיקן פסוק (וואס איינע פון זיי איז די הפטרה פון שבת ר"ח, וואס מ'חזר'ט איבער נאכאמאל דעם פסוק[128] "והי' מדי חודש בחדשו") - כדי לסיים בדבר טוב.

- און -

---

124) ראה הקדמה לשער הכולל. 125) פ"ד סק"ג. 126) ישעי', תרי עשר (מלאכי), קהלת ואיכה. 127) פרש"י איכה בסופו. 128) ישעי' סו, כג.

און דאס איז אויך איינער פון די טעמים אויף דעם וואס מ'איז מסיים די גמרא שבש"ס[129] מיטן מאמר "כל השונה הלכות בכל יום וכו'" - כדי לסיים בדבר טוב[130], ועד"ז אין נאך כמה מסכתות],

איז מען דערפאר מסיים מיט דער משנה "לפום צערא אגרא", וואס דאס איז אן ענין טוב, ווארום עס רעדט זיך וועגן "אגרא" - דער ענין פון שכר.

דאס איז אבער נאר ווען עס רעדט זיך וועגן מסכת אבות ווי זי שטייט אין משניות (אז כדי מ'זאל ניט מסיים זיין בדבר לא טוב, איז מען מסיים מיט "לפום צערא אגרא", אע"פ אז באמת איז דער סיום די משנה "בן חמש שנים למקרא וכו'"); אבער אין סידור, וואס דארטן איז מען סיי-ווי ניט מסיים מיט דער משנה אין אבות, נאר מיט דער משנה "רבי חנניא בן עקשיא אומר רצה הקב"ה כו'", קען מען איבערלאזן דעם סדר המשניות ווי ס'דארף צו זיין, אז דער סיום איז די משנה "בן חמש שנים למקרא וכו'", ווארום מ'איז ניט מסיים אמירה הפרק מיט דער משנה (וואס דעמולט וועט אויסקומען אז מ'איז מסיים בדבר לא טוב), נאר מיט דער משנה "רבי חנניא בן עקשיא אומר וכו'".

אלס מאמר המוסגר:

לויט דעם ביאור פון שער הכולל, אז אין סידור דארף מען ניט בייטן דעם סדר המשניות, דערפאר וואס מ'איז סיי-ווי ניט מסיים מיט דער משנה פון אבות - ווערט א שאלה בנוגע צו דער הפטרה פון שבת-ר"ח:

ווען שבת ר"ח איז צוזאמען מיט מחר חודש (אזוי ווי ס'איז געווען אין חודש העבר), וואס דעמולט איז מען ניט מסיים מיט דער הפטרה פון שבת-ר"ח, נאר מיט פסוקים פון דער הפטרה פון מחר חודש, איז לכאו', וואס דארף מען דעמולט איבער'חזר'ן דעם פסוק "והי' מידי חודש בחדשו" (וואס דער טעם בזה איז כדי צו מסיים זיין בדבר טוב) - מ'איז דאך סיי-ווי ניט מסיים מיט דער הפטרה פון שבת ר"ח, נאר מיט די פסוקים פון דער הפטרה פון "מחר חודש"?

וי"ל בזה:

וויבאלד אז ס'זיינען דא קהילות וואו מ'פירט זיך אז ווען שבת-ר"ח איז צוזאמען מיט "מחר חודש", איז מען <u>ניט</u> מוסיף פסוקים פון דער הפטרה פון "מחר חודש" (ווי עס שטייט אין די הגהות פון דעם רבי'ן נ"ע אין סידור[131], אז דאס וואס

- מ'איז -

------------

129) מסכת נדה. 130) תוד"ה תנא - נדה בסופה.
131) סידור י, ד [שכ, ד].

<u>הנחת הה' בלתי מוגה</u>

מ׳איז מוסיף די פסוקים איז ע"פ מנהג ספרד) - איז כדי ניט משנה זיין בין קהילה לקהילה, איז אומעטום געבליבן דער מנהג אז בשבת-ר"ח וואס איז צוזאמען מיט "מחר חודש", חזר׳ט מען אויך איבער דעם פסוק "והי׳ מדי חודש בחדשו".

און מ׳קען אויך זאגן, אז כדי מ׳זאל ניט משנה זיין צווישן איין שבת-ר"ח מיט א צווייטן שבת-ר"ח (וואס איז צוזאמען מיט "מחר חודש"), האט מען קובע געווען דעם מנהג אז מ׳זאל אלעמאל איבער׳חזר׳ן דעם פסוק "והי׳ מדי חודש בחדשו", אפי׳ ווען מ׳דארף ניט באווארענען דעם עניין פון לסיים בדבר טוב, וויבאלד אז בלאה"כ איז מען מסיים מיט אנדערע פסוקים.

וואס אע"פ אז אזוי איז מבואר אין שער הכולל (אז דער סיום פון דער מסכת איז - די משנה "בן חמש שנים למקרא וכו׳"), און איך בין מחוייב בכבודו (עכ"פ מדרבנן[132]), וויבאלד אז ער איז מיינער אן עלטער-זיידע - איז אבער ניט משמע אזוי:

מ׳האט דאך די משניות וואס זיינען געדרוקט געווארן בהשוואה מיט א כת"י וואס איז נעתק געווארן פון א כת"י וואס דער רמב"ם האט געשריבן (אדער עכ"פ מגי׳ געווען), און דארטן[133] שטייט ניט דער עניין פון "בן מאה וכו׳" (וואס דעמולט דארף מען באווארענען אז מ׳זאל מסיים זיין בדבר טוב), נאר "ותן חלקנו בתורתך", און אעפ"כ איז דער סיום "לפום צערא אגרא" -

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער סיום פון דער מסכת "לפום צערא אגרא" איז ניט קיין שינוי הסדר (כדי לסיים בדבר טוב), נאר דאס איז טאקע דער סדר ווי ס׳דארף זיין אין משניות, אז דער סיום המסכת איז "לפום צערא אגרא".

און אפי׳ לויטן ביאור פון שער הכולל - איז בשעת מ׳לערנט מסכת אבות ווי די שטייט אין משניות (ניט ווי די שטייט אין סידור), איז דאך דער סיום המסכת מיט דער משנה "לפום צערא אגרא" (מאיזה סיבה שתהי׳), איז פארשטאנדיק, אז ווען עס רעדט זיך וועגן א סיום, איז דער "מנהג ישראל" (וואס "תורה הוא"[134]) אז דער סיום איז מיט דער משנה "לפום צערא אגרא".

לב. מסכת אבות איז דאך דער מקור פון גאנץ תושבע"פ,

- ווארום -

------------

132) ראה רמ"א יו"ד סר"מ סכ"ר. 133) הוצאת הרב קאפח. וראה גם בהקדמת המו"ל לסדר נזיקין. 134) תוד"ה נפסל - מנחות כ, ב.

ווארום מסכת אבות הויבט זיך אן מיט "משה קבל תורה מסיני", און דערנאך רעכנט מען אויס דעם גאנצן סדר ההשתלשלות פון תושבע"פ - כדי אז מ'זאל וויסן אז דאס איז טאקע תורה שבע"פ, ער הערט דאס פון די חכמים שבדורו, זיי גיבן איט אבער איבער דאס וואס "משה קבל תורה מסיני ומסרה כו'" ביז צו זיין דור.

[וואס דערפאר זעט מען אז לדעת ולמנהג כמה איז התחלת הלימוד * און מ'איז מקדים ** - מסכתא אבות.

דער סדר לימוד הש"ס ווי דער מאירי (בהקדמתו לחיבורו לאבות ***) ברענגט אראפ - איז דער סדר הלימוד בישיבות וכו'].

איז לכאו' ניט פארשטאנדיק:

ווי קומט דאס אז דער סיום פון גאנץ מסכת אבות איז "לפום צערא אגרא" - אן ענין של שכר; מ'האט דאך גערעדט פריער (ס"ל) אז ע"פ הלכה איז דער יחס פון אידן מיטן אויבערשטן "אם כבנים אם כעבדים", און מ'האט מבאר געווען אז סיי בא בנים און סיי בא עבדים פאסט ניט דער גאנצער ענין השכר?

ובפרט נאך מאכן דערפון דעם סיום וחותם פון מסכת אבות, וואס זי איז דער מקור פון גאנץ תושבע"פ [וואס פון תושבע"פ דוקא קומט ארוים דער כללות הענין פון הלכה פסוקה, ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין דער אגה"ק[133] וועלכע מ'האט דערמאנט פריער (בהמאמר)], און זאגן אז פארוואס דארף זיין די הנהגה אין אן אופן פון "(מילי ד)חסידותא", לפנים משורת הדין - דערפאר וואס "לפום צערא אגרא"?!

לג. דערנאך זיינען דא נאך כמה דיוקים אין סיום המסכת:

די מסכת ענדיקט זיך מיט דער משנה "בן בג בג אומר הפך בה והפך בה דכולא בה וכו'", און דערנאך די משנה "בן הא הא אומר לפום צערא אגרא".

איז

------------

*) ועוד קודם הגיל דבן עשר למשנה - מלמדים את התלמידים (אף כי לא בתור לימוד מסכתא) הענינים אשר: משה קיבל תורה מסיני כו' הפך בה והפך בה כו' לפום צערא אגרא כו' כל מה שברא הקב"ה כו', וכו"כ מהענינים שבאמצע.

**) בכל המקומות ובכל שנה לקרותה וללמדה בשבתות שלפני העצרת "לפי שבעצרת ניתנה התורה והלומד צריך לדעת קודם דרך לימודה ואיך יתנהג בה אחד לימודה כו' שיהי' לב כל אחד כישראל מוכן לקבל התורה בלב שלם ולהתנהג בה כדה וכשורה"[135].

***) וזה סדר לימוד הגאונים[136].

------------

133) סכ"ט (קנ, ב ואילך). 135*) מדרש שמואל בהקדמתו - בשם "מצאתי כתוב". 136) שה"ג להחיד"א ח"א בערכו.

טייטשן אפ מפרשי המשנה[137] אז "בן בג בג" און "בן הא הא" זיינען געווען גרים (אדער בני גרים[138]), וואס וויבאלד אז מ'האט מורא געהאט פאר די מלשינים, האט מען געדארפט מעלים זיין אז זיי זיינען גרים, מ'האט דאס נאר מרמז געווען אין זייערע נעמען "בן בג בג" און "בן הא הא":

"בן הא הא" מיינט אז ער איז אזא וואס איז פארבונדן מיט א "הא" (ע"ד ווי מ'זאגט "בן חורין") - וואס דער "הא" איז מרמז אויף אברהם ושרה, וואס בא ביידן האט מען מוסיף געווען א ה"א על שמותם [ניט "אברם" נאר "אברהם", "אב המון גוים"[139], ועד"ז בא שרה, ניט "שרי" ("לי ולא לאחרים") נאר "שרה", "שתהא שרה על כל"[140]], וואס אברהם ושרה זיינען געווען "תחלה לגרים"[141], און בא זיי איז געווען דער ענין פון "הנפש אשר עשו בחרן"[142], אז "אברהם מגייר את האנשים ושרה מגיירת הנשים"[143] - און דערפאר איז "בן <u>הא הא</u>" מרמז אז ער איז א גר.

ועד"ז בנוגע צו "בן בג בג", וואס "<u>בג</u>" איז בגימט' <u>ה"א</u> - איז דאס אויך א רמז אז ער איז א גר.

מ'האט ניט געקענט רופן ביידן "בן הא הא", ווארום דעמולט וואלט מען ניט געוואוסט ווען מ'מיינט - האט מען זיי געמוזט געבן <u>אנדערע</u> נעמען, אבער אויך דער צווייטער נאמען, "בן בג בג", איז מרמז אז ער איז א גר, ווארום "בג" איז בגימט' ה"א.

וואס דאס איז דאך א מאדנער ביאור (בפרט אויב מ'זאל טראכטן וועגן אן ענין של הלכה) - זאגן אז וויבאלד מ'האט מורא געהאט פאר מלשינים וואס זיינען געווען בדור ההוא, האט מען געדארפט מעלים זיין זייערע נעמען,

ובפרט אז מ'געפינט אין גמרא בכ"מ[144] אז "בן בג בג" האט געהייסן ר' יוחנן, און דארטן שטייט בפירוש "ר' יוחנן בן בג בג אומר וכו'", און דוקא דא שטייט "בן בג בג".

דער עיקר אבער וואס איז דא ניט פארשטאנדיק - איז אין עצם הענין:

אין מסכת אבות ווערט אויסגערעכנט דער גאנצער סדר ההשתלשלות פון די תנאים בכל הדורות כולם, און דארטן ווערן געבראכט כו"כ הלכות (ווי דערמאנט פריער (סכ"ט-ל) אז גאנץ מסכת אבות איז ענינים של הלכות), אזוי ווי אין גאנץ תורה, ובפרט אז מסכת אבות איז דער יסוד פון גאנץ תושבע"פ.

איז לכאו' ניט פארשטאנדיק:

- ווי -

------------

137) מד"ש לאבות כאן בשם הרשב"ם - הובא בתויו"ט כאן. 138) ספר המעריך - הובא בשדה"ד ערך בן בג בג. 139) לך לך יז, ה. 140) פרש"י עה"פ שם, טו. 141) ראה סוכה מט, ב. 142) לך לך יב, ה. 143) פרש"י עה"פ. 144) נסמנו בשדה"ד שם. תולדות הו"א (הייכאן) ערך ר' יוחנן בן בג בג (ע' 672).

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

ווי קומט דאס אז ווען מ'קומט צום סיום פון מסכת אבות - וואס דארפן דארף שטיין דער ענין הכי נעלה אין גאנץ "מילי דחסידותא" פון מסכת אבות - איז מען מסיים מיט א מאמר פון גרים דוקא - "בן בג בג" און "בן הא הא"?

אין מסכת אבות[145] ווערן טאקע דערמאנט שמעי' ואבטליון, וואס זיי האבן געשטאמט פון גרים[146], און עס ווערט דערמאנט ר"ע[147], וואס ער האט אויך געשטאמט פון גרים[148], אבער רובם ככולם פון די תנאים וואס ווערן דארטן געבראכט, זיינען ניט קיין גרים - איז פארוואס איז מען מסיים מיט א מאמר פון גרים דוקא?

לכאו', ווען עס רעדט זיך וועגן מעלת לימוד התורה וקיום המצוות ("הפך בה וכו'", און "לפום צערא אגרא") - איז דאס שייך צו משה רבינו, וויבאלד אז "משה קבל תורה מסיני", און דערנאך "ומסרה ליהושע" (וואס ער איז געווען פון שבט בנימין); ועד"ז זיינען דא רובם פון די תנאים וואס ווערן דערמאנט אין מסכת אבות, וואס זיינען ניט קיין גרים (חוץ פון געציילטע), קענען זיי אויך רעדן וועגן מעלת לימוד התורה און קיום המצוות -

איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס ווען מ'רעדט וועגן מעלת לימוד התורה וקיום המצוות, ברענגט מען א מאמר פון גרים דוקא?

אין דערויף גופא דארף מען פארשטיין:

פארוואס האט דוקא "בן בג בג" גערעדט וועגן דער מעלה פון לימוד התורה - "הפך בה והפך בה דכולא בה כו'", און "בן הא הא" - וועגן מעלת המצוות - "לפום צערא אגרא"?

לד. איז נקודת הביאור בזה:

מ'געפינט דאך אז תורה איז מאריך אין דעם ענין פון שכר מצוות - איז לכאו' ניט פארשטאנדיק: שלימות העבודה איז דאך אין אן אופן פון "אם כבנים אם כעבדים", וואס באביידן פאסט ניט דער גאנצער ענין השכר (כנ"ל ס"ל), איז פארוואס איז תורה אזוי פיל מאריך אין דעם ענין השכר?

איז דער ביאור בזה:

דער רמב"ם[149] איז מבאר אז די יעודים גשמיים וואס ווערן דערמאנט אין תורה, זיינען כדי אז מ'זאל זייך "פנויים ללמוד בחכמה ולעשות המצוה", ד.ה. אז דורך דערויף וואס ס'איז דא דער ענין פון "ונהתי גשמיכם בעתם[150]", ביז אין אן אופן אז "מעדנים מצויין כעפר", קען מען לערנען תורה און מקיים זיין מצוות "כמצוה רצונך", אן קיינע בלבולים,

- וואס -

---

145) פ"א מ"י-יא. 146) ראה סדה"ד בערכם. תולדות תו"א בערכם (ע' 1228 ואילך). 147) בפ"ג מי"ג. 148) רמב"ם בהקד' לספרו בתחלתה. 149) הל' תשובה רפ"ט. 150) בחוקותי כו, ד.

הנחת הת' בלתי מוגה

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דאס איז ניט צוליב דעם ענין השכר מצ"ע, נאר כדי אז מ'זאל קענען מקיים זיין תומ"צ כדבעי.

דער ביאור איז נאך אבער ניט מספיק - ווארום:

דער פירוש הפשוט פון "למען ירבו ימיכם וגו'"[151] (ועד"ז אלע איבעריקע יעודים וואס שטייען אין תורה) איז, אז דער "שמוע תשמעו"[152], דער "וקשרתם לאות על ידכם גו'"[153], און דער "וכתבתם על מזוזות גו'"[154], זאל זיין "למען ירבו ימיכם גו'", כדי אז מ'זאל באקומען דעם שכר;

אבער ניט להיפך, אז דער שכר פון "ירבו ימיכם וגו'" וכיו"ב, איז כדי אז מ'זאל קענען מקיים זיין דעם "שמוע תשמעו", און "וקשרתם גו'" (וואס "הוקשה כל התורה כולה לתפילין"[155]), און "וכתבתם גו'".

איז דער ביאור בזה:

דער רמב"ם[156] איז מבאר, אז תכלית שלימות העבודה איז די עבודה "לשמה", אז ער איז מקיים תומ"צ ניט צוליב דעם ענין פון שכר, אפי' ניט דער שכר הכי נעלה פון עוה"ב, נאר אין אן אופן פון עבודה מאהבה.

דער אופן העבודה איז אבער "מעלה גדולה מאד . . והיא מעלת אברהם אבינו שקראו הקב"ה אוהבו"[157], און מ'קען צוקומען דערצו ערשט לאחרי הקדמת העבודה אין אן אופן פון "שלא לשמה" - צוליב דעם ענין פון שכר וכיו"ב.

און אין דער עבודה פון "שלא לשמה" גופא זיינען אויך דא כמה דרגות ושלבים, ווי דער רמב"ם איז מבאר בארוכה אין פיהמ"ש[158], אז דאס איז בדוגמא ווי אין כללות חיי האדם, וואס ווען ער איז נאך א פיצל קינד, זאגט מען אים צו שכר פון מיני מתיקה, ממון וכיו"ב, און דערנאך ווען ער ווערט עלטער, זאגט מען אים צו שכר פון ענינים נעלים יותר, ביז צום שכר הכי נעלה, וואס דאס איז דער ענין פון עוה"ב - וואס דאס זיינען דרגות אין דעם אופן העבודה פון "שלא לשמה";

און ערשט דערנאך, לאחרי זמן ארוך, קען ער צוקומען צו דער כתה וואס האלט שוין בא לימוד התורה וקיום המצות אין אן אופן פון "לשמה".

און וויבאלד אז די עבודה מאהבה, "לשמה", איז שייך

- מעדנים -

---

151) עקב שם, כא. 152) שם, יג. 153) שם, יח.
154) שם, כ. 155) קידושין לה, א. 156) סוף הל' תשובה.
157) רמב"ם שם פ"י ה"ב. 158) סנהדרין פ' חלק ד"ה וכה חמישית.

מערניט ווי צו יחידי סגולה, און ווען תורה גיט ארויס אן ענין של הלכה למעשה, איז "התורה על הרוב תדבר"[159] - זאגט תורה "לעולם יעסוק אדם בתורה ואפילו שלא לשמה"[160], ווארום מ׳קען ניט אנהויבן גלייך פון "לשמה", עס מוז פריער זיין דער ענין פון "שלא לשמה".

און דערפאר איז תורה אזוי פיל מאריך וועגן דעם ענין השכר, ווארום ביז ווען מ׳דערגרייכט צום אופן העבודה פון "לשמה", דארף זיין די עבודה פון "שלא לשמה" - צוליב דעם ענין השכר.

לה. מ׳האט געערדט פריער אז שלימות העבודה איז אין אן אופן פון "לשמה" - ניט פארבונדן מיט קיין ענין של שכר.

וואס אויף דערויף דארף מען ניט האבן קיינע הסברות, ווארום ס׳איז פארשטאנדיק בפשטות, אז וויבאלד "אני נבראתי", ער איז באשאפן געווארן דורך דעם אויבערשטן, איז זיין גאנצע מציאות שייך צו דעם וואס האט אים באשאפן - "לשמש את קוני".

וכאמור לעיל אז דער יחס צווישן אידן מיטן אויבערשטן איז "אם כבנים אם כעבדים", און בא ביידן פאסט ניט דער גאנצער ענין השכר - עאכו"כ אז ס׳איז א סאך מער סיי פון "עבדים" און סיי פון "בנים":

אן עבד איז כל מציאותו - מציאות האדון[161], אע"פ אז דער אדון האט אים ניט באשאפן, ועאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן א נברא מיטן בורא שלו, וואס דעמולט איז דאך זיכער אז כל מציאות הנברא איז דער בורא, איז פארשטאנדיק אז עס דארף זיין דער "לשמש את קוני".

ועד"ז איז עס נאכמער פון "בנים" - ווארום:

דער בן איז טאקע נולד מן האב, אבער דערנאך ווערט ער א מציאות לעצמו, וואס דערפאר זעט מען אז אע"פ אז "ברא כרעא דאבוה"[162], איז אבער "חייך קודמים"[163], אפי׳ בנוגע צו חיי אביו, ביז וואנעט אז אפי׳ "אבידתו ואבידת אביו אבידתו קודמת"[164];

ווען עס רעדט זיך אבער וועגן דעם אויבערשטן - דארף זיין עבודתו אין אן אופן פון מס"נ [ע"פ הלכה זיינען דא

- ענינים -

---

159) בו"נ ח"ג פל"ד. 160) פסחים נ, ב. רמב"ם שם ה"ה. 161) ראה שיחת מוצאי ש"פ לך לך תשל"ח ס"ה. 162) יונת אלם רפ"ב. וראה תוד"ה מקמי - יבמות ג, א. 163) ב"מ סב, א. 164) שם לג, א במשנה. וראה לקו"ה ר"ה סב, ד.

ענינים אויף וועלכע ער איז מחוייב זיך מוסר נפש זיין[165], סאקע מערניט ווי ענינים מסוימים, אבער אין די ענינים דארף זיין דער ענין פון מס"נ כפשוטו], ווארום ער איז ניט קיין מציאות בפ"ע,

אפי' ווען ער איז אלט "מאה ועשרים שנה" - איז בנוגע לאביו, איז ער סאקע געווארן א מציאות בפ"ע, אבער בנוגע לבוראו, ווערט ער נתהוה בכל רגע ורגע מאין ואפס המוחלט,

[כתורת הבעש"ט הידועה[166], אז ח"ו צו זאגן אז דער אויבערשטער האט אים באשאפן ווען ער איז געבארן געווארן, אבער דערנאך גייט ער ארום און איז א מציאות בכח עצמו - נאר בכל רגע ורגע ווערט ער נתהוה מאין ואפס המוחלט],

און וויבאלד אז ער ווערט שטענדיק נתהוה פון דעם אויבערשטן, בכל רגע איז דא דער "אני נבראתי" - איז פארשטאנדיק בפשטות אז עס דארף זיין דער "לשמש את קוני", און עס דארף אינגאנצן ניט זיין פארבונדן מיט קיין ענין של שכר.

אבער אעפ"כ, וויבאלד אז דער אויבערשטער האט געוואלט אז קיום התומ"צ זאל זיין דורך א נשמה בגוף דוקא, און דער טבע האדם איז, אז מ'קען ניט אנהויבן מיט דער עבודה "לשמה" (און "התורה על הרוב תדבר") -

גיט דער אויבערשטער דעם ענין פון שכר (און עס ברענגט זיך אראפ אין תורה באריכות גדולה ביותר), כדי אז פריער זאל זיין די עבודה אין אן אופן פון "שלא לשמה", צוליב דעם ענין השכר, און ע"י הקדמת העבודה "שלא לשמה", וועט מען דערנאך צוקומען צום אופן העבודה פון "אברהם אוהבי"[167], וואס דאס איז תכלית ושלימות העבודה.

לו. דער כללות ענין השכר, איז דוקא מצד אידן, וואס זיי זיינען <u>מקבלי</u> התורה, אבער כצד דעם אויבערשטן, דער <u>נותן</u> התורה, דארף ניט זיין דער גאנצער ענין השכר.

והביאור בזה:

מ'האט גערעדט אמאל באריכה[168] בנוגע צו כללות הענין פון תומ"צ, אז וויבאלד דער אויבערשטער האט געגעבן די תורה צו אידן, זיינען דא אין דערויף צוויי ענינים:

גדרי <u>הנותן</u>, דער אויבערשטער, וואס ער איז דער <u>נותן</u>

- התורה -

------------

165) רמב"ם הל' יסוה"ת פ"ה ה"ב. 166) שעהיוה"א פ"א. 167) ישעי' מא, ח. רמב"ם הל' תשובה שם ה"ב. 168) הגש"פ עם לקוטי טעמים כו' (קה"ה השל"ו) ע' תפא.



<u>הנחה הת' בלתי מוגה</u>

התורה, און גדרי המקבל, אידן, וואס זיי זיינען מקבלי התורה.

אויף תורה שטייט[169] "הלא כה דברי כאש", דאס איז "דברי" פון דעם אויבערשטן; דערנאך איז אבער דא דאס וואס "משה קבל תורה מסיני" - ווי תורה קומט אן צום מקבל.

און דערפאר זיינען דא ענינים אין תורה וואס אין זיי איז בהדגשה ענינו של הקב"ה, דער נותן התורה, און ס׳זיינען דא ענינים אין תורה וואס אין זיי איז בהדגשה דער ענין פון בנ"א, מקבלי התורה.

ווי מ׳געפינט אז בנוגע לכמה הלכות איז דא א מחלוקת צווישן ר"י און ר"ע צי מ׳זאגט "דברה תורה כלשון בנ"א", אדער אז מ׳זאגט ניט "דברה תורה כלשון בנ"א"[170].

עס זיינען דא ענינים אויף וועלכע מ׳זאגט לכל הדעות אז "דברה תורה כלשון בנ"א" - ווי דער רמב"ם[171] רעכנט אויס דאס וואס ס׳שטייט "יד ה׳" און "עיני ה׳" וכיו"ב, ועד"ז דאס וואס ס׳שטייט אין פרשת שבוע זה[172] "וירא ישראל את היד הגדולה גו׳", וואס בנוגע צו די ענינים איז א דבר ברור לכל הדעות אז "דברה תורה כלשון בנ"א"; און עס זיינען דא ענינים וואס שטייען בספק ובפלוגתא.

וי"ל אז דאס איז דער חילוק צווישן די ספחיים האמצעיים שבלוחות[173], וואס אין זיי איז שייך א ספק צי "דברה תורה כלשון בנ"א", מיט די ספחיים וואס עס האלט דער אויבערשטער, וואס אין זיי איז לכו"ע "לא דברה תורה כלשון בנ"א", און די ספחיים וואס עס האלט משה רבינו, וואס אין זיי איז לכו"ע "דברה תורה כלשון בנ"א".

לז. האמור לעיל אז אין תורה זיינען דא ענינים וואס אין זיי איז בהדגשה ענינו פון נותן התורה, און אין ענינים וואס אין זיי איז בהדגשה ענינם פון מקבלי התורה - זעט מען בכללות אין די צוויי סוגים פון מצוות:

עס זיינען דא מצוות אויף וועלכע מ׳דארף זיך מוסר נפש זיין, און עס זיינען דא מצוות אויף וועלכע מ׳זאגט "יעבור ואל יהרג"[174].

וואס דער ענין פון מס"נ (וואס דארף זיין אין געוויסע מצוות), איז פארבונדן בגלוי מיטן אויבערשטן, און אין דערויף איז בהדגשה ענינו פון נותן התורה, ביז וואנעט אז דער איד ווערט אויס מציאות,

- און -

------------

169) ירמי׳ כג, כט. וראה ברכות כב, א. 170) ראה תוס׳ סוטה כד, ריש ע"ב. מל"מ הל׳ דעות פ"ו ה"ז. 171) הל׳ יסוה"ת פ"א ה"ט. 172) יד, לא. 173) ירוש׳ תענית פ"ד ה"ה בתחלתה. שמו"ר פכ"ב, א. 174) רמב"ם שם פ"ה ה"ב.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

און ווי ס'איז מבואר אין תניא[175] אז דער ענין המס"נ (וואס ער ווערט אויס מציאות) איז <u>בטבע</u> פון א אידן, בדוגמת אור הנר וואס ער איז "חפץ בטבע ליפרד מהפתילה ולידבק בשרשו . . כך נשמת האדם . . תפצה וחשקה <u>בטבעה</u> ליפרד ולצאת מן הגוף ולידבק בשרשה ומקורה בה' . . הגם שתהי' אין ואפס ותתבטל שם במציאות לגמרי . . זה רצונה וחפצה <u>בטבעה</u>", ד.ה. אז אין די מצוות אויף וועלכע מ'דארף זיך מוסר נפש זיין, איז בהדגשה ענינו פון <u>נותן</u> התורה.

און אין אלע איבעריקע ענינים, אויף וועלכע מ'דארף זיך <u>ניט</u> מוסר נפש זיין, איז מודגש ענינם פון <u>מקבלי</u> התורה, אז עס דארף זיין א נשמה בגוף דוקא (וואס זי איז מוגבל אין די מדידות והגבלות פון דעם גוף), ביז וואנעט אז "יעבור ואל יהרג", אבי ס'זאל בלייבן די מציאות פון א נשמה בגוף, ד.ה. אז אין דערויף איז בהדגשה ענינם פון <u>מקבלי</u> התורה, וואס דאס איז דער כללות הענין וואס "דברה תורה כלשון <u>בנ"א</u>".

לח. ע"פ האמור לעיל אז אין תומ"צ זיינען דא גדרי הנותן (דער איבערשטער, וואס ער איז דער נותן התורה) און גדרי המקבל (אידן, וואס זיי זיינען מקבלי התורה), איז פארשטאנ-דיק, אז דער כללות הענין פון <u>שכר</u> מצוות, איז פארבונדן מיט גדרי <u>המקבל</u>:

מצד גדרי <u>הנותן</u>, דארף ניט זיין דער גאנצער ענין השכר, ווארום כל מציאותו פון דעם אדם העובד איז מערניט דאס וואס "אני נבראתי לשמש את קוני", קומט אים ניט קיין שכר אויף דערויף - נאר מצד גדרי <u>המקבל</u>, זאגט מען אז וויבאלד <u>ער</u> האט געטאן די עבודה, קומט אים שכר.

און דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס וואס מ'זעט אז אין תורה (סיי תושב"כ און סיי תושבע"פ) איז מודגש דער ענין פון שכר (ווארום "התורה על הרוב תדבר", כנ"ל (סל"ד) בארוכה) - איז דאס פארבונדן מיט גדרי המקבל (אידן, מקבלי התורה).

לט. וויבאלד אז דער ענין השכר איז פארבונדן מיט גדרי <u>המקבל</u> קומט צו אין דעם ענין השכר אן ענין נוסף (וואס איז פארבונדן מערניט ווי מצד גדרי המקבל) - דער ענין פון "לפום צערא אגרא":

עס איז דא דער ענין השכר וואס איז פארבונדן דערמיט וואס דער אומן טוט אויף אין "שבח כלי", ד.ה. אז מצד דערויף וואס דער אומן האט כוסיף געווען און משביח געווען

- דעם -

------------

175) רפי"ט.

דעם כלי וואס דער בעה"ב האט אים געגעבן, קומט אים דערפאר שכר (ועד"ז אויך בנוגע צום שכר וואס עס באקומט אן עבד עברי אדער א פועל וכיו"ב).

דערנאך איז אבער דא דער שכר וואס איז פארבונדן מיט "לפום צערא אגרא": די פעולה וואס ער האט געטאן איז געווען פארבונדן מיט אן ענין של צער - גיט מען אים שכר אויף דעם צער אליין. ד.ה. נוסף אויפן שכר וואס מ'גיט אים פאר דעם שבח וואס ער האט אויפגעטאן דורך זיין פעולה, גיט מען אים א שכר מיוחד אויפן צער וואס ער האט געהאט אין דערויף.

און וויבאלד אז דער צער האט גארניט מוסיף געווען אין שבח הפעולה, דער זעלבער שבח האט געקענט זיין דורך א פעולה וואס איז ניט פארבונדן מיט קיין צער (ווארום אויב ס'איז צוגעקומען שבח דורך דעם צער, איז דער שכר וואס מ'גיט אים אויף דערויף ניט "לפום צערא", נאר לויט דעם שבח וואס איז דערפון ארויסגעקומען) - איז פארשטאנדיק, אז דער שכר וואס איז "לפום צערא", איז מערניט ווי מצד גדרי המקבל (מצד דערויף וואס דער אדם העובד האט געהאט אין דערויף צער), און ניט מצד גדרי הנותן, ווארום אין דעם שימוש לקונו איז גארניט צוגעקומען דורך דעם צער.

מ. עפ"ז וועט מען פארשטיין די שייכות פון "לפום צערא אגרא" צו כללות הענין פון מסכת אבות, וואס ענינה איז "מילי דחסידותא":

דער כללות הענין פון "מילי דחסידותא", לפנים משורת הדין, איז שייך דוקא מצד גדרי המקבל (מצד אידן), ווארום מצד גדרי הנותן (דער אויבערשטער), איז וואס א איד זאל נאר טאן, איז דאס ניט קיין ענין פון "חסידותא", לפנים משורת הדין, נאר אזוי דארף זיין ע"פ דין.

ווארום וויבאלד דער אויבערשטער באשאפט אים בכל רגע ורגע מאין ואפס המוחלט, איז ער ראך ניט קיין מציאות בפ"ע, נאר כל מציאותו איז - דער וואס איז אים מהוה ברגע זה ממש, ביז וואנעט אז "כאן דמחוה במהוג קכי בלכא" ווערט ער אויס מציאותו[17] - איז פארשטאנדיק, אז וויפל ער זאל נאר טאן, איז דאס ניט קיין ענין פון "חסידותא" - דאס איז אלץ ע"פ דין.

דוקא מצד גדרי המקבל, איז שייך מחלק זיין און זאגן אז ס'זיינען דא ענינים וואס ס'איז מחוייב צו טאן ע"פ דין, און ס'זיינען דא ענינים וואס ע"פ דין איז מען ניט מחוייב זיי צו טאן, נאר ס'איז אן ענין וואס איז לפנים משורת הדין, "מילי דחסידותא".

- דערכיט -

------------

17) ראה הגהה ה, ב.

הנחה הת' בלתי מוגה

דערמיט וועט מען אויך פארשטיין דאס וואס מסכת אבות הויבט זיך אן מיט "משה קבל תורה מסיני", און ניט (ווי ס'האט לכאו' געדארפט שטיין) הקב"ה נתן תורה למשה בסיני:

וויבאלד אז דער כללות הענין פון "מילי דחסידותא" (וואס דאס איז ענינה פון מסכת אבות) איז שייך נאר מצד גדרי המקבל (א בן אדם), איז מען מדגיש אז אין תורה איז דא דער ענין וואס "משה קבל תורה מסיני", דער ענין פון מקבל התורה, וואס מצד גדרי המקבל [אפי' משה רבינו וואס ער האט מאקע געזאגט "ונחנו מה"[177], איז ער אבער פארט א נברא, א בן אדם, בן עמרם וכו'] איז שייך דער כללות הענין פון "מילי דחסידותא"].

און דאס איז אויך די שייכות פון "לפום צערא אגרא" מיט פרקי אבות, "מילי דחסידותא":

דער כללות ענין השכר, איז דאך פארבונדן מיט גדרי המקבל, ובפרט ווען עס רעדט זיך וועגן "לפום צערא אגרא" - דער שכר וואס קומט מערניט ווי אויפן ענין הצער, (אע"פ אז דורך דעם צער איז ניט צוגעקומען אין שבח הפעולה), וואס דער שכר איז נאר מצד גדרי המקבל, ווארום מצד גדרי הנותן איז דאך גארניט צוגעקומען אין דעם שימוש לקונו דורך דעם צער.

און דערפאר איז דער ענין פון "לפום צערא אגרא" פארבונדן מיט מסכת אבות - וויבאלד אז דער כללות הענין פון "מילי דחסידותא" איז שייך נאר מצד המקבל (כנ"ל בארוכה).

מא. אין דערויף קומט צו נאך א פרט - אז דאס וואס מ'גיט שכר "לפום צערא" (דער שכר וואס מ'גיט פארן צער אליין, אפי' ווען דורך דערויף קומט גארניט צו אין דער פעולה) איז אן ענין פון "מילי דחסידותא":

בנוגע צו אן אומן איז דא דער דין[178] אז אויב דער אומן האט משנה געווען דערפון וואס דער בעה"ב האט אים געהייסן טאן, איז אלעמאל ידו על התחתונה: אויב דער שבח איז מער פון דער הוצאה, גיט ער אים נאר די הוצאה, און אויב די הוצאה איז מער פון דעם שבח, גיט ער אים נאר דעם שבח.

וואס עפ"ז איז לכאו' ניט פארשטאנדיק:

פארוואס זאל מען געבן שכר "לפום צערא", מערניט פאר דעם צער אליין - אין דער כלי איז דאך גארניט צוגעקומען (ווארום אויב ס'איז צוגעקומען, איז דער שכר ניט "לפום צערא", נאר לויטן שבח וואס עס איז צוגעקומען), ס'איז

- מערניט -

------------

177) פרשתנו טז. ז. 178) ב"ק ק. ב. טו"ע חו"מ סש"ו ס"ג.

מערניט וואס ער האט געהאט צער, איז פארוואס דארף מען אים געבן שכר?

איז דער ביאור בזה:

די גברא[179] דערציילט אז "חברו לי' הנהו שקולאי חביתא דחמרא", און אעפ"כ, וויבאלד זיי האבן גע'טענה'ט אז "טרחינן כולה יומא וכפינן ולית לן מידי", האט מען געהייסן "זיל הב אגרייהו", דערפאר וואס עס דארף זיין "למען תלך בדרך טובים וארחות צדיקים תשמור"[180], עס דארף זיין א הנהגה אין אן אופן פון לפנים משורת הדין[181].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז מצד דעם אופן ההנהגה פון "מילי דחסידותא", דארף מען געבן שכר אפי' ווען אין דער פעולה איז אינגאנצן ניט געווען קיין שבח - "לפום צערא אגרא" *.

און וויבאלד אז "מגיד דבריו ליעקב חוקיו ומשפטיו לישראל"[183] - פירט זיך אויך דער אויבערשטער אין אזא אופן, אז ער גיט שכר "לפום צערא", אע"פ אז דורך דעם צער איז גארניט צוגעקומען אין דער פעולה.

כב. דער ענין פון "לפום צערא אגרא" ווערט ארויסגעבראכט דורך א גר דוקא, "בן הא הא", ווארום דוקא ביי א גר איז מודגש דער חידוש אז ס'איז דא "אגרא" (שכר) אויף אן ענין של צער וואס איז ניט פארבונדן מיט פעולת המצוה - אן ענין וואס איז פארבונדן נאר מיט גדרי המקבל, און ניט מיט גדרי הנותן.

ווען עס רעדט זיך וועגן אידן, בני אברהם יצחק ויעקב, איז דער צער וואס ער האט אין קיום המצוה פארבונדן מיט דער מצוה אליין, ווארום דאס גופא איז דער ציווי הקב"ה, אז ער זאל מקיים זיין די מצוה אפי' ווען ס'איז פארבונדן מיט אן ענין של צער: דאס גופא וואס ער איז מקיים די מצוה ניט

- קוקנדיק -

---

*) החידוש שבגמרא שצ"ל ההנהגה ד"ארחות צדיקים תשמור" לגבי מאמר המשנה "לפום צערא אגרא" - כי מנהג הקב"ה (שנותן שכר "לפום צערא"), אינו מוכרח כלל שמחוייב בזה בנ"א בכל פרטיו ממש (וע"ר מחז"ל עה"פ מי הקדימני ואשלם[182]).

---

179) ב"מ פג, א. 180) משלי ב, כ. 181) פרש"י ד"ה בדרך טובים - ב"מ שם. וראה טור חו"מ סד"ש בהלהו, שו"ע אדה"ז הל' שאילה ושכירות סי"ט. 182) איוב מא, ג. ויק"ר פכ"ז, ב. 183) תהלים קמז, יט. וראה שמו"ר פ"ל, ט.

קוקנדיק אויפן צער, איז אן ענין פון "לשמש את קוני" - און ווען א איד טוט דאס, איז אין דערויף ניטא קיין חידוש, ווארום ענינו איז אז "אני נבראתי לשמש את קוני".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ביי א אידן, איז אפי' אן ענין של צער וואס איז גארניט מוסיף אין דער פעולה - אויך פארבונדן מיט גדרי הנותן, ווארום דורך דערויף איז ער מקיים דעם ציווי פון דעם אויבערשטן,

ד.ה. ניט נאר וואס דער צער איז מוסיף אויף פעולת המצוה, נאר נאכמער: דערמיט איז ער מקיים א ציווי פון דעם אויבערשטן (ער זאל מקיים זיין די מצוה ניט קוקנדיק אויפן צער) - איז דאס פאדבונדן (אויך) מיט גדרי הנותן (ניט קיין ענין וואס איז פארבונדן נאר מיט גדרי המקבל, דערפאר וואס אין דעם שימוש לקונו (גדרי הנותן) איז גארניט צוגעקומען).

ווען עס רעדט זיך אבער וועגן א גר, האט דאך אים קיינער ניט מכריח געווען ער זאל אויף זיך אנעמען דעם גאנצן ענין פון "אני נבראתי לשמש את קוני", ס'איז ניטא קיין ציווי בתורה אויף א ניט איד ער זאל זיך מגייר זיין,

[ואדרבה, ווען איינער וויל זיך מגייר זיין, זאגט די גמרא[184] אז מ'דארף זיך משתדל זיין בכל ההשתדלות אויף אפרעדן אים דערפון],

איז דאך פארשטאנדיק, אז ווען ער איז זיך מגייר, האט ער גענומען אויף זיך אן ענין של צער אויף וועלכן ער איז ניט נצטוה געווארן, ווארום פריער איז ער געווען מחוייב מערניט ווי אין די שבע מצוות ב"נ, און ווען ער איז זיך מגייר, נעמט ער אן אויף זיך א חיוב מקיים זיין כל התורה כולה, ביז צום כללות הענין וואס "אני נבראתי לשמש את קוני" - א צער נוסף אין וועלכן ער איז ניט מחוייב.

און דערפאר ווערט דער ענין פון "לפום צערא אגרא" (אז ס'איז דא שכר אויף אן ענין של צער וואס איז פארבונדן נאר מיט גדרי המקבל)ארויסגעבראכט דורך א גר דוקא - ווארום א גר נעמט אן אויף זיך אן ענין של צער אויף וועלכן ער איז ניט נצטוה געווארן, וואס דאס איז אן ענין וואס איז פאר-בונדן נאר מיט גדרי המקבל, ווארום מצד הנותן איז ער אויף דערויף ניט נצטוה געווארן - איז אין דערויף מודגש דער חידוש פון "לפום צערא אגרא", אז ס'איז דא דער שכר וואס איז נאר מצד גדרי המקבל, און ניט מצד גדרי הנותן.

און דערפון ווי דאס איז ביי א גר, פארשטייט מען אויך

- בנוגע -

---

184) יבמות מז, א.



הנחה הת' בלתי מוגה

בנוגע צו א אידן – ווען עס רעדט זיך וועגן א הידור מצוה אין וועלכן ער איז ניט נצטוה געווארן, און אעפ"כ נעמט ער דאס אן אויף זיך, וואס דעמולט איז דאס אן ענין וואס איז נאר מצד גדרי המקבל, ווארום ער איז אויף דערויף ניט נצטוה געווארן – אז אין דערויף איז דא דער חידוש פון "לפום צערא אגרא" (אז ס'איז דא שכר וואס איז פארבונדן נאר מיט גדרי המקבל).

מג. האמור לעיל (אז ביי א גר איז דא דער ענין וואס ער נעמט אן אויף זיך אן ענין אין וועלכן ער איז ניט נצטוה געווארן) איז אויך דער פירוש אין א מדרש תמוה וועגן רות:

אויף דעם וואס בועז האט געזאגט צו רות "ישלם ה' פעלך ותהי משכורתך שלמה גו' אשר באת לחסות תחת כנפיו"[185], שטייט אין מדרש[186] "ישלם ה' פעלך גו' מעם ה' א"ר חסא אשר באת לחסות תחת כנפיו".

וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: וואס איז דער ביאור וואס עס קומט צו אין מדרש – מער דערפון וואס ס'שטייט אין פסוק?

איז דער ביאור בזה[187]:

אין מדרש איז מען מבאר אז ס'וועט זיין דער "ישלם ה' פעלך וגו'" אויף דערויף וואס "באת לחסות תחת כנפיו", ד.ה. אז נוסף אויף דערויף וואס זי וועט האבן שכר אויף קיום כל המצוות אין וועלכע זי איז נתחייב געווארן נאך דערויף וואס זי איז נתגייר געווארן, וועט זי האבן א שכר מיוחד אויף דערויף וואס "באת לחסות תחת כנפיו", וואס אויף דערויף האט זי דאך ניט געהאט קיין ציווי.

מד. אין דערויף קומט נאך צו א חידוש נפלא:

דאס וואס א גר נעמט אן אויף זיך א צער נוסף, אין וועלכן ער איז ניט נצטוה געווארן (וואס דערפאר איז ביי אים דוקא מודגש דער ענין פון "לפום צערא אגרא"), איז ניט נאר בנוגע לכל התורה כולה (וואס פריער איז ער ניט געווען מחוייב מקיים זיין כל התורה כולה), נאר אויך בנוגע צו די שבע מצוות ב"נ (אע"פ אז אין דערויף איז ער געווען מחוייב אויך איידער ער איז נתגייר געווארן).

והביאור בזה:

ס'זאגט דאך[188] אז "גדול המצווה ועושה יותר משאינו

- מצווה -

---

185) רות ב, יב. 186) רות רבה פ"ה, ד. 187) ראה גם לקו"ש בהעלותך תשל"ו הע' 29. 188) ע"ז ג, א. וש"נ.

הנחה הת' בלתי מוגה

מצווה ועושה". וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: בײדע טוען דאך די זעלבע זאך, דעם זעלבן שבח כלי, איז פארוואס זאגט מען אז "גדול המצווה ועושה יותר משאינו מצווה ועושה"?

איז תוס'[189] מבאר, אז בא דעם וואס איז מצווה, טוט זיך אן דער יצה"ר אויף צו מבלבל זײן אים און ניט צולאזן מקיים זײן די מצוה, משא"כ בא דעם וואס איז אינו מצווה, וואס אים איז דער יצה"ר ניט מבלבל - און דערפאר איז "גדול המצווה ועושה יותר משאינו מצווה ועושה", דערפאר וואס דער "מצווה ועושה" האט צער דערפון וואס ער דארף מלחמה האבן מיטן יצה"ר.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען א גר איז זיך מגייר, נעמט ער אן אויף זיך א צער אין וועלכן ער איז ניט נצטוה געווארן, אויך בנוגע צו די שבע מצוות ב"נ, ווארום:

אע"פ אז קודם שנתגייר דארף ער אויך מקיים זײן די שבע מצוות ב"נ דערפאר וואס "צוה בהן הקב"ה בתורה והודיענו ע"י משה רבינו כו'" (ווי געבראכט פריער (ס"כ) דעם פס"ד הרמב"ם) - איז דאך אבער פארשטאנדיק, אז ס'איז ניט דומה דער אופן הציווי פון די שבע מצוות ווי ס'איז קודם שנתגייר (א ציווי צו א גוי), לגבי ווי דאס איז לאחרי שנתגייר (א ציווי צו א אידן)[190].

און וויבאלד אז דער ציווי פון אידן מקיים זײן די שבע מצוות איז באופן נעלה יותר, איז פארשטאנדיק אז דער קיום הציווי איז פארבונדן מיט א גרעסערן ענין של צער, ווארום בא דעם וואס איז "מצווה ועושה" איז דא אן ענין של צער דערפון וואס ער דארף מלחמה האבן מיטן יצה"ר - איז דאך פארשטאנדיק, אז וואס דער ציווי איז באופן נעלה יותר, איז דאס מער פארבונדן מיט אן ענין של צער.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען ער איז זיך מגייר, נעמט ער אן אויף זיך מקיים זײן די שבע מצוות ב"נ אין אן אופן של צער ווי ס'איז בײ א אידן, וואס דאס איז א גרעסערער צער דערפון ווי ס'איז געווען אײדער ער איז נתגייר געווארן.

מה. דער ביאור השייכות פון דער מאמר "הפך בה והפך בה דכולא בה כו'" מיט א גר דוקא, וואס דערפאר האט דאס געזאגט "בן בג בג":

- דער -

------------

189) ד"ה גדול - ע"ז שם. וראה ט"ז יו"ד סרכ"ו סק"ג. ש"ך שם סק"ז. וראה גם הוד"ה גדול - קידושין לא, א.

190) ראה לקו"ש ה"ה ע' 159 ואילך.

דער ענין פון לימוד התורה איז דא אויך ביי א בן נח (נאר במצוות דידהו[191]), ביז וואנעט אז די גמרא[192] זאגט אז ווען איינער פון אוה"ע לערנט תורה, איז ער "ככהן גדול" (וואס א כה"ג איז "נכנס לפני ולפנים").

ס'איז אבער דא א תילוק צווישן דעם לימוד התורה פון א ב"נ מיטן לימוד התורה פון א אידן (אפי' אין מצוות דידהו) - בנוגע צו דעם ענין פון "הפך בה והפך בה כו'":

דאס וואס א ב"נ איז מחוייב אין לימוד התורה (אין מצוות דידהו), איז נאר כדי ער זאל וויסן ווי צו מקיים זיין די מצוות אין וועלכע ער איז נצטוה געווארן, ער זאל וויסן "את המעשה אשר יעשון" און "אשר לא תעשינה" - בנוגע צו זיינע שבע מצוות;

אבער נאך דערויף וואס ער האט געלערנט כל התורה כולה (פון מצוות דידהו), און ער ווייסט שוין ווי צו מקיים זיין די שבע מצוות (מיט אלע ענינים וועלכע ווערן נסתעף פון די שבע מצוות), האט ער ניט קיין ציווי אויף לימוד התורה.

ד.ה. דער חיוב פון לימוד התורה ביי א ב"נ, איז מעדניט אלס אן ענין פון הכשר מצוה, אז דורך דערויף וואס ער וועט לערנען די הלכה, וועט ער וויסן ווי אזוי צו מקיים זיין איר [און דאס איז אזא גרויסער ענין, ביז וואנעט אז ער איז "ככהן גדול", וואס א כה"ג איז "נכנס לפני ולפנים"]; אבער דער ענין פון "הפך בה והפך בה כו'", א חיוב אויף לימוד התורה מצ"ע, אפי' נאך דערויף וואס ער האט שוין געלערנט כל התורה כולה, זאל זיין "הפך בה והפך בה" - אזא חיוב איז ניטא ביי א ב"נ.

דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער <u>חידוש</u> פון "הפך בה והפך בה", איז מודגש ביי א גר דוקא:

ווען א איד לערנט הורה "מאה פעמים ואחת"[193], אפי' נאך דערויף וואס ער האט שוין געלערנט און ער ווייסט כל התורה כולה[194], און דורך דעם לימוד וועט אים (לכאו') בארניט צוקומען אין <u>ידיעת</u> התורה - איז אין דערויף ניטא קיין חידוש, ווארום ווען ער איז מקיים דעם "הפך בה והפך בה", איז ער מקיים די מצוה פון לימוד התורה, פונקט ווי דאס איז ווען ער לערנט דאס צום ערשטן מאל.

אבער ביי א גר קומט צו דער <u>חידוש</u> פון "הפך בה והפך בה", ווארום איידער ער האט זיך מגייר געווען, האט ער

- געהאט -

---

191) בנהדרין נט, א. 192) שם. וש"נ. 193) ראה חגיגה ט, ב. 194) ראה מנחות צט, ב.

געהאט דעם חיוב פון לימוד התורה מערניט ווי אויף צו קענען מקיים זיין די שבע מצוות, ביי אים איז אבער ניט געווען דער ענין פון לימוד התורה אין אן אופן פון "הפך בה והפך בה"; און נאך דערויף וואס ער האט זיך מגייר געווען, איז ביי אים צוגעקומען דער חידוש פון לימוד התורה אין אן אופן פון "הפך בה והפך בה כו׳".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דוקא א גר האט מרגיש געווען דעם ענין פון "הפך בה והפך בה", דערפאר וואס ביי אים איז דאס א חידוש וואס איז מודגש בכל יום ויום, ווארום דורך דערויף וואס ער האט זיך מגייר געווען, ניט האבנדיק קיין ציווי צו מגייר זיין זיך, האט ער גענומען אויף זיך דעם ענין פון "הפך בה והפך בה", וואס פריער איז דאס ביי אים ניט געווען,

[ע"ר ווי גערעדט פריער (סמ"ב) אז דורך דערויף וואס ער האט זיך מגייר געווען, האט ער גענומען אויף זיך אן ענין של צער, און דערפאר איז ער מדגיש דעם ענין פון "לפום צערא אגרא"],

און דערפאר האט דוקא "בן בג בג" (וואס ער איז געווען א גר) מרגיש געווען און מגלה געווען דעם ענין פון "הפך בה והפך בה", כולל אויך די פירושים שבזה, ווי דער רבי נ"ע ברענגט אראפ אין המשך תרס"ו[195] פון כתבי האריז"ל.

מו. עפ"ז איז אויך פארשטאנדיק דער קשר פון "הפך בה והפך בה כו׳" און "לפום צערא אגרא", מיט התחלת המסכת - "משה קבל תורה מסיני":

די גמרא זאגט אין יבמות[196], אז בא מ"ת איז געווען דער ענין הגירות פון יעדער אידן און פון אלע אידן, וואס "גר שנתגייר כקטן שנולד דמי"[197].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת מ"ת (ווען "משה קבל תורה מסיני") זיינען אידן געווארן בדוגמת "בן בג בג" און "בן הא הא" - זיי זיינען געווארן גרים, און פון דעמולט אן האט זיך בא זיי אנגעהויבן דער ענין פון "הפך בה והפך בה" און דער ענין פון "לפום צערא אגרא"; דאס גופא איז "משה קבל תורה מסיני ומסרה כו׳" - כולל אויך דעם ציווי און הלכה פון "הפך בה והפך בה כו׳" און "לפום צערא אגרא"[198].

- מז. -

------------

195) ע׳ תיז. 196) מו, א ואילך. 197) שם כב, א.
198) המשך ההדרן - ראה שיחת מוצאי ש"פ בשלח, י"ג שבט, שיחת ליל ט"ו בשבט.



הנחת הת׳ בלתי מוגה

מז. כמדובר כמ"פ אז "שמו אשר יקראו לו בלה"ק" איז פאר-בונדן מיטן חיות און תוכן הדבר - וואס די גאנצע מסכת ווערט אנגערופן בשם "אבות".

וואס דער ענין פון אבות איז - אז "מעשה אבות סימן לבנים"[199], און ווי חסידות[200] טייטשט אפ, אז דער ענין פון "מעשה אבות", טרעט דורך די וועג און גיט כח און מאכט לייכטער די עבודה פון די "בנים", אז זיי זאלן אויך גיין בדרך זו.

ביז ווי רש"י טייטשט אפ אויפן פסוק[201] "הארץ אשר אתה שוכב עלי'", אז "קיפל הקב"ה כל א"י תחתיו", וואס דורך דערויף איז געווארן דער "נוחה ליכבש לפניו", און דורך דערויף האט יעקב קונה געווען גאנץ א"י לבניו אחריו, עד סוף כל הדורות[202].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די אלע ענינים וואס שטייען אין מסכת אבות, ווערן נמשך צו די "בנים" אין אן אופן פון ירושה, און אין אן אופן אז ער איז עומד במקום המוריש ממש[203], "תחת אבותיך יהיו בניך"[204], אז די "בנים" זיינען אזוי ווי די "אבות", וואס וועגן זיי רעדט זיך אין גאנץ מסכת "אבות".

מח. און פון דעם ענין וואס "משה קבל תורה מסיני", קומט מען צו דערנאך צו לימוד תורתו של משיח (וואס "גואל אחרון" - משיח, איז דער "גואל ראשון" - משה רבינו[205]), וואס דעמולט וועט זיין דער ענין פון לימוד התורה (אויך דאס וואס "משה קבל תורה מסיני") בשלימות.

און דעמולט וועט אויך צוקומען דער ענין פון "לפום צערא אגרא":

מצד דעם ענין הצער וואס איז געווען אין דעם זמן שבינתיים, ובפרט אין דעם זמן פון עקבתא דמשיחא, און דער חושך כפול ומכופל פון גלות זה - באקומט מען דעם שכר האמיתי, אז עס ווערט דער "ישיגו דעת בוראם", ווי דער רמב"ם איז מסיים ספרו "משנה תורה" און "יד החזקה",

ביז צום שכר הכי עליון - אז בורא מיט נברא ווערן

- איין -

------------

199) ראה רמב"ן לך לך יב, ו. וראה ב"ר פ"מ, ו.
200) ראה אוה"ת ר"פ לך לך. 201) ויצא כח, יג. 202) ראה שיחת מוצאי ש"פ ויצא ש.ז. סל"א. 203) ראה צפע"נ מילואים יג, א. ועוד. 204) תהלים מה, יז. וראה ב"ב קנט, א.
205) ראה שמו"ר פ"ב, ד. זח"א רנג, א. תו"א ר"פ משפטים.

איין מציאות, אז דורך "אורייתא" ווערן "ישראל וקוב"ה כולא חד"[206], וואס דאס איז דאך תכלית השלימות אין דעם ענין השכר.

און דער ענין קומט אראפ דא למטה, אין אן ארט וואס איז פארבונדן מיט "צערא" - וואס צער איז אויך פארבונדן מיטן לשון "צר" - אן ארט וואס איז היפך המרחב - ווערט דארטן דער ענין פון "אגרא", וואס "אגרא" איז אויך די אותיות פון "איגרא רמה".

ביז וואנעט אז מ'קומט צו צו דער דרגא וואס איז נאך העכער פון דעם גאנצן מציאות השכר, און העכער פון כללות הענין פון "בירא" און "איגרא".

און ווי גערעדט פריער (בהמאמר) דאס וואס ער איז מבאר אין דעם מאמר פון יום ההילולא[207], אז דורך דעם ענין פון "עצי שטים עומדים"[208], איז מען מאחד דעם תחתון מיטן עליון, ביז אין אן אופן אז זיי ווערן לאחדים,

ביז אז עס ווערט דער ענין פון "ועמדו רגליו ביום ההוא גו'"[209] - בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו.

צוה לנגן ניגון "הבינוני".

* * *

מט. מ'האט גערעדט פריער (ס"ח) וועגן דעם שיעור חומש היומי פון פרשת שבוע זה - פרשת בשלח.

וואס אע"פ אז דער שיעור היומי (פון רביעי ביז חמישי) איז בעיקרו דער ענין פון שירת הים - איז דאך דאס אבער א חלק פון דער סדרה וואס ווערט אנגערופן "בשלח", און ווען מ'זאגט אז דער שיעור היומי איז פון רביעי ביז חמישי, איז מען גלייך מוסיף אז דאס איז פון רביעי ביז חמישי פון פרשת "בשלח" - איז פארשטאנדיק, אז ס'איז דא די הודאה וועלכע מ'קען ארויסנעמען פון כללות פרשת "בשלח".

מ'האט גערעדט כמ"פ אז "שמו אשר יקראו לו בלה"ק" גיט ארויס דעם תוכן הענין - איז דערפון פארשטאנדיק, אז די נקודה פון אלע ענינים שבפרשה זו, איז דער ענין פון "בשלח".

דער פירוש פון "בשלח" איז - אז מ'שיקט אוועק א צווייטע זאך, וואס דאס איז דאך דער פירוש הפשוט פון "בשלח פרעה את העם"[210], אז פרעה האט ארויסגעשיקט די אידן פון מצרים.

- דער -

------------

206) ראה זח"ג עג, א. 207) ד"ה היושבה בגנים ה'שי"ת פ"ט (סה"מ השי"י ע' 124). 208) תרומה כו, טו. 209) זכרי' יד, ד. וראה ד"ה הנ"ל שם. 210) ריש פרשתנו.

דער ביאור אין דעדויף אין עבודת האדם:

וויבאלד אז נתאוה הקב"ה להיות לו ית' דירה בתחתונים, אין עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו, און ס'איז דא דער כלל אז "אין חבוש מתיר עצמו מבית האסורים"[211] - דארף מען האבן די עבודה פון א אידן (וואס "אני נבראתי לשמש את קוני") ער זאל אויפטאן אין די תחתונים דעם ענין פון "בשלח" - ארויסשיקן זיי פון זייערע מיצרים וגבולים, מן המיצר אל המרחב, וואס דורך דערויף ווערן זיי א דירה לו ית' בתחתונים.

און דערנאך קומט מען צו שירת הים, ביז צום סיום השירה "ה' ימלוך לעולם ועד" - וואס דאס איז כולל אלע ענינים עד סוף כל סדר ההשתלשלות.

און דער ענין פון "ה' ימלוך לעולם ועד", איז א חלק פון פרק "קנין תורה" וואס מ'איז מצרף צו מסכת אבות, וואס דער סיום דערפון איז "ה' ימלוך לעולם ועד".

און דאס איז פארבונדן דערמיט וואס די משנה[212] זאגט "כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא בראו אלא לכבודו שנאמר[213] כל הנקרא בשמי ולכבודי בראתיו יצרתיו אף עשיתיו, ואומר ה' ימלוך לעולם ועד" - וואס "כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא בראו אלא לכבודו" איז דאס מצד הקב"ה, און מ'דארף האבן אז ס'זאל זיין בגלוי אויך מצד "עשיתיו", וואס אויף דערויף דארף מען האבן א נשמה בגוף וואס געפינט זיך בתחתונים, אין עולם העשי', און דארפן טוט זי אויף אז דער ענין פון "ה' ימלוך לעולם ועד" זאל שטיין בגלוי.

ג. כאן המקום להזכיר וועגן די עשרה מבצעים כלליים, וואס די כוונה אין דערויף איז - אז דורך זיי זאל מען צוקומען צו לימוד התורה וקיום המצוות בכל פרטיהם, ביז אויך צום ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה".

וואס די מבצעים הויבן זיך אן און זיינען מבוסס אויף דעם ענין פון "אהבת ישראל" - אז אלע אידן, פון "ראשיכם" ביז "שואב מימיך" ווערן א קומה אחת שלימה, וואס דאס טוט אויף א איד ע"י עבודתו אין דעם ענין פון "עצי שטים עומדים", אז ער איז מחבר דעם גג מיט דער רצפה אז זיי זאלן זיין "כאחד ממש"[214], און דאס ווערט א "בית חומה גדול", מיט דער גאנצער הפלאה וואס ער זאגט אויף דערויף אין אגה"ק[215].

און פון "מבצע אהבת ישראל" (דאס וואס אלע אידן ווערן

- איין -

---

211) ברכות ה, ב. וש"נ. 212) אבות ספ"ו. 213) ישעי' מג, ז. 214) ד"ה הנ"ל שם. 215) סכ"ט (קמט, ב ואילך)

איין קומה, אין אן אופן פון איחוד והתאחדות) קומט דאס דערנאך אראפ - דורך "תורה אור"[216], און דורך "מבצע חינוך" - אין אלע מבצעים: "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי׳",

און די דריי מבצעים פון נשי ובנות ישראל (וואס ווערן אנגערופן "חומה"[217]) - "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע כשרות האכו"ש", און "מבצע טהרת המשפחה".

און דורך דערויף טוט זיך אויף דער ענין פון "בשלח פרעה את העם" - וואס דער ענין פון "פרעה" איז, ווי ער טייטשט אפ אין זהר[218] אז "אתפריעו ואתגליין מיני׳ כל נהורין", אז עס ווערט א גילוי רב ועצום (סיי בכמות און סיי באיכות) פון אלקות, פון אלע אורות, ביז צו עצמות ומהות אליין.

און עס ווערט דער "בשלח פרעה את העם" כפשוטו, און אין אן אופן אז "גם אתה תתן בידינו גו׳"[219] - אז עס ווערט דער ענין פון "אתהפכא חשוכא לנהורא ומרירו למיתקא"[220], מיט אלע פירושים שבדבר.

און עס ווערט דער "ובנ"י יוצאים ביד רמה"[221] ("בקומה זקופה"[222]) פון גלות זה האחרון, און אין אן אופן פון "מיד הן נגאלין" בפועל, כפשוטו של ענין.

און מ׳גייט מקבל זיין פני משיח צדקנו, און לערנען תורתו של משיח, בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

צוה לנגן ניגון הכנה. ניגון אדה"ז (בבא הרביעית פ"א). ניע זשוריצי חלאפצי.

* * *

נא. מ׳האט דערמאנט פריער (סו"ס כא) דאס וואס דער רמב"ם ברענגט אראפ בסיום ספרו "יד החזקה", דעם פסוק "ומלאה הארץ דעה את ה׳ כמים לים מכסים", וואס דעם פסוק (פון תושב"כ) ברענגט דאך דער רמב"ם אלס א יסוד און א ביאור ("שנאמר") אויף דערויף וואס ער זאגט פריער אז נבראים "ישיגו דעת בוראם כפי כח האדם".

וואס לכאו׳ איז ניט פארשטאנדיק: ווי אזוי קען זיין אז נבראים זאלן משיג זיין דעת בוראם - דאס איז נברא, און דאס איז בורא?!

- איז -

------------

216) ל׳ הכתוב - משלי ו, כג. 217) ראה יבמות סב, ב.
218) ח"א רי, א. 219) בא י, כה. 220) הקדמת הזהר ד, א.
221) פרשתנו יד, ח. 222) פרש"י עה"פ בהוקותי כו, יג.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

איז דאס פארשטאנדיק דערמיט וואס דער רמב"ם זאגט אין תחלה ספרו, אז "כל הנמצאים כו' נמצאו כו' מאמיתת המצאו", ד.ה. אז אין "כל הנמצאים" געפינט זיך "אמיתת המצאו", און דערפאר קענען זיי (די נבראים) משיג זיין דעת בוראם.

דער חילוק איז נאר - אז די נבראים וואס זיינען באשאפן געווארן אז זיי זאלן בלייבן בדרגת דומם, בלייבן זיי בדרגת דומם, און דאס איז זייער שלימות אלס "אמיתת המצאו" - דער ענין פון כח הגבול, ווי עס שטייט אין עבוה"ק[223] "כשם שיש לו כח בבלי גבול כך יש לו כח בגבול, שאם תאמר שיש לו כח בבלי גבול ואין לו כח בגבול הרי אתה מחסר שלימותו", וואס דאס איז דער ענין פון כח הגבול ווי ער שטייט לפני הצמצום, וואס דארטן איז דאס "אמיתת המצאו", דאס איז שלימות העצמות;

און עס זיינען דא נבראים וואס זיינען באשאפן געווארן אין אן אופן אז זיי זאלן משיג זיין דעת בוראם - דער דעת הנברא איז באשאפן געווארן אין אן אופן אז ער זאל משיג זיין דעת בוראו,

בדוגמא ווי ס'איז מבואר אין המשך וככה[224] בנוגע צו דעם ענין פון תענוג, "נחת רוח לפני שאמרתי ונעשה רצוני"[225], אז ס'איז דא דער תענוג נברא, און ס'איז דא דער תענוג בורא, דער תענוג פון מצוה המצוות, וואס דאס איז שלימות התענוג.

און דאס איז דער קשר (עכ"פ בדא"פ) צווישן דער התחלה מיטן סיום פון ספר "משנה תורה", "יד החזקה" - אז מצד דערויף וואס "כל הנמצאים כו' נמצאו כו' מאמיתת המצאו", קענען די נבראים משיג זיין דעת בוראם.

וואס דאס איז אויך וואס דער אייניקל פון רמב"ם שרייבט, אז דער רמב"ם האט אנגעהויבן ספרו מיט "יסוד היסודות ועמוד החכמות", וואס דאס איז דער ר"ת פון שם הוי'[226] כמדובר לעיל[227] -

און ער איז מסיים ספרו מיט דעם ענין פון "ומלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים", אז דאס וועט זיין אין אן אופן ווי ס'איז בא נבראים שבים, וואס זיי זיינען ניט קיין מציאות פאר זיך[228], וואס דערפאר שטייען זיי שטענדיק במקום חיותם, און גלייך ווי מ'נעמט זיי ארויס פון דארטן, ווערן

- זיי -

------------

223) ח"א רפ"ח. 224) הרל"ז פי"ב. 225) ספרי ופרש"י עה"פ פינחס כח, ח. 226) שה"ג להחיד"א מע' רמב"ם - בשם ר' דוד הנגיד, נכדו של הרמב"ם. 227) שיחת אור ליום ג', כ"ד טבת. 228) ראה בארוכה ד"ה וראיתי אני, תרס"ב.

דיי אוים מציאות[229] (כמבואר בארוכה אין די דרושים פון קי"ס און שירת הים[230] (וואס דאס איז אין דער סדרה פון שבוע זה, און אין דעם שיעור היומי פון דעם טאג) די מעלה פון נבראים שבים) - וואס לע"ל וועט דאס זיין בגלוי ביי אלע נבראים (ניט נאר אין עלמא דאתכסיא - ווי ס'איז איצטער).

וואס איצטער איז דאך שוין "כלו כל הקיצין"[231], און ס'איז געבליבן מערניט אז ס'זאל זיין דער קיום היעוד אז "מיד הן נגאלין".

ובפרט לויט ווי דער אוה"ח הקדוש איז מבאר בארוכה דעם ענין פון "אש תמיד תוקד על המזבח לא תכבה"[232], אז דאס גייט אויף דער לעצטער תקופה פון דעם גלות - אויף דעם צער און יסורי הגלות, וואס דערפאר וועט דערנאך זיין דער תכליה השלימות פון גאולה.

נב. האמור לעיל איז אויך דער מענה אויף דער הצעה, אז אשכנזים זאלן ווערן איין זאך מיט ספרדים, אין אן אופן פון "והיו לאחדים בידך"[233], און אז מ'זאל רעדן אויך וועגן דער גדולה פון די ספרדים וכו' -

איז גראדע בא חסידים, דארף מען ניט אנקומען צו א התעוררות (אויף דעם ענין) מבחוץ, ווארום:

נוסף אויף דערויף וואס אין עולם הנגלה, ווייסן אלע, . סיי חסידים און סיי ניט קיין חסידים (די וואס לע"ע זיינען נאך ניט קיין חסידים), אז דער רמב"ם איז געווען פון גדולי הפוסקים און פון גדולי הראשונים, און דער רמב"ם איז דאך געווען א "ספרדי טהור" -

קומט נאך צו די הדגשה מיוחדת בא חסידים - ווי מ'זעט בנוגע צום אוה"ח (וואס ער איז אויך געווען א ספרדי), אז בא חסידים רופט מען אים אן "אור החיים הקדוש".

ובפרט לויט ווי מ'זעט אין די דרושים פון צ"צ ביאורים און דיוקים והסברות, וואס זיינען מיוסד אויפן פירוש פון דעם אוה"ח על התורה.

[אין נגלה זיינען אויך דא ספרים פון דעם אוה"ח, אבער עס ווייזט אוים אז בנוגע להלכה לפועל, זיינען די ספרים און פסקי דינים שלו אין נגלה, ניט אזוי נתקבל געווארן און נתפשט געווארן - משא"כ בנוגע לפירושו עה"ת על כל חלקיו].

- וואס -

---

229) ראה ברכות סא, ב. ע"ז ג, ב. 230) הו"א פרשהנו סב, ב. ובכ"מ. 231) סנהדרין צז, ב. 232) צו ו, ו. 233) יחזקאל לז, יז.

וואס דארטן (אין פירושו עה"ח) זיינען אויך דא ענינים של הלכות וכו׳ - ביז ווי געבראכט פריער (סו"ס נא) דעם פירוש שלו אין ר"פ צו בנוגע צו דער גאולה,

ועד"ז איז דער אוה"ח[234] מבאר בארוכה ווי׳ אזוי די עבודה דארף זיין אין אן אופן פון נשמה בגוף דוקא - ניט קוקנדיק אויף גודל המעלה פון עבודת נדב ואביהוא, ווארום זייער עבודה איז ניט שלימות העבודה.

וואס בנוגע צום ביאור פון אוה"ח אין עבודת בני אהרן, מאטערן זיך מפרשים וואס ער מיינט דארטן מיט די חילוקי הלשונות - און דער צ"צ[235] איז דאס מבאר (מיוסד אויף א מאמר פון דעם אלטן רבי׳ן[236] און פון דעם מיטעלן רבי׳ן[237]).

ובפרט לויט דעם סיפור פון חסידים וועגן דער שייכות פון דעם בעש"ט (מייסד תורת החסידות) מיטן אוה"ח, ביז צום סיפור און פתגם פון חסידים אז ווען דער בעש"ט וואלט מצליח געווען און אויסגעפירט ער זאל זיך טרעפן מיטן אוה"ח אין ארץ הקודש, וואלט דעמולט גלייך געקומען משיח - וואס דערפון איז פארשטאנדיק דער יחס פון חסידים צום אוה"ח הקדוש.

וכידוע אויך דער בריוו פון דעם רבי׳ן בעל ההילולא וואס ער האט געשריבן לאחינו בנ"י הספרדים, וואס דארטן שרייבט ער וועגן דעם גודל הענין פון זייער אפשטאם וכו׳, ווי דער בריוו איז שוין געדרוקט[238].

נג. ויה"ר אז בקרוב ממש זאל מען זוכה זיין צום "ויקבץ נדחי ישראל", ע"י משיח צדקנו - ווי דער רמב"ם ברענגט אראפ אין הל׳ מלכים שלו[239] כמה פרטים בנוגע צו דער עבודה וואס משיח וועט אויפטאן.

וואס א מעין זה (פון "יקבץ נדחי ישראל") דארף זיין אין מעשינו ועבודתנו במשך זמן הגלות - דורך דעם מיזוג און איחוד פון ספרדים מיט אשכנזים, ובכללות - דער איחוד פון "ראשיכם שבטיכם" מיט "חוטב עציך" און "שואב מימיך", וואס דאס איז דער "מבצע אהבת ישראל".

און דאס וועט אראפברענגען דעם "מיד הן נגאלין" - דער "מבצע הכי גדול" פון דעם אויבערשטן אליין, וואס ער איז מקבץ נדחי ישראל, ובעגלא דידן.

- צוה -

---

234) ר"פ אחרי. 235) אוה"ח אחרי כרך ב ע׳ תקלח ואילך. 236) מאמרי אדה"ז אתהלך לאזניא ס"ע לג ואילך. 237) דרך חיים פל"ג. 238) ספר התולדות - אדמו"ר מוהריי"צ כרך ד ע׳ 280 ואילך. 239) כפי"א.

צוה לנגן הושיעה את עמך. ופרצת.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, ועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

* * *

בס"ד. שיחת מוצאי ש"פ בשלח, י"ג שבט ה׳תשל"ט.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

א. די התוועדות איז דאך בהמשך צו דער התוועדות פון יו"ד שבט, וויבאלד אז דאס איז דער שבת שלאחרי יו"ד שבט, און אין דעם שבת ווערן נתעלה אלע ענינים פון יו"ד שבט.

וכמדובר כמ"פ אז דער ענין פון שבת איז - "ויכולו השמים והארץ וכל צבאם"[1], אז אלע ענינים וואס זיינען באשאפן געווארן אין די ששת ימים ("השמים והארץ וכל צבאם") זיינען פארבונדן מיטן יום השביעי, וואס דעמולט שטייען זיי אין אן אופן פון "ויכולו",

וואס דער אפטייטש פון "ויכולו" איז - מלשון כליון (ווי עד טייטשט אפ אין תרגום[2]), און אויך מלשון תענוגי[3] - אז אלע ענינים פון די ששת ימי השבוע, ווערן ארויסגענומען פון זייער חומריות, און אויך פון זייער גשמיות, און ווערן נתעלה אין א העכערע דרגא, בדוגמת העילוי פון יום השבת לגבי די ששה ימים שלפניו, וואס זיי זיינען ימות החול.

וואס דער ענין פון "ויכולו השמים והארץ וכל צבאם", איז געזאגט געווארן בנוגע צו ששת ימי בראשית מיטן יום השביעי שלאח"ז - עס איז אבער ידוע[4] אז בכל שבוע חזר׳ט זיך איבער נאכאמאל דער גאנצער סדר וואס איז געווען אין ששת ימי בראשית מיטן יום השבת שלאח"ז,

וואס דערפאר זאגט מען בכל יום ראשון "היום יום ראשון בשבת", און מ׳זאגט דעמולט דעם "שיר של יום" וואס דערמאנט אויף דער בריאה וואס איז באשאפן געווארן ביום ראשון[5], ועד"ז בכל ימות השבוע, ביז צום יום השבת - "מזמור שיר ליום השבת"[6], וויבאלד אז בכל שבוע חזר׳ן זיך איבער אלע ענינים וואס זיינען געווען אין די ערשטע זיבן טעג.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די ענינים פון יו"ד שבט, ווערן נתעלה אין דעם שבת שלאח"ז, אין אן אופן פון "ויכולו".

ב. האמור לעיל אז אלע ענינים פון ששת ימי החול ווערן נתעלה בשבת, איז אויך בנוגע צו ענינים וואס אין ימות החול

- גופא -

------------

1) בראשית ב, א. 2) ת"א ותיב"ע עה"פ. וראה אוה"ת בראשית מב, א ובשוה"ג הא׳ שם. מג, סע"א ובשוה"ג הא׳ שם, ב.
3) ראה אוה"ת שם מב, סע"ב בשוה"ג הג׳. שם מג, סע"ב.
4) ראה לקו"ת שה"ש כה, א. ד"ה ויהי ביום השמיני תש"ד ס"י.
5) ראה ר"ה לא, א ובפרש"י שם. 6) תהלים צב, א.

גופא זיינען זיי אין אן אופן פון שבת - ווארום בערך צום אופן ווי זיי שטייען בשבת, זיינען זיי אין אן אופן פון תול:

עס שטייט אין זהריאז א ת"ח ווערט אנגערופן "שבת".

[וכמדובר כמ"פ אז וויבאלד "תורה אחת לכולנה", איז פארשטאנדיק, אז די ענינים וואס שטייען אין פנימיות התורה, זיינען אויך פארבונדן מיט נגלה דתורה, ביז וואנעט אז דערפון קומט ארויס א נפק"מ, אן אויפטו און א תוספת הסברה אין נגלה דתורה, ביז אין הלכה. ועד"ז איז אויך בנדו"ד:

די גמרא"דערציילט אויף אן אמורא, אז אמאל איז צו אים געקומען - אומגעריכטערהייד - א ת"ח וואס איז געווען חבירו, און ער האט גלייך געהאט פאר אים צוגעגרייט א גרויסע סעודה.

און ווען יענער האט ביי אים געפרעגט, ווי אזוי האט ער געהאט אזא גרויסע סעודה, ער איז דאך צו אים געקומען אומגעריכטערהייד? - האט ער אים געענטפערט אז דאס איז געווען צוגעגרייט אויף שבת.

איז לכאו' ניט פארשטאנדיק: ווי האט מען רעכט נוצן בימות החול זאכן וואס מ'האט צוגעגרייט אויף שבת?!

[די שאלה צי "הזמנה מילתא היא" אדער "הזמנה לאו מילתא היא", איז נאר צי דאס איז אן איסור - עס איז אבער שווער צו זאגן אז ס'איז אן היתר פשוט, ביז וואנעט אז אין דערויף איז ניטא קיין הידור פאר אן אמורא, אז א זאך וואס ער האט צוגעגרייט אויף שבת, זאל ער ניט נוצן אין ימות החול.

ובפרט אז ס'איז געווען צוגעגרייט אויף שבת ניט נאר אין אן אופן אז יעדער גוטע זאך וואס ער באקומט, גרייט ער דאס צו אויף שבת, ווי ס'איז געווען דער מנהג פון שמאי הזקן, אז ווען "מצא בהמה נאה" האט ער געזאגט "זו לשבת", וואס דאס איז געווען מלכתחלה אין אן אופן אז אויב ס'וועט זיין "מצא אחרת נאה הימנה", איז "מניח את השני'" אויף שבת - נאר דאס איז טאקע געווען צוגעגרייט אויף שבת].

איז איינער פון די ביאורים בזה - אז א ת"ח דארף מען מכבד זיין אזוי ווי מ'איז מכבד דעם שבת, און דער טעם אויף דערויף איז, דערפאר וואס א ת"ח ווערט אנגערופן "שבת".

ווארום אזוי ווי ענינו פון שבת איז העכער פון - "עובדין" -

------------

7) ח"ג כט, א. 8) ראה לקו"ש ח"א ע' 40. 9) שבת קיט, א. 10) סנהדרין כז, ב. וש"נ. 11) מכילתא עה"פ יתרו כ, ח. הובא בשו"ע אדה"ז או"ח סרנ"ב ס"י. 12) ביצה טז, א. שו"ע אדה"ז שם.

"עובדין דחול", העכער פון מלאכות גשמיות, איז אזוי אויך ענינו פון א ת"ח, אז ער האט צוטאן נאר מיט חכמת התורה, "היא חכמתכם ובינתכם"[13], וואס דאס איז דער היפך פון "עובדין דחול"; א ת"ח האט ניט צוטאן מיט "אדם לעמל יולד"[14] כפשוטו, נאר מיט "עמל תורה"[15] - און דערפאר איז ער בדוגמת ענין השבת.

און ס'איז פארשטאנדיק בפשטות, אז אויך ביי א ת"ח איז דא די הבדלה צווישן יום השבת מיט ימות החול, ד.ה. אע"פ אז אויך בימות החול ווערט ער אנגערופן "שבת", איז אבער פארשטאנדיק, אז בימות החול איז ער אנדערש (ביז אין אן אופן של הבדלה) לגבי ווי ער איז ביום השבת, און דערפאר מאכט ער אויך ברכת הבדלה מיטן זעלבן נוסח פון "המבדיל כו' בין יום השביעי לששת ימי המעשה".

און דערפון איז פארשטאנדיק, אז אויך ביי אים דארף זיין דער ענין פון "ויכולו" - דער כליון ועלי' פון די ענינים וואס בערך צו שבת זיינען זיי אין אן אופן פון גשמיות וחומריות, אז אלע זיינע ענינים פון ששת ימי החול ווערן נתעלה אין דעם שבת שלאח"ז, ביז אין תכלית השלימות - דער ענין התענוג, וואס דאס איז דער כח הכי עליון (ביי א מענטשן בכלל, ועאכו"כ) ביי א אידן.

און דערפון ווערט אויך נמשך אויף די ששה ימים שלאחרי השבת - וואס דאס איז דער צווייטער ענין אין שבת, אז "מיני' מתברכין כולהו יומי"[16].

ג. ע"פ האמור לעיל (אז אויך ביי א ת"ח דארף זיין דער ענין פון "ויכולו") איז פארשטאנדיק אויך בעניננו - א התוועדות וואס איז פארבונדן מיטן שבת שלאחרי יו"ד שבט:

אע"פ אז די התוועדות פון יו"ד שבט איז פארבונדן מיט א נשיא הדור, וואס ער איז שלא בערך העכער פון סתם א ת"ח, פונדעסטוועגן, איז אין דערויף אויך שייך דער ענין פון "ויכולו" - אן עלי' למעלה יותר,

ביז אין אן אופן אז מ'קען זאגן (און מ'זאגט) אז די עלי' איז (ניט אין אן אופן וואס איז בערך, נאר) אין אן אופן של הבדלה, בדוגמת ההבדלה צווישן יום השבת מיט ששת ימי החול, ביז אין אן אופן אז די עלי' איז גורם א תענוג נעלה ביותר, בדוגמת התענוג פון שבת.

און וויבאלד אז אזוי איז דאס בנוגע צום בעל ההילולא,

- איז -

---

13) ואתחנן ד, ו. 14) ל' הכתוב - איוב ה, ז. 15) ראה סנהדרין צט, ב. 16) זח"ב סג, ב. פח, א.



הנחת הת' בלתי מוגה

איז עאכו"כ אז אזוי דארף אויך זיין בא די אויף וועלכע מ׳זאגט אז "בתר רישא גופא אזיל"[17], וואס דאס זיינען כל ההולכים בעקבותיו וכל הלומדים תורתו (אדער די וואס וועלן דאס אנהויבן טאן מארגן (אדער "מחר שהוא לאחר זמן"[18]) אדער נאך היינט ביינאכט) - אז די אלע ענינים וואס זיינען געווען בא זיי ביו"ד שבט, דארפן נתעלה ווערן אין דעם שבת שלאח"ז, אין אן אופן פון "ויכולו".

ד. האמור לעיל אז בשבת ווערן נתעלה אלע ענינים וואס זיינען געווען אין ששת ימי החול - איז אויך פארבונדן מיט (דער התוועדות פון) מוצאי שבת קודש:

מוצאי שבת איז דאך פארבונדן מיט שבת, וואָרום כשמו כן הוא - מוצאי <u>שבת</u>.

עאכו"כ לויט דעם וואס מוצאי שבת ווערט אנגערופן "מלוה מלכה"[19], אז דעמולט איז מען מלוה דעם שבת "כדרך שמלוין את המלך"[20] (אדער ווי "שבת" ווערט אנגערופן "מלכה"[21]), מ׳איז מלוה דעם מלך און די מלכה -

וואס מלוה זיין איז שייך (ניט ווען דער מלך און די מלכה זיינען שוין אוועקגעגאנגען, און ער איז געבליבן באזונדער ח"ו, נאר) דוקא ווען מ׳געפינט זיך <u>צוזאמען</u> מיטן מלך און מיט דער מלכה, און מ׳באגלייט זיי[22] - וואס דעדפון איז פארשטאנדיק די שייכות פון מוצאי שבת מיט שבת.

וואס די שייכות פון מוצאי שבת מיט שבת, קומט אדאפ ביז אין אן ענין של הלכה - אז במוצאי שבת זאגט מען ניט קיין ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט תחנון, ועד"ז נאך כמה ענינים וואס זיינען מוכיח אז דער מלך און די מלכה (דער ענין פון שבת) זיינען דעמולט צוזאמען מיט אונז.

ה. אין דער שייכות צווישן דעם שבת (י"ג שבט) מיט יו"ד שבט - קומט צו נאך א פרט:

כמדובר כמ"פ אז די מציאות און דער חיות און דער ענין אין וועלכן דער בעל ההילולא האט זיך געקאכט, איז געווען (ווי בא יעדער נשיא חב"ד) דער ענין פון הורת חסידות חב"ד.

איז דאך דא דער מאמר וואס דער בעל ההילולא האט ארויס-געגעבן אז מ׳זאל דאס לערנען ביום ההסתלקות שלו -

- און -

------------

17) עירובין מא, א. 18) פרש"י עה"פ בא יג, יד. 19) ראה שיחת מוצאי ש"פ וארא השל"ח ס"א. 20) שו"ע אדה"ז או"ח ס"ש ס"ב. 21) שבת שם. 22) ראה שיחת מוצאי ש"פ לך לך תשל"ח הע׳ 4.

און דער המשך פון דעם מאמר [און ניט סתם א המשך וואס איז פארבונדן מיט א צווייטן ענין, נאר די מסקנא און דער "בכך" און דער פועל יוצא וואס קומט ארויס פון די ענינים וואס זיינען מבואר אין דעם מאמר פון יו"ד שבט] איז - אין דעם מאמר וואס ער האט ארויסגעגעבן צו י"ג שבט, ד"ה היושבת בגנים[23].

[וואס איצטער האלט מען דאך אין דעם ביאור פון פרק ט' פון דעם מאמר פון יום ההילולא (אין ד"ה היושבת בגנים), און מ'גייט ארייך אין דעם יאר וואס איז פארבונדן מיט פרק יו"ר פון דעם מאמר פון יום ההילולא, וואס דארטן איז אויך דער סיום פון דעם ערשטן מאמר, ד"ה באתי לגני פון יו"ד שבט]. וואס דערפון איז פארשטאנדיק די שייכות פון דעם שבת, י"ג שבט, מיט יום ההילולא - יו"ד שבט[24].

ו. עס איז דא נאך א פרט אין דעת שייכות פון דער התוועדות מיט יום ההילולא:

די התוועדות וואס האט געדארפט זיין בי"ג שבט ממש, ביום השבת, קומט פאר במוצאי שבת (מאיזה סיבה שתהי' - ס'איז אבער זיכער אז דאס איז אויך בהשגחה פרטית) - וואס מוצאי שבת האט א שייכות מיוחדת צו דעם ענין פון תחיית המתים.

והביאור בזה:

ס'איז ידוע[25] אז בשבת געפינען זיך אלע נשמות אין ג"ע, אפי' די נשמות וואס בימות החול געפינען זיי זיך אין אן אנדער ארט, איז ווען עס קומט שבת, זיינען זיי עולה אין ג"ע.

און ס'איז פארשטאנדיק בפשטות, אז גיין פון ג"ע צו תחיית המתים איז א סאך לייכטער (ובמילא פאדערט דאס קלענערע זכיות וכו') ווי גיין פון ימות החול (ווען מ'איז ניט אין ג"ע) צו תחיית המתים.

ובפרט לויט דעם וואס מ'האט דערמאנט אין א פריערדיקע התוועדות[26], אז די סעודה פון "מלוה מלכה" איז פארבונדן מיטן "עצם לוז"[27], וואס פון דעם "עצם לוז" איז דער גוף קם צו תחיית המתים, דערפאר וואס דער "עצם לוז" בלייבט בשלימותו[28], און אין אים רירן ניט אן קיינע ענינים,

- [חוץ -

---

23) נדפסו בקונטרס עד (סה"מ תש"י ע' 111 ואילך).
24) ראה גם שיחת מוצאי ש"פ בשלח, י"ג שבט תשל"ח ס"א.
25) יל"ש איוב רמז תתקו בתחלתו. זח"ב צד, ב. ח"ג לא, ב.
26) שיחת מוצאי ש"פ וארא סמ"ה. 27) ב"י ולבוש או"ח ס"ש.
28) ראה זח"ב כח, ב. ב"ר פכ"ח, ג.

[חוץ פון דעם וואס "לא כרע במודים"[29] וכו׳ - וואס אויף דערויף גופא זיינען אויך דא עצוה ותיקונים[30], וואס אין כאן המקום להאריך בזה].

וואס דערפון זעט מען דעם עילוי פון מוצאי שבת און סעודת מלוה מלכה - אז דאס איז פארבונדן מיטן "עצם לוז", פון וועלכן עס ווערט דער ענין פון תחיית המתים כפשוטו - נשמות בגופים דא למטה אין עוה"ז הגשמי.

וואס דאס איז נאכמער מוסיף אין דער שייכות פון דער התוועדות (וואס קומט פאר אין מוצאי שבת, סעודת מלוה מלכה) מיטן יום ההילולא פון יו"ד שבט, און אויך דער המשך דערפון אין י"ג שבט,

- וואס דאס איז דאך דער יום הפטירה וההסתלקות פון אמו [וואס וועגן "אשה מזרעת תחלה (איז) יולדת זכר"[31], כמדובר כמ"פ[32]], ובפרט אז דער מאמר וואס ער האט ארויסגעגעבן אויף י"ג שבט, איז געווען מצד דערויף וואס דאס איז דער יום הפטירה פון אמו -

דערפאר וואס מוצאי שבת האט א שייכות מיוחדת מיט דעם ענין פון תחייה המתים - אז ס׳זאל זיין דער "הקיצו ורננו שוכני עפר"[33], הוא ואמו וכל צדיקי עולם וכל בנ"י, ווארום "כל ישראל יש להם חלק לעוה"ב"[34], וואס דער טייטש פון "עולם הבא" (אין דער משנה) איז - תחיית המתים, כמבואר אין מפרשי המשנה[35].

ז. בנוגע צו דעם ענין פון תחיית הכתים - איז דא א דבר פלא:

עס איז דאך ידוע[36] אז אלע ענינים וואס וועלן זיין לע"ל, זיינען תלוי במעשינו ועבודתנו אין משך פון די "שיתא אלפי שני דהוה עלמא"[37], ובפרט אין משך זמן הגלות, ובפרט אין דעם זמן פון עקבתא דמשיחא, וואס דעמולט איז דער סיום הבירור פון די ניצוצות הכי אחרונים (וואס וועגן מ׳הויבט אויף די ניצוצות הכי אחרונים, הויבט מען אויף דעם גאנצן בנין וואס געפינט זיך על גביהם, כידוע דער משל בזה[38]).

און נוסף אויף דערויף וואס דער כללות הענין פון

- מעשינו -

------------

29) זח"ב ק, א. ח"ג קסד, א. וראה ב"ק טז, סע"א. ובתוד"ה והוא - שם, ע"ב. 30) ראה תשובות וביאורים ע׳ 29 ואילך. 31) ברכות ס, א. וראה סה"מ הש"א ע׳ 148. 32) ראה שיחה מוצאי ש"פ ויצא תשל"ה ס"ב. 33) ישעי׳ כו, יט. 34) סנהד׳ ר"פ חלק. 35) רע"ב כאן. וראה סה"מ ה׳ש"ת ס"ע 44. 36) תניא רפל"ז. 37) ר"ה שם. 38) ראה תו"א בראשית ד, א.

מעשינו ועבודתנו (וואס פאר א מצוה און וואס פאר אן ענין טוב עס זאל נאר זיין) ברענגט אן ענין של "תשועה והצלה"[39], ביז צו דער גאולה האמיתית והשלימה -

קומט נאך צו א תוספת ביתר שאת וביתר עז, ווען ס'איז פארבונדן מיט אן ענין וואס איז אין אן אופן פון "מדה כנגד מדה" מיט דעם ענין וואס עס וועט זיין לע"ל, ווארום "מדתו של הקב"ה" איז "מדה כנגד מדה"[40], אז "במדה שאדם מודד בה מודדין לו"[41].

דארף מען פארשטיין: וואס איז דער ענין וואס איז פארבונדן מיט אויפטאן דעם ענין פון תחיית המתים - אין אן אופן פון "מדה כנגד מדה"?

ח. איז דער ביאור בזה:

דער כללות ענין הבירורים, איז אן ענין פון תחיית המתים, ווארום דער ענין הבירורים איז, אז מ'הויבט אויף דעם ניצוץ קדושה וואס האט זיך געפונען שלא במקומו, און וויבאלד אז "מאן דנפיל מדרגי' אקרי מית"[42], איז פארשטאנדיק, אז די עלי' וואס מ'איז מעלה דעם ניצוץ קדושה, איז אן ענין פון תחיית המתים.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דורך יעדער מעשה טוב, דיבור טוב, און מחשבה טובה - ווערט אויפגעטאן אן ענין וואס איז בדוגמת הענין פון תחיית המתים, אין אן אופן פון "מדה כנגד מדה".

וואס דאס איז אויך דער פירוש פון "זוסרא דבכו מחי' מתים"[43] [בא זיי איז געווען בגלוי דער ענין פון "מחי' מתים" כפשוטו, אבער וויבאלד אז דאס איז א חלק פון תושבע"פ, ווערט דאס א הוראה לכל אחד ואחת, אז עס דארף זיין דער ענין פון "זוסרא דבכו מחי' מתים"] -

אז בא יעדער אידן, אפי' בא די אויף וועלכע מ'זאגט אז זיי זיינען "מלאין מצות כרימון"[44] - זיינען דא ריבוי ענינים וואס זיינען ("מדה כנגד מדה") בדוגמת הענין פון תחיית המתים.

ט. עס איז אבער געשמאקער ווען מ'טיילט אויס אן ענין מיוחד פון אלע איבעריקע ענינים, און מ'זאגט אז דער ענין

- איז -

------------

39) רמב"ם הל' תשובה פ"ג ה"ד. 40) פס"ז עה"פ שבות ג, ו. 41) סוטה ח, ב במשנה. 42) ראה זח"ג קלה, ב. 43) ע"ז י, ב. 44) עירובין יט, א. חגיגה בסופה.

איז פארבונדן במיוחד מיט דעם ענין פון תחיית המתים - איז דא אן ענין מיוחד וואס איז פארבונדן מיט תחיית המתים:

די גמרא[45] זאגט אז "יעקב אבינו לא מת", ווארום "מה זרעו בחיים אף הוא בחיים", ד.ה. אז דורך דעדויף וואס "זרעו בחיים", ווערט אויפגעטאן אז "אף הוא בחיים" - וואס דאס איז בדוגמת הענין פון תחיית המתים.

וואס דער אמת'ער ענין פון "זרעו" איז, דער ענין פון "ושננתם לבניך - אלו התלמידים"[46]; און בשעת "זרעו בחיים", ווען "זרעו" טוט א פעולה של חיים,

[וואס דאס איז דער כללות הענין פון "ואתם הדבקים בה' אלקיכם חיים כולכם היום"[47] - דורך יעדער ענין טוב, ביז אפי' דורך דעם ענין פון "בכל דרכיך דעהו"[48], און אפי'[49] דורך דעם ענין פון "כל מעשיך יהיו לשם שמים"[50]],

איז דאס מוסיף חיות, און דאס טוט אויף פון-דאס-ניי דעם ענין אז "אף הוא בחיים".

י. אין דעם ענין פון "מה זרעו בחיים אף הוא בחיים", קומט נאך צו אן ענין מיוחד - ווען מ'טוט אן ענין אין וועלכן דער בעל ההילולא האט געלעבט און האט זיך געקאכט במיוחד - ווי מ'זעט בפועל אז ווען א מענטש קאכט זיך במיוחד אין א געוויסע זאך, פאדערט דאס ארוים ביי אים אן ענין של חיים ביתר שאת וביתר עז.

בא דעם בעל ההילולא איז געווען דער ענין פון חיים (ער האט זיך געקאכט און געלעבט) אין אלע ענינים דורך וועלכע עס ווערט דער "ואתם הדבקים בה' אלקיכם חיים כולכם היום" - אבער אין דעדויף גופא איז דא דער ענין פון "מחי' חיים"[51], און חיי החיים וכו', מיט אלע פרטים שבדבר[52].

וכמדובר אין דער פריערדיקער התוועדות[53] וועגן די ענינים אין וועלכע דער בעל ההילולא האט זיך געקאכט במיוחד -

וואס בכללות זיינען דאס די עשרה מבצעים הכלליים, וואס אין זיי האט ער זיך געקאכט במיוחד, ובפרט אין די ערשטע פון זיי - "מבצע אהבת ישראל", און "מבצע חינוך",

- און -

------------

45) תעניות ה, ב. 46) ואתחנן ו, ז. ספרי ופרש"י עה"פ. רמב"ם הל' ת"ת פ"א ה"ב. הל' ת"ה לאדה"ז פ"א ס"ח.
47) ואתחנן ד, ד. 48) משלי ג, ו. 49) ראה לקו"ש ח"י ע' 104. וש"נ. 50) אבות פ"ב מי"ב. וראה טושו"ע או"ח סרל"א.
51) יומא עא, א. 52) ראה ד"ה אתה הבדלת תש"י ס"כ (סה"מ תש"י ע' 44 ואילך). 53) שיחת יו"ד שבט.

און דערנאך קומט דאס אראפ אין "מבצע תורה" - כמדובר כמ"פ אז דער ענין פון חב"ד איז ניט סתם חכמה בינה דעת, נאר חכמה בינה דעת וואס זיינען פארבונדן מיט תורה,

און פון "מבצע תורה" קומט דאס אראפ אין אלע מבצעים שלאח"ז - וויבאלד אז "גדול תלמוד שמביא לידי מעשה"[54].

יא. כמדובר כמ"פ אז פון יעדער ענין דארף זיין א "בכן" ביז אין מעשה בפועל - איז פון די הוצאות וואס דארפן ארויס-קומען פון כל אריכות הדיבור - אז מ'זאל מוסיף זיין אין די ענינים אין וועלכע דער בעל ההילולא האט זיך געקאכט.

עאכו"כ אז לכאו' נעמט מען צו די צייט וואס מ'האט געקענט זיצן און לערנען בהתמדה ושקידה תורתו פון בעל ההילולא,

[וואס אין דערויף גייען ניט אן קיין קונצן - לערנען תורתו פון בעל ההילולא מיינט כפשוטו (וואס אין ענין יוצא מידי פשוטו) - לערנען א מאמר פון בעל ההילולא, ובפרט די מאמרים וואס זיינען פארבונדן מיטן יום ההילולא, אדער דער המשך שלהם - וואס דאס איז תורתו של בעל ההילולא, און דאס איז חייו ואורך ימיו],

און אין דער צייט מאכט מען א התוועדות.

וואס אמת טאקע אז ס'איז דא די הסברה פון "גדול שמושה של תורה יותר מלימודה"[55] - אבער בנוגע צו דעם ענין פון לימוד התורה, דארף מען האבן אז מ'זאל זיצן און לערנען בפשטות.

וואס דאס איז א הוראה מיוחדת צו תלמידי הישיבות,

[וואס תלמיד הישיבה מיינט ניט נאר דער וואס געפינט זיך נאך איצטער אין ישיבה - נאר וויבאלד אז "קדושה לא זזה ממקומה"[56], איז פארשטאנדיק, אז אפי' אויב ער איז געווען "בר בי רב דחד יומא"[57] (און אפי' אז ער האט מלכתחלה אריינ-געטראטן נאר אין אן אופן פון "בר בי רב דחד יומא"), בלייבט ער א תלמיד ישיבה כל ימי חייו[58]],

אז אויב מ'וויל זיין א בן ישיבה ווי דער בעל ההילולא האט געוואלט (דערפאר וואס אזוי האבן געוואלט די אלע וואס ער איז זייער "ממלא מקום", ביז צום ערשטן נשיא - דער

- אויבערשטער -

------------

54) קידושין מ, ב. 55) ברכות ז, ב. 56) ראה ע"ח שער ד' פ"ג. של"ד פ"ב. של"ה פ"א. אגה"ק ביאור לסי' ז"ך (קמז, א). 57) ל' הש"ס - חגיגה ה, סע"ב. 58) ר ה לקו"ש חי"ד ע' 313. שם 323 ואילך.

אויבערשטער אליין) - קען מען ניט יוצא זיין מיט אנדערע ענינים טובים, אפי' ניט מיט ענינים נעלים, נאר מ'דארף זיצן און לערנען בפשטות.

איז ראך די שאלה: פארוואס לאזט מען צו אז זיי זאלן זיך משתתף זיין אין די התוועדות'ן, מ'האט זיי געדארפט אוועקשיקן אז זיי זאלן זיך זעצן לערנען חסידות?!

[וועז מ'שיקט זיי אוועק, וואלטן זיי מסתמא געשטאנען הינטערן טיר, און זיי וואלטן סיי-ווי ניט געגאנגען לערנען - איז וואס דארף מען זיי מצער זיין ללא כל תועלת; די תועלת פון "לפום צערא אגרא"** וואלט אין דערויף אויך ניט געווען שייך!].

איז דער ביאור בזה - אז מ'סוט אמאל ענינים דערפאר וואס מ'האט געזעהן אז אזוי האט געטאן כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו:

ער האט געמאכט א התוועדות, אע"פ אז ער האט געוואוסט אז ס'זיינען דא כמה אידן וואס בלאה"כ וואלטן זיי זיכער געזעסן און געלערנט, און ווען ער שיקט זיי ארויס, וואלטן זיי ניט געשטאנען הינטערן טיר, נאר זיי וואלטן טאקע געגאנגען און וואלטן זיך געזעצט לערנען - און אעפ"כ האט ער זיך מתוועד געווען כמ"פ.

וואס אע"פ אז מי ידמה לו ומי ישוה לו וכו' - אעפ"כ וויבאלד אז ער האט דאס געטאן בגלוי, און נאכמער: ער האט אנגעזאגט אז אין זמנים המתאימים זאל זיין א ההוועדות (א התוועדות וואס זאל ארויסקומען דערנאך אין מעשה לאת"ז, אבער בשעת מעשה איז דאס מערניט ווי אן ענין שבדיבור - און אעפ"כ האט ער אין דערויף באשטאנען) - האט ער דערפון געמאכט א ציווי והוראה לכל ההולכים בעקבותיו.

וכאמור לעיל אז די תועלת וואס דארף דערפון ארויסקומען איז - אז ס'זאל צוקומען אין מעשה בפועל בנוגע צו אלע ענינים אין וועלכע דער בעל ההילולא האט זיך געקאכט.

יב. ובנוגע לפועל:

עס זאל נתוסף ווערן לכל לראש אין לימוד תורתו - וואס אין דערויף איז געווען דער חיות שלו, און דערנאך אויך אין דער הליכה בדרכיו אשר הורנו, אנהויבנדיק פון דעם ענין פון אהבת ישראל, דער ענין פון חינוך, און דער ענין פון לימוד התורה, מיט אלע ענינים וואס כ'האט גערעדט פריער בארוכה,

- וכמבואר -

------------

59) אבות פ"ה מכ"א.

וכמבואר בארוכה אין זיינע בריוו און אין זיינע שיחות און אין זיינע תורות, ביז אויך אין דעם מאמר פון יום ההילולא, מיטן המשך שלו.

וואס דאס איז לכל לראש די תוצאה הכי ראשונה פון התוועדות זו - דאס וואס יעדערער, ואני בתוכם, דארף מאנען פון זיך בקשר מיט דער התוועדות.

און וויבאלד אז דער בעל ההילולא האט זיך געקאכט אין דעם ענין פון אהבת ישראל - איז פארשטאנדיק אז דעם זעלבן ענין וואס ער פועל'ט אויף זיך, דארף אויך אויפגעטאן ווערן בא די אלע צו וועלכע ער קען דערגרייכן,

סיי די אלע וואס געפינען זיך דא און אעפ"כ דארפן זיי אנקומען צו א התעוררות נוספת (מאיזה סיבה שתהי') - דארף ער זיי מעורר זיין בדרכי נועם ובדרכי שלום ובדרך של כבוד, עאכו"כ בנוגע צו די וואס זיינען דא ניטא - אז ער דארף זיי מעורר זיין, ביז אין אן אופן אז בא זיי וועט דאס אויך ארויסקומען אין אן ענין של "בכך" און מעשה בפועל.

וכאמור לעיל אז די הוספה אין די אלע ענינים דארף זיין אנהויבנדיק פון האבן א שיעור קבוע אין לימוד תורתו, וואס דאס איז חייו ואורך ימיו.

וכידוע[60] דער סיפור וואס איז געווען ביים רבי'ן נ"ע (אביו פון בעל ההילולא - וואס ער איז געווען ממלא מקומו), אז בשעת ההסתלקות שלו האט ער געזאגט: "איך גיי אין הימל די כתבים לאז איך פאר אייך" - וואס דער ביאור אין דערויף איז:

ע"ד ווי עס רעדט זיך אין פרק ט' פון דעם מאמר פון יום ההילולא[61] וועגן דעם ענין פון "עמודים", אז דער עמוד פארבינדט דעם גג מיט דער רצפה אז זיי זאלן ווערן "כאחד ממש" - איז עד"ז קען מען זאגן (עכ"פ בדא"פ) בנוגע צו די "כתבים", אז זיי פארבינדן אים מיט די וואס לערנען די כתבים;

ווען ער גייט אין הימל, ווערט ער דאך העכער דערפון וואס ער איז געווען זייענדיק בחיים חיותו בעלמא דין - אבער וויבאלד אז די כתבים לאזט ער איבער דא, איז די הוספה וואס קומט ביי אים צו ווען ער גייט אין הימל, ווערט נמשך אויך דא למטה - דורך די כתבים - צו די וואס זיינען געבליבן דא.

ועד"ז איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צום בעל ההילולא - דורך זיינע כתבים. - יג. -

------------

60) לקו"ש ח"ט ע' 90 בהערה. 61) ד"ה היושבת בגנים (סה"מ שם ע' 123).

יג. דער סיכום און סך-הכל פון דעם גאנצן ענין:

עס זאל ארויסקומען א הוספה אין קביעות עתים אויף לימוד תורתו, און אויך א הוספה אין די מעשים אין וועלכע ער האט זיך געקאכט, ובכללות - א הוספה אין די מעשים אויף וועלכע ער האט אנגעזאגט אז מ'זאל ממשיך זיין בזה.

וואס דעמולט איז וויבאלד אז "זרעו בחיים", איז דאס מדגיש און עס ווערט נאך שטארקער די ראי' און הוכחה פון תורת אמת, אז "אף הוא בחיים".

און דערפון קומט דאס אראפ בעגלא דידן אין "אף הוא בחיים" כפשוטו - אז עס ווערט דער "הקיצו ורננו שוכני עפר", והוא בתוכם,

און מ'וועט גיין אלע צוזאמען מקבל זיין פני משיח צדקנו, און גיין לארצנו הקדושה תבנה ותכונן במהרה בימינו ממש (כנוסח הידוע פון בני ישראל), וכאמור - בעגלא דידן.

* * *

יד. בהמשך להאמור לעיל (ס"א) אז די התוועדות איז בהמשך צו דער התוועדות פון יו"ד שבט - איז כאן המקום משלים זיין עכ"פ א חלק פון די נקודות וואס זיינען ניט נתבאר געווארן אין דער התוועדות שלפנ"ז (ווי ס'איז אויך געוועז דער מנהג אשתקד) - אנהויבנדיק פון דעם סיום אויף מסכת אבות.

וואס מסכת אבות האט א שייכות מיוחדת צו שבת (ובמילא - אויך צו מוצאי שבת):

דער רמב"ם[62] זאגט אז דער ענין פון מסכת אבות איז "מוסר הדיינין" - ענינים של מוסר וועלכע זיינען נוגע במיוחד צו דיינים [דאס איז טאקע שייך לכל אחד ואחת מבנ"י, אזוי ווי כל התורה כולה, אבער במיוחד איז דאס נוגע צו דיינים, ווי דער רמב"ם איז דארטן מבאר דעם טעם הדבר].

און א דיין ווערט אנגערופן "שבת" - במכש"כ וק"ו דערפון וואס א ת"ח סתם ווערט אנגערופן "שבת".

און ס'איז אויך ידוע דער מנהג אז דער לימוד פון פרקי אבות איז נקבע געווארן אויף שבת - לאחר מנחה, און קרוב צו מלוה מלכה, וואס דאס איז אלץ פארבונדן מיט די ענינים פון שבת.

טו. החחלת מסכת אבות איז אויך פארבונדן מיט שבת:

- די -

---

62) בהקדמתו לפיהמ"ש ד"ה והחלק הששי.



הנחה הה' בלתי מוגה

די התחלה פון מסכת אבות איז "משה קבל תורה מסיני", וואס דאס איז פארבונדן מיט שבת, ווארום "דכו"ע בשבת ניתנה תורה"[63].

עד"ז איז דער סיום פון מסכת אבות פארבונדן מיט שבת:

אין סיום מסכת אבות שטייט "לפום צערא אגרא" - וואס דאס איז פארבונדן מיט כללות הענין פון שבת, ווארום "מי שטרח בערב שבת יאכל בשבת"[64]; וואס דער "טרח בערב שבת" (וואס "ערב שבת" איז כולל כל ששת ימי השבוע) איז גרעסער, איז אלץ גרעסער דער "יאכל בשבת", וואס דאס איז דער ענין פון "לפום צערא ("טרח בערב שבת") אגרא ("יאכל בשבת")".

עד"ז איז דער סיום פון דער ברייתא פון "קנין תורה" (וועלכע מ'איז מצרף צו פרקי אבות - ווי מ'זעט דאס אויך אין דעם אלטן רבי'נס סידור) - אויך פארבונדן מיט שבת:

אין דעם סיום פון פרק "קנין תורה" שטייט: "כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא בראו אלא לכבודו שנאמר[65] ולכבודי בראתיו יצרתיו אף עשיתיו, ואומר[66] ה' ימלוך לעולם ועד".

וואס דער ענין שטייט בגלוי אין שבת, ווארום בשבת זיינען ניטא קיינע ענינים פון "עובדין דחול", און דעמולט איז ניטא דער ענין פון רשות הרבים, מערניט ווי רשות היחיד,

און ווי מ'זעט בפשטות, אז בשבת טוען זיך אפ אלע ענינים פון א אידן (אכילתו ושתיתו ושינתו וטיולו וכו') אין רשות היחיד דוקא;

אפי' "זבולון בצאתך"[67], וואס במשך כל ימות החול געפינט ער זיך אין רה"ר (ניט ווי "יששכר באוהליך"[67] - אין רשות היחיד) - איז ווען עס קומט שבת, זאגט מען "ממצוא חפצך ודבר דבר"[68] - דעמולט דארף ער זיין אין רשות היחיד דוקא,

בכללות - ווערן אידן איינגעטיילט אין צוויי סוגים:

"יששכר באוהליך" - וואס דאס איז א ת"ח, וואס ער ווערט אנגערופן "שבת", און כל עניני איז אז ער געפינט זיך "באוהליך" - אין רשות היחיד;

און "זבולון בצאתך", וואס במשך כל ימות החול געפינט ער זיך אין רה"ר - אבער דער "טרח בערב שבת" (ווען ער איז אין רה"ר) איז נאר א <u>הכנה</u> צו שבת, כדי אז בשבת זאל ער זיין "באוהליך".

- וואס -

------------

63) שבת פו, ב. 64) ע"ז ג, א. 65) ישעי' מג, ז.
66) פרשתנו טו, יח. 67) ל' הכתוב - ברכה לג, יח.
68) ישעי' נח, יג.



<u>הנחה הח' בלתי מוגה</u>

וואס דאס איז נוסף לזה וואס איך ווען ער געפינט זיך "בצאתך" (איך רה"ר), איז דורך דערויף וואס ער איז תומך אין "ישכר באוהליך" - האט ער א חלק אין דעם לימוד התורה פון ישכר[69] (וואס ער איז "באוהליך" - רשות היחיד), און ווי גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות[70], אז ער באקומט שכר ניט נאר אלס א תומך אין תלמידי חכמים, נאר זיין שכר איז אלס א לומד תורה בעצמו, כמבואר אין פוסקים אין נגלה[71],

און וויבאלד אז שבת איז פארבונדן מיט דעם ענין פון רשות היחיד, וואס דאס איז דער ענין פון "יחידו של עולם"[72] - איז פארשטאנדיק, אז דעמולט שטייט בגילוי דער ענין פון "ה׳ ימלוך לעולם ועד".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק די שייכות פון דעם סיום פון פרק "קנין תורה" מיט שבת.

און דער כללות הענין פון סיום מסכת אבות איז פארבונדן מיט דער התוועדות - וויבאלד אז די התוועדוה איז דער סיום פון דער התוועדות פון יו"ד שבט.

טז. אין דעם סיום זיינען נתבאר געווארן כמה נקודות כלליות -

האט מען אבער גערעדט כמ"פ אז אע"פ אז דער מנהג בנוגע צו א "הדרן" איז, אז מ׳איז מבאר נאר ענינים כלליים, און מ׳איז ניט אזוי מדייק אין פרטי הדברים - איז אבער פארשטאנדיק, אז ס׳איז ניט קיין "מנהג ישראל תורה הוא"[73] וועלכן מ׳טאר ניט משנה זיין, במילא טאר מען ניט מדייק זיין אין פרטי הדברים, נאר אדרבה: מהנכון איז אז מ׳זאל מדייק זיין אויך אין פרטי הדברים.

ווארום עס רעדט זיך דאך וועגן "תורה אמת", וכמדובר כמ"פ בארוכה אז אין אן ענין פון "אמת" מוז יעדער פרט זיין אמת, און בשעת אז ס׳איז דא א חוט השערה וואס איז ניט אמת, איז דאס מבלבל דעם גאנצן ענין האמת.

וואס דאס איז אויך מרומז אין דעם ווארט "אמת" - ווי עס שטייט אין ירושלמי[74] אז דער ענין פון "אני ראשון ואני אחרון ומבלעדי אין אלקים"[75] איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "אמת" - ווארום דער אות אל"ף (פון "אמת") איז דער ראשון שבאותיות, און דער אות הי"ו (פון "אמת") איז דער אחרון

- שבאותיות -

------------

69) ראה פרש"י עה"פ ברכה שם. ויק"ר פכ"ה, ב. הל׳ ת"ת לאדה"ז פ"ג ס"ד. 70) שיחה יו"ד שבט סכ"ז. 71) רמ"א יו"ד סרמ"ו ס"א. 72) ראה איה"ת נ"ך ע׳ תכה. ובכ"מ. 73) הוד"ה נפסל - מנחות כ, ב. 74) סנהדרין פ"א ה"א. 75) ישעי׳ מד, ו.

שבאותיות, און דער אות מ"ם (פון "אמת") איז דער אמצע פון די אותיות (וועט מ'רעכנט אויך די אותיות הכפולות - מנצפ"ך),

וואס דאס באווייזט אז דער ענין פון "אמת" איז - אז אומעטום איז דאס "אמת", סיי ביים אנהויב, סיי אינמיטן, און סיי צום סוף**,

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז יעדער פרט פון "תורת אמת" איז מדויק בתכלית הדיוק, וויבאלד אז דאס איז א חלק פון "תורת אמת".

יז. זיינען דא כמה פרטים אין דעם סיום פון מסכת אבות - וואס זיינען לכאו' ניט פארשטאנדיק:

א) מ'האט געבראכט דעם ביאור המפרשים" וועגן די נעמען "בן בג בג" און "בן הא הא", אז זיי זיינען געווען גרים, און מפני אימת המלשינים האט מען זיי געדארפט געבן אנדערע נעמען, האט מען מרמז געווען אין זייערע נעמען אז זיי זיינען גרים - ווארום דער "הא" פון "בן הא הא" איז פארבונדן מיט אברהם ושרה וואס מ'האט מוסיף געווען א ה"א בשמם, און די אותיות "בג" פון "בן בג בג" זיינען בגימט' ה"א.

דארף מען פארשטיין: דער צירוף פון "גב" איז אויך בגימט' ה"א, איז פארוואס האט מען אים גערופן "בן בג בג" (דער צירוף פון "בג" דוקא), און ניט "בן גב גב" (דער צירוף פון "גב")?

ב) אויף מרמז זיין אז זיי זיינען גרים, איז גענוג אז מ'זאל זיי רופן "בן הא" און "בן בג" - פארוואס רופט מען זיי אן "בן הא הא" און "בן בג בג" (צוויי מאל "הא", און צוויי מאל "בג")?

מפרשים" פארענטפערן, אז וויבאלד מ'האט מוסיף געווען א ה"א סיי צו אברהם און סיי צו שרה [ניט "אברם", נאר "אברהם", "אב המון גוים"", ועד"ז ניט "שרי", נאר "שרה"**] - דערפאר זאגט מען "בן הא הא", צוויי מאל ה"א, און "בן בג בג", צוויי מאל די גיכט' פון ה"א - כנגד דעם ה"א פון אברהם און דער ה"א פון שרה.

העלפט אבער דער אויבערשטער אז ס'איז דא א צווייטע גירסא: ס'איז דא א גירסא" וואס דארטן שטייט "בן האהא" און "בן בגבג" אין איין ווארט,

- [די] -

---

76) ראה גם לקו"ש ח"ב ע' 305 77) מד"ש לאבות כאן בשם הדשב"ם - הובא בתוי"ט כאן. 78) ראה מד"ש שם. 79) לך לך יז, ה. 80) שם, טו. 81) פיהמ"ש להרמב"ם הוצאת הרב קאפח.

[די גירסא וואס דער אלטער רבי ברענגט אראפ בסידורו איז "בן הא הא" און "בן בג בג" (אין צוויי ווערטער),

וואס ס'איז קרוב לומר אז דער אלטער רבי האט מדייק געווען אז ס'זאל שטיין "בן הא הא" און "בן בג בג" - אע"פ וואס דער דיוק איז ניט אזוי בפשטות אזוי ווי אלע אנדערע דיוקים, ווארום ס'איז ניט ברור צי דער אלטער רבי האט נאר געהייסן אז מ'זאל נעמען דעם נוסח פון פרקי אבות ווי דאס איז לויט דער גירסא, אדער אז ער האט אויך מוסיף געווען אז מ'זאל מדייק זיין און שרייבן "בן הא הא" און "בן בג בג".

און אפי' אויב מ'וועט זאגן אז דער דיוק איז ניט פון דעם אלטן רבי'ן אליין - איז דאך אבער לפועל געדרוקט געווארן אין דעם אלטן רבי'נס סידור די גירסא "בן הא הא" און "בן בג בג" (אין צוויי ווערטער), און דער סידור איז דאך געדרוקט געווארן בחייו פון דעם אלטן רבי'ן, און ער האט דאס געזעהן, ועאכו"כ אז די נשיאים ממלאי מקומו האבן דאס געזעהן, און האבן געזעהן אז ס'שטייט די גירסא פון "בן הא הא" און "בן בג בג" (אין צוויי ווערטער) - איז דאס זיכער מדויק.

אבער אעפ"כ, אין כמה כתבי-יד איז דאך די גירסא "בן האהא" און "בן בגבג" - אין אייןווארט],

דארף מען האבן א פירוש וביאור אין דער גירסא וואו ס'שטייט "בן האהא" און "בן בגבג" - אין איין ווארט.

ג) פארוואס איז דער מאמר "הפך בה והפך בה" פארבונדן מיט "בן בג בג" דוקא, און דער מאמר "לפום צערא אגרא" - מיט "בן הא הא" דוקא?

וואס נוסף אויף דערויף וואס מ'האט גערעדט כמ"פ אז דער נאמען פון בעל המאמר איז פארבונדן מיט זיין מאמר [ביז ווי מ'האט גערעדט אמאל בארוכה[82] אז ס'זיינען דא תנאים וואס ווערן אנגערופן ע"ש דעם מאמר וואס זיי האבן אויפגעטאן און מחדש געווען אין תורה[83]] - קומט דא צו א דיוק נוסף:

בפשטות האט דער סדר אין דער משנה געדארפט זיין פריער "בן הא הא" און דערנאך "בן בג בג" - ווארום: פריער דארף מען ברענגען דעם נאמען אין וועלכן ס'איז אנגעצייכנט מער בגלוי אז דאס איז א גר - "בן הא הא", און ערשט דערנאך דעם נאמען אין וועלכן דאס שטייט מערניט ווי ברמז - "בן בג בג", א גימטריא פון ה"א;

- און -

------------

82) שיחת מוצאי ש"פ קרח תשל"ח סי"ז. מוצאי ש"פ חקת תשל"ח ס"ל ובשוה"ג שס. 83) ראה תולדות תו"א (היימאן) ע' 800.

און ניט אין א סדר הפוך - אז פריער שטייט "בן בג בג" (די גימט' פון ה"א), און מ'זאגט אז דער טעם וואס מ'האט אים אזוי אנגערופן איז, דערפאר וואס מ'דארף אים אויסטיילן פון "בן הא הא" - ווען דער נאמען "בן הא הא" איז נאך ניט געבראכט געווארן אין דער משנה (עס ווערט ערשט געבראכט נאך "בן בג בג").

וואס אפי' אויב מ'וועט זאגן אז דער מאמר "הפך בה והפך בה" דארף שטיין פאר דעם מאמר "לפום צערא אגרא" - האט אבער דער נאמען "בן הא הא" געדארפט שטיין פאר דעם נאמען "בן בג בג";

מוז מען דאך זאגן אז ס'איז דא א קשר מיוחד צווישן דעם מאמר "הפך בה והפך בה" מיט "בן בג בג", און צווישן דעם מאמר "לפום צערא אגרא" מיט "בה הא הא".

יח. דערנאך קומט צו א שאלה כללית (וואס מ'האט געפרעגט) אין הלכה:

מ'האט גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות[84], אז דער חידוש אין "לפום צערא אגרא" איז, אז ס'איז דא אן ענין של שכר אויך אויפן צער וואס דער אומן (דער אדם העובד) האט געהאט, וואס אע"פ אז דער בעה"ב האט דערפון גארניט געהאט, ווארום דורך דעם צער איז גארניט צוגעקומען אין שבח הכלי, אעפ"כ, וויבאלד דער אומן האט געהאט צער, באקומט ער שכר פון דעם בעה"ב.

און מ'האט אויך מבאר געווען אז דער אויפטו איז מודגש בעיקר ביי א גר (וואס דערפאר האט דאס געזאגט א גר דוקא), ווארום:

די מציאות פון א אידן איז - אז "אני נבראתי לשמש את קוני"[85], מ'האט אים מלכתחלה באשאפן כדי ער זאל משמש זיין את קונו, און מ'האט אים באשאפן אין אן אופן פון נשמה בגוף, און אין דעם גוף זאל זיין א לב מיט חלל הימני און חלל השמאלי, און תפקידו פון דעם חלל השמאלי איז, מבלבל זיין דעם אידן פון עבודת ה' (כמבואר בכ"מ), וואס מנצח זיין אין דער מלחמה מיטן חלל השמאלי - איז אן ענין וואס איז פארבונדן מיט צער.

וזאס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ביי א אידן איז דער צער ניט קיין דבר נוסף אין וועלכן ער איז ניט מחוייב (וואס דעמולט איז דא דער חידוש אז אע"פ אז דעם בעה"ב קומט - גארניט -

---

84) שיחת יו"ד שבט סמ"א ואילך. 85) קידושין בסופה.

גארניט צו דערפון, וויבאלד אז ער איז אין דערויף ניט נצטווה געווארן, אעפ"כ גיט ער אים שכר), נאר דאס איז מלכתחלה ארייננגעשטעלט געווארן אין תנאי העבודה (אז ער זאל טאן די עבודה אע"פ אז ס'איז פארבונדן מיט אן ענין של צער) - און וויבאלד אז ס'איז פארבונדן מיט דער עבודה אליין, איז ניטא קיין חידוש אז מ'גיט אויף דערויף שכר.

[מ'קען ניט זאגן אז דאס איז א ביאור אויף דעם וואס ס'איז דא א מצוה וואס שכרה איז מרובה יותר פון א צווייטע מצוה - וואס דער ביאור אין דערויף איז, אז די מצוה איז פארבונדן מיט מער צער, און די צווייטע מצוה איז פארבונדן מיט ווייניקער צער -

ווארום אין מסכת אבות, "מילי דחסידותא", איז מען ניט מבאר די חילוקים וואס זיינען דא אין שכר מצוות (פארוואס קומט מער שכר אויף א געוויסע מצוה) - וויבאלד אז דערפון קומט גארניט צו אין "מילי דחסידותא";

די משנה זאגט נאר אז מ'זאל וויסן אז "לפום צערא אגרא" (אז ס'איז דא שכר אויף אן ענין של צער אליין), וואס דורך דעם וועט צוקומען אין "מילי דחסידותא", אז ער וועט זיך ניט רעכנען מיטן צער, וויסנדיק אז "לפום צערא" וועט אים צוקומען אין "אגרא".

- ס'איז טאקע אן ענין פון "שלא לשמה", אבער ווי גערעדט פריער בארוכה[86] אז דער סדר העבודה איז אז פריער איז די עבודה "שלא לשמה" - ביז אז ער וועט צוקומען צו דער עבודה "לשמה", וועט ער דערווייללע מוסיף זיין מער פון זיין רגילות, צוליב דעם ענין פון "לפום צערא אגרא"].

ביי א גר איז אבער דא דער חידוש פון "לפום צערא אגרא":

עס איז דאך ניטא קיין ציווי אז ער זאל זיך מגייר זיין, נאר ער האט דאס געטאן על דעת עצמו, און דורך דערויף האט ער גענומען אויף זיך אן ענין של צער אין וועלכן ער איז ניט געווען מחויב - דער קיום פון כל התומ"צ.

און ווי גערעדט פריער בארוכה[87], אז דורך דעם גיור האט ער גענומען אויף זיך א צער נוסף אפי' בנוגע צום קיום פון די שבע מצוות ב"נ - ווארום דער קיום המצווה בא דעם וואס איז "מצווה ועושה" איז פארבונדן מיט אן ענין של צער[88], און וויבאלד אז דער ציווי אויף די שבע מצווה ווי ס'איז ביי א

- אידן -

------------

86) שיחה הנ"ל סל"ד. 87) שם סכ"ד. 88) ראה הוד"ה גדול - ע"ז שם. וראה ט"ז יו"ד סרמ"ו סק"ג. ש"ך שם סק"ז. וראה גם הוד"ה גדול - קידושין לא, א.

אידן איז באופן נעלה יותר ווי ביי א ב"נ, איז פארשטאנדיק אז דורך דעם וואס ער איז זיך מגייר, קומט ביי אים צו אין די שבע מצוות ב"נ א צער נוסף (אין וועלכן עד איז ניט געווען מחוייב) וואס ער נעמט אויף זיך.

און אויף דערויף איז דא דער חידוש פון "לפום צערא אגרא" - אז אע"פ אז אין דעם שבח הכלי איז גארניט צוגעקומען, דער בעה"ב האט דערפון גארניט (ווארום ס'איז אן ענין אין וועלכן ער איז ניט נצטווה געווארן) - באקומט ער אבער שכר "לפום צערא אגרא", מצד דערויף וואס ביי אים איז געווען אן ענין של צער.

יט. האט מען געפרעגט אויף דערויף א שאלה אין הלכה:

דער דין[89] איז, אז ווען דער אומן טוט א זאך וואס דער בעה"ב האט אים ניט געהייסן טאן, איז בשעה ס'איז ניחא לי' צום בעה"ב, דארף ער אים באצאלן ניט נאר פאר דעם שבח, נאר אויך פאר דער הוצאה, אפי' ווען די הוצאה איז יתירה על השבח (אדער אויב דער שבח איז יתר על ההוצאה, באצאלט ער אים אויך פארן שבח), וויבאלד אז ס'איז ניחא לי'.

ובנוגע לעניננו: אע"פ אז ס'איז ניטא קיין ציווי ער זאל זיך מגייר זיין, איז דאך אבער זיכער ניחא לי' להקב"ה דאס וואס ער האט זיך מגייר געווען.

און ווי גערעדט אין דער פדיעדדיקער התוועדות בארוכה[90] דעם ביאור אין דאס וואס ס'שטייט אין מדרש[91] "ישלם ה' פעלך גו' ותהי משכורתך שלמה מעם ה'[92] א"ר חסא אשר באת לחסות תחת כנפיו" - אז דער צווייטער האלב פון פסוק איז א ביאור אויף דעם וואס "ישלם ה' פעלך ותהי משכורתך שלמה" - "אשר (דערפאר וואס) באת לחסות תחת כנפיו", אע"פ אז זי איז אין דערויף ניט געווען מחוייב, איז דאך דערפון פארשטאנדיק, אז ניחא לי' להקב"ה דערפון וואס א גר איז זיך מגייר.

וואס ע"פ האמור לעיל (אז ווען ס'איז ניחא לי' לבעה"ב, דארף ער באצאלן סיי פארן שבח און סיי פאר די הוצאה) קומט אויס אז ס'איז ניטא קיין חידוש אין דעם וואס א גר באקומט שכר אויף דעם וואס ער האט גענומען אויף זיך אן ענין של צער אין וועלכן ער איז ניט געווען מחוייב ("לפום צערא אגרא") - ווארום ס'איז ניחא לי' להקב"ה.

און ווי מ'זעט אז נאך איידער "בן הא הא" האט מחדש

- געווען -

------------

89) ב"ק ק, ב. שו"ע חו"מ סש"ו ס"ג. 90) שיחה הנ"ל סמ"ג. 91) רות רבה פ"ה, ד. 92) רות ב, יב.

געווען אז "לפום צערא אגרא", שטייט שוין אין פסוק (און מבואר אין מדרש) אז ס'איז דא אן ענין של שכר אויף דעם וואס א גר איז זיך מגייר - "ישלם ה' פעלך ותהי משכורתך שלמה מעם ה' אשר באת לחסות תחת כנפיו"; און "בן הא הא" זאגט דאך ניט אז דאס איז דער פירוש פון פסוק, נאר ער זאגט דאס אלס א חידוש אין תושבע"פ.

איז ניט פארשטאנדיק: וואס איז דער חידוש אז א גר באקומט שכר אויף דעם וואס ער האט גענומען אויף זיך אן ענין של צער אין וועלכן ער איז ניט נצטווה געווארן ("לפום צערא אגרא") - עס איז דאך אן ענין וואס איז ניחא לי' להקב"ה?

ג. דערנאך קומט צו דער דיוק כללי - א "קלאץ קשיא" (כמדובר כמ"פ אז מנהג העולם ("עולם" מלשון העלם והסתר*) איז, אז אויף א "קלאץ קשיא" שטעלט מען זיך ניט):

ע"פ האמור לעיל אז דער ענין פון "לפום צערא אגרא" איז שייך ביי א גר דוקא - האט דאס געדארפט שטיין ניט אין מסכת אבות, נאר אין מסכת גרים (וואס דארטן רעדט זיך וועגן הלכות וואס זיינען פארבונדן מיט גרים)?

און וויבאלד אז מ'האט דאס ארייינגעשטעלט אין מסכת אבות, און נאך אין דעם סיום וחותם פון מסכת אבות - איז פארשטאנדיק, אז דאס איז אויך שייך צו א אידן וואס איז מלכתחלה געבארן געווארן אלס בן אברהם יצחק ויעקב, און ער האט ניט קיין שייכות צו גרים.

עאכו"כ לויט דעם כלל* (וואס מ'האט דערמאנט אין דער פריערדיקער התוועדות*) אז "התורה על הרוב תדבר" - זעט מען דאך בפשטות אז צווישן בנ"י בכל דור ודור זיינען די גרים מערניט ווי א מיעוטא דמיעוטא,

[און די וואס ווילן זיך ניט פארלאזן אויף דעם וואס מ'זעט בפשטות - געפינט מען אין חסידות אז דער מיטעלער רבי* פרעגט אויף דעם מארז"ל* "לא הגלה הקב"ה את ישראל לבין האומות אלא כדי שיתוספו עליהם גרים" - היתכן אז אלע אידן זאלן זיך געפינען אין גלות צוליב א מספר מועט ביותר פון גרים וואס זיינען צוגעקומען במשך פון אלע דורות],

מוז מען דאך זאגן אז וויבאלד "התורה על הרוב תדבר", איז דער ענין פון "לפום צערא אגרא" נוגע אויך צו אידן

- וואס -

------------

93) לקו"ת שלח לז, ד. ובכ"מ. 94) מו"נ ח"ג פל"ד.
95) הנ"ל - סו"ס לד. 96) הו"ח חיי שרה קכא, סע"ב ואילך.
97) פסחים פז, ב.

וואס זיינען ניט קיין גרים, וויבאלד אז זיי זיינען דער רוב צווישן אידן; דער ענין איז טאקע נתגלה געווארן דורך א גר, דאס האט אבער א שייכות אויך צו אידן וואס זיינען ניט קיין גרים.

ובפרט ע"פ המדובר לעיל (סס"ז) אז אין תורה זיינען אלע פרטים בדיוק - מוז מען דאך זאגן אז צו וועמען מ'האט געגעבן די תורה איז אויך בדיוק;

און מ'זאגט דאך[98] אז די גאנצע תורה איז געגעבן געווארן צו יעדער אידן באזונדער, וואס דערפאר שטייט[99] "אנכי ה' אלקיך" - לשון יחיד; און דעם אידן, וואס ער איז בן אברהם יצחק ויעקב (ניט קיין גר), האט מען געגעבן כל התורה כולה, כולל אויך די הוראה פון "הפך בה והפך בה", און "לפום צערא אגרא".

כא. והביאור בזה (עכ"פ בקיצור):

דער חילוק צווישן א אידן מיט א גר איז - אז ווען א איד טוט א גוטע זאך, איז ניט שייך צו זאגן אז ער האט משנה געווען דערפון וואס ער איז נצטווה געווארן (סיידן ווען ער טוט א זאך וואס איז היפך רצון ה'), ווארום אפי' ווען ער טוט אן ענין וואס איז לפנים משורת הדין - זיינען דאך דא לימודים וואס מ'לערנט אפ פון פסוקים אז עס דארף זיין די הנהגה אין אן אופן פון לפנים משורת הדין[100], "למען תלך בדרך טובים וגו'"[101], און "ועשית הישר והטוב"[102].

און ווי מ'זעט אז נאך אין דעם זמן ווען ס'איז געווען נס חנוכה (וואס לויט סדר הדורות איז דאס א סאך צייט איידער ס'זיינען געווען "בן הא הא" און "בן בג בג") - איז שוין געווען דער ענין פון "מהדרין מן המהדרין"[103], ניט נאר אן ענין של הידור, נאר "מהדרין מן המהדרין".

משא"כ אבער ווען א גר איז זיך מגייר, "אשר באת לחסות תחת כנפיו" (תחת כנפי השכינה) - האט ער משנה געווען פון דער שליחות און אומנות וועלכע מ'האט אים געגעבן.

און דער דין איז דאך אז ווען דער אומן איז משנה דערפון וואס דער בעה"ב האט אים געהייסן, איז ידו על התחתונה, און ער באקומט ניט קיין שכר פאר זיין עבודה -

און דאס איז דער חידוש פון "לפום צערא אגרא" - אז

- אע"פ -

---

98) יל"ש יתרו רמז רפו. 99) יתרו כ, ב. 100) ב"מ ל, ב. וש"נ. 101) משלי ב, כ. ב"מ פג, א ובפרש"י שם ד"ה בדרך טובים. 102) ואתחנן ו, יח. 103) שבת כא, ב.

אע"פ אז דער גר האט משנה געווען רערפון וואס מ'האט אים געהייסן טאן, אעפ"כ באקומט ער שכר פאר זיין טרחא און צער וואס ער האט געהאט אין דערויף.

און אע"פ אז ווען ס'איז ניחא לי' לבעה"ב, דארף איס דער בעה"ב באצאלן דעם שכר, און ס'איז דאך זיכער ניחא לי' להקב"ה דאס וואס ער האט זיך מגייר געווען - איז דער ביאור בזה:

די גמרא[104] זאגט אז "קשים גרים לישראל כספחת", וואס איינער פון די טעמים אויף דערויף[105] איז, "לפי שאין בקיאין בדקדוקי מצוות וישראל למדין ממעשיהם", ד.ה. אז נוסף אויף דערויף וואס אין זייער קיום המצוות איז דא דער חסרון אז "אין בקיאין בדקדוקי מצוות", קומט נאך צו דער חסרון אז "ישראל למדין ממעשיהם".

[וארום מצד דעם חסרון הידיעה שלו, קען זיין אז ער איז ניט מקיים די מצוה אין אן אופן ווי מ'דארף איר מקיים זיין לכתחלה, און אמאל קען גאר זיין אז ביי אים פעלט אן ענין וואס איז אויך לעיכובא, ווארום יעדער מענטש טוט לפי ההרגל שלו, און דער גר איז אויסגעוואקסן געווארן ניט ווי א איד, און ווי די גמרא[106] זאגט אז א גר איז "סורו רע", וואס דער אפטייטש דערפון איז אז טבעו רע.

די גמרא[107] זאגט טאקע אז "גר שנתגייר כקטן שנולד דמי" - איז ער אבער געבארן געווארן מיט א טבע רע, און ניט קיין טבע רע ווי ס'איז ביי א אידן, נאר מיט א טבע רע ווי ס'איז ביי א ניט איד, ווי מ'זעט דאס אויך בפשטות].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אע"פ אז ס'איז ניחא לי' להקב"ה דער כללות ענין הגיור, אעפ"כ, וויבאלד אז דערנאך קומט ארויס דער ענין פון "קשים גרים לישראל כספחת", דערפאר וואס "אין בקיאין בדקדוקי מצוות וישראל למדין ממעשיהם", קומט אויס אז עס קומט ניט צו קיין שבח כלי (דער קיום המצוות) וואס איז ניחא לי' להקב"ה -

ובמילא בייט דאס אריין אין דעם גדר פון אן אומן וואס האט משנה געווען דערפון וואס דער בעה"ב האט אים געהייסן, וואס דעמולט איז דער דין אז ער דארף אים ניט באצאלן דעם שכר פאר זיין עבודה - וויבאלד אז ס'איז ניט צוגעקומען אין שבח כלי אן ענין וואס איז ניחא לי' לבעה"ב.

- און -

------------

104) יבמות מז, ב. נדה יג, ב. 105) תוד"ה קשים - יבמות שם. פרש"י ד"ה כספחת - נדה שם. 106) ב"כ נט, ב. 107) יבמות כב, א.

און אויף דערויף קומט דער חידוש פון "בן הא הא", אז "לפום צערא אגרא" - אז ס'איז דא אן ענין של שכר אויך אויף דעם צער אליין, אע"פ אז דורך דערויף איז ניט צוגעקומען אין שבח הכלי.

כב. דער ענין וואס א גר איז משנה דערפון וואס מ'האט אים געהייסן דורך דעם וואס ער איז זיך מגייר, איז דא בדוגמת זה אויך ביי א אידן (וואס דערפאר איז דער ענין פון "לפום צערא אגרא" שייך אויך צו א אידן וואס איז געבארן געווארן אלס א איד, ניט קיין גר). והביאור בזה:

וועגן דעם גדר פון חילול השם, זאגט די גמרא[108] אז רב האט געזאגט אז "אי שקילנא בישרא מטבחא ולא יהיבנא דמי לאלתר", איז דאס ביי אים אן ענין פון חילול השם. וואס דער ענין איז נאר ביי איינעם וואס איז אזוי ווי רב, משא"כ ביי אן אנדערן איז דאס א דבר הרגיל, און ס'איז ניט קיין ענין פון חילול השם.

און ס'איז פארשטאנדיק, אז ווען א איד שטעלט זיך ארייין אין דעם גדר פון רב (אז ביי אים זאל אזא ענין הייסן חילול השם) - נעמט ער אויף זיך אן ענין אויף וועלכן ער איז ניט נצטווה געווארן;

א איד איז מצווה ער זאל לערנען תורה בההמדה ושקידה, ביז וואנעט אז ער זאל דערגרייכן צו דער דרגא פון רב, און נאך העכער דערפון - ער איז אבער ניט מצווה אז ער מוז אנעמען דעם מינוי וועלכן רב האט גענומען (א ראש ב"ד, אדער א ראש ישיבה), וואס דעמולט נעמט ער אן אויף זיך די ההתחייבות אז זיין הנהגה זאל זיין אין אן אופן אז נעמען בשר און באצאלן שפעטער איז אן ענין פון חילול השם.

און ווען א איד נעמט אן אויף זיך אזא מינוי, און שטעלט זיך ארייין אין אזא הנהגה אז נעמען בשר און באצאלן שפעטער איז אן ענין פון חילול השם - האט ער משנה געווען דערפון וואס מ'האט אים געהייסן, ווארום ער האט גענומען אויף זיך אן ענין של צער נוסף [אז אפי' זייענדיק אן עני בתכלית, זאל ער ניט נכשל ווערן אין נעמען בשר און ניט באצאלן גלייך] אויף וועלכן ער איז ניט נצטווה געווארן.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז וויבאלד ער האט משנה געווען און גענומען אויף זיך אן ענין אין וועלכן ער איז ניט נצטווה געווארן - איז ע"פ דין קומט אים ניט קיין שכר, ווארום עס קען דאך זיין אז דערנאך וועט ער ניט מקיים זיין

- דעם -

------------

108) יומא פו, א.

דעם הידור (וואס ער האט געגומען אויף זיך) כדבעי, און דעמולט וועט דאס זיין אן ענין וואס איז נישט ניחא לי׳ להקב"ה.

און דאס איז דער חידוש פון "לפום צערא אגרא" - אז ס׳איז דא שכר אויף דעם וואס ער האט גענומען אויף זיך א צער נוסף אין וועלכן ער איז ניט נתחייב געווארן [נוסף אויפן שכר וואס ער באקומט אויף דעם וואס ער האט באווארנט אן ענין פון חילול השם], אע"פ אז עס קען זיין אז דערפון וועט ארויסקומען אן ענין וואס איז ניט ניחא לי׳ להקב"ה (אויב ער וועט ניט מקיים זיין דעם הידור כדבעי).

כג. עס איז אבער נאך אלץ ניט פארשטאנדיק:

ע"פ האמור לעיל קומט אויס אז דער ענין פון "לפום צערא אגרא" ביי א אידן, איז שייך נאר אין א פאל ווען א איד נעמט אן אויף זיך אזא אופן הנהגה ווי רב וכיו"ב;

עס איז דאך אבער דא דער כלל אז "התורה על הרוב תדבר", און בא רוב אידן איז ניטא דער אופן ההנהגה פון רב - וויפל רב׳ס זיינען דא בא אידן?! און וויפל רבנים זיינען דא בכלל בא אידן - דער סדר איז דאך אז איין רב האט א סאך בעלי-בתים [אויב עס וואלט געווען איין בעה"ב מיט א סאך רבנים - וואלט געווען אך-און-ווי סיי צום בעה"ב און סיי צו די רבנים] -

און וויבאלד אז דער רוב זיינען בעלי-בתים (ניט קיין רבנים) - דארף מען פארשטיין: וואו געפינט מען דעם ענין פון "לפום צערא אגרא" בא רוב אידן (ניט אזוינע אידן וועלכע זיינען שייך נעמען אויף זיך דעם אופן ההנהגה פון רב)?

כד. איז דער ביאור בזה:

יעדער איד איז מחוייב אין "הוכח תוכיח את עמיתך"[109], "אפילו מאה פעמים"[110] - און ווען ער איז מקיים דעם ציווי פון "הוכח תוכיח", דארף ער ראך באווייזן א לעבעדיקן ביישפיל ווי אזוי מ׳דארף זיך פירן, ווארום אויב יענער וועט זעהן אז דער וואס האט אים מוכיח געווען פירט זיך ניט ווי עס דארף צו זיין, וועט דאס שאטן נאכמער דערפון ווען ער וואלט ניט מקיים געווען דעם ציווי און וואלט אים ניט מוכיח געווען.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען ער דארף מקיים זיין דעם ציווי פון "הוכח תוכיח", איז דאס אן ענין וואס

- איז -

------------

109) קדושים יט, יז. 110) ב"מ לא, א.

איז פארבונדן מיט א צער נוסף, ווארום ער דארף באווייזן א לעבעדיקןביישפיל ווי אזוי מ'דארף זיך פירן.

און אע"פ אז ער איז מחוייב מקיים זיין דעם ציווי פון "הוכח תוכיח" [איז דאך דאס ניט קיין צער נוסף וואס ער נעמט אויף זיך אן עניין אין וועלכן ער איז ניט מחוייב] - איז אבער דא אן אופן וואס ער איז ניט מחוייב אין "הוכח תוכיח":

ווען ער זעט א אידן וואס אים פעלט עפעס אין קיום התומ"צ, איז ער מחוייב אין "הוכח תוכיח", עס איז אבער ניטא קיין חיוב ער זאל גיין זוכן אפשר איז דא א איד וואס אים פעלט עפעס אין קיום התומ"צ, כדי ער זאל אים מוכיח זיין אויף דערויף;

ווען עס רעדט זיך וועגן מצות תפילין, איז זונסיק אינדערפרי א איד מחוייב גיין זוכן תפילין, כדי ער זאל קענען מקיים זיין מצות תפילין - ער איז אבער ניט מחוייב גיין זוכן א אידן וואס אים פעלט אין קיום התומ"צ, כדי ער זאל קענען מקיים זיין די מצוה פון "הוכח תוכיח".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען ער איז פארקאכט אין דעם עניין פון "הוכח תוכיח" [ניט דערפאר וואס ער וויל יענעם מצער זיין, נאר מצד הטוב - דערפאר וואס יענער איז אים נוגע כנפשו, וויבאלד אז ס'דארף זיין "ואהבת לרעך כמוך"[111]] - ער איז ניט קיין רב און ניט קיין מלמד, און אעפ"כ זוכט ער א אידן וואס אים פעלט אין קיום התומ"צ און איז אים מוכיח -

האט ער משנה געווען פון תפקידו העיקרי [וואס תפקידו איז אז ווען ער געפינט (בדרך אראי) א אידן וואס אים פעלט אין קיום התומ"צ, דארף ער אים מוכיח זיין, אבער ניט גיין זוכן אפשר איז דא א איד וואס אים פעלט אין קיום התומ"צ], און האט גענומען אויף זיך א צער נוסף אויף וועלכן ער איז ניט נצטווה געווארן - און אויף דערויף איז דער חידוש פון "לפום צערא אגרא".

כה. ער"ז איז דער עניין פון "לפום צערא אגרא" שייך אין קיום מצות צדקה:

דער חיוב פון מצות צדקה איז - "פתוח תפתח"[112], ד.ה. אז ווען עס קומט צו אים אן עני און בעט ביי אים אן עניין של צדקה, איז ער אים מחוייב צו געבן, און ער דארף דאס געבן

- בסבר -

---

111) קדושים שם, יח. 112) ראה טו, ח.

בסבר פנים יפות (ווארום אויב ניט - איז דאס דער היפך הענין פון צדקה), ווי אפגע׳פסק׳נט אין שו"ע[113].

עס זיינען אבער דא אידן וואס גייען און זוכן עניים אויף צו מקיים זיין מצות צדקה - ותבוא עליהם ברכה, רערפאר וואס בימינו אלו איז עיקר המצוה ניט ווארטן ביז דער עני וועט זיך אפשעמען און וועט קומען בעטן, נאר מ׳דארף אליין זוכן אפשר איז דא א איד וואס דארף אנקומען אז מ׳זאל אים ארויסהעלפן.

מ׳קען אבער ניט זאגן אז זוכן אפשר איז דא א איד וואס דארף אנקומען צו זיין הילף - איז א חיוב גמור אזוי ווי אלע אנדערע חיובים;

ביי אן עשיר איז דאס זיין חיוב עיקרי - ווארום די גאנצע מציאות וואס ס׳איז דא אן עשיר איז, כדי אז דער עני זאל באקומען צרכיו,

ווי ס׳שטייט אין מדרש[114] אז ווען דוד המלך האט געפרעגט דעם אויבערשטן צוליב וואס דארף זיין די מציאות פון אן עשיר און אן עני האט אים דער אויבערשטער געענטפערט: "חסד ואמת מן ינצרוהו"[115] - אזוי ווי עס דארף זיין דער קיום ענין החסד בעולם, האט דער אויבערשטער באשאפן איינעם אלס אן עשיר, און איינעם אלס אן עני, כדי אז ס׳זאל מקוים ווערן דער ענין פון "חסד ואמת מן ינצרוהו" - איז דערפון פארשטאנדיק, אז די גאנצע מציאות פון דעם עשיר איז, אז דער עני זאל קענען האבן צרכיו.

אבער איינער וואס איז ניט קיין עשיר, נאר ע"ד הממוצע, עאכו"כ איינער וואס איז נאך נידעריקער דערפון רח"ל - איז מצד "מילי דחסידותא" איז טאקע אן ענין ער זאל זוכן אפשר איז דא ערגעץ-דווא׳ אן עני וועלכן ער קען ארויסהעלפן - דאס איז אבער א חיוב נוסף וואס ער נעמט אויף זיך אן ענין אין וועלכן ער איז ניט מחוייב; און אויף דערויף איז דער חידוש אז "לפום צערא אגרא".

כו. עד"ז איז דאך ידוע דער סיפור וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו האט דערציילט[116] וועגן דער הנהגה פון זיין פאטער, דער רבי נ"ע, אז בכל ר"ה האט ער גענומען אויף זיך א נייעס הידור און א נייעס מנהג וכו׳, וואס פריער האט ער ניט מהדר געווען בזה.

- ו[וואס] -

------------

113) יו"ד סרמ"ט ס"ג. 114) תנחומא משפטים ט. 115) תהלים סא, ח. 116) ספר המנהגים ריש ע׳ 56. וראה לקו"ש ח"ב ע׳ 386.

[וואס אע"פ אז די הנהגה איז געווען ביים רבי'ן נ"ע, אעפ"כ, וויבאלד אז כ"ק מו"ח אדמו"ר האט דאס דערציילט צו די הערער, איז פארשטאנדיק, אז דאס האט א שייכות אויך צו אנשים כערכנו].

וואס וויבאלד אז ער האט גענומען אויף זיך א נייעס הידור וואס ער האט פריער ניט געטאן, איז דערפון גופא די הוכחה אז דאס איז אן ענין אין וועלכן ער איז ניט מחוייב;

און ווען ער נעמט אן אויף זיך דעם ענין, און איז זיך אזוי נוהג שלשה פעמים, און זאגט ניט קיין בלי-נדר - ווערט דאס גאר אן ענין אויף וועלכן מ'דארף טראכטן וועגן מתיר נדר זיין[118].

וואס דער ענין אז מ'זאל אנעמען אויף זיך א הידור אין וועלכן מ'איז ניט מחוייב, און דאס טאן שלשה פעמים, איז אן ענין וואס איז שייך בא רובם ככולם פון אידן - איז פארשטאנ-דיק, אז בא יעדער אידן און ביי אלע אידן איז שייך דער ענין פון "לפום צערא אגרא" - אן ענין של שכר אויף דעם וואס ער האט גענומען אויף זיך א צער נוסף אין וועלכן ער איז ניט געווען מחוייב.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז אע"פ אז דעם ענין פון "לפום צערא אגרא" האט מגלה געווען א גר, דערפאר וואס ביי אים איז דאס אן ענין עיקרי בנוגע צו זיין גאנצע מציאות (כנ"ל בארוכה) - איז אבער דער ענין אויך שייך ביי א אידן וואס איז געבארן געווארן מלכתחלה אלס א איד, ניט קיין גר.

כז. עס איז אבער נאך אלץ ניט פארשטאנדיק:

כ'האט גערעדט ככ"פ[119] וועגן דעם דיוק - אויף וועלכן דער חיד"א[119] שטעלט זיך - אין לשון חז"ל בכ"כ "גר שנתגייר", אז לכאו' האט געדארפט זיין דער לשון "גוי שנתגייר" (אזוי ווי מ'זאגט קטן שהגדיל, שפחה שנשתחררה וכיו"ב)?

וואס דער ביאור אין דערויף איז: עס איז ניט שייך קיין מציאות אז א גוי זאל זיך מגייר זיין; ווען איינער איז זיך מגייר, איז דאס אין אן אופן פון "גר שנתגייר" - ער איז מלכתחלה געבארן געווארן אלס א גר, נאר פריער איז דאס ביי אים געווען בהעלם, און ווען ער איז זיך מגייר בפועל, ווערן ביי אים בגלוי אלע ענינים וואס זיינען פאר-בונדן מיט א גר.

- וואס -

---

117) ראה שער הכולל פכ"א סק"ג. 118) ראה לקו"ש ח"י ס"ע 89 הע' 41. 119) בס' מדבר קדמות מע' ג' אות ג'.

וואס עפ"ז קומט אויס אז ווען ער איז זיך מגייר, האט ער נים משנה געווען דעם תפקיד ושליחות וואס מ'האט אים געגעבן (ווארום ער איז געבארן געווארן אלס א גר) - איז לכאו', נימא דער חילוק הנ"ל (סכ"א) צווישן א אידן מיט א גר, אז א איד איז נים משנה פון זיין תפקיד, און א גר איז יע משנה פון זיין תפקיד -

איז נים פארשטאנדיק: וואס איז די שייכות פון דעם מאמר "לפום צערא אגרא" מיט א גר דוקא?

כח. איז דער ביאור בזה:

דער דיוק פון דעם חיד"א, איז טאקע מרומז אין לשון חז"ל אין נגלה, אבער אין הלכה איז נימא אזא ענין;

אין גדרים פון הלכה איז נימא קיין חילוק צווישן א גוי (ווען ער איז נאך א גוי - איידער ער האט זיך מגייר געווען) וואס איז זיך דערנאך מגייר, מיט א גוי וואס איז זיך נים מגייר.

ואדרבה - אין גדרים פון הלכה געפינט מען אן ענין הפכי דערפון וואס דער חיד"א זאגט:

דער חיד"א איז מבאר אז ביי א גר זאגט מען "גר שנתגייר", און ביי א קטן זאגט מען קטן שהגדיל, ד.ה. אז איידער ער איז זיך מגייר איז ער שוין א גר, משא"כ א קטן שהגדיל, וואס פריער איז ער געווען א קטן, און דערנאך ווערט ער נשתנה און ווערט א גדול.

און אין הלכה געפינט מען דעם היפך דערפון: דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין שו"ע שלו[120] אז א איד דארף תשובה טאן אויף די ענינים וואס ער האט געטאן בקטנותו, אע"פ אז דעמולט איז ער אין דערויף נים געווען מחוייב; מ'געפינט אבער נים אז א גר זאל דארפן תשובה טאן אויף די ענינים וואס ער האט געטאן איידער ער האט זיך מגייר געווען -

וואס דערפון זעט מען דאך אז ביי א גר, איז דער זמן שלפני הגירות אינגאנצן נים פארבונדן מיטן זמן שלאחרי הגירות (אז מ'זאל זאגן אז איידער ער איז נתגייר געווארן איז ער שוין געווען א גר), וואס דערפאר דארף ער נים תשובה טאן אויף די ענינים וואס ער האט געטאן קודם שנתגייר; משא"כ ביי א קטן שהגדיל, וואס דער זמן הקטנות איז פאר-בונדן מיטן זמן לאחרי שהגדיל, ביז וואנעט אז ער דארף תשובה טאן אויף די ענינים וואס ער האט געטאן בקטנותו.

- און -

------------

120) או"ח סשמ"ג ס"א.

און וויבאלד אז אין הלכה איז ניטא דער גדר הנ"ל (אז איידער ער איז זיך מגייר איז ער שוין א גר), איז פארשטאנ-דיק אז ווען ער איז זיך מגייר, האט ער משנה געווען פון זיין תפקיד ושליחות, און דערפאר איז ביי אים דא דער חידוש פון "לפום צערא אגרא" (כנ"ל סכ"א).

כט. דער ביאור איז אבער ניט מספיק - ווארום:

אע"פ אז ס'איז דא א באזונדער סדר הלימוד מיט באזונדערע כללים אין נגלה דתורה, און א באזונדער סדר הלימוד מיט באזונדערע כללים אין די תלקים פון רמז, דרוש און סוד שבתורה -

קען אבער ניט זיין אז לויט חלק הסוד שבתורה (וואס דארפן איז דא דער דיוק פון דעם תיד"א אין דעם לשון "גר שנתגייר") זאל ניט זיין קיין ביאור אין דעם מאמר "לפום צערא אגרא" - וואס איז דער קשר דערפון מיט א גר דוקא.

איז דער ביאור בזה:

מה-דאך אז ביי א אידן, בן אברהם יצחק ויעקב, איז שייך דער ענין וואס ער נעמט אן אויף זיך א הידור נוסף (א מנהג חדש בכל ר"ה, וכיו"ב) און חיובים נוספים אין וועלכע ער איז ניט מחוייב (כנ"ל סכ"ו) - איז עאכו"כ בנוגע צו א גר, אז אפי' לויטן ביאור פון דעם חיד"א, איז אויך שייך צו זאגן אז ער נעמט אן אויף זיך חיובים נוספים אין וועלכע ער איז נצטווה געווארן - און דערפאר קען מען זאגן דעם חידוש פון "לפום צערא אגרא".

ל. דער ביאור אין דעם סדר פון דער משנה - אז פריער דארף שטיין דער מאמר "הפך בה והפך בה כו'", און ערשט דערנאך דער מאמר "לפום צערא אגרא":

דער ענין פון "הפך בה והפך בה כו'", איז פארבונדן מיט לימוד התורה, און דער ענין פון "לפום צערא אגרא", איז פארבונדן (בעיקר) מיט קיום המצוות [ס'איז טאקע דא שכר אויך אויף לימוד ההורה ("אם בחוקותי תלכו" - "שתהיו עמלים בתורה"[121]), אבער עיקר ענין השכר איז אויף דעם ענין פון קיום המצוות ("ואת מצותי תשמרו"[122])].

און וויבאלד אז דער סדר איז, אז פריער איז דא דער ענין פון לימוד התורה, און ערשט דערנאך קען קומען דער ענין פון קיום המצווה (וויבאלד אז "גדול תלמוד שמביא לידי מעשה"),

- ובפרט -

---

121) בחוקותי כו, ג. תו"כ הובא בפרש"י עה"פ.
122) בחוקותי שם.

ובפרט ווען עס רעדט זיך וועגן קיום המצוות אין אן אופן פון "מילי דחסידותא" - איז דאך דא דער כלל (וואס שטייט אין מסכת אבות[123]) אז "לא ע"ה חסיד", עס מוז פריער זיין דער ענין פון לימוד התורה -

איז דערפאר דער סדר אין משנה פריער דער ענין פון "הפך בה והפך בה כו'" - דער ענין פון לימוד התורה, און ערשט דערנאך "לפום צערא אגרא" - דער ענין פון קיום המצוות.

לא. דער ביאור השייכות פון דעם מאמר "הפך בה והפך בה" מיט "בן בג בג", און די שייכות פון דעם מאמר "לפום צערא אגרא" מיט "בן הא הא":

לימוד התורה איז אין אן אופן אז עס זיינען דא סברות לכאן וסברות לכאן, מ"ט פנים לכאן און מ"ט פנים לכאן[124], וואס "אלו ואלו דברי אלקים חיים"[125], און דערנאך דארף מען ערשט ארויסקריגן די מסקנא און פס"ד בנוגע להלכה בפועל - מ'זאל וויסן אז "הלכה כמותו"[126].

ד.ה. אז אין תורה איז דער פס"ד בנוגע למעשה בפועל ניט בגלוי - אויף דערויף דארף מען אנקומען צום ענין ההלכות, וואס דארטן שטייט שוין דער פס"ד בנוגע לפועל בגלוי, וואס דאס איז דער אויפטו פון הושבע"פ, און אין תושבע"פ גופא - דער ענין ההלכות, אז דארטן שטייט דער רצון העליון (דער פס"ד בנוגע למעשה בפועל) בגלוי, כמבואר אין אגה"ק[127] (וואס מ'האט דערמאנט אין דעם פריערדיקן מאמר[128], וואס דארטן רעדט זיך וועגן די תר"ך עמודי אור).

וואס דערפון איז פארשטאנדיק דער חילוק הכללי צווישן תורה מיט מצוות - אז אין תורה שטייט די מסקנא און פס"ד בנוגע לפועל אין אן אופן פון שקו"ט, "הפך בה והפך בה", און ס'איז ניט בגלוי, משא"כ אין מצוה, וואס ענינם איז - די מסקנא און פס"ד אין מעשה בפועל, וואס דארטן שטייט דאס שוין אין אן אופן גלוי.

עפ"ז וועט מען פארשטיין די שייכות פון דעם נאמען פון בעל המאמר מיטן מאמר:

ווען ס'רעדט זיך וועגן דעם ענין פון מצוה, "לפום צערא אגרא" - ברענגט מען דעם נאמען "בן הא הא". וואס אין דעם נאמען איז אנגעצייכנט בגלוי אז דאס איז א גר -

- ווייבאלד -

------------

123) אבות פ"ב מ"ה. 124) ראה ירושלמי סנהדרין פ"ד ה"ב. ועוד. 125) עירובין יג, ב. 126) ראה סנהדרין צג, ב. 127) סכ"ס (קנ, ב ואילך). 128) ד"ה באתי לגני דיו"ד שבט.

וויבאלד אז כללות ענין המצוות איז, אז דארטן שטייט בגלוי די מסקנא און פס"ד אין מעשה בפועל.

משא"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן דעם ענין פון תורה, "הפך בה והפך בה" - ברענגט מען דעם נאמען "בן בג בג", וואס אין דעם נאמען שטייט דער ה"א ניט בגלוי, מערניט ווי אין אן אופן של גימטריא וואס מ'דארף אויסרעכענען - וויבאלד אז אין תורה איז די מסקנא און פס"ד ניט בגלוי, און ווען מ'וויל וויסן ווי אזוי עס דארף זיין דער מעשה בפועל, דארף פריער זיין דער "הפך בה והפך בה", און דערנאך דארף ער האבן א ברכה ער זאל זוכה זיין לאסוקי שמעתא אליבא דהלכתא.

לב. דער ביאור אין דעם וואס דער נאמען "בן בג בג" (וואס איז בגימט' ה"א) איז אין דעם צירוף פון "בג" דוקא, און ניט אין דעם צירוף פון "גב", אדער דער צירוף פון די אותיות אל"ף און דל"ת:

עס ווערט געבראכט אין אחרונים (אין ספר המעריך[129] וכיו"ב) אז "בג בג" איז ר"ת: בן גר בן גיורת.

וכמדובר כמ"פ אז דער ענין פון ר"ת איז א דרך הלימוד אין תורה, אפי' בנוגע צו סימני הלכות און הלכות, ווי מ'געפינט דאס א ריבוי פעמים.

און דערפאר בשעת מ'האט געוואלט אויסטיילן זיין נאמען פון "בן הא הא" (כדי מ'זאל וויסן וועמען מ'מיינט), און מ'האט געוואלט אז דער נאמען זאל זיין אין אן אופן וואס איז קרוב יותר צום תוכן פון "בן הא הא" (וואו דער ה"א (דער רמז אויף ענין הגירות) שטייט בגלוי) - האט מען אויס-געשטעלט די גימט' פון ה"א אין אן אופן אז ס'זאל אויך זיין א ר"ת פון בן גר בן גיורת.

לג. עפ"ז קען מען אויך מבאר זיין (להידודי עכ"פ) די צוויי גירסאות - "בן בג בג" (און "בן הא הא") אין צוויי ווערטער, און "בן בגבג" (און "בן האהא") אין איין ווארט:

ווען מ'זאגט "בן בגבג" (בן גר בן גיורת) אין איין ווארט, איז דער טייטש דערפון, אז סיי דער פאטער און סיי די מוטער זיינען געווען גרים, און דערפאר שטייט "בגבג" אין איין ווארט - וויבאלד אז דער פאטער און די מוטער (דער גר און גיורת) זיינען געווארן אין אן אופן פון "והיו לבשר אחד"[130], איין ווארט.

- עס -

------------

129) הובא בסדה"ד ערך בן בג בג. 130) ל' הכתוב - בראשית ב, כד.

עס קען דאך אבער זיין אז ער זאל זיין א בן גר און בן גיורת, ער שטאמט פון גרים, אבער ניט אז סיי דער פאטער און סיי די מוטער זיינען גרים: א גר האט חתונה געהאט מיט א בת ישראל, און דער זון וואס איז פון זיי געבארן געווארן האט חתונה געהאט מיט א גיורת -

וואס דעמולט קומט אויס אז דער קינד וואס איז געבארן געווארן, איז טאקע א בן גר און בן גיורת, דאס זיינען אבער א גר מיט א גיורת פון צוויי באזונדערע דורות (ניט קיין גר און גיורת פון איין דור וואס האבן חתונה געהאט צוזאמען) - און דערפאר שטייט דאס אין צוויי באזונדערע ווערטער - "בן בג בג", וויבאלד אז דער גר און די גיורת זיינען פון צוויי באזונדערע דורות.

ועד"ז אויך בנוגע צו די צוויי גירסאות - "בן הא הא" און "בן האהא":

די צוויי מאל ה"א באווייזן אויפן ה"א פון אברהם און אויפן ה"א פון שרה, וואס "אברהם מגייר את האנשים ושרה מגיירת הנשים"[131] - איז דער וואס האלט אז דער גר און גיורת (פון וועלכע ער איז געבארן געווארן) זיינען געווען אין איין דור, איז ער גורס "בן האהא" אין איין ווארט, ווארום זיי זיינען געווארן אין אן אופן פון "והיו לבשר אחד"; און דער וואס האלט אז זיי זיינען געווען אין צוויי באזונדערע דורות, איז ער גורס "בן הא הא" אין צוויי באזונדערע ווערטער.

לד. ע"פ האמור לעיל ווערן פארענטפערט אלע דיוקים האמורים, און דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו אלע איבעריקע דיוקים וואס זיינען דא בענין זה.

כולל אויך דעם דיוק וועגן וועלכן מ'האט גערעדט פריער[132] אז דער סיום פון מסכת אבות איז "לפום צערא אגרא", און ניט אז דער סיום איז מערניט ווי כדי לסיים בדבר טוב -

ווי געבראכט די ראי' דערצו פון די משניות פון רמב"ם, וואס דארטן שטייט ניט די משנה פון "בן חמש שנים למקרא כו' בן מאה כו'", דארטן ענדיקט זיך מיט דער משנה פון "ותן חלקנו בתורתך ועם עושי רצונך". און אעפ"כ איז דער סיום המסכת "לפום צערא אגרא" - ניט דערפאר וואס מ'דארף מסיים זיין בדבר טוב (ווארום לולא זאת איז מען אויך מסיים בדבר טוב), נאר דערפאר וואס דאס איז דער סדר המסכת.

- לה. -

------------

131) פרש"י עה"פ לך יב, ה. 132) שיחה הנ"ל סל"א.

לה. ויה"ר אז בקרוב ממש זאל זיין די גאולה האמיתית והשלימה - ווי עס שטייט אין זהר פ' כי תצא[133] אז ס'איז דא דער סדר אז די גאולה קומט ע"י רחמים, און ס'איז דא דער סדר אז די גאולה קומט ע"י צער ח"ו, און דערנאך קומט גלייך דער ענין פון רחמים, "ברחמים גדולים אקבצך"[134], וואס דעמולט איז דאס אין אן אופן פון "לפום צערא אגרא" - ויה"ר אז ס'זאל זיין בעגלא דידן, למטה מעשרה טפחים.

וואס בנוגע צו דעם ענין הצער - האט מען שוין יוצא געווען מיטן צער וואס איז געווען ביז איצטער, ובפרט לויט ווי דער מיטעלער רבי פסק'נט אפ אין שער התשובה שלו[135], אז לאחרי די גזירות וואס זיינען געווען, דארפן מערניט זיין קיינע גזירות ח"ו;

איז וויבאלד אז דער "לפום צערא" איז שוין געווען - דארף איצטער זיין דער "אגרא", ווארום ס'איז דאך דא דער ציווי (אין וועלכן דער אויבערשטער איז אויך מחוייב[136]) "ביומו תתן שכרו"[137] - דארף מען דאס האבן נאך אין דעם סיום פון זמן העבודה, אין עקבתא דמשיחא,

ובפרט אז עס דארף זיין דער ענין פון "טועמי' חיים זכו"[138], וכמדובר כמ"פ דאס וואס דער אלטער רבי פסק'נט אפ אין שו"ע[139], אז בערב שבת דארף מען טועם זיין מכל תבשיל ותבשיל.

און מקבל זיין פני שבת מלכתא - משיח צדקנו - נאך אין ימות החול, אנהויבנדיק פון דעם זונטיק פון פרשת יתרו (פרשת מ"ת), בביאת משיח צדקנו,

און אין אן אופן פון "מיד הן נגאלין"[140], אפי' ביינאכטס[141], יעדער טאג, זונטיק וכו' - ווי גערעדט פריער בארוכה[142] די הוכחה אויף דערויף וואס משיח קען קומען יעדער טאג, פון דעם דין[143] אז אויב איינער זאגט "הריני נזיר ביום שבן דוד בא", איז אויב ס'איז נאר אין ימות החול, ווערט ער גלייך א נזיר.

און ס'זאל זיין דער "מיד הן נגאלין", בעגלא דידן, ולמטה מעשרה טפחים, ובטוב הנראה והנגלה, ע"י משיח צדקנו, בקרוב ממש.

* * *

- לו. -

---

133) רעז, א. 134) ישעי' נד, ז. 135) ח"ב ה, ב. 136) ראה שמו"ר פ"ל, ט. 137) תצא כד, טו. 138) ראה לקו"ש וישלח-י"ט כסלו תשל"ז ס"ב. וש"נ. 139) או"ח סר"נ ס"ח. 140) רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ה. 141) ראה לקו"ש ח"א ע' 272. 142) שיחת מוצאי ש"פ וארא ס"נ. 143) עירובין מג, סע"א ואילך. רמב"ם הל' נזירות פ"ד הי"א.

לו. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה היושבת בגנים.

* * *

לז. ס׳איז דאך רגיל צו לערנען א פסוק פון פרשת השבוע מיט פירוש רש"י, און אויך אן ענין אין די הערות אויפן זהר.

אין פרשת השבוע איז דאך דא די פרשה פון דער שירה - וואס דאס איז דער צווייטער נאמען פון דעם שבת - "שבת שירה".

וואס בהמשך להאמור לעיל אז די התוועדות איז פארבונדן מיטן יום ההילולא פון יו"ד שבט - האט דאס א שייכות מיוחדת מיט דער שירה, ווי דערמאנט אין דער פריערדיקער התוועדות[144] אז דער שיעור חומש היומי פון יום ההילולא (לויט די תקנה וואס דער בעל ההילולא האט מפרסם געווען) איז די פרשה פון דער שירה.

לח. אין דערויף קומט נאך צו די שייכות פון דער שירה מיט דעם ענין פון תחיית המתים:

גלייך בתחלת השירה שטייט: "אז ישיר משה ובנ"י גו׳"[145], זאגט אויף דערויף די גמרא[146]: "שר לא נאמר אלא ישיר, מכאן לתחיית המתים מן התורה", ד.ה. אז נאך דערויף וואס ס׳וועט זיין "הקיצו ורננו שוכני עפר", וועט זיין דער "ישיר (לשון עתיד) משה ובנ"י גו׳".

און דערביי זאגט מען "ישיר משה <u>ובנ"י</u>" - אז אזוי ווי בנוגע צו משה מיינט מען משה רבינו כפשוטו, א נשמה בגופו של משה רבינו, אזוי איז אויך בנוגע צו בנ"י, אז מ׳מיינט די אידן פון דור המדבר, וואָרום עס וועט זיין דעד "הקיצו ורננו שוכני עפר" בא כל אחד ואחת מישראל, וויבאלד אז "כל ישראל יש להם חלק לעוה"ב"[147] - וואס אין דער זעלבער סוגיא בדענגט מען אויך די ראי׳ אויף דעם ענין פון תחיית המתים פון דעם פסוק "אז ישיר משה ובני ישראל".

לט. דער סיום פון דער סדרה איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון תחיית המתים וואס וועט זיין לעתיד לבוא:

אין סיום הסדרה שטייט "מדור דור", וואס דאס גייט אויף דרא דמלכא משיחא, דער דור וואס וועט זיין נאך דער גאולה - ווי דער אפטייטש אין התרגום[148] "מדרא דעלמא דין ומדרא דמשיחא ומדרא דעלמא דאתי", וואס דעמולט וועט דאך זיין דער ענין פון התחיה המתים.

- מ. -

---

144) שיחה הנ"ל סמ"ט. 145) פרשתנו טו, א.
146) סנהדרין צא, ב. 147) שם ר"פ חלק. וראה השובות וביאורים ע׳ 31 הע׳ 5. 148) היב"ע עה"פ.

מ. און דער ענין פון תחיית המתים וואס וועט זיין לע"ל, ווערט שוין דערמאנט איצטער אין תורה -

וואס וויבאלד אז "התורה היא נצחית"[149], איז פארשטאנדיק, אז אזוי ווי די ענינים וואס שטייען אין תורה בנוגע צו עבר זיינען נצחיים בהוה און בעתיד, איז אזוי אויך בנוגע צו די ענינים וואס שטייען אין תורה אז זיי וועלן זיין בעתיד, אז וויבאלד ס'איז איינגעשטעלט געווארן אין תושב"כ, ווערט דאס אן ענין נצחי, אויך בהוה,

והראי' - אז מ'לערנט אויך איצטער די ענינים בתורה וואו עס רעדט זיך וועגן לע"ל, און מ'לערנט "הלכתא למשיחא"[150] וכו', און מ'מאכט אויף דערויף ברכת התורה - וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דאס איז אן ענין נצחי, אויך בהוה.

ובפרט לויטן פירוש הרמב"ם[151] (וואס מ'האט דערמאנט כמ"פ) אין "עולם הבא", אז דאס ווערט אנגערופן "עולם <u>הבא</u>" ניט דערפאר וואס איצטער איז ער ניט קיים, נאר דערפאר וואס ער קומט לאחרי עוה"ז, ד.ה. נאך דער עבודה פון קיום התומ"צ וואס איז אין עוה"ז.

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו די ענינים וואס תורה זאגט אז זיי וועלן זיין בעתיד, אז וויבאלד "התורה היא נצחית", זיינען די ענינים נצחיים אויך בהוה, ס'איז מערניט וואס תורה זאגט אז זיי קומען נאך די ענינים וואס שטייען אין תורה בלשון עבר און בלשון הוה, אבער די ענינים זיינען נצחיים אויך בהוה.

מא. האמור לעיל אז אויך די ענינים וואס שטייען אין תורה וועגן לע"ל, זיינען נצחיים אויך בנוגע להוה - איז אויך איינער פון די הסברים אויף אן ענין תמוה:

עס שטייט אין מדרז"ל[152] אז "אילו זכו" וואלט דער ענין פון "תביאמו ותיטעמו"[153] געווען תיכף ומיד ווי מ'איז ארויס-געגאנגען פון מצרים.

איז לכאו' ניט פארשטאנדיק: וויבאלד אז מצד הקב"ה איז געווען ראוי אז ס'זאל זיין גלייך דער "תביאמו ותיטעמו" - איז ווי קען זיין אז מצד דערויף וואס דער תחתון איז ניט קיין כלי דערצו (אדער אז ער איז נאך ניט אינגאנצן ראוי לזה), זאל זיין א עיכוב ביי דעם אויף וועלכן מ'זאגט "מי יאמר לך מה תעשה"[154], און "אם צדקת מה תתן לו גו'"[155]?!

- איז -

---

149) תניא רפי"ז. 150) ראה סנהדרין נא, ב. 151) הל' תשובה ספ"ח. 152) ראה ספרי עה"פ דברים א, ב. 153) פרשהנו שם, יז. 154) קהלת ח, ד. 155) איוב לה, ז.

איז דער ביאור בזה[156] - אז וויבאלד ס'שטייט אין תורה דער ענין פון "תביאמו ותיטעמו", איז דאס אן ענין נצחי וואס איז דא אויך בהוה, ד.ה. אז דער ענין האט זיך טאקע אויפגעטאן, ס'איז מערניט וואס למטה איז דאס ניט אראפגעקומען.

מב. און דאס איז אויך דער ביאור והסבר אויף דעם וואס ס'שטייט[157] אז דער אלטער רבי האט געזאגט, אז ביי רשב"י איז ניט געווען דער ענין החורבן -

וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: היתכן, ווי קען מען זאגן אזא זאך (ווי גערעדט וועגן דערויף כמ"פ בארוכה - און מ'דארף ניט האבן קיין אריכות אויף צו מבאר זיין די קושיא)?!

איז דער ביאור בזה - אז אמיתית המציאות פון רשב"י איז געווען אין דעם עולם וואס איז למעלה מן השבירה, און אין יענעם עולם איז ניטא דער ענין החורבן, ד.ה. אז דארטן שטייט דער ביהמ"ק אין אן אופן נצחי, אויך בהוה.

און ווי גערעדט אמאל בארוכה, אז דער ענין (אז אין עולמות העליונים איז דא דער ענין, נאר דאס קומט ניט אראפ דא למטה) קומט אראפ אויך אין הלכה בנוגע למעשה בפועל:

דער אלטער רבי איז מבאר אין הל' ת"ת[158], אז אפי' דער וואס איז א שכחן בטבעו, ער פארגעסט וואס ער לערנט, און ער האט דערצו ניט קיין עצה, אעפ"כ זאל ער לערנען, ווארום "לעתיד לבוא יזכירוהו כל לימודו ששכח מחמת אנסו",

און דערנאך איז ער מוסיף נאך אן ענין (וי"ל אז דאס איז דער עיקר): "וגם עתה הנה זאת השכחה[159] היא העולה למעלה עד כסא הכבוד ועד בכלל, אך לא למעלה מהכסא, כמ"ש כי אין שכחה לפני כסא כבודך", ער האט געלערנט איין מאל, בלייבט דאס דארטן אין אן אופן נצחי.

וואס דאס רעדט זיך וועגן לימוד התורה וואס מ'לערנט דא למטה, און אין אן אופן אז מצד די הגבלות פון דעם מוח פון לומד התורה, פארגעסט ער דאס וואס ער לערנט, און ער האט דערצו ניט קיין עצה - זאגט מען אים (ניט נאר אז "לעתיד לבוא יזכירוהו כל לימודו ששכח", נאר נאכמער:) אז דאס וואס ער פארגעסט, איז מערניט ווי אין דעם עולם, אין "תחתיים שניים שלישיים" (כלשון פון בעל ההילולא אין דער

- שיחה -

------------

156) ראה גם שיחת עשרה בטבת ש.ז. ס"ד. 157) פלח הרימון שמות ע' ז. 158) פ"ב סוס"י. 159) ראה לקו"ש ח"ד ע' 1097 הע' 34.

שיחה הידועה[160]), אבער "למעלה מהכסא" איז "אין שכחה לפני כסא כבודך" - דארטן בלייבט דאס אין אן אופן נצחי.

און דערפון איז אויך פארשטאנדיק, אז ווען עס רעדט זיך וועגן עולם האצילות, עולם האחדות, איז דארטן ניט שייך דער גאנצער ענין החורבן;

וואס אצילות איז דאך איינער פון די ד' עולמות, ביז וואנעט אז ער איז איינער פון די ד' שליבות אין דעם זעלבן סולם - עאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן די עולמות שלמעלה מעולם האצילות, וואס דארטן איז זיכער ניט שייך דער גאנצער ענין החורבן, ווארום דארטן שטייט אמיתית המציאות פון דעם ביהמ"ק.

מג. און דערפון איז פארשטאנדיק בנוגע צו "תביאמו ותיטעמו" - אז וויבאלד דאס שטייט אין תורה, איז דאס אן ענין וואס האט זיך אויפגעטאן, און ס'שטייט אין אן אופן נצחי אויך בהוה (ס'איז מערניט וואס למטה איז דאס ניט אראפגעקומען).

ועד"ז בנוגע צו דעם פסוק "תפול עליהם אימתה ופחד גו' עד יעבור עמך ה' עד יעבור עם זו קנית"[161] - אז אע"פ אז ס'שטייט בלשון עתיד,

ובפרט לויט ווי חסידות[162] טייטשט אפ, אז דאס גייט ניט אויף דעם וואס מ'איז אריבערגעגאנגען "ית ארנונא" און "ית ירדנא" - כפירוש התרגום, וואס רש"י צייכנט אויך צום פירוש התרגום, נאר אויף דעם ענין פון "בנהר יעברו ברגל"[163] וואס וועט זיין לע"ל[164],

איז וויבאלד אז די תורה איז נצחית, איז דאס אן ענין נצחי אויך בהוה - און איצטער דארף דאס שוין נתגלה ווערן דא למטה, כרגע און כהרף עין, דורך דערויף וואס מ'וועט מוסיף זיין אין די ענינים פון תומ"צ א מעשה אחד, דיבור אחד און מחשבה אחת, כפס"ד הרמב"ם.

מד. אין אונזער סדרה שטעלט זיך רש"י אויפן פסוק "תפול עליהם אימתה ופחד", און טייטשט אפ: "תפול עליהם אימתה" - "על הרחוקים", "ופחד" - "על הקרובים, כענין שנאמר[165] כי שמענו את אשר הוביש וגו'".

איז לכאו' ניט פארשטאנדיק:

- דער -

------------

160) לקו"ד כרך א כה, ב ואילך. סה"ש תש"ב ע' 75.
161) פרשתנו שם, טז. 162) תו"ח שמות רסד, א ואילך.
163) תהלים סו, ו. 164) תו"ח שם. 165) יהושע ב, י.

דער פסוק פון וועלכן רש"י ברענגט די ראי׳, "כי שמענו את אשר הוביש גו׳", רעדט זיך וועגן די וואס זיינען געווען אין - ארץ כנען [וועגן די שלוחים פון יהושע זיינען געווען בא רחב, האט זי זיי געזאגט "כי שמענו את אשר הוביש גו׳"].

און ארץ כנען גייט אריין אין דעם כלל פון די "רחוקים" - ווארום "תפול עליהם אימתה ופחד" האבן אידן געזאגט זייענ- דיק ביים ים סוף, ניט ווייט פון מצרים, וואס פון דארטן דארף מען גיין א מהלך רב ביז וואנעט מ׳קומט אן צום ירדן אויף אריינגיין אין ארץ כנען - קומט אויס אז ארץ כנען גייט אריין אין דעם כלל פון די "רחוקים".

איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס ברענגט רש"י די ראי׳ פון "כי שמענו את אשר הוביש גו׳" אויף זיין פירוש "ופחד - על הקרובים" - דער פסוק רעדט זיך דאך וועגן ארץ כנען, וואס גייט אריין אין דעם כלל פון די "רחוקים", האט רש"י געדארפט ברענגען די ראי׳ פון דעם פסוק אויף זיין פירוש "אימתה - על הרחוקים"?

מה. דערנאך איז דא די שאלה אויף כללות הענין:

אין דרך הפשט, איז ווען עס טרעפט א דבר בלתי רגיל וואס דארף מטיל זיין א פחד, איז צום אלעם ערשטן איז דאס מטיל פחד אויף די וואס זעהן דאס, און דערנאך איז דאס אויך מטיל פחד אויף די צו וועלכע עס דערגרייכט די שמועה אויף דעם דבר בלתי רגיל וואס עס האט געטראפן.

און אין דערויף גופא זיינען אויך דא חילוקים: פריער דערגרייכט די שמועה צו די "קרובים", און זיי ווערן דערפון דערשראקן, און ערשט דערנאך דערגרייכט דאס אויך צו די "רחוקים", און דעמולט ווערן זיי אויך דערשראקן.

ווען מ׳קומט אבער צום פסוק "תפול עליהם אימתה ופחד", טייטשט אפ רש"י: "אימתה - על הרחוקים" און "פחד - על הקרובים"; פריער "על הרחוקים" און ערשט דערנאך "על הקרובים"?!

אין מכילתא (עה"פ) שטייט טאקע "אימתה - על רחוקים, ופחד - על קרובים" - אבער כמדובר כמ"פ אז רש"י איז ניט מוכרח מעתיק זיין פונקט ווי ס׳שטייט אין מדרש, ווארום רש"י טייטשט אפ פשוטו של מקרא, אפי׳ ווען ס׳איז ניט מתאים מיט מדרשי חז"ל.

די קושיא איז נאך גרעסער:

אין מכילתא דרשב"י (עה"פ) שטייט "אימתה - על הקרובים, ופחד - על הרחוקים", זעט מען דאך אז אויך אין דרך הדרוש קען מען זאגן לויט ווי עס קומט אויס בפשטות (אז "אימתה -

- על -

הנחת הת׳ בלתי מוגה

על הקרובים", און ערשט דערנאך "ופחד - על הרחוקים") - האט דאך רש"י געקענט זאגן לויט ווי ס'איז פארשטאנדיק בפשטות אין פשש"מ, פארוואס האט ער אויסגעקליבן די גירסא אין מדרש "אימתה - על רחוקים, ופחד - על קרובים" וואס איז לכאו' ניט מתאים מיט פשוטו של מקרא?

מו. ווען מ'גיט א קוק אין מכילתא, זעט מען אז פאר די ראי' פון דעם פסוק "כי שמענו את אשר הוביש גו'" (וואס רש"י ברענגט), איז דא א ראי' פון א שפעטערדיקן פסוק אין יהושע[166] "ויהי כשמוע כל מלכי האמורי וגו'" (און ערשט דערנאך שטייט די ראי' פון דעם פסוק "כי שמענו את אשר הוביש גו'").

איז ניט פארשטאנדיק:

דערפון וואס רש"י ברענגט נאר די ראי' פון דעם פסוק "כי שמענו את אשר הוביש גו'", איז פארשטאנדיק, אז ע"פ פשש"מ איז גענוג די ראי' פון דעם פסוק אליין - איז צוליב וואס דארף די מכילתא ברענגען נאך א ראי'?

נאכמער: ניט נאר וואס אין מכילתא ברענגט מען נאך א ראי', נאר אין מכילתא איז די ערשטע ראי' (ניט פון דעם פסוק וואס רש"י ברענגט, נאר) פון דעם פסוק "ויהי כשמוע כל מלכי האמורי וגו'" - אע"פ אז דער פסוק "ויהי כשמוע גו'" שטייט נאך דעם פסוק "כי שמענו את אשר הוביש גו'"?

ווען מ'קוקט אין דעם פסוק "ויהי כשמוע כל מלכי האמורי וגו'" - ווערט די קושיא אויף דער מכילתא נאך שטארקער:

אין דעם פסוק "ויהי כשמוע כל מלכי האמורי גו'", שטייט "את אשר הוביש ה' את מי הירדן מפני בני ישראל"; דארט רעדט זיך ניט ווענן קריעת ים סוף, נאר ווענן "אשר הוביש ה' את מי הירדן" - און דערפאר ברענגט ניט רש"י די ראי' פון דעם פסוק, וויבאלד אז אין דעם פסוק רעדט זיך ניט וועגן דער "אימתה ופחד" וואס איז געווען מצד דעם ענין פון קריעת ים סוף (וואס וועגן דערויף רעדט זיך בפרשתנו).

וואס עפ"ז איז דאך די מכילתא אינגאנצן ניט פארשטאנדיק:

דער לימוד אין מכילתא איז טאקע ע"ד הדרוש, אבער אעפ"כ, ווי פאסט דאס (אפי' אין דרך הדרוש) אז מ'זאל ברענגען א ראי' אויף דעם ענין פון "תפול עליהם אימתה ופחד" וואס שטייט בא קרי"ס, דערפון וואס ס'שטייט "ויהי כשמוע כל מלכי האמורי . . את אשר הוביש ה' את מי הירדן . . וימס לבבם גו'"?!

- ובפרט -

------------

166) ה, א.

הנחת הת' בלתי מוגה

ובפרט נאך אז פאר דערויף שטייט דער פסוק (וואס רש"י ברענגט) "כי שמענו את אשר הוביש ה' את מי ים סוף . . ונשמע וימס לבבנו"!

מיט נאך כמה דיוקים - וכפי שיתבאר לקמן.

מז. בנוגע צו די הערות אויפן זהר - איז דא א הערה וואס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "לפום צערא אגרא":

אין די הערות[167] שטעלט ער זיך אויף דעם וואס ער זאגט אין זהר[168] "אשרי משכיל אל דל[169] כמה תקיפא אגרא דמסכנא קמי' קוב"ה" (וואס דאס איז דער זעלבער ענין פון "לפום צערא אגרא", נאר מיט אן אנדער לשון), און דערנאך איז ער ממשיך "א"ר חייא תווהנא על האי קרא דכתיב[170] כי שומע אל אביונים ה' וכי אל אביונים שומע ולא לאחרא", מיט אלע פרטים וואס ער איז מבאר אין דערויף.

און ער איז מבאר אין די הערות כמה פרטים אין דעם מאמר הזהר - ער איז אבער ניט מבאר התחלת המאמר "כמה תקיפא אגרא דמסכנא קמי' קוב"ה" - וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס עפעס איז "תקיפא אגרא דמסכנא קמי' קוב"ה"?

ווען מ'זאגט "לפום צערא אגרא", איז דער פירוש בזה, אז וויבאלד ער האט געהאט אן ענין של צער אין לימוד התורה וקיום המצוות, באקומט ער שכר אויך פאר דעם צער; דא שטייט אבער ניט אז וויבאלד דעם "מסכנא" (דעם עני) איז שווערער צו טאן די מצוה, דערפאר איז "תקיפא אגרא דמסכנא", נאר ס'שטייט אז מצד דערויף גופא וואס ער איז א "מסכנא", איז "תקיפא אגרא".

עס איז דא די גירסא פון דעם רח"ו (געבראכט אין אוה"ח[171]) "כמה תקיפא אגרא דמאן דיהיב למסכנא" - אבער אויף דער גירסא זאגט ער נאר אז "נלע"ד שצריך להגי' כו'", אבער פאר דערויף (אלס ערשטער פירוש) ברענגט ער און איז מבאר די גירסא "כמה תקיפא אגרא דמסכנא".

עאכו"כ לויט דעם רמ"ק[172] וואס ער ברענגט נאר איין גירסא - "כמה תקיפא אגרא דמסכנא".

ובפרט לויט ווי מפרשי הזהר[173] טייטשן אפ די ראי' פון דעם פסוק "אשרי משכיל אל דל" - אז "אשרי" איז דער ענין התענוג, דער ענין פון כתר, און "משכיל" איז דער שורש

- החכמה -

---

167) לקוטי לוי"צ לזח"ב ע' סב ואילך. 168) ח"ב סא, סע"א. 169) תהלים מא, ב. 170) שם סט, לד. 171) לזה"ב עג, ג. 172) אוה"ח שם. 173) רמ"ק - הובא באוה"ח שם.



הנחה הת' בלתי מוגה

החכמה, און די צוויי ענינים "אשרי משכיל", ווערן נמשך "אל דל" - וואס דערפון איז די ראי׳ אז "תקיפא אגרא דמסכנא קמי קוב"ה".

ד.ה. אז דאס וואס ער האט די המשכה פון "אשרי" און פון "משכיל", איז ניט דערפאר וואס ביי אים זיינען דא אנדערע ענינים, נאר מערניט דערפאר וואס ער איז א "דל".

דארף מען פארשטיין: פארוואס איז "תקיפא אגרא דמסכנא קמי׳ קוב"ה" מערניט דערפאר וואס ער איז אן עני?

וכמדובר כמ"פ אז מצד דערויף וואס ער האט געדארפט מצמצם זיין אין נייר און דיו, האט ער געשריבן און מבאר געווען נאר די ענינים הכי מוכרחים, און ער האט זיך פארלאזט אז די ענינים הפשוטים (עכ"פ בערכו) וועט מען אליין פארשטיין. וואס דערפאר האט ער ניט מבאר געווען דעם טעם פארוואס איז "תקיפא אגרא דמסכנא קמי׳ קוב"ה", אע"פ אז דאס איז די התחלה פון דעם גאנצן ענין.

וכפי שיתבאר לקמן.

מח. אזוי ווי מ׳רעדט שוין וועגן דעם ענין פון "אשרי" - איז כאן המקום צו פארענטפערן נאך א שאלה וואס מ׳האט געפרעגט:

ווען ס׳האט זיך גערעדט[174] וועגן דעם ענין אז מ׳דארף מסיים זיין בדבר טוב, האט מען געבראכט די ראי׳ לזה דערפון וואס אין פיר ספרים פון די כ"ד ספרים (ישעי׳, תרי עשר (מיכה), איכה און קהלת) ווערט איבערגע׳חזר׳ט איין פסוק צוויי מאל, כדי לסיים בדבר טוב[175], ועד"ז זעט מען אין כמה מסכתות פון ש"ס (אין מסכת נדה[176] וכיו"ב) אז מ׳חזר׳ט איבער נאכאמאל אן ענין וואס שטייט שוין פריער, כדי לסיים בדבר טוב.

האט מען געפרעגט אויף דערויף, אז לכאו׳ האט מען געקענט ברענגען די ראי׳ פון א משנה מפורשת אין סיום מסכת כלים, וואס דארטן שטייט "אשריך כלים שנכנסת בטומאה ויצאת בטהרה", וואס דערפון זעט מען אז מ׳דארף מסיים זיין בדבר טוב -

וואס בשעת ס׳רעדט זיך וועגן א משנה ("לפום צערא אגרא"), איז דאך בעסער ברענגען א ראי׳ פון א <u>משנה</u>, און ניט קיין ראי׳ פון די פיר ספרים פון די כ"ד ספרים, וואס

- דאס -

---

174) שיחה הנ"ל סל"א. 175) פרש"י איכה בסופו.
176) ראה תוד"ה תנא - סוף מס׳ נדה.

דאס איז אן ענין פון תושב"כ, און אויך ניט קיין ראי' פון סוגיות הש"ס?

איז דער ביאור בזה:

ווען מ'זאגט אז ס'איז דא דער חיוב פון מסיים זיין בדבר טוב, וויל מען דאך ארויסברענגען אז ס'איז א דבר המוכרח, ביז וואנעט אז צוליב דערויף חזר'ט מען איבער נאכאמאל אויף א פסוק וואס שטייט שוין פריער (אין פיר (מער פון דריי) ערטער אין תושב"כ), ועד"ז חזר'ט מען איבער א מארז"ל וואס שטייט שוין פריער אין תושבע"פ.

איז פארשטאנדיק, אז מ'קען ניט ברענגען קיין ראי' פון דער משנה "אשריך כלים שנכנסת בטומאה ויצאת בטהרה", ווארום "אשריך" באווייזט אויף אן ענין של אושר און תענוג [ע"ד ווי גערעדט פריער (סמ"ז) אז "אשרי" איז פארבונדן מיט דעם ענין התענוג, ספירת הכתר], איז דאך דאס גופא מדגיש אז דאס איז ניט קיין דבר הרגיל - און דא וויל מען דאך ברענגען א ראי' אז ס'איז א דבר המוכרח (ניט קיין ענין פון "אשריך") אז מ'זאל מסיים זיין בדבר טוב.

ואדרבה: דערפון קען מען גאר ברענגען א ראי' להיפך - אז דאס וואס "יצאת בטהרה" (א סיום בדבר טוב) איז אן ענין פון "אשריך", און ס'איז ניט קיין דבר המוכרח.

ונוסף לזה: אין מסכת כלים מוז זיין דער ענין פון "יצאת בטהרה", ווארום וויבאלד אז התחלת המסכת איז אין אן אופן פון "נכנסת בטומאה", איז אויב דער סיום וועט ניט זיין מיט אן ענין של טהרה, וועט דאך אויסקומען אז פון דער התחלה ביז צום סוף איז דאס אן ענין וואס איז ניט כדבעי;

דערפון איז אבער ניט קיין ראי' אז ווען עס רעדט זיך וועגן א מסכת אזוי ווי אבות וכיו"ב, וואס התחלת המסכת איז מיט אן ענין טוב - "משה קבל תורה מסיני וכו'", דארף מען מסיים זיין בדבר טוב, ווארום דא דארף מען ניט פאררעכטן די התחלה אזוי ווי אין מסכת כלים.

מט. אזוי ווי מ'רעדט וועגן מסכת אבות - איז כדאי לציין, אז ווען דער רמב"ם איז מבאר וואס איז ענינה פון מסכת אבות, זאגט ער אז מסכת אבות איז "מוסר הדיינין", אז אלע ענינים וואס שטייען אין מסכת אבות (אנהויבנדיק פון "הוו מתונים בדין כו'"[177]), זיינען נוגע בעיקר צו דיינים (און דערפאר קומט מסכת אבות בסמיכות צו מסכת סנהדרין און מכות).

- און -

------------

177) אבות פ"א מ"א.



הנחה הת' בלתי מוגה

[און מסכת אבות האט נאך א שייכות מיוחדת צו דעם ענין ההילולא פון א נשיא בישראל, וויבאלד אז ענינו פון א נשיא איז בדוגמא פון "משה קבל תורה מסיני", "משה שפיר קאמרת"[178], ער איז דער משה שבדורנו, ובפרט ע"פ המבואר אין אגה"ק[179]].

האמור לעיל אז מסכת אבות איז "מוסר הדיינין", האט אויך א שייכות מיוחדת מיט סיום המסכת "לפום צערא אגרא":

מ'האט גערעדט פריער אז דער ענין פון "לפום צערא אגרא" איז מודגש ביי א גר דוקא - וואס דער כללות הענין פון גיור, איז בדוגמת ענין הדין (וואס איז פארבונדן מיט דיינים), און א דין חמור ביותר.

והביאור בזה:

ווען א איד איז דן און משפט זיך און איז משנה טבעו און טוט ווי דער אויבערשטער וויל, איז דאס טאקע אן ענין של דין, ווארום ער דארף זיך דן זיין אז ער זאל מקיים זיין דאס וואס דער יצ"ט הייסט אים טאן, און זיך ניט צוהערן צום "מלך זקן וכסיל"[180], דער יצר וואס געפינט זיך אין חלל השמאלי - עס איז אבער פארשטאנדיק פארוואס ער טוט דאס, ווארום אזוי האט אים דער אויבערשטער אנגעזאגט.

אבער ווען א גר משפט זיך און איז זיך דן, און איז מחליט משנה זיין טבעו (וואס "סורו רע"), ער איז עוזב את אביו ואת אמו, און איז זיך מגייר,

[כידוע תשובת הרמב"ם צו ר' עובדי' גר צדק[181], וואס ער שרייבט אים דארטן זיין גרויסקייט - דאס וואס עזב את מולדתו און אלע אנדערע ענינים, און האט זיך מגייר געווען און איז געווארן א טייל פון עם ישראל],

נעמט ער אן אויף זיך דעם צער הכי גדול וואס קען נאר זיין, ד.ה. אז דער כללות ענין הגיור ווערט אויפגעטאן דורך דערויף וואס ער איז דן א דין חמור בעצמו, וואס דאס איז א סאך א שווערערער דין ווי דער דין וואס דארף זיין בא יעדער אידן ווען ער איז זיך דן אויף מקיים זיין דאס וואס דער אויבערשטער וויל.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק די שייכות פון דעם סיום מסכת אבות, "לפום צערא אגרא", וואס איז מודגש במיוחד בא

- גרים -

------------

178) שבת קא, ב. וראה פרש"י ד"ה משה - חולין צג, א. תו"א יתרו סח, ג. 179) סו"ס ז"ך. 180) קהלת ד, יג. וראה פרש"י עה"פ. זח"א קעט, סע"א. ועוד. 181) תשובות הרמב"ם (ירושלים תש"כ) כרך ב סרצ"ג.

גרים, צו כללות מסכת אבות וואס עניגה איז "מוסר הדיינינ'ק".

כ. האמור לעיל (סמ"ז) וועגן דעם עניין פון "אשרי" - איז אויך פארבונדן מיט יום ההילולא פון כ"ק מו"ח אדמו"ר [וואס זיין יום ההילולא איז אין "עשתי עשר חודש", וואס די התחלה פון דעם חודש ("באחד לחודש") איז פארבונדן מיט דעם עניין פון "הואיל משה באר את התורה גו'"[182], ווי גערעדט פריער[183] באריכה]:

ס'איז ידוע די שיחה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[184], וואס ער האט דערציילט אז ער האט אויסגענומען א תנאי מיט זיין פאטער (דער רבי נ"ע) אז אלע זיינע ענינים בנוגע צו דער הנהגה פון צאן מרעיתו, זאלן זיין אין אן אופן פון חסד.

וואס אזא עניין, מאנען אז כל עניניו זאל זיין אין אן אופן של חסד - איז אן עניין פון "אשרי", אן עניין וואס איז למעלה ממדידה והגבלה, אפי' וועז דאס מאנט א זון ביי א פאטער, און א נשיא בעתיד ביים נשיא שבדורו.

ויש להאריך בכל זה, אבער אין כאן המקום להאריך בזה - מערניט דאס וואס ס'איז נוגע לעניננו - אז ס'איז דא דער עניין פון "אדם לעמל יולד", ער איז געבארן געווארן, און "ע"כ אתה חי"[185], און ער געפינט זיך אין א "בירא עמיקתא",

וואס דאס איז בדוגמת מסכת כלים, וואס די התחלה איז אין אן אופן פון "נכנסת בטומאה", אין אן אופן אז מ'געפינט זיך אין א "בירא עמיקתא",

ובמילא איז דאס מכריח (און דאס איז די כוונה בזה) אז ס'זאל זיין דער עניין פון "יוצאת בטהרה",

און דורך דעם איז מען ממשיך דעם עניין השכר, און ניט סתם שכר, נאר שכר אין אן אופן פון "אשריך" - ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט עולם התענוג.

כא. כאן המקום מבאר זיין נאך א נקודה בנוגע צו דעם עניין פון "לפום צערא אגרא":

מ'האט געפרעגט פריער[186] אז ס'איז דא א שאלה בנוגע צו כללות העניין פון "לפום צערא אגרא": ווי קומט דאס אז מ'זאל רעדן וועגן דעם עניין פון "לפום צערא אגרא" (אן עניין של שכר) - די עבודה צוליב שכר איז דאך אן עבודה "שלא לשמה"?

- און -

---

182) דברים א, ה. 183) שיחת אור ליום ג, כ"ר טבת ש.ז. 184) ראה לקו"ש ח"ב ע' 502. 185) אבות ספ"ד. 186) שיחת יו"ד שבט סל"ד ואילך.

און מ'האס מבאר געווען, אז "התורה על הרוב תדבר", און "על הרוב" איז דער סדר העבודה אין אן אופן פון "שלא לשמה", ווארום ביז וואנעס מ'דערגרייכט צום אופן העבודה פון "אברהם אוהבי"[187], אז דער קיום התומ"צ איז אין אן אופן פון "לשמה" - איז די עבודה אין אן אופן פון "שלא לשמה", צוליב אן ענין של "אגרא" (שכר), ביז צום העכסטן אופן פון "שלא לשמה" - צוליב דעם שכר פון עוה"ב, "לחזות בנועם ה' גו'"[188], וואס דאס זיינען אלץ ענינים פון "אגרא".

עס איז אבער נאך אלץ ניט פארשטאנדיק:

וויבאלד אז תורה איז בתכלית הדיוק, איז די הוראה פון דער משנה "לפום צערא אגרא" אויך פאר די אידן וואס האלטן שוין אין דעם אופן העבודה פון "לשמה", וואס זיי איז דער ענין השכר ניט נוגע, און אעפ"כ זאגט מען זיי דעם ענין פון "לפום צערא אגרא" -

דארף מען פארשטיין: וואס איז די הוראה פון דער משנה "לפום צערא אגרא" בנוגע צו א אידן וואס זיין עבודה איז אין אן אופן פון "לשמה"?

גב. איז דער ביאור בזה:

די אידן וואס עבודתם איז אין אן אופן פון "לשמה", איז וויבאלד אז עבודתם איז בשלימות, דארפן זיי זיין די פון וועלכע עס ווערט נשפע דער ענין פון תומ"צ לכל הנמצאים בסביבתם, ובפרט לויט דעם ציווי פון "ואהבת לרעך כמוך".

און כדי אז דער איד וואס איז מקיים תומ"צ אין אן אופן פון "לשמה", זאל קענען פועל'ן דעם ענין פון קיום התומ"צ ביי א צווייטן אידן (אפי' ביי א פחות שבפחותים) - דארף ער דאך צוגיין צו אים מיט אזוינע אותיות וואס יענער וועט זיי קענען פארשטיין און אויפנעמען, ביז אין אן אופן אז דאס וועט אויף אים פועל'ן, במילא דארף ער אים זאגן דעם ענין פון "לפום צערא <u>אגרא</u>" - אן ענין של <u>שכר</u>.

און וויבאלד אז דער איד וואס איז מקיים תומ"צ "לשמה" שטייט אין א מעמד ומצב אז ער קען נאר איבערגעבן "דבר ה'", ער האט ניט קיין אייגענע דיבורים, מערניט ווי "אני המשנה המדברת בפיך"[189] - דארף זיין אין "דבר ה'" דער כללות הענין פון "לפום צערא אגרא", כדי אז ער זאל דאס קענען איבערגעבן

- צום -

------------

187) ישעי' מא, ח. וראה רמב"ם הל' תשובה פ"י ה"ב.
188) תהלים כז, ד. וראה אגה"ק סכ"ט (קמט, א). 189) מגיד משרים ר"פ ויקרא. הובא בתו"א וארא נח, א. ועוד.

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

צום צווייטן אידן אין אן אופן פון "אני המשנה המדברת בפיך".

נג. אין דערויף קומט צו נאך אן ענין - וואס דאס איז גאר אן ענין עיקרי:

דער אופן העבודה פון "לשמה" איז - אז ער לערנט תורה און איז מקיים מצוות (ניט צוליב דעם שכר, נאר) מערניט ווי דערפאר וואס דאס איז דעם אויבערשטן'ס רצון, ביז וואנעט אז ער האט ניט קיין אייגענעם רצון; וויבאלד אז דאס איז דעם אויבערשטן'ס רצון, ווערט דאס זיין אייגענער רצון.

עס איז אבער דא דער ענין השכר וואס איז ניט פארבונדן דערמיט וואס מ'איז מקיים תומ"צ צוליב דעם ענין השכר,

[וואס דאס איז לויט ביידע שיטות וואס זיינען דא אין דעם ענין השכר - כידוע וואס דער של"ה[190] ברענגט אראפ אז אין דעם ענין השכר זיינען דא צוויי שיטות:

דער ענין השכר איז באופן סגולי, ד.ה. אז דער אויבערשטער האט געוואלט צוזאמענבינדן דעם ענין פון "בחוקותי תלכו ואת מצותי תשמרו" מיט "ונתתי גשמיכם בעתם"[191],

אדער אז דער ענין השכר איז באופן טבעי, אין אן אופן פון "מדה כנגד מדה", א סיבה מיט א מסובב -

בדוגמא ווי עס ווערט דערציילט[192] אז ווען רשב"י האט געזאגט תורה (רזין דאורייתא) אויפן פסוק[193] "הנה מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד" איז געווען דער ענין פון ירידת גשמים - וואס דאס איז אין אן אופן פון סיבה ומסובב:

דורך דעם וואס עס האט זיך אויפגעטאן דער ענין פון "שבת אחים גם יחד" למעלה, אין זו"נ[194], איז געווען דער "שבת אחים גם יחד" אויך למטה, אין שמים וארץ, אז ס'זאל זיין דער "והולידה והצמיחה"[195], וואס דערפאר איז געווען דער ענין פון ירידת גשמים באופן טבעי],

ווי דער רמב"ם[196] זאגט אז די יעודים גשמיים וואס שטייען אין תורה זיינען כדי אז מ'זאל זיין "פנויים ללמוד בחכמה ולעשות המצוה", ווארום דורך דעם וואס ער וועט האבן אלץ וואס ער דארף, און וועט ניט האבן קיינע בלבולים, וועט ער קענען לערנען און פארשטיין בעומק יותר.

- [און -

------------

190) יב, א ואילך. 191) בחוקותי שם, ד. 192) זח"ב נט, ב. 193) תהלים קלג, א. 194) ראה ד"ה הניא א"ד יוסי דל"ג בעומר תשל"ח. וש"נ. 195) ל' הכתוב - ישעי' נה, י. 196) שם רפ"ט.

און ווי די גמרא[197] דערציילט אז אביי האט געזאגט "אי אמרה לי אם קריב כותחא לאתנאי" - ווען מ'וואלט אים מבלבל געווען מיט א קליינע זאך, ער זאל צושטעלן א טעלער'ל מיט כותחה, וואלט ער שוין ניט געקענט צוטראגן זיך צום לערנען און ארויסברענגען די מסקנא פון דעם ענין, לאסוקי שמעתא אליבא דהלכתא,

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען מ'גיט אים אלץ וואס ער דארף האבן, כדי ער זאל ניט האבן קיינע בלבולים - קען ער זיך מהעסק זיין אין קיום התומ"צ כדבעי.

נד. און דאס איז וואס די משנה זאגט "לפום צערא אגרא", אז מ'זאל וויסן אז ס'איז דא אן ענין של שכר - ווארום ווינדיק אז ס'איז דא אן ענין של שכר, ד.ה. אז ער וועט האבן אלץ וואס ער דארף האבן, און ער וועט ניט האבן קיינע בלבולים, וועט ער זיך קענען מתעסק זיין אין תומ"צ ביתר שאת וביתר עז.

ד.ה. אז דער עצם הענין פון קיום התומ"צ איז ניט צוליב דעם ענין השכר ווי ס'איז משמע פון פשוטם של כתובים, אז דער ענין פון "שמוע תשמעו"[198] איז "למען ירבו ימיכם גו'"[199], ווארום ער האלט בא דרגת העבודה פון "אברהם אוהבי" -

נאר אזוי ווי עס קען זיין אז ס'וועט זיין לבו דואג בקרבו, ווארום ער טראכט ווי אזוי וועט ער קענען דורכפירן דעם ענין, ער זאל נאר לערנען תורה און מקיים זיין מצוות, עס קען דאך זיין אז ער וועט האבן פארשידענע בלבולים,

זאגט מען אים "לפום צערא אגרא", אז ס'איז דא אן ענין של שכר - ווייסט ער אז ער וועט האבן אלץ וואס ער דארף, און וועט ניט האבן קיינע בלבולים, במילא קען ער מקיים זיין תומ"צ כדבעי, מתוך מנוחה אמיתית.

ד.ה. אז ווען מ'זאגט דעם ענין פון "לפום צערא אגרא" סתם (ניט "למען ירבו ימיכם גו'") - איז בא די וואס האלטן אין אמצע העבודה, איז דאס אין אופן פון "למען ירבו ימיכם גו'", אז דער קיום התומ"צ איז צוליב דעם ענין השכר;

משא"כ אבער בא די וואס האלטן אין דער עבודה פון "לשמה", איז דער ענין השכר ("לפום צערא אגרא") א מיטל דורך וועלכן מ'וועט קענען מקיים זיין תומ"צ כדבעי, ווארום ווינדיק אז ער וועט האבן שכר, און ער וועט ניט האבן קיינע בלבולים, וועט ער קענען מקיים זיין תומ"צ בתכלית השלימות.

- נה. -

---

197) עירובין סה, א. 198) עקב יא, יג. 199) שם, כא.

הנחה הה' בלתי מוגה

נה. דער ביאור אין פירוש רש"י:

רש"י טייטשט אפ "אימתה - על הרחוקים, ופחד - על הקרובים", און ניט ווי ס'איז פארשטאנדיק פון פשוטו של מקרא אז פריער פאלט דער פחד "על הקרובים", און ערשט דערנאך "על הרחוקים" - ווארום:

אין דער זעלבער סדרה וועט דער בן חמש למקרא באלד לערנען אז ס'איז געווען "ויבוא עמלק וילחם עם ישראל"[200] -

איז אויב רש"י וואלט מפרש געווען "אימתה - על הקרובים, ופחד - על הרחוקים", וואלט דער בן חמש למקרא געפרעגט א קושיא: ווי קען זיין אז "ויבוא עמלק וילחם עם ישראל" - מ'האט דאך ערשט געלערנט אז ס'איז געווען "תפול עליהם אימתה ופחד", "אימתה - על הקרובים", און עמלק איז געווען פון די קרובים?

און דערפאר באווארענט רש"י מלכתחלה אז "אימתה - על הרחוקים, ופחד - על הקרובים", ד.ה. אז פריער איז דער פחד געפאלן "על הרחוקים", און ערשט אין א צייט ארום איז דער פחד געפאלן אויך "על הקרובים" - אויף עמלק'ן.

און דער ביאור אין דעם וואס מלכתחלה איז ניט געפאלן קיין פחד "על הקרובים" (אויף עמלק'ן) איז - ווי רש"י[201] טייטשט אפ אז דער עניין פון "ויבוא עמלק וילחם עם ישראל", איז געקומען אלס אן עונש אויף דעם וואס אידן האבן געזאגט "היש ה' בקרבנו אם אין"[202], וואס דערפאר איז מלכתחלה ניט געפאלן קיין פחד "על הקרובים" - אויף עמלק'ן (נאר אין א צייט ארום).

נו. דער ביאור אין דעם וואס רש"י ברענגט די ראי' פון דעם פסוק "כי שמענו את אשר הוביש ה' וגו'", אין זיין פירוש "ופחד - על הקרובים", אע"פ אז אין דעם פסוק רעדט זיך וועגן די וואס זיינען געווען אין ארץ כנען, וואס זיי זיינען געווען די "רחוקים":

כמדובר כמ"פ אז מ'געפינט בכ"מ אין פירוש רש"י, אז דער בחור-הזעצער האט זיך ניט פאנאנדערגעקליבן וואס איז כוונת רש"י בפירושו - ועד"ז איז אויך בנדו"ד:

דער פירוש פון רש"י אויף "ופחד" - "על הקרובים", איז ניט קיין נייער ד"ה (וואס דעמולט ווערט די קושיא פארוואס ברענגט רש"י די ראי' פון דעם פסוק "כי שמענו את אשר הוביש ה' וגו'" אין דעם ד"ה "ופחד" וואס גייט "על הקרובים"),

- נאר -

---

200) פרשתנו יז, ח. 201) עה"פ פרשתנו שם. 202) פרשתנו שם, ז.

נאר רש"י מיינט צו זאגן אז ס'איז כאילו ווי אין דעם פסוק וואלט געשטאנען "תפול עליהם אימתה על הרחוקים ופחד על הקרובים בגדול זרועך גו'"; און דערנאך ברענגט רש"י א ראי' אויף דעם כללות הענין פון "תפול עליהם אימתה ופחד" - "כענין שנאמר כי שמענו את אשר הוביש ה' וגו'".

וואס דערמיט ווערט אויך פארשטאנדיק דאס וואס רש"י איז מעתיק פון דעם פסוק אויך די ווערטער "תפול עליהם", דלכאו': רש"י קומט דאך נאר מפרש זיין דעם פירוש פון "אימתה" ("על הרחוקים") און דעם פירוש פון "ופחד" ("על הקרובים") - איז צוליב וואס איז ער מעתיק די ווערטער "תפול עליהם"?

נאר דער ביאור אין דערויף איז - אז רש"י טייטשט אפ דעם גאנצן המשך הפסוק (כאילו ווי עס וואלט אזוי געשטאנען אין פסוק): "תפול עליהם אימתה על הרחוקים ופחד על הקרובים (און פארוואס איז געווען דער "תפול עליהם גו'" -) כענין שנאמר כי שמענו את אשר הוביש ה' וגו'", ד.ה. אז ווען ס'איז געווען דער "שמענו", איז דעמולט מקוים געווארן דער "תפול עליהם אימתה ופחד"[202*].

נז. דער ביאור אין רער הערה אויפן זהר:

דער צ"צ איז מבאר אין סהמ"צ שלו[203] בנוגע צום איסור פון עבודת בעלי מומין וכניסתם להיכל, אז דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון מיעוט הלבנה, אז מצד דערויף וואס זיי זיינען געבארן געווארן אין דעם זמן ווען "סיהרא אתפגים" (ווען די לבנה איז ניט במילואה), איז "אתפגימו בכמה צעריך בכמה כאביך" (וויבאלד אז די לבנה איז מרמז אויף ספירת המלכות, און ספירת המלכות איז פארבונדן מיט אידן), און דערפאר טארן זיי ניט אריינגיין אל הקודש, אבער אעפ"כ זיינען זיי שייך צו אכילת קדשים וכיו"ב, ווי רער צ"צ איז דארטן מבאר בארוכה.

און ער איז מבאר דארטן אז "אלין אינון דאתרעי בהו קוב"ה כו'", און "אלין אינון דבעיין לחדותי בחדתותא דסיהרא", ד.ה. אז מצד דערויף וואס "סבלו עמה צער . . עד שנפגמו . . בכמה כאביך ברוחניות וגשמיות", איז דערפאר "הם יתיחדו עמה באיזו חדוה פרטית יותר מכללות ישראל", און "אז יהיו הם שמחים בחדות השכינה ביתר שאת ויתר עז" (ע"ד מארז"ל[204] "כל המתאבל על ירושלים זוכה ורואה בשמחתה").

ד.ה. אז מצד דערויף גופא וואס "אתפגימו בכמה צעריך

- בכמה -

------------

*202) לשלימות הענין - ראה שיחת מוצאי ש"פ משפטים.
203) דרמ"צ ע' לא ואילך. 204) תענית ל, ב.

הנחה הת' בלתי מוגה

בכמה כאבין" און "סבלו עמה צער" (ניט דערפאר וואס זיי האבן געטאן עפעס א דבר נוסף לזה) - איז "אתרעי בהו קוב"ה כו'", און "יהיו הם שמחים בחדות השכינה ביתר שאת וביתר עז".

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו דעם ענין פון "כמה תקיפא אגרא דמסכנא קמי' קוב"ה" - אז מצד דערויף גופא וואס ער איז א "מסכנא", און ער איז זיך מצטער וכו' [וואס דאס איז פארבונדן דערביט וואס ער איז געבארן געווארן אין דעם זמן פון "פגימו דסיהרא"[205]] - איז "כמה תקיפא אגרא דמסכנא קמי' קוב"ה (ע"ד הענין פון "לפום צערא אגרא").

וי"ל אז וויבאלד דער ענין איז שוין מבואר אין חסידות (אין סהמ"צ להצ"צ) - דארף ער דאס־שוין ניט מבאר זיין אין דער הערה.

נח. דער ענין פון "כמה תקיפא אגרא דמסכנא קמי' קוב"ה" (און דער ענין פון "לפום צערא אגרא") - איז פארבונדן דערמיט וואס ער זאגט אין זהר פ' כי תצא (וואס מ'האט דערמאנט פריער (סל"ב)), אז ס'קען זיין א מעמד ומצב וואס מ'איז ניט ראוי אז ס'זאל זיין די גאולה אין אן אופן פון "ברחמים גדולים אקבצך", נאר פריער דארף זיין אן ענין של צער, און דערנאך קומט דער ענין הגאולה אין אן אופן פון "לפום צערא אגרא".

און ס'איז ניט דער טייטש אז ס'דארף זיין אן ענין של צער דורך א גזירה ה"ו וכיו"ב, נאר ס'איז גענוג דער צער דערפון וואס אידן געפינען זיך אין שפל המצב,

וואס אפי' ווען מ'געפינט זיך אין א מצב הכי נעלה בנוגע צו ענינים גשמיים, מ'האט בני חיי ומזוני, ובכולם - רויחי, אין אן אופן של רחבות ועשירות כפשוטו - האט מען אבער צער דערפון וואס מ'איז זיך מתבונן אז מ'געפינט זיך אין זמן הגלות, און "שכינתא בגלותא"[206], ביז וואנעט אז "שמים חושך לאור"[207] - מ'האט שביעת רצון פון בני חיי ומזוני רויחי!

- מ'דארף טאקע מודה זיין על הטוב, במילא דארף מען האבן שביעת רצון דערפון וואס דער אויבערשטער גיט בני חיי ומזוני רויחי - אבער בשעת מעשה דארף מען ניט פארגעסן אויף דעם ענין פון "אין עומדין להתפלל אלא מתוך כובד ראש"[208], ווי דער פירוש פון דעם מגיד[209] אז דאס גייט אויף דעם כובד ראש פון דער שכינה,

- און -

------------

205) ראה דרכ"צ לב, ב. 206) ראה מגילה כט, א. 207) ל' הכתוב - ישעי' ה, כ. 208) ברכות ל, ב בכשנה. 109) או"ת להה"מ (הוצאת קה"ת) יט, סע"ד. קה, סע"ג.

הנחה הת' בלתי מוגה

און וויבאלד אז "שכינתא בגלותא", איז ווי איז שייך ער זאל דערפון מסית דעת זיין אפי׳ אויף איין רגע, און ער זאל ניט טראכטן וועגן דעם כובד ראש פון דער שכינה - דער ענין פון "קלני מראשי קלני מזרועי"[210] וואס ווערט דורך א הנהגה בלתי טובה!

און דאס איז אפי׳ אויב הנהגתו איז בתכלית השלימות, מערניט וואס דער דור איז ניט ראוי לכך - כמדובר כמ"פ בארוכה[211] וועגן נשיא דורנו, ע"ד ווי ס׳שטייט[212] בנוגע צו משיח "והוא מחולל מפשעינו וגו׳".

און אויף דערויף זאגט מען "כמה תקיפא אגרא דמסכנא קמי׳ קוב"ה" - מצד דערויף גופא וואס ער איז אן עני,

וכידוע דער פירוש וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר ברענגט[213] פון א מאמר פון דעם רבי׳ן מהר"ש[214] (וואס ענינו איז געווען "מלכתחילה אריבער"[215]), אויף דעם פסוק[216] "תפלה לעני כי יעטוף ולפני ה׳ ישפוך שיחו" - אז די טענה פון דעם עני איז: הן אמת אז מצד דעם ענין פון "חסד ואמת מן ינצרוהו" דארף מען האבן אן עשיר און אן עני, פארוואס איז אבער אויסגעפאלן דער גורל אז ער זאל זיין דער עני, ער האט דאך געקענט זיין דער עשיר?!

און אויף דערויף זאגט מען "לפום צערא אגרא" - וכאמור לעיל אז ס׳איז ניט דער פשט אז מ׳דארף האבן נאך עפעס אן ענין של צער ח"ו - ס׳איז גענוג דער צער וואס ער האט ווען ער דערמאנט זיך איין מאל א יאר אז "שכינתא בגלותא", און גיט דעמולט א קרעכץ, אדער אז ער דערמאנט זיך אויף דערויף (ניט אין "לב האבן"[217], אבער) במוחו עכ"פ, כמדובר כמ"פ[218] וועגן די תורה פון דעם אלטן רבי׳ן בזה.

און דער צער אליין איז שוין גענוג אויף צו מכריע זיין און אראפברענגען אז ס׳זאל זיין דער "(לפום צערא) אגרא", און ווי ער זאגט אין זהר "כמה תקיפא אגרא דמסכנא", אין אן אופן פון "אשרי משכיל אל דל", אז עס ווערט נמשך דער ענין פון "אשרי" און דער ענין פון "משכיל".

נס. און דערפון קומט ארויס דער ענין פון "משכיל לאיתן האזרחי" -

------------

210) סנהדרין מו, א. 211) ראה ד"ה באתי לגני תשי"א פ"ט (קונטרס מאמרים ע׳ י). 212) ישעי׳ נה, ג. 213) סה"מ קונטרסים ח"א קיט, ב. 214) סה"מ תרכ"ז ע׳ ת. וראה ספר התולדות אדמו"ר מהר"ש ע׳ 41. 215) ראה לקו"ש ח"א ע׳ 124. חי"ב ע׳ 186. ועוד. 216) תהלים קב, א. 217) ל׳ הכתוב - יחזקאל לו, כו. 218) שיחת אחש"פ תשל"ה קרוב לתחלתה.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

האזרחי"[219] - ווי חסידות[220] טייטשט אפ אז "אזרח" מיינט "מה שאני עתיד להזריח" (וויבאלד אז דער אל"ף איז פון די אותיות וואס זיינען "משמשות לעתיד לבוא") - די גאולה העתידה.

און ווי גערעדט פריער (ס"מ) באריכה, אז "התורה היא נצחית", און די ענינים וואס תורה זאגט אז זיי וועלן זיין לע"ל, זיינען זיי שוין דא אויך איצטער - ועד"ז איז אויך בנוגע צו דער גאולה העתידה, אז משיח איז שוין דא, נאר ער איז יושב בשער רומי (ווי די גמרא זאגט אין סנהדרין[221]),

און דאס איז אין אן אופן אז אויב עס וועט נאר זיין די הכרעה דערפון וואס עס וועט צוקומען נאך א מחשבה אחת טובה, עאכו"כ אז עס וועט צוקומען נאך איין דיבור טוב, ועאכו"כ נאך איין מעשה טוב - וועט זיין "מיד הן נגאלין", אפי' אז דאס איז במוצאי שבת, און אפי' אז מ'האט נאך ניט געהערט דעם קול השופר פון אלי' הנביא.

און עס וועט גלייך זיין דער ענין פון "משה קבל תורה מסיני" פון-דאס-ניי - דער ענין פון לימוד תורתו של משיח, וואס "גואל ראשון הוא גואל אחרון"[222], אז משיח ילמד תורה את כל העם כולו[223], און דאס וועט זיין נאך זייענדיק אין די לעצטע רגעים פון גלות, אין אן אופן פון "טועמי' חיים זכו".

און אין אן אופן פון "לפום צערא אגרא" - אז ס'וועט זיין דער שכר בתוקף, און דער שכר פון "אשרי משכיל", ווארום דאס ווערט נמשך "אל דל" - צום דור פון עקבתא דמשיחא, וואס דעמולט איז א חושך כפול ומכופל - קומט דארטן אראפ דער שכר, און ווערט נתגלה מיטן גאנצן תוקף, און מיט דער גאנצער שלימות,

למטה מעשרה טפחים, און אין אן אופן פון שמחה וטוב לבב.

* * *

ס. כמדובר כמ"פ אז אין פירוש רש"י זיינען דא ענינים פון "יינה של תורה"[224] -

ובפרט לויט דעם וואס דער אלטער רבי[225] ברענגט אראפ פון הוספתא[226] אז מ'דארף דערמאנען דעם ענין פון קריעת ים

- סוף -

------------

219) תהלים פט, א. 220) לקו"ת ראה יח, א. שכע"צ פח, ג. 221) צח, א. 222) ראה שמו"ר פ"ב, ד. זח"א רנג, א. תו"א ד"פ משפטים. 223) לקו"ת צו יז, א. שער האמונה פנ"ו. 224) היום יום ע' כד. 225) תו"א פרשתנו סב, ב. 226) דפ"ב דברכות.

סוף בכל יום (ווי דערמאנט פריער[227]) - איז דערפון פארשטאנדיק, אז דער פסוק פון "תפול עליהם אימתה ופחד" (וואס איז א חלק פון דער שירה, וואס איז פארבונדן מיט קריעת ים סוף) איז נוגע אין עבודת ה׳ (וואס דערפאר דארף מען דאס דערמאנען בכל יום).

והביאור בזה:

עס איז דא דער ביאור פון משכיל לדוד[228], וואס ער איז מבאר דעם ענין לויט כתבי האריז"ל, אז דער ענין פון "רחוקים" גייט אויף די ג׳ אומות קיני קנזי וקדמוני (דער ענין פון ג׳ ראשונות), און דערפאר זיינען זיי "רחוקים", ווייל זיי וועלן ערשט זיין לע"ל; און "קרובים" גייט אויף די ז׳ אומות (שבע מדות).

[וואס דער ענין ווערט נתבאר בארוכה אין תורת החסידות - אין דעם מאמר ד"ה אל תצר את מואב - און אין דערויף זעט מען אויך דאס וואס חסידות האט אויפגעטאן אין די ענינים וואס שטייען אין קבלה (און מ׳לערנט זיי אָן דעם ביאור פון חסידות) - אז אין תורת החסידות קומען זיי ארויס בביאור וברחבות ובעמקות].

עס איז אבער פארשטאנדיק, אז אפי׳ די ענינים פון "יינה של תורה" דארפן אויך זיין פארבונדן מיט פשש"מ, און מ׳מוז דאס ניט פארבינדן גלייך מיט דעם חילוק צווישן די ג׳ ראשונות און ז׳ מדות וכו׳ - נאר דער ענין איז דא בפשטות אין עבודת ה׳.

סא. דער חילוק בפשטות צווישן "קרובים" און "רחוקים" אין עבודת ה׳ - איז:

"קרובים" גייט אויף די ענינים פון ארצך, מולדתך און בית אביך[229], די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט דער סביבה אין וועלכע ער איז אויסגעוואקסן, און די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט זיין שכל און זיינע מדות וכו׳ (כמבואר אין המשך תרס"ו[230] ובכ"מ);

דערנאך זיינען אבער דא אזוינע ענינים וואס זיינען "רחוקים" פון אים, ער איז ניט שייך נכשל ווערן אין אזוינע ענינים - דער יצה"ר איז אבער אן "אומן במלאכתו"[231], איז ער אים מגרה ומסית אז ער זאל עובר זיין אויף די ענינים וואס זיינען בעצם "רחוקים" פון אים.

- [וכידוע -

---

227) שיחה הנ"ל רסי"א. 228) עה"פ. 229) ר"פ לך לך.
230) סד"ה ויאמר גו׳ לך לך תרס"ז. 231) ראה שבת קה, ב.

[וכידוע דער מארז"ל232 "אל תאמין בעצמך כו'", אפי' ווען עס רעדט זיך וועגן ענינים צו וועלכע ער איז ניט שייך - ווארום מ'קען ניט וויסן ווי אזוי דער יצה"ר וועט זיך וועלן ארייג'גנב'נען].

און ווען עס קומט אן ענין פון אתעדל"ע, מ'גיט אים כחות נוספים ביתר שאת וביתר עז, אז ער זאל מצליח זיין אין עבודת ה' - איז דער סדר אין דערויף פן הקל אל הכבד:

צום אלעם ערשטן העלפט מען אים ארוים בנוגע צו די ענינים וואס זיינען "רחוקים", אז ער זאל אין זיי ניט נכשל ווערן וכו', און ערשט דערנאך העלפט מען אים אויך בנוגע צו די ענינים וואס זיינען "קרובים" - וויבאלד אז עבודת האדם איז אין אן אופן פון כן הקל אל הכבד, און זיין אפגעהיט פון די ענינים וואס זיינען "קרובים" איז שווערער ווי צו זיין אפגעהיט פון די ענינים וואס זיינען "רחוקים".

סב. מ'האט גערעדט פריער (סנ"ה) אז אויף עמלק'ן איז לכתחלה ניט געפאלן קיין פחד, ווי מ'זעט דערפון וואס "ויבוא עמלק וילחם עם ישראל" - וואס אין דערויף איז אויך דא א הוראה אין עבודת ה':

אויף עמלק שטייט233 "ראשית גוים עמלק", וכמבואר בכ"מ אז עמלק איז דער "ראשית" און התחלה פון אלע גוים, דאס ברענגט און שלעפט ארייין אלע גוים.

וואס אין עבודת האדם איז דאס דער ענין וואס "עמלק" בגימט' "ספק"234 - ער איז ניט שולט על האדם ח"ו, ער ווארפט נאר ארייין א ספק; אפשר מיינט מען ניט אים, אפשר מיינט מען ניט מיט אזא שטארקייט, אפשר מיינט מען ניט היינט נאר מארגן אדער איבערמארגן, מיט נאך כו"כ ענינים וואס זיינען משנה די זאך דערפון ווי עס דארף צו זיין, ווי מ'ווייסט די דרכים און פיתויים והסתות פון דעם יצה"ר.

און ההחלה כל הענינים הויבט זיך אן פון דעם ענין הקרירות, דער העדר פון דעם קאך אין עניני קדושה - כמשל הידוע וואס שטייט235 אויף עמלק'ן, אז ס'איז געווען אן אמבטי' רותחת, און עמלק איז קפץ להוכה און הקרה אותה בפני אחרים.

סג. און דער קאך אין עניני קדושה (היפך פון עמלק) איז ניט קיין ענין של הידור (עס מאכט אבער ניט אוים אז ער

- וועט -

------------

232) אבות פ"ב מ"ד. 233) בלק כד, כ. 234) ד"ה ויאמר משה תש"ט פי"ג. 235) פרש"י עה"פ תצא כה, יח.

וועס זיך ניט קאכן אין עניני קדושה, אבי ער זאל לערנען תורה און מקיים זיין מצוות) - נאר ס'איז א דבר המוכרח, ווארום דורך דעם קומט מען צו צו דעם ענין פון מ"ת.

והביאור בזה:

די הקדמה צו מ"ת איז געווען דער ענין פון "וישמע יתרו גו'"[236], ווי ס'איז מבואר אין זהר[237] אז כדי ס'זאל קענען זיין דער ענין פון מ"ת, האט מען געדארפט האבן אז יתרו זאל קומען און זאגן "עתה ידעתי כי גדול ה' מכל האלקים"[238], וואס דעמולט האט געקענט זיין דער ענין פון מ"ת, אין אן אופן פון "כיתרון האור מן החושך וכיתרון החכמה מן הסכלות"[239].

און דער ענין אז יתרו זאל קומען און זאגן "עתה ידעתי כי גדול ה' מכל האלקים", האט זיך אויפגעטאן דורך "וישמע יתרו", ווי דש"י טייטשט אפ: "מה שמועה שמע ובא, קריעת ים סוף ומלחמת עמלק" - ער האט געהערט וועגן דעם ענין פון קרי"ס, וואס דעמולט האט זיך אויפגעטאן דער "תפול עליהם אימתה ופחד", סיי "על הרחוקים" און סיי "על הקרובים", און ער האט געהערט וועגן מלחמת עמלק, אז מ'האט מנצח געווען עמלק'ן.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון מלחמת עמלק, די מלחמה מיט דעם ענין הקרירות אין עניני קדושה - איז א הכנה און א תנאי אז ס'זאל קענען זיין דער ענין פון מ"ת.

סד. און דאס איז דער ענין פון "יינה של תורה", און די הוראה אין עבודת ה' וואס קומט ארוים פון דעם פירוש רש"י:

ווען א איד דערמאנט דעם ענין פון קרי"ס אין תפלת השחר, און ער זאגט דעם פסוק "תפול עליהם אימתה ופחד", און דערנאך פארטראכט ער זיך אין דערויף אפי' בהתבוננות הכי קלה - ווייסט ער אז עס דארף זיין דער ענין פון "תפול עליהם אימתה ופחד" בנוגע צו זיין עבודה, אנהויבנדיק פון זיך אליין, אין אן אופן אז פריער פועל'ט דאס "על הרחוקים", און דערנאך פועל'ט דאס אויך "על הקרובים", ווי גערעדט (ס"ס) בארוכה.

און דערנאך דערמאנט מען אים גלייך "כענין שנאמר כי שמענו את אשר הוביש ה' וגו'" - וואס דאס רעדט זיך וועגן דעם כיבוש פון ארץ ישראל,

- אנהויבנדיק -

236) יתרו יח, א. 237) ח"ג מז, ב. 238) יתרו שם, יא. 239) ע"פ קהלת ב, יג.

אנהויבנדיק פון דעם כיבוש פון א"י ברוחניות, און דערנאך קומט דאס אראפ אויך אין כיבוש א"י בגשמיות כפשוטה (וויבאלד אז "אין מקרא יוצא מידי פשוטו"[240]; ובפרט ווען עס רעדט זיך וועגן פירוש רש"י, וואס דאס איז פשוטו של מקרא) -

אז מ'נעמט איין פון-דאס-ניי גאנץ א"י בגשמיות כפשוטה, "ארץ אשר גו' עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[241], גאנץ א"י לגבולותי' בשלימות, און נאכמער: "כי ירחיב ה' אלקיך את גבולך"[242], אויך קיני קנזי וקדמוני[243],

בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו.

צוה לנגן ניגון הכנה. ניגון אדה"ז (בבא הרביעית פ"א). ניע זשוריצי חלאפצי.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

* * *

------------

240) שבת סג, א. וש"נ. 241) עקב יא, יב. 242) ראה יב, כ. 243) ספרי עה"פ. ספרי ופרש"י עה"פ שופטים יט, ח.

בס"ד. ליל ט"ו בשבט ה׳תשל"ט. <u>הנחת הת׳ בלתי מוגה</u>

א. וועגן דער התוועדות פון ט"ו בשבט, האט מען גערעדט פאראיארן[1] בארוכה אז לכל לראש איז חמשה עשר בשבט איינער פון די "ארבעה ראשי שנים", וואס "ר"ה לאילן" איז בחמשה עשר בשבט, לויט דברי ב"ה[2], וואס אזוי בלייבט די הלכה.

ביז וואנעט אז דער ענין קומט אראפ לפועל אויך בזמן שאין ביהמ"ק קיים, און אויך אין חו"ל - אז עס זיינען דא פארשידענע מנהגים בפועל (וואס "מנהג ישראל תורה הוא"[3]) וואס זיינען פארבונדן מיט חמשה עשר בשבט - דער מנהג פון עסן פירות[4], ובמיוחד פירות שנשתבחה בהם א"י, און אז מ׳זאגט ניט קיין תחנון[5] וכו׳.

אין דערויף קומט אויך צו דער ענין וואס בחמשה עשר בשבט איז דער "קיימא סיהרא באשלמותא"[6] פון כל חודש שבט -

וואס דער ענין פון "קיימא סיהרא באשלמותא" וואס ווערט אויפגעטאן אין חמשה עשר בחודש, איז אין אלע חדשים בשוה (ניט נאר אין חודש שבט) - וואס דערפאר איז דאס דער ערשטער ענין וואס איז דא אין חמשה עשר בשבט (וויבאלד אז אין דערויף איז דא דער צד השוה מיט כל החדשים) - און דערנאך קומט צו דער ענין המיוחד פון חמשה עשר בשבט, אז דאס איז דער "ר"ה לאילן".

ב. בנוגע אלינו איז דא נאך אן ענין וואס איז צוגעקומען בדור האחרון - אז חמשה עשר בשבט קומט אלס א המשך פון יו"ד שבט, דער יום ההילולא פון כ"ק מו"ח אדמו"ר.

וואס וויבאלד אז מ׳זאגט אז בחמשה עשר בשבט איז דער "קיימא סיהרא באשלמותא" פון אלע ענינים פון חודש שבט, איז דאס אויך כולל דעם טאג פון יו"ד שבט.

און ווי דאס איז בפשטות, אז בר"ח שבט ווערט דער מולד הלבנה, און דערנאך איז דא דער מעמד ומצב פון דער לבנה ווי זי איז בעשירי בשבט, ביז צום מעמד ומצב הלבנה בחמשה עשר בשבט, וואס דעמולט איז "קיימא סיהרא באשלמותא" -

און וויבאלד אז "ישראל מונין ללבנה"[7], און זיי זיינען דומים ללבנה[8], ביז וואנעט אז "עתידים להתחדש כמותה"[9], איז

- פארשטאנדיק -

------------

1) שיחת ט"ו בשבט ס"ב ואילך. 2) ר"ה בתחלתה. 3) תוד"ה נפסל - מנחות כ, ב. ועוד. 4) מג"א או"ח סקל"א סקט"ז. פר"ח שם סק"ו - הובא בהשלמה לשו"ע רז"ל שם ס"ח. 5) שו"ע שם ס"ו. השלמה לשו"ע שם. 6) ראה זח"א קנ, א. ח"ב פה, א. ועוד. 7) סוכה כט, א. 8) ראה ב"ר פ"ו, ג. 9) סנהדרין מב, א.

פארשטאנדיק, אז דער שינוי והוספה אין מעמד ומצב הלבנה, איז מעורר ביי אידן א מעמד ומצב דומה ומתאים לזה.

ד.ה. אז ניט קוקנדיק אויף דערויף וואס "העשירי יהי' קודש"[10], און ער האט כו"כ ענינים נעלים משלו - איז ווען מ'קומט צו חמשה עשר בחודש, קומט נאך צו אין דערויף ביתר שאת וביתר עז, ביז וואנעט אז עס ווערט אנגערופן "אשלמותא" לגבי דעם מעמד ומצב פון העשירי בחודש.

און דער עילוי וואס ווערט אויפגעטאן אין די ענינים פון יו"ד שבט ווען מ'קומט צו חמשה עשר בשבט, איז נאכמער פון דעם עילוי וואס ווערט אויפגעטאן אין די ענינים פון יו"ד שבט ווען עס קומט דער שבת שלאחריו (צווישן יו"ד שבט מיט חמשה עשר בשבט),

[ווי גערעדט נעכטן בארוכה[11] (מיוסד אויף די דרושים פון דעם צ"צ, און די דרושים פון רבותינו נשיאינו שלאחריו ושלפניו, אויף "ויכולו"), אז בשבת ווערט אויפגעטאן דער ענין פון "ויכולו השמים והארץ וכל צבאם"[12], אז אלע ענינים פון שמים וארץ וכל צבאם וואס זיינען באשאפן געווארן (און זיינען געווען) אין די פריערדיקע זעקס טעג, שטייען בשבת אין אן אופן פון "ויכולו";

זיי שטייען אין אן אופן פון עלי' מלמטלמ"ע, וואס דאס איז דער פירוש פון "ויכולו" מלשון כליון[13], און דערנאך איז אויך דא דער ענין ההמשכה מלמעלמ"ט, וואס דאס איז דער פירוש פון "ויכולו" מלשון תענוג[14]] -

וויבאלד אז בחמשה עשר בשבט איז דער "קיימא סיהרא באשלמותא" פון כל חודש שבט, כולל אויך פון דעם שבת שלאחרי יו"ד שבט.

ג. אין דעם ענין האמור לעיל דארף זיין די התבוננות (אזוי ווי אין אלע ענינים וואס מ'לערנט אין תורה) אין אן אופן אז ס'זאל זיין א לימוד המביא לידי מעשה[15] - אז עס זאל זיך אנזעהן אין אים א שינוי לטובה בנוגע למעשה בפועל, ביז אין אן אופן פון "אשלמותא",

ווארום וויבאלד אז ס'איז געקומען דער טאג פון חמשה עשר בחודש, וואס דעמולט קומט צו א הוספה אין דער לבנה ביז

- אין -

------------

10) ל' הכתוב - בחוקותי כז, לב. 11) מוצאי ש"פ בשלח, י"ג שבט ס"א. 12) בראשית ב, א. 13) ראה אוה"ת בראשיה כב, ב. מג, סע"א. 14) ראה שם כב, ב בשוה"ג הג'. כג, סע"ב. 15) ראה קידושין מ, ב.

אין אן אופן פון "קיימא סיהרא באשלמותא" - איז דערפון פארשטאנדיק אויך בנוגע צו אידן, וואס "הם עתידים להתחדש כמותה", אז עס דארף צוקומען [ובמילא איז פארשטאנדיק אז עס קומט צו, ווארום כל ישראל בחזקת כשרות[16]] א הוספה אין דער עבודה פון אידן, ביז אין אן אופן פון "אשלמותא".

וואס דער ענין איז דא בכל חמשה עשר בחודש (וויבאלד אז דעמולט איז "קיימא סיהרא באשלמותא"), אבער בחמשה עשר בשבט איז דאס ביתר שאת, ווארום דאס איז דער "אשלמותא" פון עשירי בשבט -

וואס דער ענין פון עשירי בשבט איז אן ענין כללי על כל השנה כולה (נוסף אויף דערויף וואס מ'האט דערפון אויף דער וואך און אויף דעם חודש), און נאכמער: דאס איז אן ענין כללי אויף כל משך ימי חייו,

ביז וואנעט אז דאס איז אן ענין כללי וואס איז נוגע לכל הדור כולו און לכל עניני הדור, וויבאלד אז דאס איז אן ענין וואס איז פארבונדן מיטן נשיא הדור, וואס "הנשיא הוא הכל"[17], ובלשון הרמב"ם[18] בנוגע צו א מלך אז "לבו הוא לב כל קהל ישראל".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער "אשלמותא" וואס דארף אויפגעטאן ווערן בחמשה עשר בשבט איז שלא בערך לגבי דעם "אשלמותא" וואס ווערט אויפגעטאן אין חמשה עשר פון שאר החדשים,

און אין דערויף גופא - איז דער "אשלמותא" פון דעם ענין פון יו"ד שבט, שלא בערך לגבי דעם "אשלמותא" פון שאר עניני החודש.

ד. האמור לעיל איז נוגע און דארף זיין בא יעדער אידן, כל אחד ואחת מישראל, מיט דער הדגשה אויך אויף "אחת" - וויסנדיק אויף וויפל דער בעל ההילולא האט זיך מוסר נפש געווען אויף די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט ("אחת") נשי ובנות ישראל.

און דאס וואס מ'זאגט אז מ'מיינט <u>אויך</u> כל אחת, מיינט מען ניט "אויך" אלס לשון טפל, נאר מ'מיינט "אויך" אלס אן עיקר בפ"ע,

ד.ה. אז די הוראות וואס מ'נעמט פון די טעג, און פון דער התוועדות וכו' - זיינען נוגע לכל אחד ואחת מישראל בשוה.

- ה. -

------------

16) רמב"ם הל' קדה"ח פ"ב ה"ב. 17) פרש"י עה"פ חקת כא, כא. 18) הל' מלכים פ"ג ה"ו.

ה. בנוגע לפועל - דארף מען אנהויבן מיט די ענינים וואס זיינען געווען אן עיקר ביים בעל ההילולא (כמדובר לעיל בארוכה[19]), און דערנאך דארף מען זיך ניט באגנוגענען מיטן כלל אליין, נאר דער שינוי און הוספה (ביז אין אן אופן פון תוספת מרובה על העיקר[20]) דארף אראפקומען אויך אין פרטים.

בדוגמא ווי מ'האט גערעדט כמ"פ בנוגע צו די "מבצעים", אז אע"פ אז מ'רעדט בארוכה און כו"כ פעמים (ביז "מאה פעמים ואחד") וועגן די "עשרה מבצעים", "מבצע אהבת ישראל", "מבצע חינוך", "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'", "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע כשרות האכו"ש", און "מבצע טהרת המשפחה" -

איז ח"ו אז עס זאל עפעס פעלן אין קיום שאר המצוות; ס'איז מעדניט וואס מ'איז מדגיש דעם ענין פון די "עשרה מבצעים", וואס רודך דערויף וועט מען קומען צום קיום כל התומ"צ.

וע"ד ווי די גמרא[21] זאגט בנוגע צו די תרי"ג מצוות "בא דוד והעמידן על אחת עשרה . . בא ישעי' והעמידן על שש בא מיכה והעמידן על שלש", ביז אז "בא חבקוק והעמידן על אחת שנאמר[22] וצדיק באמונתו יחי'",

זיינען מבאר מפרשי הש"ס[23] על אתר, און אראפגעבראכט אויך אין חסידות[24], אז ס'איז ניט דער פשט אז דורך דערויף וועט עפעס פעלן אין קיום כל התרי"ג מצוות, נאר אדרבה, כמבואר בארוכה אין תניא[25] אז דורך דערויף וואס "בא חבקוק והעמידן על אחת", אויף דעם ענין האמונה, קומט צו א תוספת חיות, ובמילא אויך א תוספת זריזות, ובמילא אויך א תוספה הידור אין קיום כל התרי"ג מצוות, כולל אויך די מצוה פון אמונה - אלס איינע פון די תרי"ג מצוות,

וואס אין דעם ענין האמונה זיינען דא צוויי פרטים: דאס איז איינע פון די תרי"ג מצוות, און דאס איז אויך דער יסוד ועיקר ושורש פון אלע תרי"ג מצוות - כולל אויך מצות האמונה אלס איינע פון די תרי"ג מצוות,

וכמבואר במ"א בארוכה ווי אזוי ס'איז קיין סתירה ניט, נאר עס זיינען דא די צוויי ענינים - דער ענין האמונה אלס א יסוד ועיקר לכל התרי"ג מצוות, און דער ענין האמונה אלס א מצוה פרטית.

- און -

---

19) שיחת יו"ד שבט ס"ג ואילך. 20) ראה ב"ד פס"א, ד. ועוד. 21) מכות כד, א. 22) חבקוק ב, ד. 23) חדא"ג מהרש"א למכות שם ד"ה תרי"ג מצוות. 24) שער האמונה בהה־הו. 25) פל"ג (מב, ב). וראה גם אגה"ק ס"א.

און ע"ד ווי מ'געפינט דאס אין כו"כ ענינים בתורה, געפינט מען דאס אויך אין כו"כ ענינים אין וועלט - ווארום די ענינים פון וועלט זיינען "נשתלשלו מהן"[26], פון די ענינים ווי זיי שטייען אין תורה.

ו. בנוגע צו כללות הנקודה וועלכע מ'דארף ארויסנעמען פון א התוועדות פון חמשה עשר בשבט - איז וויבאלד אז בדורנו זה קומט חמשה עשר בשבט נאך דעם יום ההילולא פון עשירי בשבט, דארף דאס זיין פארבונדן מיט יום ההילולא (וויבאלד אז חמשה עשר בשבט איז א המשך פון יום ההילולא, כנ"ל).

וואס כללות הנקודה אין דערויף איז - ווי ער איז מאריך אין דעם מאמר פון יום ההילולא[27], אז ס'איז דא דער ענין כללי וואס דאס איז די מטרה פון בריאת כל סדר ההשתלשלות - מאכן א דירה לו ית' בתחתונים[28], אז ס'זאל זיין אין אן אופן פון "באתי לגני"[29], "לגן אין כתיב כאן אלא לגני לגנוני, למקום שהי' עיקרי בתחלה"[30].

און פון דעם ענין כללי, קומען דערנאך ארויס אלע פרטים (כמדובר לעיל), כולל אויך דער פרט פון מאכן א "משכן", וואס דאס איז א מצוה פרטית, און צוזאמען דערמיט איז דאס אויך אן ענין כללי וואס איז פארבונדן מיט גאנץ סדר השתלשלות, ווארום דורך דערויף איז מען ממשיך די שכינה אין עוה"ז התחתון, אין אן אופן פון "באתי לגני לגנוני", און דורך דערויף ווערט דאס נמשך אין אלע עולמות.

ז. דער ענין פון "באתי לגני" האט א שייכות מיוחדת צו חמשה עשר בשבט, אלס "ר"ה לאילן" (ווי גערעדט אויך פאראיארן[31]):

אע"פ אז מ'זאגט "לגן אין כתיב כאן אלא לגני <u>לגנוני</u>", איז אבער "אין מקרא יוצא מידי פשוטו"[32] - "באתי לגני" און "היושבת בגנים"[33] - דער ענין פון "גן" כפשוטו.

דער ענין פון "גן" איז אן ארט וואו עס וואקסן פירות, וואס דאס איז דער חילוק צווישן "שדה" מיט "גן", אז "שדה" איז אן ארט וואו עס וואקסט תבואה, "חטה ושעורה", און "גן" איז אן ארט וואו עס וואקסן פירות, "גפן ותאנה ורמון . . זית שמן ודבש"[34] ("דבש תמרים"[35]).

- וואס -

---

26) ל' התניא רפ"ג. 27) ד"ה באתי לגני ה'שי"ת (נדפס בסה"מ תש"י ע' 111 ואילך). 28) ראה תניא רפל"ו. 29) שה"ש ה, א. 30) שהש"ר עה"פ. 31) רד"ה באתי לגני דט"ו בשבט. 32) שבת סג, א. וש"נ. 33) שה"ש ח, יג. 34) עקב ח, ח. 35) פרש"י עה"פ תבוא כו, ב.

וואס בײדע ענינים, סײ "חטה ושעורה", און סײ "גפן ותאנה ורמון גו'", זײנען פון די מינים שנשתבחה בהם א"י [וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו א"י הרוחנית - וואס דאס איז יעדער איד, ווי ס'שטײט[36] "אתם תהיו ארץ חפץ"] - דער חילוק איז אבער, אז "חטה ושעורה" זײנען פארבונדן מיט "שדה", וואס דאס איז דער פשטות הענין פון "שדה" - "שדה הלבן", און "גפן תאנה גו'" זײנען פארבונדן מיט "גן" - "שדה האילן"[37].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון "באתי לגני", דער ענין פון "גן", איז פארבונדן מיט חמשה עשר בשבט, וויבאלד אז דעמולט איז "ר"ה לאילן".

ח. דער כללות החילוק צווישן "חטה ושעורה" מיט "גפן תאנה וגו'" איז[38] - אז "חטה ושעורה" זײנען דברים המוכרחים, דער ענין פון "חסרונך", משא"כ "גפן תאנה גו' ודבש" זײנען ניט קײן דברים המוכרחים, מ'קען אויסקומען אויך אָן זײ, און ענינם איז דער ענין פון תענוג, "להחיות בהם נפש כל חי"[39].

און די ענינים של תענוג, "להחיות", זײנען מוסיף תענוג אויך אין די דברים המוכרחים, "חסרונך" - אז דורך דערוױף איז די אכילה פון די "חטה ושעורה" מיט מערער תענוג, וואס דאס איז דער כללות הענין פון "לפתן" (וואס ווערט געבראכט אין גמרא[40]), אז צוזאמען מיטן לחם עסט מען נאך עפעס, וואס דעמולט איז דער לחם געשמאקער.

און ווי מ'זעט בפשטות אז דורך אן ענין של תענוג ווערט נתרחב און נתפשט דער גאנצער גוף, ביז ווי די גמרא[41] דערצײלט אז דורך א "שמועה טובה" (אן ענין של תענוג) איז געווארן "תדשן עצם"[42] בײ א מענטשן וואס איז שוין געווען לאחרי דעם גיל פון וואקסן:

בא יעדער מענטשן איז במשך ימי חייו דא דער זמן וואס ער האלט אין וואקסן און גרעסער ווערן, וואס דאס איז דער גיל הגידול, דערנאך איז דא דער גיל העמידה, און דערנאך איז דא דער גיל וואס דעמולט איז היפך הגידול, נאר הולך ומחמעט.

דערצײלט די גמרא אז אפי' ווען דער מענטש איז געווען

- לאחרי -

------------

36) מלאכי ג, יב. וראה כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות מד. תו"א שמות נג, ג. ועוד. 37) ראה שביעית רפ"א ורפ"ב. ועוד. 38) ראה גם שיחה ט"ו בשבט הנ"ל ס"ה. 39) ראה ב"י או"ח סר"ז. הובא בלקו"ת ויקרא נב, א. ועוד. 40) ברכות ב, א. ועוד. 41) גיטין נו, ב. 42) משלי טו, ל.

לאחרי גיל הגידול, און ווי עס ווייזט אוים איז ער גאר
בעווען לאחרי גיל העמידה - איז דורך דעם ענין התענוג
געווארן "תדשן עצם", דאס האט גע'פועל'ט א הגדלה און
התרחבות אין חלק העצמות שבגוף, וואס דארטן איז
אמוייניקסטן'ס ניכר דער גידול הגוף.

ס. די צוויי ענינים הנ"ל (דער ענין פון "חטה ושעורה",
"חסרונך", און דער ענין פון "גפן תאנה גו'", "להחיות")
זיינען דא אויך אין תורה[43] - וויבאלד אז אין תורה איז דא
דער נמשל פון אלע ענינים טובים, עאכו"כ די ענינים וואס
אין זיי איז נשתבחה א"י:

דער ענין פון "חטה ושעורה" אין תורה איז - דאס וואס
מ'דארף וויסן "את המעשה אשר יעשון" און "אשר לא תעשינה"[44],
וואס דאס ווערט אנגערופן בשם "חטה ושעורה", וויבאלד אז
דאס איז א דבר המוכרח ("חסרונך") וואס מוז זיין בא יעדערן,
אזוי ווי ס'איז א דבר המוכרח אז יעדערער זאל האבן "לחם"
(וואס אין דערויף איז כלול כל סעודתו ופרנסתו[45]).

און דער ענין פון "גפן תאנה גו'" אין תורה איז - די
ענינים וואס זיינען מוסיף תענוג און געשמאק אין אלע
ענינים המוכרחים, וואס בכללות איז דאס דער ענין פון "רזי
תורה", פנימיות התורה.

י. און אזוי ווי מ'זעט אז בשעת א מענטש ווערט שוואכער
ח"ו, איז אים ניט מספיק "חטה ושעורה" אליין, נאר ער דארף
האבן א הוספה לזה, וואס דורך דערויף קומט אים צו חיות,
וואס די הוספה באשטייט אין דעם וואס מ'גיט אים ענינים
וואס ברענגען צו תענוג (נוסף לזה וואס דאס איז ממלא את
רעבונו) -

איז אזוי אויך בנוגע צו תורה, אז פון זמן האריז"ל
האט זיך אויפגעטאן דער ענין פון "מצוה לגלות זאת החכמה"[46],
דער ענין פון פנימיות התורה, וואס דאס איז דער ענין
התענוג שבתורה.

ביז אז ס'איז געקומען דער זמן וואס נאך פעטערבורג -
כידוע די שיחה פון דעם רבי'ן נ"ע (געדרוקט אין תורת שלום[47])
אז "דער עיקר פון "יפוצו מעינותיך חוצה" האט זיך אנגעהויבן
נאך פעטערבורג",

- ד.ה. -

------------

43) ראה גם שיחה הנ"ל ס"ו. 44) ל' הכתוב - פרשתנו יח,
כ. ויקרא ד, ב. ועוד. 45) ראה פרש"י עה"פ ויצא לא, נד.
46) אגה"ק סכ"ו (קמב, ב). 47) ס"ע 112.

ד.ה. אז דאס וואס מ'האט פריער געוואוסט וועגן אגרת הבעש"ט[48] אז ביאת משיח צדקנו איז תלוי אין דעם ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה", האט מען דאס דעמולט (נאך פעטערבורג) מכריז געווען,

און דורך דעריוף איז דאס סוכ"ס אנגעקומען לכל אחד ואחת מבנ"י (ניט נאר צו א חוג מסוים[49]) - אז זיין משיח וועט קומען דורך דעריוף וואס ער וועט זיך מתעסק זיין אין "יפוצו מעינותיך חוצה".

יא. דער ענין פון "מצוה לגלות זאת החכמה" האט זיך אויפ-געטאן אין זמן האריז"ל, משא"כ לפנ"ז איז פנימיות התורה געווען שייך מערניט ווי צו "יחידי סגולה"[50], און ווי ס'שטייט אין זהר[51] אז לאחרי הסתלקות הרשב"י וועט פנימיות התורה נעלם ווערן וכו', ווי ער איז דארטן מבאר באריכה.

און ס'איז משמע פון אגה"ק[52] אז לולא החטא וואלט פנימיות התורה געבליבן מערניט ווי פאר "יחידי סגולה" (עס וואלט עכ"פ ניט געווען דער ענין פון "מצוה לגלות זאת החכמה"), און עס וואלט נתגלה געווארן נאר לאחרי ביאת משיח צדקנו.

וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: ווי שטימט דאס מיטן פס"ד וואס דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין הל' ת"ת[53], אז צו שלימות הנשמה איז נוגע אז זי זאל לערנען און משלים זיין אלע חלקים שבתורה, ניט נאר חלק הפשט, רמז און דרוש, נאר אויך חלק הסוד - ווי האט מען דאס אויסגעפירט איידער ס'איז געווארן דער ענין פון "מצוה לגלות זאת החכמה"?

איז דער ביאור בזה:

בנוגע צו די מצוות וואס דער מלך דארף טאן, ברענגט דער אלטער רבי אין אגה"ק[54] אז דורך דעריוף וואס דער מלך איז מקיים די מצוות, איז ער "מוציא כל ישראל", און עס ווערט פאררעכנט פונקט אזוי ווי זיי וואלטן דאס אליין געטאן.

ועד"ז קען מען אויך זאגן בנוגע צום לימוד פון פנימיות התורה דורך די יחידי סגולה - אז דורך דעריוף וואס די יחידי סגולה שבכל דור האבן געלערנט פנימיות התורה מיטן גאנצן שטורעם שבדבר (נאר אן דעם ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה"), האבן זיי מוציא געווען את כל בני ישראל כולם.

- יב. -

---

48) נדפס גם בריש ספר כש"ט הוצאת קה"ת. 49) ראה סה"מ תש"י ע' 94. לקו"ש ח"א ע' 260. 50) אגה"ק שם. 51) ח"א ריז, א. ח"ב קכג, ב. ח"ג עט, א. ועוד. 52) הנ"ל. 53) פ"א סוף ה"ד. 54) רסכ"ט.

יב. נאך א ביאור אין דערויף:

די תרי"ג מצוות זיינען דאך כנגד רמ"ח אברים ושס"ה גידים וואס זיינען דא בא יעדערן[55], איז לכאו' ניט פארשטאנ-דיק[56]: עס זיינען דאך דא מצוות וואס נאר א כהן איז מחוייב אין זיי, אדער נאר א לוי, און מצוות וואס נאר זכרים זיינען מחוייב אין זיי - איז ווי זאגט מען אז דער קיום פון תרי"ג מצוות איז פארבונדן מיט די רמ"ח אברים און שס"ה גידים (תרי"ג) פון דעם מענטשן?

שטייט אויף דערויף דער ביאור[57], אז דער קיום פון <u>אלע</u> תרי"ג מצוות מוז ניט זיין בגלגול זה דוקא, דאס קען אויך זיין בגלגול אחר (אין א פריערדיקן אדער א שפעטערדיקן גלגול), ד.ה. אז דער וואס איז איצטער א ישראל, קען ער זיין א כהן אדער א לוי אין אן אנדער גלגול, און דעמולט וועט ער קענען מקיים זיין די מצוות אין וועלכע ס'איז מחוייב נאר א כהן אדער א לוי וכו'.

ועד"ז קען מען אויך זאגן בנוגע צום לימוד פון פנימיות התורה, אז דאס קען אויך זיין בגלגול אחר - וואס דאס איז אויך מרומז אין דעם אלטן רבי'נס שו"ע אין הל' ת"ת, וואס ער זאגט דארטן "צריך לבוא בגלגול כו'".

יג. דערנאך איז אבער געקומען דער זמן פון דעם אריז"ל, וואס פון דעמולט אן איז געווארן "מצוה לגלות זאת החכמה" - א מצוה על כל אחד ואחד,

עאכו"כ נאך דערויף וואס ס'איז נתגלה געווארן תורת החסידות, און אין דערויף גופא - נאך פעטערבורג, וואס דעמולט האט זיך אנגעהויבן דער עיקר הענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה",

ובפרט ווי ס'איז געווארן דער ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה" דורך נשיא דורנו דער בעל ההילולא, וואס נאך זייענדיק בחיים חיותו בעלמא דין האט ער אראפגעטראגן און איבערגעזעצט די ענינים פון רזין דרזין דאורייתא אין אן אופן פון "באר היטב"[58], אז עס זאל אנקומען צום "חוצה" וואס איז ביי אידן, אפי' צו א אידן וואס רעדט אין אן אנדער לשון, און זיין הנהגה איז אין אן אנדער אופן, ווי גערעדט פריער בארוכה[59].

- און -

------------

55) זח"א קע, ב. ועוד. 56) ראה של"ה רסד, ב (הובא בשבט מוסר פ"ל). וראה גם הל' ת"ת שם ובהנסמן בהערה שם. 57) שבט מוסר שם. 58) תבוא כז, ח. וראה פרש"י עה"פ. סוטה לו, א. 59) שיחת אור ליום ג', כ"ד טבת ס"ו ואילך.

און וויבאלד אז מ'האלט שוין אין עקבתא דעקבתא דמשיחא, און "אט אט קומט משיח צדקנו" - קען מען זיך ניט פארלאזן אויף א גלגול שלאח"ז, און מ'קען זיך אויך ניט פארלאזן אויף דעם וואס אפשר וועט דאס אימעצער אנדערש טאן, נאר וויבאלד אז צו אים איז דערגאנגען די ידיעה אז משיח ואט באזאגט אז ביאתו איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה", ווערט ביי אים א מצוה (און צוזאמען דערמיט א חיוב, און צוזאמען דערמיט א זכות הכי נעלה) מפיץ זיין די מעיינות "חוצה",

אנהויבנדיק פון זיך אליין - ווי דער צ"צ[60] טייטשט אפ אז די מדות שבנפש זיינען "חוצה" לגבי דעם שכל שבנפש; און דערנאך אויך אין "חוצה" כפשוטו, אז ס'זאל אנקומען צו א צווייטן אידן, ביז צו א אידן וואס "בשם ישראל יכונה"[61].

יד. מ'האט גערעדט פריער אז דער ענין פון פנימיות התורה איז בדוגמת הענין פון "אילן", וואס דאס איז ניט קיין דבר המוכרת, נאר אן ענין של תענוג.

וואס אין דערויף איז דא דער ענין פון "גפן", וואס דאס איז דער ענין פון רזין דאורייתא, און דערנאך איז דא דער ענין פון "(זית) שמן", וואס דאס איז דער ענין פון רזין דרזין דאורייתא[62], און דערנאך זיינען דא די אנדערע דריי מינים - וואס כללותם איז פארבונדן מיט דעם ענין התענוג.

וואס דורך דעם ענין פון פנימיות התורה, באקומט א איד א תענוג נפלא אין עבודתו הרוחנית, בכל פעולותיו, סיי אין קיום המצוות, און סיי אין "כל מעשיך יהיו לשם שמים"[63], און אין "בכל דרכיך דעהו"[64].

און וויבאלד אז אלע ענינים זיינען "נשתלשלו מהן" - האט ער דעם ענין התענוג אין אלע זיינע ענינים, ד.ה. אז נוסף אויף דערויף וואס דער אויבערשטער גיט אים די דברים המוכרחים, "תסרונך", גיט ער אים אויך דעם ענין התענוג, "להתיות בהם נפש כל חי", אז יעדן ענין באקומט ער מיט א ריבוי גוונים און א ריבוי מיני תענוג, ביז צום תענוג הפשוט.

ובקרוב ממש וועט מען זוכה זיין צום גילוי פון פנימיות עתיק, דער ענין פון פנימיות התענוג, בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו,

- וואס -

------------

60) יהל אור ע' ת"ה. 61) ראה סה"מ תרפ"ח ע' קמו. ועוד.
62) אמ"ב שער הק"ש פנ"ד ואילך. 63) אבות פ"ב מי"ב.
64) משלי ג, ו.

וואס ער וועט לערנען רזין דרזין דאורייתא עם כל העם כולו, און דער לימוד וועט זיין אין אן אופן פון ראי׳, כמבואר בארוכה אין די דרושים וועלכע רעדן וועגן דערויף[65], ר.ה. אז יעדערער וועט זעהן די אלע ענינים פונקט אזוי ווי ער זעט איצטער בעיני בשר, וואס דעמולט איז ניט שייך אז ביי אים זאלן ווערן ספיקות און שינויים, און קיין ענין קען דאס ניט מחליש זיין[66].

וכן תהי׳ לנו בתוככי כלל ישראל, סיי בנוגע צו לימוד התורה און קיום המצוות, און סיי בנוגע צו אלע ענינים, כולל אויך צרכיו הגשמיים, ובעגלא דידן ממש.

* * *

טו. האמור לעיל וועגן חמשה עשר בשבט איז דער צד השוה אין חמשה עשר בשבט בכל השנים (אז דאס איז חמשה עשר בחודש שבט, און אז דאס איז פארבונדן מיט עשירי בשבט) - דערנאך איז אבער דא בכל שנה ושנה אן ענין מיוחד.

וואס אזוי איז אין אלע ענינים פון תורה ומצוותי׳, אז נוסף אויף דעם צד השוה וואס איז דא אין אלע ענינים פון תומ"צ, אז "ניתנו מרועה אחד"[67] - די גאנצע תורה מיט אלע אירע מצוות ופרטיהם, ביז כל מה שתלמיד ותיק עתיד לחדש[68] - איז אבער דא אן ענין מיוחד אין יעדער ענין בפ"ע, וואס דער ענין איז ניטא אין אלע אנדערע ענינים.

און אזוי איז אויך בנוגע צו אלע ענינים פון וועלט, "שנשתלשלו מהן", אז אע"פ אז ס׳איז דא די נקודה המשותפת והשוה אין אלע ענינים, אז "כל הנמצאים לא נמצאו אלא מאמיתת המצאו"[69], אעפ"כ, וויבאלד אז עס זיינען דא צוויי ענינים, דריי ענינים, און א ריבוי ענינים, ביז אז "תורת אמת" זאגט "מה רבו מעשיך ה׳"[70], איז דאס גופא מוכיח אז בא יעדערן פון זיי איז דא אן ענין מיוחד וואס דער ענין איז ניטא ביי די אנדערע.

ובלשון הגמרא בנוגע צו בני אדם, אז "אין דעתם דומה זה לזה", און "אין פרצופיהן דומין זה לזה", מיט אלע פרטים וואס מ׳רעכנט אויס אין גמרא[71] און נאכמער אין מדרשים (אין אדר"נ[72] וכו׳).

- ביז -

---

65) ראה לקו"ת צו יז, א. שער האמונה פנ"ו. שם פ"ס. סד"ה וידבר אלקים (הב׳) תרצ"ט. ועוד. 66) ראה לקו"ש ח"ו ע׳ 121 ובהנסמן בהע׳ 12 שם. 67) חגיגה ג, ב. 68) ראה בהנסמן בלקו"ש ח"ד ע׳ 1088 הע׳ 11. 69) רמב"ם ריש הל׳ יסוה"ת. 70) תהלים קד, כד. 71) סנהדרין לח, א. וראה גם ברכות נח, א. 72) ספ"ד.

ביז וואנעט אז ס'איז דא א גאנצע שקו"ט[73] צי אפשר לצמצם בידי שמים אז עס זאלן זיין צוויי גלייכע זאכן (נוסף אויף דער שקו"ט צי אפשר לצמצם בנוגע צו בני אדם) -

וואס דארטן רעדט זיך נאר צי עס קען זיין אז צוויי זאכן זאלן זיי שוים ממש אין איין פרט, אבער אז זיי זאלן זיין שוים ממש אין אלע פרטים, איז דאס א זאך וואס איז אוממעגליך, ווארום דער אויבערשטער האט זיי באשאפן אלס צוויי באזונדערע זאכן.

און דער חילוק צווישן די צוויי נבראים איז אויך ניכר לעיני בשר - עכ"פ אין דעם פרט אז יעדער ענין וואס געפינט זיך בעולם איז תופס מקום לעצמו, און אין דעם מקום וואו ער געפינט זיך קען ניט זיין קיין אנדער ענין.

[עס זיינען דא ענינים וואס זיינען פארבונדן מיטן אויבערשטן, וואס אויף זיי זאגט מען[74] אז "כלי מלא מחזיק, ריקן אינו מחזיק", אבער בנוגע צו די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט "מדת בשר ודם", זאגט מען אז "כלי ריקן מחזיק, מלא אינו מחזיק"].

ועד"ז איז אויך בנוגע צו ענינים רוחניים, אז יעדער ענין פארנעמט זיין מקום רוחני, ווי דער רמב"ם[75] טייטשט אז מקום רוחני איז דער ענין המעלה, און אין דעם מקום וואס ער פארנעמט קען ניט ארייננגיין א צווייטע זאך, ווארום דאס איז זיין מקום, זיין ענין, זיין מדריגה און זיין מעלה.

וואס דאס איז אויך דער ביאור אויף דעם וואס "אין שני נביאים מתנבאים בסגנון אחד"[76], וויבאלד אז יעדערער פון זיי האט זיין מקום רוחני.

עס קען טאקע זיין א צד השוה - א מעלה שוה - אין כו"כ ענינים, עס קען אבער ניט זיין אז די ענינים זאלן זיין שוה אין אלע מעלות, ווארום וויבאלד אז דער אויבערשטער האט זיי באשאפן אלס צוויי באזונדערע זאכן, איז דאס גופא א הוכחה אז ס'איז דא עפעס אן ענין אין וועלכן זיי גלייכן זיך ניט אויס, נאר יעדערער איז אן ענין מיוחד בפ"ע.

ועאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן אן ענין כללי, ווי חמשה עשר בחודש שבט (מיט אלע פרטים שבזה) - אז בכל שנה ושנה מוז זיין אן ענין מיוחד וואס איז נתחדש געווארן אין חמשה עשר בשבט, לגבי דעם חמשה עשר בשבט שלפניו און אויך שלאחריו.

- און -

---

73) ראה חולין כח, ב (ובתוד"ה לפי). בכורות יז, ב (ובתוד"ה אפשר). 74) ברכות מ, א. 75) מו"נ ח"א פ"ח. 76) סנהדרין פט, א. ועוד.


הנחת הת' בלתי מוגה

און לויט תורת הבעש"ט הידועה[77] - מוז דערפון זיין א הוראה אין עבודת ה׳.

וכמדובר כמ"פ אז די הוראה וואס מ׳נעמט ארויס פון חמשה עשר בשבט פון שנה זו, איז ניט נאר אויף דעם חמשה עשר בשבט, נאר די הוראה איז אויך על כל הימים שלאח"ז, עס איז מערניט וואס פון דעם מאורע און פון דעם ענין נעמט מען ארויס די הוראה וואס ביז דעמולט האט מען איר ניט געוואוסט.

טז. ווען מ׳הויבט אן זוכן דעם ענין מיוחד אין וועלכן עס טיילט זיך אויס דער חמשה עשר בשבט פון שנה זו - איז צום אלעם ערשטן דארף מען זוכן אין די ענינים וואס דער בעל ההילולא האט מיט זיי פארבונדן יערן טאג, און אין די ענינים גופא - לכל לראש די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט תורה ומצוותי׳, און דערנאך קומט דאס אראפ אין שאר כל הענינים "שנשתלשלו מהן".

וואס דאס זיינען די שיעורים פון חומש תהלים און תניא וועלכע דער בעל ההילולא האט מפרסם געווען, וואס דאס איז אן ענין אין תורה וועלכן דער בעל ההילולא האט פארבונדן מיט יעדן טאג - וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בא יעדערן וואס צו אים איז דערגאנגען די ידיעה וועגן דערויף, איז ביי אים יעדער טאג פארבונדן מיט די שיעורים אין תורה.

וואס דער שיעור תניא און דער שיעור תהלים פון חמשה עשר בשבט איז בשוה בכל השנים, אבער בנוגע צום שיעור חומש, זיינען דא שינויים משנה לשנה - לויט דער קביעות פון חמשה עשר בשבט אין ימות השבוע.

און בשנה זו פאלט אויס חמשה עשר בשבט ביום השני פון פ׳ יתרו - איז דא א הוראה מיוחדת בנוגע צו חמשה עשר בשבט פון שנה זו, וועלכע מ׳דארף ארויסנעמען פון דעם שיעור חומש פון דעם טאג.

[די זעלבע קביעות איז דא אין נאך כמה שנים, אבער ניט ברוב השנים, ועאכו"כ ניט בכל השנים; און ווען עס וועט זיין נאכאמאל די זעלבע קביעות אין אן אנדער יאר - וועט מען דארפן זוכן אין דערויף גופא א חילוק צווישן ביידע יארן].

וכידוע די תורה פון דעם אלטן רבי׳ן[78] אז מ׳דארף לעבן מיט דער צייט - ארויסנעמען א הוראה פון פרשת השבוע, און בכל יום - פון דעם שיעור חומש פון דעם טאג.

- יז. -

------------

77) כש"ט הוספות אות קכז-קכט. 78) היום יום ע׳ נב. סה"ש תש"ב ע׳ 29 ואילך.

יז. אין פ׳ יתרו זיינען דא ריבוי ענינים, ביז ווי עס שטייט אין כתבי האריז"ל[79] אז אין יעדן ענין שבתורה זיינען דא ששים רבוא פירושים ע"ד הפשט, ע"ד הרמז, ע"ד הדרוש און ע"ד הסוד.

און אפי׳ אז מ׳הויבט אן קוקן אין פשטות הכתובים, וואס "אין מקרא יוצא מידי פשוטו" - זיינען אויך דא א ריבוי ענינים אין דער פרשה.

מ׳זעט אבער אז אין דעם שיעור פון יום שני (אין פרשת יתרו), האט תורה אויסגעטיילט דעם ענין פון "ואתה תחזה"[80].

[עס איז ניט דער איינציקער פסוק אין דער פרשה, ס׳איז ניט דער ערשטער פסוק און ניט דער לעצטער פסוק - דער פסוק איז אבער אויסגעטיילט אלס א באזונדערע ענין].

ביז ווי עס שטייט אין ספרי[81] "למה נקרא שמו יתרו, ע"ש שיתר פרשה אחת בתורה, ואתה תחזה", וואס פריער (איידער "וישמע יתרו"[82], וואס דעמולט איז ער געקומען און זיך מגייר געווען) האט ער געהייסן "יתר", ווי ס׳שטייט[83] "וישב אל יתר חותנו", און מצד דערויף וואס "יתר פרשה אחת בתורה", די פרשה פון "ואתה תחזה", האט מען אים מוסיף געווען א וא"ו - "יתרו".

[י"ל אז מצד דערויף וואס די פרשה בתורה הויבט זיך אן מיט "ואתה תחזה", מיט א וא"ו, דערפאר האט מען אים מוסיף געווען א וא"ו בסופו -

דלכאורה: א וא"ו בראש התיבה איז א וא"ו המוסיף, אבער א וא"ו בסוף התיבה איז ניט מרמז אויף אן ענין של הוספה (ולכאו׳ איז גאר "יתר" מרמז אויף א הוספה[84])?

נאר וויבאלד אז די פרשה וועלכע ער האט מוסיף געווען בתורה הויבט זיך אן מיט א וא"ו ("ואתה תחזה"), האט מען גענומען די התחלת הפרשה (דעם וא"ו), און מוסיף געווען אויף "יתר", און ס׳איז געווארן "יתרו"].

און ס׳איז אויך פארשטאנדיק בפשטות, אז דער עיקר חידוש פון דער פרשה חומש פון שני ביז שלישי איז - דער ענין פון "ואתה תחזה":

פריער ווערט דערציילט פארוואס האט געדארפט זיין דער - "ואתה -

------------

79) שער הגלגולים הקדמה יז. ש׳ רוה"ק (קח, ב). ליקוטי מהרח"ו שבסוף שער מאמרי רז"ל. 80) פרשתנו יח, כא.
81) עה"פ בהעלותך י, כט. 82) ריש פרשתנו. 83) שמות ד, יח.
84) ראה מכילתא ופרש"י ריש פרשתנו. תנחומא פרשתנו ד. ועוד.

"ואתה תחזה" - דערפאר וואס משה רבינו וועט דאס אליין ניט קענען דורכפירן (אע"פ אז ער איז געווען רועך של ישראל),

אבער אזוי ווי עס דארף זיין דער ענין פון "והזהרתה אתהם את החוקים גו׳"[85], מיט אלע פרטים שבזה (און ווי־דערציילט פריער אז יתרו האט געזעהן וואס איז די ארבעט פון משה רבינו) - האט יתרו אויפגעטאן דעם ענין פון "ואתה תחזה" - וואס דאס איז דער עיקר הענין וואס ווערט דערציילט אין דער פרשה,

און דערנאך פירט ער אויס אז בשעת ער וועט זיך פירן אין דעם אופן, איז "ויכלת עמוד וגם כל העם הזה על מקומו יבוא בשלום"[86].

ד.ה. אז די נקודה העיקרית פון דער פרשה איז דער ענין פון "ואתה תחזה", און דאס וואס ס׳שטייט לפנ"ז און לאח"ז, איז נאר א הקדמה, א ביאור און דער סיום הענין.

יח. דער ביאור אין דעם ענין פון "ואתה תחזה":

אע"פ אז משה רבינו האט טאקע געדארפט אנקומען צו די "שרי אלפים שרי מאות שרי חמשים ושרי עשרות"[87], פונדעסטוועגן, וועט קלייבט זיי אויס - "ואתה תחזה" - משה רבינו אליין.

אין משה רבינו גופא זיינען דאך דא כו"כ דרגות, איז נזעלבע דרגא אין משה דארף כען האבן אויף דערויף - "ואתה תחזה" - די עצם פון משה רבינו.

און ווי ס׳איז אויך פארשטאנדיק דערפון וואס רש"י טייטשט אפ אין פשוטו של מקרא, אז "ואתה תחזה" מיינט "ברוה"ק שעליך" - וואס לכאו׳ איז ניט פארשטאנדיק, וואס פעלט אין דעם פשוט׳ן אפטייטש פון "ואתה תחזה" (דו וועסט זעהן) וואס רש"י דארף אפטייטשן "ברוה"ק שעליך"?

נאר רש"י וויל מדגיש זיין אז אויף דעם ענין האט מען געדארפט האבן דעם עצם פון משה רבינו - וואס דאס איז דער ענין פון "רוה"ק שעליך", ווי דער בן חמש למקרא פארשטייט אז די פניביות ועצמות פון משה רבינו איז דאס וואס "שכינה מדברת מתוך גרונו"[88], ובלשון רש"י - דער רוה"ק שעליו (דער רוח פון דעם אויבערשטן וואס געפינט זיך אין אים).

ד.ה. אז אין דרגה משה גופא ווערט אויפגעטאן דער ענין פון "תחזה" דורך דעם רוה"ק שבו, און פון דארטן קומט דאס אראפ אין מעשה בפועל.

- יט. -

------------

85) פרשהנו שם, כ. 86) שם, כג. 87) שם, כא. 88) ראה בהנסמן בלקו"ש ח"ד ע׳ 1087 הע׳ 5.

יט. דער ביאור בזה אין עבודת כל אחד ואחת מישראל:

בא יעדער אידן איז דא דער ענין פון משה רבינו[89], וואס דאס איז דער ענין פון נקודת השכל, דער כח החכמה, וואס דאס איז די נקודה און עיקר השכל.

און בשעת אז מ'דארף באווארענען אז ס'זאל זיין "כל העם הזה על מקומו יבוא בשלום", בנוגע צו אלע פרטים פון הנהגת האדם, אין מחשבה דיבור ומעשה (ביז אין פרטי פרטים פון ענין המעשה), כולל אויך דעם ענין פון "כל מעשיך יהיו לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו" -

איז נקודת השכל, דער כח החכמה, קען זיך ניט אפגעבן מיט ארויסבאקומען א הוראה ברורה בנוגע צו א פרט שבפרט אין אן ענין של עשי' וואס איז פארבונדן מיטן עקב שברגל, ווארום דעמולט איז "נבול תבול גו'"[90],

דערצו דארף מען האבן אז ס'זאל אראפקומען אין בינה, און ס'זאל אראפקומען אין דעת, און ס'זאל אראפקומען אין רגש שבלב, ביז ווארנעט אז עס וועט ארויסקומען די מסקנא בנוגע צו אן ענין של מעשה וואס איז פארבונדן מיטן עקב שברגל.

עס דארף אבער זיין דער ענין פון "ואתה תחזה":

די אלע ענינים דארפן אנגעפירט ווערן פון דעם עצם און פנימיות האדם, דער כח החכמה שבו, וואס דאס איז דער ענין המס"נ (דער רוה"ק שבו, און בחי' משה רבינו שבו).

ד.ה. אז בתחלת העבודה דארף ער באשטימען (מיט זיין כח החכמה, דער כח המס"נ) די "שרי אלפים" וכו' - די וואס דארפן מחליט זיין ווי אזוי ער זאל זיך פירן ווען ער איז א שר האלף, ווען ער האט צוטאן מיט אלף ענינים פרטיים שלו, און ווי אזוי ער זאל זיך פירן ווען ער איז א שר המאה, ווען ער קומט אראפ אין א כלל נמוך יותר, וואס איז כולל מערניט ווי מאה ענינים שלו, ביז ווי ער קומט אראפ אין א כלל וואס איז כולל מערניט ווי עשר ענינים,

וואס יעדער ענין איז דאך כלול פון עשר, כמבואר באריכה אין פרדס[91] אז דערפאר איז די וועלט באשאפן געווארן "בעשרה מאמרות"[92].

עס איז טאקע דא דער ענין וואס "במאמר אחד יכול להבראות", וואס וויבאלד אז דאס איז די יכולת ("במאמר אחד

- יכול -

89) ראה תניא דפמ"ב. 90) פרשתנו שם, יח. 91) שער ב'. 92) אבות רפ"ה.

יכול להבראות") פון דעם אויבערשטן, איז טאקע אזוי געווען בפועל, אבער צוזאמען דערמיט זאגט מען אז די וועלט איז באשאפן געווארן "בעשרה מאמרות" -

וואס דער ביאור אין דערויף איז (ווי חסידות[93] איז מבאר), אז אין דעם ענין פון "מאמר אחד" זיינען דא צוויי פירושים:

דער ענין פון כתר, וואס איז העכער פון די עשרה מאמרות, און פון אים ווערן נמשך אלע עשרה מאמרות, אדער אז דאס איז דער ענין פון מלכות, וואס איז נידעריקער פון די עשרה מאמרות, און איז מקבל פון אלע עשרה מאמרות - און דערנאך זיינען דא די עשרה מאמרות אליין.

און אין כללות עבודת האדם איז דאס דער ענין פון רצון, און דער ענין פון עשי' (די מסקנא פון דעם גאנצן ענין בנוגע לפועל), וואס די צוויי ענינים זיינען בדוגמת כתר און מלכות.

כ. די הוראה דערפון בנוגע לפועל (ס'איז טאקע אן ענין של דרוש און א רמז, מיט אלע ענינים טובים שבדבר - דאס דארף אבער אראפקומען אין מעשה בפועל):

דער אופן העבודה פון א אידן איז, שלא כדעת הטועים אז אידער ער איז מחליט צו טאן עפעס אן ענין פון הוכ"צ, מוז ער זיך אוועקזעצן מתבונן זיין אין דערויף בכל עשר כחות נפשו (צי ער דארף טאן די זאך, אדער ניט) - ווארום רעמולט איז "נבול תבול גם אתה גם העם גו'", ער וועט ניט קומען צום מעשה בפועל.

ת"ו צו שולל זיין אז דער שכל דארף זיין דער מושל ושולט בו - וויבאלד ער האט א נפש השכלית, דארף דער שכל זיין דער מושל ושולט, און ניט סתם שכל, נאר שכל פון נה"א, וואס דארטן איז "יתידה ליחדך"[94], דארטן איז דער מושל ושולט דער רוה"ק שבו, וואס דאס איז דער ענין פון משה רבינו;

אבער דער ענין ההתבוננות וכו', דארף זיין בתחלת היום, ד.ה. אז אידער ער גייט עפעס טאן במשך פון דעם טאג, דארף זיין דער ענין פון עבודת התפלה, וואס דורך דערויף ווערט אויפגעטאן דער ענין פון "ראשו מגיע השמימה"[95] - אין

- "שביבה" -

---

93) סה"מ תרנ"ט ע' קמד ואילך. ועוד. 94) פיוט הושענא. ודאה סה"מ ה'ש"ת ע' מא. תש"א ע' 150. ועוד. 95) ל' הכתוב - ויצא כח, יב. וראה זת"א רסו, ב. ת"ג שו, ב. תקו"ז תי' מה.

"שמימה" פון דעם אדם, וואס דאס איז פארבונדן מיט "שמימה" כפשוטו,

און דערפון קומט דאס דערנאך אראפ למטה, דורך דעם "סולם מוצב ארצה" וואס "עולים ויורדים בו"[96], ביז אין "הנהג בהן מנהג דרך ארץ"[97], און דערנאך סוף עד די מעשה בפועל, אָן די גאנצע התבוננות וכו׳.

און דער סדר אין דערויף איז - אז פריער זיינען דא די החלטות כלליות בנוגע צו דער הנהגה כללית פון כל היום כולו, וואס די החלטות כלליות זיינען כולל אין זיך א ריבוי פרטים, ביז צו אלף פרטים (בדוגמת "שרי אלפים"), און דערנאך קומט דאס אראפ אין החלטות פרטיות יותר, וועלכע זיינען כולל אין זיך ווייניקער פרטים, ביז צו החלטות וואס זיינען בדוגמת "שרי עשרות".

און דעמולט וועט זיין "כל העם הזה (ניט נאר משה רבינו) על מקומו יבוא בשלום", אז עס וועט ארויסקומען דער ענין פון מעשה בפועל.

כא. מ׳דארף אבער פארשטיין: לכאו׳, וועמען ארט אז ער וועט ניט קומען צו קיין מעשה בפועל - דערווייל האט ער זיך פאר-נומען מיטן שכל פון נה"א, ער האט זיך מתבונן געווען וועלכן ענין אין תורה ער דארף לערנען, און וועלכע מצוה ער דארף ערשט מקיים זיין!

נאכמער: מ׳דערציילט אז בשעת מ׳האט אפגעדרוקט דעם לקו"ת אין ווילנא, בזמן פון דעם רבי׳ן נ"ע, האט ר׳ אנשיל אראנאוויטש מגי׳ געווען דעם לקו"ת, און מ׳האט דעמולט פאראכטן ארום 3.000 טעותי הדפוס.

און ווען ער איז געקומען אין ליובאוויטש און האט געבראכט דעם לקו"ת, איז דער רבי נ"ע געווען זייער צופרידן דערפון.

ווען ער האט געזעהן אז דער רבי נ"ע איז צופרידן, און אלע זיינען צופרידן, איז ער אוועקגעגאנגען און האט דאס דערציילט צו ר׳ דוד הירשל טשערניגאווער [דער טשערניגאווער דב - ער איז געווען א גרויסער למדן, א גרויסער חסיד און א גרויסער עובד, מיט אלע מעלות שבדבר] - האט ער געזעהן אז ער איז עפעס ניט צופרידן דערפון;

ער האט מודא געהאט צו זאגן א שאדפן ווארט, הערנדיק אז דער רבי נ"ע איז צופרידן דערפון, מ׳האט אבער געזעהן אז אין דעתו נוחה דערפון.

- האט -

------------

96) ויצא שם. 97) ברכות לה, ב.

האט ער אים געפרעגט, פארוואס איז ער ניט צופרידן דערפון, דאס איז דאך א גוטע זאך, מ'האט מגי' געווען דעם אלטן רבי'נס א ספר?!

האט ער אים געענטפערט - פארשטייסט ניט דעם גאנצן ענין:

דער גאנצער ענין פון חסידות איז - ניט דוקא פארשטיין מיט שכל אנושי, נאר דער עיקר איז, אז דער שכל זאל זיין פארנומען און ליגן כל היום כולו אין ענין פון חסידות.

איז בשעת מ'לערנט אן ענין וואס דארטן איז דא א גרייז, ובמילא איז דאס ניט פארשטאנדיק, דארף ער הארעווען אויף דערויף אן אריכות הזמן, ביז אז ער כאפט זיך אז דא איז דא א גרייז.

[וואַרום מאכן א גרייז אין א חסידישן ספר (אדער א נגלה ספר) סתם אזוי - איז ווער האט דאס די ברייטקייט;

נאר לאחרי די גאנצע שקו"ט וואס ער גריבלט זיך אין דערויף, און איז יורד לעומקו של דבר, קומט ער צו צו דער מסקנא (נאך דעם וואס ער האט אויף דערויף כמה ראיות והוכחות) אז מ'מוז זאגן אז ס'איז א גרייז].

איז וואס האסטו אויפגעטאן מיטן פאריכטן די גריידן אין לקו"ת - זאגט ער צו ר' אנשיל אראנאוויטש - האסט אויפגעטאן אז אנשטאט א איד זאל אפגעבן א שעה צוויי אדער דריי אויף צו הארעווען אויף א מאמר אין לקו"ת, וועט ער קענען דורכלויפן דעם מאמר, ווארום ס'איז ניטא קיין זאך וואס זאל אים שטערן (דערפאר וואס מ'האט פאראכטן די גריידן), און דערנאך ווייסט מען ניט וואס וועט ער גיין טאן!

ועד"ז איז בנוגע לכל העינינים - ווענען ארט אז ער וועט א גאנצן טאג טראכטן וועגן דער שקו"ט, און ער וועט ניט קומען צום מעשה בפועל - דערווייילע איז ער געלעגן אין דעם שכל פון נפש האלקית?!

כב. איז דער ביאור בזה - אז עס זיינען דא מצוות שהזמן גרמא, וואס מ'קען זיי ניט פארבייטן אפי' מיט עיון בתורה.

ווען עס קומט דער זמן פון הנחת תפילין (וואס "הוקשה כל התורה כולה לתפילין"[98]), דארף ער לייגן תפילין במעשה בפועל, ועד"ז בנוגע צו אלע מצוות מעשיות - וואס דער ענין פון קיום המצוות דארף נעמען צייט; אזוי איז ער באשאפן געווארן אלס א נשמה בגוף, און אויב ער וועט אויועקגיין

- צופיל -

------------

98) קידושין לה, א.

צופיל אין עיון בתורה, איז אין לדבר סוף, און ער וועט ניט קומען צו מעשה המצוות בפועל.

מ׳זאגט טאקע אז "כל העוסק בתורת חטאת כאילו הקריב חטאת"[99], אבער אעפ"כ, בזמן שביהמ"ק הי׳ קיים, איז ניט געווען גענוג דאס וואס "כאילו הקריב כו׳", נאר עס האט געדארפט זיין הקרבת הקרבן בפועל.

ועד"ז איז אויך בנוגע צו אלע מצוות מעשיות, אז ער דארף מקיים זיין די מצוה במעשה בפועל, וכמבואר בארוכה אין תניא[100] אז דורך כוונה און הרהור איז מען ניט יוצא (אפילו אז די אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיטן שכל זיינען ביי אים געווען בשלימות), נאר מ׳מוז האבן דעם מעשה בפועל.

ועד"ז דארף מען האבן דעם ענין המעשה בפועל, כדי ער זאל אויפטאן אין וועלט, ווארום נוסף אויף דערויף וואס ער טראכט וועגן זיין תיקון, האט מען אים אראפגעשיקט דא למטה (ניט צוליב דער נשמה, ווי ער ברענגט אראפ אין תניא[101] פון ע"ח[102] אז "הנשמה עצמה אינה צריכה תיקון כלל", נאר) כדי צו מתקן זיין דעם גוף ונה"ב און חלקו בעולם, וואס צוליב דערויף דארף ער טאן די ענינים פון מעשה בפועל מיט עניני העולם.

כב. און אויף דערויף זאגט מען, אז כדי ס׳זאל זיין דער ענין פון מעשה בפועל כדבעי, דארף מען האבן דעם ענין פון "ואתה תחזה", וואס דאס איז די הוראה כללית בתחלת היום בנוגע לכל היום כולו, און ערשט דערנאך קומט דאס אדאפ אין מעשה בפועל כדבעי.

לכאורה איז אבער ניט פארשטאנדיק:

צוליב וואס דארף מען אנקומען צו דעם ענין פון "ואתה תחזה" אז ס׳זאל זיין דער ענין פון מעשה בפועל - דאס וואס מ׳מוז מקיים זיין די מצוה בפועל, איז א דין אין קיצור שו"ע, און אויף דערויף דארף מען לכאו׳ ניט אנקומען צום אדיכות הביאור ע"פ חסידות אין דעם ענין פון "ואתה תחזה"?!

און ווי מ׳זעט בפועל אז אײדער יתדו האט מחדש געווען דעם ענין פון "ואתה תחזה", האבן שוין אידן מקיים געווען בפועל כו"כ מצוות, אנהויבנדיק פון מצות מילה, וואס נתייחדו בה ישראל מכל שאר האומות[103], און ס׳איז געווען מובן

- בפשטות -

-------------

99) מנחות קי, א. 100) פל"ז (מז, א ואילך). רפל"ח. 101) פל"ז (מח, ב). 102) שער כ"ו פ"א. 103) ראה סנהדרין נט, ב. רמב"ם הל׳ מלכים פ"י ה"ז. ועוד.

בפשטות אז ס'איז ניט גענוג אז מ'זאל לערנען וועגן מצות מילה, נאר ס'דארף זיין דער קיום פון מצות מילה בפועל,

וואס כדי צו מקיים זיין מצות מילה בפועל - דארף דאס נעמען זמן, און מ'דארף האבן א כלי, ביז ווי די גמרא זאגט אין שבת[104] אז כדי צו מאכן א כלי למילה דארף מען האבן א גאנצע השתלשלות - "כורתין עצים לעשות פחמין לעשות ברזל (לאיזמל של מילה[105])", וואס אן די אלע ענינים, איז ניט שייך דער קיום פון מצות מילה בפועל.

איז ניט פארשטאנדיק: וואס איז דער תידוש פון "ואתה תתזה" בנוגע צו קיום המצוות בפועל?

כד. איז דער ביאור בזה:

דער תידוש אין דערויף איז - ניט בנוגע צו אידן, די "שרי אלפים שרי מאות שרי תמשים ושרי עשרות", נאר בנוגע צו משה רבינו, אז ער דארף זיך אויך פארנעמען מיט מעשה בפועל - "ואתה תתזה".

והביאור בזה:

ענינו פון משה רבינו איז דער ענין פון תורה, ווי ס'שטייט[106] "זכרו תורת משה עבדי", און "לפי שמסר נפשו עלי' מקנאת על שכו"[107], און ביי אים איז געווען "תורתו אומנתו",

[ווארום מה-דאך אז בא רשב"י איז געווען "תורתו אומנתו"[108], וואס נשמת רשב"י איז געווען א ניצוץ פון נשמת רעיא מהימנא (משה רבינו)[109], איז עאכו"כ אז בא משה רבינו איז געווען "תורתו אומנתו"],

איז לכאו' ניט אזוי נוגע דער ענין פון מעשה בפועל - דער עיקר איז דער ענין פון לימוד התורה.

און ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין לקו"ת[110], אז די י"ג שנה וואס רשב"י און ר"א בנו זיינען געווען אין דער מערה[111], איז "לא הי' יכול לקיים במעשה כמה מצוה כעשיות . . אכילת מצה בפסת יקדוש על היין ואתרוג וסוכה כו'". און "המשיך ההמשכות . . ע"י יתורים ועליות כו'",

און ווי ער איז מבאר דארטן אז ס'זיינען דא ב' ענייני

- צריקים -

------------

104) קל, רע"א. 105) פרש"י שם ד"ה לעשות. 106) מלאכי ג, כב. 107) ראה שמו"ר פ"ל, ד. 108) שבת יא. וראה טושו"ע (ואדה"ז) או"ת סו"ס קו. הל' ת"ת לאדה"ז פ"ד ס"ד-ה. 109) עמה"מ סב, ד. זת"א יד, סע"ב בהגה"ה. סידור שז, ב. 100) ר"פ שמיני. 111) שבת לג, ב. ועוד.

צדיקים – צדיקים וואס זיינען בדוגמת "לויתן" ("שהוא לשון התחברות", זיי זיינען מחובר בתמידות להקב"ה), און צדיקים וואס זיינען בדוגמת "שור הבר", וואס די צדיקים וואס זיינען בבחי' לויתן, איז "עבודתם ברוחניות פי' בכוונת הלב לייחד יחודים עליונים כו'", און עס ווערט פארעכנט פונקט ווי זיי האבן מקיים געווען די מצוות בגשמיות.

דעם מען דאך אבער אז די צדיקים וואס זיינען בבחי' לויתן, דארפן אויך מקיים זיין די מצוות במעשה בפועל, און לולא אונס המערה, וואלט רשב"י געדארפט מקיים זיין די מצוה פון אכילת מצה בפסח, ועד"ז אלע מצוות מעשיות[112];

ס'איז מערניס וואס בשעת מ'רעדט וועגן די י"ג שנה וואס ער איז געווען אין דער מערה, און האט ניט געקענט מקיים זיין מצוות מעשיות, און מ'וויל מבאר זיין ווי אזוי איז ביי אים געווען דער ענין פון קיום המצוות [אכת סאקע אז "אונס רחמנא פטרי'"[113], אבער "אונסא כמאן דלא עבד"[114]] – איז מען מבאר אז ביי אים איז געווען דער ענין פון קיום המצוות "ע"י יחודים ועליות כו'", וויבאלד אז ער איז געווען בבחי' לויתן,

אבער בשעת ס'איז ניטא קיין ענין של אונס – דארף אויך דער צדיק וואס איז בבחי' "לויתן" מקיים זיין מצוות מעשיוה במעשה בפועל, וויבאלד אז ער איז א נשמה בגוף.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו משה רבינו, אז אע"פ אז ענינו איז דער ענין פון תורה, דארף ער זיך אבער אויך פארנעמען מיט די ענינים פון מעשה בפועל, דורך דערויף וואס "ואתה תחזה".

כה. און אע"פ אז נאך איידער יתרו האט מחדש געווען דעם ענין פון "ואתה תחזה", האט זיך משה רבינו פארנומען מיט משפט'ן דעם עם – האט מען אבער גע'טענה'ט צו משה רבינו, אז אויב ער וועט זיך אליין פארנעמען מיטן מעשה בפועל פון דעם גאנצן עם (ער וועט אליין משפט'ן אלעמען), וועט פעלן אין דער שלימות פון דעם עם,

און דערפאר כדי אז ס'זאל זיין דער "כל העם הזה על מקומו יבוא בשלום", דארף ער (זיך מוסר נפש זיין, אז ער זאל זיך ניט פארנעמען איינער אליין מיטן גאנצן עם, נאר ער זאל) ממנה זיין "שרי אלפים שרי מאות שרי חמשים ושרי

- עשרות" -

------------

112) ראה ירושלמי ברכות פ"א סוף ה"ב. שבת פ"א סוף ה"ב.
113) ב"ק כח, סע"ב. וש"נ. 114) ירושלמי גיטין פ"ז ה"ו. קידושין פ"ג ה"ב.

עשרות", וואס זיי וועלן משפט'ן דעם עם בפועל; נאר דאס דארף זיין אנגעפירט דורך משה רבינו - "ואתה תחזה".

און נאכמער: מ'האט געטענה'ט צו משה רבינו, אז אויב ער וועט זיך אליין פארנעמען מיט משפט'ן דעם עם, איז "נבול תבול גם אתה":

בא משה רבינו איז געווען דער ענין פון "נובלות" שבו - דאס וואס ער האט א שייכות און איז פארבונדן מיטן זולת, וואס דער ענין וואלט ניט בעקענט אויסהאלטן, און עס וואלט געווארן אוים קשר ושייכות צווישן די "שש מאות אלף רגלי העם אשר אנכי בקרבו"[115] מיט משה רבינו.

און דערפאר דארף מען האבן די "שרי אלפים גו'" - נאר דאס דארף זיין אין אן אופן פון "ואתה תחזה".

כו. דער ביאור אין דער הוראה דערפון בנוגע לכל אחד ואחת מישראל:

דער אלטער רבי איז מבאר[116] דעם מארז"ל[117] "המתפלל צריך שיתן עיניו למטה ולבו למעלה", אז אפי' ווען ער האלט בשעת התפלה, עד שטייט מיט א התדבקות צום אויבערשטן, דארף ער אויך דעמולט האבן עפעס א שייכות מיט עניני העולם ("עיניו למטה"), ווארום אויב בשעת התפלה וועט ער זיין אינגאנצן "למעלה", און וועט ניט האבן קיין שייכות מיטן "מטה", וועט די תפלה בלייבן א באזונדער זאך, און עס וועט ניט פועל'ן אויף דער הנהגה פון כל היום כולו.

וואס דאס איז דער ענין פון "ואתה תחזה" - אז אין עבודת התפלה (וואס איז בהתחלת היום) דארף שוין זיין די התבוננות און החלטה בנוגע צו הנהגת כל היום כולו, אין די ענינים פון אכילה, מסחר, טיול און כל עניניו.

עס קען אבער ניט זיין אז במשך כל היום כולו זאל ער שטיין אין דעם זעלבן מעמד ומצב ווי ער שטייט בשעת שמו"ע (וואס ווען עס קומט צו שמו"ע, איז בא יעדער אידן דא די כוונה כללית פון "דע לפני מי אתה עומד"[118]) - ווארום שמו"ע איז טאקע תכלית השלימות והעלי', אבער אויב ער וועט שטיין אין דעם מעמד ומצב במשך כל היום כולו, איז "נבול תבול" - עס וועט ניט ארויסקומען דער ענין פון מעשה בפועל, ווארום ער וועט זיך געפינען "למעלה", און וועט ניט האבן קיין שייכות מיט ענינים פון "מטה", מעשה בפועל;

- כדי -

------------

115) ל' הכתוב - בהעלותך יא, כא. 116) ראה לקו"ת ראה כד, א. 117) יבמות קה, ב. 118) ראה ברכות כח, ב. ועוד.

כדי ס'זאל זיין "כל העם הזה על מקומו יבוא בשלום", אז דער מעשה בפועל פון כל היום כולו זאל זיין אין אן אופן פון שלום און שלימות - דארף מען האבן די "שרי אלפים שרי מאות שרי חמשים ושרי עשרות", וואס דאס זיינען די החלטות וואס ער נעמט ארויס פון דעם ענין התפלה בנוגע להנהגת כל היום כולו, און דערפון קומט דאס דערנאך אראפ אין מעשה בפועל.

כז. בנוגע צו הנהגת האדם במשך כל היום כולו - דארף מען האבן די "שרי אלפים גו' שרי עשרות", כדי זיי זאלן טאן דעם ענין פון "ושפטו את העם גו'". והביאור בזה:

ס'איז מבואר בארוכה בכ"מ (אין ספרי מוסר, און נאכמער אין ספרי חסידות), אז איידער א איד טוט א זאך, דארף ער זיך משפט'ן צי ער דארף דאס (און ווי ער דארף דאס טאן), אדער אז דאס איז ניט קיין דבר המוכרח, מערניט ווי אן ענין של תענוג.

וואס די הוראה הכללית בזה, האט מען פון אברהם אבינו, וואס ביי אים איז געווען די הנהגה פון "יצוה את בניו ואת ביתו אחריו ושמרו דרך ה' לעשות צדקה ומשפט"[119]:

דער אלטער רבי איז מבאר בארוכה[120], און כ"ק מו"ח אדמו"ר ברענגט דאס בכמה דרושים[121], אז די "צדקה" פון אברהם אבינו איז געווען פארבונדן מיט "משפט" - פריער משפט ער זיך וויפל קומט אים ער זאל הנאה האבן פון כספו וזהבו, און נאך דערויף וואס ער מאכט דעם חשבון צדק און נעמט פאר זיך דאס וואס ס'איז א דבר ברור אז דערפון קען ער הנאה האבן, גיט ער אוועק אלע איבעריקע ענינים אויף צדקה, וואס דעמולט איז דאס צדקה אמיתית.

און אויף דערויף דארף מען האבן א שופט ער זאל מאכן דעם משפט - וואס אע"פ אז "משפט כו' איהו רחמי"[122], איז דאך דאס אבער אויך פארבונדן מיט אן ענין של דין וגבורה, וואס ער משפט זיך נוצנדיק זיך אויך מיט מדת הדין והגבורה.

וואס דאס איז די הוראה פון "ואתה תחזה" כפשוטו - אויסקלייבן שופטים וואס זיי זאלן משפט'ן; נאר אין דער פרשה רעדט זיך בפשטות וועגן כללות כל עם ישראל, עס איז אבער אויך דא דער ענין ווי דאס איז אין עבודת כאו"א, וואס יעדער איד איז אן "עולם מלא"[123], פונקט אזוי ווי אלע איבעריקע אידן,

- ביז -

---

119) וירא יח, יט. 120) תו"א בשלח סג, ב. 121) ד"ה אשר ברא תרפ"ט פ"ד (סה"מ קונט' ח"א כג, ב). סה"מ קונטרסים ח"ב הכח, ב. 122) תקו"ז בהקדמה בתחלתה. 123) סנהדרין לז, א במשנה.

ביז ווי דאס קומט אראפ אין א דין כפשוטו אז "קריע לא בטל"[124], ד.ה. אז אפי' ווען מ'רעדט וועגן איין אידן פון ששים רבוא מישראל, איז ער א "קבוע" און "אינו בטל",

[ס'איז מערניט אז ררי ט'זאל קענען זיין דער ענין פון בחירה חפשית, קומט דאס אראפ אויך ביי אומות העולם,

כמדובר כמ"פ בנוגע צו דעם וואס דער ראש איז למעלה מן הרגל, אז דאס נעמט זיך דערפון וואס אזוי איז דאס אין דעם "אדם העליון", און כדי אז ס'זאל קענען זיין דער ענין פון בחירה חפשית, קומט דאס אראפ אין כללות מין האדם].

כח. און דאס איז די הוראה מיוחדת וואס מ'נעמט ארויס פון קביעות שנה זו, אז חמשה עשר בשבט (וואס דעמולט איז "קיימא סיהרא באשלמותא" פון גאנץ חודש שבט, כולל אויך יו"ד שבט, וואס די ענינים פון יו"ד שבט זיינען ענינים כלליים על כל משך החיים) איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "ואתה תחזה".

און דורך דעם ענין פון "ואתה תחזה" ווערט אויפגעטאן אז ביי אים קומט צו א וא"ו המוסיף - נוסף לזה וואס פריער האט ער אויך געהייסן "יתר", איז דורך דערויף וואס "יתר פרשה אחת בתורה" (די פרשה פון "ואתה תחזה"), ווערט ער אנגערופן "יתרו" (מ'איז מוסיף נאך א וא"ו).

וואס אין עבודת האדם מיינט דאס - אז בשעת א איד איז מקיים א מצוה, איז אע"פ אז ער האט שוין געטאן די מצוה כו"כ פעמים, און אין די דורות שלפניו האבן אידן אויך מקיים געווען די מצוה -

זאגט מען אבער אז דורך דעם וואס ער איז מקיים די מצוה, ווערט אויפגעטאן דער "יחוד זה לבעלה הוא נצחי לעולם ועד"[125], און ער מאכט די ברכה אויף דער מצוה, וואס דער אפטייטש פון ברכת המצוות איז, אז דורך עשית המצוה איז ער ממשיך אלקות - די המשכת אלקות וואס איז פארבונדן מיט מצות תפילין, ועד"ז בשאר המצוות.

וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: אפי' ווען עס רעדט זיך וועגן דעם וואס ער איז משעבד לבו ומוחו (וואס דאס איז אן ענין וואס קען געטאן ווערן נאר דורך אים), איז וויבאלד אז ער האלט שוין אין דעם צווייטן טאג נאך בר-מצוה, האט ער דאס שוין אויפגעטאן נעכטן,

עאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן די המשכת אלקות וואס

- ווערט -

------------

124) ראה זבחים עג, ב ובתוד"ה אלא שם. ועוד.
125) תניא פכ"ה (לב, א).

ווערט אויפגעטאן עי"ז, די המשכה פון ד' מוחין אין ז"א[126] - זיינען דאך דא אין וועלט א סאך אידן וואס האבן מקיים געווען מצות תפילין ביום זה, און האבן דאס מקיים געווען מיט א טאג לפנ"ז (אין ימות החול), ביז צו משה רבינו וואס ער האט דאס אנגעהויבן מקיים זיין (אלס א מ"ע מן התורה) גלייך נאך מתן תורה -

און דא זאגט מען אז דורך דערויף וואס ער לייגט תפילין מאנטאג, חמשה עשר בשבט, איז ער ממשיך ד' מוחין אין ז"א?!

זאגט מען אים אז יעדער מאל ווען ער איז מקיים א מצוה, איז דאס אין אן אופן פון "עולם חדש"[127].

ובדוגמת המבואר אין ספרי[128] אז די פרשה פון "ואתה תחזה" איז געווען "כתובה במרום", און איז אויך געווען בא משה רבינו - עס איז אבער געשטאנען בהעלם, כדי אז ס'זאל קומען יתרו, און דורך אים זאל נתוסף ווערן א פרשה בתורה.

ועד"ז איז די הוראה לכאו"א מישראל, בנוגע לעניניהם.

כט. און דאס איז די הוראה כללית וואס מ'נעמט ארויס פון יום שני פ' יתרו - וואס בקביעות שנה זו קומט דאס צוזאמען מיט חמשה עשר בשבט (וואס דעמולט איז דער "אשלמותא" פון עשירי בשבט) - ביז אין אן אופן אז "כל העם הזה על מקומו יבוא בשלום".

און פון דעם "שלום" זאל מען קומען בקרוב ממש צו אמיתית ענין השלום, וואס "שלום ושקט אתן על ישראל בימיו"[129],

און ווי גערעדט בארוכה אין דער פריערדיקער התוועדות[130], אז דער מיטעלער רבי טייטשט אפ[131] אויפן פסוק[132] "פדה בשלום נפשי", אז אמיתית הענין פון "פדה בשלום" וועט ערשט זיין אין דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו,

יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, במהרה בימינו ממש.

* * *

ל. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה באתי לגני.

* * *

- לא. -

------------

126) ראה סידור ז, סע"א ואילך. ועוד. 127) ראה ב"ר פ"ל, ח. 128) שם. 129) דה"א כב, ט. 130) ד"ה היושבה בגנים דמוצאי ש"פ בשלח, י"ג שבט. 131) שעה"ת ד"ה פדה בשלום פי"א (נה, ג ואילך). 132) תהלים נה, יט.

לא. כאן המקום והזמן צו משלים זיין נאך כמה נקודות בנוגע צום "הדרן" אויף מסכת אבות, וואס מ'האט גערעדט אין די פריערדיקע התוועדויות[133].

ובפרט אז דאס האט א שייכות מיטן שיעור חומש פון היינטיקן טאג (יום שני פון פ' יתרו) - "ואתה תחזה גו'", ווארום דארטן רעדט זיך וועגן בחירת הדיינים, וואס דאס האט א שייכות מיוחדת צו מסכת אבות, ווי דער רמב"ם[134] איז מבאר אז ענינה פון מסכת אבות איז - "מוסר הדיינין",

[ווי ער איז מבאר[135] אז "כאשר נשלם לו מה שהי' צריך אליו השופט", וואס דאס איז מסכת סנהדרין, און מסכת מכות וואס קומט אלס א המשך צו סנהדרין (ווארום אין מסכה מכות רעדט זיך וועגן עדים זוממין וכו'), איז "התחיל באבות", וואס ענינה איז "מוסר הדיינין" - די ענינים של מוסר וואס שטייען דארטן זיינען טאקע נוגע לכל אדם, אבער "אין אדם צריך לזה הדבר כמו הדיינים"].

וואס דאס איז דאך פארבונדן מיט דער פרשה פון "ואתה תחזה", ווארום משה רבינו האט געדארפט געפינען (דורך דעם רוה"ק שבו) די אידן וואס זיינען "אנשי חיל יראי אלקים אנשי אמת שונאי בצע"[136] - וואס דאס זיינען די ענינים עיקריים וואס דארפן זיין בא דיינים,

און אין מסכת אבות ווערן נתבאר די ענינים וואס זיינען נוגע צו דיינים כער בארוכה און מער בפרטיות - כשא"כ ווי דאס שטייט אין תושב"כ (וויבאלד אז "ליכא מידי דלא רמיזא באורייתא"[137]), וואס דארטן שטייען זיי בקיצור וברמז.

לב. אין דעם הדרן זיינען דא כמה נקודות וועלכע זיינען נאך ניט נתבאר געווארן:

מ'האט מבאר געווען[138] אז אין דעם נאמען "בן הא הא" איז מודגש אז ער איז געווען א גר, דערפאר וואס ער איז "בן אברהם ושרה שנתוספו ה"א על שמותם"[139], משא"כ בנוגע צו "בן בג בג". וואס ביי אים איז דאס ניט מודגש אויף אזוי פיל, וויבאלד אז "בג בג" איז נאר די גימטריא פון "הא הא"[139].

- האט -

---

133) שיחה יו"ד שבט סל"א ואילך. מוצאי ש"פ בשלח, י"ב שבט סט"ז ואילך. 134) בהקדמתו לפיהמ"ש ד"ה והחלק הששי. 135) שם. 136) פרשתנו שם, כא. 137) ראה תענית ט, א. 138) שיחת יו"ד שבט סל"ג. מוצאי ש"פ בשלח, י"ג שבט סי"ז. 139) מדרש שמואל כאן בשם הרשב"ם. וראה גם תוד"ה בר הי הי - חגיגה ט, ב.

האט מען אויף דערויף געפרעגט, אז לכאו׳ איז אין דעם נאמען "בן בג בג" מער מודגש אז ער איז געווען א גר, דערפאר וואס "בג בג" איז דער ר"ת פון "בן גר בן גיורת"[140], משא"כ אין "בן הא הא", וואס דארטן איז דאס נאר מרומז אין דעם וואס ער איז "בן אברהם ושרה שנתוספו ה"א על שמותם"?

איז דער ביאור בזה:

דער ה"א וואס איז נתוסף געווארן ביי אברהם, באווייזט אויף דער המשכה און נתינת כח מלמעלה, וואס דורך דערויף איז ער געווארן דער "אב המון גוים"[141], ועד"ז בנוגע צו ה"א וואס איז נתוסף געווארן בא שרה, אז דורך רערויף איז זי געווארן "שרה על כל" (ניט נאר "שרי - לי")[142].

וואס רערפון איז פארשטאנדיק, אז אין "בן הא הא" איז מודגש דער ענין פון גירות נאכמער ווי אין "בן בג בג" - וואדום "בן בג בג" איז <u>נאר</u> דער ר"ת פון "בן גר בן גיורת", משא"כ בנוגע צו "בן הא הא", וואס דער ה"א וואס איז צוגע-קומען בא אבדהם ושרה איז טאקע פארבונדן מיט זייער ענין (רער ענין פון גירות), ביז אז דאס איז געווארן א חלק פון זייער נאמען, וואס אין דערויף איז דא דער ענין פון "ר"מ הוה דייק בשמא"[143], ובפרט ע"פ תורת הבעש"ט[144] אז "שמו אשר יקראו לו בלה"ק" באווייזט אויף תוכן פון רעם ענין.

לג. עד"ז האט זיך גערעדט[145] אז דער אויפטו פון א גר איז, אז ער האט גענומען אויף זיך אן ענין אויף וועלכן ער איז ניט נצטווה געווארן, און דורך דערויף האט ער <u>משנה</u> געווען דערפון וואס ער איז נצטווה געווארן.

וואס לכאורה איז דאס ניט פארשטאנדיק[146]:

ס׳איז ידוע דער דיוק[147] אין דעם לשון "<u>גר</u> שנתגייר", אז נאך איידער ער האט זיך מגייר געווען איז ער שוין געווען א גר, ד.ה. אז ער איז מלכתחלה געבארן געווארן אלס א גר, ס׳איז מערניט וואס פריער איז דאס בהעלם, און ווען ער איז זיך מגייר קומט דאס אראפ בגילוי.

- ועפ"ז -

---

140) ספר המעריך - הובא בסדה"ד מע׳ בן בג בג. מד"ש כאן מר׳ יוסף ן׳ נחמיאש בשם "יש אומרים". 141) לך לך יז, ה. וראה תו"א לך לך יא, א ואילך. ספר הערכים-חב"ד ערך אברהם אבינו ס"ה. וש"נ. 142) פרש"י עה"פ לך לך שם, טו.
143) יומא פג, ב. 144) שעהיוה"א רפ"א. 145) שיחת יו"ד שבט סמ"ב ואילך. מוצאי ש"פ בשלח, י"ג שבט סי"ח ואילך.
146) ראה גם שיחת מוצאי ש"פ בשלח, י"ג שבט סכ"ז.
147) מדבר קדמות (להחיד"א) מע׳ ג׳ אות ג׳.

ועפ"ז קומט דאך אויס אז דער גר האט <u>ניט</u> משנה געווען דערפון וואס ער איז נצטווה געווארן, ווארום ער איז <u>מלכתחלה</u> געבארן געווארן אלס א גר?

איז דער ביאור בזה:

בנוגע צו כללות הענין פון לימוד <u>כל</u> פרד"ס התורה און קיום <u>כל</u> התרי"ג מצוות, זאגט דער אלטער רבי אז דאס קען זיין אין אן אנדער גלגול.

וואס אין הלכה, איז די מציאות פון גלגול אחר - אן אנדער מענטש.

און וויבאלד אז "תורה אחת לכולנה", איז דאס אזוי אויך לויט "חכמת האמת"[148] (חלק הסוד שבתורה), ווארום דעמולט איז ביי אים אן אנדער אופן אין עבודה, און וויבאלד אז זיין גאנצע מציאות איז "אני נבראתי לשמש את קוני"[149], און אין דעם צווייטן גלגול איז עבודתו באופן אחר - קומט דאס ארויס בגילוי (אין הלכה פון נגלה) אין אן אנדער מציאות לגמרי.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אע"פ אז מלכתחלה איז ער געבארן געווארן אלס א גר, מוז ער זיך אבער ניט מגייר זיין בגלגול זה, נאר ער קען זיך אויך מגייר זיין בגלגול אחר - קומט דאך אויס אז בשעת ער איז זיך איצטער מגייר, נעמט ער אויף זיך אן ענין אין, וועלכן ער איז ניט נצטווה געווארן.

וע"ד המבואר אין מדרז"ל בנוגע צו א זיווג אז ס'איז קיין סתירה ניט צווישן דעם וואס מ'זאגט[150] "שמא יקדמנו אחר", דערמיט וואס "בכל יום ויום ב"ק יוצאת ואומרת בת פלוני לפלוני"[150] - ווארום:

א) אע"פ אז מ'איז מכריז "בת פלוני לפלוני", קען מען דאס אבער אמאל משנה זיין דורך אן ענין של תפלה, "ברחמים"[151], ב) דאס וואס מ'איז מכריז "בת פלוני לפלוני", קען אפגע-לייגט ווערן אויף א משך זמן - ביז אין א גלגול אחר[152].

ועד"ז איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו עבודת הבירורים ובפרט ע"פ המבואר בארוכה אין דרושי חסידות[153] אז יעדער ענין של בירור איז אן ענין פון א חתונה, כמרז"ל[154] "עלמא

- דאזלינן -

------------

148) ראה אגה"ת ספ"ב. הל' ת"ת לאדה"ז פ"א ס"ד.
149) קידושין בסופה. 150) מו"ק יח, ב. זח"א צא, ב. ועוד.
151) מו"ק שם. 152) זהר שם. 153) ראה אוה"ת ויחי תטז, ב. ועוד. 154) עירובין נד, א (ע"פ גירסת הע"י).

דאזלינן מיני׳ לבי׳ הילולא דמי"], ביז צו דעם ענין פון "אשר באת לחסות תחת כנפיו"[155] (דער ענין פון גירות) - אז אע"פ אז סוכ"ס דארף ער זיך מגייר זיין, קען ער דאס טאן שפעטער, ביז בגלגול אחר, און בשעת ער טוט דאס בהקדם, קומט אויס אז ער נעמט אויף זיך אן ענין אין וועלכן ער איז ניט נצטווה געווארן.

ועד"ז איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו גלגול זה גופא:

מ'האט גערעדט כמ"פ, אז ווייבאלד מ'האלט שוין אין עקבתא דמשיחא, קען מען ניט אפלייגן קיין ענין אויף א גלגול אחר, נאר מ'דארף טאן אלע ענינים אין אן אופן פון "חטוף ואכול חטוף ושתי"[156], ווארום "הנה זה עומד אחר כתלנו"[157], און "אט אט קומט משיח", קען ער ניט אפלייגן עבודתו אפי׳ אויף א טאג, א שעה און א רגע, נאר עס דארף זיין "כל יומא ויומא עביד עבידתי׳"[158], און אין דעם יום גופא - די "עבידתי׳", פון כל רגע ורגע שבו.

עס איז דאך אבער פארשטאנדיק, אז אין דעם ענין פון גירות איז ניט שייך צו זאגן אז ער דארף זיך מגייר זיין מיט א רגע פריער; סוכ"ס מוז ער זיך מגייר זיין, דערפאר וואס מלכתחלה איז ער באשאפן געווארן אין דעם אופן, עס איז אבער ניטא קיין הכרח אז ער מוז דאס טאן אין דער רגע דוקא, ער קען דאס טאן א רגע לאח"ז -

קומט דאך אויס אז ווען ער טוט דאס ברגע זה, האט ער גענומען אויף זיך אן ענין אין וועלכן ער איז ניט נצטווה געווארן.

און דאס איז דער כללות הקישור מיט תחלת מסכת אבות, "משה קבל תורה מסיני" - ווי גערעדט בארוכה אין דער פדיער-דיקער התוועדות[159], אז בשעת מ"ת (ווען "משה קבל תורה מסיני"), איז געווען דער ענין הגירות פון כל אחד ואחד מישראל (ווי די גמרא זאגט אין יבמות[160]), וואס דאס איז דער ענין פון "בן הא הא" און "בן בג בג".

לד. דער עיקר חידוש בכל הנ"ל איז (ניט אזוי די פרטי הדברים וואס מ'האט גערעדט אין דעם "הדרן" נאר) - אז פונקט אזוי ווי מ'מאכט א סיום אויף יעדער מסכת אין סדר נזיקין, קען מען (ובמילא דארף מען) אויך מאכן א סיום אויף מסכת אבות, אע"פ אז אין מסכת אבות רעדט זיך וועגן ענינים פון מדות און דעות וכו׳.

- און -

---

155) רות ב, יב. 156) עירובין שם. 157) ל׳ הכתוב - שה"ש ב, ט. וראה לקו"ש ח"ז ע׳ 104 הע׳ 38. 158) זח"ג צ-, ריש ע"ב. 159) שיחת יו"ד שבט סמ"ו. 160) מו, א ואילך.

און אין דערויף גופא איז דער חידוש (און עס ווייזט אויס אז מ'האט דאס אינגאנצן ניט תופס געווען) - אז מ'קען מאכן א סיום אויף מסכת אבות ניט נאר ע"פ תורת החסידות, נאר אויך ע"ד ההלכה.

וואס דאס איז דאך אויך נוגע להלכה - צי מ'קען יוצא זיין מיט א סיום אויף מסכת אבות, ווען מ'מאכט א סיום אנשטאט א תענית.

לה. דער הכרת אויף דעם וואס ע"פ הלכה קען מען מאכן א סיום אויף מסכת אבות, איז - וויבאלד אז מ'זעט אז דער לימוד פון מסכת אבות איז פארבונדן און אין דערויף זיינען דא ענינים של הלכה:

בשעת צוויי מענטשן קומען פרעגן א שאלה - איז דער דין[161] אז פריער דארף מען ענטפערן אויף דער שאלה וואס איז נוגע למעשה בפועל.

און אויב ביידע שאלות זיינען ניט נוגע למעשה בפועל - איז דא דער כלל[162] "כי קאי רבי בהא מסכתא לא תשיילי' במסכתא אחריתי", נאר מ'זאל אים פרעגן אין דער מסכת, וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די שאלות וואס מ'פרעגט אים אין דער מסכת וואס ער לערנט איצטער, זיינען קודם צו די שאלות אין א מסכת וואס ער האט געלערנט מיט א זמן לפנ"ז.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו מסכת אבות:

מ'געפינט דאך אז תנאים און אמוראים האבן געלערנט מסכת אבות - די ענינים וואס שטייען אין מסכת אבות האבן דאך געזאגט תנאים, און דערנאך זיינען דא א ריבוי ענינים פון מסכת אבות וואס ווערן געבראכט אין ש"ס, און אין זיי איז דא א שקו"ט פון אמוראים.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אין דערויף גייט אויך אן דער כלל אז "כי קאי רבי בהא מסכתא לא תשיילי' במסכתא אחריתי" - אז בשעת ער לערנט מסכת אבות, האבן א קדימה די שאלות וואס זיינען פארבונדן מיט מסכת אבות.

ועד"ז ווען עס רעדט זיך וועגן א שאלה וואס איז נוגע אין מעשה בפועל - ווי אזוי מ'דארף אויסהערן אן עדות, ועד"ז בנוגע צו די אנדערע פרטים וואס זיינען פארבונדן מיט "מוסר הדיינין" - איז וויבאלד אז ס'איז א שאלה וואס איז נוגע אין מעשה בפועל, איז דאס קודם צו א שאלה אין אנדערע ענינים (ענינים פון נזיקין וכיו"ב) וואס זיינען איצטער

- ניט -

---

161) ראה ב"י או"ח ר"ס תכט. ועוד. 162) שבת ג, ריש ע"ב.

ניט נוגע למעשה בפועל, וויבאלד אז דאס איז אן ענין שהזמ"ג.

ועד"ז זיינען דא נאך כו"כ ראיות פון ענינים פון הלכה, אז מ'קען מאכן א סיום אויף מסכת אבות.

לו. און אז מ'וועט פרעגן, פארוואס געפינט מען ניט אז מ'זאל מאכן א סיום אויף מסכת אבות?

איז אויב מ'וועט זוכן, וועט מען דאס געפינען; און אפי' אויב ניט - איז אויב ס'איז באשערט אז מ'זאל מאכן עפעס א חידוש (ניט קוקנדיק אויף דערויף וואס מ'דארף זיין זהיר מיט א חידוש), זאל ניט זיין קיין גרעסערע טענה ווי די טענה היתכן אז מ'האט מחדש געווען א נייע זאך, אז מ'קען מאכן א סיום אויף מסכת אבות (ניט נאר אויף מסכת בבא קמא בבא מציעא און בבא בתרא וכיו"ב)!

לז. עס זיינען דא אזוינע וואס זייער חיות איז, אז אויף יעדער ענין דארפן זיי זאגן "איפכא מסתברא":

עס קומט צו א התוועדות פון חמשה עשר בשבט, טענה'ן זיי - "איפכא מסתברא": ביז 20 יאר צוריק האט מען ניט געהערט פון אזא ענין, און ס'איז שוין כו"כ שנים וואס מ'האט ניט געהערט פון אזא ענין - איז "מה יום מיומים", וואס איז אנדערש שנה זו פון כל השנים כולם וכו'!

האט מען אבער גערעדט כמ"פ[163], אז וויבאלד מ'זעט אז עס ווערט נתוסף אין חושך העולם, מוז מען מוסיף זיין אור בעולם, ווארום אע"פ אז מיט א דור אדער מיט א יאר לפנ"ז איז דער אור וואס איז דא איצטער בעולם געווען גענוג - דארף מען אבער איצטער מוסיף זיין אין דעם אור, וויבאלד אז ס'איז צוגעקומען א הוספה אין חושך העולם.

און דערפאר דארף מען מוסיף זיין נאך ענינים וואס זיינען פריער ניט געווען, כדי צו מרבה זיין אור בעולם.

לח. קען מען נאך אבער פרעגן: וואס דארף מען מוסיף זיין ענינים חדשים, מ'קען מאכן א הוספה אין די ענינים וואס זיינען שוין דא - מוסיף זיין אין אכילת הפירות שנשתבחה בהם א"י; אנשטאט עסן איין פייג, וועט ער עסן צוויי פייגן, ער וועט עסן כמה ענבים, אדער כמה תמרים!

זעט מען אבער אז מיט וואס קען מען נעמען דעם עולם - אויב מ'וועט זאגן אז מ'זאל עסן מערער פירות, וועט מען זיך

- ניט -

------------

163) ראה גם שיחת זאת חנוכה ש.ז. ס"ב ואילך.



הנחת הת' בלתי מוגה

ניט פאנאנדערקלייבן, און אויף יעדער פרי וועלן זיין כמה "באלאניס"; משא"כ ווען די הוספה איז אין ענין של דיבור, איז דאס אין אן אופן פון "נר לאחד נר למאה"[164] - דורך דעם וואס מ'איז אים מכריח ער זאל הערן וואס מ'רעדט אריין אין אים, נעמט ער דאס ניט צו ביי א צווייטן.

און דער עיקר איז, אז ס'איז קיין סתירה ניט צווישן ביידע ענינים - עס וועט בלייבן געגוג זמן ביום אויף צו מרבה זיין אין אכילת פירות (מיט ברכות ראשונות און ברכות אחרונות) אין א ריבוי מופלג לגבי ווי ס'איז געווען בשנה שעברה.

[בשנה שעברה האט דער "ועד המסדר" געגעבן לכה"פ עטליכע פירות (ס'איז אויך ניט געווען מיט א ריבוי מופלג, אז ס'זאל זיין פארן גאנצן עולם, אפי' ניט פאר קיין מנין), אבער אזוי ווי דער "ועד המסדר" איז "הולך ומוסיף" בפעולותיו - האבן זיי היינט מוסיף געווען אז ס'זאל זיין אזוי פיל תורה, אזוי אז מ'דארף איינגאנצן ניט האבן קיין גשמיות, ס'איז אינגאנצן ניטא קיין פירות!

מ'וויל דאך ניט רעדן וועגן ענינים וואס זיינען העדר השבח פון אידן - מ'וויל נאר באווארענען אויף שנה הבאה (וואס אזא זאך וועט מען זיכער פארצייכענען און מ'וועט דאס געדיינקען אויף שנה הבאה),

אז יה"ר אז בשנה הבאה זאל מען קענען אוועקשטעלן פירות עכ"פ פאר עשרה מישראל, ומה טוב - מער פון עשרה מישראל, און כדי אז ס'זאל ניט פעלן קיין געלט - וועט מען אפלייגן די געלט אויף דערויף נאך אין היינטיקן יאר].

לט. בנוגע לענינינו:

דאס וואס מ'דארף האבן אן ענין של חידוש, איז דערפאר וואס בא כו"כ מבנ"י איז געווארן אן ענין של העדר השמחה רח"ל; מ'איז פארמאטערט פון דעם מאטערן זיך אין גלות, און מ'איז פארמאטערט פוןווארטן אויף משיח'ן.

וואס דאס איז דאך א טענה צודקת - עד מתי!

מה-דאך אז אין דעם זמן פון נבואת ישעי' האט מען שוין געפרעגט "שומר מה מלילה שומר מה מליל"[165], און בדורות שקדמונו (נאך פאר די גזירות רח"ל) האט מען שוין געשריען אז "עבר קציר כלה קיץ ואנחנו לא נושענו"[166] - איז עאכו"כ נאך דערויף וואס מ'איז דורכגעגאנגען די אלע ענינים, און

- ידע -

---

164) שבת קכב, א. 165) ישעי' כא, יא. 166) ירמי' ח, כ.

ידע איניש בנפשי' זיין מעמד ומצב - ווערט דאך א זעקה וואס איז בוקעת עד לב השמים, "עד מתי"!

און מ'זעט אז מ'שרייט און מ'בעט - און מ'שווייגט!

ס'איז ידוע דער משל וואס חסידים זאגן בשם המגיד, אז כללות ענין הגלות איז עד"מ צו אן אב וואס באהאלט זיך פון דעם בן, וואס די כוונה אין דערויף איז, ניט דערפאר וואס ער וויל ניט זיין צוזאמען מיטן בן ח"ו, נאר כדי אז ביים בן זאל נתעורר ווערן די תשוקה עד זאל זוכן און געפינען דעם אב.

ווארום בשעת דער בן געפינט זיך בתמידות צוזאמען מיטן אב, איז ניט אזוי ניכר די תשוקה פון דעם בן ער זאל זיין צוזאמען מיטן אב, ווארום תענוג תמידי אינו תענוג[167] - און דורך דערויף וואס דער אב באהאלט זיך פון דעם בן, ווערט נתעורר בא דעם בן די תשוקה צו זעהן דעם אב, ווארום היתכן אז ער זעט ניט דעם אב.

עס איז אבער דא א מעמד ומצב וואס דער בן הערט אויף זוכן דעם אב, ובלשון פון דער סדרה פון י"ג שבט[168] "היש ה' בקרבנו אם אין",

[די שאלה "היש ה' בקרבנו אם אין" איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "ויבוא עמלק גו'" (ווי רש"י[169] טייטשט אפ) - אבער פון עמלק'ן קומט דאס אראפ אין וועלט, צו די וואס זעהן דאס בעיני בשר (וויבאלד אז עמלק "הקרה אותה (די "אמבטי רותחת") בפני אחרים"[170]) - אז בא זיי קען ווערן א שאלה "היש ה' בקרבנו אם אין"];

ער ווייסט אז ס'איז דא די מציאות פון ה', ער ווייסט אז "יש בעה"ב לבירה זו"[171], מיט אלע פרטים שבזה, ער ווייסט אפי' אז די וועלט ווערט נתהוה מחדש מאין ואפס המוחלט, ביי אים איז אבער א ספק "היש ה' בקרבנו" - אפשר איז דער ענין ההתהוות אין אן אופן פון סוכ"ע, ארום און ארום, אבער אפשר ניט "בקרבנו",

[ער טייטשט אפ סוכ"ע - ניט ווי ס'שטייט אין תניא[172] אז דאס נעמט דורך "כל נברא ונברא מראשו ועד תחתיתו ותוכו ותוך תוכו כו'", ס'איז מערניט וואס די השפעה איז ניט "בבחי' גילוי אלא בהסתר והעלם", און דערפאר ווערט דאס אנגערופן "מקיף וסובב" - נאר ער טייטשט אפ סוכ"ע כפשוטו,

- אז -

------------

167) כש"ט אות קכא (טז, א). אוה"ת מסות ע' א'שכט. ועוד. 168) בשלח יז, ז. 169) עי"פ שם, ח. 170) פרש"י עה"פ תצא כה, יח. ועוד. 171) ראה ב"ר רפל"ט. 172) פמ"ח.

אז דאס איז פון ארום און ארום, אבער ניט "בקרבנו"],

און דערנאך הויבט ער אן טענה'ן אז וויבאלד "אותותינו לא ראינו גו' ולא אתנו יודע עד מה"[173], איז "עזב ה' את הארץ"[174] ח"ו, און עד כדי כך - אז ער ווערט נתייאש און הערט אויף זוכן דעם אויבערשטן.

און דאס איז וואס מ'זאגט אין דעם משל, אז בשעת דער אב דערזעט אז דער בן זוכט אים ניט, אט דא ... ווערט ערשט דער אמת'ער ענין הגלות!

כל זמן אז דער בן זוכט דעם אב, איז דאס גופא א הכנה, א ניצוץ און א התחלה פון דער גאולה, ווארום ער זוכט אביו, אין דערויף ליגט זיין רצון און זיין השתדלות;

ווען ער הערט אבער אויף צו זוכן (מצד חסרון ידיעה, אדער מצד יאוש) - ווערט דעמולט דער "אנכי הסתר אסתיר פני"[175], ווי דער בעש"ט טייטשט אפ[176] אז דער הסתר אליין שטייט אין אן אופן של הסתר - ער ווייסט גארניט אז דאס איז א הסתר.

ובפשטות - ער טראכט ניט וועגן ג-טליכקייט; ער טראכט וועגן וועלט, טאקע אויף א כשר'ן אופן, לויט ווי ס'שטייט אין שו"ע, ער לערנט תורה ווי מ'דארף לערנען תורה - אבער טראכטן בשעת לימוד התורה וועגן נותן התורה, טראכטן וועגן בטאו ומהנו באמונה, און טראכטן וועגן דעם וואס דער אויבערשטער "הוא הנותן לך כח ... לעשות חיל"[177] - ער האט אויפגעהערט טראכטן וועגן דעם!

און בשעת מ'טענה'ט מיט אים ... - זאגט ער: וואס האט מען א טענה צו אים ... די טענה דארף זיין צום אויבערשטן ... וכאמור, עד מתי! ...

דער אב דארף זיך טאקע באהאלטן פון דעם בן ... כדי אז דער בן זאל אים וועלן זוכן, און אז ביי אים זאל נתעורר ווערן א תשוקה ווי פון "ארץ ציה ועיף בלי מים"[178];

אבער בשעת ער שטעקט אים אריין ... אין א חושך כפול ובכופל ... און דערנאך ווערט "אם הראשונים מלאכים כו' כבנ"א"[179] ... און דא איז אפי' ניט "כחמורו ... של רפב"י" ... און ביחד עם זה כאנט מען ביי אים ... אז ער זאל ...

- האלטן -

---

173) תהלים עד, ט. 174) יחזקאל ח, יב. ועוד.
175) וילך לא, יח. 176) הובא בתוי"י ר"פ בראשית.
177) עקב ח, יח. 178) תהלים סג, ב. 179) שבת קיב, ב.
תוד"ה ר"נ - שם יב, ב. ועוד.

האלטן איין זוכן ... זונטאג געזוכט ... מאנטאג געזוכט ... (כ"ק אדמו"ר שליט"א בכה הרבה).

און אז מ'זוכט אויף דערויף אן הסברה - זוכט מען אין ספרי מוסר און אין ספרי חסידות, און דערנאך געפינט מען א פס"ד ברור אין גמרא[180] אז "כלו כל הקיצין ואין הדבר תלוי אלא בתשובה", און מ'האט דאך דעם פס"ד ברור[181] אז דורך א הרהור תשובה ווערט מען א צדיק גמור,

און ס'איז דאך ניטא קיין מציאות פון א אידן וואס ביי אים איז ניט געווען קיין הרהור תשובה - מצד אהבה אדער מצד יראה, ארער מאיזה סיבה שתהי',

עאכו"כ בדורנו זה, נאך דערויף וואס מ'האט זיך אנגע-זעהן (אין אן אופן פון "עינינו ראו ולא זר ואזנינו שמעו ולא אחר"[182]) מיט אלע עניניס וואס האבן געטראפן בדורנו זה היל"ת, און "לא תקום פעמים צרה"[183], ס'איז שוין גענוג, און ווי דער מיטעלער רבי שרייבט[184] אז מער ווער דאס ניט זיין ח"ו - איז וויבאלד אז מ'האט דאס געזעהן און געהערט, און מ'געדיינקט דאס, איז א זיכערע זאך אז ס'איז ניטא קיין מציאות פון א אידן וואס האט ניט געהאט א הרהור תשובה, און ניט נאר איין מאָל, נאר כמה פעמים ככה.

איז וואס האט מען א טענה צו א בו"ד ... וואס ער איז א מדוד ומוגבל ... (דורך דעם אויבערשטן אליין, קען מען צו אים ניט האבן קיין טענות) - היתכן אז ער טראכט ניט רועגן דער גאולה, אע"פ וואס ער זאגט (אדער ער ווייסט אז אנדערע זאגן, און ער טראכט וועגן דעם) אז "אחכה לו בכל יום שיבוא"[185], און מ'וויל אז ער זאל שטיין אין דעם מעמד ומצב במשך כל היום כולו - ס'איז ניט אפשרי ... און דער אויבערשטער זאגט אז "איני מבקש ... אלא לפי כחן"[186], און ער אליין האט ניט געגעבן מערער קיין כחות! ...

מ. און אויף דערויף זאגט מען, אז דורך דערויף וואס מ'איז מוסיף אור (און ניט סתם אור, נאר אין דערויף גופא - אור) המשמח, אן אור וואס איז פארבונדן מיט שמחה - איז וויבאלד אז שמחה פורץ גדר[187], איז דאס פורץ זיינע גדרים, און איז פורץ די גדרים פון וועלט, און איז פורץ די גדרים פון דעם חושך כפול ומכופל.

- ובפרט -

---

180) סנהדרין צז, ב. 181) קידושין מט, ב. וראה לקו"ת דברים א, ב. 182) רמב"ם הל' יסוה"ת רפ"ח. 183) ל' הכתוב - נחום א, ט. 184) שעה"א ה, ב. 185) עיקר הי"ב מי"ג עיקרים. 186) במדב"ר פי"ב, ג. 187) ראה בארוכה ד"ה שמח תשמח תרנ"ז ע' 49 ואילך.

ובפרט לויט תורת הבעש"ט הידועה (געדרוקט אין כתר שם טוב[188]) וועגן דעם ענין פון נעמען משקה בשעת א פארברייינגען,

אז דאס איז עד"ם צו א בן מלך וואס איז פארוואגלט געווארן בשבי', צווישן אזוינע וואס האבן ניט קיין מושג וואס איז א מלך און א בן מלך - און דארטן האט ער באקומען א בשורה טובה פון בית אביו המלך.

וואס אזוי ווי ער געפינט זיך אין בית האסורים ... צוזאמען מיט די גוים וואס זיינען ארום אים, הויבט ער אן צו טראכטן, אז אויב ער וועט זיך אוועקשטעלן טאנצן און זינגען, וועלן זיי אים מבלבל זיין ...

האט ער די עצה אויף דערויף, אז ער שטעלט אוועק משקה, און ער זעט אז זיי זאלן טרינקען (ובמילא - טרינקט ער אויך), וואס דעמולט זיינען זיי אים ניט מבלבל, און דעמולט קען ער זיין שמח אויך בגלוי - וואס זיי מיינען אז דאס איז מצד די משקה, און ער ווייסט אז דאס איז מצד דער בשורה טובה וואס ער האט באקומען פון בית אביו המלך.

ועד"ז איז דאס אויך אין נמשל: דער נה"א ... איז דאך אראפגעקומען אין א נה"ב, און דער נה"ב געפינט זיך אין עוה"ז הגשמי והחומרי, און ווען מ'זאגט אים אז עס דארף זיין "עבדו את ה' בשמחה"[189] ... באטראכט זיך דער נה"א: ער איז ארומגערינגלט מיט זיין נה"ב און מיט חלקו בעולם און מיט דער גאנצער וועלט וואס איז ארום אים, איז אויב ער וועט זיך אוועקשטעלן זינגען און טאנצן, וועלן זיי אים מבלבל זיין!

איז בשעת ער טרינקט אן זיין נה"ב, קומט טאקע עפעס אן אויך אין נה"א, אבער דער נה"ב הערט אים אויף צו מבלבל זיין.

אין חסידות ווערט אבער דער משל ניט אראפגעבראכט (איך האב עכ"פ ניט געפונען אז חסידות זאל דאס ברענגען),

[אע"פ וואס אין חסידות ווערן אראפגעבראכט כמה טעמים וועגן דעם וואס מ'נעמט משקה בשעת א פארברייינגען, כידוע די שיחה פון דעם בעל ההילולא (וואס איז שוין אויך געדרוקט[190]) וועגן דעם ענין פון משקין את הבהמה קודם השחיטה, כדי צו אראפנעמען די סירכות וכו'[191] - צוזאמען מיט דער זהירות וואס דארף זיין אין דערויף,

]וכאן המקום איבער'חזר'ן נאכאמאל (דאס וואס איז פשוט

- בלאה"כ) -

------------

188) סשצ"ב. 189) תהלים ק, ב. 190) לקו"ד כרך ד תשיט, סע"ב ואילך. 191) ראה ביצה כ, א.



הנחה הת' בלתי מוגה

בלאה"כ) וועגן די זהירות וואס דארף זיין אין דערויף,

שלא כדעת הטועים וואס ווילן אפנארן א צווייטן, און זוכן זיך היתרים בנוגע צו דעם וואס מ'האט גערעדט - מיט דער גאנצער שארפקייט - אז מ'זאל זיין זהיר אין נעמען משקה.

וואס די אלע היתרים זיינען אינגאנצן ניט אויסגעהאלטן, ובפרט אז דאס איז להיפך פון די ווערטער פון נשיא דורנו, דער בעל ההילולא, וועגן דער זהירות וואס דארף זיין אין נעמען משקה, און ווי ער זאגט דארטן, אז משקה דארף גאר זיין א דבר המאוס.

עאכו"כ בשעת מ'וויל ארייננשלעפן אין דערויף דעם נה"א, און זאגן אז כדי ער זאל קענען דינען דעם אויבערשטן, דארף ער נעמען משקה; ניט נאר אז ער טוט דאס וואס דער נה"ב וויל, נאר נאכמער: ער וויל ארייננשלעפן אין דערויף אויך דעם נה"א!

אבער אין א התוועדות של שמחה איז ניט קיין ענין להרבות אין ענינים וואס זיינען היפך השמחה,

אבער דער משל פון תורת הבעש"ט, ווערט ניט געבראכט אין חסידות,

דערפאר וואס חסידות וויל אז מ'זאל שטיין אין א העכערע דרגא דערפון -

ד.ה. אז דאס וואס ער נעמט משקה איז ניט כדי צו אראפ-נעמען און מבטל זיין א בלבול פון נה"ב, נאר דאס איז פאר-בונדן מיט דער שמחה פון נפש האלקית.

ובדוגמא ווי דאס איז בנוגע צו שמחת יו"ט, וואס בזמן שביהמ"ק הי' קיים, איז געווען דער ענין השמחה דורך בשר, "אין שמחה אלא בבשר", און לאחרי שחרב ביהמ"ק, איז געבליבן דער ענין פון "אין שמחה אלא ביין"[192] (וויבאלד אז ס'איז ניטא קיין בשר שלמים - וואס דאס מיינט "אין שמחה אלא בבשר"), ווי דער אלטער רבי פסק'נט אפ אין שו"ע הל' יו"ט[193], אז דער ענין פון "אין שמחה אלא ביין" איז א מצוה מן התורה אויך איצטער.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת ער שטייט אין א מעמד ומצב וואס ביי אים שטייט אלקות בגילוי, וואס דאס איז דער כללות הענין פון יו"ט, וואס ער ווערט אנגערופן "מקרא קודש", אז ער איז ממשיך קדושה אין יום החול[194], און אין אן אופן אז דאס שטייט בגילוי, וואס דערפאר איז דער טאג אסור

- אין -

---

192) פסחים קט, א. 193) שו"ע או"ח סתקכ"ט ס"ו.
194) ראה זח"ג צג, ב ואילך. לקו"ת ויקרא ה, ב. ועוד.

אין עשית מלאכה סתם (ניט קיין מלאכת אוכל נפש[195], אדער בחול-המועד - א דבר האבד[196]), און מ'זאגט דעמולט תפלת מוסף וכיו"ב, איז ביי אים דער ענין פון "יין" פארבונדן מיט דער שמחה פון נפש האלקית.

וואס דאס איז א העכערע דרגא דערפון וואס ס'איז מבואר אין דעם משל הנ"ל, אז דאס איז נאר כדי צו אראפנעמען און מבטל זיין א בלבול פון נפש הבהמית.

מא. כאן המקום מוסיף זיין נאך כמה פרטים בנוגע צום סיום:

מ'האט גערעדט פריער[197] וועגן דעם וואס די משנה איז מאריך אין דעם ענין השכר ("לפום צערא אגרא"), אז דאס איז דערפאר וואס "התורה על הרוב תדבר"[198], און דער סדר העבודה איז אז פריער קומט די עבודה "שלא לשמה", צוליב אן ענין של שכר וכיו"ב;

אבער בנוגע צו די וואס האלטן שוין אין תכלית השלימות, און זייער עבודה איז ניט צוליב דעם ענין השכר, נאר אין אן אופן פון "לשמה" - איז בא זיי דער ענין השכר ניט אין אן אופן אז צוליב דערויף זיינען זיי מקיים די מצוה, נאר אדרבה, דאס גיט די פארזיכערונג אז זיי וועלן זיך קענען פארנעמען מיט קיום התומ"צ נאכמער און נאכמער, וויבאלד אז זיי וועלן ניט האבן קיינע בלבולים.

בדוגמא ווי דער רמב"ם[199] זאגט אז דאס וואס "נתאוו החכמים והנביאים ימות המשיח", איז נאר "כדי שיהיו פנויין בתורה וחכמתה כו'", ווארום דעמולט וועלן זיין "מעדנים מצויין כעפר", וועט מען ניט האבן קיינע בלבולים, ובמילא וועט מען קענען דינען דעם אויבערשטן בתכלית השלימות, "ישיגו דעת בוראם כו'".

עס איז אבער נאך אלץ ניט פארשטאנדיק:

אין "תורת אמת" שטייט "למען ירבו ימיכם וימי בניכם גו'"[200], און "כבד את אביך ואת אמך למען יאריכון ימיך גו'"[201], וואס "אין מקרא יוצא מידי פשוטו", און די פסוקים זיינען אויסגעהאלטן אויך אין ימות המשיח,

איז ניט פארשטאנדיק: וויבאלד אז אין ימות המשיח וועט זיין דער ענין פון "ומלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים" -

------------

195) טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סתצ"ה. 196) טושו"ע או"ח ר"ס תקלט. 197) שיחת יו"ד שבט סל"ד. 198) מו"נ ח"ג פל"ד. 199) הל' מלכים פי"ב ה"ד-ה. 200) עקב יא, כא. 201) פרשתנו כ, יב.

מכסים"[202], און די עבודה וועט זיין בתכלית השלימות, "כעבדים המשמשין את הרב שלא על מנת לקבל פרס" (ווי עס שטייט אין דער התחלה פון מסכת אבות[203] – איז ווי פאסט דעמולט אריין דער ענין פון "למען ירבו ימיכם גו'", אן עבודה וואס איז פארבונדן מיט שכר?

מב. איז דער ביאור בזה:

אויך לע"ל וועט א מענטש געבארן ווערן אלס א קטן – ניט ווי ס'איז געווען ביי אדה"ר אז ער איז מלכתחלה באשאפן געווארן "כבן עשרים שנה"[204] (כולל אויך תכלית השלימות אין דעם ענין הדעת), נאר מ'וועט געבארן ווערן אלס א קטן.

וואס אזוי איז משמע פון פשטות הכתובים, און אזוי איז אויך משמע דערפון וואס דער אלטער רבי ברענגט אין אגה"ק הידועה[205] אז לע"ל וועט אויך זיין דער ענין הלידה, ס'איז מערניט וואס די לידה וועט זיין באופן אחר – "הרה ויולדת יחדיו"[206], אבער דער טבע פון נבראים וועט דעמולט ניט נשתנה ווערן, ובמילא וועט געבארן ווערן א תינוק בן יומו, מיטן שכל פון א תינוק בן יומו.

[די עבודה לע"ל וועט טאקע זיין אין אן אופן פון "ילכו מחיל אל חיל"[207] אין קדושה גופא[208] – עס איז אבער ערגעץ ניטא קיין הכרח אז מ'וועט געבארן ווערן אלס א מחוייב במצוות, ווארום מ'וועט געבארן ווערן אלס א תינוק בן יומו].

און דער רמב"ם איז מבאר אין פיהמ"ש[209], אז מצד קטנות השכל פון דעם קטן, קען ער ניט משיג זיין דעת בוראו (ווארום דאס איז נאר "כפי כח האדם"[210], און ער איז נאך א קטן) –

איז בשעת אז מ'וויל ער זאל לערנען תורה און מקיים זיין מצוות, דארף מען אים געבן ענינים של שכר, ממתקים, ממון, כבוד וכיו"ב,

און דערנאך ווען ער ווערט עלטער, זאגט מען אים אז ער וועט באקומען דעם שכר פון עוה"ב – ביז וואנעט ער קומט צו תכלית השלימות בעבודתו, אז זיין עבודה איז אין אן אופן

- פון -

---

202) ישעי' יא, ט. 203) פ"א מ"ג. 204) ב"ר פי"ד, ז. 205) סכ"ו (קמג, ריש ע"ב). 206) ירמי' לא, ח. 207) ל' הכתוב – תהלים פד, ח. 208) ראה בארוכה לקו"ש חי"ד ע' 173 ואילך. וש"נ. 209) סנהדרין פרק חלק ד"ה וכח חמישית. 210) רמב"ם הל' מלכים ספי"ב.

פון לשמה, בדוגמת העבודה פון "אברהם אוהבי"[211].

און ווי דער רמב"ם[212] זאגט אז די עבודה "כדי לקבל שכר" איז דער אופן העבודה פון קטנים און נשים (און אפילו ביי א גדול - ביז ער דערגרייכט צו דער דרגא פון "אברהם אוהבי").

וואס אפי' לע"ל איז דער סדר העבודה ניט קיין ענין וואס איז פארבונדן מיטן חטא עה"ד (א שינוי דערפון ווי עס וואלט געדארפט זיין מצד טבע העולם), נאר דער טבע האדם איז אז ער גייט מן הקל אל הכבד.

ווארום אפי' נאך דערויף וואס מ'איז שייך צו "ידעו אותי", וועלן דאך אויך זיין חילוקים פון "מקטנם ועד גדולם"[213], איז עאכו"כ בנוגע צו דעם חינוך פון א תינוק בן יומו וואס איז ערשט געבארן געווארן, אז עס מוז זיין פארבונדן מיט אן ענין של שכר.

[מ'געפינט טאקע אז לפני החטא (און אפי' ביז דעם מבול) איז געווען דער סדר אז א תינוק בן יומו איז שוין געווען א גדול, און האט שוין געקענט טאן כו"כ ענינים (ווי עס ווערט דערציילט אין מדרש[214]) - עס רעדט זיך אבער ניט בנוגע צו דעם ענין פון דעת.

וואס דערפאר געפינט מען אז אויך קודם החטא איז געווען דער חילוק צי ער האט עובר געווען אויף א חטא, אדער ער האט ניט עובר געווען, דערפאר וואס עס פעלט נאך אין זיין דעת.

און דאס איז אויך דער ביאור אין דעם וואס נח האט געדארפט מוסר'ן אנשי דורו במשך פון 120 יאר[215], און ס'איז ניט געווען גענוג ער זאל זאגן איין מאל און בקיצור - ווארום בשעת מ'איז מסביר מער בארוכה וכו', קען דאס דערנעמען אויך אזא וואס האט ניט קיין שכל דק, און וואס לענגער מ'איז מסביר, דערנעמט דאס אזא וואס געפינט זיך נאכמער רחוק, ביז למטה מטה ביותר].

מג. עפ"ז איז פארשטאנדיק, אז אויך לע"ל דארף מען האבן דעם ענין פון "למען ירבו ימיכם גו'" וכיו"ב, ווארום דעמולט וועלן אויך זיין קטנים און נשים, און דעמולט וועט אויך זיין דער סדר העבודה מן הקל אל הכבד;

- ער -

---

211) ל' הכתוב - ישעי' מא, ח. וראה רמב"ם הל' תשובה פ"י ה"ב. 212) שם ה"ה. 213) ירמי' שם, לד. 214) ויק"ר פ"ה, א. פרדר"א פכ"ב. 215) תנחומא נח ה (בסופו). ועוד.

ער וועט מאקע גיין "מחיל אל חיל", אבער צוקומען צו דער דרגא פון "אברהם אוהבי" איז אן ענין וואס דארף געווערן עפעס א צייט, וואס אין דער צייט איז ער דאך אויך מחוייב אין לימוד התורה וקיום המצוות, און אין דער צייט וועט מען אים קענען דערנעמען נאר מיט אן ענין של שכר - "למען ירבו ימיכם גו׳".

און דערפאר זאגט מען אויך דעמולט "לפום צערא אגרא", אן ענין של שכר, כדי אז וועט ער האלט נאך בתחלת העבודה זאל אים דער ענין הצער ניט אפשטעלן פון דער עבודה, ווייסנדיק אז "לפום צערא אגרא", אז ער וועט האבן דעם ענין פון שכר.

מד. עס בלייבט נאך אבער ניט פארשטאנדיק:

א תינוק דארף דאך אויך לערנען "תורת אמת" - איז ווי קען מען אים זאגן "למען ירבו ימיכם גו׳" וכיו"ב. לכאורה איז דאך דאס (די עבודה צוליב דעם ענין השכר) ניט קיין ענין אמיתי, ס׳איז מערניט וואס ס׳איז ניטא קיין אנדער ברירה ווי צו דערנעמען אים ער זאל מקיים זיין תומ"צ?!

איז דער ביאור בזה:

מ׳האט גערעדט אמאל בארוכה[216] וועגן דער הנהגה ווי מ׳פירט זיך ביים איינפירן א דריי-יאריקן קינד אין חדר (ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו איז מבאר), אז מ׳פארוויקלט אים מיט א טלית[217], און מ׳ווארפט אים מכתקים, זאגנדיק דערביי אז דאס ווארפט מלאך מיכאל[218].

וואס לכאו׳, איינפירן א קינד אין חדר (צו כללות לימוד התורה) מיט אן ענין של שקר ח"ו, איז היפך ענין החינוך בכלל?!

האט מען מבאר געווען[219], אז דאס וואס דער פאטער (צי די מוטער, דער עלטערער ברודער, אדער דער מלמד) ווארפט אים די ממתקים, טוט ער דאס בשליחותו פון "מיכאל שרכם"[220] וואס "שלוחו של אדם כמותו"[221] איז דאך אויך בנוגע צו "אדם העליון"[222], ועד"ז איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו "מיכאל שרכם"[ס], .

- נאר -

---

216) שיחת ש"פ פינחס, מבה"ח מנ"א ה׳תשל"ד. זאת חנוכה ש.ז. סכ"ת. 217) ראה סה"ש ת"ש ע׳ 67 ואילך. 218) סה"ש תש"א ע׳ 30. 219) שיחת זאת חנוכה שם. וראה גם שיחת ש"פ פינחס הנ"ל. 220) דניאל כא. 221) ברכות לד, ב. וש"נ. 222) ראה לקו"ת ויקרא שם.

נאר אזוי ווי מ´קען ניט מבאר זיין דעם קינד דעם גאנצן ביאור והסברה, זאגט מען אים דעם עיקר הענין - אז דאס ווארפט מלאך מיכאל, ווייבאלד אז אזוי איז טאקע דער אמת - מ´טוט דאס בשליחותו פון "מיכאל שרכם".

מה. ועד"ז האט מען אויך גערעדט אמאל באריכה[223] וועגן דעם וואס מ´זאגט[224] "דברה תורה כלשון בנ"א", און דערפאר שטייט אין תורה "עיני ה´" וכיו"ב - וואס לכאו´ איז ניט פארשטאנדיק: תורה איז דאך "תורת אמת", איז וואס איז דאס פאר א תירוץ אז מצד דערויף וואס "דברה תורה כלשון בנ"א", זאל מען קענען זאגן "עיני ה´", דאס איז דאך אן ענין וואס איז היפך האמת?!

האט מען מבאר געווען, אז די אמת´ע מציאות פון דעם עין הגשמי, איז ניט דער בשר ודם און די גידים ועורקים וואס זיינען דא אין דעם עין, נאר די אמת´ע מציאות דערפון איז - דער "דבר ה´" וואס איז מהוה דעם עין הגשמי בכל רגע ורגע מאין ואפס המוחלט.

ס´איז מערניט וואס בשעת מ´רעדט אין "לשון בנ"א", רופט מען דאס ניט אן אז דאס איז "דבר ה´" וכיו"ב, ווארום עס וועט נעמען א לאנגע צייט צו מבאר זיין תורת הבעש"ט[225] מיט די גאנצע אריכות שבזה, און דערפאר זאגט מען סתם "עין"; אבער אמיתת המציאות פון דעם "עין" איז - דער "דבר ה´", דאס ליגט אבער באהאלטן אין דעם עין הגשמי, אזוי אז מ´זעט דארט ניט דעם "<u>יוצר</u> עין"[226].

ד.ה. אז מצד דערויף וואס דער אדם איז באשאפן געווארן "עפר מן האדמה"[227], און ביי אים פעלט דער הדגש פון "אדמה לעליון"[228] - איז ער תופס דעם בשר און דעם דם און די עורקים וואס זיינען אין דעם עין;

דער אמת איז אבער - ווי דער של"ה[229] זאגט אז "התורה מדברת בעליונים ורומזת בתחתונים" (און ניט אז "מדברת בתחתונים ורומזת בעליונים"), נאר אזוי ווי דער עין און דער שכל הגשמי קענען ניט תופס זיין אן ענין רוחני, איז ער דערווייל תופס גשמיות הדבר.

ובדוגמא ווי דער צווייטער משל וואס שטייט אויף דערויף, אז בשעת ער איז מחבק דעם מלך, איז אע"פ אז דער

- מלך -

------------

223) שיחת ש"פ פינחס הנ"ל. וראה גם לקו"ש לך לך תשל"ח ס"ו-ז. 224) רמב"ם הל´ יסוה"ת פ"א ה"ט. 225) שעהיוה"א פ"א. 226) ל´ הכתוב - תהלים צד, ט. 227) בראשית ב, ז. 228) של"ה כ, ב. שא, ב. ועוד. 229) בהקדמה סוף בית אחרון.

מלך איז לבוש אין כמה לבושים, און מ'וויל אים איינרעדן אז ער איז מחבק דעם מלך, נאר מאיזה סיבה שהה' איז דער מלך לבוש אין כמה לבושים, אבער די לבושים זיינען בטל צום מלך המלובש בהם,

און נאכמער: בכל רגע ורגע ווערט דער לבוש נתהוה מאין ואפס המוחלט, ווי גערעדט פריער.

וואס עפ"ז איז אויך פארשטאנדיק דער ביאור בנדו"ד, אז אויך לע"ל וועט זיין תחלת העבודה אין אן אופן פון "למען ירבו ימיכם" וכיו"ב, אן ענין של שכר.

מו. מ'האט גערעדט נעכטן בארוכה[230], אז אזוי ווי מ'האט שוין יוצא געווען דעם ענין פון "לפום צערא" אין אן אופן וואס איז למעלה ממדידה והגבלה לגמרי, איז לכל הדעות כולם דער הכדח אז ס'זאל שוין זיין דער "אגרא" - דער שכר הכי גדול, בכל המובנים, מידו המלאה הפתוחה הקדושה והרחבה.

און מ'וועט נוצן דעם שכר אין אן אופן אז די ענינים של צער וואס זיינען געווען בעבר זאלן ניט מבלבל זיין, ביז אז מ'וועט זיין אין א מעמד ומצב אז מ'וועט פארשטיין און מ'וועט קענען זאגן "אודך ה' כי אנפת בי"[231], און דער עיקר איז - אז דער "אנפת" וועט זיין אן ענין וואס איז געווען בעבר.

און ס'וועט זיין "שמחת עולם על ראשם"[232], אנהויבנדיק פון דער צייט פון גלות, וויבאלד אז עס דארף זיין "טועמי' חיים זכו"[233].

ובקרוב ממש וועט מען דאס זעהן בעיני בשר - לויט דער הבטחה וואס "גלה סודו אל עבדיו הנביאים"[234], און נאך דערויף - צו די צדיקים און נשיאים שבכל דור ודור, ביז צו נשיא דורנו, דער בעל ההילולא.

און ס'וועט זיין "והקיצו ורננו שוכני עפר"[235] והוא בתוכם, ויוליכנו קוממיות לארצנו, בקרוב ממש.

צוה לנגן ופרצת.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

* * *

---

230) מוצאי ש"פ בשלח, י"ג שבט סל"ה. 231) ישעי' יב, א. 232) שם לה, י. ועוד. 233) ראה לקו"ש וישלח-י"ט כסלו תשל"ז ס"ב. וש"נ. 234) עמוס ג, ז. 235) ישעי' כו, יט.

בס"ד. שיחת מוצאי ש"פ משפטים, פ' שקלים, מבה"ח אדר ה'תשל"ט.

הנחת הת' בלתי מוגה

א. די התוועדות איז פארבונדן מיט א שבת [נאר מפני סיבות איז די התוועדות במוצאי שבת] וואס האט אין זיך כמה ענינים:

דאס איז שבת פ' משפטים, פ' שקלים, און שבת מברכים חודש אדר.

וואס לכאו' זיינען דאס דריי באזונדערע ענינים, והראי' – אז ס'איז ניט קיין הכרח אז אלע דריי ענינים זאלן אויספאלן צוזאמען; ס'זיינען דא יארן וואס שבת פ' משפטים איז ניט פ' שקלים, און ניט מבה"ח אדר, אדער אז נאר צוויי (פון די דריי) ענינים קומען צוזאמען, און עס פעלט דער דריטער ענין – וואס דערפון איז מוכח אז דאס זיינען דריי באזונדערע ענינים.

אבער אעפ"כ, וויבאלד אז אלע דריי ענינים קענען זיך צוזאמענטרעפן כולם ביחד, אזוי ווי דאס איז בקביעות שנה זו,

[וואס יעדער ענין איז דאך בהשגחה פרטית[1], ובפרט דער ענין פון קביעות השנה, וואס דאס איז פארבונדן מיט א פס"ד בתורה בנוגע צו קביעות החדשים והשנים – וואס מצד דעם ענין פון קביעות השנה, קומען זיך צוזאמען אלע דריי ענינים],

איז דערפון גופא א הוכחה, אז נוסף אויף דערויף וואס יעדער ענין פון די דריי איז א באזונדער ענין בפ"ע – האבן זיי אויך א צד השוה אין וועלכן זיי גלייכן זיך אויס.

ב. ווען מ'רעדט וועגן די דריי ענינים – קען מען רעדן נאר וועגן דעם צד השוה שבהם, און מ'קען אויך רעדן וועגן דעם ענין המיוחד וואס עס האט יעדערער פון זיי, און דערנאך אויך רעדן וועגן דעם צד השוה שבהם;

איז בשעת מ'וויל רעדן וועגן דעם ענין המיוחד וואס איז דא אין יעדערן פון זיי – ווערט די שאלה: וועגן וועלכן ענין זאל מען רעדן פריער.

ווארום אזוי ווי א מענטש קען דאך ניט רעדן וועגן דריי ענינים בדיבור אחד, ווי עס שטייט אין מכילתא[2] (און רש"י ברענגט דאס אראפ[3]) אז א מענטש קען ניט זאגן צוויי זאכן בדיבור אחד,

[און ווי גערעדט אמאל בארוכה, אז לכאו' איז ניט

– פארשטאנדיק: –

------------

1) כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות קכז ואילך. וש"נ
2) עה"פ יתרו כ, ח. 3) ראה פרש"י עה"פ שם, א.

פארשטאנדיק: צוליב וואס דארף מען דאס זאגן, ס'איז דאך אן ענין וואס איז מובן מעצמו - וואס אין כאן המקום להאריך בזה,

מוז זיין אין דערויף אן ענין של קדימה - אז פריער זאל מען רעדן וועגן איין ענין, און דערנאך וועגן דעם צווייטן ענין.

און אויף יעדער ענין דארף מען זוכן די הוראה אין "תורה", וואס זי איז דער מקור כל ההוראות - ועד"ז אויך בעניננו.

ג. וועגן ר"ח שחל בשבת, קלערט די גמרא[4] צי מ'דארף דערמאנען אין דער הפטרה פון שבת דעם ענין פון ר"ח,

אין דער הפטרה אליין דערמאנט מען סיי דעם ענין פון שבת און סיי דעם ענין פון ר"ח - די שאלה איז אבער בנוגע צו ברכת ההפטרה: וויבאלד אז אין א ברכה איז יעדער ווארט אויסגערעכנט, און עס טאר ניט זיין קיין הפסק פון ענינים וועלכע זיינען דערצו ניט שייך - איז די שאלה: צי מ'זאל דערמאנען אין ברכת ההפטרה דעם ענין פון ר"ח,

און דער עיקר שאלה אין דערויף איז: אויב מ'האט פארגעסן דערמאנען דעם ענין פון ר"ח, צי מ'דארף חוזר זיין צוליב דערויף.

און די גמרא זאגט: "המפטיר בנביא בשבת אינו צריך להזכיר של ראש חודש, שאילמלא שבת אין נביא בראש חודש", וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז די הפטרה האט ניט קיין שייכות צום ענין פון ר"ח.

ועד"ז איז אויך בנוגע צו דער התוועדות:

דאס וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו האט קובע געווען אז ס'זאל זיין א התוועדות בשבת, איז דאס פארבונדן מיט דעם ענין פון שבת מברכים, און ניט מיט די שבתות פון די ד' פרשיות.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז עיקר ענין ההתוועדות איז פארבונדן (ניט מיט דעם ענין פון פ' שקלים, נאר) מיט דעם ענין פון שבת מברכים חודש אדר.

וואס אע"פ אז פ' שקלים איז אלעמאל פארבונדן מיט חודש אדר - קען דאך אבער זיין אז פ' שקלים זאל אויספאלן אין שבת ר"ח אדר, און ניט אין שבת מברכים חודש אדר.

- ד. -

------------

4) שבת כד, א. וראה שו"ע אדה"ז סרפ"ד ס"ו.

ד. האמור לעיל אז דער עיקר ענין ההתוועדות איז פארבונדן מיט דעם ענין פון שבת מברכים (און ניט מיט דעם ענין פון פ׳ שקלים) - איז דוקא ווען ס׳איז דא א שאלה צי מ׳זאל רעדן וועגן דעם ענין פון פ׳ שקלים, אדער מ׳זאל רעדן וועגן דעם ענין פון שבת מברכים;

ווען מ׳וויל אבער (מאיזה סיבה שתהי׳) רעדן וועגן ביידע ענינים - איז דא אויף דערויף די הוראה פון אן אנדער דין אין גמרא (אין סדר קדשים)[5], אז "כל המקודש מחבירו קודם את חבירו" - וואס מצד דערויף דארף מען פריער רעדן וועגן דעם ענין פון פ׳ שקלים, ווארום:

דער ענין פון פ׳ שקלים ווערט שוין דערמאנט אין משנה[6], און דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון קרה"ת, וואס דעם ענין פון קרה"ת האט מתקן געווען משה רבינו׳ (און דערנאך איז צוגעקומען די הוספה פון עזרא[7]), ד.ה. אז דאס איז שוין געווען בזמן שביהמ"ק הי׳ קיים, ואת"ל - איז דאס געווען נאך אין מדבר (איידער ס׳איז געווען דער ביהמ"ק).

משא"כ דער ענין פון שבת מברכים החודש איז געווארן ערשט נאך דערויף וואס ס׳איז נפסק געווארן דער ענין פון קידוש החודש ע"פ הראי׳, כמדובר כמ"פ[8] אז מצד דערויף וואס ס׳איז נפסק געווארן דער ענין פון קידוש החודש ע"פ הראי׳ (דערפאר וואס די סנהדרין איז ניט געווען בקיומה, וואס דעמולט האט מען אנגעהויבן קובע זיין דעם ענין פון ר"ח ע"פ החשבון), האט מען קובע געווען דעם ענין פון שבת מברכים החודש, אז אין יום השבת, וואס דעמולט געפינט זיך כל העם ביחד[9], זאל מען מפרסם זיין ווען איז די קביעות פון ר"ח.

אין דערויף קומט צו נאך א נקודה:

ניט נאר אז בפועל האט זיך דער ענין פון מברכים החודש אנגעהויבן ערשט לאחרי חורבן ביהמ"ק,

און נאכן חורבן גופא האט זיך דאס אנגעהויבן נאך דערויף וואס ס׳איז נפסק געווארן דער ענין פון קידוש החודש ע"פ הראי׳ - כמבואר אין ראשונים[10], אז נאכן חורבן איז געווען א מקצת זמן וואס מ׳האט מקדש געווען די חדשים ע"פ הראי׳,

נאר נאכמער: בזמן שהיו מקדשים ע"פ הראי׳, האט ניט

- געקענט -

------------

5) זבחים פט, א במשנה. 6) מגילה כט, סע"א.
7) ירושלמי מגילה פ"ד ה"א קרוב לסופה. 8) שם. וראה גם ב"ק פב, א. 9) ראה לקו"ש ח"ט ע׳ 187. 10) ראה שבה"ל סק"ע. 11) רמב"ם הל׳ קדה"ח פ"ה ה"ג.

געקענט זיין דער ענין פון שבת מברכים החורש, ווארום אין דעם שבת שלפני ר"ח האט מען ניט געקענט וויסן ווען ס'וועט זיין ר"ח[12], ווארום ס'איז תלוי אין ראיית הלבנה (וואס אויף דעם דארף מען האבן אז ס'זאל ניט זיין קיין וואָלקן'ס וכו') און אין קבלת הערות וכו'.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון פ' שקלים איז קודם צו דעם ענין פון מברכים החודש - און עפ"ז וועט מען אנהויבן מיט דעם ענין פון פ' שקלים.

ה. בנוגע צו דעם ענין פון "שקלים", האט מען שוין גערעדט כמ"פ כמה פרטים ברבר - און איצטער וועט מען מעורר זיין אויף א נקודה נפלאה וואס איז דא אין דערויף:

דער ענין פון שבת פ' שקלים איז - וואס דעמולט לייענט מען וועגן דער מצוה פון "מחצית השקל".

און ווי יעדער ענין וואס מ'זאגט בדיבור - איז דאך די כוונה בזה, אז מ'זאל דאס איבערלעבן, און דאס זאל ווערן א טייל פון אים, עאכו"כ אז דאס איז אן ענין פון קריאה בתורה, און ברבים, און מיט א ברכה לפני' ולאחרי' - וואס דאס מאכט נאך שטארקער דעם ענין.

ובפרט אז בנוגע צו דעם ענין פון "מחצית השקל" איז אויך דא דער ענין פון "ונשלמה פרים שפתינו"[13] - דורך דעם דיבור און קריאה בתורה, וויל מען אפצאלן (עד כמה שאפשר) דעם ענין וואס עס האט זיך אויפגעטאן דורך נתינת "מחצית השקל" בזמן שביהמ"ק הי' קיים (אדער כל זמן אז ס'איז געווען די מצוה פון נתינת "מחצית השקל").

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק, אז די תוצאות וואס דארפן ארויסקומען ברוחניות פון דער מצוה פון "מחצית השקל", דארפן זיין בתקפם אפי' אין זמן הגלות.

ואדרבה: וויבאלד אז אין זמן הגלות פעלט דער קיום המצוה כפשוטה בגשמיות (געבן "מחצית השקל" אין דער לשכה פון ביהמ"ק, און דערפון זאל מען קויפן די קרבנות ציבור), דארף מען מוסיף זיין אין די הוצאות וועלכע קומען ארויס ברוחניות פון דעם ענין פון "מחצית השקל", כדי אז דורך דערויף זאל מען משלים זיין (במקצת עכ"פ) דאס וואס עס פעלט אין קיום המצוה כפשוטה.

ו. אין דעם ענין פון "מחציה השקל" ווי דאס איז אין - עבודת -

---

12) ראה לקו"ש שם הע' 23. 13) הושע יד, ג. וראה שו"ע אדה"ז או"ח מהדו"ב ס"א ס"ט.

הנחה הח' בלתי מוגה

עבודת האדם - סיי אין דעם ענין פון בין אדם למקום, און סיי אין דעם ענין פון בין אדם לחבירו

[ו]ואס דער ענין פון בין אדם לחבירו איז דאך אויך א טייל פון דעם ענין פון בין אדם למקום, ווארום דאס וואס מ'דארף מקיים זיין די מצוות שבין אדם לחבירו, איז עס נאר דערפאר וואס אזוי האט דער אויבערשטער אנגעזאגט אין תורה - דורך "משה קבל תורה מסיני ומסרה כו'"[14] אז מ'זאל דאס מקיים זיין במשך כל הזמנים, וויבאלד אז "זאת התורה לא תהא מוחלפת"[15], און "התורה היא נצחית"[16]],

איז דא א הוראה נפלאה:

עס שטייט אין מדרש[17] אז ווען משה רבינו האט דערהערט דעם ענין פון "ונתנו איש כופר נפשו"[18], איז ער געשטאנען אין א התפעלות: היתכן אז ס'זאל זיין אן ענין פון "כופר נפשו"!

אין דערויף איז דא נאך א נידעריקער אופן (אדער נאך א העכערער אופן): מ'זאגט א אידן אז דורך דערויף וואס ער וועט געבן מערנים ווי "מחצית השקל", וועט ער באקומען א טייל אין אלע קרבנות ציבור וואס מ'וועט מקריב זיין במשך כל השנה כולה.

וואס לכאו' איז דאס אינגאנצן ניט פארשטאנדיק - ווארום מיט א "מחצית השקל" קען מען ניט קויפן קיין אייך קרבן ציבור, ווי די גמרא[19] רעכנט אוים די ווערד וואס א קרבן דארף האבן (וויפל ס'איז ווערד א כבש און א פר וכיו"ב), ובפרט ווען מ'רעכנט צו די אלע ענינים וואס מ'דארף האבן צום קרבן - שמן, סולת, יין, עצים וכו', איז דאך דאס זיכער מערער פון א "מחצית השקל".

און אעפ"כ, דורך דערויף וואס ער גיט "מחצית השקל", באקומט ער א חלק אין אלע קרבנות ציבור וואס מ'איז מקריב במשך כל השנה כולה[20],

ניט נאר אין די קרבנות ציבור וואס מ'איז מקריב בימות החול, נאר אויך אין די קרבנות ציבור וואס מ'איז מקריב אין שבתות וימים טובים (אע"פ אז די נתינה פון דעם "מחצית השקל" איז אין ימות החול דוקא), ביז אז ער באקומט א חלק אין די קרבנות ציבור וואס מ'איז מקריב אין דעם יום הכי קדוש בשנה,

- יוהכ"פ -

------------

14) אבות רפ"א. 15) עיקר הט' מי"ג עקרים. 16) תניא רפי"ז. 17) תנחומא תשא י. ועוד. 18) תשא ל, יב. 19) ראה זבחים מח, א. כריתות י, ב. 20) ראה לקו"ש ח"ב ע' 653 ובהנסמן שם הע' 19.

יוהכ"פ, וואס עס ווערט אנגערופן "יום הקדוש", ועאכו"כ אז ער האט א חלק אין די קרבנות ציבור וואס מ'איז מקריב במשך כל השנה כולה - און דאס אלץ ווערט דורך דער נתינה פון א "מחצית השקל".

וואס דערמיט באווייזט מען א אידן א דבר נפלא - וואס מ'קען אויפטאן אפי' מיט א מקצת דמקצת פון זיינע נכסים - מערניט ווי "מחצית השקל"!

ז. און אין דערויף זאגט מען אז ס'דארף זיין א נתינה פון "מחצית השקל" דוקא, ביז וואנעט אז "העשיר לא ירבה"[21], ער וויל געבן מער, זאגט מען אים: ניין! דאס וועט מאכן א בלבול אין אלע ענינים,

ווי ס'איז פארשטאנדיק פון פשוטו של מקרא אז די נתינה פון דעם "מחצית השקל" איז געווען פארבונדן מיט דעם ענין פון "כי תשא את ראש בנ"י גו'"[22], אז מ'זאל וויסן דעם חשבון הנפשות, וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אויב איינער וועט געבן מער פון "מחצית השקל", וועט דאס מאכן א בלבול אין דעם חשבון,

זאגט מען אים אז מ'פארלאנגט ניט ביי אים מער פון "מחצית השקל", און וויבאלד אז מ'פארלאנגט ניט ביי אים געבן מער, דארף ער דאס ניט טאן, ובמילא טאר ער דאס ניט טאן - כמדובר כמ"פ אז "לא תוסיפו"[23] איז אויך א לאו אזוי ווי "לא תגרעו", און "כל יתר כנטול דמי"[24].

אין דערויף קומט צו נאך א פרט:

מ'זאגט ניט אז ער דארף געבן "עשר גרה", נאר מ'איז מדייק אז ער דארף געבן "מחצית השקל", ד.ה. אז ער דארף נעמען איין שקל, און פאנאנדערטיילן אים אויף האלב, און "חציו לה' וחציו לכם"[25],

און אפי' פון דעם "חציו לה'" האט ער אויך א תועלת - דאס ווערט אן ענין פון "כופר נפשו".

און דורך דערויף וואס ער גיט מערניט ווי "מחצית השקל", באקומט ער א חלק אין אלע קרבנות ציבור וואס מ'איז מקריב במשך כל השנה כולה (כולל אויך שבתות ויו"ט טובים), און א חלק שוה צום חלק פון דעם גדול שבגדולים, ווארום יענער האט אויך געגעבן מערניט ווי "מחצית השקל" (וויבאלד אז "העשיר לא ירבה").

- ח. -

---

21) תשא שם, טו. 22) שם, יא. 23) ואתחנן ד, ב. 24) חולין נה, ב. 25) פסחים סח, ב.

ח. כאמור לעיל אז יעדער איד האט געגעבן מערניט ווי "מחצית השקל", און דורך דערויף האט ער באקומען א חלק אין אלע קרבנות ציבור פון כל השנה כולה - אע"פ אז דער שווי פון איין קרבן ציבור איז מערער פון "מחצית השקל".

ד.ה. אז דאס וואס יעדער איד האט א חלק אין אלע קרבנות ציבור, איז דאס ניט אין אן אופן אז ער גיט דעם שווי פון איין קרבן ציבור, און דער צווייטער איד גיט דעם שווי פון א צווייטן קרבן, א.ז.וו. און דורך דערויף האט יעדערער א חלק אין אלע קרבנות ציבור (ע"ד ווי דאס איז בנוגע צו חלוקת הש"ס[26]) - נאר ווי געזאגט פריער אז יעדער איד גיט מערניט ווי "מחצית השקל", וואס דאס איז ווייניקער פון דעם שווי פון איין קרבן.

לכאו׳ וואלט מען געקענט זאגן אז וויבאלד די נתינה פון "מחצית השקל" דארף זיין אין אן אופן פון "ימסרם לציבור יפה יפה"[27], ווערט זיין חלק בטל און אויס מציאות, ובמילא האט ער אויך א שייכות צו אלע איבעריקע חלקים, און דערפאר האט ער א חלק אין אלע קרבנות ציבור -

האט מען דאך אבער גערעדט כמ"פ, אז אע"פ אז נתינת "מחצית השקל" איז אין אן אופן פון "ימסרם לציבור יפה יפה", און דאס ווערט אן ענין של ציבור (ניט פון דעם יחיד) - האט אבער יעדער יחיד א חלק אין דעם קרבן ציבור אלס יחיד[28].

און ווי געבראכט די ראי׳ אויף דערויף דערפון וואס מ׳געפינט (אין דעם צד פון היפך הטוב) אז משה רבינו האט געבעטן רעם אויבערשטן "אל תפן אל מנחתם"[29], טייטשן אפ חז"ל[30]: "יודע אני שיש להם חלק בתמידי ציבור, אף חלקם לא יקובל לפניך לרצון" -

זעט מען דאך, אז אפי׳ נאך דערויף וואס די געלט איז שוין אריינגעטראגן געווארן אין דער לשכה, און מ׳האט שוין געקויפט דעם קרבן, און מ׳האט אים שוין מקריב געווען - זאגט מען דעמולט "אל תפן אל מנחתם", דערפאר וואס דארטן איז נאך דא אן ענין וואס געהערט דעם יחיד אלס א יחיד.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אין יעדער קרבן ציבור וואס מ׳איז מקריב, האט יעדערער א חלק אלס א יחיד - און דאס אלץ ווערט דורך דערויף וואס ער גיט מערניט ווי "מחצית השקל".

- ס. -

------------

26) ראה לקו"ש ח"י ע׳ 267. 27) ר"ה ז, ריש ע"ב.
28) ראה לקו"ש מכתבים כלליים לחגה"פ תשל"ח ריש ע׳ 4. ובהע׳ שם ד"ה און. 29) קרח טז, טו. 30) תנחומא ופרש"י עה"פ.

ט. דערפון זעט מען דעם גודל הענין פון נתינת "מחצית השקל", און אויף וויפל מ'דארף זיין אפגעהיט אין דעם - וויבאלד אז דורך דערויף באקומט מען א חלק אין אלע קרבנות ציבור וואס מ'איז מקריב במשך כל השנה כולה.

וואס בכללות - איז די מצוה פון "מחצית השקל" פארבונדן און איז כולל כל המצוות כולם, כידוע דער ביאור[31] אין דעם וואס "העוסק במצוה פטור מן המצוה"[32], אז דאס איז דערפאר וואס אין יעדער מצוה איז דא א מעין פון אלע מצוות - איז דאך פארשטאנדיק, אז אין יעדער מצוה איז דא א מעין פון דער מצוה פון נתינת "מחצית השקל".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דורך דערויף וואס ער וועט זיך משתדל זיין אין יעדער מצוה, וועט ער באקומען א חלק אין אלע קרבנות ציבור (וויבאלד אז אין יעדער מצוה איז דא א מעין פון מצות "מחצית השקל") -

ובמילא איז פארשטאנדיק אז ער וועט זיך ניט רעכנען מיט קיינע שוועריקייטן וואס קענען זיין, און וועט מקיים זיין יעדער מצוה מיט אלע הידורים, ובשמחה וטוב לבב.

י. דעם לימוד פון דער מצוה פון "מחצית השקל", אז דורך די נתינה פון "מחצית השקל" האט ער א חלק אין אלע קרבנות ציבור - האט מען פון דער מצוה פון "מחצית השקל" דוקא, אע"פ אז ס'זיינען דא נאך כמה מצוות וועלכע קומען בשיתוף פון עטליכע מענטשן צוזאמען (ע"ד ווי בנין ביהכ"נ וביהמ"ד, עאכו"כ דער בנין פון ביהמ"ק וכיו"ב). והביאור בזה:

אין אנדערע מצוות וואס ווערט געטאן דורך דער השתתפות פון כו"כ אידן, אזוי ווי בנין ביהמ"ק - איז דאס אן איינ-מאליקע השתתפות; ער האט זיך איין מאל משתתף געווען מיט כו"כ אידן אין דעם ענין פון ביהמ"ק, און דערנאך בלייבט דער ביהמ"ק קיים.

משא"כ ווען עס רעדט זיך וועגן דער מצוה פון "מחצית השקל" - איז דאס אן ענין וואס ווערט באנייט מידי שנה בשנה, ווארום בכל שנה איז געווען דער ענין פון "באחד באדר משמיעין על השקלים"[33], און מיט די געלט, וואס דארטן איז אויך געווען זיין "מחצית השקל", האט מען געקויפט די קרבנות ציבור על כל השנה כולה.

נאכמער: ווען מ'האט געקויפט די קרבנות ציבור מיט די - געלט -

---

31) המשך תרס"ו ע' סח. תקכב. 32) סוכה כה, סע"א.
33) ריש מס' שקלים.

געלט פון "מחצית השקל", איז מען דאך ניט געווען מחוייב קויפן בתחלת השנה אלע קרבנות ציבור וואס מ'וועט מקריב זיין במשך כל השנה כולה, נאר ווי ס'איז פארשטאנדיק פון כמה סיפורי חז"ל, איז געווען דער סדר אז במשך השנה פלעגט מען מזמן לזמן קויפן נאך קרבנות, כדי זיי זאלן זיין פרישע און שמנים וכו',

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז יעדער מאל וואס מ'פלעגט קויפן די קרבנות ציבור במשך השנה, איז געווען נאכאמאל בהדגשה דאס וואס יעדער איד האט א חלק אין דעריף, ווארום מ'האט דאס געקויפט מיט די געלט וואס איז געווען אין דער לשכה דערפון וואס אלע אידן האבן געגעבן "מחצית השקל".

וואס דאס איז דער חילוק צווישן די מצוה פון "מחצית השקל", מיט אן אנדער מצוה וואס ווערט אויך געטאן בהשתתפות פון כו"כ אידן, אזוי ווי דער ענין פון בנין ביהמ"ק:

דער ביהמ"ק איז טאקע געווען אן ענין כללי, און אין דעריף האבן זיך משתתף געווען כו"כ אידן, אבער אעפ"כ, אין דעריף האט זיך ניט אנגעזעהן די התחדשות מידי יום ביומו (אז אין דעריף זאל זיין מודגש אז דער ענין וואס איז נתחדש געווארן, איז פארבונדן מיט דער השתתפות פון יעדער אידן אלס א יחיד); אפי' אז מ'האט געגלויבט באמונה שלימה אז דער ענין ווערט טאקע נתחדש מידי יום ביומו - האט מען דאס אבער ניט געזעהן בעיני בשר, ווארום בעיני בשר האט מען געזעהן דעם זעלבן ביהמ"ק במשך כל זמן קיומו.

משא"כ אין דעם ענין פון "מחצית השקל", האט מען געזעהן בעיני בשר די התחדשות מידי שנה בשנה, אז בכל שנה ושנה ווען עס קומט דער טאג פון "אחד באדר", איז געווען דער ענין פון "משמיעין על השקלים", און דעמולט האט מען געגעבן דעם "מחצית השקל",

וואס דורך דעריף האט ער געהאט א חלק אין אלע קרבנות ציבור וואס מ'האט מקריב געווען במשך כל השנה כולה, ביז צום טאג (וואס ער האט געגעבן דעם "מחצית השקל" פאר די שנה הבאה, אדער ביז צום טאג) פון ערב ר"ח ניסן, וויבאלד אז בר"ח ניסן האט מען אנגעהויבן מקריב זיין די קרבנות ציבור פון דעם "מחצית השקל" פון דעם נייעם יאר[34].

יא. אין דעם ענין פון "מחצית השקל", זעט מען דעם גודל המעלה וואס מ'קען אויפטאן מיט א ביסל געלט - מערניט ווי

- "מחצית -

------------

34) ר"ה שם, א. מגילה כט, ב.

"מחצית השקל", אז דורך דערויף קען מען באקומען א חלק אין אלע קרבנות ציבור.

וואס דאס באווייזט נאכמער אויף וויפל ס'איז נוגע דער ענין וואס "התורה חסה על ממונן של ישראל"[35] [ביז וואנעט אז דער ענין פון "בל תשחית" איז א מצוה בתורה[36]],

מיטן גאנצן שטורעם וואס איז דא אין דערויף אין תורת הבעש"ט[37], אז דאס איז פארבונדן מיטן ניצוץ קדושה וואס איז דא אין "ממונן של ישראל", אין וועלכן עס הייננגט אפ שלימות הנפש און שלימות העבודה - וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אויב ער וועט מבזבז זיין ממונו אויף ענינים בלתי רצויים (ענינים וואס זיינען ניט קיין איסור ח"ו, זיי זיינען אבער ניט ווי עס דארף צו זיין), טוט זיך ניט אויף דאס וואס עס דארף זיך אויפטאן מיטן ניצוץ קדושה.

אין קדושה איז טאקע דא דער ענין פון מדת הנדיבות, אז מ'זאל ניט זיין קיין קמצן (א "כילי"), וואס דאס איז א ציווי מן התורה, און ווי דער רמב"ם ברענגט אראפ אין הל' דעות[38] דעם גנאי שבדבר -

אבער פון ניט זיין א קמצן ביז צו מבזבז זיין "ממונן של ישראל", איז גאר א ווייטער מהלך, ביז אין אן אופן פון שלא בערך - און אויף דערויף זאגט די משנה אז "התורה חסה על ממונן של ישראל", אז מ'זאל דאס ניט מבזבז זיין.

יב. אין דעם ענין פון "מחצית השקל" איז דא נאך א הוראה, וואס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון בין אדם לחבירו (וואס דאס איז אויך א טייל פון בין אדם למקום, ווי דערמאנט פריער (ס"ו)):

ווען מ'זאגט א אידן אז דורך דערויף וואס ער וועט געבן "מחצית השקל", וועט ער האבן א חלק אין אלע קרבנות ציבור - זאגט מען אים גלייך אז ער מוז אנקומען צום "מחציה השקל" פון א צווייטן אידן, ווארום מיט זיין "מחציה השקל" אליין קען מען ניט מקריב זיין אפי' קיין איין קרבן, עאכו"כ אז מ'קען דערמיט ניט מקריב זיין אלע קרבנות ציבור פון כל השנה כולה - מוז ער אנקומען צום "כחצית השקל" פון א צווייטן אידן, און פון אלע אידן.

וואס דערפון זעט מען אויף וויפל ס'איז נוגע דער ענין

- פון -

---

35) ר"ה כז, א. וש"נ. 36) שופטים כ, יט. שו"ע אדה"ז חו"מ הל' שמירת גוף ונפש ובל תשחית סי"ד ואילך. 37) כש"ט (הוצאת קה"ת) סרי"ח (כח, סע"ב ואילך). 38) רפ"א.

פון "ואהבת לרעך כמוך"[39] - ווארום אויב עס וועט זיין א פירוד צווישן איין אידן מיט א צווייטן אידן, וועט זיין א פירוד צווישן זיין "מחצית השקל" מיטן "מחצית השקל" פון דעם צווייטן אידן, און עס וועט פעלן אין דעם "ימסרם לציבור יפה יפה" -

ובמילא וועט זיין אן ענין של העדר ההידור און א פגם אין דעם קרבן ציבור וואס מ'ברענגט פון אזוינע געלט וואס איינער ציט פון איין זייט און דער צווייטער ציט פון דער אנדער זייט (וויבאלד אז עס פעלט אין דעם "ימסרם לציבור יפה יפה") - און דער קרבן דארף דאך זיין א קרבן שלם, עס דארף זיין איין כבש, און ניט קיין צוויי האלבע צי דריי דריטל וכיו"ב.

יג. די הדגשה אויף דעם ענין פון "ואהבת לרעך כמוך" וואס איז דא אין דער מצוה פון "מחצית השקל", זעט מען אויך אין דערויף וואס "העשיר לא ירבה והדל לא ימעיט":

ס'איז מבואר אין ספרי מוסר אז מיט דעם ענין פון "העשיר לא ירבה", באווייזט מען דעם עשיר, אז וויפל עשירות ער זאל נאר האבן, מוז ער אנקומען צום צווייטן אידן, ווארום אן דעם צווייטן אידן איז זיין נתינה מערניט ווי "מחצית השקל", און דוקא דורך דערויף וואס ער באהעפט זיך מיט א צווייטן אידן, ווערט דערפון א גאנצע זאך, א גאנצער "שקל הקודש".

ועד"ז לאידך - "והדל לא ימעיט":

דער "דל" דארף ניט זיין אראפגעפאלן בא זיך (און בכילא - מיאש זיין זיך פון תשובה סאן וכיו"ב) דערפון וואס ידע איניש בנפשי' דעם "חשבון צדק" אז ער איז א "דל" - ער דארף וויסן אז אויב עס וועט נאר זיין דער "ימסרם לציבור יפה יפה", וועט פון זיין "מחצית השקל" ווערן א גאנצער "שקל הקודש", דורך דערויף וואס דאס וועט זיך מתחבר זיין מיט דער "מחצית השקל" פון א צווייטן אידן.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק ווי אין דעם ענין פון "מחצית השקל" איז מודגש דער ענין פון "ואהבת לרעך כמוך" -

וואס דאס איז דאך א "כלל גדול בתורה"[40], ביז וואנעט אז דער אלטער רבי האט ארייגעשטעלט בסידורו (אע"פ אז דאס שטייט גאר אין ספרי קבלה[41]) אז קודם התפלה זאל מען זאגן "הריני מקבל עלי מ"ע של ואהבת לרעך כמוך".

- יד. -

------------

39) קדושים יט, יח. 40) תו"כ ופרש"י עה"פ שם.
41) פע"ח ש"ג ספ"ב. שער הכוונות בתחלתו.

יד. דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען עס קומט פ׳ שקלים בכל שנה ושנה, וואס דעמולט דערמאנט מען נאכאמאל וועגן דעם ענין פון "מחצית השקל",

[במדובר כמ"פ אז די ענינים רוחניים וואס זיינען געווען אין ביהמ"ק, זיינען געבליבן אויך איצטער, ווארום ניט-אידן קענען אין דערויף ניט אנרירן - וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די עבודה רוחנית פון "מחצית השקל" איז געבליבן בשלימותה אויך איצטער, ביז וואנעט אז עס ווערט דער "ונשלמה פרים שפתינו" - דורך דערויף איז מען אויך משלים דעם ענין פון קיום המצוה בגשמיות כפשוטם של דברים],

דערמאנט דאס אויף כו"כ ענינים, ובמיוחד - אויף די צוויי הוראות נפלאות וועגן וועלכע מ׳האט גערעדט פריער:

דער ענין פון "ואהבת לרעך כמוך"; און אויך די גרויס-קייט פון א אידן, אז אפי׳ דורך ממונו (ניט זיין נשמה, און אפי׳ ניט זיין גוף), און מערניט ווי א קליינער טייל דערפון, מערניט ווי "מחצית השקל",

[וואס ס׳איז דאך פארשטאנדיק בפשטות וואס פאר א חלק איז "מחצית השקל" לגבי דעם גאנצן ממון פון א אידן - ווען אידן זיינען געשטאנען אין דעם מעמד ומצב פון "איש תחת גפנו ותחת תאנתו"[42],

עאכו"כ ווען אידן זיינען געווען אין מדבר, וואס דעמולט האבן זיי געהאט ביזת מצרים און ביזת הים - ווי די גמרא[43] (און רש"י[44] ברענגט דאס אראפ) איז מפליא וויפל יעדער איד האט געהאט דערפון -

פארשטייט מען דאך דערפון וואס פאר א חלק פארנעמט א "מחצית השקל" לגבי אזא ריבוי מופלג פון ממון],

ווערט אויפגעטאן דער ענין פון "כופר נפשו", און דורך דערויף באקומט ער א חלק און א בעל-הבית׳שקייט אין אלע קרבנות ציבור וואס מ׳האט מקריב געווען במשך כל השנה כולה.

וואס דער ענין ווערט באנייט פון-דאס-ניי ווען מ׳לייענט פ׳ שקלים אחת בשנה - אין דעם שבת.

וואס אע"פ אז די זעלבע פרשה (פון "שקלים") לייענט מען אויך אין פ׳ כי תשא - איז אבער דא א נפק"מ פ׳ שקלים ווען מ׳לייענט איר אין "שבת שקלים", אדער ווען מ׳לייענט איר אין פ׳ כי תשא:

- ווען -

------------

42) מ"א ה, ה. 43) בכורות ה, ב. וראה גם תנחומא בשלח כה. 44) עה"פ בא יג, יג.

ווען מ'לייענט די פרשה פון שקלים אין פ' כי תשא, איז דאס נאר א טייל פון דער גאנצער פרשה (א פרשה וואס האט אין זיך כו"כ ענינים), און די הפטרה איז ניט פארבונדן מיט דעם ענין פון שקלים, מיט נאך כו"כ ענינים וואס צוליב זיי ווערט די פרשה אנגערופן "פ' כי תשא", און ניט "פ' שקלים";

משא"כ ווען מ'לייענט די פרשה אין "שבת שקלים" - איז דאס אין אן אופן אז דער שבת ווערט אנגערופן ע"ש קריאה זו, וואס "שמו אשר יקראו לו בלה"ק"* איז - "שבת שקלים".

טו. אין פ' שקלים איז דא נאך א נקודה:

אין פ' שקלים רעדט זיך וועגן "כי תשא את ראש גו'" - וואס אין דערויף איז אויך דא דער אפטייטש* אז דורך דעם ענין ווערט אויפגעטאן דער "תשא את ראש", אז מ'הויבט אויף א אידן אין אן אופן אז אפי' זיין קאפ ווערט אויך אויפגעהויבן, און דאס איז אפי' ווען עס רעדט זיך וועגן אן איש השלם בתכלית.

און דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון "ואהבת לרעך כמוך":

אין תניא פרק לב איז דער אלטער רבי מבאר די הסברה אויף דעם ענין פון "ואהבת לרעך כמוך" - אז דאס איז דערפאר וואס "מי יודע גדולתן ומעלתן בשרשן ומקורן כו' ואב א' לכולנה".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת עס ווערט אויפגעטאן דער ענין פון "תשא את ראש", אז מ'הויבט אויף די קאפ צו איר שרש ומקור - איז דעמולט נאכמער נוגע דער ענין פון "ואהבת לרעך כמוך", וויבאלד אז "מי יודע גדולתן ומעלתן בשרשן ומקורן".

טז. די אלע ענינים וועגן וועלכע מ'האט גערעדט פריער - דארפן ארויסקומען אין מעשה בפועל, ובפרט אז יעדערער פון זיי איז כולל כל התורה כולה:

בנוגע צו דעם ענין פון "ואהבת לרעך כמוך", שטייט דאך בפירוש אז דאס איז "כלל גדול בתורה",

עד"ז די הוראה דערפון וואס א איד קען אויפטאן אפי' מיט א "מחצית השקל", איז אויך אן ענין כללי - וויבאלד אז אפי' אויף א נתינה פון איין פרוטה (ועאכו"כ "מחצית השקל")

- זאגט -

------------

45) ראה שעהיוה"א בתחלתו. 46) ראה פרש"י ד"ה אמר - ב"ב י, ב. תו"א קיב, א. אוה"ת תשא ע' א'תתמו. ועוד.

זאגט מען אז דערמיט "הי׳ יכול לקנות חיי נפשו"[47], איז פאר-שטאנדיק אז דאס איז אן ענין פון "כופר נפשו", און נאכמער: דערמיט איז ער מעלה די גאנצע וועלט[48] - וואס דאס איז אויך דער אויפטו פון די קרבנות ציבור[49],

און דאס איז אויך פארבונדן מיטן ענין פון "תשא את ראש" - אויפהויבן כל בנ"י אין אן אופן פון "תשא את ראש".

און דערפון איז פארשטאנדיק, אז אויך בשנה זו וועו עס קומט דער שבת פ׳ שקלים (ועד"ז מוצאי שבת), איז "היכולת והרשות נתונה"[50] (ובמילא ווערט דאס א חיוב און אויך א זכות) צו יעדער אידן, מיטנעמען די הוראות בנוגע לפועל פון די נקודות האמורות - על כל השנה כולה.

און וויבאלד אז דער ענין פון "שקלים" איז פארבונדן מיט "כל העובר על הפקודים"[51] - "דעבר על פיקודייא"[52], וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון עבודת התשובה -

וועט דאס נאכמער צוהיילן דעם ענין וואס "הבטיחה תורה שסוף ישראל לעשות תשובה", און דעמולט וועט זיין דער "מיד הן נגאלין"[53] כפשוטו, בביאת משיח צדקנו, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו.

* * *

יז. די צווייטע נקודה וואס איז דא אין דעם שבת, איז דער ענין פון שבת מברכים החודש, און אין חדשים גופא - חודש אדר.

דער כללות הענין פון חדשים איז פארבונדן מיט אידן - וויבאלד אז חדשים זיינען פארבונדן מיט דער לבנה, און אידן זיינען "מונין ללבנה"[54] (און זיינען דומים ללבנה[55]), ביז אז "עתידים להתחדש כמותה"[56].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אין שבת מברכים החודש, וואס דעמולט בענטשט מען דעם חודש - בענטשט מען אויך אידן וואס "עתידים להתחדש כמותה".

און ווי מ׳זעט אז אין דעם נוסח הברכה וואס מ׳זאגט איידער מ׳איז מכריז ווען וועט זיין דער טאג פון ר"ח, ובפרט אין דעם נוסח הברכה וואס מ׳זאגט נאך דער הכרזה - זאגט מען ענינים של ברכה וואס זיינען שייך צו יעדער יחיד

- בישראל -

-----------

47) תניא פל"ז (מח, ב). 48) ראה תניא שם. 49) ראה תניא פל"ד. ובכ"מ. 50) ראה תניא פי"ד. רמב"ם הל׳ תשובה רפ"ה. 51) תשא שם, יד. 52) ירושלמי שקלים פ"א ה"ג בסופה. 53) רמב"ם שם פ"ז ה"ה. 54) סוכה כט, א. 55) ראה ב"ר פ"ו, ג. 56) סנהדרין מב, א.

בישראל, און שייך צו כלל ישראל ווי זיי זיינען אלס א צירוף פון יחידים, ביז אויך צו כלל ישראל אלס א מציאות פון כלל ישראל[57] - וויבאלד אז די ברכה וואס מ׳בענטשט דעם חודש, איז פארבונדן מיט אידן וואס "עתידים להתחדש כמותה".

און דערנאך איז מען מסיים "ונאמר אמן" - "ונאמר", לשון רבים, אז דאס ווערט געזאגט דורך כלל ישראל, און דאס ווערט געזאגט מיט א פשטות - ניט "ואמרו", נאר "ונאמר",

וואס דער כללות הענין פון "ונאמר אמן" איז - אז דאס איז אמת ואמונה, און ס׳איז אן ענין וואס האט א קיום[58].

ביז ווי מ׳האט גערעדט בארוכה אין א פריערדיקע התוועדות[59], אז ס׳שטייט אין כתבי האריז"ל[60] אז "אמן" איז בגימט׳ הוי׳ און אד׳ - וואס די צוויי שמות הוי׳ און אד׳ זיינען דאך כולל דעם גאנצן סדר ההשתלשלות,

אדער בנוסח פשוט יותר - אז זיי זיינען כולל דעם גאנצן ענין פון וועלט, סיי גשמיות און סיי רוחניות, ווארום:

אין די שמות הקדושים, איז שם הוי׳ דער שם העצם[61], שם המיוחד[62] און שם המפורש[63] - וואס דאס איז פארבונדן מיט די <u>רוחניות</u> וואס איז דא בכל דבר;

און שם אד׳ וואס באווייזט אויף דעם ענין פון אדנות ("אתה אדון לכל בריותיך"[64]) - און וויבאלד אז דער ענין פון אדנות איז פארבונדן מיט דעם ענין פון עבדות (ווארום דוקא ווען ס׳איז דא אן עבד איז שייך זאגן אז ער איז א אדון אויפן עבד), איז פארשטאנדיק אז דאס איז פארבונדן מיטן <u>בשם</u> וחומר שבכל דבר.

יח. דער ענין פון מברכים החודש איז פארבונדן מיט שבת דוקא - כמדובר כמ"פ אז מצד דערויף וואס שבת איז דער "יום הכניסה", האט מען אויסגעקליבן דעם טאג פון שבת אז דעמולט זאל מען מפרסם זיין ווען איז ר"ח, וואס דאס איז דער טעם הפשוט שבדבר.

- אבער -

------------

57) ראה לקו"ש בהעלותך תשל"ז ס"י. 58) ראה אוה"ת בראשית (כרך ג) תקסו, א. עקב ע׳ תקיח. 59) ד"ה באתי לגני דיו"ד שבט תשל"ח. שיחת מוצאי ש"פ בשלח, י"ג שבט תשל"ח ס"ה. 60) פע"ח שער כוונת אמן רפ"א. שער הכוונות ענין כוונת חזרת העמידה דרוש ה׳ (ערב, א - הוצאת ת"א תשכ"ג). וראה רוקח סש"ל. זח"ב קעח, א. ובכ"מ. 61) כ"מ הל׳ עכו"ם פ"ה ה"ז. פרדס שי"ס. מו"נ ח"א פס"א ואילך. עיקרים מ"ב פכ"ח. 62) סוטה לח, א. סנהדרין ס, א. 63) שם. רמב"ם הל׳ יסוה"ת פ"ו ה"ב. 64) ב"ד פי"ז, ד. וראה אוה"ת ש"ש ע׳ א׳חצד.

אבער די סיבה אויף דערויף גופא וואס שבת איז דער "יום הכניסה" איז - מצד דערויף וואס דער יום השבת איז א יום קדוש, "שבת קדש", ביז אין אן אופן פון "מקדשא וקיימא"[65] - וואס דערפאר זיינען דא אין יום השבת כו"כ ענינים, וואס איינער פון זיי איז, אז דאס איז דער "יום הכניסה", און דעמולט איז דער זמן אויף מפרסם זיין וועגן כל דבר טוב וכו׳.

וואס דאס איז דער כללות הענין פון שבת - אז ער ווערט אנגערופן "שבת קדש", און מיטן דיוק "קֹדש" דוקא (און ניט "קדוש" - ׳בוא"ו):

ס׳איז מבואר אין חסידות[66] דער חילוק צווישן "קדש" און "קדוש" - אז "קדוש" איז פארבונדן מיט א צווייטע זאך אין וועלכע מ׳איז ממשיך דעם ענין הקדושה,

[ע"ד ווי דער ענין פון יו"ט וואס ווערט אנגערופן "מקראי קדש"[67] - וואס דער אפטייטש דערפון איז[68], אז מ׳רופט אריין און מ׳איז ממשיך אהינצו דעם ענין הקדושה],

משא"כ דער ענין פון "קדש", וואס דאס איז "מלה בגרמי׳"[69] - דאס איז אפגעטיילט און מופרש פון כל הענינים כולם.

וואס דאס איז דער ענין פון שבת - "שבת קדש", "מלה בגרמי׳", וואס דאס איז נאך העכער פון יו"ט, ווארום יו"ט איז טאקע פארבונדן מיט דעם ענין פון "קדש", אבער נאר אין אן אופן פון "מקרא קדש".

און דערפאר ווען עס קומט דער טאג פון "שבת קדש", קדש מלה בגרמי׳ - איז מען דעמולט מברך דעם גאנצן חודש הבא, אלע טעג פון דעם חודש, כולל אויך ימות החול, צוזאמען מיט די "עובדין דחול" שבו - אז אין די אלע ענינים זאלן זיין די ששה לשונות של ברכה (וועלכע מ׳רעכנט אויס לאחרי ההכרזה ווען איז דער טאג פון ר"ח), ביז צום סיום - "ונאמר אמן".

יט. דעם ענין פון ברכת החודש טוט אויף א איד - וואס ער איז מקדש דעם חודש, ער איז מברך דעם חודש, און ער איז מכריז און מפרסם ווען וועט זיין דער טאג פון ר"ח, וואס אין דערויף זעט מען די מעלה פון א אידן.

וואס בנוגע צו דעם ענין פון קידוש החודש - קומט צו אן ענין מיוחד אין דער מעלה פון א אידן - נוסף אויף כללות

- המעלה -

---

65) ביצה יז, א. 66) תו"א קיא, ד. לקו"ת נצבים נ, ב. ועוד. 67) אמור כג, ב-ד. 68) ראה זח"ג צד, א. וראה גם שם צג, ב. וראה לקו"ש בשלח תשל"ד רס"י. 69) זח"ג צד, ב.

המעלה פון אידן לגבי שאר כל העמים, אז "אתה בחרתנו מכל העמים":

בנוגע צו דעם ענין פון קידוש החודש, שטייט אין מדרש[70] אז דער אויבערשטער זאגט צו מלאכי השרת "אני ואתם נלך אצל ב"ד של מטה" הערן וועז האבן אידן קובע געווען דעם טאג פון ר"ח.

און ווי גערעדט פריער[71] דעם דיוק הלשון[72] "באים לשמוע", ד.ה. ניט אז זיי געפינען זיך במקומם, און דאדטן הערן זיי ווען האבן אידן קובע געווען דעם טאג פון ר"ח, נאר "באים לשמוע", זיי קומען אין בתי כנסיות ובתי מדרשות (וואס דארטן שטייען אידן אין אן אופן פון "חברים", אין אן אופן פון "ואהבת לרעך כמוך"[73]), אויף צו הערן ווי אזוי האבן אידן אפגע׳פסק׳נט ווען איז ר"ח וכיו"ב.

וואס אע"פ אז למעלה איז גלוי דער חשבון ווען ר"ח וועט אויספאלן, און למעלה ווייסט מען אויך צי עס וועלן זיין ענינים אדער ניט, קען מען דאך מאכן דעם חשבון אליין און וויסן ווען וועט זיין ר"ת, און מ׳דארף ניט הערן ווי דער ב"ד של מטה וועט קובע זיין -

אבער אעפ"כ, וויבאלד אז מ׳האט אפגעגעבן דעם ענין פון קידוש החודש צו אידן, און אין אן אופן אז אידן זיינען ניט פארבונדן מיט דעם חשבון, כמרז"ל[74] "אתם אפילו שוגגין, אתם אפילו מזידין, אתם אפילו מוטעין", ד.ה. אז מ׳האט דאס אפגע-געבן צו דער בחירה חפשית פון א אידן,

האפט מען טאקע אז ס׳וועט זיין "ובחרת בחיים"[75], וויבאלד אבער אז עס קען זיין דער ענין פון "מזידין", וואס דעמולט זאגט תורה אז ר"ח איז אין דעם טאג וואס ב"ד האט גע׳פסק׳נט אפי׳ אין א מעמד ומצב פון "מזידין" (ווי די הסבדה בזה זאל נאר זיין) - דארף דער ב"ד של מעלה אראפקומען ("באים") אין דעם מעמד ומצב פון דעם ב"ד של מטה (וואס דארטן איז שייך דער ענין פון "מוטעין" און "שוגגין", און מ׳נעמט אין חשבון אפי׳ דעם ענין פון "מזידין") - און ערשט דעמולט קען מען קובע זיין ווען איז ר"ח.

וואס אין דערויף זעט מען דעם גודל המעלה פון א אידן (ע"ד ווי גערעדט פריער בנוגע צו "מחצית השקל") - אז א איד

- טוט -

------------

70) ראה דב"ר פ"ב, יד. 71) ד"ה היושבת בגנים דמוצאי ש"פ בשלח, י"ג שבט. 72) פדש"י עה"פ שה"ש ח, יג. ודד"ה היושבת בגנים תש"י. 73) דאה שהש"ד עה"פ. ד"ה הנ"ל שם. 74) ד"ה כה, א. 75) נצבים ל, יט.

טוט אויף ניט נאר בנוגע צו שאר כל העמים, דערפאר וואס "אתה בחרתנו מכל העמים", און "ורוממתנו מכל לשון", נאר א איד טוט אויף אפי' בנוגע צו קוב"ה וב"ד דילי', אין אן אופן פון "נצחוני בני נצחוני"[76],

וואס צווישן אלע תרי"ג מצוות, שטייט דער ענין בהדגשה אין דער מצוה פון קידוש החודש - משא"כ אין די אנדערע מצוות (אפי' מצות תפילין, וואס "הוקשה כל התורה כולה לתפילין"[77]), וואס דארטן איז דער ענין ניט בהדגשה.

כ. און דאס איז דער כללות הענין פון שבת מברכים החודש, אז דעמולט בענטשט מען אלע טעג פון דעם חודש,

און וויבאלד אז אידן זאגן "ונאמר אמן" - איז דער אויבערשטער מקיים די תפלה פון אידן, אז אלע זעקס לשונות של ברכה (כפשוטם - וואס אין ענין יוצא מידי פשוטו) וועלן נמשך ווערן על כל החודש כולו.

וואס דאס איז כולל אין זיך דעם שבת מברכים פון דעם חודש שלאחריו, אז דעמולט זאל אויך זיין דער ענין פון "לישועה ונחמה", וואס יענער חודש איז כולל אין זיך דעם שבת מברכים פון דעם דריטן חודש, אז דעמולט וועט אויך זיין דער ענין פון "לישועה ונחמה", און אין אן אופן פון "ונאמר אמן", ועד"ז ווערט דאס נמשך עד סוף כל הדורות.

און דאס אלץ טוט אויף א איד - דורך דערויף וואס ער איז זיך משתתף צוזאמען מיט אלע אידן אין דעם ענין פון ברכת החודש, וואס דערצו דארף ער אויך אנקומען צום שליח ציבור (כמנהג ישראל - וואס "תורה הוא"[78]), און טוט דאס אין אן אופן אז קודם לזה איז דא דער ענין פון קרה"ת מיטן גאנצן סדר התפלה, און דערנאך קומט דער ענין פון ברכת החודש, ביז צו "ונאמר אמן".

און ס'איז א זיכערע זאך אז דער אויבערשטער איז דאס מאשר, ווארום וויבאלד אז דאס איז תפלת ובקשת הציבור, איז "הן א-ל כביר ולא ימאס"[79] - און עס ווערט אזוי מקוים בפועל.

כא. האמור לעיל איז דא אין יעדער שבת מברכים החודש (פון אלע חדשים) - עס קומט אבער צו די נקודה המיוחדת וואס איז פארבונדן מיט חודש אדר:

דער ענין פון חודש אדר איז - אז ער איז דער חודש

- וואס -

------------

76) ב"מ נט, ב. 77) קידושין לה, א. 78) תוד"ה נפסל - מנחות כ, ב. 79) איוב לו, ה. ברכות ח, א.

וואס שליסט אפ כל חדשי השנה, ווארום וויבאלד אז חודש ניסן איז דער "ראשון הוא לכם לחדשי השנה"[80], איז פארשטאנדיק אז דער חודש וואס שליסט אפ (און "הכל הולך אחר החתום"[81]) די "חדשי השנה" איז - חודש אדר.

וויבאלד אז חודש אדר איז דער סיום פון כל חדשי השנה, איז פארשטאנדיק אז אין דערויף איז דא די מעלה וואס איז דא אין יעדער ענין של סיום - אז דעמולט איז דא די מעגליכקייט אויף משלים זיין אלץ וואס מ'האט פארפעלט פריער.

בדוגמא ווי מ'זאגט אויף שבט דן, אז וויבאלד ער איז געגאנגען צום סוף פון אלע מחנות, איז ער געווען דער "מאסף לכל המחנות"[82], אז אלע אבידות וואס די שבטים שלפניו האבן פאדלארן, האט ער זיי מאסף געווען, און ביי אים האט מען דאס געקענט באקומען[83] -

איז אזוי אויך בנוגע צו "על כל אבידה"[84] - די אמת'ע "אבידה" וואס איז דא ביי א אידן, אז ער פארלירט א רגע פון זיין זמן[85], א רגע וואס ער האט געקענט איסנוצן אויף תומ"צ, און אויף דברים טובים וקדושים, און ער האט אים ניט אויסגע-נוצט, האט ער אים פארלארן -

איז ידוע דער מאמר פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[86], אז פון "פסח שני" לערנט מען אפ על כל השנה כולה אז "עס איז ניטא קיין פארפאלן", און מ'קען אלעמאל משלים זיין אלע ענינים וואס מ'האט פארפעלט;

און אויף דערויף זאגט מען אז ווען עס קומט חודש אדר, וואס ער איז דער סיום פון כל חדשי השנה,

[וואס אידן זיינען דאך פארבונדן מיט חדשים דוקא, און ניט מיט ימים, שבועות און שנים - וויבאלד אז אידן זיינען געגליכן צו לבנה וואס איז פארבונדן מיט חדשים, און ניט צו שמש וואס איז פארבונדן מיט ימים, שבועות און שנים],

איז דאס דער חודש וואס איז "מאסף לכל החדשים" (בדוגמת "מאסף לכל המחנות") - דאס איז דער חודש האחרון וואס איז חותם און שליסט אפ כל חדשי השנה, און דעמולט דארף מען משלים זיין אלץ וואס מ'האט פארפעלט אין די פריערדיקע חדשים.

- כב. -

---

80) בא יב, ב. 81) ברכות יב, א. 82) בהעלותך י, כה. 83) פרש"י עה"פ. מירושלמי עירובין פ"ה ה"א בסופה. 84) ל' הכתוב - פרשתנו כה, ח. ודאה לקו"ש משפטים ש.ז. ס"ג. 85) ראה מד"ש לאבות פ"ה מכ"ג. 86) היום יום ע' נג.

כב. האמור לעיל אז חודש אדר איז דער "מאסף לכל המחנות" בנוגע צו די אמת'ע "אבידה" פון א אידן - איז פארבונדן במיוחד מיט חודש אדר, נוסף אויף דערויף וואס ער איז דער חודש האחרון פון חדשי השנה:

בנוגע צו חודש אדר זאגט מען דאך אז "משנכנס אדר מרבין בשמחה"[87] - און ס'איז ניטא קיין שמחה ווי די שמחה וואס מ'האט דערפון וואס מ'געפינט א דבר שנאבד.

ווי מ'געפינט אין גמרא[88] כמה סיפורים, אז ווען איינער האט פארגעסן (פארלארן) א מאמר חז"ל, און דערנאך האט מען אים דאס דערמאנט - האט דאס אים געבראכט צו א גרויסע התרגשות, און צו אן ענין של שמחה וכו'.

ובדוגמת המשל פון א בן מלך (וואס יעדער איד איז דאך בנו יחידו של מלך מלכי המלכים הקב"ה[89]) וואס איז פארלארן בעגאנגען אין אן אנדער סביבה, און האט זיך געפונען אין שבי', און איז געווען א טוחן אין בית האסורים, און דערנאך קערט ער זיך אום צוריק אל בית אביו המלך, וואס דעמולט איז דאך א שמחה גדולה ביותר, כמבואר אין תניא[90], ובארוכה - אין המשך תרס"ו[91] ובכ"מ.

און ווי מ'זעט דאס אויך בפועל - אין "מעשה רב".

און וויבאלד אז "תורת אמת" זאגט אז ס'דארף זיין "מרבין בשמחה", וואס כדי אז ס'זאל זיין א שמחה אמיתית, דארף דאך זיין פון וואס צו זיין פריילעך - איז א זיכערע דאך אז קיין זאך גייט ניט פארפאלן, און דאס וואס ס'איז געגאנגען פארלארן, געפינט ער צוריק, ואדרבה: אין דערויף ווערט נאך א שמחה גדולה יותר.

כג. און עס ווערט דער "מיסמך גאולה לגאולה"[92] - די גאולה פון חודש אדר (וואס "מרבין בשמחה") צו דער גאולה האמיתית והשלימה, וואס "כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות"[93].

און דער "מיסמך גאולה לגאולה" איז סיי מלפני' און סיי מלאחרי':

עס זיינען נאך דא צוויי-דריי טעג ביז ר"ח אדר, קען זיין די גאולה ע"י משיח צדקנו פאר ר"ח אדר, און דערנאך וועט זיין דער "מיסמך גאולה לגאולה" - צו די גאולה פון פורים;

- וואס -

------------

87) תענית כט, סע"א. 88) ירושלמי שבת פ"ח ה"א. 89) ראה שבת סז, א. כש"ט הוספות אות קלג. 90) פל"א (מ, סע"א ואילך). 91) ראה ע' רכח ואילך. 92) מגילה ו, סע"ב. 93) מיכה ז, טו.

ואס ח"ו יתעכב, זאל די גאולה זיין עכ"פ ניט שפעטער פון "שושן פורים", וואס דעמולט וועט זיין דער "מיסמך גאולה לגאולה" אין אן אופן אז די גאולה ע"י משיח צדקנו וועט קומען נאך דער גאולה פון פורים.

ויה"ר אז ס'זאל זיין אין אן אופן פון "מיד הן נגאלין",

און נאך דערויף וואס מ'האט געבענטשט חודש אדר, וואס דאס איז פארבונדן מיט "שהם עתידים להתחדש כמותה" - זאל זיין דער "עתידים להתחדש במותה" - דער חידוש פון מלכות בית דוד, בביאת משיח צדקנו,

וואס דעמולט וועט אויך זיין דער חידוש פון דעם ביהמ"ק,

און אין דעם ביהמ"ק וועט מען מקריב זיין די קרבנות וואס זיינען פארבונדן מיט ר"ח אדר, ועד"ז אויך די קדבנות שלפנ"ז - באס יבנה ביהמ"ק היינט ביינאכט אדער מארגן אינ-דערפרי, עאכו"כ די קרבנות פון איבערמארגן, ועאכו"כ די קרבנות פון ר"ח.

און ס'וועט זיין אין אן אופן פון "ושם נעשה לפניך כמצות רצונך", וואס דער ענין פון "כמצות רצונך" איז - ווען ביי אידן איז "אורה ושמחה וששון ויקר"[94] כפשוטו, און צוזאמען מיט "אורה ושמחה וששון ויקר" עם כל פירושי חז"ל על פסוק זה[95],

כן תהי' לנו, בעגלא דידן.

* * *

כד. אין דעם שבת איז דא נאך א דריטער ענין - אז דאס איז שבת פרשת משפטים.

אין פ' משפטים זיינען דא כו"כ ענינים - וויבאלד אבער אז "שמו אשר יקראו לו בלה"ק" איז "משפטים", איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון "משפטים" איז די נקודה התיכונה והעיקרית וואס איז כולל אלע ענינים וועלכע שטייען אין פ' משפטים.

אין דערויף איז דא א תמיהה:

פ' משפטים קומט גלייך נאך מ"ת (וואס וועגן דערויף רעדט זיך אין דער פריערדיקער פרשה), ביז וואנעט אז ס'שטייט "ואלה המשפטים", ווי רש"י טייטשט אפ: "ואלה מוסיף על הראשונים, מה הראשונים מסיני אף אלו מסיני".

איז ניט פארשטאנדיק: ווי קומט דאס אז גלייך נאך מ"ת

- הויבט -

------------

94) אסתר ח, טז. 95) ראה פרש"י עה"פ. מגילה טז, א.

הויבט מען אן מיט ענינים פון "משפטים" - ענינים וועלכע זיינען פארשטאנדיק אין שכל (כמבואר אין מפרשי המקרא און מפרשי התנ"ך[96] בנוגע צו דעם חילוק צווישן חוקים, עדות און משפטים, אז "משפטים" זיינען די ענינים וואס זיינען פאר-שטאנדיק ע"פ שכל); דער נאמען פון דער פרשה איז "משפטים", און מ'הויבט אן מיט מצוות וואס זיינען פארשטאנדיק בפשטות אין שכל אנושי?!

ביז וואנעט אז מ'דארף באווארענען "אשר תשים לפניהם - ולא לפני עו"א"[97]; וואס ווען עס רעדט זיך וועגן אן ענין וואס דער ניט-איד פסק'נט היפך התורה, דארף מען ניט באווארענען אז ס'זאל זיין "תשים לפניהם - ולא לפני עו"א", נאר עס רעדט זיך וועגן אן ענין "שהם דנין אותו כדיני ישראל", און אויף דעם באווארענט מען אז אעפ"כ איז "תשים לפניהם" דוקא "ולא לפני עו"א" -

איז דאך דערפון פארשטאנדיק, אז עס רעדט זיך וועגן א שכל וואס איז פארשטאנדיק און ווערט אנגענומען אויך ביי אוה"ע - און אעפ"כ איז מען מדגיש אז גלייך נאך מ"ת קומט דער ענין פון "משפטים".

כה. איינער פון די ביאורים בזה - איז:

דער ענין פון "חוקים" איז געגעבן געווארן בא מ"ת גופא, ווארום די קולות וברקים מיט די לפידים וכו' וואס זיינען געווען בשעת מ"ת, האבן גע'פועל'ט אז מ'האט אנגענו-מען אלע ענינים אין אופן פון "חוקים"; און דערנאך קומט אויך צו די הוספה פון דעם ענין פון "משפטים".

דער ענין פון "עדות" איז דעמולט נאך ניט געווען שייך - ווארום "עדות" איז שייך אויף אן ענין וואס מ'דארף הערן פון א צווייטן; ווען עס רעדט זיך אבער וועגן די אידן וואס זיינען אליין געווען בא מ"ת, דארפן זיי ניט אנקומען צו דעם ענין פון עדות,

ווי דער רמב"ם[98] זאגט אז "משה רבינו . . האמינו בו במעמד הר סיני שעינינו ראו ולא זר ואזנינו שמעו ולא אחר האש והקולות והלפידים כו'", עאכו"כ אז מ'האט אליין געהערט די עשה"ד, וואס זיי זיינען כולל כל התורה כולה[99] - דארף מען ניט אנקומען צו דעם ענין פון "עדות";

- און -

------------

96) ראה רמב"ן וספורנו עה"פ ואתחנן ו, כ. ועוד.
97) פרש"י ריש פרשתנו. 98) הל' יסוה"ה רפ"ח. 99) פרש"י עה"פ פרשתנו כד, יב.

און דערפאר נאך דערויף וואס ס'איז דא דער ענין פון "חוקים", איז מען אויך מוסיף דעם ענין פון "משפטים".

כו. דער ביאור אין דעם - וואס קומט צו ווען ביי א אידן איז אויך דא דער מעמד ומצב פון "משפטים" (ניט נאר דער מעמד ומצב פון "חוקים"):

ווען א איד שטייט אין א מעמד ומצב אז ער נעמט אן אלע עניניס אין אן אופן פון "חוקים", שטייט ער אין א תנועה פון "חוקה חקקתי גזירה גזרתי"[100], און "אין לך רשות להרהר אחרי'"[101], ד.ה. אז דער ענין קומט ניט אראפ בשכלו;

און די הוספה פון "משפטים" איז - ניט נאר אז "אין לך רשות להרהר אחרי'", נאר אז ער איז טאקע מהרהר אין דערויף, ער טראכט זיך אריין בשכלו, ביז וואנעט אז ער קומט לידי החלטה זו, ד.ה. אז דער ענין קומט אראפ און ווערט פארשטאנדיק בשכלו.

וכמדובר כמ"פ די מעלה וואס איז דא אין דערויף - אז דעמולט נעמט ער מיט אויך דעם שכל, וואס דער שכל איז כולל אין זיך כל כחות הנפש, ווארום דער משכן השכל איז אין מוח שבראש, וואס דארטן זיינען כלול כל כחות הנפש[102].

כז. עפ"ז וועט מען פארשטיין דאס וואס גלייך נאך מ"ת קומט דער ענין פון "משפטים":

בשעת מ"ת איז די גאנצע וועלט געשטאנען אין א ביטול בתכלית, ווי עס שטייט אין מדרש[103] אז פון אלע ד' רוחות העולם האט מען געהערט דעם קול פון "אנכי ה' אלקיך" און "לא יהי' לך"[104], און ס'איז געווען אין אן אופן אז "צפור לא צווח כו' שור לא געה כו'"[105] - ס'איז ניט געווען קיין תנועה, ווארום די גאנצע וועלט איז געשטאנען אין א ביטול בתכלית.

די כוונה פון תורה איז דאך אבער (ווי דער רמב"ם[106] ברענגט אראפ פון ספרי[107]) - "התורה ניתנה לעשות שלום בעולם": מ'זאל אראפקומען אין וועלט ווי זי שטייט אין איר מעמד ומצב (ניט ווי זי שטייט בשעת מ"ת), און דארטן זאל מען אויפטאן דעם ענין פון "שלום", ביז אין אן אופן פון תכלית השלימות (וואס "שלום" האט דאך אויך דעם אפטייטש פון

- שלימות -

---

100) תנחומא חקת ג, ח. במדב"ר פי"ט, א. שם, ח. יל"ש ר"פ חקת. 101) פרש"י ר"פ חקת. 102) ראה תניא פנ"א. 103) שמו"ר פ"ה, ט (בתחלתו). הובא בתניא פל"ו (מו, א). 104) יתרו כ, ב-ג. 105) שמו"ר ספכ"ט. 106) סוף הל' חנוכה. 107) ראה לקו"ש ח"ח ע' 349 ואילך. ובהע' 2 שם. וש"נ.

שלימות) - דורך דערויף וואס נוסף צום שם הוי׳ זאל אויך זיין דער ענין פון שם אד׳ (וואס שם אד׳ איז דאך ניט קיין סתירה ח"ו צו שם הוי׳, נאר אדרבה: דאס איז א השלמה צו שם הוי׳).

ד.ה. אז דער אויבערשטער וויל אז ס׳זאל זיין עולם כמנהגו נוהג (ניט אין אן אופן פון תכלית הביטול, ווי די וועלט איז געשטאנען בשעת מ"ת), און אין דעם עולם גופא זאל מען וויסן אז "יש בעה"ב לבירה זו"[108],

און דאס זאל זיין ניכר אין זיינע מעשים, אז ס׳וועט זיין "כל מעשיך יהיו לשם שמים"[109] און "בכל דרכיך דעהו"[110], ד.ה. אז אפי׳ אין די מעשים און דרכים וואס ווערן אנגערופן על שמו, "מעשיך" און "דרכיך", זאל ער אין זיי אויפטאן דעם ענין פון "לשם שמים" און "דעהו".

און דאס איז דער כללות הענין פון "משפטים":

די כוונה איז אז די ענינים פון תורה זאלן אראפקומען אין שכל, ד.ה. אז זייענדיק אלס אן ענין של שכל זאל דאס ווערן א שכל וואס קאכט זיך אין שכליים פון אלקות, אין טוב וקדושה.

ביז וואנעט אז דאס קומט אראפ אין אן אופן אז ס׳איז דא א מציאות פון אן עבד עברי און אמה העברי׳, און ס׳איז דא א מציאות וואס ער טוט היפך הרצון פון דעם אויבערשטן, ביז וואנעט אז עס דארף זיין דער "ורצע אדוניו את אזנו"[111], ווי רש"י ברענגט אראפ אז "אוזן ששמעה על הר סיני וכו׳", ער איז את-ערשט געווען בא מ"ת און ער האט שוין פארגעסן דאס וואס דער אויבערשטער האט געהייסן -

איז אפי׳ אין אזא מעמד ומצב ווערט דער ענין פון "משפטים", און אין אן אופן אז "מה הראשונים מסיני אף אלו מסיני".

כח. אין דערויף קומט צו נאך א נקודה:

בשעת מ"ת זיינען דאך אלע אידן געשטאנען אין אן אופן של אחדות[112], "כאיש אחד בל׳ אחד"[113] - וואס דאס איז ווען עס רעדט זיך וועגן דעם ענין פון "חוקים" (ווארום בשעת מ"ה האבן אידן אנגענומען אלע ענינים אין אן אופן פון "חוקים"); און אין "משפטים" קומט צו די הוספה, אז אויך ווען אידן

- שטייען -

-------------

108) ראה ב"ר רפל"ט. 109) אבות פ"ב מי"ב. 110) משלי ג, ו. 111) פרשתנו כא, ו. 112) ראה ויק"ר פ"ט, ט. מס׳ דא"ז פרק השלום. 113) שופטים כ, יא.

שטייען אין א מעמד ומצב פון "משפטים" (אז די ענינים פון תורה קומען אראפ בשכלם), שטייען זיי אויך אין אן אופן של אחדות אזוי ווי מ'איז געשטאנען בשעת מ"ת - "מה הראשונים מסיני אף אלו מסיני".

והביאור בזה:

ווען אידן זיינען געשטאנען בא מעמד הר סיני, וואס דעמולט האבן זיי געגומען אלע ענינים פון תורה אין אן אופן פון "חוקים", אז "אין לך רשות להרהר אחרי'" - איז קיין פלא ניט אז זיי שטייען אלע צוזאמען אין אן אופן של אחדות, ווארום מצד דעם ענין פון "חוקים" זיינען אלע אידן (וואס צו זיי איז געזאגט געווארן די "חוקה חקקתי גזירה גזרתי") בשוה;

דארטן איז ניט שייך דער גאנצער ענין פון "שלום", ווארום מלכתחלה איז דארטן ניט שייך דער היפך השלום - וויבאלד אז אין דעם ענין פון "חוקים" זיינען אלע אידן בשוה.

דער אויפטו פון "משפטים" איז אבער, אז אויך ווען עס רעדט זיך וועגן ענינים של שכל, וואס דארטן איז דאך "אין דעותיהם שוות"[114] - זאל דאס אויך זיין אין אן אופן ווי ס'איז געווען בשעת מ"ת, "מה הראשונים מסיני אף אלו מסיני" - אז אויך אין דערויף זאלן אלע אידן שטיין אין אן אופן של אחדות.

און אויף דערויף זאגט מען "אף אלו מסיני": אין הר סיני איז געזאגט געווארן דער ענין פון "אין דעותיהם שוות", און אז "אלו ואלו דברי אלקים חיים"[115] - צוזאמען דערמיט איז אבער אויך געזאגט געווארן אז "הלכה כמותו"[116], ווי איינער פון זיי (פון די וואס "אלו ואלו דברי אלקים חיים"),

און אין דערויף שטייען אלע אידן אין אן אופן של אחדות - אז דער ענין וואס "הלכה כמותו" ווערט דער מעשה וואס עס טוען אלע אידן, אע"פ אז לפנ"ז איז מען געשטאנען אין אן אופן אז ס'זיינען געווען "אלו", און ס'זיינען געווען "אלו" (צוויי באזונדערע דעות).

און דעמולט ווערט דער תכלית השלימות אין דעם ענין האחדות - אז שטייענדיק אין א מעמד ומצב וואס מ'דארף אנקומען צום ציווי פון "ואהבת לרעך כמוך", ווארום לולא הציווי איז "רעך" א באזונדער זאך פון "כמוך", און מ'דארף אנקומען צום ציווי פון "ואהבת לרעך כמוך", וואס דאס איז

- אויך -

---

114) ראה ברכות נח, א. ועוד. 115) עירובין יג, ב. 116) סנהדרין צג, ב.

אויך א נתינת כח, וויבאלד אז "ואהבת" איז אויך א לשון של הבטחה[117] - שטייט מען אויך דעמולט אין דעם מעמד ומצב פון אחדות.

כט. אין דערויף ווערט אבער א שאלה:

ווי קען מען אויספירן אזא זאך, אז אלע אידן, פון "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך ושואב מימיך", זאלן שטיין אין א מעמד ומצב פון "משפטים" - אז בא יעדערן זאל זיך אפ-לייגן <u>בשכלו</u> (אין אן אופן וואס "תורת אמת" זאגט אז דער ענין איז אפגעלייגט בשכלו) אז ער דארף זיך פירן לויט ווי תורה מאנט?!

איז דאס דער פסוק אליין מבאר - דערמיט וואס ער זאגט "ואלה המשפטים אשר <u>תשים</u> לפניהם":

"<u>תשים</u> לפניהם" גייט אויף משה רבינו, וואס ער איז געווען דער "רעיא מהימנא", דער ריכטיקער מחנך פון אידן, און ער טוט אויף ביי אלע אידן אז די ענינים פון תורה זאלן אראפקומען אין אן אופן פון "משפטים" - אז ס'זאל זיך אפלייגן בשכלם.

א מחנך קען טאקע ניט אויפטאן קיין מציאות חדשה, מאין ליש, כמבואר אין חסידות[118] דער חילוק צווישן אב ובן און רב ותלמיד, אז דער אב טוט אויף די מציאות פון דעם בן, משא"כ ביי א רב ותלמיד, וואס פריער דארף זיין די מציאות פון דעם תלמיד, און ערשט דערנאך קען דער רב אויפטאן מיט שכל התלמיד;

איז במה דברים אמורים אז דער ענין פון "משפטים" איז א מציאות חדשה - דוקא ווען עס רעדט זיך וועגן אוה"ע; ווען מ'רעדט אבער וועגן אידן, איז דאך יעדער איד א טייל פון דעם "עם חכם ונבון הגוי הגדול הזה"[119], איז ביי אים דער ענין פון "משפטים" (אז די ענינים פון תורה זאלן זיך אפלייגן <u>בשכלו</u>) ניט קיין מציאות חדשה,

ס'איז מערניט אז ביי איינעם איז דאס אן ענין וואס עס ליגט אויבן-אויף, און מ'דארף ניט האבן קיין טרחא אויף צו מגלה זיין דעם ענין, און ביי א צווייטן איז דאס אין אן אופן וואס מ'דארף אראפנעמען דעם ענין וואס פארדעקט אויף דערויף, ביז ווי וואנעט אז ס'איז דא איינער וואס מ'דארף גראבן און גראבן אויף צו מגלה זיין ביי אים דעם ענין; ס'איז אבער א זיכערע זאך אז סוכ"ס וועט מען זיך דערגראבן און

- מ'וועט -

------------

117) ראה תו"א תשא פו, ג-ד. ובכ"מ. 118) סה"מ תרנ"ט ריש ע' ג' ואילך. ועוד. 119) ואתחנן ד, ו.

מ׳וועט צוקומען צום "הון יקר" וואס געפינט זיך אין דעם "ארץ חפץ" (כתורת הבעש"ט הידועה[120]).

און אין וועמען איז מען זיכער אז ער וועט זיך ניט איינמאטערן צו גראבן, און וועט געפינען די ריכטיקע וועגן, בדרכי נועם ובדדכי שלום, אויף צו מגלה זיין דעם "חכם ונבון" וואס איז דא בא יעדער אידן - איז דאס משה רבינו, וואס אים זאגט מען "ואלה המשפטים אשר תשים לפניהם".

און דער ענין פון "תשים לפניהם" דארף זיין "כשולחן הערוך"[121], און ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין דעם סיום פון הל׳ ת"ת שלו[122], אז דער ריכטיקער רב טאר זיך ניט איינ-מאטערן, נאר ער דארף הארעווען ביז וואנעט אז ס׳זאל זיין אין אן אופן פון "תשים לפניהם", "צריך אתה לשום לפניהם טעם המיישב תלמודם ומשימו בלבם", ביז אין אן אופן פון "שולחן ערוך".

און דעמולט קומט מען צום צווייטן אפטייטש[123] פון "לפניהם" - לפנימיותם, אז בא יעדער אידן ווערט דאס די פנימיות פון זיין לעבן.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז פון משה רבינו (וואס צו אים איז געזאגט געווארן דער "תשים לפניהם") נעמט מען דעם כח אויף דעם ענין פון "משפטים" - אז בא יעדער אידן און בא אלע אידן, אפי׳ ביי א פשוט שבפשוטים און א קטן שבקטנים, זאלן זיך די ענינים פון תורה אפלייגן בשכלו, אין אן אופן פון "משפטים",

און דאס ווערט דורך דעם ענין פון "תשים לפניהם" - דורך דערויף וואס מ׳גיט זיך אפ מיט דעם ענין החינוך, וואס דעמולט איז מען זיכער מצליח אין דערויף.

ל. אין דערויף איז אויך דא דער צד השוה מיט דעם ענין האמור לעיל (סי"ג) אז אלע אידן זיינען גלייך:

מ׳זאגט יעדער אידן אז אים האט מען געגעבן גאנץ תורה, כולל און אנהויבנדיק פון דעם ענין פון "משפטים", וואס איז געגעבן געווארן גלייך נאך מ"ת (נאך דעם ענין פון "חוקים") -

אז בא יעדער אידן קען זיין (און במילא וועט זיין) דער ענין פון "משפטים", און אין אן אופן פון "תשים לפניהם" - דאס וועט ווערן זיין פנימיות, און דאס וועט דורכנעמען זיין שכל,

- און -

------------

120) כש"ט הוספות אות מד. 121) פרש"י ריש פרשתנו.
122) פ"ד סי"ח. 123) תו"א פרשתנו עה, ג. אוה"ת פרשתנו ע׳ א׳קכ. ועוד.

און אין אן אופן אז אלע אידן זיינען אין דערויף גלייך - אין דעם זעלבן "משפט" איז "תורה אחת לכולנה", און משפט אחד לכל העם כולו, ניט קוקנדיק אויף דערויף וואס איינער געהערט צו "ראשיכם שבטיכם" און דער צווייטער געהערט צו "חוטב עציך ושואב מימיך".

לא. און בשעת אז ביי אידן איז דא דער ענין פון אחדות, זיי שטייען אין אן אופן פון "כאיש אחד בלב אחד"[124], בדוגמא ווי ס'איז געשטאנען אלס הקדמה צו מ"ת,

עאכו"כ לאחרי מ"ת, נאך דערויף וואס עס איז געגעבן געווארן די "תורה אחת" פון "ה' אחד" צום "גוי אחד",

וואס ער איז א "גוי אחד בארץ", אז אויך ווי די נשמה געפינט זיך בגוף (וואס נשמה וגוף איז בדוגמת שמים וארץ[125] - שמים וארץ וואס געפינען זיך אין ארץ כפשוטה), און אויך "בארץ" שטייען אלע אידן (אלע ששים רבוא אידן, מיט אלע פרטים שבהם) אין אן אופן פון "גוי אחד"[126] -

זיינען אידן ממשיך דעם ענין פון "ה' אחד ושמו אחד"[127], "כשם שאני נכתב כך אני נקרא"[128], בקרוב ממש, בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

וואס דעמולט וועט זיין "ואשיבה שופטיך כבראשונה ויועציך כבתחלה"[129], און ס'וועט זיין דער "ואלה המשפטים אשר תשים לפניהם" כפשוטו - ווארום די סנהדרין וועלן זיך אומקערן למקומם, אין גליל[130], "ומשם נעתקין למקדש"[131] - אין ביהמ"ק שיבנה בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו.

* * *

לב. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה כי תשא.

* * *

לג. ס'איז דאך רגיל אפלערנען א פסוק אין פרשת השבוע מיט פירוש רש"י, און אויך אן ענין אין די הערות פון טאטן אויפן זהר.

אין הײנטיקע סדרה איז דא א פסוק וואס איז פארבונדן מיט דער גאולה העתידה: "הנה אנכי שולח מלאך לפניך לשמרך בדרך ולהביאך אל המקום אשר הכינותי"[132] - וואס דער פסוק

- רעדט -

------------

124) פרש"י עה"פ יתרו יט, ב. 125) לקו"ת שה"ש מט, ג. וש"נ. 126) ראה ג"כ תו"א וישב כז, סע"ד. ובכ"מ.
127) זכרי' יד, ט. 128) ראה פסחים נ, א. 129) ישעי' א, כו. 130) ראה רדב"ז לרמב"ם הל' סנהדרין פי"ד הי"ב.
131) רמב"ם שם. 132) פרשתנו כג, כ.

הנחת הת' בלתי מוגה

רעדט וועגן די גאולה פון מצרים, און די גאולה העתידה וועט דאך זיין "כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות", ווי דער צ"צ[133] ברענגט אראפ פון זהר, אז לע"ל וועלן זיין "נפלאות" אפי׳ בערך צו די "נפלאות" וואס זיינען געווען אין "ימי צאתך מארץ מצרים".

וואס בנוגע צום פסוק "הנה אנכי שולח מלאך לפניך", קען מען לערנען אויף צוויי אופנים - צי דאס איז געווען לויט ווי משה רבינו האט מסכים געווען, אדער אז דאס איז נאר געווען די הצעה פון דעם אויבערשטן, אבער משה רבינו האט אויף דערויף ניט מסכים געווען[134], און האט געמאנט (און האט אויסגעפירט) אז ס׳זאל זיין "פניך הולכים"[135].

וואס דאס איז נאר בנוגע צו דעם ענין פון יצי"מ - אבער די גאולה העתידה וועט זיכער זיין דורך דעם אויבערשטן אליין, ווי רש"י בפירושו עה"ת[136] ברענגט אראפ דעם פסוק[137] "ואתם תלוקטו לאחד אחד בנ"י", אז ס׳וועט זיין אין אן אופן אז דער אויבערשטער אליין וועט זיי צוזאמענקלייבן.

לד. אויף "אשר הכינותי" שטעלט זיך רש"י און טייטשט אפ: "אשר זמנתי לתת לכם", און איז דערביי מוסיף: "זהו פשוטו".

דאגן מפרשים[138] אז וויבאלד אין פסוק שטייט "אשר הכינותי", און ס׳שטייט ניט פאר וועמען האט דאס דער אויבערשטער צוגעגרייט, דערפאר טייטשט אפ רש"י "אשר זמנתי לתת לכם" - ע"ד ווי דער ראב"ע איז מוסיף אויף "אשר הכינותי" - "לך".

עס איז אבער ניט פארשטאנדיק:

א) ע"פ פשש"מ איז דאס (וואס ס׳שטייט "הכינותי", און ס׳שטייט ניט פאר וועמען) קיין קושיא ניט - ווארום:

מ׳געפינט טאקע אז צוזאמען מיט אן ענין של הכנה שטייט צוליב וועמען מ׳האט דאס צוגעגרייט, ווי ס׳שטייט אין פרשת בלק[139] "והכן לי בזה גו׳" - זיינען אבער דא כמה מקומות וואו ס׳שטייט אן ענין של הכנה, און עס שטייט ניט דערביי פאר וועמען מ׳האט דאס צוגעגרייט.

ואדרבה: פ׳ בלק האט דער בן חמש למקרא נאך ניט געלערנט - ער האט אבער געלערנט ספר בראשית, און דארטן[140]

- שטייט -

------------

133) אוה"ת נ"ך ע׳ תפו-תפז (ס"ג וס"ה). 134) פרש"י עה"פ תשא לג, יב. 135) תשא שם, טו. וראה שם, יד ובפרש"י. 136) עה"פ נצבים ל, ג. 137) ישעי׳ כז, יב. 138) ראה רא"ם, גו"א ושפ"ת עה"פ. 139) כג, א. ועוד. 140) מקץ מג, טז.

שטייט "וטבוח טבח והכן", און ס'שטייט ניט פאר וועמען מ'זאל דאס צוגרייטן.

און וויבאלד אז דארטן שטעלט זיך ניט רש"י אויף דערויף, איז פארשטאנדיק, אז ע"פ פשש"מ איז דאס קיין קושיא ניט – קען מען ניט זאגן אז רש"י דארף מוסיף זיין דעם פירוש פון "לכם", וויבאלד אז אין פסוק שטייט ניט פאר וועמען האט דאס דער אויבערשטער צוגעגרייט.

ב) עפ"ז דארף רש"י ניט איבער'חזר'ן "אשר זמנתי לתת (לכם)", ער האט נאר געדארפט ברענגען דעם לשון הפסוק "הכינותי", און מוסיף זיין "לכם" (ע"ד ווי ראב"ע איז מוסיף אויף לשון הפסוק - "לך")?

ג) עפ"ז פארוואס דארף רש"י משנה זיין פון לשון הפסוק "אשר הכינותי", און זאגן "אשר זמנתי"?

לה. דערנאך איז רש"י ממשיך: "ומדרשו אל המקום אשר הכינותי, כבר מקומי ניכר כנגדו, וזה א' מן המקראות שאומרים שביהמ"ק של מעלה מכוון כנגד ביהמ"ק של מטה".

איז אין דערויף ניט פארשטאנדיק:

א) וואס פעלט אין פשוטו של מקרא, וואס צוליב דערויף דארף רש"י אנקומען צו "מדרשו"?

ב) וויבאלד אז רש"י טייטשט אויך אפ די ווערטער "אל המקום", האט ער געדארפט מעתיק זיין פון פסוק אויך די ווערטער "אל המקום" - פארוואס איז ער מעתיק פון פסוק נאר די ווערטער "אשר הכינותי"?

מ'קען ניט ענטפערן אז די ווערטער "אל המקום" זיינען נוגע נאר אין דעם פירוש לויט "מדרשו", און ניט אין דעם פירוש פון "פשוטו" - ווארום דעמולט וואלט דאס רש"י געדארפט פאנאנדערטיילן אין באזונדערע ד"ה'ס, און אין דעם צווייטן ד"ה (וואו ער ברענגט אראפ דעם פירוש פון "מדרשו"), מעתיק זיין פון פסוק אויך די ווערטער "אל המקום".

ג) דער פירוש פון "אל המקום אשר הכינותי" לויט "מדרשו" איז - אז "כבר מקומי ניכר כנגדו", דערפאר וואס "ביהמ"ק של מעלה מכוון כנגד ביהמ"ק של מטה" - עס איז אבער ניט פארשטאנדיק: צוליב וואס דארף רש"י זאגן אז "זה א' מן המקראות שאומרים כו'", וואס איז דא נוגע צו וויסן אז ס'זיינען דא נאך מקראות וואס זאגן די זעלבע זאך?

מ'קען ניט זאגן אז וויבאלד דאס איז א דבר פלא, איז ניט גענוג דאס וואס ס'שטייט אין איין ארט (און לא מצאתי לו חבר), און דערפאר זאגט רש"י אז ס'זיינען דא נאך מקראות

- וואו -



הנחה הת' בלתי מוגה

וואו ס'שטייט דער זעלבער ענין - ווארום פאר דעם פסוק שבפרשתנו ברענגט שוין רש"י דעם ענין (אז דער ביהמ"ק של מעלה איז מכוון כנגד ביהמ"ק של מטה), און דארטן באווארענט ניט רש"י אז ס'זיינען דא נאך פסוקים וואו ס'שטייט דער זעלבער ענין:

אין פ' ויצא אויפן פסוק[141] "וזה שער השמים", טייטשט אפ רש"י: "בית המקדש של מעלה מכוון כנגד בית המקדש של מטה", ועד"ז אין פ' בשלח אויפן פסוק[142] "מכון לשבתך", טייטשט אפ רש"י: "מקדש של מטה מכוון כנגד כסא של מעלה" - און אין די פסוקים באווארענט ניט רש"י אז ס'זיינען דא נאך מקראות וואס דארטן שטייט דער זעלבער ענין.

איז אויב מ'וועט זאגן אז דאס איז א דבר פלא, און דערפאר דארף רש"י באווארענען אז דער ענין שטייט ניט נאר איין מאל, נאר ס'שטייט אין נאך ערטער - האט דאס רש"י געדארפט באווארענען צום <u>ערשטן</u> מאל וואו ער ברענגט דעם ענין;

איז ניט פארשטאנדיק: ווי קומט דאס אז ערשט צום <u>דריטן</u> מאל וואס רש"י זאגט דעם ענין, זאגט ער אז "זה א' מן המקראות כו'" - ביים בן חמש למקרא איז דאך דאס קיין פלא ניט, ווארום ער (איז ניט ווי די וואס פארגעסן וואס זיי לערנען, נאר ער) געדיינקט דאס וואס רש"י האט אים געזאגט לפנ"ז (אין פ' ויצא, און אין פ' בשלח)?

ד) עס איז דא א גירסא אין פרש"י[143] וואס דארטן שטייט "ביהמ"ק של מעלה מכוון כנגד של מטה", און ניט "כנגד <u>ביהמ"ק</u> של מטה".

דארף מען פארשטיין: פארוואס אויפן פסוק "וזה שער השמים" זאגט רש"י "בית המקדש של מעלה מכוון כנגד <u>בית המקדש</u> של מטה", ועד"ז אויפן פסוק "מכון לשבתך" זאגט ער "מקדש של מטה מכוון כנגד <u>כסא</u> של מעלה" - און דוקא בפרשתנו זאגט ער "ביהמ"ק של מעלה מכוון כנגד <u>של מטה</u>" (ע"פ גירסא הנ"ל), און דערמאנט ניט "<u>ביהמ"ק</u> של מטה"?

מיט נאך כמה דיוקים - וכפי שיתבאר לקמן ווי אזוי די אלע דיוקים ווערן פארענטפערט אין פשוטו של מקרא, און מ'דארף ניט אנקומען צו מפרשי רש"י.

לו. אין די הערות אויפן זהר[144] שטעלט ער זיך אויף דעם וואס ס'שטייט אין זהר[145] "וכד האי נשמתא נפקת מהאי עלמא

- (נאך) -

---

141) כח, יז. 142) טו, יז. 143) דפוס ראשון. ועוד. וכ"ה גם גירסת הרא"ם. 144) לקוטי לוי"צ לזח"ב ע' פח. 145) ח"ב צז, א.

(נאך 120 יאר) זכייא נקיי׳ ברירה, קב"ה אנהיר לה בכמה נהורין", און ער טייטשט אפ: "הג׳ לשונות (זכייא נקיי׳ ברירה) י"ל לנגד נר"נ, גם לנגד מח׳ דבור ומעשה, גם לנגד הג׳ בחי׳ שבכלים . . והכל עולה בקנה אחד . . גם י"ל זכייא בקיום מ"ע נקיי׳ במל"ת ברירא בלימוד התורה", וואס דעמולט איז "קב"ה אנהיר לה בכמה נהורין".

וואס דא שטעלט זיך א קלאץ-קושיא (וכמדובר כמ"פ אז אין די הערות האט ער באווארענט נאר דאס וואס מ׳מוז באווארענען, משא"כ די זאכן וואס מ׳קען אליין פארענטפערן):

וואס פאר א <u>תידוש</u> זאגט ער דא אין זהר, מאי קמ"ל, עס שטייט דאך שוין אין זהר כו"כ פעמים (פאר פ׳ משפטים) אז בשעת מ׳טוט א מצוה ווערט נמשך אור - איז וואס איז דער תידוש אז ווען די נשמה איז "זכייא נקיי׳ וברירה", איז "קב"ה אנהיר לה בכמה נהורין"?

דאס וואס ס׳שטייט אין זהר בהמשך לזה, אז "בכל יומא קארי עלה דא היא נשמתא דפלניא ברי כו׳" (מ׳רופט אויס בכל יום די שבחים פון דער נשמה) - איז טאקע א תידוש; אבער דאס וואס ס׳שטייט לפנ"ז אז "קב"ה אנהיר לה בכמה נהורין", איז אין דערויף ניטא קיין תידוש, ווארום ס׳שטייט שוין אין הונדערטער ערטער אין זהר (און מרומז אויך אין נגלה) אז דורך קיום התומ"צ איז מען ממשיך אור.

וכפי שיתבאר לקמן די פרטים שבדבר.

לז. כאן המקום מסיים זיין (עכ"פ א תלק פון) דעם ביאור אין פרש"י אויפן פסוק[146] "תפול עליהם אימתה ופחד", וואס עס האט זיך גערעדט אין א פריערדיקע התוועדות[147].

מ׳האט דערמאנט אז אין מכילתא שטייט: "אימתה על רחוקים ופחד על קרובים, כענין שנאמר[148] ויהי כשמוע כל מלכי האמורי אשר בעבר הירדן, וכן רחב אומרת לשלוחי יהושע[149] כי שמענו את אשר הוביש וגו׳".

און מ׳האט מבאר געווען פארוואס ברענגט ניט רש"י די ראי׳ פון דעם פסוק וואס ווערט געבראכט אין מכילתא (אלס ערשטע ראי׳), "ויהי כשמוע כל מלכי האמורי אשר בעבר הירדן גו׳" - דערפאר וואס אין יענעם פסוק רעדט זיך וועגן דעם וואס "הוביש ה׳ את <u>מי הירדן</u>", און ניט וועגן קרי"ס, און ע"פ פשש"מ קען מען דערפון ניט ברענגען קיין ראי׳ בנוגע צו קרי"ס.

- עס -

------------

146) בשלח שם, טז. 147) מוצאי ש"פ בשלח, י"ג שבט סנ"ה-נו. 148) יהושע ה, א. 149) שם ב, י.

עס בלייבט אבער די שאלה אין מכילתא:

אין דרך הדרוש וההלכה איז אויך ניט פארשטאנדיק - וואס איז די ראי' דערפון וואס ס'שטייט "ויהי כשמוע כל מלכי האמורי . . את אשר הוביש ה' את מי הירדן", צו דעם ענין פון "תפול עליהם אימתה ופחד" וואס איז געווען בא קריעת ים סוף?!

וואס אע"פ אז דא איז ניט דער ארט צו מפרש זיין ענינים אין מכילתא, אבער אעפ"כ רעדט מען וועגן דערויף, דערפאר וואס אין דעם ענין איז דא א קלאץ-קושיא (כמדובר כמ"פ אז מ'שפאלט א האר, און מ'קווענטשט זיך אויף א דקדוק קל, אדער א דקדוק שאין לו מקום, און מ'פארגעסט אויף דער קלאץ-קושיא).

לח. אין שירת הים שטייט "אז נבהלו אלופי אדום אילי מואב יאחזמו רעד"[150], און נאך דערויף שטייט "תפול עליהם אימתה ופחד".

איז לכאו' ניט פארשטאנדיק:

אין פ' חקת[151] געפינט מען אז "וישלח משה מלאכים מקדש אל מלך אדום . . נעברה נא בארצך גו'", און "ויאמר אליו אדום לא תעבור בי פן בחרב אצא לקראתך . . ויצא אדום לקראתו בעם כבד וביד חזקה" - זעט מען דאך אז "אדום" האט זיך ניט דערשראקן פאר אידן, נאר אדרבה: ער האט געזאגט "פן בחרב אצא לקראתך", און האט דאס טאקע געטאן, ווי דער פסוק איז ממשיך "ויצא אדום לקראתו בעם כבד וביד חזקה" - איז ווי שטימט דאס מיט דעם וואס ס'שטייט "אז נבהלו אלופי אדום . . תפול עליהם אימתה ופחד"?

אפי' אז מ'וועט זאגן אז אין פ' בשלח דארף דאס רש"י ניט פארענטפערן, דערפאר וואס דער בן חמש למקרא האט נאך ניט געלערנט פ' חקת - האט ער אבער בעדארפט באווארענען אין פ' חקת, ווארום בשעת דער בן חמש למקרא לערנט אין פרשת חקת אז מלך אדום האט זיך געשטעלט אנטקעגן אידן מיטן גאנצן שטורעם, פרעגט ער: עס איז דאך געווען "אז נבהלו אלופי אדום . . תפול עליהם אימתה ופחד".

בנוגע צו בלק, "אילי מואב", וואלט מען געקענט פאר-ענטפערן (בדוחק עכ"פ) אז בלק האט טאקע מורא געהאט פאר אידן, אבער וויבאלד ער האט קיין ברירה ניט געהאט, ווארום ער האט מורא געהאט אז "עתה ילחכו הקהל את כל סביבותינו

- כלחוך -

------------

150) בשלח שם, טו. 151) כ, יד ואילך.

כלחוך השור את ירק השדה"[152], האט ער געטאן דאס וואס ער האט געקענט טאן, כדי ללחום על נפשו.

ובפרט אז זיין מלחמה איז ניט געווען אין אן אופן פון "בחרב אצא לקראתך", נאר ער איז געשטאנען מן הצד, און האט געשלעפט א צווייטן גוי (בלעם בן בעור) אז יענער זאל זיך איינשטעלן, און ער האט אים דערפאר צוגעזאגט "מלא ביתו כסף וזהב"[153] (ווי בלעם האט אים געגעבן אנצוהערן).

אבער בנוגע צו אדום קען מען אזוי ניט פארענטפערן, ווארום ביי אים איז דאס ניט געווען אין אן אופן אז ער האט קיין ברירה ניט געהאט, און ער האט געמוזט גיין אויף א מלחמה (אע"פ אז ער האט טאקע מורא געהאט) - מ'האט אים מלכתחלה געזאגט אז מ'וויל ניט איינעמען זיין לאנד, מערניט ווי "<u>אעברה</u> נא בארצך" (דערפאר וואס דאס איז א בעסערע וועג, אדער מאיזה סיבה שיהי') - און אעפ"כ האט ער זיך געשטעלט אנטקעגן אידן "בעם כבד וביד חזקה".

מ'קען ניט פארענטפערן אז דער "נבהלו אלופי אדום" און "תפול עליהם אימתה ופחד" איז געווען נאר בשעת קרי"ס, און ניט אין 39-40 יאר לאח"ז, ווען אדום האט זיך אוועקגעשטעלט אנטקעגן אידן "בעם כבד וביד חזקה" -

ווארום רש"י ברענגט א ראי' צום פסוק "תפול עליהם אימתה ופחד", דערפון וואס מ'האט געזאגט צו שלוחי יהושע, אין 39-40 יאר ארום, "כי שמענו את אשר הוביש ה' את מי ים סוף גו' ונשמע וימס לבבנו גו'" - איז פונקט ווי בא יושבי כנען האט דער פחד פון קרי"ס אנגעהאלטן במשך פון 39-40 יאר, האט אזוי געדארפט זיין אויך בנוגע צו אדום.

לט. דערנאך קומט צו נאך א דיוק:

מ'האט גערעדט כמ"פ אז ווען מ'לערנט פשוטו של מקרא מיט א בן חמש למקרא, דארף מען מער מפרש זיין און זאגן אים אלע פרטי הדברים, משא"כ ווען מ'לערנט ע"ד ההלכה והדרוש (אדער ע"ד הרמז), וואס דעמולט איז גענוג זאגן איין ווארט אדער צוויי, און פארלאזן זיך אז מ'וועט אליין הארעווען, וואס דעמולט וועט זיין "יגעת ומצאת"[154].

ווען מ'גיט אבער א קוק אין מכילתא, זעט מען אז בא די ראי' פון דעם פסוק "כי שמענו את אשר הוביש ה' גו'", שטייט "וכן רחב אומרת לשלוחי יהושע כי שמענו כו'" - און רש"י ברענגט נאר דעם פסוק, און זאגט ניט אז דאס האט געזאגט רחב צו שלוחי יהושע;

- וואס -

------------

152) בלק כב, ד. 153) שם, יח. 154) מגילה ו, ב.

וואס וויבאלד אז די מכילתא איז מוסיף אז דאס האט געזאגט רחב צו שלוחי יהושע, איז פארשטאנדיק אז דאס איז נוגע צום ביאור הענין - האט דאס רש"י אויך געדארפט ברענגען (אדער עכ"פ מרמז זיין), און רש"י איז דאס אפי' ניט מרמז.

מ. והביאור בזה (עכ"פ בקצרה):

דערפון וואס ס'שטייט "אז נבהלו אלופי אדום" קען מען ניט פרעגן קיין קושיא אויף דעם וואס אדום איז ארויסגע-גאנגען אנטקעגן אידן "בעם כבד וביד חזקה" - ווארום דער פחד איז געפאלן נאר אויף "אלופי אדום", אבער ניט אויפן מלך פון אדום,

[ווי דער בן חמש למקרא האט שוין געלערנט אין פ' וישלח אז ס'זיינען געווען "אלופי אדום"[155], און ס'זיינען געווען די "מלכים אשר מלכו בארץ אדום"[156] - וואס דערפון ווייסט דער בן חמש למקרא אז "אלופי אדום" זיינען ניט מלכי אדום],

און דערפאר ווען "וישלח משה מלאכים מקדש אל מלך אדום גו' אעברה בארצך", האט געקענט זיין אז מלך אדום זאל ענטפערן "לא תעבור בי פן בחרב אצא לקראתך", ביז אז "ויצא אדום לקראתו בעם כבד וביד חזקה" - וויבאלד אז קרי"ס האט נאר גע'פועל'ט אז ס'זאל זיין "נבהלו אלופי אדום", אבער ניט דער מלך פון אדום.

ועד"ז איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו "אילי מואב" - אז דער פחד איז געפאלן נאר אויף "אילי מואב", אבער ניט אויפן מלך פון מואב.

און ס'איז קיין קושיא ניט - היתכן, אויב עס דארף פאלן א פחד, איז ווי קומט דאס אז אויף אלעמען איז געפאלן א פחד, און אויפן מלך איז ניט געפאלן קיין פחד - ווארום מ'געפינט דאס אויך בא פרעה:

דער בן חמש למקרא האט שוין געלערנט אז ווען ס'זיינען געווען די מכות אין מצרים, האבן זיך די מצריים (די חרטומים, די שרים און דער גאנצער עם) דערשראקן, און זיי זיינען געקומען און גע'טענה'ט צו פרעה "שלח את האנשים"[157] - וואס דערפון זעט מען דאך, אז פרעה'ן אליין האט דער פחד ניט דערנומען, וואס דערפאר האט מען געדארפט האבן אז די חרטומים און די שרים זאלן קומען און שרייען אז ער זאל ארויסלאזן די אידן.

- מא. -

------------

155) ראה פרש"י עה"פ וישלח לו, טו. 156) וישלח שם, לא.
157) בא י, ז.



הנחת הת' בלתי מוגה

מא. עפ"ז וועט מען פארשטיין דאס וואס די מכילתא ברענגט א ראי' פון דעם פסוק "ויהי כשמוע כל מלכי האמורי גו'":

אין מכילתא וויל מען ברענגען א ראי' אז דער פחד פון קרי"ס איז געווען אזוי גרויס, ביז וואנעט אז די מלכים האבן זיך אויך דערשראקן - און דערפאר ברענגט מען די ראי' פון דעם פסוק "ויהי כשמוע כל מלכי האמורי גו'", וואס אין דעם פסוק רעדט זיך וועגן די מלכים.

און דאס וואס מ'געפינט ביי אדום אז "ויצא אדום לקראתו בעם כבד וביד חזקה" (אע"פ אז לויט די ראי' פון מכילתא קומט אויס אז דער מלך ווערט אויך דערשראקן) - איז דער ביאור בזה פארשטאנדיק לויט דעם וואס רש"י טייטשט אפ אויף "פן בחרב אצא לקראתך", "אני אצא עליכם במה שהורישני אבי ועל חרבך תחי'", און ווי ער טייטשט אפ אויף "ביד חזקה", "בהבטחת זקננו והידים ידי עשו" - וואס דערפאר האבן זיי ניט מורא געהאט.

און דאס וואס אין דעם פסוק ("ויהי כשמוע כל מלכי האמורי") רעדט זיך וועגן "אשר הוביש ה' את מי הירדן" (און ניט וועגן קרי"ס) איז קיין קושיא ניט, ווארום זיל בתר טעמא:

וויבאלד אז "מלכי האמורי" האבן זיך דערשראקן דערפון וואס "הוביש ה' את מי הירדן", דארפן זיי זיך שרעקן דערפון וואס "הוביש ה' את מי ים סוף".

אבער אעפ"כ איז די ראי' פון דעם פסוק אליין ניט גענוג, ווארום עס פעלט דאך דער עיקר הענין - אז דאס האט א שייכות צו קרי"ס; און דערפאר ברענגט די מכילתא א צווייטע ראי' דערפון וואס רחב האט געזאגט צו שלוחי יהושע "כי שמענו את אשר הוביש ה' את מי ים סוף":

רחב איז געווען פון "יושבי כנען", און וויבאלד אז זי האט געזאגט "כי שמענו את אשר הוביש ה' את מי ים סוף . . ונשמע וימס לבבנו ולא קמה עוד רוח באיש מפניכם", איז פארשטאנדיק, אז אויף אלע "יושבי כנען" איז געפאלן א פחד פון קרי"ס - און וויבאלד אז מ'האט שוין א ראי' פון דעם ערשטן פסוק אז עס פאלט א פחד אויך אויף "מלכי האמורי", איז פארשטאנדיק, אז דער פחד פון קרי"ס איז געפאלן אויך אויף די מלכים.

מב. אין פשוטו של מקרא איז אבער די גאנצע זאך ניט נוגע - אין פסוק שטייט "אז נבהלו אלופי אדום אילי מואב יאחזמו רעד נמוגו כל יושבי כנען", עס רעדט זיך ניט וועגן די מלכים, און אין פשש"מ איז ניט נוגע צי ס'איז געפאלן א פחד אויף די מלכים אדער ניט,

און דערפאר וועז רש"י האט ניט קיין ראי' אז די מלכים

- האבן -



הנחת הת' בלתי מוגה

האבן זיך דערשראקן (ער בדענגט ניט קיין ראי' פון דעם פסוק "ויהי כשמוע כל מלכי האמורי גו'"), פעלט גארניט אין פשש"מ, ווארום עס רעדט זיך ניט וועגן די מלכים.

און דערפאר ברענגט ניט רש"י אז "כי שמענו את אשר הוביש ה' גו'" האט געזאגט רחב צו שלוחי יהושע (אזוי ווי ס'שטייט אין מכילתא) - ווארום אין מכילתא איז מודגש דער חילוק צווישן די מלכים מיט כל יושבי הארץ, משא"כ אין פשש"מ.

און ע"פ פשש"מ איז פון פרעה קיין ראי' ניט אז אויפן מלך פאלט ניט קיין פחד, ווארום בנוגע צו פרעה קען מען זאגן אויף צוויי אופנים:

מ'קען זאגן אז ע"פ טבע האט פרעה אויך געדארפט מורא האבן (דערפאר וואס אויך אויפן מלך פאלט דער פחד), נאר בא פרעה איז געווען א סיבה מיוחדת אויף דעם וואס ער האט ניט מורא געהאט - דערפאר וואס "ויחזק ה' את לב פרעה"[158],

[וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק אז דערפון וואס פרעה האט ניט מורא געהאט איז קיין קושיא ניט אויף דעם וואס ס'שטייט אין מכילתא אז עס פאלט א פחד אויך אויפן מלך],

און מ'קען זאגן אז דער "ויחזק ה' את לב פרעה" האט זיך אנגעהויבן ערשט פון דער מכה החמישית, אבער ביז דעמולט האט טאקע פרעה ניט מורא געהאט, נאר די חרטומים און די שרים האבן גע'טענה'ט אז מ'זאל ארויסלאזן די אידן פון מצרים.

וכפי שיתבאר לקמן דער ביאור אין פרש"י שבפרשתנו, און דער ביאור אין די הערות אויפן זהר.

* * *

מג. דער ביאור אין פרש"י אויפן פסוק "אשר הכינותי":

ווען מ'לערנט דעם פסוק "הנה אנכי שולח מלאך גו' אשר הכינותי" - ווערט גלייך א קושיא אין פשש"מ:

דער טייטש פון "הכינותי" איז - צוגעגרייט, ע"ד ווי ס'שטייט "וטבוח טבח והכן", ועד"ז "ויכינו את המנחה"[159], וואס דער פירוש בזה איז - צוגרייטן.

איז ניט פארשטאנדיק: אין וואס איז באשטאנען די צוגרייטונג פון דעם "מקום אשר הכינותי" - דארטן זיינען דאך דעמולט געווען די שבעה אומות, און זיי האבן דארטן געוועלטיקט, און דערווייילע זיינען אידן געווען אין מדבר, און עס האט ערשט געדארפט זיין דער "ילך מלאכי לפניך

- והביאך -

------------

158) וארא ט, יב. 159) מקץ שם, כה.

והביאך אל האמורי והחיתי והפריזי והכנעני החיוי והיבוסי והכחדתיו"[160], ערשט דעמולט וועלן דאס אידן האבן - איז אין וואס באשטייט די צוגרייטונג פון דעם "מקום אשר הכינותי"?

און אויף צו פארענטפערן די קושיא, זאגט רש"י אז דער פירוש פון "אשר הכינותי" איז - "אשר זמנתי", וואס "זמנתי" מיינט "איינגעלאדן",

ובדוגמא ווי מ'לאדט-איין אורחים, וואס מ'קען איינלאדן אן אורח מיט א יאר איידער מ'בעט אים ער זאל קומען, וואס דעמולט איז ניט דער טייטש אז ס'איז שוין אלץ צוגעגרייט, ס'איז מערניט וואס מ'האט אים איינגעלאדן,

וואס דאס איז דער פירוש פון "אשר הכינותי", "אשר זמנתי לתת לכם" - אז מ'האט דאס איינגעלאדן אין אן אופן אז דערנאך זאל מען דאס קענען אפגעבן "לכם".

און דערנאך איז רש"י מוסיף "זהו פשוטו" (אע"פ אז דערפון וואס רש"י איז ממשיך "ומדרשו" איז שוין פארשטאנדיק, אז דער פריערדיקער פירוש איז פשוטו) - אויף צו מדגיש זיין אז אע"פ אז אין דערויף איז דא א שוועריקייט, און ס'איז א דוחק, איז אבער "זהו פשוטו".

מד. דערנאך איז רש"י ממשיך: "ומדרשו אל המקום אשר הכינותי כבר מקומי ניכר כנגדו, וזה א' מן המקראות שאומרים שביהמ"ק של מעלה מכוון כנגד ביהמ"ק של מטה".

וואס דא קומט צו אן אנדער שאלה: פארוואס איז דער פירוש מערניט ווי "מדרשו" - לכאו', וויבאלד אז דער פירוש פון "פשוטו" איז ניט אזוי גלאטיק (וואס דערפאר דארף מען זוכן א צווייטן פירוש) - איז דער פירוש אז "ביהמ"ק של מעלה מכוון כנגד ביהמ"ק של מטה" אינגאנצן אויסגעהאלטן אין פשוטו של מקרא, פארוואס איז דאס מערניט ווי "מדרשו"?

אויף דערויף זאגט רש"י "ומדרשו אל המקום אשר הכינותי" - אז די שוועריקייט פון דעם פירוש לויט "מדרשו" איז אין דעם ענין פון "אל המקום":

לויט פירוש המדרש, קומט אויס אז דער "להביאך אל המקום אשר הכינותי" מיינט - דעם ביהמ"ק, וואס דאס איז היפך פשש"מ, ווארום אין פשש"מ אז ס'שטייט "הנה אנכי שולח מלאך לפניך לשמרך בדרך ולהביאך אל המקום אשר הכינותי", גייט דאס אויף דעם וואס דער אויבערשטער וועט ברענגען אידן אין א"י, און ניט אויפן ביהמ"ק דוקא, וואס דאס איז געווען ערשט אין 400 יאר לאח"ז

- ווארום -

------------

160) פרשהנו שם, כג.



הנחת הת' בלתי מוגה

[וארום מ'קען ניט זאגן אז דאס גייט אויף משכן שילה, נוב וגבעון - ווארום רש"י זאגט אז "ביהמ"ק של מעלה מכוון כנגד ביהמ"ק של מטה", במילא גייט דאס אויפן ביהמ"ק וואס איז געווען אין ירושלים].

און אע"פ אז דער פירוש פון "מקום" איז - אן ארט, במילא גייט דאס אויף א שטאט אדער א מקום מסוים, דער ביהמ"ק וכיו"ב - געפינט מען אבער אין פשש"מ אז "מקום" גייט אויף א גאנצע לאנד:

ווען בני ראובן ובני גד ווערט דערציילט אז ווען זיי האבן געזעהן אז דער עבר הירדן איז "מקום מקנה", האבן זיי געבעטן משה רבינו אז זיי ווילן בלייבן אין עבר הירדן - שטייט דארטן[161] "ויראו את ארץ יעזר ואת ארץ גלעד והנה המקום מקום מקנה", ד.ה. אז "ארץ יעזר" און "ארץ גלעד" ווערט אנגערופן בשם "מקום" (וויבאלד אז ס'איז דא א זאך וואס פאראייניקט זיי - אז דאס איז "מקום מקנה", דארטן איז דא א סאך גראז).

און וויבאלד אז דאדטן שטעלט זיך ניט רש"י אויף דער קושיא, אז פריער שטייט "ארץ" און דערנאך רופט מען דאס אן בשם "מקום" - איז דערפון גופא די הוכחה אז אין לה"ק קען מען זאגן דעם ווארט "מקום" אויף א גאנצע לאנד,

און דערפאר דארף רש"י ניט באווארענען בנדו"ד אז דאס וואס ס'שטייט "אל המקום" קען גיין אויף גאנץ א"י.

אבער אעפ"כ ברענגט רש"י דעם פירוש פון "מדרשו" אז "המקום" גייט אויפן ביהמ"ק, דערפאר וואס דעמולט איז דער פירוש פון "מקום" אזוי ווי ברוב המקומות אין תומש - אז דאס גייט אויף א מקום מסוים, א שטאט אדער א בנין וכיו"ב [ווי מ'געפינט אין חומש בכ"מ אז ס'שטייט "אל המקום אשר יבחר"[162], "כי ירחק ממך המקום"[163], וואס דארטן גייט דאס אויפן ביהמ"ק]: דער פירוש איז אבער מערניט ווי "מדרשו", וויבאלד אז אין פשש"מ גייט דער "ולהביאך אל המקום אשר הכינותי" אויף גאנץ א"י, און ניט אויפן ביהמ"ק.

מה. עס ווערט אבער די שאלה: ווי קען מען זאגן אויפן ביהמ"ק "אל המקום אשר הכינותי" בשעת אז אין מקום המקדש זיינען נאך געווען די שבעה אומות, און מ'דארף ערשט האבן אז ס'זאל זיין "כי ילך מלאכי לפניך והביאך אל האמורי גו' והכחדתיו" - אין וואס באשטייט דער "אשר הכינותי"?!

אויף דערויף זאגט רש"י, אז דער פירוש פון "אל המקום

- אשר -

------------

161) מטות לב, א. 162) ראה יב, כו. ועוד. 163) שם, כא.

אשר הכינותי" איז - "כבר מקומי ניכר כנגדו", ד.ה. אז דער "אשר הכינותי" גייט ניט אויפן ביהמ"ק של מטה (ווארום אויף אים קען מען נאך ניט זאגן "אשר הכינותי"), נאר דאס גייט אויף "מקומי" - דער ביהמ"ק של מעלה, וואס ער איז "ניכר כנגדו", וויבאלד אז "ביהמ"ק של מעלה מכוון כנגד ביהמ"ק של מטה".

מו. ביים בן חמש למקרא בלייבט נאך א קושיא:

וויבאלד אז מ'קען ניט זאגן "אשר הכינותי" אויפן ביהמ"ק של מטה, דערפאר וואס דארטן געפינען זיך נאך דער אמורי וכו', און עס דארף ערשט זיין דער "והכחדתיו" - איז א שווערע זאך צו זאגן אז ס'זאל זיין דער ביהמ"ק של מעלה כנגד דעם מקום פון דעם ביהמ"ק של מטה, ווען למטה זיינען נאך דא די שבעה אומות!

אומעטום ווייסט מען אז יעדער ענין וואס איז דא למטה, איז פארבונדן מיט דעם זעלבן ענין ווי ער איז למעלה; ווען מ'מאכט א משכן דא למטה, איז דאס אין אן אופן פון "כאשר הראית בהר"[164] - איז שווער צו זאגן אז בשעת למטה געפינען זיך די שבעה אומות, זאל שוין דעמולט זיין געבויט דער ביהמ"ק של מעלה כנגד דעם זעלבן ארט וואו עס געפינען זיך די שבעה אומות?!

אין דעם פסוק "וזה שער השמים" איז דאס קיין קושיא ניט, ווארום מ'קען זאגן אז דעמולט איז אין יענעם ארט ניט געווען קיין ענין וואס איז מנגד צום ביהמ"ק, וויבאלד אז די שבעה אומות זיינען דארטן דעמולט ניט געווען,

ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס יעקב איז דארטן געשלאפן און קיינער האט אים ניט געשטערט, ואדרבה: ס'איז געווען אן ארט וואו חיות רעות האבן זיך ארומגעדרייט, וואס דערפאר האט יעקב געדארפט אנקומען צו "ויקח מאבני המקום וישם מראשותיו"[165] -

איז וויבאלד אז דארטן זיינען נאך ניט געווען די שבעה אומות, איז ניט געווען קיין ענין הפכי אויף וועלכן מ'דארף אנקומען צו "והכחדתיו", און דערפאר האט דעמולט געקענט זיין דער "ביהמ"ק של מעלה" כנגד דעם מקום.

ועד"ז אין דעם פסוק "מכון לשבתך" איז אויך קיין קושיא ניט - ווארום מ'קען זאגן אז דאס איז געווען אין דער צייט ווען די שבעה אומות זיינען נאך ניט געווען דארטן,

- בדוגמא -

---

164) הרומה כו, ל. 165) ויצא שם, יא ובפרש"י.

בדוגמא ווי ס'איז געווען אין דער צייט ווען יעקב איז דארטן געשלאפן - האט דעמולט געקענט זיין דער "כסא של מעלה" כנגד דעם מקום.

משא"כ ווען מ'קומט צום פסוק "אשר הכינותי", און מ'זאגט אז "ביהמ"ק של מעלה מכוון כנגד ביהמ"ק של מטה" - ווערט די שאלה: וויבאלד אז דארטן זיינען דא די שבעה אומות, און עס דארף זיין דער "והכחדתיו", איז ווי קען זיין אז בשעת מעשה זאל שוין זיין געבויט און צוגעגרייט דער "ביהמ"ק של מעלה" כנגד דעם מקום?

איך דערויף זאגט רש"י - "זה א' מן המקראות שאומרים שביהמ"ק של מעלה מכוון כנגד ביהמ"ק של מטה":

וויבאלד אז ס'זיינען דא נאך פסוקים וואו ס'שטייט אז "ביהמ"ק של מעלה מכוון כנגד ביהמ"ק של מטה", איז שווער צו זאגן אז <u>בכל פעם</u> זיינען דארטן ניט געווען קיין אוה"ע.

אפי' אין דעם פסוק "וזה שער השמים", קען מען אויך זאגן אז אין דעם ארט פון דעם ביהמ"ק זיינען שוין דעמולט געווען אוה"ע - ווארום יעקב איז גאר געווען אין אן אנדער ארט, נאר ס'איז געווען "קפיצת הדרך", אז "בא ביהמ"ק לקראתו עד בית א-ל"[166].

און וויבאלד אז ס'זיינען דא כמה מקראות וואס זאגן אז "ביהמ"ק של מעלה מכוון כנגד ביהמ"ק של מטה", איז פארשטאנ-דיק אז דאס איז אויך ווען אין דעם ארט זיינען נאך דא די שבעה אומות, און מ'דארף אנקומען צום "והכחדתיו".

מז. עפ"ז וועט מען פארשטיין פארוואס איז דא א גירסא אין פרש"י שבפרשתנו, אז "ביהמ"ק של מעלה מכוון כנגד של מטה" (און ניט "כנגד <u>ביהמ"ק</u> של מטה"):

אין דעם פסוק שבפרשתנו איז מודגש אז אין דעם ארט פון דעם ביהמ"ק איז געווען אן עניין הפכי - דאס איז געווען אן ארט וואו עס זיינען געווען די שבעה אומות.

אין פ' ויצא און אין פ' וישלח, איז ניט מודגש אז דארטן איז געווען אן עניין הפכי פון דעם ביהמ"ק, אבער בפרשתנו איז מודגש אז דארטן איז געווען אן עניין הפכי פון דעם ביהמ"ק.

און דערפאר אין דעם פסוק שבפרשתנו זאגט רש"י "ביהמ"ק של מעלה מכוון כנגד של מטה", און ער נעמט ארויס דעם ווארט

- <u>ביהמ"ק</u> -

------------

166) פרש"י עה"פ שם, יז.

ביהמ"ק - אויף צו מדגיש זיין אז פון דעם פסוק שבפרשתנו איז די ראי' אז דער ביהמ"ק של מעלה איז מכוון "כנגד של מטה", ד.ה. אז ער איז מכוון "כנגד של מטה" אפי' ווען דער ביהמ"ק של מטה איז נאך ניטא, און עד כדי כך - אז דארטן איז דא אן ענין וואס איז דער היפך פון דעם ביהמ"ק.

מח. כמדובר כמ"פ אז אין פרש"י איז דא "יינה של תורה"[167], און אויך ענינים אין חלק ההלכה[168] - ועד"ז בנדו"ד:

עס איז דאך ידוע די מחלוקת פון אביי ורבא[169] צי "הזמנה מילתא היא", אדער "הזמנה לאו מילתא היא".

און דערפון וואס רש"י טייטשט אפ אז "הכינותי" מיינט "זמנתי", און זאגט אויף דערויף "זהו פשוטו", איז פארשטאנדיק, אז ע"פ פשש"מ ווערט "הזמנה" אנגערופן אין פסוק בשם "הכנה" (אזוי ווי "וטבוח טבח והכן", און "ויכינו את המנחה").

און דערפון זעט מען אז אין פשש"מ איז מער נוטה צו זאגן אז "הזמנה מילתא היא", וויבאלד אז דער ענין פון "הזמנה" ווערט אנגערופן אין פסוק בשם "הכנה".

מט. בנוגע צו דער העדה אויפן זהר - איז די קושיא ניט נאר מאי קמ"ל, נאר ווי קען מען גאר זאגן אזא זאך:

ער זאגט אין זהר אז "כד האי נשמתא נפקת מהאי עלמא זכייא נקיי' בדירה, קב"ה אנהיר לה בכמה נהורין", איז ניט פארשטאנדיק: אפי' ווען ער האט מעדנים ווי דעם ענין פון מצוות מעשיות (ער האט ניט אלע דריי ענינים פון מחשבה דיבור ומעשה), קומט אים אויך אורות, איז פארוואס זאגט ער אין זהר אז דוקא ווען די נשמה איז "זכייא נקיי' ברירה", ווען ס'זיינען דא אלע דריי ענינים פון מחשבה דיבור ומעשה, דעמולט איז "קב"ה אנהיד לה בכמה נהורין"?

און אויב מ'וועט זאגן אז דער תנאי פון "זכייא נקיי' ברירה" גייט נאר אויף דעם וואס ס'שטייט אין זהר נאך דערויף אז "בכל יום קארי עלה כו'" - האט דער ענין פון "קב"ה אנהיר לה בכמה נהורין" ניט געדארפט שטיין אויף דעם ענין°פון "זכייא נקיי' ברירה", נאר אויף דעם ענין וואס "בכל יומא קארי עלה כו'".

דערנאך קומט צו א צווייטע קושיא:

- דער -

------------

167) היום יום ע' כד. 168) ראה של"ה במס' שבועות שלו קפא, א. 169) סנהדרין מז, ב. וש"נ.

דער ענין אז ווען מ'טוט א מצוה ווערט נמשך אור, איז אן ענין פון אתעדל"ע וואס קומט דורך אתעדל"ת, דאס איז אן ענין של שכר אויף דער מצוה וואס ער האט געטאן, איז ניט פארשטאנדיק - פארוואס זאגט מען אויף דערויף "קב"ה אנהיר לה בכמה נהורין":

דערפון וואס מ'זאגט "קב"ה אנהיר לה בכמה נהורין", איז משמע אז דאס איז א דבר חידוש, וואס אויף דערויף דארף מען האבן אז ס'זאל זיין א פעולה מיוחדת פון "קב"ה אנהיר לה" (ע"ד ווי דער ענין וואס "בכל יומא קארי עלה כו'"),

און לכאו', איז דאס אן ענין פון אתעדל"ע וואס קומט דורך אתעדל"ת, אז וויבאלד ער האט מקיים געווען די מצוה, קומט אים אן ענין של שכר, עאכו"כ ווען ער האט מקיים געווען די מצוה בתכלית השלימות, סיי במחשבה סיי בדיבור און סיי במעשה, מיט אלע פרטים וואס ער רעכנט אויס אין דער הערה - איז צוליב וואס דארף מען אנקומען צו א פעולה מיוחדת אז "קב"ה אנהיר לה בכמה נהורין"?

וכפי שיתבאר לקמן דער ביאור אין דעם זהר, אע"פ אז לכאו' איז כולו מוקשה.

כ. בהמשך צו דעם וואס עס האט זיך גערעדט פריער (סי"א) וועגן דעם וואס מ'לערנט אפ פון פ' שקלים די טייערקייט פון ממון פון א אידן, וואס "התורה חסה על ממונן של ישראל" - איז ווי גערעדט כמ"פ אז מ'דארף אראפברענגען יעדער ענין אין אן ענין פון א "בכן" בנוגע לפועל, איז עד"ז בנדו"ד:

עס איז לעצטן'ס געווארן דער ענין פון ארומפארן, און ארומפארן דוקא מעבר לים, וואס אפי' אז מ'זוכט אלע הנחות, מיט אלע-ערליי אפשריות אז ס'זאל קאסטן ביליגער - דארף מען אבער צאלן, אומזיסט פירט מען ניט.

וואו ס'איז דא ערגעץ א ברית, א חתונה, א תנאים - הויבן זיך אן שיטן צעטלען: אזוי ווי ס'איז זיינער א קרוב, זיינער א שוועסטער-קינד, א גליר-שוועסטער-קינד, ארער געלערנט אמאל מיט אים צוזאמען - איז עלה ברצונו פארן מעבר לים זיך משתתף זיין בשמחתו.

און דערנאך דארף איך זיין אט דער וואס דארף ביי אים צונעמען דעם תענוג.

די שאלה איז אבער - וואס איז דאס מלכתחלה פאר א סדר: מ'האט קיינמאל ניט געהערט אז ווען ס'איז דא א ברית מעבר לים, דארפן אלע שוועסטער-קינדער פארן משתתף זיין זיך אין דעם ברית.

כא. דערנאך איז צוגעקומען נאך א זאך: דער סדר איז דאך אז

- אויב -

אויב איינער טוט עפעס, דארף מען באווייזן אז ער איז לא נופל ממנו, במילא אז ס'איז דא א תלמיד אין א כתה פון 20 חבדים, און ער פארט, דארפן אלע איבעדיקע 19 תלמידים אויך פארן, ווארום אויב ניט, באווייזט דאס אז זיי זיינען ניט בגדר פון א תלמיד פון ישיבה.

גייט מען אוועק צו הנהלת הישיבה, און ווייזט אים אז הנהלת הישיבה איז א טוב לב בתכלית - גיט מען אלעמען רשות צו פארן.

א בחור פון 15 יאר, 16 יאר, 17 יאר, 18 יאר, 19 יאר, וואס זיצט אין ישיבה, און זיין ענין איז לערנען תורה - איז ווען א שוועסטער-קינד מאכט א ברית ביי א זון, איז עס טאקע א גרויסע שמחה, ס'איז צוגעקומען א איש בישראל - זיין פאטער איז אבער אויך ניט געפארן אין א צווייטער שטאט אויף א ברית, בשעת ער איז ניט געווען קיין תלמיד ישיבה, נאר א איד א סוחר, אבער אעפ"כ, וויבאלד אז פארן דארף קאסטן געלט, און דארף קאסטן צייט, דארף מען זיך איבערכעכענען צי מ'קען דאס אויסנוצן אויף נאך א בעסערן אופן.

משתתף זיין זיך אין אריינברענגען א אידן בבריתו של אברהם אבינו איז טאקע א גרויסע מצוה, אבער אעפ"כ, מ'האט קיינמאל ניט געהערט אז מ'זאל מבטל זיין א כתה פון ישיבה און שיקן זיי אז זיי זאלן גיין אויף א ברית, אפי' אין דער זעלבער שטאט; איז דאס ישיבה בחורים - דארפן זיי זיצן און לערנען, איז דאס אנשי עסק - דארף זיין משאס ומתנם באמונה, כדי אז דערנאך זאלן זיי געבן צדקה מערער וויפל זיי האבן געקענט געבן פריער.

דו האסט איבעריקע געלט - דו רעכנסט אז ס'איז איבעריקע, דערפאר וואס דו האסט דאס ניט אויף וואס צו אויס-נוצן, במילא ווילסטו פארן מעבר לים משתתף זיין אין א ברית - גיב דאס אפ אויף צדקה לזכותו פון דעם רך הנימול!

ווער רעדט נאך ווען ס'איז א חתונה - זאגט דאך די גמרא[170] אז ביי הכנסת כלה איז ששים ריבוא אויך ווייניק - איז וואס הייסט ער וועט ניט פארן אויף קיין חתונה! ס'איז דאך זיינער א שוועסטער-קינד, געלערנט אין דער זעלבער כתה!

גייט ער צו הנהלה הישיבה, און מ'גיט אים גלייך רשות - שרייבט ער גלייך אן א צעטל אז ער האט שוין רשות פון הנהלת הישיבה און ער האט שוין די געלט,

- כ'ווייס ניט צי ער האט זיך פארליען, צי פאר'חוב'ט,

- צי -

------------

170) דאה מגילה כט, א. וש"נ.

צי פארקויפט די שיך, כ'וויים ניט וואס ער האט דארפן געטאן - אבער נניח אז ער האט געוואונען די געלט אין א הגרלה, איז לכאו' א ראי' מלמעלה אז ער האט נאך געלט, במילא אויף וואס וועט ער דאס אויסנוצן - אויף "הכנסת כלה"!

אז ער וועט גיין אויף א חתונה אין נ.י. וועט דאך איס קאסטן מערניט וויפל עס קאסט א "טאקען" פון "סאבוועי" (25 סענט, 50 סענט, און אז ס'וועט ווערן טייערער - וועט זיין א דאלאר) - דארפן קען ער דאך אויסגעבן 500 דאלאר אויף הכנסת כלה!

דערנאך איז געווארן א נייער סדר: אזוי ווי מ'ווייסט דאך אז איך בין ניט צופרידן מיט די הוצאות וואס זיינען דערמיט פארבונדן, באווארענט מען דאס דערמיט וואס די חתן כלה שיקן אויף הוצאות.

זיי גייען ערשט אריין אין ענינים של פרנסה - האבן זיי שוין געלט אויף שיקן אז א בחור זאל קומען צופארן מעבר לים אויף "הכנסת כלה"!

האב איך זיך מיישב געווען אז אזוי ווי הנהלת הישיבה גיט אים רשות - געזונטערהייד, איז ער מבטל תורה - אויף זייער אחריות! איך קען דערצו בארניט העלפן, איך קען זיך ניט פארנעמען מיט יעדער בחור.

און דערנאך הויבט זיך אן די טענה אז אויב מ'וועט אים ניט געבן קיין רשות, וועט ער זיצן ביי אן אפענער גמרא, און וועט טראכטן וואס טוט זיך אויף דער חתונה; צי גייט מען צו "באדעקעניש", צי חזר'ט מען דעם מאמר, צי עסט מען דעם "קוגל", אדער מ'גייט שפאצירן פאר דער חופה און נאך דער חופה - איז אזוי ווי ער וועט סיי-ווי ניט לערנען, זאל ער לכה"פ ממלא זיין רצונו,

ווער רעדט נאך ווען ער איז דערפאר מבטיח אז דערנאך ווען ער וועט קומען צוריק, וועט ער ווערן דער מתמיד הכי גדול - וואס ליידער האט דאס נאך ניט פאסירט, ווארום "מצוה גוררת מצוה"[171], ועד"ז להיפך, אז ביטול תורה איז "גורד" אן ענין וואס איז בדוגמת זה.

וואס האט דאס צו טיר פאר א שייכות - ס'איז דאך דא א משפיע!

און וואס דארף א משפיע טאן - איז די ערשטע זאך..., אבער לכה"פ די צווייטע זאך: ער דארף אים זאגן, הער זיך

- איין -

------------

171) אבות פ"ד מ"ב.

איין, דו האסט א חלק הטוב, קענסט לערנען תורה, אויך חסידות, אן בלבולים, און אפי' אז דו האסט א גרויסן יצה"ר, האסטו א שטריינגען משפיע-וואס איז מכה דיין יצה"ר בשוט ארער בדברים, במילא לאזט ער דייך נה"א צו לערנען - איז כאפ-זיך-אן אין דעם חלק היפה און זיץ און לערן!

נב. ער"ז הויבט זיך אן א מעשה - אז ער וויל זיין אויף די מקומות הקדושים.

כ"ק מו"ח אדמו"ר האט געהאט א חוש אין מקומות הקדושים, און אעפ"כ איז ער ניט געלאפן אין א"י יעדער יאר אדער יעדער צוויי יאר, אדער יעדער צען יאר - ער איז געווען אין א"י אן איין און איינציקן מאל, און האט דעמולט געזאגט דעם טעם[172], אז אזוי ווי ער איז רגיל צו גיין על קברי האבות (אין האדיטש, ניעזשין און ליובאוויטש) - איז אזוי ווי אהינצו קען ער ניט פארן (מסיבות שאינן תלויות בו), פארט ער על קברי האבות הראשונים, אויף די מקומות הקדושים.

א בחור וואס דארף ערשט מסיים זיין ששה סדרי משנה, ער האט נאך ניט אפגעלערנט אלע מסכתות, איס פעלט נאך א פאָר מסכתות וועלכע ער דארף נאך לערנען צום ערשטן מאל,

[עס רעדט זיך ניט וועגן לערנען דעם איין און זעכציק'סטן מאל, כידוע דער סיפור הידוע, אדער דער לימוד התורה אין אן אופן פון "דרוש וקבל שכר"[173] - עס זיינען דא גאנצע מסכתות וואס ער האט נאך אינגאנצן ניט געלערנט],

עס זיינען דא כמה מאמרים אין חסידות וואס ער ווייסט גארניט וועגן זיי, עאכו"כ אז ער האט זיי נאך ניט געלערנט - איז וואס פעלט אים בעבודתו - ער דארף זיין אויף די מקומות הקדושים!

אפי' ווען איך באקום אזא צעטל פון אן ערוואקסענעם אידן מיט א ווייסע בארד - ווערט בא מיר אויך א ספק צי עס פעלט אים טאקע דער ענין פון זיין על מקומות הקדושים; אבער אזוי ווי יעדער איד איז בחזקת כשרות[174], איז אז אים ווייזט-זיך אויס אז ס'פעלט אים - אפשר פעלט אים דאס טאקע!

אבער עכ"פ ארייַנלייגן זיך אין תובות צוליב דערויף, וואס דורך א חוב ווערט מען אן "עבד לוה לאיש מלוה"[175] - דארף מען ניט, ווארום א איד דארף זיין אן איש חפשי, ער דארף ניט זיין קיין עבד ביי א צווייטן[176].

- ווען -

------------

172) ספר ההולדות אדמו"ר הריי"ץ ע' 23. 173) סוטה מד, א. וש"נ. 174) רמב"ם הל' קדה"ח פ"ב ה"ב. 175) משלי כב, ז. ראה מכילתא ופרש"י עה"פ פרשתנו כא, ו.

ווען ער האט קיין ברירה ניט - שעמט מען זיך ניט און מ'נעמט א גמ"ח, כדי צו מפרנס זיין בני ביתו מתוך כבוד, צי געבן אויף צדקה כפי הרגילות וכיו"ב; אבער לייען געלט און ווערן אן "עבד לוה לאיש מלוה", כדי צו מעורר זיין ביי זיך א תשק, אז אזוי ווי דער צווייטער איז געפארן על מקומות הקדושים, מוז ער אויך פארן אויף די מקומות הקדושים, און אויב ניט איז במה נחשב הוא - האב איך אין דערויף קיין חוש ניט, איך קען דערצו גארניט העלפן!

איך וויל דאס ניט אסר'ן, ווארום איך וויל ניט שולל זיין דעם תענוג ביי א אידן, אפי' אז דאס איז א ווילדער תענוג, און אפי' א תענוג וואס איז פארבונדן מיט בזבוז ממונם של ישראל; א איד וויל זיך נאכגעבן אין דערויף (- הלואי זאל ער זיך ניט נאכגעבן אין ערגערע זאכן) לאָז איך דאס דורך; אבער עכ"פ מ'האט ניט וואס צו ווארטן אז איך וועל ענטפערן א הסכמה אויף אזוינע צעטלען!

און כדי פארשפאָרן די טרחא וואס ווערט דערפון וואס איך ענטפער ניט, אז דערפון גופא ווערן כמה רמזים ופירושים ולשונות וכו' - זאל מען מיר אויפהערן שרייבן, זאל מען גיין פרעגן ביי א רב, זאל מען זיך מיישב זיין מיט זיך אליין!

נג. און די זעלבע זאך איז בנוגע צו הנהלת הישיבה:

הנהלת הישיבה איז געמאכט געווארן ניט אויף צו זעהן אז א תלמיד זאל זיך גיין משתתף זיין אין "הכנסת כלה", אין א ברית צי א פדיון הבן - דאס דארף טאן דער פאטער און די מוטער אדער אימעצער וואס האט דערצו א שייכות;

הנהלת הישיבה דארפן מחנך זיין די תלמידים בא זיי זאל זיין התמדה ושקידה אין לימוד הנגלה והחסידות, אט-דאס איז זייער איין און איינציקער תפקיד אלס הנהלת הישיבה!

נאר דערביי דארפן זיי וויסן, אז פונקט אזוי ווי עס דארף זיין "ישכר באוהלך", דארף אויך זיין "זבולון בצאתך"[177] - זיי דארפן באווארענען אז אים זאל ניט פעלן קיינע ענינים אין גשמיות כדי אז דאס זאל ניט מבלבל זיין דעם גוף ונה"ב, ובמילא וועט דאס ניט לאזן דעם נה"א צו לערנען,

זיי דארפן זעהן אז דער תלמיד זאל עסן בזמנו, און טרינקען בזמנו - עס רעדט זיך ניט וועגן ענינים פון מותרות ח"ו, הלואי וואלט ער שוין געהאלטן בא די מותרות!

- עד"ז -

------------

177) ברכה לג, יח.

עד"ז דארף דער תלמיד האבן א מקום מנוחה, און א וואדעמען מקום, כדי ער זאל קענען שלאפן מתוך מנוחה, ועד"ז אלע ענינים פון מזון, לבוש און בית.

און דערנאך דארפן זיי ביי אים מאנען די איין און איינציקע זאך - וואס דאס איז דער עיקר - דער ענין פון לימוד התורה בהתמדה ושקידה.

איי איז די שאלה: א שוועסטער-קינד האט דאך חתונה, אפי' א ברודער און א שוועסטער האט חתונה - איז מיט א דור פאר דערויף ווען ס'איז געווען א שידוך ביי א ברודער און א שוועסטער מעבר לים, ווייס איך ניט ווער ס'איז געלאפן זיך משתתף זיין אין דער חתונה, בכל אופן - איך האב דאס ניט געזעהן,

און די וואס האבן דאס געזעהן - זאלן זיי געבן א היתר, אבער צו מיר דארף מען מערניט שרייבן וועגן דעדויף, ס'איז א שאד זייער טרחא און א שאד זייער זמן - זאלן זיי זיך אליין אפ'פסק'נען, צי זיי דארפן זיך משתתף זיין אין דער חתונה, און צי מ'דארף זיך פאראיינגען און שיקן געלט, ארער מ'דארף זיך ניט פאראיינגען אויף דערויף, מ'גיט אבער אויס די געלט אויף די נסיעות, און ניט אויף אן ענין אחר, וואס עס קען זיין [איך זאג ניט זיכער, עס קען אבער זיין] אז יענער ענין איז וויכטיקער - אויב ער וויל שוין אויסגעבן געלט.

נד. און דער עיקר הדיבור איז בנוגע צו תלמידי הישיבה, ווארום מיום ליום ווערט בא זיי מתרבה דער ארומפארן - ס'איז ניט דער פשט אז איינער האט זיך געפרואווט, און ווען מ'האט אים אפגעזאגט האט זיך דאס אויפגעהערט.

בשעת איינער האט זיך געפרואווט - האט ער מודיע געווען אז ער פארט מעבר לים, און שיקט בריוו און טעלעגראמען וואו וועט ער איינשטיין, און דערנאך וועט ער - בדרך אגב - באזוכן נאך דריי-פיר-פינף לענדער, און דערנאך טוט ער מיר א טובה - ער וועט דארטן אויך טאן אין הפצת היהדות!

דער ענין פון א תלמיד ישיבה איז לערנען תורה, נאר אין די זמנים הפנויים גיט מען אים טאן אין "מבצעים", אבער בפירוש אין זמנים הפנויים, וואס וויבאלד אז ער איז א נוגע בדבר, דארף ער גיין פרעגן בא הנהלה הישיבה, ווען איז ער פנוי ע"פ שו"ע פון לימוד התורה, און דעמולט קען ער טאן אין "מבצעים", אדער אז אויך אין דעם זמן שלו דארף ער לערנען תורה.

און דאס איז אויך דער "בכן" בנוגע לפועל מהאמור לעיל בנוגע צו "מכונן של ישראל".

- נה. -

הנחת הת' בלתי מוגה

נה. אין דערויף קומט צו נאך אן ענין:

עס זיינען דאך דא אזוינע וואס טשעפען זיך מיט אידישן רכוש,

און דערנאך זיינען דא אזוינע אידן וואס זיינען בא זיך אזוי פיל בטל פאר א גוי, ביז וואנעט אז בשעה א גוי הויבט זיך אן טשעפען מיט עסקי "תבן וקש"[178], און אפי' מיט גרעסערע ענינים ווי "תבן וקש" - איז די ערשטע זאך, דער-שרעקט ער זיך,

און דערנאך הויבט ער אן טראכטן ווי אזוי קען ער נושא חן זיין ביים גוי; אויב ער וועט אים געבן נאר דאס וואס ער מאנט, איז דאך דאס ניט נשיאת חן, ער גיט אים מערניט דאס וואס ער מאנט; כדי צו נושא חן זיין ביי אים - וועט ער אים געבן מיט א הוספה!

וואס אפי' ווען מ'טוט דאס אין ממונם של ישראל סתם, זאגט מען דאך אויך אז "התורה חסה על ממונן של ישראל", במילא גייט ער אנטקעגן דער תורה, עאכו"כ ווען עס רעדט זיך נאך וועגן אה"ק, און ס'רעדט זיך נאך וועגן ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט פקו"נ היל"ת וכו' -

וואס אין כאן המקום להאריך בזה, ווארום אין דעם זמן דארף מען רעדן מערניט וועגן ענינים של זכיות אויף יעדער אירן און אויף אלע אידן, עאכו"כ אויף עטליכע אידן צוזאמען - ווארום זיי זיינען א טייל פון כללות עם ישראל, וואס דארף האבן רחמים מרובים מ'זאל ארויסקריכן פון דעם מעמד ומצב וואו מ'האלט איצטער, אין אן אופן פון "יצאו ברכוש גדול"[179].

נאר אזוי ווי מ'שטייט נאך אין שבת מברכים חודש אדר, איז א זיכערע זאך אז ס'וועט זיין "מרבין בשמחה", בשמחה אמיתית, דורך דערויף וואס עס וועלן זיין סיבות אמיתיות אויף דער שמחה.

ובנוגע להאמור לעיל - איז כמדובר כמ"פ אז ווי אזוי קומט דאס אז א <u>גוי</u> זאל מבזבז זיין ממונן של ישראל, איז די התחלה בזה - דערפון וואס א איד הויבט זיך אן פירן אזוי, ווארום א גוי קען זיך ניט אנהויבן טשעפען מיט א אידן איירער דער איד טשעפעט זיך מיט זיך אליין!

וואס אין כאן המקום להאריך בדבר המצער - ובפרט נאך במוצאי שבת, ובפרט מוצאי שבת מברכים, און מוצאי שבת

- מברכים -

------------

178) טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סשכ"ט ס"ו. 179) לך לך טו, יד.

מברכים חודש אדר וואס דעמולט איז "מרבין בשמחה".

נו. וכאמור לעיל אז ישיבה בחורים דארפן וויסן אז עניגם איז - זיצן און לערנען, און אויב זיי האבן זמנים פנויים, איז אויב מ'קען דאס נוצן אויף לערנען, איז מה טוב ומה נעים, און סאמער ניט (מאיזה סיבה שתהי' - ס'איז א מצוה שהזמ"ג וכיו"ב), איז מען זיך משתתף אין "מבצעים".

און עניגם איז ניט איינלאזן זיך אין סלסול הדרך, ווער רעדט נאך - מעבר לים, וואס דערנאך דארף מען בענטשן ברכת הגומל, וואס בענטשן ברכת הגומל איז כפשוטו - ס'איז אן ענין אויף וועלכן מ'דארף בענטשן ברכת הגומל, אזוי ווי די אלע וואס "חייבים להודות"[180].

און דאס וואס מ'רעדט זיך איין אז דערמיט וועט ער מרבה זיין אין "הכנסת כלה", און מרבה זיין אין דער שמחה פון דעם פדיון הבן, א ברית וכיו"ב - זאל ער אנשרייבן א שיינעם בריוו'ל, און אין היינטיקע צייטן קען מען באשטעלן א מתנה אין אן אופן אז ברגע כמימרא זאל מען דאס צושטעלן דארטן,

און די איבעריקע געלט - אויב ער האט טאקע איבעריקע געלט - קען ער אפגעבן אויף צדקה במקומו הוא, ועאכו"כ ניט טראכטן וועגן חובות בממון,

ועאכו"כ ניט איינקריכן אין חובות בנוגע צו לימוד התורה שלו - ווארום ס'איז "ימים יוצרו ולו אחד בהם"[181], מ'האט אים געגעבן א מספר ימים מסוימים וועלכע ער מוז האבן כדי צו לערנען תורה און מקיים זיין מצוות, און איצטער איז זיין קו - דער קו פון לימוד התורה, דארף ער זעהן אז אין דערויף זאל ניט פעלן אפי' קיין איין רגע, עאכו"כ אז ס'זאל ניט פעלן קיין ימים, שבועות און חדשים.

און בשעת אז הנהלת הישיבה גיט אן אמת'ן רשות [ניט דערפאר וואס מ'איז "הירא ורך הלבב"[182], און מ'וויל זיך ניט טשעפען מיטן תלמיד, נאר אז מ'דערהערט פון אים א בקשה, זאגט מען אים א יישר-כח, דו קענסט דאס גלייך טאן, דו האסט דעם רשות פון דער הנהלה, נאר] דערפאר וואס בא זיי קומט טאקע אויס אז איצטער דארף ער טאן אין ענין פלוני, עאכו"כ אין עניגים של מבצעים, אדער זיך משתתף זיין בשמחתו של חבירו - "ואהבת לרעך כמוך", איז דאס גופא איז א הוכחה אז דאס גייט אריין אין תפקידו אלס תלמיד הישיבה.

- וככל -

------------

180) ברכות נד, ב. 181) תהלים קלט, טז. 182) ל' הכתוב - שופטים כ, ח.

וככל החזיון הזה וככל הדברים האלו איז אויך בנוגע צו די וואס זיינען געווען פריער אין ישיבה, און איצטער זיינען זיי אין א מסגרת אחרת, אין אן אנדער התעסקות - האט מען דאך אבער גערעדט כמ"פ[183] אז וויבאלד "קדושה לא זזה ממקומה"[184], איז אויב ער איז נאר געווען א "בר בי רב דחד יומא"[185], בלייבט ער שוין א ישיבה-תלמיד אויף כל משך ימי חייו, ווארום "קדושה לא זזה ממקומה" -

דארפן זיי זיך אויך אויסרעכענען צי זיי דארפן זיך ווארפן מיט געלט, און פליען (אדער פארן) מעבר לים על כל דבר קטן אדער על כל דבר בינוני, און דערנאך צורעדן א צווייטן ער זאל טאן כמעשהו כדי אז אים זאל זיין פריילעכער דער פארן,

זיי דארפן זיך מיישב זיין מיט אימעצן וואס איז ניט קיין נוגע בדבר, צי דאס איז זייער סדר עבודה, אדער אז זיי דארפן זיך פירן באופן אחר.

נז. און ס'זאל זיין "שלום על ישראל"[186] - ס'זאלן זיין א סאך שמחות ביי אידן, בכל מקום וואו זיי געפינען זיך,

און ביז וואנעט עס וועט קומען די צייט ווען ס'וועט זיין דער "מי אלה כעב תעופינה"[187], אז בכל יום וועלן אידן פליען מיט ענני הכבוד מעבר לים און צוריק, ווי ער זאגט אין ילקוט[188] - זאל מען זיך אויסרעכענען מיט א נסיעה וואס איז פארבונדן מיט "טלטולי דגברא"[189], מיט בזבוז הזמן און בזבוז הממון - צי דאס איז בזבוז אדער ס'איז א הוצאה הנחוצה, א הוצאה טובה, און א הוצאה וואס אא"פ בלאה"כ,

וואס זיכער זיינען אויך דא אזוינע נסיעות - ואדרבה, דורך דעם וואס ס'זיינען דא נסיעות וואס אא"פ בלאה"כ, וויבאלד זיי זיינען פארבונדן מיט קיום התומ"צ - ווערן נשתלשל אויך נסיעות הרשות, ביז צו נסיעות בלתי רצויות (כדי ס'זאל זיין דער ענין הבחירה), מיט אלע אופני נסיעות וואס זיינען דא בינתיים.

ויה"ר אז בקרוב ממש זאלן אלע נוסע זיין - "נסעה ונלכה" -

------------

183) ראה לקו"ש חי"ד ע' 313. שם ע' 323 ואילך. שיחת מוצאי ש"פ בשלח ש.ז. סי"א. 184) ראה ע"ח שער ד' פ"ג. של"ד פ"ג. של"ה פ"א. אגה"ק ביאור לסי' ז"ך (קמז, א). 185) ל' הש"ס - חגיגה ה, סע"ב. 186) ל' הכתוב - תהלים קכה, ה. קכח, ו. 187) ישעי' ס, ח. 188) ישעי' רמז תקג. 189) ראה כתובות כת, א.

ונלכה"[190] - ביחד עם יעקב אבינו, און "משה ואהרן עמהם"[191], ווארום ס'וועט זיין "והקיצו ורננו שוכני עפר"[192], צוזאמען מיט מרדכי ואסתר - לקבל פני משיח צדקנו, אין אן אופן פון "מיסמך גאולה לגאולה", און נוסע זיין אין אה"ק, "ארץ אשר גו' עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[193],

וואס דעמולט וועט דער פאדן ניט קאסטן קיין געלט, און בשעת מ'וועט פאדן וועט מען אויך לערנען תורה, און דער פאדן אליין וועט זיין "תורה", כמובן ומבואר בכ"מ,

און ס'זאל זיין בקרוב ממש.

* * *

נח. כאן המקום להזכיר וועגן די "מבצעים" (אע"פ אז מ'האט דאס פדיער ניט דערמאנט, פארלאזנדיק זיך אז מ'וועט דאס אליין פארשטיין, ובפרט נאך דערויף וואס מ'האט שוין גערעדט וועגן דערויף כמ"פ בשנים שעבדו):

אזוי ווי פון חמשה עשר בשבט הויבן זיך אן די שלשים יום שקודם ימי הפורים (און לויט א חשבון מדויק - הויבן זיך אן די שלשים יום פון ערב חמשה עשר בשבט, אבער עכ"פ פון חמשה עשר בשבט, וואס דעמולט איז אויך אן עת רצון) - איז פארשטאנדיק, אז דעמולט הויבט זיך אן די הכנה צו ימי הפורים, בדוגמא צו די "שלשים יום שלפני החג" וואס דעמולט איז מען שוין "שואלין ודורשין בהלכות החג"[194], ועד"ז אויך בנוגע צו ימי הפורים, וואס זיי דארפן אויך האבן א הכנה רבה - בנוגע צו "מבצע פורים".

עאכו"כ אז ביז צו ימי הפורים איז געבליבן מערניט ווי אן עדך פון שבועיים, וואס דעמולט דארף מען שוין אנהויבן מיט די הכנות אפי' לדעת רשב"ג[195].

און דא איז ניט אזוי נוגע דער מספר הימים - דער עיקר איז נוגע די שימת לב אז מ'זאל צוגרייטן דעם "מבצע פורים" בעתו ובזמנו, אין אן אופן אז ס'זאל זיין מיטן גאנצן שטורעם און מיטן גאנצן היקף, ביז אין אן אופן פון "עד דלא ידע"[196], כמבואר אין דרושי פורים אז דאס איז אין אן אופן וואס איז בלי מדידה והגבלה.

וואס כדי אז דער "מבצע פורים" זאל זיין אין אן אופן

- פון -

------------

190) ל' הכתוב - וישלח לג, יב. ודאה פדש"י עה"פ שם, יד.
191) יומא ה, ב. וראה תוד"ה אחד - פסחים קיד, סע"ב.
192) ישעי' כו, יט. 193) עקב יא, יב. 194) פסחים ו, סע"א. שו"ע אדה"ז ריש הל' פסה. וש"נ. 195) פסחים שם.
196) מגילה ז, ב.



הנחת הת' בלתי מוגה

פון "עד דלא ידע" - דארף זיין די הכנה דערצו אין אן אופן של ידיעה, און אין אן אופן מסודר, מיט א חשבון וכו׳, וואס דעמולט וועט דער "מבצע פורים" אליין זיין אין אן אופן פון "עד דלא ידע".

וכמדובר כמ"פ אז דער "מבצע פורים" זאל זיין אין אן אופן אז ס׳זאל ארומנעמען יעדער אידן און אלע אידן, בדוגמא ווי ס׳איז געווען אין ימי הפורים, אז די ענינים פון פורים זיינען געווען ביי אלע אידן, "מנער ועד זקן טף ונשים"[197].

וכן תהי׳ לנו אויך בימינו אלו, ווען מ׳געפינט זיך נאך אין א מעמד ומצב אז "אכתי עבדי אחשורוש אנן"[198], מ׳געפינט זיך אבער אין אן אופן אז מ׳קען טאן אין תומ"צ מתוך הרחבה און אן מדידות והגבלות -

זאל מען טאן באופן כזה סיי די הכנות צו "מבצע פורים", און ווען עס וועלן קומען ימי הפורים - אין "מבצע פורים" אליין, "בימים ההם בזמן הזה".

נס. עד"ז אויך בנוגע צו אלע "מבצעים":

אנהויבנדיק דערפון וואס עס האט זיך געענדט פריער וועגן דעם ענין פון "ואהבת לרעך כמוך" - "מבצע אהבת ישראל", און "מבצע חינוך", "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי׳", "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע כשרות האכו"ש", און "מבצע טהרת המשפחה".

עד"ז אויך דער "מבצע" פון ניט אפגעבן קיין שעל און קיין אצבע פון ארץ הקודש - וואס איצטער דארף מען שוין ניט האבן קיין ראיות אויף וויפל ס׳איז נוגע צום קיום פון די אידן וואס געפינען זיך אין א"י וכו׳ וכו׳.

ועד"ז אויך דער "מבצע" פון שלימות העם, דורך ביטול החוק האומלל ("חוק" מיט "געזנזן-פיסלאך") פון "מיהו יהודי", וויבאלד אז דאס איז חוקי העמים, און פון די מקולקלים שבהם, כמדובר כמ"פ, און דאס וואס אידן האבן זיך אין דערויף אנגעטשעפעט, איז דאס דערפאר וואס "יצרם אנסם"[199], דארף מען זיי באפרייען פון דעם אונס היצר, און ניט סתם יצר, נאר יצר הרע בתכלית.

ביז אז ס׳זאל זיין בקרוב ממש דער "מבצע הכי גדול" פון "ואתם תלוקטו לאחד אחד בנ"י", ע"י הקב"ה בעצמו, וואס

- דער -

---

197) אסתר ג, יג. 198) מגילה יד, א. 199) ראה רמב"ם הל׳ גירושין ספ"ב.

דער מפתח של גאולה געפינט זיך בא עצמות ומהות[200],

יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, בעגלא דידן.

* * *

ס. בנוגע צו דעם וואס ס'שטייט אין זהר "קב"ה אנהיר לה בכמה נהורין" - איז י"ל בשני אופנים:

בשעת די נשמה איז "נפקת מהאי עלמא זכייא נקיי' ברירה", ווי ער טייטשט אפ אין דער הערה אז דאס גייט אויף די דריי ענינים פון מחשבה דיבור ומעשה - איז נוסף אויף די אורות וואס ער איז ממשיך מצד עשיית המצוה, קומט נאך צו דער ענין וואס "קב"ה אנהיר לה בכמה נהורין":

דורך דעם וואס א איד איז מקיים א מצוה, איז וויבאלד אז "אשר יעשה אותם האדם וחי בהם"[201], איז פארשטאנדיק אז דורך דערויף ווערט נמשך אור.

וכמבואר בכ"מ בארוכה אז מצוות זיינען בדוגמת האברים[202], וואס די אברים זיינען ניט נאר כלים צום אור הנפש[203], נאר זיי זיינען ממשיך דעם אור[204], ביז ווי ס'שטייט במ"א דער לשון אז זיי זיינען מכריח דעם אור ער זאל נקלט ווערן אין דער כלי, און ווערן איין זאך מיט דער כלי.

וואס דאס איז דער ענין פון אתעדל"ע וואס קומט ע"י האתעדל"ת; דערנאך איז אבער דא די אתעדל"ע וואס "קוב"ה שריא באתר שלים"[205] (נאך דערויף וואס ס'איז געווען די אתעדל"ת און די אתעדל"ע שעל ידה, און די אתעדל"ע שלפני האתעדל"ת[206]) - און וויבאלד אז די אתעדל"ע איז העכער פון די אתעדל"ע וואס ווערט נמשך ע"י אתעדל"ת, זאגט מען אויף דערויף אז "קב"ה אנהיר לה בכמה נהורין".

און דער ענין וואס "קב"ה אנהיר לה בכמה נהורין", די אתעדל"ע וואס קומט מצד דערויף וואס "קוב"ה שריא באתר שלים" - איז דוקא ווען די נשמה איז "זכייא נקיי' ברירה", אז אלע דריי ענינים פון מחשבה דיבור ומעשה זיינען בשלימות.

סא. און מ'קען דאס מבאר זיין אין א צווייטן אופן (וואס איז נידעריקער פון דעם ערשטן אופן):

- ווען -

------------

200) ראה תענית ב, סע"א. ועוד. 201) אחרי יח, ה. וראה או"ת להה"מ לח, ג. 202) ראה זח"א קע, ב. 203) ראה לקו"ת במדבר יג, א. בלק ע, ד. ראה כב, סע"ד. ובכ"מ. 204) תו"א קיד, ב. לקו"ת ראה שם. ד"ה אדון עולם תש"ג פ"ה. ובכ"מ. 205) זח"ג צ, ב. 206) ראה לקו"ת שה"ש כב, ד ואילך.

ווען עס פעלט אין דער שלימות פון אלע דריי ענינים, מחשבה דיבור ומעשה, פעלט אים אין דעם ענין פון "זכייא נקיי׳ ברירה", קומט אויס אז ער האט ניט מקיים געווען דעם רצון פון דעם אויבערשטן.

וואס אויף דערויף איז דאך דער אלטער רבי מבאר אין תניא[207], אז די "תורה היא בבחי׳ גלות בתוך הקליפה לפי שעה", ביז וואנעט אז ער ברענגט אראפ אין הל׳ ת"ת[208] אז דורך דערויף איז ער "מוסיף כח בקליפות לפי שעה".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די המשכה קען ניט אנגערופן ווערן בשם אור; עס ווערט נמשך די המשכה, ווארום אויב ניט, איז ניט שייך צו זאגן אז דורך דערויף איז ער "מוסיף כח בקליפות", ווארום ער האט גארניט אויפגעטאן - מוז מען דאך זאגן אז עס ווערט נמשך די המשכה (ווי געזאגט פריער אז עשיית המצוה איז מכריח אז די המשכה זאל נמשך ווערן), מ׳קען דאס אבער ניט אנרופן בשם אור, וויבאלד אז "לפי שעה" געפינט זיך די המשכה "בתוך הקליפה", ביז וואנעט אז דאס איז "מוסיף כח בקליפות" - אין מקום החושך.

ד.ה. אז וויבאלד ער געפינט זיך (ניט אין ג"ע, נאך דערויף וואס די נשמה איז "נפקת מהאי עלמא", נאר) אין עוה"ז, ווען ער קען נאך מתקן זיין אלע ענינים וואס פעלן ביי אים,

[וואס דערפאר זאגט מען אים[209] אז אע"פ אז "לפי שעה" איז ער "מוסיף כח בקליפות", אעפ"כ זאל ער מרבה זיין אין תומ"צ, וויבאלד אז "בודאי סופו לעשות תשובה כו׳ כי לא ידח ממנו נדח"[210], וועט ער דעמולט מעלה זיין די אלע ענינים פון תומ"צ],

זאגט מען אים אז ביז וואנעט ער וועט תשובה טאן, געפינען זיך די ענינים פון תומ"צ שלו "בבחי׳ גלות בתוך הקליפה", און "לפי שעה" איז ער "מוסיף כח בקליפות" - און דעמולט קען מען ניט זאגן אז דורך דעם קיום התומ"צ שלו איז ער ממשיך אור, "אנהיר לה", עאכו"כ אז מ׳קען ניט זאגן אויף דערויף "אנהיר לה בכמה נהורין", ווארום דערווייל געפינט זיך דאס במקום החושך, און ס׳איז מוסיף כח אין מקום החושך.

משא"כ אבער ווען "האי נשמתא נפקת מהאי עלמא", לאחרי יציאת הנפש מהגוף, וואס דעמולט קען שוין ניט זיין דער ענין התשובה (ווארום דער ענין פון תשובה קען זיין מערניט

- ווי -

------------

207) ספל"ט. 208) פ"ד ס"ג. 209) תניא והל׳ ת"ת שם.
210) ע"פ ש"ב יד, יד.

ווי אין עוה"ז[211]) - איז ווען קען זיין דער ענין פון "אנהיר לה בכמה נהודין" (ניט נאר דאס וואס "קב"ה אנהיר לה", נאר אפי' די אורות וואס ווערן נמשך מצד עבודת האדם אין אן אופן פון אתעדל"ע וואס קומט דורך אתעדל"ת) - דוקא ווען די נשמה איז אין אן אופן פון "זכייא נקיי' בדידה", ווען ער האט ניט אויף וואס צו תשובה טאן, וואדום אויב ס'זיינען געבליבן ענינים אויף וועלכע ער דארף תשובה טאן, קען מען אויף דערויף ניט זאגן דעם לשון "אנהיר" (דער ענין פון אור), וויבאלד אז דאס געפינט זיך במקום החושך.

סב. בנוגע להאמור לעיל אז ווען דער קיום התומ"צ איז ניט בשלימות, איז דאס "מוסיף כח בקליפות לפי שעה" - זעט מען אבער בפועל אז אויך דעמולט איז "מצוה גוררת מצוה", וואס דאס גייט אפי' אויף אזא וואס זיינע תומ"צ געפינען זיך במקום החושך, וויבאלד אז דאס איז "דבר משנה".

ד.ה. אז אפי' ווען ער איז מוסיף כח אין לעו"ז לפי שעה, איז אבער "מצוה גוררת מצוה": ווען ער טוט א מצוה, איז דאס אים מאיר, ביז וואנעט אז "גוררת מצוה" - די מצוה וואס ער האט געטאן ציט אים ער זאל מקיים זיין נאך א מצוה, אז ביי אים זאל צוקומען אין "נר מצוה ותורה אור"[212].

ער איז טאקע מוסיף כח אין לעו"ז לפי שעה, דאס איז אבער ניט שולל ח"ו דאס וואס ביי אים קומט צו אן ענין של אור, ווי דער "דבר משנה" (וואס "טעה בדבר משנה חוזר"[213] - דערפאר וואס מלכתחלה איז דאס קיין טעות ניט) "מצוה גוררת מצוה".

ועאכו"כ אז איצטער איז דאך דער מצב העולם אז די אלע וואס טוען ענינים בלתי רצויים, איז דאס נאר דערפאר וואס ער איז א תינוק שנשבה לבין העכו"ם, וכמדובר כמ"פ אז ח"ו צו זאגן אז דאס איז אן ענין וואס ווערט געטאן בדעת, ער איז א בר-דעת, און "יודע את רבונו ומתכוין למרוד בו"[214] - ביי אים איז ניטא דער ענין פון "יודע את רבונו", איז במילא ניט שייך דער ענין פון "מתכוין למרוד בו", ער איז ניט שייך צו קיין כוונה, וואדום ער איז נאך א קטן בדעת, און נוסף לזה - איז ער אויך אויסגעוואקסן אין אן אופן אז "נשבה לבין העכו"ם", וואס "נשבה" מיינט (ניט אז ער האט זיך אריינגעגעבן אין שבי', נאר) אז מ'האט אים גענומען אין שבי'.

- סג. -

------------

211) ראה לקו"ת פינחס עה, סע"ב ואילך. ועוד.
212) משלי ו, כג. 213) כתובות פד, ב. וש"נ. טושו"ע חו"מ רסכ"ה. 214) פרש"י עה"פ נח י, ט. לך לך יג, יג. תו"כ ופרש"י עה"פ בחוקותי שם, יד.

סג. ויה"ר אז לאחרי כל אריכות הדיבור, און נאך דערויף וואס מ'איז דורכגעגאנגען די אלע ענינים וועלכע מ'איז דורכגעגאנגען בדור האחרון, ובפרט די ענינים פון חושך כפול ומכופל וואס זיינען געווען אין די חדשים וימים האחרונים, וואס אין כאן המקום להאריך בזה,

[ביז וואנעט אז די וואס בא זיי פעלט אין דעם ענין פון תפלה כפשוטה, איז זיי נאך ווייניק דאס וואס מ'דאווענט ניט, און מ'איז מחליט און מ'איז מכריז אז מ'זאל מוסיף זיין און ארייגשטעלן אזוינע לידער וואס ס'איז ניט נוגע תוכנם, אַבּי זיי זיינען געשריבן אויף אידיש - מ'ווייסט ניט וואס איז זייער תוכן, און ווער וועט זיי אויסקלייבן וכו', און דער עיקר איז אז "כל המוסיף גורע"[215].

און הלואי וואלטן זיי עפעס געטאן (עכ"פ א מקצת אויף צו ממלא זיין דעם קיום פון מצות התפלה ווי דער ענין התפלה איז געווען ביז איצטער, און ניט טראכטן וועגן מוסיף זיין תפלות וואס מ'ווייסט ניט וואס איז זייער מקור, און אויף וואס זיי זיינען מיוסד, און עכ"פ א חלק פון זיי זיינען גאר היפך הכוונה לגמרי.

ועד"ז בנוגע צו די וואס פאלגן ניט קיין רבנים, און וואו זיי הערן א זאך פון א רב, דארפן זיי זאגן "איפכא מסתברא", ביז וואנעט אז מ'קייקלט זיך אראפ און עס ווערט דערפון דער ענין פון "רעפארם", מ'מאכט א "שיטה" פון מהרס זיין ענינים של רבנות -

קאכן זיי זיך אז פרויען וואס האבן ביז איצטער ניט געקענט זיין קיין רבנים, זאל מען זיי מאכן פאר רבנים! מער פעלט זיי ניט!

אזוי האט מען אויסגענוצט דעם ענין פון רבנות ווי עס דארף צו זיין, עס פעלט דאך אבער די שלימות אז א מיידל זאל אויך קענען פסק'נען א דין, און זאל אויך קענען לערנען - איז קענען לערנען איז ניט נוגע, זיין א ירא שמים איז אויך ניט נוגע (ווארום דער וואס וויל אז די זאל ווערן א "ראביי", פעלט אים אויך אין דערויף, אויב ניט, וואלט ער דאס ניט געוואלט), אַבּי זיי זאלן אויך קענען פסק'נען דינים,

און מ'מאכט דערפון א שטורעם, און מ'זאגט אז דאס איז אן ענין פון צדק ויושר, און מ'זאגט אז אנדערש איז גאר ניט שייך, ווארום אויב ניט, איז מען ניט בצורת בן אדם, ווארום מ'דארף זיך אויך רעכנען מיט נשים ובנות -

- הלואי -

------------

215) סנהדרין כט, סע"א. ועוד.

הנחת הת' בלתי מוגה

הלואי וואלטן זיי זיך געדעכנט מיט נשים ובנות, וואלט מען זיי ניט מכריח געווען עובר זיין אויף טהרת המשפחה, עובר זיין אויף כשרות האכו"ש, און עובר זיין אויף נרות שבת קודש - כדי ער זאל זיך קענען נאכגעבן זיין תאוה!

דער קס"ד אליין איז אן ענין של מרידה אין "דבר ה' זו הלכה"[216], און א מרידה אין "מנהג ישראל" פון צענדליקער דורות!

איצטער זיינען אויפגעשטאנען נייע בעלי צדק ויושר - א טייל פון זיי הייסן אפגעבן חלקים פון אה"ק צו די "נאנחים ונאנקים" - צו די אראבער, אנהויבנדיק פון ירושלים העתיקה! אזוי טראגט אוים זיין צדק ויושר, און אויב ניט - טראכט ער - איז דאס היפך תורת משה!

און דערנאך גייט מען מדרגא לדרגא - מ'זאגט אז מ'דארף אריינשטעלן קטעים אין סידור התפלה, נוסף אויף דערויף וואס מ'האט געמאכט פון דעם סידור אן ענין וואס איז א מרידה אין דעם ענין התפלה, א מרידה אין "דע לפני מי אתה עומד"[217],

ועד"ז בנוגע צו דעם ענין פון רבנות, מיט נאך כו"כ ענינים, וואס אין כאן המקום להאריך בדבר המצער,

איז אזוי ווי מ'האלט דאך אין דעם ענין פון "מלוה מלכה", וואס דעמולט איז מען "מלוין את המלך"[218], במילא האט מען נאך קיין שייכות ניט מיט ענינים וואס זיינען היפך פון ג"ע, ווארום מ'עפענט אויף דעם היפך'דיקן ארט[219] ערשט נאך דערויף וואס חסידים - וואס זיינען מאחרים לשבת - פארענדיקן זייער רעדן וועגן "דוד מלכא משיחא", און פארענדיקן דעם ענין פון מלוה מלכה וכו', כמובן ופשוט ומבואר בכ"מ[220] -

איז יהי"ר אז דער ארט זאל זיך אינגאנצן ניט עפענען, און עס זאל בלייבן אָפן מערניט ווי דער ג"ע שבעוה"ז און דער ג"ע שבעוה"ב.

און אזוי ווי עס הויבט זיך אן א נייע וואך, איז מתוך מנוחה ושמחה וטוב לבב זאל די זיך אנהויבן מיט דעם ענין פון "בכל יום יהיו בעיניך חדשים"[221] - מיט א באנייאונג אין לימוד התורה וקיום מצוותי', אין אן אופן פון חידוש, וואס יעדער דבר חדש איז דאך חביב על האדם.

- און -

------------

216) שבת קלח, ב. 217) ראה ברכות כח, ב. ועוד.
218) שו"ע אדה"ז או"ח ס"ש ס"ב. 219) ראה תנחומא תשא לג. יל"ש איוב רמז תתקו בתחלתו. זח"א קצז, ב. ובהנסמן בנצו"ז שם. 220) ראה טור או"ח ר"ס רצה. שו"ע אדה"ז שם ס"א. ועוד.
221) פרש"י עה"פ תבוא כו, טז. וראה גם ספרי ופרש"י עה"פ ואתחנן ו, ו.

און מ׳זאל מחדש זיין דעם ענין פון "גלות", דורך דערויף וואס מ׳וועט ארייננשטעלן אין אים אן אל"ף[222] - וואס דעמולט וועט דאס ווערן ע"ד ווי דער צ"צ[223] איז מבאר דעם ענין פון "אדר", אז דאס זיינען צוויי ווערטער, א׳ דר, ד.ה. אז דער אל"ף, אלופו של עולם, איז "דר", ער האט א דירה לו ית׳ בתחתונים,

וואס דאס ווערט אויפגעטאן ע"י לימוד התורה וקיום המצוות מתוך מנוחה שמחה וטוב לבב.

ביז וואנעט אז בכל העולם כולו וועט מען זעהן ווי אזוי "ה׳ אחד ושמו אחד", ווארום עס וועט זיין דער "ונגלה כבוד ה׳ וראו כל בשר יחדיו כי פי ה׳ דיבר"[224], בביאת משיח צדקנו, בעגלא דידן, "מיד הן נגאלין".

צוה לנגן ניגון הכנה. ניגון אדה"ז (בבא הרביעית פ"א). ניע זשוריצי חלאפצי.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

סרם צאתו התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

* * *

------------

222) ראה לקו"ת בהעלותך לה, ג. ובכ"מ. 223) אוה"ת תשא ס"ע א׳תתקיב. 224) ישעי׳ מ, ה.

## — שיחת יום א' פ' תרומה, כ"ח שבט ה'תשל"ט —
## להשלוחים שיחיו הנוסעים לאוסטרליא

[כ"ק אדמו"ר שליט"א נתן להשלוחים שיחיו: לקו"ש פ' משפטים' ש.ז. ושטר של דולר — שליחות מצוה, לתת לצדקה.

להשלוחות שתחיינה: ב' מכתבי כ"ק אדמו"ר שליט"א (באנגלית) מיום ט"ו טבת ש.ז. — לכינוסי נשי ובנות חב"ד תחיינה: 1) דארצה"ב וקאנאדא (דיטרויט), 2) דאירופא (לונדון). ושטר של דולר — כנ"ל להשלוחים.

להרב י.ד. וזוג' שיחיו גראנער (שלוחי כ"ק אדמו"ר שליט"א באוסטרליא) — כנ"ל להשלוחים-ות, ואמר לו: איר זייט דאך דער רוח החי' אין דעם — באירגון נסיעה זו].

• • •

דער אויבערשטער זאל העלפן איר זאלט פארן אהין בשעה טובה ומוצלחת, און אנקומען אהין בשעה טובה ומוצלחת,

און ממלא זיין דעם תפקיד הכי נעלה — ארייננפירן דעם ענין פון „כולל" אין אוסטרליא,

און אז דער כולל זאל זיין אין דעם אופן המתאים צו דעם וואס חסידות[2] איז מפרש אז „כל" איז[3], אז מ'איז מצרף אלעס צוזאמען — ביז „כל בית ישראל",

דורך דערויף וואס מ'לערנט אליין נגלה און חסידות[4] (אין אן אופן פון „תורה אחת"[5]), און מ'פארשפרייט דאס אויך צו „כל בית ישראל",

און אין דערויף קומט צו נאך א למ"ד[6] (כל, כלל, כולל) — וואס ייל אז דאס באווייזט אז די אויף וועלכע מ'איז משפיע[7], ווערן א טופח ע"מ להטפיח, אז זיי זיינען אויך משפיע אויף אנדערע באופן זה (אזוי ווי איר דארפט טאן).

און מ'זאל הערן פון אייך בשורות טובות.

ובפרט אז דאס איז די התחלה פון דער וואך פון פ' תרומה, — און ס'איז מבואר בארוכה אין חסידות[8] אז „תרומה" איז דער ענין פון „תורה"[9].

וואס אין דעם ענין פון „תרומה" זיינען דא דריי אופנים[10]: אחד מארבעים, אחד מחמשים, און אחד מששים,

---

1) השבת דמיני' מתברכין כל ימי פ' תרומה.

2) ראה לקו"ת בהעלותך לד, א (ושי"נ). שערי אורה ד"ה כי עמך מקו"ח. ובכ"מ.

3) ראה ג"כ או"ת להה"מ בפרשתנו עה"פ „מאת כל איש".

4) שזה כולל כל חלקי וענייני התורה: פרד"ס (וראה הל' ת"ת לאדה"ז פ"א סוס"ד). לבושא וגופא ונשמתא ונשמתא לנשמתא (זח"ג קנב, א).

5) ראה לקו"ש ח"ד ע' 310 ואילך. ושי"נ.

6) ע"י ה„למ"ד" — לימוד אותו ע"מ ללמד (כלל), וכולל — מדגיש שפועל וכולל אותו. ולהעיר באוה"ת האזינו ס"ע איתרנא ושי"נ.

7) ושיעור היומי דחומש.

8) אוה"ת פרשתנו ע' א'שנא. ועוד. — בזח"ג קעט, א.

9) תורה — שנתנה לם' יום (ראה בהנסמן בהערה הקודמת).

10) תרומות פ"ד מ"ג.

זאָל זיין בא יעדערן פון אייך אַלע דריי אופנים פון „תרומה"[11].

בנוגע צו אייערע מושפעים — אפילו אַז יעדערער פון אייך וועט זיין אין אַן אופן הכי טוב, דאַרף ער דאָך אָבער משפיע זיין אפילו אויף די וואָס זיינען למטה מטה.

און ס'זאָל אויך זיין ווי די צוויי פירושים וואָס זיינען דאָ אין „תרומה"[12]: דער ענין פון הרמה (הגבהה), און אויך — דורך די העלאה מלמטלמ"ע (וואָס ווערט אויפגעטאָן דורך דער הרמה), ווערט אויפגעטאָן די המשכה מלמעלמ"ט (לשנות המטה במקומו) — „תרומה" מלשון הפרשה.

און דורך דעם כללות הענין פון „תרומה", מאַכט מען פון טבל[13] — חולין, און די חולין מאַכט מען אַז זיי זאָלן זיין על טהרת הקודש, און דערנאָך קומט מען צו צום ענין פון קודש[14],

ביז צום קודש וואָס וועט זיין אין בית המקדש, שיבנה במהרה בימינו ע"י משיח צדקנו, אין דער גאולה האמיתית והשלימה.

• • •

מ'זאָל הערן פון אייך בשורות טובות תמיד כל הימים.

• • •

[אח"כ נמסר להשלוחים והשלוחות שיחיו (ע"י המזכירות): ר"ד כ"ק אדמו"ר שליט"א מיום א' כ"ג אייר תשל"ה[15] — להשלוחים שנסעו לאוסטרליא, להשלי־חות — שטר של עשרים דולר אוסטרליים — „בתור השתתפות כ"ק אדמו"ר שליט"א בהסתדרותם שם"].

---

11) ראה אוה"ת שם ע' א'שפד ואילך. במדבר (שבועות) ע' קנה ואילך. ועוד. בששה"ק תרכ"ו יעוין.

12) תו"א ויקהל פח, ד ואילך. אוה"ת פרשתנו ע' א'שפא ואילך. במדבר שם ע' קלט.

13) בב"לא (פיה"מ לברכות פ"ז מ"א). ועיין כתר ש"ט (סי' רח) במעלת חומר בקודש מבתרומה.

14) ראה תו"א לך (יב, ב) ואוה"ת שם.

15) נדפסה בלקו"ש ח"ב ע' 238 ואילך.



בס"ד. שיחת מוצאי ש"פ תצוה, פ' זכור ה'תשל"ט. הנחה פרטית בלתי מוגה

א. ס'איז דאך איצטער מוצאי שבת קודש פ' זכור, וואס מוצאי שבת קומט דאך בהמשך צו שבת (כמדובר כמ"פ), ווארום כשמו כן הוא - מוצאי שבת קודש.

[ובפרט אז די התוועדות האט געדארפט זיין גאר בשבת, נאר מפני סיבות האט זיך דאס אפגעלייגט אויף מוצאי שבת].

וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק, אז לכל לראש דארף זיין די הדגשה (אין דער התוועדות) אויף דעם ענין פון פ' זכור.

ב. אין פ' זכור איז דא אן ענין מיוחד וואס איז ניטא אין אלע אנדערע פרשיות - אז די קריאה פון פ'זכור איז א מ"ע מן התורה. בנוגע צו פ' פרה איז דא א מחלוקת צי ס'איז א מ"ע מן התורה אדער מערניט ווי מדרבנן, משא"כ בנוגע צו פ'זכור, וואס לדברי הכל איז עס א מ"ע מן התורה.

וואס די מצוה פון "זכור את אשר עשה לך עמלק" (תצא כה, יז) גייט אריין אין מנין המצוות, און אין דערויף איז אויך דא א מל"ת - "לא תשכח" (שם יט).

און ווי חז"ל דרש'נען אז עס איז דא א קס"ד אז דער ענין פון "זכור" איז מערניט ווי "בלב", נאר וויבאלד אז ס'שטייט "לא תשכח", וואס דאס איז "בלב", מוז מען זאגן אז "זכור" איז "בפה", בדיבור.

און דאס איז די מ"ע מן התורה אז ס'זאל זיין דער ענין פון "זכור" און "לא תשכח" - און מ'איז מקיים די מ"ע דורך דעם וואס מ'לייענט אין תורה פ' זכור (עכ"פ פעם אחת בשנה), וואס דורך דערויף איז מען מקיים די מצוה פון "לא תשכח", "בלב", און אויך דעם ענין פון "זכור", "בפה", וויבאלד אז "שומע כעונה".

און דאס איז מעורר ומחדש נאכאמאל דעם כללות הענין וואס רעדט זיך אין פ' זכור, אנהויבנדיק פון "זכור את אשר עשה לך עמלק", ביז צו "לא תשכח", צוזאמען מיט די פסוקים שבנתיים, וואס כללות ענינם איז דער ענין פון מחיית זכר עמלק.

ג. אין דערויף איז אבער דא א דבר פלא:

דער ענין פון מלחמת עמלק איז דא געווען אין דעם זמן פון משה ויהושע וואס דעמולט איז געגעבן געווארן דער ציווי פון מחיית זכר עמלק, און "מלחמה לה' בעמלק מדור דור" (בשלח יז, טז).

וואס אין "(מלחמה לה' בעמלק) מדור דור" ווערן נכלל אלע דורות, ביז צום דור האחרון, און ווי דער תרגום טייטשט אפ (יונתן בן עוזיאל עה"כ) אז איינע פון די דורות ("מדור דור") איז עס "(ומ)דרא דמשיחא", וואס דאס איז פארבונדן מיט "עקבתא דמשיחא", ווארום דאס איז שוין דער "ערב" פון ביאת המשיח, ווארום בקרוב ממש וועט מען זוכה זיין צו ביאת המשיח, "דרא דמשיחא" ממש, וואס דעמולט וועט פארענדיקט ווערן דער ענין פון מלחמת עמלק.

איז לכאורה א דבר פלא:

דער ציווי אויף מלחמת עמלק איז ערשט נאך דערויף וואס מ'גייט אריין אין א"י, ווי עס שטייט (תצא כה, יט) "בהניח ה' אלקיך לך מכל אויביך מסביב", און ערשט נאך דערויף וואס מ'האט ממנה געווען א מלך,

ווי די גמרא (סנהדרין כ, ע"ב) זאגט "ג' מצוות נצטוו ישראל בכניסתם לארץ, מינוי מלך, מלחמת עמלק, ובנין בית המקדש", וואס דערפון זעט מען

דאך אז דער סדר איז - אז פריער דארף זיין די כניסה לארץ, דערנאך דארף זיין מינוי מלך, און ערשט דערנאך קען זיין דער ענין פון מלחמת עמלק.

[וואס דאס איז דער טעם אויף דעם וואס מ'געפינט דעם ענין פון מלחמת עמלק ערשט בא שאול המלך - נאך דערויף וואס מ'איז אריין אין א"י, און נאך דערויף וואס אידן האבן געבעטן אז זיי ווילן האבן א מלך, ווארום דער תנאי אויף מלחמת עמלק איז, אז עס דארף זיין לאחרי הכניסה לארץ, און לאחרי מינוי מלך].

און לאידך זעט מען אבער אז דער ציווי פון "זכור" און "לא תשכח" איז געזאגט געווארן בנוגע לכל הדורות ולכל הזמנים, אויך קודם שנכנסו לארץ, און אויך לאחרי שנכנסו לארץ קודם מינוי מלך, און אויך נאך דערויף וואס "בא סנחריב ובלבל את כל העולם כולו", און אויך לאחרי חורבן ביהמ"ק, אין דעם מעמד ומצב פון "גלינו מארצנו" - אין אלע דורות און אין אלע זמנים איז דא דער ציווי פון "זכור" און "לא תשכח".

וואס אע"פ אז דער ציווי אויףף אלע דורות איז נאר דער ענין פון "זכור" און "לא תשכח", און די כניסה לארץ מיט מינוי מלך דארף מען האבן נאר אויף דעם ענין פון מלחמה בעמלק בפועל -

איז דאך אבער פארשטאנדיק בפשטות, אז די צוויי ענינים (דער ציווי פון "זכור" און "לא תשכח", און די מלחמה בעמלק בפועל) זיינען תלוי זב"ז, ווארום אין דער מצוה פון "זכור" און "לא תשכח" איז מען דאך מכוין אז ס'זאל זיין דער "מחה תמחה" און "מחה אמחה את זכר עמלק" (בשלח יז, יד) אזוי אז ס'זאל ניט בלייבן קיין זכר פון עמלק'ן (וכמבואר אין דער הפטרה (דפ' זכור, שמואל א טו, יח ואילך) די פרטים שבזה, ווי אזוי עס דארף ניט בלייבן קיין זכר פון עמלק'ן), און דאס ווערט אויפגעטאן דורך דער מלחמה בעמלק בפועל.

און אעפ"כ זעט מען אז דער ענין פון מלחמה בעמלק בפועל איז פארבונדן מיט דער הקדמה פון דער כניסה לארץ און מינוי מלך, און דער ציווי פון "זכור" און "לא תשכח" איז געזאגט געווארן בנוגע לכל הדורות ולכל הזמנים, כולל אויך דער זמן הגלות - וואס דאס איז דאך א ריחוק שלא בערך.

ד. דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ציווי העיקרי פון "זכור" און "לא תשכח" (וואס איז געזאגט געווארן בנוגע לכל הדורות) איז - בנוגע צו דער עבודה הרוחנית שבזה. דער שלימות דערפון איז טאקע פארבונדן מיט דער מלחמה בעמלק בפועל, וואס דעמולט ווערט דער "מחה תמחה את זכר עמלק", אבער אעפ"כ איז דא דער ענין פון "זכור" און "לא תשכח" ווי דאס איז אין עבודה רוחנית, וואס דער ענין איז דא בכל הדורות ובכל הזמנים.

וואס דערמיט איז פארשטאנדיק, אז ס'איז קיין סתירה ניט צווישן דעם וואס די מלחמה בעמלק בפועל קען זיין דוקא לאחרי הכניסה לארץ און לאחרי מינוי מלך, דערמיט וואס די מצוה פון "זכור" און "לא תשכח" איז אין אלע דורות - ווארום דער עיקר הציווי פון "זכור" און "לא תשכח" איז בנוגע צו דעם ענין פון מחית עמלק ווי דאס איז אין עבודה רוחנית.

דער ענין פון מחית עמלק דורך מלחמה בפועל העלפט טאקע ארויס צו דעם ענין פון מחית עמלק ברוחנית, ווארום ס'איז דאך לייכטער צו מקיים זיין דעם ענין פון מחית עמלק ברוחניות ווען גלייך בסמיכות לזה קומט דער ענין פון מחית עמלק כפשוטו, משא"כ ווען ער בלייבט בקיומו, וואס דעמולט איז שווערער אז ס'זאל זיין דער ענין פון מחית עמלק, ובפרט נאך אין אן אופן אז עס זאל ניט בלייבן קיין זכר פון עמלק'ן,

[כמדובר כמ"פ אז לכאורה איז גאר דא א סתירה אין דעם כללות הענין

פון מחיית עמלק: מ'זאגט אז עס דארף זיין דער ענין פון מחיית עמלק, ביז אין אן אופן אז פון אים זאל ניט בלייבן קיין זכר, און לאידך זאגט מען אז ס'איז דא א מצוה נצחית "זכור את אשר עשה לך עמלק" און "לא תשכח"?!

דער "זכור" און דער "לא תשכח" איז טאקע על מנת אז ס'זאל זיין דער "מחה תמחה את זכר עמלק" - אבער לכאורה ווי קען זיין דער ענין פון מחיית עמלק אז פון אים זאל ניט בלייבן קיין זכר, בשעת אז מ'דערמאנט אים כסדר?! - ווי גערעדט אמאל דעם ביאור בזה].

אבער אעפ"כ, וויבאלד אז די מצוה פון "זכור" און "לא תשכח" איז געזאגט געווארן בנוגע לכל הדורות ולכל הזמנים, אויך אין דעם זמן ווען עס קען ניט זיין דער ענין פון מלחמה בעמלק בפועל (ווען עס פעלט דער ענין פון כניסה לארץ און מינוי מלך) - איז פארשטאנדיק אז די הדגשה איז אויף דער עבודה רוחנית שבזה.

ה. דערפון איז פארשטאנדיק, אז אע"פ וואס מ'געפינט זיך אין דעם זמן וואס משיח עדיין לא בא ולא נתגלה, ועאכו"כ אז ס'איז נאך א מעמד ומצב וואס אין יד ישראל תקיפה,

[ווארום אפילו לאחרי ביאת המשיח וועט זיין דער "וילחם מלחמות ה' וינצח", און ערשט דעמולט וועט זיין יד ישראל תקיפה - ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס דער ענין פון "יקבץ נדחי ישראל" וועט ערשט זיין נאך דערויף וואס "ילחם מלחמות ה'וינצח", וויבאלד אז ערשט דעמולט וועט זיין יד ישראל תקיפה],

איז אבער דא דער ענין הפנימי פון מחיית עמלק, סיי דער ענין פון "זכור", און סיי דער ענין פון "לא תשכח", און מיטן גאנצן תוקף וואס עס האט א מצוה מן התורה, אע"פ וואס עס פעלט דער ענין פון כניסה לארץ און מינוי מלך -

ווארום דער ענין פון מלחמה בעמלק בפועל, איז טאקע פארבונדן מיט כניסה לארץ און מינוי מלך,

[אע"פ וואס אידער ס'איז געווען דער ענין פון מינוי מלך זיינען ביי אידן געווען כו"כ שופטים, ביז אז מ'זאגט אז "יפתח בדורו כשמואל בדורו", וואס שמואל איז "שקול כנגד משה ואהרן",

ביז וואנעט אז שמואל איז ניט געווען צופרידן דערפון וואס אידן האבן געבעטן אז מ'זאל אויף זיי ממנה זיין א מלך, וויסנדיק אז אויב מ'וועט ניט ממנה זיין א מלך, וועט דאס אפהאלטן דעם ענין פון מלחמה בעמלק, און צוזאמען דערמיט אויך דעם בנין ביהמ"ק, מיט דער גאולה בשלימותה, אין אן אופן וואס אין אחרי' גלות - וויבאלד אז "אילו זכו" און שאול וואלט דורכגעפירט די מלחמה בעמלק כדבעי (ער וואלט ניט איבערגעלאזט "אגג מלך עמלק חי" (שמואל א טו, ח), מיט אלע תוצאות וואס זיינען דערפון ארויסגעקומען), וואלטן אלע ענינים געווען בשלימות, און עס וואלט געווען דער בנין ביהמ"ק, ביז צו שלימות הגאולה].

אבער אעפ"כ, נתוסף אויף דעם ענין פון מלחמה בעמלק כפשוטה, איז אויך דא די עבודה הרוחנית שבזה, וואס דער ענין איז דא בכל הדורות ובכל הזמנים.

וואס דער ענין פון מלחמה בעמלק אין עבודת האדם איז נוגע בכל הזמנים ובכל המקומות - און די נתינת כח אויף דערויף ווערט אויפגעטאן דורך דער קריאה בתורה פון פ' זכור, צוזאמען מיט דער הפטרה פון פ' זכור, וואס דער ענין ההפטרה איז מדגיש אז עס קען זיין א מעמד ומצב של גזירה אויף דעם ענין פון קרה"ת (וואס דערפאר האט מען מתקן געווען דעם ענין פון הפטרה), און אעפ"כ איז דא דער ענין פון "זכור" און "לא תשכח" דורך אמירת ההפטרה.

ו. דער כללות הענין פון מלחמת עמלק איז פארבונדן מיט דעם ענין פון יציאת מצרים, ווי עס שטייט (תצא כה, יח) "אשר קרך בדרך בצאתכם ממצרים", ד.ה. אז ווען עמלק האט דערזען דעם ענין פון יצי"מ, איז ער געקומען מלחמה האבן מיט אידן, ווארום ער האט מנגד געווען צו דעם ענין פון יצי"מ.

און ווי עס שטייט אין דער הפטרה ביתר ביאור (ווארום הפטרה איז דאך אין נביאים, וואס דארטן איז מבואר מער באריכות ווי אין חמשה חומשי תורה) אז דער ענין פון מלחמת עמלק איז געווען "בעלותו ממצרים", ד.ה. אז עמלק האט מנגד געווען צו דעם וואס אידן האבן עולה געווען פון מצרים.

וואס אין דעם ענין פון יצי"מ איז דא דער ענין פון "סור מרע", מ'גייט ארויס פון "ערות הארץ" (מקץ מב, ט), וואס דערפאר האט מען דאך אנגעזאגט אז "כמעשה ארץ מצרים גו' לא תעשו" (אחרי יח, ג),

[ביז וואנעט אז נאך זייענדיק אין מצרים זיינען אידן געשטאנען אין א מעמד ומצב אז מ'האט געהאט דעם ענין פון שבת וכיו"ב, עאכו"כ נאך דערויף וואס משה ואהרן זיינען געקומען און האבן אנגעזאגט בשורת הגאולה, וואס דעמולט איז שוין "בר"ה בטלה עבודה מאבותינו במצרים",

און נאך זייענדיק אין מצרים האבן אידן געוואוסט דעם סימן אז אויב עס וועט קומען איינער מיט דער נבואה פון "פקד פקדתי" (שמות ג, טז), איז דאס די נבואת הגאולה, כמבואר אין מדרשי רז"ל],

און דערנאך איז דא דער ענין פון "עשה טוב" וואס איז בערך צום "סור מרע", ביז צו דעם ענין פון "בעלותו ממצרים" - דער תכלית און שלימות העלי' וואס ווערט אויפגעטאן דורך דעם ענין פון יצי"מ (כדלקמן).

און אויף דערויף זאגט מען אז ווען עמלק האט דערהערט אז ביי אידן איז דא דער ענין העלי' פון מצרים - האט ער דערצו מנגד געווען, און אין דערויף באשטייט די מלחמה הרוחנית בעמלק, אז ס'זאל זיין דער ענין פון יצי"מ אין דער עבודה פון אידן (היפך פון רצון עמלק).

ז. והביאור בזה:

דער תכלית השלימות פון יצי"מ איז - דער ענין פון מ"ת, ווי ס'שטייט (שמות ג, יב) "בהוציאך את העם ממצרים תעבדון את האלקים על ההר הזה", ובפרט לויט ווי רש"י טייטשט אפ אז דער "בהוציאך את העם ממצרים" איז געווען בזכות דעם וואס דערנאך וועט זיין דער "תעבדון את האלקים על ההר הזה" - דער ענין פון מ"ת.

און ווי ס'איז אויך פארשטאנדיק פון דער קביעות פון חג השבועות ("זמן מתן תורתנו"), אז חגה"ש האט ניט קיין באזונדער קביעות, נאר ס'איז פארבונדן מיט חגה"פ (יצי"מ): "ממחרת השבת", וואס דאס איז חגה"פ, הויבט מען אן ציילן ספה"ע, 49 טעג, און ביום החמישים פון חגה"פ איז חגה"ש, וואס דערפון זעט מען אויך די שייכות פון יצי"מ (חגה"פ) מיט מ"ת (חגה"ש).

און אע"פ אז בזמן שהיו מקדשין ע"פ הראי' האט געקענט זיין אז חגה"ש זאל זיין אין א באזונדער קביעות און "זמן מתן תורתנו" אין א באזונדער קביעות (כמדובר כמ"פ) - איז דאך אבער חגה"ש מצ"ע אויך פארבונדן מיט מ"ת, ווי ס'שטייט אין ירושלמי אז דערפאר איז דא דער שינוי הלשון בנוגע צו דעם קרבן, וויבאלד אז ס'איז געווארן אן ענין חדש, דערפאר וואס מ'האט מקבל געווען די תורה.

ונוסף לזה: וויבאלד אז ברוב השנים איז די קביעות פון חגה"ש צוזאמען מיט "זמן מתן תורתנו" (ווארום רוב השנים זיינען דאך אין דעם זמן וואס מ'איז

ניט מקדש ע"פ הראי'), ועאכו"כ לדעת הרס"ג אז אפילו ווען מ'האט מקדש געווען ע"פ הראי' האט מען אויך דוחה געווען די קביעות אז חגה"ש זאל זיין צוזאמען מיט "זמן מתן תורתנו" - קומט אויס אז חגה"ש איז פארבונדן מיט "זמן מתן תורתנו".

ח. בנוגע צו כללות הענין פון מ"ת, איז דאך ידוע די שאלה, אז לכאורה איז ניט פארשטאנדיק וואס איז דער אויפטו פון מ"ת - פאר מ"ת איז דאך אויך געווען דער ענין פון לימוד התורה, ווי די גמרא (יומא כח, ב) זאגט אז "אברהם זקן ויושב בישיבה הי'", און "קיים אברהם אבינו את כל התורה כולה עד שלא ניתנה" (קידושין פב, א), און דערנאך איז געווען דער "יצוה את בניו ואת ביתו אחריו" (וירא יח, יט), ער האט דאס איבערגעגעבן צו יצחק און יעקב, און דערנאך אויך צו די שבטים (לכמה דעות), און דערנאך אויך צו אלע אידן (בנוגע לכמה מצות עכ"פ) - איז לכאורה, וואס איז דער אויפטו פון מ"ת אז צוליב דערויף האט מען געדארפט זיין א משך זמן ארוך אין גלות מצרים, און דערנאך דער ענין פון יצי"מ, מיט אלע הכנות צו דעם "תעבדון את האלקים על ההר הזה", דער ענין פון מ"ת?

איז מבואר בארוכה אין דרושי חסידות (מיוסד אויף ספרי קבלה, און מרומז אויך אין נגלה), אז פאר מ"ת איז טאקע געווען דער ענין פון לימוד התורה און קיום המצוות בתכלית השלימות (ווי ס'איז געווען בא אברהם יצחק ויעקב, וואס "האבות הן הן המרכבה" (ב"ר פמ"ז ז. פפ"כ, ו. תניא ל"ח וכו')), אבער מערניט ווי די שלימות צו וועלכע א נברא קען אנקומען בכח עצמו, וואס מיט דער גאנצער שלימות וואס קען זיין אין דערויף איז עס נאך אלץ אן וואס איז במדידה והגבלה.

און דער אויפטו פון מ"ת איז געווען, אז דעמולט איז בטל געווארן די גזירה פון "עליונים לא ירדו לתחתונים ותחתונים לא יעלו לעליונים" (שמו"ר פי"ב, ג. תנחומא וארא ט"ו), און אין אן אופן פון "ואני המתחיל", ווי ס'שטייט (יתרו ד, כ) "וירד ה' על הר סיני",

און דורך דעם האט זיך אויפגעטאן אז בשעת א איד לערנט תורה און איז מקיים מצוות דא למטה, איז אפילו אויב ער איז א פשוט שבפשוטים, ווערט ביי אים אויפגעטאן דער ענין פון צוותא וחיבור (מצוה מלשון צוותא וחיבור) מיטן אויבערשטן,

ביז אין אן אופן אז ווען א איד לערנט תורה כדבעי, ווערט דאס אין אן אופן פון "ואשים דברי בפיך" (ישעי' נא, טז), און "אני המשנה המדברת בפיך", און "הקב"ה קורא ושונה כנגדו" (תדא"ר רפי"ח. יל"ש איכה רמז תתרלד), ביז אין אן אופן פון "שכינה מדבר מתוך גרונו" (ווי ס'איז געווען בא משה רבינו - דורך דעם ניצוץ משה וואס איז דא בא יעדער אידן (תניא פמ"ב)).

און ס'איז פארשטאנדיק, אז וויבאלד ער שטייט אין אן אופן פון צוותא וחיבור מיטן אויבערשטן, שטייט ער אין א דרגא וואס איז למעלה מכל מדידה והגבלה, און דאס קומט ארויס אין אן אופן של פועל - אז יעדער ענין וואס ער טוט אין לימוד התורה און אין קיום המצוות, איז דאס אין אן אופן וואס איז למעלה ממדידה והגבלה.

און ניט נאר אז דאס איז למעלה ממדידה והגבלה פון דעם גוף ונה"ב, נאר ס'איז למעלה ממדידה והגבלה פון נה"א -

ווארום ס'איז פארשטאנדיק אז וויבאלד די נה"א איז מלובש אין גוף ונה"ב, האט זי דעמולט אירע מדידות והגבלות, ווארום ווען זי וואלט געשטאנען אן קיינע מדידות והגבלות, וואלט זי ניט געקענט מתלבש זיין אין דעם גוף ונה"ב - און דערפאר דארף מען האבן א סיוע און אן עידוד מיוחד (און אמאל גאר א סיוע פון נה"ב) אז די נה"א זאל שטיין אין אן אופן וואס איז למעלה ממדידה והגבלה.

ט. דערפון איז פארשטאנדיק אז דער אויפטו פון מ"ת איז - אז דער לימוד התורה

און קיום המצוות זאל זיין אין אן אופן וואס איז למעלה ממדידה והגבלה.

וואס דאס איז דער ענין פון יצי"מ אין עבודת האדם - ער זאל ארויסגיין פון אלע מיצרים וגבולים און מדידות והגבלות, אזוי אז עבודתו הרוחנית וועט זיין למעלה ממדידה והגבלה.

און ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין תניא (פמ"ז) אז דורך דערויף וואס מ'דערמאנט זיך אויף דעם ענין פון יצי"מ, "אנכי ה' אלקיך אשר הוצאתיך מארץ מצרים" (יתרו כ, ב), און ווי מ'זאגט אין ק"ש "אני ה' אלקיכם אשר הוצאתי אתכם מארץ מצרים" (שלח טו, מא) - גיט דאס אים דעם כח אז זיין לימוד התורה און קיום המצוות זאל זיין אן קיינע מיצרים וגבולים און מדידות והגבלות - וואס דאס איז דער ענין פון יצי"מ אין עבודה רוחנית.

און וויבאלד אז עמלק האט מנגד געווען אויף דעם ענין פון יצי"מ (כנ"ל), איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון מחיית עמלק באשטייט אין דעם וואס די עבודה איז אין אן אופן פון יצי"מ, למעלה מכל מדידה והגבלה.

י. די הוראה דערפון בנוגע לפועל:

נאך דערויף וואס א איד האט געלערנט תורה, לויטן רצון און החלטה פון נה"א, קומט מען צו אים צוגיין און מ'זאגט אים אז ס'איז דא א ציווי פון דעם עומד על גביו, דער נשיא הדור (ובדורנו - ב"ק מו"ח אדמו"ר), וואס ער זאגט אז דו דארפסט מוסיף זיין אין לימוד התורה.

טענה'ט ער: ער האט שוין געפאלגט זיין נה"א בבל העניינים ובכל הפרטים, אויך אין דעם ענין פון לימוד התורה - איז וואס מאנט מען פון אים מער?!

זאגט מען אים אז ס'איז דא דער נשיא הדור, וואס "הנשיא הוא הכל", ובלשון הרמב"ם אז דער מלך (וואס דאס איז דער ענין פון א נשיא) איז "לבו הוא לב כל ישראל", און דער נשיא הדור זאגט אז דאס וואס ער האט געטאן ביז איצטער איז געווען נאר לויט די מדידות והגבלות פון נה"א, מדידה והגבלה דקדושה, און דער נשיא הדור העלפט אים ארויס אז ער זאל ארויסגיין פון די מדידות והגבלות דקדושה, דורך דערויף וואס ער וועט מוסיף זיין נאכמער אין לימוד התורה.

ועד"ז איז אויך בנוגע צו קיום המצוות (וואס "גדול תלמוד שמביא לידי מעשה"):

אפילו אויב ער האט מקיים געווען א מצוה בשלימות, קען ער אלעמאל צוקומען צו א העכערע דרגא אין קיום המצוות, ביז אין אן אופן וואס איז למעלה ממדידה והגבלה.

ביז וואנעט אז אפילו בשעת דער קיום המצוות איז בתכלית השלימות, אין אן אופן פון מס"נ - זאגט מען אבער אז דאס איז נאך ניט אין אן אופן פון "כמצות רצונך", ווארום דער קיום המצוות "כמצות רצונך" וועט זיין ווען ס'וועט זיין שלימות האדם, דער שלימות פון נה"א, "אתם קרויין אדם" - בביאת משיח צדקנו.

און ווי ס'איז פארשטאנדיק בפשטות אז קיום המצוות קען זיין בבמה אופנים: עס קען זיין דער קיום המצוות אין אן אופן פון "מצות אנשים מלומדה", און עס קען זיין אין אן אופן פון "אחרי ה' אלקיכם תלכו" (ראה יג, ה), עס איז טאקע אן ענין פון "תלכו", אבער אין אן אופן פון "אחרי ה' גו'", ניט אין אן אופן פון פנים.

וואס דאס איז פארבונדן מיט דער ענין פון עמלק - כמבואר אין די דרושים

פון פ' זכור אין תו"א, ועד"ז אין די דרושים פון רבותינו נשיאינו שלאח"ז, אז עמלק האט נאר געקענט אנרירן די וואס האבן זיך געפונען מחוץ לענני הכבוד, וואס בנוגע צו זיי האט געקענט זיין דער "ויזנב בך כל הנחשלים אחריך" (תצא כה, יח) (כמבואר אין מדרז"ל) - וואס אין עבודת רוחנית איז עס די עבודה אין אן אופן פון "אחרי", ניט אין אן אופן פון פנים.

אבער דורך דערויף וואס ער מאכט פון דעם "אחרי" אז ס'זאל זיין "אחרי ה'", און אין דערויף גופא איז דאס אין אן אופן פון "תלכו", מיט אלע דרגות וואס ער רעכנט אויס אין דעם פסוק, ביז צו "ובו תדבקון" - ווערט דעמולט זיין עבודה אין אן אופן פון פנימיות, פנים,

ד.ה. אז די עבודה איז אין אן אופן פון "בקשו פני", וואס דאס איז פארבונדן מיט "פניך ה' אבקש" (תהלים כז, ח), וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון מ"ת, וואס דעמולט איז געווען דער ענין פון "פנים בפנים דבר ה' עמכם" (ואתחנן ה, ד), דער פנים פון דעם אויבערשטן מיטן פנים פון יעדער אידן און אלע אידן.

יא. און דורך דער עבודה פון מחית עמלק ברוחניות, ווערט אויפגעטאן דער "מחה תמחה את זכר עמלק" כפשוטו, און אין אן אופן פון "הקב"ה עוזרו", אז עס ווערט דער "מחה אמחה את זכר עמלק".

ד.ה. אז דורך מעשינו ועבודתינו במשך זמן הגלות, וועט מען אראפברייגנען בקרוב ממש דעם ענין פון "מחה אמחה את זכר עמלק מתחת השמים" כפשוטו, בביאת משיח צדקנו,

וואס משיח צדקנו וועט מעורר זיין יעדער אידן און אלע אידן "ללכת בדרכה ולחזק בדקה", און "ילחם מלחמות ה'", וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט "מלחמה לה' בעמלק מדור דור", "דרא דמלכא משיחא",

און גלייך נאך דערויף וועט זיין דער "יבנה ביהמ"ק במקומו", און גלייך דערנאך דער "יקבץ נדחי ישראל", בעגלא דידן, בקרוב בימינו ממש.

* * *

יב. אע"פ אז די קריאה פון פ' זכור איז פארבונדן מיטן חיוב פון "זכור" און "לא תשכח" וואס איז דא בכל השנה כולה - איז דאך אבער די קריאה בתורה פון פ' זכור בפועל אין דעם שבת שלפני פורים, כמבואר אין משנה אין גמרא און אין פוסקים.

וואס דער כללות הענין פון מלחמה בעמלק איז פארבונדן מיט ימי הפורים - ווארום:

ימי הפורים זיינען דאך פארבונדן מיט דער גזירה פון המן האגגי, וואס ער איז געווען מזרעו של עמלק,

און דער נס פורים איז פארבונדן מיט מרדכי, וואס ער איז געווען "איש ימיני" (אסתר ב, ה), פון שבט בנימין (פרש"י עה"כ) - און פון שבט בנימין איז אויך געווען שאול המלך, וואס דורך אים איז געווען די מלחמה בעמלק בפעם הראשונה לאחרי הציווי פון "זכור" און "לא תשכח" (ווארום דער ציווי פון "זכור" און "לא תשכח", איז געווען נאך מלחמת עמלק וואס איז געווען ע"י יהושע, ווי עס ווערט דערציילט אין פ' בשלח - אין דער קריאה פון ימי הפורים).

יג. בנוגע צו פורים זיינען דאך דא "ימי הפורים", לשון רבים, ווארום (נוסף אויף דערויף וואס ס'איז דא ער טאג פון פורים בכל שנה ושנה, וואס צוזאמען זיינען דאס "ימי הפורים", לשון רבים, איז עס פארשטאנדיק אויך בפשטות, ווי) עס ווערט דערציילט אין דער מגילה אז ימי הפורים זיינען סיי ארבעה עשר און

הנחה פרטית בלתי מוגה

סיי חמשה עשר באדר.

נאכמער: דערפון וואס ס'שטייט אין דער מגילה "בזמניהם", לערנט מען אפ אז "מגילה נקראת בי"א בי"ב בי"ג" (נוסף אויף י"ד און ט"ו), וואס דערפאר זאגט מען "ימי הפורים", לשון רבים.

וואס דאס איז פארבונדן במיוחד מיט דער קביעות פון שנה זו - אז דער שבת וואס מ'לייענט פ' זכות איז אויסגעפאלן בי"א אדר, וואס דעמולט הויבט זיך אן דער זמן פון קריאת המגילה.

[עס שטייט טאקע אין ירושלמי אז "כל החודש כשר לקריאת המגילה" - עס איז אבער פארשטאנדיק אז ס'איז דא א חילוק צווישן קריאת המגילה ווי דאס איז "כל החודש", און ווי דאס איז אנהויבנדיק פון י"א אדר.

ווארום מ'קען דאך ניט זאגן אז דעת המשנה אז "מגילה נקראת בי"א וכו'" און דעת הירושלמי אז "כל החודש כשר לקריאת המגילה" זיינען דעות מחולקות - וויבאלד אז אין שו"ע (או"ח סתרפ"ח ס"ז) ברייננגט זיך אראפ סיי דער ענין פון "מגילה נקראת בי"א וכו'", און סיי אז "כל החודש כשר לקריאת המגילה", מוז מען דאך זאגן אז אע"פ אז "כל החודש כשר לקריאת המגילה", קומט אין דערויף צו אן ענין נוסף אז "מגילה נקראת בי"א וכו'.

וואס איינער פון די ביאורים בזה איז - אז בשעת מ'לייענט די מגילה פאר י"א אדר, זאגט מען טאקע אז "כל החודש כשר לקריאת המגילה", דאס איז אבער קריאת המגילה שלא בזמנה, משא"כ ווען מ'לייענט די מגילה בי"א אדר, איז עס קריאת המגילה בזמנה, דאס האט די חשיבות פון א מצוה בזמנה (ווי מ'געפינט דעם חילוק צווישן מצוה בזמנה און מצוה שלא בזמנה בנוגע צו מצות מילה).

אין יעדער ענין דארף דאך זיין דער "מאי בינייהו", די נפק"מ בנוגע לפועל (כמדובר כמ"פ), ועד"ז איז בנדו"ד:

דער דין איז אז ווען מ'האט צוויי מצוות צו מקיים זיין, וואס איינע פון זיי איז א מצוה בזמנה, און די צווייטע איז א מצוה שלא בזמנה - דארף מען צום אלעם ערשטן מקיים זיין די מצוה בזמנה, און ערשטע דערנאך די מצוה וואס איז שלא בזמנה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק די נפק"מ בנוגע לפועל - אז ווען ער דארף לייענען די מגילה בי"א אדר, און צוזאמען דערמיט דארף ער מקיים זיין אן אנדער מצוה שלא בזמנה, איז קריאת המגילה קודם, וויבאלד אז דאס איז א מצוה בזמנה (בי"א), משא"כ ווען ער דארף לייענען די מגילה פאר י"א אדר, האבן ביידע מצוות די זעלבע חשיבות, וויבאלד אז ביידע זיינען שלא בזמנם].

יר. דער ענין פון נס פורים איז דאך פארבונדן מיט די טענות פון המן, וואס זיי האבן געבראכט צו דער גזירה.

וואס אע"פ אז די טענות פון המן זיינען געבראכט געווארן צו אחשורוש'ן מלך פרס (וואס "אין מקרא יוצא מידי פשוטו"), שטייט דאך אבער אין מדרש אז אחשורוש גייט אויף דעם וואס "אחרית וראשית שלו" (וואס דאס זיינען די אותיות וואס פון זיי איז צוזאמענגעשטעלט דער נאמען אחשורוש), וואס דאס גייט אויפן אויבערשטן, וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די טענות האט מען געבראכט צו אחשורוש דלמעלה, דער אויבערשטער וואס "אחרית וראשית שלו".

און באמת דארף מען גאר ניט אנקומען צו דעם וואס שטייט אין מדרש אז אחשורוש גייט אויף דעם וואס "אחרית וראשית שלו", ווארום עס קען ניט זיין קיין גזירה אויף אידן דא למטה סיידן ווען דער ענין איז דא פריער למעלה,

- שיחת מוצאי ש"פ תצוה, פ' זכור תשל"ט - ט -

ד.ה. אז ווען למעלה קומט אויס אז ס'איז דא א נתינת מקום אויף א גזירה ח"ו, קען דערנאך אראפקומען אן ענין של גזירה ח"ו דא למטה.

וואס דאס איז ניט קיין ענין וואס שטיצט ערגעץ-וואו ברמז, נאר ס'איז א מארז"ל ברור: "אין אדם נוקף אצבעו למטה אא"כ מכריזין עליו מלמעלה".

און ס'איז דאך א יסוד באמונתינו אז "יש בעה"ב לבירה זו", און יעדער זאך וואס טוט זיך אין וועלט, איז עס ניט נאר דערפאר וואס דער אויבערשטער ערלויבט אז ס'זאל אזוי זיין, נאר דערפאר וואס ער וויל אז ס'זאל אזוי זיין (מאיזה סיבה שתהי').

ועאכו"כ וועט עס רעדט זיך וועגן ישראל "עם קרובו" (תהלים קמח, ד) - וואס בא זיי איז דער ענין פון השגחה פרטית אין אן אופן הכי נעלה; ווי ס'איז פארשטאנדיק ע"פ המבואר בארוכה אין ספר אלימה רבתי להרמ"ק (עין כל תמר ה' פ"א), און עס ווערט אראפגעבראכט אין שומר אמונים (בסופו - הובא בלקו"ש ח"ח ע' 278 ואילך).

און ווי מ'פארענטפערט (ראה לקו"ש ח"ט ע' 181. וש"נ) אז דאס וואס דער רמב"ם זאגט אין מו"נ (ח"ג פי"ז) אז השגחה פרטית איז נאר אויפן מין האדם, משא"כ אויף דצ"ח וואס בא זיי איז דא נאר א "השגחה מינית", איז עס קיין סתירה ניט מיט תורת הבעש"ט וואס ער האט מגלה געווען דעם ביאור האמיתית אין דעם ענין פון השגח"פ, אז אויף יעדער פרט שבעולם איז דא דער ענין פון השגח"פ - ווארום ס' איז דא א חילוק אין דעם אופן פון דער השגח"פ.

ובמכש"כ וק"ו: מה-דאך אז ביי אידן גופא איז דא דער חילוק צווישן "עיני ה' אל צדיקים" (תהלים לד, טז), לשון רבים, מיט "עין ה' אל יראיו" (תהלים לג, יח), לשון יחיד, כמבואר אין לקו"ת ובכ"מ (ראה לקו"ש ח"ז ע' 42 הערה 29), איז דאך עאכו"כ אז ס'איז דא א חילוק אין דער השגח"פ צווישן אידן מיט ניט-אידן, ביז צו דער השגח"פ וואס איז דא אויף א בלעטעלע וואס איז אפגעריסן געווארן פון א בוים (אן ענין של דומם), צי ס'זאל זיך איבערקערן מצד אל צד באופן כזה אדער באופן אחר (ווי די דוגמא ווערט געבראכט אין די שיחות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו).

וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק, אז תכלית השלימות אין השגח"פ איז ביי אידן דוקא.

ובנוגע לענינו: דערפון וואס מ'זעט אז ס'איז געווען א גזירה אויף אידן, מצד די טענות וואס זיינען געבראכט געווארן צו אחשורוש מלך פרס, איז פארשטאנדיק, אז דאס איז איז געקומען פון דעם אויבערשטן (וואס "אחרית וראשית שלו"), דערפאר וואס די טענות אנטקעגן אידן זיינען געקומען צו אחשורוש דלמעלה.

טו. די טענה פון המן איז געווען - "ישנו עם אחד מפוזר ומפורד בין העמים (אסתר ג, ח). והביאור בזה:

עס ווערט געבראכט בכ"מ (אין ספרי מוסר, ספרי קבלה און ספרי חסידות) אז אחשורוש (כפשוטו, דא למטה) האט אויך מורא געהאט און האט זיך געשראקן פארטשעפען זיך מיט אידן - האט אבער המן גע'טענה'ט אז "ישנו עם אחד מפוזר ומפורד בין העמים":

ווען אידן וואלטן געשטאנען אין א מעמד ומצב פון "עם אחד", איז אפילו אויב ס'איז א מעמד ומצב פון "חבור עצבים אפרים" רח"ל, זאגט מען "הנח לו", ווי עס שטייט אין מדרש (און עס ווערט אראפגעבראכט אין די דרושים פון דור ההפלגה) אז אפילו אויב זיי שטייען אין א מעמד ומצב פון עובדי ע"ז רח"ל, און זיי גייען אויף א מלחמה (א מקום של סכנה, וואס דעמולט האט דער צד שכנגד מערער שליטה ווי דאס איז ניט אין א מקום של סכנה), איז וויבאלד אז זיי שטייען

אין א מעמד ומצב פון "חבור עצבים", זיי שטייען באחדות ("עם אחד"), איז "הולכין במלחמה ונוצחין", ביז צו א נצחון הכי גדול כפשוטו.

האט אבער המן גע'טענה'ט אז אידן זיינען טאקע אן "עם אחד", אבער איצטער שטייען זיי אין א מעמד ומצב פון "מפוזר ומפורד", און דערפאר קען מען זיך פארטשעפען מיט זיי.

טז. דערביי האט אבער המן געמוזט זאגן דעם טעם פארוואס זיינען טאקע אידן אין א מעמד ומצב פון "מפוזר ומפורד" - ווארום "שקר אין לו רגלים", עס מוז זיין אין דערויף א קורטוב של אמת, ובפרט ע"פ פנימיות הענינים אז די טענה איז געווען צו דעם וואס "אחרית וראשית שלו" - אז דאס איז נאר דערפאר וואס זיי געפינען זיך "בין העמים":

ווען דער אויבערשטער וואלט ניט אוועקגעשיקט בנו יחידו (בנ"י) "בין העמים", וואלט קיינמאל ניט געווען אזא מעמד ומצב אז אידן זאלן זיין "מפוזר ומפורד";

עס איז דאך אבער "נורא עלילה על בני אדם" (תהלים ס"ו, ה), און דער אויבערשטער האט אוועקגעשטעלט אידן אין א מעמד ומצב אז זיי געפינען זיך "בין העמים" - איז דער טבע פון בנ"א (וואס אזוי האט אים דער אויבערשטער באשאפן) אז מ'לערנט זיך אפ פון אנשי המקום, ווייבאלד אז "האדם הוא מדיני".

און ווי דער רמב"ם ברייננגט אראפ אין הל' דעות (וואס דעם ספר האט דער רמב"ם געשריבן פאר אידן) אז מצד דערויף וואס דער טבע האדם איז אז ער לערנט זיך פון אנשי המקום, דארף מען זיך באזעצן אין א שכונה וואו ס'זיינען דא אידן וואס זיינען לומדי תורה ומקיימי מצוות.

ביז וואנעט אז אפילו אויב ער טענה'ט אז ער קען שטיין בפ"ע, ער וועט זיין מוקף חומה, און קיינער וועט צו אים ניט קענען דערגרייכן - זאגט מען אים: "אל תאמין בעצמך", און דערפאר דארף ער לעבן צווישן אידן וואס זיינען לומדי תורה ומקיימי מצוות, כדי ער זאל ניט האבן דעם נסיון פון ניט לערנען זיך פון אנשי המקום.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווייבאלד דער אויבערטשער האט אוועקגעשטעלט אידן אין א מעמד ומצב פון "בין העמים" - איז קיין פלא ניט אז אידן שטייען אין א מעמד ומצב פון "מפוזר ומפורד"!

יז. דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ביטול הגזירה ווערט אויפגעטאן דורך דערויף וואס מ'איז מבטל די טענה פון המן אז אידן זיינען "מפוזר ומפורד בין העמים".

און דערפאר זעט מען אז דער ביטול הגזירה איז געווען דורך דערויף וואס אסתר האט געזאגט צו מרדכי "לך כנוס את כל היהודים"(אסתר ד, טז) - וואס דערמיט האט מען באוויזן אז מ'שטייט אין א תנועה פון אחדות, היפך הענין פון "מפוזר ומפורד בין העמים".

און דאס איז דער ביאור אין דעם וואס ס'איז געווען דער ביטול הגזירה, ביז אין אן אופן פון "ונהפוך הוא" (אסתר ט, א), אע"פ אז מ'געפינט ניט קיין ענטפער אויף טענת המן -

איז דער ביאור בזה, אז "אין אדם נוקף אצבעו למטה אא"כ מכריזין עליו מלמעלה" - איז בשעת אז די טענה פון המן (אז אידן זיינען "מפוזר ומפורד") האט געהאט אן ארט אין קדושה, איז דערפון ארויסגעקומען אן ענין של גזירה בא אחשורוש דא למטה,

[און דאס האט זיך געדארפט אפלייגן בא אחשורוש'ן - ווארום אע"פ אז "לב

הנחה פרטית בלתי מוגה

מלכים ושרים ביד ה'" (ע"פ משלי כא, א), איז אבער ניט אלע מלכים ווייסן דערפון - האט זיך דאס ביי אים אפגעלייגט דורך דערויף וואס המן האט אים מסביר געווען אז אידן שטייען ניט אין אן אופן פון אחדות (וואס דעמולט איז אפילו "חבור עצבים גו' הנח לו", און "הולכין במלחמה ונוצחין"), נאר אין אן אופן פון "מפוזר ומפורד"],

אבער בשעת אז אידן האבן באוויזן אז זיי שטייען אין אן אופן פון אחדות - דורך אן איין און און איינציקע פעולה פון "כנוס את כל היהודים",

[ווארום מ'געפינט ניט אז אסתר האט געמאנט אז דער "כנוס את כל היהודים" זאל זיין עטליכע מאל - זי האט געמאנט אז ס'זאל זיין דער "כנוס את כל היהודים" איין מאל],

איז גלייך בטל געווארן למעלה די טענה פון "מפוזר ומפורד בין העמים", און דאס האט געבראכט צום "בלילה ההוא נדדה שנת המלך" (אסתר ו, א), ניט נאר "מלכו של עולם", נאר אויך אחשורוש כפשוטו, סיי לויט דער דעה אז ער איז געווען א חכם, און סיי לויט דער דעה אז ער איז געווען א טיפש (וואס "אלו ואלו דברי אלקים חיים", בידע דעות זיינען דא במציאות).

יח. עפ"ז איז פארשטאנדיק, אז דורך דערויף וואס ס'איז בטל געווארן דער ענין פון "מפוזר ומפורד בין העמים" (דורך דעם "כנוס את כל היהודים"), איז געווארן דער "ונהפוך הוא גו'" - ובמכש"כ וק"ו:

מה-דאך אז "חבור עצבים גו' הנח לו" און "הולכין במלחמה ונוצחין" (אע"פ אז דאס איז א מקום סכנה), איז עאכו"כ אז ווען דער "כנוס את כל היהודים" איז פארבונדן מיט ענינים פון תומ"צ - א חיזוק אין דעם ענין פון תפלה, אין דעם ענין פון תורה, און אין דעם ענין פון מצוות, אנהויבנדיק פון מצות הצדקה - ברייננגט דאס תיכף ומיד צום ביטול הגזירה למעלה, און במילא ווערט גלייך בטל די גזירה למטה,

און אין אן אופן אז "הרצים גו' יצאו מבוהלים ודחופים" (אסתר ח, יד) צו מודיע זיין די אלע כחות דא למטה אז זיי זאלן וויסן אז "ונהפוך הוא אשר ישלטו היהודים המה בשונאיהם", און אז "שמעו" פון מרדכי [וואס ער איז געווען "כמשה בדורו"] איז "הולך בכל המדינות".

ביז וואנעט אז דאס האט גע'פועל'ט ביז אין פועל ממש - אז "רבים מעמי הארץ מתיהדים כי נפל פחד היהודים עליהם",

וכידוע דער אפטייטש פון רמ"א [וואס בנוגע צו זיינע פסקי דינים איז דאך דא דער רמז וואס שטייט אין אחרונים אז "בנ"י יוצאים ביד רמ"א"] אויף "נפל פחד היהודים עליהם", אז דער זעלבער פחד וואס דארף זיין ביי אידן איז געפאלן "עליהם", אויף "עמי הארץ",

וואס דער "פחד היהודים" (דער ענין פון יר"ש) איז כולל ניט נאר דעם ענין פון יראת העונש, נאר אויך דער ענין פון יראת הכבוד -

ע"ד ווי ס'איז פארשטאנדיק פון פס"ד הרמב"ם בנוגע צו דעם ענין פון "אז אהפוך אל עמים שפה ברורה גו' לעבדו שכם אחד", אז בא זיי וועט זיין ניט נאר דער ענין פון יראת העונש, נאר אויך יראת הכבוד.

יט. האמור לעיל איז פארבונדן מיט דער התעוררות וואס מ'האט געבעטן אז ס'זאל זיין אן ענין פון "כנוס את כל היהודים" עכ"פ פעם אחת קודם ימי הפורים -

וויבאלד אז אין אלס הקדמה צו ימי הפורים (בפעם הראשונה) איז געווען

הנחה פרטית בלתי מוגה

דער ענין פון "כנוס את כל היהודים" - און ס'איז מבואר אין כתבי האריז"ל אויפן פסוק (אסתר ט, כח) "והימים האלה נזכרים ונעשים", אז דורך דעם "נזכרים" ווערט דער "נעשים", אז עס טוען זיך אויף אלע המשכות אזוי ווי ס'איז געווען בפעם הראשונה,

און וויבאלד אז דער פסוק "והימים האלה נזכרים ונעשים" שטייט בנוגע צו ימי הפורים, איז פארשטאנדיק, אז אע"פ אז תורת האריז"ל הנ"ל איז געזאגט געווארן אויף יעדער ענין של קדושה, האט דאס אבער א שייכות מיוחדת צו ימי הפורים (אז דערפון הויבט זיך אן די המשכה בנוגע לכל הענינים), וויבאלד אז דארטן שטייט דאס בגלוי.

כ. אין דערויף קומט צו נאך א פרט:

נוסף אויף כללות הענין פון "כנוס את כל היהודים", אז עס קלייבן זיך צוזאמען כו"כ סוגים פון אידן, וואס דאס גופא באווייזט אויף אן ענין של אחדות (וועלכע איז מבטל די טענה פון המן),

ביז ווי דער אלטער רבי איז מבאר (אגה"ק סכ"ג) דעם ענין פון "אכל בי עשרה שכינתא שריא", אז "אילו נמצא מלאך אחד עומד במעמד עשרה מישראל אף שאינם מדברים בדברי תורה, תפול עליו אימתה ופחד...משכינתא דשריא עלייהו עד שהי' מתבטל ממציאותו לגמרי" -

קומט אויך צו דער ענין אז דער "כנוס את כל היהודים" זאל זיין פארבונדן מיט אן ענין של תפלה, אן ענין של תורה, און אן ענין של מצוות (צוזאמען מיט החלטות טובות אויף צומוסיף זיין אין די ענינים) - בדוגמא ווי ס'איז געווען אין ימי הפורים:

דער ענין התפלה - ווי עס שטייט "דברי הצומות וזעקתם", דער ענין פון לימוד התורה - "קיימו וקבלו", און דער ענין פון קיום המצוות - "משלוח מנות איש לרעהו ומתנות לאביונים", מיט כל מצוות ימי הפורים.

און ס'איז א זיכערע זאך אז מ'וועט דאס טאן מתוך שמחה, אפילו אויב מ'פארשטייט דאס ניט מיטן שכל פון נה"ב - ווארום דער ענין פון פורים איז דאך "עד דלא ידע", העכער אפילו פון דעם "ידע" פון נה"א, ועאכו"כ אז דאס וואס דער נה"ב (ביז צו א בהמה כפשוטה) פארשטייט דאס ניט, איז עס ניט מעכב, ובפרט אז מ'דארף גארניט האבן קיין הסברה אויף דערויף, וויבאלד אז ס'איז פארשטאנדיק בפשטות אויך אין שכל פון נה"ב.

כא. "והמעשה הוא העיקר" - אז ס'זאל זיין דער כינוס פון כו"כ מישראל, מערער פון עשרה מישראל, און ס'זאל זיין פארבונדן מיט א חיזוק והוספה אין החלטות טובות בנוגע צו דעם ענין התפלה, דער ענין פון לימוד התורה און דער ענין פון קיום המצוות, ובעיקר - דער ענין הצדקה ("מתנות לאביונים"), וואס זי איז כללות המצוות כולם, און "מקרבת את הגאולה".

ובקרוב ממש וועט מען זוכה זיין צו מקיים זיין די מצוות פון פורים לאחרי ביאת משיח צדקנו, ווארום "כל ספרי הנביאים וכל הכתובים עתידין ליבטל לימות המשיח חוץ ממגילת אסתר והרי היא קיימת כחמשה חומשי תורה" (רמב"ם סוף הל' מגילה), אדער ווי דער צווייטער לשון אז "כל המועדים בטלים חוץ מימי הפורים" (און אויך יוהכ"פ און חנוכה - ווי די גירסאות שבזה).

וכן תהי' לנו בעגלא דידן - דורך דערויף וואס מ'וועט מוסיף - אין דער "כנוס את כל היהודים" וואס וועט זיין קודם ימי הפורים - אין תורה און אין תפלה און אין גמ"ח, וואס דאס זיינען די "שלשה עמודים" אויף וועלכע "העולם

עומד",

וואס דורך דערויף וועט מען אויפשטעלן די גאנצע וועלט אין אן אופן פון "עולם על מילואו נברא", און דער לימוד התורה וקיום המצוות וועט זיין "כמצות רצונך".

און אנהויבנדיק פון י"א באדר - וואס דאס איז דאך דער שבת (און איצטער איז מוצאי שבת) - וועט זיין דער ענין פון "מגילה נקראת", אין אן אופן פון פרסומי ניסא, "ברוב עם הדרת מלך", און דערנאך אויך "בי"ב בי"ג בי"ד ובט"ו",

ובקרוב ממש וועט מען זוכה זיין צו כרכים מוקפים חומה כפשוטו - אנהויבנדיק פון ירושלים עיה"ק, אין אן אופן פון "ואני אהי' לה לחומת אש סביב",

בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, ובעגלא דידן.

* * *

כב. דובר בארוכה אודות המצב באה"ק.

* * *

כג. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה מגילה נקראת.

* * *

כד. ס'איז דאך רגיל אין א התוועדות פון שבת אדער מוצאי שבת, צו מבאר זיין א פסוק פון פרשת השבוע מיט פרש"י.

אויפן פסוק "ומלאת את ידם" (פרשתנו כח, מא), זאגט רש"י: "כל מילוי ידים ל' חנוך הוא, כשהוא נכנס לדבר להיות מוחזק בו מאותו יום והלאה הוא, ובל' לע"ז כשממנין אדם על פקידת דבר, נותן השליט בידו בית יד של עור שקורין גוואנט"ו ועל ידו הוא מחזיקו בדבר, וקורין לאותו מסירה ווירסטי"ר והוא מילוי ידים".

בפשטות דארף מען זאגן אז בא רש"י'ן איז שווער: וואו געפינט מען אין דעם גאנצן סיפור וואס משה האט מחנך געווען אהרן ובניו, אז ער זאל זיי געבן עפעס אין האנט - "ומלאת את ידם"?!

אין תחלת הסדרה (כח, ג) שטייט "ועשו את בגדי אהרן לקדשו לכהנו לי", ד.ה. אז דורך די בגדים ווערט אויפגעטאן דער "לקדשו לכהנו לי", און דערנאך (שם, מא) שטייט "והלבשת אותם גו'", און "ועשה להם מכנסי בד גו'" (שם, מב) - מ'געפינט אבער ניט אז ס'איז זיין אן ענין פון "מלאת את ידם", ער זאל זיי געבן עפעס אין האנט?

די איינציקע זאך וואס מ'געפינט איז - "ולקחת מדמו ונתת על תנוך אזן אהרן גו' ועל בהן ידם הימנית ועל בהן רגלם הימנית" (כט, כ) - דאס איז אבער ניט קיין ענין פון "<u>ומלאת</u> את <u>ידם</u>", ס'איז מערניט ווי א שפריץ וואס רירט אן "בהן ידם הימנית".

אויף דערויף זאגט רש"י אז דער פירוש פון "ומלאת את ידם" איז ניט אז מ'דארף זיי עפעס געבן אין האנט, נאר "כל המילוי ידים ל' <u>חנוך</u> הוא, כשהוא נכנס לדבר להיות מוחזק בו מאותו יום והלאה הוא".

און כדי דער בן חמש למקרא זאל פארשטיין וועגן וואס עס רעדט זיך - ברייננגט

אים רש"י אן ענין וואס איז געווען אין פריינקרייך בימי רש"י, אז "כשממנין אדם על פקידת דבר, נותן השליט בידו בית יד של עור (א לעדערנע הענטשיקע - ווי רש"י ברענגט אראפ ווי דאס הייסט אויף פראנצויזיש), ועל ידו הוא מחזיקו בדבר", און דערנאך חזר'ט איבער רש"י אז "קורין לאותו מסירה ווירסטי"ר והוא מילוי ידים".

כה. ווערט גלייך די שטורעמדיקע קשיא:

וואס איז נוגע דער אופן ווי א שליט האט ממנה געווען א מענטשן אויף א געוויסע פקידות בימי רש"י, צו דעם אופן ווי משה רבינו (להבדיל) האט ממנה געווען אהרן ובניו אויף דעם ענין פון "לקדשו לכהנו לי"?!

נאכמער: דערפון גופא וואס רש"י איז מדגיש "ובל' לע"ז כשממנין אדם על פקידת דבר נותן השליט בית יד של עור שקורין גוואנט"ו כו'", איז פארשטאנדיק אז דאס איז א הנהגה וואס איז געווען אין פריינקרייך בימי רש"י - די הנהגה איז אבער ניט געווען בא מלכי ישראל, אדער ביי א שליט וואס איז געווען בזמן הבית,

און ס'איז פארשטאנדיק בפשטות אז ווען משה רבינו האט מחנך געווען אהרן ובניו, איז אויך ניט געווען אזא הנהגה - ווארום מ'געפינט ניט אז משה רבינו זאל זיי געבן א "בית יד של עור"!

[ווארום אויב אזא הנהגה וואלט געווען בזמן הבית (ביי א מלך ישראל, אדער ביי א שליט), וואלט דאס געדארפט שטיין אין א פסוק אדער א מארז"ל - און דעמולט וואלט רש"י געבראכט די ראי' דערפון, און ניט פון א שליט וואס איז געווען אין פריינקרייך בימיו].

ווערט דאך די קשיא נאך שטארקער:

וויבאלד אז בזמן הבית איז אין דעם זמן פון משה רבינו איז ניט געווען אזא הנהגה; און אין זמן הבית איז אויך ניט געווען אזא הנהגה; מערניט ווי אין זמן הגלות איז געווען אין צרפת אזא הנהגה _ איז וואס פאר א שייכות האט דיהנהגה מיטן פסול "ומלאת את ידם"?!

עד"ז געפינט מען אין פרש"י א דבר בלתי רגיל - אז ער ברענגט אראפ צוויי ווערטער אויף פראנצויזיש: "בית יד של עור שקורין גוואנט"ו", און "קורין לאותו מסירה וויסטי"ר", וואס דאס איז א דבר בלתי רגיל.

אויך דארף מען פארשטיין: פארוואס חזר'ט איבער רש"י נאכאמאל "והוא מילוי ידים"?

מיט נאך כמה דיוקים בדבר.

וכמדובר כמ"פ אז פירוש רש"י דארף זיין פארשטאנדיק פאר א בן חמש למקרא, אזוי אז ער דארף ניט אנקומען צו מפרש רש"י, ווארום ער פארשטייט דאס פרש"י. וכפי שיתבאר לקמן.

כו. אין די הערות אויפן זהר (לקוטי לוי"צ לזח"ב ע' קלא ואילך) שטעלט ער זיך אויף דעם וואס ער איז מדייק אין זהר (פרשתנו קפא, סע"א) אז ס'שטייט "לכהנו לי" מיט א וא"ו, ניט "לכהן לי", נאר "לכהנו לי", וואס דאס באווייזט אויפן חיבור פון דעם וא"ו (פון "לכהנו") מיטן "לי" ("לכהנו לי"), וואס "לי" איז פארבונדן מיט א ה"א - וואס דאס איז דער יחוד פון דעם וא"ו בה"א "למהוי כלא חד", כמבואר אין זהר, און מיט נאכמער ביאור אין דעם טאטן'ס הערות.

הנחה פרטית בלתי מוגה

וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס מ'האט גערעדט אין דעם מאמר [וואס ער איז מיוסד אויף א מאמר פון דעם צ"צ, ווי ס'איז שוין געדרוקט אין אוה"ת אין די הוספות צו מגילת אסתר, און אויך מבואר אין די דרושים פון דעם רבי'ן מהר"ש אין סה"מ תרכ"ט] וועגן דעם ענין פון "מגילה נקראת בי"א כו'", וואס י"א איז פארבונדן מיט די אותיות וא"ו ה"א פון שם הוי', כמבואר אין של"ה (און עס ווערט אראפגעבראכט אין די מאמרים).

און דאס האט אויך א שייכות מיוחדת מיט פ' תצוה - כידוע דער דרוש פון דעם אלטן רבי'ן וואס ער שטעלט זיך אויפן דיוק אז ס'שטייט "ואתה תצוה" בתוספת וא"ו, וואס דאס באווייזט אויפן חיבור (דער ענין פון "תצוה") פון דעם וא"ו מיטן ה"א.

אין דערויף פעלט נאך אבער דער עיקר הביאור:

בשעת מ'זאגט אז "מגילה נקראת בי"א כו' ובט"ו", איז י"א פארבונדן מיט די אותיות ו"ה פון שם הוי', און ט"ו איז פארבונדן מיט די אותיות י"ה פון שם הוי'.

וואס די אותיות י"ה זיינען די אותיות הראשונות פון שם הוי', וואס דאס באווייזט זייער חשיבות לגבי די אותיות ו"ה, וואס זיי זיינען די אותיות האחרונות פון שם הוי'.

וואס עפ"ז האט דער סדר אין דער משנה (וואס דער סדר באווייזט אויף חשיבות הענין) געדארפט זיין אז פריער זאל שטיין "מגילה נקראת בט"ו", און דערנאך "בי"ד בי"ג בי"ב ובי"א (אין אן אופן פון מלמעלה למטה), וויבאלד אז ט"ו איז פארבונדן מיט די אותיות י"ה פון שם הוי'.

[און אע"פ אז דער סדר פון ימות החודש איז אז פריער קומט י"א און דערנאך קומט ט"ו - זעט מען דאך אבער אז ווען די משנה רעכנט אויס בפרטיות די אופנים פון קריאת המגילה "בי"א כו' ובט"ו", איז דער סדר אז פריער זאגט די משנה "כרכין המוקפין חומה כו' קורין בט"ו", און דערנאך "כפרים ועיירות גדולות קורין בי"ד", און דערנאך בי"ג, בי"ב און בי"א,

וואס דער טעם בזה איז אז פריער רעכנט אויס די משנה די אופנים פון קריאת המגילה ע"ד הרגיל - לויט ווי עס שטייט אין דער מגילה, וואס דאס איז ט"ו און י"ד, און ערשט דערנאך רעכנט מען אויס די אופנים וואס מ'לייענט אין אנדערע טעג, דערפאר וואס "מקדימין ליום הכניסה".

איז וויבאלד אז מ'זעט אז ווען די משנה רעכנט אויס בפרטיות, הויבט זי אן מיט ט"ו, און ערשט דערנאך שטייט י"א - האט די משנה געדארפט זאגן "מגילה נקראת בט"ו בי"ד בי"ג בי"ב ובי"א", וויבאלד אז ט"ו איז פארבונדן מיט די אותיות י"ה, און י"א איז פארבונדן מיט די אותיות ו"ה].

דארף מען פארשטיין: פארוואס איז אין משנה מודגש די מעלה פון י"א - די אותיות ו"ה פון שם הוי'.

ועד"ז זעט מען אז אין זהר איז מודגש אלץ די מעלה פון ו"ה פון שם הוי' (דער יחוד פון דעם וא"ו מיטן ה"א), ועד"ז איז בנוגע צו "ואתה תצוה", אז אין דערויף איז מודגש די מעלה פון ו"ה פון שם הוי', און ניט דער ענין פון י"ה.

וכמדובר כמ"פ אז אין די הערות האט ער מצמצם געווען צו מבאר זיין מערניט ווי די ענינים אין וועלכע ס'איז דא א חידוש, ער האט אבער ניט מבאר געווען די ענינים וועלכע זיינען מובן מעצמם. וכפי שיתבאר לקמן.

כז. כאן המקום להוסיף ביאור בנוגע צו דעם וואס מ'האט גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות (מוצאי ש"פ משפטים סס"ג) בנוגע צו דעם ארט וואס איז פארשלאסן ביום השבת און במוצאי שבת "עד שהסדרים נשלמים" (ראה תנחומא תשא לג. יל"ש איוב רמז תתקו בתחלתו. זח"א קצז, ב. ובהנסמן בנצו"ז שם), וואס אין דערויף האט מען מוסיף געווען, אז מ'וואַרט אפ ביז מ'וועט פארענדיקן די סעודה פון "מלוה מלכה".

האט מען אויף דערויף מעורר געווען [און ס'איז א הערה כדבעי, אע"פ אז זי איז ערשט אנגעקומען כמה ימים נאך דערויף וואס מ'האט גערעדט וועגן דעם], אז לכאורה איז דער פירוש הפשוט פון "הסדרים נשלמים" אז דאס גייט אויף סדר התפלה, און ס'איז ניט פארבונדן מיט סעודת "מלוה מלכה".

וואס דאס איז דאך איינער פון די טעמים אויף דעם וואס מ'איז מוסיף אין תפלת ערבית פון מוצאי שבת עניינים וואס מ'זאגט ניט אין תפלת ערבית של חול - כדי אז די תפלה זאל געדויערן לייגגער, און מ'איז אויך מאחר די תפלת ערבית פון מוצאי שבת - כדי אז די תפלה זאל זיך פארענדיקן שפעטער,

[ואע"פ אז תפלת ערבית פון מוצאי שבת קען נאך זיין בשבת, אין דעם זמן וואס איז נאך אסור במלאכה, כמבואר אין פוסקים - איז אבער דער מנהג וואס איז נתפשט געווארן בכל תפוצות ישראל, אז ניט נאר מ'דאוונט אין דעם זמן הרגיל וואס מ'דאוונט בימות החול (און מ'איז ניט מקדים דעם זמן התפלה), נאר אדרבה, מ'איז מאחר דעם זמן התפלה (חוץ פון מקרים היוצאים מן הכלל)],

וואס דער טעם הפשוט בזה איז - כדי צו אפהאלטן די פתיחה פון יענעם ארט, אז ער זאל זיך עפענען וואס שפעטער.

וואס דערפון זעט מען לכאורה אז דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין התפלה, און ניט מיט סעודת "מלוה מלכה".

כח. איז דער ביאור בזה:

אזוי ווי מזמן לזמן קומט צו דער ענין וואס "אין לך יום שאין כו' מרובה משל חבירו" - דארף מען מוסיף זיין אין דעם ענין הברכה.

און ווי מ'זעט אויך בנוגע צו דעם וואס מ'איז מאחר תפלת ערבית במוצאי שבת, אז מ'איז זיך משתדל צו מאחר זיין און מאריך זיין אין תפלת ערבית נאכמער ווי ס'איז געווען אין די דורות שלפנ"ז.

וואס דעפּראַר האט מען אויך מוסיף געווען אז די פתיחה פון יענעם ארט איז ערשט נאך דערויף וואס מ'פארענדיקט די סעודה פון "מלוה מלכה".

כט. אין דערויף קומט נאך צו דער ביאור - אז סעודת "מלוה מלכה" איז פארבונדן מיט תפלת ערבית פון מוצאי שבת קודש:

דער כללות ענין הסעודה, אויך בימות החול, איז פארבונדן מיט דעם ענין התפלה, ווי ס'שטייט אין זהר "נהמא אפום חרבא ליכול", אז עבודת הבירורים וואס איז דא אין דעם ענין האכילה, איז "אפום חרבא", ס'איז פארבונדן מיט דעם ענין התפלה, וואס דאס איז דער ענין פון "בחרבי ובקשתי - בצלותי ובבעותי".

[און ווי עס ברייננגט זיך אין זהר בנוגע צו רב המנונא סבא, אז ווען ער איז געשטאנען אין דעם פתח פון חדר האכילה, און ווען ער האט שוין געזען דעם שולחן ערוך מיט די מאכלים וכו', איז איידער ער האט גענעסן האט ער מתפלל געווען אז דער אויבערשטער זאל אים געבן עסן.

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

ד.ה. אז ביי אים איז געשטאנען בגלוי ממש דער ענין פון "נהמא אפום חרבא ליכול", אז בסמיכות ממש צו דער אכילה, איז ביי אים געווען דער ענין התפלה].

עד"ז זעט מען אויך בנוגע צו סעודת שבת (אז זי איז פארבונדן מיט דעם ענין התפלה):

סעודת שבת איז דאך פארבונדן מיט דעם ענין פון "וקראת לשבת עונג", ווי עס ווערט אראפגעבראכט אין שו"ע הל' שבת בתחלתו (ובפרט אין דעם אלטן רבי'נס שו"ע) אז "מענגו באכילה ובשתי'", מיט בשר שמן ויין ישן, מיט אלע פרטים שבזה.

ועד"ז איז תפלת שבת אנדערש פון תפלת ימות החול, אז די תפלה פון שבת איז ניט אין אן אופן של מלחמה ("חרבא"), ווארום שבת איז ניט קיין זמן פון מלחמה, ואדרבה, דעמולט איז עליית העולמות, ביז וואנעט אז "פרש שבתכם לא נאמר" - וואס דערפאר איז דער ענין התפלה אויך אין אן אופן פון "וקראת לשבת עונג", אין אן אופן של תענוג.

ד.ה. אז דער ענין פון תפלת שבת קומט ארויס בגילוי אין סעודת שבת, דערפאר וואס סעודת שבת איז פארבונדן מיט תפלת שבת.

ל. ועפ"ז איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו סעודת "מלוה מלכה", אז די סעודה איז פארבונדן מיט תפלת ערבית פון מוצאי שבת.

איז בנוגע צו דער תפלה פון מוצאי שבת - ווערט דאס א דין אין טעמי המנהגים אז כל זמן מ'האט נאך ניט פארענדיקט די תפלה פון מוצאי שבת, קען מען נאך ניט עפענען יענעם ארט;

און לויט דעם ענין פון "נהמא אפום חרבא ליכול", איז מען מוסיף אז אזוי איז עס אויך בנוגע צו סעודת "מלוה מלכה", וואס דעמולט איז מען "מלוה את המלך", און מ'זאגט נאך ניט קיין תחנון, ביז אז די סעודה האט א שייכות און איז מעין פון סעודת שבת (כמבואר אויך אין פוסקים) - אז כל זמן מ'האט ניט פארענדיקט די סעודה פון "מלוה מלכה", קען מען נאך ניט עפענען יענעם ארט.

ד.ה. אז נוסף אויף דעם וואס די פתיחה פון יענעם ארט איז פארבונדן מיטן סיום פון תפלת ערבית כפשוטה, איז עס אויך פארבונדן מיטן סיום פון אלע ענינים וואס האבן א שייכות צו תפלת ערבית, כולל אויך דעם ענין פון סעודת "מלוה מלכה", ניט אלע ענינים וואס זיינען דערמיט פארבונדן.

לא. עד"ז איז אויך געווען א הערה [וואס איז געקומען מערניט ווי פון אן איין און איינציקן - אע"פ וואס דאס איז בסתירה צו דעם ענין וואס מ'האט גערעדט, און מ'האט מרמז געווען אויף דער סתירה, און אעפ"כ האט זיך קיינער ניט געשטעלט אויף דעם] בנוגע צו דעם וואס מ'האט גערעדט באריכה (שיחת מוצאי ש"פ בשלח סנ"ה ואילך. שיחת מוצאי ש"פ משפטים סל"ז ואילך) וועגן פרש"י אויפן פסוק "תפול עליהם אימתה ופחד".

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם זמן פון פורים, וואס דעמולט איז געווען דער ענין פון "נפל פחד מרדכי עליהם" (אסתר ט, ג).

וואס אויף דערויף דארף מען ניט אנקומען צו אן ענין פון קי"ס (אז דער ים זאל זיך שפאלטן) - נאר דורך דערויף וואס א איד שטעלט זיך אוועק אין דעם מעמד ומצב פון "מרדכי" (כדלקמן), ווערט אויפגעטאן דער "נפל פחד מרדכי עליהם".

וואס ענינו פון מרדכי איז - אז "לא יכרע ולא ישתחוה", וואס דער ענין איז שוין געגנוג אז ס'זאל זיין דער "נפל פחד מרדכי עליהם", ד.ה. אז דאס איז פארבונדן דערמיט וואס מרדכי איז געווען פון שבט בנימין, אדער דערמיט וואס

ער איז געווען דער "ראש הסנהדרין", אדער עכ"פ איינער פון חברי הסנהדרין, מיט אלע מעלות נפלאות וואס מרדכי האט געהאט, נאר ס'איז פארבונדן דערמיט וואס "לא יכרע ולא ישתחוה".

גון ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס די גזירה פון המן איז ניט געווען אויף מרדכי אליין (פארבונדן מיט די מעלות נפלאות וואס מרדכי האט געהאט), נאר די גזירה איז געווען דורך דעם וואס "כי הגידו לו את עם מרדכי":

מ'האט אים ניט געזאגט אז אלע אידן ("עם מרדכי") זיינען פון שבט בנימין, מ'האט אים ניט געזאגט אז אלע אידן געפינען זיך אין סנהדרין, נאר דאס קומט בהמשך צו דעם וואס "מרדכי לא יכרע ולא ישתחוה", און אין דערויף באשטייט "עם מרדכי" - אז "לא יכרע ולא ישתחוה".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת א איד פירט זיך אין אן אופן אז "לא יכרע ולא ישתחוה", ער דערשרעקט זיך ניט פאר גוי'שקייט, ובמילא איז "לא יכרע" צו גוי'שקייט, ועאכו"כ אז "לא ישתחוה" צו גוי'שקייט -

איז ניט נאר אז די גוי'שקייט האט ניט קיין שליטה אויף אים, און ניט נאר אז די גוי'שקייט בלייבט ווי זי איז, נאר די מציאות פון גוי'שקייט ווערט אינגאנצן בטל, ביז אז עס ווערט דער "נפל פחד מרדכי עליהם", אויף "כל עמי הארץ".

לב. אויפן פסוק "תפול עליהם אימתה ופחד", טייטשט אפ רש"י: "אימתה על הרחוקים ופחד על הקרובים, כענין שנאמר כי שמענו את אשר הוביש ה' וגו'".

און מ'האט מבאר געווען (שיחת מוצאי ש"פ משפטים ס"כ ואילך) דעם חילוק צווישן פרש"י מיט דער מכילתא - וואס די מכילתא ברייינגט פריער די ראי' פון דעם פסוק "ויהי כשמוע כל מלכי האמורים וגו'", און דערנאך די ראי' פון דעם פסוק "כי שמענו את אשר הוביש וגו'", און רש"י ברייינגט נאר די ראי' פון דעם פסוק "כי שמענו את אשר הוביש ה' וגו'":

פאר דעם פסוק "תפול עליהם אימתה ופחד", שטייט "אז נבהלו אלופי אדום אילי מואב גו'" - וואס אין דעם איז מען מדייק אז "אלופי אדום" און "אילי מואב" האבן זיך דערשראקן, אבער ניט די "מלכים".

און דערפאר ברייינגט די מכילתא די ראי' פון דעם פסוק "ויהי כשמוע כל מלכי האמורי גו'" - וויבאלד אז די מכילתא וויל ברייינגען א ראי' אז די מלכים האבן זיך אויך דערשראקן.

אבער אין פשש"מ איז ניט נוגע צי ס'איז געפאלן א פחד אויך אויף די מלכים אדער ניט, ווארום אין פשש"מ רעדט זיך ניט וועגן דערויף - דארף רש"י ניט ברייינגען קיין ראי' פון דעם פסוק "ויהי כשמוע כל מלכי האמורי גו'".

לג. האט מען געפרעגט אויף דעם, אז לכאורה איז פון דעם פוסק "אז נבהלו אלופי אדום אילי מואב גו'" ניט משמע אז די מלכים האבן זיך ניט דערשראקן, ווארום:

אויפן פסוק "אז נבהלו אלופי אדום אילי מואב" טייטשט אפ רש"י: "והלא לא הי' להם לירא כלום שהרי לא עליהם הולכים, אלא מפני אנינות שהיו מתאוננים ומצטערים על כבודם של ישראל", זעט מען דאך אז בא זיי איז אינגאנצן ניט געווען קיין ענין של פחד, מערביט וואס "מתאוננים ומצטערים על כבודם של ישראל", איז לכאורה ניטא קיין הוכחה דערפון אז נאר "אלופי אדום" און "אילי מואב" האבן זיך דערשראקן, און ניט די "מלכים"?

איז דער ביאור בזה:

רש"י טייטשט ניט אפ אז "נבהלו" און "יאחזמו רעד" איז ניט קיין ענין של פחד, נאר אן ענין של צער ("מצטערים על כבודם של ישראל") - ווארום דאס איז היפך פון פשטות הכתובים; אין פשטות הכתובים מיינט "נבהלו" און "יאחזמו רעד" - אן ענין של פחד, און מ'געפינט אין ערגעץ ניט אז ס'זאל מיינען אן ענין של צער!

[און ווען רש"י וואלט געוואלט אפטייטשן אז דער פירוש פון "נבהלו" און "יאחזמו רעד" דא איז אנדערש פון כל המקומות - וואלט ער באווארענט אז דאס איז דער פירוש באופן אחר פון כל המקומות, און "לא מצאתי לו חבר" וכיו"ב].

רש"י זאגט נאר אז מ'קען ניט זאגן אז דער פחד פון "אלופי אדום" און "אילי מואב" איז געווען דערפון וואס אידן גיין איינעמען זייער לאנד, ווארום "לא עליהם הולכים" - נאר דער "נבהלו אלופי אדום אילי מואב יאחזמו רעד" איז געווען "מפני אנינות שהיו מתאוננים ומצטערים על כבודם של ישראל".

לד. בהמשך צו דעם וואס מ'האט גערעדט (שיחת כ"ד טבת סכ"ט) בנוגע צו די מראי מקומות אין תניא, וויל מען מוסיף זיין נאך אן ענין:

אין תניא ווערט צוגעצייכנט בכמה מקומות צו "ספר הגלגולים", און ניט צו "שער הגלגולים", אע"פ אז דער ענין שטייט אויך אין "שער הגלגולים", וואס דאס איז דורש ביאור.

די קשיא ווערט נאך שטארקער לויט דער הגה"ה פון דעם רבי'ן נ"ע אויפן סידור (ט, ג[שיט, ג]) וואס דארטן זאגט ער "אך ידוע דהשמונה שערים מוסמך יותר ועליו סומכין", ד.ה. אז אין כתבי האריז"ל זיינען דא כמה נוסחאות, וויבאלד אז זיי זיינען געשריבן געווארן דורך פארשידענע תלמידים, און "השמונה שערים מוסמך יותר ועליו סומכין" -

ואס דער "שער הגלגולים" איז דאך איינער פון די שמונה שערים, משא"כ דער "ספר הגלגולים" - און אעפ"כ ברייננט דער אלטער רבי אין תניא "ספר הגלגולים" דוקא, און ניט "שער הגלגולים".

איז דער טעם אויף דערויף פארשטאנדיק גאר בפשטות:

אין דעם אלטן רבי'נס צייטן איז דער "שער הגלגולים" נאך ניט געווען געדרוקט, משא"כ "ספר הגלגולים" איז שוין דעמולט געווען געדרוקט - און דערפאר האט דער אלטער רבי געצייכנט צו "ספר הגלגולים" דוקא, און ניט צו "שער הגלגולים".

און אפילו את"ל אז דער אלטער רבי האט אויך געהאט דעם כת"י פון "שער הגלגולים" - איז אזוי ווי ער האט דאך געוואלט אז די וואס וועלן ארייננקוקן אין תניא זאלן קענען ארייננקוקן אין דעם ארט וואו ער צייכנט אן, האט ער ניט געקענט צייכענען צו א ספר וואס געפינט זיך מערניט ווי ביי אים אליין, און דערפאר האט ער ניט געצייכנט צום "שער הגלגולים", נאר צום "ספר הגלגולים", כדי אז יעדערער וואס וועט לערנען דעם תניא [וואס דעם תניא ("ספר של בינונים") האט דאך דער אלטער רבי געוואלט פאנאנדערשיקן צו "כל אנ"ש שבמדינותינו"], זאל קענען ארייננקוקן אין דעם ארט וואו ער צייכנט אן - "ספר הגלגולים".

עס איז אבער פארשטאנדיק, אז דאס איז גארניט ממעט ח"ו אין דעם תוקף פון "שער הגלגולים", ובפרט לויט דער הגה"ה פון דעם רבי'ן נ"ע אז "השמונה שערים (וואס "שער הגלגולים" איז איינער פון זיי) מוסמך יותר ועליו סומכין".

וכידוע דאס וואס דער אלטער רבי שרייבט אין סידור תו"א בנוגע צו הל' חמץ, אז ווען אלע חידושי הראשונים וואלטן נתגלה געווארן בזמן הראשונים, וואלט מען דעמולט גע'פסק'נט דעם דין באופן אחר - וואס דערפאר איז נאך דערויף

הפצת המעיינות חוצה, אין אן אופן פון הולך ומוסיף ואור, ע"י כל אחד ואחת באופן המתאים לו, אין אן אופן שלמעלה ממדידה והגבלה.

ביז אז נאך זייענדיק אין דעם מעמד ומצב פון "אכתי עבדי אחשורוש אנן" איז שוין דא דער ענין פון קריאת הלל - לויט דער דעה אין גמרא אז קריאת המגילה איז ע"ד ווי קריאת הללל אין חגה"פ,

ובפרט לויט מסקנת הגמרא אז "מסמך גאולה לגאולה" - די גאולה פון פורים בסמיכות ממש צו דער גאולה פון פסח,

און "כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות" - אז ס'ועט נתגלה ווערן תורתו של משיח, און דער גילוי וועט זיין לכל העם כולו, בקרוב ממש.

* * *

לז. דער ביאור אין פרש"י:

ווען מ'לערנט דעם פסוק "ומלאת את ידם", ווערט גלייך די קשיא: וואו געפינט מען אז משה רבינו האט עפעס געגעבן אין די הענט פון אהרן ובניו?

זאגט אויף דערויף רש"י: "כל מילוי ימים ל' חינוך הוא", ד.ה. אז ס'איז ניט קיין ענין וואס "לא מצאתי לו חבר", נאר "כל מילוי ידים", אומעטום וואו עס ווערט דערמאנט אין תנ"ך דער ענין פון "מילוי ידים", איז "ל' חינוך הוא".

אבער ניט יעדער ענין של חינוך סתם ווערט אנגערופן בשם "מילוי ידים" (אויף דערויף זיינען דא אנדערע לשונות) - נאר "כשהוא נכנס לדבר להיות מוחזק בו מאותו יום והלאה", ד.ה. אז "מילוי ידים" איז פארבונדן מיט א חינוך אין אן אופן פון שטארקייט, און ס'איז א דבר מלא ושלם, "להיות מוחזק בו".

וואס פאר א שייכות האט דאס אבער צו "מילוי ידים" - ברייננגט רש"י א דוגמא פון ל' לע"ז (ווי ס'איז געווען בימיו, וואס דורך דעם וועט דאס זיין פארשטאנדיק צום בן חמש למקרא) "כשממנין אדם על פקידת דבר, נותן השליט בידו בית יד של עור שקורין גוואנט"ו, ועל ידו הוא מחזיקו בדבר":

בשעת מ'איז ממנה א מענטשן אויף א "פקידת דבר", און מ'וויל אז ער זאל זיין "מוחזק בו", גיט אים דער שליט א "בית יד", א הענטשיקע, וואס דאס איז א זאך מיט וועלכע די גאנצע האנט ווערט ארומגערינגלט (ניט נאר אן אצבע, צוויי אדער דריי אצבעות, נאר די גאנצע האנט), און דורך דעם איז ער "מחזיקו בדבר", ניט נאר אז ער באקומט סתם א שייכות צו דער זאך, נאר ער ווערט מוחזק אין דעם, ד.ה. אז דאס איז א חינוך אין אן אופן פון שטארקייט.

לח. און דערנאך איז רש"י ממשיך "וקורין לאותו מסירה ווירסטי"ר" - והביאור בזה:

ביי אהרן ובניו איז דאך ניט געווען דער ענין אז מ'האט זיי געגעבן א "בית יד של עור", נאר דער "ומלאת את ידם" האט זיך אויפגעטאן דורך "והלבשת אותם את אהרן אחיך ואת בניו אתו" (וואס שטייט פאר דערויף) - איז וואס פאר א שייכות האט דער ענין וואס "נותן השליט בידו בית יד של עור" צו דעם ענין פון "ומלאת את ידם"?

זאגט אויף דערויף רש"י "וקורין לאותו מסירה ווירסטי"ר" - וואס דער אפטייטש פון דעם פראנצויזישן ווארט איז פארבונדן מיט א בגד וועלכן מ'טוט אן, ד.ה. אז דער אינהאלט פון דער נתינה פון דעם "בית יד" איז - אז ער טוט אים אן א לבוש, וואס דאס אונטערשטרייכט אז ער איז אים מחזיק אויף דער זאך.

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנדו"ד, אז דורך דעם וואס "והלבשת אותם אהרן ואת בניו אתו", איז ער זיי מחנך אז זיי זאלן זיין מוחזק אויף דעם ענין הכהונה, בדוגמא ווי דער שליט טוט אן א מענטשן א "בית יד של עור", וואס "על ידו הוא מחזיקו בדבר".

ועפ"ז איז פארשטאנדיק פארוואס דארף רש"י ברייגגען צוויי ווערטער פון ל' לע"ז - וויבאלד אז דער ערשטער  ווארט איז א ראי' אויף כללות הענין אז "כל מילוי ידים ל' חינוך הוא", און דערנאך איז רש"י מבאר דעם קשר דערפון מיט "והלבשת אותם", וואס אויף דערויף ברייגגט ער דעם צווייטן ווארט פון ל' לע"ז.

לט. אין דערויף קומט נאך צו אן ענין נפלא:

עס איז דאך ידוע תורה הבעש"ט אז יעדער זאך וואס א איד זעט אדער הערט, איז עס א הוראה בעבודתו לבוראו.

דינגט מען זיך אין דערויף, וויבאלד אז מ'מיינט אז דאס איז א זאך וואס חסידות האט אויפגעטאן, און דער וואס איז דערווייילע נאך ניט קיין חסיד, דארף מען נאך וויסן צי ער וועט דאס אננעמען.

און מ'מאכט א שטורעם: היתכן אז מ'זאל קוקן און אפלערנען זיך פון א זאך אין סטרא דלעו"ז, א זאך וואס האט געטראפן מיט ניט קיין אידן, אדער פון א דומם, צומח און חי, אדער אפילו פון א מדבר וואס איז ניט קיין שומר תומ"צ!

וואס זאגט דער בעש"ט אז מ'האט דאס אים באוויזן כדי ער זאל וויסן ווי אזוי צו פירן זיך אין די ענינים פון תומ"צ - אויף דערויף האט ער דעם שו"ע?!

שטייט דאס גאר אין פרש"י:

פון דעם אופן דהנהגה פון א שליט אין פראנקרייך בזמן רש"י, אז ער גיט א "בית יד של עור", לערנט אפ רש"י דעם פירוש פון "ומלאת את ידם".

רש"י'ן איז ניט נוגע וואס עס טוט זיך מיטן שליט, ער דארף דאס נאר האבן אויף צו קענען מסביר זיין צום בן חמש למקרא דעם פירוש פון "ומלאת את ידם".

ער קען נעמען דער פירוש בזה פון קבלה, פון רמז, פון דרוש, און פון פשט פון תורה - זאגט אבער רש"י אז דער פירוש פון "ומלאת את ידם" נעמט ער דערפון וואס "כשממנין אדם על פקידת דבר נותן השליט בידו בית יד של עור שקורין גוואנט"י" - נוצט אויס רש"י אן ענין פון וועלט און א ווארט פון לע"ז אויף צו קענען מסביר זיין דעם פירוש פון  "ומלאת את ידם".

מ. וכמדובר כמ"פ אז מ'לויפט דורך פירוש רש"י, און מ'זעט ניט די "יינה של תורה" וואס איז דא אין פרש"י, און נאכמער: מ'זעט אפילו ניט עניני מוסר אין הנהגת האדם, וועלכע זיינען ענינים עיקריים אין תורת החינוך:

ווען א איד לערנט דעם פרש"י, ועאכו"כ ווען א מחנך לערנט דאס מיט א קינד - איז צום אלעם ערשטן וועט ער וויסן (פון דעם פרש"י) ווי מ'דארף אפטייטשן דעם ענין פון "ומלאת את ידם", און דערנאך וועט ער דערפון ארויסנעמען א כלל אין חינוך:

גלייך ווען "ידע הנער בין טוב לרע", איז ער שוין מוכן ומסוגל אז מ'זאל אים מסביר זיין אז יעדער זאך וואס ער הערט און יעדער זאך וואס ער זעט, איז עס א לימוד און א הוראה אין עבודת האדם לקונו,  ווארום ס'איז ניטא קיין זאך

וואס איז בדרך ממילא און אין דערויף איז ניטא קיין אינהאלט, ווארום "לא ברא הקב"ה בעולמו דבר אחד לבטלה", איז א זיכערע זאך אז אין דערויף איז דא א הוראה אין עבודת האדם לקונו.

און מ'דארף ניט ווארטן ביז דער קינד וועט אנהויבן לערנען גמרא, און ער וועט אנקומען צו דער מסכתא און צו דעם דף וואו עס שטייט אז "לא ברא הקב"ה בעולמו דבר אחד לבטלה", נאר ווען זייענדיק א בן חמש למקרא זאגט דאס אים רש"י בפירושו עה"ת, און טאמער מ'וויל דאס לערנען מיט אים נאך פריער, מאכט אויך ניט אויס!

מא. האמור לעיל (אז אין דעם פרש"י איז מודגש אז מ'דארף אפלערנען א הוראה פון יעדער ענין פון וועלט) איז אויך מודגש אין א צווייטן פרש"י אין דער פרשה - וואס רש"י (פרשתנו כח, ד) זאגט אז דער "אפוד" איז "כמין סינר כו' שחוגרות השרות כשרוכבות על הסוסים".

ובהקדים:

עס זיינען דא כמה סיפורים וואס מלמדים פלעגן דערציילן די קינדער אין חדר אלס אן ענין של חינוך, אע"פ אז יש אומרים אז ניט אלע סיפורים זיינען געווען מתאים צו דער מציאות, נאר אין כמה סיפורים האט מען מוסיף געווען ליופי המליצה וכו', כדי צו ארויסנעמען דערפון א מוסר השכל בנוגע צום חינוך פון די קינדער.

ועד"ז בנוגע צום פרש"י הנ"ל, אז מלמדים אין חדר פלעגן דערציילן א סיפור וואס איז דערמיט פארבונדן - וואס אע"פ אז מ'האט דאס ניט געהערט פון א בר-סמכא וכו', איז אבער דער תוכן און דער מוסר השכל וואס מ'וויל דערפון ארויסנעמען איז זיכער אן אמת'ער, און עס קען אויך זיין אז דער סיפור איז אן אמת'ער (כדלקמן).

מב. ובדוגמא ווי מ'זאגט בנוגע צו כמה סיפורים בנוגע צום בעש"ט, וועלכע מ'האט ניט געהערט פון די רביים, נאר פון חסידים, און אויך פון אזוינע חסידים וואס מרוב ההתפעלות זיינען זיי אמאל משנה און זיינען מוסיף אין דעם סיפור,

[ווי גערעדט אמאל בארוכה וועגן דעם וואס רש"י זאגט בנוגע צו הדלקת המנורה, אז "ויעש כן אהרן" (בהעלותך ח, ג) איז "להגיד שבחו של אהרן שלא שינה" - אז לכאורה איז ניט פארשטאנדיק: וואס פאר א שבח איז דאס פאר אהרן אז ער האט מקיים געווען דעם אויבערשטנ'ס ציווי אין דעם אופן וואס מ'האט אים אנגעזאגט, און "לא שינה"?!

האט מען מבאר געווען אין דעם (ווי מלמדים פלעגן ענטפערן אויף דעם) - אז דאס וואס "לא שינה" איז א געוואלדיקער פלא:

ווען עס וואלט זיך גערעדט וועגן א כהן הדיוט (הדיוט כפשוטו), איז קיין פלא ניט דאס וואס ער האט אנגעצונדן די מנורה אן קיינע שינויים, ווארום ער האט געהערט דעם ציווי, און ער ווייסט נאר פשוטו של מקרא, צינדט ער לויט ווי מ'האט אים אנגעזאגט;

ווען עס רעדט זיך אבער וועגן אהרן הכהן, וואס ער האט געוואוסט די אלע רמזים און סודות און דרושים וואס זיינען פארבונדן מיט הדלקת המנורה, און ער האט געוואוסט די אלע יחודים עליונים וואס ווערן אויפגעטאן דורך הדלקת הנרות, אז דאס איז אן עבודה וואס טוט אויף אין "שמי השמים", ביז אין עצמות ומהות,

און דערביי האט ער ווי דורך הדלקת המנורה ווערט אנגעצונדן א גאנצער סוג פון אידן וועלכן איז פארבונדן מיטן נר ראשון, ועד"ז בנוגע צו אלע נרות

פון דער מנורה וועלכע זיינען פארבונדן מיט אלע סוגים פון אידן -

איז דערזענדיק דעם גודל הענין וואס ער האט אויפגעטאן דורך "בהעלותך את הנרות" - און ניט וואס ער האט אויפגעטאן, נאר וואס די מצוה האט אויפגעטאן - וואלט ער געדארפט ארויסגיין פון די כלים, און אויסגיין מיט א כליון וכו'!

און דאס איז געווען דער געוואלדיקער פלא און "שבחו של אהרן" אז "לא שינה":

ווען ער האט אנגעצונדן די מנורה, האט ער דאס געטאן פונקט ווי מ'דארף דאס טאן לויט פשוטו של מקרא: ווען ער האט אנגעגאסן דעם שמן האט זיך עס ניט פארגאסן, און ער האט ארייגעלייגט די פתילה אין אן אופן אז דער שמן זאל זיך ניט פארגיסן, און דערנאך האט ער אנגעצונדן אלע נרות, און ניט אז גלייך נאך ניט אנציבדן די נרות איז ער בטל געווארן מכל המציאות שלו, נאר ער האט געווארט "עד שתהא שלהבת עולה מאלי'"!

וכידוע וואס מ'דערציילט אויף תלמידי המגיד, אז בשעת זיי האבן געהערט די תורה פון דעם מגיד, זיינען געווען אזוינע וואס זיינען גלייך בטל געווארן, און עס זיינען געווען אזוינע וואס האבן געקענט הערן ביז אינמיטן פון דער תורה, און אזוינע וואס האבן געקענט הערן נאך מערער, אבער ניט ביז צום סיום פון דער תורה,

און בנוגע צום אלטן רבי'ן דערציילט מען אז ער האט געהערט די גאנצע תורה פון מתחילה ועד סוף, און לאחרי שמיעת התורה האט ער באקומען א שלשול.

וכידוע אז דער אלטער רבי האט געזאגט אויף זיך אז ער איז א "בריא" פון ש"ס (בנוגע צו בריאות הגוף כפשוטה) - און אעפ"כ האט ער באקומען א שלשול מצד שמיעת התורה; דאס איז אבער געווען לאחרי שמיעת התורה, די תורה האט ער געהערט מתחילה ועד סוף, אין אן אופן פון "לא שינה", און דערנאך האט ער דערפון באקומען א שלשול.

ובנדו"ד - זיינען דא אזוינע חסידים וואס מרוב ההתפעלות שלהם קען מען פון זיי ניט ערווארטן אז בא זיי זאל זיין דער "לא שינה"],

ער דערהערט אז עס רעדט זיך וועגן דעם בעש"ט, אדער וועגן דעם אלטן רבי'ן וכיוצ"ב, איז ער משער אז נוסף אויפן נס וואס ער האט געהערט וועגן זיי, איז געווען א נס בתוך נס, א נס גדול יותר, און עס לייגט זיך ביי אים אז ס'איז געווען א הוספה אין דעם סיפור -

זאגט מען אבער בשם גדולי ישראל, אז וויבאלד מ'רעדט וועגן א גדול בישראל, ועאכו"כ ווען מ'רעדט וועגן א נשיא בישראל, איז אפילו אויב די מעשה איז ניט געווען בפועל, איז אבער געווען בכחו אז ס'זאל זיין בפועל, נאר אין דעם פרט איז עס ניט אראפגעקומען אין מעשה בפועל.

ועד"ז בנדו"ד - אע"פ אז עס קען זיין אז דער סיפור (דלקמן) וואס מ'דערציילט וועגן דעם פירוש רש"י איז ניט געווען בפועל, האט דאס אבער געקענט זיין, און דער תוכן און די הוראה שבזה איז אן אמת'ע.

מג. וועגן פרש"י בנוגע צום "אפוד" דערציילט מען, אז אזוי ווי רש"י איז געווען א סוחר, פלעגט ער אמאל ארויסגיין בחוץ, האט ער אמאל געזען אן אשה רוכבת על הסוס מיט אזא "סינר", און דערפון האט ער אפגעלערנט ווי אזוי דער "אפוד" האט אויסגעזען.

וואס אע"פ אז אן אשה רוכבת על הסוס איז אן ענין וואס איז היפך הצניעות,

ווי די גמרא (פסחים ג, א) זאגט אז "באשה קראו מושב" און ניט "מרכב", וואס דאס איז דאך אן ענין וואס מ'דארף אויסמיידן אז מ'זאל דאס ניט זען - אעפ"כ, וויבאלד אז ער איז געווען מוכרת צו זען דאס (אע"פ אז ס'איז געווען היפך רצונו וכו'), האט ער דערפון אפגעלערנט אן ענין אין תורה - ווי אזוי האט דער "אפוד" אויסגעזען.

וואס דערפון האט מען נאך א דוגמא פון פרש"י אין דער פרשה, ווי מ'דארף אפלערנען אן ענין פון יעדער זאך וואס מ'זעט - אז אפילו ווען ער זעט אן ענין הפכי פון תומ"צ, דארף דאס אים מעורר זיין אז ביי אים זאל צוקומען אין לימוד התורה וקיום המצוות, סיי פאר זיך, און סיי אין דעם לימוד מיטן זולת, ביז מיט תשב"ר -

ווי מ'זעט אין פרש"י אז פון דעם "סיגנר שחוגרות השרות כשרוכבות על הסוסים" האט רש"י אפגעלערנט ווי אזוי דער "אפוד" האט אויסגעזען, און דערפון וואס "כשממנין אדם על פקידת דבר, נותן השליט בידו בית יד של עור שקורין גוואנט"ו" [וואס דאס איז א ווארט אין לע"ז, ניט אין לה"ק, כמבואר אין תו"א דער חילוק צווישן לה"ק מיטן לשון פון אוה"ע, אז דאס איז בדוגמת החילוק צווישן "אבנים" מיט "לבנים"] - האט ער אפגעלערנט דעם פירוש פון "ומלאת את ידם".

און דאס איז דער אופן החינוך וואס מ'איז מחנך דעם בן חמש למקרא, אין אן אופן אז ער זאל זיין "מוחזק בו", אז "גם כי יזקין לא יסור ממנה" - אז יעדער ענין וואס ער זעט אדער ער הערט אין וועלט, אפילו אן ענין וואס ער האט ניט געוואלט זען און אעפ"כ האט ער דאס דערזען - איז א זיכערע זאך אז אין דערויף איז דא א הוראה אין עבודת האדם לקונו, בנוגע צו לימוד התורה, אדער בנוגע צו קיום המצוות, אדער בנוגע צו בײדע ענינים.

מד. דער ביאור אין וואס אין דער הערה אויפן זהר איז אלץ מודגש די מעלה פון ו"ה, ועד"ז "מגילה נקראת בי"א", וואס דאס איז פארבונדן מיט ו"ה:

די משנה זאגט אז "מגילה נקראת בי"א כו' ובט"ו לא פחות ולא יותר", ועד"ז געפינט מען בנוגע צו מילה אז "קטן נימול לשמונה לתשעה ולעשרה ולאחד עשר ולי"ב (אויף פינף טעג) לא פחות ולא יותר" (שבת קלז, א במשנה), ועד"ז געפינט מען אז "לחם הפנים נאכל לתשעה לעשרה ולאחד עשר לא פחות ולא יותר" (פסחים מו, סע"ב ואילך), ועד"ז געפינט מען אין פרש"י אויפן פסוק (יתרו יט, ו) "אלה הדברים אשר תדבר אל בנ"י" - "לא פחות ולא יותר".

וואס לכאורה איז ניט פארשטאנדיק: מאי קמ"ל אז "לא פחות ולא יותר", אויב עס וואלט ניט געשטאנען "לא פחות ולא יותר", וואלט מען דאס אויך פארשטאנען בפשטות?

עד"ז געפינט מען א לשון וואס איז בדומה לזה בנוגע צו די עשר ספירות - ווי עס שטייט אין ספר יצירה "עשר ולא תשע, עשר ולא אחד עשר".

וואס דא ווערט אויך די זעלבע שאלה: צוליב וואס דארף מען זאגן אז "עשר ולא תשע, עשר ולא אחד עשר" - ווען מ'זאגט "עשר ספירות", פארשטייט מען אליין אז מ'מיינט עשר?

וואס בשעת מ'איז שולל און מ'זאגט "עשר ולא אחד עשר", באווייזט דאס אז ס'איז דא עפעס א קשר צווישן "עשר" מיט "אחד עשר" - איז ניט פארשטאנדיק: וואס פאר א שייכות האט "עשר" צו "אחד עשר", ובפרט ע"פ המבואר בכ"מ אז מספר "אחד עשר" האט גאר א שייכות צו לעו"ז?

מה. איז דער ביאור בזה פארשטאנדיק לויט דעם וואס די משנה הויבט אן מיט "מגילה נקראת בי"א":

דער כללות הענין פון דער מגילה (און דער ענין פון פורים) איז - אז ס'זאל זיין דער "ונהפוך הוא", אז די ענינים פון לעו"ז זאלן נתהפך ווערן לקדושה, ביז אין אן אופן פון "אורה ושמחה וששון ויקר", ביז אז נאך זייענדיק אין דעם מעמד ומצב פון "אכתי עבדי אחשורוש אנן", זאל זיין א שמחה אין אן אופן פון "עד דלא ידע".

און דאס איז אויך וואס מ'זעט אז אין דער מגילה ווערט ניט דערמאנט שם הוי', און באכמער: עס ווערט אינגאנצן ניט דערמאנט דעם אויבערשטנ'ס נאמען (כמבואר אין די דרושים פון רבותינו נשיאינו, אין תו"א און אין שערי אורה ובכ"מ) - און אעפ"כ זאגט מען אז "כל ספרי הנביאים וכל הכתובים עתידים ליבטל לימות המשיח חוץ ממגילת אסתר" (רמב"ם סוף הל' מגילה).

וואס אע"פ אז מלכתחילה האט מען גאר ניט געוואלט אריינשטעלן צווישן די כ"ד ספרים, און עס האט געדארפט זיין די בקשה פון אסתר "כתבוני לדורות", מיט דער גאנצער שקו"ט בזה - זאגט מען אבער אז דוקא מגילת אסתר וועט ניט בטל ווערן, און "הרי היא קיימת כחמשה חומשי תורה", ד.ה. אז ראס וואס "מגילה נקראת" איז ברוגמא ווי מ'איז קורא בתורה ממש.

און דאס איז אויך וואס די משנה הויבט אן מיט "מגילה נקראת בי"א", וואס דאס באווייזט אויפן בירור פון לעו"ז (י"א) - ע"ר ווי אין רער קטורת זיינען געווען י"א סממנים, וואס דאס באווייזט אויפן בירור פון לעו"ז, און עבודת הקטורת איז פארבונדן במיוחד מיט יוהכ"פ, ועאכו"כ בנוגע צו פורים - ווי עס שטייט אין תקו"ז אז "יום הכפורים", אזוי ווי פורים.

און רערפאר הויבט אן די משנה מיט "מגילה נקראת בי"א", און ערשט רערנאך קומט מען צו ט"ו - וויבאלד אז די נקודה העיקרית פון דער מגילה איז דער בירור און אתהפכא פון לעו"ז (י"א).

מו. עד"ז איז אויך פארשטאנדיק דער ענין פון "ואתה תצוה", וואס דאס איז רער חיבור פון דעם וא"ו מיטן ה"א (ו"ה):

"אתה (תצוה)" גייט דאך אויף משה רבינו, וואס ער איז געווען דער בחיר פון כל הנבראים, און "משה קבל תורה מסיני ומסרה כו'" - דארף אין דעריף צוקומען דער "ואתה (תצוה)", דער וא"ו המוסיף, וואס דאס איז בדוגמת ההוספה וואס איז צוגעקומען דורך דעם וואס "יתרו" האט געזאגט "עתה ידעתי כי גדול ה' מכל האלקים", וואס דוקא דעמולט האט געקענט זיין דער "משה קבל תורה מסיני".

און דאס איז די מעלה וואס איז דא אין דעם חיבור פון דעם וא"ו מיטן ה"א - דער ענין פון ו"ה, וואס דאס איז פארבונדן מיט דער מעלה פון מספר י"א, וואס דאס באווייזט אויפן בירור פון לעו"ז.

און דאס איז אויך וואס מ'זאגט "אין והי' אלא לשון שמחה" - וואס אין "והי'" שטייט דער "ו"ה" פאר דעם "י"ה", בדוגמא ווי די משנה זאגט "מגילה נקראת בי"א כו' ובט"ו", פריער י"א (ו"ה), און דערנאך ט"ו (י"ה) -

וואס די שמחה איז פארבונדן מיט דעם בירור פון לעו"ז - בדוגמת המבואר אין תניא אז בשעת דער בן המלך איז געווען בשבי' און טוחן בבית האסורים, איז די שמחה דערפון וואס ער קערט זיך אום לבית אביו המלך א סאך גרעסער פון די שמחה ווען דער בן המלך געפינט זיך שטענדיק בבית המלך.

מז. בהמשך צו דעם וואס מ'האט גערעדט וועגן "לך כנוס את כל היהודים" - זיינען דא אזוינע וואס טענה'ן אז בנוגע צו יוהכ"פ איז פארשטאנדיק אז עס דארף זיין דער "כנוס את כל היהודים", ווארום דעמולט זאגט מען "על דעת המקום כו' בישיבה

של מעלה ובישיבה של מטה אנו מתירים להתפלל עם העבריינים", דארף דעמולט זיין דער "כנוס את כל היהודים" (אפילו די "עבריינים") - אבער וואס פאר א שייכות האט דער ענין פון "כנוס את כל היהודים" צו פורים?

זאגט מען אים אז צום אלעם ערשטן דארף מען וויסן צי יענער איז אן "עבריין" און אפילו אויב יע - איז קרוב לודאי וואס ער איז א "תינוק שנשבה לבין העכו"ם",

ביז ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין תניא פרק ל"ב אז "מי יודע גדולתן ומעלתן בשרשן ומקורן" - וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז עס קען גאר זיין אז יענער איד איז אין א העכערע דרגא פון דעם וואס גייט אים צוזאמענקלייבן!

און דערנאך זאגט מען אים אז א "לשון של שמחה" קען זיין דוקא ווען ס'איז דא דער ענין פון "והי'" - דער ו"ה (י"א) פארן י"ה, וואס דאס איז די מעלה פון דעם בירור פון די ענינים פון לעו"ז.

און דאס וואס ער טענה'ט אז דאס איז פארבונדן מיט יום הכפורים דוקא - זאגט מען אים אז אדרבה: מה-דאך אז אין דעם טאג וואס איז "כפורים" (אזוי ווי פורים, בכ"ף הדמיון) זאגט מען "אנו מתירים להתפלל עם העבריינים", איז עאכו"כ בנוגע צו פורים, וואס דעמולט שטייט מען אין א מעמד ומצב פון "עד דלא ידע", און מ'איז אפילו ניט מבחין צווישן "ארור המן" מיט "ברוך מרדכי"!

בשעת ער טוט דאס אין אן אופן פון "דעת", איז עס היפך התורה! ווען עס קומט צו "המן" דארף ער שרייען "ארור", און ווען עס קומט צו "מרדכי" דארף ער שרייען "ברוך" - ווען ער האלט אבער בא "עד דלא ידע" (כמבואר אין פע"ח), גיט דאס איס דעם כח ער זאל קענען מאכן פון "ארור המן" אז ס'זאל זיין "ברוך מרדכי", ווי עס ברייננגט זיך אין ספרים אז די גימטריא פון "ארור המן" איז די זעלבע ווי "ברוך מרדכי".

און דאס איז אויך וואס אין ימי הפורים איז מען מתיר צו אנטאן א כיסוי על פניו, אע"פ אז דעמולט קען מען א טעות האבן און מיינען אז דאס איז ניט ער, קומט דאך אויס אז ער איז מטעה בני אדם - איז אבער דערמיט פארבונדן שמחת פורים, ביז אז דאס איז גאר געווארן א "מנהג ישראל".

ועד"ז זעט מען אויך אז א גאנץ יאר שטייט מען אין בתי כנסיות מיטן גאנצן אימה ופחד ורתת וזיע, וויבאלד אז עס דארף זיין דער "דע לפני מי אתה עומד" - ווען עס קומט אבער צו צו ימי הפורים, גראגערט מען בקול רעש גדול, און ניט מיט א "קול דממה דקה"!

איך האב געזען אזוינע וואס ווען עס קומט צו "המן", איז אזוי ווי ער ווייסט אז עס שטייט אין ספר המנהגים אז מ'דארף קלאפן, האט ער קיין ברירה ניט און ער מוז קלאפן, ער קלאפט אבער אזוי אז ער אליין זאל אויך ניט הערן!

וועגן דעם אז א צווייטער זאל ניט הערן, איז ניטא וועגן וואס צו רעדן, ווארום וואס הייסט אז ער וועט מבלבל זיין א צווייטן פון הערן די מגילה - ער איז אבער נאכמער מהדר אין דעם, אז ער אליין זאל דאס אויך ניט הערן!

ער גיט א קלאפ שטילערהייט, און ווען ער כאפט זיך אז מ'קוקט אויף אים, קלאפט ער דריי מאל נאכאנאנד, אבער מיט א "קול דממה דקה", און ח"ו אז ס'זאל זיין "בקול רעש גדול"!

איז יה"ר אז ס'זאל זיין "בקול רעש גדול", און דערפון וועט מען קומען צו "והאופנים וחיות הקודש ברעש גדול מתנשאים", ועאכו"כ אז אידן זיינען "מתנשאים".

מח. און די הכנות צו פורים, און פורים אליין, זאלן זיין בשמחה וטוב לבב,

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

ווי מ'האט ערשט געזאגט אין הבדלה "ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר כן תהי' לנו", וואס "אין מקרא יוצא מידי פשוטו",

ובמילא וועט אויך זיין דער "כנוס את כל היהודים" בשמחה וטוב לבב, ומתוך הרחבה, אז מ'וועט צוזאמענקלייבן "את כל היהודים", אלע סוגים פון אידן, און מיט יעדערן פון זיי וועט מען זיך פירן בדרכי נועם ובדרכי שלום, פונקט ווי מ'פירט זיך מיטן העכסטן פון זיי,

און מ'וועט דאס אויך פארבינדן מיט א הוספה אין תפלה, אין לימוד התורה און אין קיום המצוות, אנהויבנדיק פון מצות הצדקה.

וכן תהי' לנו - אז בקרוב ממש און בדרכי נועם ודרכי שלום וועלן בטל ווערן כל התכניות וכל המחשבות בלתי רצויות, און ס'וועט זיין דער "שמעו הולך בכל המדינות" - די שמיעה פון "תורת משה", וואס "התורה הזאת לא תהא מוחלפת", וואס די תורה האט גע'פסק'נט אז אפילו ווען אוה"ע קומען "על עסקי קש ותבן", טאר מען זיי ניט צולאזן, און מ'דארף טאן אלע ענינים ע"פ דרך הטבע, ווי עס שטייט דער פס"ד אין שו"ע.

און דאס פועל'ט דעם "נפל פחד היהודים עליהם", אז מלכתחילה טשעפען זיך ניט מיט אידן, ואדרבה: "רבים מעמי הארץ מתיהדים", אין אן אופן פון גיור כהלכה,

און די וואס זיינען דערצו ניט מתאים, אדער ניט ראוי - איז "והיו מלכים אומניך ושרותיהם מניקותיך", מ'העלפט ארויס יעדער אידן און אלע אידן אין ענינים פון אידישקייט, ובמילא אויך אין עניני הרשות.

און ס'זאל זיין דער ענין פון "אורה ושמחה וששון ויקר" - כן תהי' לנו נאך זייענדיק אין דעם מעמד ומצב פון "עבדי אחשורוש אנן", אין דעם חושך כפול ומכופל פון גלות - ווערט צוזאמען דערמיט דער "ונהפוך הוא", אז מ'שטייט אין רום המצב, אין אן אופן פון "לא יכרע ולא ישתחוה", און דאס פועל'ט דעם "יכרע" און "ישתחוה" בא כל עמי הארץ, רערפאר וואס "נפל פחד היהודים עליהם".

און מ'גייט בשמחה וטוב לבב מקבל זיין פני משיח צדקנו, אין אן אופן פון "מסמך גאולה לגאולה", א סמיכות בקרוב ממש.

* * *

מט. אזוי ווי מ'דארף יעדער זאך באווארענען, דארף מען אויך באווארענען אז מ'זאל ניט מיינען אז מיט רער התוועדות דא (ועד"ז בכמה מקומות וואס מ'הערט די התוועדות, על מנת צו דערהערן) איז מען יוצא דעם ענין פון "לך כנוס את כל היהודים",

וואס די התוועדות איז דאך פארבונדן מיט דעם ענין פון תורה - וויבאלד אז מ'האט גע'חזר'ט א מאמר פון רבותינו נשיאינו,

און ס'איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון גמ"ח - דורך דעם וואס מ'גיט א שמייכל צו א צווייטן אידן, ווי כמה אידן וואס געפינען זיך אין דער התוועדות האבן זיך ערלויבט ניט זיצן אנגעבלאזן און אנגעכמורעט, נאר זיי האבן א שמייכל געטאן צו א צווייטן אירן, און געמיינט דאס מיט אן אמת,

ועאכו"כ אז פון דער התוועדות וועלן ארויסקומען החלטות טובות בנוגע צו לימדו התורה און מצות הצדקה, און קיום המצוות בכלל -

זאל מען ניט יוצא זיין דערמיט, נאר מ'זאל מאכן לכה"פ נאך איין כינוס,

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

יעדערער אין דעם אופן וואס ער קען טאן אין דעם, און דער כינוס זאל זיין פארבונדן מיט א הוספה אין תפלה, אין לימוד התורה און קיום המצוות, אנהויבנדיק פון מצות הצדקה.

ובמיוחד אין די ענינים שהזמ"ג - אז די הכנות צו ימי הפורים זאלן זיין אין אן אופן אז יעדער איד און אלע אידן וועלן קענען פראוועון ימי הפורים ווי עס דארף צו זיין, און מיט אלע פרטים שבזה,

אנהויבנדיק פון קריאת המגילה און אמירת "ועל הנסים" (ועאכו"כ שולל זיין דעם ענין פון היפך השמחה), ועד"ז בנוגע צו "משלוח מנות איש לרעהו ומתנות לאביונים" (אסתר ט, כב),

וואס דאס איז אויך כולל דעם ענין פון סעודת פורים, ווארום איינער פון די טעמים אויף דעם ענין פון "משלוח מנות איש לרעהו ומתנות לאביונים" איז - אז דורך דעם גיט מען אים די מעגלעכקייט אז ער זאל קענען פראוועון סעודת פורים,

און ווי ס'איז אויך מרומז אין דעם סיפור פון גמרא אז "רבה ור"ז מחלפי סעודתייהו" און האבן געזאגט אז דערמיט זיינען זיי יוצא די מצוה פון "משלוח מנות איז לרעהו ומתנות לאביונים", ווי עס ברענגט זיך אויך אין פוסקים.

און אזוי ווי ס'איז געווען א התוועדות וואס איז פארבונדן מיט י"א אדר (וויבאלד אז מוצאי שבת קומט בהמשך צו שבת, י"א), זאל אויך זיין עד"ז אין די ימים שלאח"ז, אין י"ב י"ג אדר, און דערנאך אויך אין "ימי הפורים האלו", אין אן אופן פון "עיר ועיר ומשפחה ומשפחה", צוזאמען מיט קבלת החלטות טובות.

און דאס וועט מוסיף זיין אין דעם "קיימו וקבלו היהודים עליהם ועל זרעם" - דער ענין פון קבלת כל התורה כולה, אנהויבנדיק פון ימי ההכנה צו פורים, י"א אדר, ובפרט אז מ'האלט שוין אין מוצאי שבת, האט דאס שוין אויך א שייכות צו י"ב אדר.

און טאן די אלע ענינים מתוך שמחה וטוב לבב, ביז אין אן אופן פון "עד דלא ידע", ובעגלא דידן.

צוה לנגן ניגון הכנה. ניגון אדה"ז (בבא הרביעית פ"א). ניע זשוריצי חלאפצי.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

סרם צאתו התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

--------------- * ---------------

א, וואס דאס איז כאמור לעיל, און אויך מערער אין בריו (נדפס בלקו"ש חט"ז ע' 629), אז דער ענין, איז אויך, ווי מיוסד אויף דערויף וואס מ'דערציילט אין מגילה, אז מען האט דאך כל היסודות, און כל הראיות, און כל הענינים, אז ס'וועט זיכער בטל ווערן כל הגזירות בלתי רצויות - כולל אויך אפילו אז מ'וויל איינרעדן א טפש, אז דאס איז ניט אן ענין פון גזירה, נאר דאס איז אן ענין טוב וכיו"ב - איז נוסף לזה וואס ס'איז נאך ניטא אזא מין טפש, סיידן אט דער וואס וויל זיך אליין מאכן פאר א טפש, במילא האט מען קיין ברירה ניט, (און) דער אויבערשטער האט דאך געגעבן בחירה חפשית, גייט ער ארום און שרייט אז דאס איז א דבר טוב, ניט נאר דערפאר וואס מ'האט אים געבעטן ער זאל אזוי שרייען, ניט נאר דערפאר וואס ער רעכנט אז ער האט קיין ברירה ניט, נאר אזוי ווי די זאך איז א דבר של הכרח, במילא איז וואס דארף מען דאס טאן מתוך עצבות, וועט ער פרואוון איינרעדן זיך און איינרעדן א צווייטן אז דאס איז א דבר טוב, וויבאלד אז סיי-ווי-סיי וועט מען דאס טאן איז זאל מען דאס טאן מתוך שמחה, (וואס ס'איז דא אזא מין סוג אויך, און דאס קען זיך טרעפן אפילו מיט אזא מין וואס ער איז אן איש טוב, און וויל טאן א טובה א צווייטן אידן ער זאל ניט זיין אין עצבות, רעדט ער אים איין, און שרייט, אז מ'דארף זיין צופרידן, און אז דאס איז א דבר טוב, ניט נאר א דבר הכרחי, וואס דאס גופא אז ס'איז הכרחי איז ניט אזוי),

אבער בעצם (איז דאך דאס), וויבאלד אז דאס איז א דבר בלתי טוב, (איז דאס) נאכמערער, דאס איז אן ענין וואס היפך התורה ופס"ד ההלכה, דארף מען מער קיין ראיות ניט זוכן אז דאס איז אן ענין וואס דאס איז ניט קיין הכרח ח"ו, ווייל ס'קען ניט זיין קיין הכרח פאר א אידן ער זאל טאן נגד התורה, עאכו"כ אז ס'האט קיין ארט ניט צו איינ'שמועס'ן אז דאס איז אן ענין וואס מ'דארף אפגעבן מז"ט, און זאגן זיי שמח מיט א שמחה גדולה,

ובפרט נאך אז דאס איז פארבונדן מיט אלע דריי זאכן, אנהויבנדיק פון שלימות התורה.

ב, און ס'איז דאך א דבר פלא: די זעלבע מענטשן וואס זיי האבן ארייגעפירט און מסכים געווען אויף גיין נגד התורה, און אוועקשטעלן דעם חוק האומלל (מיט געענזן-פיסלעך דעם "חוק") פון מיהו יהודי, איז די זעלבע מענטשן גייען ארום און שרייען אז מ'זאל וויסן זיין אז מ'נעמט צו אן ענין פון שלימות הארץ, איז פונקט אזוי ווי זיי האבן געגעבן א האנט און גע'חתמ'ט, און משתמש געווען זיך אין כל דרכים האסורים, היפך הצדק והיושר, אז דער חוק זאל אנהאלטן, ביז צו זאגן אן ענין פון היפך האמת, אפילו מילתא דעבידא לאגלויי וכיו"ב -

די מענטשן וואס האבן פארקויפט די ילדי טעהעראן בימים ההם, די ערשטע ילדי טעהעראן, פארקויפט (איך געדיינק ניט גענוי דעם מספר, א סברא אז) 80 פראצענט זאל מען אפגעבן אין א חינוך נגד הוי' תורתו, אבי מ'זאל זיי געבן א טייל פון די איבעריקע 20 פראצענט, און דער עיקר - מ'זאל זיי געבן א ביינקל און געבן געלט, כדי א טייל פון די געלט וועט מען אויסנוצן אויך אויף ענינים פון תורה ומצוות, איז די זעלבע מענטשן זיינען דערנאך געווען אין מיהו יהודי,

און די זעלבע מענטשן זיינען איצטער אין דער פרשה פון ילדי טעהעראן השני', אז מ'גייט ארום און מ'שרייט "שלום עליך ישראל", וויסענדיק אז מ'נעמט צו ר"ל אין א חינוך היפך ה' והיפך תורתו, פון די קינדער וואס קומען אן פון טעהעראן איצטער, און מ'גיט זיי אוועק בידים, און די עטלעכע מענטשן וואס בחייהם הפרטים זיינען זיי שומרי תורה ומצוה שטייען און שווייגן, און שושקען ארייז אין אויער, אז אזוי ווי זיי שווייגן זאל מען זיי פארזיכערן אז זיי בלייבן זיצן אויפן ביינקל, און מ'זאל זיי געבן נאך א ביסל געלט, וואס א טייל פון די געלט וועט אויך אוועקגיין אויף חינוך הכשר, און דערמיט ווילן זיי משחד זיין כביכול הקב"ה,

און די זלעבע מענטשן גייען און שרייען, אז מ'וויל אפרייסן, היה לא תהיה, חלקים פון ארצנו הקדושה, וואס באופן נסי האט דאס דער אויבערשטער געגעבן אידן, איצטער בעיני בשר האט מען געזען די נסים גלויים, און מ'איז שוין מסכים אויף דעם, (און ס') קומען אט די עטלעכע מענטשן און שרייען אז דאס איז נאך אויס-געהאלטן ע"פ תורה, ע"פ שלימות התורה, און מ'ווייס אז די זעלבע מענטשן האבן פארקויפט ילדי טעהעראן בפעם הראשונה, און מ'ווייס אז זיי פארקויפן זיי, די ילדי טעהעראן, איצטער בפעם השני', פרעגט מען ביי זיי און וואס איז דער מעמד ומצב, וויסענדיק אז זיי וועלן מתאר זיין דעם מעמד ומצב ניט ווי ער איז, כדי ס'זאל זיין דער פס"ד היפך ההלכה בכח ההלכה,

וואס, כאמור (סי"ז-כ"א) מ'דארף דאך טראכטן וועגן כנוס את כל היהודים, דארף מען ניט רעדן אפילו אויף אט די אידן אויך עפעס א ווארט, מ'דארף זיי אויך אריינבציען אינעווייניג, און אט דעמולט וועלן זיי מוזן זיין, מה-דאך אז ס'קען זיי ביי א אידן יצרו, דער ניט גוטער יצר, אנסו, עאכו"כ אז דער יצר הטוב קען זיי אונס זיין און זיין אויף מגלה זיין די פנימיות שבנפשם, וואס אויף דערויף זיינען זיי קיין בעלי בתים ניט צו פארקויפן, אפילו אז מ'וועט זיי געבן 2 פונט און איין פונט וועט מען אפגעבן אויף חינוך הקדוש אויף חינוך הכשר, - אז אך און ווייי ווי אזוי מ'קען זיך פארלאזן אויף זיי אז זיי וועלן צושטעלן א חינוך הכשר, אבער עכ"פ וועט אפשר פון די צווייי פונט אפילו אויב ניט א גאנצער פונט וועט אנקומען אין חינוך, וועט אנקומען א טייל פון א פונט, אבער דער אויבערשטער איז "לא יקח שוחד":

און אז מ'וויל ר"ל אפגעבן א טייל פון ארה"ק, וואס מ'האט געזען, כאמור באופן נסי אז דאס איז ארייגגעגעבן געווארן צו אידן,

אע"פ וואס בזמן הגלות איז "אין לנו לא מלך ולא סנהדרין", מיט אלע ענינים וואס זיינען דערמיט פארבונדן, כולל אויך מלחמת עמלק, און כולל אויך די מלחמה אויף להרחיב גבול ישראל, משא"כ אבער פון להציל ישראל מכל צרה העומד עליו,

וואס דאס איז דאך געווען אין יענער מלחמה, און דאס איז געווען היפך הרצון פון די וואס האבן פארקויפט די ילדי טעהעראן, און די וואס האבן געמאכט דעם חוק פון מיהו יהודי, היפך רצונם האט דער אויבערשטער געגעבן ירושלים עיר הקודש וכל השייך לזה בידי ישראל, -

איז יהי"ר (און זיכער וועט דאס דער אויבערשטער ממלא זיין, כמ"ש מגיד דבריו ליעקב חוקיו ומשפטיו לישראל, "מה שהוא מצוה לאחרים" איז טוט ער אליין, דער ענין פון "משלוח מנות איש לרעהו" און אפילו די וואס האלטן נאך ניט ביים דרגא פון "רעהו" של הקב"ה, האלטן זיי דאך ביי דער דרגא פון "אביונים", וואס ער האט ניט קיינע משלו, און ער הקב"ה גיט זיי אין אן אופן של מתנה) אז ס'זאל בטל ווערן, הילו"ת, די אלע תכביות וואס זיי זיינען פארבונדן מיט אנרירן שלימות התורה, און שלימות העם, וואס דאס איז דער ענין פון די גזירה פון מיהו יהודי, וואס ווי מ'זאגט מיר איז "ל"א אדר דער "יארצייט" פון דעם חוק,

וואס זאגט דער ענין פון יאצ"ט? האט דאס צוויי פירושים, איין פירוש אז דער טאג אין יאר וועו דעם ערשטן מאל ר"ל איז אראפ אט די גזירה על ישראל עם קדושו, און ס'האלט נאך אן אזויפיל, בייען יאר, עד היום הזה, און דאס איז נאך פארשריבן אויף פאפיר - וואס דאס אליין איז גענוג, עאכו"כ אז דאס ווערט נאך אפגעטאן על יסוד זה מעשים תעתועים, עאכו"כ וואס צו די מעשים תעתועים בכלל קומט נאך צו אז ס'איז ד,געציילטע טאקע אבער,פרומע אידן וואס שטייען און שווייגן, און שושקען אריין אויפן אויער צו א צווייטן, אז מ'דארף אין דערויף ניט טאן, ווארום ס'איז ניט איצטער דער זמן, און דאס - דער שושקען זיך - איז פארבונדן מיט יראת שמים, אזוי רעדן זיי זיך איין, -

הנחה פרטית בלתי מוגה

איז "עוצו עצה ותופר", וועט בטל ווערן די אלע חשבונות, און בטל ווערן די אלע תכניות, און בטל ווערן בדרכי נועם - ד,ה, בפשטות, אז אט די וואס נארן זיך אפ אז ס'איז דא אין דערויף אן ענין של טוב, און ס'איז דא אין דערויף (נאך) אן ענין נאכמערער פון טוב, אן ענין של הכרח וכיו"ב, וועלן זיי תיכף ומיד דערזען דעם טעות המר שלהם, און דאס וועט תיכף ומיד איבערגעזעצט ווערן אין אן ענין של מעשה בפועל, און מ'וועט זיך אויפהערן שרעקן זיך פאר די גוישקייט וואס געפינט זיך "אל זר אשר בקרבך" עאכו"כ פאר די גוי'שקייט שמבחוץ,

ואדרבה "נפל פחד היהודים עליהם", אויף כל עמי הארץ, וואס דאס גופא וועט אויך זיין בדרכי נועם, וואס דאס גייט צוזאמען מיט דרכי שלום, אבער א שלום אמיתי, ניט קיין אויסגענארטער,

און ווי זיי האבן געזאגט בפירוש בגלוי - מ'פארשפארט די טירחא, איצטער דארף מען ניט זוכן קיין טענות פון א צווייטן, אט די אליין וואס איצטער זאגן זיי (און מ'וויל איינרעדן א צווייטן מצד כוונת טובות כאמור, כדי ס'זאל ניט זיין קיין טומל, און כדי עס זאל דורכגיין רואיקערהייט און שטילערהייט), אז דאס איז אן ענין טוב, האבן זיי אליין געזאגט מיט עטלעכע טעג פאר דערויף צי מיט עטלעכע וואכן פאר דערויף, אז מ'זאל וויסן זיין אז דאס איז אן ענין וואס איז ניט קיין שלום, נאר דאס איז אן ענין וואס פירט ר"ל למלחמה,

ג, וכמדובר, אז ס'איז ניט די צייט אויף מגלה זיין פרטים, מצד כו"כ טעמים. איין פרט איז אבער א דבר ברור, אז מזמן לזמן, ומפעם לפעם, זינט מ'האט געמאכט א "סודי" און מ'האט געשיקט שלוחים נאך די (אזוי גערופענע) מלחמת ששת הימים, און מ'האט געשיקט בסוד שלוחים אין עיר הבירה פון מדינה זו, אז מ'וויל אלץ אפגעבן צוריק - און דערנאך האט מען גע'טענה'ט היתכן! האט מען געענטפערט אז ס'איז א "סודי", במילא וועט מען דאס מכחיש זיין, און מ'האט דאס מכחיש געווען, דערנאך איז דאס נתגלה געווארן,

און עד"ז האט זיך דערנאך איבערגע'חזר'ט בנוגע צו מיהו יהודי, אז מ'האט געזאגט אז ס'איז נגד ההלכה, און ס'איז דא א פס"ד, האט מען מחכיש געווען אז ס'איז ניט דא קיין פס"ד, מ'האט געזאגט ס'איז בנוגע צו קיום התורה, קיום המצות, האט מען געזאגט אדרבה, דורך דערויף וועט זיין אחדות, וועט ניט זיין קיין פילוג וכו', איז די מענטשן גופא שרייען איצטער, ניט די פרומע, נאר די וואס זיינען האלב פרומע, אז מיהו יהודי איז אן ענין עיקרי בדת ישראל - דער זעלבער וואס האט פריער געזאגט אז ס'איז ניטא קיין פס"ד, וויסענדיק אז כיי אים אופן טיש איז געלעגן דער פס"ד - איז איצטער שרייט ער אז מיהו יהודי איז אן עיקר בישראל, ניט נאר בהלכה,

און דא איז געווען דער סדר הפכי: פריער האט מען געזאגט אז אויב ס'וועט זיין אזא מין תכנית זאל מען וויסן זיין אז דאס פירט ניט צו שלום, נאר דאס פירט צו מלחמה, איצטער האט מען זיך איינגערעדט אז מ'איז מוכרח אנצונעמען דאס. גייט מען ארום און מ'וויל איינרעדן אז דאס איז אן ענין -ואס וועט פירן לשלום, און אז דאס איז גאר א טוב און מ'דארף אפגעבן מז"ט,

איז ביז וואנעט ביי זיי וועט ווערן די הכרת האמת, איז לב מלכים ושרים ביד ה', ווי גערעדט כמ"פ אז פונקט ווי מ'האט געשיקט שלוחים נאך מלחמת ששת הימים און מ'האט זיך אנגעשלאגן אז מ'וועט אפגעבן. האט מען געטאן ענינים - צונעמען בחירה ביי א אידן קען מען ניט, אבער ביי א ניט אידן, ובפרט נאך מלכים ושרים, איז דאס "ביד ה'", האט מען דורכגעפירט דעם ענין אין אן אופן - אז יענע האבן ניט געוואלט, און זיי האבן דאס איבערגעטייטשט אין זייער לשון - זיי וויל'ן מערער, און דאס האט זיך איבערגע'חזר'ט לאחרי מלחמה וואס איז געווען לאח"ז, און דערנאך חזר'ט זיך דאס איבער מפעם לפעם,

הנחה פרטית בלתי מוגה

אבער מפעם לפעם - ווי גערעדט כמ"פ אז יעדער מאל ווען מ'גיט עפעס נאך, שלעפט מען אויף זיך, מ'לאדנט איין, און מ'איז מזמין א לחץ נוסף, איז מפעם לפעם - מאנט מען מערער נאכגעבן, סיי אין שלימות הארץ, (וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט) שלימות העם, און שלימות התורה, כמבואר בכמה ספרים, וואס אין כאן המקום להאריך בזה,

איז מזמן לזמן פון זינט וואס מ'האט געשיקט דעם ערשטן מאל די שלוחים - וואס צווישן זיי איז אויך געווען אט די וואס האבן דערנאך מגין געווען אויף דער גזירה האיומה פון מיהו יהודי, און ער איז געווען אט דער וואס האט דערנאך מגין געווען אויך אויף דער משלחת - איז מזמן לזמן, ווערט דער לחץ אויף נאך ענינים, ומזמן לזמן רערט מען זיך איין, און מ'רעדט איין די וואס געפינען זיך בסביבתו, אז דער זעלבער ענין וואס מיט עטלעכע טעג פאר דערויף האט מען געזאגט אז דאס איז א סכנה, און דאס פירט צו מלחמה, און ס'איז אין דערויף ניטא קיין שלום - אז דאס איז פארקערט, דאס איז א גוטע זאך וכו',

ד, וכאמור מ'וויל ניט מגלה זיין קיין פרסים, איין פרט וואס ער איז א כלל א ברור, אז מזמן לזמן ווערן די תנאים קשים יותר ורבים יותר ועצומים יותר, אויף נאכצוגעבן נאך אביסל פון בטחון ישראל וואס איז מלובש - אין זמן הגלות - אויך אין דרכי הטבע,

און מ'לאזט ניט צו דעם ענין פון מקיים זיין דעם פס"ד אז בשעת מ'שטייט על הגבול איז יוצאים עליהם בנשק ווארום דאס איז אן ענין פון פקו"נ; און מ'לאזט ניט צו באזעצן דעם גאנצן גבול, און מ'לאזט ניט צו בכח - מיט דעם כח פון די וואס דארפן מגין זיין על הגבול, און מ'וויל איינרעדן, אז דער טעם איז אזוי ווי מ'גיט מערער געלט אויף באזעצן זיך במקום פלוני - וואס בלאה"כ זיצט מען דארטן - און מוסיף זיין אין אן אופן וואס איז אינגאנצן ניט נוגע כדי יוצא זיין פאר נאך אימיצען - ס'איז אבער אינגאנצן ניט מוסיף אין בטחון אין דרכי הטבע, וואס דאס איז א מוכרח אין זמני הגלות, און מ'דערלאזט ניט באזעצן אט דארט וואו דער בטחון איז א בטחון בהחלט, און דאס פארלאנגט,

און מ'דארף זיך אין דערויף ניט מפלפל זיין, ס'איז א דין אין הל' פקו"נ וואס שטייט בגלוי אין הל' שבת אין שו"ע, וואס ער איז דער שו"ע ניט נאר בנוגע צו די דינים וואס וועלן זיין לאחרי שיבוא משיח צדקנו נאר בעיקר אויף די דינים וואס זיינען בזמן הגלות און אין די ארץ שבגלות, וכאמור כמ"פ, איז דער דין אין הל' פקו"נ אין הל' שבת אז מ'נעמט דעם נשק אפילו כשבאו על קש ותבן איז דאס סיי אין ארה"ק סיי אין חו"ל - הילי"ת וואו ס'ווערט אזא מין מעמד ומצב,

ה, וכאמור, ביז וואנעט אז ביי זיי וועט ווערן די הכרה גמורה, ביז אין אן אופן אז זיי וועלן דאס מכריז זיין בגלוי, אז אי אפשר להסכים אויף א דין וואס איז היפך השו"ע, און אז ע"פ שו"ע - איז אמת טאקע "אין יד ישראל תקיפה" און ע"פ שו"ע איז איצטער ניטא קיין סנהדרין וואס קען מסכים זיין און הייסן גיין אין א מלחמה וואס זי איז להרחיב גבול ישראל, אבער בשעת להציל את ישראל מכל צר בכל מקום שהוא, איז יעמולט אפילו כשבאו על ענין קש ותבן, אפילו ווען דאס איז אין חו"ל, עאכו"כ בנוגע צו גבולות ישראל, בארה"ק, און עומדין על הגבול, מיט אלע תנאים ווי עס שטייט אין הל' שבת, אין די הל' פקו"נ וואס אין הל' שבת כמדובר לעיל,

- וואס אין דערויף איז ניטא קיינע ספיקות בדבר ס'איז מער ניט אז איינער וויל זיין רואיק, רופט ער אויס א אידן וואס ע"פ דין איז ער כשר לעדות, לכאורה, ער ווייס אבער אז יענער איז א משוחד,

טאקע א מפני דברים טובים, דער דין אין שוחד איז אבער אז אפילו

אז מ'גיט א אידן וואס ער איז אן עסקן אין חינוך הכשר, און מ'וועט אים געבן א פרוטה, עאכו"כ מער פון א פרוטה, אויף אויסהאלטן זיין מוסד, איז אפילו אז ער האט סמיכה אויף רבנות, (וואס דאס איז אויך בספק, אבער אפילו אז מ'זאל זאגן אז ער האט סמיכה אויף רבנות), איז ער פסול אויף צו זאגן עדות בנוגע צו אט דעם ענין פאר וועלכן מ'גיט אים אט דעם שוחד,

און דוקא אט די אידן רופט מען ארויס פרעגן ביי זיי וואס איז דער מעמד ומצב, און אין וואס באשטייט די שאלה און אז מ'רופט זיי ניט ארויס שלאגן זיי זיך אליין אן, ווארום אז מ'באקומעט - איז "יש לו מנה" שוחד, וויל ער שני מנות שוחד, ובפרט נאך אז דער יצ"ט שבו זאגט - ווי אים ווייזט זיך אויס אז דאס קומט פון יצ"ט - אז א טייל דערפון וועט ער אפגעבן אויף דעם מוסד חינוך שלו, אדער של אחרים וואס איז אויך א מוסד חינוך כשר, איז פארקויפט ער די ילדי טעהעראן השניים, פארקויפט ער דעם שלימות הארץ, וואס ס'איז ניט דער ענין השלימות מצד שלימות, נאר במצב הזה איז דאס שלימות וואס איז פארבונדן מיט בטחון ישראל.

ביי א בן בחירה קען דאס נאך נעמען צייט ח"ו, איז זיכער וועט דער אויבערשטער פירן אין אזא וועג ווי ס'איז געווען ביז איצטער, אז דער צד השני פון אוה"ע וועט ניט מסכים זיין אויף אט די ענינים,

ו, און ויה"ר אז לכה"פ דעם מאל, כאטש אפילו דאס איז שוין מערער ווי ג"פ זאל מען זיך ניט דערשרעקן פון ענין החזקה, (אז בשעת) ווי דער משל הידוע פון עמי הארץ, אז מ'שפייט און ער שרייט אז דאס איז גשמי ברכה, און דאס איז א סאך א שווערערע זאך פון א שפיי טאן אין פנים, עאכו"כ וכו', וואס אין כאן המקום להאריך בזה, איז מען זאל ביז דעמולט אויך דורכפירן עכ"פ דורך די וואס זיי זיינען ניט קיין בעלי בחירה, און זיי וועלן זאגן אז זיי זיינען ניט מסכים אפילו אויף דער כניעה, און אפילו אויף דעם ביטול, און אפילו בפני הגוים עמי הארץ, און ניט אויף אפגעבן ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט בטחון (מיט) הבטחות שאין בהם יסוד, וואס מ'איז מבטיח אן ענין וואס איז ניט בידו, און אלע ווייסן אז ס'איז ניט בידו, וואס ס'איז אין כאן המקום להאריך בזה, ווארום מ'האט דאס געזען בעיני בשר אין פרס, וואס איז פארבונדן מיט ימי הפורים - און איצטער גייט דאס אין די מדינות הסמוכות לפרס, וואס מ'מאכט דערפון א סוד, און מ'גייט אפגעבן וכו', וואס אין כאן המקום להאריך כדברים המצערים.

איז ויה"ר אז דאס זאל אויפטאן, עכ"פ אויף דעם וועג, אויף ניט איינשטעלן אין סכנה היל"ת א ציבור, און א קיבוץ, פון כו"כ מישראל כ"י, וואס געפינען זיך אין ארה"ק - ועי"ז אויך ישראל בכל מקום שהם, ווארום אע"פ וואס מ'איז "מפוזר ומפורד בין העמים", איז דאך אמיתית המציאות איז דאך אז "ישנו עם אחד", און דאס זיינען מודה אויך די עמי הארץ, אפילו דער המן וואס איז געווען אין יענע זמנים, און האט דאס פארשריבן, און געזאגט, און אלע ווייסן דערפון - און נאך רערויף וועט זיין בעגלא דידן אז בשעת מ'וועט זיך אפזאגן מצד השני, איז עכ"פ איצטער איז יערה עלינו ועליהם רוח ממרום, אויף אנערקענען דעם אמת, אז ס'דארף זיין שלימות התורה, און בטל ווערן אט די אלע שינויים מיט די רעפארמעס היל"ת, מיט אלע גזירות,

און בטל ווערן אויך די גזירה האיומה פון מיהו יהודי, און ביז אין אן אופן פון "ונהפוך הוא" אז "ורבים מעמי הארץ מתיהדים" אין גיור כהלכה.

און בקרוב ממש, ניט נאר מ'וועט איינהאלטן די גאנץ א"י, וואס דער אויבערשטער האט געגעבן באופן נסי לעם הדרים עלי', וואס "כולם אהובים כולם ברורים" מיט אלע ענינים וואס ס'שטייט אויף דערויף, מיט אלע שבחים, וואס "ימלא פי תהלתך" אויף יעדער אידן און אויף אלע אידן. ווארום, ווי ער זאגן אין תו"א אין דרושי פורים, איז ניט געווען אפילו קיין מחשבת חוץ, און דאס

הנחה פרטית בלתי מוגה

וואס ס'איז געווען איז לאנג בטל געווארן, ובפרט לאחרי גזירות האחרונות, ובלשון הרמב"ם אויך דעמולט איז דאס געווען מער ניט וואס "יצרו אנסו",

און אט דעמולט וועט מען בקרוב ממש ובעגלא דידן - נאך דערויף ווי מ'וועט זען אז דער צד השני האט דאס אפגעווארפן - וועט מען ניט וועלן איבער'חזר'ן ר"ל די דריי פיר, פינף מאל, דעם טעות וואס מ'האט געמאכט ביז איצטער (אז) שרייען אז איצטער דארף מען טראכטן וואס נאך קען מען נאכגעבן, און איינשמועסן זיך, און איינשמועסן אנדערע, אז דורך דערויף וועט מען ווערן נענטער צו שלום כפשוטו, וואס דאס איז היפך האמת וכו',

ואדרבה "אמת מארץ תצמח", און מ'וועט זען אז דורך דערויף וואס מ'האלט זיך אן אין תורה בשלימותה, און דורך דערויף וואס מ'האלט אן אין עם היהודים בשלימותם, און דורך דערויף וואס מ'האלט אן אין ארה"ק בשלימותו, עכ"פ אין די חלקים וואס דער אויבערשטער האט אפגעגעבן נאך אין זמן הגלות, ובאופן נסי, לכל אחד ואחת מישראל אין אן אופן פון "נחלת עולם",

און ס'וועט בטל ווערן אויך די גזירות בכל מקום שהם, עאכו"כ ביי די אידן וואס געפינען זיך מאחורי מסך הברזל, וכמדובר בארוכה, אז ס'וועט זיין "חבור אפרים" בשעת אידן קלייבן זיך צוזאמען דא פאר ימי הפורים, גיט דאס אויך א תוס' און א עידוד, און א התחזקות, אין די אידן וואס געפינען זיך מאחורי מסך הברזל, ווארום אפילו מסך של ברזל איננו מבדיל בין ישראל לאביהם שבשמים, און בקרוב ממש וועט זיין דער "חבור" בפשטות פון אלע אידן בכל מקום שהם נאך אין זמן הגלות,

און ויהי"ר נאך פאר ימי הפורים וועט זיין "אורה ושמחה וששון ויקר", ווי מ'האט ערשט געזאגט אין דער הבדלה, מיטן סיום אז "כן תהי' לנו", למטה מעשרה טפחים; און דאס איז פארבונדן מיט "המבדיל בין ישראל לעמים" - ווערט אויך בטל דער ענין פון מיהו יהודי; און "המבדיל בין קודש לחול" - שלימות התורה; "המבדיל בין אור לחושך" צווישן ענינים פון חושך מיט ענינים של אור, אז מ'וויל טונקל מאכן דעם מעמד ומצב און ניט באלייכטן אים ווי ער איז לאמיתתו - מיט אלע רמזים שישנם בדבר זה,

און ס'וועט זיין אז מ'וועט גיין אין אן אופן פון "אל תירא עבדי יעקב" - וואס ער איז דאך מבאר אין לקו"ת דער ענין ווי אזוי דאס איז פארבונדן מיט מוצאי שבת קודש, וואס דערפאר איז דאך דא אזוינע וואס נוהגין זאגן דאס אויך בדיבור במוצאי שבת קודש,

און ס'וועט זיין בפשטות "אל תירא עבדי יעקב" מיט אלע אותיות פון דעם אל"ף-בי"ת ווי דאס איז אויסגעשטעלט אין די זמירות פון מוצ"ש פארבונדן מיט "אל תירא עבדי יעקב", ווארום פארוואס האט ער ניט קיין מורא, דערפאר וואס ער איז "עבדי", עבדו של ממה"מ הקב"ה, וואס ער איז "אלקים הצבאות" און ער איז דער "בעה"ב של בירה זו"

און מ'וועט זיין בשמחה ובטוב לבב פון י"א אין י"ב אין י"ג, אין י"ד, אין ט"ו, כאמור,

ביז אין כרכים מוקפים חומה, אין ירושלים השלימה מוקפת חומה, בקרוב ממש ומלך המשיח - משיח צדקנו - בראשנו.

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

## בס"ד. שיחה לתלמידי כתות הראשונות דהישיבות שיחיו,
## – בבית הכנסת, אחרי תפלת מנחה –
## יום א', י"ב אדר ה'תשל"ט *.

א. ווען אידן קלייבן זיך צוזאַמען, און בפרט ווען אידישע קינדער [1] קלייבן זיך צוזאַמען — איז דאָך באַוואוסט דער וואָרט פון דעם אַלטן רבי'ן און פון כ"ק מו"ח אדמו"ר [2] אַז דאָס איז פון די גרעסטע פאַרגעניגן'ס און נחת רוח פאַר דעם אויבערשטן,

וואָרום דער אויבערשטער זעט, אַז ניט קוקענדיק אויף דערויף וואָס צווישן זיינע קינדער זיינען דאָ פאַרשיידנהייטן (חילוקי דעות און חילוקים בכלל) [3] — פונדעסטוועגן קלייבן זיי זיך אַלע צוזאַמען (ביז אויך גאָר קליינע קינדער [4]), און טוען אַלע צוזאַמען זאַכן, און בפרט — גוטע זאַכן, מיט דער זעלבער שמחה, און מיט דער זעלבער חיות און חסידישן חיות.

און ווייבאַלד אַז מ'פאַרשאַפט דעם אויבערשטן אַ גרויסן פאַרגעניגן, איז פאַרשטאַנדיק, אַז ער בלייבט ניט שולדיק, ח"ו, דערפאַר [5], און ער איז ממשיך און איז ממלא (ער ערפילט) די בקשות פון די פאַרזאַמלטע — ובפרט די בקשות פון די קינדער [6], אין די אַלע גוטע זאַכן וואָס זיי בעטן אים —

---

*) ע"פ הוראת כ"ק אדמו"ר שליט"א במכתבו ר"ח ג. שבעה באדר ש.ז. לסדר כינוס ואיחוד .. להתפלה וללימוד התורה ובמיוחד להתב"ר.

1) שאר בהב חבא.

2) סה"מ קיץ ה'ש"ת ע' 157.

3) ראה ברכות נח, א. סנהדרין לח, א. אדר"נ בפ"ד.

4) אף שבכל בתרגום בכאין נעשה רצונם (דרמ"צ קכא, כע"א ואילך. ד"ה אחרי בית הרמ"ב פ"ג. וראה גם תניא רפ"ו).

5) ראה ב"ק לח, ב. בכילתא ופרש"י עה"פ במשפטים כב, ל: אין הקב"ה מקפח שכר כל ברי'.

6) רבל שאר בי המא ושבת קיט, כע"ב.

אַנהויבנדיק פון דעם עיקר — אַז די קינדער זאָלן מצליח זיין אין זייער לערנען דעם אויבערשטנ׳ס תורה, און אין מקיים זיין דעם אויבערשטנ׳ס מצוות,

און טאָן דאָס געזונטערהייט און פריילעכערהייט[7].

וואָס דאָס שטאַרקט אויך זייער געזונט, און זיי זיינען מצליח אויך אין די זאַכן וואָס בערך פון תורה ומצוות (אָדער באמת —) זיינען זיי וואָכעדיקע זאַכן — אין די צייטן צווישן דעם לערנען און מקיים זיין מצוות, ווען זיי דאַרפן עסן, זיך אָפּרוען, א.ז.וו. אויך די פרייע צייט אויף שפּילן זיך אין אַ כשר׳ן און גוטן אופן — איז אויך אין דער צייט זיינען זיי מצליח.

וואָס דאָס שטאַרקט די קינדער, אַז זיי זאָלן צוגעבן נאָכמער חשק און התמדה אין זייער לערנען און מקיים זיין מצוות,

וואָרום זיי זעען אַז דאָס ברענגט הצלחה צו זיי, און דורך זיי — אויך צו זייערע לערער און מדריכים, און צו זייערע עלטערן.

• • •

ב. בשעת די קינדער גייען זיך פאַנאַנדער נאָכן צוזאַמענ־קלייבן זיך, קען דאָך דעמאָלט אַרויסקומען אַז די חילוקי דעות ביניהם זאָל ברייגען אַ פאַנאַנדערטיילונג צווישן זיי —

אָבער ווען די קינדער קלייבן זיך צוזאַמען (ניט סתם אַזוי, נאָר) אַז דאָס איז פאַרבונדן מיט אַן ענין פון תורה און פון אידיש־קייט [וואָס תורה איז דאָך אַן אייביקע זאַך[8], וואָס איז געגעבן געוואָרן פון דעם אויבערשטן],

7) יכמש״נ (תהלים ק, ב) עבדו את ה׳ בשמחה. ויתרה מזה צ״ל: עבדת את ה׳ אלקיך בשמחה ובטוב לבב (תבוא כח, מז. וראה תניא פכ״ו. רמב״ם סוף הל׳ לולב).
8) ראה תניא רפ״ז. עיקר הט׳ מי״ג עקרים.

פועל'ס דאס, אז די פעולה און ווירקונג פון תורה זאל פאר־געזעצט ווערן אויך דערנאך[9], אפילו בשעת'ן עסן, טרינקען און שפילן זיך (ווי געזאגט פריער):

און וויבאלד אז די תורה איז אן איין און איינציקע [ווארום דאס איז תורתו של הקב"ה — דאס איז געגעבן געווארן פון דעם אויבערשטן, וואס ער איז אן איין און איינציקער] —

וואס דערפאר איז געגעבן געווארן צו יעדער אידישן קינד, די זעלבע תורה וואס איז געגעבן געווארן צו יעדער אידישן ערוואק־סענעם (ניט קוקנדיק אויף די אלע חילוקים וואס זיינען דא צווישן זיי) —

איז דעריבער, אז מ'פארבינדט דעם צוזאמענקלייבן זיך מיט תורה, העלפט די תורה[10] (וואס זי איז אן אייביקע איינִיקייט) אוועקצושטעלן די פארזאמלטע (ובפרט די קינדער[11]), אז אויך נאכן כינוס, זאל בא זיי זיין א נאענטקייט און אן איינציקייט און אן אמת'ער שלום מיט אלע זייערע חברים[12], און בא מיידעלעך — מיט זייערע חבר'טעס.

ובפרט אז דער ארט וואו מ'האט זיך איצטער צוזאמענ־געקליבן איז א בית הכנסת[13], אן ארט וואס איז באשטימט צו דאווענען צו דעם אויבערשטן, און א בית המדרש[13], אן ארט אויף צו לערנען שיעורים אין תורה,

9) ראה סוטה כא, א: תורה בין בעידנא דעסיק בה ובין בעידנא דלא עסיק בה מגנא ומצלא.

10) "שכל התורה ניתנה לעשות שלום בעולם" (רמב"ם סוף הל' חנוכה).

11) שבטבע הם בתמימות ופיהם ולבם שוה.

12) ראה ברכות לא, א: אל יפטר אדם מחבירו אלא מתוך דבר הלכה שמתוך כך זוכרהו. וראה רד"ה אל יפטר אדם תרפ"ס (סה"מ קונטרסים ח"ב סה, ב).

13) ראה מגילה כט, א: ואהי להם למקדש מעט אלו בתי כנסיות ובתי מדרשות.

איז דערפאר פועל'ט נאכמער די פארבונדנקייט בשעת דעם צוזאמענקלייבן זיך, אז דאס זאל בלייבן דערנאך א שטענדיקע פארבונדנקייט און קירוב הלבבות (א נאענטקייט) צווישן יעדערן פון אייך מיט אלע איבעריקע.

און דאס טוט אויף, אז אויב איינער דארף אמאל אנקומען צו א צווייטן ער זאל אים ארויסהעלפן — ער זאל אים פארענטפערן א זאך אין לערנען; מיטהעלפן מקיים זיין א מצוה, אדער מיטהעלפן אים מיט א גוטע עצה אין אנדערע ענינים וואס ער נויטיגט זיך,

טוט דאס דער חבר (אדער די חבר'טע) בטוב לבב — מיטן גאנצן הארצן, און מיט א גוטער הארץ[14].

און אז דער אויבערשטער זעט דעם שלום און נאענטקייט, און אז דאס האלט אן אויך נאכן כינוס (דעם גאנצן טאג, די גאנצע נאכט און א גאנצן יאר) —

ברענגט דער שלום[15] א צוגאב נאכמער אין דעם אויבערשטנס ברכות[16].

ג. דאס אויבנגערעדטע (אז דער אויבערשטער האט פארגעניגן ווען זיינע קינדער קלייבן זיך צוזאמען, און ער גיט זיי זיינע ברכות וכו'), איז נאכמער מודגש בשעת דער כינוס קומט פאר אין א צייט וואס איז פארבונדן מיט א אידישן יו"ט — וואס דער איצטיקער צוזאמענקלייבן זיך איז פארבונדן מיט ימי הפורים:

יו"ט בכלל איז דאך א פריילעכער טאג און א מזל'דיקער טאג פאר יעדער אידן און פאר אלע אידן, און בפרט דער יו"ט פון

---

14) דעזר (צדקה) צ"ל „בסבר פנים יפות" (שו"ע יו"ד סרמ"ט ס"ג).

15) ראה עוקצין בסופה: לא מצא הקב"ה כלי מחזיק ברכה לישראל אלא השלום.

16) מדה כנגד מדה — במשך כל השנה.

פורים, וואָס דעמאָלט איז די שמחה גאָר אַ גרויסע[17] (נאָך גרעסער ווי די שמחה פון יר"ט[18]).

וואָס דערפון איז פאַרשטאַנדיק, אַז בשעת דער אויבערשטער קוקט זיך צו צו דער אויפפירונג פון די קינדער בסמיכות לימי הפורים, און דורך זיי — צו דער אויפפירונג פון זייערע עלטערן, מדריכים און לערער,

אַז די צוגרייטונגען צו פורים, און אין פורים אַליין, און דערנאָך דער גאַנצער יאָר וואָס קומט נאָכדעם — איז דורכ־גענומען מיט דעם קירוב הלבבות[19], פון נאָענטקייט איינער מיטן צווייטן, מיט דעם עניין פון אהבת ישראל און שמחת ישראל — אַז איינער פרייט זיך דערמיט וואָס אַ צווייטער איז מצליח —

איז דעמאָלט ברענגט דאָס אַרויס אַ גאָר גרויסע שמחה אויך באַ דעם אויבערשטן.

און ווען מ'גיט צו באַ דעם אויבערשטן נאָכמער שמחה, גיט דער אויבערשטער אויך צו נאָכמער ברכות צו די קינדער, אין די אַלע ענינים (ווי אויסגערעכנט פריער (ס"א)), און ברכות אויך צו זייערע עלטערן און צו זייערע מדריכים און לערער.

• • •

17) ד"חייב איניש לבסומי בפוריא עד דלא ידע" (מגילה ז, ב). וראה תו"א מג"א רד"ה חייב אינש לבסומי הב' (צח, א).

18) ראה לקו"ש ח"א ע' 336 ובהערות שם.

19) השייכות המיוחדת דפורים לענין האחדות — ראה בהנסמן לקמן הע' 24. לקוטי לוי"צ אגרות ע' רסז ואילך.

וראה תו"א שם צו, סע"ד ואילך שענין האחדות שהי' במ"ת הוא ג"כ בפורים, שהרי אז הי' "וקבל (ל' יחיד) היהודים עליהם את אשר החלו לעשות" (אסתר ט, כג), ד"אז הי' הגמר שקבלו כה שהחלו בב"ת" (ראה שבת פח, א). ועפ"ז מובן שענין האחדות דתורה (הנ"ל ס"ב) הוא בביוחד בפורים.

ד. אין צוגאָב צו דעם אַלעם איז אויך דאָ ספּעציעלע פּרטים וואָס זיינען אויך פאַרבונדן מיט פּורים:

בשעת קינדער קלייבן זיך צוזאַמען, דערציילט מען זיי און מ׳דערמאָנט זיי, אַז פּורים איז געוואָרן אַ יו״ט ביי אידן דורך דעם[20] וואָס אידישע קינדער אין יענער צייט, האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן מיט זייערע מלמדים און מיט זייערע אָנפירער, וואָס בראשם (דער הויפּט פון זיי) איז געווען מרדכי היהודי, מיט דעם צוועק — צו פאַרבינדן זיך מיט תורה און מיט אידישקייט,

און אַלע צוזאַמענגעקליבענע קינדער האָבן דעמאָלט מתפּלל געווען און געבעטן באַ דעם אויבערשטן, אַז ער זאָל מבטל זיין די גזירה —

און דורך דעם איז געוואָרן „ונהפוך הוא״[21] — ס׳האָט זיך אַלץ איבערגעקערט אין דער וועלט אַרום זיי, אַז אַלע ענינים וואָס זיינען געווען ניט גוט ח״ו פאַר די אידן דעמאָלט, זיינען בטל געוואָרן;

און נאָכמער — ס׳איז געוואָרן „ונהפוך הוא״ — עס איז געוואָרן פאַרקערט, ס׳איז נאָך צוגעקומען אַ שמחה, „ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר״[22].

און מ׳דערציילט די קינדער אַז „כן תהי׳ לנו״, אַז אין אַ גוטן מצב אַז ח״ו גזירות כלל וכלל — דורך טאָן די זעלבע זאַכן וואָס די קינדער האָבן דעמאָלט געטאָן — צוזאַמענקלייבן זיך צוליב ענינים פון אידישקייט, און שטיין אין אַן אופן פון „כנוס את כל היהו־

---

20) אסת״ר פ״ט. ג.
21) אסתר ט. א.
22) שם ח, טז.

דים״[23] — אין אַן אופן פון קירוב הלבבות[24], יעדערער נאָענט צו די אַלע אַנדערע —

איז דורך דעם ווערט באַ יעדערן פון אונז און ביי אונז אַלעמען צוזאַמען „אורה ושמחה וששון ויקר״.

און ווי דאַמאָלס אַז עס קומט צו נאָך אַ יו״ט ביי אידן — דער יו״ט פורים, איז יעדער יאָר („בכל דור ודור״[25]) פראַוועט מען דעם יו״ט פורים.

און דאָס איז אַזאַ יו״ט וואָס מ׳פרייט זיך „מנער ועד זקן טף ונשים״[26] — קליינע און גאָר קליינע, גרויסע און גאָר עלטערע, פרייען זיך אַלע צוזאַמען אין די פאַרשידענע שמחות אין די טעג פון פורים.

און דערנאָך נעמט מען מיט די שמחה פון פורים אויך אויף אַ גאַנץ יאָר.

ה. ובמיוחד (ספּעציעל) אונטערשטרייכט מען דאָס אַז מ׳פירט זיך ווי זיי האָבן זיך דעמאָלט געפירט — דורך מקיים זיין די מצוות פון פורים[27]:

אָנהויבנדיק פון זאָגן „על הנסים״ אין תפלה און אין ברכת המזון (אין דעם בענטשן) —

אַז מ׳דאַנקט דעם אויבערשטן פאַר די נסים וואָס ער האָט דעמאָלט געטאָן, און מ׳דערמאָנט אויך אַז ער האָט דאָס געטאָן „בזמן הזה״, אין דער זעלבער צייט פון יאָר, וואָס דאָס דערמאָנט

---

23) שם ד, טז.

24) ראה מנות הלוי לר״ש אלקבץ עה״פ. של״ה חלק תושב״כ פ׳ תצוה שכט, ב.

25) אסתר ט, כח.

26) ל׳ הכתוב — שם ג, יג.

27) ראה לקו״ש ח״ד ע׳ 1270 ואילך ובהערות שם.

אַז (אויב מ'וועט דערצו דאַרפֿן אָנקומען) וועט אַזוי זיין ביי אונז[28].

דערנאָך די מצוה פון „מקרא מגילה״ — אין וועלכער מ'לייענט די אַלע פרטים פון דעם נס, און ווי אַזוי די אַלע גזירות האָבן זיך איבערגעקערט („ונהפוך״) און ס'איז געוואָרן „ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר״.

דערנאָך[29] מקיים זיין די מצוה פון „משתה ושמחה״[30] — עסן „משפחה ומשפחה״[31] די סעודת פורים,

און נאָך פאַר דעם — מקיים זיין די מצוה פון „משלוח מנות איש לרעהו״[32] — שיקן אַ „פורים־גיפט״ (מנה[33]), יעדערער צו זיין חבר,

און „מתנות לאביונים״ — געבן מתנות, אַמווייניקסטנ'ס צו צוויי אָרעמעלייט[34], וואָס נויטיקן זיך אין דעם.

און ווייבאַלד אַז די אַלע זאַכן האָבן זיך אָנגעהויבן דעמאָלט, און „קיימו וקבלו היהודים עליהם ועל זרעם״[35] — די אידן האָבן דאָס אָנגענומען אויף זיך און אויף זייערע קינדער, אין יעדער דור און אין יעדער אָרט,

איז דערפאַר זיכער אַז אויך יעדערער פון אייך, וועט מקיים זיין די אַלע מצוות (בנוגע צו זיך אַליין),

28) דכש„הימים האלו נזכרים״ אז הם „נעשים״ — ראה רמ״ז בספר תיקון שובבים. היבא יתבאר בספר לב דוד להחיד״א פכ״ט.

29) „השמחה והמשתה אין עושין אותם אלא ביום י״ד״ (רמב״ם הל׳ מגילה פ״ב הי״ד).

30) אסתר ט, יח. שם, כב.

31) שם, כח.

32) שם, כב.

33) שמורה על דבר חשוב (צפע״נ לרמב״ם הל׳ שם הט״ו. רש״נ).

34) שו״ע או״ח ר״ס תרצד.

35) אסתר שם, כז.

און ובפרט מצד קירוב הלבבות — ווען איר אויך זען אז אלע אייערע חברים (און מיידעלעך — בנוגע צו זייערע חבר׳טעס), זאלן אויך מקיים זיין די מצוות.

און טאן דאס מיט א גרויסער שמחה.

ו. ע״פ האמור לעיל (אז דורך דעם וואס מ׳פידט זיך היינט אזוי ווי מ׳האט זיך דעמאלט געפירט, טוט מען אויף (אין א גוטן מצב) די זעלבע ענינים וואס האבן זיך דעמאלט אויפגעטאן), האט מען אן אפלערנונג אין אן ענין וואס איז נוגע במיוחד „בזמן הזה״, וואס (דאס איז בדומה און) מ׳קען זיך אין דעם אפלערנען פון „בימים ההם״:

בכל דור ודור זיינען דא די וואס ווילן נאכמאכן רח״ל המן הרשע, און מ׳וויל טאן צו אידן א זאך וואס איז ניט גוט פאר זיי.

אזוי אויך בדורנו זה — ווי ס׳טוען רח״ל די „טעראריסטן״ און זייערע חברים, און די וואס שטיצן זיי.

וואס בשעת מ׳טוט עפעס צו א אידן אין איין ארט, ובפרט אין אה״ק (אין אונזער הייליקער לאנד), רירט דאס אן יעדער אידן וואו ער זאל זיך נאר געפינען,

איז דערפאר, דורך דעם „כנוס את כל היהודים״ — אז אידן האבן זיך צוזאמענגעקליבן און זיינען מכריז און באווייזן אז זיי זיינען פארבונדן מיטן אויבערשטן, דורך לערנען זיין תורה און מקיים זיין זיינע מצוות,

איז דעמאלט, וויבאלד דער אויבערשטער איז דער בעה״ב אויף דער גאנצער וועלט [36], און אויף יעדער זאך וואס געפינט זיך אין וועלט,

---

36) ובפרט אה״ק „ארץ אשר גו׳ עיני ה׳ אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה״ (עקב יא, יב).

איז אַ זיכערע זאַך אַז די „סעראַריסטן״ (מיט זייערע פלענער און אַלע זייערע טועכצן וואָס זיי ווילן ח״ו צוגרייטן און טאָן זאַכן וואָס טויגן ניט פאַר אידן) מיט זייערע חברים און די וואָס שטיצן זיי רח״ל — וועלן ניט נאָר האָבן אַ מפלה

— נאָר, אַזוי ווי ס'איז געווען „בימים ההם״ בא המן און זיינע קינדער ותלמידיו אַז דאָס איז איבערגעקערט געוואָרן, „ונהפוך הוא״,

איז אַזוי אויך וועט „בזמן הזה״, „ונהפוך הוא״ — אַז ס'וועט אַ גרויסע „שמחה וששון״, ביז וואַנעט אַז ס'קומט אויך אַראָפּ אין „יקר״ — אַז די פעלקער אַרום די אידן גיבן אָפּ כבוד צו יעדער אידן און צו אַלע אידן״[ח], און העלפן זיי אַרויס אין אַלע זייערע ענינים.

ובפרט די פעלקער וואָס זיינען פון חסידי אוה״ע (פון די גוטע פעלקער) — לאָזן זיי אָפּ זייער חבר־שאַפט און אפילו באַקאַנט־שאַפט מיט די „סעראַריסטן״ און זייערע חברים,

און זיי ווערן די אמת'ע פריינט פון אידן אין אַלע זייערע ענינים״[ט], דורך דעם וואָס זיי גיבן שטיצע און הילף (און די גרעסטע הילף און אָן קיינע תנאים), צו אידן בכל מקום שהם (אומעטום וואו זיי געפינען זיך), ובפרט צו די אידן וואָס געפינען זיך אין אה״ק,

און די הייליקע לאַנד בלייבט גאַנץ, באַלאַנגענדיק צו אידן, און דער אידישער פאָלק בלייבט גאַנץ, וואָרום ער איז פאַרבונדן מיט שלימות התורה (מיט דער גאַנצקייט פון תורה), און דורך דערויף

ח) ראה בגו״ה כז, ב. מגילת סתרים עה״פ.

ט) ראה גם לקו״ש חי״ח ע׳ 460 ואילך. ועוד.

פארבינדט ער זיך מיטן אויבערשטן אליין[39], וואס ער פירט אן מיט דער וועלט אומעטום און אלעמאל.

ב. און די אלע ענינים ווערן אפגעטאן בשמחה, און ווי געזאגט פריער (ס"ג) — מיט א פורים'דיקע שמחה, וואס איז א גאר גרויסע שמחה,

אנהויבנדיק דערפון, אז די עצות מיט די פלענער פון די „סעראריסטן" ווערן אינגאנצן בטל, ביז אז זיי קומען מלכתחילה ניט, אז מ'זאל זיך דארפן שטעלן אנטקעגן זיי,

ואדרבה — „נפל פחד היהודים עליהם"[40], ס'פאלט אויף זיי אן א שרעק פאר די אידן, אז זיי האבן גאר מורא אפילו טראכטן („מחשבתו הרעה"[41]) אנטקעגן אידן.

און דורך דערויף וואס אידן ווייזן אז דער אויבערשטער באשיצט זיי און אז ער איז אינגאנצן מבטל די ניט־גוטע פלענער, אז פון זיי זאל ניט בלייבן קיינע שיריים און קיין איינדרוק,

קומט צו ביי אידן אין מנוחת הנפש און מנוחת הגוף, אין דער רואיקייט פון די קינדער און פון זייערע עלטערן און זייערע לערער און מדריכים:

און וויבאלד[42] אז זיי זיינען אינגאנצן רואיק, שטייען זיי גאנצערהייט, מיט דער גאנצער תורה, מיט גאנץ ארץ ישראל און מיט דער גאנצקייט פון אידן אומעטום וואו זיי געפינען זיך, אויך אין חו"ל (ובפרט אין „יונייטעד־סטייטס").

---

39) ראה זח"ג עג, א.

40) אסתר ח, יז.

41) ל' הכתוב — שם ט, כה.

42) ראה רמב"ם הל' תשובה רפ"ט.

און טועו בשמחה וטוב לבב, נאך מיט מער פרייליכקייט, אין די אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט אידישקייט, אליין לערנען תורה און מקיים זיין מצוות, און אויך זען אז אלע חברים און חבר'טעס זאלן אויך אזוי טאן,

אנהויבנדיק פון דער צוגרייטונג צו פורים, און דערנאך מקיים זיין די מצוות פון פורים אליין (ווי גערעדט פריער (ס"ה)).

און ווייבאלד אז מ'האט מנוחת הנפש און מנוחת הגוף, קען מען מתוך מנוחה אמיתית (מיט דער ריכטיקער מנוחה) גיין אינגיכן, מקבל זיין פני משיח צדקנו,

וואס ער וועט ארויסנעמען יעדערן פון אונז, און אלעמען צוזאמען פון גלות, און פירן יעדערן פון אונז און אלעמען צוזאמען לארצנו הקדושה (אין אונזער הייליקע לאנד),

וואס זי איז גאנץ, און וועט בלייבן גאנץ אין אידישע הענט לדורי דורות, אויף אלע צייטן און אין אלע אומשטענדן,

און דאס וועט זיין במהרה בימינו ממש (גאר אינגיכן).

ח. בהמשך להאמור לעיל, וואלט געווען א גוטע זאך אז מ'זאל נאכאמאל[43] זינגען דעם ניגון (אויפן פסוק[44]) „עוצו עצה ותופר דברו דבר ולא יקום כי עמנו א־ל" —

אז די אלע עצות פון די „טעראריסטן", מיט זייערע חבדים און אונטערשטיצער — וועלן זיין „ותופר" — א הפרה מעיקרא[45], אז דאס ווערט מלכתחילה[46] בטל,

---

43) בסיום תפלת מנחה, אחרי אמירת „עלינו" ניגנו את הפסוק „עוצו עצה גו'".

44) ישעי' ח, י. וראה אסת"ר פ"ז, יג (קרוב לסופו).

45) דהפרה פירושה ש„עוקר (את הנדר) מעיקרו" (כתובות עד, ב).

46) וכמו שהי' בימים ההם שהגזירה היתה על י"ג אדר ובכ"ג סיון שלפניו כבר נכתב ונשלח כשם המלך לבטלה (אסתר ח, ט־יג), ועוד לפנ"ז בט"ז בניסן בטל הקב"ה

און פאַרוואָס איז מען זיבער אין דעם — דערפאַר וואָס „כי עמנו א־ל" — דער אויבערשטער איז מיט אונז, און מיר זיינען מיטן אויבערשטן.

און עס וועט זיין[47] „צדיקים יודו לשמך"[48] — יעדער איד [וואָרום יעדער איד ווערט אָנגערופן צדיק — „ועמך כולם צדיקים"[49]] וועט לויבן דעם אויבערשטן אויף דעם אַלעם שטענדיק

„ישבו ישרים את פניך" — מ'וועט זוכה זיין בקרוב ממש, מקבל זיין פני משיח צדקנו — און דאַן „פני האדון ה'"[50],

מ'וועט עולה לרגל זיין אין בית המקדש, וואָס דאָרטן זעט מען געטלעכקייט און די נסים פון דעם אויבערשטן[51],

עלי' לרגל אין דעם פסח וואָס קומט גאָר אײַנגיכן, „מסמך גאולה לגאולה"[52] — פון דער גאולה פון פורים, צו דער גאולה פון ימי הפסח.

[נגנו עוה"פ את הניגון עוצו עצה ותופר גו' עמנו א־ל].

---

את הגזירה למעלה (אסת"ר ספ"ב). ויראה מגילה יג, סע"ב: גלוי וידוע לפני מי שאמר והי' העולם שעתיד המן לשקול שקלים על ישראל לפיכך הקדים שקליהן לשקליו.

47) שאמרו בסוף התפלה לאחרי עוצו עצה גו'.

48) תהלים קמ, יד.

49) ישעי' ס, כא.

50) ל' הכתוב — משפטים כג, יז. תשא לד, כג.

51) ראה אבות פ"ה מ"ד. לקו"ת ברכה צח, ב.

52) מגילה ו, סע"ב ובפרש"י שם.

א. תיכף כשנכנס כ"ק אדמו"ר שליט"א להתוועדות אמר:

אזוי ווי ס'איז דאך פורים - ווערט מען אנהויבן ניט מיט רעדן, נאר מיט א ניגון.

והתחילו לנגן ניגון שמחה ("נודע ביהודה אלקים גו'"), וכן המשיכו לנגן במשך קצת זמן - כשכ"ק אדמו"ר שליט"א מורה להגביר השירה.

כשגמרו אמר:

ס'איז מה-ראך וועגן א ניגון וואס שטייט ניט אין דין; עאכו"כ - וועגן "לבסומי בפוריא", און ווי רש"י טייטשט דאס אפ: "ביין" -

איז דאס דאך זיכער אז עס דארף גלייך נאך דערויף זיין דער ענין פון זאגן "לחיים", און - דוקא ביין. לחיים, לחיים.

אחרי שאמר כ"ק אדמו"ר שליט"א לחיים ושתה מכוסו, והקהל עדיין לא התחילו לומר "לחיים" - אמר כ"ק אדמו"ר שליט"א: ס'איז א שאד די צייט!

הקהל התחיל לומר לחיים, ותיכף המשיכו בשיר הנ"ל, והפסיקם כ"ק אדמו"ר שליט"א, באמרו: זאגט לחיים.

כל הנוכחים אמרו "לחיים" לכ"ק אדמו"ר שליט"א, שארך קצת זמן, אח"כ אמר:

איך בין מציע אימעצן, איינער וואס קען שפת המדינה - זאל מכריז זיין "הארי-אפ" און מאכן גלייך דעם צווייטן מאל "לחיים".

נו! זייט מכריז! זייט מכריז "הארי-אפ"! זייט מכריז "הארי אפ"!

מישהו הכריז כנ"ל, והקהל התחיל לומר "לחיים" בפעם הב'.

כשגמרו לומר לחיים בפעם הב' - הכריז כ"ק אדמו"ר שליט"א: אזוי ווי בשלשה פעמים הוי חזקה - ווערט מען מסתמא גלייך זאגן א דריטן מאל "לחיים".

כשגמרו לומר "לחיים" בפעם הג' - אמר כ"ק אדמו"ר שליט"א:

דאס איז דאך אלץ בא "מועדים לשמחה";

בשעת אבער א שמחה פון פורים, וואס דעמולט איז דאך "עד דלא ידע", און ווי דער אלטער רבי איז אלץ מדגיש, אז דאס איז נאך גדעסער פון שמחה פון "מועדים לשמחה" - אע"פ וואס דאס איז מדאורייתא, מה"ת, און פורים איז דאך א מצוה מדברי סופרים -

איז דערפאר איז א זיכערע זאך, אז א פערטן מאל דארף מען זיכער זאגן "לחיים", און דערנאך ווערט מען מוסיף זיין, ו"כל המרבה ה"ז משובח"!

ו"המעשה הוא העיקר"; מ'זאל זיך ניט מפלפל זיין אין דעם - נאר טאקע די מעשה בפועל! "לחיים"!

אח"כ אמר: מ'דארף אויך מכריז זיין אז "ספיקא - לחומרא": דער ביי וועמען ס'איז א ספק צי האט ער געזאגט פיר מאל, צי אפשר עפעס ווייניקער - איז דאס אלץ "לחומרא"!

אחרי שכל הנוכחים גמרו לומר "לחיים" - התחיל כ"ק אדמו"ר שליט"א לנגן ניגון הקפות לאביו ר' לוי"צ ז"ל.

הקהל המשיך לנגן למשך זמן, כשכ"ק אדמו"ר שליט"א מורה להגביר את השירה.

* * *

ב. אויף דעם טעם וואס מ'זאגט אז "חייב אינש לבסומי בפוריא", און רש"י זאגט אז דאס איז "ביין", און דאס ווערט אויך אראפגעבראכט אין שו"ע, אין פס"ד להלכה, און אזוי איז דאך מעשה רב -

שטייט דער טעם (איינער פון די טעמים): פארוואס עפעס דוקא ביין? - דערפאר וואס דער נס פון פורים איז אלץ געווען פארבונדן מיט יין, וואס דערפאר איז מען דאך מדגיש איז דער מגילה, וכמה פעמים (מערערע מאל), אז ס'איז געווען "במשתה היין"; ניט "במשתה" סתם, נאר "במשתה היין",

איז דאס איז דאך אבער אפגעשיקט די שאלה פון דעם פס"ד - צו דער מגילה, דאס איז דאך אבער ניט קיין ביאור: איז פארוואס טאקע איז דאס געווען ביין?! פארוואס איז דער נס געווען פארבונדן מיט "משתה היין" דוקא?

נאר כידוע די תורה פון בעש"ט,

און ווי גערעדט פריער כמה פעמים, אז דאס איז מוכרח על פי יסוד האמונה, אז וויבאלד אז "יש בעה"ב לבירה זו", אז קיין זאך אין דער וועלט טוט זיך ניט אן דעם בעה"ב, וואס דאס איז דער אויבערשטער,

אויך אט דאס וואס דער איד הערט דאס אדער זעט דאס איז דאס אויך - דערפאר וואס אזוי וויל דער אויבערשטער,

און בנוגע צו אויבערשטן זאגט מען דאך אין תורת אמת אז "לא ברא הקב"ה דבר אחד בעולמו לבטלה" -

איז אויך אט דאס וואס ער האט געוואלט, און ס'איז אזוי געווען, אז דער איד האט געהערט אדער געזען עניין פלוני - איז דאס ניט ח"ו "לבטלה";

מיט וואס איז דאס פארבונדן? - איז דאס פארבונדן, וויבאלד אז דאס רעדט זיך וועגן א אידן, ווי די משנה זאגט: "אני נבראתי לשמש את קוני", איז דאס פארבונדן מיט דעם עיקר פון א אידן, וואס דאס איז - צו דינען דעם אויבערשטן.

איז דערפון פארשטאנדיק, אז יעדער זאך וואס ער הערט אדער ער זעט - איז דאס פארבונדן מיט עבודתו לקונו, מיט דעם דינען זיינעם "לבוראו", צו דעם אויבערשטן.

עד"ז אויך בנוגע צו "משתה היין" - האט מען דאס אויך פארבונדן מיט "לשמש את קונו", לשמש את בוראו, אז די וואס זיינען געווען אין דער משתה זאלן אויך דערקענען אן עניין וואס דערפון וועט בא זיי ארויסקומען אין "לשמש את קונו", לשמש את בוראו.

ווארום לכאורה איז דאך געווען א שאלה: היתכן?! ווי קומט דאס, אז עס קען זיין א גזירה אויף אידן, וואס זיי זיינען "בשבילם נברא העולם", און דא זאגט מען פארקערט, אז אין וועלט איז דא א גזירה אנטקעגן אידן, עאכו"כ - אז דאס רעדט זיך אנטקעגן אלע אידן, "מנער ועד זקן טף ונשים",

עאכו"כ אז דאס רעדט זיך וועגן אידן ווען זיי שטייען אין א מעמד ומצב וואס מ'רופט זיי אן "יהודים", וואס תורת אמת איז מסביר, אז ~~פאר-~~ ~~דראס-דרעדט~~ א איד האט דאך כמה שמות; וואס באווייזט זיין נאמען ווען מ'רופט אים אן בשם "יהודי"? - אז ער איז "מודה בכל התורה כולה" און אז ער איז "כופר בע"ז",

און ווי גערעדט כמ"פ אז יעדער ווארט אין לשון-הקודש איז מדוייק בתכלית:

"עבודה זרה" איז דער טייטש: אזא עבודה וואס זי איז פרעמד פאר אים. וויבאלד אז דער איד איז באשאפן געווארן "לשמש את קונו", לשמש את בוראו, איז אלע איבעריקע זאכן וואס ער טוט איז אדער זיי דארפן ארויסהעלפן אין

"לשמש את קונאו", אז ניט איז דאס אן "עבודה", א טועכץ, וואס דאס איז א פרעמדע פאר אים!

קען זיין אז ס'איז א גוטע טועכץ פאר אימעצן אנדערן, אבער פאר אים איז דאס פרעמד,

און וויבאלד אז פאר אים איז דאס פרעמד - ווי קומט ער צו טאן א פרעמדע זאך? - איז דאך דאס זיכער דערפאר וואס ער האט פארגעסן אז ער איז אן עבד און א בן צו מלך מלכי המלכים הקב"ה:

אז מ'פארגעסט אויף מלך מלכי המלכים הקב"ה, ווער רעדט נאך אז דער פארגעסן קומט נאך ארויס אין א מעשה בפועל, אז ער טוט אן "עבודה שהיא זרה לו" - אט דאס איז דער ענין פון עבודה זרה כפשוטה! "ושכחת", רח"ל, "את הוי' אלקיך"!

און ווי ידוע דער אפטייטש (וואס מ'זאגט דאס בשם פון בעש"ט (צוואת הריב"ש (קה"ת תשל"ה) סע"ו. וראה הערות וציונים שם. הובא ונתבאר בלקו"ש וישב ה'תשל"ז - לקו"ש חט"ו שיחה ד' לפ' וישב), אז אויב " |וסרתם|" איז - "ועבדתם אלקים אחרים": כל זמן א איד איז "הדבקים בהוי' אלקיכם", איז אט רעמולט "חיים כולכם היום"; טוט ער וואס ער דארף טאן; אויף דערויף האט מען אים געגעבן די "חיים"; אויב " |וסרתם|", ער גיט זיך עפעס א קער פון דעם אויבערשטן - איז אט דעמולט ברענגט דאס צו "ועבדם אלקים אחרים" - בדקות, און דערנאך, רח"ל - ביז כפשוטו ממש (און ווי געזאגט תורת הבעש"ט, ווי געדרוקט בשמו, דער אפטייטש פון " |וסרתם| ועבדתם" - פון מגיד צי פון בעש"ט (ראה הערות וציונים שם)).

במילא, אז מ'איז זיך צוזאמענגעקומען דער וואס האט אנגעהויבן צו טאן וועגן דער גזירה, און דער וואס "ונכתב ונחתם בשמו", אחשורוש המלך, און צוזאמען מיט אסתר'ן און ביי אסתר המלכה - האט מען גלייך באוויזן די הוראה וואס דאס איז אין צוליב וואס דאס איז!

היתכן אז המן איז גאנץ און אחשורוש איז גאנץ, און אסתר דארף זיך בא זיי בעטן; ס'איז דאך היפך שכל הפשוט! וכמדובר, אז "בשבילי נברא העולם", עאכו"כ - די הנהגה פון אסתר, ועאכו"כ, ווי געזאגט פריער, ווי יעדער איד איז אנגערופן געווארן בשם "יהודי", און ס'איז געווען מרדכי האט באוויזן אז "לא יכרע ולא ישתחוה", אע"פ וואס ס'איז געווען פארבונדן מיט מסירת-נפש ממש ווארום ס'איז געווען נגד גזירת המלך,

און ניט נאר מרדכי - |נאר| ווי געזאגט פריער: "כי הגידו לו את עם מרדכי": פארוואס איז המן געשטעקט זיך אנטקעגן יעדער אידן, אפילו פאר טף שבישראל - ווארום מ'האט אים געזאגט, אז וואו נאר א פיצל קינד, א אידיש פיצל קינד - איז ער "עם מרדכי" במילא איז אויך "לא יכרע ולא ישתחוה":

א פיצל קינד, מ'האט נאך מיט אים לכאורה גארניט געלערנט, און ער איז נאך פאר בר-מצוה, נאך ניט קיין בר דעת שלימה, אפילו גארניט קיין בר-דעת - וואקסט דאס "עם מרדכי" וואס "לא יכרע ולא ישתחוה"!

במילא קען דאס המן ניט פארטראגן; דאס איז היפך פון זיין ישות!

און דא זיצן זיי אלע דריי צוזאמען, און אחשורוש זיצט בשם מלך, און מ'דארף זיך ביי אים בעטן, און המן זיצט און טראכט "למי יחפוץ המלך לעשות יקר יותר ממני"? און אז מ'האט אים געזאגט אז ס'איז מרדכי היהודי - אעפ"כ קומט ער מיט דער גאנצער ישות ומציאות,

און ווי ער איז מסביר אז "אף למחר אני קרוא לה עם המלך" - ער איז גלייך צו דעם מלך, וואס ער איז א מולך בכפה! און די ראי' ברענגט ער - פון אסתר היהודי', פון אסתר המלכה, אז די האט אים איינגעלאדן! אז אידן רח"ל זיינען אויך מודה!

רח"ל זיינען איבר מודה! וואס "מזליהו חזו" און האט דאך געוואוסט ווער אסתר איז.

האט מען גלייך באוויזן, אז וועו איז דאס; וואו קלייבט מען זיך צוזאמען? - "במשתה היין".

וואס איז דער ענין פון "יין"; ווי אזוי ווערט א מציאות פון וויין? וואס וויין איז דאך א גוטע זאך: "משמח אלקים ואנשים", און די ראי׳ איז פון זיי גופא: אז מ'האט אים איינגעלאדן "למשתה היין" - האט ער געוואוסט אז דאס איז א דבר נעלה, און אחשורוש האט געוואוסט, און האט ניט געפרעגט קיין שאלות: וואס דארף מען דאס האבן דעם "משתה היין" אז אסתר זאל אים דעמולט דערציילן וואס זי וויל; וויסנדיק, אז "משתה היין" איז א מצב נעלה.

איז "יין" איז ניט א מציאות וואס אזוי איז דאס באשאפן געווארן; באשאפן געווארן זיינען "ענבים", וויינטרויבן, און אין די וויינטרויבן, כשמם, איז דא וויין,

קען מען דאך עסן די ענבים, צוזאמען מיטן יין שבתוכם כמו שהם - וועט דערפון ניט ארויס דער "משמח אלקים ואנשים"; "משתה היין" אז מ'וועט עסן וויינטרויבן, איז א נזיר טאר טאקע ניט עסן קיין וויינטרויבן, אבער קיין "משתה היין" איז דאס ניט - דארף מען ארויסקריגן דעם יין פון די ענבים.

ווי אזוי קריגט מען ארויס דעם יין פון די ענבים? - דארף מען די ענבים א ביסל א קוועטש-טאן.

און אויב דאס איז אן "ענב" א גוטער, א רייפער, א פארטיקער שוין - גייט גלייך ארויס דער יין בשלימותו; אויב דאס איז א וויינטרויב א ביסעלע נאך א הארטער, נאך ניט קיין פארטיקער - דארף מען אים א קוועטש-טאן א ביסל בעסער.

און אט דא איז געווען דער ענטפער ווי קומט דער גאנצער מעמד ומצב:

געקומען איז מען געקומען צו אסתר, וואס זי האט גלייך דערקלערט, דעם צווייטן טאג, אז זי איז א אידיש קינד, און אעפ"כ איז דא די גזירה פון המן'ען,

איז פונקט אזוי ווי דער קוועטש-טאן דעם ענב איז דאס ניט וואס ראס איז די כוונה ח"ו אויף אים קוועטשן -

נאר די גמרא איז מסביר, פארוואס עפעס איז וויין האט א באזונדער ברכה? - דערפאר וואס דאס ברענגט אן עילוי; דאס הויבט אויף די גאנצע מציאות פון דעם ענב (פון דעם וויינטרויב), דערפאר האט דאס א ברכה מיוחדת: אויף וויינטרויבן מאכט מען "בורא פרי העץ", און "גפן", אז מ'האט פון די וויינטרויבן, וואס אז מ'עסט זיי מיט די וויין שבתוכם מאכט מען "בורא פרי העץ"; אז מ'נעמט ארויס די וויין, וואס צוליב דערויף דארף מען א ביסל א קוועטש-טאן דעם וויינטרויב - אט דעמולט באקומט ער א ברכה מיוחדת: "בורא פרי הגפן"!

און אז מ'זאגט דעם שבח פון ארץ ישראל, זאגט מען ניט "ארץ חטה ושעורה וגפן ותאנה ורמון", וואס גפן איז דאך לכאורה דער אפטייטש פון דעם גאנצן בוים - אבער דאס איז ניט וואס מ'זאגט סהם דעם ענין ענבים, וואס לכאורה: פונקט ווי ער זאגט "חטה ושעורה" - האט מען געראפט זאגן "וענבים"!

אין "גפן" איז שוין מרומז דער "פרי הגפן". וואס וואס איז דער פרי הגפן? - ניט מ'זאגט אז "ענבים" איז "פרי הגפן", לכאורה: די "פרי" פון

אן "עץ גפן" איז - ענבים, וויינטרויבן; ערשט נאך דערויף באקומט מען דערפון ארויס וויין, דורך דעם קוועטשן, ניט דער עץ טוט דאס; די ברכה אויף דעם וויין איז "בורא פרי הגפן" - אט דאס איז די ריכטיקע "פרי" פון דעם "גפן", שנשתבחה בו ארץ ישראל.

און אט דא איז געווען דער ביאור: אז מ'גיט א גזירה אויף אידן - איז דער ביאור בזה איז זעט מען דאס בגלוי בא "משתה היין",

וואס אט דעמולט איז דא וויין. דערנאך פרעגט מען: פון וואנענט קומט די וויין - זאגט מען דאס קומט פון וויינטרויבן; ווי אזוי קומט דאס - מוז מען אנקומען צו א קוועטש,

נאר וואס דען, אזוי ווי די וויינטרויבן זיינען שוין גרייט און רייף און שטייען "עמדו הכן כולכם" דינען דעם אויבערשטן, איז גענוג עפעס-וואס א קוועטש-געטאן - איז ער שוין נותן יינו, "המשמח אלקים ואנשים".

וואס אט דא איז געווען די הוראה פאר די אלע דריי:

אסתר המלכה האט זיך אויך געוואונדערט: היתכן?! ביז וואנענט אז "ותחלחל אסתר המלכה" אז זי האט דערהערט אזא גזירה, מיט אלע פרטים ווי דערציילט אין מגילה, און נאכמערער - אין מדרשי חז"ל אויף דער מגילה.

עאכו"כ אז דאס גופא האט געבראכן המן'ס ישות, ווייסנדיק, אז זיין גאנצע מציאות איז געווען: אזוי ווי ביי אידן האט געדארפט ארויסרופן, שוין נאך דערויף ווי זיי זיינען געווען "יהודים", א מעלה הכי נעלית, אזא מסירת-נפש נאך מערער ווי ס'איז געווען בשעת זיי האבן מקדים געווען "נעשה" ל"נשמע",

וואס דערפאר איז דאך דעמולט, בפורים, איז "קיימו מה שקבלו כבר" דורך הקדמת "נעשה" ל"נשמע" - האט מען געדארפט האבן א קיום און א חיזוק - האט דאס געדארפט האבן נאך א העכערן מצב ומעמד פון אידן, נאך העכער ווי זיי זיינען געשטאנען בשעת מ"ת -

אט דאס איז געווען די גאנצע זאך וואס מ'האט געדארפט האבן המן'ען מיט אחשורוש'ן מיט די שבע ועשרים ומאה ומדינה!

מ'דארף דאך אבער האבן באוויזן דאס בגלוי; אז ניט דארף מען זיך זעצן מיט יענעם לערנען - ער איז יע מודה, ניט מודה - איז דער גאנצער נס געווען פארבונדן מיט "יין":

בפשטות איז פארשטאנדיק אז בא "משתה היין" איז געווען נאר עניני אכילה אדער שתי', אדער ביידע זאכן; דערפאר ווערט דאס אנגערופן בשם "משת "משתה", אבער דאס ווערט אלץ אנגערופן ע"ש היין,

וואס אין דערויף איז געווען די הוראה און דער דיבור און דער פאר-ענטפערן, מ'זאל ח"ו ניט דערשרעקן זיך און ניט זיין אראפגעפאלן בא זיך: היתכן, אז עס זיצט המן, און ער איז א גאנצער שר ביי אחשורוש'ן, און אחשורוש איז דער וואס ער איז "מולך בכפה", און זיי "נמכרנו אני ועמי" מיט גאנצן אריכות הביאור -

איז דאס מערניט "בין לילה הי' ובין לילה עבר" - א ביסל א קוועטש געטאן - גיט גלייך א איד ארויס "יינו", "המשמח אלקים ואנשים", ווערט "פריילעך" למעלה, אין אלע רקיעים - המשמח אלקים, און עס ווערט פריילעך למטה - ביי "אנשים",

און דערפון קומט דערנאך ארויס אן אייביקער יו"ט, וואו אפילו כשיבטלו כל המועדים - איז "ימי הפורים האלו לא יעברו" און זיי וועלן זיין "עליהם ועל זרעם", ווי דער רמב"ם ברענגט דאס אראפ לפסק הלכה אין דעם סיום פון הלכות מגילה,

און אויך יעדער פורים בפני עצמו איז דאס א שמחה גדולה ביותר - נאך מערער ווי "מועדים לשמחה", ווי דערמאנט פריער,

כן תהי' לנו, אז "ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר", און - מתוך שמחה אמיתית.

*　　　*　　　*

ג. דובר בארוכה אודות המצב באה"ק.

*　　　*　　　*

ד. אט דאס וואס מ'האט פריער גערעדט וועגן תורת הבעש"ט, אז דאס דארף זיין א הוראה בעבודתו לקונו, במילא איז פארשטאנדיק, אז דאס איז אויך א הוראה בזמן הזה, בדור הזה, וכמדובר לעיל -

איז דאס נאך אבער ניט מספיק, ווארום דאס דארף דאך אויך זיין א הוראה פאר די וואס געפינען זיך אין חו"ל בכלל, און די וואס געפינען זיך אין ארה"ב, דא, בפרט.

בנוגע להאמור לעיל, וואס כאמור, וועגן דערויף דארף מען מחליט זיין אין ירושלים עיר הקודש, עכ"פ ב"נראה וסמוך לה" - איז וואס איז דא דער קשר וכו'?

איז נוסף אויף א זאך וואס איז אויך אן עיקר, אז וויבאלד אז אידן זיינען אלע צוזאמען א "קומה אחת", ווי דער אלטער רבי איז מבאר בארוכה אין לקו"ת, אין תחלת פרשת פון "אתם נצבים היום כולכם לפני הוי' אלקיכם", פון "ראשיכם שבטיכם" ווי ער רעכנט דערנאך אויס, ביז "חוטב עציך" ו"שואב מימיך", און דאגט אז דאס איז "לאחדים" און - "כאחד ממש",

איז במילא, אז אין איין טייל פון דער "קומה אחת" ווערט מיט א תוקף אמיתי די החלטה אז "לא יכרע ולא ישתחוה" - ווירקט דאס גלייך, ובאופן ישר, אויף אלע איבעריקע טיילן פון דער "קומה אחת".

דאס איז נאך אבער נאך אלץ ניט מספיק, ווארום דאס איז דאך וואס ער דינט דורך א צווייטן - איז דאס אויך א טייל פון עבודת ה', אבער עיקרו איז דאך אט דאס וואס "מצוה בו", ניט "בשלוחו" -

איז וואס דער "בו" אין עבדתו לבוראו פון די וואס געפינען זיך דא וואס מ'נעמט ארויס פון דעם ענין?

איז כמדובר כמ"פ, מיוסד אויף דערויף וואס מ'זאגט אז בימי הפורים איז "קיימו וקבלו היהודים עליהם ועל זרעם",

טייטשט דאס אפ די גמרא אין שבת, אין סוגיית מ"ה, ובכמה מקומות, און דער אלטער רבי, און די נשיאים שלאחריו, זיינען דאס מבאר בארוכה, אז "קיימו מה שקבלו כבר", וואס דאס גייט אויף "אורייתא", אויף חושבע"פ, צוזאמען מיט תושב"כ, לדיעה פון כמה מפרשים וכו' - כפשוטו, לערנען תורה און מקיים זיין מצוות.

וואו איז דא דער קשר מיט "לא יכרע ולא ישתחוה" מיטן גאנצן סיפור פון דער מגילה?

איז דאס אויך מובן, און ידע איניש בנפשו די התבוננות וואס מ'מאכט זיך, אז וויבאלד אז מ'געפינט זיך אין אן אופן פון "אכהי עבדי אחשורוש אנן", במילא מוז מען נאכגעבן דעם מנהג המדינה - סיי בנוגע צו לימוד התורה סיי בנוגע צו קיום המצווה,

רעדט זיך ניט ח"ו פון ענינים פון בדיעבד - איז "כל ישראל בחזקת

כשרות"; עס קומט אבער צו אן עניין וואס לכתחילה מוז מען דאס, אבער בדיעבד איז מען יוצא אויך אן דערויף - איז אט דא הויבט זיך אן די ענייני עניינים פון מורה-היתר זיין זיך!

עאכו"כ אז עס קומט נאך אן עניין וואס ער איז אפילו לכתחילה ניט דעד גוף המצוה; ס'איז אן עניין של הידור מצוה - איז אט דא ווערט גאר א ריבוי פון מורה-היתר זיין זיך,

אנהויבנדיק פון דעם חשבון אז "אכתי עבדי אחשורוש אנן", און - "אחית לקרתא אזל בנימוסא", און "דינא דמלכותא דינא", מיט די אלע עניינים פון די מקילים נוצן דאס,

ביז וואנענט אז ער מאכט פון עניינים וואס היפך הדין - ווערט דאס ביי אים עניין אז דאס איז מערניט ווי א חומרא! און במילא ווערט אזוי ירידה מדרגא לדרגא, ובלשון הגמרא "היום אומר לו כך" ביז וואנענט אומר לו "לך ועבוד" אן עבודה וואס זי איז "זדה לו" - בדקות, ביז צו אן עבודה וואס "זרה לו" אויך אפילות אין א גראבן אופן, ביז רח"ל - "עבודה זרה" ווי געערדט אין תו"א, אז ער איז משתחוה בראשו, ער בוקט-צו זיין קאפ צו דעם כסף וזהב; פון דעם "כסף וזהב" מאכט ער "עצביהם", און ער בוקט זיך דערצו - דאס האט א שליטה אויף זיין שכל פון נה"ב, במילא הויבט ער אן אריינ'טענה'ן (דער שכל פון נה"ב) מיטן שכל פון נה"א, און פארטומלט אים, ביז וואנענט אז עס קען דערפון ארויסקומען רח"ל אט דאס וואס ידע איניש בנפשי' צו וואס זי (?) איז עלול!

בשעת מ'קומט אבער מיט דעם שטעל אז ניט מ'גייט זיך אויס'טענה'ן מיט המן'ען און מיט אחשורוש'ן: היתכן? אז וויבאלד אז ער איז "יושב בשער המלך", וויבאלד אז ער האט דערציילט וועגן "בגתנא ותרש" - איז דאך לכאו' האט מרדכי געדארפט לויפן, דערוויסנדיק זיך פון דער גזירה - לויפן צו אחשורוש'ן, און זאגן אים, הער זיך איין: איך בין אט דער-א וואס האט דיר (וואס האט אים) מציל געווען פון בגתנא ותרש, איז היתכן אז דו הייסט אז מ'זאל אויף אים און אויף עמו גוזר זיין אט די גזירה?!

און אנהויבנדיק - אפילו די גזירה פון "יכרע וישתחוה", וואס עס טוען "כל עבדי המלך" - ער איז דאך אבער ניט גלייך מיט אנדערע, וויבאלד אז ער איז דער וואס האט מגלה געווען וועגן בגתנא ותרש!

געפינט מען ניט אז מרדכי זאל דאס טאן, און דערנאך מחליט זיין, צי האט ער מצליח געווען, במילא איז "לא יכרע ולא ישתחוה", אדער אויב ער וועט ניט מצליח זיין - וועט ער דעמולט גיין פרעגן ביי א רב: צי דאס גייט אריין אין "יהרג ואל יעבור", אדער מ'דארף זיך ניט איינשטעלן אין סכנה, וויבאלד אז ס'איז געווען אן "אנדרטא", מיט אלע פירושים וואס עס ווערט וועגן דערויף געבראכט אין מדרשי חז"ל, אז ס'איז גאר ניט געווען קיין עבודה זרה, וכו' וכו'.

- די ערשטע זאך אז מרדכי האט דערהערט אז מ'דארף נעמען א קאפ פון א אידן, און די זאלן זיך בוקן צו המן'ען און צו א זאך וואס הענגט אויף המן'ען, און צו אן עניין וואס איז ניט דער אויבערשטער, להבדיל - איז ביי אים גלייך געווארן בפשטות, אז די ערשטע זאך איז: "לא יכרע ולא ישתחוה"!

ער האט ניט בא וועמען גיין צו פרעגן, און ער דארף ניט צו פרעגן; ס'איז א דבר פשוט!

איי ס'איז דאך "אדם קרוב אצל עצמו", און וויבאלד אז ער וויל זיין א גרעסערער צדיק, וויל ער טאן א חומרא, כידוע די דינים בזה און די מחלוקת אין פוסקים בנוגע צי עס מעג זיין "יהרג ואל יעבור" א חוץ בא די ג' וואס "יהרג ואל יעבור" ע"פ דין וכו' (ראה נו"כ הרמב"ם הל' יסוה"ת פ"ה ה"ד. נו"כ השו"ע יו"ד סקנ"ז. ד"ה א"ר אושעיא די"ט כסלו שנה זו) -

איז ער לכתחילה ניט געגאנגען זיך מפלפל זיין; דערהערט אז מ׳וויל "יכרע וישתחוה" צו המן׳ען - איז ביי אים גלייך געווארן בפשטות: "לא יכרע ולא ישתחוה"!

און ער האט זיך ניט באגנוגנט וואס ער איז געווען פרום אין זיינע ד׳ אמות; ער האט געזען אז "עם מרדכי" זאל וויסן אז אזוי דארף מען זיך פירן!

ניט דינגען אימעצן וואס יענער זאל פראווען מסירת-נפש און ער וועט זיצן בא זיך וכו׳, אדער פראווען מסירת-נפש און ניט צולאזן אז א צווייטער זאל זיך פירן בדרך הישרה והנוכה - האט דאס גלייך געוואוסט "עם מרדכי" אז "לא יכרע ולא ישתחוה"!

און מ׳האט זיך ניט געשראקן אז המן ובניו וכו׳ וועלן אויך וויסן אז ס׳איז דא דער עם וואס ער געפינט זיך אין אזא מעמד ומצב וואס "לא יכרע ולא ישתחוה".

וואס כאמור, ווי אזוי קומט מען צו דעם מעמד ומצב אז מ׳דארף דאס באווארענען? - איז דאס דורך דערויף וואס מ׳הויבט-אן מאכן קולות אין א הידור של מצוה, דערנאך מאכט מען א קולא אין א לכתחילה, און דערנאך קומט מען צו דעם בדיעבד, וכלשון הגמרא, ווי געזאגט פריער: "היום אומר לו כך" ביז - היום אומר לו לך ועבוד וכו׳!

וואס אט דאס איז די הוראה:

אז מ׳קומט צוגיין און מ׳זאגט, אז וויבאלד אז דו געהערסט סאקע צו בן אברהם יצחק ויעקב, און בת שרה רבקה רחל ולאה; ביסט אבער געקומען, און דער אויבערשטער האט דיר געשיקט, אין אמעריקע, און אמעריקא איז אנדערש, אדער עד"ז אין אן אנדער מדינה פון גלות,

עד"ז אין ארה"ק, וואס דארטן זאגט מען אויך "ומפני חטאינו גלינו מארצנו": מ׳געפינט זיך אין ירושלים און אין חברון און אין טברי׳ און .. אין צפת, איז אז עס קומט דער זמן המתאים - זאגט מען "מפני חטאינו גלינו מארצנו ונתרחקנו מעל אדמתינו", און מ׳זאגט דאס אין תפלת העמידה, וואס דארט ווערט א שאלה הפסק, עאכו"כ די שאלה: היתכן מ׳זאל זאגן א זאך וואס איז ח"ו ניט אמת! אעפ"כ זאגט מען דאס "מנער ועד זקן טף ונשים"!

ווארום יעדערער ווייס אז דאס איז ניט דער מעמד ומצב פון "ארצנו" ווי דער מעמד ומצב דארף זיין אין "ארצנו", ווארום ס׳איז דא דער ביהמ"ק (אוצ"ל: ס׳איז ניט דא), און ארץ ישראל נתקבצה (אוצ"ל: נתכווצה), און די פירות זיינען געווארן אנדערש, מיט די אלע ענינים ווי אויסגערעכנט אין מדרשי חז"ל אין נגלה, אן רמזים!

עד"ז ועאכו"כ אז מ׳געפינט זיך אין גלות אין חו"ל,

איז אט דעמולט איז דער שטעל און די הוראה, צוזאמען מיט דער הבטחה אז דאס איז די וועג וואס פירט צו "ונהפוך הוא": אז ער האט א שטארקן נפש הבהמית, און דאדף דבב לאזט אים ניט רוען - דערציילט ער איר, אז מ׳האט ערשט געלייענט אין דער מגילה, אז וואס איז די וועג פטור-ווערן מגזירות, און פטור-ווערן מכל ענינים המבלבלים, און עס זאל זיין "אורה ושמחה וששון ויקר" צו א אידן ווען ער שטיט אין א מעמד ומצב וואס ער ווערט אנגערופן "יהודי", "מודה בכל התורה כולה", וואס דאס איז פארבונדן מיט "כופר בע"ז" - איז דאס איז דער איינציקער וועג אויף דערצו צוקומען!

איז סוכ"ס איז ער מנצח זיין נה"ב - ווי גרויס זי זאל נאר זיין בעיניו, און קען גאר זיין אז ער איז "גדול מחבירו" איז "יצרו גדול ממנו" - האט מען, ווי ער איז מאריך בארוכה אין המשך פון ע"ב, אז מ׳האט יעדערן געגעבן א נה"א לויט זיין נה"ב, כדי ער זאל זיך קענען מיט איר

איינקערן! בלשון פון מאמר חז"ל: "איני מבקש אלא לפי כחן": וויבאלד אז דער אויבערשטער בעט איס, "אם בחוקותי תלכו","אין אם אלא לשון תחנונים", ווי די גמרא זאגט אין ע"ז - איז אט דעמולט "מבקש", איז דאס א זיכערע זאך אז דאס איז "לפי כוחן": מ'האט אים פריער געגעבן אלץ וואס ס'איז נויטיק ער זאל בייקומען זיין נה"ב, און זאל בייקומען אין א מעמד ומצב בלשון הכתוב "עבדו את הוי' בשמחה" - אז עס וועט זיין דער נצחון אויף זיין נה"ב מתוך שמחה, ומתוך שמחה אמיתית, ווארום דאס איז פון תורת אמת אנגעזאגט געווארן אזוי.

אט דאס איז די הוראה פון ימי הפורים האלה וואס "לא יבטלו" ו"לא יסופו", און "אינם בטלין לעולם", אז בימי הפורים עצמם, און דערנאך אויך גלייך אין "שושן-פורים", און גלייך די טעג לאחרי זה, וכל הימים כולם, "עליהם ועל זרעם" - האט מען געגעבן אידן די אלע כחות וואס ער דארף האבן אויף צו שטיין אין א מעמד פון "לא יכרע ולא ישתחוה"; ניט נאר פאר זיך אליין, נאר מ'האט דאס אים געגעבן איז אן אופן, אז ער ער קען דאס מקבל זיין "על זרעם", אויף זיינע קינדער, און אויף קינדס-קינדער, און געבן אזא חינוך - אז עס וועט אנהאלטן עד סוף כל הדורות!

און קומט צוגיין אין תורה שבע"פ און איז נאך מסביר, אז "כל מאן דאית לי' דינא" מיט אוה"ע, סיי אלס א יחיד און סיי אלס א כלל, ווי גע-רעדט פריער - זאל מען דאס ארייגציען אין אדר,

עאכו"כ אז מ'האט דאס אריינגעצויגן אין "ימי הפורים האלה", און אט דעמולט איז זיין מזל זיכער מנצח, און עס ווערט דער "מסמך גאולה לגאולה" - פון דער גאולה אין דעם מעמד ומצב פון "אכתי עבדי אנן", וואס מ'געפינט זיך אין גלות - ווערט בקרוב ממש ביאת משיח צדקנו,

און מ'איז מקבל פניו בשמחה ובטוב לבב, "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותינו", "וכספם והזבם אתם", ובלשון המגילה: "מנער ועד זקן טף ונשים", ו"ביום אחד", און ווי חסידות טייטשט דאס אפ (ראה ד"ה אמר רבא חייב איניש לבסומי בפוריא ה'תש"ח פ"ט (סה"מ תש"ח ע' 118)), אז דער "אֶחד" שיינט בא זיי אריין; "ויקרא אלקים לאור - יום", איז דער "יום", וואס דאס איז דער "אור" פון דעם "אחד" - שיינט בא זיי אריין בכל עניניהם,

און מ'איז מקבל "פני האדון הוי'", בקרוב ממש, בבית המקדש השלישי, עאכו"כ - בימי חג הפסח הבאים, אז נעלה שם "מן הזבחים ומן הפסחים", ווארום נאך פון פריער וועט קומען משיח, ו"ילחם מלחמת הוי' - וינצח", און נאך פאר דערויף איז "יכוף כל ישראל לחזק בדקה" פון דער תורה "וללכת בדרכה", "ויבנה בית המקדש במקומו, ויקבץ נדחי ישראל", און "קהל גדול ישובו הנה" -

וועט מען בדרך ממילא דעם חג הפסח, מיט די זבחים, פראוועו אין אן אופן הכי נעלה, ביז וואנענט אז "פקע איגרא", בדוגמא ווי די גמרא זאגט בנוגע צו חג הפסח דעמולט,

איז כן תהי' לנו אנהויבנדיק פון° דער גאולת ימי הפורים, והלוך והוסיף ואור אין דעם "אורה שמחה וששון ויקר",

ובקרוב ממש, אין דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

* * *

אזוי ווי דא זיינען דא אזוינע וואס זיינען ניט-לאנג געקומען פון פרס - זאלן זיי זאגן אלע צוזאמען "לחיים", און דער עולם וועט זיי מסתמא מיטהעלפן, און - מיט א ניגון של שמחה.

איך ווייס ניט צי זיי פארשטייען אידיש - זאל זיי אימעצער איבער-זעצן דאס אויף פרסיש!

(המדובר הוא ע"ד ילדי טהרן, איראן, שניצלו משם לאחרי המהפכה האיסלאמית, והובאו ל"הדר התורה" ע"י הרב י.י. העכט שיחי', ונוכחו בעת ההתוועדות).

הת' א. ה. תרגם להם את הנ"ל, ואמרו לחיים.

אח"כ אמר כ"ק אדמו"ר שליט"א: זיי האבן מסתמא א ניגון אויך זייערן - זאלן זיי זינגען א ניגון אויך.

הנ"ל ניגנו את הניגון "יגדל אלקים חי וישתבח" במנגינה המיוחדת להם.

כשהתחילו לנגן פנה כ"ק אדמו"ר שליט"א להר"ר יואל הכהן שי' כהן, ואמר לו: מ'זאגט אז דו נעמסט [גוט] איבער א ניגון! כעבור זמן פנה אליו כ"ק אדמו"ר שליט"א עוה"פ ואמר לו: דו נעמסט-אויף דעם ניגון?

כשגמרו לנגן אמר כ"ק אדמו"ר שליט"א: מסתמא וועלן זיין איצטער מסיים זיין אויך מיט א "לחיים".

(כ"ק אדמו"ר שליט"א פנה לאחר מהם, כנראה לה. א. ואמר לו: זאגט דאס זיי אויף פערסיש. הנ"ל תרגם להם בשפתם).

אח"כ אמרו כולם ביחד "לחיים" לכ"ק אדמו"ר, וענה להם כ"ק אדמו"ר שליט"א "לחיים ולברכה", והתחיל לנגן "ממצרים גאלתנו כו'".

* * *

ה. בהמשך וואס מ'האט גערעדט פריער דער לימוד פון "לא יכרע ולא ישתחוה" אין לימוד התורה וקיום המצוות, וואס דאס איז נוגע יעדערן און יעדערע, "מנער ועד זקן טף ונשים", בכל מקום, וביתר שאת וביתר עוז ~~אין~~ ~~הגלות~~ אין זמן הגלות, ובפרט אין חו"ל וכו' -

איז דאך כמדובר כמ"פ, מ'דארף דאך אנהויבן, מ'קען דאך ניט מיטאמאל אלץ - גייט מען דאך "מצוה גוררת מצוה" -

איז כאן המקום אויף נאך אמאל מעורר זיין און מזכיר זיין, אז נאך דעריף ווי מ'האט דורכגעפירט דעם "מבצע פורים" דא ובכל מקום שהוא, און זיכער איז דאס געווען אין אן אופן פון א "פעולה נמשכת", או עם זאל האבן פירות און פירי-פירות, עד סוף כל העולם,

ווי חסידות טייטשט דאס אפ: עד סוף פון יעדער העלם, און פון אלע העלמות והסתרים,

איז זאל מען נאך מוסיף זיין ביתר שאת וביתר עוז, און אין אן אופן פון "אורה ושמחה וששון ויקר", אין די ענינים כלליים, ווי מ'האט זיי א נעמען-געגעבן די מבצעים,

אנהויבנדיק פון דעם מבצע פון אהבת ישראל, וואס האט דאך א שורש מיוחד אין ימי הפורים, דורך דעם ענין פון מצות "משלוח מנות איש לרעהו" און "מתנות לאביונים", וואס ענינם איז דאך אהבת ישראל - כמדובר, און ווי געשריבן און שוין אפגעדרוקט [ב]כמה מקומות, מיוסד אויפן פירוש פון דעם אריז"ל'ס שוואגער, ר' שלמה אלקבץ וכו' ("מנות הלוי"), אראפגעבראכט אויך אין של"ה הקדוש, און שוין אראפגעבראכט אויך אין חסידות,

עאכו"כ בנוגע צו מבצע חינוך, וואס דאס האט דאך מבטל געווען די גזירה בפועל, דורך דעריף וואס מרדכי האט מחנך געווען די אידישע קינדער אין אן אופן אז זיי האבן כהפלל געווען להקב"ה אין אזא אופן אז דער אויבערשטער האט דורך "קול גדיא אילין", בלשון המדרש, מבטל געווען די גזירה פון פורים און ס'איז געווארן "ונהפוך הוא",

עאכו"כ דעם "מבצע תורה", וואס דאס איז דאך דער ענין הפורים פון

"קיימו וקבלו היהודים", "קיימו מה שקבלו כבר" - דעם ענין פון מתן תורה,

עד"ז דערנאך די מבצעים: דער "מבצע תפילין", וואס "ויקר אלו תפילין",

דערנאך איז דער "מבצע מזוזה", וואס "ה' שומרך ה' צילך על יד ימינך",

וואס דאס איז דאך געווען די טענה, אפילו פון אחשורוש'ן, ווי עד דערציילט אין מדרש, בשעה המן איז צו אים געקומען: היתכן?! מ'קען זיך ניט פאדטשעפען, וויבאלד אז זיי האבן דעם אויבערשטן און דער אויבערשטער היט זיי. און ער האט אים בעדארפט מסביר זיין: "אלקיהם ישן הוא", מיט דער גאנצער שקו"ט ואריכות,

וואס דערפאר, אז ס'איז געווען "בלילה ההוא נדדה שנת המלך", ווי ער זאגט אין מדרש: "שנת מלכו של עולם" - איז גלייך בטל געווארן דער ענין פון "אלקיהם ישן הוא", אויך בגלוי למטה, און ס'איז געווארן "לא ינום ולא יישן", דערפאר וואס דאס איז "שומר ישראל",

וואס דאס איז דאך פארבונדן מיט מבצע מזוזה: "הוי' ישמר צאתך ובואך מעתה ועד עולם", ווי ער זאגט אין זהר,

דערנאך דער מבצע צדקה - וואס דאס איז דאך דער ענין פון "מתנות לאביונים";

דער ענין פון "כשרות האכילה ושתי'", וואס דאס איז מבטל דעם קטרוג וואס איז פארבונדן פון "נהנו מסעודתו של אותו רשע";

דער ענין פון טהרת המשפחה, ווי ער דערציילט אין תרגום שני, אז המן'ס טענה איז געווען, אז ביי אידן איז דא דער ענין פון טהרת המשפחה, און דערנאך איז די נשים זיינען טובלות במים וכו'.

[וואס דארט איז דא א דבר פלא, וואס איך האב ניט געפונען אימעצער זאל זיך שטעלן אויף דעם: וואס ער זאגט דארטן, אז נאך דערויף ווי ס'איז דא דער ענין פון די שבעה ימים, איז בחצות לילה איז מען זיך טובל! וואס אומעטום, סיי אין תרגום שני, אין מדרש, וואו עס ווערט געברענגט דער ענין - שטייט אלץ מיט דער הוספה אז ס'איז געווען בחצות לילה,

וואס אמת טאקע, טבילה דארף זיין בלילה, אבער דער ענין פון חצות הלילה איז צ"ע וואס איז דאס און פון וואנענט שטאמט דאס, און וואס איז דער תוכן שבדבר].

דער ענין פון נרות שבת קודש, וואס דאס באווייזט דאך אויף דער חביבות פון שבת - איז דאך אויך געווען, ווי ער זאגט אין תרגום שני, פון טענות המן, אז עס קומט כל יום שביעי זאגן זיי: "שבת היום", און דערפאר דארפן זיי זיך פירן באופן מסויים, דערפאר וואס דער אויבערשטער האט זיך גערוט ביום השביעי, ווי ער זאגט אין תרגום שני.

וואס דורך די אלע ענינים ווערט דער ענין פון "מסמך גאולה לגאולה" - אין דעם מבצע הכי גדול", וואס דאס איז - דורך דערויף וואס מ'טוט ביתר שאת אין די מבצעים, אין די מצוות כלליות, וואס "מצוה גוררת מצוה", און יעדער כלל - איז גורם במיוחד דעם קיום כל הפרטים שלו,

ביז וואנענט במכ"ש וק"ו: מה-דאך אז דורך מעשה אחד, דיבור אחד, מחשבה אחת איז מען מביא ישועה והצלה - עאכו"כ אז אידן זיינען טאקע ווי זיי שטייען אין גלות, נאך "מפוזר ומפורד בין העמים", איז אט דאדטן זעט מען אז דאס איז "ישנו עם אחד", ווארום מ'פירט זיך ע"פ תורה אחת, און מ'איז מקיים די מצוות פון הוי' אחד,

און מ'איז זיי מקיים (ווי ס'איז מקיים?) דער "גוי אחד": אפילו אז

מ׳געפינט זיך ב"ארץ" ובגשמיות - איז, ווי דער אלטער רבי טייטשט דאס אפ, שטיט מען אויך אין א מעמד ומצב פון "אחד",

אט דעמולט איז מען ממשיך, ובקרוב ממש, דעם קיום היעוד, אז "והי׳ הוי׳ למלך על כל הארץ ביום ההוא יהי׳ הוי׳ אחד ושמו אחד", "כמו שאני נכתב כך אני נקרא",

בביאת משיח צדקנו, וואס "כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות".

*　　　*　　　*

ו. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה "ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר".

*　　　*　　　*

ז. בהמשך להאמור פון דעם מאמר, וואס דער מאמר איז ראך גענומען פון דעם אלטן רבינ׳ס מאמרים, און דעם מיטעלן רבינ׳ס מאמרים (אין שערי אורה), און דער עיקר - פון דעם צ"צ׳ס מאמר אין אור התורה אויף דעם פסוק "ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר",

וואס דאס קומט אויך בהמשך צו דער שאלה פארוואס אידן ווערן אנגערופן אין דער גאנצער מגילה מערניט ווי מיט דעם נאמען "יהודי", אע"פ וואס אין נביאים כתובים געפינט מען דאס אין געציילטע ערטער, און אין חומש איז דאס בכלל ניטא, מערניט ווי "יעקב" און "ישראל" און "ישורון",

ועד"ז אויך שטעלט מען זיך די צווייטע שאלה: וואס מ׳געפינט א חידוש אין דער מגילה וואס ס׳איז ניט דערמאנט קיינער פון די שמות, עאכו"כ - ניט דערמאנט דער שם הוי׳, מערניט ווי | ראשי-תיבות, סופי-תיבות וכיו"ב,

און מ׳פארענטפערט דאס ע"ד החסידות, ע"ד הקבלה, ע"ד הדרוש וכיו"ב, ובהמשך צו דעם מאמר - דער ביאור הידוע, אז פונקט אזוי ווי אין דעם מצב אין עבודה זיינען אידן געשטאנען בגלוי, די פנימיות הנפש, אן ענין פון מס"נ בפשטות - העכער פון דער עבודה פון כחות הגלויים - דערפאר האבן זיי דערלאנגט אין אלקות, און מגלה געווען אלקות, אויך אין א מעמד ומצב וואס איז העכער פון שמות, וואס יעדער שם איז דאך אן ענין פון גילוי, וואס דערפאר איז ניט דערמאנט קיין שם אין דער גאנצער מגילה.

וואס דאס איז דער זעלבער ענין אין "ליהודים" - דער זעלבער ענין בנוגע צו די שמות, און באריכות ווי גערעדט אין דעם מאמר, וואס דאס איז גענומען פון די מאמרים פון רבותינו נשיאינו.

וואס כאן המקום אויך לבאר, לאחרי השאלה,

וכמדובר כמ"פ אז מ׳דאדף דאך עפעס טאן מיט דער רש"י פון מגילה:

די רש"י׳ס פון די פרשיות זוכט מען א שבת און א מוצאי-שבת און מ׳איז מבאר; וואס טוט מען מיט די רש"י׳ס פון מגילה? - האט מען קיין אנדער ברירה ניט, און מ׳דארף נוצן ימי הפורים.

וואס אט דא ווערט די שאלה: די שאלה האמורה ווערט דאך ביי א בן חמש למקרא אויך: אויב ער לערנט ווי א אידיש קינד דארף לערנען - דארף זיך אים ווארפן אין די אויגן, אז אין גאנץ מקרא, גאנץ חמשה חומשי תורה, ווייס ער ניט אז אידן האבן א נאמען "יהודים", און בשעת ער קומט צו פורים און לייענט די מגילה, אדער פאר פורים, ווען ער לערנט די מגילה - זעט ער פונקט דעם היפך: ס׳איז ניט דערמאנט קיין איין און איינציקן מאל ניט יעקב, ניט ישראל, ניט ישורון - און ס׳איז דערמאנט כו"כ פעמים דער נאמען פון יהודים?!

עד"ז די צווייטע שאלה: ער איז געוואוינס לערנענדיק וומש, אז על כל צד וצד, יעדער פסוק, צי יעדע עטלעכע פסוקים, ווערט דערמאנט דער אויבערשטער, אין איינעם פון זיינע שמות;

אז ער קומט צו דער מגילה, און מ'זאגט אים אז דאס איז א מורא'דיקער יו"ט, און אז "ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר", ביז וואנענט אז אפילו גויים "מעמי הארץ מתיהדים" - זוכט ער דעם אויבערשטן - געפינט ער ניט דעם אויבערשטן! אלץ דערמאנט ברמז, אז מ'האט געזאגט "לך כנוס את כל היהודים וצומו עלי", און דערנאך זאל מען מתפלל זיין, בפרט נאך אז ער לערנט דאס מיט פירוש רש"י על המקרא - ווערט דאך ביי אים זיכער די שאלה: היתכן וואס קיין איין און איינציקן מאל איז ניט דערמאנט דעם אויבערשטנ'ס נאמען!

וכמדובר כמ"פ, דארף דאס רש"י באווארענען, פשוטו של מקרא. און רש"י קען אים ניט אפשיקן אז ער זאל קיקן אין מדרשים און אין חסידות אין קבלה וכו' - דערפאר וואס דאס רעדט זיך וועגן א בן חמש למקרא, און ער לערנט אין פשוטו של מקרא; אט דאס איז זיין סדר הלימוד ע"פ התורה, כמבואר אין הל' ת"ת פון דעם אלטן רבי'ן, מיוסד אויף דער משנה אין אבות "בן חמש למקרא", און ערשט "בן עשר" קומט ער "למשנה", און "בן חמש עשרה לגמרא" וכו',

מוז רש"י ערגעץ-וואו באווארענען ביידע שאלות: סיי פארוואס עס ווערט ניט דערמאנט דער שם הוי' (וכיו"ב) בכל המגילה, סיי דעם חידוש, וואס ביז דער מגילה ווייס ער ניט, האט ער אין ערגעץ ניט געטראפן אז איד אידן ווערן אנגערופן בשם יהודים; און דא איז דער "ונהפוך הוא" - אז מערנים ווי דער נאמען "יהודי"!

וכפי שיתבאר לקמן דארף דאס אויך זיין - אדער עס דארף שטיין דער תירוץ אין רש"י עכ"פ ברמז, אבער אין די רש"י וואס קומט פאר דער מגילה, אדער - ע"ד הפשט איז דאס מלכתחילה קיין קשיא ניט --

איז ניט פארשטאנדיק: לכאורה איז דאס א קשיא עצומה.

רעדנדיק אויך פון תורה - איז כאן המקום אויך צו דערמאנען אן ענין וואס איז נתחדש געווארן בנוגע צו דעם כולל מעבר לים אין אסטראליע,

וואס ס'איז ארויסגעפארן אין די ימים שלפני ימי הפורים אט די וואס זיי ווילן דאס דארט מיסד זיין און מבסס זיין און מרחיב זיין וכו' -

צו אויסנוצן דאס אויך רעדן עפעס אן ענין אין נגלה, עכ"פ בקיצור, א זאך וואס איז פארבונדן מיט "כולל".

און אט דא קען מען זען אויף וויפל ס'איז נוגע דער ענין פון שם הדבר, וואס דער בעש"ט האט דאס אויך מגלה געווען, אז שמו אשר יקראו לו בלשון הקודש איז דאס מהוה און מחי' און מקיים את הדבר, וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס גיט ארויס דעם תוכן הדבר,

און ס'איז דאך מקובל בכל תפוצות ישראל, אז דער שם פון אזא סארט מוסד, אשר יקראו לו בלשון הקודש ווערט דאס אנגערופן בשם "כולל".

וואס דער ענין לכאורה בפשטות איז - אז דאס איז כולל כמה ענינים, כמה מענטשן, וואס זיי לערנען צוזאמען תורה,

וכמדובר פריער, בא דער געלעגנהייט פון זייער אוועקפארן, און שוין אויך צוגעשריבן, אז "כולל" איז מערער פון "כלל", עאכו"כ - מערער פון "כל",

וואס "כל" איז דאך אויך אן ענין בפשטות וואס איז כולל; "כל בית ישראל" - הייסט דאס גאנץ בית ישראל; "עבדת את הוי' אלקיך בשמחה מרוב כל" - אז ער האט אלץ; "יש לי כל" - אז ער האט אלץ וואס מ'דארף האבן.

כל" - אז ער האט אלץ; "יש לי כל" - אז ער האט אלץ וואס מ'דארף האבן, וכיו"ב וואו עס שטייט "כל";

וואס איז דא מוסיף אז עס שטייט "כלל"? - אז עס שטייט "כלל" איז דאס ניט איינער; "כל" קען זיין ביי א יחיד; אז מ'זאגט "כלל" - ווערט דאס עכ"פ מער ווי איינער: "מיעוט רבים שנים", עאכו"כ "כלל" האמיתי, ביז דער "כלל" השלם - דארף זיין עשרה מישראל, "ונקדשתי בתוך בני ישראל", ועד"ז בכו"כ ענינים.

דערנאך קומט נאך צו: א "כלל" קען דאך ווערן מעצמו, אדער קען אזוי געבוירן ווערן וכיו"ב,

איז דא דער ענין פון "כולל", וואס דאס איז א זאך וואס איז מרמז אויף א פעולה, וואס "כולל" איז דער טייטש, בפשטות, אז ער ציט אין זיך אריין נאך עפעס; נאך איינעם, נאך צוויי, נאך א ריבוי.

וואס דאס איז "כולל" מוסיף אויף א "כלל":

"כלל" קען זיין בדרך מקרה (אויף וויפל ס'איז שייך מקרה; יעדער ענין איז בהשגחה פרטית, אבער אין דערויף קען דאך שטיין די השגחה פרטית ניט זיין פארבונדן מיט פעולת בן-אדם, אדער עס זאל שטיין די השגחה פרטית בתכלית ההעלם);

דער נאמען "כולל" איז - אז אט דער וואס מאכט דעם כולל, אט דער וואס לערנט אין כולל וכו' - איז ער כולל צו זיך נאך קטנים,

וואס דאס איז דאך אויך בפשטות דער ענין פון א "כולל", אז מ'איז כולל כמה אברכים, כמה בחורים וכו', וואס זיי זיצן אלע צוזאמען לשם ענין אחד, לשם מטרה אחת, וכו'.

וואס אט דא ווערט די שאלה, ביז אז דאס איז נוגע למעשה בפועל:

ס'איז דאך נהוג, און אזוי מכמה טעמים, ביז וואנענט אז "מנהג ישראל תורה הוא", אז אין א כולל, ניט נאר מ'זיצט און לערנט, נאר אויך - מ'באקומט דערפאר אן ענין וואס ער נעמט אראפ די טירדות הפרנסה. דאס הייסט, אין אנדערע ווערטער, אז מ'גיט די אנשי הכולל כדי צרכם, אדער עכ"פ א חלק פון זייער פרנסה, כדי זיי זאלן האבן מנוחת הנפש און קענען לערנען בהתמדה ושקידה און מיט א חיות, מיט די אלע ענינים וואס זיינען מוסיף נאך מערער הצלחה אין דעם לערנען, און דער לערנען איז כדבעי בתכלית.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, ועי"ד פון מכתב הידוע פון דעם רבי'ן נ"ע, געדרוקט אין קונטרס עץ החיים, אז מ'דארף אפהיטן די תקנות, ווארום אז ניט איז מען נהנה שלא ברשות, ווי ער איז דארטן מאריך אויב מ'וועט לערנען ניט לויט די תקנות וואס מ'האט געמאכט פאר די תלמידים וועגן וועלכע עס רעדט זיך דארטן.

וואס עד"ז איז פארשטאנדיק אויך בנוגע צו אברכי הכולל, אז וויבאלד אז מ'וויל אז זיי זאלן נהנה זיין, כדי זיי זאלן ניט האבן קיין טירדות, ובמילא זיינען זיי אויך נהנה הם ובני ביתם, און מ'וויל דאס בסבר פנים יפות וכו' וכו',

ויותר ממה שהמקבל באקומט פון דעם נותן - באקומט דער נותן ע"י המקבל אין פון דעם מקבל,

איז אעפ"כ דארף ער אפהיטן אט די תנאים מיט וועלכע ס'איז פארבונדן דער זיין אין דעם כולל.

וואס דעמולט איז פארשטאנדיק, אז אויב מ'רעכנט-אויס תנאים בפירוש

- איז אין דערויף ניט שייך זאגן קיין ספיקות, צי מ'דארף זיי מקיים זיין און צי האט ער זיי מקיים געווען צי ניט; וויבאלד אז די תנאים זיינען מפורשים, ובפרט אז זיי זיינען בכתב - ווייס מען וואס עס הייסט קיום התנאים און וואס עס הייסט ניט קיום התנאים.

ס'איז אבער דא כו"כ כוללים וואס אין זיי איז ניטא בכתב וואס זיינען די תנאים וואס על יסוד זה נעמט מען אריין אין כולל.

און דא איז א מקום לכמה שאלות. און די שאלה העיקרית: ס'איז דאך "אין דיעותיהן שוות", ביעזאגט אויך בנוגע צו חברי הכולל, במילא איז אויך פארשטאנדיק, אז ניט יעדערער האט דעם חוש מיט דעם חשק אין לימוד התורה - אין דעם זעלבן אופן ווי דאס איז בא דעם צווייטן.

וואס ס'איז דא אין דערויף תילוקים פרטיים אין דעם זעלבן סוג, און דערנאך איז דא סוגים תלוקים, ובכללות: ס'איז דא דער סוג וואס קאכט זיך מערער אין בקיאות, ס'איז דא א סוג וואס קאכט זיך מערער אין עמקות אדער אין חריפות, ובלשון הגמרא: דער סוג פון "סיני" אדער דער סוג פון "עוקר הרים", און בלשון פון דער גמרא אין ע"ז: דער סוג וואס ער ליגט מערער "למיגרס", וואס דאס איז דער ענין פון בקיאות, אדער ער ליגט מערער אין "יהגה", וואס דאס איז דער ענין פון עמקות, דער ענין פון חריפות וכיו"ב.

און אין בקיאות גופא איז דאך אויך דא כמה פרטים מחולקים, און עד"ז אויך - אין לימוד בעמקות ובחריפות ובפלפול - איז דאך אויך דא כמה פרטים מחולקים.

וואס דא ווערט די שאלה: וויבאלד אז זיי לערנען אין דעם זעלבן "כולל", באקומען דעם זעלבן עזר וכיו"ב, און דערנאך איז דא אזוינע וואס לערנען אין איין אופן הלימוד, און אזוינע וואס לערנען אין א צווייטן אופן הלימוד.

וואס אט דא ווערט די שאלה, צי האט מען א רשות, אדער עס דארף זיין "אחרי רבים להטות", אדער אין דערויף איז ניט שייך דער "אחרי רבים", און עס מאכט ניט אוים אז א טייל וועט לערנען אין אן אופן פון בקיאות; א טייל וועט לערנען אין אן אופן פון תריפות אדער עמקות וכיו"ב, און נאכ-מער - די חילוקים אין פרטיות יותר.

ביז וואנענט אז ס'איז דא נאך א גרסערע תלוקה: אז אע"פ וואס "כולל" איז דאך ענינו לימוד התורה; וויבאלד אבער אז "לימוד מביא לידי מעשה", איז וואס מערער ער קאכט זיך אין דעם לערנען - קומט ביי אים אויך ארוים אט דאס וואס לימוד מביא לידי מעשה,

ובפרט אז ביי אים איז דער לימוד אין אן אופן פון "גדול לימוד", ששופט דאס אים למעשה, למעשה "לאסוקי שמעתתא אליבא דהלכתא", ביז - למעשה בפועל - אן ענין פון קיום המצוות. וואס אט דעמולט הויבט ער זיך אן קאכן אין מעשה המצוות.

וואס אין דעמולט, אע"פ וואס ס'איז דאך מעצמו מובן אז סדרי הכולל, אין די זמנים - אין דערויף איז דאך ניט שייך קיין דינגען זיך;

מ'האפט דאך אבער, און יעדער כולל האפט אזוי, אז אויך אין די זמנים הפנויים פון סדרי הכולל - וועט ער ממשיך זיין וועט דאס זיין א פעולה נמשכת פון זיין זיין אין כולל, אז אויך נאך דערויף וועט ער זיך קאכן אין דעם זעלבן ענין -

צי אט דעמולט, אז ער קאכט זיך אין מעשה המצווה, ניט נאר אויף וויפל מ'דארף דערפאר וואס דאס איז א מצוה שהזמן גרמא; ניט נאר אויף וויפל מ'דארף - אז ער איז מוסיף הידור מצוה, ביז מהדרין מן המהדרין - נאר זיין גאנצער קאך איז אין מצווה,

איז אט דעמולט - צי גייט ער אריין אין דעם זעלבן "כולל", און באקומט דעם זעלבן עזר, און ער האט גאר ניט וואס איבערצוטראכטן, אדער - עס ווערט א שאלה, און ער דארף האבן א "שאלת חכם", אדער שאלת הנהלת הכולל, וויבאלד אז דער כולל איז, רובו, איינגעשטעלט אויף א לימוד באופן מסויים - צי דאס איז חריפות אדער בקיאות - און ער איז פון דעם מיעוט,

און דערנאך אויך בנוגע צו זמנים הפנויים עד"ז.

וואס כרגיל בכמה מקומות איז מען זיך מפלפל בכו"כ ענינים; מ'געפינט אבער ניט אז אין דערויף זאל זיין א שקו"ט, אע"פ וואס, כאמור, איז דאס א שאלה וואס איז נוגע לפועל, און נוגע בפועל, כאמור, מצד דערויף וואס "אין דיעותיהן שוות" - איז דאס קרוב לומר אז אין יעדער כולל איז דא אזא סארט שאלה, צי דאס איז בנוגע בקיאות חריפות עמקות הרחבה, מיט די אלע פרטים וואס ס'איז שייך זאגן אין דערויף.

וואס אז מ'טראכט זיך אריין אין דעם נאמען - כאפט מען זיך, אז דאס איז א פלוגתא פון דעם רמב"ם מיטן ראב"ד.

וואס דער ענין פון כולל כפשוטו, וועגן וועלכן עס רעדט זיך דא - געפינט מען דאך ניט אין ש"ס, אע"פ וואס מ'געפינט דאך בזמן הש"ס וואס "תורתם אומנתם", ו"חבריא" (וחביריו) וכו', אבער אז דאס איז געווען אין אן אופן של "כולל" - געפינט מען דאס ניט אין ש"ס, עכ"פ אין די ערטער וואס איך האב געזען, עד עתה.

מ'געפינט אבער דעם נאמען "כולל" בכמה מקומות בש"ס. וויבאלד אז דאס ווערט אנגערופן בשם "כולל", וואס דאס איז אין דעם זעלבן לשון, דעם זעלבן לשון הקודש, און דאס איז אזוי נקבע געווארן און נתפשט געווארן בכל תפוצות ישראל - קען מען אפלערנען בנוגע צו דעם "כולל" וואס איז שייך צו א כולל פון אזוינע וואס לערנען תורה - בנוגע צו די ענינים וואס ווערן אנגערופן בשם "כולל" וועגן וועלכע עס רעדט זיך אין ש"ס,

וכאמור - איז דא אין דערויף א פלוגתא פון רמב"ם מיט דעם ראב"ד בנוגע צו "כולל" שבש"ס - וואס דערפון וועט מען פארשטיין דעם "בנין אב", דעם לימוד בנוגע צום כולל האמור.

און דאס איז - וואס מ'געפינט דעם ענין, ס'איז דאך דא דער ענין פון אן איסור "כולל".

וואס ענינו איז, און די דוגמא הכי פשוטה וואס ווערט געבראכט בכמה מקומות: אזוי איז דאך דער דין פון "אין איסור חל על איסור": בשעת ס'איז דא מאכלות אסורות, זיינען זיי אסור כל השנה כולה, דערנאך ווערט די שאלה: אכל מאכל אסור ביוהכ"פ; צי מצד דערויף וואס "אין איסור חל על איסור" האט ער געטאן מערניט ווי איין זאך, וואס אכל מאכל אסור, משא"כ דא קומט ניט צו דער איסור פון יוהכ"פ, וויבאלד אז "אין איסור חל על איסור",

אדער, לויט דעם תנא וואס האלט אז אן "איסור כולל" איז יא חל - איז אט דעמולט, אכל מאכל אסור ביוהכ"פ, וואס דורך יוהכ"פ איז חל אויפן אדם אן איסור כולל, אז ניט נאר ער טאר ניט עסן קיין מאכלות אסורות, נאר ער טאר ניט עסן אויך מאכלים מותרים - איז דאך דער איסור פון יוהכ"פ אן "איסור כולל" - איז ער אויך חל אויף דעם איסור פון מאכל אסור, במילא, אז ער האט געגעסן מאכל אסור ביוהכ"פ - האט ער עובר געווען אויףביידע איסורים: אויפן איסור פון דעם מאכל אסור, און אויף דעם איסור פון אכילה ביוהכ"פ.

וואס מ'פסק'נט בש"ס לויט דעם וואס זאגט אז "איסור כולל" איז חל, במילא איז דעמולט איז אכל מאכל אסור ביוהכ"פ איז האט ער אין זיך די צוויי איסורים.

זאגט דער רמב"ם נאר אן ענין ברבר (אויך געבראכט, מקורו, בש"ס, ער פסק'נט דאס אבער אפ):

אז ווי איר דער דין, אז א בעל-מום וואס בטומאה האט ער געטאן אן ענין בבית המקדש. און ער זאגט, אז דעמולט איז ער עובר אויף צוויי ענינים: איינער פון דעם איסור וואס א בעל-מום טאר ניט טאן קיין עבודה במקדש, און די צווייטע זאך - וואס א טמא טאר ניט קיין איסור ב בקודש.

זאגט אויף דערויף דער ראב"ד, אז במה דברים אמורים (אין רמב"ם שטייט דאס אן פרטים; איז דער ראב"ד מוסיף בזה: במה דברים אמורים) - אויב דאס איז געקומען בבת אחת: אז ער האט געמאכט זיך דעם מום צוזאמען מיט דער טומאה - דורך א סכין טמא, מיט די אלע אופנים וואס דאס קען זיין:

בשעת ס'איז געווען אן איסור שבבת אחת, איז אט דעמולט, אפילו דער וואס האלט אז אן "איסור כולל" איז ניט חל אויף אן איסור שלפניו; וויבאלד אבער אז עס קומט בב"א - האט עד צוויי איסורים,

עד"ז אויך דא: וויבאלד אז דער מום און טומאה איז געקומען בב"א - איז דערפאר איז דער דין אז ער האט עובר געווען אויף יעדע ענינים: אויף עבודת בעל מום און אויף עבודת בעל טומאה.

פרעגן אויף דערויף מפרשי הרמב"ם: מה דחקו (דעם ראב"ד) זאגן, אז דער רמב"ם האלט אז עס מוז זיין בב"א; דער רמב"ם פסק'נט אז אן "איסור כולל" איז חל! מ'דארף ניט אנקומען צו בבת אחת!

און מ'פארענטפערט אויף דערויף, אז אין דערויף איז מחולק דער ראב"ד:

אט דאס וואס אן איסור כולל איז חל, אזוי פסק'נט די גמרא - האלט דאך דער ראב"ד אויך אזוי; דער ראב"ד אבער האלט, אז דער "איסור כולל" דארף ער כולל זיין אין דעם זעלבן ענין!

ווי געגערעדט פריער, אז ס'איז דא וואס דאס איז א מאכל אסור, וואס דאס איז אן איסור של אכילה, דערנאך איז דא ביוהכ"פ, וואס דער איסור יוהכ"פ איז אויך אין אכילה, נאר וואס דען? - אויך אין אכילה פון א דבר היתר;

בשעת ער איז אים כולל אין אכילה גופא אויך נאך אן אכילה - אט דעמולט האט דאס א שייכות און א פארבונדן מיטן איסור פון איסור מאכל: אכילת מאכל אסור, דערפאר איז ער חל.

א בעל-מום איז אסור, ניט אין שאר ענינים; ער איז אסור מעדניט בעבודה, ער איז אבער מותר באכילה: א בעל-מום איז אוכל בקדשים.

בשעת א בעל-מום אכל קדשים בטומאה, איז אמת טאקע, טומאה איז א דבר כולל, דאס אסר'ט ניט נאר אכילה - דאס אסר'ט אויך עבודה;

דאס רעדט זיך אבער וועגן א בעל-מום וואס האט געגעסן, און דאס וואס טומאה איז כולל איז דאס כולל אן ענין פון עבודה, און עבודה און אכילה - איז צוויי באזונדערע ענינים,

איז ניט שייך זאגן אויף דערויף אז דאס איז כולל בענין פון אכילה - אין אכילה איז דאס גארניט כולל! ווארום אין אכילה איז א בעל-מום אן ענין של היתר, און דארט איז מלכתחילה קיין איסור ניט געווען, און דאס איז ערשט צוגעקומען דורך דערויף וואס ער איז געווארן א טומאה, משא"כ אין עבודה איז דא קומט-צו א דבר חדש,

וואס דערפאר איז דאס ניט "כולל" - דאס איז כולל אין צוויי באזונדערע שכות, וואס דאס איז "עבודה" און דאס איז "אכילה".

און מ'פארענטפערט אויף דערויף, אז אעפ"כ איז דאס כולל, ווארום אכילה ווערט אנגערופן מיטן זעלבן לשון, דער איסור, לשון "יקרב אל הקודש" - פונקט ווי עס שטייט אויף עבודה - האט דאס אין

האט דאס אין זיך א חילוק טאקע, אז דאס ווערט אנגערופן אכילה און דאס עבודה; עס האט אבער א דבר המשותף, אז בידע ווערן אנגערופן בכתוב, בנוגע צו דעם איסור און רעם חיוב, בשם "קריבה".

זאגט אבער דער רמב"ם א צווייטן דין, און דאס איז: א זר וואס עבד עבודב בשבת. וואס שבת איז א "כולל", מוסיף ניט נאר עבודת זר, נאר ער איז מוסיף ביי אים אויך מלאכה בזר, און פריער, בימות החול, איז דער זר געווען מותר במלאכה און אסור בעבודה במקדש;

בשעת ס'איז אבער געקומען בשבת, וואס שבת האט כולל געווען דעם זר אויך אין אן איסור מלאכה - במילא איז דאס אויך כולל אין זיך און ס'איז נוסף אויף עבודתו וואס עבד במקדש.

וואס עבודה און מלאכה האט אינגאנצן ניט, לכאורה, קיין שם משותף בלשון הקודש, בתורה, און אע!"כ, פסק'נט דער רמב"ם אין דער זעלבער הלכה, אז זר שעבד עבודה בבית המקדש בשבת, האט ער אין זיך צוויי איסורים - ערשטנ'ס זרות, און דער צווייטער - דער ענין פון שבת, אע"פ וואס דאס ווערט אנגערופן "מלאכה" און דאס ווערט אנגערופן "עבודה" וכו'.

וואס אט דא זעט מען, אז דא איז נאך ווייניקער דער צד-השוה, און דערפאר זאגט דער ראב"ד אט דא אויך, אז אויב דאס איז ניט קיין איסור בבת אחת - איז דאס ניט חל, אע"פ וואס א איסור כולל איז יא חל - ווארום דאס איז ניט קיין איסור כולל.

פארוואס איז דאס ניט קיין "איסור כולל"? - איז דא כש"כ וק"ו: דאס ווערט אנגערופן "מלאכה" און דאס ווערט אנגערופן "עבודה";

אפילו אז עס האט א-שם אויך א צד-השוה: בידע ווערן אנגערופן בשם "קרב אל הקודש"; וויבאלד אבער אז בעצם איז דאס מחולק, דאס איז אכילה און דאס איז עבודה - זאגט אויך דער ראב"ד אז ס'איז ניט קיין "כולל".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק בנוגע לעניננו. אז לויט די מפרשי הרמב"ם וואס זיי לערנען אין דעם רמב"ם כפשוטו, וואס דער רמב"ם זאגט ניט אז עס דארף זיין בבת אחת; ס'איז גענוג אפילו ס'איז געווען בזה אחר זה - איז אט דעמולט קומט-אויס, אז וויבאלד אז דאס האט א צד המשותף: דאס איז לימוד התורה און דאס איז לימוד התורה, אדער אין עמקות גופא, אין רחבות גופא, בקיאות גופא - זיינען זיי בידע פרטים אין אופן הלימוד בבקיאות,

ביז וואנענט נאכמערער: אפילו אז עס רעדט זיך אז ער קאכט זיך אין מעשה המצוות, איז דאך סיי תורה און סיי מצוות זיינען דאך אלע אין דעם חשבון פון רמ"ח מ"ע, אין דעם זעלבן " ועשיתם אותם" - האט דאס א שם משותף - דער ענין פון עשי', נאר וואס דען? - בעצם איז דאס מחולק, בדוגמא ווי גערעדט אט דא אין "כולל": דאס איז "מלאכה", דאס איז "עבודה" דאס איז "אכילה" וכו',

וואס עפ"ז קומט אויס. אז לדעת הרמב"ם, לויט ווי רוב המפרשים זיינען מפרש איז אע"פ וואס דאס האט באזונדערע שמות, און האט גארניט קיין שם המשותף - ווערט דאס אלץ אנגערופן "איסור כולל",

משא"כ לדעת הראב"ד, איז דאס ניט "כולל"; מ'דארף אנקומען צו נאך אן ענין און א חומרא, אז דאס איז אן איסור בבת אחת.

ויה"ר, אז די אנשי הכולל, וכל הכוללים כולם, זאלן מצליח זיין בעבודתם בכל הפרטים, סיי אין לימוד למיגרס, סיי אין לימוד פון "יהגה", און ס'איז דא געגוג זמן אז מ'זאל זיין אי א "סיני" און אי אן "עוקר הרים",

און ווי ער איז מפרש, און אין "שערי אורה" באריכה, אז הלכה אז "מתון ומסיק" איז אים קלייבט מען אוים פאר א ראש-ישיבה, און ווי ער איז דארט מאריך באריכה אז ער דארף אויך האבן אין זיך חריפות, און א חריף דארף אויך האבן אין זיך אן ענין של מתינות, ווי ער איז מאריך באריכה אין "שערי אורה", מיוסד אויף די מפרשים אויך אין נגלה,

זאל בא זיי זיין ביידע מעלוה, סיי "מתון" און סיי "מסיק", און סיי חריפות און סיי צוזאמען מיט לימוד מביא לידי מעשה - קיום המצוות בפועל,

און זיי זאלן כולל זיין אין זיך, והוא העיקר, אויך די בעלי-בתים וואס געפינען זיך בסביבתם, אז עכ"פ שעות אחדות זאלן זיי אריינגיין אויך לערנען אין כולל מיט די חברי הכולל, און מיט דעם חיות, און מיט דער התמדה ושקידה - עכ"פ בשעות אלו וואס די בעלי-בתים וועלן זיין אין כולל,

אז אע"פ וואס ער ווערט אנגערופן "זבולון", און דער ווערט אנגערופן "ישכר" - האבן זיי דאך א שם המשותף: זיי זיינען "שבטי י-ה", שבטי ישראל, און אלע ווערן זיי אנגערופן "יעקב" און "ישראל" און "ישורון", און בימי הפורים האלה - בשם "יהודים",

און דאס זאל ברענגען צו "כולל" זיין און נתאחד זיין כולם יחד, וואס דעמולט ווערט "כולנו כאחד" - איז דאך גלייך ממשיך "ברכנו אבינו", בברכתו "מידו המלאה הפתוחה הקדושה והרחבה",

ביז די ברכה בשלימותה - גאולה האמיתית והשלימה, ע"י משיח צדקנו.

* * *

ח. ס'איז דאך אויך רגיל אין ימי הפורים מ'זאל מאכן א "מגבית" אויף "קופת רבינו", וואס דאס ציט זיך נאך פון דעם רבי'ן נ"ע, ועל ידו - צו דעם רבי'ן נשיא דורינו, צום רבי'ן דעם שווער, נשיא דורינו,

און יעדערער זאל געבן כפי נדבת לבו הטהור,

און די וואס ווילן - וועלן אויך צוצייכענען שמו ושם אמו - מיטנעמען אויפן "אוהל",

ויה"ר אז מ'זאל בקרוב ממש זעען בעיני בשר דעם "והקיצו ורננו שוכני עפר", והם בתוכם,

אז עס וועט זיין דער ענין פון יבוא מלך המשיח, און דערנאך גלייך דער ענין פון "יחיו מיתיך" - תחיית המתים,

בגאולה האמיתית והשלימה, ובקרוב ממש.

מסהמא וועט מען געבן די צעטלען, מיט די אלע ענינים הזקוקים לזה.

* * *

ט. בנוגע צו פירוש רש"י וואס גערעדט פריער - דארף דאס רש"י ניט באווארענען במיוחד די ביידע שאלות, פארוואס אידן ווערן דא אנגערופן בשם "יהודים", ניט מיט קיין אנדערש נאמען, און אויך בנוגע וואס ס'איז ניט דערמאנט געווארן קיין שם -

ווארום דער בן חמש למקרא האט געלערנט גלייך ביים אנהויבט, אז ס'איז געווען איינער וואס ער איז געווען "איש ימיני", און פאר דערויף שטייט "איש יהודי הי' בשושן הבירה" - זעט ער דאך, אז אע"פ וואס "ימיני" ווערט ער אנגערופן בשם "איש יהודי", און דערנאך שטייט "הגידו לו עם מרדכי"; ער לערנט די מגילה און ווארט אלץ: אפשר וועט מען דערמאנען א נאמען "יעקב" "ישראל" "ישורון" וכו', במילא זוכט ער, לערנט אלץ ווייטער אין מגילה, און קומט צום פסוק "כי הגידו לו את עם מרדכי" - פארשטייט ער, אז וויבאלד אלע אידן ווערן אנגערופן בשם "עם מרדכי", און וויבאלד אז מרדכי איז סיטולירט געווארן, אע"פ וואס ער איז "איש ימיני", זאגט מען אויף דערויף "איש יהודי" - איז פארשטאנדיק, אז "עם מרדכי" דארף הייסן "יהודי" -

ווערט ביי אים די שאלה קיין שאלה ניט.

עס ווערט דאך אבער די שאלה ביי אים: דאס איז א הסברה פארוואס מ'רופט זיי "יהודי"; וואס איז עפעס דער טעם וואס אין גאנץ מגילה ווערט ניט דערמאנט ניט "יעקב", ניט "ישראל", ניט "ישורון" - אין צוגאב צו דעם ווארט "יהודי"?!

ביז וואנענט ער קומט נאך ווייטער, זעט ער, אז וואס איז די מגילה - אז דאס איז אן "אגרת הפורים הזאת". טייטשט רש"י אפ, אז דאס גייט אויף דער מגילה.

וואס וואס איז די "אגרת הפורים הזאת"? - וואס "מרדכי היהודי" און "אסתר המלכה" האבן געשיקט צו אלע אידן וואס געפינען זיך "בכל מדינות המלך אחשורוש".

במילא פאלט ביי אים אראפ די שאלה: וויבאלד אז דאס האט מרדכי גע-דארפט שיקן מצד דערויף וואס "איש יהודי הי' בשושן הבירה", וואס דערפאר וועט מען אים פאלגן, ווארום אז ניט, אז עס וועט אנקומען פון סתם א אידן צו אנדערע אידן - אין א"י איז געווען סנהדרין; אט דאס וואס ער האט גע-שיקט צו "מדינות המלך אחשורוש" - איז דאס געווען מיט דעם תוקף וואס "איש יהודי הי' בשושן הבירה", און ער איז געווען "בשער המלך", און אים האט דער מלך אפגעגעבן "בית המן", און האט אים געגעבן די "טבעת", און האט אים געמאכט "משנה למלך", מיט אלע עניניס וואס ער רעכנט אויס,

האט ער דאס געדארפט סיטולירן און מרמז זיין: פארוואס זאל מען פאלגן; ער וועט דערמאנען סנהדרין - סנהדרין איז אין ארץ ישראל, און ס'איז גלות-צייט, מוז ער דערמאנען און שרייבן צו א אידן, ניט דערפאר וואס דער איד איז "יעקב" "ישראל" "ישורון", נאר דערפאר וואס דאס איז א "יהודי" - האט ער א שייכות צו "איש יהודי", וואס רורך אים איז געווען דער נס מיט דעם ביטול הגזירה וכו', און אים האט מען געמאכט "משנה למלך אחשורוש", און "שמעו הולך בכל המדינות" - במילא איז דער

במילא איז דערפאר פארשטאנדיק: אויב ער וועט דערמאנען "יעקב", "ישראל", "ישורון" - ווערט נאך אן עניין וואס דאס איז בסתירה צו דעם עניין פון "אגרת הפורים הזאת", וואס די גאנצע מגילה איז דאך געשריבן גע-ווארן און געשיקט געווארן, "כתבוני לדורות" - האט מען דאס אנגעשריבן אן אגרת, כדי צו פאנאנדערשיקן און עס זאל ווערן "קיימו וקבלו עליהם ועל זרעם"; פארוואס איז דאס? דאס שרייבט דאך "מרדכי היהודי"? - איז דאס דערפאר וואס יעדער איד און אלע אידן זיינען "יהודים", און דאס איז בא זיי נוגע צו אט דעם עניין וואס "אגרת הפורים הזאת" איז געשיקט געווארן.

וואס דערפאר איז פארענטפערט בדרך מבילא; רש"י דארף דאס גארניט אפטייטשן - דאס איז פשוטו של מקרא זעט מען אז "שמעו הולך בכל המדינות", מ'זעט אז מרדכי איז געווען דער "משנה למלך", מ'זעט אז מלך אחשורוש האט

אים געהייסן שיקן די אלע ענינים, און האט געהייסן מ'זאל אים פאלגן - דארפן זיי זיין "עם מרדכי",

וואס בא מרדכי שטייט ניט; שטייט דערמאנט טאקע אז ער איז געווען אן "איש ימיני" - אבער דאס שטייט צום סוף, צוזאמען מיט נאך פרטים, אז ער איז געווען "בן יאיר בן שמעי בן קיש איש ימיני" - אלע-ערליי טיטולים מיט פירושים שבדבר; ההחלה בדבר איז, נאך איידער מ'זאגט "ושמו מרדכי" - דערציילט מען, אז דאס רעדט זיך וועגן א מענטשן וואס "איש יהודי", און אט דער "איש יהודי" איז געווען "בשושן הבירה", מיט דער גאנצער השתלשלות ווי דערמאנט שפעטער.*

דערמיט ווערט פארענטפערט אויך די צווייטע שאלה:

בשעת ער לערנט, אז די מגילה איז אן "אגרת הפורים הזאת", וואס "מרדכי היהודי ואסתר המלכה" האבן דאס געשיקט "בכל מדינות המלך" - פארשטייט ער פארוואס מ'וויל ניט דערמאנען קיין שם קודש; ווארום ער ווייס, אז אין אן אגרת היט מען זיך אויס ניט דערמאנען קיין שם הוי'; ניט דערמאנען קיין שם הקודש, ווארום ער ווייס אז מ'דארף דאס היטן און מ'דארף דאס שומר זיין בטהרה ובקדושה וכל הפרטים.

וויבאלד אז די גאנצע מגילה איז ענינה איז "אגרת הפורים הזאת", און מ'איז נאך מדגיש אז דאס איז געמאכט געווארן כדי עס זאל זיין "קיימו וקבלו היהודים עליהם ועל זרעם", די "משלוח מנות" מיט די אלע ענינים וואס ער רעכנט אויס, וו

וואס דערפאר, וויבאלד אז דאס איז "אגרת" - איז ביי אים קיין קשיא ניט: ער ווייס אז אגרת טאר מען ניט שרייבן קיין שם קדוש.

און דאס ווייס ער ניט דערפאר וואס רש"י דארף אים לערנען; ער ווייס דאס מצד דערויף וואס ער האט געלערנט אין חומש אז מ'דארף זיך היטן מיט א שם, און ווי רש"י טייטשט דארט אפ אז "לא תעשון כן להוי' אלקיכם" - דער ענין וואס "תתוצון" וכו', און ער ווייס אז אן אגרת גייט דערנאך פארלארן,

ווי די גמרא טייטשט טאקע אפ, אז די מגילה ווערט אנגערופן בשם "אגרת", ניט קיין "ספר"; א ספר איז שמור לנצח, אן אגרת - ניט (איך מדרשי חז"ל).

וואס דערמיט ווערט אויך פארענטפערט:

חסידות און קבלה און מוסר און גמרא (?) קענען ניט פארענטפערן דעם תירוץ, ווארום זיי האבן שוין געלערנט אז "כתבוני לדורות", אז דאס איז אריין אין כ"ד כתבי קודש, במילא מוז מען דאס היטן, במילא ווערט דעמולט די שאלה: היינט פארוואס שרייבט מען ניט קיין שם אז מ'וועט דאס היטן, וויבאלד אז מ'וועט דאס טיי-ווי היטן; דאס איז א טייל פון כתבי קודש - מוז מען אנקומען צו אן אנדער תירוץ,

משא"כ אין פירוש רש"י ע"ד הפשט, פאר א בן חמש למקרא - ווייס ער ניט די גאנצע שקו"ט פון "כתבוני לדורות"; ער ווייס, פארקערט - דעם פשוטו של כתובים, וואס פשוטו של כתובים איז דאס "אגרת הפורים הזאת".

וואס אט דא זעט מען ווי אזוי רש"י איז מדוייק לא חסר ולא יתיר:

ווען רש"י שטעלט זיך אוועק פארענטפערן די שאלה, וואס דאס איז א שאלה ביי פשטני המקרא: דער אבן עזרא איז געווען פון פשטני המקרא; ניט |ווי| רער רמב"ן |וואס| ברענגט סודות און שרייבט די סודות; דער אבן עזרא

----------

*) לשלימות הענין ראה שיחת ש"פ תשא פ' פרה.

אז ער ברענגט א סוד - שרייבט ער אז דאס איז א סוד, שרייבט ער דעם סוד אליין, און אעפ"כ, בתחילת פירושו על המגילה שטעלט ער גלייך די שאלה: היתכן וואס ס'איז ניט דערמאנט קיין שם,

און פארענטפערט, אז אזוי ווי דאס איז פריער געווען געשריבן, אדער דערנאך וועט מען דאס מעתיק זיין, בלשון פרס - במילא וועלן זיי מעתיק זיין דעם שם פון זייער ע"ז - האט מרדכי לכתחילה אויסגעהיט אז מ'זאל ניט שרייבן לכתחילה קיין שם, כדי דערפון זאל ניט ארויסקומען קיין מכשיל זיין די פרסים בנוגע צו אן ענין פון עבודה זרה, ובלשון פון דעם אבן עזרא: ס'איז ניט קיין כבוד פאר א שם קדוש אז דערפון זאל דערנאך ארויסקומען אן ענין הפכי.

אעפ"כ, רש"י, כאמור, על פי דרכו, לא חסר ולא יתר, ו"אני לא באתי לפרש אלא פשוטו של מקרא" - אין פשוטו של מקרא האט די קשיא קיין ארט ניט, כמדובר לעיל*.

און דאס איז אויך קיין סתירה ניט צו "יינה של תורה", וואס דער תירוץ ע"פ חסידות איז, אז דאס איז נאך העכער פון שמות -

ווי געריעדט פריער, אז דוקא אין עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו - אט דא ווערט די דירה פאר עצמות ומהות וואס איז העכער אפילו פון שמות, אפילו אין דעם העכסטן שם צווישן שמות גופא,

במילא קען ניט שטיין דארט קיין שם!

וואס דאס איז אבער "יינה של תורה"; משא"כ אין פשטות האט דא רש"י ניט וואס צו פארענטפערן. במילא האט דא רש"י ניט אויך וואו אריינצושטעלן א "יינה של תורה"; |א "יינה של תורה"| שטעלט רש"י אריין דארטן וואו ס'איז דא עפעס אן ענין פון פשט, און אט דארטן דארף מען דאס פארענטפערן,

- אין פשט איז "אגרת הפורים הזאת" קען ניט שטיין קיין שמות הקדושים וויבאלד אז דאס איז אן אגרת,

אין עס דארף ניט שטיין קיין אנדער נאמען; אדרבא - דאס וועט מבלבל זיין די כונה פון שיקן "אגרת הפורים הזאת", וואס צוליב דערויף האט מען דאס געשריבן כדי מ'זאל פאלגן דעם "מרדכי היהודי".

מיט נאך אויך דעם בעה"ב'טישן פשט אין דעם: ווען מרדכי שיקט דאס און שרייבט-צו "איש ימיני" - איז אט דעמולט איז דאס א טעם פארוואס עס דארף אים פאלגן שבט בנימין, משא"כ צו די שאר השבטים; משא"כ אז ער זאגט "איש יהודי" - אט דעמולט איז דאס כולל ומייחד כל ישראל כולם, ע"ד ווי "יעקב" און "ישראל" און "ישורון", אבער "יעקב" "ישראל" און "ישורון" איז דאס מאחד מצד די ענינים וואס זיי זיינען פארבונדן מיט גילויים, ביז אין גילוי הכי נעלה - "ישורון", דער ענין פון תענוג, משא"כ "יהודי" איז דאס מאחד מצד דעם ענין פון "כל הכודה", וואס דאס איז נאך העכער אפילו פון תענוג - דער ענין פון מסירת-נפש.

ויה"ר כמדובר, אז "בנערינו ובזקנינו", אז פון "מנער", פון א בן חמש למקרא, און נאך אינגער, "ועד זקן", ביז "טף", וואס ער איז נאך פאר א "נער", פאר "בן חמש למקרא", "טף ונשים" - זאלן בקרוב, כמדובר לעיל "מסמך גאולה לגאולה", און גרייטן זיך פון ימי הפורים, וואס זיי זיינען "שלשים יום קודם החג" פון חג הפסח,

עאכו"כ "שלשים יום" לפני ערב פסח, וואס דעמולט איז דאך שוין נוגע דער "מבצע פסח", אז גלייך אנהויבן, וביתר שאת וביתר עוז, די מבצעים וואס זיינען פארבונדן מיט פסח, ובמיוחד - אין בתי רופאים און אין בתי אסורים און אין מושב-זקנים וכו',

---

*) לשלימות הענין ראה שיחת ש"פ תשא, פ' פרה.

ער"ז אויך בנוגע לכל אחד ואחת מ"בית ישראל",

און אנהויבן ראס פון "שלשים יום לפני החג", ובפרט נאך ווי דער אלטער רבי איז מאריך בזה אויך בנוגע צו די דרשות פון די רבנים, פון די חכמים וכו׳ וכיו"ב,

והמעשה הוא העיקר - טאן די אלע ענינים בסדר מסודר, אז עס זאל זיין א חג הפסח כשר ושמח, און אויך ביז דעמולט - כל הענינים בתכלית השלימות,

וואס תכלית השלימות איז - אז עס קומט משיח, ומיד ממש, און נעמט ארויס יעדערן פון אונז, בתוככי כלל ישראל, און פירט מיד, מיט א קפיצת הדרך, לארצנו הקדושה, הבנה והכונן במהרה בימינו, בשלימות הארץ, און שלימות התורה, צוזאמען מיט שלימות העם,

ובעיקר - בעגלא דידן, מיד ממש.

צוה לנגן ניגון הכנה. ניגון ארה"ז (בבא הרביעית - פעם אחת). "ניע זשוריצי חלאפצי".

* * *

י. אזוי ווי יעדער יאר וויל מען דאך עפעס האבן א דבר חדש -

איז ע"ד ווי מ׳טיילט בקבוקי משקה אויף מיטנעמען מיט זיך במוצאי שמחת-תורה-פארברייינגען (בהתוועדות), און אויך בהתוועדות פון מוצאי אחרון של פסח -

איז אט די וואס פארן למדינות אחרות, עיירות אחרות - זאלן מאכן א התוועדות נאך פאר פסח - א המשך צו "כנוס את כל היהודים", איבערגעבן נקודות פון די ענינים וואס עס האט זיך דא גערעדט, און מוסיף זיין כיד ה׳ הטוב עליהם בכלל, ובפרט - בנוגע צו "מבצע פורים",

זאלן צוגיין, וועט מען יעדערן פון זיי געבן א פלעשל משקה, ובתנאי, כמדובר, אז קומענדיק למדינתו ולמקומו - זאל ער דארטן מאכן א התוועדות, ובדוקא פאר ימי הפסח, ווארום דאס איז דאך חמץ׳דיקע משקה, און דער עיקר - כדי דאס זאל נאך פועל זיין אין די מבצעים פון פסח, ועד"ז בכל שאר המבצעים,

און עס זאל אויך זיין א פעולה נמשכת על הימים שלפנ"ז און על הימים שלאח"ז.

כדי אויף ניט צו מבלבל זיין - וועט מען פריער מאכן די "ברכה אחרונה", און דערנאך וועט מען נעמען דעם בקבוק משקה - איז ער ניט מחוייב שטופן זיך דוקא למקומו הראשון וכו׳; ער קען דערנאך שטיין וואו ער וויל און ווי אזוי ער וויל און ניט שטופן א צווייטן אידן וכו׳,

און בכלל איז ווי דער רבי נשיא דורינו זאגט אז א איד איז ניט שייך מאכן ענג; ער קען, פארקערט - מאכן ברייט און מאכן ברייטער וכיו"ב,

ובפרט - בימי הפורים האלו.

וכאמור - אנהויבן פון דער ברכה אחרונה, און דערנאך נעמען דעם בקבוק משקה, און יעדערער זאל ראס מיטנעמען בשמחה ובטוב לבב, און קען דערנאך במקומו אויך צוגיסן,

און דער עיקר אז עס זאל זיין דער "מביא לידי מעשה" - מבצעי פסח בפשטות, און אויך אין כל המבצעים, און אין המשך פון די מבצעי פורים, די מבצעים וואס דערמאנט פריער,

ומתוך שמחה וטוב לבב.

כ"ק אדמו"ר שליט"א ברך ברכה אחרונה. ואח"כ אמר:

דא וועט מען אויך מסתמא מאכן א פארברייינגען (א התוועדות) מארגן, במילא וועט מען דאס מיטנעמען צו דער היגער פארברייינגען,

כ"ק אדמו"ר שליט"א פנה לצד ושאל: ווער וועט מאכן דא די התוועדות? וכשלא נענה תיכף - מסר את הבקבוק כנראה לא' מחברי המזכירות, ואמר לו: איר וועט דאס אפגעבן אימעצן.

אח"כ ניגשו כל השלוחים וכו' וכ"ק אדמו"ר שליט"א נתן להם בקבוקי יי"ש.

להרב ריבקין (כנראה) מאה"ק: איר זיינט דאך דער גבאי פון שול? הנ"ל: יע. כ"ק אד"ש: פון "בית מנחם"? הנ"ל: יע. כ"ק אד"ש: קען מען דאך דארטן אויך פארברייינגען, במילא קומענדיק צוריק זאלט איר מאכן א פאר-ברייינגען, און איר וועט איינלאדן דעם "ועד" פון כפר חב"ד דעם איצטיקן, מיטן ועד הרוחני, מיט די רבנים, און עס זאל זיין קירוב הלבבות ואיחוד הלבבות, עד סוף כל הדורות! און ... אויך אין מעשה.

* * *

ג. מ'האט דאך פריער גערעדט וועגן דער אפלערנונג פון "משתה היין" פאר אסתר'ן, און אויך, להבדיל, פאר אחשורוש און המן'ען;

מ'האט דאך אבער פאר דערויף גערעדט וועגן דער תורה פון בעש"ט, אז דאס איז א הוראה פאר יעדערן אין זיין עבודה להקב"ה -

איז נוסף אויף פארשטיין אן ענין אין תורה, אדער אין דברי ימי ישראל, וואס זייער לעבן איז דאך אויך א תורה - איז דאס אויך איז דורך דערויף דינט מען אויך דעם אויבערשטן, אויב מ'לערנט תורה מיטן ריכטיקן פשט;

וויבאלד אבער אז "המעשה הוא העיקר" - דארף דאך דאס אראפ אין אן ענין של מעשה די הוראה,

איז זעט מען, ווי אזוי יעדער ענין איז בהשגחה פרטית.

אז מ'לעבט דאך אין א צייט, אז ס'איז דא אזוינע, ווי גערעדט זונטיק בארוכה (בשיחת יום א', י"ב אדר, לילדי "של"ה"), וואס זיי האבן תוכניות (פלענער) אנטקעגן די אידן,

ווארום זיי זיינען פון "בני בניו של המן" - ניט אט די וואס דערנאך האבן זיי זיך געשמעלט אויפן ריכטיקן וועג, און מ'האט געלערנט תורה פון זיי, נאר אט די וואס זיינען געבליבן אין די "ד' אמות" פון המן'ען, מיט זייערע חברים, מיט זייערע אונטערשטיצער,

זעט מען די השגחה פרטית, אז מ'האט געצויגן און געצויגן און גערעדט וכו' - און מ'האט מחליט געווען, אז ווען זאל מען מחליט זיין? - זאל מען מחליט זיין בימי הפורים!

און בימי הפורים ממש, ווארום דאס רעדט זיך דאך וועגן מחליט זיין אין ירושלים; ניט אין ירושלים העתיקה בין החומות, אבער - "נראה וסמוך", וואס דארט איז ימי הפורים בחמשה עשר בו,

האט מען די הוראה ברורה, אז ס'איז א דבר ברור, אז די גאנצע ענינים אין בהם ממש כלל וכלל!

ס'איז מערניט, פארוואס האלטן זיי זיך נאך און זיינען מבלבל, און ברענגען אריין העדר פון מנוחת הנפש און מנוחת הגוף וכו' - דערפאר וואס מ'האט נאך ניט ארויסגעגעבן דעם "יין" וואס איז באהאלטן אין די "ענבים" וואס "כענבים טובים" איז דאס א משל וואס שטייט אין נביאים, וואס "דבר ה' הי' בפיהם ומלתו על לשונם", אז "קויתי כרם לדודי", וואס עס האט געזאגט דער נביא הגאולה ישעיהו, "ויקו לעשות ענבים", און ענבים טובים,

און דעמולט איז געווען א היפך ווי ער איז ממשיך אין דער נבואה;

איצטער, לאחרי וואס מ'איז דורכגעגאנגען, און די אלע קוועטשעניש, מיט די אלע גזירות ושמדות רח"ל וואס ס'איז געווען - איז אפילו פון די "ענבים באושים" - איז שוין געווארן "ענבים טובים", און טובים בתכלית!

מ'וויל דאך אבער, אז יעדערער זאל, עכ"פ באצבע קטנה שלו, טאן און באווייזן, אז ער איז אן ענב טוב, והראי' - ער גיט ארויס דאס וואס ס'איז ביי אים באהאלטן, דער פינטעלע איד ווי מ'רופט דאס אן בלשון

העולם, און דער "חלק אלוקה ממעל ממש" ווי דאס איז בלשון התניא, וואס דאס איז פנימיות הנפש שלו, ובלשון הרמב"ם פון פס"ד להלכה - דעם רצון האמיתי שלו מיט דעם נפש שלו, וואס דאס איז, אז ער האט איין און איינציקן רצון - לעשות רצון קונו!

וויל אז ביי אים זאל דאס שטיין בגלוי!

און וואס פריער ער וועט ניט שעמען זיך און וועט דאס באווייזן - וועט גלייך בטל ווערן, היו כלא היו,

און ווי גערעדט זונטיק אז דער לשון איז "עוצו עצה ותופר", וואס דער לשון פון הפרה אין לשון-קודש - איז דאס עוקר את הדבר מעיקרו!

איז ניט דער פשט אז אין צווישן האט זיך ניט גערעדט וועגן דעם נדר; מ'האט גערעדט וועגן דעם נדר, און אפילו ע"פ תורה האט מען גערעדט וועגן דעם נדר, מיט אלע גדרים ווי מ'דארף אים אפהיטן און ווי מ'דארף זיך פאר אים היטן וכו';

בשעת אבער ס'איז געקומען דער "והופר" - האט דאס עוקר געווען דעם נדר פון אנהויבס-אן, מעיקרו,

ביז וואנענט אז עס בלייבט ניט קיין רושם - וואס דערפאר איז הרי זו מקודשת, אע"פ וואס די קידושין איז געווען "על מנת שאין עלי' נדרים", און ס'איז יא געווען; וויבאלד אבער א חכם האט דאס מפיר געווען, "איזהו חכם הרואה את הנולד", ווי דער אלטער רבי טייטשט דאס אפ: דעם נולד מאין ליש בכל רגע ורגע - איז אט דעמולט איז דאס עוקר די גאנצע מציאות מעיקרו און ער ווערט א "צדיק גמור", און א צדיק גמור בגלוי - אז דער "יין" שטייט ביי אים בגלוי.

און אט דאס איז דער גאנצער נסיון!

און אט די וואס דארפן מחליט זיין - האבן געהערט די מגילה, און א טייל פון זיי האט זי געהערט בי"ד, א טייל פון זיי בחמשה עשר, עכ"פ - פאר דער זיצונג וואו עס דארף זיין דער גלוי לעין כל -

האבן זיי דארט געזען בפירוש, אז דאס וואס "מרדכי היהודי" איז "לא יכרע ולא ישתחוה" - אט דאס האט געפירט צו דעם ביטול גזירת המן! און צו דעם "ונהפוך הוא", אז "ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר".

און רח"ל הי' לא תהי' - אויב מרדכי וואלט זיך דערשראקן פאר גזירת המן! ניט דערקענענדיק וואס אין דערויף איז באהאלטן, בדוגמא ווי גערעדט פריער.

וואס דאס איז געווען אין זמן הגלות, וואס דערפאר זיינען אידן געווען אין א מעמד ומצב וואס "עבדי אנן", ווי די גמרא זאגט דעם לשון, און דערפאר איז אפיציעל, בגלוי, האט מען געדארפט אנקומען דערצו אז א ניט-איד זאל מסכים זיין, און שרייבן און חתמ'ענען, אז מ'דארף אפגעבן "בית המן - למרדכי",

ניט ח"ו הילל"ה עפעס-וואס פון מרדכי, אדער פון "עם מרדכי" - אפ-געבן צו המן'ען! אדער לזרעו אחריו!

און די איינרדעדעניש אז דאס האט א נאמען, און עס האט א נאמען "אטאנאמיע", און עס האט א נאמען אז דאס איז זעלבסט-רול, און האט א נאמען אין אלע-ערלי' שבעים לשון אז ניט דאס מיינט מען -

ווייסן אלע, אז דאס וואס מ'מיינט - מיינט מען דעם גאנצן, רח"ל - די גאנצע מציאות וואס "הגידו לו עם מרדכי"!

און ווי מ'זעט דאס אויך בעיני בשר, אז דורך יעדער אפנויגונג,

דורך יעדער בריעה והשתהווי׳, וואס איז געווען, רח"ל, פעם אחר פעם; נאך יעדער מאל טרעפן זיך האט מען א "ביסל" נאכגעגעבן, און מ׳האט זיך געשטעלט עכ"פ אויף א צווייטע ביסל, אדער אויף רוב.

און דערנאך האט מען געוואלט זיך איינרעדן, אז דאס איז ניט געווען קיין אנדער ברירה.

וואס די איינציקע ברירה - ס׳איז אין ברירה, ווארום די איינציקע ברירה פאר אידן, און פאר קיום פון אידן, און פאר קיום פון אידן אלס פאלק - איז דאס אט דאס וואס ווערט אנגערופן אמה׳ע אידישקייט! וואס איך אמה׳ע אידישקייט שטייט, אז דאס וואס געהערט צו "מרדכי היהודי", און דאס וואס געהערט צו "עם מרדכי" - געהערט דאס זיי אין אן אופן פון "נחלת עולם",

און דאס וויסן כל עמי הארץ פון "עם ועם כלשונו" ובכל מדינות המלך אחשורוש, וואס פארוואס איז ער א מלך? - דערפאר וואס מ׳האט אים אוועק-געזעצט אויף דעם בענקל "מי שאחרית וראשית שלו" - מלכו של עולם, און ער האט קיין ברירה ניט - ער וועט טאן דאס וואס "מלכו של עולם" וועט וועלן ער זאל טאן!

נאר דער "מלכו של עולם" וויל אז עס זאל זיין ניט בדרך מתנה, נאר אידן זאלן באווייזן אז זיי געהערן צו "עם מרדכי" וואס "לא יכרע ולא ישתחוה",

איז אט דעמולט איז "ונהפוך הוא": ניט נאר מ׳רירט ניט אן אידישקייט, און מ׳רירט ניט אן אידן, און מ׳רירט ניט אן עפעס-וואס וואס האט א שייכות צו אידן, נאר אדרבא - "בית המן" גיט מען דאס אפ, דער זעלבער וואס האט פריער גע׳טענה׳ט אין א נוסח אחר, און האט גערעדט מיט המן׳ען און געזאגט: ער וויל מיט אים פארבינדן "באציאונגען", און אז דאס איז דער פריינט וכו׳ וכו׳ - האט דערנאך חרטה געהאט און געזאגט פארקערט (אין כאן המקום להאריך בזה),

און בשעת א איד איז "לא יכרע ולא ישתחוה" - דאס איז דער איינציקער וועג, און אין ברירה, אז דעמולט וועט ער זיין "יושב בשער המלך" אין אן אופן פון "לא יכרע ולא ישתחוה",

עס וועט זיין נאך אין גלות-זמן אז מ׳גיט אים אפ "בית המן", אז ער זאל האבן א שליטה אויף עזה מיט די אלע ערטער,

וואס אע"פ וואס מצד עצמו איז דאס ניט אין גבולות פון ארץ ישראל המצומצמת - דאס וועט אריינגיין לכשירחיב הוי׳ את גבולך,

ובפרט נאך אז מ׳זעט דעם מעמד ומצב ברור, אז לפי שעה, כל זמן מ׳געפינט זיך נאך אין גלות, מוז מען אנקומען צו דעם אייל, צו רעם נאפט, צו די עניבים וואס געפינען זיך אין מדבר סיני,

און ח"ו מ׳זאל דאס אפגעבן די ערטער, און פארלאזן זיך אויף הבטחות בדיבור, וואס מ׳האט פריער צוגעזאגט אז מ׳וועט געבן פון פרס ומדי - זעט מען וואס דערפון איז געווארן, אז ניט נאר זיי קענען פון דארטן ניט געבן; זיי אליין באקומען ניט,

אלע וויסן, אז פון דעם צווייטן מקור, פון סעודי׳-אראביע, איז דארט האט מערער שליטה "סאוויעט-ראשיע" ווי דארט האבן שליטה אימעצער אנדערש!

און רח"ל ווערט זייער שליטה הלוך והוסיף, ובפועל, און דער צד שכנגד, אונזער מדינה וכיו"ב - שפילט מען זיך אין ווערטער, און מ׳שיקט "לכופו בדברים וכו׳", און יענע פארלאזן זיך ניט אויף "דברים" און שיקן אהינצו אריין יועצים און משרתים און שרים, ביז - אנשי חיל כפשוטם!

און דא זוכט מען זיך וועגן, ווי אזוי צו זאגן, אז דאס איז ניט שיין, מ'האט דאך עפעס אפגערעדט אנדערש - היתכן מ'וועט ניט עומד זיין בדיבורו?

און דערנאך קומט מען צוגיין צו אידן און מ'זאגט זיי: פארלאזט זיך אז איר וועט באקומען דעם אויל פון אט דער מדינה, וואס ראדסן גייט די השפעה, הילו"ת, פון די סאווייעטן הלוך והוסיף, און די השפעה פון דאנענט - הלוך ופוחת, רח"ל, בשעת איצטער דארף מען האבן דוקא דעם "ונהפוך הוא" בזה.

איז האט מען קיין ברירה ניט - מען מוז האבן דעם אויל דוקא פון מדבר סיני;

הלואי וואלט געווען דער "לא יכרע ולא ישתחוה" איידער מ'האט אפ-געגעבן דאס וואס ווערט אנגערופן "אבו-ראדאס" מיט יענעם שטח - וואלט מען איצטער ניט געשטאנען אין אזא מעמד ומצב; עס וואלט געהאט מערער תוקף דער גאנצער דינגעניש - ווען מ'האלט יענעם שטח אויך בא זיך,

עאכו"כ אז רח"ל טראכטן וועגן אפגעבן נאך עפעס-וואו פון וואנענט מען באקומט אויל - איז דאס מזמין א לחץ איום ונורא,

וכמדובר כמ"פ, אז ס'איז דא אט דער וואס האט פארקויפט 80 פראצענט פון אידישע קינדער - כדי מ'זאל אים געבן א ביסל געלט אויף זיין מוסד, און א ביסל קינדער אין זיין מוסד, וואס ער איז א פרומער מוסד, און ער אליין איז א פרומער בחיים הפרטיים;

איז אלע שרייען אז ארה"ק דארף האבן אויל, סיי אידן סיי ניט-אידן, סיי פרומע סיי ניט-פרומה; דער איין און איינציקער וואס האט געמאכט א הצהרה ברבים, אז מ'זאל וויסן זיין אז א"י האט אנגעגרייט אויל - ~~דעם~~ איינשמועסן דעם עולם בזה - דאס איז פקוח נפש ממש!

שטעלט זיך אוועק א איד, ואין פוצה פה ומצפצף, און גייט ארויס א יוצא-דופן, און זאגט, אז מ'זאל זיך ניט שדעקן פאר אויל,

- וואס דערפון איז פארשטאנדיק די תוצאה, אז דערפאר דארף מען זיך ניט דינגען, און אפגעבן פון וואנענט מ'באקומט איצטער אויל - דערפאר וואס ער האלט אז מ'האט גענוג אויל!

- דער מיניסטער וואס האט צוטאן מיט אויל האט געזאגט אז ס'איז א סכנה; אלע אנשי צבא פה אחד זאגן אז ס'איז א סכנה גדולה; אן אמעריקאנער גענעראל וואס ער איז געווען דער עומד בראש, האט געזאגט הדשים נאכאנאד, אז ער שטורעמט, אז מ'זאל וויסן זיין. אז אויב א"י וועט דאס אפגעבן - שטעלן זיי זיך אין סכנה, און אויף ארה"ב קען מען זיך ניט פארלאזן, ווארום עס וועט זיין ניט בידעם, ח"ו!

וואס ביז איצטער האט מען דאס ניט געלאזט דרוקן אין א"י; איצטער האט געפלאצט אט-די גזירה, און מ'האט דאס שוין אפגעדרוקט אין א"י'דיקע צייטונגען!

איז וואס איז דער פלא אז ער פארקויפט ילדי טהרן א צווייטן מאל - בשעת ער שעמט זיך ניט און שטעלט-איין אלע אידן אין ארה"ק רח"ל אין סכנה בדרך הטבע - דורך דערויף וואס ער שטייט ארויס, און מ'מיינט אז ער האט הינטער זיך ראשי-ישיבות. האט הינטער זיך רבנים, וואס זיי הערן, כביכול, וואס ער זאגט זיי, וכיו"ב, וואס אין כאן המקום להאריך בזה,

- צום גליק זיינען מחליט בזה די אנשי צבא וכו',

און מ'קוקט זיי און כ'איז מחליש די אנשי צבא, כאילו אז עס קען זיין אז א איד וואס האלט זיך בא תורת אמת, און וואס האלט זיך בא

אידישקייט, אין ער טענה'ט אז א"י האט געגוד אויל, און מ'האט זיך ניט וואס צו שרעקן אז מ'וועט אפגעבן אט דעם שטיקל מיט יענעם שטיקל און מ'וועט זיך פארלאזן אויף א הבטחה,

– וואס ער איז נאך מוסיף, אז מ'דאַרף גאר קיין הבטחה ניט האבן; עס ליגט שוין אנגעגרייט! —

א דבר וואס עס קען זאגן מערניט ווי איינער וואס קלייבט זיך איינ-גאנצן ניט פאנאנדער, אז אויל קען מען ניט מאכן קיין גרויסע רעזערוואור, ווארום מ'קען דאס ניט צוזאמענקוועטשן; מ'קען דאס ניט לייגן און גיסן איינס אויף די צווייטע ווי מ'קען האלטן א דבר של גוש, און א סכנה גדולה,

און דער עיקר – דער בפועל ממש: הלואי איז דארט דא א רעזערוו אויף א פאר וואכן! איז דאס אויך א גוזמא!

און ער שעמט זיך ניט און הייסט דאס אפדרוקן אין צייטונג בשמו, און מ'האט מורא זאגן א ווארט אנטקעגן! במילא וויל מען זיך ניט צוהערן, און אז מ'זאגט: היתכן פארוואס שווייגט מען? – שיקט מען און מ'פטר'ט געלט אויף טעלעפאנירן מעבר לים, אויסגעבן כספי צבור, און זאגן, אז אמת טאקע דער מצב טויג ניט; אזוי ווי אבער מסיבות קען מען ניט מוחה זיין אט די און די – זאל מען געפינען אן אנדער אידן וואס ער וועט מאכן די מחאה, און אליין זאל מען שטיין מן הצד!

וואס דאס רעד איך ניט וועגן די אויל; וועגן די אויל קלייבן זייי זיך ניט פאנאנדער, ווייזט-אויס; בנוגע צו פארקויפן איצטער אידישע קינדער, "ילדי טהרן", און פירן זיי אין מקומות וואס איז היפך החינוך הכשר,

און מ'האט פריער געפרואווט מכחיש זיין אז ס'איז ניט אזוי, ביז וואנענט אז מ'האט געזען אז מ'קען ניט מכחיש זיין – האט מען זיך מיישב געווען און געמאכט אן אסיפה און מחליט געווען מ'זאל זיך צוזאמענקלייבן אויף א צווייטע אסיפה,

– בשעת ס'איז אנגעקומען א טומל פון דאנענט: היתכן?! וואס שווייגט איר?! – האט מען זיך ניט געשעמט זאגן, אז איר, די וואס פרעגט ביי אונז, זאלן זיצן און שווייגן; מ'זאל געפינען אימעצן וואס ער וועט מאכן א מחאה וואס מ'פארקויפט אידישע קינדער און מ'פירט זיי נגד רצונם אין אן ארט וואס מ'איז זיי מחנך היפך תורת אמת, היפך תורת חיים!

אויב ס'איז דא א זאך וואס די ספרדים האבן זיך אויסגעצייכנט לגבי די אשכנזים, און דאס איז – בעניני צניעות, ביז וואנענט אז אפילו ביי ניט-אידן איז, כידוע, איז בא ישמעאלים, ביי ערבים, איז די צניעות א סאך שלא בערך מערער ווי בא נוצרים וכיו"ב;

– חינוך מעורב פון אינגלעך מיט מיידלעך אין פרס ומדי – האט מען ניט געוואוסט פון דער גאנצער מציאות, ניט ביי אידן ניט ביי ניט-אידן!

אז מ'האט זיי איצטער געבראכט אין א"י, און דערפון ווייסן די מפלגות דתיות אין א"י – האט מען אוועקגעפירט א גרויסע צאל |ס'איז געגוג "נפש אחת מישראל" – איז דאס אויך אן "עולם מלא"; מ'האט אבער אוועקגע-פירט א גרויסע צאל| אין ערטער וואס דארט איז חינוך מעורב!

און די מיידל שרייט: היתכן? וואס האט מען איר געבראכט – א זאך וואס זי האט קיינמאל ניט געהערט אז ס'איז דא אזא מציאות!

וואס דאס רעדט זיך ניט נאר וועגן חינוך אז מ'לערנט חכמת החשבון ביחד, נאר מיט די אלע ענינים וואס אין כאן המקום, אין א מקום קדוש, דערמאנען דערפון!

קלייבט מען די ידיעות וועגן דעם מצב – בא דעם וואס האט שוין איין

מאל פארקויפט 80 פראצענט קינדער; ביי דעם וואס שעלט-איין סכנת-נפשות און זאגט אז אין א"י איז דא גענוג אויל,

און מ'גיט איבער אהערצו אז מ'זאל נישט מוחה זיין! נאר וואס דען, דער מצב איז דאך איום ונורא - זאל מען געפינען אן אנדער אידן, וואס יענער איד וועט מוחה-זיין,

דערווייל איז די מיידעלע אין דעם קיבוץ; דער אינגעלע אין דעם קיבוץ, והלוך והוסיף.

און דאס וואס מ'וויל געבן "שוחד" דעם אויבערשטן, אז דערפאר וועט מען האבן 20 פראצענט פון די קינדער, און דערפאר וועט מען באקומען אויף דערויף נישט נאר אזויפיל און אזויפיל געלט - נאר וויפל מ'וועט בעטן וכו' מיט אלע פרטים וואס אין כאן המקום להאריך בזה - איז דאס אן ענין א חטא רח"ל, נישט-אין-א-מקום-קדוש-געוועדט, לא יכופר!

וואס דאס איז א "מאמר המוסגר" בנוגע ווי אזוי מ'איז נישט מספיק אז מ'איז דארט נישט מוחה; מ'לאזט נישט מוחה זיין אין ניו-יארק, אין ארה"ב!

און דאס שעמט מען זיך נישט צו זאגן! מ'ווייס אז היינטיקע צייטן איז נישטא קיין סוד, וועלן דאס וויסן תלמידים, און וויסן תלמידי-תלמידיו, און ער אליין ווייס דאך זיכער דערפון! און ווייס וואס די מיידל שרייט און וואס דער אינגל שרייט וכו' וכו'!

און מ'איז א גאנצע אסיפה, ואין פוצה פה ומצפצף! און מ'האט גע'פועל'ט הי אז מ'זאל שווייגן; מ'זאל גיין דינגען א "שכש" וואס ער וועט גיין און מאכן א מחאה!

וואס כמדובר, זיי ווייסן אז ס'איז נישט קיין סוד; נישטא היינטיקע צייטן קיין סודות - ס'איז נאר די נפק"מ, צי מ'דערוויסט זיך קודם המעשה אז מ'האט געמאכט אזא און אזא החלטה, דערנאך מאכט מען אן אסיפה און די החלטה וועט ווערן אן אפיציעלע החלטה, דערנאך וועט מען אזוי טאן בפועל; אמאל איז דא אז עס גיט זיך איין און עס בלייבט א סוד אז מ'האט פריער מחליט געווען, און מ'דערוויסט זיך ערשט בא דער אסיפה; אמאל גיט זיך איין, אז אפילו מ'איז מחליט ביי אן אסיפה - גיט זיך איין איינהאלטן 24 שעה מ'זאל זיך איינהאלטן נישט דערציילן וואס מ'האט מחליט געווען - און דערנאך ווערט דאס נתפרסם!

וואס דאס איז דאך אן ענין של בושה שאין כמוהו! במילא איז דאס איז זייער ענין פרטי; זיי ווילן זיך שעמען - ווילן זיך נישט שעמען; אפשר האבן זיי א הסברה אז מ'דארף זיך דערמיט ברימען און זיך אפגעבן מזל-טוב;

אבער דערווייל, יעדער טאג וואס דער אינגל און די מיידל בלייבן דארטן - ווייס מען וואס דארטן קומט-פאר, און דאס ווייס כל הארץ כולה! און דער עיקר - דאס ווייס מען במרום, למעלה ולמטה וכו' וכו', וואס אין כאן המקום להאריך בזה.

וואס דאס איז א "מאמר המוסגר" בנוגע צו די-און-די;

בנוגע לענינינו פון "לא יכרע ולא ישתחוה" - איז כמדובר לעיל: בהשגחה פרטית האט מען דאס אריינגעצויגן נאך דערויף ווי מ'האט געלייענט די מגילה און געלערנט די מגילה און מ'ווייס וואס עס שטייט אין דער מגילה: אין א"י דארף מען נישט האבן קיין ליבוד אויף פארשטיין דעם פירוש המילות פון מגילה,

און מ'איז גענוג דער פירוש המילות בפשטות! דעם מען, אז ס'איז גע-ווען אזוינע וואס האבן זיך געשראקן פאר המן'ען, ביז וואנענט אז המן האט אריינגענומען אין האנט אחשורוש המלך, ביז וואנענט אז ער האט מסכים גע-ווען לדבריו;

בשעת ס'איז אבער געווען "מרדכי היהודי", און ער איז ניט איינער - ער האט "עם מרדכי": א גאנצע אידישער פאלק,

- כמדובר כמ"פ: ביי אידן איז נימא קיין הפסק: אז מ'האלט זיך אין תורה און אידישקייט אין מצוות, וואס זיי זיינען איביקע - איז די קינדער אין די עלטערן און די זיידעס אין באבעס פון איצטער - זיינען א המשך און די זעלבע זאך פון די קינדער אין די זיידעס און באבעס מיט די עלטערן און די זיידעס און באבעס פון דעם דור שלפנ"ז, און אזוי - א דור העבער און העכער, ביז דעם דורו של מרדכי היהודי ואסתר המלכה;

דאס איז דער המשך, ביז דאס איז די זעלבע מציאות! ווארום מ'גייט מיט דער זעלבער תורה, מיט די זעלבע מצוות, מיטן זעלבן אויבערשטן!

האט מען די הוראה ברורה, אז "הגידו לו עם מרדכי": בשעת אידן שטעלן זיך אוועק און "לא יכרע ולא ישתחוה" - אט דאס איז די וועג וואס איז מבטל אלע גזירות! און דאס איז די וועג אז "ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר" בדורו של מרדכי, און "כן תהי' לנו" בכל הדורות שלאח"ז, ביז אונזער דור, דורך אנהאלטן זיך אין מרדכי, און אין "פחד היהודים", ווי געזאגט פריער ווי דער רמ"א טייטשט דאס אפ (בספרו "מחיר יין" על מגילת אסתר): דעם פחד וואס יהודים דארפן האבן, וואס דערפאר ווערן זיי אנגערופן בשם "יהודים" ווארום מ'איז "מודה בכל התורה" און מ'איז כופר בע"ז - וואס פאר א נאמען די ע"ז זאל האבן וכו' מיט אלע פרטים שאין כאן להאריך בזה, ובפרט נאך - נאך דערויף ווי מ'האט שוין גערעדט פריער וועגן דעם ענין,

אט דעמולט ווערט אויך ביי אונז און בא זיי און בא יעדערן ובכל מקום, "עליהם ועל זרעם" - מ'דערט וועגן באווארענען אז די קינדער זאלן לעבן אין א מעמד ומצב של שלום - דורך כניעה רח"ל; דורך נאכגעבן נאך א ביסעלע מיט נאך א ביסעלע, ווי מ'האט געטאן ביז איצטער; ניט דאס איז דער וועג באווארענען עפעס פאר די קינדער, אפילו ניט - באווארענען עפעס פאר זיך, עאכו"כ - אז דאס איז

עאכו"כ אז דאס איז היפך פון "אורה זו תורה"; היפך פון "שמחה זה יו"ט"; היפך פון "ששון זו מילה" - "ברית עולם בבשרכם" מיטן אויבערשטן; היפך פון "ויקר אלו תפילין", וואס ווי די גמרא טייטשט-אפ די שייכות, אז דורך דערויף איז "ראו כל עמי הארץ כי שם הוי' נקרא עליך ויראו ממך"!

וואס דאס איז פארבונדן מיט די ענינים כפשוטם: "אורה" כפשוטה, "שמחה" כפשוטה, "ששון" כפשוטו, "ויקר" כפשוטו.

בשעת אבער מ'האלט זיך מיט דעם "לא יכרע ולא ישתחוה",

וואס לכתחילה איז אחשורוש געווארן ברוגז - אזוי שטייט אין מדרשי חז"ל, אבער גלייך נאך דערויף איז געווארן דער "ונהפוך הוא" און "וישם את מרדכי על בית המן",

מיט דעם נמשל - וואס זאל זיך יעדערער אויסטייטשן ווי ער וויל, אבי אין א גוטן אופן, וכל המרבה - הרי זה משובח,

עאכו"כ אז עס ווערט אן ענין של שמחה, צוזאמען מיט מנוחת הנפש און מנוחת הגוף, ווארום אידן זיינען אין "משתה היין" - זיי גיבן ארויס זייער פנימיות: אט דאס וואס זיי ווילן "משמח" זיין "אלקים", פריילעך מאכן דעם אויבערשטן,

וואס דאס איז די וועג אז עס זאל זיין משמח "אנשים", אז עס זאל זיין ביי אידן פריילעך, און דורך זיי - אויך ביי אומות העולם פריילעך!

אט דאס איז די וועג צו שלום אמיתי!

און אט דעמולט ווערט דאס, פונקט אזוי ווי דעמולט איז געווען, אז נאך אײדער ס'איז געקומען דער טאג פון דער גזירה, י"ג אדר - איז שוין געווען דער "ונהפוך", דער ביטול הגזירה, ווי ער דערציילט אין מגילה, אז כ"ג סיון זיינען שוין געלאפן שטאפעטן אנזאגן וועגן דערויף;

און נאך פאר דערויף, פסח, איז שוין בטל געווארן די גזירה למעלה ולמטה "במשתה היין", מיט אלע פרטים שבזה,

וויבאלד אז מ'האלט שוין נאך דערויף ווי די וועג איז דורכגעטראטן, און עס וועט זיין דער "לא יכרע ולא ישתחוה", און זכות היום שטייט-ביי, וואס דאס איז דער טאג פון "ימי הפורים האלה", און דאס איז אין ירושלים אין דער טייל וואס "נראה וסמוך" צו ירושלים העתיקה, ווי מ'רופט דאס איצטער אן, וואס דאס איז ירושלים האמיתית, וואס דאס איז "עיר בה חנה דוד"! צוזאמען מיטן כותל מערבי, מיט די בתי כנסיות ובתי מדרשות - דער "מקדש מעט",

און דאס אלץ היילט-צו אז מ'וועט שטיין אין די לעצטע רגעים פון גלות אין א מעמד ומצב פון "לא יכרע ולא ישתחוה",

און ניט מ'וועט זיך שושקען, און מורא-האבן ארויסגייענדיק אין גאס זאגן ביי וואס מ'האלט, נאר עס וועט זיין אט די החלטה, און די החלטה וועט נתפרסם ווערן,

איז נאר אז דאס וועט ניט ברײנגען אז דער וועט זיך אפזאגן, און דער וועט ניט שטיצן, און דער וועט ניט געבן קיין געלט וכו'; עס וועט זיין דער "ונהפוך הוא" אז "ישלטו היהודים בשונאיהם",

עאכו"כ - אט די וואס זיי זיינען ניט קיין שונאים ניט קיין אוהבים - וועט ווערן אז "רבים מעמי הארץ מתייהדים", און די וואס זיינען דערצו ניט שייך - וועלן זיי ווערן אוהבים ויועדים (וידידים?) ומסייעים,

עאכו"כ - אט די וואס זיינען ניט "נייטראל", נאר מערער נוטה צו אידן - וועט דאס בא זיי ארויס בגלוי און זיי וועלן שטיצן אידן ביד רחבה וביד מלאה, און אן קיינע תנאים,

און עס וועט זיין ~~דעם-בית~~ פון דעם "בית מקדש" מעט, ועד"ז אויך אין א"י, וואס איצטער האט מען נאך אויך ניט א"י בשלימותה, ווארום מ'איז נאך אין גלות; מ'דארף נאך באקומען דורך משיח צדקנו נאך ערטער וואס געהערן צו אידן,

עאכו"כ דעם "כי ירחיב הוי' את גבולך" - קיני קניזי וקדמוני מיט אלע דרשות שבזה,

איז דאס גענוג, אז ס'איז דא די החלטה אז "לא יכרע ולא ישתחוה" - ניט "לא יכרע ולא ישתחוה" נאך די כריעה והשתחוי' וואס איז שוין געווען כמ"פ, מער ווי דריי מאל, נאר מ'איז מבטל די אלע כריעות והשתחוויות וואס איז געווען ביז איצטער, ווארום זיי זיינען נגד האמת, נגד התורה, נגד השלום, נגד הצדק, נגד היושר! און דער עיקר: זיי זיינען נגד "דבר ה' - זו הלכה"!

וועט דאס ברײנגען ~~צו-באשע~~ אז ער ווערט א "משנה למלך אחשורוש", "ושמעו הולך בכל המדינות" - יעדער איד במקומו ווערט א "משנה למלכו", ושמעו הולך אין דער גאנצער מדינה,

און עס ווערט "נפל פחד היהודים עליהם", עאכו"כ אז עס וועט ניט זיין קיינע ענינים מעשים בלתי-רצויים, אפילו דיבורים בלתי-רצויים,

און דער איינציקער וועג אויף דאס דורכצופירן, און דורכצופירן דאס במהרה בימינו ובעגלא דידן, ובדרכי נועם ובדרכי שלום - איז אין ברירה,

אט דאס איז די וועג!

און דעמולט האט מען די הבטחה, אז אחשורוש קומט צוגיין פרעג: אפשר וויל מען נאך עפעס? - וועט ער געבן נאך עפעס! און וועט דאס געבן - ניט ריינגענדיק זיך!

און מ'וועט דאס פארנוצן אויף בעזונטע זאכן און פריילעכע זאכן און אידישע זאכן, ניט אנקומען און מעלים זיין און איינרעדן און ניט דערציילן און האלב-דערציילן, און געפינען אט די וואס לויפן ארום און טענה'ן שלום עליך ישראל - ס'איז דא אויל, און ס'איז דא אוהבים און ס'איז דא ידידים וכו' - ניט "ה' אלקי צבאות"; ער מיינט בפשטות: אט דער גוי וועט ווערן א גוטער פריינד, דערפאר וואס ער האט זיך מיט אים געטראפן און דער גוי האט אים ניט אפגעטאן - וואס אין כאן המקום להאריך בזה בא · וואס ער האט געהאלטן,

נאר עס וועט זיין באמת דער מצב א מצב פון "ונתתי שלום בארץ", ווי עס קען זיין נאך אין די לעצטע טעג פון גלות,

דערפאר וואס "ואולך אתכם קוממיות" - מ'שטייט מיט א "קומה זקופה",

און מ'וועט זען ווי אזוי "ונתתי גשמיכם בעתם" בעיני בשר, ו"אפילו אילני סרק עושים פירות", וואָרום די "אילני סרק" ברוחניות, אט די אידן וואס ביז איצטער האבן זיי ניט געוואלט, מסיבות שונות ומשונות, "מאן פירי מצוות" - גיין בדרך התורה והמצוה בחייהם הפרטיים, דערפאר וואס ער איז א "תינוק שנשבה לבין העכו"ם" וכיו"ב - וועלן זיי "עושה פירות" זיין, "מאן פירי - מצוות",

איז מדה כנגד מדה קומט גלייך משיח צדקנו, און "אילני סרק" איז אויך "עושין פירות" כפשוטו,

ווארום ס'איז "ואולך אתכם קוממיות", "שתי קומות" - מ'גייט צוזאמען מיטן אויבערשטן, און מ'גייט - לארצנו הקדושה, "ארץ טובה ורחבה", צוזאמען מיט "כי ירחיב הוי' את גבולך",

און דאס ברענגט אראפ און אין מזרז און ממהר, "אחישנה" אין דעם "אחישנה", אין דעם "מסמך גאולה לגאולה", גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו,

ובקרוב ממש.

* * *

א. ס'איז דאך א התוועדות וואס איז אין צוזאמענהאנג מיט כמה ענינים - און אנגעצייכנט אויך אין דער פרשה וואס מ'האט אנגעהויבן לייענען, און אויך צוזאמען דערמיט - לערנען און נעמען דערפון א הוראה, ווי פון אלע ענינים אין תורה -

וואס דאס איז דאך, די פרשה ויקהל. וואס גלייך דער ערשטער אפטייטש פון "ויקהל" איז דער טייטש: א צוזאמענקלייבן זיך,

ובפרט נאך ווי ער איז מבאר אין מדרש, אז דאס איז ניט נאר געווען א צוזאמענקלייבן זיך אין יענער צייט, נאר ווי ער דערציילט דארטן, אז דאס איז געווען א הוראה, אז מ'זאל זיין מקהיל קהילות, אז מ'זאך צוזאמענקלייבן אידן מזמן לזמן, ובפרט ביום השבת, ווי ער איז מבאר אין מדרש, און אויך פארשטאנדיק פון פשטות הכ' ובים, אז נאך ויקהל רעדט ער דאך וועגן דעם ענין פון שבת,

איז דאס ווערט אויך "התורה |היא| נצחית", און תורה מלשון הוראה - נצחית, אז דער צוזאמענקלייבן אידן, און ווען אידן קלייבן זיך צוזאמען איז דאס א דבר נעלה ביותר,

ווי פארשטאנדיק אויך פון דעם המשך הענינים, אז נאך דער הקדמה וואס ער מאכט נאך "ויקהל", איז וואס איז געווען דער תכלית און די מטרה, און וואס האט זיך אויסגעפירט דורך דעם צוזאמענקלייבן זיך - אז עס האט זיך אויפגעבויט און אויפגעשטעלט דער משכן,

וואס ער ווערט אנגערופן בשם "משכן" ע"ש "ושכנתי בתוכם", אז דורך דערויף ווערט בגלוי דאס וואס דער אויבערשטער רוט בתוך כל אחד ואחת מישראל,

איז התחלה בזה "ויקהל", און אויך דער שם פון די סדרות, וואס בשנה זו איז דאך מחוברים, אבער אעפ"כ איז דאך דער ערשטער ווארט פון דעם חיבור איז דאך אויך "ויקהל" -

איז אויך אין דערויף די הוראה נצחית, אז דער ענין וואס אידן קלייבן זיך צוזאמען, איז שוין דאס אליין א דבר הכי נעלה,

און ניט נאר דאס וואס דער אלטער רבי ברענגט אראפ, ווי דערמאנט פריער, אז בשעת ס'איז דא עשרה מישראל, איז אט דעמולט "אע"פ שאינם עוסקים בתורה ומצוות" איז "שכינתא שריא", און אין אזא שארפן אופן און שטארקן אופן - ביז וואנענט אז א מלאך ווערט בטל ממציאותו אויב ער וועט זיך דארט געפינען; אזא השראת השכינה איז דאס,

נאר נאכמערער - אז דא ווערט נאך דער ענין וואס עס מוט זיך אויף דורך דערויף, אז אידן זיינען זיך מהנדב אין דעם ענין המשכן, און דערנאך ווערט דער משכן אויפגעבויט בפועל, און דערנאך ברענגט מען דארט קרבנות, וואס דורך די קרבנות איז מען ממשיך די אלע ענינים בעולם, ע"י הקירוב. איז דאך געבראכט פון בחיי און פון היקונים, בכמה מקומות, אז "קרבן" איז דאס מלשון קירוב, אז דאס איז קירוב כל הכחות, ביז צו שרשן ומקורן, ביז צו עצמות א"ס, און דערנאך ווערט דורך אט דעם קירוב אויך א המשכה למטה. ביז אין ארץ הלזו הגשמית, כמבואר בארוכה אין די דרושים פון יום ההילולא, וואס איז שוין געדרוקט און גערעדט כמה פעמים,

אט אזוי ווערט דאס אויך אין א התוועדות, אין א "ויקהל" פון כל בנ"י בכל פעם ופעם,

עאכו"כ אז דאס איז נאך פארבונדן, אז מ'האט פאר דערויף געלייענט,

און געמאכט אויף דערויף א ברכה לפני' ולאחרי' - דער ענין פון "ויקהל" אין "דבר הוי' זו הלכה", אין תורה שבכתב, ווי דאס קומט אראפ אין הלכה בפועל.

וואס הלכה איז דאך פון לשון "הליכות עולם לו", ווי מ'טייטשט דאס אפ אין כפרשים, אז דאס ווערט דערנאך אראפגעבראכט אין וועלט, אז אין דער וועלט זאל מען מקיים זיין די הלכה (און ס'איז דאך "לא בשמים היא"), און דאס פועל'ט אין וועלט אז די וועלט ווערט אין אן אופן פון "מהלך", אז ניט די וועלט שטייט אין דעם זעלבן צושטאנד, אדער, ח"ו, ווערט נאך נתדרדר - נאר אדרבא, עס ווערט די אמת'ע "הליכות" אין דער וועלט גופא, דורך דערויף וואס א איד גייט אין וועלט און ממלא שליחותו, איז דורך דערויף מאכט ער אז די גאנצע וועלט גייט מיט אים מיט, וואס "בשבילו נברא העולם".

און גייט אויך מיט מיט א הליכה אמיתית, וואס דאס איז אן עלי' עד אין-סוף, בלי-ערך, כמרובר כמה פעמים.

און די התחלה בזה איז, וואס דאס פארזיכערט אז מ'וועט זיכער מצליח זיין - בשעת ס'איז דא דער "ויקהל משה את כל בני ישראל".

און דאס איז נאך מער הכשרה לזה, די וועלט איז דערצו מער מוכשר און צוגעגרייט - אז דאס קומט נאך דער הכנה פון שבת, ברוגמא ווי דעמולט איז געווען, און ווי דער מרש זאגט, אז די "קהילות", די הקהלה, דער צוזאמענקלייבן, איז דער זמן הכי מתאים - בשבת עצמו.

איז דאך דערפון אויך פארשטאנדיק, אז בשעת עס קומט צו גלייך נאך שבת, און בפרט נאך אין א זמן וואס ווערט אנגערופן מוצאי שבת, אז אין דעם נאמען פון דעם זמן פארבינדט מען דאס מיט שבת; ניט מיט יום ראשון נאר מיט יום שבת - אע"פ וואס לכאורה ע"פ הלכה איז דאס יום ראשון, ובפרט נאך אין עניני עולם וואס דער יום |איז| הולך אחר הלילה.

אעפ"כ רופט מען אן דעם זמן מוצאי שבה.

ביז אפילו אויך אין לשון תרגום, אין דעם וועלט-לשון, ווערט דאס אויך אזוי אנגערופן.

ובפרט נאך לויט ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין שו"ע שלו, אז דעמולט געפינט מען זיך מיט דעם מלך און מיט דער מלכה, עכ"פ ביז מ'פארענדיקט די כל העניני͏ם וואס זיינען פארבונדן מיט מלוה-מלכא.

וואס דאס איז דאך זיכער כולל עניני אכו"ש והתוועדות וזמירות וניגונים וכו' - אין דערויף דארף מען ראך גארניט מקשר זיין מיט תפלה וכו', ווי גערעדט ביי א פריערדיקע התוועדות בארוכה, ס'איז מערניט וואס תפלה גרייט דאס צו, אבער דערנאך טוט ראס אויף די "מלוה מלכא" ווערט אנ-גערופן די סעודה און די שירים מיט די זמירות, ווי ער ברענגט אראפ אין שו"ע.

איז דאך דאס נאך מער מכשיר, אז בשעת א איד איז בותר, "ובחרת בחיים", בותר בטוב, אויף אויסנוצן דעם "ויקהל" מיטן גאנצן שטורעם - אט דעמולט איז, ווי ער דערציילט אין דער סדרה, איז ברענגט די החלטה ביי אים שוין ארויס אז עס קומט ארויס אין פועל, אז עס ווערט ביי אים די נדיבות הלב, און ער גיט אויף אויפצובויען אט דעם משכן, אין אן אופן פון נדיבות לב, במילא גיט ער סיי פון זיין זהב און סיי פון זיין כסף און סיי פון זיין נחושת (פון די אלע דרייצן און פופצן זאכן וואס ער רעכנט אויס אין רער סדרה שלפני זה, און דערנאך איבערגע'חזר'ט אין ויקהל-פקודי).

און בשעת ער איז זיך מצטרף מיט נאך אירן; עס דארף דאך ווערן אן

ענין של <u>צבור</u> - איז אט דעמולט ווערט <u>אויפגעבויט</u>, און דערנאך אויפגע-<u>שטעלט</u>, דער משכן <u>בפועל</u>, און גלייך ווערט אין אים די אלע הקרבת הקרבנות אין די שבעת ימי <u>המילואים</u> שוין, עאכו"כ - אין דעם יום <u>השמיני</u> למילואים, בר"ח |ניסן|, וואס דעמולט איז דאך געווען דער תכלית השלימות אין די "מילואים", צוזאמען מיט דעם תכלית השלימות אין דעם <u>משכן</u> און די <u>קרבנות</u> זיינע, און דעמולט איז געווען די השראת השכינה במעשה ידיהם, ווי רש"י ברענגט אויך אראפ אין דער פרשה פון שמיני, פון "ביום השמיני למילואים" -

איז אט אזוי אויך, "כן תהי' לנו", ווי מ'האט ערשט גערעדט אין "הבדלה", און ווי גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות, אז פון דעם "ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר - כן תהי' לנו",

וועט זיין אויך "כן תהי' לנו", דער "מסמך גאולה לגאולה", דורך דעם "ויקהל", און דעם צוזאמענקלייבן זיך, על מנת מיט די אלע ענינים ווי גערעדט פריער בארוכה,

וועט זיין דער "מסמך גאולה לגאולה" אין אן אופן פון "הגאלין <u>מיד</u>",

און מ'וועט זוכה זיין און זען <u>אליין</u>, בתוככי <u>כלל</u> ישראל, די הקרבה הקרבנות בבית המקדש <u>השלישי</u>, וואס דעמולט וועט דאך אויך <u>נתגלה</u> ווערן דער משכן של משה, וואס ער איז דאך א <u>נצחי</u>, ווי ער זאגט אין מדרש (התחיל לומר "אין מעשה...", וכוונתו למחז"ל שבמס' סוטה), נאר איצטער איז ער <u>באהאלטן</u>, און וועט נתגלה ווערן גלייך ווען "נגאלין מיד", ובפרט בבנין בית המקדש השלישי,

און דעמולט וועט אויך, נוסף אויף די קרבנות צבור - אויך זיין די עליות פון יחיד אלס א <u>יחיד</u> - די קרבנות היחיד, כמובן בפשטות,

און די <u>צוגרייטונג</u> דערצו <u>כדבעי</u>, איז נאכמער <u>מוסיף</u> און נאכמער <u>מזרז</u>, כמדובר כמ"פ, דעם "אחישנה" אין דעם "אחישנה", אז ע"י מעשינו ועבודתינו במשך ימים ורגעים אלו, גיים מען בקרוב מקבל זיין פני משיח צדקנו,

שיבנה בית המקדש במקומו, ויקבץ נדחי ישראל, "והיתה לה' המלוכה",

בעגלא דידן.

* * *

ב. וואס דאס קומט דאך אויך בהמשך, דאס איז דאך א "מוצאי" פון דעם שבת, וואס ער איז דאך דער שבת פון ימי <u>הפורים</u> <u>שלפנ"ז</u>, <u>בשבוע</u> זה, וואס דעמולט איז דאך די אלע ענינים פון די זעקס טעג <u>שלפני</u> השבת האבן דאך <u>עלי'</u> מיט המשכת <u>התענוג</u> בהם ביום השבת שלאחריו, וואס דאס ווערט נמשך דערנאך אין <u>מוצאי</u> שבת, וואס דאס קומט דאך <u>בהמשך</u> ליום השבת,

וואס פורים און ביטול הגזירה און דער "ונהפוך הוא", ביז וואס "ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר", כולל אויך דער "כן תהי' לנו" - איז דאס געווארן דורך "<u>כנוס את כל היהודים</u>". וכמדובר בארוכה אין דער התוועדות פון פורים.

ובפרט נאך, אז דערנאך איז דאך געווען דער ענין <u>בפועל</u>, וואס מ'האט דאך געמאכט די כינוסים בכו"כ מקומות.

און זיכער איז דאך געווען די <u>כוונה</u>, אין "מחשבה טובה הקב"ה מצרפה <u>למעשה</u>", אז דער כינוס זאל ניט זיין אן <u>איין-מאליקער</u> צוזאמענקלייבן זיך, נאר זאל האבן א "פעולה נמשכת" על כל הימים <u>שלאח"ז</u>,

און ניט נאר בחודש וואס "<u>נהפך</u> להם", חודש אדר, נאר אויך די חדשים

שלאחרי זה, ביז די ימי הפורים וואס עס וועט זיין לאח"ז, וואס דעמולט וועט נאך אין דערויף צוקומען א התחדשות מיט אן אור חדש ביותר, ווי ביי אלע ענינים וואס ווערן נתחדש משנה לשנה,

אזוי אויך איז דאך אין דער "מחשבה טובה הקב"ה מצרפה למעשה", איז דאך מבאר דער אלטער רבי אין תניא דעם לשון פון "מצרפה", אז דער אויבער-שטער עניינו איז, אז דער דארף דאס מחבר זיין;

עס שטייט ניט אז ער איז "מחשבה למעשה", ווי עס שטייט ביי אנדערע ענינים, נאר "מצרפה למעשה" - אז דער אויבערשטער גיט א הזדמנות און מסייע און סוף אלע ענינים, אע"פ וואס אזוי איז דאך "הכל בידי שמים חוץ מיראת שמים", איז אט דא אבער, איז מען אזוי מסבב הסיבות, ער זאל זיכער האבן א מעשה טובה,

און דער אויבערשטער איז דאס "מצרף", אע"פ וואס זיי זיינען געווען בזמנים שונים ובמדריגות שונות, די מחשבה מיט די מעשה, ווי ער איז מבאר בתניא -

האט מען שוין די הבטחה: וויבאלד אז די "מחשבה טובה", די החלטה טובה, איז געווען א טובה כדבעי - אז זיכער וועט מען אויך האבן די מעשה טובה,

און אפילו אז דאס וועט זיין אין א זמן לאחרי ימי הפורים, אדער לאחרי מוצאי שבת פרשת פרה, און יום ראשון פון ויקהל, און עס קען זיין במקום אחר במעמד ומצב נעלה יותר - וועט מען אויך אויסנוצן אט די מחשבה אז זי זאל אויך מצטרף ווערן למעשה טובה,

ואין ענין יוצא מידי פשוטו, אז מ'וועט ארויסקומען פון די אלע כינוסים מיט די אלע החלטות טובות, אויף מוסיף זיין אין לימוד התורה און אין קיום המצוות,

אנהויבנדיק פון די עשרת מבצעים הידועים, כמדובר כמה פעמים -

וועט דאס זיין בפועל ממש, ובעגלא דידן,

ווארום וויבאלד אז דער אויבערשטער האט דאס מבטיח געווען בתורתו אז ער וועט דאס מצרף זיין למעשה - איז דאך האט דאך דעמולט קיין ארט ניט מ'זאל דאס אפלייגן אויף שפעטער - וויבאלד אז די זאך איז שוין כמונח בקופסא, א זיכערע זאך, במילא דארף זיך דאס אפטאן כל הענינים, צוזאמען מיטן צירוף, ובהקדם.

וכמדובר, וועט עס האט זיך דעם ערשטן מאל געערעדט בשנה זו וועגן כינוס, בהנוגע צו לימוד התורה בנוגע צו קיום המצוות מיט אלע זייערע פרטים וסניפיהם.

און דאס איז אויך א קשר בדבר, און דאס איז "מדה כנגד מדה" וואס דאס איז דאך "מדוו של הקב"ה" - אז דער אויבערשטער איז אויך בעגלא דידן, במהרה בימינו ממש, טוט ער זיין מעשה טובה,

וואס ס'איז דאך געווען ביי אים די מחשבה טובה און די החלטה טובה, צו משה רבינו, צו "גואל ראשון", אז "אהי' אשר אהי'", אהי' להם בגלות מצרים און "אהי'" השני בנוגע צו דעם גלות שלאחריו, ביז צו דעם גלות זה האחרון, אז עס וועט זיין "ואנכי אעלך גם עלה",

וועט דאס אויך זיין אט די מחשבה טובה והחלטה טובה, כביכול, פון דעם אויבערשטן, וועט ער דאס "מצרף" זיין צו א מעשה טובה,
- דער ענין בפועל פון דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו,

אז "ואתם תלוקטו לאחד אחד בני ישראל", אויף צוזאמענקלייבן יעדער

אידן איינציקווייז,

וואס דאס באווייזט דאך אויף "כי תשא", אויף דער חשיבות פון א אידן, וואס מ'ציילט זיי יעדערן באזונדער, בדוגמא ווי מ'ציילט די כוכבים ווי רש"י ברענגט אראפ בפירושו בהתחלת פון ספר הפקודים (פון ספר במדבר), און אויך נאך בכמה מקומות, אין "ואלה שמות" ו|ב|כמה מקומות,

וועט דאס זיין די "מחשבה טובה הקב"ה מצרפה למעשה", אז אע"פ וואס אידן שטייען דאך איצטער אין א מעמד ומצב שלא-בערך א העכערן ווי זיי זיינען געשטאנען דעמולט:

לכל לראש איז דאס לאחרי מתן תורה, וואס בטלה הגזירה וואס "התחתונים לא יעלו", במילא איז געווארן דער "ויעל משה", און משה רעיא מהימנא האט מיטגענומען די אלע ניצוצי משה וואס ס'איז דא בכל אחד ואחד מישראל עד סוף כל הדורות, וואס זיי זיינען דאך אלע געווען בשעת מתן תורה, ווי ער זאגט אין פרקי דרבי אליעזר, "את אשר ישנו פה ואת אשר איננו פה", האט ער זיי דעמולט מיטגענומען מיט זיין "ויעל",

און דערנאך, אז דער ניצוץ משה קומט בכקומו, בנשמת כל אחד ואחד מישראל - לאזט ער ניט רוען, ביז וואנענט ער וועט עולה זיין למדריגתו, און עס ווערט אלץ נעענטער, ע"י כל מעשה טוב שלו, ע"י כל דיבור טוב שלו, ע"י כל מחשבה טובה שלו,

און ס'איז דאך דא, מה-דאך אז מ'זאגט אז די וואס זיינען היפך פון "ועמך כולם צדיקים" זיינען זיי מלאים מצוות כרימון, עאכו"כ "ועמך כולם צדיקים",

איז אט דעמולט שטייט מען דאך נאך העכער, ניט נאר מצד דעם ענין פון מתן תורה, נאר אויך מצד זיינע מעשים און זיינע דיבורים און זיינע מחשבות - איז דאס גאר ניט קיין "נהמא דכסופא", דאס איז א פארדינטער ענין, איז "יגעת" - מוז דאך זיין "ומצאת", כמדובר כמ"פ אין אן אופן פון מציאה - שלא בערך מערער וויפל זיין יגיעה,

וואס דורך כל פרטים אלו, שטייען דאך אידן שלא בערך העכער ווי מ'איז געווען בא יענעם מעמד ומצב -

אעפ"כ איז מען דאס אויך מצרף, יענע מחשבה מיט יענע החלטה - מיט אט דעם מעמד ומצב בשעת אט דעם מעשה טובה וקיום בפועל - במילא נעמט מען ארויס אויך די אלע ענינים וואס זיינען געווען בלהי-בשלימות ביי דעם זמן פון דער מעשה טובה בפועל - און מ'איז דאס אייך מעלה למעלה מעלה,

וואס דערמיט איז אויך פארשטאנדיק פארוואס מ'זאגט, און פארוואס ס'איז דא די נויטיקייט אז עס זאל נהגלה ווערן דער משכן משה, אז נאך דערויף וואס מ'האט דעם בית קבוע פון דעם מקדש ראשון, וואס ס'איז דאך ניט "ואתהלכה באוהל" ווי דער משכן, נאר א בית של אבנים, און דערנאך אויך דער "גדול יהי' כבוד הבית האחרון" פון דעם ביה המקדש שני, און דערנאך קומט נאך דער "יבנה בית המקדש בבקומו", דער בית המקדש שלישי - און אעפ"כ זאגט מען, אז עס וועט זיך אויפטאן אן ענין נפלא: ס'איז דא דער משכן משה אין ער וועט נתגלה ווערן - איז דאך דאס א זיכערע זאך אז דאס איז צוליב א הויכן ענין וואס דאס גיט נאך צו צו דעם בית המקדש השלישי!

וואס איך שלא יהי' הביאור בזה - איז דאך ניט אזוי נוגע דער ביאור ווי! וואס כ'וויים אז די זאך איז אזוי, און אז עס טוט זיך אויף אן ענין נעלה - האט ער דעם ענין, און דערנאך ווערט ער, בבשך הזכן. אויך אנקומען צו דער הבנה והשגה,

וואס די הכנוה לכל ענינים אלו איז דאך, כמדובר, דער ענין פון

"ויקהל", ובהמשך צו ימי הפורים, וואס דעמולט איז "עד דלא ידע" -

אס אזוי איז דאך אויך די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, זאגט דאך אויף דערויף די גמרא אין סנהדרין, אז משיח צדקינו קומט "בהיסח הדעה", ניט "ידעי" נאר "לא ידעי" - בהיסח הדעה,

וכידוע די שיחה פון דעם רבי'ן נשיא דורינו, דעם שווער, בענין זה, וואס ער איז מבאר, אז ס'איז קיין סתירה ניט, אז אע"פ וואס מ'האלט אין איין דערמאנען, און "אני מאמין בביאת המשיח", ובפרט נאך לאחרי פון די "קול-קורא"'ס פון "לאלתר להשובה, לאלתר לגאולה",

וואס ס'איז דאך געווען אזוינע וואס האבן געפרעגט: היתכן?! מ'דארף דאך האבן היסח הדעת וכו' - ווי שוין גערעדט אין דער שיחה (ווי גערעדט) פון נשיא דורינו, ובביאור לאחרי זה בכמה מקומות, וואס אין כאן המקום להאריך בזה, ובלבד - אז יבוא בפועל!

נאר דא וואס מ'געפינט במיוחד בנוגע צו "ויקהל", אז דא געפינט מען א דבר תידוש (וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט פורים):

אזוי איז דאך ידוע, ווי די גמרא זאגט בכמה מקומות, אז ווי איז שייך צו זאגן א חיוב אויף "דרדקי", אויף קטנים, וואס לא הגיע לכלל מצוות? -

זאגט ער אין אבות דר' נתן בנוגע צו ויקהל וואס עס שטייט "כל בני ישראל", אז מ'האט גענומען די נדבות סיי ביי אנשים און סיי ביי נשים, וואס עס שטייט בפירוש "ויביאו הנשים על האנשים",

און דערנאך זאגט ער, ווי אזוי ווייס מען אויך בא טפלים, אז מ'האט גענומען אויך ביי טפלים, ביי קטנים - דערפאר וואס עס שטייט "כל בני ישראל", אז לנדבת המשכן, שיתגלה במהרה בימינו כמדובר, וואס ער שטייט גאנצערהייט, מ'דארף מערניט ווי האבן ביאת משיח וועט ער נתגלה ווערן, וועט מען דעמולט זען אין אים די אלע ענינים מיט די פרטים וואס זיי זיינען געמאכט געווארן פון די נדבות פון אנשים ונשים מיטן טף שבישראל.

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק: ע"ד ווי מ'איז ניט מחלק בנוגע צו די ערוואקסענע צווישן אנשים ונשים, און ביידע האבן זיך מתנדב געווען, און פון ביידנ'ס נדבות האט מען אויפגעבויט דעם משכן - איז דאך דערפון אויך פארשטאנדיק בפשטות, אז בשעת מ'זאגט אז מ'האט גענומען אויך בא טף וקטנים - איז דאס אויך געווען סיי ביי אינגעלער און סיי ביי מיידעלער.

וואס דאס קומט דאך אויך בהמשך לימי הפורים, וואס ס'איז געווען דער "ונהפוך הוא", וואס דעמולט איז דאך געווען "מנער ועד זקן טף ונשים", וואס דאס איז דאך כולל "כל היהודים אשר בכל מדינות המלך אחשורוש", ווי ער טייטשט אפ אין מדרש "מי שאחרית וראשית שלו",

וואס דאס איז דאן, וואו נאר א איד געפינט זיך איצטער, און וואו נאר א איד האט זיך געפונען במשך כל הדורות כולם - איז דאך דער אויבערשטער כולל די אלע מקומות מיט די אלע דורות מיט אלע פרטים, איז דאך "הנה מקום אתי", אז יעדער מקום וואו ער איז אין מקום און וואו ער איז אין זמן - איז דאס "אתי", און ער איז בטל להקב"ה, און דער אויבערשטער איז דער בעה"ב און פירט-אן דערמיט, און דער אויבערשטער איז דאך נצחי, זיינען אויך יהודים נצחיים -

אס אזוי איז אויך בענינינו, און ווי גערעדט פריער אז תורה פאר-נעמט זיך ניט מיט ענינים פון סיפורים;

אפילו דער חלק הסיפורים שבתורה וואס דאס איז דער אנזאג אויף די ענינים ווי זיי וועלן זיין לע"ל, וואס לכאורה נבואות הגאולה איז דאך דבר המוכרח, איז לכאורה וואס דארף מען זוכן אין דערויף נאך א תכלית?

וויבאלד אבער אז דאס איז א חלק פון תורה, וואס תורה ווערט אנגערופן מלשון הוראה, ווי ער זאגט אין זהר אז דאס איז דער אפטייטש פון "תורה", און דאס איז א חלק פון תורה - איז פארשטאנדיק, אז נוסף אויף דעם הכרח הדבר פון נבואות הגאולה ודברי הנחמות שבגאולה, וואס מ'איז דאס האבן כדי קענען דורכגיין דעם זמן הגלות - איז אויך אין דערויף דא א הוראה,

און די הוראה איז, כמדובר כמה פעמים בנוגע צו וויפל מ'דארף ליגן אין חינוך, אנהויבנדיק פון חינוך פון קטני-קטנים - זאגט מען, אז אט וועט נתגלה ווערן דער משכן פון משה רבינו, און אז מ'וועט זיך פאנאנדערפרעגן (א פרעג-טאן): וואו האט מען גענומען די אלע זהב וכסף ונחושת, די אלע י"ג דברים (|צי| ט"ו דברים) וואס איז דעמולט געווען?

וועט משה רבינו, וואס "משה אמת ותורתו אמת", און אים האט מען גענבדאכט דעם חשבון פון נדבת כל העם - וועט ער זאגן, אז אין דערויף האבן זיך משתתף געווען זקנים און זקנות, און אנשים ונשים, און אין דערויף האבן זיך אבער אויך משתתף געווען פיצלעך שבישראל: קטנים וקטנות, און פון זיי אלעמען צוזאמען האט מען אויפגעבויט דעם משכן.

און דאס איז געווען אזא הצלחה, אז דאס ווערט א בנין נצחי, און בשעת ס'איז דער בית המקדש השלישי - דארף מען נאך אויך האבן דעם משכן וואס איז אויפגעבויט געווארן באופן כזה.

וואס "כן תהי' לנו", עס דארף דאך זיין "מדה כנגד מדה" און א כלי מתאימה: יעדערער ווייל דאך, אז ער מיט זיינע קינדער און פיצלאך קינדער, והעתידים להולד, זאלן קומען און זען משיח צדקנו, און זען דעם בית המקדש במקומו, מיט אלע ענינים וואס דעמולט וועט זיין -

דארף ער זיי גרייטן אז זיי זאלן מתאים זיין, בדוגמא ווי ס'איז געווען די "קטנים שבאותו הדור", וואס האבן זיך מתנדב געווען למשכן, און מ'האט געמאכט אן אויסנאם, ווי דער ראגאטשאווער איז מחלק צווישן בנין המשכן און בנין בית המקדש, אז אין בנין המשכן האט מען גענומען |בא| כל בני ובנות ישראל, אפילו ביי קטנים וקטנות.

און דאס רעדט זיך וועגן אן ענין של ציבור, וואס עס דארף זיין "מוסרו יפה יפה"; דוקא אויף אזא אופן קען מען נעמען ביי א יחיד אויף מאכן און בויען אן ענין של ציבור אדער א קרבן של ציבור,

זאגט מען, אז דא איז דאס אויך געווען; דער תנאי איז אויך נתקיים געווארן, והא ראי': מ'האט גענומען בא זיי די נדבות דייערע, און מ'האט דאס אריינגעלייגט אין דער קופה, אין דעם ארט וואו מ'האט געבראכט "את כל המלאכה די והותר", און דערנאך האט מען דאס געגעבן די אנשי המלאכה, מיט בצלאל ואהליאב, און זיי האבן דאס אויפגעבויט, און געבראכט צו משה'ן און משה האט דאס אויפגעשטעלט, און ביום השמיני איז געווען די השראת השכינה.

וואס דאס איז נאכמערער מדגיש דעם ענין פון מבצע חינוך בכלל, ובפרט אין די לעצטע טעג פון גלוה, וואס "אני מאמין בכל יום שיבוא", איז דאך דער פסק אין דערויף, ניט נאר אז ער גלויבט יעדער טאג אז ער וועט קומען בזמנו, ווען דער זמן וועט זיין; דאס איז אין זיך אויך כולל, אז ער איז מאמין אז היינט קומט ער,

איי וואס אליהו הנביא איז ניט געקומען נאך מיט א טאג פאר דעם,

ובפרט נאך אז ס'איז מוצאי שבת, און אליהו הנביא קען גאר ניט קומען אום שבת, מיט אלע קשיות וואס ס'איז דא אין דעם -

איז דאך ידוע, און דאס שטייט דוקא ביי א גאון אין נגלה (איך געדיינק ניט: אין "שב שמעתתא" אדער אין "אורים ותומים"; דאכט זיך אז ס'איז אין "שב שמעתתא"), אז די אלע תנאים איז דאס אויב ס'איז "בעתה"; אויב אבער "אחישנה" - קומט צוגיין משיח אן קיינע הקדמות!

וכמדובר כמ"פ, אז אויב ביי אימעצן וועט בלייבן א קשיא - וועט קומען צוגיין אליהו לאחרי ביאת משיח, און "תשבי יתרץ קושיות ואבעיות", וועט ער פארענטפערן די קשיא אויך.

וואס דאס איז, כמדובר, בנוגע לפועל, און די הוראה בפועל, אויף מוסיף זיין נאכמער אין יתר שאת וביתר עוז אין לימוד התורה וקיום מצוותי'

אנהויבנדיק פון די ענינים כלליים, אנהויבנדיק פון עניני חינוך, ובמכ"ש וק"ו: מה-דאך בנוגע צו גדולים זאגט מען, אז "שלשים יום לפני החג" דארף מען זיי (אדער מ'דארף מיט זיי) לערנען די הלכות החג, וויבאלד אז זיי זיינען א סאך דינים מיט א סאך פרטים וואס זיינען פארבונדן מיטן ענין פון "חג", ובנדו"ד - בנוגע לפסח והלכות שלו -

עאכו"כ בנוגע צו זמנינו זה, און אז מ'האלט שוין נאך די "שלשים יום"; מ'האלט שוין נעענטער צו "שבועיים", לדעת רשב"ג, וואס הויבט זיך אן בראש חודש ניסן.

און דערנאך איז דאך אויך, בשעת דער ענין וואס מ'איז מגלגל: אז מ'דערמאנט וועגן דעם ענין פון מבצע חינוך,

איז דאך כאן המקום לעורר, ובפרט נאך אז דאס איז בכלל אין מבצע חינוך עצמו: דער ענין פון מבצע תורה, אויף להוסיף זיין אין לימוד התורה וקיום המצוות, מיט זיך און מיט א צווייטן, ובכל מקום שידו מגעת,

און מבצע תפילין, וואס "הוקשה כל התורה כולה לתפילין", און דער מבצע מזוזה, וואס זי האט א אידישע הויז, און זי היט אט די אלע וואס געפינען זיך אין הויז, אפילו ווען זיי גייען ארויס פון הויז, ווי ער זאגט אין זהר, אז אויף דערויף גייט דער פסוק "הוי' ישמר צאתך ובואך עד עולם", אז די שמירה איז "עד עולם", און ניט נאר ב"בואך", ווען ער גייט אריין אין הויז, נאר אויך "צאתך" - ווען ער געפינט זיך מחוץ לבית,

אויך דער ענין פון צדקה, וואס "גדולה צדקה שמקרבת את הגאולה", און האט דאך אויך א שייכות מיוחדת לימים אלו, ווי אפגע'פסק'נט אין שו"ע אז "שלשים יום לפני החג" טוט מען אין צדקה מיוחדת, אין דעם ענין פון "מעות חטים",

וואס דאס איז דאך, פונקט ווי אין תורה איז צוגעקומען לימודים אין צוזאמענהאנג מיט פסח, אזוי קומט דאך צו אין מצוות צרכי פסח וואס זיינען פארבונדן מיט מצות הפסח - איז אויך דארף צוקומען אין דעם ענין פון די אויסגאבן, וויבאלד אז על כל ענין שבקדושה וויל דער אויבערשטער אז עס זאל זיין ניט באקומען אומזיסט, נאר ער זאל צולייגן זיין "יגעת" אויך בדבר;

בשעת מ'גיט איס "מעות חטים" - איז אט דעמולט גיט ער דעם נותן נאך מערער וויפל דער נותן גיט איס,

עאכו"כ אז דאס גיט איס מוט והתעוררות, אז ער זאל מוסיף זיין מדילי' כדי ער זאל האבן א "חג הפסח כשר" און אויך "שמח" בתכלית השלימות,

בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'; כדי צו לערנען תורה און מקיים זיין מצוות און מחנך זיין קינדער, און מחנך זיין זיך אליין - דארף מען דאך

האבן ספרים פון וואנענס מ'זאל דאס לערנען, און וואו מ'זאל א קוק-טאן און געפינען, סאמער איז דא א ספק בדבר, אדער ניט-קיין-קלארקייט בדבר,

עאכו"כ אין די מבצעים וואס זיינען פארבונדן מיט נשי ובנות ישראל, וואס מ'דערציילט בנוגע צו "ויקהל", |בנוגע| צו בנין המשכן, אז זיי האבן נאך מקדים געווען, נאך געקומען פאר די אנשים, און "האנשים" זיינען געקומען "על הנשים", נאך זיי,

בדוגמא ווי ס'איז געווען בא מ"ת דער אנזאג, אז פריער זאל מען רעדן מיט "בית יעקב" "אלו הנשים", און דערנאך "ותגיד לבני ישראל - אלו האנשים" (ראה לקו"ד כרך ג תקעא, ב ואילך),

וואס דאס איז דאך די דריי ענינים, וועגן נרות שבת קודש ויו"ט, און דערנאך דער ענין פון כשרות האכו"ש, ולכל לראש דער ענין פון טהרת המשפחה, וואס דאס איז דאך בדוגמא ווי גלות מצרים וואס האט מטהר געווען, נאר מטהר געווען "טבילותא בנורא", "כור הברזל", וואס ענינו איז ע"י אש, .. איז מען מטהר מצד החסדים והרחמים העליונים - איז געגוג "טבילותא במיא", וואס דאס איז דער ענין פון טהרת המשפחה, אויפצושטעלן, ווי גע-רעדט פריער, קטנים וקטנות, וואס "הם הכירוהו תחילה" בימי הפסח, בקריעת ים סוף בשביעי של פסח, און נאך פאר דערויף האבן זיי זיך משתתף געווען אין בנין המשכן (?), און ס'איז געווארן זייער השתתפות און נדבה אן ענין נצחי -

אס אזוי, אז מ'גיט זיך אפ מיט חינוך כדבעי, שטעלט מען אויך אויף קינדער און קינדס-קינדער, אין אן אופן אז מ'בייט צוזאמען "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותינו", און מ'האט אמת'ן נחת נאך פון זיי אין די לעצטע טעג פון גלות, אין די איצטיקע טעג פון גלות, וואס זיי זיינען די לעצטע טעג פון גלות,

עאכו"כ אז מ'איז מקבל צוזאמען מיט זיי פני משיח צדקנו, און מ'זאגט "ראו גידולים שגידלנו", אז ניט קוקנדיק וואס מ'איז געווען אין גלות, און ניט קוקנדיק וואס מ'איז געווען "המעט מכל העמים", און ארום די ניט-אידישע קינדער האבן זיך געפירט אין אן אופן אחר לגמרי - האט מען אויפגעהיט און אויפגעהאדעוועט קינדער וואס לעבן מיט אידיש-קייט, און גייען מיט אידישקייט, און בא זיי איז דאס אין טאג-טעגלעכן לעבן א דבר המובן מעצמו,

ביז וואנענס אז מ'זאגט אז "הם הכירוהו תחילה", בזמן משה רבינו, גואל ראשון, וואס ס'איז דאך "כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות" בגאולה העתידה - איז אויך דער "הם הכירוהו תחילה" בגאולה העתידה לבוא,

און מ'פארשטייט דאך דעם נחת-רוח, וויבאלד אז "בכל אדם מתקנא חוץ מבנו ותלמידו": אז דער פאטער און דער זיידע זעט אז זיין זון און זיין אייניקל איז "הכירו תחילה", נאך פאר אים - דעם נחת והנאה וואס ער האט דערפון,

דער אויבערשטער וויל אבער אז מ'זאל בייטשטייין דעם נסיון פון ימי הגלות, און מ'זאל געבן יעדער קינד און אלע קינדער א חינוך כשר, און נאך מערער - א חינוך על טהרת הקודש, פון ליסוד הורהנו הקדושה, הורת אמה, בשלימותה,

וואס דער ליסוד איז אזא ליסוד המביא לידי מעשה - קיום המצוות בשלימות ובהידור,

ובמדה כנגד מדה איז דער אויבערשטער מקיים זיין מצוה, וואס דאס איז דער עיקר הענין, "לך הוי' הצדקה", אז נאך דערויף ווי "צדקה עשה הקב"ה עם ישראל שפיזרן בין האומות" - איז דאך דאס זיכער ניט געווען ח"ו

כדי צו מאמערן זיי, נאר, ווי ער איז מסיים, "כדי שיתרבו עליהם גרים", גרים כהלכה, ובעיקר - דער בירור הניצוצות;

בשעת דער אויבערשטער זעט, אז מ'נוצט די ענינים וואס ער האט זיי געגעבן בזמן הגלות אין אן אופן אז מ'איז "מגייר" דעם כסף וזהב, און דאס ווערט אידישע זילבער און אידישע גאלד, אפילו "נחושת", קופער, ווערט אידישער קופער, ועד"ז די אלע ענינים וואס מ'קויפט ע"י "זהב וכסף ונחושה"

זעט דער אויבערשטער אז "כלו כל הקיצין", ווארום מ'האט שוין אויך "מגייר" געווען די געלט, און געמאכט דערפון אידישע געלט,

און נעמט ארויס "כהרף עין" פון דעם גלות פון איצטיקן, ו"ביד רמה", אז מ'גייט "קוממיות", מיט א "קומה זקופה", צוזאמען (כמדובר) מיט קינדער און קינדס-קינדער, און אלע "כאיש אחד בלב אחד" (כלשון רש"י ומכילתא הידוע); ניטא דאס וואס זיי רופן אן דער "דזשענערישאן-געפ" צווישן קינדער און עלטערן, זיי ווערן אלע "כאיש אחד בלב אחד", ווארום ס'איז "ויחנו נגד ההר", פאראייניקט זיי תורתנו הקדושה, וואס זי איז תורה אחת, געגעבן געווארן מהוי' אחד,

און דאס ברענגט גלייך אראפ דעם "נגאלין מיד", גלייך די גאולה האמיתית והשלימה, וכמדובר, אז קיין איין און איינציקער איד בלייבט ניט אין גלות; אלע גייען ארויס פון גלות,

און מ'גייט אין אן אופן פון "שמחת עולם על ראשם" - בשמחה רבה, און מ'גייט ב"קומה זקופה", ובקרוב ממש לקבל פני משיח צדקנו,

וביחד עמו, פון חוץ לארץ - אין ארץ הקודש, און אין ארץ הקודש עצמה, "|ארץ| אשר גו' תמיד עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה", איז מען עולה לרגל אין ירושלים עיר הקודש, און מען זעט דעם "יבנה בית המקדש במקומו, איז מען דארטן מקריב די קרבנות וואס זיינען דא בכל יום, עאכו"כ בעלי' לרגל - די קרבנות פון ימי הפסח, "ונאכל שם מן הפסחים ומן הזבחים",

בקרוב ממש, ובעגלא דידן.

* * *

ג. וואס דא איז אויך די שייכות מיט פרשת פרה, וואס ס'איז דאך אויך פון פרשת שבת זו, ואדרבא - דאס איז דער סיום הקריה בתורה בתחילת היום, און אויך, די הפטורה איז דאך מערניט ווי פון פרשה פרה,

וואס בא דער פרה געפינט מען דעם זעלבן ענין ווי געדעדט פריער,

אז עס ווערט דערציילט וועגן דער פרה ראשונה שעשה משה, און דערנאך איז מען מסיים, אז עס דארף זיין "למשמרת", איז דער דין איז, אז דאס וואס מען האט גענומען פון דעם אפר אויסהיטן אויף די זמנים שלאח"ז - אז מ'האט געדארפט האבן פון אפר פרת משה - אין יעדער פרה וואס מ'האט געמאכט לאחרי זה,

וואס כללות כולם איז געווען תשעה פרות, צוזאמען מיט פרת משה רבינו,

און בשעת עס וועט קומען משיח צדקנו, וועט רעמולט זיין די פרה אדומה העשירית - דארף מען אין איר אויך האבן, צו איר אפר - דעם אפר פון פרת משה.

וואס דערפון ווייס מען די ביידע ענינים, אז עס וועט דעמולט זיין

שמור נאך אפר פון משה רבינו,

בדוגמא ווי דער שמן המשחה זאגט מען אויף דערויף "זה", טייטשט ער אפ אין מדרש, אז מלמד, אז כאטש מ'האט אים גענוצט אויף משיחת המשכן וכליו ואהרן ובניו - איז ער שמור לע"ל,

עד"ז בנוגע צו אפר פרת משה, אע"פ וואס מ'האט פארנוצט א טייל פון אים בזמן משה, א טייל אין די פרות שלאחריו,

און מ'פארשטייט דאך, אז עס וועט קומען דער זמן פון "מצות רצוניך", פון משיח צדקנו, וואס דעמולט וועט זיין בתכלית השלימות דער מין הפרה, להבדיל דער מין האדם, דער מין און דער סוג פון די כהנים, פון די מקריבי הפרה -

דארף מען אנקומען צו דעם אפר פון פרת משה - "גואל ראשון הוא גואל אחרון".

וואס דאס איז בדוגמא ווי גערעדט פריער,

ובפרט נאך ע"פ המבואר אין דעם ענין פון פרה, אז דאס איז "חוקת התורה", דאס איז אן ענין כללי וואס באווייזט די הנהגה ("חוקה", ווי דער אלטער רבי טייטשט אפ, |איז מלשון| "חוקות שמים וארץ") אין וואס עס באשטייט הנהגת התורה -

איז דאס אין צוויי כללות'דיקע תנועות: דער ענין פון שריפה, אז מ'איז עולה בלהב ובהתלהבות השמימה, ווי די התלהבות פון עבודת האדם לקונו, און דערנאך איז מען ממשיך מלמעלה למטה אלקות אין וועלט - "מים חיים אל כלי", דוקא אין א כלי, וואס א כלי מוז האבן אן ענין של הגבלה ומדידה, און דורך דערויף האלט זי אויף די "מים חיים", און

און די "מים חיים" האבן אין זיך א דין, ווי געזאגט פריער, אז ס'איז ניט גענוג אז זיי זיינען "מים חיים" איצטער - נאר עס דארף זיין אן ענין נצחי, ניט "נהרות כוזבות", כמבואר בארוכה בכמה דרושים, און אויך די הלכה אין דער משנה,

איז דאס אויך דער כללות ענין הנהגת התורה בזמן הגלות ולפני הגלות, עאכו"כ - בביאת משיח צדקנו, איז אט דעמולט אויך פאראייניציקט מען, פאר-אייניקט מען און מ'פאראייניציקט, דעם "גואל ראשון" מיטן "גואל אחרון",

וואס דאס פאראייניקט און פאראייניציקט די אלע אידן שבינתיים, און דאס קומט אויך אזוי ארויס בגלוי אין ענין התורה ומצוותי', אז אויך דעמולט זאגט מען "הלכה למשה מסיני", בדוגמת הסיפור מיט ר"ע בן יוסף,

עד"ז אויך אין דעם אפר פרה פון משיח צדקנו מוז מען האבן "למשמרת" און אריינטאן אינעווייניק דעם אפר פרה פון משה רבינו, וואס ער האט איר געמאכט במדבר בצאתם ממצרים אין דעם משכן,

און מ'וועט האבן צוזאמען דעם משכן מיט אלע אידן וואס זיינען גע-ווען בינתיים, עאכו"כ - דער "דור דעה" פון משה רבינו עצמו, עאכו"כ אז "משה ואהרן עמהם",

און דאס אלץ, די אלע ענינים נפלאים, זאגט מען יעדער אידן און אלע אידן, "מנער ועד זקן טף ונשים", אז פונקט אזוי ווי כף האבן זיך בהנדב געווען, און מ'האט בא זיי גענומען, אויף בויען דעם משכן הנצחי -

אט אזוי איז אויך "כן תהי' לנו", אז דורך א מחשבה אחת, א דיבור אחד, מעשה אחד - איז ער מכריע עצמו וכל העולם כולו, וואס "מעשה" איז דאך דא אויך ביי קטן, און איז "מביא ישועה והצלה",

ביז צו דער "הצלה" ו"הצלחה" אמיתית - גאולה האמיתית והשלימה, וואס זי הענגט-אפ אן אט דער "הכרעה",

בקרוב ממש במהרה בימינו ובעגלא דידן.

*　　　*　　　*

ד. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה וידבר גו׳ זה הדבר אשר צוה ה׳ ויקחו אליך פרה אדומה גו׳.

*　　　*　　　*

ה. כרגיל אויף אפלערנען א פסוק אין חומש בפרשת השבוע מיט פירוש רש"י,

אויך איז דאך געבליבן א פירוש רש"י פון דער מגילה וואס מ׳האט אנגעהויבן און נאך ניט מסיים געווען,

און אויך בנוגע צו א הע׳ה פון סאטן אויפן זהר פון פרשת השבוע.

השאלות בפרש"י עה"פ (פרשתנו לג, כג) "והסירותי את כפי וראית את אחורי ופני לא יראו", ופרש"י: וראית את אחורי - הראהו קשר של תפילין. - נדפסו בלקו"ש חכ"א שיחה ג׳ לפ׳ תשא.

די הערות פון כי תשא אויף זהר, ברענגט ער גלייך אין תחילת ההערות דאס וואס ער זאגט אין זהר, אז תנאים ואמוראים האבן געהערט א דבר פלא, וואס ער איז מבאר דארט באחרית הימים, וועגן זמן הגאולה ווי עס וועט זיין, ולרוב חביבות הדבר, אז מ׳זאל דאס ניט פארגעסן - האט מען געמאכט א קניפל, קושר געווען א קשר,

און איינער האט קושר געווען איין קשר, דער צווייטער האט קושר געווען ל׳ אדער ארבעים קשרים.

וואס דערפון נעמט זיך, דרך-אגב, דער מנהג וואס מ׳זאגט, אז כדי אויף ניט פארגעסן זאל מען מאכן א קניפל - איז דאס אן ענין וואס עס פירט זיך אזוי "היינו דאמרי אינשי", אבער אין זהר שטייט דאס דא בפירוש ובארוכה, ווי ער איז דאס דא מבאר דערנאך אין דער הערה,

ביז וואנענט, אז |בשעת| מ׳דארף האבן א זכירה גדולה, איז אט דעמולט ניט איין קניפל, נאר כו"כ קניפלאך, ביז ל׳ קניפלאך, ארבעים קניפלאך.

און ער איז מבאר בארוכה פארוואס איז געווען דער ריבוי, און וואס איז געווען דער שינוי, און וואס דארף מען האבן דעם קשר מצד דערויף וואס ס׳איז דא שכחה וכו׳,

ער איז אבער ניט מבאר, כמדובר כמ"פ פארלאזנדיק זיך אז דאס וועט מען זיך אליין כאפן: וואס איז דא דער קשר אז מ׳מאכט א קניפל - דערפאר וועט ער ניט פארגעסן?!

איז דא אזוינע וואס זיינען מפרש, אז וויבאלד אז ס׳איז א שינוי, אזוי גייט א בלאסע שטריקל, צי א בלאסער חוט, און ער איז משנה, אין מיטן מאכט ער א קניפל, איז בשעת ער וועט דאס טרעפן וועט ער זען עפעס א שינוי - וועט ער זיך דערמאנען פארוואס ער האט געמאכט דעם שינוי, וועט ער "מתוך כך זוכרהו".

עפ"ז אבער איז ניט נוגע אין וואס דער שינוי וועט זיין: אז ער וועט מאכן א קו שלא במקומו - איז דאס אויך א שינוי! מאכן א פאסיקל אין מיטן טיש, אין מיטן וואנט, אויפן בגד, אט וואו עס זאל נאר זיין; צו-

בינדן א שטריקל, לאו דוקא א קשר - איז דאס אויך; כל ענין של שינוי, אויב דאס איז מערניס מצד השינוי - איז דאך קיין נפק"מ ניט אין וואס דער שינוי וועט דערגייין!

אמת טאקע, א קשר איז אויך א שינוי, ניט ערגער פון אנדערע שינויים - וויבאלד אבער אז מ'זאגט, ניט אז מ'מאכט א שינוי, נאר וואס דען מ'זאגט אז מ'מאכט א קשר, און אזוי געפינט מען דאס דא בארוכה, און ער איז מבאר אויך בארוכה - איז דערפון פארשטאנדיק, אז סתם א שינוי איז דאס ניט אן ענין וואס איז געגוג, אע"פ וואס דאס איז א שינוי קען דאס אים דערמאנען, אבער עס קען זיין, אז במשך הזמן וועט ער זיך ניט דערמאנען, וועט דאס אים ניט פארבינדן אייך זאך מיט דעם זכרון; בשעת דער שינוי וועט זיין פארבונדן מיט מאכן א קניפל - איז אט דעמולט וועט ער געדיינקען די זאך.

וכפי שיתבאר לקמן.

רעדנדיק וועגן רש"י, איז דאך אויך דארף מען מסיים זיין דעם ביאור וואס עס האט זיך גערעדט אין רש"י, בנוגע וואס רש"י באווארנט ניט פארוואס די אידן אין דער מגילה ווערן אנגערופן אומעטום בשם "יהודים" - קיין איין מאל ניט דערמאנט ניט "יעקב" ניט "ישראל" ניט "ישורון",

און וויבאלד אז דאס איז א שאלה בדרך הפשט, ס'איז דאך א שינוי עצום פון גאנץ כ"ד ספרים - האט דאך רש"י געדארפט באווארענען,

און גלייך דערמאנט, אז דאס וואס רש"י באווארנט ניט - דערפאר וואס דאס איז פארבונדן מיט "איש יהודי".

האט דער אויבערשטער געהאלפן, אז די דערמאנונג האט מען זיך ניט פארלאזט אויף דער דערמאנונג, מ'האט טאקע א קוק געטאן דארטן אין רש"י אויך - האט מען אויפגעהויבן א שטורעם, אז פארקערט: פון דארט איז א מעשה לסתור:

רש"י שטעלט זיך אויף "איש יהודי" וואס מ'האט דערמאנט, און זאגט אז "למה נקרא שמו יהודי" - אזוי ווי ער איז געקומען "עם הגולה אשר הגלתה עם יכני' מלך יהודה", פון מלכות יהודה, איז די אלע וואס זיינען געקומען מיט גלות יהודה - האט מען זיי אנגערופן בשם "יהודי" -

האט שוין רש"י באווארנט פארוואס עס שטייט "יהודי"! במילא איז ביידע זאכן: דערפון איז פארשטאנדיק אז ס'איז טאקע א קשיא אין דרך הפשט, אבער רש"י האט דאס באווארנט, הייגט ווי זאגט מען דאס, אז רש"י האט זיך ניט געשטעלט, און ניט באווארנט, און מ'פארבינדט דאס מיט דעם פסוק וואו רש"י פארענטפערט דאס!

איז לכאורה א קשיא עצומה?

- איז דאס רש"י גופא מבטל, אז מ'קען דערמיט ניט פארענטפערן.

דורך וואס איז דאס רש"י מבטל? - רש"י איז מוסיף צוויי ווערטער: "בין הגויים"; אט דאס וואס נקראו יהודים - דערפאר וואס מ'איז געקומען מיט מלכות יהודה - איז וואו האט מען זיי אזוי אנגערופן? - "בין הגוים", צווישן די פעלקער.

דער אבן עזרא. און אנדערע מפרשים זאגן דעם זעלבן תירוץ - זיינען זיי ניט מוסיף "בין הגויים": רש"י לערנט דאך די ענינים אין פשט"ב - באווארנט רש"י, אז וואו האט מען זיי גערופן "יהודים" - "בין הגוים", ניט צווישן אידן.

פארוואס מוז דאס רש"י באווארענען, און פון וואנענט נעמט דאס רש"י - איז דאס פשט"ב בבריתו:

יחזקאל בן בוזי, איז געווען אויך אין בבל, אין גלות, און איז אויך

געקומען פון ארץ ישראל, און איז געקומען בגלות, און אין יחזקאל ווערט דערמאנט כו"כ פעמים יעקב און ישראל, און עס ווערט נים דערמאנט "יהודי"!

ער"ז געפינט מען אין זכרי', אין די נביאים אחרונים, ווערט דער-מאנט דער נאמען - די אידן ווערן אנגערופן בשם "יהודי", און אידן ווערן דארטן אויך אנגערופן מיט איינע פון די נעמען, אדער "יעקב" אדער "ישראל".

במילא, אויב רש"י וואלט נים צוגעשריבן "בין הגויים", נאר וויבאלד אז מ'קומט פון גלות יהודה, דארף מען אנגערופן ווערן "יהודים" - וועט ווערן א שטורעם: אין גאנץ יחזקאל ווערן קיין איינמאל נים אנגערופן אידן בשם "יהודים"!

ס'איז קיין קשיא נים וואס בימי יחזקיהו, שטיים בשעת סנחירוב האט געשיקט "רבשקה" (זיין שר), און ער האט גערעדט מיט די אידן - האט מען אים געזאגט ער זאל נים רעדן "יהודית" -

איז דארט איז אבער קיין קשיא נים, דארט איז דערפאר וואס חזקיהו איז געווען "מלך יהודה", און דארט איז געווען מערנים ווי שבט יהודה (און א ביסל בנימין), און דער מלך איז געווען פון יהודה - איז קיין קשיא נים פארוואס מ'רופט דארט "יהודית".

עד"ז קען מען אויך פארענטפערן, אז מ'געפינט אין נאך מקומות, אפי' אין דניאל וביו"ב, אז עס ווערט דערמאנט דער ווארט "יהודי" - דארף דארט רש"י נים באווארענען, דערפאר וואס דארט קען זיין אז מ'מיינט טאקע מערנים פון שבט יהודה;

דא רעדט מען דאך פון "כל היהודים אשר בכל מדינות המלך" - איז דאך דאס זיכער געווען מכל השבטים, מוז דאס רש"י באווארענען, באווארנט דאס רש"י אז דאס איז דערפאר וואס זיי זיינען געקומען פון גלות פון מלכות יהודה - זיינען זיי אלע אנגערופן געווארן אויפן נאמען פון "יהודה",

ווערט דאך די שאלה: פארוואס רופט זיי יחזקאל נים אן "יהודים"? - זאגט רש"י: מערנים די גויים האבן זיי אנגערופן יהודים, "בין הגויים";

בשעת יחזקאל האט געזאגט די נבואות צו אלעמען - האט ער זיי אנגע-רופן מיט זייער נאמען, נים מיט דעם נאמען וואס די גויים גיבן זיי א נאמען.

וואס דאס פארענטפערט נאך א שטורעמדיקע קשיא:

ווי אזוי קען רש"י זאגן "בין הגויים"? - בשעת אין תושבע"פ ווערן אידן ברובם אנגערופן בשם "יהודים"! אז מ'וועט א קוק-טאן אין גמרא, ווי אזוי ווערן אנגערופן אידן - ווערן זיי אנגערופן בשם "יהודים"! אמאל שטיים דער ווארט "ישראל" אדער "בני ישראל", ברובם - ווען דאס איז פאר-בונדן מיט א פסוק; ווען דאס איז אבער נים לשון הכתוב, נאר א לשון איינער מיטן צווייטן - רופט מען אים אן "יהודאי", "יהודי", ועד"ז אין מדרשים.

וואס דאס אלץ באווארנט רש"י דורך דערויף וואס ער זאגט "בין הגויים".

ווערט אבער דורך דערויף די קשיא ערשט בייט "בן חמש למקרא":

וויבאלד אז דאס איז א מגילה וואס פארוואס לערנט ער איר? - דערפאר וואס מ'גייט צו פורים, און דערנאך דארף ער גיין מקיים זיין די מצוה פון מקרא מגילה, מקיים זיין א מצוה - איז וואס איז דא נוגע ווי גויים רופן אן אידן - בשעת יחזקאל רופט-אן אידן "יעקב" און "ישראל", און אפילו די נביאים שלאחריו, זכרי' חגי ומלאכים, רופן אויך אן אידן בשם "יעקב" און "ישראל",

און דארט וואס עס שטיים אמאל "יהודי", קען מען טייטשן, אז דאס מיינט מען מערנים ווי שבט יהודה;

בשעת ער איז געקומען מקיים זיין א מצוה, סאקע מצוה מדברי סופרים, אבער א מצוה, און מאכט אויף דערויף א ברכה, און זאגט "מקרא מגילה"; ער גיט א קוק, ווי אזוי רופט מען אים אן? - רופט מען אים אן "יהודי"! און רש"י אליין זאגט, אז דאס "בין הגויים" אזוי אנגערופן!

איז דאס ניט וואס דורך דער רש"י ווערט פארענטפערט; דורך דער רש"י ווערט די קשיא נאך א גרעסערע: אזוי איז די קשיא מערניט פארוואס האט מען מחדש געווען א שם חדש; נאך דערויף ווי רש"י זאגט אז דאס איז א נאמען וואס איז פארבונדן מיט "בין הגויים" - ווערט די קשיא: אויב אזוי האט מען דאך בדיוק געדארפט זיי אנרופן "יעקב", "ישראל" - ניט דעם נאמען וואס דאס איז "בין הגויים"!

וואס אט דא איז דער תירוץ וואס מ'האט געזאגט בשעת דער התוועדות:

אז בשעת דער בן חמש למקרא וואלט אויף א תירוץ אין דער מגילה, אפשר וועט דערמאנט ווערן "יעקב" "ישראל", און קומט צום סוף פון מגילה - ניטא, מערניט ווי "יהודי" -

בינתיים האט ער שוין געזען דעם תירוץ:

וויבאלד ער האט געזען, אז דאס איז אן "אגרת", וואס עס האט געשיקט מרדכי דורך דערויף וואס אחשורוש האט אים געהייסן, האט אים געגעבן די טבעת, "נכתב בשם המלך ונחתום בטבעת המלך", און "דבר המלך אין להשיב" מיט גאנצן שטורעם,

אז אחשורוש האט געהייסן - האט ער געמוזט רעדן מיט אים ווי אחשורוש האט גערעדט; אחשורוש האט ניט געוואוסט פון קיין אנדער זאך, ער האט גע-וואוסט אז נקראים ע"ש יהודי!

- ווי האט אחשורוש געשריבן (אדער געזאגט בע"פ, ווי ס'איז געווען) - געזאגט "יהודי". בשעת ס'איז געווען "משנה למלך אחשורוש" און "ותכתוב אסתר המלכה ומרדכי היהודי" - האבן זיי קיין ברירה ניט געהאט - זיי האבן געמוזט טאן ווי אחשורוש זאגט, האבן זיי געמוז שרייבן "יהודים" - דערפאר וואס דאס איז "בין הגויים".

וויבאלד אז דאס איז "אגרת הפורים הזאת", איז וואס איז דאס פאר אן "אגרת" וואס מ'האט געשריבן "בשם המלך אחשורוש" "ונחתום בטבעת המלך", מיט די גאנצע פרטים ווי ער רעכנט אויס - איז פארשטאנדיק, וויבאלד אז "בין הגויים" איז זי געשריבן געווארן "יהודי" - האט מען דאס געמוזט אנרופן בשם "יהודי" - די זעלבע הסברה פארוואס מ'האט אנגערופן "איש יהודי" בשם "יהודי".

וואס איז דאס נוגע אויף צו וויסן די הדגשה? איז דאס איז, ווי גע-רעדט: ולכאורה איז וואס איז געווען די שאלה די גזירת המן על כל היהודים,

און אט דא ווערט דאך נאך א שאלה: בשעת עס רעדט זיך וועגן שושן הבירה, בשעת עס רעדט זיך וועגן מרדכי - שטייט אז דאס איז געווען "עם הגולה אשר הגלתה עם יכני' מלך יהודה";

די "אגרת" האט מען געשיקט צו אין אלע "מאה ועשרים ושבע מדינות", וואס ס'איז א זיכערע זאך, אז אין די אלע מדינות זיינען געווען אידן וואס זיינען ניט געקומען מיט יכני' מלך יהודה; יכני' מלך יהודה איז געקומען אין בבל, דערנאך פון בבל איז ער געקומען אין מדי ופרס - ווי קומט ער אין הונדערט זיבן און צוואנציק מדינות?!

איז אין פשוטם של דברים, איז אזוי ווי אידן זיינען געווען בכל המדינות כולם איינער צוויי דריי פיר,

בפרט נאך אז מ'געפינט נאך אין תנ"ך וואס דער בן חמש למקרא האט דאס נאך ניט געלערנט, אבער ער ווייס מסתמא פון סיפורים, אז אידן זיינען ארומגעפארן מיט שיפן, און האבן געפירט מסחרים, און דערנאך, ער

זעט אין דער מגילה גופא: אט דאס גופא אז מ'האט געדארעט שיקן די אגרת אין אלע הונדערט זיבן און צוואנציק מדינות; אויב ס'איז געווען א מדינה וואס דארט איז ניט געווען קיין אידן - איז וואס האט מען אהינצו געשיקט די אגרת?!

מוז מען דאך זאגן, אז אין אלע הונדערט צוואנציק זיבן מדינות, "מהודו ועד כוש" - איז אין יעדער מדינה געווען אידן,

און על פי סברא, איז צוליב איין אידן האט מען ניט געמאכט דעם גאנצן שטורעם פון "להקהל ולעמוד על נפשם"; "להקהל ולעמוד על נפשם" דארף זיין לכה"פ עטלעכע אידן בכל מדינות המלך -

קען ניט זיין, אין פשש"מ וועט זיך בא קיינעם ניט אפלייגן, א גלות וואס איז געקומען מיט יכני' מלך יהודה אין בבל - האט מען זיי דערנאך פאנאנדערגעשיקט פון בבל דוקא - אין הונדערט זיבן און צוואנציק מדינות! על פי שכל, איז א טייל פון די מדינות איז מען אנגעקומען פון ארץ ישראל.

- וויבאלד אז מ'איז אנגעקומען פון ארץ ישראל - האט דאס געקענט זיין פאר גלות יכני', געקענט זיין נאך גלות יכני', געקענט זיין נאך גלות נבוכדנאצר, פאר גלות נבוכדנאצר, ווי די מגילה אליין דערציילט, אז דאס איז "מפוזר ומפורד בין העמים". ניט ער זאגט אז דוקא בגלות, אז ער איז נגלה (הכוונה מלשון גלות) בין העמים; מ'האט זיך פאנאנדערגעשפרייט צווישן אלע פעלקער, צווישן אלע הונדערט זיבן און צוואנציק מדינות.

ווערט דאך א שאלה דעמולט: וויבאלד אז מ'האט געדארפט באווארענען אט די וואס זיינען געקומען וואס ווערן אנגערופן בשם "יהודים" - ווערט דאך אט דא די שאלה: אט די וואס זיינען ניט אנגעקומען מיט גלות יכני', און זיי זיינען ניט אנגעקומען מיט גלות פון מלכי יהודה - וואו זיינען זיי נכלל, אז אויף זיי זאל חל זיין די גזירה פון המן'ען, און אויף זיי זאל חל זיין דער ביטול הגזירה?!

מ'קען ניט זאגן, אז המן האט אויף זיי ניט גוזר געווען -

נוסף אויף דעם ענין אז דאס איז היפך השכל, היפך פשש"מ; דערפון וואס ער זאגט אין "ועל הנסים" אז דאס איז "להשמיד להרוג |ולאבד| את כל היהודים מנער ועד זקן טף ונשים" - איז דערפון פארשטאנדיק, אז פשש"מ האט דאס געמיינט יעדער אידן וואו נאר ער געפינט זיך,

און אזוי ווי אחשורוש איז געווען א "מושל בכפה", "מהודו ועד כוש", איז יעדער איד וואס האט זיך דא געפונען - איז אויף אים חל די גזירה.

ווערט די שאלה: ווי אזוי קען אויף אים חל זיין - ער הייסט דאך ניט "יהודי"?! ער איז ניט געקומען מיט גלות יהודה!

מוז מען זאגן אט דאס וואס עס האט זיך פריער גערעדט בארוכה: אז פון "עם מרדכי" זיינען זיי אבער! במילא, איז "לא יכרע ולא ישתחוה", במילא האט ער אויף זיי גוזר געווען, אע"פ וואס מרדכי ווערט אנגערופן "איש יהודי" מאיזה טעם שיהי', בשעת אבער עס קומט צו א אידן וואס ער איז ניט געקומען מיטן גלוה, וואס אין פשש"מ איז אין א טייל פון די מדינות איז זיכער געווען אזוינע אידן; פארוואס איז אויף זיי חל די גזירה, און פארוואס האט מען בא זיי געדארפט האבן די ביטול הגזירה - ווי גערעדט בארוכה אין התוועדות פון פורים: דערפאר וואס זיי זיינען "עם מרדכי", ניט מצד דעם טעם וואס וואס "בין הגויים" זיינען זיי אנגערופן בשם "יהודים", דערפאר וואס באו מגלות יהודה.

במילא, איז דער עיקר הגזירה, וואס רש"י זאגט אויף דערויף "איש יהודי הי' בשושן הבירה", און דערנאך שטייט דאך אז ס'איז געווען די גזירה

אויף אט די "בשושן הבירה", דער עיקר הגזירה, און דערפאר איז דארט גע-
וועז צוויי טעג, מיט דער גאנצער אריכות - איז בשושן הבירה און עיקר
הגזירה איז טאקע געוועז אויף די אידן וואס זיינען דארטן, און וואס זיי
בא מלכות יהודה,

אעפ"כ שטייט ניט אויף יהודים פון שושן הבירה און יהודים פון
איבעריקע מדינות, נאר כולם בשוה - אט דאס וואס זיי גלייכט אויס אז זיי
זיינען "עם מרדכי", וואס "עם מרדכי" וויבאלד אז "לא יכרע ולא ישתחוה"
במילא איז ביי אים אויך אזוי.

עד"ז איז אויך געוועז די שאלה, אט דאס וואס עס האט זיך גערעדט
בנוגע צו תורה ותפלה, אז עס האט זיך גערעדט אז תורה איז דער ענין פון
חכמה ומחשבה, און תפלה איז ענינה בדיבור, ווי דער רמב"ם פסק'נט אפ -

אז לכאורה געפינט מען דאך אין כמה דרושים שלא כך, וואס דארטן
רעדט זיך אז תורה איז "מוציאיהם בפה", משא"כ תפלה איז דאס "עבודה שבלב"
וואס דאס איז דער ענין פארבונדן מיט מחשבה,

איז וויבאלד אז ס'איז דא כמה דרושים אין דעם נוסח און כמה דרושים
אין דעם נוסח - איז שוין גערעדט אמאל בארוכה, און ביי מיר איז א
וואונדער וואס מ'האט איינגאנצן דאס ניט דערמאנט, און וואס נאכמערער -
בפרט נאך אז מ'האט גערעדט בארוכה אז מ'געפינט דאס אין אלע דריי ענינים
וואס הויבן זיך אן מיט א תי"ו:

מ'געפינט די זעלבע זאך אין תשובה, און די זעלבע זאך אין תפלה און
אין תורה:

אין תורה איז דא, ווי געבראכט דעם דין פון שו"ע, אז אויב ער פאר-
שטייט ניט תושבע"פ - איז אט דעמולט האט ער ניט יוצא געוועז מצות ה"ת,
איז דארף מען קיין גרעסערע ראי' ניט האבן אז עס דארף זיין הבנה והשגה:
ער האט גערעדט בדיבור כל היום כולו, ולא ידע מאי קאמר, אויב דאס איז
תורשבע"פ - האט ער ניט מקיים געוועז מצות ת"ת;

ביחד ע"ז דארף מען האבן "מוציאיהם בפה".

עד"ז געפינט מען אויך בא תפלה:

תפלה דארף מען האבן "עבודה שבלב", אויב עס פעלט די כוונה כללית,
איז אט דעמולט איז "תפלתו בטילה";

דערנאך אבער דארף מען האבן דוקא בדיבור, ווי דער רמב"ם פסק'נט אפ
אין הלכות תפלה בתחילתה, וע"ד ווי בא תורה דארף מען האבן "מוציאיהם בפה".

ועד"ז איז אויך תשובה:

עיקר התשובה בלב, און ס'איז פארשטאנדיק אין פשטות הענינים;

ביחד ע"ז ווערט גערעכנט אין מנין המצוות מצות התשובה, און דאס
מוז זיין דוקא דיבור בפה, דעם אל"ף-בי"ה וכו'. און ווי גערעדט אמאל
בארוכה אז ס'איז דא ביידע זאכן, סיי דער ענין המחשבה סיי דער ענין
הדיבור,

וואס ~~דאס~~ |דערביי| איז פארענטפערט: תורה בכמה דרושים ווערט דאס
פארגליכן אז דאס איז דער דם שבאדם. ווי אין די דרושים פון מ"ת, אין
לקו"ת בבמדבר בארוכה;

דם ווערט ניט נכלל אין מנין פון רמ"ח מ"ע, פון רמ"ח אברים, וואס
כנגדם איז רמ"ח מ"ע - ניטא קיין דם; |עס דארף זיין|
בשר און עצם און גידים, ניט קיין דם.

און תורה איז איינע פון רמ"ח מ"ע! איז דאך פארשטאנדיק, אז ס'איז

דא אן אבר וואס דאס איז כנגד התורה, און דערנאך זאגט מען - אז תורה איז דם.

ועד"ז איז דא דער ענין אין תפלה:

תפלה איז איינע פון די מצוות עשה;

דערנאך איז א גאנצע אריכות אין לקו"ת אין ס"פ בלק, אז תפלה איז דאס בדוגמא פון דעם חוט השדרה,

דער חוט השדרה, ניט די חוליות השדרה, אזוי ווי חוט השדרה ווערט ניט גערעכנט אין דעם ענין האברים וביחד ע"ז איז דאס מעמיד את כל הגוף כולו - עד"ז איז אויך ענין התפלה.

פרעגט מען אויף דערויף די שטורעמדיקע שאלה: דער אלטער רבי אליין אין תניא ברענגט בכ"מ, אז מצוות שבדיבור איז דאס תפלה און תורה. דערפון פארשטאנדיק, אז ער רעכנט דאס אין מצוות, און אז ער רעכנט דאס אין א מצוה שבדיבור!

נאר אין תפלה איז אויך דא די ביידע ענינים:

ס'איז דא די כוונת התפלה, בדוגמא פון חוט השדרה (בדוגמא ווי בא תורה איז דאס דער דם), און דערנאך איז דא דער דיבור שבתפלה, אדער דער זמן קבוע שבתפלה ועל כל צרה שלא תבוא - איז דאס איז דער ענין וואס דאס איז אן אבר פרטי, אן אבר מסויים, על כל צרה שלא תבוא.

עד"ז איז בא תשובה אויך:

דער אלטער רבי אין דרושים פון פורים זאגט, אז וואס איז דער לשון פון "תשובה ומעשים טובים"? - אז דורך וואס ווערן מעשה המצוות "טובים"? - דורך הקדמת התשובה (דארט שטייט דאס ברמז, און אין לקו"ת - בארוכה),

איז דאך דערפון פארשטאנדיק, אז תשובה איז בדוגמא ווי תפלה איז א "חוט השדרה" אויף אלע דמ"ח אברים ושס"ה גידים, אזוי איז אויך תשובה מאכט פון רמ"ח אברים ושס"ה גידים - מאכט דאס אז עס זאל זיין "מעשים טובים",

און דאס ווערט ניט נכלל אין דעם מנין המצוות.

דערנאך איז דא ווי תשובה איז א מצוה בפני עצמה - דיבור התשובה, וואס דאס איז אין זיך כולל דיבור, אן דעם טראכטן, וואס "עיקר התשובה בלב" - איז דער דיבור טוט גארניט אויף; עיקר התשובה דארף זיין בלב, און דעמולט דארף מען האבן דעם דיבור.

וואס אט דאס איז אויך: אט די דרושים וואס עס רעדט זיך אז תורה איז בדוגמת הדם שבאדם - איז דאס דארטן ווי תורה איז "גדול לימוד שמביא לידי מעשה", וואס ער ברענגט צו אלע רמ"ח מ"ע ושס"ה מל"ת, איז אט דעמולט איז דאס פארבונדן דוקא מיט הבנה והשגה; דא וועט אים חושב"כ אויך ניט העלפן (ווי ער זאגט אין אגה"ק): ער וועט לערנען תושב"כ, איז ער מקיים די מצוה פון לימוד התורה, אע"פ וואס לא ידע מאי קאמר; דער ענין הדם שבה, תורה וואס איז געגליכן צו "דם", וואס דאס איז מחי' לדעת את המעשה אשר יעשון ואלה אשר לא יעשינה - וועט ער עדשט ניט וויסן ווי צו לייגן תפילין, און וואס תפילין זיינען, און בנוגע צו ציצית, וכל הענינים שבתורה.

ועד"ז איז אויך די שאלה וואס מ'האט געפרעגט בנוגע בהמשך צו דער מגילה, אז דער בן חמש למקרא פרעגט דאך די שאלה:

אמת טאקע, צוליב די גויים האט מען געדארפט שרייבן "יהודי"; אבער איצטער איז מען מקיים א מצוה - מעג מען דאך אידן דערמאנען מיט זייער

נאמען?!

איז דאס איז, ווי געערדט כמה פעמים, אז מרוב החריפות - פארגעסט מען וועגן וואס דא רעדט זיך:

...ס'איז אמאל געווען: עס גייען ארייין קינדער פאר בר-מצוה - איז מזמן לזמן פרעג איך בא זיי א שאלה.

דערנאך איז אדיינגעגאנגען א געדאסטענער אינגל, און איך האב ביי אים געפרעגט כמה שאלות. דערנאך פרעג איך ביי אים: ווי איז דער דין, ח"ו, מי שאין לו יד - צי דארף ער לייגן תפילין של ראש? זאגט ער זיכער דארף ער לייגן תפילין של ראש. זאג איך: פארוואס? - דערפאר וואס אמת טאקע - זאגט ער - עס שטייט "כל זמן שבין עיניך יהיו שנים", און דא קען דאך ניט זיין "שנים", ער קען דאך ניט לייגן קיין תפילין של יד? אבער אעפ"כ דארף ער |לייגן|, אזוי ווערט אפגע'פסק'נט וכו'.

זאג איך אים: ווי איז דער די פארקערט, אויב ער האט ניט קיין קאפ און האט א האנט? זאגט ער: כש"כ וק"ו אז ער דארף לייגן אויף דער האנט: מה-דאך אז ער האט ניט קיין האנט, כאטש דעמולט שטייט אז "כל זמן שבין עיניך יהיו שניים", אעפ"כ סוף מען פארקערט פון דעם פסוק און מ'לייגט יא אויפן קאפ; אז ער האט ניט קיין קאפ, וואס דארט שטייט ניט קיין פסוק פון "כל זמן שבין ידיך יהיו שנים", ואדרבא - מ'הויבט גאר אן פון דעם - דארף ער לייגן לכה"פ אויפן |האנט|.

דערנאך האט ער זיך געכאפט אז ער כאפט זיך עפעס ניט וועגן וואס דא רעדט זיך... פארוואס שטייט ניט די שאלה? - איך האב ביי אים געפרעגט: אויב אזוי פארוואס שטייט ניט דער פס"ד? האט ער זיך געכאפט אז עפעס שטימט דא ניט...

אזוי איז דא אויך: מרוב החריפות - כאפט מען זיך ניט, אז די שאלה וואס וועט זיין אויב מ'האט ניט קיין קאפ - צי דארף מען לייגן אויף דער האנט - איז אט דעמולט די שאלה מלכתחילה קיין שאלה ניט:

מ'רעדט אין מגילה ווי איז דאס פארגעקומען בפועל: מ'האט אנגעשריבן א מגילה, און מ'האט דאס פאנאנדערגעשיקט אין "מאה ועשרים ושבע מדינה", און מ'האט קיין ברירה ניט געהאט: ס'איז געגאנגען אלס אן "אגדת" פון אחשורוש המלך, נאר וואס דען - געשיקט האט דאס "אסתר המלכה ומרדכי היהודי"; וויבאלד אז מ'האט דאס געשיקט צו "עם ועם כלשונו", האט מען דאס געשיקט "ליהודים כלשונם" - האט מען דאס געשיקט אויף לשון-הקודש - דאס איז אבער געווען איבערגעזעצט פונקט ווי ס'איז געווען געשריבן אין פרסי: דער זעלבער ווארט מיט די זעלבע אויסדרוק איז געווען "בכל מדינות המלך", נאר "ליהודים" איז דאס געווען "כלשונם" - איז דאס געווען אויף לשון-קודש.

דערנאך איז דורכגעגאנגען א צווייטן מאל, האט מען געשיקט "אגרת הפורים הזאת השנית" - האט מען ניט געקענט עפעס טאן אנדערש; מ'האט געמוזט שיקן ווי אחשורוש האט געוואלט,

דערנאך האט זיך אסתר אנגעהויבן דינגען מיט די סנהדרין: "כתבוני לדורות". וואס דאס איז געווען ווען אסתר האט געלעבט, און אחשורוש איז געווען א מלך,

בכילא, וועגן וואס האט זיך געערט? - אט דאס וואס ס'איז געווען די מגילה, וואס מרדכי ואסתר האבן געשיקט - האט מרדכי ואסתר געבעטן אז דאס זאל אריינגעשריבן ווערן צווישן די כ"ד ספרי קודש און דאס זאל בלייבן לדורות,

האט אסתר קיין ברירה ניט געהאט: די מגילה איז ניט געווען בא זיי

אין האנט אויף משנה זיין אומעטום דעם נוסח - האט קיין ארט ניט געהאט אויף משנה זיין דעם נוסח: וויבאלד אז ס'איז געווען "נכתב בשם המלך" "ונחתום בטבעת המלך", און מ'וועט אריינשיקן: הערט זיך איין, דייט משנה, דא איז געווען געשריבן "יהודים", איצטער דארפט איר שרייבן יעקב און ישראל - דאס איז א זאך וואס בפציאות האט מען דאס ניט געקענט טאן!

ס'איז ווי געערדט פריער: אז ער האט ניט קיין קאפ - קען ער בדרך ממילא ניט לייגן אויף דער האנט!

וואס דערפאר, איז וויבאלד או יצא מהחת ידם, פאנאנדערגעשיקט גע-וואדן "בכל מדינות המלך", און פאנאנדערגעשיקט געווארן "אל היהודים כלשונם", און מ'האט שוין געפראוועט די אלע ענינים פארבונדן דערמיט: "ונוח", און "משתה ושמחה" און מיט אלע ענינים;

די איינציקע הוספה וואס זי האט זיך געבעטן, אז דאס זאל ווערן "לדורות" - איז ניט געווען קיין ארט מ'זאל דארט משנה זיין; אויב משנה זיין - ווערט דאס א נייע זאך, פארבונדן מיט א מרידה במלך, און וואו וועט מען דערגרייכן צו אלע אגרות וואס מ'האט פאנאנדערגעשיקט וכו'.

עד"ז איז די צווייטע קשיא וואס מ'האט געפרעגט:

אז נגיח טאקע אז אמאל איז דאס געווען אן "אגרת", בשעת ער קומט אבער צוגיין הערן די מגילה ווערט דאך דאס א ספר - איז פארוואס שטייט ניט דער שם הוי'??

ווי פארענטפערט דעמולט, אז וויבאלד אז ס'איז אן אגרת - קען מען ניט שרייבן קיין שם, ווארום דאס גייט פארלארן -

דערפאר וואס ס'איז געווען די זעלבע "אגרת"; מ'האט איר ניט געקענט משנה זיין:

נגיח אז אפילו וועו מ'ווייס פריער אז דערנאך וועט דאס בלייבן א ספר; וויבאלד אבער אז צוויי יאר, צי א יאר, צי כמה חדשים, וועט דאס ארומגיין ווי אן "אגרת" - טאר מען דאדט ניט שרייבן קיין שמות קדושים, דערפאר וואס דאס וועט גיין לאיבוד, האט מען געמוזט שרייבן ניט דער-מאנענדיק קיין שמות הקדושים, און דערנאך האט מען דאס געמוזט מאשר זיין אז די זעלבע זאך זאל ווערן "כתבוני לדורות", במילא איז דאס געבליבן ווי ס'איז געווען פריער.

און דרך אגב:

דאס איז נאכמער מוסיף תוקף אין דעם תירוץ פון אבן-עזרא, וואס ער זאגט דעם תירוץ, אז וויבאלד אז ס'איז געווען אין מדינות אחשורוש, במילא האט מען דאס דערנאך איבערגעזעצט אין לשון פרס, וואלט מען דאס איבערגע-זעצט אין א לשון וואס דאס איז היפך פון שמות הקדושים -

איז ניט נאר אז דערנאך; נאר בשעת מעשה האט מען דאס געשריבן אויף פרסיש אויך, וואדום מ'האט דאס געשריבן "לכל מדינה ומדינה כלשונה", האט מען דאס געשריבן צו די פרסים - בלשונם, איז אויב מרדכי ואסתר וואלטן אריינגעשריבן ערגעץ-וואו א שם הקודש - וואלט דאס פריער געדארפט אוועק-גייין (אדער צוזאמען דערמיט געדארפט אויך אוועקגיין) צו די פרסיים, און אנשי פרס ומדי - גלייך מיט די שמות היפך פון שמות קדושים.

וואס דאס איז אויך מוסיף און אויך פארענטפערט אויך אט דאס וואס מ'געפינט, ווי געערדט פריער, אז אין תושבע"פ, ובפרט אין גמדא, איז אט דעמולט ווערן אידן אנגערופן בריבוי מקומות דוקא בשם יהודים -

דערפאר וואס די גמרא איז אויך געווען געשריבן אין בבל, וואס דארט

איז געווען צוזאמען מיט מדי ופרס - מדי ופרס און בבל, איז געווען מדי ופרס האט איבערגענומען בבל, און דארט איז געווען די אלע ענינים, דארט איז תלמוד בבלי וכו' (וואס דערנאך האט דאס אויך משפיע געווען אויף תלמוד ירושלמי) -

איז דאס געגאנגען בהמשך אחד, ווי די אידן זיינען אנגערופן גע-ווארן "בין הגויים",

פארוואס איז דאס "בין הגויים"? - דערפאר, וואס אע"פ וואס בשעת מעשה האט מען יעדער טאג געדאוונט, און געזאגט "אלקי אברהם יצחק ויעקב", "אלקי ישראל" און "אלקי יעקב וכו'", בשעת אבער מ'איז ארויסגעגאנגען רעדן אין שפת המדינה, וואס דאס איז געווען ארמית, וואס אין דעם איז דער לשון פון גמרא - האט מען גערעדט ווי מ'איז געווען דארט רגיל פון דעם זמן וואס ס'איז געווען זמן מרדכי ואסתר,

ובפרט נאך, אז א טייל פון גמרא איז שוין דעמולט אויך געווען: פונקט אזוי ווי אין דער משנה איז דא אהיינגעשטעלט משנות וואס ס'איז גע-ווען בזמן הבית, עד"ז - וואס ס'איז נאך געווען נאך פאר דעם בית, עד"ז וואס ס'איז געווען לאחר הבית אין ארץ ישראל -

אט אזוי איז מסתבר לומר, און ס'איז ניטא קיין הוכחה אויף אנדערש, אז די ברייתות ארער מאמרים וואס ווערן געבראכט אין גמרא - אויב זיי ווערן געבראכט בשם פון אן אמורא - האט ער דאס געזאגט ווען ער האט גע-לעבט; אויב דאס ווערט געבראכט סתם א הלכה אדער א סיפור וכיו"ב, אדער דאס ווערט געבראכט בשם פון א תנא וואס איז געווען בזמן הבית - אעפ"כ האט מען דאס דערנאך איבערגעשטעלט אין דעם לשון ווי ס'איז געווען בזמן הגמרא, וואס דאס איז דער לשון ארמית, און אין לשון ארבית איז מען גע-ווען איינגעוואוינט אז א אידן דארף מען רופן בשם "יהודי", כמדובר לעיל בארוכה.

ובפרט נאך לויט דעם ביאור וואס שטייט אין חסידות, אז דורך דעריוף איז מען מעלה אויך די שבעים לשון, פונקט ווי מ'איז מעלה די שבעים אומות, פונקט ווי מ'איז מעלה די כל הענינים וואס איז פארבונדן דערמיט, וואס דאס איז - כל העולם כולו, אין אן אופן, אז פון חול - מאכט מען "חולין על טהרת הקודש". דערנאך מאכט מען דערפון "קדש" עצמו.

איז כן תהי' לנו בקרוב ממש, אז עס וועט זיין "ואת רוח הטומאה אעביר מן הארץ", און עס וועט זיין מערנים ווי ענינים פון קדושה, און עבודה פון אידן וועט זיין אין קדושה גופא - לעלות מדרגא לדרגא, ווי ער זאגט אין אגה"ק,

איז אט דעמולט איז מען אויך מעלה די אלע ענינים וואס זיינען פאר-בונדן מיט "יהודי", אע"פ וואס לכתחילה איז דאס געווען "בין הגויים" - ווערט דאס דערנאך נתעלה ווי דאס איז אין גאולה האמיתית והשלימה,

ובפרט נאך ווי די גמרא טייטשט אפ, אז ער איז מודה בכל התורה, דער וואס כופר בעבודה זרה, און דערנאך זאגט מען, פארוואס ווערט מען אנגערופן יהדים אין דער מגילה, אע"פ וואס דארט איז ניט געווען "מודה בכל התורה כולה" - ס'איז דאך "נהנו מסעודתו של אותו רשע"? - אבער "כופר בע"ז" איז דארט געווען בשלימות, והא-ראי' - אז "לא יכרע ולא ישתחוה"!

און דאס איז דאך געווען, ווי דער לשון פון דעם אלטן רבי'ן, אז ס'איז ניט געווען קיין "מחשבת חוץ" במשך כל השנה "מנער ועד זקן טף ונשים",

וואס דערפאר דאס ברענגט אראפ - דא איז אויך אן ענטפער: לכאורה וואס דארף די גמרא זאגן אז "יהודי" איז ע"ש וואס ער איז "כופר בע"ז",

און דערנאך וועט מען זיך פארלאזן דאס וואס שטייט אין פרשת שלח אין פירוש רש"י (ועד"ז אין גמרא) אז "כל הכופר בע"ז" איז ער "מודה בכל התורה כולה" - כ'האב געקענט לכתחילה זאגן: פארוואס רופט מען אים "יהודי" - דערפאר וואס ער איז "מודה בכל התורה כולה"!

- אבער דאס קען מען ניט זאגן לאחרי הסיפור פון "נהנו מסעודתו של אותו רשע": אויב ער איז "מודה בכל התורה כולה" - וואלט גזירת המן ניט געהאט קיין ארט! מלכתחילה גארניט!

וואס עד"ז איז אויך די תשובה וואס מ'האט געפרעגט בנוגע צו הפרה:

מ'האט געזאגט אז "הפרה" איז עוקר מעיקרא, און דאס איז בדוגמא ווי א חכם איז עוקר מעיקרו, אז עס בלייבט אפילו ניט קיין רושם -

איז געווארן א שטורעם, און א שטורעם לכאורה בצדק: אז דער לשון הפרה איז דאס פון דעם בעל, און דער בעל זאל מערניט ווי מכאן ולהבא, גאנץ גדית ביית, און ביי א חכם איז גאר דער לשון התרה - און דא האט מען דאס געברויכט בקשר צו דעם "עוצו עצה ותופר" (בשיחת י"ב אדר, לילדי "צבאות השם", וכבר נדפסה השמטה ע"פ שיחה זו), וואו עס שטייט בפירוש הפרה!

- האב איך מעתיק געווען ניט מיין לשון; אזוי איז דער פס"ד אין רמב"ם און אזוי איז דער פס"ד אראפגעבראכט דערנאך אין שו"ע אין הלכות נדרים, אז הפרה איז עוקר הדבר מעיקרא!

און ווי מ'מאטערט זיך: פארוואס קומט דערנאך ארויס אז ביי א בעל איז דאס מערניט ווי מכאן ולהבא - אע"פ וואס ער זאגט "הפרה", ביז וואנענט אז ס'איז גאר דא אזוינע ווי די מפרשי הרמב"ם וואס זאגן אז בנוגע צו דער אשה איז ער גאר עוקר מעיקרא.

בשעת איך האב דאס אבער גערארפט אראפברענגען בנוגע לענינינו, פון "עוצו עצה ותופר" - איז אן ענין פון הפרה פסק'נט אפ דער רמב"ם מיטן שו"ע אז דער לשון "ותופר" איז - עוקר מעיקרא!

אין וואס פאר אן אופן איז דאס עוקר בענינינו - איז דאס אין אן אופן ווי א חכם איז מתיר את הנדר, וואס ער איז עוקר מעיקרא לגבי כל העולם כולו.

איי וואס ביי א בעל איז דא א דין מיוחד, אז זאגן דארף ער זאגן דוקא לשון הפרה, און אעפ"כ בנוגע לאחרים וואס האבן געזאגט "ואני", אז די אשה האט געזאגט אז זי איז זיך מדיר מיין וכיו"ב ( של עינוי נפש), דערנאך האט א צווייטער געזאגט "ואני" אויך, און דערנאך האט דער בעל מפיר געווען - איז בנוגע צו די אנדערע בלייבן זיי בתקפם;

אויב ער וואלט עוקר געווען מעיקרא - וואלט אט דעמולט בא דעם אנדערן אויך בטל געווארן, איינגאנצן בטל געווארן, משא"כ ביי אן אשה איז דער עבר ניט נוגע, נוגע איז מערניט ווי להבא - זאגט מען אז ס'איז להבא; בנוגע צו דעם אנדערן, אויב ער איז עוקר מעיקרא - טאר ער טרינקען להבא און וועט ער וויל - וויבאלד אז ס'איז לכתחילה רער נדר ניט חל, זאגט מען, אז דאס וואס דער בעל האט א תוקף - |איז דאס| מערוים ווי אויף דער אשה, און ביי דער אשה (ווי אנדערע מפרשים זיינען מפרש אין רמב"ם) - אויך בנוגע צו עבר,

בכל אופן - לענינינו איז דאס קיין שייכות ניט, דערפאר וואס דא רעדט זיך וועגן "עוצו עצה ותופר", ניט בנוגע צווישן אידן מיטן אויבערשטן וואס דאס איז בדוגמא פון בעל ואשתו - נאר בנוגע צו "עצה" וואס ניט-אידן, ובפרט נאך שונאים פון אידן לגבי אידן - איז אט דא זאגט דער פסוק דעם לשון "ותופר",

און זאגט "כי עמנו א-ל", וואס דעמולט ווערט דאס "והופר" - עוקר הענין מעיקרא, ווי דער פס"ד איז שו"ע גענומען פון רמב"ם אות באות היבה בתיבה, און עס ווערט נעקר מעיקרו,

וכמדובר בארוכה פריער, אז עס בלייבט די נחלת אבות צו בני אברהם יצחק ויעקב, א נחלת עולם, לעם עולם, ובשלימותה.

דובר בארוכה אודות המצב בארץ הקודש.

* * *

ו. הביאור בפרש"י נדפס בלקו"ש חכ"א שיחה ג' לפ' תשא.

בנוגע צו דעם פירוש אין דער הערה פון זהר, וואס ער איז ניט מפרש פארוואס דארף מען דאס האבן דוקא קושר - אע"פ וואס ווי ס'איז משמע פון דעם המשך הביאור איז עד מדייק אין דעם ענין פון קושר אז דאס איז ער פארבינדט און איז סותם, אויך דעם ענין פון "קושר" פון מחבר נאר אן ענין דערצו,

וואס די אלע ענינים זיינען נאך אבער ניט מודגש אין "קושר": חיבור איז דער ווארט אויף דערויף מחבר זיין; סותם זיין איז דער ווארט אויף דערויף ניט קושר נאר וואס דען - סותם, און דא שטייט קושר,

און דער עיקר - וואס ער טייטשט בפירוש בדיוק אז מ'מאכט א קניפל.

איז דאס פארשטאנדיק דורך דערויף וואס ער איז מקדים סיי אין זהר, און נאכמער באריכות אין דעם ביאור, אז דאס איז אן עצה אנטקעגן שבהה, וואס שכחה נעמט זיך פון מלכות און דאס נעמט זיך פון לעו"ז,

פארוואס איז אין מלכות דא דער ענין פון שכחה? - דערפאר וואס "רגלי' יורדות", און די באשאפט א גאנצע וועלט מיט אלע ענינים וואס אין וועלט, ווי ער טייטשט אויך אפ אין "אחרית הימים" אז עס וועט עולה זיין דער טייל פון מלכות, פון קליפת נוגה, וואס איז דער טוב שבזה, משא"כ דער חלק שאינו טוב שבזה,

וואס דערפאר דארף מען האבן דעם ענין פון מאכן א קניפל, ווארום פון יענעם טייל קען ווערן דער ענין פון שכחה.

ווי אזוי באווארנט מען דעם חלק של לעו"ז? - זאגט אויף דערויף דער אלטער רבי אין אגרת התשובה, אז "הי' רגיל לקרות פרק אחד יקרא שני פרקים לקרות פסוק אחד יקרא שני כתובים", און ער זאגט, אז דאס איז בדוגמה הקשר; ניט בדוגמת הקשר אן ענין פון סתימה - בדוגמה הקשר פון מאכן א קניפל.

און איז גלייך מבאר פארוואס דארף מען דוקא האבן א קניפל: ווארום א קניפל איז - אז עס ווערט "כפול ומכופל", ניט "פרק אחד" אדער "פסוק אחד", נאר דוקא "שני פרקים" און "שני כתובים", עס דארף זיין בפירוש א קניפל - איז דאס מבטל דעם לעו"ז, ואדרבא - "זדונות נעשו לו כזכיות": עס קומט-צו און ס'איז דא "זכיות", און דערנאך איז דא די צווייטע זאך: "זדונות נעשו לו כזכיות" - א "כפול",

ווי ער טייטשט דארטן נאך אפ "כפול ומכופל", ווי גערעדט אמאל בארוכה, תשובה עילאה און תשובה תתאה, און אין יעדערן פון זיי איז דא די ביידע ענינים, מיט אלע ביאורים וואס ס'איז דא אין "כפול ומכופל",

אבער עכ"פ, דארט איז בובן פון דעם ביאור אין אגה"ת, אז כדי צו מבטל זיין אן ענין פון לעו"ז, בהוספה דערויף אויף דער ענין פון שכחה - דארף מען האבן אן ענין "כפול",

וואס דורך וואס דריקט זיך דאס אויס? - דורך דערויף וואס מ'מאכט א

קניפל,

און וויבאלד אז דאס איז אזוי ברוחניות הענינים - איז "נשתלשלו מהן" אויך בגשמיות הענינים, אז דורך מאכן א קניפל איז מען מבטל שכחה כפשוטה דורך מאכן א קניפל כפשוטו.

אט דאס ווערט אבער די שאלה:

מ'געפינט נאך דער ענין פון קניפל ביים "שר המשקים":

ס'איז דא אין ס"פ וישב שטייט אז "ולא זכר שר המשקים את יוסף וישכחהו", וואס דער פסוק תזר'ט איבער צוויי מאל: "לא זכר" און "וישכחהו" - זאגט ער אין מדרש רבא, אז ער האט זיך משתדל געווען ניט פארגעסן, דורך וואס? - דורך דערויף וואס "קושר קשרים",

איז דא אזוינע מפרשי המדרש וואס טייטשן, אז ער האט קושר קשרים געווען - געמאכט עניני מחשבות און מחשבות רעות אנטקעגן יוסף'ן, און דער אויבערשטער האט דאס מבטל געווען;

פירוש הפשוט אין מדרש, וואס דערפאר איז דא כמה מפרשי המדרש וואס טייטשן דאס, אז ער האט געמאכט עצות אויף ניט פארגעסן, און אעפ"כ "וישכחהו" - דער אויבערשטער האט געמאכט ער זאל פארגעסן, ביז וואנענט "ויהי מקץ", אז ס'איז געקומען די צייט.

וואס דורך דערויף איז פארשטאנדיק דער המשך מיט "ויהי מקץ", ווי מ'איז מפרש אין מפרשי המדרש, אז פארוואס האט טאקע דער אויבערשטער געמאכט ער זאל פארגעסן? - ווארום אויב ער דערמאנט זיך שלא בזמנו - וואלט דעמולט די זאך געקומען ניט בעתו ובזמנו,

וויבאלד אבער אז ער האט טאקע געמאכט עצות לזה, און דורך וואס? - דורך "קושר קשרים", און אעפ"כ איז "וישכחהו" -

דערווייליגע לערנט מען אבער אפ, אז דורך דערויף וואס א שר המשקים איז "קושר קשרים" - פארגעסט ער ניט.

איז דער ערשטער ביאור בזה איז - אז דאס איז מצד דעם ענין פון בחירה:

ווי געזעדט כמ"פ אז דער אויבערשטער האט געוואלט אז עס זאל זיין א בחירה חפשית; אויב מ'וואלט געזען נסים בגלוי, און מ'וואלט געזען אז א "קושר קשרים" העלפט ביי אידן און העלפט ניט ביי א ניט-אידן - וואלט דאס אט דעמולט ממעט געווען אין דער בחירה חפשית בנוגע צו אידישקייט - בשעת מ'זעט דעם "אתה בחרתנו" בעיני בשר.

בשעת אז מ'קוקט בעיני בשר איז, ווי ער זאגט אין תניא, איז ער נדמה צו אומות העולם "בגשמיותו ובחומריותו" - אט דעמולט איז שייך זאגן אן ענין פון בחירה.

וואס דאס איז דאך דער טעם אויף דערויף: ווי איז טאקע שייכות אז גשמיות פון א אידן, וואס מ'זאגט אז דאס איז א "גוי קדוש", געבוירן געווארן בקדושה ובטהרה, ווערט רעדט נאך "מקדש עצמו בשעת...", ווי ער זאגט אין תניא, און דערנאך זאגט מען, אז דער גוף וואס ווערט דערנאך געבוירן - דארף מען האבן "אתה בחרתנו מכל העמים", "ובנו בחרת מכל עם ולשון" - דערפאר וואס ער איז "דומה לאומות העולם"; ווי אזוי קען דאס זיין?!

האט דאס טאקע געדארפט זיין אנדערש, אבער דעמולט וואלט ניט געקענט זיין די בחירה ווי עס דארף-צו-זיין, האט מען געמאכט, אז ניט קוקנדיק אויף די אלע ענינים, איז בחיצוניותו, בלשון התניא - "בחומריותו" איז ער דומה לשאר אומות העולם,

וואס דערפאר איז בשעת א שר המשקים איז קושר קשרים - העלפט דאס אויך בנוגע צו מבטל-זיין זיין שכחה.

דערפון וואס מ'זעט אז ענין השכחה איז עד כדי כך נוגע אין אידיש-קייט, ביז וואנענט אז מ'זאגט בנוגע צו תפילין (וואס "הוקשה כל התורה כולה לתפילין"), אז וואס איז דער ענין פון תפילין, וואס עס שטייט גלייך אין אנהויבס, נאך אין פרשה בא, ווי דערמאנט פריער (בהביאור בפרש"י) - אז עס זאל זיין "לזכרון בין עיניך";

ציצית (וואס שקולה כנגד כל המצוות) - כדי עס זאל זיין "וראיתם אותו" - וועט זיין "וזכרתם" - אלץ דער ענין פון זכרון.

ובפרט נאך אז מ'פארגעסט ניט מי אני ומה אני, ובלשון פון דעם תניא "איזהו חכם הרואה את הנולד": ער דערמאנט זיך, אז ערשט מיט א רגע פאר דערויף איז ער געווען אין ואפס המוחלט, און ווי דער אלטער רבי איז מוסיף: ווי ס'איז געווען פאר ששת ימי בראשית! און דער רגע איז ער גע-ווארן א מציאות, דורך וואס? - דורך "דבר הוי'" -

איז ווי איז שייך צו זאגן ווי אזוי ער זאל זיך פירן? - ס'איז דא עפעס אין דערויף א ספק?! ניט שייך אין דערויף קיינע ספיקות!

איי וואס ער גיט א קוק דערזעט ער אז ס'איז דא אזוינע וואס "ונהי בעינינו כחגבים", און ס'איז דא אזוינע וואס זיי זיינען שנעים אומות העולם, און ס'איז דא אזוינע וואס זיי זיינען פון המן'ס אייניקלעך וואס האבן זיך ניט מגייר געווען, וכיו"ב, און ער איז אייך און אייניקער -

ער ווייס אבער, אז די "חגבים" און, להבדיל, המן כיט זיינע אייניקלעך - זיינען ערשט באשאפן געווארן מאין ואפס המוחלט ממש ווי ס'איז געווען לפני ששת ימי בראשית -

קען דאך ניט זיין אז דאס איז היפך ה'! עס קען ניט זיין אז דאס זאל שטערן צו אידישקייט - בשעת זיי זיינען ערשט באשאפן געווארן פון דעם אויבערשטן אליין!

ווי קומט דאס אז ס'איז דא א איד וואס טראכט עפעס וועגן אן אנדער זאך אין אן אנדער אופן? - ער האט "פארגעסן"!

בשעת אבער עס וועט זיין "וזכרתם", אם דעמולט איז א זיכערע זאך, בטלה שכחה - ווערט בטל אלע ענינים ההפכיים!

און אט דעמולט פירט ער זיך אין אן אופן פון לימוד התורה און קיום המצוות און "כל מעשיך לשם שמים", און "בכל דרכיך דעהו",

און - ס'איז גאר קיין פלא ניט: נניח ער וואלט געווען די בריאה בעיני בשר, און וואלט דאס געזען אויף זיך אליין - וואלט אים איינגעפאלן "מחשבת חוץ"?! ביים גרעסטן בעל-תאוה וואלט דאס אויך ניט איינגעפאלן! ער האט געזען ער איז ערשט באשאפן געווארן (מיט דער תאוה) דורך דעם אויבערשטן, און דער אויבערשטער זאגט אים: הער זיך איין, איך באשאף דיר און טו ווי איך זאג דיר, ניט ווי דיין תאוה זאגט דיר,

און עד ווייס, אז אין א רגע ארום דארף ער ווייטער אנקומען צו דעם אויבערשטן, ווארום דער רגע שלאח"ז דארף ער נאכאמאל נתהווה ווערן מאין ואפס המוחלט ממש ווי ס'איז געווען לפני ששת ימי בראשית, און ס'איז ניטא קיין אנדער וועג דערצו סיידן ע"י דבר הוי'.

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק דער ענין און די הסיבה און דעם עיקר וואס איז דא אין "זכור את אשר עשה לך עמלק" - דער זכרון פון צד ההפכי. און "לא תשכח", אז אעפ"כ קען קומען עמלק און אפקילן. "אשר קרך בדרך" - דארף מען האבן דערצו די עצה אויף דערויף "לא תשכח", און

דאס איז ווייניק - די התחלה דארף גאר זיין "זכור - בפה", אראפקומען אין דיבור, אין עוה"ז הגשמי, ובהבלא שבעוה"ז הגשמית, ובקע אוירין, מיט די אלע פרטים ווי ער רעכנט אויס אין תניא,

און אט דעמולט איז מען זוכה בקרוב ממש "וראו כל עמי הארץ כי שם ה׳ נקרא עליך", אז מ׳הערט דאס בדיבור ווי אזוי מ׳שרייט אויס אויף יעדער אידן אז "שם הוי׳" נקרא עליו,

און דערנאך וועט זיין דער "ונגלה כבוד הוי׳ וראו כל בשר יחדיו כי פי הוי׳ דבר", בביאה משיח צדקנו -

וועט מען דערהערן, מ׳וועט ניט דארפן אנקומען זכרון, וואס איז שייך זאגן אויף א זאך וואס מ׳הערט דאס ניט אין אזן הגשמי, משא"כ אז מ׳הערט באוזן הגשמי - איז "אזנינו שמעו ולא אחר", מ׳זעט דאס אין עיני בשר - "עינינו ראו ולא זר", ווי אזוי עס ווערט נברא מאין ליש, און ווי אזוי "פי הוי׳ דבר" און איז מהוה לעיניך ממש די גאנצע מציאות ארום אים מאין ואפס המוחלט ממש, כפי שהי׳ לפני ששת ימי בראשית,

וועט מען דאס זען און הערן בקרוב ממש, ווארום "ישראל נגאלין מיד", און עס קומט צוגיין משיח צדקנו, "ונגלה כבוד הוי׳ וראו כל בשר יחדיו",

כן תהי׳ לנו, ובעגלא דידן.

*

ז. זיכער דארף מען ניט מזכיר זיין נאכאמאל, אז "המעשה הוא העיקר", זאל מען מוסיף זיין ביתר שאת וביתר עוז אין די אלע מבצעים וואס מ׳האט גערעדט פריער,

אנהויבנדיק פון מבצעי פסח, אנהויבנדיק פון "מעות חטים", וואס דאס דארף מען דאך האבן אין א משך זמן לפני חג הפסח, כדי די וואס דארפן דערצו דערצו אנקומען זאלן דאס קענען נוצן אין אן אופן טוב, און אין אן אופן ווי עס דארף-צו-זיין, און ניט האבן אין דעריוף קיין דאגות, מבטל זיין זייער דאגה אויף דעם בעתה ובזמנה,

און פון דעם געדענקען און פון דעם סאך - זאל מען קומען, ווי גע-רעדט פריער, צו דעם זכרון אמיתי - "לזכרון בין עיניך", צוזאמען מיט דעם זכרון וואס "מזכירין יציאה מצרים" אויך "בלילות", כולל אויך דעם ענדע פון זמן הגלות, און אויך "מזכירין יציאת מצרים" אפילו בביאת משיח צדקינו. ווי מ׳ברענגט אראפ דעם פס"ד אויך אין דער "הגדה" צו דעם "סדר",

וכאמור כמ"פ, און איבערגע׳חזר׳ט: עס וועט זיין דער "מסמך גאולה לגאולה"; קומענדיק פון דער גאולה פון "ימי הפורים", אין דעם מעמד פון גלות - גייט מען גלייך אריין, "מסמך" ממש, אין דער גאולה פון משיח צדקנו,

איז בדרך ממילא וועט מען זאגן אין דעם סדר וואס מ׳וועט פראווען אין ירושלים עיר קדשנו, אין פסח תשל"ט ממש,

צוזאמען "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותינו", און מ׳וועט דער-מאנען יציאה מצרים מערניט אין אן אופן פון זכרון, ווארום מ׳איז ארויס פון גלות און מ׳איז אריין אין מרחב האמיתי,

כן תהי׳ לנו בכל הענינים כפשוטם, ומתוך "אורה ושמחה וששון ויקר", אויך כפשוטם, נוסף אויף דרשת חז"ל - אין די לעצטע טעג פון גלות.

די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה - וועלן זיכער מאכן די ברכה אחרונה.

כ"ק אדמו"ר שליט"א ברך ברכה אחרונה. טרם צאתו התחיל לנגן "ממצרים".

* * *

בס"ד. קטע משיחת מוצאי ש"פ תשא, פ' פרה ה'תשל"ט. הנחה פרטית בלתי מוגה

און דאס וואס ס'איז דא דער "עוצו עצה" פון המן'ען, און דאס וואס ער האט איינגערעדט אחשורוש המלך, במילא איז דא וואס "נהנו מסעודתו" - טאנצן זיי אויך נאך, און ווילן זיך אפגעבן מזל-טוב, און ווילן זאגן אז ס'איז ניט שייך צו זאגן "שלום יהי' לנו" -

האט מען שוין געזען ווי דאס איז געווען בעבר, אז פון יעדער נאכ-נאכגעבן - איצטער האט מען דאך שוין מגלה-געווען א מקצת - איז זעט מען איצטער, שוין געדרוקט אין צייטונגען, ווי מ'האט גערעדט פורים בארוכה, אז מזמן לזמן, אז דורך דערויף וואס מ'גיט-נאך א ביסל - מאנט מען נאך, און מ'מוז נאכגעבן, ניט איינגאנצן - עכ"פ א ביסל - אזוי ווייזט זיך אויס,

און אז עס ווייזט זיך אויס און מ'גיט-נאך א ביסל - איז מען מזמין א לחץ נוסף!

און ווי מ'האט דעמולט גערעדט ביים פארברייינגען, אז איין זאך ווייס מען ברור, אז פון פעם לפעם וואס מ'האט עפעס נאכגעגעבן, האט דאס ניט גע-בראכט צו שלום - עס האט אדרבא געברייט צו היפך השלום, און באמצעות (אין צווישן) איז געווען א לחץ נוסף, אז מ'האט געבעטן נאכמערער,

און אט די וואס האבן זיך געכאפט אז מ'האט אפגעטאן א טעות וואס מ'האט נאכגעגעבן - האבן קיין ברירה ניט געהאט (אזוי ווייזט זיך זיי אויס) און האבן געמוזט שרייען, אז דאס וואס מ'האט נאכגעגעבן איז ניט געווען קיין ברירה און דאס איז דער וועג צו שלום;

אויף די זאכן וואס מ'האט אליין געזאגט מיט עטלעכע טעג פאר דערויף אז מ'קען דאס בשום אופן ניט נאכגעבן, דערפאר וואס דאס איז ניט קיין וועג צו שלום, דאס איז די וועג צו א מלחמה, און דאס איז א בושה וחרפה, און מ'וויים צו וואס דאס וועט דאס ברייינגען, הי' לא תהי' -

זעט מען, אז דער זעלבער נוסח חזר'ט זיך איבער פון זינט מלחמת ששת הימים! האט מען דעמולט געשיקט שלוחים (ווי גערעדט פריער בארוכה) צו עיר הבירה (צו אונזער עיר הבירה) אז מ'וויל אפגעבן צוריק,

מ'האט אבער באווארנט: "אטאנאמיע" ניט; קיין ממשלה פון אנדערע ניט; אפגעבן יענעם דעם "ביישטע" אויף זיך ניט וכו' וכו', און דערצו וועט איר אונז העלפן (ארה"ב) אויפבויען זיך,

האט מען גלייך באוויזן סיי דעם "יכרע" סיי דעם "ישתחוה": מ'האט דערנאך געקומען ביים צווייטן מאל אז מ'האט זיך געטראפן, האט מען ניט שולל געווען לגמרי דעם ענין פון געבן א דעה אויך אט די וואס זיי זיינען בפירוש די אנטקעגן קיום פון עם ישראל בכל מקום שהוא, לאו דוקא אין ארץ הקודש -

און דערנאך איז דורכגעגאנגען נאך א ביסל, האט מען אנגעהויבן טענה'ן: "אטאנאמיע" - דאס איז דאך א התחלה; דאס איז דאך שלום אמיתי! ווי אזוי קען זיין שלום אמיתי - אז עס וועט זיין היפך הצדק והיושר און מ'וועט ניט געבן קיין "אטאנאמיע" אז עס זאל זיין "עם ועם כלשונו" און "עם ועם" כדתו, און "עם ועם" זאל ער זיין פאר-זיך איינגאנצן "עצמאי", איינגאנצן איינדעפענדענט!

און דערנאך רעדט מען זיך איין, אז בשעה כ'וועט מאכן אן אסיפה פון עטלעכע אידן, און די עטלעכע אידן וועלן כחליט זיין, אז "אטאנאמיע" הייסט דאס אט-די-און-די ענינים, בבדידה והגבלה, לא פחות ולא יותר -

איז אויף "לא פחות" וועלן אלע מסכים זיין!; אויף "לא יותר" - דאס איז דאך די גרעסטע נארישקייט וואס קען זיין, אז אידן וועלן זיך איינ-

בלי אחריות כלל וכלל

רעדן אז זיי וועלן מחליט זיין אז "אטאנאמיע" הייסט כך וכך - וועלן דערנאך אלע מסכים זיין און מקיים זיין בפועל און קיינמאל ניט מאנען אנדערש, אז אטאנאמיע איז ניט דאס!

ובפרט נאך אז אטאנאמיע איז א זאך וואס איז שוין געוועזן, און מ'ווייס ווי אזוי מ'האט דאס געטייטשט, און מ'ווייס ווי אזוי מ'האט דאס אויסגענוצט!

ובפרט נאך אז מ'דארף ניט ווארטן רח"ל אויפ'ן עתיד - מ'האט דאס שוין אין עבר, אז מ'האט שוין רח"ל געשלאגן אידישע אנשי צבא, און געשלאגן אויף דעם יסוד וואס מ'וויל זאגן אטאנאמיע און אטאנאמיע במדוה"ג,

און זיי שרייען: דאס איז היפך צדק ויושר: וויבאלד אז איר זאגט ויושר, וויבאלד איר זאגט אז ס'איז א מיליאן אראבער וכו' - וואס הייסט איר גייט זיי מגביל זיין?!

איז ביז איצטער איז דאס געוועזן בדיבור; בשעת ס'איז געוועזן "ונהי בעינינו כחגבים", און פופצן מענטשן האט קיינער ניט געהאט אין זיך דעם תוקף צו זאגן, אז מ'זאל וויסן זיין, אז התחלת (איך וויל ניט זאגן דעם ווארט פון היפך הקימה) איז דאס "נסיגה": אז מ'לויפט אוועק פון דעם עניין וואס דרייסיק יאר נאכאנאנד האט מען געשריבן אז "יהרג ועל יעבור": ארץ הקודש געהערט צו עם קדוש, און געהערט ע"פ תורתנו הקדושה, און מ'קען דארטן ניט צולאזן אז עס זאל זיין א ממשלה זרה, ממשלת זרים, אין וואס פאר אן אופן דאס זאל נאר זיין - צי מ'וועט דאס רופן אויף טערקיש, צי מ'וועט דאס רופן אויף לאטיין, צי מ'וועט דאס רופן אויף עברית וכיו"ב;

דער עצם עניין אז מ'לאזט אריין טעראריסטן אין ירושלים העתיקה, וואס דארטן האט מען אויך געשלאגן אידן, און געשלאגן אידישע סאלדאטן, און מ'מאכט דערפון א סוד, און מ'מיינט, אז וויבאלד אז די צייטונגען טארן דערפון ניט שרייבן - ווייסן ניט דערפון די 60 טויזנט אראבער (צי 70 טויזנט אראבער) וואס לעבן אין ירושלים העתיקה, און וויבאלד אז דער "צענזור" האט געזאגט אז עס לוינט ניט דאס מפרסם זיין - וועלן זיי זיך איינהאלטן און דאס ניט דערציילן א ברודער, צי א שוועסטער-קינד צי א קרוב וואס לעבט פון יענער זייט ירדן -

ס'איז דאך אן איינרעדעניש וואס א פיצל קינד קען מען דאס אויך ניט איינרעדן!

וכמדובר, מ'געפינט זיך אין א חושך כפול ומכופל - ווארט ניט דער אויבערשטער אז מ'זאל זיך כאפן אז צוויי מיט צוויי איז פיר, ניט פינף און ניט דריי - באווייזט ער, אז מ'האט שוין געשלאגן, רח"ל, אידן לעבן חברון, אידן לעבן שכם, אידן אין ירושלים העתיקה, און צווישן זיי אויך אנשי צבא!

און מ'רעדט זיך איין: אזוי ווי מ'וועט מאכן א החלטה, אז וואס הייסט? - מ'האט דאך עפעס אפגערעדט, אז אטאנאמיע איז אט דער און דער עניין, ניט מערער,

און בשעת מיט א צייט צוריק האט מען געשריבן אז די גאנצע צייט וועט זיך רעדן נאך דערויף ווי עס וועט דורכגיין פינף יאר, און נאך די פינף יאר וועט מען ערשט מחליט זיין את המעשה אשר יעשון ואלה אשר לא תעשינה - וואס דאס איז בתכלית השלילה מוחלט מושלל - אבער פינף יאר מוז מען ווארטן,

דערנאך איז גלייך געווארן פון די פינף יאר - דריי יאר, און מ'האט געזאגט אז דאס איז "יהרג ואל יעבור"! - ס'איז ניט דער פשט אז אויף דערויף קען מען זיך דינגען און בשעת מ'וועט געבן נאך א ביליאן דאלאר וועט מען דאס אויסדינגען - דאס איז היפך קיום ובטחון פון עס

ישראל!

- פאר דריי יאר אפשר וועט מען מחנך זיין און די אראבער וועלן ווערן <u>אוהבי ישראל</u> - כ׳ווייס וואס האט דער חינוך געקענט אויפטאן?! אדער מ׳האט דאס געוואלט <u>אפציען</u> אז דערווייליע וועלן זיך אפקילן די גע-געמיטער, וואס דער טעם זאל זיין -

ווער רעדט וועגן <u>פינף יאר</u> - אלע 15-16 מענטן האבן קיינער ניט <u>מוחה</u> געווען, און <u>מ׳באריםט</u> זיך דערמיט, ניט <u>מ׳שעמט</u> זיך צו זאגן, אזוי ווי מ׳האט קיין <u>ברירה ניט געהאט</u>, רח"ל, מ׳דארף אפשניידן, היל"ת, ביי א קרוב רח"ל א פוס, ס׳איז אבער נוגע אין דעם קיום פון דעם גאנצן מענטשן - האט מען קיין ברירה ניט!

- איך האב אבער ניט געהערט אז מ׳זאל ארומגיין און <u>טאנצן</u>, אז <u>ברוך השם</u>, מ׳האט אפגעשניטן די פוס!

ניט ער זאגט דעם עיקר, דערפאר האט מען מציל געווען דעם בטחון - ווארום ער אליין ווייס אז מ׳האט <u>גארניט מציל געווען</u>! מ׳לאזט-צו נענטער צו דעם גבול!

ביז איצטער זיינען זיי דארט געווען אלס אזוינע וואס האבן ניט געהאט קיין שטארקייט אויף שלאגן אן איש צבא; טאמער איז געווען אמאל - איז דאס געווען דורך א <u>קטן</u> דורך א <u>קטנה</u>, א תלמיד, תלמידת בית הספר וכיו"ב -

איצטער איז דאס געווארן <u>גלוי לעין כל</u>!

וכאמור, וואס האט מען צוגעטראכט, ווי אזוי זאל דאס ניט קומען צו א הרס און אנרירן בטחון וכו׳ - מ׳וועט אנזאגן אלע אידישע צייטונגען זיי זאלן וועגן דערויף ניט שרייבן!

- מ׳האט קיין מורא ניט אז א <u>איד</u> וועט שלאגן רח"ל א אידן - מען טראכט-איבער וועגן דעם <u>גוי</u>; דער גוי ווייס דאס אידעער דער <u>צענזאר</u> ווייס דאס! ווארום דאס איז ניט געווען ניט-צוגעגרייטערהייט; דאס איז געווען <u>צוגעגרייט</u>: מ׳האט געוואוסט אז "וכן היינו בעיניגו כחגבים", און כ׳האט געוואוסט, אז בשעת מ׳האט געשריבן וועגן פינף יאר, און היל"ת עס קען ניט זיין פריער - האט מען דעמולט א <u>וואונק-געטאן</u> מיטן אויג אז דערנאך וועט מען זען!

אבער ווען וועט זיין דער "דערנאך" - מיט <u>יארן שפעטער</u>!

דערנאך האט מען געזען: מ׳האט אויסגעפירט איין לחץ און מ׳האט אפ-געגעבן בפועל - האט מען גלייך איבערגעמאכט און ס׳איז געווארן <u>דריי</u> יאר!

האט מען גלייך איבערגעמאכט און ס׳איז געווארן <u>9 חדשים</u>, <u>10 חדשים</u>!

איצטער איז שוין א מעשה וועגן <u>איין חודש</u>!

- און מיט וואס וועט מען דאס באווארענען? - אז פריער וועלן אידן אפרעדן צווישן זיך וואס אטאנאמיע איז, דערנאך וועט מען דאס מציע זיין אז די ניט-אידן זאלן <u>אויך</u> אויף דערויף מסכים זיין,

- ווי אזוי זיי וועלן מסכים זיין, זעט מען, ווי די ענינים גייען ביז איצטער - אז ס׳איז ניטא <u>קיינע סיכויים</u> אז כ׳וועט אויף דערויף מסכים זיין,

האט מען געפונען גאר אן <u>אנדער</u> נחמה: אז דערפאר וועט מען באקומען פון ארה"ב אזויפיל און אזויפיל מיליאן דאלאר!

כ׳פארגעסט מוסיף זיין דעם <u>עיקר</u> (די ענגלישע צייטונגען שרייבן דאס

בפירוש; די אידישע צייטונגען מאכן דערפון א שוויריג): וויפל מ׳וועט געבן אידן - וועט מען געבן די גויים, ניט גויים וואס געפינען זיך כ׳ווייס-וואו, בריחוק מקום; אט די גויים וואס לעבן על הגבול - וועט מען זיי געבן מערעד וויפל מ׳וועט געבן אידן - אין געלט! אין נשק, און - אן תנאים!

- בשעת כ׳גיט א דאלאר די אידן דארטן - נעמט מען אויס א תנאי: דאס דארף גיין אויף הגנה, ניט אויף התקפה; מ׳גיט דיר נשק טארסטו ניט מתקיף זיין, מעגסט מערניט ווי מגין זיין;

אז עס באקומט דער גוי דארטן שבסביבה די געלט מיטן נשק וכו׳ - איז ניט מ׳שטעלט מיט אים אויס דעם תנאי; אפילו אז מ׳שטעלט אויס דעם תנאי - ווייס מען אז דארט איז "פיהם דבר שוא וימינם ימין שקר", ווי ס׳איז גע-ווען בפועל,

ובפרט נאך אז זיי באקומען עידוד בזה, פון די געבער!

און מ׳גייט אדום אין מ׳איז מנחם (די אידישע צייטונגען), מיט א גאוואלדיקע התפעלות: מ׳האט באקומען פופצן ביליאן -

דערביי אבער שרייב-אן דעם פירוש הדברים, אז דאס וועט זיין במשך פון אזויפיל יארן, און פון די געלט וועט באקומען דער צד שכנגד -- ניט דער צד וואס געפינט זיך מן הצד ער האט אין זיך ניט קיינע פרטים נגדו; מ׳ווייס, אלע זיינען מורה, עד כדי כך איז נאך ניט דערגאנגען, אויף איינ-רעדן אידן זיי זאלן מיינען אז פב"פ איז געווארן א ידיד בן ידיד, אע"פ וואס ער זיצט אין מצרים און אין ירדן און בני עמון וכיו"ב, ביז אין שכם און אין ירושלים העתיקה - זיינען געווארן ידידים - עד כדי כך איז מען נאך ניט אראפגעפאלן!

און מ׳האט זיך ניט געקענט איינהאלטן, האט מען געמוזט עכ"פ דרוקן, בקיצור, ובקיצור נמרץ, און אן פרטים וכו׳ - אז מ׳האט געשלאגן אנשי צבא לעבן שכם, לעבן חברון, אין ירושלים העתיקה וכו׳!

- געווען אזא מעשה פאראיארן - האט מען ניט געלאזט דרוקן עד היום הזה,

וואס ניט-אידן האבן געוואוסט דערפון, און פארוואס זאלן זיי ניט וויסן - דאס איז דאך געווען אין רשות הרבים, דאס איז ניט געווען א בא-האלטענע זאך, ערגעץ-וואו באהאלטן - אבער אידן האבן ניט געוואלט וועגן דערויף דרוקן!

מ׳דארף דאך מלמד-זכות זיין: מסתמא האט מען גערעכנט: סיי-ווי קען מען דאך ניט העלפן - זאל מען זיך ניט נעמען צום הארצן!

דערביי אבער האט מען אויף דערויף געבויט א גאנצע תכנית: אז דאס וואס כ׳האט געזאגט דרייסיק יאר אז עס וועט זיין "יהרג ואל יעבור" און ארץ ישראל איז א אידישע לאנד, און ס׳געהערט אידן,

און די טענות, אז דארט זיינען געווען אראבער ווען מ׳איז אהינצו געקומען - זיינען זיי געווען ווען מ׳איז אהינצו געקומען מיט טויזנטער יארן פאר דערויף, עאכו"כ אז זיי זיינען דארט געווען מיט פופציג יאר צוריק, זעכציג יאר צודיק, אכציג יאר צוריק, הונדערט יאר צוריק - אעפ"כ איז דרייסיק יאר נאכאנאנד איז מען געגאנגען זיצן אין טורמעס, און מ׳האט געהאלטן אין איין שווערמען אז "יהרג ואל יעבור" - מ׳קען ניט אפגעבן אידישע לאנד פאר ניט-אידן, ובפרט נאך געבן זיי דארט א מכשלה, איזו שהי׳ - דאס איז נוגע בבבת עינו!

דערנאך איז מען געפארן און מ׳האט דאס געזאגט בפירוש, אין דברים

ברורים, אין וואשינגטאן, אין עיר הבירה: געוויזן א מפה, און באוויזן דעם שמאלינקן ארט, איין ארט, וואס מ'קען, רח"ל, דורכשניידן די וועג און פאנאנדערטיילן דאס פון דער זייט און דאס פון דער צווייטער זייט,

דער איינציקער אפהאלט איז -- דער עיקר אפהאלט - "לא ינום ולא יישן שומר ישראל"; דער אויבערשטער וויל אבער האבן אן אחיזה אין דרך הטבע, איז דער אפהאלט אין דרך הטבע: ס'איז דא אנשי צבא וואס זיי האבן נשק און ווילן זיך מוסר-נפש זיין אפילו אויף די וואס זיי זיינען "כחגבים בעיניהם", און האבן געשיקט מיט יארן צוריק א "משלחת" אין וואשינגטאן, אז מ'זאל רחמנות האבן און מ'זאל צוריק צונעמען די אלע ענינים וואס מ'האט דעמולט כובש געווען אין מלחמת ששת הימים - אויף זיי ווילן זיי אויך מגין זיין,

- נוצט מען זיי אויף ניט צולאזן אידן באזעצן זיך על הגבול, וואס מ'האט אליין געזאגט מיט א פאר חדשים צוריק אז דאס איז די איינציקע וועג אויף צו מגין זיין על הגבול; אויב ער וועט בלייבן ליידיק - קען מען אים ניט באשיצן! דארט מוזן זיך אידן באזעצן!

איי ס'איז צדק ויושר, און עס דארפן האבן די אראבער וואס זיי דארפן האבן - האט מען פריער גערעדט אז מ'וועט זיי געבן "משטר אזרחי",

דערנאך האט מען געזען אז מ'גיט-נאך א ביסל - האט מען געזאגט: ניין! זיי דארפן זיין אליין בעה"ב!

האט מען צוגעטראכט אווארט "אטאנאמיע". האט מען געפרעגט: היתכן?! (בפנים געפרעגט) האסט דאך אליין געשריען אז דאס איז א זאך וואס איז נוגע צו בטחון! האסט דאך דאס געזאגט צו דעם קיסר אין וואשינגטאן - אליין געזאגט, און דערביי זיינען געווען נאך מענטשן!

- בא די אידן ווייס איך ניט צי זיי האבן פארשריבן, אבער די ניט-אידן - האבן זיכער פארשריבן,

און בשעת עס קומט צו דער טענה - נעמט מען דאס ארויס פון קעשענע, און מ'גיט א קוק וואס ער האט געזעגט דעמולט און וואס ער זאגט איצטער - קען מען זיך איצטער אויך דינגען!

און דערנאך האט מען געזאגט: פינף יאר? - פארגעסט אויף דערויף! גענוג דריי יאר!

און מ'האט זיך גלייך דערפון דערוואוסט אין מצרים, אין סורי', אין ירדן, אין סעודי'-אראביע וכו'.

און בשעת מ'גייט שרייבן אן ענין וואס וועט ברענגען צו שלום אמיתי און וואס וועט פארזיכערן בטחון - שרייבט מען אריין, אז תחלת הנסיגה פון סיני וועט זיין פון דעם ארט וואו עס געפינען זיך די קוואלן פון נעפט!!

פארוואס וויל מען ניט אפטרעטן פון אנדערע ערטער?

- פארוואס יענע ווילן - איז קיין פלא ניט; פארוואס ארה"ב וויל - איז אויך קיין פלא ניט: זיי ווילן האלטן די גאנצע זאך אין קעשענע!

מ'פארשטייט דאך אבער, זיי אליין פארשטייען אויך, וועגן וואס עס האנדלט זיך, און מ'האט זיך איינגערעדט אז אין ברירה --

אין ברירה, איז ווי געזאגט פריער, אין ברירה איז אז עס זאל ניט זיין קיין "עובר כיס ראשית מדון": אז מ'לאזט א שפאלט אין א וואנט וואס האלט-איין וואסער, "כים הזידונים", איז ניט די עצה איז, אז וויבאלד די מים זיינען שטארקע און זיי ווילן זיך דורכשפארן - זאל מען דעם שפאלט

מאכן א קיילעכדיקן שפאלט, אין א שיינעם שפאלט, און א פיר-קאנטיקן שפאלט, און אנשרייבן אויף דעם שפאלט, אז אע"פ וואס מ'האט אים געמאכט גדעסער כמה פעמים ככה - איז מכאן ולהבא ווערט ער אנגעדופן ניט "שפאלט" - ער ווערט אנגערופן "שלום"!

איז וואס דארף מען האבן א גרעסערע באווארעניש? אנגערופן שלום!

- איי וואס דו האסט געמאכט שפעטער און דערנאך אז די "מים זידונים" שפארן זיך דורך'ן שפאלט - מאכן זיי גרעסער דעם שפאלט, ניט קלענער, וואס זיי מאכן גרעסער דעם שפאלט און זיי געפינען זיך פון דער צווייטער זייט פון דער "דאמבע" (פון דער חומה),

האט מען דערצו אויך געפונען אן עצה: אז מ'וועט האבן א הבטחה (אויף פאפיר...), און גע'חתמ'עט די הבטחה, אז מ'איז מבטיח אז מ'וועט צושטעלן נעפט וויפל מ'וועט וועלן --

בשעת מ'האט געוואלט האבן די הבטחה פון מצרים - האט מען זיך אויס-געלאכט אין מצרים; די איינציקע זאך וואס מ'האט גע'פועל'ט, אז מצרים וועט אפשר חתמ'ענען, אזוי ווי די נעפט קען מען דאך אינגאנצן ניט אויס-טרינקען, מ'דארף דאך איר נוצן - במילא וועט מען א טייל פארקויפן - איז אויף קאמערציעלע פרייזן קען מען דאס פארקויפן, מעג מען דאס פארקויפן, מ'וועט דאס קענען פארקויפן, עס וועט ניט זיין קיין פארבאט - אויך פאר ישראל - אט דאס איז די טובה!

ניט אז מ'וועט פארזיכערן אז מ'מעג דאס טאן; דערווייל איז דאס נאך ניט פארבאטן!

און די זעלבע זאך מיט פארן דורכן קאנאל.

כבר הי' לעולמים: דער קאנאל האט קיינמאל ניט געהערט צו מצרים, כל זמן אידן האבן זיך געשטעלט בחוקף; בשעת מ'איז אנטלאפן פון קאנאל - האט ראס דעמולט מצרים צוגענומען! דאס איז געווען אן אינטערנאציאנאלע זאך און די גאנצע שליטה פון מצרים, פון ממשלה, איז געווען אן עניין אויף פאפיר, דערנאך איז געווען סוחרים וואס זיי האבן געהאט די "אקציעס" וכו' און זיי זיינען געווען ראדט די בעה"ב, וואס זיי האבן געוואלט פארדינען וואס מערער געלט - האבן זיי געלאזט אלעמען פארן,

דערנאך האט דערזען אט דער וואס איז געווען קודמו (צי צוויי מאל קודמו) - האט ער ראס צוגענומען צו זיך, צוגענומען די גאנצע געלט צו זיך און האט זיך אנגעהויבן פירן ווי ביי אים קומט-אוים,

דערנאך האט מען געזען, אז מיט געלט קען מען אים ניט נעמען; ער האט בפירוש פארשלאסן! און יארן נאכאנאנד האט ער ניט געהאט די הכנה - איז ביי אים אלץ געווען כדאי - אבי אויספירן אז ער וועט דארטן ניט לאזן דורכפארן אט די וואס ער וויל ניט דורכפארן,

איז איצטער איז "שישו בני מעי"! מ'וועט פועל'ן (קען זיין, עס איז נאך ניט זיכער) אז מצרים וועט ערלויבן צווישן אלע שיפן זאל אויך פארן די שיפן פון ישראל!

- וויפל דאס וועט האלטן - ווייס מען ניט; וויפל מ'וועט דערפאר דארפן צאלן - ווייס מען ניט, וכו'.

עד"ז בנוגע צו דעם אויל: מ'זעט אז מ'האט צוגעזאגט, געווען א הבטחה גמורה, אז מ'וועט געבן אויל פון פרס - זעט מען וואס דערפון איז געווארן: ניט נאר מ'קען ניט געבן - אפילו פאר זיך האט מען ניט!

האט מען צוגעזאגט, אז מ'וועט געבן מאיזה מקום שהוא. - וואס הייסט מאיזה מקום שהוא?! אויל גייט ניט מן השמים, דאס גייט מן הארץ, און אויף

די ארץ - ווייס מען אין וועלכער ארץ עס געפינט זיך -

האט מען גע'טענה'ט: עס געפינט זיך אין סעודי-אראביא, און געשיקט אהינצו שלוחים. האט סעודי-אראביא געענטפערט: לא מיט א גרויסן אל"ף! ניט מ'איז מסכים אויפן הסכם, ניט מ'איז מסכים אויף כו',

און דערנאך גלייך ווייס מען בא זיך אליין: אפילו אז סעודי-אראביא וועט צוזאגן - ווייס מען ניט ווי לאנג דאס וועט האלטן, און מ'ווייס ניט ווי לאנג עס וועט זיך האלטן דער וואס איז דארט יושב על הכסא,

און מ'דארף אויף דערויף ניט זיין קיין גרויסער פאליטיקער, קיין גרויסער חכם אין תכסיסי פאליטיקע און מלחמה - דארט איז די אומנארמאלסטע זאך וואס עס קען זיין איז דאס אין סעודי-אראביא: ס'איז דא דריי מענטשן, איין משפחה, וואס האבן א הכנסה פון צענדליקער ביליאנען דאלארן, מידי שנה בשנה;

די גאנצע זאך אויף וואס זיי האלטן זיך - מ'האט א טייל פון די געלט אויסגעגעבן אויף דינגען סאלדאטן וואס זיי זאלן מגין זיין על עורם ועל בשרם, און מ'צאלט כמיטב בכסף ובזהב, די "באדי-גארד"ס" מיט די אנשי חיל, ווי זיי רופן זיי דארטן אן, און זיי זיינען מגין אויף אט די דריי מענטשן, צי די צען מענטשן, צי אט די משפחה, אז די גאנצע הכנסה, וואס דאס איז, ווי געזאגט, צענדליקער ביליאנען מידי שנה בשנה - זאל דאס אריינגיין לרשותם פון געציילטע עטלעכע מענטשן!

- איז מיט הונדערט יאר צוריק האט מען געקענט רעכענען אז עס קען זיין אזא מעמד ומצב: אזוי ווי דער פאלק וואס לעבט דארטן האט ניט קיין שכל, און מ'איז פארקוועטשט, און האט ניט וועד עס זאל אים דערציילן דעם אמת, און האט ניט ווער עס זאל אים דערציילן אז ער האט בכחו וכו' וכו' ; וועט דאס אזוי אנהאלטן נאך אזויפיל יארן;

- איז דער ערשטער באווייז געווען אין רוסלאנד: בשעת ס'איז געווען דעמולט דארט די גאנצע מהפכה, האט מען זיך צווישן זיך געשושקעט: אז וואס הייסט, היתכן?! דריי הונדערט יאר זיצט ער על כסא מלכותו, מיט אמאל קומען צוגיין עטלעכע פויערן מיט עטלעכע סאלדאטן און זיי ווילן אים אראפ-זעצן מכסא מלכותו - הי' לא תהי'!

דערנאך אז מ'האט געזען אז עס האט סאקע געטראפן - זיינען געשטאנען אלע מלוכות ארום און ארום און מ'האט גע'טענה'ט: אזוי ווי רוסלאנד איז א ווילדער פאלק, מיט ווילדע סדדים, מיט א סאך מדבריות, מיט אלע-עדליי ווילדע זאכן - וועט זיך דאס באגרעניצן צו זייער ווילדקייט און צו זייער לאנד -

האט מען געזען צו וואס דאס האט געבראכט: דאס איז געווען "מצפון תפתח הרעה" - האט זיך דאס אנגעהויבן           אין דעם יאר אין רוסלאנד און דערנאך איז דאס אוועקגעגאנגען די מהפיכות בכל המדינות כולם!

האט מען זיך דערפון גארניט אפגעלערנט!

האט מען זיך ניט |פון| אמאל; איז געווען בימינו ממש: דער גאנצער ענין אין פרס ומדי'!:

געזעסן על מלכותו, געדונגען א גאנצע חייל וואס האט אים געהיט - ער האט אבער געהאט אריינגיין אין זיין כסו הפרטי (ניט אזויפיל ביליאנען ווי סעודי-אראביא, אבער) א הון עצום,

איז דא אזוינע וואס האבן דערצו הסק, און דערנאך איז דא "מצפון הפתח הרע", וואס זי ציקט אוכעטום אריין מענטשן וואס זיי זיינען מבביר,

און דערנאך איז דאס אן ענין וואס לייגט זיך אפ אין שכל: מ'קומט

צוגיין צו א מענטשן און מ'זאגט אים: הערט זיך איין: איר זייט מיליאנען, און דא רעדט זיך וועגן דריי מענטשן, פיר מענטשן, צען מענטשן, פופצן מענטשן;

אט די וואס זיינען אויף זיי מגין איז דאס געדונגענע מענטשן; אז מ'וועט זיי צודאגן און מ'וועט זיי געבן צוויי מאל אזויפיל, דריי מאל אזויפיל, פיר מאל אזויפיל וכו' - איז פארוואס זאלן זיי מגין זיין אויף 13 מענטשן אנטקעגן 13 מיליאן - דאס לוינט זיי ניט!

און עד"ז איז בא די קליינע לענדעלעך וואס ארום סעודי-אראביא, וואס דארט איז אויך דער ווילדער מצב, אז געציילטע, איין צוויי דריי מענטשן, באקומען א הון עצום, גיבן אים אויט אויף ווילדע זאכן,

אפילו אז מ'וועט זאגן אז ס'איז ניט ווילדע זאכן - ניט לטובת פון שאר בני המדינה,

און די בני המדינה זיינען א מיליאן מאל מערער פון אט די געציילטע מענטשן, אדער צוויי מיליאן מאל מערער, אדער דריי מיליאן מאל מערער -

דארף מען דאך עפעט אין דערויף באווארענען!

- האט מען א"ן פרס גארניט באווארנט; מ'באווארנט אין סעודי'-אראביא גארניט,

- וואס באווארנט מען? - מ'וועט אהינצו שיקן נשק! - האט מען גע שיקט נשק אין פרס - איז דאס אריינגעפאלן איצטער צו די וואס האבן אים אראפגעזעצט מכסאו, און א טייל פון זיי געפינט זיך שוין אין רוסלאנד! נאר וואס דען? - מ'מאכט דערפון א סוד!

און איצטער קומט מען צוגיין און מ'זאגט-און און "עם חכם ונבון": הערט זיך איין, גיט אפ, נוסף אויף "אבו-ראדעס" - גיט איצטער אפ אין סיני, און סיני האט דאך ת' פרסה על ת' פרסה - הויבט אן אפגעבן דוקא אט דעם ארט וואו עס געפינט זיך די אויל,

איי איז דאך די שאלה: איר דארפט דאך האבן אויל? - און קענט האבן אויל פון דארטן!

- געקומען א ניט-איד און האט זיך ניט געשעמט דערציילן. אידן ווייסן דערפון און מאכן דערפון א סוד: אז אויב מ'וועט אנהאלטן אט דעם ארט און מ'וועט אים פאנאנדערארבעטן כדבעי - קען מען פון דארט ארויס-נעמען כמעט די גאנצע הצטרכות וואס ארה"ק דארף האבן אין אויל!

- איז דערפון מאכט מען א סוד! איז געקומען א גוי, ניט קיין איד, און האט דאס מפרסם געווען ברבים - איז געווארן אויס סוד! - זיי האבן געוואוסט דערפון פריער!

האט מען אפגעגעבן "אבו ראדאס", און איצטער הויבט מען אן דאס אפגעבן!

וכמדובר: וואס איז די נחמה? - אז מ'וועט געבן ארץ ישראל כך וכך כסף, כך וכך נשק, אין דערנאך זאגט מען בקול דממה דקה - אז מ'וועט געבן בשעת מעשה אויך אזויפיל געלט צו דעם, און אזויפיל געלט צו א צווייטן, און אזויפיל נשק צו א דריטן,

און אזוי ווי דארט איז דא דריי, וואר(ו)ם א טייל געפינט זיך ימה און א טייל געפינט זיך צפונה אין א טייל געפינט זיך מזרחה, און א טייל געפינט זיך נגבה --

ס'איז רח"ל א מצב איום: ימה וקדמה וצפונה ונגבה איז מען ארום-גערינגלט מיט די מיט וועלכע מ'איז ארומגערינגלט!

און בשעת מ'וועט געבן געלט ארץ ישראל מיט א הוספה - וועט מען מוסיף זיין יעדערן פון אט די-א באזונדער, און די זעלבע זאך בנוגע צו נשק!

דערנאך איז געווארן נאכמער בהדגשה:

מ'האט געזאגט: אייך גיט מען נשק (אידן) - כדי איר זאלט קענען מגין זיין אויף זיך על כל צרה שלא הבוא,

בפרט נאך אז איר פירט זיך ווי סטאטעטשנע קינדער, און לאזט זיך ניט מ'זאל אייך אויפרייצן און לאזט די אראבער וואס געפינען זיך בתוך המדינה טאן וואס זיי ווילן, זאגן וואס זיי ווילן, דרוקן אין די צייטונגען וואס זיי ווילן, מחנך זיין זייער יוגנט וואס זיי ווילן,

וואס דאס וואקסט א נייע אראבישע יוגנט! ס'איז ניט די אמאליקע אראבער פריער וואס מ'האט געקענט זיי אפקויפן מיט געלט וכיו"ב מיט תענוגי עוה"ז - דארט איז איצטער איז א יוגנט וואס וויל זיך מוסר-נפש זיין אויף די ענינים וואס זיי האלטן אז דאס איז זייער תכלית בריה בעולם! - אזוי האבן זיי זיך איינגערעדט!ץ

לאזט מען זיי מחנך זיין אין ירושלים, אין תל-אביב, אין אט דעם חינוך,

און מ'זעט שוין די פירות: געווען דער שר-החינוך וואס איז געווען פאר רערויף; ווער רעדט דער שר-הפנים איז באר געווען ארויס פון התפעלות: וואס הייסט - זאגט ער - מ'לעבט צוזאמען מיט א שלום אביהי! און רערפאר העלפט ער; וואס מערער אראבער עס ווערן געבארן האט ער אלץ מערער שמחה!

ביז וואנענט ער האט מודיע געווען, אז די ערשטע זאך, "יהודי", גיור כהלכה - איז דאך לא קיימא לשאלה: עס וועט צוקומען נאך א איד נאך צוויי נאך דריי - וועט שטארקער ווערן כל הענינים;

דערנאך איז ער מודיע א שמחה גדולה: מ'שטייט אין אטשערעט און מ'באקומט געלט פון זיין משרד אויף האדעווען אראבער אין דעם און דעם אופן (וואס מ'האט ניט מדגיש געווען, אבער מ'ווייס וואס פאר א חינוך דאס איז)!

איז איצטער צוגעקומען בנוגע נשק - וואס מ'זאגט דאס שוין גלוי! אז אייך וועט מען געבן נשק - נשק של הגנה, און הגנה אויף אט דעם שטח וואס מ'וועט אייך ערלויבן איר זאלט דארטן זיין, און וואס איר שלאגט זיך אן מ'זאל צונעמען ביי אייך נאך א ביסעלע!

משא"כ אבער מצרים, אזוי ווי ער דארף פארבייטן פדם, און ער דארף זיין דער "פאליסמאן" פון דער גאנצער אראבער-וועלט - דארף ער זיין בכחו אנטקעגן-שטעלן זיך אלע איבעריקע אראבער - אים וועט מען שיקן נשק אז ער זאל קענען מגין זיין אויף זיך; קענען מגין זיין על כל העולם כולו, אויף דער גאנצער אדאבישער וועלט -

וויסנדיק, אז לעבן אים געפינט זיך ליביע, וואס אזוי איז מען טאקע צוקריגט אויף מעטערס, איז דא דער אלטער סיפור, וואס א פיצל קינד, א חדר-אינגל, לערנט דאס, אז "ויבואו זקני כדין עם זקני מואב", טייטשט אפ רש"י: אזוי זיינען זיי געווען פאנאנדערגעקריגט; אז עס קומט בנוגע צו אידן - איז אט דעמולט ווערן "זקני כדין" מיט "זקני מואב" מאכן צווישן זיך א בריה!

וועט מען געבן אויל, וועט מען אים געבן נשק, וועט מען אים געבן מערער געלט וויפל מ'גיט אידן,

און מיט דער טענה - א טענה פון "צדק ויושר" - אידן זיינען מערניט

ווי דדיי מיליאן, און עד האט דרייסיק מיליאן!

- טענה'ן אידן אז ס'איז א צדק ויושר אז מ'זאל אים געבן מערער! ובפרט נאך אז זיי זיינען עניים מרודים, און אידן האבן זיך ארויפגעארבעט, מיט די אלע הצדקות.

איי דאס איז דאך אן עניין פון אייער פקוח נפש (פון אונזער פקוח נפש) - הויבט מען אן שרייען: שא, שא, שא! מאכט ניט קיין טומל! מאכט ניט אידן אומעטיק, לאמיר שרייען "מזל-טוב", און טרייען, אז אט דער שפאלט וואס איז געווארן אין דער חומת ההגנה וואס מ'האט דאס גרעסער געמאכט - האט מען אויפגעהאנגען א גרויסן "שילד", און אויף דער שילד איז אנגעשריבן מיט גרויסע ווערטער: "שלום", און אונטן איז אנגעשריבן - אויך מיט גרויסע ווערטער - "אטאנאמיע"!

און אז מ'פרעגט: וואס איז "אטאנאמיע"? - זאגט מען: דערווייל האט מען נאכניט... נאך ניט מחליט געווען; די ערשטע זאך האט מען מסכים געווען אויף אטאנאמיע... און דערווייל האט מען נאך ניט מחליט געווען וואס איז "אטאנאמיע"!

קומט צוגיין א "בן חמש למקרא" און פרעגט א שאלה פון א "תמים": אידער איר ווייסט וואס דאס איז - וואס זיינט איר אויף דערויף מסכים?!... איר ווייסט דאך ניט וואס דאס איז!

אבער אויף א מעשה פרעגט מען קיין קשיא ניט: עס זיצן אידן, וואס אזוי זיינען זיי קלוגע מענטשן, און אז עס קומט אידער אראפגעפאלנקייט, "ונהי בעינינו כחגבים" - איז קען מען זיי אויך ניט פירן (?) וואוהין מ'דארף ניט;

אז עס קומט צו אט די ענינים מצד דעם מורא פון "ירא ורך הלבב" פאר דעם ניט-קיין-אידן - איז אט דא ווערט "צל הרים - נראה להם כהרים", ווימנדיק אז מ'האט געהאלטן די גאנצע האנט אין קעשענע: דער בעה"ב פון וואשינגטאן וואלט קיין ברירה ניט געהאט: ער האט געמוזט פועל זיין אז מ'זאל חתמ'ענען אויף א פאפיר, און וואס עס שטייט אין פאפיר - איז איס לגמרי ניט נוגע; אבי מ'זאל זען כל עמי הארץ אז ער האט דאס דורכגעפירט! און ער האט מיט וואס צו לוחץ-זיין ניט נאר אויף ישראל - נאר אויך אויף מצרים און אויף ירדן און אויף סוריא וכו',

קען זיין יענע האבן זיך געשטעלט בחוקף, און די זיינען געווען "ונהי בעינינו כחגבים",

און דאס איז נאך ווייניק: מ'זאל ניט מאכן קיין טומל - האט מען דארטן מאיים געווען אויף די פופצן מענטשן: זיי מוזן זאגן יא!

און דערנאך האט מען געזאגט די ציימונגען: איר זאלט שרייבן אט דאס וואס מ'וועט זיי געבן, ניט מערער,

און דערנאך האט מען ארויסגעלאזן א קלאנג אז מ'וועט באקומען כך וכך ביליאנען --

וואס ס'איז ריכטיק; עס פעלט אבער די צווייטע האלבע, אז דער צד שכנגד וועט באקומען מערער,

באקומען אזויפיל נשק - עס פעלט אבער די צווייטע העלפט, אז דער צווייטער צד באקומט נשק ניט פאר זיך אליין, נאר - אלס א שומר פון די מדינות ערב שמסביבו!

און וואס האט דער צווייטער צד "נאכגעגעבן" - אז דאס וואס מ'גיט איס אפ - נעמט ער; אט די זאכן וואס מ'וויל די הבטחות - וועט מען שרייבן און חתמ'ענען א פאפיר, אין דעם פאפיר וועט שטיין, אז די ענינים וועט

מען באטראכטן שפּעטער,

- נאר דאס האט מען שוין מחליט געווען, אז פינף יאר איז לאנג פאר-געסן; דריי יאר איז לאנג פארגעסן; אזויפיל און אזויפיל חדשים איז פאר-געסן, נאר ס'איז דא אן ענין וואס דארף זיך אנהויבן אין א חודש ארום; אן ענין אין פינף חדשים ארום; אן ענין אין דריי חדשים ארום!

און דער פשט בזה, ווי מ'האט געזען בעבר, איז ניט דער פשט אז לא פחות; דער פשט איז אז לא יותר! לענגער וועט דאס ניט געווערן; אבער אויף לא פחות זאגן יענע הויבט זיך ניט אן! מיר וועלן נאך איבערטראכטן!

איי וואס מ'חתמ'עט איצטער א פאפיר? - איצטער האט מען נאך ניט קיין לחץ פון ליביע, דערנאך האט מען ניט קיין להץ פון סעודי', דערנאך האט מען נאך ניט קיין הסכם פון פב"פ,

דערנאך אז עס וועט זיין דער לחץ, און מ'קין דאך ניט צולאזן קיין מלחמה - דארף מען דאך נאכגעבן; ווער דארף נאכגעבן? - אט דער וואס גיט-אפ די גאנצע צייט צעד אחר צעד, ללא כל סיבה אמיתית!

ובפרט נאך איצטער איז געווען דער מצב א קלארער לגמרי: מ'האט געקענט אלץ אויספירן! איז די זאך וואס מ'האט אפּגעגעבן איז פארפאלן (בעיני בשר); אבער די זאך וואס מ'האט ניט געגעבן, וועט מ'שטעלט זיך בתוקף הכי גמור:

אטאנאמיע ניט - דערפאר וואס דאס איז היפך הבטחון; דער ענין ניט - דערפאר וואס מ'קען ניט אריינלאזן איינעם וואס שטייט מיט א באמבע, און ער זאל זיצן אין ירושלים העתיקה, ועד"ז בכיו"ב -

וואלט מען אויסגענוצט דעם להץ אויף דעם צד שכנגד, פונקט ווי מ'האט געניצט דעם לחץ אויף דעם צד,

און דער צד שכנגד האט יע א ברירה: ביי אים איז ניט קיין שאלה פון בטחון, ניט קיין שאלה פון פב"פ וכו'; די איינציקע זאך איז: ער שאקלט זיך איפן בענקעל, קען ער ניט אוועקפארן פון דער מדינה, און קען זיך ניט איינרייסן צופיל, און עס דארף הייסן אז דאס וואס ער גיט-נאך איז דערפאר וואס דער "רייכער פעטער" האט אים מבריח געווען.

איז ווען דער "רייכער פעטער" איז אים מבריה, און פארוואס וואלט ער אים מבריח געווען? - דערפאר וואס ער וואלט געזען אז אידן האבן מחליט געווען, און ס'איז בל ישונה, אז לכה"פ מערער וועט מען ניט געבן - וואלט ער געמוזט, צוליב זיך, ברענגען א גע'חתם'עטן פאפיר - קיין נפק"מ ניט וואס ס'איז גע'חתם'עט אין דעם פאפיר!

לכאורה: וואס איז איצטער דער גאנצער טענה'ן און שרייען אין אפּעסן זיך די הארץ; בשעה די אלע 16 מענטשן האבן מהליט געווען "פי אחד" ווי מ'זאגט, איז דאס אן אמה,

אבער נניח אז ס'איז אן אמת, און ס'איז שוין געפארן, מ'האט שוין געשיקט שלוחים וכו': ווי געדעדט פריער: דאס איז אן ענין וואס דאס איז א הכנה צו א לוגן נוסף מחר, און רח"ל ניט "מחר לאחר זמן", נאר מחר כמש!

און מ'גייט אויף דעם לחץ אויף נאכגעבן!

און דערנאך לויפן ארום אידעלעך ארום און ארום, און מ'טרייט "מזל-טוב", און גיבן-אפּ "שלום-עליכם", און "הבאנו שלום עליכם"! און מ'זאגט אז ס'איז ניט שייך צו זאגן: מ'האט באווארנט די איינציקלעך - רח"ל: מ'האט ניט באווארנט דעם איבערפארגן!

ואדרבא: מ'האט אויפגעעפנט, ווי געזאגט פריער, ס'איז געווען א קליינער שפּאלט אדער א גרייסער שפּאלט - האט מען אים געמאכט נאך גרעסער,

נאר וואס דען? - מ'האט אים ארומגעצירט מיט זהב וכסף ונחושת, און מ'האט אויפגעהאנגען א שילד אז דאס איז ניט קיין שפאלט - דאס איז שלום!

...ס'איז דא א פלוגתא צווישן תוקרים: געווען אמאליקע חוקרים, גאר אין גריכן, ביי די גדויסע פון זיי, האבן זיי גע'טענה'ט אז די מציאות הולכת אחרי הדיעות: אז אויב מ'וועט מחליט זיין בשכל אז די מציאות דארף זיין כך וכך - האט מען ניט וואס צו גיין קוקן און זוכן און אויספרואוון צי די מציאות איז אזוי און אזוי - ווארום מציאות הולכת אחר הדיעות!

דער רמב"ם שרייבט אין מורה נבוכים: עס הויבט זיך ניט אן! די דיעות הולכין אחר המציאות: אז דו האסט א דיעה, האסט אויף דערויף כמה ראיות וכו' - פונדעסטוועגן זיי זיך מטריח, גיב א קוק ווי איז די מציאות, און אויב עס וועט זיך ארויסווייזן אז די מציאות זיינען באופן אחר - איז ניט די מציאות האט א טעות, נאר, במחילת כבודך הרם - דיין דיעה האט א טעות!

דא האט מען דאך מחליט געווען אז המציאות הולכת אחר הדיעות: אזוי ווי מ'וועט זיך צוזאמענקלייבן אט די און די, און זיי וועלן מחליט זיין אז "אטאנאמיע" איז לא יותר ווי דאס און דאס (מ'וועט מחליט זיין אויך לא פחות - מ'דארף זיין ערלעכע מענטשן) - וועט די מציאות נאכגיין זייער אפ-שטימונג!

- איי מ'האט דאך געזען: ביז איצטער האט מען געשטימט כך וכך און פב"פ במציאות האט געטאן קאפויר, והראי', אז איר זיינט דאך איצטער וועגן אזא זאך - וואס מיט א "ישיבה" פאר דערויף, צי מיט א האלב יאר פאר דערויף צי מיט א יאר פאר דערויף - זיינט איר געגאנגען זיצן אין טורמע אבי ניט לאזן צו רעדן אלס א קס"ד; ניט צו רעדן וועגן פועל!

און איצטער זיינט איר דאס מציע, און שרייט אז דאס איז די איינציקע וועג, מיט די אלע פיטשיווקעס, מיט די אלע פרטים ופרטי-פרטים וואס מ'האט דערצו מוסיף געווען.

אבער ס'איז דאך דיעות, מ'וועט דאך אזוי מחליט זיין - וועט די מציאות גיין לאחרי הדיעות!

צו וואס דאס קען ברענגען - איז פארשטאנדיק!

א ספק גדול צי דער שרייען דעם מוצאי שבת וועט העלפן לגבי דעם לחץ וואס איז היינט ביינאכט, צי מארגן אינדערפרי, צי איבערמארגן, אין וואשינגטאן;

אבער עכ"פ עפעס-וואס דארף מען טאן; וויל מען ניט טאן? - זאל מען לכה"פ הערן - מ'האט קיין בדירה ניט! ~~[illegible]~~ די אלע דא האבן קיין בדירה ניט, זיי מוזן הערן וואס איך שריי!

און ויהי רצון, אז פון די רייד זאל ארויסקומען אן ענין של פועל, און אדויסקומען אן ענין של פועל ניט ווי מ'וועט מחליט זיין בא זיך אין אייגענע ד' אמות, אז די מציאות דארף זיין כך וכך - במילא וועט זיין אויל,

ובפרט נאך אז דער וואס טענה'ט אז ער האט סמיכות אויף רבנות האט געשריען בפומבי אז ארץ ישראל האט שוין אויל! מ'דארף גאר ניט אנקומען ניט צו מצרים ניט צו סעודי-אראביא ניט צו פרס; ארץ ישראל האט צוזאמענ-געקליבן אויל!

און ווי גערעדט פריער בארוכה: ער האט זיך ניט געשעמט דאס אפדרוקן אין צייטונג!

איצטער וועט מען מחליט זיין: אזוי ווי מ'וועט חתמ'ענען א פאפיר, במילא האט מען ניט וואס צו דאגה'ענען -

האט מען וואס צו דאגה׳ענען פאר׳ן חתמ׳ענען דעם פאפיר; בשעת׳ן חתמ׳ענען דעם פאפיר; נאכ׳ן חתמ׳ענען דעם פאפיר,

און ס׳איז ניט א דבר העומד בספק - מ׳האט ערשט געזען וואס ס׳איז געווארן אין פרס; מ׳ווייס אז סעודי-אראביא שאקלט זיך, און מצרים שאקלט זיך, מיט די אלע מלוכה׳לעך ארום סעודי׳-אראביא שאקלען זיך,

און אז דאס אלץ איז געווען ווייניק - האט מען אין תימן ~~[illegible]~~ מצפון אריינגעשיקט אהינצו אנשי חיל, וואס תימן איז בשכנות ממש מיט סעודי-אראביא, און מ׳רעדט זיך איין: מ׳וועט אהינצו אריינשיקן אזויפיל און אזויפיל אווירונים (אזויפיל עראפלאנען) וועלן די עראפלאנען אליין ניט גיין מלחמה-האבן; אן עראפלאן אליין קען ניט מגיין זיין! אין עראפלאן דארף זיצן א מענטש, און דעם מענטשן דארף זיין נוגע דער ענין, און דער מענטש דארף זיין א מומחה ווי אזוי אנצופירן מיט דעם עראפלאן, און דארף וועלן פאלגן א מענטשן וואס צאלט אים געלט, און א חוץ דערויף קוקט ער אויף יענעם מענטשן אז ער איז א פרא-אדם, "ידו בכל ויד כל בו":

אט די פילאטן וואס מ׳דינגט - קוקן אויף די דינגער זייערע אז זיי זיינען, ווי עס שטייט אין תורה, "ידו בכל ויד כל בו"; אזוי ווי אבער מ׳צאלט אים - טוט ער דאס!

ער וועט זיך גיין איינשטעלן אין מסירת-נפש בזה? - ביז איצטער איז אזא מציאות ניט געווען!

וועט מען זיי שיקן ניט איינעם, נאר כו"כ אווירונים, במילא וועט דער חשק בא די אלע לענדער ארום דערויף ווערן נאך שטארקער, אז איצטער קען מען צונעמען סיי די אויל, סיי די געלט, סיי די אווירונים, סיי די גאנצע מאשינערי וואס געפינט זיך דארטן,

און אז דער חשק ווערט גרעסער - געפינט מען נייע המצאות מיט נייע עצות,

ובפרט נאך, מ׳דארף ניט זוכן קיין נייע עצות; זיי האבן שוין אויס-געפרואווט די וועג אין פרס; מ׳פרואווט איצטער אויס די וועג אין תימן, און מ׳האט נאך כו"כ ~~[illegible]~~ ענינים וואס דערווייל מאכט מען דערפון א סוד, און רה"ל, אויב דאס וועט ניט בטל ווערן מארגן-איבער-מארגן - וועט דאס סוכ"ס דאס אויך אויספלאצן בגלוי!

אט דאס אבער וואס ס׳איז א זיכערע זאך, וואס יעדער איד קען טאן, און אלע אידן קענען טאן, איז דאס איז - דער "אנחנו בשם ה׳ אלקינו נזכיר" און "ואנחנו בשם ה׳ אלקינו נדגיל":

דורך דערויף וואס מ׳וועט מוסיף זיין אין לימוד התורה און אין קיום המצוות, במילא וועט מען פועל זיין, צום אלעם ערשטן, אז עס וועט בטל ווערן די גאנצע שערורי׳ מיט "ילדי טהרן" השניים, און מ׳וועט לאזן אידן מחנך זיין א צוויטן אידן אין תורתנו הקדושה, און מקיים זיין מצוות קדושים,

וואס דאס איז אינגאנצן ניט נוגע וואס מ׳דארף יוצא-זיין פאר סאדאטן, צי יוצא-זיין פאר אן אראבער; דאס איז מערניט אויף יוצא-זיין פאר׳ן יצר-הרע, פאר׳ן "א-ל זר אשר בקרבך" - איז, רח"ל, טאן אויף-צו-להכעיס דעם "יושב בשמים" וכיו"ב - אפרייסן קינדער, אידישע קינדעד, פון אבינו שבשמים!

וואס דורך דערויף, אז עס ווערט ניתוסף אין יראת שמים ביי א טייל פון אידישן פאלק, וואס זיינען אלע ווי א "קומה אחת", ווי ער זאגט אין לקו"ת "כאחדים ממש" -

ווערט בדרך ממילא ניתוסף אין יראה שמים פון יעדער אידן,

איז אט דער בעה"ב וואס ער שרייט אז ער האט סמיכות אויף רבנות, במילא - שרייט ער - איז דא אויל, און שטערט ניט און זייט ניט מבלבל, און לאזט טאן וואס כ'וויל, און דערציילט ניט וועגן ילדי טהרן השניים, און דערציילט ניט פון די אלע מעשי תעתועים וואס מ'טוט-אפ מיט די קינדער וואס מ'ברייינגט איצטער פון פרס ומדי אין ארץ ישראל - דערפאר וואס ער באקומט געלט פאר א ישיבה צי פאר א חדר וכיו"ב - נעמט ער אויף זיך די אחריות, און דערפאר גיט ער געלט אוועק פאר די ישיבה וכו' -

איז דאס א זאך, ווי גערעדט פריער בארוכה: אז מ'איז מחנך א אידיש קינד היפך פון דעם אויבערשטן אין ארץ ישראל - איז נעמט מען צו פון דעם בטחון פון ארץ ישראל - כפשוטו בגשמיות; מ'נעמט-צו פון דען בטחון פון אט דעם חדר און פון אט דער ישיבה וואס ער וויל אהינצו געבן א לירה, צי צוויי, צי הונדערט, צי אפילו טויזנט לירות,

און דאס איז מבלבל, אין דאס מאכט חרב, דעם חינוך וואס מ'בויט אויף אט די געלט וואס מ'באקומט תמורת זה וואס מ'רייסט-אפ אידישע קינדער פון אבינו שבשמים, הי' לא תהי'!

ווי עס ווייזט-אויס האלט ער נאך ניט בא תשובה-טאן - איז די איינציקע עצה דערצו, אז עס זאל זיין א הוספה אין יראת שמים פון די אידן ארום אים, איז ממילא וועט צוקומען אויך ביי איס, וויבאלד אז אלע אידן, פון דעם קטן שבקטנים ביז דעם גדול שבגדולים, איז דאס "כאחדים ממש" ווי דער אלטער רבי שרייבט,

און אט דעמולט וועט סוכ"ס "יערה עליהם רוח ממרום", אז מ'זאל דער-קענען וואס "אטאנאמיע" איז, און וואס שלום איז, און וואס היפך השלום איז, און וואס א איד איז,

און דער עיקר - דערקענען, "שאו מרום עיניכם וראו מי ברא אלה": א קוק טאן טאקע אין הימל, אין דער הויך, אבער כאפן זיך, אז דאס איז דער זעלבער וואס "ברא אלה", וואס האט באשאפן אט די אלע מיט וועמען מ'האט צוטאן אט דא למטה אין עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה הימנו!

און אט דעמולט וועט מען זוכה זיין, ווי גערעדט פריער, אז עס וועט זיין דער "ויקהל", אז מ'וועט צוזאמענקלייבן אלע אידן,

ניט שטימען, ח"ו, היפך פון בטחון פון אידן, היפך פון בטחון פון אידישקייט, דורך גיור היפך ההלכה, דורך חינוך פון ילדי טהרן היפך התורה היך האידישקייט, היפך הצניעות, היפך הצדק והיושר!

נאר עס וועט זיין דער "ויקהל", און "כל בני ישראל", יעדער איד און אלע אידן, כדי צו בויען א משכן, א "ושכנתי בתוכם" פאר דעם אויבערשטן אין דער וועלט דא למטה, און דורך דערויף "ושכנתי בתוכם - בתוך כל אחד ואחת",

און דאס וועט זיין, ווי ס'איז געווען דעמולט אין "ימי צאתך מארץ מצרים" - מתוך שמחה וטוב לבב, ווארום סוכ"ס, אז מ'וועט דערציילן דעם אידן דעם אמת; אז מ'וועט דערציילן זיך דעם אמת - וועט זיין "כל נדיב לבו", וועט בא יעדערן זיך עפענען זיין אידישע הארץ און ער וועט געבן פאר די זאכן וואס א איד דארף געבן, מממונו ומנפשו ומנשמתו ומתורתו,

ניט רח"ל "מגלה פנים בתורה שלא כהלכה"; ער נוצט תורה כדי אויף מהרס זיין, רח"ל, דעם חינוך אמיתי פון כו"כ בני ובנות ישראל, כמדובר לעיל,

און פון דעם "ויקהל", אין די לעצטע טעג פון גלות - וועט זיין בקרוב ממש דער "ויקהל" וואס עס וועט מאכן דער אויבערשטער, און וועט

מאכן אז "קהל גדול יבוא הנה", אז פון דעם "ויקהל" וועט ווערן א "קהל גדול", ווארום דארט וועט זיין "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותינו",

און פון דעם "ירא ורך הלבב" וועט אוועקזעצן אין דער היים, און ילך וישוב לביתו, און מ'וועט אים ארויסנעמען פון דער היים ווען מ'וועט דארפן גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו, וועט ער אויך נאכגיין, און מיט דער צייט אויך נאכטאנצן,

און עס וועט זיין דער "ושמחת עולם על ראשם", ווארום מ'וועט שטיין, נאך זייענדיק אין מיצרים וגבולים פון גלות אין אן אופן פון "ביד רמה", "בקומה זקופה", "קוממיות",

און גיין אין אזא אופן מקבל זיין פני משיח צדקנו, במהרה בימינו ממש, בשמחה ובטוב לבב.

* * *

בס"ד. שיחת מוצאי ש"פ ויק"פ, פ' החודש, כבה"ח ניסן ה'תשל"ט.

<u>הנחה הת' בלתי מוגה</u>

א. דער ענין פון פ' החודש האט אין זיך כמה פרטים, וואס איינער פון זיי איז אן ענין וואס איז פארבונדן מיט כללות עבודת האדם.

וואדוס מה-דאך אז <u>אלע</u> ענינים זיינען פארבונדן מיט "אני נבראתי לשמש את קוני"[1], וויבאלד אז דאס איז א טייל פון דעם לעבן פון א אידן,

ובפרט ע"פ תורת הבעש"ט[2] אז יעדער ענין וואס מ'זעט אדער מ'הערט, איז דאס ניט "לבטלה"[3] ח"ו, און ס'איז ניט באקראי (צופעליק), נאר אין דערויף איז דא א הוראה בעבודתו לבוראו, דאס איז אן ענין וואס איז נוגע אין תכלית הבריאה שלו, וואס "אני נבראתי לשמש את קוני" -

איז עאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן אן ענין פון תורה, וואס "תורה" איז דאך מלשון הוראה[4], און די תורה איז "חיינו ואורך ימינו". כמדובר כמ"פ באריכה די פרטים שבדבר.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אין כללות (און אין פרטיות) הענין פון שבת מברכים חודש ניסן, אדז פ' החודש (וואס דאס איז דאך די סיבה פון דער התוועדות) - איז דא א הוראה לכל בני ובנות ישראל בעבודתם לקונם.

ב. אין דערויף קומט צו נאך אן ענין:

דער ענין פון פ' החודש (וואס דאס קומט צוזאמען מיט שבת מברכים חודש ניסן) איז פארבונדן מיט "החודש הזה לכם ראש חדשים ראשון הוא לכם לחדשי השנה"[5] - און וויבאלד אז דאס איז א כללות'דיקער חודש ("ראשון הוא לכם גו'"), איז פארשטאנדיק אז די הוראה דערפון איז א כללות'דיקע.

יעדער ר"ח (ובמילא אויך שבת מברכים החודש) איז אויך אן ענין כללי, ער איז כולל אין זיך את כל ימי החודש וואס דערפאר ווערט ער אנגערופן בשם "<u>ראש</u> חודש", און ניט <u>תחלת</u> החודש, וויבאלד אז ער איז בדוגמת <u>הראש</u> וואס איז כולל און פירט-אן מיט כל אברי הגוף, וואס אזוי איז אויך דער ענין פון <u>ראש</u> חודש בנוגע לכל ימי החודש, אדער <u>ראש</u> השנה - בנוגע לכל ימי השנה[6], און ער איז כולל אין זיך די ענינים און

- הוראות -

------------

1) קידושין בסופה. 2) היום יום ט' נב. כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות קכז-קכט. וש"נ. 3) ראה שבת עז, ב. 4) זח"ג נג, ב. 5) בא יב, ב. 6) ראה לקו"ת תבוא מא, ג. עט"ר בתחלתו.

הוראות וואס זיינען פארבונדן מיט כל ימי החודש -

אבער אין חודש ניסן קומט צו דער ענין וואס ער איז דער "ראשון הוא לכם לחדשי השנה", וואס "ראשון" איז אויך מלשון "ראש", ביז וואנעס אז די ערשטע דריי אותיות פון "ראשון" איז "ראש" ובפרט אז חודש ניסן ווערט טאקע אנגערופן "ראש חדשים", בדוגמת הראש.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די הוראה וואס איז פארבונדן מיט חודש ניסן, איז א הוראה כוללת וכללית ביותר וביותר; דאס איז א הוראה וואס איז כולל אין זיך אלע הוראות פון אלע ראשי חדשים (וואס יעדער ר"ח איז כולל אין זיך די הוראות פון כל ימי החודש), וויבאלד אז חודש ניסן איז "ראש חדשים ראשון הוא לכם לחדשי השנה".

ג. והביאור בזה:

דער ענין הכללי פון א אידן איז - "אני נבראתי לשמש את קוני".

אין דעם שימוש לקונו זיינען דא כמה דרגות - אויף וויפל איז זיין איבערגעגעבנקייט לקונו, וואס אין דעם איבן ההתמסרות שלו איז תלוי דער אופן ווי ער איז משמש את קונו -

צי דאס איז נאר אויף יוצא זיין, אין אן אופן פון "מצות אנשים מלומדה"[7], ובסגנון אחר - אין אן אופן פון שלא לשמה, מיט אלע דרגות שבזה, ביז אז ער קומט צו דער עבודה לשמה, אדער אז עבודתו איז אין אן אופן פון שליבות, אז ער טוט דאס מיט א הידור, ביז צו "מהדרין מן המהדרין", א הידור לפנים מהידור, ביז צו הכליה השלימות אין עבודה - דער ענין פון מס"נ.

ד.ה. אז אין כללות עבודת האדם זיינען דא די חילוקי הדרגות פון "בכל לבבך ובכל נפשך ובכל מאדך"[8], און שליבות העבודה איז - די עבודה מתוך מס"נ אמיתית.

וכמדובר כמ"פ אז די נקודה פון מס"נ איז - דער ענין פון מסירת הרצון, ווארום "נפש" ווערט אויך אנגערופן "רצון", ווי ס'שטייט[9] "אין נפשי אל העם הזה"[10], און דאס איז דער פירוש פון מסירת נפש - מסירת הרצון; דערביט הויבט זיך אן און אויף דערויף האלט זיך דער ענין פון מס"נ.

וואס בשעת ער איז מוסר זיין רצון בשלימות, פועל'ט

- דאס -

------------

7) ל' הכתוב - ישעי' כט, יג. 8) ואתחנן ו, ה. 9) ירמי' טו, א. 10) תו"א מקץ לו, ב. וראה הערת כ"ק אדמו"ר שליט"א בבה"כ תש"כ ע' 227.

הנחה הת' בלתי מוגה

דאס בדרך ממילא אויף אלע כחות שלמטה מזה, ביז אויך אויף כח התענוג, כמבואר בכ"מ[11] אז אלע כחות (כולל אויך דער כח התענוג) ווערן נמשך דארטן וואו עס געפינט זיך דער רצון, און וויבאלד אז ער האט מוסר געווען דעם רצון, איז "במקום שרצונו של אדם שם הוא נמצא"[12].

וואס דאס זאגט מען אפי' בא רצון סתם, עאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן מס"נ בשלימותה - זייענדיק א נשמה בגוף, און בתכלית השלימות אין בריאות, און מיט אלע ברכות אין בני חיי ומזוני, אבער בשעת מעשה איז עבודתו אין אן אופן פון מס"נ, מסירת הרצון, און דאס שפיגלט זיך אפ און עס קומט אראפ אין עבודתו בפועל (וואס הוא העיקר).

ד. וויבאלד אז "התורה כללות ופרטות נאמרה"[13], איז פארשטאנדיק, אז ס'איז דא אן ענין מיוחד אין וועלכן עס דריקט זיך אויס דער אופן העבודה פון מס"נ - וויבאלד אז אין מצווה גופא איז דא א מצוה אין וועלכע עס דריקט זיך אויס אייך אופן עבודה מערער ווי דער צווייטער אופן עבודה.

וכמבואר אין ספר חרדים אז עס זיינען דא מצוות התלויות בלב, בראש, בריבור און בשאר אברי הגוף, ד.ה. אז יעדערע פון די מצוות איז פארבונדן מיט איבערגעבן דעם חלק הגוף אין וועלכע די מצוה איז תלוי, ביז צו תכלית השלימות - דער ענין פון מס"נ, מסירת הרצון.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ס'איז דא א מצוה אין וועלכע עס דריקט זיך אויס דער ענין פון מס"נ, אין אן אופן פון תכלית השלימות, ביז וואנעט אז אפי' עמי הארץ זעהן בעיני בשר אז ער שטייט אין דעם מעמד ומצב פון מס"נ - וואס דאס איז די מצוה פון קרבנות.

ה. דער ביאור אין דעם (אז אין דער מצוה פון קרבנות דריקט זיך אויס במיוחד דער ענין פון מס"נ):

דער כללות ענין הקרבנות איז דער ענין פון כפרה, און אפי' א קרבן עולה (ניט קיין קרבן חטאת) איז אויך אן ענין של כפרה - דאס איז מכפר אויף מ"ע וכיו"ב[14].

און כללות הקרבנות ווערן נכלל אין קרבן התמיד, וואס דערפאר איז דער תמיד דער ראשון לכל הקרבנות[15], און ער איז

- דער -

---

11) ראה בהנעתק בבש"ט הוספות אות לח הע' 42. 12) כש"ט שח ובהנסמן בהערה שם. 13) תו"כ ופרש"י ר"פ בהו. ועוד. 14) פרש"י עה"פ ויקרא א, ד. 15) פסחים נט, א.

הנחת הת' בלתי מוגה

רער אהרון לכל הקרבנות, ווי ס'שטייט[16] "זלי' השלם כל הקרבנות כולם"; דערמיט הויבט זיך אן דער ענין הקרבנות, און דאס איז דער סך-הכל פון כל ענין הקרבנות.

וואס דער קרבן תמיד איז א קרבן עולה - ער איז אינגאנצן נשרף על גבי המזבח, און איז עולה השמימה, ביז אין אן אופן פון "ריח ניחוח לה'", און ענינו איז - דער ענין פון כפרה.

און ווי ס'שטייט[17] אז דער "תמיד של שחר הי' מכפר על עבירות הלילה ותמיד של בין הערביים על של יום וכן מדי יום ביום לעולם".

[ועד"ז געפינט מען אז די גמרא[18] זאגט "אם ראית ת"ח שעבר עבירה בלילה אל תהרהר אחריו ביום" - וואס דאס איז ע"ד ווי דער תמיד של שחר האט מכפר געווען אויף אלע ענינים וואס זיינען געווען בלילה*].

ביז וואנעט אז דאס פועל'ט דעם ענין הכפרה בשלימות, ד.ה. ניט נאר אז "אין מזכירין לו דבר וחצי דבר", נאר נאכמער: ער ווערט "מרוצה וחביב לפניו ית' כקודם החטא"[20], ביז וואנעט אז ער ווערט מרוצה וחביב נאכמער ווי ס'איז געווען פריער, דערפאר וואס ביי אים קומט נאך צו די מעלה פון א בעל תשובה, ווי דער רמב"ם[21] איז מאריך בזה.

ו. דער טעם אויף דעם וואס דער קרבן איז אן ענין של כפרה - איז מבואר אין די ספרים וואס זיינען מבאר טעמי המצוה[22], אז דער איד וואס ברענגט דעם קרבן איז זיך מצייר און מתאר אז די אלע ענינים וואס מ'טוט אפ מיטן כבש וועלכן מ'איז מקריב אלס קרבן תמיד (ועד"ז שאר הקרבנות), טוען זיך אפ מיט אים אליין,

ד.ה. אז בשעת עס טוט זיך אפ דער ענין פון הקרבת חלב ודם פון דעם קרבן, איז דאס כאילו ווי עס וואלט געווען דער הקרבת חלב ודם פון דעם אדם,

נאר דער אויבערשטער, בחסדו הגדול, האט אים געגעבן די

- מעגליכקייט -

---

*) וצ"ע מהי ההוספה לפרש בת"ח, ולאידך - גם בכאו"א צ"ל שב מידיעתו כו'[19].

---

16) שם נח, א. וש"נ. פרש"י עה"פ צו ו, ה. 17) אגה"ת פי"א (ק, ב) - מבמדב"ר פכ"א, כא. שהש"ר פ"א, ס [ו]. ועוד. 18) ברכות יט, א. 19) שבועות כו, ב. וש"נ. 20) אגה"ה פ"ב. 21) הל' תשובה פ"ז ה"ד. 22) רמב"ן עה"ת עה"פ ויקרא א, ט.

מעגליכקייט אז ער זאל בלייבן א בריא ושלם בגופו ובכל עניניו (כדי אז דורך דערויף זאל די נשמה קענען אויספירן איר שליחות דא למטה בתכלית השלימות) - און דער "כי יקריב מכם", דער קרבן פון זיך אליין[23], ווערט אויפגעטאן דורך דערויף וואס ער ברענגט א קרבן "מן הבקר ומן הצאן", מיט אלע פרטים שבזה.

און וויבאלד אז אלע ענינים וואס מ'טוט מיט זיין כבש (אויף וועלכן ער האט געגעבן דעם מחצית השקל וכיו"ב) ווערן פאררעכנט כאילו ווי מ'האט דאס געטאן מיט אים אליין - איז קיין פלא ניט ווי אזוי דאס טוט אויף דעם ענין פון כפרה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אין דעם ענין הקרבנות דריקט זיך אוים די עבודה פון מס"נ - ווארום דער ענין פון א קרבן איז, אז ער איז נשרף על גבי המזבח, און ער איז עולה השמימה אין דעם להב פון דעם אש מן השמים, און אויך אין דעם אש וואס איז מן ההדיוט (וואס דערפון דארף זיך דאס אנהויבן)[24] - וואס דאס איז דער כללות הענין פון מס"נ.

ז. דער ענין הקרבנות (וואס אין דערויף דריקט זיך אוים דער ענין פון מס"נ - תכלית השלימות אין עבודה) איז דא אויך משחרב ביהמ"ק, ווארום דער חורבן פון ביהמ"ק איז נאר בנוגע צו די ענינים הגשמיים, אבער בנוגע צו פנימיות הענינים, זאגט מען אז "תפלות כנגד תמידין תקנום"[25], וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין הקרבנות איז דא בכל מקום ובכל זמן וואו ס'איז דא דער ענין התפלה, וואו א איד זאל זיך נאר געפינען.

דער חילוק איז נאר - אז בזמן שביהמ"ק הי' קיים, וואס דעמולט איז די וועלט געווען מער מזוכך, און מ'האט געזעהן די ענינים פון אלקות בגלוי - האט מען געזעהן בגלוי די שריפה פון דעם קרבן תמיד,

דעמולט זיינען געווען כהנים בעבודתם, לוים בדוכנם וישראל במעמדם, וואס זיי זיינען געשטאנען על גבי הקרבן אלס די בעלים פון דעם קרבן, און אלס די באי-כח פון דעם גאנצן ציבור פון כל אחד ואחת מבנ"י, און האבן געזעהן דעם ענין פון הקרבת החלב ודם פון דעם קרבן, וואס דאס איז כאילו ווי עס האט זיך אויפגעטאן דער ענין פון הקרבת החלב ודם פון דעם אדם,

- ד.ה. -

------------

23) ראה ד"ה באתי לגני תש"י פ"ב (סה"מ תש"י ע' 113). ועוד. 24) ראה יומא כא, ב. 25) ברכות כו, ב.

ד.ה. אז בזמן שביהמ"ק הי׳ קיים, האס כען געזעהן בגלוי ווי דער ענין פון מס"נ טוט זיך אויף בפועל דורך דער הקרבה פון דעם קרבן תמיד;

און בזמן שאין ביהמ"ק קיים, טוט זיך אויך אויף דער ענין המס"נ, דורך דעם ענין התפלה, וואס "תפלות כנגד תמידין תקנום" - אבער אין עבודת התפלה איז דאס אין אן אופן וואס ניט יעדערער דערקענט דאס.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דאס וואס די עבודה פון מס"נ דריקט זיך אויס אין דעם ענין הקרבנות (וואס כללותם איז דער קרבן התמיד), איז דאס אויך בזמן שאין ביהמ"ק קיים - דורך דעם ענין פון עבודת התפלה.

ח. אין דעם ענין פון הקרבת קרבן התמיד (כללות ענין הקרבנות), קומט צו אן ענין וואס עס טוט אויף דער ענין פון פ׳ החודש:

די גמרא[26] זאגט אז דערפון וואס ס׳שטייט[27] "זאת עולת חודש בחדשו לחדשי השנה", לערנט מען אפ אז "אמרה תורה חדש והבא קרבן מתרומה חדשה, וגמרי שנה שנה מניסן דכתיב ראשון הוא לכם לחדשי השנה", ד.ה. אז פון ר"ח ניסן אן (וואס מ׳איז אים מברך אין דעם שבת שלפנ"ז - שבת מברכים חודש ניסן) הויבט מען אן מקריב זיין די קרבנות ציבור (אנהויבנדיק פון דעם קרבן תמיד) "מתרומה חדשה".

וואס אע"פ אז די שנה שלפנ"ז (ביז ר"ח ניסן) איז געווען בשלימותה, ווארום כל ישראל זיינען דאך בחזקת כשרות[28], ביז וואנעט אז אלע אידן ווערן אנגערופן "ועמך כולם צדיקים"[29], האט מען דאך זיכער געטאן אלע ענינים פון הקרבת הקרבנות, עאכו"כ בנוגע צו הקרבת קרבן תמיד, אין אן אופן פון תמידות ונצחיות, וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון שלימות, שלימות אין זמן און שלימות אין אלע ענינים ופרטים -

פונדעסטוועגן, וויבאלד אז דאס איז אן ענין וואס איז פארבונדן מיט אן עבודה פון א אידן לקונו, וואס דער אויבערשטער איז דאך א"ס - איז פארשטאנדיק, אז ווי גוט זיין עבודה איז געווען בעבר, גיט מען אים אבער כחות אז ס׳זאל קענען זיין דער ענין פון "מעלין בקודש"[30], אז ביי אים זאל זיין אן עלי׳ אין אן אופן של הליכה, און הליכה אמיתית, מיט אלע ביאורים ופרטים שבדבר,

- און -

---

26) ר"ה ז, א. 27) פינחס כח, יד. 28) רמב"ם הל׳ קדה"ח פ"ב ה"ב. 29) ישעי׳ ס, כא. 30) ברכות כח, א. ושי"נ.

און אויך דערויף זאגט מען איס, אז ווען עס קומט ר"ח ניסן, איז "חדש והבא קרבן מתרומה חדשה" - די עבודה דארף זיך אנהויבן אין אן אופן חדש לגמרי, לגבי כללות עבודתו במשך השנה שעברה.

און דאס איז די הוראה כללית פון חודש ניסן (וואס דערמיט איז פארבונדן פ' החודש, און שבת מברכים חודש ניסן) - אז דעמולט הויבט מען אן מקריב זיין דעם קרבן תמיד (וואס ער איז כללות כל הקרבנות) "מתרומה חדשה", אין אן אופן חדש לגמרי לגבי ווי ס'איז געווען במשך השנה שעברה, ד.ה. אז כללות עבודת האדם, וואס דאס איז דער ענין פון קרבן תמיד, דער ענין המס"נ, דארף זיין אין אן אופן חדש לגמרי לגבי ווי ס'איז געווען במשך השנה שעברה.

ס. און וויבאלד אז "צדיקים דומין לבוראן"[31] - וואס דאס גייט אויף יעדער אידן, וויבאלד אז "ועמך כולם צדיקים" - איז פארשטאנדיק, אז אזוי ווי ביים אויבערשטן איז דא דער ענין פון "אסתכל באורייתא וברא עלמא"[32], איז אזוי אויך בנוגע צו אידן, אז איידער מ'הויבט אן אן עבודה חדשה, דארף זיין דער ענין פון "אסתכל באורייתא" [וויבאלד אז "מגיד דבריו ליעקב חקיו ומשפטיו לישראל"[33] - "דבריו" און "חקיו ומשפטיו" פון דעם אויבערשטן, שפיגלען זיך אפ און זיי ווערן נמשך "ליעקב" און "לישראל"].

און דערפאר אין דעם שבת שלפני ר"ח ניסן (אדער ווען די קביעות איז אין אנדערע שנים - בר"ח ניסן עצמו) לערנט מען אין תורה דעם ענין פון "החודש הזה לכם ראש חדשים ראשון הוא לכם לחדשי השנה". און מ'לערנט דאס צוזאמען מיט תורה שבעל פה,

[ווי דער רמב"ם זאגט בהקדמתו לספרו "יד החזקה"[34], אז "כל המצוות שניתנו לו למשה בסיני בפירושן ניתנו, שנאמר[35] ואתנה לך את לוחות האבן והתורה והמצוה, תורה זו תושב"כ, והמצוה זו פירושה . . היא הנקראת תושבע"פ"],

וואס דעמולט ווייסט מען אז פון ר"ח ניסן אן דארף זיין "חדש והבא קרבן מתרומה חדשה", דער ערשטער קרבן וואס מ'איז מקריב בר"ח ניסן, וואס דאס איז דער קרבן התמיד, דארף שוין זיין "מתרומה חדשה", וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק, אז אלע ענינים וועלכע זיינען דערמיט פארבונדן, דארפן אויך זיין אין אן אופן חדש לגמרי.

- י. -

------------

31) ב"ר פס"ז, ח. 32) זח"ב קסא, ריש ע"ב. 33) תהלים קמז, יט. וראה שמו"ר פ"ל, ט. 34) בתחלתה. 35) תשא לד, יב.

י. און מ'גיט א אידן כחות ער זאל דאס קענען דורכפירן (אזוי ווי אלע ענינים פון עבודת ה') בשמחה ובטוב לבב, און דורכפירן דאס אן קיינע ענינים המבלבלים - וויבאלד אז חודש ניסן ווערט אויך אנגערופן "חודש הגאולה", ווי עס שטייט אין כדרשו[36] אויפן פסוק "החודש הזה לכם ראש חדשים ראשון הוא לכם לחדשי השנה", אז "כשבחר ביעקב ובניו קבע בו (ראש) חודש של גאולה", וואס דאס איז דער ענין פון חודש ניסן.

ביז וואנעט אז דער חודש ווערט אנגערופן "ניסן", מיט צוויי נו"ן'ן, וואס די גמרא[37] זאגט אז צוויי נו"ן'ן באווייזן אז "נסי נסים נעשו לו" - אז מ'הויבט אים אויף למעלה מכל מדידות והגבלות, ואין ענין יוצא מידי פשוטו, אז עס ווערט דער ענין פון "נסי נסים נעשו לו" לכל אחד ואחת מישראל.

יא. און דורך דערויף וואס בר"ח ניסן הויבט מען אן די עבודה אין אן אופן מחודש ("מתרומה חדשה"), איז באתעדל"ת אתעדל"ע, אז דער אויבערשטער הויבט אויך אן עבודתו (כביכול) אין אן אופן מחודש,

און דאס ברענגט אראפ דעם "ראש חודש של גאולה" - וואס דער ענין הגאולה איז עיקר העבודה סיי למטה און סיי למעלה - אז מ'זאל נגאל ווערן פון אלע ענינים בלתי רצויים, און אוועקגעשטעלט ווערן אין א מעמד ומצב פון חירות אמיתית בכל הפרטים.

און דאס זאל זיין בקרוב ממש און בעגלא דידן, אין אן אופן אז פאר ר"ח ניסן זאל שוין זיין ביאת משיח צדקנו, עאכו"כ בנוגע צו ר"ח ניסן, אז ער וועט זיין דער אמת'ער "ראש חודש של גאולה", ואין ענין יוצא מידי פשוטו.

יב. און דורך דעם וועט מען אריינטראגן אין חג הפסח - וואס דאס איז דאך די נקודה העיקרית והפנימית און דער "קיימא סיהרא באשלמותא"[38] פון חודש ניסן בכללותו,

וואס דער מולד הלבנה איז בר"ח ניסן [וואס די ברכה אויף דערויף איז אין דעם שבת מברכים חודש ניסן שלפנ"ז], און דערנאך האלט די לבנה (צוזאמען מיט אידן, וואס "עתידים להתחדש כמותה"[39]) אין איין וואקסן, און זי ווערט אלץ ליכטיקער, אין אן אופן וואס איז נראה ונגלה לעיני בשר, ביז צו חמשה עשר בו, וואס דעמולט איז "קיימא סיהרא באשלמותא", אין אן אופן הנראה והנגלה לעיני בשר.

- און -

------------

36) שמו"ר פט"ו, יא. 37) ברכות נז, רע"א. וראה פרש"י שם ד"ה נס. 38) זה"ב פה, א. ועוד. 39) סנהדרין כב, א.

און נאך פאר דערויף - בי"ד בו, וועט זיין דער ענין פון הקרבת קרבן פסח, און אכילת קרבן פסח.

ביז צו "כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות"[40], וואס אין "ימי צאתך מארץ מצרים" זיינען אלע עניינים געווען מתוך חירות אמיתית, ווארום "ברה"ה בטלה עבודה מאבותינו במצרים"[41], און דערנאך איז געווען די גאולה אין אן אופן פון "חפזון"[42].

וכן תהי' לנו, בעגלא דידן, ובמהרה בימינו ממש - אז אנהויבנדיק פון ר"ח ניסן זאל מען מהרש זיין דעם כללות הענין פון עבודת האדם לקונו,

און אלס הכנה לזה - אויך פאר ר"ח ניסן, ע"ד ווי ס'איז געווען בנוגע צו דער "תרומה חדשה", אז דער איינמאנען און די נתינה פון דעם "מחצית השקל" בפועל, איז געווען פאר ר"ח ניסן, און בר"ח ניסן קומט אראפ דער בפועל פון נתינת המחצית השקל אין נאך אן ענין של פועל - אין הקרבת הקרבן כפשוטו, און אין הקרבת הקרבן ברוחניות, וואס דער ענין פון הקרבת הקרבן ברוחניות איז בשליכות אויך איצטער.

און די טעג זאלן זיין ימים של שמחה, ביז צו א שמחה גדולה ביותר, ווארום מ'געפינט זיך נאך אין די טעג פון דעם "חודש אשר נהפך להם גו'"[43],

ומתוך שמחה וטוב לבב זד, זאל זיין דער "מסמך גאולה לגאולה"[44] - גאולת פורים לגאולה האמיתית והשלימה, ע"י משיח צדקנו, ובמהרה בימינו ממש.

* * *

יג. אין קביעות שנה זו קומט אויס דער שבת פ' החודש צוזאמען מיט קריאת התורה פון פרשת השבוע - די פרשיות ויקהל-פקודי.

ובמדובר אמאל באריכה אז ס'זיינען דא כו"כ הוראה פון כל עניני התורה און פסוקי התורה, עאכו"כ פון א פרשה שלימה בתורה, ועאכו"כ ווען ס'זיינען דא צוויי פרשיות מחוברות (וואס אמאל זיינען זיי צוויי באזונדערע פרשיות, און דא קומען זיי ביידע צוזאמען) -

עס זיינען אבער דא עניינים וואס ווארפן זיך אין די אויגן, עיני בשר, אין אן אופן אז מ'זעט אז דאס איז אן ענין פשוט ביותר, וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די

- הוראה -

-------------

40) מיכה ז, טו. 41) ר"ה יא, רע"א. 42) ראה טז, ג. וראה שמו"ר פי"ט, ו. 43) אסתר ט, כב. וראה ירושלמי ריש מס' מגילה. טושו"ע או"ח סתרפ"ח ס"ז. 44) מגילה ו, סע"ב.

הוראה שבדבר איז אויך אין אן אופן פשוט ביותר.

און וויבאלד אז בקביעות שנה זו קומעןביידע ענינים (דער ענין פון פ' החודש און די הוראה שבזה, און דער ענין פון ויקהל-פקודי און די הוראה שבזה) צוזאמען, איז פארשטאנדיק, אז עס דארף זיין א שייכות צווישן ביידע ענינים.

יד. די נקודה המשותפה וואס איז דא אין די צוויי פרשיות ויקהל און פקודי איז - אז אין ביידע פרשיות איז כודגש דער ענין המשכן:

אין פ' ויקהל איז מודגש אז משה רבינו האט צוזאמענגעקליבן "את כל עדת בנ"י", כדי צו איבערגעבן זיי דעם ציווי אויף נדבת המשכן, עשיית המשכן וכליו און הקמת המשכן (נאר אלס הקדמה לזה קומט דער ציווי אויף דעם ענין פון שבת. כמבואר אין מפרשי התורה[45], אבער דער "ויקהל משה" איז געווען כדי צו איבערגעבן אידן דעם ציווי אויף עשיית המשכן).

און אין פ' פקודי איז אויך מודגש דער ענין המשכן - דארט ווערט דערציילט דער סך-הכל און דער חשבון פון נדבה המשכן, און שפעטער ווערט דארט דערציילט וועגן הקמת המשכן, און וועגן די קרבנות וואס מ'האט מקריב געווען - וואס דאס איז די נקודה המשותפת פון די צוויי פרשיות ויקהל-פקודי.

טו. אין דערויף ווערט גלייך א שאלה כללית (וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ביאור בזה גיט ארויס א הוראה כללית):

ווען די תורה דערציילט אז "ויקהל משה את כל עדת בנ"י" כדי צו איבערגעבן זיי דאס וואס ער האט געהערט פון דעם אויבערשטן (און אויך וואס מ'האט אים באוויזן - "אשר אתה מראה בהר"[46]) וועגן אלע פרטים פון עשיית המשכן וכליו - איז לכאו' גענוג אז ס'זאל שטיין בקיצור אז משה רבינו האט צוזאמענגעקליבן אלע אידן, און ער האט זיי איבערגעגעבן אלץ וואס דער אויבערשטער האט אים געהייסן, "כאשר צוה ה' את משה",

[בדרך התורה אז די ענינים וועלכע מ'קען ארויסגעבן ברמז, גיט מען זיי ארויס ברמז, וויבאלד אז דער רמז אליין איז גענוג, און נאר די ענינים וואס מ'דארף ארויסגעבן בדיבור, גיט מען זיי ארויס בדיבור - וויבאלד אז אין תורה איז לא חסר ולא יתיר ח"ו],

צוליב וואס דארף מען נאכאמאל איבער'חזר'ן די אלע

- פרטים -

---

45) פרש"י עה"פ ויקהל לה, ב. 46) תרומה כה, כ.

פרטים וואס שטייען שוין אין די פריערדיקע פרשיות, פ׳ תרומה און פ׳ תצוה - סיי בנוגע צו נדבת המשכן, ווי אזוי אידן האבן געבראכט די נדבת המשכן (אלע י"ג[47] (אדער ט"ו[48]) זאכן), און סיי בנוגע צו עשיית המשכן, ווי אזוי די חכמי לב האבן געמאכט דעם משכן מיט אלע כלים - די אלע פרטים שטייען דאך שוין אין פ׳ תרומה און פ׳ תצוה?!

ועד"ז אין פ׳ פקודי - צוליב וואס דארף מען דערציילן און אויסרעכענען בפרטיות ווי מ׳האט געבראכט צו משה רבינו דעם משכן מיט אלע כלים, און דערנאך דערציילן בפרטיות ווי אזוי משה רבינו האט אויפגעשטעלט דעם משכן - לכאו׳ האט גענוג געווען צו זאגן נאר דער סך-הכל פון נדבת המשכן, און דערנאך אז מ׳האט אויפגעשטעלט דעם משכן (און מקריב געווען די קרבנות) אזוי ווי דער אויבערשטער האט געהייסן, און אויך מוסיף זיין די חידושים וואס שטייען ניט אין פ׳ תרומה און תצוה,

[וואס דאס איז מערניט ווי געציילטע פסוקים - בדוגמא ווי דער ענין פון דעם כיור וכנו, אז זיי זיינען געמאכט געווארן "במראות הצובאות"[49], ועד"ז אויך ווי אזוי מ׳האט געמאכט די חוטי הזהב, "וירקעו את פחי הזהב וקצץ פתילים"[50], מיט נאך כמה פרטים וואס ווערן ניט דערציילט אין די פריערדיקע פרשיות],

צוליב וואס דארף מען אבער איבער׳חזר׳ן נאכאמאל די אלע פרטים וואס שטייען שוין אין פ׳ תרומה און פ׳ תצוה, וואס קומט צו דערפון וואס מ׳חזר׳ט דאס איבער כמ"פ - דעם ערשטן מאל אין פ׳ תרומה און פ׳ תצוה, וואס דארטן שטייט דער ציווי פון דעם אויבערשטן צו משה רבינו, און דערנאך אין פ׳ ויקהל, ווערט איבערגע׳חזר׳ט ווי אזוי משה רבינו האט דאס איבערגעגעבן צו אידן, און ווי אידן האבן געבראכט די נדבת המשכן, און ווי די חכמי לב האבן געמאכט דעם משכן וכליו, און דערנאך ווערט דאס איבערגע׳חזר׳ט נאכאמאל אין פ׳ פקודי, ווי אזוי מ׳האט געבראכט די אלע זאכן צו משה רבינו, און ווי ער האט דאס אויפגעשטעלט און מקריב געווען די קרבנות?!

און ס׳איז פארשטאנדיק, אז וויבאלד דאס איז א שאלה און א קושיא וואס וואו׳פט זיך אין די אויגן (עיני בשר) בא יעדערן, און אויך אין שכל האנושי און דער שכל פון נה"ב - איז די הוראה דערפון אויך א הוראה פשוטה.

- סז. -

47) פרש"י ר"פ תרומה. תנחומא תרומה ה. שהש"ר פ"ד, יג. זח"ב קמח, א. 48) בחיי וכלי יקר עה"פ תרומה שם, ג. וראה זח"ב קלה, א. 49) ויקהל לח, ח. 50) פקודי לט, ג.

טז. ווען מען דאס פארשטייז בהקדים נאך א שאלה:

די תורה איז דאך א נצחית[51], און דער עיקר הנצחיות פון תורה איז בנוגע צו דעם ענין פון תורה מלשון הוראה - איז ווען ס'קומט צו פ' תרומה, פ' תצוה, פ' ויקהל און פ' פקוד ווערט א שאלה:

וויבאלד אז דער משכן שעשה משה איז איצטער ניטא, נאר ער איז באהאלטן געווארן[52] (כמדובר לעיל בארוכה[53]), און דער ביהמ"ק וואס איז געקומען במקומו איז אויך ניטא (ווי רש"י[54] ברענגט אראפ אז ס'שטייט "המשכן משכן - שני פעמים, רמז למקדש שנתמשכן בשני חורבנין") - איז וואס איז די הוראה און דער לימוד פון אלע פרטים וואס מ'דערציילט אין די פרשיות וועגן עשיית המשכן?!

אמת טאקע אז "תפלות כנגד תמידין תקנום", אבער למאי איז אין דערויף ניט שייך צו זאגן די אלע פרטים ווי אזוי מ'האט געבראכט די נדבות, און ווי אזוי די חכמי לב האבן דאס געבויט, און ווי אזוי מ'האט דאס אויפגעשטעלט וכו', ובפרט אז מ'רעדט זיך גאר וועגן דעם משכן.

און מ'קען טאקע אז בנוגע צום ביהמ"ק, וואס דוד האט אויף דערויף געזאגט אז אלע פרטים שבו זיינען אין אן אופן פון "מיד ה' עלי השכיל"[55], און דערנאך איז דאס אויפגעשטעלט געווארן ע"י שלמה - געפינט מען ניט אז די פרטים שבזה זאלן איבערגע'חזר'ט ווערן דריי מאל.

יז. איז דער ביאור בזה - וואס דערפון קומט ארויס א הוראה פשוטה וואס מ'נעמט ארויס פון פשטות הדברים:

אין פשטות הדברים ווערט דא דערציילט, אז בשעת דער אויבערשטער האט געוואלט אז אידן זאלן אויפשטעלן א משכן, כדי ס'זאל זיין דער "ושכנתי בתוכם"[56], בתוך כל אחד ואחת מישראל[57] - האט ער זיך אין דערויף אריינגעלייגט, און האט אויסגערעכנט אלע פרטים און פרטי פרטים שבזה.

ביז וואנעט אז מ'זעט אז אפי' נאך דערויף וואס דער אויבערשטער האט געזאגט כו"כ פרטים בנוגע צו עשיית המשכן, איז דערזעהנדיק אז עס זיינען נאך דא כמה פרטים וואס זיינען ניט אינגאנצן פארשטאנדיק - שטייט אין פשוטו של מקרא אז דער אויבערשטער האט געזאגט צו משה רבינו "וראה

- ועשה -

---

51) תניא רפי"ז. 52) סוטה ט, סע"א. 53) ד"ה באתי לגני דיו"ד שבט. 54) ר"פ פקודי. 55) דה"א כח. יט. 56) תרומה שם, ה. 57) של"ה כ, ב. שא, ב. ובכ"מ.

ועשה בתבניתם אשר אתה מראה בהר"[48], מ'האט אים באוויזן ער זאל זעהן בעיניו ווי אזוי דארף אויסזעהן דער משכן וכליו מיט אלע פרטים שבו[58].

און די אלע פרטים ופרטי פרטים בנוגע צום משכן, שטייען מיט אן אריכות גדולה אין תושב"כ - וואס אין אלע אנדערע מצוות זיינען אויך דא כו"כ פרטים, אבער אין תושב"כ שטייט דאס בקיצור נמרץ, און די פרטים ווערן ארויסגעגעבן אין תושבע"פ[59], און דא זעט מען אז אלע פרטים ופרטי פרטים (ווי אזוי מ'זאל צוזאמענקלייבן די נדבת המשכן, אין וואס די נדבה זאל באשטיין, און אויף וואס מ'זאל נוצן יעדער זאך, און ווי אזוי מ'זאל דאס מאכן וכו') שטייען בפירוש אין תושב"כ; דער אויבערשטער אליין האט איבערגעגעבן דעם ציורי מיט אלע פרטים ופרטי פרטים, און ער האט געהייסן מ'זאל דאס אנשרייבן אין תושב"כ ניט נאר בכללות, נאר מיט אלע פרטים ופרטי פרטים.

יח. און אע"פ אז די כוונה אין דעם ציורי איז - אז משה רבינו זאל גיין און איבערגעבן דאס צו אידן, פארלאזט מען זיך ניט אויף דעם שטודעם וואס איז געווען בשעת אמירת הקב"ה למשה על מנת ער זאל דאס איבערגעבן צו אידן, ביז צו אזא שטורעם וואס דערפון איז געווארן א תושב"כ, א תורה נצחית לכל המקומות ולכל הדורות (וואס דעמולט וואלט געווען גענוג אז אין תושב"כ זאל שטיין בקיצור, אז משה רבינו האט איבערגעגעבן צו אידן די אלע פרטים, מיטן זעלבן שטורעם) - נאר מ'חזר'ט איבער נאכאמאל בפרטיות די אלע פרטים וואס משה רבינו האט איבערגעגעבן צו אידן.

ווארום וויבאלד אז דאס איז אן ענין וואס איז נוגע צו אויפשטעלן א משכן און א מקדש לו ית', חזר'ט מען דאס איבער בא יעדער געלעגנהייט, ניט פארלאזנדיק זיך אויף אן ענין וואס איז למעלה ממנו - אז וויבאלד דער אויבערשטער אליין האט דאס איבערגעגעבן צו משה, און האט אים געזאגט ער זאל גיין און איבערגעבן דאס צו אידן, על מנת אז אידן זאלן דאס טאן בפועל (אויפבויען דעם משכן וכליו, און מקריב זיין דארטן די קרבנות), איז א זיכערע זאך אז משה רבינו האט דאס איבערגעגעבן צו אידן מיט אלע פרטים שבזה - נאר מ'חזר'ט איבער נאכאמאל דעם גאנצן שטורעם וואס איז געווען בשעת משה רבינו האט דאס איבערגעגעבן צו אידן, ביז אז מ'שרייבט ארייִן אין תושב"כ די אלע פרטים ופרטי פרטים.

ועד"ז נאך דערויף וואס משה האט איבערגעגעבן צו אידן

- דעם -

---

58) ראה גו"א עה"פ תרומה שם, ט. וראה לקו"ש חשא ש.ז. ובהנסמן שם. 59) ראה אגה"ק סכ"ט (קנ, ב ואילך).

הנחת הת' בלתי מוגה

דעם ציווי הקב"ה, פארלאזט מען זיך ניט אויף דעם וואס עס וועט שטיין דער סך-הכל דערפון בקיצור, אז אידן האבן געטאן בפועל "כאשר צוה ה' את משה",

[וואָרום כל ישראל זיינען בחזקת כשרות, ובפרט אז ס'איז געווען נאך דעם ענין פון "סלחתי כדברך" (ווי מ'האט דאס שוין געלערנט אין פ' תשא[60]), און מ'ווייסט אויך אז אידן האבן געבראכט נדבת המשכן מיט א מורא'דיקן שטורעם, און מיט א מורא'דיקע הביבות און נדיבות לב, ביז אין אן אופן אז "והמלאכה היתה דים . . והותר"[61] - איז א זיכערע זאך אז אידן האבן געטאן בפועל לויט דעם ציווי פון דעם אויבערשטן].

נאר מ'הזר'ט איבער נאכאמאל ווי מ'האט געמאכט דעם משכן מיט אלע כלים, און ווי מ'האט געבראכט צו משה רבינו "את האהל ואת כל כליו קרסיו קרשיו בריחיו ועמודיו ואדניו"[62], און אלע כלים פון דעם משכן, און אויך דעם "שמן המאור" און "שמן המשחה"[63], מיט אלע פרטים וואס ווערן דארט אויסגערעכנט - ביז אז דערפון ווערט א פרשה שלימה אין תושב"כ.

ד.ה. אז ווען מ'קומט צו "אלה פקודי המשכן", מ'דארף מאכן דעם חשבון צדק בנפשו און דעם סך-הכל צי ער האט אפגעטאן דעם מעשה ווי עס דארף צו זיין, לויט ווי ס'איז מתאים צו מעבדו ומצבו בהוה,

פארלאזט מען זיך ניט אויף דעם וואס עס וועט שטיין בקיצור אז "פקודי המשכן" איז געווען לויט ווי דער אויבערשטער האט געזאגט צו משה,

[וואס דערמיט האט ער אים געגעבן א שליחות, צוזאמען מיטן נתינת כח, ער זאל דאס זאגן יעדער אידן און אלע אידן עד סוף כל הדורות, אין אן אופן פון "תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב"[64], וואס "ירושה אין לה הפסק"[65]],

און מ'פארלאזט זיך אפי' ניט אויף דעם וואס מ'האט איבערגע'חזר'ט א צווייטן מאל ווי אזוי משה רבינו האט איבערגעגעבן דעם ציווי הקב"ה צו אידן -

נאר מ'זאגט אז ווען עס קומט צו קשעהמ"ט און ער דארף מאכן דעם סך-הכל פון כל עבודתו, דארף מען האבן דעם גאנצן שטורעם פון "אלה פקודי המשכן", מ'זאל נאכאמאל איבער'חזר'ן

- דעם -

---

60) פרש"י עה"פ תשא לג. יא. 61) ויקהל לו, ז.
62) פקודי לט, לג. 63) שם לז-לח. 64) ברכה לג, ד.
65) ב"ב קכט. ב.

דעס סך-הכל פון אלע ענינים שלפנ"ז מיט אלע פרטים ופרטי פרטים, ביז אז דערפון ווערט א פרשה שלימה בתורה.

יט. דערפון האט מען א הוראה פשוטה, און צוזאמען דערמיט א הוראה כללית (ווארום ס'איז א הוראה הכרחית):

כדי אז א איד זאל וויסן ווי אזוי ער דארף לעבן אין חייס תיותו בעלמא דין, וויסן "את המעשה אשר יעשון" און "אשר לא תעשינה"[66] - ווייסט ער דאס פון "נר מצוה ותורה אור"[67], ווארום די תורה איז "תורה אור", זי באלייכט אים דרכו בחיים, ער זאל וויסן ווי אזוי ער דארף זיך פירן,

און דערנאך איז דער לימוד מביא לידי מעשה[68], דער לימוד עצמו האט אין זיך די תכונה און די סגולה אז דאס ברענגט צום ענין המעשה.

[וואס דאס איז ניט אזוי ווי דער לימוד פון חכמות חיצוניות, וואס ער קען לערנען די חכמה, כולל חכמת המוסר, מיט אלע חכמות, און דערנאך סאן קאפויער,

ווי מ'האט געזעהן בדורנו זה, אז די וואס האבן זיך געקאכט אין חכמת המוסר, און האבן גערעכנט אז זיי זיינען די אנפירער פון דער גאנצער וועלט בנוגע צו חכמת החקירה, חכמת המוסר און בנוגע ווי מ'דארף זיך פירן בין אדם לחבירו - האבן זיי זיך געפירט להיפך בכל הפרטים, זיי האבן זיך געפירט מיט אן אכזריות שאין כמוה, און האבן דערפון געמאכט אן ענין וואס איז נקודת חייהם און תכלית בריאתם].

וואס דאס איז דער ענין פון לימוד "תורת אמת", אז צוזאמען מיטן לימוד איז דאס אויך א "תורת חיים", א הוראה בחיים ווי אזוי מ'דארף זיך פירן, און סו"ס איז דער לימוד מכריח אז ס'זאל קומען לידי מעשה.

ביז וואנעט אז אפי' אויב מצד סיבות שונות ומשונות איז ער אמאל דורכגעפאלן, און ס'איז געווען "אותי עזבו"[69] רח"ל - איז ווייבאלד ער איז נאך עוסק בתורה, איז "המאור שבה מחזירו למוטב"[70], ביז אז ער קומט צו תכלית השלימות, נאך העכער פון צדיקים גמורים.

און דערפאר איז ווען א איד דארף וויסן ווי אזוי צו פירן זיך בחיים תיותו בעלמא דין, מידי יום ביומו, איז התחלת כל הענינים הויבט זיך אן פון הערן דעס ציווי הקב"ה צו משה רבינו -

\- וואט -

\------------

66) ל' הכתוב - יתרו יח, כ. ויקרא ד, ב. ועוד.
67) משלי ו, כג. 68) קידושין מ, ב. 69) ל' הכתוב - ירמי' טז, יא. 70) איכ"ר פתיחתא ב.

וואס דאס איז דער תוכן פון פ׳ תרומה און פ׳ תצוה - דער ציווי פון דעם אויבערשטן צו משה רבינו וועגן דער עבודה כללית פון "ושכנתי בתוכם", מאכן א דירה לו ית׳ בתחתונים.

און בשעת ער לערנט די פרשיות תרומה און תצוה, לערנט ער דאס מיטן גאנצן שטורעם, און ער ווייסט אז ווען ער איז "קורא ושונה" איז "הקב"ה קורא ושונה כנגדו"[71] - איצטער מכש הערט ער פון דעם אויבערשטן די אלע ציוויים וואס שטייען אין פ׳ תרומה און פ׳ תצוה - די ציוויים אז מ׳זאל אויפטאן דעם "ושכנתי בתוכם".

ב. דערנאך קומט דער ענין פון פ׳ ויקהל:

ווען ער ווערט א ביסל עלטער, איז אויף אים חל דער חיוב פון ליבוד התורה, ווארום אפי׳ איידער ער ווערט בר-מצוה (וואס דעמאלט איז ער נאך ניט מחוייב במצוות) דארף שוין זיין ביי אים דער ענין פון לימוד התורה, ווי דער אלטער רבי זאגט אין אנהויב פון הל׳ ת"ת שלו אז "מ"ע מן התורה על האב ללמד את בנו הקטן תורה".

און דערנאך דארף ביי אים זיין דער ענין פון "ושננתם לבניך"- אלו התלמידים"[72], אז אפי׳ איידער ער ווערט בר-מצוה, ווערט ער דער וואס ברענגט דעם ציווי הקב"ה צו א קינד (א אינגעלע אדער א מיידעלע) וואס איז קלענער פון אים אין ידיעת התורה - וואס דאס איז דער תוכן פון פ׳ ויקהל, אז מ׳קלייבט צוזאמען אידן. און מ׳גיט זיי איבער דעם ציווי הקב"ה.

ווארום "התורה היא נצחית" - בכל זמן ובכל מקום וואס ער לערנט תורה, לערנט ער דאס און הערט דאס פון משה רבינו, ווארום זיין מלמד אדער דער חכם שבדורו וכיו"ב, ווערט אנגערופן "משה שפיר קאמרת"[73], ווארום ער גיט איבער דברי משה, און וואס גיט אים איבער זיין משפיע, זיין מלמד און ראש ישיבה - די ציוויים פון דעם אויבערשטן וועגן וועלכע עס רעדט זיך אין פ׳ תרומה און פ׳ תצוה, און דערנאך ווערט ער דער וואס גיט איבער דעם ציווי הקב"ה צו אנדערע אידן - דער ענין פון "ויקהל משה".

און דאס איז דער כללות הענין פון "ויקהל משה את כל עדת בנ"י" - אז ער קלייבט צוזאמען וועמען עס לאזט זיך נאר,

- די -

---

71) הדא"ר רפי"ה. יל"ש איכה רמז תתרלד. 72) ספרי ופרש"י עה"פ ואתחנן ו, ז. רמב"ם הל׳ ת"ת פ"א ה"ב. הל׳ ת"ת לאדה"ז פ"א ה"ה. 73) חולין צג, א ובפרש"י שם ד"ה כמה.

הנחה הת׳ בלתי מוגה

די אלע אידן צו וועלכע ער קען דערגרייכן, אויף צו איבער-געבן זיי דעם ציווי הקב"ה זוי אזוי מ'זאל בויען און זיך משתתף זיין אין דעם משכן הפרטי און דער משכן הכללי.

כא. און אויך דערויף זאגט מען אז מ'פארלאזט זיך נישט אויף דעם וואס ער געדיינקט דעם שהורעס וואס איז ביי אים געווען ווען ער האט דאס געלערנט מיט זיך אליין (וואס כדי ער זאל דאס קענען איבערגעבן כדבעי. דארף ער דאס אליין לערנען מיטן גאנצן שטורעס) - נאר בשעת ער גיט דאס איבער צו אנדערע אידן, שטייט ער אויך מיט א התלהבות גדולה, און מיט אן איבערגעגעבנקייט, און מיט א כח"נ גדולה, אויף צו איבער-געבן צו די אלע וועלכע ער קלייבט צוזאמען ווי אזוי מ'דארף אויפבויען דעם משכן.

און דערפאר ווערן איבערגע'חזר'ט נאכאמאל די אלע פרטים וואס שטייען שוין אין די פרשיות תרומה און תצוה - אויף צו מדגיש זיין אז דער זעלבער שטורעס וואס איז דא ווען ער לערנט פאר זיך דעם ציווי הקב"ה וועגן עשיה המשכן (וואס שטייט אין די פרשיות תרומה און תצוה), דארף דער זעלבער שטורעס זיין אויך ווען עס רעדט זיך וועגן "ויקהל משה" - ווען ער גיט איבער צו אנדערע אידן דעם ציווי הקב"ה בנוגע צו עשיה המשכן.

און מ'גיט א אידן די כחות אויף אויספירן דעם ענין, אז דער זעלבער שטורעס וואס איז דא ביי אים ווען ער לערנט פאר זיך פ' תרומה און פ' תצוה, וואס דארטן ווערט דערציילט דער ציווי הקב"ה צו משה רבינו וועגן עשיית המשכן, ביז אין אן אופן פון "אשר אתה מראה בהר" - זאל דער זעלבער שטורעס זיין אויך ווען ער גיט איבער דעם ציווי הקב"ה צו אנדערע אידן.

בדוגמא ווי ס'איז געווען די הנהגה פון משה רבינו - אז נאך דערויף וואס ער האט געהערט דעם ציווי הקב"ה וועגן עשיית המשכן מיטן גאנצן שטורעס, איז "נהג בה טובת עין"[74] און ער האט דאס איבערגעגעבן צו אלע אידן, "ויקהל משה את כל עדת בנ"י". מיט אלע פרטים און פרטי פרטים, און מיטן גאנצן שטורעס.

וואס די זעלבע הנהגה מאנט מען בא תלמידי משה און אנשי משה - וואס דאס איז יעדער איד. וויבאלד אז בא יעדער אידן איז דא א ניצוץ פון משה רבינו (וואס דערפאר זאגט מען יעדער אידן "מה ה' אלקיך שואל מעמך כי אם ליראה גו'"[75], אז

- מצד -

---

74) ראה נדרים לה, א. [illegible]

[illegible]

כצד דערויף וואס "גבי משה איז יראה א "מילתא זוטרתי"[76], איז דאס א "מילתא זוטרתי" אויך לגבי יעדער אידן)[77].

כב. און דערנאך ווען מ'קומט צו דעם ענין פון מעשה בפועל - קען מען דאך טראכטן אז ער קען זיך פארלאזן אויף דער התלהבות וואס ער האט געהאט ווען ער האט געלערנט תורה מפי הגבורה. אדער ווען ער האט דאס געהערט פון דעם "משה שפיר קאמרת",

[וואס דאס איז געווען מיטן גאנצן שטורעם און התלהבות ווי ס'איז ווען משה רבינו האט דאס געהערט מפי הגבורה, און ווי ס'איז געווען בשעת משה רבינו האט דאס איבערגעגעבן צו אלע אידן - ווארום "התורה היא נצחית", מאנט מען און מ'גיט כחות אז ס'זאל זיין "מה להלן באימה וביראה וברתת ובזיע אף כאן כו'"[78],]

ווארום וויבאלד אז "המעשה הוא העיקר"[79], און די התלהבות מיטן שטורעם האט ער שוין געהאט ווען ער האט געלערנט די הלכות, און נאכמער: ער האט געלערנט אויך מיט אנדערע אז זיי זאלן דאס אויך טאן (און ער האט אויך א חלק אין זייער עשי'), און האט דאס אויך געטאן מיטן גאנצן שטורעם - איז בשעת ער ברענגט די נדבת המשכן, און ער שטעלט אויף זיין משכן פרטי, און זיין חלק אין דעם משכן הכללי - איז וואס דארף ער האבן נאכאמאל דעם גאנצן שטורעם, מ'זאל איבער'חזר'ן נאכאמאל דעם גאנצן ענין בפרטיות?!

אויף דערויף קומט די הוראה פון דער פרשה, אז ווען עס קומט צום מעשה בפועל, חזר'ט מען איבער נאכאמאל אין תושב"כ אלע פרטים און פרטי פרטים, מיט אן אריכות גדולה - ווארום ווען עס רעדט זיך וועגן דעם מעשה בפועל, דארף דאס אויך געטאן ווערן מיטן זעלבן שטורעם.

כג. דערנאך קומט די הוראה פון פ' פקודי:

ווען עס קומט צו "אלה פקודי המשכן", מ'דארף מאכן דעם סך-הכל פון גאנץ עבודת המשכן - זאגט מען ניט בקיצור אז ס'איז געווען אזוי פיל כסף און זהב, און אז מ'האט געמאכט דעם משכן וכליו לויט דעם ציווי וואס שטייט שוין אין פ' ויקהל, און פאר דערויף אין פ' תרומה און תצוה - נאר מ'רעכנט אויס נאכאמאל אז מ'האט געבראכט צו משה רבינו "את האהל ואת כל כליו קרסיו קרשיו בריחיו ועמודיו ואדניו",

- צוזאמען -

------------

76) ברכות לג, ב. 77) תניא רפמ"ב. 78) ברכות כב, א. 79) אבות פ"א מי"ז.

הנחת הת' בלתי מוגה

צוזאמען מיט אלע כלים וואס ווערן אויסגערעכנט. און דערנאך האט מען דארפן מקריב געווען די קרבנות וכו׳.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק די הוראה, אז ווען עס קומט צו קשעהמ"ט, וואס דעמולט דארף מען מאכן דעם כי-הכל פון עבודת כל היום,

ועד"ז ווען עס קומט דער טאג פון ערב ר"ח, וואס ער"ח ווערט אנגערופן "יוכ"פ קטן" (ווי דער צ"צ ברענגט אראפ[80], און אזוי איז "מנהג ישראל" בפשטות), עאכו"כ ווען עס קומט דער טאג פון ער"ח ניסן, וואס ער איז דער "ראש חדשים ראשון הוא לכם לחדשי השנה", וואס דעמולט דארף מען מאכן דעם סך-הכל פון דער גאנצער עבודה,

קען א איד טראכטן אז דעם סך-הכל קען ער מאכן אויף-ניך, ווארום ער ווייסט אז אין דעם טאג האט ער שוין געטאן אלץ וואס ער האט בעדארפט טאן, און דאס וואס ער דארף מתקן זיין, וועט ער גלייך מתקן זיין -

איז די הוראה בזה פון פ׳ פקודי, אז אויב ער וויל אז דער חשבון און דער סך-הכל זאל זיין אין דעם אופן וואס דער אויבערשטער וויל, לויט ווי ער האט איבערגעגעבן בתורתו, תורה אמת און תורת חיים, דארף דאס זיין אין דעם אופן וואס מ׳זעט אין פ׳ פקודי, אז אין דעם סך-הכל ווערט איבער-גע׳חזר׳ט נאכאמאל דער גאנצער ענין, מיטן זעלבן שטורעם, און מיט אלע פרטים ופרטי פרטים.

כד. וכאמור לעיל אז צוזאמען דערמיט וואס דאס איז א הוראה פשוטה, איז דאס אויך א הוראה כללית ועיקרית לכל אחד ואחת מישראל, ווארום אלע ענינים וואס ווערן דערציילט אין תורה, זיינען ניט אין אן אופן פון "מאי דהווה הווה", נאר תורה איז מלשון הוראה, דאס איז א הוראה נצחית.

און כללות ההוראה איז - אז די עבודה פון א אידן בכל יום ויום דארף זיך אנהויבן דערמיט וואס ער לערנט פאר זיך דעם ציווי פון דעם אויבערשטן צו משה רבינו, און ער לערנט דאס אין אן אופן פון "מה להלן באימה וביראה כו׳ אף כאן כו׳", און וויסנדיק אז איצטער הערט ער דאס מפי הקב"ה, וויבאלד אז "הקב"ה קורא ושונה כנגדו".

און דאס וואס דער אויזן הגשמי הערט דאס ניט - איז דאך ידוע דער משל וואס מ׳האט געהערט פון דעם רבי׳ן נשיא דורנו, וואס נקודת המשל איז, אז צי דערפאר וואס דער פערד טראכט וועגן האבער, איז די מציאות ניט קיין מציאות?!

- אמאל -

------------

80) אוה"ת בא ריש ע׳ רנג.

הנחת הה׳ בלתי מוגה

כ

אכאל פלעגט מען נים פארן כים אן אטאמאביל, נאר מיט אן עגלה וואס איז איינגעשפאנט מיט א פערד - האט מען גערעדט, אז דער פערד טראכט אז אזוי ווי ער דארף האבן די האבער, און די האבער געפינט זיך במקום פלוני, לויפט ער אהינצו כדי ער זאל באקומען די האבער.

אין דער עגלה זיצן אבער צוויי אידן, וואס זיי איז נוגע אנקומען למקום פלוני כדי צו דורכפירן דארטן דעם ענין פון "מה׳ מצעדי גבר כוננו ודרכו יחפץ"[69], ער האט א שליחות פון דעם אויבערשטן וואס דארף דורכגעפירט ווערן במקום פלוני, און דערפאר פארט ער אהינצו, און אזוי ווי מ׳דארף דינען דעם אויבערשטן אויך ווען מ׳געפינט זיך אין וועג, רעדט מען דערווייל אן ענין אין תורה, א שקו"ט וועגן אן ענין פון נגלה אדער חסידות וכו׳.

און דער סיום המשל איז - אז אע"פ אז דער פערד טראכט וועגן האבער, איז אבער דער ענין אין תורה (להבדיל) וועלכן עס רעדן די אידן וואס געפינען זיך אין דער עגלה, ועד"ז דער ענין צוליב וועלכן זיי פארן למקום פלוני - בתקפו ובאמיתתו,

ואדרבה, בשעת עס וועט נתגלה ווערן דער אמת, וועט אפי׳ דער פערד וויסן צוליב וואס ער איז געלאפן, ועאכו"כ די וואס זיצן אין דער עגלה - אז וואס איז דערפאר וואס "מה׳ מצעדי גבר כוננו ודרכו יחפץ".

און דאס וואס די בהמה, דער נה"ב, טראכט וועגן האבער און דאס וואס דער בעל-עגלה טראכט אז ער פארט אהינצו כדי ער זאל באקומען די פאר קאפקעס (צי דעם רובל, די זלאטעס אדער דעם דאלער) אויף צו קענען מפרנס זיין בני ביתו - איז אבער די נקודה הפנימית בזה, כדי אז מ׳זאל דארטן קענען מקיים זיין די שליחות פון דעם אויבערשטן;

מ׳גיים מקבל זיין פני משיח צדקנו, וואס דערפאר לויפט מען (ועכ"פ - מ׳דארף לויפן) בזריזות הכי גדולה, ווארום ס׳איז א שאד יעדער רגע.

און דערנאך זאגט מען אים אז עס דארף זיין דער ענין פון "ויקהל משה" - ער דארף מקהיל זיין קהילות און צוזאמענ-קלייבן אידן און איבערגעבן זיי דעם דבר ה׳, אז אזוי דארף מען זיך פירן במקום זה ובזמן זה (עאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן מצוות שהזמן גרמא),

און ער דארף דאס איבערגעבן מיטן גאנצן שטורעם און

- מיטן -

---

69) תהלים לג, כז. וראה היום יום ע׳ סט.

מיטן גאנצן תיות, "באימה וביראה וברתת ובזיע" - אזוי ווי דער אויבערשטער האט באוויזן דורך משה רבינו, אז אין פ' ויקהל ווערט איבערגע'חזר'ט נאכאמאל בפרטיות ווי משה רבינו האט איבערגעגעבן צו אידן דעם ציווי אויף עשיית המשכן, מיטן גאנצן שטורעם און מיט אלע פרטים.

און דערנאך ווען עס קומט צו מעשה המצוות בפועל, קען ער ניט יוצא זיין דערמיט וואס קודם לזה איז ער געשטאנען אין א מעמד ומצב פון אימה ויראה רתת וזיע, נאר דאס דארף אויך זיין ווען ער טוט אין מעשה המצוות בפועל - ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס תורה חזר'ט איבער נאכאמאל יעדער פרט פון עשית המשכן וכליו, ווי אזוי מ'האט דאס געטאן בפועל.

און דערנאך ווען ער מאכט דעם סך-הכל פון דער גאנצער עבודה - איז כדי אז ס'זאל זיין א חשבון צדק, דארף דאס אויך געטאן ווערן מיטן זעלבן שטורעם וכו', ווי מ'זעט דאס דערפון אז עס קומט צו נאך א פרשה בתורה מיט כו"כ פסוקים אויף צו איבער'חזר'ן נאכאמאל דעם גאנצן סך-הכל מיט אלע פרטים ופרטי פרטים.

כה. און כ'איז פארשטאנדיק, אז וויבאלד "איני מבקש לפי כחי אלא לפי כחן"[82], האט מען געגעבן יעדערן דעם כח ער זאל שטיין "באימה וביראה וברתת ובזיע", סיי ווען ער הערט דעם ציווי פון הקב"ה (ווען "הקב"ה קורא ושונה כנגדו"), און סיי ווען ער טוט דעם ענין פון "ויקהל", ועד"ז אויך ווען עס קומט צו דעם ענין פון "פקודי", מיט אלע פרטים שבזה, כמדובר לעיל בארוכה.

און ווען מ'פירט זיך אין דעם אופן האמור, פירט מען אויס דעם אויבערשטן'ס כוונה כדבעי.

און דורך דערויף ווערט אויפגעטאן אז אע"פ אז "ויכס הענן את אוהל מועד"[83], מאכט אבער דער אויבערשטער "למשה שביל בתוכו"[84], און דערפון ווערט א דרך און א שביל פאר יעדער אידן עד סוף כל הדורות,

ביז אז מ'קומט צו "ויקרא אל משה" - ווי מ'האט געלייענט און געלערנט אין תפלת המנחה פון שבת פ' החודש.

און דאס איז מזרז און מחיש אז מ'זאל מקיים זיין דעם ענין מיט אלע פרטים בפועל וכפשוטו, אין ביהמ"ק השלישי, בגהרה בימינו ממש,

- כן -

------------

82) במדב"ר פי"ב, ג. 83) פקודי מ, לד. 84) פרש"י ס"פ משפטים.

כן תהי' לנו, ובעגלא דידן.

* * *

כו. וויבאלד אז בקביעות שנה זו קומען צוזאמען די צוויי ענינים פון פ' החודש און פ' ויק"פ, איז פארשטאנדיק אז זיי האבן א שייכות צווישן זיך - ד.ה. אז די הוראה וואס מ'נעמט ארויס פון פ' החודש איז אויך חל אויף די ענינים וואס מ'לערנט אפ פון פ' ויק"פ, ועד"ז להיפך.

והביאור בזה:

אין דער הוראה האמורה לעיל, אז דער זעלבער שטורעם וואס איז דא ביי אים ווען ער לערנט דעם ציווי פון דעם אויבערשטן צו משה, דארף זיין אויך ווען ער לערנט דאס מיטן זולת, און אויך דערנאך בשעת העשי' בפועל, און אויך דערנאך ווען ער מאכט דעם חשבון צדק - קומט צו די הוראה פון פ' החודש, אז דער ענין דארף זיין אין אן אופן פון "חדש והבא קרבן מתרומה חדשה" - אין אן אופן של חידוש.

כז. דער ביאור אין דעם (בקיצור עכ"פ):

מ'זעט בפועל אז יעדער ענין של התפעלות והתלהבות והתרגשות, און יעדער ענין של הבנה והשגה, איז עומד בשינויים, און אויב ער איז נאר "ישר הולך"[85], ער פירט זיך ווי עס דארף צו זיין, איז ער אין דערויף הולך ומוסיף, אין אן אופן פון "מעלין בקודש", וואס דעמולט איז זיין הבנה והשגה רחבה ועמוקה יותר, ועד"ז איז אויך בנוגע צו זיין רגש און תענוג וכיו"ב.

און ווי מ'זעט בפועל אין דעם ענין פון התלהבות - וואס דער ענין פון התלהבות דריקט זיך אויס אין א ריקוד, אין טפיחה בידים, אדער אין אן ענין של ניגון וכיו"ב - אז אין דערויף זיינען דא שינויים:

אן ענין וואס מיט א טאג פריער האט דאס אים ארויס-גענומען פון זיינע כלים און מדידות והגבלות, און האט ביי אים ארויסגערופן ער זאל אנהויבן זינגען א ניגון של שמחה (אדער להיפך ח"ו), אדער גיין אין א ריקוד - איז מצד דערויף וואס זיינע כלים (זיין פארשטאנד און זיין רגש) זיינען געווארן גרעסער, דופט דאס שוין ניט ארויס ביי אים א יציאה מגדר הנהגתו הרגילה; ער דארף אנקומען צו אן ענין גדול יותר, וואס יענער ענין וועט ביי אים ארויסרופן א תנועה של שמחה און יציאה מגדר הכלים.

- און -

------------

85) ל' הכתוב - מיכה ב, ז.

און ווי מ'זעט אויך בפשטות. אז ווען מ'גיט אן עני א מאכל טוב ביותר וואס ער איז נים רגיל בזה, אדער אז מ'גיט אים א סכום כסף וואס איז שלא לפי ערכו (ער איז נים רגיל בזה) - מאכט דאס אויף אים א שטארקן רושם;

ווען ער גייט אבער ארויס פון דעם מעמד ומצב פון אן עני, און ער ווערט אין א מעמד ומצב של בינוני - גייט ער שוין נים ארויס פון די כלים ווען ער באקומט אזא סכום ווי פריער; אויף ארויסגיין פון די כלים איצטער, דארף ער שוין אנקומען צו א סכום גדול יותר.

און ע"ד ווי דאס איז בנוגע צו ממון און רגש, איז עד"ז אויך בנוגע צו הבנה והשגה, און כל כחות הנפש.

כח. דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען עס הויבט זיך אן א נייער אופן עבודה, אנהויבנדיק פון ר"ח ניסן [וואס ער ווערט געבענטשט אין דעם שבת מברכים שלפניו, בדכה מלשון המשכה[86], נוסף אויף דעם ענין העיקרי פון ברכה כפשוטה],

קען ער נים יוצא זיין מיט דער התלהבות און מיטן שטודעם וואס איז ביי אים געווען (אין אלע ענינים פון ויק"פ) בשנה שעברה, ווארום לגבי זיין נייעם מעמד ומצב, ווען עס הויבט זיך אן א נייער אופן עבודה, איז דאס גאר א קליינע התלהבות (אדער גאר קיין התלהבות נים) -

נאר מ'מאנט ביי אים א התלהבות וואס איז מתאים לויט מעמדו ומצבו בהוה, נאך דער עבודה אין אן אופן חדש,

ד.ה. אז די הוראה פון פ' ויק"פ, דארף זיין אין אן אופן של חידוש, "חדש והבא קרבן מתרומה חדשה", לויט דער הוראה פון פ' החודש.

וע"ד המבואר אין תניא[87] אז "עיקר התשובה בלב, והלב יש בו בחי' ומדרגות רבות כו'", וואס דערפאר איז ווען ער קומט צו א העכערן מעמד ומצב, דארף ער נאכאמאל תשובה טאן אפילו אויף די ענינים וואס לגבי מעמדו ומצבו הקודם זיינען זיי אים נתכפר געווארן, ביז אין אן אופן פון כפרה שלימה,

ווארום לגבי מעמדו ומצבו הקודם, האט ער טאקע תשובה געטאן, אבער נאך דערויף וואס ער איז נתעלה געווארן אין א העכערן עולם, מאנט מען פון אים א העכערע דרגא אין תשובה, און דערפאר דארף ער תשובה טאן נאכאמאל אפי' אויף די ענינים וואס ער האט שוין תשובה געטאן.

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק, אז וויבאלד עס

- מאנט -

------------

86) תו"א מקץ לז, ג. ועוד. 87) פכ"ט (לו, ב).

הנחה הת' בלתי מוגה

מאנט זיך ביי אים דער ענין פון התלהבות. און עס מאנט זיך ביי אים ער זאל זינגען א ניגון של השתפכות הנפש וכיו"ב - איז נים מספיק דאס וואס ער וועט מאריך זיין אין עבודת התפלה אין דעם זעלבן אופן ווי ס'איז געווען ביז א זמן לפנ"ז,

ווארום מצד דעריף וואס כלי שכלו און די מדוה שבלבו זיינען געווארן רחבים יותר, איז וואס וועט ביי אים ארוים-רופן די אמת'ע השתפכות הנפש, "ואשפוך את נפשי"[88] - דוקא ווען עבודת התפלה וועט ביי אים זיין באופן עמוק יותר, בכמות אדער באיכות, אדער איןביידע ענינים.

כט. וכמדובר כמ"פ אז ס'איז דא אמאל וואס דער נה"א דארף אנקומען צו אפלערנען זיך פון דער נה"ב - איז עד"ז אויך בעניננו:

מ'זעט אז ווען דער אויבערשטער גיט א אידן א ברכה אין בני חיי ומזוני רויחי, ובכולם רויחי, איז וואס רופט ארוים ביי אים א התלהבות - דוקא ווען ער באקומט א ריוח הכי גדול וואס איז שלא בערך לגבי די פריערדיקע רויחים, דוקא אזא ענין ברענגט אים צו א התלהבות. וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו דער עבודה פון נה"א.

און עד"ז זעט מען אויך בנוגע צו דעם כבוד וואס מ'גיט אים אפ - אז בתחלת מעמדו ומצבו איז ער שוין געווען צופרידן ווען מ'האט אים געזעצט אינמיטן טיש, אבער אז מ'וועט אים איצטער זעצן אינמיטן טיש, איז קיין התפעלות וועט ער דערפון זיכער נים האבן, און טאמער שטיים ער נאך אין אן אנגעצויגענעם אופן, וועט ער ווערן ברוגז אויף דעם וואס מ'זעצט אים נים בראש השלחן, ווארום אינמיטן טיש איז ער שוין געזעסן בשנה שלפנ"ז.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז מה-דאך אז ער מאנט ביי א בו"ד ער זאל אים געבן מער כבוד, און אוועקזעצן אים פון הויבן-אן (דערפאר וואס ער שטיים שוין אין א מעמד ומצב נעלה יותר), ווייסנדיק אז א בו"ד איז נים קיין שלם, בכילא קען זיין אז יענער האט נאך נים דערגרייכט צו אזא דרגא גבוהה אז ער זאל קענען אפשאצן זיינע מעלות -

איז עאכו"כ אז ווען עס רעדט זיך וועגן עבודתו לקונו, וואס קונו האט אים געגעבן די אלע ענינים וואס ער האט, און ער האט אים געגעבן תוספת כחות אז ער זאל קענען עובד זיין עבודתו ביתר שאת וביתר עז - איז א זיכערע זאך אז איצטער

- דארף -

------------

88) ש"א א, טו.

דארף ער זיך אוועקזעצן בראש פון די עובדים - ניט מתוך גאוה, נאר אין אן אופן פון "הצנע לכת"[89]. עד דארף דאס אבער זען בנוגע לפועל, סיי בנוגע צו עבודת התפלה, און סיי בנוגע צו לימוד התורה (ניט אן עכקות ורחבות און שקו"ט. און ניט אלע פרטים וואס זיינען דא אין לימוד התורה), און סיי בנוגע צו קיום המצוות.

און דאס איז די הוראה וואס עס קומט צו דערפון וואס פ' החודש קומט צוזאמען מיט פ' ויק"פ - אז דער ענין פון פ' החודש, "חדש והבא קרבן כחרוכה חדשה", דארף זיין בנוגע צו די אלע פרטים וואס מ'לערנט אפ פון פ' ויק"פ, כנ"ל באריכה, ועד"ז לערנט מען אויך אפ לאידך גיסא, כמובן מעצמו.

ל. נוסף אויף דערויף וואס אין דעם שבת קומט אויס פ' החודש צוזאמען מיט פ' ויק"פ, קומט צו נאך אן ענין בנוגע צו דער קביעות אין ימי החודש, וואס אין דערויף זיינען דאך דא שינויים משנה לשנה, און בשנה זו איז די קביעה פון דעם שבת אין ימי החודש - אין כ"ה אדר.

וואס בנוגע כ'גיט א קוק אין דעם ספר "דבר יום ביומו", וואס דארטן ווערן געבראכט אלע מאורעות וואס עס האבן געטראפן אין יעדן טאג.

[מ'דארף ניט זיין קיין בקי בדבר. מ'דארף נאר וויסן אז ס'איז דא אזא ספר, און וויסן אויף וועלכע פאליצע דער ספר שטייט, קען מען דערנולם א קוק טאן און זעהן וואס דארטן שטייט].

זעט מען אז כ"ה אדר איז דער יום שבו נברא העולם - לדעת ר"י[90] אז "בניסן נברא העולם", ד.ה. אז אדה"ר איז באשאפן געווארן בר"ח ניסן, וואס עפ"ז קומט אויס אז דער יום ראשון למעשה בראשית איז כ"ה אדר (ע"ד ווי דאס איז לדעת ר"א אז "בתשרי נברא העולם", אז אדה"ר איז באשאפן געווארן בר"ה, און יום ראשון לבריאת העולם איז כ"ה אלול).

לא. די הוראה דערפון (עכ"פ בקיצור) איז:

די ענינים וואס מ'לערנט אפ פון פ' החודש, און די ענינים וואס מ'לערנט אפ פון פ' ויק"פ, זיינען ניט נאר בנוגע צו ענינים וואס זיינען למעלה מעשרה טפחים, ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט "שמים ממעל"[91], נאר אויך ווען עס רעדט זיך וועגן ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט ברה"ע,

- שמים -

------------

89) מיכה ו, ח. 90) ר"ה י, סע"ב ואילך. וש"נ. 91) ל' הכתוב - יתרו כ, ד. ואתחנן ה, ח.

הנחה הת' בלתי מוגה

שמים וכל צבאיהם אין ארץ וכל צבאי׳. ענינים פון וועלט כפשוטו (וואס אין ענין יוצא מידי פשוטו, ואדרבה, דאס איז דער עיקר הפשט), עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו.

ד.ה. אז די הוראה הנ"ל (פון פ׳ ההודש, און פון פ׳ ויק"פ) זיינען ניט נאר בנוגע צו ענינים פון עבודת ה׳ כפשוטה, דער ענין פון לימוד התורה און קיום המצוה, נאר אויך ווען עס רעדט זיך וועגן דער עבודה פון "כל מעשיך יהיו לשם שמים", און "בכל דרכיך דעהו"[92], וואס דאס זיינען ענינים אין וועלכע עס איז מודגש אז דאס איז "דרכיך" און "מעשיך" (ניט קיין ענין וואס שטייט אין שו"ע), נאר מ׳זאגט אז עס דארף זיין "לשם שמים" און אין אן אופן פון "דעהו",

איז אויך ווען עס רעדט זיך וועגן ענינים פון שמים וארץ וכל צבאם, איז וויבאלד אז זיי דארפן אויך זיין אין אן אופן פון "לשם שמים" און "דעהו", איז בנוגע צו זיי אויך נוגע די הוראות הנ"ל -

סיי די הוראה וואס מ׳נעמט ארויס פון פ׳ החודש, אז פון ר"ח ניסן דארף זיך אנהויבן די עבודה אין אן אופן פון "חדש והבא קרבן מתרומה חדשה",

און סיי די הוראה וואס מ׳נעמט ארויס פון פ׳ ויק"פ - אז ווען עס רעדט זיך וועגן א ציווי פון דעם אויבערשטן צו משה רבינו, "כאשר צוה ה׳ את משה", דארף מען דאס איבער׳חזר׳ן יעדער מאל מיטן גאנצן שטורעם, מיט אלע פרטים ופרטי פרטים.

וואס דאס איז אויך כולל דעם אפטייטש אין "צוה ה׳ את משה" מלשון צוותא וחיבור[93] - אז דורך דערויף ווערט דער אויבערשטער איין זאך מיט משה, כולל אויך דעם משה שבכל אחד ואחת מישראל, אז דער אויבערשטער ווערט איין זאך מיט אידן בכל הפרטים,

כולל אויך ווען עס רעדט זיך וועגן שמים וארץ וכל צבאם - וויבאלד אז "בראשית" איז מרמז אז די גאנצע וועלט איז באשאפן געווארן "בשביל ישראל שנקראו ראשית" און "בשביל התורה שנקראת ראשית"[94] - און ביידע ענינים שטייען אין דעם זעלבן ווארט, "ראשית", וואדום זיי ווערן איין זאך, כמבואר בארוכה אין תניא[95] ווי דער משכיל און דער שכל און דער מושכל ווערן איין זאך.

- לב. -

---

92) אבות פ"ב מי"ב. משלי ג, ו. 93) לקו"ת בחוקותי מה, ג. ועוד. 94) פרש"י ר"פ בראשית. 95) פ"ה. וראה מו"ב ח"א פס"ה.

לב. און בשעת מ'סום דעם ענין האמור לעיל בנוגע צו שמים וארץ וכל צבאם וואס זיינען באשאפן געווארן אין ששת ימי בראשית - קומט מען צו צום יום השׁשי, און עס ווערט דער "ויכולו השמים והארץ וכל צבאם"[96], מיט אלע פירושים שבזה -

סיי דער ענין העלי' למעלה וואס ווערט אויפגעטאן אין "מעלי שבתא", און סיי דער ענין התענוג, וואס דאס איז דער צווייטער פירוש אין "ויכולו"[97], דער ענין פון "חמדת ימים אותו קראת", וואס בעיקר ווערט דאס אויפגעטאן אין יומא דשבתא, ועאכו"כ אין דעם זמן פון רעוא דרעוין.

און פון דעם זמן פון רעוא דרעוין, וואס דעמולט איז דער זמן פון סעודה שלישית, ווערט דאס אויך נמשך אין די סעודה הרביעית וואס איז במוצאי שבת, וואס זי ווערט אנגערופן "מלוה מלכה", דערפאר וואס דעמולט איז מען מלוה די מלכה מיטן מלך, כמבואר אין שו"ע[98], און ווי גערעדט באריכה אין דער התוועדות שלפנ"ז[99].

און די אלע ענינים ווערן געטאן אין אן אופן פון "אל תירא עבדי יעקב"[100], וויבאלד אז מ'האט צוזאמען מיט זיך דעם אויבערשטן אליין, ווי גערעדט פריער אז ווען מ'איז מלוה דעם מלך מיטן מלכה, געפינט מען זיך צוזאמען מיט זיי, און אזוי גייט מען אוועק אין כל ימות השבוע מתוך שמחה וטוב לבב.

און דעמולט שטייט מען אין אן אופן פון צוותא וחיבור מיטן אויבערשטן אויך ווען עס רעדט זיך וועגן "כל מעשיך" און "כל דרכיך", ובפרט אז מ'כאפט זיך אז איצטער שטייט שוין דער ציווי פון "כל מעשיך יהיו לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו" אין שו"ע[101], ד.ה. אז דאס איז שוין געווארן א ציווי פון שו"ע,

און ער איז נאך מקיים אויך דעם ענין פון "קדש עצמך במותר לך"[102], און ער איז מקיים דעם ענין פון הידור מצוה נאכמער וויפל ער איז מחוייב ע"פ שו"ע (עד שליש וכיו"ב[103]), און ער טוט דאס על חשבון עצמו און בכחות עצמו, נאר "הקב"ה עוזרו"[104].

און מ'טאנצט גלייך אויף מקבל זיין פני משיח צדקנו, וואס דעמולט וועלן זיין "אהרן ומשה עמהם"[105], און עס וועט

- זיין -

------------

96) בראשית ב, א. 97) ראה אוה"ת בראשית מב, ב ואילך. 98) אדה"ז או"ח ס"ש ס"ב. 99) מוצאי ש"פ בשלח, י"ג שבט ס"ד. 100) ישעי' מד, ב. וראה לקו"ת בלק עב, ב. 101) או"ח סרל"א. 102) יבמות כ, א. 103) ב"ק ט, ב. טושו"ע או"ח ר"ס תרנו. 104) קידושין ל, ב. סוכה נב, ריש ע"ב. 105) יומא ה, ב. וראה הוד"ה אחד - פסחים קיד, סע"ב.

הנחה הת' בלתי מוגה

זיין דער "ויקרא אל משה", און דערנאך וועט דאס אנקומען צו יעדער אידן און צו אלע אידן עד סוף כל הדורות,

כן תהי' לנו, אין ביהמ"ק השלישי שיבנה במהרה בימינו ממש, בביאת משיח צדקנו.

* * *

לג. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה החודש הזה לכם גו'.

* * *

לד. בנוגע צו פירוש רש"י אויף פרשת השבוע - האט מען גערעדט כמ"פ אז וויבאלד פרש"י איז לא חסר ולא יתיר, איז פארשטאנדיק, אז אזוי ווי מ'דארף פארשטיין בדיוק יעדער ווארט (עאכו"כ יעדער ענין) וואס רש"י ברענגט אראפ בפירושו, איז עד"ז אויך לאידך, אז ווען ס'איז דא אן ענין וואס איז דורש ביאור אין פשש"מ, און רש"י איז דאס ניט מבאר, דארף מען האבן א ביאור, היתכן, וויבאלד אז רש"י פיינשט אפ פשש"מ, איז פארוואס איז ער ניט מבאר דעם ענין.

וואס בפרשתנו איז דא א שאלה גדולה וועלכע רש"י פאר-ענטפערט ניט, און די שאלה ווערט נאכמער בהדגשה דערזעהנדיק אן ענין וועלכן רש"י איז מבאר, וואס דאס מאכט נאך שטארקער די קושיא פארוואס שטעלט זיך ניט רש"י אויף דעם צווייטן ענין.

לה. אין פ' פקודי[106] שטעלט זיך רש"י אויף דעם וואס ס'שטייט "ובצלאל גו' עשה את כל אשר צוה ה' את משה", און פיינשט אפ: "אשר צוה אותו משה אין כתיב כאן אלא כל אשר צוה ה' את משה, אפילו דברים שלא אמר לו רבו הסכימה דעתו למה שנאמר למשה בסיני, כי משה צוה לבצלאל לעשות תחלה כלים ואח"כ משכן, אמר לו בצלאל מנהג עולם לעשות תחלה בית ואח"כ משים כלים בתוכו", און אויב מ'וועט פריער מאכן די כלים און ערשט דערנאך דעם משכן, וועט מען דאך ניט האבן וואו צו איינשטעלן די כלים, און אויף דערויף האט אים משה רבינו געזאגט "בודאי כך צוה לי הקב"ה, וכן עשה המשכן תחלה ואח"כ עשה כלים".

וואס דער ענין שטייט אין גמרא, סיי אין בבלי[107] און סיי אין ירושלמי[108], און אין מדרשים[109] ובכ"מ, און רש"י ברענגט דאס אראפ פון דארטן, אבער אין כמה פרטים איז ער משנה דערפון וואס ס'שטייט דארטן;

- אבער -

------------

106) לח, כב. 107) ברכות נה, א. 108) פאה פ"א ה"א (ב, ריש ע"ב). 109) ב"ר פ"א, יד.

אבער אין כאן המקום להאריך בזה, וויבאלד אז מ'האט דאס נאר געבראכט אויף צו בדגיש זיין די שאלה אין דעם ענין וואס דש"י איז ניט כבאר].

וואס עפ"ז ווערט א שאלה:

אזוי ווי "מנהג עולם" איז "לעשות החלה בית ואח"כ משים כלים בתוכו". איז אזוי אויך דער "מנהג עולם" אז ווען מ'בויט א בית, בויט מען פריער די ווענט און ערשט דערנאך שטעלט מען ארויף דעם דאך.

[און אפי' לויט ווי ס'איז געווארן דער סדר אין מדינה זו אין די לעצטע צייטן, אז יעדער זאך דארף זיין קאפויעד, און מ'בויט דעם דאך און ערשט דערנאך בויט מען די ווענט - איז כדי אז דער דאך זאל קענען זיין במציאות, בויט מען פריער עמודים, וואס אויף זיי האלט זיך דער דאך, און דערנאך שטעלט מען צו די ווענט].

און אז מ'גיט א קוק אין פ' תרומה און אין פ' ויקהל, זעט מען אז סיי אין דעם ציווי הקב"ה למשה. און סיי ווען עס ווערט דערציילט ווי מ'האט געבויט דעם משכן בפועל, שטייט פריער אז מ'האט געמאכט די יריעות פון "שש משזר", די "יריעות עזים", און די ידיעות פון "עורות אילים מאדמים" און "עורות תחשים", און ערשט דערנאך שטייט אז מ'האט געמאכט די קרשים פון דעם משכן.

איז ניט פארשטאנדיק: ווי שטימט דאס מיטן "מנהג עולם" אז פריער בויט מען די ווענט, און ערשט דערנאך בויט מען דעם דאך?

וואס בשעת מ'בויט פריער דעם דאך און דערנאך די ווענט (פריער די ידיעות און דערנאך די קרשים), איז דאס א סתירה מיני' ובי', נאכמער ווי בויען פריער די כלים און דערנאך דעם בית - ווארום:

בשעת מ'מאכט פריער די כלים און דערנאך דעם משכן, איז די שאלה נאר וואו וועט מען דערווייליע האלטן די כלים, די שאלה איז אבער ניט אזוי גרויס, ווארום מ'קען האלטן די כלים דארטן וואו מ'האט געהאלטן דעם זהב וכסף ונחושת איידער מ'האט דערפון געמאכט די כלים, אדער אין אן אנדער אופן;

אבער בויען דעם משכן גופא אין אן אופן אז פריער זאל מען מאכן די ידיעות און דערנאך די קרשים, איז דאס ניט נאר אן ענין וואס איז היפך פון "מנהג עולם" (אז פריער בויט מען די ווענט, און ערשט דערנאך דעם דאך), נאר די שאלה איז ביתר שאת וביתר עז: דאס איז אן ענין הפכי אין דעם משכן גופא - צום אלעם ערשטן מאכט מען די יריעות, ווען ס'איז

- נאך -

הנחה הה' בלתי מוגה

נאך אפי׳ ניסא קיין עמודים, און ערשט דערנאך מאכט מען די קרשים?!

און מ׳געפינט ניט אז רש"י זאל ערגעץ באווארענען די שאלה.

לו. די שאלה ווערט ערשט נאך דערויף וואס רש"י ברענגט אראפ אז בצלאל האט גע׳טענה׳ט צו משה רבינו אז "מנהג עולם לעשות תחלה בית ואח"כ משים כלים בתוכו", און משה רבינו האט אויף דערויף מסכים געווען, ווארום לולא זאת וואלט מען געקענט זאגן אז פון "מנהג עולם" איז קיין קושיא ניט בנוגע צו ביתו של הקב"ה - און דערפאר ווערט די שאלה ערשט נאך דערויף וואס רש"י ברענגט אראפ אז דאס איז געווען די טענה פון בצלאל.

וואס בא בצלאל גופא איז געווארן א ספק, אפשר איז דער "מנהג עולם" ניט שייך בנוגע צו ביתו של הקב"ה - וואס אין דערויף זיינען דא צוויי סברות:

לכאו׳ קען מען זאגן אז דאס איז אויך שייך בא ביתו של הקב"ה, מצד דעם זעלבן טעם - וואו וועט מען דערווייליע לייגן די אלע כלים (וואס די סברא איז שייך סיי בנוגע צו א בית של בו"ד, און סיי בנוגע צו ביתו של הקב"ה),

מ׳קען אבער זאגן אז בנוגע צו ביתו של הקב"ה האט געוואוסט בצלאל און משה רבינו און אלע אידן, אז "לה׳ הארץ ומלואה תבל ויושבי בה"[110], איז במילא בשעת מ׳וועט מאכן דעם ארון, דעם שלחן, די מנורה און אלע אנדערע כלים, און דאס וועט שטיין אין מדבר, איז דאס אויך ביתו של הקב"ה.

אבער עפ"ז ווערט די שאלה: צוליב וואס דארף דער אויבערשטער האבן דעם משכן, ער האט דאך די גאנצע וועלט, השמים ושמי השמים הארץ וכל אשר בה? - נאר דער אויבערשטער וויל אז ס׳זאל זיין דער "ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם", אז ס׳זאל זיין בדוגמא ווי דאס איז בא די אויף וועלכע מ׳זאגט "ושכנתי בתוכם", ס׳זאל זיין בדוגמת א בית פון א בו"ד (להבדיל).

און אויף דערויף האט בצלאל גע׳טענה׳ט אז וויבאלד דער אויבערשטער וויל אז ביתו זאל זיין אזוי ווי דער "מנהג עולם" - איז "מנהג עולם לעשות תחלה בית ואח"כ משים כלים בתוכו".

און דערפאר איז נאך דערויף וואס מ׳ווייסט אז בצלאל

- האט -

------------

110) תהלים כד, א.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

האט געסענה'ט די טענה, און משה רבינו האט אנגענומען זיין טענה - ווערט אויך די שאלה: פארוואס האט מען פריער געמאכט די יריעות און ערשט דערנאך די קרשים. "מנהג עולם" איז דאך מאכן פריער די ווענט און ערשט דערנאך דעם דאך.

וכפי שיתבאר לקמן ע"ד הפשט, און אויך ע"ד הרמז.

לז. אין דערויף קומט אויך צו דער דיוק אין דעם לשון "ואח"כ משים כלים בתוכו" - וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק:

דא האט זיך דאך גיט געהאנדלט וועגן אריינשטעלן פארטיקע כלים אין משכן (אז משה רבינו זאל געבן צו בצלאל פארטיקע כלים, און ער זאל דאס נאר דארפן אריינשטעלן אין משכן), נאר וועגן עשיית הכלים, האט די טענה פון בצלאל געדארפט זיין בנוגע צו עשיית הכלים, אז "מנהג עולם לעשות תחלה בית ואח"כ לעשות כלים" (אדער אן אנדער לשון וכיו"ב), איז פארוואס רעדט ער וועגן "משים כלים בתוכו"?

איז דער ביאור בזה:

דער "מנהג עולם" איז, אז דער וואס איז עושה א בית (היינו מבוגר וכו'), האט שוין כלים פון פריער (שהשתמש בהם עד אז), נאר לאחרי עשיית הבית ברייננט ער אהינצו די כלים, און דערפאר איז דער לשון "ואח"כ משים כלים בתוכו".

לח. בנוגע צו די הערות אויפן זהר פון דער פרשה - איז דא אן ענין אין זהר פ' פקודי וואס איז פארבונדן מיט דעם ענין אין וועלכן מ'איז זיך איצטער עוסק, אלס "כל מעשיך יהיו לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו" - וואס יעדערער פירט דאך אן מיט די פאליטיקע פון דער גאנצער וועלט, עאכו"כ מיט די פאליטיקע פון א"י, עאכו"כ מיט די פאליטיקע פון "זאת מנוחתי עדי עד"[111], וואס דאס גייט אויף ירושלים, וואס זי ווערט אנגערופן "מנוחה"[112].

אין זהר פ' פקודי[113] שטייט "פתח ארונא ואמר זאת מנוחתי עדי עד פה אשב כי אויתי' [וואס פריער איז דער ארון געווען אין אן אופן פון "ואהי' מתהלך באוהל"[114], ער איז געווען אין משכן, און איז ארומגעגאנגען אין מדבר, און דערנאך איז ער געווען אין שילה, נוב וגבעון - און ווען ער איז געקומען אין ביהמ"ק, איז "פתח ארונא ואמר זאת מנוחתי עדי עד פה אשב כי אויתי'"], ר' ייסא אמר האי קרא כנסת ישראל אמרה וכו', ר' חזקי' אמר קב"ה אמר לי' על כנסת ישראל כו'".

- און -

---

111) תהלים קלב, יד. 112) זבחים קיט, א. ספרי עה"פ ראה יב, ט. 113) רכב, ב. 114) ש"ב ז, ו. וראה שהש"ר פ"א, טז [ג].

און ער איז מבאר אין די הערות[115], אז די דריי דעות (וועג האס געזאגט דעם פסוק "זאת מנוחתי עדי עד") זיינען כנגד דעם סדר פון די ספירות יסוד הוד און נצח, און ווי ער איז מבאר די שייכות פון די דריי ספירות צו ארונא, כנסת ישראל און קב"ה.

ער איז אבער ניט מבאר וואס איז דער ענין דערפון אין עבודת ה׳, און וואס איז דער ענין דערפון אין פשטות פון זהר (ס׳איז טאקע ניט קיין ענין פון מקרא, אדער משנה און גמרא, עס דארף אבער זיין אין דערויף א ביאור אין פשטות פון זהר, ניט נאר ווי דאס איז אין ספירות).

וכפי שיתבאר לקמן.

לט. דובר בארוכה אודות המצב באה"ק.

* * *

מ. דער ביאור אין דער הערה אויפן זהר - וועט זיין פארשטאנדיק בהקדים נאך אן ענין:

אין דעם כללות הענין פון "אני נבראתי לשמש את קוני", לעשות לו ית׳ דירה בתחתונים, וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך לימוד התורה און קיום המצוות - איז דער סדר בזה אז עס דארפן זיין דריי ענינים:

צום אלעם ערשטן דארף זיין דער ענין פון לימוד התורה, און דערנאך ווערט דאס א לימוד וואס איז מביא לידי מעשה, וואָרום דורך דעם וואס ער לערנט תורה, ווייסט ער ווי אזוי צו מקיים זיין די מצוות.

דערנאך קומט דער ענין פון מעשה בפועל, וואס אויף דערויף מוז דער אויבערשטער (כביכול) אנקומען צו אידן, וואָרום די תורה איז "לא בשמים היא"[116].

און דערנאך קומט דער ענין פון "שכר מצוה", וואס אין דערויף זיינען דא כו"כ דרגות:

דער רמב"ם איז מבאר אין פיהמ"ש[117] (ובקיצור - אין הל׳ תשובה[118]) אז דער סדר הלימוד הויבט זיך אן פון "שלא לשמה" אן עבודה צוליב דעם ענין פון שכר,

און אין "שלא לשמה" גופא זיינען דא כמה דרגות - צוליב שכר פון ממון, צוליב שכר פון כבוד וכו׳, ביז צו דער

- העכסטער -

------------

115) לקוטי לוי"צ לזח"ב ע׳ קכב. 116) ב"מ נט, ב.
117) לסנהדרין פ׳ חלק ד"ה וכה הפישית. 118) פ"י ה"ה.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

העכסטער דרגא וואס איז דא אין "שלא לשמה" - צוליב דעם שכר וואס ער וועט האבן אין עוה"ב וכיו"ב,

ביז צו תכלית השליכות אין עבודה - די עבודה "לשמה". אויף צו מקיים זיין רצון הקב"ה.

און ס'איז מבואר אין תניא[119] אז די דרגא הכי נעלית אין דעם ענין פון "שכר מצוה" איז דער ענין פון "שכר מצוה מצוה"[120], אז "שכר מצוה היא מצוה עצמה". ווארום מצוה איז מלשון צוותא וחיבור[35], דורך דעריף ווערט ער איין זאך מיטן אויבערשטן, וואס דאס איז דער גרעסטער שכר וואס קען נאר זיין.

ובלשון פון נגלה - איז דאס דער ענין פון "נחת רוח לפני שאמרתי ונעשה רצוני"[121], וואס דאס איז תכליה העילוי אין דעם ענין השכר, אז ער טוט אויף דעם ענין פון "נחת רוח לפני".

וואס דאס זיינען די דריי ענינים כלליים וואס זיינען דא אין כללות קיום התומ"צ - דער ענין פון לימוד התורה, דער ענין פון קיום המצוות בפועל, און דער "נחת רוח" וואס ווערט אויפגעטאן ביים אויבערשטן דורך דעם ענין פון לימוד התורה וקיום המצוות.

מא. די דריי ענינים הנ"ל זיינען מרומז אין די דריי דעות וועלכע האט געזאגט דעם פסוק "זאת מנוחתי עדי עד גו'" - "פתח ארונא ואמר", "כנסת ישראל אמרה", און "קב"ה אמר לי'". והביאור בזה:

דער ענין פון "פתח ארונא ואמר זאת מנוחתי עדי עד פה אשב כי אויתי'", באווייזט אויף דעם ענין פון תכלית השלימות אין לימוד התורה, ווארום:

"ארונא" באווייזט אויף דעם ענין פון לימוד התורה, וויבאלד אז "אין בארון רק שני לוחות האבנים"[122], וואס די לוחות זיינען געווען "מזה ומזה הם כתובים"[123], דארטן זיינען כלול אלע ענינים שבתורה[124], און "ליכא מידי דלא רמיזא באורייתא"[125].

און ס'איז פארשטאנדיק אז כדי ס'זאל זיין דער לימוד התורה בשליכות, דארף זיין דער מעמד ומצב פון "זאת מנוחתי

- עדי -

------------

119) פל"ט (נב, ב). 120) אבות פ"ד מ"ב. 121) ספרי ופרש"י עה"פ פינחס כח, ח. 122) מ"א ח, ט. דה"י ה, י. 123) תשא לב, טו. 124) ירושלמי שקלים פ"ו ה"א. 125) ראה תענית ט, א.

הנחה הת' בלתי מוגה

עדי עד", א מעמד ומצב של מנוחה ושלוה [און אין אן אופן פון "עדי עד" - כמבואר אין ביאוה"ז ר"פ וארא[126], און אין לקו"ת פון היינטיקער פרשה[127] דער ענין פון "עדי עד"],
בדוגמא ווי ס'שטייט אין מכילתא[128] אז "לא ניתנה תורה אלא לאוכלי המן", כידוע[129] דער ביאור בזה, אז כדי צו לערנען תורה בשלימות (פארשטיין די תורה לעומקה וכו'), דארף מען האבן א מעמד ומצב של מנוחה ושלוה, ביז צו די מנוחה ושלוה וואס עס האבן געהאט די "אוכלי המן".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון "פתח ארונא ואמר זאת מנוחתי עדי עד", באווייזט אויף דעם ענין פון לימוד התורה בתכלית השלימות, וואס דאס איז דער ערשטער ענין וואס עס דארף זיין אין כללות עבודת האדם - דער ענין פון לימוד התורה.

מב. נאך דערויף וואס ס'איז דא דער ענין פון לימוד התורה בתכלית השלימות, ווערט אויך דער ענין פון קיום המצוות בשלימות - און בשעת אז ביי אידן איז דא דער ענין פון לימוד התורה און קיום המצוות בשלימות, שטייען אידן אין א מעמד ומצב של שלימות, ביז וואנעט אז אידן (כנס"י) זאגן "זאת מנוחתי עדי עד פה אשב כי אויתי'".

און דער ענין פון לימוד התורה וקיום המצוות אין אן אופן פון שלימות, איז מרומז און פארשטאנדיק פון פשטות הפסוק "זאת מנוחתי עדי עד", וואס דאס איז פארבונדן מיט אה"ק (און מיט ירושלים) כפשוטה:

דער ענין פון לימוד התורה און קיום המצוות בשלימות, קען זיין דוקא אין אה"ק - ווארום עס זיינען דאך דא די מצוות התלויות בארץ, ועד"ז איז אויך בנוגע צו לימוד התורה, כמרז"ל[130] אויפן פסוק[131] "וזהב הארץ ההיא טוב", אז "אין תורה כתורת א"י", און ווי די גמרא[132] זאגט אז "חד מינייהו עדיף כתרי מינן".

און דער ענין וואס אידן שטייען אין א מעמד ומצב פון שלימות, וואס דעמולט זאגן זיי "זאת מנוחתי עדי עד גו'", איז פארבונדן דערמיט וואס אידן ווערן אנגערופן "כנסת ישראל" - וואס אויף דערויף זאגט ער אין זהר אז "האי קרא ("זאת מנוחתי גו'") כנסת ישראל אמרה":

עס זיינען דא מצוות וואס ניט יעדערער קען זיי מקיים

- זיין -

------------

126) לח, סע"א ואילך. 127) פקודי ר, ב ואילך. 128) ר"פ בשלח. שם טז, ד. 129) ראה לקו"ש חגה"ש תשל"ח ס"ז.
130) ב"ר פט"ז, ד. 131) בראשית ב, יב. כתובות עה, סע"א.

זיין, ע"ד ווי די מצוות התלויות בארץ, וואס זיי קען מקיים זיין נאר א איד וואס געפינט זיך אין א"י, ועד"ז זיינען דא מצוות וואס זיינען פארבונדן מיט א לוי דוקא, מצוות וואס זיינען פארבונדן מיט א כהן דוקא, און מצוות וואס זיינען פארבונדן מיט "ראשיכם" דוקא, מיט "מאן מלכי רבנן"[133] ביז צו מצוות וואס זיינען פארבונדן מיט א מלך כפשוטו;

ווען עס איז אבער דא דער ענין פון "כנסת ישראל", אז אידן קלייבן זיך און שטייען אלע צוזאמען, ווערט דאס א קומה אחת שלימה, אויך בנוגע צו לימוד התורה וקיום המצוות, ווארום מ'האט דעם קיום בפועל פון אלע מצוות, ביז אפי' די מצוות התלויות במלך.

דורך דעם ענין פון לימוד התורה, אז א איד לערנט וועגן די מצוות פון דעם מלך, ווערט טאקע אויפגעטאן דער ענין פון "כל העוסק בתורת כו' כאילו כו'"[134] - דאס קומט אבער ניט צו דעם קיום המצוות וואס דער מלך איז מקיים בפועל,

ברוגמא ווי ר"י האט געזאגט אז "לכשיבנה ביהמ"ק אביא חטאת שמינה"[135], אע"פ וואס ביי אים איז זיכער געווען דער ענין פון "כל העוסק בתורת חטאת כאילו הקריב חטאת" - ווארום דער לימוד ההלכות קומט ניט צום קיום המצוה בפועל.

און דערפאר דארף מען אנקומען צו דעם ענין פון "כנסת ישראל", אז אלע אידן זאלן זיך צוזאמענקלייבן און שטיין צוזאמען, וואס דעמולט זיינען אידן א קומה אחת שלימה, אויך בנוגע צו לימוד התורה וקיום המצוות, ווארום מ'האט דעם קיום בפועל פון אלע מצוות, אויך די מצוות התלויות בארץ, די מצווה וואס זיינען פארבונדן מיט א כהן ולוי, ביז צו די מצוות וואס זיינען פארבונדן מיטן מלך.

וואס דאס איז דער צווייטער ענין כללי אין עבודת האדם - דער ענין פון קיום המצוות בפועל, וואס דעמולט (ווען ס'איז דא דער ענין פון לימוד התורה און קיום המצוות בשלימות) שטייען אידן אין א מעמד ומצב של שלימות, און זיי זאגן "זאת מנוחתי עדי עד פה אשב כי אויתי'", וואס דאס איז די צווייטע דעה אין זהר, אז "האי קרא כנסת ישראל אמרה".

מג. און דערנאך קומט דער דריטער ענין - דאס וואס עס ווערט אויפגעטאן דער ענין פון "נחת רוח לפני שאמרתי ונעשה רצוני":

בשעת אז ס'איז דא דער ענין פון "פתח ארונא ואמר זאת

- מנוחתי -

------------

133) ראה גיטין סב, סע"א. 134) מנחות קי, א. ועוד.
135) שבת יב, ב.

מנוחתי עדי עד פה אשב כי אויתי׳", דער ענין פון לימוד התורה בשלימות, און ס׳איז דא דער ענין פון "האי קרא כנסת ישראל אמרה", אז אידן שטייען אין א מעמד ומצב של שלימות (דורך דעריף וואס ס׳איז אויך דא דער ענין פון קיום המצוות בשלימות) -

ווערט דעמולט אויפגעטאן דער מעמד ומצב פון "נחת רוח לפני שאמרתי ונעשה רצוני" - וואס דאס איז די דריטע דעה אין זהר, אז "קב"ה אמר לי׳", דער אויבערשטער האט געזאגט דעם פסוק "זאת מנוחתי עדי עד".

מד. אין דעריף קומט צו נאך א הוראה:

אלס הקדמה צום כללות הענין פון עבודת ה׳, דארף מען האבן דעם ענין פון יראת שמים, וואס יראה ווערט אנגערופן "תרעא לדרתא"[136] לגבי תומ"צ, און ס׳איז מבואר אין תניא[137] אז "ראשית העבודה ועיקרה ושרשה" איז דער ענין פון יראה און קבלת עול.

און דער ענין פון יראה איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון "זאת מנוחתי עדי עד גו׳", וואס דאס איז געזאגט געווארן ווען דער ארון איז אנגעקומען אין ירושלים - ווארום דער ענין פון ירושלים איז פארבונדן מיט דעם ענין פון יראה, ווי תוס׳[138] טייטשט אפ אז "ירושלים" איז "על שם יראה ועל שם שלם",

ובפרט ע"פ המבואר אין לקו"ת[139] דער ענין פון "והשתחוו לה׳ בהר הקודש בירושלים"[140], אז דארטן איז געווען דער ענין ההשתחוי׳ (דער ענין פון יראה וביטול) בשלימותה,

ביז ווי דאס איז בפשטות - ווי ס׳איז מבואר בכ"מ[141], אז בשעת אידן זיינען געקומען אין ירושלים צוליב דעם ענין פון מעשה שני וכיו"ב, און דארטן האבן זיי געזעהן "מקום שכינה וכהנים בעבודתם ולוים בדוכנם וישראל במעמדם", האט דאס גע׳פועל׳ט אויף זיי אז זיי זיינען פון דארטן אוועקגעגאנגען מיט יראת שמים שלימה.

מה. אלס הקדמה צו דעם וואס שטייט אין זהר "פתח ארונא ואמר זאת מנוחתי עדי עד כו׳", שטעלט ער זיך דארטן[142] אויפן

- פסוק -

---

136) ראה שבת לא, ריש ע"ב. תניא פמ"ג. 137) רפמ"א. 138) ד"ה הר - תענית טז, א. 139) ר"ה ס, א-ב. 140) ישעי׳ כז, יג. 141) תוד"ה כי מציון - ב"ב כא, א. דשב"ס עה"פ ראה יד, כג. וראה לקו"ש ויצא תשל"ז הע׳ 47 ובשוה"ג שם. 142) רכב, א ואילך.

הנחת הה׳ בל"תי מוגה

פסוק[143] "יפה נוף משוש כל הארץ הר ציון ירכתי צפון קרית מלך רב". און ער זאגט אויף דערויף, אז "כד ברא קב"ה עלמא אשדי חד אבנא . . ושקע עד תהומא ורישא הדא דההוא אבנא נעיץ גו תהומי ורישא אחרא לעילא . . באמצעיתא דעלמא ומתמן אתפשט עלמא לימינא ושמאלא ולכן סטרין . . וההיא אבנא אתקרי שתי' דמנה אשתיל עלמא לכל סטרין".

וואס די "אבן שתי'", וואס זי געפינט זיך אין ירושלים און אין ביהמ"ק[144], איז אמצעו של העולם, און פון דארטן ווערט נתפשט די גאנצע וועלט.

און דערנאך איז דער זהר ממשיך, אז "בתלת גוונין אתפשטת ארעא סחרני' דההוא נקודה", אז עס זיינען דא דריי סיבובים ווי די וועלט ווערט נתפשט ארום די "אבן שתי'":

"אתפשטותא קדמאה איהו בי מקדשא וכל אינון היכלין ועזרות . . וירושלים", וואס דאס איז די ערשטע התפשטות וואס ווערט נתפשט מסביב פון דער "אבן שתי'", און דערנאך איז דא דער צווייטער סיבוב, "אתפשטותא תניינא כל ארעא דישראל", און דערנאך איז דא דער דריטער סיבוב, "אתפשטותא תליתאה איהו כל שאר ארעא אחר בי מותבא דשאר עמין",

ד.ה. אז דער ענין פון "אבן שתי'" וואס געפינט זיך אין ירושלים און אין ביהמ"ק, ווערט נתפשט אין דער גאנצער וועלט, ביז וואנעט אז דאס נעמט דורך אפי' די אוה"ע, און דאס פועל'ט אז זיי העלפן ארויס אידן בכל עניניהם.

און דערנאך איז דער זהר ממשיך, אז ווען דער ארון איז אנגעקומען צו דעם ארט וואו עס געפינט זיך די "אבן שתי'", וואס אויף דעם ארט שטייט "יפה נוף משוש כל הארץ גו'" — איז "פתח ארונא ואמר זאת מנוחתי עדי עד פה אשב כי אויתי'".

וואס דעם פסוק "זאת מנוחתי עדי עד" ברענגט דער רמב"ם אין אנהויב פון הל' ביהב"ח[145], אז דערפון לערנט מען אפ אז "כיון שנבנה המקדש בירושלים נאסרו כל המקומות כולן לבנות בהן בית לה' ולהקריב בהן קרבן, ואין שם בית לדורי הדורות אלא בירושלים בלבד ובהר המורי'",

און ווי גערעדט אמאל בארוכה[146] דעם ביאור אויף דעם וואס דער רמב"ם איז זיך ניט מסתפק מיט א ראי' פון איין פסוק ("ויאמר דוד זה הוא בית ה' האלקים וזה מזבח לעולה לישראל"[147]), נאר ער ברענגט נאך א ראי' פון דעם פסוק "זאת מנוחתי עדי עד".

- מו. -

---

143) תהלים מח, ג. 144) ראה גם יומא נג, ב במשנה.
145) פ"א ה"ג. 146) ראה שיחת ט"ו באב תשל"ו. לקו"ש פקודי תשל"ז הע' 12. 147) דה"א כב, א.

מז. און "אין מקרא יוצא מידי פשוטו"[148], און אין ענין יוצא מידי פשוטו - אז תכלית הכוונה פון כל מעשינו ועבודתנו במשך כל זמן הגלות איז, אז ס'זאל זיין דער ענין פון "מיד הן נגאלין"[149], כמבואר אין תניא[150], און פארשטאנדיק בפשטות פון כמה מדרשי רז"ל, ביז צו פסקי דינים בפועל,

וואס דעמולט וועט מען מקיים זיין דעם ענין פון "ושם נעשה לפניך את קרבנות חובותינו", אין אן אופן פון "כמצות רצונך"[151],

ווארום עס וועט זיין דער ענין פון שלימות העם, שלימות פון כנס"י, צוזאמען מיט שלימות התורה, די שלימות פון דעם ארון, צוזאמען מיט שלימות הארץ - וואס דאס איז דער ענין פון "זאת מנוחתי עדי עד", ווארום דאס גייט אויף ירושלים, און פון דארטן איז זיך דאס מתפשט אין גאנץ א"י (ווי ער זאגט אין זהר),

און פון דארטן ווערט דאס נתפשט אין דער גאנצער וועלט. און דאס פועל'ט אז אוה"ע העלפן ארויס אידן בכל עניניהם.

און תיכף ומיד קומט די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, במהרה בימינו ממש.

* * *

מז. דער ביאור אין פרש"י (בקיצור עכ"פ):

אויפן פסוק[152] "וכל הנשים אשר נשא לבן אותנה בחכמה טוו את העזים", טייטשט אפ רש"י: "היא היתה אומנות יתירה שמעל גבי העזים טווין אותן", וואס דער טעם אויף דערויף בפשטות איז, כדי אז ס'זאל זיין לעבעדיקער און פרישער, און ס'זאל האבן ליחות וכו', ווי ס'שטייט אין ספורנו[153] און אין אנדערע מפרשי התורה.

וואס דאס איז אן ענין וואס איז פארשטאנדיק בפשטות (וואס דערפאר דארף דאס רש"י ניט אויסטייטשן) - ווארום דער בן חמש למקרא פארשטייט אז ווען דאס געפינט זיך נאך "על גבי העזים", איז דאס פרישער און לעבעדיקער, און דאס האט אין זיך א חיות און א שטארקייט, משא"כ נאך דערויף וואס מ'שניידט דאס אפ.

עפ"ז וועט מען פארשטיין פארוואס האט משה רבינו

- געהייסן -

------------

148) שבת סג, א. וש"נ. 149) רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ה. 150) רפל"ז. 151) ראה וככה תרל"ז פי"ז ואילך. 152) ויקהל לה, כו. 153) עה"פ.

בעדייכן אז די ערשטע זאך זאל מען מאכן די יריעות, און ערשט דערנאך די קרשים:

בשעת אידן האבן געבראכט צו משה רבינו נדבת המשכן, אין אן אופן פון "ויבואו האנשים על הנשים"[154], און די נשים וואס "טוו את העזים" האבן געבראכט מיט זיך די ציגן - איז ווען משה רבינו וואלט געהייסן אז פריער זאל מען בויען די קרשים, די עמודים, די אדנים און די בריחים וכו׳, און ערשט דערנאך מאכן די יריעות, וואלט געווען א מורא׳דיקע רחמנות אויף די ציגן, ווארום מ׳וואלט גערארפט האלטן די ציגן במשך זמן ארוך,

ווארום אויב מ׳וועט אפשניידן דעם מטווה פון די עזים, און מ׳וועט ווארטן מיט עשייה היריעות ביז נאך דערויף וואס מ׳וועט מאכן די קרשים וכו׳, וועט דאך אפפאלן דער גאנצער קונץ וואס זיי האבן באוויזן אין דעם וואס "טוו את העזים", אז מ׳זאל זיין פריש וכו׳ (ביז וואנעט אז ס׳שטייט בפירוש אין תושב"כ אז מ׳זאל וויסן אז ס׳איז געווען אזא קונץ פון "טוו את העזים"),

קומט אויס אז מ׳וואלט גערארפט האלטן די ציגן, און זיך מטפל זיין מיט זיי במשך זמן ארוך, במילא וואלט געווען אז ענין פון צער בעלי חיים וכו׳ - און אויף צו באווארענען דעם ענין, האט משה רבינו געהייסן אז צום אלעם ערשטן זאל מען מאכן די יריעות, וואס דורך דעם וועט מען קענען באפרייען די עזים.

מח. און דאס איז דער חילוק צווישן די יריעות מיט די קרשים - אז די יריעות האט מען געדארפט מאכן גלייך, כדי צו באפרייען די עזים, משא"כ בנוגע צו די קרשים, וואס דארטן איז נים אזוי געווען נוגע צו מקדים זיין עשיית הקרשים וואס פריער, ווארום:

אויפן פסוק[155] "ועשית את הקרשים למשכן", שטעלט זיך רש"י און איז מבאר פארוואס שטייט "הקרשים" (מיט א ה"א הידיעה) און נים "קרשים", אז דאס מיינט "מאותן העומדין ומיוחדין לכך, יעקב אבינו נטע ארזים במצרים וכשמת צוה לבניו להעלותם עמהם כשיצאו ממצרים ואמר להם שעתיד הקב"ה לצוות אותן לעשות משכן במדבר מעצי שטים ראו שיהיו מזומנים בידכם", און רש"י פירט אויס "הוא שיסד הבבלי בפיוט שלו טס מטע מזורזים קורות בתינו ארזים כו׳".

ד.ה. אז זיינט חמשה עשר בניםן ווען מ׳איז ארויס פון

- מצרים -

---

154) ויקהל שם, כב. 155) תרומה כו, טו.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

כצרים האט מען געהאלטן מיט זיך די ארזים אויף צו מאכן דערפון די קרשי המשכן, וואס דער ציווי אויף עשית המשכן איז דאך געווען ערשט למחרת יוהכ"פ[156].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז פונקט ווי מ'האט געקענט האלטן די ארזים ביז דעמולט, האט מען זיי געקענט האלטן נאך א שטיקל צייט, ביז ווען מ'וועט ענדיקן מאכן די יריעות.

מט. ע"פ האמור לעיל אז צום אלעם ערשטן האט מען געדארפט מאכן די יריעות כדי צו באפרייען די עזים (וואס דערפאר האט מען געמאכט די יריעות פאר די קרשים, אע"פ אז מנהג העולם איז צו מאכן פריער די ווענט און ערשט דערנאך דעם דאך) - האט מען לכאו' געדארפט מאכן די "יריעות עזים" פאר די אנדערע יריעות, איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס האט מען פריער געמאכט די יריעות פון "שש משזר", און ערשט דערנאך די "יריעות עזים"?

איז דער ביאור בזה:

דאס וואס מ'האט געמאכט די יריעות איידער מ'האט געמאכט די קרשים, איז געווען דערפאר וואס עשית הקרשים וכו' דארף נעמען א משך זמן ארוך, האט מען ניט געוואלט האלטן די עזים אזוי פיל צייט.

ווען עס רעדט זיך אבער וועגן די יריעות גופא. צי מ'זאל מאכן פריער די יריעות פון "שש משזר", אדער פריער די "יריעות עזים" - איז ווען ביידע זאכן וואלטן געדארפט געמאן ווערן דורך די זעלבע מענטשן. און עשית היריעה פון "שש משזר" וואלט גענומען א משך זמן ארוך, וואלט מען טאקע געמאכט פריער די "יריעות עזים",

אבער אזוי ווי מ'האט געקענט מאכן די יריעות פון "שש משזר" און די "יריעות עזים" דורך באזונדערע מענטשן, און עשית היריעות פון "שש משזר" האט ניט געדארפט נעמען א משך זמן ארוך - האבן די יריעות פון "שש משזר" א קדימה לגבי די "יריעות עזים",

וואדום דער בן חמש למקרא האט שוין געלערנט אז די "יריעות עזים" זיינען געווען "לאוהל על המשכן"[157], און רש"י טייטשט אפ: "לפרוש אותן על היריעות התחתונות" (די יריעה פון "שש משזר") - און כמנהג העולם איז אז פריער מאכט מען דעם כיסוי שלמטה, און ערשט דערנאך מאכט מען דעם כיסוי

- שעליו -

------------

156) פרש"י ר"פ ויקהל. וראה גם תשא לג, יא.
157) הרוכה שם, ז.

שעיר, איז וויבאלד אז עס האנדלט זיך ניט וועגן א משך זמן ארוך, האבן די יריעות פון "שש משזר" א קדימה לגבי די "יריעות עזים".

נ. דער לימוד דערפון אין הנהגת האדם:

דערפון זעט מען אויף וויפל ס'איז נוגע דער צער פון א צווייטן, אפי' ווען עס רעדט זיך וועגן צער בעלי חיים, אז כדי צו באווארענען דעם ענין פון צער בעלי חיים, האט משה רבינו געהייסן אז מ'זאל פריער מאכן די יריעות און דערנאך די קרשים, אע"פ אז דער מנהג העולם איז, אז פריער בויט מען די ווענט, און ערשט דערנאך דעם דאך.

ועאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן צער פון א בן אדם, ועאכו"כ בנוגע צו א אידן, "אתם קרויין אדם"[158], ע"ש אדמה לעליון[159] - אז ווען ער זעט א אידן וואס שטייט אין א מעמד ומצב פון ערום פון המצוות, "כי תראה ערום"[160], ווי ער טייטשט אפ אין הדבא"ר[161] "אין לך ערום . . אלא מי שאין בו תורה ומצוות", דארף גלייך זיין דער "וכסיתו".

און אז ער הייבט אן טראכטן בא זיך אז ער וועט טאקע מקיים זיין דעם "וכסיתו". ער וועט אבער טאן שפעטער, ווארום פריער דארף ער דאווענען, און ער דארף לערנען, און דארף עסן פרישטיק. און דארף טאן אין "הנהג בהן מנהג דרך ארץ"[162], און ער דארף זיך אויסרוהען נאכן עסן וכו', און ערשט דערנאך וועט ער מקיים זיין דעם "וכסיתו" -

זאגט מען אים אז אע"פ אז דאס איז טאקע מנהגו של עולם, אבער אעפ"כ, דארף ער זיך רעכנען מיט דעם צער פון דעם אידן און באווארענען אז ס'זאל ניט זיין קיין ענין דמצער (במכש"כ וק"ו דערפון וואס מ'האט זיך גערעכנט מיט דעם ענין פון צער בעלי היים, און דערפאר געטאן אן ענין וואס איז דער היפך פון מנהג העולם), עאכו"כ ווען יענער איד שטייט אין א מעמד ומצב של "ערום", ועאכו"כ ווען מ'זעט אז ער ווייסט גאר ניט אז ער איז אן "ערום", וואס דעמולט איז די רחמנות אויף אים כמ"פ ככה.

נא. און דאס איז דער ענטפער צו די וואס טענה'ן, אז בשלמא ווען א איד קומט צוגיין צו אים און בעט אים וכו', דעמולט דארף זיין דער ענין פון "פתוח תפתח"[163] און "הוכח תוכיח"[164],

- מיט -

------------

158) יבמות סא, רע"א. 159) של"ה ג, ב. שא, ב. ובכ"מ.
160) ישעי' נח, ז. 161) פכ"ז. 162) ברכות לה, ב.
163) ראה טו, ה. 164) קדושים יט, יז.

הנחה הת' בלתי מוגה

ביט א"ע פסוקים וואס רעדן ווי אזוי כ'דארף ארויסהעלפן א צווייטן אידן; אבער גיין אין גאס און זוכן א אידן וואס איז אן ארעמאן, און מקיים זיין דעם "כי תראה ערום וכסיתו" - ער זעט ניט קיין חיוב בדבר!

זאגט מען אים אז ס'איז דא דער ציווי פון תורה "כי תראה ערום וכסיתו", און לויט תורת הבעש"ט איז פארשטאנדיק, אז דאס וואס מ'האט אים באוויזן אז ס'איז דא א איד וואס איז אן "ערום", איז דאס ניט דערפאר וואס מ'וויל מגנה זיין און מצער זיין ח"ו א צווייטן אידן (באווייזן אז ער איז אן "ערום"); דער איינציקער טעם פארוואס מ'האט אים דאס באוויזן איז, דערפאר וואס זיין תפקיד איז אויפטאן דעם "וכסיתו", און דאס דארף אפגעטאן ווערן תיכף ומיד.

און אזוי ווי דאס איז בנוגע צו "כי תראה ערום", איז אזוי אויך בנוגע צו "כי תשמע" - ווען מ'קומט צו אים און מ'דערציילט אים אז ס'איז דא א איד וואס שטייט אין א מעמד ומצב של "ערום", דארף ער וויסן אז דאס וואס מ'האט אים דערציילט וועגן דערויף, איז נאר דערפאר וואס ער דארף אויפטאן דעם "וכסיתו".

וכידוע תורת הבעש"ט אז יעדער זאך וואס א איד זעט אדער הערט, איז אין דערויף דא א הוראה אין עבודתו לקונו, ווארום דערפון גופא וואס ער האט דאס געזעהן אדער געהערט, איז א הוכחה אז אין דערויף איז דא א הוראה בעבודתו לקונו.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען ער דערוויסט זיך אז ס'איז דא א איד וואס שטייט אין א מעמד ומצב של "ערום". דארף ער טאן דעם ענין פון "וכסיתו", ועד"ז "הלא פרוס לרעב לחמך", און "עניים מרודים תביא בית"[165], מיט אלע פרטים וואס ער רעכנט אויס אין דעם פסוק.

נב. און דאס איז די נקודה הפנימית פון אלע "מבצעים" (וואס פון זיי קומט מען צו שאר כל הענינים, וויבאלד אז "מצוה גוררת מצוה"[166]):

אנהויבנדיק פון דעם מבצע העיקרי - "מבצע אהבת ישראל", וואס דאס טוט אויך אז אלע אידן זאלן שטיין צוזאמען, אין אן אופן פון "כנסת ישראל", און דאס איז אויך פארבונדן מיט "מבצע חינוך",

און דערפון קומט דאס אראפ אין "מבצע תורה" - דער ענין פון "ארונא", און אין "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'",

- און -

---

165) ישעי' שם. 166) אבות שם.

און "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע כשרות האכו"ש", און "מבצע טהרת המשפחה" - וואס דאס זיינען די מבצעים וואס זיינען פארבונדן מיט נשי ישראל, די נשים צדקניות שבדור,

וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס עס שטייט אין זהר[167] אז דער דור פון עקבתא דמשיחא איז בדוגמת דעם דור פון רשב"י, און בדוגמת דעם דור וואס זיינען ארויס פון מצרים[168] - וויבאלד אז "בשכר נשים צדקניות שהיו באותו הדור נגאלו ישראל ממצרים"[169] -

דורך דערויף וואס זיי האבן אויפגעשטעלט א דור ישרים יבורך, וואס "כל רואיהם יכירום כי הם זרע ברך ה'"[170],

ווארום זיי זיינען געבארן געווארן אין אן אופן פון טהרת המשפחה, און אין א הויז וואו ס'איז געווען כשרות האכו"ש, און א הויז וואס איז געווען באלויכטן מיט נרות שבת קודש ויו"ט, וואס ברענגען "מערב שבת לערב שבת"[171], וואס דעמולט צינדט מען אן די נייע נרות שבת, מיט א נייער חיות און מיט א נייעם אור, אין אן אופן פון "חדש והבא קרבן מתרומה חדשה".

וכן תהי' לנו - אז בקרוב ממש ובעגלא דידן זאל מען זוכה זיין צו דעם מבצע העיקרי והכי גדול - גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, בקרוב ממש.

צוה לנגן עוצו עצה ותופר. הושיעה את עמך. פרזות תשב ירושלים.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

נג. אחרון אחרון חביב[172] - אז מ'זאל טאן ביתר שאת וביתר עז בנוגע צו "מבצע פסח", מיט אלע פרטים שבזה,

און דאס זאל נאכמער צוהיילן דעם "ונאכל שם מן הזבחים ומן הפסחים"[173], ובקרוב ממש.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ממצרים גאלתנו.

* * *

---

167) ח"ג נח, א. 168) שם כא, סע"ב. 169) סוטה יא, ריש ע"ב. 170) ישעי' סא, ט. 171) פרש"י עה"פ חיי שרה כד, סז. 172) פרש"י עה"פ וישלח לג, ב. ועוד. 173) ברכת "אשר גאלנו" מפסחים קטז. ב במשנה.

הנחת הת' בלתי מוגה

בס"ד. קטע משיחת מוצאי ש"פ ויק"פ מבה"ח ניסן, פ' החודש ה'תשל"ט

הנחה פרטית בלתי מוגה

א. כאן המקום להזכיר (עכ"פ בקיצור) בנוגע דאס וואס ס'רעדט זיך איצטער, וכמדובר לעיל אז יעדערער איז שקו"ט בנוגע צו די פאליטיקע וואס איז פארבונדן מיט "ארץ אשר גו' עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה", ובפרטיות (אין ארה"ק עצמה) - אין דער ענין פון "זאת מנוחתי עדי עד", וואס "מנוחה זו ירושלים",

און ווי גערעדט כמ"פ, אז וויבאלד אז מ'געפינט זיך אין א חושך כפול ומכופל, באווייזט מען די ענינים וואס מ'האט זיך לכאורה געדארפט פארלאזן אויפן "עם חכם ונבון" אז מ'וועט זיך מלכתחילה ניט לאזן פארפירן, און מ'האט זיך געלאזט פארפירן און געבראכט עד המצב פון דעם חושך כפול ומכופל פון יום זה, איז מען מוסיף נאך ענינים, וואס מ'זעט בעיני בשר וואס מ'האט אנגעווארן דורך דעם וואס מ'האט זיך ניט געפירט אזוי בעבר, ועכ"פ אז מ'זאל זיך אזוי פירן בהוה ובעתיד.

ב. וואס דאס איז די נקודה הכי פשוטה וואס מ'זעט בפשטות - וואס מ'האט שוין גערעדט כמ"פ: די נקודה הפנימית שבכל השקו"ט איז אז עס דארף זיין "לא יכרע ולא ישתחווה", און ניט ער טוט דאס מערניט אין די ד' אמות פון בית הכנסת ובית המדרש אדער מערניט ווען ער געפינט זיך צווישן אידן, נאר אפילו ווען ער שטייט "בשער המלך", און אפילו אז דארט געפינט זיך המן, און אפילו אז ער ווייסט די תביעות פון המן, און ער ווייסט אז המן האט גע'פועל'ט ביי אחשורוש המלך אז מ'זאל הייסן אז ביי כל עבדי המלך דארף זיין יכרע וישתחוה,

האט מען די הוראה ברורה ווי ס'איז געווען בימים ההם בזמן הזה (אין חודש אדר): מרדכי האט זיך געשטעלט אין אן אופן פון "<u>לא</u> יכרע <u>ולא</u> ישתחוה". און ס'איז געווען "הגידו לו את עם מרדכי" - וואו נאר ס'געפינט זיך א יהודי איז ער געווען א "כופר בע"ז": א הנהגה ועבודה וואס איז פרעמד א אידן, איז ניט נאר וואס ער פירט זיך ניט אזוי, נאר ער איז כופר אין איר גאנצע מציאות.

וואס עבודה זרה איז דאך ניט ווי אנדערע ענינים, ולדוגמא - בשר בחלב איז אסור באכילה ובהנאה ובבישול, ס'איז אבער ניטא קיין חיוב אז מ'זאל דאס משמיד זיין (ס'איז מערניט ווי א שאלה מצד תקלה - איז דא כו"כ עצות דערצו וכו'); משא"כ בנוגע צו ע"ז איז ניט גענוג אז ער האט דערפון ניט קיין הנאה, כ"ש וק"ו אז ער גרייט ניט צו די ע"ז (בדוגמא ווי בישול ביי בשר בחלב), נאר ער דארף שולל זיין די גאנצע מציאות אז מ'זאל טראכטן אז א איד קען האבן עפעס וואס א שייכות צו ע"ז, וואס דאס איז דורך "אבד תאבדון".

- משא"כ בנוגע א ע"ז פון א גוי, איז הגם אז ס'איז א דבר פשוט אז "קרו לי' אלקא דאלקיא", אז ער זאגט אז ס'איז דא ה' אלקי ישראל, און אזוי שטייט אין דער "בייבל", אבער ס'איז דא א מחלוקת הפוסקים צי זיי זיינען מחוייב בשיתוף,

בנוגע אבער אז ער איז מכריז אז דער אויבערשטער איז אלקי כל העולם, כולל אויך אוה"ע "לה' הארץ ומלואה תבל ויושבי בה", איז <u>יענער</u> שרייט אלקא דאלקיא; עאכו"כ אז ער דארף ניט מכחיש זיין, און דאס איז ווייניק (אז ער איז ניט מכחיש), נאר ער דארף מכריז זיין בקול אז דאס איז "אלקי כל הארץ", אע"פ וואס די התחלה אז ער איז "מלך ישראל וגואלו", וואס דאס גייט צוזאמען,

און וויבאלד א איד שטעלט זיך אוועק אין אזא מעמד ומצב, במילא עסט ער כשר, היט ער שבת, וכיו"ב, און קיינער פון צווישן די גוים לאכט ניט אפ פון אים, דערפאר וואס "קרו לי' אלקא דאלקיא": זיי ווייסן אז צו זיי האט דאס קיין שייכות ניט, אבער בשעת ס'קומט צו א אידן - איז שבת איז שבת, כשר - דארף זיין גלאט כשר, וכיו"ב. און ניט נאר מ'לאכט ניט דערפון, נאר אדרבה: דורך דעריף האט ער א תפיסת מקום ביי זיי.

ג. און דאס איז נאך ווייניק: אפילו אז מ'זאגט אז עס דארף זיין "יכרע וישתחוה"

דערפאר וואס המן האט געגעבן אזא עצה, און צאלט נאך דערפאר "עשרת אלפים ככר כסף" (אדער שוה כסף וכיו"ב), זאגט ער אז ווייבאלד ער איז א איד איז "לא יכרע ולא ישתחוה", און אזוי טוען כל "עם מרדכי", וואס אמאל איז געווען א מרדכי און האט איינגעפירט דעם סדר בגלוי, ווייסן דאס כל מלכי ארץ מכאן ולהבא - "הגידו לו את עם מרדכי".

ונוסף לזה: אזוי איז דאך דא מצוות און הנהגות וואס דער שכר וועט זיין לע"ל, און "שכר מצוה בהאי עלמא ליכא"; משא"כ בנוגע צו "לא יכרע ולא ישתחוה" דערציילט מען אין דער זעלבער מגילה אז דער שכר איז געווען בעלמא דין, און געווען אין אן אופן פון "נפל פחד היהודים עליהם": ניט נאר מ'האט זיך ניט געשטעלט אנטקעגן אידן, נאר פארקערט - מ'האט זיך געשראקן פארטשעפען זיך מיט אידן.

ד. איז פון גוים וואלט מען ניט געהאט קיין שווערקייטן, ס'איז דאך אבער "ברוך שככה לו בעולמו", איז פונקט אזוי ווי דער אויבערשטער האט בעולמו אן "עם חכם ונבון" וואס האט אין זיך "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך ושואב מימיך" האט ער אויך צווישן זיך א ירא ורך הלבב וואס הויבט אן טענה'ן "אל תתגרה בגוי קטן", עאכו"כ בגוי גדול.

וואו איז דא דער "תתגרה"? קיינער רייצט זיך ניט, נאר אזוי ווי "כח מעשיו הגיד לעמו לתת להם נחלת גוים", האלטן זיך אידן ביי דעם ענין וואס דער אויבערשטער האט זיי געגעבן.

און דו זעסט דאך אז די גוים וואלטן אויך דערמיט געמאכט שלום, ווען זיי זעען ניט אז "ונהי בעינינו כחגבים (ובמילא) וכן היינו בעיניהם". שטעל זיך אוועק אין א מעמד פון "לא יכרע ולא ישתחוה" - וועסטו זען אז עס וועט זיין "נפל פחד היהודים עליהם" און ס'וועט ווערן "את מרדכי על בית המן" (מגילת אסתר ח, א).

ער איז דאך אבער א ירא ורך הלבב, טייטשט ער אז דער איז א בטלן, דער פארשטייט ניט קיין ענינים של פאליטיקע, און דער געהערט אין א ישיבה ובית המדרש צווישן אידן, אבער ניט צווישן קולטורנע מענטשן וואס ווערן אנגערופן בשם "דיפלאמאטן" וואס פירן אן מיט כל העולם כולו. וואס אע"פ אז בחיין הפרטיים שרייט ער אז יש בעה"ב לבירה זו, און ער איז דער אמת'ער בעה"ב, איז אזוי ווי מ'געפינט זיך אבער אין גלות דארף מען זיך פירן ווי א "דיפלאמאט" פירט זיך - וואס דאס איז היפך האמת.

וואס דאס איז דער עצם ענין פון גאנץ "דיפלאמאטיא", וואס דערפאר דארף מען זיך אויף דערויף לערנען ימים ושנים (ווארום אויף ווי די מעשה איז (וואס ער וויל געבן וואס ער וויל ניט געבן וכו'), דארף מען זיך ניט לערנען) ווייל די זאך פון "דיפלאמטיא" איז מ'זאל איבערגעבן דעם מצב הדברים שלא כמו שהוא, און אויף איבערגעבן שלא כמו שהוא און מ'זאל אים ניט כאפן ביי קיין ליגן, און מ'זאל אים ניט אראפוווארפן פון די טרעפ פארוואס ער זאגט היפך המציאות, און דאס זאל זיין געמאכט אין א שיינעם אופן, און דערנאך אז מ'וועט דארפן חרטה האבן, זאל ער קענען דרייען און זאגן אז ניט דאס האט ער געזאגט און ניט דאס האט ער געשריבן און ניט דאס האט ער געמיינט וכו' - אויף דערויף דארף מען האבן א לימוד ארוך.

און ניט אלע מאל העלפט אפילו א לימוד ארוך, ווארום אמאל ווערט מען "געשטרויכלט" און מ'כאפט זיך ארויס מיט אן אמת. און דאס איז דאך גאר א געוואלדיקע זאך: מ'רעדט און מ'רעדט "דיפלאמאטיש", מיטאמאל שפרינגט מען ארויס און מ'זאגט אן אמת - לא הי' לעולמים! מ'געפינט זיך עפעס אין א מסיבה כבודה פון "דיפלאמאטן", און מיטאמאל זאגט ער אן אמת - געהערט אמאל אזא זאך? איז כאמור - "שגיאות

מי יבין", און ס'טרעפט אמאל אז מ'האט א טעות אויך,

האט מען אבער געזען אז בשעת מ'האט א טעות געהאט אין הל' "דיפלאמאטיא" האט מען גלייך געזען די תוצאות דערפון: אז מ'האט דערהערט אז מ'זאגט מיט הארטע ווערטער (און דער עיקר איז ניט אזוי די הארטקייט, נאר מיט א פשיטות) איז כן יקום - האט מען אויפגעהערט דערפון רעדן און מ'האט דאס אראפגענומען פון סדר היום.

ה. און דאס איז קיין סתירה ניט צו קלאפן זיך אויף די פלייצעס און קושן זיך און האלטן זיך און זאגן אז דאס איז דער בעסטער פריינט וואס מ'האט געהאט כל ימי חייו, און מ'דרוקט דאס אפ און מ'פאטשט און מ'זאגט מז"ט, מ'האט זיך שוין דערגרייכט ימים וואס ס'איז שלום בעולם און שלום וכו' מיט די גאנצע אריכות הדיבור, וואס אין כאן המקום אויף איבער'חזר'ן נאכאמאל (די שאלה איז צי האט מען געדארפט זאגן דעם ערשטן מאל; אבער איבער'חזר'ן דארף מען זיכער ניט).

און ווי מ'האט געזען בפועל:

ס'איז געווען א ענין וואס מ'האט אים מורא געהאט ארויפברייינגען על דל שפתיו, דערנאך האט מען אבער געזען אז בשעת מ'האט געזאגט בפשטות ובתקיפות און אין א סגנון אז אין מה לדבר בזה, אז ירושלים בלייבט ביי אידן און דאס בלייבט אן עיר הבירה און בלייבט ירושלים השלימה, און אז יהודה ושומרון וועט בלייבן לנצח ביי אידן - האט מען דאס אראפגענומען פון סדר היום (פונקט קאפויר ווי ס'איז געווען מיט חדשים צוריק).

וואס דאס האט גע'פועל'ט עכ"פ לשעה, דערנאך האט זיך אנגעהויבן דער לחץ אויף דערויף נאכאמאל, אבער דערווייילע איז מען אזוי נתפעל געווארן וואס מ'האט דאס געזאגט מיט אזא תקיפות וכו' אז דער צד שכנגד האט גלייך אויפגעהערט רעדן וועגן דערויף.

וואס לכאורה - ווי טרעפט דאס אז מ'זאל "נכשל" ווערן זאגן דעם אמת בגלוי (וואס בא זיי הייסט דאך דאס א כשלון). עכ"פ - דער עיקר זעט מען אז "נפל פחד היהודים עליהם" - מ'האט אויפגעהערט רעדן וועגן דערויף (הגם אז וועגן אנדערע זאכן רעדט מען און מ'איז לוחץ וכו').

ו. דאס וואס מ'קען דערפון אפלערנען (און מ'דארף ניט דרייען מיטן גראבן פינגער און מאכן אין דערויף "דיפלאמאטיא" נאר מ'קען דאס לערנען פשוטם של דברים): בשעת מ'דערהערט אז מ'האלט בתוקף און כן יקום, און מ'מוז האבן א גע'חתמ'ט פאפיר, ווי ס'זאל ניט זיין וואס ס'זאל ניט זיין, וואס ס'זאל דארטן זיין געשריבן איז לגמרי קיין נפק"מ ניט, איז דאס וואס מ'זעט אז מ'וועט ניט אויספירן וועט מען אויף דערויף מסכים זיין.

ז. ווי איז דער מעמד ומצב דערווייילע - ווער האט דערווייילע געוואונען וואס מ'קען זיך אפגעבן מז"ט? איז מצרים האט עכ"פ גארניט דערלייגט. ס'איז דאך א דבר פלא: די שקו"ט גייט דאך נאכאנאנד, ובמשך כל שקו"ט זו גיט מען מצרים נאך עפעס א שטיקל, און ס'איז קיין איינמאל ניט געווען אז מצרים זאל עפעס געבן כנגד,

[אט דאס וואס מ'האט צוגענומען ביי מצרים האט מען צוגענומען ביד ה' אין אן אופן נסי לגמרי, דערנאך אז מ'האט אנגעהויבן פירן שקו"ט איז יעדער שקו"ט האט געהאט א תוצאה אז מ'האט עפעס אפגעגעבן צוריק צו מצרים, אדער צו ירדן אדער צו סוריא וכיו"ב],

און אזוי גייט דאס ר"ל מדרגא לדרגא במשך כל שקו"ט מבלי יוצא מן הכלל, ביז די שקו"ט הכי אחרונה. וואס נאך דער גאנצער תקיפות וועט מצרים באקומען

א הון עצום אין שטחים; א הון עצום אין שוה כסף; און א הון עצום אין "פרעסטידזש" בכל העולם כולו, וואס דאס וועט זי באקומען (ר"ל הילי"ת) פון אידן, נוסף אויף דערויף וואס זי וועט באקומען פון ארה"ב,

[פון פארלירן איז גארניט שייך, אפילו אז מ'וועט ניט חתמ'נען קיין פאפיר, איז אט דאס וואס מ'האט זיך אנגעשלאגן אז מ'וועט געבן האט מען שוין ניט קיין הסברה פארוואס מ'וועט דערפון חרטה האבן],

און פונקט אזוי ווי מצרים האלט אלץ אין איין באקומען במשך כל שקו"ט'ס אלו ללא כל תחליף וללא כל תמורה (סיידן אט דאס וואס מ'האט ביי איר צוגענומען בע"כ און ניט אן איר הייננגט דאס אפ), אזוי גייט דאס בכל השלבים.

משא"כ בנוגע צו אידן איז דער היפך הדברים לגמרי: דער אויבערשטער גיט באופן נסי, דערנאך מישט זיך אריין תפיסת ידי אדם און מ'הויבט אן אפגעבן, גיט מען אפ פון אלע זייטן (ווי געזאגט אמאל אז דאס וואס ס'איז דא "ופרצת ימה וקדמה וצפונה ונגבה" איז "זה לעו"ז עשה האלקים": מ'האט ר"ל אפגעגעבן אין ימה וקדמה וצפונה ונגבה), און מ'שלאגט זיך אן אז מ'וויל אפגעבן נאך, נאר דער איינציקער עיכוב איז וואס יענער נעמט נאך ניט.

ח. און דאס וואס דער ירא ורך הלבב טענה'ט אז "אל תתגרה", און אויב ניט וועלן זיין ניט גוטע תוצאות, זעט מען היפך הדברים: מ'איז מזמין אויף זיך נאך א לחץ. בשעת מ'גיט אפ א ביסל ווערט בא יענעם א ראי' מוכחת אז לחץ העלפט - איז ער לוחץ ווייטער; משא"כ בשעת ער זעט אז מ'האט געזאגט דברים תקיפים, האט מען אויפגעהערט רעדן וועגן דעם. ווארום די זאך וואס אים איז נוגע איז - טאמער וועט מען ניט חתמ'נען די פאפיר, אבער וואס וועט זיין געשריבן אין פאפיר איז אים לגמרי ניט נוגע, ס'איז נאר נוגע ס'זאל זיין ביידע חתימות, ובמילא דארף מען פועל'ן ביי ביידע צדדים.

וכאמור - דער צד שני (פון מצרים) האט שוין געוואונען:

די ערשטע זאך - אט דאס וואס מ'האט זיך אנגעשלאגן; די צווייטע זאך (וואס מ'דערציילט דאס ניט דעם עולם) - אז תמורת זה וואס מ'האט צוגעזאגט געבן אידן במשך כמה שנים - האט מען צוגעזאגט דעם צד שכנגד כמ"פ ככה. און כדי אויף קענען אפנארן דעם עולם דערציילט מען מערניט וואס מ'גיט אפ אין איין מדינה (מצרים), מ'דערציילט אבער ניט וואס מ'וועט געבן אין סוריא און אין ירדן און אירן מיט די אלע פרטים שלאח"ז, און מ'דערציילט ניט וואס מ'וועט געבן בחשאי,

עאכו"כ בנוגע צו נשק (ווי גערעדט פריער באריכות).

ט. לאידך גיסא: מצרים קען אויך ניט צולאזן מ'זאל ניט חתמ'נען די פאפיר, ווארום אויב אידן וועלן זאגן אז דעמולט האבן זיי חרטה על כל הענינים כולם און חתמ'נען ניט דעם פאפיר, וועט דאס ארה"ב ניט קענען צולאזן, מוז זי לוחץ זיין אויף מצרים דורך די ענינים וואס זי קען לוחץ זיין, וואס ניט זי דארף עפעס צוגעבן נאר זי דארף ניט געבן ווייטער (וואס מצרים דארף דאס האבן).

און דער חשבון איז אויך א פשוט'ער מצרים וועט דערווייילע נעמען וואס מ'גיט איר. און וואס טוט זי - זי חתמ'ט א פאפיר, מער גארניט! במשך כל השקו"ט (און דאס האנדלט מען וועגן קלוגע אידן). האט מען אויסגעדונגען מערניט ווי א פאפיר מיט דעם און דעם תוכן, אבער בנוגע צו ענינים של ממשות איז פון די ערשטע שקו"ט גייט מען אין איין כיוון - אלס אויף אפגעבן וכנ"ל. די שאלה איז נאר - א סאך מיט אמאל, אדער קימעא קימעא.

און מ'גייט ארום און מ'טאנצט און מ'זאגט אז די ערשטע נסיעה איז געווען א הצלחה גדולה, און דאס האט באווארנט כך וכך - זי האט גארניט באווארנט, מ'האט

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

- קטע משיחת מוצאי ש"פ ויק"פ תשל"ט - ה -

אפגעגעבן נאך א שטח, געווארן נעענטער צו ירושלים און בני ברק און כפר חב"ד און תל אביב מיט הונדערטער קילאמעטער, און דערנאך האט מען אפגערעדט תנאים און אין 24 שעה האט מען ניט מקיים געווען די תנאים.

י. איצטער האט מען מגלה געווען אז מ'האט אפגערעדט אז ארה"ב זאל האבן א השגחה אויף מקיים זיין די תנאים. מ'פארגעסט אבער מוסיף זיין אז השגחה האבן זיי שוין אמאל געהאט, געפונען אז מ'האט ניט מקיים געווען די תנאים האבן זיי, און אז מ'איז געקומען צום קאזאק הנגזל און מ'האט מיט אים גע'טענה'ט - היתכן? מ'האט דאך עפס אפגערעדט, און אפגערעדט "דיפלאמאטיא", און גע'חתמ'ט א פאפיר אז דו וועסט זיך פירן ווי א "גוד באי", איז ווי טוסטו דאס אנדערש?

האט ער אויסגעהערט די אלע טענות, און אוועקגעגאנגען צו זיך אליין, און ער האט געהייסן אז וויבאלד אז זיי רעדן בדברים וועט ער זיך אויס'טענה'ן בדברים, און איר טוט זיך ווייטע אין דער זעלבער ריכטונג, און ער האט געטאן ווייטער אין דער זעלבער ריכטונג.

השגחה איז געווען, און מ'האט געמאכט פאטאגראפיעס און מ'האט געמאכט אן אנקלאגע און מ'האט געמאכט א טומל אין פארמאכטע פיר ווענט, און מ'האט זיך גע'טענה'ט היתכן בּיסט ניט קיין פיינער מענטש, אבער דער ניט פיינער מענטש האט זיך ממשיך געווען אין דער זעלבער שיטה.

זאגט מען אן אמת אז מ'האט געהאט א השגחה, וכן תהי' לנו אז מ'וועט איצטער אויך האבן א השגחה; מ'איז אבער ניט מוסיף די תועלת וואס דארף זיין אין די השגחה, אז דערנאך האט די השגחה אויפגעטאן אז מ'איז געגאנגען צוריק פון דעם ארט וואס מ'האט פארכאפּ שלא ברשות, און מ'האט צוגענומען א טייל פון אנשי צבא וואס מ'האט ארייגעשטעלט שלא ברשות, איז לא דובים ולא יער, ניט מ'איז געגאנגען צוריק ניט מ'האט צוגענומען אנשי צבא, מיט אלע-ערליי הרפתקאות. און דער עיקר - מיט "דיפלאמאטיא".

[וואס "דיפלאמאטיא" איז א רפואה לכל צרה שלא תבוא. ער איז א "דיפלאמאט" - זאגט ער אויף חושך אז דאס איז אור און אויף אור אז דאס איז חושך, און ברענגט אויף דערויף ראיות פון פלוני ופלוני, און דערנאך זאגט ער כן יקום, כך עלה ברצוני, און איצטער זאל מען גיין א ריקוד, און שרייען אז דאס איז א שלום און א מז"ט און א הישג גדול, וכן יקום].

יא. וכאמור: דער איינציקער לימוד טוב אין די מאורעות הכי אחרונות איז (וואס דאס איז אבער אן ענין עקרי): בשעת מ'זאגט אין א מילתא דלא משתמעי לתרי אפי, און יענער דערפילט אז איצטער וועט ער קיין זאך ניט פועל זיין (וואס פאר א לחץ ס'זאל נאר זיין), הערט מען גלייך אויף רעדן וועגן דערויף, וכאילו לא היו כל חלוקי דעות בדבר.

און אויב איינער גיט א קוועטש און זאגט אז מ'דארף דאך עפעס מברר זיין די נקודה אויך - זאגט מען אז מ'איז מסכים אז מ'זאל חתמ'נען א פאפיר אז די נקודה וועט מען מברר זיין שפעטער, און וואס דארף מען האבן א בעסערן הישג.

און אלע זיינען צופרידן: ס'איז דא א נקודה, און אלע ווייסן אז ער האט אן אנדער מיינונג און אז ס'איז דא אן איפכא מסתברא, און ס'איז כל הענינים בשלום ובשקט.

יב. אזוי ווי ס'גייט דער מצב הדברים ביז איצטער איז קיין ספק ניט אז וויבאלד אז מ'האט זיך געשטעלט בתוקף מערניט ווי אויף די צוויי נקודות, און אלע איבעריקע נקודות שיקט מען און מ'שושקעט איפן אויער און מ'זאגט בגלוי אז דא קען מען זיך דורכרעדן און דא וועלן מיר שמועסן, ווארום מיר זיינען גוטע פריינט, "אחי אתה" (וכידוע דער סיפור בנוגע צו מלחמת ששת הימים וואס איז געווען מיט ארם, וואס דערפון איז ארויס), וועט מען זיכער מאכן א לחץ דורך זאגן אז דער צד

שכנגד מאנט אן ענין נוסף אויף די ענינים וואס ער האט געמאנט ביז איצטער.

איז דא איז דער ארט אויף זאגן גלייך: וויבאלד אז יענער איז הולך ומוסיף, זאל מען וויסן אז די אלע זאכן וואס מ'האט צוגעזאגט אפגעבן איז לא היו דברים מעולם, וויבאלד אז יענער איז ניט מסכים, און מ'קען נאכגעבן מערניט, ווי די ענינים וואס רירן ניט אן אין בטחון, ווארום מ'זעט אז מ'קען זיך ניט פארלאזן אויף די הבטחות פון בטחון, וויבאלד אז מיום ליום איז ער משנה ומוסיף.

און מיט די הדגשה: במה דברים אמורים - אויב ס'וועט ניט זיין קיין לחץ פון די אנדערע ערבים, אבער אויב ס'וועט זיין א לחץ ווייסט מען ניט ווי מ'וועט דעמולט שטיין, דערפאר וואס דאס וועט זיין אן ענין חדש מיט א גורם חדש, מיט די אלע הסברות וואס ס'איז דא בדברים מאחורי הפרגוד (וואס מסתמא וועט מען דאס אויך מגלה זיין בקרוב, וויבאלד אז ס'גייט אויף דער שיטה).

יג. ולאידך גיסא: מ'האט געזען אין די לעצטע טעג, און חודש אדר האט מיט-געהאלפן [און די וואס האלטן ניט פון חודש אדר - זאל זיין אז עס האבן צוגעהאלפן אנדערע ענינים, ווי מ'וויל דאס אייבטייטשן], דער עיקר איז אבער בנוגע המעשה הוא העיקר: בשעת מ'האט זיך געשטעלט בתוקף בנוגע צו ירושלים יהודה ושומרון האט דאס געהאלפן, און מ'האט דאס אראפגענומען פון סדר היום, און מ'זאגט אז אעפ"כ וועט מען חתמ'נען.

מ'האט אבער גלייך מזמין געווען א לחץ במקורות אחרות, און ער זאגט אז ניט וועט מען ניט חתמ'נען וכו', איז אין דערויף אויך לא נשתנה המצב לגמרי: די איינציקע זאך וואס ארה"ב קען פארדינען (אזוי דערלייגט זי - מען דארף געבן געלט און נשק; מ'האט זיך געדארפט מטלטל זיין און פארלארן "פרעסטידזש"; און מ'האט טענה'ס מה לי ולצרה הזאת וכו'), איז אז זי וועט צושטעלן א גע'חתמ'טן פאפיר, און ווי דער מצב הדברים איצטער בעולם איז ניט נוגע גאנץ ארה"ב וואס וועט זיין געשריבן אין פאפיר, אבי ס'וועט האבן בײדע חתימות און דאס וועט זיין דער דריטער.

איז בנוגע דאס וואס מ'וועט זיך שטעלן בתוקף, האט ארה"ב קיין ברירה ניט, דאס איז די איינציקע מדינה וואס האט קיין ברירה ניט, ארץ ישראל האט ניט קיין ברירה דערפאר וואס זי דארף זיך פירן ע"פ תורה, אבער בדרכי האומות ובדרכי "דיפלאמאטיא" האט זי א ברירה; מצרים האט א ברירה ווארום מ'האט איר געגעבן די והותר און מ'האט איר צוגעזאגט (סיי ארץ ישראל סיי ארה"ב) די והותר, אויף שפעטער, אפילו אז זי וועט גארניט באקומען קיינע הוספות; און די איינציקע וואס האט דערלייגט און האט גארניט באקומען ביז איצטער איז דאס ארה"ב.

יד. וואס דערפאר איז א דבר ברור בשכל פשוט פון ניט קיין "דיפלאמאט", אז בשעת מ'וועט זיך שטעלן בתוקף און מ'וועט זאגן אז מ'וועט חתמ'נען דוקא באופן כזה אז בטחון איז פארזיכערט במאה אחוז, און הבטחה פון "אויל" (נפט) איז פארזיכערט ניט מיט א הבטחה אויף פאפיר, אז מ'וועט צושטעלן פון "נארוועגיע" און "סעודיא אראביע" וכו' וואס די אלע הבטחות האבן ניט קיינע ממשות (ווי מ'זעט דאס שוין פון דעם עבר) - וועט מען אויספירן.

טו. און בשעת מ'האט ביי זיך דעם "אויל" איצטער איז ח"ו מ'זאל דאס אפגעבן. און טאמער האט מען געדארפט האבן אויף דערויף א ראי' נוספת, איז בשעת מ'האט דערהערט אז דער צד שכנגד מאנט דוקא אט דעם שטיקל און דעם ענין וואס איז פארבונדן מיט נפט ("אויל"), וויסנדיק אז אויף פאפיר וויל מען צוזאגן אויף אזויפיל און אזויפיל יארן און ס'וועט גארניט פעלן, און אעפ"כ מאכט ער אן עיקר (און שטעלט איין בסכנה אז אפשר וועט מען אים דערפאר ניט געבן נשק און כסף און נשיאת חן כדבעי וכו') - דארף מען ניט האבן קיין גרעסערע ראי' אויף וויפל דאס איז נוגע.

[איך האב אמאל געזאגט בנוגע ווי צו פירן זיך בהנהגה מסוימת, אז בשעת מ'האט א ספק ווי אזוי צו פירן זיך אז איינע פון די עצמות לזה איז, אז אזוי ווי "דאגה בלב איש ישיחנה", זאל מען זיך דורכרעדן מיט א גוטן פריינט און דערנאך טאן ווי ביי אים וועט אויסקומען לויט דער עצה פון דער ידיד אדער ידידים, אויב ער געפינט זיך אין אזא מעמד ומצב וואס ער האט ניט קיין גוטע פריינט ארום זיך - איז אויך דא אן עצה (ווי מ'פלעגט אמאל זאגן): געפינען ניט קיין גוטן פריינט און פרעגן ביי זיי ווי דארף מען טאן און דערנאך טאן פארקערט. און מ'האט געזען בפועל אז דאס האט אויך געהאלפן].

ובאמיתית הענין איז דאך "מזלייהו חזי" אויף וויפל דאס איז נוגע צו בטחון פון אידן (און ווי מ'האט דאס אויך געזען בנוגע לפועל בעבר).

טז. און אז מ'מישט ר"ל ארײן א בעה"ב וואס ער האט אמאל געלערנט אין א ישיבה, ובפרט באך אויב ער האט אמאל באקומען סמיכות אויף רבנות, און מ'גיט אים נאך דעם תוקף אז ער זאל זאגן און מ'פרעגט ביי אים א דעה, און מ'פארגעסט אז ס'איז א פס"ד ברור אין סמ"ע (וואס ער איז א פוסק אין חו"מ) אז "דעת בעלי בתים (איז ניט ער זאגט אז דאס איז ניט דעת תורה, נאר דאס איז) היפך דעת תורה".

אז ס'קומט צוגיין א רב און פארלאזט זיך אויף דערויף וואס א בעה"ב שמועסט מיט אים, און דער בעה"ב זאגט אים נאך אז ער האט סמיכות אויף רבנות און אט דאס איז דעת תורה, און דער רב זאל אזוי פסק'נען, זאגט דער סמ"ע (וואס ער איז א פוסק בישראל, און אזוי פירט מען זיך אין גרויסע זאכן און אין קליינע זאכן לויט זיינע פסקים) אז דאס איז "היפך דעת תורה".

יז. וואס אויב דאס וואלט נאך געווען ווייניק - האט מען געזען וואס איז ארויס דערפון וואס מ'האט אים געפאלגט ביז איצטער.

וכמדובר לעיל באריכות בנוגע צו ילדי "טעהעראן" השניים, אז ער האט ניט געלאזט אז מ'זאל מוחה זיין אנטקעגן דעם ענין פון ילדי "טעהעראן" (איצטער מעג מען שוין דערציילן, ווארום ס'איז שוין נתגלה געווארן אין גאנץ ארה"ק): ס'איז געווען אן אסיפה און מ'האט געזאגט היתכן און מ'האט געבראכט עדות וואס דארטן טוט זיך, האט ער זיך אנטקעגן געשטעלט און האט געזאגט אז אין דעם ענין קען מען גארניט טאן, און מ'זאל גארניט טאן און מ'זאל ווייטער גארניט טאן, און מ'זאל מודיע זיין אין ארה"ב (וואס א פאר אידן האבן דא געמאכט א טומל) אז מ'זאל פון דאנעט אויך גארניט טאן, און דערווײלע נעמט מען צו קינדער אין אזעלכע ערטער וואס איך וויל ניט איבער'חזר'ן אין א מקום קדוש וואס דארטן טוט זיך, און ער ווייסט דערפון, און אויף דער אסיפה האט מען געבראכט עדות וואס האבן דערציילט דערפון!

יח. וואס דאס איז געווען די זעלבע שיטה פון די זעלבע סוג מענטשן וואס ס'איז געווען ילדי "טעהעראן" בפעם הראשונה.

וואס דעמולט האט דער שווער געמאכט אן אסיפה רבתית בנוגע צו דעם ענין, און ס'האט געהאלטן אויף אויספירן דעם גרעסטן לחץ, וואס ס'וואלט מסתמא מצליח געווען, האט זיך ארײנגעמישט איינער וואס האט אמאל געהאט סמיכות אויף רבנות, און האט געקענט לערנען אויך, און האט זיך גערופן הרב, און האט געקערט די וועלט (אויך דורך א מפלגה וואס הייסט א מפלה דתית) און האט ניט צוגעלאזן אז מ'זאל ארויס מיט א מחאה כדבעי! וואס וויבאלד אז יעדער ענין איז בהשגחה פרטית טאר מען ניט זאגן אז דעמולט וואלט אפשר געווען אנדערש, אבער בדרך הטבע וואלט מען דעמולט מצליח געווען,

[אדער אויף אינגאנצן מבטל זיין; אדער אז ס'זאל זיין ניט דער חשבון פון 80 פראצענט ניט אין א דרך טוב, און 20 פראצענט וואס מ'ווייסט נאך ניט וואס פון זיי איז געווארן זאל מען זיי אפגעבן לרשותם, כידוע די פרשה לכל המעוניינים

בזה],

און דערנאך האט מען געהייסן שווייגן אין די אלע מעשים וואס איז געווען לאחרי זה.

ביז וואנעט אז ביי ילדי "טעהעראן" השניים האט מען אפילו געגעבן ווייניקער ווי 80 פראצענט, ווארום דאס וואס מ'האט אפגעגעבן כביכול אין פרומע ערטער איז פון זיי א טייל וואס ס'איז רא א ענין של חינוך במעורב און "דארמיטאריס" במעורב, נאר וויבאלד אז דאס איז געמאכט פון א מפלגה דתי' במילא הייסט דאס אז זיי באקומען א חינוך דתי. און דאס וואס מ'האט צוגעזאגט אז מ'וועט דארטן האבן א "אינספעקטאר" מיט א קולט מיט א משגיח - איז בפועל לאזט מען אים ניט צו און ער האט קיין דעה ניט וכו' (וואס מ'ווייסט פון דעם אפילו אין חו"ל, עאכו"כ אין ארה"ק).

יט. וכאמור: ס'איז געווען די הוראה פון דעת בעלי בתים (וואס דער סמ"ע פסק'נט אז ס'איז "היפך דעת תורה") אז מ'זאל גארניט סאן וועגן ילדי "טעהעראן", מיט א הסברה אז מ'קען אין דערויף גארניט טאן - האט מען געזען אז די וואס טוען יע האבן מצליח געווען, נאר מ'לאזט זיי ניט צו דערפאר וואס ער שטערט זיי;

און אז מ'קומט צוגיין מיט א טענה, זאגט מען וואס ווילט איר - אט האט איר איערן א אידן וואס האט סמיכות אויף רבנות און וואס הייסט א "רב" און וואס הינטער אים שטייט פב"פ וכו', און ער טענה'ט אז ס'איז א מז"ט, און שלום ושלוה על ישראל וכו', וואס אין כאן המקום להאריך בפרטי הדבר.

כ. און דערנאך גייט מען מחיל אל חיל ("מצוה גוררת מצוה"): ס'איז אנגעקומען פון אים א הוראה אהערצו אז מ'זאל זען מחזק זיין מ'זאל חתמ'נען דעם "סרטיפי" און מ'זאל זיך ניט דינגען און מ'זאל נאכגעבן וכו' וכו'. וואס אין כאן המקום להאריך בזה, ווארום ס'איז נאך דא די תקוה אז אפשר וועט מען זיך שטעלן בתוקף אין די שעות וואס זיינען געבליבן, און דעמולט איז קיין ספק ניט אז מ'וועט אויספירן די אלע ענינים ולטובה - ס'דארף נאר זיין דער "לא יכרע ולא ישתחוה".

און אט דאס וואס דער בעה"ב (וואס דעתו איז "היפך דעת תורה") שרייט אז דער מעמד ומצב פון נאכגעבן איז דאס "לא יכרע ולא ישתחוה" - דארף מען ניט זוכן אויף דערויף ביאורים וואס דאס איז, ווארום דער דין זיינער שטייט אין סמ"ע: דאס איז "היפך דעת תורה".

[וואס אפילו מיין נה"ב שטערט מיר אויך ניט צו רעדן וועגן דאס בארוכה - דערפאר וואס דאס וואס ער האט שוין געקענט אויסרעדן אויף מיר האט ער שוין אפגעטאן, מילא... מער דאכט זיך האט ער ניט וואס צו רעדן נאך אויף מיר, און טאמער וועט ער הנאה האבן וואס ער וועט רעדן נאך א ביסל].

איז אויב די זאך וועט זיך אפטאן מ'וועט מציל זיין ילדי "טעהעראן" השניים, ועוד וגו"ז עיקר (און זה העיקר) - מ'וועט זיך שטעלן בתוקף בנוגע צו "אוילי" בתוקף בהמשך צו ירושלים וואס מ'וועט ווייטער לוחץ זיין נאר וואס דען אין עטלעכע טעג שפעטער, און בנוגע צו יהודה ושומרון און בנוגע צו כל הענינים וכל הפרטים וואס זיינען פארבונדן מיט ענין הבטחון איז כאמור לעיל איז א זיכערע זאך אז מ'וועט דאס אויספירן,

ווארום מ'מוז האבן דעם גע'חתמ'ט פאפיר ובעתו ובזמנו, ווארום אז ניט איז דערלייגט האט אינגאנצן ארה"ב און דערלייגט האט אינגאנצן ארה"ק און כל הרוחים איז דאס ביי די ערבים, כולל אויך רוחים הכי גדולים אין ארמ"צ.

כא. ויה"ר אז מ'זאל קענען יוצא זיין מיטן רעדן אין סיום פון דער התוועדות פון פרשת החודש, און ס'זאל זיין בדוגמא ווי ס'איז געווען בימים ההם בזמן הזה, אז מ'האט גענומען די עבודה זרה של מצרים און "קשרו בכרעי המטה" מיטן

הנחה פרטית בלתי מוגה

גאנצן סיפור הענינים וואס ס'איז דארט געווען ובפרט אז איצטער האלט מען ביים מעמד ומצב פון "קרו לי' אלקא דאלקיא",

און מ'זאל זיך פירן אין אן אופן פון "לא יכרע ולא ישתחוה", ווארום "הגידו לו את עם מרדכי", דאס זיינען אייניקלעך פון די אידן וואס זיינען געווען בזמן אחשורוש המלך, און דאס איז אן עם נצחי, וואס דער עם צוזאמען מיט זיינע תכונות זיינען נצחיים, וואס די תכונה ווי ס'איז געווען דעמולט ("לא יכרע ולא ישתחוה") איז די קיימת עד היום הזה, צוזאמען מיטן "קשה עורף", אזא "קשה עורף" וואס דערפאר איז "וסלחת לעונינו ולחטאתינו ונחלתנו",

וועט זיין דער סליחה ומחילה אויף כל הענינים והנהגות בלתי רצויות, און ס'וועט זיין "ונחלתנו", אז דער אויבערשטער ווערט נחלת כל אחד ואחת מישרל; און "ונחלתנו" כפשוטו - אז מ'האט דעם "כח מעשיו הגיד לעמו לתת להם אין אן אופן פון נחלת עולם לעם עולם, ומתוך שמחה וטוב לבב.

ואדרבה: די עמי הארץ מיט אחשורוש מולך בכיפה גיבן אפ כל השליטה צו די וואס גייען בעקבות פון מרדכי, בדוגמא ווי ס'איז געווען צו דעם ערשטן מרדכי היהודי, און ס'ווערט דער "ושמעו הולך בכל המדינות", וואס דער אמת'ער וועג לזה איז דורך "לא יכרע ולא ישתחוה".

און עס ווערט דעמולט א שלום און א שמחה און א משתה ושמחה ביז "ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר", אן אמתע אורה וואס דאס איז "אורה זו תורה", עד"ז ביז "ויקר אלו תפילין", וואס "הוקשה כל התורה כולה לתפילין".

כב. כאן המקום אויך דערמאנען בנוגע צו די אלע מבצעים, אנהויבנדיק פון דעם מבצע פון "מיהו יהודי", וואס דאס האט מען כולל געווען צוזאמען מיט ילדי "טעהעראן" אז דערווייליע איז ניטא וואס צו טאן, און מ'זאל צו ווארטן נאכאמאל און ס'איז דערווייליע דורכגעגאנגען 9 יאר וכו' וכו', וואס אין כאן המקום להאריך בזה.

ויה"ר אז ס'זאל זיין דער "מסמך גאולה לגאולה" בשעת אידן שטעלן זיך ביד רמה ובקומה זקופה, פונקט ווי ס'איז געווען "בימי צאתך מארמ"צ" אז נאך זייענדיק אין מצרים איז מען געשטאנען ביד רמה, במילא אז ס'ווערט דערנאך "מיד הן נגאלין", איז דאס אין אן אופן פון "ובנ"י יוצאים ביד רמה".

וכן תהי' לנו, אז יעדער בעניניו וועט שטיין אין אן אופן פון "לא יכרע ולא ישתחוה", און מ'וועט אויך זען צונעמען צוריק אט דאס וואס ע"פ טעות ולחץ ואי-הבנה האט מען אפגעגעבן וואס מ'האט ניט געטארט אפגעבן (צי דאס איז בנוגע אפגעבן בפועל צי בדיבור ובהבטחה, צי צוגענומען אנשי חיל פון דעם ארט וואס מ'מוז זיי האבן, צוליב בטחון פון עם ישראל בכלל, ובמיוחד עם ישראל היושב בארה"ק, אין "ארץ אשר גו' עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"),

און דאס איז דער איינציקער וועג אז מ'זאל ווערן א משנה למלך (ווען מ'קען נאך ניט זיין קיין מלך בישראל דערפאר וואס מ'געפינט זיך בישראל, אע"פ וואס דאס איז א משנה למלך ביי ניט קיין אידישן מלך), און דאס איז די איינציקע וועג אז ס'זאל זיין דער סדר אין וועלט אז "והיו מלכים אומניך ושרותיהם מיניקותיך" וכו'.

כג. ובקרוב ממש וועט מען מקבל זיין פני משיח צדקנו, ביז אין אן אופן פון "ומיד", און מ'וועט גיין "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותינו", מיט ילדי "טעהעראן" כולם, און אפילו די וואס האבן ביז איצטער ניט געלאזט טאן עפעס וועגן זיי וועלן אויך מיטגיין און זיך מודה זיין אויפן טעות וואס זיי האבן געהאט בכל אמירות הוידויים וכיו"ב, און אפילו די וואס האבן געטאן דער היפך וועט זיין "זדונות נעשו לא כזכיות" דורך חרטה גמורה בקרוב ממש, און די ערשטע זאך אין תשובה איז דאך "לא ישוב לכסלה", אז מ'וועט אויפהערען טאן די ענינים

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

בעתיד,

וכן תהי' לנו, ובעגלא דידן - "אורה ושמחה וששון ויקר" ווי חז"ל טייטשן דאס אפ ואין ענין יוצא מידי פשוטו - "אורה ושמחה וששון ויקר" כפשוטו, נאך אין מעמד ומצב פון גלות, אין מעמד ומצב פון "עבדי אנן", ובקרוב ממש וועט זיין "מסמך גאולה לגאולה", די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו - "בניסן נגאלו ובניסן עתידין להגאל".

--------------- * ---------------

בס"ד. שיחת מוצאי ש"פ צו, שבת הגדול,
אור לי"א ניסן ה'השל"ט.

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

א. די התוועדות איז דאך פארבונדן מיט מוצאי שבת קודש "שבת הגדול" - ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ בשו"ע שלו[1] אלס א פס"ד אז דער שבת ווערט אנגערופן "שבת הגדול".

וואס לויט דעם ביאור אין דעם וואס דער שבת ווערט אנגערופן "שבת הגדול", איז פארשטאנדיק אז "שבת הגדול" איז פארבונדן מיט חג הפסח וואס קומט אין די טעג וואס זיינען לאח"ז, ד.ה. אז "שבת הגדול" איז די הקדמה צו חג הפסח.

ביז אז אפי' ווען פסח איז חל בשבת, ווערט דער שבת שלפניו אנגערופן "שבת הגדול", און פארוואס ווערט ער אזוי אנגערופן - רעדפאר וואס ער איז טאקע דער "שבת הגדול", און אין אים זיינען דא אלע ענינים פון "שבת הגדול", וואס דערפון קומען ארויס די אלע מנהגים וואס זיינען דערמיט פארבונדן.

ב. די שייכות פון "שבת הגדול" מיט חגה"פ איז נאכמער מודגש אין דעם לשון פון דעם אלטן רבי'ן אין שו"ע:

ווען דער אלטער רבי איז מבאר דעם טעם אויף דעם וואס מ'רופט דעם שבת "שבת הגדול", זאגט ער אז "פסח מצרים הי' מקחו מבעשור לחודש . . ואותו היום שבת הי', שהרי בה' בשבת יצאו ישראל ממצרים . . וכיון שט"ו בניסן הי' בה' בשבת א"כ עשרה בניסן הי' בשבת".

האט מען גערעדט אמאל באריכות[2], אז לכאו' איז ניט פארשטאנדיק - וואס איז נוגע דער גאנצער חשבון אין שו"ע? אין דעם זעלבן ארט וואו מ'דארף סיי-ווי א קוק טאן אויף צו זעהן אז "בה' בשבת יצאו ישראל ממצרים", שטייט דארטן דער גאנצער השבון, איז צוליב וואס דארף דאס דער אלטער רבי אראפברענגען אין שו"ע?

און אויב מ'דארף צוצייכענען דעם מקור וואו עס שטייט אז "אותו היום שבת הי'". האט דער אלטער רבי געדארפט צוצייכענען דעם ארט וואו דאס שטייט, און ניט אראפברענגען דעם גאנצן חשבון?

איז דאך דערפון פארשטאנדיק, אז די סיבה אויף דעם וואס ביום השבת איז געווען דער "ויקחו להם איש שה לבית

- אבות" -

------------

1) או"ח ר"ס תל. 2) לקו"ש שבת הגדול השל"ו ס"ח.

אבות"[3] - איז פארבונדן דערמיט וואס "בה' בשבת יצאו ישראל ממצרים", ד.ה. אז דאס איז די סיבה אויף דעם וואס דער "ויקחו להם איש שה לבית אבות" איז געווען ביום השבת.

און דערפאר ברענגט אראפ דער אלטער רבי דעם מסובב - דאס וואס ביום השבת איז געווען דער "ויקחו להם גו'", צוזאמען מיט דער סיבה - "בה' בשבת יצאו ישראל ממצרים".

וואס דאס איז נאכמער מדגיש אז דער ענין פון "שבת הגדול" איז פארבונדן מיט די ענינים פון פסח (ווי ס'איז פארשטאנדיק אין פשוטם של ענינים), ביז אז דאס איז אויך נוגע צו דער קביעות בשבוע, אז כצד דערויף וואס "בה' בשבת יצאו ישראל ממצרים", איז דער "ויקחו להם" געווען בשבת.

ג. וויבאלד אז די התוועדות קומט פאר במוצאי שבה, איז פארשטאנדיק אז דאס איז פארבונדן מיטן שבת שלפניו, ווארום דאס ווערט אנגערופן "מוצאי שבת".

ובפרט אז די ההוועדות איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "מלוה מלכה" - אז מ'איז מלוה די מלכה און דעם מלך - וואס מלכה און מלך גייט אויפן שבת שלפניו.

און דערפאר דארף זיין דער הוכן פון דער התוועדות (עכ"פ פון התחלת ההתוועדות) פארבונדן מיט דעם שבה שלפניו - "שבת הגדול".

ד. דער ענין פון "שבת הגדול" איז - אז "נעשה בו נס גדול", ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין שו"ע שלו אז "כשלקחו ישראל פסחיהם באותו שבת נתקבצו בכורי מצרים אצל ישראל ושאלום למה זה הם עושין כך, אמרו להם זבח פסח הוא לה' שיהרוג בכורי מצרים. הלכו בכוריהם אצל אבותיהם ואל פרעה לבקש מהם שישלחו את ישראל ולא רצו, ועשו הבכורות עמהם מלחמה והרגו הרבה מהם, וז"ש"[4] למכה מצרים בבכוריהם. וקבעו נס זה לזכרון לדורות בשבת, וקראוהו שבת הגדול".

וואס דער "נס גדול" איז געווען בשעת אידן האבן מקיים געווען דעם "ויקחו להם גו'" בפועל,

ווארום אע"פ אז גלייך ווען אידן זיינען אויף דערויף נצטווה געווארן (בד"ת ניסן[5]) שטייט שוין "וילכו ויעשו בנ"י גו'"[6], דערפאר וואס "מכיון שקבלו עליהם מעלה עליהם הכתוב כאילו עשו"[7] - איז אבער פארשטאנדיק אז עס קומט נאך צו א

- בעלה -

3) בא יב, ג. 4) תהלים קלו, י. וראה פרש"י ומצו"ד עה"פ. מדרש ההלים שם. 5) ראה מכילהא ופרש"י עה"פ בא שם. 6) בא שם, כח. 7) מכילתא ופרש"י עה"פ.

הנחת הת' בלתי מוגה

מעלה נוספה וועז עס איז דא די עשי' בפועל,

וואס דערפאר זעט מען אז דאס וואס "מעלה עליהם הכתוב כאילו עשו" האט ניט דערנומען אויף אזוי פיל אז דאס זאל ברענגען צום "נס גדול", נאר דוקא ווען אידן האבן מקיים געווען דעם "ויקחו להם גו'" בפועל, אין אן אופן של פרסום וכו'[8] - איז דערפון געווארן דער שטורעם אין גאנץ ארץ מצרים, ביז גאנצן המשך וואס איז דערפון ארויסגעקומען - דער "נס גדול" פון "למכה מצרים בבכוריהם".

און דער "נס גדול" פון "למכה מצרים בבכוריהם", איז געווען די הקדמה און הכנה צו כללות הענין פון יצי"מ (כדלקמן).

ה. דער ענין פון יצי"מ איז אן ענין כללי אין גאנץ הומ"צ, ובלשון החינוך[9] אז דאס איז א "יסוד גדול ועמוד חזק בתורתינו ואמונתינו", ווי דאס איז מודגש אין דערויף וואס מ'דארף דערמאנען דעם ענין פון יצי"מ בכל יום, ביז פעמיים ביום, סיי בבוקר און סיי בערב[10],

און ניט נאר אז דאס דארף זיין פעמיים ביום, נאר דאס דארף זיין בכל רגע שביום, ד.ה. אז דאס וואס מ'דערמאנט דעם ענין פון יצי"מ בבוקר ובערב, ווערט דאס א פעולה נמשכה על כל רגע ורגע שביום, אע"פ אז דאס זעט זיך ניט אן בגלוי.

ד.ה. אז דאס וואס ער דערמאנט דעם ענין פון יצי"מ בבוקר ובערב, ווערט דאס דער "יסוד גדול ועמוד חזק" וואס נעמט-דורך זיינע פעולות במשך כל היום כולו.

ביז וואנעט אז דער ענין פון יצי"מ נעמט-דורך זיין גאנצע מציאות; ווארום די ענינים פון הומ"צ זיינען "חיינו ואורך ימינו", און כללות הענין פון הומ"צ איז פארבונדן מיט דעם ענין פון יצי"מ -

כמדובר כמ"פ בארוכה (מיוסד אויף דערויף וואס ס'שטייט אין הניא"[11]) אז דער ענין פון יצי"מ שבכל יום איז פארבונדן דערמיט וואס ער גייט ארויס פון זיינע מיצרים וגבולים, מדידות והגבלות,

וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דערויף וואס ער איז זיך עוסק אין הומ"צ. ווארום בשעה ער איז זיך עוסק אין הומ"צ שטייט ער אין א מעמד ומצב אז ער איז ניט פארבונדן

- מיט -

---

8) ראה טור או"ה סת"ל. 9) מצוה כא. 10) טור או"ה סס"ו וסרל"ו. שו"ע אדה"ז שם סס"ו סי"ב. סס"ז ס"א. 11) פמ"ז.

הנחה הת' בלתי מוגה

מיט עניני העולם[12]. ער איז פארבונדן מיט הוכ"צ, און בשעת דער קיום התומ"צ נעמט אים דורך ווי עס דארף צו זיין, שטייט ער אין א מעמד ומצב אז ער איז בצוותא וחיבור מיטן אויבערשטן[13], ובמילא איז ער ארויסגעגאנגען פון די מיצרים וגבולים פון כל הבריאה כולה.

און דער ענין פון יצי"מ פארלאנגט אויך די הכנה און צוגרייטונג בנפשו, אז ער זאל זיין גרייט אויף ארויסגיין פון זיינע מיצרים וגבולים.

ו. לכאו' איז אבער ניט פארשטאנדיק:

ווי אזוי זאגט מען א איד אז ער דארף ארויסגיין פון זיינע מיצרים וגבולים - מיצרים וגבולים זיינען דאך בדוגמת בית האסורים, און מ'זאגט דאך אז "אין חבוש מתיר עצמו מבית האסורים"[14], איז ווי פארלאנגט מען פון אים ער זאל אליין ארויסגיין פון מצרים?

איז דער ביאור אויף דערויף - אז דאס ווערט אויפגעטאן דורך דערויף וואס "הקב"ה עוזרו"[15],

בדוגמא ווי ס'איז געווען אין "יכי צאתך מארץ מצרים", אז בשעת ס'איז אנגעקומען דער רגע וואס אידן האבן געדארפט ארויסגיין פון מצרים (אידן זיינען דערצו געווען גרייט), האט זיי דער אויבערשטער ארויסגענומען פון מצרים, ווי ס'שטייט[16] "אנכי ה' אלקיך אשר הוצאתיך מארץ מצרים".

און ס'איז דאך פארשטאנדיק אין שכל הפשוט, אז לגבי דעם אויבערשטן איז דער ענין פון בית האסורים קיין הגבלה ניט, וואָרום וויבאלד אז דער גאנצער בית האסורים איז געבוים געווארן און האלט זיך "בדבר ה'"[17], איז דאך ניט שייך אז דאס זאל אים מגביל זיין.

ועד"ז איז אויך בנוגע צו דעם ענין פון גלות מצרים, אז כללות הירידה אין מצרים איז געווען דערפאר וואס "אנוס ע"פ הדיבור"[18]. און אזוי איז געווען במשך כל הזמן וואס אידן זיינען געווען אין מצרים. וואס דאס איז געווען מיוסד אויף דער גזירה וואס איז געווען אין "ברית בין הבתרים" - איז דאך ניט שייך צו זאגן אז די גזירה זאל מגביל זיין דעם וואס האט גוזר געווען די גזירה, אז ער זאל אויך נכלל ווערן אין דער גזירה.

- ער -

---

12) ראה תניא ספכ"ה. פמ"א (נח, א). 13) ראה לקו"ת בחוקותי מה, ג. ובכ"מ. 14) ברכות ה, ב. וש"נ. 15) קידושין ל, ב. וראה גם סוכה נב. ריש ע"ב. 16) יתרו כ, ב. 17) תהלים לג, ו. 18) הגש"פ. וראה שבת פט, ב.

ער האט גענומען אויף זיך מקיים זיין די גזירה, דערפאר וואס אזוי האט ער געוואלט, און וויבאלד אז דאס איז תלוי ברצוננו, איז "ברצוננו נתנה כו' וברצוננו נטלה כו'"[19], כמדובר כמ"פ[20].

ובלשון החסידות[21] אז א הגבלה עצמית איז ניט קיין הגבלה.

און ווי ס'איז פארשטאנדיק בפשטות, אז לגבי דעם בעה"ב פון דעם בית האסורים (דער בעה"ב אויף כללות ענין הגלות, וואס דער גלות איז א גרויסער בית האסורים), איז ניט שייך צו זאגן אז דער בית האסורים זאל פועל'ן עפעס א גרעון און א הגבלה אין אים ח"ו, וויבאלד אז ער איז דער בעה"ב אויפן בית האסורים, און אויף אלע ענינים וואס זיינען דעדמיט פארבונדן.

ועד"ז איז אויך בנוגע צו דעם ענין פון יצי"מ וואס דארף זיין בכל יום, אז דאס ווערט אויפגעטאן דורך דעם אויבערשטן - דורך נקודת היהדות (ובלשון העולם - די פינטעלע איד) וואס איז דא בא יעדער אידן,

וואס די נקודת היהדות איז די התחלה, דער יסוד און דער קיום פון זיין נה"א מיט אלע אירע כחות, וואס זי איז א "חלק אלוקה ממעל ממש"[22], וואס דערפאר איז זי מלכתחלה ניט געגאנגען אין גלות[23], און ביי איר איז ניט שייך קיין ענין פון "דינא דמלכותא דינא"[24], און ס'איז ניט שייך קיינע אנדערע מדידות והגבלות, ווארום זי איז "חלק אלוקה ממעל ממש".

ועפ"ז איז פארשטאנדיק אז ס'איז ניט שייך צו פרעגן ווי אזוי פארלאנגט מען פון א אידן ער זאל ארויסגיין פון זיינע מיצרים וגבולים, מ'זאגט דאך אז "אין חבוש מתיר עצמו מבית האסורים" - ווארום דאס ווערט אויפגעטאן דורך די נקודת היהדות, וואס זי איז מלכתחלה ניט געגאנגען אין גלות. זי איז מלכתחלה א "בן חורין".

אבער אזוי ווי דער ציווי אויף דעם ענין פון יצי"מ איז געזאגט געווארן צו א אידן, א נשמה בגוף - איז די עבודה פון א אידן אז בכח פון זיין נקודת היהדות זאל ער צוגרייטן אלע זיינע כחות, אז זיי זאלן זיין גרייט ארויס-שפרינגען (וואס דאס איז דער ענין פון "פסח" - מלשון "דלג"[25]) פון זייערע מדידות והגבלות,

- און -

------------

19) ל' רש"י ר"פ בראשית. 20) ראה לקו"ש ח"ב ע' 504 ואילך. 21) המשך הרס"ו ע' קצב. ובכ"מ. 22) תניא רפ"ב. 23) סה"מ קונטרסים ח"א קעה. ב. לקו"ד כרך ד תרצב. א. 24) גיטין י, ב. וש"נ. 25) פרש"י עה"פ בא שם, יא-יג. ועוד.

הנחה הת' בלתי מוגה

און דעמזעלבן פועל'ט דער "חלק אלוקה" און די נקודת היהדות וואס אין אים, אויף אלע זיינע כחות, אויך די כחות הגלוים, ביז אויף זיין מחשבה דיבור ומעשה, אז בנוגע צו די אלע ענינים שטייט ער אין א מעמד ומצב פון "בן חורין" אמיתי.

ז. און דער כללות הענין פון יצי"מ ווערט אויפגעטאן דורך דעם ענין פון לימוד התורה, כפס"ד המשנה[26] וואס אויף דערויף זאגט מען[27] "טעה בדבר משנה חוזר", דערפאר וואס דער טעות איז מלכתחלה קיין מציאות ניט "אין לך בן חורין אלא מי שעוסק בתלמוד תורה", ווי ס'שטייט[28] "חרות על הלוחות, א"ת חרות אלא חירות".

ד.ה. אז דורך דערויף וואס א איד פארבינדט זיך מיט תורה, א"ז אין וועלכן מעמד ומצב ער זאל נאר זיין, זאגט "תורה אמה" אז ער איז דער אמת'ער "בן חורין".

און דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון יצי"מ בפשטות - ווי רש"י[29] ברענגט אראפ אז בשעת משה רבינו האט געפרעגט דעם אויבערשטן "מה זכות יש לישראל שיצאו ממצרים". האט אים דער אויבערשטער געזאגט "בהוציאך את העם ממצרים תעבדון את האלקים על ההר הזה", ד.ה. אז בזכות דעם ענין פון קבלת התורה זיינען אידן ארויסגעגאנגען פון מצרים.

ח און אלס הקדמה צום כללות הענין פון יצי"מ קומט דער ענין פון "שבת הגדול", וואס דאס איז פארבונדן מיט א "נס גדול".

והביאור בזה - בהקדים:

לכאו' איז ניט פארשטאנדיק, ווי קומט דאס אז נאך איידער ס'איז געווען דער ענין פון יצי"מ, איז שוין געווען דער "נס גדול" - אלעמאל איז דאך דער סדר אין אן אופן פון "מעט מעט אגרשנו"[30], מן הקל אל הכבד, איז פארוואס איז די התחלה גלייך מיט א "נס גדול"?

בפשטות איז דער ביאור בזה - אז דאס איז געקומען נאך דערויף וואס עס זיינען געווען די "עשרה נסים נעשו לאבותינו במצרים"[31], וואס דאס האט זיך אנגעהויבן כמה חדשים איידער ס'איז געווען דער ענין פון יצי"מ, און ערשט דערנאך איז געקומען דער "נס גדול" וואס איז געווען בשבת הגדול:

עס איז אבער דא דער ביאור בזה אין פנימיות הענינים:

- דאס -

---

26) אבות פ"ו מ"ב. 27) סנהדרין ו, א. וש"נ. טושו"ע חו"מ רסכ"ה. 28) תשא לב, טז. 29) עה"פ שמות ג, יב. 30) משפטים כג, ל. 31) אבות פ"ה מ"ד.

דאס וואס א איד ווערט באפרייט פון זיינע מיצרים וגבולים, ווערט אויפגעטאן דורך דערויף וואס ער באקומט די גדלות אמיתיה, וואס אמיתית הגדלות איז, ווען ער האט ניט אויף זיך קיינע מדידות והגבלות: מ'קען אים ניט מעסטן, ווארום ער איז א גדול באמת.

ווארום יעדער מיצר וגבול, יעדער באגרענעצונג, איז אן ענין של בית האסורים, וואס ווי גרויס דער בית האסורים זאל נאר זיין, אפי' ווען ער האט אן אורך ורוחב גדול ביותר, איז וויבאלד אז מ'איז דארטן מוגבל, איז אפי' דער גרעסטער גבול וואס קען זיין, ווערט ער אנגערופן "קטן" לגבי אמיתית הגדלות, וואס אמיתית הגדלות איז דוקא ווען ס'איז אין אן אופן פון בלי גבול.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז כדי אז ס'זאל זיין דער ענין פון יצי"מ. אז אידן זאלן באפרייט ווערן פון זייערע מיצרים וגבולים, דארף זיין די הכנה והקדמה לזה - דער ענין פון "נס גדול", אן ענין של גדלות אין נסים גופא,

וואס כללות הענין פון א "נס" איז מלשון "ארים נסי"* - אן ענין של הרמה*, העכער פון דער מדידה והגבלה פון טבע,

אבער אין נסים גופא איז אויך שייך א מדידה והגבלה, וואס דערפאר איז דא די מציאות פון א נס בתוך נס* וכו', ובלשון הידוע* אז אין נסים איז אויך פאראן א סדר, וואס דער ענין פון סדר (ניט קיין דילוג) איז מכריח אז ס'זאל זיין אין אן אופן פון מן הקל אל הכבד. מן המוקדם אל המאוחר. און מן הקטן אל הממוצע. און דערנאך אל הגדול.

און וויבאלד אז פסח איז דער ענין פון אריבערשפרינגען. אין אן אופן וואס ס'איז ניטא קיין מדידה והגבלה - איז די הכנה לזה אויך אין אן אופן אז צווישן נסים גופא דארף דאס זיין "נס גדול".

ט. און "הימים האלו נזכרים ונעשים"* - אז בכל שנה ושנה ווען עס קומט דער טאג פון "שבת הגדול",

ובפרט ווען די קביעות קומט אויס אין דעם זעלבן אופן ווי ס'איז געווען בפעם הראשונה, סיי בנוגע צו יכות השבוע - יום השבת. און סיי בנוגע צו יכות החודש - בעשור לחודש,

- ווערט -

------------

32) ישעי' מט, כב. 33) פרש"י עה"פ יתרו כ, יז. וראה גם פרש"י עה"פ הקת כא, ח. ועוד. 34) ל' הש"ס - שבת צז, א. וש"נ. 35) לקו"ש ח"ד ע' 1223 הע' 10. 36) אסתר ט, כח. וראה רמ"ז בספר תיקון שובבים. הובא ונתבאר בספר לב דוד להחיד"א פכ"ט.

ווערט נאכמאל אויפגעטאן דער ענין פון "נס גדול" - און דאס ווערט די הכנה והקדמה צו דעם ענין פון יצי"מ. דורך דערויף וואס די התחלה אין דערויף איז מלכתחלה נים אן ענין של גדלות, "נס גדול", אין נסים גופא איז דאס א "נס גדול".

י. דער "נס גדול" פון "למכה מצרים בבכוריהם" וואס איז געווען אלס א הקדמה צו דעם ענין פון יצי"מ, האט זיך אויפ-געטאן אין וועלט דערפאר וואס שוין בעשור להודש איז די עבודה פון אידן געווען אין אן אופן אז זיי זיינען ארויס-געשפרונגען פון מעמדם ומצבם אין אן אופן וואס איז שלא בערך כלל.

והביאור בזה:

ווען משה רבינו האט איבערגעגעבן אידן דעם ציווי פון דעם אויבערשטן "משכו וקחו לכם גו'"[37], זיינען אידן געשטאנען אין זייער מעמד ומצב ווי זיי געפינען זיך אין ארץ מצרים, וואס אע"פ אז עס זיינען געווען די ד' ענינים וואס אידן האבן נים משנה געווען[38], וואס דערפאר האבן זיי זוכה געווען צו ארויסגיין פון מצרים[39], זיינען זיי אבער געשטאנען אין א מעמד ומצב פון "ואת ערם ועריה"[40].

און ווי רש"י ברענגט אראפ בפירושו עה"ת[41] אז דאס וואס מ'האט אנגעזאגט אידן זיי זאלן מקריב זיין דעם קרבן פסח, איז דאס פארבונדן דערמיט אז זיי זאלן האבן א זכות מיט וועלכן זיי זאלן קענען ארויסגיין פון מצרים.

[דער זכות פון "בהוציאך את העם ממצרים תעבדון את האלקים על ההר הזה", איז דאך געקומען נאך דערויף וואס מ'איז שוין ארויסגעגאנגען פון מצרים. מ'האט אבער אויך געדארפט האבן א זכות אידער מ'איז געווען דער ענין פון יצי"מ - וואס דאס איז געווען דער ענין פון הקרבה קרבן פסח בי"ד ניסן, און לפנ"ז, בעשור לחודש, איז שוין געווען דער "משכו וקחו לכם גו'"].

און אע"פ אז אידן זיינען דעמולט געשטאנען אין א מעמד ומצב פון "ואת ערם ועריה", האט מען פארלאנגט פון זיי (נים נאר פון משה רבינו, נאר פון אלע אידן) אז זיי זאלן זיך איינשטעלן אין סכנה און נעמען דעם "שה" צוליב קרבן פסח,

- וואס -

37) בא שם, כא. 38) ראה הגש"פ זבח פסח פיסקא בכהי מעט. הובא בהגש"פ עם לקוטי טעמים כו' (קה"ה השל"ג, השל"ו) ע' כב. 39) ראה ויק"ר פל"ב, ה. ועוד. 40) יחזקאל טז, ז. 41) עה"פ בא שם, ו.

הנחת הת' בלתי מוגה

וואס דאס איז דאך געווען אן עניין פון סכנה, ווי עס ווערט דערציילט פריער אז משה רבינו האט גע׳טענה׳ט "הן נזבח את הועבת מצרים לעיניהם ולא יסקלונו"[42] (וואס די טענה איז ארייגעשטעלט געווארן אין "תורת אמת"), און אעפ"כ האט מען אנגעזאגט אידן אז מיט פיר טעג קודם צו הקרבת הקרבן, זאל זיין דער "משכו וקחו גו׳", אזוי אז אלע זאלן זעהן ווי מ׳נעמט א שה, "תועבת מצרים", און מ׳בינדט אים צו[*], און מ׳גרייט אים צו אז דערנאך זאל מען אים קוילען און עסן.

וואס דאס איז דאך אן עבודה וואס איז אינגאנצן שלא בערך - אז אע"פ וואס אידן זיינען געשטאנען אין דעם מעמד ומצב פון "ואת ערם ועריה", זיינען זיי ארויסגעשפרונגען פון זייער מעמד ומצב, און האבן זיך אוועקגעשטעלט אין א תנועה פון מס"נ בפועל, איך צו מקיים זיין דעם אויבערשטן׳ס ציווי וואס מ׳האט געהערט ע"י משה רבינו,

און געטאן דאס אין אן אופן של פרסום, ניט קוקנדיק אויף דערויף אז אלע וועלן זיך גלייך דערוויסן וועגן דעם, און דאס וועט אנקומען צו פרעה מלך מצרים, וואס ער איז דעמולט געווען דער "מושל בכיפה"[43].

און וויבאלד אז די עבודה פון אידן איז געווען אין אן אופן פון ארויסשפרינגען פון זייער מעמד ומצב אין אן אופן וואס איז שלא בערך - האט דאס אויפגעטאן אין וועלט דעם "נס גדול" פון "למכה מצרים בבכוריהם".

יא. וכאמור לעיל (ס"ט) אז "הימים האלו נזכרים ונעשים" - בשעה מ׳דערמאנט דעם עניין פון "שבת הגדול", און כ׳איז זיך נוהג אין אלע עניינים וואס זיינען פארבונדן מיט "שבת הגדול". ווערט אויפגעטאן דער "נעשים", אין דעם זעלבן אופן ווי עס האט זיך אויפגעטאן צום ערשטן מאל.

וואס אע"פ אז איצטער איז מערניט וואס <u>מ׳דערמאנט</u> דאס וואס עס האט געטראפן צום ערשטן מאל, אעפ"כ, וויבאלד אז א איד שפרינגט ארויס פון זיינע מדידות והגבלות, שפרינגט ער אויך ארויס פון די מדידות והגבלות און די חילוקים פון עניין הזמן.

ביז וואנעט אז דורך דעם זכרון שטעלט ער זיך אוועק בפועל אין דעם זעלבן מעמד ומצב ווי אידן זיינען געשטאנען ווען זיי האבן מקיים געווען בפועל דעם ציווי פון "משכו וקחו".

און דורך דערויף פועל׳ט ער אויך אז די וועלט זאל

- שטיין -

------------

42) וארא ח, כב. 43) מכילתא עה"פ בשלח יד, ה.



<u>הנחה הת׳ בלתי מוגה</u>

שטייט (ניט נאר אין א מעמד ומצב פון "נס" סתם, נאר) אין א מעמד ומצב פון "נס גדול".

יב. און דאס ווערט די הכנה קרובה צו דער גאולה האמיתית והשלימה - בדוגמא ווי ס'איז געווען אין "ימי צאתך מארץ מצרים", אז די כוונה אין דעם "משכו וקחו" (וואס איז געווען בשבת הגדול) איז געווען כדי אז ס'זאל זיין דער "ושחטו הפסח" אין י"ד ניסן, און דערנאך "ואכלתם אותו בחפזון"[44], וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס "בחפזון יצאת מארץ מצרים"[45] - דער ענין פון יצי"מ,

איז כן תהי' לנו, אז דער ענין פון שבת הגדול זאל זיין די הכנה קרובה צום "כיד הן נגאלין"[46], ואדרבה, איצטער גייען דאך אלע ענינים שנעלער, בדוגמת המבואר אין די דרושים[47] אז איצטער טוט מען אויף דורך דער מצה שקודם חצות די אלע ענינים וואס קודם מ"ת האט מען געדארפט ווארטן ביז לאחרי חצות.

וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דער החלטה טובה ותקיפה ואמיתית אז ס'זאל זיין דער "משכו ידיכם מעבודה זרה"[48], פון יעדער ענין וואס איז "זר" (פרעמד) צו א אידן דערפאר וואס דאס איז "זר" צו אידישקייט, און דאס קומט מצד דעם "א-ל זר אשר בקרבך", דער יצה"ר[49] -

וואס בשעת ער איז מחליט און הויבט אן צו טאן עפעס א פעולה אין דער ריכטונג פון "משכו ידיכם מעבודה זרה", ווערט גלייך דער "וקחו לכם", אז עס ווערט זיין קרבן פסח, זיין קיחה און זיינע א זאך.

און דורך דערויף ווערט אויפגעטאן דער ענין הגאולה נאך קודם חצות, און קודם חמשה עשר בניסן, נאר גלייך אין אנהויב פון חודש ניסן, וואס "בניסן נגאלו ובניסן עתידין להגאל"[50].

וכן תהי' לנו - אז ס'זאל זיין דער "כיסכך גאולה לגאולה"[51], אז נאך די "אורה ושמחה וששון ויקר" וואס איז געווען אין דער גאולה פון חודש אדר, זאל קומען די גאולה שלימה און גאולה אמיתית אין תחלת חודש ניסן שנת תשל"ט, ע"י משיח צדקנו, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, ובעגלא דידן.

* * *

- יג. -

---

44) בא שם, יא. 45) ראה טז, ג. 46) רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ה. 47) לקו"ת צו יד, א ואילך. ועוד. 48) שמו"ר פט"ז, ב (בסופה). מכילתא עה"פ בא שם, כא. ועוד. 49) שבת קה, ב. 50) ר"ה יא, א. 51) מגילה ו, סע"ב.

יג. מ'האט דערמאנט פריער (ס"ה) אז מ'דארף דערמאנען דעם ענין פון יצי"מ בכל יום, און עס דארף זיין אין אן אופן פון "נזכרים ונעשים", ד.ה. אז בכל יום דארף זיין דער ענין פון יצי"מ - ער דארף ארויסגיין פון זיינע מדידות והגבלות.

ווארום יעדער ענין פון הומ"צ איז פארבונדן מיט דעם ענין פון יצי"מ - ווארום וויבאלד אז תומ"צ איז העכער פון וועלט. שטעלט דאס אים אוועק אין א מעמד ומצב וואס איז העכער פון וועלט, העכער פון זיינע מדידות והגבלות.

וכמבואר אין תניא[52] אז "גם אם הוא מתמיד בלימודו בטבעו, אעפ"כ אוהב את גופו יותר בטבעו", וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז כדי דער קיום ההומ"צ זאל זיין כדבעי, דארף ער ארויסגיין פון די מדידות והגבלות פון זיין טבע.

ביז וואנעט אז דער ענין פון יצי"מ דארף דערמאנט ווערן פעמיים בכל יום, בבוקר ובערב, ווי עס ווערט ערקלערט אין ספרי מוסר[53] דער רמז שבדבר, אז סיי ווען ביי אים איז "בוקר", עס לייכט ביי אים דער "שמש ומגן ה' אלקים"[54], ביי אים לייכט ג-טליכקייט, דורך דערויף וואס עס לייכט ביי אים אידישקייט: און סיי ווען ביי אים איז "ערב", ביי אים איז טונקל, זיין אידישקייט און ג-טליכקייט זעט זיך ניט אן ביי אים אין א ליכטיקן אופן - איז אין יעדן מעמד ומצב דארף ביי אים זיין דער ענין פון יציאת מצרים.

ד.ה. אז אין וועלכן מעמד ומצב ער זאל זיך נאר געפינען. האט ער בכח (און דערפאר פארלאנגט מען דאס ביי אים. וויבאלד אז דאס איז "לפי כחן"[55]) אז ביי אים זאל זיין דער ענין פון יצי"ב. ער זאל ארויסגיין פון זיינע מיצרים וגבולים.

וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דעם ענין פון "פסה". וואס דער פירוש בזה איז "דלג". ארויסשפרינגען, ד.ה. אז אפי' אויב ער קען דערצו ניט דערגרייכן דורך אן עבודה בסודרה. דארף ער שפרינגען - און בשעה ער וועט מהליט זיין צו שפרינגען. איז "הקב"ה עוזרו" אין דעם סדר העבודה.

יד. עפ"ז איז אבער ניט פארשטאנדיק: וואס איז דער אויפטו פון שבת הגדול. ובביוהד דער ענין פון הגה"פ. לגבי דעם ענין פון יציאה מצרים שבכל יום ויום?

איז דער ביאור בזה (ככדובר ככ"פ) - אז דער אונטערשייד

- איז -

------------

52) פמ"ז (כב. א). 53) ראה לקו"ש ח"ג ע' 1016.

54) ל' הכתוב - תהלים פד. יב. 55) ראה במדב"ר פי"ב, ג.

איז, אין וואס באשטייט דער יסוד ועיקר (בגלוי) פון דער עבודה, און אין וואס באשטייט די עבודה בפועל (בגלוי).

והביאור בזה:

חג השבועות איז דער "זמן מתן תורתנו", אבער אעפ"כ איז מען דאך מחוייב אין לימוד התורה בכל רגע פנוי שבכל יום מימות כל השנה -

דער חילוק איז אבער, אז ווען עס קומט דער "זמן מתן תורתנו", איז דער גאנצער זמן דורכגענומען מיט דעם ענין פון מ"ת, ד.ה. אז אין יעדער ענין וואס ער זאל נאר טאן, זעט זיך אן דער ענין פון התורה: זיין אכו"ש, זיין מינה וכיו"ב. איז מערניט ווי א צוגרייטונג אז ער זאל גלייך קענען לערנען תורה, פארשטיין תורה און מעמיק זיין זיך אין לימוד התורה

[וכמדובר כמ"פ די דוגמא לזה - דערפון וואס דער רמב"ם זאגט אז "החכם ניכר . . במעשיו במאכלו ובמשקהו וכו'". ד.ה. אז אמיתית ענין החכמה איז ניכר ניט אין דעם וואס ער פארשטייט א דבר הכמה און א כסיל פארשטייט דאס ניט, נאר אין דעם וואס מ'זעט דעם אופן הנהגתו אין אכו"ש. משא וכתן. מיט אלע צען זאכן וואס דער רמב"ם רעכנט אויס, אין דעם איז ניכר אז ער איז א חכם אמיתי.

ועד"ז איז אויך בנוגע צו "זמן מתן תורתנו" - אז דאס דארף זיין ניכר אין אלע אנדערע ענינים וואס ער טוט, אז זיי זיינען דורכגענומען מיט דעם ענין פון מתן תורה].

משא"כ בכל השנה כולה. וואס דעמולט איז עיקר עבודתו (אין ימות החול) פארבונדן מיט עובדין דחול, אז אין דערויף זאל ער דינען דעם אויבערשטן, אין אן אופן פון "כל מעשיך יהיו לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו"" - אין דערויף איז ניט ניכר אויף אזוי פיל אז דאס איז מערניט ווי א צוגרייטונג צו לימוד התורה, אדרבה. דעמולט איז עיקר עבודתו דינען דעם אויבערשטן אין זיינע עובדין דחול.

ועד"ז אין א העכערן אופן - ווען ער איז מקיים א מצוה. ער עסט א סעודת מצוה, טוט ער דאס צוליב דעם ענין פון סעודת מצוה, ביז וואנעט אז דער לימוד התורה איז אויך פארבונדן מיט קיום המצוה - ער לערנט לפנ"ז הל' סעודה, הל' ברכות, מיט אלע ענינים וואס זיינען שייך דערצו, און כוונת הלימוד איז כדי ער זאל קענען מקיים זיין די סעודה מצוה ווי עס דארף צו זיין.

- ועד"ז -

------------

56) הל' דעות רפ"ה. 57) אבות פ"ב מי"ב. משלי ג. ו.

<u>הנחה הת' בלתי מוגה</u>

ועד"ז ווען ער איז מקיים מצות תפילין, וואס "הוקשה כל התורה כולה לתפילין"[58], איז דער עיקר אין דערויף דער קיום המצוה, צוזאמען מיט דער כוונה שבזה, לשעבד הלב והמוח[59], און ער לערנט הל' תפילין כדי ער זאל מקיים זיין מצות תפילין בשלימות ובהידור, ביז צו מהדרין מן המהדרין.

ווען עס קומט אבער "זמן מתן תורתנו", זיינען כל עניניו פארבונדן מיט לימוד התורה, כדי אז דער לימוד התורה זאל זיין בשלימות - ד.ה. אז אפי' קיום המצוות איז אויך כדי ער זאל זיין א "לומד על מנת לעשות"[60]. וואס דאס איז א מעלה אין דעם לימוד (ניט נאר אז עס קומט צו דער ענין העשי'. נאר עס קומט צו שלימות אין דעם לימוד גופא), אז דער לימוד איז "על מנת לעשות".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער לימוד התורה שבכל השנה, איז א הכנה און צוליב דעם ענין המעשה (ווארום "לימוד מביא לידי מעשה"[61]), כשא"כ אין "זמן מתן תורתנו" וואס דעמולט איז דער לימוד דער עיקר, און אפי' דער ענין פון קיום המצוה איז כדי אז דער לימוד התורה זאל זיין בשלימות (דער לימוד התורה אין "זמן מתן תורתנו" איז אויך "מביא לידי מעשה" - דעמולט איז אבער בהדגשה ובגלוי דער ענין הלימוד).

טו. עד"ז איז אויך בנוגע צו דעם ענין פון יציאת מצרים:

בכל השנה כולה באשטייט די עבודה אין דעם כללות הענין פון לימוד התורה וקיום מצוותי', ביז צו "כל מעשיך יהיו לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו". און דער ענין פון יצי"מ איז נאר כדי אז די עבודה אין לימוד התורה וקיום מצוותי' זאל זיין כדבעי.

כשא"כ אבער בחגה"פ. וואס דעמולט איז דער ענין פון יצי"מ בעיקר ובגלוי, אין אן אופן אז אלע ענינים פון חגה"פ זיינען דורכגענומען מיט דעם ענין פון יציאת מצרים.

ווען עס קומט צו אכילה ושתי' אין חגה"פ, זעט מען בגלוי ווי דאס איז דורכגענומען מיט דעם ענין פון יצי"מ, וואס דערפאר טאר ניט זיין קיינע ענינים של חמץ (קיינע ענינים של מיצרים) במשך כל שבעה ימי הפסח (און אין חו"ל - שמונה ימי הפסח). אין אן אופן פון "בל יראה" און "בל ימצא", ביז צו הכליה הזהירות. אפי' פון א משהו.

ד.ה. ניט נאר אז אין ליל הסדר דערציילט ער וועגן דעם

- ענין -

---

58) קידושין לה. א. 59) טושו"ע (ואדה"ז) סכ"ה ס"ה (מי"א). 60) אבות פ"ד מ"ה. 61) שם פ"א מי"ז.

ענין פון יצי"מ, נאר בכל יום פון ימי חגה"פ, ווען ער דארף עפעס עסן אדער טרינקען, און מ'פרעגט ביי אים אין וואס פאר אן אופן טוט ער דאס, זאגט ער, אז ער טוט דאס אין אן אופן אז אין דערויף איז ניכר דער ענין פון יציאה מצרים בגלוי.

ביז וואנעט אז בכל רגע ורגע איז מודגש דער ענין פון יצי"מ, ווארום בכל רגע ורגע איז ער מקיים דעם ענין פון "בל יראה" און "בל ימצא" (וויבאלד אז "ישב ולא עבר עבירה נותנים לו שכר כעושה מצוה"[62]), צוזאמען מיטן צד החיובי שבזה - דער ענין פון יציאת מצרים.

ועד"ז איז אויך בנוגע צו "שבת הגדול" - אז דעמולט זיינען דא כמה מנהגים וואס זיינען פארבונדן מיט דעם ענין פון יציאה מצרים,

און ניט נאר דער מנהג פון זאגן די הגדה, וואס דארטן רעדט מען בגלוי וועגן דעם ענין פון יצי"מ - נאר בכל רגע פון דעם שבת, ווען מ'פרעגט ביי אים וואס פאר א שבה איז דאס, זאגט ער אז דאס איז א רגע פון "שבת הגדול",

ובמילא זיינען אלע ענינים פון דעם שבת אין אן אופן פון גדלות, און דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "נס גדול". ד.ה. ניט דער ענין פון גדלות אין טבע, נאר גדלות אין דעם ענין פון "נס".

טז. ע"פ האמור אז דער שורש ומקור אויף דעם ענין פון יצי"מ איז דער ענין פון חגה"פ, וואס פון דארטן נעמט זיך דער ענין פון יצי"מ אויף "כל ימי חייך"[63], "להביא הלילות"[64], ביז "להביא לימות המשיח"[65] - איז ניט פארשטאנדיק: וואס טוט אויף און וואס העלפט ארוים דער ענין פון יצי"מ שבכל יום צום כללות ועיקר הענין פון יציאת מצרים, אין חג הפסח?

איז דער ביאור בזה:

דורך דערויף וואס מ'דערמאנט דעם ענין פון יצי"מ בכל יום, בבוקר ובערב, איז ווען עס קומט צו שבת הגדול און צו ימי הפסח שלאח"ז, איז ביי אים דער ענין פון יצי"מ שלא בערך ווי עס וואלט געווען לולא די הכנה פון דערמאנען דעם ענין פון יציאת מצרים בכל יום.

און ווי מ'זעט בפועל אז בשעת ס'איז דא דער ענין פון יצי"מ בכל יום, בשעת ק"ש וכיו"ב, איז לייכטער פועל'ן בא

- זיך -

------------

62) קידושין לט, סע"ב. 63) ראה שם. 64) הגש"פ. מברכות יב. ב במשנה. ועוד. וראה הגש"פ עם לקוטי טעמים כו' ע' יז. 65) ברכות שם.

הנחת הת' בלתי מוגה

זיך אז ווען עס קומט שבת הגדול, ועאכו"כ ימי חגה"פ שלאח"ז, זאל ביי אים זיין דער ענין פון יצי"מ מיט א התעוררות גדולה:

משא"כ אויב ער דערמאנט דעם ענין פון יצי"מ אין אן אופן פון "מצות אנשים מלומדה"[66]. קען ער ניט פועל'ן בא זיך אז ווען עס קומט צו שבת הגדול און ימי הפסח שלאח"ז, זאל ביי אים מיטאמאל ווערן דער ענין פון יצי"מ מיט א התלהבות וההעוררות גדולה. ווארום במשך פון כל השנה כולה איז ער געשטאנען אין א מעמד ומצב הפכי דערפון.

מ'מאנט ביי אים טאקע אז בעשור לחודש זאל ביי אים זיין דער ענין פון "משכו וקחו", מיט אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיטן "נס גדול" - עס קומט אבער ניט צום אופן הקיום פון די ענינים בשעת אז לפנ"ז איז דא די הכנה לזה, דורך דעם וואס ער דערמאנט זיך און איז מקיים דעם ענין פון יציאת מצרים, לפי עבודת יום זה.

ועפ"ד ווי מ'זאגט אז כללות עבודת האדם איצטער, איז א הכנה צו דעם ענין פון לימוד הורהו של משיח. און דער קיום המצווה "כמצות רצונך"[67], וויבאלד אז דורך מעשינו ועבודתנו במשך זמן הגלות, ווערט אויפגעטאן די גאולה האמיתית והשלימה[68].

יז. דערפון איז פארשטאנדיק, אז כדי אז ווען עס קומט דער "שבת הגדול", זאל א איד שטיין אין אן אופן של גדלות, וויבאלד אז דאס איז דער "שבת הגדול" לגבי שבתות כל השנה,

[עס ווערט טאקע געבראכט אין ראשונים[69] אז לויט מנהגים אין כמה קהילות זיינען דא נאך שבתות וואס ווערן אנגערופן בשם "שבת הגדול" - אבער דאס וואס עס ווערט אפגע'פסק'נט אין שו"ע. און דאס וואס ס'איז א מנהג בכל קהילות ישראל אן קיין אויסנאם. איז דאס מערניט בנוגע צום שבת שלפני חגה"פ. אז ער ווערט אנגערופן "שבת הגדול"].

וואס דאס איז נאך אלס הכנה צו חגה"פ. ועאכו"כ אז ווען עס קומט דער חגה"פ. זאל ביי אים זיין דער ענין פון דילוג וכו'.

ובפרט אין קביעות שנה זו, וואס סיי בנוגע צו ימי החודש און סיי בנוגע צו ימי השבוע. איז דאס די זעלבע קביעות ווי ס'איז געווען בפעם הראשונה -

- דארף -

------------

66) ל' הכתוב - ישעי' כט, יג. וראה הו"א ר"פ וארא.
67) ראה וככה הרל"ז פי"ד ואילך. 68) ראה הנ"א רפל"ז.
69) שבה"ל סר"ה. וראה גם כש"ס (גאגין) כרך א ע' קעז. הגש"פ הנ"ל בתחלתה.

הנחה הת' בלתי מוגה

דארף מען האבן די הכנה לזה - דורך דערויף וואס ער דערמאנט (און מיט א חיות) דעם ענין פון יצי"מ מידי יום ביומו, און דערמאנט דאס סיי בבוקר און סיי בערב. ביז אז דאס ווערט ביי אים אן עבודה הכידיה.

וואס די הכנה איז בדוגמה ענין החינוך, און דאס פועל'ט אז ווען עס קומט דערנאך "שבת הגדול", איז דאס ביי אים אין אן אופן וואס איז שלא בערך לגבי ווי עס וואלט געווען לולא די הכנה פון דערמאנען דעם ענין פון יציאה מצרים בכל יום, בבוקר ובערב.

יח. ועי"ד המבואר בכ"מ אז די ענינים שלפני מ"ת זיינען געווען א הכנה צו מ"ת, ובפרט דער ענין פון גלות מצרים, ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין די דרושים[70]. אז דער כור הברזל פון גלות מצרים איז געווען כדי צו אויסלייטערן אידן. און ארויסנעמען פון זיי די ענינים בלתי רצויים,

וואס דורך דערויף זיינען אידן געווארן א כלי אויף מקבל זיין די תורה, ביז אין אן אופן אז די תורה ווערט "היינו ואורך ימינו" - בכל רגע ורגע וואס זיין מציאות איז דא, דארף ער האבן דעם ענין פון "חיינו", וואס דאס איז דער ענין פון תורה ומצוותי' עליהם נאמר[71] "וחי בהם".

און כללות הענין פון גלות מצרים, איז געווען א הכנה אז דערנאך זאל זיין דער ענין פון "ובנ"י יוצאים ביד רמה"[72], און "בעצם היום הזה גו'"[73], ביז אין אן אופן פון "נגלה עליהם מלך מלכי המלכים הקב"ה בכבודו ובעצמו וגאלם".

ועד"ז איז דאס אויך אין דער עבודה פון אידן. אז במשך כל השנה כולה דארף זיין די הכנה צו הגה"פ, דורך דערויף וואס ער דערמאנט דעם ענין פון יציאה מצרים בכל יום.

וואס אין עבודה איז דאס - אז ער ווייסט אז ער האט די "נשמה שנתת בי". נאר ס'איז דא א גזירה מלמעלה אז די נשמה זאל אראפקומען אין א גוף, מאיגרא רמה לבירא עמיקתא[74], און אעפ"כ האט מען אים אפגעגעבן דעם שליסל צום ביה האסורים, וואס דאס איז דער "חלק אלוקה ממעל ממש",

און מ'מאנט פון אים אז אין דעם ביה האסורים, דער בירא עמיקתא, זאל ער אויפטאן דעם ענין פון "ונצלתם את מצרים"[75], ביז צו "ביד חזקה יגרשם מארצו"[76], אז די ענינים

- פון -

------------

70) תו"א ר"פ שמות. 71) אחרי יח, ה. 72) בשלח יד, ח. 73) בא שם. מא. 74) ראה חגיגה ה, ב. 75) שמות ג, כב. 76) שם ו, א.

פון דער בירא עמיקתא יאגן אים און גיבן אים כח און יתר שאה ויתר עז, אז ביי אים זאל זיין דער ענין פון יציאת מצרים בתכלית השלימות.

יט. דערפון איז פארשטאנדיק דער עילוי פון "שבת הגדול" לגבי די עבודה פון די ימים שלפנ"ז, וואס דעמולט דארף מען אויך דערמאנען דעם ענין פון יצי"מ - אז אין די ימים שלפנ"ז זיינען ניטא די אלע מנהגים וואס זיינען פארבונדן מיט "שבת הגדול", דערפאר וואס דעמולט שטייט ניט דער ענין פון יצי"מ בגלוי, משא"כ בשבת הגדול, וואס דעמולט שטייט דאס שוין מער בגלוי,

בדוגמא ווי ס'איז געווען בשבת הגדול בפעם הראשונה, אז דעמולט איז דער ענין פון יצי"מ געשטאנען מער בגלוי - דורך דעם ענין פון "משכו וקחו לכם", וואס דאס גייט דאך אין אין המשך מיט די ד' ימי ביקור", ביז צום "בחפזון יצאת מארץ מצרים" כמדובר לעיל (סי"ב).

און דורך דערויף ווערט אויפגעטאן דער ענין פון "כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות"[77] - אבער מיטן עילוי אז איצטער איז "לא בחפזון תצאו"[78], נאר "בשובה ונחת תושעון"[79], מתוך נחת, שמחה וטוב לבב, "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותנו"[80], און "כספם וזהבם אתם"[81], מיט אלע ניצוצי קדושה וואס זיינען שייך צו יעדער אידן.

און מ'גייט ארויס "ביד רמה" - דורך דערויף וואס מ'שטייט אין אן אופן פון "יד רמה" נאך זייענדיק אין די לעצטע טעג פון גלות.

און מתוך שמחה וטוב לבב גייט מען מקבל זיין פני משיח צדקנו, "גואל ראשון הוא גואל אחרון"[82], יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, בעגלא דידן.

* * *

כ. מ'האט גערעדט פריער וועגן דעם ענין פון יצי"מ ווי דאס איז בחגה"פ, און ווי דאס איז בכל יום ויום,

וואס נוסף אויף דעם ענין וואס איז דא אין יעדער ענין בפ"ע, העלפט דאס אויך ארויס דעם ענין וואס קומט לאח"ז -

בדוגמא ווי דער ענין פון זכירת יצי"מ שבכל יום, וואס

- נוסף -

------------

77) מכילתא ופרש"י עה"פ בא שם, ו. 78) מיכה ז, טו.
79) ישעי' נב, יב. 80) שם ל, טו. 81) בא י, ט.
82) ישעי' ס, ט. 83) ראה שמו"ר פ"ב, ד. זח"א רנג, א. ועוד.

נוסף אויף דעם וואס ער איז מקיים די מצוה פון זכירה יצי"מ בכל יום. העלפט דאס אויך אדויס אז ווען עס קומט דער עיקר ושורש הענין פון יצי"מ, ווען עס קומט שבת הגדול און חגה"פ, זאל דאס זיין ביתר שאת ויתר עז:

ועד"ז איז אויך אין דעם ענין פון יצי"מ ווי דאס איז אין "זמן חרותנו". (צוזאמען מיט דער הקדמה לזה אין שבת הגדול), וואס דעמולט ווערט דאס באנייט מיט אן אור חדש, ביתר שאת וביתר עז - אז נוסף אויף דעם וואס ער איז מקיים די מצוות, דינים און מנהגים וואס זיינען פארבונדן מיט די טעג, קומט אויך צו דער ענין וואס דאס גיט כח און איז מחנך אז דער זכרון פון יצי"מ אין די ימים שלאח"ז (במשך כל השנה כולה) זאל זיין ביתר שאת וביתר עז.

וואס דאס איז פארבונדן מיט כללות ענין החינוך - וואס אין יעדער ענין של חינוך, איז נוסף לזה וואס איצטער טוט ער א דבר טוב. איז דאס אים אויך מחנך אין אן אופן אז "גם כי יזקין לא יסור ממנה"[84], ד.ה. אז דאס פועל'ט אויך אויף די ימים שיבואו לאח"ז.

כא. און וויבאלד אז בחגה"פ איז געווען די לידה פון אידן אלס א פאלק בפ"ע, "לקחת לו גוי מקרב גוי"[85], כמבואר אין דער נבואה הידועה אין יחזקאל[86], און עס ווערט אויך אראפ-געבראכט אין דער הגדה -

איז פארשטאנדיק, אז דעמולט שטייט דער ענין החינוך ביתר שאת וביתר עז, ווארום גלייך ווי ער ווערט געבארן אלס פאלק, דארף מען לייגן די גאנצע השתדלות הנחוצה והדרושה אויף מחנך זיין אים ער זאל גיין בדרך הישר, בנוגע צו אלע ענינים פון תומ"צ, ביז אין עניני הרשות.

אזוי ווי ס'איז געווען בשעה יצי"מ. אז אפי' זייענדיק אין א מעמד ומצב פון "ואת ערם וערי'", זיינען זיי דעמולט געבארן געווארן אלס פאלק, און גלייך פון דעם ערשטן רגע האט זיך אנגעהויבן דער חינוך בכיוון הרצוי - צום "תעבדון את האלקים על ההר הזה".

כב. און וויבאלד אז דער ענין החינוך איז אן ענין עיקרי אין חגה"פ (און אלע מועדים זיינען "זכר ליציאת מצרים"), איז פארשטאנדיק, אז אין חגה"פ דארף שטיין דער ענין החינוך בהדגשה ובדיבור -

געפינט מען טאקע אז הגה"פ איז פארבונדן במיוחד מיטן

- ענין -

------------

84) משלי כב, ו. 85) ואתחנן ד, לד. 86) קאפיטל טז.

ענין החינוך - ווי דער דין איז[88] אז עס דארף זיין "הבן שואל", און דאס ברענגט אז דער אב זאל אים דערנאך ענטפערן און מחנך זיין, וואס אין דערויף באשטייט דער סדר אין דער הגדה. אז "הבן שואל", און דערנאך ענטפערט אים דער אב, און איז אים מחנך אין דעם ענין פון סיפור יציאת מצרים.

און מ'זאגט אז "כנגד ארבעה בנים דברה תורה"[89] - מ'מאכט ניט קיין אונטערשייד אז ס'איז דא א קינד וואס נויטיקט זיך צו חינוך, און ס'איז דא א קינד וואס נויטיקט זיך ניט צו חינוך, אדער א קינד וואס דער חינוך וועט אים ניט העלפן ח"ו - נאר "כנגד ארבעה בנים דברה תורה", ביי אלע סוגים פון קינדער דארף און קען זיין דער ענין החינוך.

ביז אז אפי' ביי אזא וואס "אינו יודע לשאול", דארף אויך זיין דער ענין החינוך - דורך "את פתח לו"[90]. אז מ'דערוועקט ביי אים דעם רצון אז ער זאל וועלן ווערן א מחונך.

ווען "הבן שואל". באווייזט דאס אז אים קווערשט עפעס, און ער וויל האבן אן ענטפער אויף דעם, און דער חינוך באשטייט אין דעם וואס מ'ענטפערט אים אויף זיין שאלה, מ'איז אים מחנך אין דעם ענין אויף וועלכן ער האט געפרעגט די שאלה;

ס'איז אבער דא א בן וואס "אינו יודע לשאול", ער האט קיין חשק ניט צו פרעגן, אדער ער ווייסט גארניט וואס צו פרעגן - זאגט מען אים "את פתח לו": מ'טאר זיך ניט מייאש זיין פון אים ח"ו, נאר עס דארף זיין "את פתח לו", דער אב (אדער דער וואס קען עפעס אויפטאן אין דעם, וואס דעמולט ווערט אויף אים דער חיוב פון "ושננתם לבניך - אלו התלמידים"[90]) דארף מאכן אין אים א "פתח", ביז אז ער וועט ווערן א מקבל, און וועט קענען אויפנעמען דעם ענטפער וואס מ'גיט דעם וואס "אינו יודע לשאול". און דערנאך אויך די אלע ענינים.

וכאמור לעיל אז אין תגה"פ געפינט מען א הדגשה מיוחדת אויף דעם ענין החינוך (נאכמער ווי דאס איז בשאר ימות השנה), ביז וואנעט אז ההתחלה ההגדה איז מיט דעם ענין פון "מה נשתנה", דאס וואס "הבן שואל".

דער ענין פון "הא לחמא עניא" וואס מ'זאגט אין דער - התחלה -

------------

87) פסחים קטז, א במשנה. 88) הגש"פ. ע"פ ירושלמי פ"י ה"ד. מכילתא ופרש"י עה"פ בא יג, יד. 89) ירושלמי ומכילתא שם. וראה גם פרש"י עה"פ שם, ה. 90) ספרי ופרש"י עה"פ ואתחנן ו, ז. רמב"ם הל' ת"ת פ"א ה"ב. הל' ת"ת לאדה"ז פ"א ס"ח.

התחלה פון "מגיד" איז מערניס ווי א הכנה צום סדר. וואס דערפאר זאגט מען דארטן "כל דכפין ייתי ויכול, כל דצריך ייתי ויפסח" - אבער די התחלה פון סיפור יצי"מ (וואס דאס איז דער ענין פון "מגיד") הויבט זיך אן מיט "כאן הבן שואל מה נשתנה"].

כג. אין דערויף איז דא א שאלה המוהה:

דער סדר אין הגדה איז, אז פריער איז דא דער ענין וואס "הבן שואל". און מ'ענטפערט אים "עבדים היינו וכו'". און ערשט דערנאך דערמאנט מען אין דער הגדה אז "כנגד ארבעה בנים דברה תורה". אז ס'איז דא א בן וואס "אינו יודע לשאול".

איז לכאו' ניט פארשטאנדיק:

וויבאלד אז דער "שאינו יודע לשאול" געפינט זיך אויך ביים סדר. האט דאך לכאו' די ערשטע זאך געדארפט זיין דער ענין פון "את פתח לו". וואס דעמולט וועט ער קענען ווערן דער "בן שואל". און דערנאך וועט מען אים קענען ענטפערן "עבדים היינו וכו'"?

איז דערפון פארשטאנדיק, אז וויבאלד עס רעדט זיך וועגן בן אברהם יצחק ויעקב, בת שרה רבקה רחל ולאה, איז ניט שייך קיין מציאות אז ער זאל ניט קענען פרעגן "מה נשתנה" - און ווי מ'זעט בפועל אז מ'מאטערט זיך און מ'טוט כמה ענינים כדי שלא יישנו התינוקות [ווי זיי ווערן אנגערופן אין שו"ע, וואס א תינוק איז גאר א קליין קינד], און זיי זאלן פרעגן "מה נשתנה" -

און דאס וואס ער ווערט אנגערופן "שאינו יודע לשאול" איז - אז אין דער שאלה פון "מה נשתנה" גופא איז דאס אין אן אופן פון "שאינו יודע לשאול" - ער ווייסט נאר אז ס'איז דא אן ענין של שינוי, אבער אין דערויף גופא קען ער ניט פרעגן קיין פרטים, כמבואר אין מפרשי ההגדה.

כד. אין דערויף בלייבט נאך אלץ א שאלה:

בשעה מ'זאגט אז "כנגד ארבעה בנים דברה תורה", און די נידעריקסטע דרגא צווישן זיי איז - "שאינו יודע לשאול". וואס אויף דערויף זאגט מען אז עס דארף זיין "את פתח לו" - איז דער גאנצער ענין שייך דוקא ווען דער קינד געפינט זיך ביים סדר. ער געפינט זיך צוזאמען מיטן פאטער (אדער עכ"פ מיט א מחנך) וואס ער קען ביי אים אויפטאן דעם "את פתח לו".

מ'זעט דאך אבער בפועל (און ליידער. דארף מען ניט האבן קיין ראיה אויף דערויף) אז עס זיינען דא אזוינע בנים ובנות וואס געפינען זיך ניט צוזאמען מיט אזא פאטער וואס קען ביי זיי אויפטאן דעם "את פתח לו".

ביז וואנעט אז עס זיינען דא אזוינע אבות וואס ווייסן גאר ניט ווי אזוי צו אויפטאן ביים קינד דעם "פתח לו", זיי זיינען אליין אין דער דרגא פון "שאינו יודע לשאול", אדער נאכמער: זיי געפינען זיך גאר ניט ביים טיש וואו ס'איז אנגעגרייט א הגדה, פון וועלכע מ'קען ענטפערן אויף די אלע ענינים - איז דאך זיכער ניט שייך צו פארלאנגען בא זיי אז ס'זאל זיין דער "הבן שואל"!

כה. אויף דערויף קומט דער ענין פון "שבת הגדול" שלפני חג הפסח, און כל ימי השנה שלפני חגה"פ - וואס דעמולט דארף מען באווארענען אז ס'זאל ניט זיין קיין איין און איינציקער אידיש קינד וואס זאל ניט זיצן ביים סדר-טיש, און ס'זאל ניט זיין קיין איין און איינציקער קינד וואס זאל ניט קענען פרעגן "מה נשתנה" אין תכלית הפשטות, ביז אפי' אין אן אופן וואס בפרסיוה ווערט דאס אנגערופן "שאינו יודע לשאול".

וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין וואס איז געווען אין שבת הגדול:

אין שבת הגדול איז געווען דער ענין פון "משכו וקחו לכם", וואס די כוונה בזה איז געווען אז מ'זאל דערנאך מקריב זיין דעם קרבן פסח - וואס דאס איז געווען א ציווי צו אלע אידן, און אידן האבן דאס געהערט אין אן אופן אז ס'איז געווען א דבר ברור אז מ'וועט דאס מקיים זיין, ווי רש"י טייטשט אפ אויף "וילכו ויעשו" "מכיון שקבלו עליהם מעלה עליהם הכתוב כאילו עשו".

און בא קרבן פסח איז דאך דער דין[91] אז "כביא ושוחט על ידי בנו ובתו הקטנים . . בין בדעתן ובין שלא בדעתן".

און ווי גערעדט אבאל בארוכה, אז דער אויפטו וואס איז געווען אין קרבן פסח בשעה יצי"מ איז - אז גלייך ווען ס'איז געווען דער "משכו וקחו לכם", איז שוין געווען דער ענין פון "בנויו"[92], כשא"כ לאח"ז וואס "נכנין ומושכין את ידיהם ממנו עד שישחט"[93], כמבואר בארוכה אין אחרונים[94] די שקו"ט בדבר אין נגלה.

ד.ה. אז אפי' ווען עס רעדט זיך וועגן "בנו ובתו הקטנים", וואס "אין קטן אלא בדעת", וואס לכאורה איז דאס "שלא בדעתו" - אעפ"כ זאגט מען אז "שוחט על ידי בנו ובתו הקטנים . . שלא בדעתן".

- און -

------------

91) פסחים פח, א. רמב"ם הל' ק"פ פ"ב ה"ח. 92) ראה גו"א עה"פ בא יב, ו. 93) פסחים פט, א במשנה. 94) ראה הו"ש עה"פ שם, ד ס"ק צח (ע' עב).

און דערנאך דארף מען אבער זעהן אז דער קטן און קטנה זאלן עסן דעם פסח (דאס קען ער שוין ניט טאן פאר זיי) - דורך דעם וואס מ'טוט די פעולות הדרושות אין דעם ענין החינוך,

ביז ווי דאס איז בפשטות, אז מ'טוט אויף אז ס'זאל ניט זיין קיין אידיש קינד וואס זאל זיך ניט געפינען ביים סדר-טיש, און ס'זאל ניט זיין קיין אידיש קינד וואס זאל ניט האלטן ביים ענין פון "הבן שואל כה נשתנה", מיט אלע פיר קושיות (נאך איידער מ'קומט אפי' צו דער דרגא פרטיה פון "שאינו יודע לשאול"), וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך כללות ענין החינוך.

כו. כדי ער זאל זיך מתעסק זיין אין דעם ענין החינוך, און האבן צוטאן מיט "בנו ובהו הקטנים", אויך מיט אזוינע וואס זיינען אין אן אופן פון "שלא כדעתן" - איז וויבאלד אז "אדם קרוב אצל עצמו"[95], מצד טבעו איז ער קרוב צו זיינע ענינים, דארף ער זיך אליין מחנך זיין ער זאל ארויסגיין פון דער הגבלה וואס ער איז קרוב אצל עצמו (וואס דאס איז זיין בית האסורים), ער זאל ארויסגיין פון זיינע מדידות והגבלות, און אפגעבן זיך מיט יעדער אידישן קינד, און מיט אלע אידישע קינדער צו וועלכע ער קען נאר דערגרייכן, און אויפטאן דעם ענין פון "ושננתם לבניך - אלו התלמידים".

ביז וואנעט אז ס'וועט זיין א זיכערע זאך אז קיין איין אידיש קינד וועט ניט בלייבן מחוץ פון דעם סדר-טיש, און קיינער פון זיי וועט ניט זיין אין א מעמד ומצב אז ער וועט ניט קענען פרעגן "מה נשתנה" מיט אלע פרטים שבזה,

און אז יעדערער פון זיי און אלע צוזאמען וועלן זיין אין א מעמד ומצב אז זיי וועלן פארשטיין דעם ענטפער וואס מ'גיט זיי, אנהויבנדיק פון "עבדים היינו" ביז צום סוף פון אמירת ההגדה, מיט אלע ענינים וואס זיינען אין דער הגדה,

וואס יעדער ענין פון דעם סדר איז דאך ענינו - סיפור יציאת מצרים, ובמילא איז דאס אויך א תשובה אויף די שאלה פון "מה נשתנה".

און דורך דעם מאכט מען פון די בנים קטנים - זיי זאלן זיין גדולים (בדוגמא ווי גערעדט פריער וועגן "נס גדול"), ובלשון הקבלה[96] אז גלייך בהתחלה קומט מען צו צו גדלות שני.

- כז. -

------------

95) סנהדרין ט. ב. וש"נ. 96) ראה סידור האריז"ל כוונת פסח ד"ה ואתה. דרמ"צ כב, ב. ועוד.

הנחת הת' בלתי מוגה

כז. והמעשה הוא העיקר - כמדובר כמ"פ וועגן די התעסקות אין "מבצע פסח".

וואס אזוי איז דאך די הדגשה אז מ'זאל צושטעלן יעדער אידן, "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותנו", אנשים נשים וטף, אז זיי זאלן האבן כל צרכי הפסח, וואס דאס איז כולל דעם ענין פון "מעות חטים", מיט כל צרכי הפסח, כולל אויך א הגדה -

און כדי אז די אלע זאכן זאלן זיין לתועלת - דארף מען אויך צושטעלן יעדערן פון זיי (און אלעמען צוזאמען אלס א ציבור) דעם חשק און געשמאק און דעם פארלאנג אויף כל צרכי הפסח.

און בתורה ההחלה - זעהן עכ"פ אז ער זאל ווערן אין דער דרגא פון "הבן שואל", און פון דעם "שואל מה", כעררניט ווי א שאלה פשוטה פון "מה נשתנה", ווערט ער א "שואל" מיט אלע פרטים וואס זיינען אין דערויף אויסגערעכנט,

ביז וואנעט אז כ'שטעלט אים אוועק אין א מעמד ומצב אז ווען מ'זאגט אים דעם ענטפער פון "עבדים היינו", געפינט ער אויף דערויף א תירוץ והסברה אויף אלע ענינים אויף וועלכע ער האט געפרעגט א שאלה.

כח. ביז אז ער קומט צו צו אזא דרגא אז ביי אים קומען צו מער שאלות, נאכמער וויפל ער האט געהאט פריער, אע"פ וואס די פריערדיקע שאלות האט מען אים שוין פארענטפערט -

כמדובר כמ"פ אז אפי' ווען עס רעדט זיך וועגן חכמה היצוניות, איז מצד דערויף וואס די וועלט איז באשאפן געווארן ע"י הקב"ה. און מצד דערויף וואס "גדלו מעשיך" און "רבו מעשיך"[97]. איז וויפל דער מענטש וועט נאר חוקר ודורש זיין אין עניני הטבע, וועט ער ניט דערגיין צום תכלית הענין,

ואדרבה, דורך יעדער נייעם ענין וואס כ'אנטדעקט, ווערן ביי אים נאכמער שאלות וויפל ס'זיינען געווען פריער - אין די ענינים וואס האבן א שייכות דערצו, אדער אין דעם ענין גופא - הגורה איין שאלה ווערן ביי אים מער שאלות.

ועאכו"כ בנוגע צו די חכמה אלקית, חכמה התורה. "היא חכמתכם ובינתכם לעיני העמים"[98]. וואס אויך איר זאגט מען "ארוכה מארץ מדה ורחבה מני ים"[99] - וואס אפי' אין דעם "ים" קען מען אויך ניט דערגיין צום תכלית פון "מה רבו מעשיך" און "מה גדלו מעשיך", ואין צריך לומר בנוגע צום "ארץ".

- עלמא -

------------

97) תהלים צב. ו. קד, כד. 98) ואתחנן ד. ו. 99) איוב יא. ט.



הנחת הת בלתי מוגה

עלמא דאתגליא - און אויף תורה זאגט מען אז "ארוכה מארץ מדה ורחבה מני ים", איז פארשטאנדיק. אז ביי אים קומען צו נאכמער שאלות לגבי ווי ס'איז געווען פריער.

און דעמולט כאפט ער זיך, אז בהנהגתו ובידיעתו האט ער אלע "ארבעה בנים" - ער האט דעם ענין פון "חכם". ביז צום ענין פון "שאינו יודע לשאול", אז עס זיינען דא ענינים וואס ער ווייסט אפי' ניט וואס מ'דארף דארטן פרעגן.

ווארום אע"פ אז "תורת אמת" זאגט אז ער איז א "בן חכם" - איז אדרבה, מצד אמיתית ענין החכמה, דערגרייכט ער צו דער דרגא וואס ער האט מערער שאלות, ביז וואנעט אז ער קומט צו צו "הכליה הידיעה שלא נדעך"[100],

ס'איז דא דער "שלא נדעך" ווי דאס איז בהחלה הליבוד - דאס איז אבער ניט קיין דרגא, און אין דערויף איז ניטא וואס צו באריבען זיך;

דערנאך איז אבער דא דער ענין הידיעה, ביז אין אן אופן וואס מ'זאגט עדות אז דאס איז "תכלית הידיעה" - און דערנאך זאגט מען אז דאס איז אין אן אופן פון "שלא נדעך".

און ווי מ'זעט אין פשטות הדברים, אז בשעה ער האט א שאלה אין עניני תורה, און ער געפינט אויף דער שאלה א תירוץ והסברה אמיתית, איז לאחרי העמקות אין דערויף, ווערט ביי אים אויפגעטאן נייע סברות, וואס לויט דעם דארף ער האבן כו"כ הירוצים אויף די שאלות וואס ווערן ביי אים אויפגעוועקט.

כט. און דער ענין העיקרי איז - דער מבצע שהזכן גרמא - "מבצע פסח",

נוסף אויף די מבצעים פון כל השנה כולה (ווי דערמאנט כמ"פ בארוכה): "מבצע חינוך", "מבצע אהבת ישראל", "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'", "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע כשרות האכו"ש", און "מבצע טהרת המשפחה",

ובמיוחד - דער מבצע שהזמ"ג - "מבצע פסח", אנהויבנדיק פון די טעג שלפני תגה"פ, ועאכו"כ פון דעם שבת שלפני פסח, וואס ער ווערט אנגערופן (בכל שנה ושנה, ועאכו"כ בשנה זו) בשם "שבת הגדול".

וואס די התחלה פון "מבצע פסח" באשטייט אין דעם וואס

- בשעה -

---

100) ראה בחינות עולם ח"ב פ"ב. עיקרים מ"ב פ"ל. של"ה קצא, ב.

בשעה מ'טרעפט א אידן, טוט מען אויף ביי אים דעם "את פתח לו" - אויפטאן ביי אים ער זאל זיך משתוקק זיין צו האבן די אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט יציאת מצרים,

והמעשה הוא העיקר - די הכנות צו ערב פסח, און צו חג הפסח וכל עניניו, אנהויבנדיק פון דעם סדר, ביז צו אלע ענינים פון כל שמונת ימי הפסח (אין גלות, און אין ארץ הקודש - שבעת ימי הפסח).

און נאך דערויף וואס מ'טוט אויף ביי אים דעם חשק-צו האבן די אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט פסח, דארף מען אים העלפן ער זאל קענען באקומען די אלע ענינים, און אויב ס'איז דא א צורך - געבן אים בסבר פנים יפות כל צרכי הפסח, סיי בגשמיות, ועאכו"כ ברוחניות.

און דעמולט האט מען אלע קינדער ביים סדר, און מ'האט אלע עלטערן ביים סדר, און די קינדער צוזאמען מיט די עלטערן געפינען זיך ביים זעלבן סדר-טיש, מיטן זעלבן תכלית, מיט דער זעלבער נשמה און מיטן זעלבן רצון וחשק - צו פראווען און פארשטיין אלע ענינים פון דעם סדר,

און גרייטן זיך צו דער גאולה האמיתית והשלימה פון כללות עם ישראל - אז פון דער חירות פון לילות הסדר, ווען "כולנו מסובין", זאל מען קומען צום חירות אמיתיה ושלימה,

בקרוב ממש, וויבאלד אז "בניסן נגאלו ובניסן עתידין להגאל". ע"י משיח צדקנו, בעגלא דידן.

* * *

ל. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה לכן אמור לבני ישראל.

* * *

לא. ס'איז דאך רגיל בכל מוצאי שבת אפלערנען א פסוק פון פרשה השבוע (וואס מ'האט געלייענט דעם שבת) מיט פרש"י, און להבין דבריו, ועד"ז אויך אן ענין אין דעם טאטן'ס הערות אויפן זהר.

אין סוף פון דער פרשה (קאפיטל ח פסוק לד) שטייט: "כאשר עשה ביום הזה צוה ה' לעשות לכפר עליכם".

וואס דער פסוק איז פארבונדן מיט דעם ענין הגאולה - ווארום לויט ווי רש"י טייטשט אפ דעם פסוק, איז דאס פארבונדן מיט עבודת הכה"ג, און מיט כללות עבודת הכהנים - וואס דאס וועט זיין נוגע בפועל נאך דעם וואס "יבנה ביהמ"ק במקומו", דורך משיח צדקנו, וואס "ילחם מלחמות ה' וינצח"[101].

- ברענגט -

------------

101) רמב"ם הל' מלכים ספי"א.

ברענגט אראפ רש"י די ווערטער "צוה ה' לעשות", און טייטשט אפ: "כל שבעת הימים", ד.ה. אז "כאשר עשה ביום הזה", אין דעם ערשטן טאג פון ימי המילואים. איז "צוה ה' לעשות - כל שבעת הימים".

רש"י באגנוגנט זיך אבער ניט מיטן פירוש ע"ד הפשט, און איז מוסיף: "ורז"ל דרשו לעשות זה מעשה פרה לכפר זה מעשה יום הכפורים. וללמד שכהן גדול טעון פרישה קודם יום הכפורים שבעה ימים וכן הכהן השורף את הפרה".

וואס אזוי לויפט מען דורך דעם פרש"י, ובפרט אז מ'ווייסט אז דער ענין שטייט אין גמרא, סיי אין בבלי[102] און סיי אין ירושלמי[103], און אין הו"כ[104], האט רש"י ניט וואס צו מחדש זיין אין דעם.

אבער לויט דעם כלל וואס רש"י זאגט[105] אז "אני לא באתי אלא לפשוטו של מקרא", אדער "לאגדה המישבת דברי המקרא" - איז פארשטאנדיק, אז עס דארף זיין נוגע צו פשוטו של מקרא.

לב. דארף מען פארשטיין:

א) דערפון וואס רש"י ברענגט אראפ דאס וואס "רז"ל דרשו", איז פארשטאנדיק, אז אין דעם פירוש הפשוט פון פשש"מ איז דא א שוועריקייט, וואס דערפאר דארף רש"י ברענגען דעם פירוש וואס "רז"ל דרשו" - דארף מען פארשטיין: וואס איז ניט פארשטאנדיק אין דעם פירוש פון "צוה ה' לעשות - כל שבעת הימים"?

ב) וועו רש"י זאגט "רז"ל דרשו", איז פארשטאנדיק, אז דאס איז ניט פשוטו, נאר א דרש, אבער לאידך, וויבאלד אז רש"י ברענגט דאס אראפ בפירושו, איז פארשטאנדיק אז דאס איז א דרש וואס איז פארבונדן מיט פשש"מ - ס'איז "אגדה המישבת דברי המקרא".

איז ניט פארשטאנדיק: וואס פאר א שייכות צו פשש"מ האט דער דרש אז דאס וואס ס'שטייט "לעשות", גייט דאס אויף "מעשה פרה", און אז דאס וואס ס'שטייט "לכפר", גייט דאס אויף "מעשה יום הכפורים" - דער בן חמש למקרא האט נאך ניט געלערנט די ענינים?

נאכמער: אפי' ווען דער בן חמש למקרא וועט אנקומען צו פ' חקת און וועט דארטן לערנען וועגן "מעשה פרה", איז נאך אלץ ניט פארשטאנדיק וואס איז דער קשר פון "לעשות" מיט "מעשה פרה".

- און -

---

102) ריש מס' יומא. 103) שם. 104) עה"פ. 105) עה"פ בראשית ג, ח.

און ווי מ'זעט אז די גמרא[106] כאפערט זיך אויף צו אפ-לערנען אז "לעשות זה מעשה פרה" - מ'לערנט אפ פון "צוה צוה", און הערנאך דארף מען שולל זיין אז דאס גייט ניט אויפן "צוה דיום הכפורים", דערפאר וואס "דנין צוה דלפני עשי' מצוה דלפני עשי' ואין דנין צוה דלאחר עשי' מצוה דלפני עשי'"?

לכאו' וואלט מען געקענט זאגן, אז וויבאלד דאס איז א לימוד ע"ד הדרש, איז רש"י ניט מחוייב מבאר זיין צום בן חמש למקרא דעם אופן הלימוד פון דרש - אבער וויבאלד אז רש"י ברענגט אראפ בפירושו נאר אזוינע דרשות וועלכע קומען מיישב זיין "דברי המקרא", דארף דאס האבן א שייכות און א קלעפ אויך אין דרך הפשט.

ג) רש"י זאגט "לעשות זה מעשה פרה לכפר זה מעשה יום הכפורים, וללמד שכהן גדול טעון פרישה קודם יום הכפורים שבעה ימים, וכן הכהן השורף את הפרה", וואס דערפון וואס רש"י זאגט "וללמד" (בוא"ו המוסיף), איז פארשטאנדיק, אז רש"י טיילט דאס פאנאנדער אויף צוויי ענינים.

איז ניט פארשטאנדיק: ווען מ'גיט א קוק אין גמרא און אין מדרז"ל וואס זאגן דעם דרש, זעט מען אז ס'איז איין זאך, ד.ה. אז וויבאלד "לעשות זה מעשה פרה" און "לכפר זה מעשה יום הכפורים", לערנט מען אפ "מה כאן פרישה אף להלן פרישה", אז קודם יום הכפורים און קודם מעשה הפרה, דארף זיין פרישה שבעת ימים -

איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס טיילט דאס רש"י אויף צוויי ענינים - פריער זאגט ער "לעשות זה מעשה פרה לכפר זה מעשה יום הכפורים". און דערנאך זאגט ער א צווייטע זאך: "וללמד שכהן גדול כו'"?

ד) ווען דער בן חמש למקרא וועט לערנען פ' חקת, וועט ער זעהן אז ס'שטייט[107] "ושחט אותה לפניו", און רש"י טייטשט אפ: "זר שוחט ואלעזר רואה". וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דאס וואס ס'שטייט דערנאך[108] "ושחט את הפרה לעיניו", איז דער פירוש בזה אויך אז א צווייטער (ניט קיין כהן) איז שורף את הפרה לעיניו.

וועט ער דאך מאכן א קושיא: אין פ' צו האט אים רש"י געזאגט "כהן השורף את הפרה". און אין פ' חקת לערנט ער אז "ושרף את הפרה לעיניו". אז דאס דארף נאר זיין "לעיניו", דער שורף איז אבער א צווייטער, ניט קיין כהן?!

- ה) וויבאלד -

------------

106) יומא ב. סע"א ואילך. 107) חקת יט, ג. 108) שם, ה.

הנחה הת' בלתי מוגה

ה) וויבאלד אז אין פסוק שטייט "לעשוה", און רש"י טייטשט אפ "זה מעשה פרה". האט ער געדארפט זאגן "כהן העושה את הפרה" – פארוואס איז ער מוסיף אן ענין חדש. "כהן השורף את הפרה" (ובפרט אז ווען רש"י וואלט געזאגט "כהן העושה את הפרה", וואלט ניט געווען קיין קושיא דערפון וואס ס'שטייט "ושרף את הפרה לעיניו")?

וכמדובר כמ"פ אז מ'קען ניט פארענטפערן די אלע דיוקים ע"ד הלימוד אין משנה און גמרא, רמז און סוד. ווארום פרש"י איז פשט"מ וואס איז פארשטאנדיק פאר א בן חמש למקרא – דארפן די אלע דיוקים זיין פארשטאנדיק בפשטות.

לג. אין די הערוה אויפן זהר אויף פ' צו[109], ברענגט ער דאס וואס די גמרא[110] דערציילט "אמר רב אשי אמר לי הונא בר נתן זימנא חדא הוה קאימנא קמי' דאיזגדר מלכא (מלך פרס[111]) והוה מדלי לי המיינאי והימני' נחלי' (אבנט הי' גבוה חגור מלמעלה מכנגד אצילי ידיו והפשיטו למטה כדי לנאותו[112]) ואמר לי ממלכת כהנים וגוי קדוש כתיב[113] בכו". ד.ה. אז די חגורה דארף זיין "כנגד אצילי ידיו ולא למעלה מזה במקום שמזיעין כמ"ש[114] לא יחגרו ביזע כדאיתא בגמרא שם"[115].

און דערנאך דערציילט די גמרא "מי אתאי קמי' דאמימר א"ל אקיים בך והיו מלכים אומניך"[116].

און ער איז מבאר אין דער הערה[117] די אלע דיוקים שבדבר מיט א ביאור נפלא – דער קשר מיט מלך פרס. און דער ביאור אין די נעמען, פארוואס רב אשי האט נאר דערציילט דאס וואס הונא בר נתן האט אים דערציילט. און אמימר האט געזאגט דעם ענין פון "והיו מלכים אומניך", אן ענין של גאולה וכו'.

מ'האט דאך אבער גערעדט כמ"פ אז אין יעדער ענין של לימוד איז דא דער "גדול הלמוד שמביא לידי מעשה"[118] – וואס דעם ענין איז ער ניט מבאר אין די הערות, דערפאר וואס ער האט זיך פארלאזט אז מ'וועט זיך אליין כאפן אויף דעם, וכמדובר כמ"פ אז ער האט געשריבן בצמצום. וויבאלד ס'איז ניט געווען קיין טינט און קיין פאפיר אויף וואס צו שרייבן, און ער האט געדארפט שרייבן על גליון הספר.

וכפי שיתבאר לקמן.

- לד. -

------------

109) לקוטי לוי"צ לזהר"ג ס"ע רלה ואילך. 110) זבחים יט, רע"א. 111) פרש"י שם ד"ה איזגדר. 112) פרש"י שם ד"ה והוה. 113) יתרו יט, ו. 114) יחזקאל מד. יח. 115) יח, סע"ב. 116) ישעי' מט, כג. 117) לקוטי לוי"צ שם ע' רמו ואילך. 118) קידושין מ. ב.

לד. כמדובר כמ"פ אז ס׳איז דא דער ענין פון הכרת תודה - בנוגע צו די אלע וואס האבן אויסגעדריקט זייערע ברכות ואיחולים בקשר מיטן יום ההולדה.

וואס דער ענין פון הכרת תודה איז פארבונדן מיט דעם ענין פון יצי"מ - ווי מ׳זעט בנוגע צו מקרא ביכורים (וואס כללות הענין פון ביכורים איז, אויך צו באווייזן אז ער איז ניט קיין "כפוי טובה"[119]), אז מ׳דאנקט אפ דעם אויבערשטן אויף דעם וואס "ויביאנו אל המקום הזה . . ארץ זבת חלב ודבש ועתה הנה הבאתי את ראשית פרי האדמה גו׳"[120] - און די התחלה הויבט זיך אן דערמיט וואס "ויוציאנו ה׳ ממצרים גו׳"[121].

וכמדובר כמ"פ אז מ׳געפינט אז העדר הענין פון הכרת תודה איז געווען פארבונדן מיט אן ענין בלתי רצוי - בנוגע צום חטא הידוע פון אדה"ר, וואס ביי אים איז געווען דער היפך פון מודה על הטובה[122].

ולאידך, ווען עס רעדט זיך וועגן די ענינים שנשתבחה בהם א"י (וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט די ענינים שנשתבחו בהם אידן), איז דא דער ענין פון מצות ביכורים, וואס כללות ענינה איז דער ענין פון הכרת תורה.

ביז צו דער מצוה פון ברכת המזון (וואס איז דא אויך איצטער), וואס לכל הדעות איז דאס א מצוה מה"ת[123], און ענינה איז - "וברכת את ה׳ אלקיך על הארץ הטובה אשר נתן לך"[124] - דער ענין פון הכרת תודה.

וואס מה-דאך אז ס׳איז דא א חיוב מודה זיין דעם אויבערשטן. וואס דער אויבערשטער איז דאך אמיתית הטוב און עצם הטוב, און מטבע הטוב להטיב[125], און ער האט דאך באשאפן די וועלט כדי להטיב לברואיו[126], און אעפ"כ איז דא א חיוב כן ההודה אז נאך דערויף וואס "אכלת ושבעת" דארף זיין "וברכת את ה׳ אלקיך" - אן ענין של הכרת הודה,

ביז ווי די גמרא[127] זאגט אז מ׳דארף מאכן א ברכה לפני כל אכילה ושתי׳, ווארום וויבאלד ער איז נהנה פון עולמו של הקב"ה. וואס "לה׳ הארץ ומלואה"[128], דארף ער מאכן א ברכה, און אויב ניט איז דאס "כאילו נהנה מקדשי שמים",

- אייז -

---

119) ספרי ופרש"י עה"פ תבוא כו, ג. 120) תבוא שם, ט-י. 121) שם, ח. 122) ע"ז ה, ריש ע"ב. פרש"י עה"פ בראשית ג, יב. 123) ברכות מה, ב. שו"ע אדה"ז או"ח ר"ס קפז. סדר ברכת הנהנין בהחלתו. 124) עקב ח, י. 125) ראה עמה"מ שער שעשועי המלך רפ"א. שעהיוה"א פ"ד (עט, א). 126) ע"ה שער הכללים בתחלתו. 127) ברכות לה, סע"א. 128) תהלים כד, א.

הנחה הה׳ בלתי מוגה

איז עאכו"כ אז בשעה אידן זיינען זיך בטריה און זיינען מאהל און מבדך (מיט אלע עניגים הקשורים בזה) א צווייטן אידן - דארף זיכער זיין דער ענין פון הכרת תודה.

[מ'געפינט זיך דאך אין א מדינה וואו מ'איז להוט אויף הערן א "דזשאק" -

בשעת מ'האט געלערנט אין "חדר" בנוגע צו די מלאכים וואס זיינען געקומען צו אברהם אבינו, אז "אין מלאך אחד עושה שתי שליחות"[129], האט דער מלמד געפרעגט, אז לכאו' איז ניט פארשטאנדיק:

א בו"ד וואס ער איז מוגבל אין זיינע כחות, קען ער טאן צוויי שליחות'ן, און דוקא א מלאך, וואס ער איז א בריאה הזקה און המידיה וכו', איז "אינו עושה שתי שליחות"?!

און ער האט מסביר געווען, אז דער טעם איז א פשוט'ער:

א מלאך דארף ניט עסן און טרינקען, און דארף ניט האבן קיין לבושים וכו', איז וועמען ארט אז ס'זאל זיין נאך א מלאך - מ'דארף האבן נאך א שליחות, ווענט מען מאכן נאך א מלאך, מ'דארף האבן א דריטע שליחות, וועט מען מאכן א דריטן מלאך:

ווען מ'גיט אבער א שליחות צו א בו"ד, וואס א בו"ד דארף דאך האבן כו"כ צרכים, איז בשעה דער משלח וויל אז דער שליח זאל ממלא זיין שליחותו, דארף ער אים צושטעלן כל צרכיו (עסן, טרינקען, שלאפן, מיט אלע אנדערע צרכים וואס ער דארף האבן) - רעכנט מען זיך אויס און מ'לייגט ארויף אויף אים אלע שליחות'ן וואס ער קען נאר פארטראגן!

ועד"ז בנדו"ד: מה-דאך אז ס'איז דא א חיוב דאנקען דעם אויבערשטן, אע"פ וואס ער איז דער עצם הטוב, און האט באשאפן די ברואים כדי להטיב להם, איז עאכו"כ אז בשעה אידן זיינען מברך א צווייטן אידן, דארף זיכער זיין דער ענין פון הכרת הודה].

לה. אזוי ווי ס'איז אבער ניטא די יכולת אויף צו אפדאנקען יעדערן באזונדער - נוצט מען אויס די געלעגנהייט אויף צו אפדאנקען אלעמען. ווען מ'געפינט זיך במעמד פון כמה עשיריות מישראל, וואס "אכל בי' עשרה שכינתא שריא"[130],

ובפרט אז דאס איז אין א מקום קדוש, א ביהכ"נ און א ביהכ"ד, "ביה גדול"[131] "שמגדלין בו תורה", מ'לערנט דארטן

- שיעורים - ------------

129) ב"ר פ"נ. ב. פרש"י עה"פ וירא יח. ב. 130) סנה' לט. א. 131) כ"ב כה, ט.

הנחה הה' בלתי מוגה

שיעורים בתורה, און "מגדלין בו תפלה"[131], דארטן איז דא דער ענין פון עבודת התפלה - איז פארשטאנדיק, אז דאס איז א מקום מסוגל לכל דבר טוב, עאכו"כ אויף דעם ענין פון הכרת תודה,

ועאכו"כ אויף דעם מילוי הבטחתו של הקב"ה "ואברכה מברכיך"[132], בברכתו של הקב"ה, וואס תוספתו מרובה על העיקר[133] - אז דער אויבערשטער זאל געבן מידו המלאה הפתוחה הקדושה והרחבה (אין אלע פיר דרגות),

וכמדובר כמ"פ אז אין דעם סידור פון דעם בעש"ט שטייט "הגדושה" (מיט א גימ"ל), וואס דאס באווייזט אויף אן ענין שלמעלה ממדידה והגבלה, וכפשטות הענין פון "גדול", ווי די גמרא איז מאריך אין מנחות[134] -

זאל דער אויבערשטער געבן יעדערן און יעדערע כל המצטרך להם, און נאכמער דערפון, ביז אין אן אופן פון למעלה מכל מדידה והגבלה, בכל הענינים,

כולל אויך דעם ענין שהזמ"ג - אז ס'זאל זיין חג הפסח כשר ושמח,

און כדי אז דער חגה"פ זאל זיין כשר ושמח בשלימות, דארף מען האבן דעם ענין השמחה אויך אין די ימים שלפני חג הפסח, ובפרט אנהויבנדיק פון "בעשור לחודש", דער שבת הגדול, וואס דעמולט איז געווען דער "נס גדול" פון "למכה מצרים בבכוריהם". וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון יצי"מ, אז ס'זאל ארויסלאזן די אידן אין דעם אופן ווי מ'האט זיי דעמולט ארויסגעלאזט (כמובן פון אריכות הסיפור אין מדרש[135], וואס דער אלטער רבי ברענגט דאס אראפ בשו"ע שלו. און דאס ווערט שוין אן ענין של פסק הלכה).

וכן תהי' לכל אחד ואחת - מ'זאל האבן אלע ענינים מידו המלאה הפתוחה הקדושה והרחבה. אין די טעג וואס זיינען פאר פסח. ועאכו"כ אין ימי הפסח.

און זוכה זיין בקרוב ממש צו "כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות" כפשוטו. אז ס'וועט זיין "ביד הן נגאלין" (בלשון הרמב"ם) למטה מעשרה טפחים. און עס וועט קומען דער "מלך מבית דוד הוגה בתורה כו' כדוד אביו כו' וילחם מלחמות ה' וינצח כו' ויבנה מקדש במקומו"[136]. ונאכל שם מן הזבחים ומן הפסחים[137].

- לו. -

---

131) מגילה כז. א. 133) לך לך יב. ג. 131) ב"ר פס"א. ד. ועוד. 135) צ, א. 136) הובא בתוד"ה ואוהו - שבת פז, ב. ועוד. 137) ברכה "אשר גאלנו" מפסחים קטז. ב במשנה.

לו. דער סדר איז דאך אז אין דער ההוועדות וואס איז פאר פסח, זאגט מען אויך אן ענין אין נגלה.

וואס אע"פ אז ווען די ההוועדות איז במוצאי שבת, דארף מען ניט אנקוקען צו די אלע ענינים, ווארום מ׳איז דאך מצווה אין אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט "מלוה מלכה" (ווי אויסגערעכנט אין שו"ע און אין אחרונים וכו׳),

אבער אעפ"כ, וועט מען אויך דערמאנען (בקיצור עכ"פ) אן ענין אין נגלה וואס איז פארבונדן מיט פסח, און אויך פארבונדן מיט דעם ענין ההינוך פון קטנים (וועגן וועלכן מ׳האט גערעדט פריער (ס"כ ואילך)).

לז. שוין גערעדט כמ"פ בנוגע צו פסח, אז נאך איידער מ׳הויבט אן פראוועך דעם סדר, טוט מען כמה ענינים כדי להתמיה התינוקות שלא יישנו - מ׳איז משנה כמה ענינים שלא ע"ד הרגיל, כדי אז דער תינוק זאל נתעורר ווערן צו פרעגן א שאלה, ובמילא וועט מען אים ענטפערן די תשובה, וואס דאס איז אן ענין של חינוך.

וואס די שאלה פון דעם תינוק, גייט אריין אין דעם נוסח פון סדר ההגדה, און דאס איז פון די פרטים אין דער מצוה פון לספר ביצי"מ, וואס דאס איז דאך א מ"ע מן התורה, ובפרט בליל הפסח, צום סדר[138].

ביז אז די מצוה איז אז ס׳זאל זיין "הבן שואל" - ס׳זאל זיין דער ענין פון א שאלה, און "<u>הבן</u> שואל".

- עס דארף זיין דער ענין פון שאלה, ביז וואנעט אז אויב אין לו בן איז אשתו שואלת, און אויב ער געפינט זיך איינער אליין, דארף ער אליין פרעגן[139] - דאס איז אבער נאר אויב אי אפשר באופן אחר; דער סדר וואס דארף אבער זיין איז - "כי ישאלך <u>בנך</u>"[140], ביז וואנעט אז לדעת כמה פוסקים איז דאס ("<u>הבן</u> שואל") אן ענין מן התורה אין דעם חיוב מן התורה פון סיפור יציאת מצרים אין ליל הסדר.

לח. ס׳איז פארשטאנדיק בפשטות, אז די אלע שינויים וואס מען מאכט כדי להתמיה את התינוקות (ווי אויסגערעכנט אין שו"ע[141] אין וואס באשטייען די שינויים), זיינען נאר בנוגע צו קטנים שלא הגיעו לדעה שלימה, וואס אויף צו <u>זיי</u> מעורר זיין אז זיי זאלן פרעגן, דארף מען אנקומען צו אזוינע שינויים.

- משא"כ -

-------------

138) ראה הגש"פ עם לקוטי טעמים כו׳ ע׳ טו. ושי"נ.
139) פסחים קטז, א. טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סתע"ג ס"ד (ס"כ).
140) וא‎התנן ו, כ. 141) טושו"ע (ואדה"ז) שם סתע"ב סט"ז (סל"א). ועוד.

<u>הנחה הה׳ בלתי מוגה</u>

משא"כ ווען עס רעדט זיך וועגן א גדול בדעה, נאך בר-מצוה, דארף מען ניט אנקומען צו די אלע שינויים כדי צו מעורר זיין אים ער זאל פרעגן; פאר אים איז גענוג דאס וואס ער זעט דעם שינוי אין נוסח התפלה, אמירת "יעלה ויבוא", ביז אלע ענינים שבהפלת פסח, וואס דאס אליין איז אים מעורר ער זאל פרעגן (אויב ער ווייסט נאך ניט).

און ווי ס'איז אויך פארשטאנדיק דערפון וואס אין פוסקים און אין מפרשים ברענגט זיך אלץ דער לשון "תינוקות" - וואס דער לשון "תינוק" גייט אויף איינעם וואס איז פאר בר-מצוה אדער בה-מצוה.

וואס ביי קטנים זיינען דאך אלע ענינים פון תורה ומצוותי' מערניט ווי אן ענין של חינוך - און אעפ"כ שטעלט מען דאס אריין אין סדר ההנהגה פון ליל הסדר (וואס איז אויך כולל די מצוה פון אכילת מצה ומרור), ביז אין אן אופן אז איידער מ'סוס די אלע ענינים, מאכט מען כמה שינויים כדי להתמיה את התינוקות אז זיי זאלן נתעורר ווערן צו פרעגן, און מ'ענטפערט זיי "עבדים היינו כו'", מיט אלע פרטים וואס ווערן ערקלערט אין סדר ההגדה.

לס. דעם ענין החינוך (וואס דערמיט זיינען פארבונדן די אלע שינויים וועלכע מ'מאכט כדי להתמיה את התינוקות) געפינט מען אויך בנוגע צו קרבן פסח

[וואס דאס איז אן ענין עיקרי אין חגה"פ, ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס דער גאנצער יו"ט ווערט אנגערופן "חג הפסח",

[כתורת הבעש"ט הידועה[142] אז "שכו אשר יקראו לו בלה"ק" איז מהוה און מחי' און מקיים דעם גאנצן ענין,

און ווי ס'איז אויך מרומז אין דעם וואס די גמרא[143] דערציילט אז "ר"מ הוה דייק בשמא", און די גמרא ברענגט אויף דעדויף כמה סיפורים - וואס דאס איז מחזק דעם גאנצן ענין, ווייבאלד אז ס'איז אן ענין פון מעשה בפועל, ע"ד ווי די גמרא[144] זאגט "אין למדין הלכה לא מפי לימוד . . עד שיאמרו לו הלכה למעשה"],

וואס נוסף אויף דעם נאכען ווי דער יו"ט ווערט אנגערופן אין תושב"כ[145] - "חג המצות" [חוץ פון איין מאל וואס עס ווערט אנגערופן אין תושב"כ בשם "חג הפסח"[146], וואס לויט כמה

- מפרשים -

------------

142) שעהיוה"א רפ"א. 143) יומא פג, ב. 144) ב"ב קל, ב. 145) נסמן בלקו"ש הגה"פ השל"ח הע' 1. 146) השא לד, כה.

מפרשים גייט דאס אויפן שם החג[147], כמדובר כמ"פ בארוכה[148], ווערט ער אויך אנגערופן "חג הפסח",

און וויבאלד אז דער נאמען "חג הפסח" איז ע"ש דעם קרבן פסח, איז פארשטאנדיק אז דער ענין פון קרבן פסח איז אן ענין עיקרי אין דעם כללות הענין פון חגה"פ:

בנוגע צו קרבן פסח געפינט מען א דבר חידוש, וואס מ'געפינט ניט בא שאר קרבנות:

דערפון וואס ס'שטייט[149] "שה לבית" לערנט אפ די גמרא[150] אז "אדם מביא ושוחט על ידי בנו ובתו הקטנים . . בין כדעתן בין שלא מדעתן", ווארום "בית" איז כולל די גאנצע משפחה, אנשים נשים וטף.

וואס בנוגע צו נשים, איז וויבאלד אז ס'זיינען דא מצוות אין וועלכע זיי זיינען מחוייב, איז קיין פלא ניט ווי אזוי איז שייך צו ממנה זיין זיי אויפן קרבן פסח, אע"פ אז זיי זיינען אין דעריף ניט מחוייב;

דער חידוש איז אבער בנוגע צו "בנו ובתו הקטנים", וואס א קטן איז אינגאנצן ניט קיין בר חיובא, ובלשון הרמב"ם[151] אז "אינן בני דעת",

ער זאגט ניט דעם ענין הכללי אז לאו בני מצווה נינהו, נאר ער איז מדגיש אז "אינן בני דעת";

בשעת מ'זאגט אז א קטן איז ניט מחוייב במצוות, איז ניט אזוי מודגש דער ענין פון העדר הדעת, ביז אז עס זיינען דא כמה ענינים צו וועלכע ער איז שייך, ווי די גמרא[152] איז מחלק בנוגע צו מטלטלין וכיו"ב - דא איז מען אבער מדגיש אז "אינן בני דעת",

און אעפ"כ זאגט מען אז זיי זיינען אויך נכלל אין "שה לבית", און דערפאר איז "שוחט על ידי בנו ובתו הקטנים . . בין מדעתן בין שלא מדעתן".

וואס דא (אין פסחים) שטייט דער לימוד פון "שה לבית" בפשטות - אבער אין נדרים[153] זאגט די גמרא אז "שה לבית אבות לאו דאורייתא", און דאס איז מערניס ווי אן אסמכתא,

וכידוע די שקו"ט וואס ברענגט זיך אין אחרונים[154] צי

- ס'איז -

---

147) ה"י עה"פ. 148) ראה הערה למכתב כללי לחגה"פ השל"ו בההלהו (לקו"ש חי"ב ע' 160). לקו"ש הגה"פ הנ"ל ע' 2. 149) בא יב, ג. 150) פסחים פח, א. 151) הל' ק"פ פ"ב ה"ד. 152) גיטין נט, א. 153) לו, א. 154) מנחת חינוך מצוה ה' סק"ב.

ס'איז א סתירה צווישןביידע סוגיות, אדער אז ס'איז ניט קיין סתירה.

מ. בנוגע צו א קטן וואס מ'האט מקריב געווען דעם קרבן פסח אויך פאר אים, איז דא אין רמב"ם א סתירה מיני' ובי':

דער רמב"ם[155] פסק'נט: "קטן שהגדיל בין שני פסחים, חייבין לעשות פסח שני, ואם שחטו עליו בראשון פטור".

פרעגן מפרשים[156] אויפן רמב"ם: וויבאלד אז בפסח ראשון איז ער געווען א קטן, און בנוגע צו א קטן זאגט דער רמב"ם אז "אינן בני דעת", איז ווי קען זיין אז דאס וואס "שחטו עליו בראשון" זאל אראפנעמען דעם חיוב "לעשות פסח שני" נאך דערויף וואס "הגדיל"?

וואס לדעת הרמב"ם איז א "קטן שהגדיל בין שני פסחים" מחוייב אין פסח שני, ד.ה. אז דער ענין פון פסח שני איז ניט נאר אן ענין פון תשלומין אויף פסח ראשון (וואס דעמולט וואלט א "קטן שהגדיל בין שני פסחים" ניט געווען מחוייב אין פסח שני, וויבאלד ער איז ניט געווען מחוייב אין פסח ראשון), נאר אויך אן ענין בפ"ע,

און אעפ"כ זאגט מען אז "אם שחטו עליו בראשון", ווען ער איז נאך געווען א קטן, איז ער פטור פון פסח שני.

וואס בפשטות איז דער ביאור אויף דערויף[157] אז דאס איז כצד דעם ליכוד וואס מ'לערנט אפ פון "שה לבית" אז "מביא ושוחט ע"י בנו ובתו הקטנים".

וואס "(שה ל)בית" מיינט די גאנצע משפחה, וואס דאס איז אויך כולל די קטנים וקטני קטנים - און ווי ס'איז פארשטאנדיק בפשטות. אז ווען מ'האט מקיים געווען בפועל דעם ציווי פון "שה לבית" בזמן משה רבינו, האבן זיך אין דערויף משתתף געווען אויך די קטנים וקטני קטנים וואס זיינען דעמולט געווען.

וואס דאס איז דער איינציקער יסוד אויף דעם וואס "אם שחטו עליו בראשון פטור" פון פסח שני, וויבאלד אז ער ווערט נכלל אין דעם חיוב פון "שה לבית".

עס איז אבער נאך אלץ ניט פארשטאנדיק - ווארום די גמרא זאגט דאך "שה לבית אבות לאו דאורייתא", איז ווי קען מען אים באפרייען פון דעם חיוב "לעשות פסח שני" דורך דערויף וואס "שחטו עליו בראשון" - דעמולט איז דאס ניט קיין ענין וואס איז מדאורייתא?

- מא. -

------------

155) שם פ"ה ה"ז. 156) כס"מ שם.

מא. זיינען דא אויך דערויף צוויי ביאורים - דער ביאור פון ר' חיים הלוי, און דער ביאור פון דעם ראגאטשאווער (וואס די צוויי גאונים זיינען געווען בזמן אחד, און האבן כפלפל געווען צווישן זיך, און יעדערער פון זיי האט געהאט תלמידים און תלמידי תלמידים),

און דא זעט מען די צוויי אופני לימוד: דער דרך הלימוד פון ר"ח הלוי - כבאר זיין יעדער ענין ע"י העמקה על אתר, און דער דרך הלימוד פון דעם ראגאטשאווער - זוכן אין יעדער ענין א כלל וואס איז גילטיק בכל התורה כולה:

אין חדושי ר"ח הלוי[157] איז ער כבאר, אז "לענין עיקר דין כינוי אהרבו גם קטנים מקרא דשה לבית דהאב יכול למנותן שלא מדעתן". און דאס וואס כ'זאגט אז "שה לבית לאו דאורייתא", איז דאס נאר "לענין חיובא, דלא איכללו קטנים בחיובא דק"פ שהחא חובה שיקרב ק"פ על הקטנים ויהא האב כחוייב להקריב פסחם עליהם".

ד.ה. אז כה"ת איז ניטא קיין חיוב על האב ער זאל שוחט זיין דעם ק"פ "על ידי בנו ובתו הקטנים" (ניט אזוי ווי ה"ה, וואס "כ"ע כן התורה על האב ללמד את בנו הקטן תורה"[158]): אבער בנוגע דעם ענין פון כינוי אליין, לערנט מען אפ פון "שה לבית" אז "מביא ושוחט על ידי בנו ובתו הקטנים . . בין מדעתן בין שלא מדעתן".

און דער ראגאטשאווער[159] איז כבאר, אז אין דערויף זעט מען א כלל אין כל התורה כולה, אז ס'איז דא א מציאות אז ער טוט אן ענין און וועלכן ער איז ניט מחוייב, און דורך דערויף ווערט ער באפרייט פון טאן דעם ענין לאחרי זכן ווען ער וועט ווערן מחוייב אין דערויף מה"ת, וויבאלד ער האט געטאן די פעולה בפועל, און דאס איז אין אן אופן פון פעולה נמשכת.

וואס דערפאר איז אע"פ אז דער קטן איז ניט מחוייב אין פסח, אעפ"כ, וויבאלד אז אביו האט אים כמנה געווען אויפן פסח (פונקט ווי ער קען ממנה זיין א זר), דערפאר וואס "מביא ושוחט ע"י בנו ובתו הקטנים". ווערט די פעולה (סיי פעולה השחיטה, און סיי פעולה האכילה, וואס דער פסח "לא בא מתחלתו אלא לאכילה"[160]) פאררעכנט אלס פעולה הקטן, און דאס באפרייט אים פון דעם חיוב "לעשות פסח שני", אע"פ אז דער חיוב פון פסח שני איז מה"ת, און ביים פסח ראשון האט ער ניט געהאט קיין חיוב מה"ת - וויבאלד אז ער האט געטאן די פעולה בפועל, און די פעולה איז א פעולה נמשכת.

- כב. -

---

157) לרמב"ם שם. 158) הל' ת"ת לאדה"ז בהתחלתן.
159) צפע"נ הל' תרומות פ"ב הי"ב. 160) פסחים עו, ב במשנה.

הנחת הת' בלתי מוגה

מב. בנוגע צו דעם וואס א קטן קען עסן דעם קרבן פסח, פרעגט תוס׳[161]: "היאך מאכיל פסח שלא למנויו . . לספות לו בידים אסור"? און ער פארענטפערט: "לא אסור אלא דומיא דשרצים ונבילות, אבל כה"ג דאיכא חינוך מצוה שרי", ד.ה. אז דער ענין פון "חינוך מצוה" איז דוחה דעם איסור פון "לספות לו בידים".

א צווייטער תירוץ אויף דעם[162]: אז דאס וואס "הפסח אינו נאכל אלא למנויו" איז נאר "בראויין להמנות", אבל קטנים דלאו בני הכי לית לן בה".

און עס ווערט אראפגעבראכט אין אחרונים[163] די נפק"מ צווישן די צוויי טעמים - בנוגע צו חרש ושוטה, וואס זיי זיינען ניט מחוייב במצוות, און בא זיי איז אויך ניטא דער ענין פון חינוך (ניט ווי ביי א קטן וואס ביי אים איז דא דער ענין החינוך):

לויט דעם טעם אז דער ענין פון "חינוך מצוה" איז דוחה דעם איסור וואס "אינו נאכל אלא למנויו", טאר מען ניט געבן פון דעם פסח צו א חרש ושוטה, וויבאלד אז בא זיי איז ניטא דער ענין פון חינוך,

משא"כ לויט דעם טעם אז דאס וואס "הפסח אינו נאכל אלא למנויו" איז נאר "בראויין להמנות, אבל קטנים דלאו בני הכי לית לן בה", מעג מען זיי געבן פון דעם פסח, ווארום וויבאלד זיי זיינען ניט "ראויין להמנות", איז בנוגע צו זיי ניט חל דער איסור וואס "אינו נאכל אלא למנויו".

מג. עד"ז איז אויך ידוע די שקו"ט אין מנחת חינוך[164] בנוגע צו א קטן שהגדיל קודם אכילת הפסח, צי אויף אים איז דא דער איסור וואס "אינו נאכל אלא למנויו":

ווען ער וואלט געבליבן א קטן בעת אכילת הפסח, וואלט ער געקענט עסן פון דעם פסח - אדער מצד חינוך מצוה, אדער דערפאר וואס ביי אים איז ניט שייך דער איסור וואס "הפסח אינו נאכל אלא למנויו"[165];

אבער וויבאלד אז הגדיל קודם אכילת הפסח, ווערט א שאלה צי ער מעג עסן פון דעם פסח, ווארום דעמולט איז ער שוין ארויס פון דעם ענין פון "חינוך מצוה" (דערפאר וואס ער איז שוין א גדול), איז אפשר חל אויף אים דער איסור וואס "הפסח אינו נאכל אלא למנויו" - כידוע די שקו"ט בזה.

- מד. -

------------

161) ד"ה שה לבית - פסחים פח, א. 162) ר"ן ד"ה א"ר זירא - נדרים שם. וראה הוד"ה יביא - נדרים שם. 163) מנ"ח שם. 164) מצוה ו׳ סק"ב. 165) זבחים נו, ב במשנה.

מד. בנוגע צו דעת רבותינו נשיאינו בזה - איז אע"פ אז אין דעם אלטן רבי'נס שו"ע זיינען ניטא קיין הל' ק"פ (און אין די מאמרים ווערט ניט אראפגעבראכט דער פרט), איז דאס אבער פארשטאנדיק דערפון וואס דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין שו"ע או"ח סי' שמג בנוגע צו דעם ענין פון חינוך:

אין סי' שמג רעדט זיך וועגן דעם ענין פון חינוך בנוגע צו שבת, און ער זאגט דארטן[166] אז דער חינוך איז נאר מדברי סופרים.

און דערנאך[167] זאגט ער: "כל דבר שהוא משום חינוך מצוה, מותר לספות לו איסור בידים, כגון להאכיל פסח לקטן שהגיע לחינוך, אע"פ שלא נמנה עליו ואין הפסח נאכל אלא למנויו, אעפ"כ כיון שמתכוין לתנכו במצוות מותר".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק די שיטה פון דעם אלטן רבי'ן בנוגע צו די צוויי ענינים הנ"ל:

א) דער אלטער רבי נעמט אן דעם ביאור אין דעם וואס מ'איז מאכיל דעם פסח צו א קטן אע"פ שלא נמנה עליו, אז דאס איז דערפאר וואס דער ענין פון "חינוך מצוה" איז דוחה דעם איסור פון "לספות לו בידים",

ב) די שיטה פון דעם אלטן רבי'ן איז, אז דאס וואס דער קטן עסט פון דעם קרבן פסח, איז מערניט ווי אן ענין פון "חינוך מצוה" וואס איז מדרבנן, און ניט אז מדאורייתא איז דא דער ענין פון מינוי בנוגע צו א קטן.

און עפ"ז מוז מען זאגן, אז לויט דעם אלטן רבי'ן שיטה, איז די איינציקע הסברה אויף דעם וואס דער רמב"ם זאגט אז "קטן שהגדיל בין שני פסחים . . אם שחטו עליו בראשון פטור" איז - ווי דער ראגאטשאווער איז מבאר, אז ווייבאלד דער קטן האט געטאן די פעולה בפועל, ווערט די פעולה נמשך און די פועל'ס אויך אויף דעם זמן ווען ער ווערט מחוייב אין דערויף מה"ת, אז ווען עס קומט דער זמן פון פסח שני, איז ער דערפון פטור, דערפאר וואס ער האט די פעולה וואס ער האט געטאן בפסח ראשון[168].

מה. כמדובר כמ"פ אז בזמן הגלות זיינען אידן קטנים בדעה, ווארום "אותותינו לא ראינו גו' ולא אתנו יודע עד מה"[169], עס פעלט אין דער הבנה והשגה אז מ'זאל זיין א "חכם הרואה את הנולד"[170], ווי דער אלטער רבי טייטשט אפ[171] אז א "חכם" אמיתי

- איז -

------------

166) ס"ב. 167) ס"ח. 168) לשלימות הענין - ראה שיחת אחש"פ (סנ"ו ואילך), ושיחת מוצאי ש"פ שכיני. 169) תהלים עד, ט. 170) תמיד לב, א. 171) תניא פמ"ג (סא. ב).

הנחת הת' בלתי מוגה

איז דער וואס זעט ווי אלע ענינים שבעולם ווערן נתהוה בכל רגע ורגע מאין ואפס המוחלט ע"י דיבורו של הקב"ה.

וואב לע"ל וועט זיין דער "ונגלה כבוד ה' וראו כל בשר יחדיו כי פי ה' דיבר"[172], וכמבואר בארוכה אין שער האמונה[173] אז לע"ל וועט מען זעהן "כי פי ה' דיבר" - דעם דבר ה' וואס געפינט זיך אין יעדער ענין שבעולם,

אבער דערווייילע איז נאך ניט געקומען די צייט פון "ונגלה כבוד ה' גו'" - דערפאר וואס עס פעלט נאך אין דעם ענין פון הבנה והשגה, ביז צו השגה אמיתית וואס דאס איז אזוי ווי ער איז רואה בעיניו ממש, ווי אזוי יעדער נברא איז נולד ונתהוה בכל רגע ורגע מאין ליש.

און דער ענין הגדלות ביי אידן וועט זיין ווען עס וועלן קומען ימות המשיח, ווארום משיח ילמד תורה את כל העם כולו[174], וואס דורך דעם ענין פון לימוד התורה ווערט מען דער אמת'ער גדול און דער אמת'ער שלם, כמבואר בכ"מ.

ויה"ד אז דער ענין התינוך וואס איז דא ביי אידן אין ימי הקטנוה (כללות ענין הגלות) - זאל זיין די הכנה קרובה צום קיום התומ"צ אין ימי הגדלות, בביאת משיח צדקנו,

[ווי עס שטייט אין ספרי[175] (און עס ווערט אראפגעבראכט בכ"מ[176]) אז די מצוות וואס מ'איז מקיים בזמן הזה זיינען אין אן אופן פון "הציבי לך ציונים"[177], אז מ'זאל זיין איינגעוואוינט אין קיום המצווה, כדי אז מ'זאל זיי קענען מקיים זיין כשיבנה ביהמ"ק - דורך דעם חינוך וואס מ'באקומט אין משך זמן הגלות],

אע"פ אז אין דערויף פעלט נאך דער ענין השלימות, און עס פעלט נאך אין דעם ענין פון הידור - מפני כו"כ סיבות, און די סיבה העיקרית איז, רערפאר וואס די נשמה געפינט זיך אין א גוף וואס שטייט אין א מעמד וכצב פון "בירא עמיקתא", וויבאלד אז אזוי האט געוואלט דער אויבערשטער, וואס ער האט אונז געשיקט אין גלות. און ער וועט אונז ארויסנעמען פון דעם גלות, פון דעם מעמד וכצב פון קטנות צום מעמד ומצב פון גדלות.

ובקרוב ממש זאל יעדערער כתנך זיין זיך, און כתנך זיין די אלע וואס געפינען זיך ארום אים, ווארום ס'איז דא די כ"ע מה"ה פון "ושננתם לבניך - אלו התלמידים", וואס

- בשעת -

------------

172) ישעי' מ, ה. 173) פכ"ה. 174) לקו"ת צו יז, א. שער האמונה פנ"ו. 175) עה"פ עקב יא, יז. 176) פרש"י שם, יח. רמב"ן עה"פ אחרי יח, כה. ובכ"כ. 177) ל' הכתוב - ירמי' לא, כא.

בשעת ער קען לערנען מיט א צווייטן אידן וועלכע זאך עס זאל נאר זיין, אפי' "דוהבא ליסטרון"[178], ווערט יענער זיינער א תלמיד, ובמילא איז אויך אים רא דער חיוב פון "ושננתם לבניך - אלו התלמידים".

און דורך דער הנהגה באופן האמור, וועט מען נאכמער מזרז זיין דעם "מיר הן נגאלין", און עס וועט זיין דער "יבנה ביהמ"ק במקומו", בגאולה האמיתית והשלימה, "ונאכל שם מן הזבחים ומן הפסחים".

* * *

מו. דער ביאור אין פרש"י:

ווען רש"י טייטשט אפ "צוה ה' לעשות - כל שבעה הימים" (אז אין אלע זיבן טעג זאל מען טאן דאס וואס מ'האט געטאן אין דעם ערשטן טאג) - ווערט די שאלה: דער ערשטער טאג איז שוין דורכגעגאנגען, האט רש"י געדארפט זאגן "כל ששת הימים"?

אעפ"כ איז רש"י מדייק און שרייבט "כל שבעה הימים", דערפאר וואס דאס קומט בהמשך צום פריערדיקן פסוק "שבעה ימים ימלא את ידכם", וואס אויף דערויף שטייט "כאשר עשה ביום הזה צוה ה' לעשות" - זאגט רש"י "כל שבעה הימים", אז דאס גייט אויף די "שבעת ימים" וועגן וועלכע עס רעדט זיך אין דעם פריערדיקן פסוק.

רש"י איז זיך אבער ניט מסתפק מיט דעם פשט, ווארום אין פשט"מ איז נאך אלץ ניט גלאטיק:

וויבאלד אז דאס קומט בהמשך צום פסוק "שבעת ימים ימלא את ידכם", האט געדארפט שטיין "שבעת ימים ימלא את ידכם כאשר עשה ביום הזה" (אז פונקט ווי ס'איז געווען "ביום הזה" זאל אזוי זיין אין אלע "שבעה ימים") - צוליב וואס דארף מען איבער'חזר'ן נאכאמאל "צוה ה' לעשות"?

און דערפאר זוכט רש"י א צווייטן פירוש - "ורז"ל דרשו כו'", וואס דאס איז טאקע א דרש, ראם האט אבער א שייכות מיט פשוטם של כתובים.

מז. רש"י ברענגט אז "רז"ל דרשו לעשות זה מעשה פרה, לכפר זה מעשה יום הכפורים", ד.ה. אז אזוי ווי דער ענין פון "שבעת ימים ימלא את ידכם" איז אן ענין וואס איז געזאגט געווארן צו די כהנים, אהרן ובניו, אלס אן ענין של חינוך צו דער עבודה פון "לשרת בקודש" (ווי רש"י האט שוין דערמאנט פריער[179]), איז אזוי אויך בנוגע צו "לעשות - זה

- מעשה -

------------

178) ראה ב"כ לג, א. 179) ראה פרש"י פרשהנו ח, כב.

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

מעשה פרה" און "לכפר - זה מעשה יום הכפורים", אז דאס דארף אויך געטאן ווערן דורך די כהנים, אהרן אדער בניו.

און דערנאך איז רש"י ממשיך אז דערפון לערנט מען אפ נאך אן ענין:

"וללמד שכהן גדול טעון פרישה קודם יום הכפורים שבעת ימים, וכן הכהן השורף את הפרה", ד.ה. אז נוסף אויפן לימוד וואס די צוויי ענינים ("מעשה פרה" און "מעשה יום הכפורים") דארפן געטאן ווערן דורך די כהנים, לערנט מען אפ דערפון דעם ענין פון "פרישה שבעת ימים", אז אזוי ווי אין ימי המילואים איז געווען פרישה שבעה ימים, אזוי דארף אויך זיין בנוגע צו "מעשה פרה" און "מעשה יום הכפורים".

וואס וויבאלד אז אין דער פרשה פון ימי המילואים חזר'ט זיך איבער כמ"פ אז די אלע ענינים זיינען געטאן געווארן מיט אהרן ובניו ("קח את אהרן ואת בניו"[180], "ויז על אהרן ועל בגדיו ועל בניו ועל בגדי בניו"[181], וכיו"ב), איז פארשטאנדיק, אז פון "צוה ה' לעשות לכפר עליכם", לערנט מען אפ צוויי ענינים, וואס דארפן געטאן ווערן דורך אהרן און בניו - איין ענין דורך אהרן, און איין ענין דורך בניו,

[מ'קען ניט זאגן אז "לעשות לכפר עליכם" איז איין ענין, ווארום דעמולט קען דאס גיין אדער אויף אהרן, אדער אויף בניו - און אין דער פרשה פון ימי המילואים איז מודגש סיי אהרן און סיי בניו, מוז מען זאגן אז דאס זיינען צוויי ענינים, איין ענין דורך אהרן, און א צווייטער ענין דורך בניו].

און דאס איז וואס רש"י זאגט "לעשות זה מעשה פרה", וואס דאס ווערט געטאן ע"י בני אהרן, ניט קיין כה"ג, און "לכפר זה מעשה יום הכפורים", וואס דאס ווערט געטאן דורך אהרן, דער כהן גדול.

מח. לכאו' איז אבער ניט פארשטאנדיק:

עס זיינען דא נאך ענינים וואס דארפן געטאן ווערן דוקא דורך די כהנים, און אעפ"כ זאגט מען אז פון "לעשות לכפר עליכם" לערנט מען אפ אז "מעשה פרה" און "מעשה יום הכפורים" דארפן געטאן ווערן דורך די כהנים, און ניט אנדערע זאכן?

איז דער ביאור בזה - בנוגע צו די אנדערע ענינים וואס דארפן געטאן ווערן ע"י הכהנים, האט מען שוין געלערנט

- פריער -

------------

180) פרשהנו שם, ב. 181) שם, ל.

הנחה הת' בלתי מוגה

פריער ("אם הכהן המשיח יחטא . . והקריב על חטאתו"[182], ועד"ז "אם כל עדת ישראל ישגו . . והביא הכהן המשיח גו'"[183], וכיו"ב) - מוז מען זאגן אז פון "לעשות לכפר עליכם" לערנט מען אפ בנוגע צו ענינים וואס ביז איצטער שטייט נאך ניט אז זיי דארפן געטאן ווערן ע"י כהנים.

פון וואנעט ווייסט מען אבער אז דאס איז "מעשה פרה" און "מעשה יום הכפורים" - איז דער בן חמש למקרא ווייסט טאקע ניט, אבער רש"י זאגט אים אז ווען ער וועט לערנען ווייטער, וועט ער וויסן אז דאס זיינען די צוויי ענינים פון "מעשה פרה" און "מעשה יום הכפורים".

ד.ה. אז פון פשטות הכתובים איז טאקע ניט מוכרח אז "לעשות לכפר עליכם" גייט אויף "מעשה פרה" און "מעשה יום הכפורים", אבער וויבאלד אז דאס זיינען די איינציקע ענינים וועגן וועלכע מ'ווייסט נאך ניט אז זיי דארפן געטאן ווערן ע"י כהנים, איז מוכרח פון פשטות המקרא אז "לעשות לכפר עליכם" גייט אויף "מעשה פרה" און "מעשה יום הכפורים",

משא"כ בנוגע צו די אנדערע ענינים וועגן וועלכע מ'ווייסט שוין פון די פריערדיקע פרשיות אז זיי דארפן געטאן ווערן ע"י כהנים - דארף מען ניט האבן קיין לימוד דערפון וואס ס'שטייט בא שבעת ימי המילואים "כאשר עשה ביום הזה צוה ה' לעשות", אז זיי דארפן געטאן ווערן ע"י כהנים.

מס. ווען דער בן חמש למקרא וועט לערנען פ' אחרי, וואס דארט רעדט זיך וועגן עבודת יוהכ"פ, וועט ער זעהן אז בנוגע צו אלע עבודה פון יוהכ"פ, רעדט זיך דארט וועגן אהרן, דער כהן גדול.

[אע"פ אז ס'איז דא די פלוגתת הפוסקים[184] בנוגע צו ענינים פון יוהכ"פ וואס זיינען אויך דא בכל השנה כולה, צי זיי דארפן אויך געטאן ווערן ע"י כה"ג דוקא, אדער אז זיי קענען געטאן ווערן אויך ע"י כהן הדיוט - איז אבער ניטא קיין הוכחה בנוגע צו שיטת רש"י ווי איז דער דין ע"פ פשוטם של כתובים, ועכ"פ ווען דער בן חמש למקרא לערנט וועגן די עבודות פון יוהכ"פ, לערנט ער אלץ וועגן דעם כה"ג].

ווען מ'קומט אבער צו פ' חקת, און מ'לערנט וועגן "מעשה פרה", זעט מען דאך אז ניט אלע ענינים ווערן געטאן דורך א כהן (ווי דערמאנט פריער אז ס'שטייט "ושחט אותה לפניו", "זר שוחט ואלעזר רואה", ועד"ז "ושרף את הפרה לעיניו") -

- בכילא -

---

182) ויקרא ד, ג. 183) שם, יג-טז. 184) ראה רמב"ם הל' עבודת יוהכ"פ פ"א ה"ב ובכס"מ שם. ועוד.

בכילא קען רש"י ניט זאגן "כהן העושה את הפרה", ווארום דעמולט וועט מען א טעות האבן און מיינען אז דער כהן דארף טאן אלע עבודות פון דער פרה (אזוי ווי "מעשה יום הכפורים") - און דערנאך וועט מען דאך לערנען אז שחיטת הפרה וכיו"ב ווערן ניט געטאן דורך א כהן.

ג. דער ביאור אין דעם וואס רש"י זאגט "כהן השורף את הפרה" - אע"פ אז (עס זיינען דא נאך עבודות אין דער פרה, ואדרבה:) שריפת הפרה איז ניט געטאן געווארן ע"י כהן, נאר "ושרף את הפרה לעיניו" - וועט זיין פארשטאנדיק בהקדים הביאור אין דעם וואס מ׳איז מדגיש דעם ענין פון שריפה הפרה דוקא:

דער בן חמש למקרא האט שוין געלערנט אין א פריערדיקן פסוק פון דער פרשה[185] "הכהן המחטא אותה יאכלנה", און רש"י טייטשט אפ: "המחטא אותה - העובד עבודותי׳ שהיא נעשית חטאת על ידו", ד.ה. וויבאלד אז דורך אים ווערט דאס א "חטאה", ווערט ער אנגערופן "הכהן המחטא אותה", און דערפאר איז "יאכלנה".

ד.ה. אז דא רעדט זיך וועגן דעם ענין המיוחד וואס איז דא אין "חטאת" (ניט דער ענין פון שחיטה, תרומת הדשן וכיו"ב, וואס זיינען דא בכל הקרבנות), וואס דער ענין מיוחד מאכט דאס פאר א חטאת - און דערפאר שטייט דא דער לשון "המחטא", אויף צו מדגיש זיין אז דא רעדט זיך וועגן דעם ענין המיוחד וואס מאכט דאס פאר א חטאת - אן ענין של חיטוי, וואס דאס איז מכפר אויפן חטא.

ועד"ז איז פארשטאנדיק אז בא "מעשה פרה" איז אויך דא אן ענין מיוחד וואס איז ניטא אין אלע אנדערע קרבנות:

דער ענין השחיטה איז דא אין אלע קרבנות, ועד"ז נאך כמה ענינים וואס זיינען דא אין דער פרה, ביז אפי׳ שריפה הפרה, וואס מ׳געפינט אויך אין אנדערע קרבנות:

דער ענין המיוחד אין פרה אדומה איז - דער הכליה צוליב וואס כ׳מאכט איר - אז ס׳זאל זיין דער אפר הפרה, וואס דעמולט וועט כען קענען נעמען דעם "עפר שריפה החטאה ונתנו עליו מים חיים אל כלי"[186] און מזה זיין אויף דעם וואס איז נטמא געווארן אין טומאת מה.

ד.ה. אז אלע ענינים וואס מ׳טוט מיט דער פרה, איז דער תכלית דערפון - אז מ׳זאל האבן דעם אפר הפרה, וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך שריפת הפרה.

- וואס -

---

185) פרשתנו ו, יט. 186) חקה יט, יז.

הנחה הת׳ בלתי מוגה

וואס דערפון איז פארשטאנדיק. אז אזוי ווי בנוגע צו חטאה זאגט מען "הכהן המחטא אותה", וויבאלד אז ער טוט אויף דעם ענין המיוחד פון דעם קרבן חטאה, איז עד"ז זאגט מען בנוגע צו דער פרה "השורף את הפרה", וויבאלד אז עיקר ענינה פון דער פרה איז - אז ס'זאל זיין דער אפר, און דאס ווערט אויפגעטאן דורך שריפת הפרה.

[ס'קען ניט זאגן דעם לשון פון עשי"ה האפר, ווארום עשיה האפר ווערט דורך דעם פייער, און דערפאר זאגט מען "השורף את הפרה"].

נא. עס איז אבער נאך אלץ ניט פארשטאנדיק:

דער אפר הפרה איז נאך אויך ניט דער הכליה פון "כעשה פרה" - דער הכליה איז, אז כ'זאל דערמיט מטהר זיין דעם טמא (ע"ד ווי דער הכליה פון קרבן חטאה איז - הימוי, בכפר זיין אויפן חמא). האט רש"י געדארפט זאגן א לשון פון טהרה (און ניט א לשון פון שריפה)?

איז דער ביאור בזה:

אין פ' הקת[187] זאגט רש"י וועגן דעם אפר הפרה אז "לשלשה חלקים מחלקת. א' נתן בהר המשחה וא' מתחלק לכל המשמרות וא' נתן בחיל. זה של משמרות הי' חוץ לעזרה ליטול בכנו בני העיירות וכל הצריכין להטהר. וזה שבהר המשחה כהנים גדולים לפרות אחרות מקדשין הימנה. וזה שבחיל נתון למשמרת . . שנאמר[188] והיתה לעדה בנ"י למשמרת".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז רש"י קען ניט זאגן דעם לשון פון טהרה (אז דאס איז דער הכליה פון דעם אפר הפרה), ווארום ס'איז דא א חלק פון אפר הפרה וואס ענינו איז "למשמרת": ולאידך. קען רש"י ניט זאגן דעם לשון פון "משמרת", ווארום ס'איז דא א טייל פון אפר הפרה וואס ענינו איז "להטהר".

דארף רש"י זאגן א לשון וואס זאל כולל זיין אלע ענינים צוליב וועלכע כ'האט געמאכט דעם גאנצן "כעשה פרה" - און דערפאר זאגט רש"י "השורף את הפרה", וואס דאס איז כולל אלע ענינים, סיי דעם ענין פון "להטהר", סיי דעם ענין וואס "כהנים גדולים לפרוה אחרות מקדשין הימנה", און סיי דעם ענין פון "למשמרת".

ד.ה. אז ע"ד ווי דאס איז בנוגע צום קרבן עולה, וואס אין אים זיינען דא כו"כ עבודות: שחיטה, קבלה הדם, זריקה

- וכו' -

---

187) שם, ט. 188) שם.

וכו׳, אבער אעפ"כ ווערט ער אנגערופן "עולה", וויבאלד אז עיקר ענינו איז "היא העולה על מוקדה על המזבח"[189], ועד"ז בנוגע צו "שלמים", וואס עיקר ענינם איז "שמטילים שלום בעולם"[190], וכיו"ב בשאר הקרבנות -

איז עד"ז אויך בנוגע צו דער פרה אדומה - אז די נקודה העיקרית וואס איז כולל אלע ענינים שבה, איז - דער ענין פון שריפת הפרה.

כב. עפ"ז וועט מען פארשטיין דאס וואס רש"י זאגט "הכהן השורף את הפרה":

אע"פ אז שריפת הפרה בפועל איז ניט געווען דורך דעם כהן (ווי ס׳שטייט "ושרף את הפרה לעיניו"), ווערט ער אבער אנגערופן "הכהן השורף את הפרה" - ווארום:

ביים ציווי אויף דעם ענין פון פרה אדומה שטייט: "ויקחו אליך פרה אדומה . . ונתתם אותה אל אלעזר הכהן וגו׳"[191], און ווי רש"י ברענגט אראפ אז "מצותה בסגן".

וואס דארף אלעזר טאן מיט דער פרה - ער דארף זעהן אז אלע ענינים זאלן זיך אפטאן בשלימות, ביז וואנעט אז ס׳זאל ווערן דער אפר הפרה.

און וויבאלד אז די נקודה העיקרית פון דער פרה איז דער ענין פון שריפת הפרה (כדי ס׳זאל זיין דער אפר הפרה) - ווערט ער אנגערופן "הכהן השורף אה הפרה", וויבאלד אז אויף אים ליגט די מצוה זעהן אז ס׳זאל זיך אפטאן בשלימות.

און דערפאר איז נאך דערויף וואס רש"י טייטשט אפ "לעשות זה מעשה פרה", וואס דערפון ווייסט מען שוין אז דאס גייט אויף די עשי׳ המיוחדת וואס איז דא אין דער פרה אדומה - איז רש"י מוסיף ביאור בזה, און זאגט "הכהן השורף את הפרה", וויבאלד אז דאס איז דער ענין המיוחד און די נקודה העיקרית פון "מעשה הפרה" (ע"ד ווי די נקודה העיקרית פון קרבן חטאת איז - "הכהן המחטא אותה").

כג. האמור לעיל אז דער ענין העיקרי אין פרה אדומה איז דער ענין פון אפר הפרה, וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך שריפת הפרה - איז מודגש במיוחד לויט ווי דער ענין פון פרה אדומה ווערט נתבאר אין פנימיות התורה:

ס׳איז מבואר אין לקו"ת (אין די דרושים פון פרה אדומה,

- אין -

---

189) ריש פרשתנו. 190) פרש"י עה"פ ויקרא ג, א.
191) חקת שם, ב-ג.

אין פ׳ חקת[192]) אז דער ענין פון פרה אדומה איז, אז מ׳איז מבטל די ישות פון זיין גאנצע מציאות, ביז וואנעט אז עס בלייבט מערניט ווי דער אפר - וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דעם ענין פון שריפת הפרה.

וואס אין עבודה רוחנית, דארף דאס יעדערער טאן בנוגע לעצמו, וואס דעמולט ווערט ער דער "כהן השורף את הפרה", ביז וואנעט אז פון דער פרה אדומה בלייבט נאר דער ענין הטוב שבזה - דער אפר הפרה. כמבואר אין די דרושים הנ"ל.

נד. בנוגע צו דער הערה אויפן זהר - וואס מ׳קען דערפון אפלערנען בנוגע לזכן הזה - זעט מען דא א דבר פלא:

עס רעדט זיך דארטן וועגן מלך פרס, וואס ענינו איז פארבונדן מיט דינים און גבורות (ווי ער איז מבאר אין דער הערה אין אוהיוה פון קבלה),

און אין דערויף איז געווען פארכישט "המיינאי" - וואס ווי אזוי קומט אזא ענין למטה, ביז אין גקה"ט - איז דאס פארבונדן דערמיט וואס דער ענין איז דא אין קדושה בדקות דדקות עכ"פ, און מצד דערויף וואס "נשתלשלו מהן"[193], לאחרי פרסאות, מסכים, הפסקים און צמצומים, קומט ארויס פון "הכיינאי" (בלשון התרגום[194]) - דער נאמען ווי ער ווערט אנגערופן בפי עמי הארץ.

און אויף דערויף זאגט מען אז פנימיות ענינו איז - אז ס׳זאל זיין דער ענין פון "והיו מלכים אומניך".

נה. והביאור בזה:

ס׳איז מבואר אין דער הערה, אז בשעה דער גארטל געפינט זיך לכעלה ממקומו, "למעלה מאצילי ידיו", קומט דערפון ארויס דער ענין פון "דינא קשיא", וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס דארטן איז דער "מקום זיעה" (און מ׳זאגט אויף דערויף "לא יחגרו ביזע"), וואס "זיעה הוא מצד תוקף הגבורה והדינים שמהם יוצא זיעה . . וכן מזיעתן של היות יוצא נהר דינור[195] שהוא גבורות תקיפות"[196].

און ווי עס ברענגט זיך אין חסידות[197] אז ווען א מענטש ווערט אויפגערעגט אויף דעם וואס ס׳איז דא אן ענין וואס איז ניט ע"פ תומ"צ, און די אויפגערעגקייט איז אן אמה׳ע -

- הויבט -

---

192) נו, ג ואילך. 193) ל׳ התניא רפ"ג. 194) ראה ה"א עה"פ תצוה כח, ד. ועוד. 195) חגיגה יג, סע"ב. 196) לקוטי לוי"צ שם ע׳ רלו. 197) לקו"ת במדבר יא, ב. ועוד.

הנחה הת׳ בלתי מוגה

הויבט ער אן שוויצן פון אויפגערעגקייט, וואס דערפון זעט מען אז דער ענין פון זיעה איז פארבונדן מיט גבורות און דינים.

און דעמולט וואלט דערפון ארויסגעקומען אין וועלט דער ענין פון גבורות און דינים - וואס מצד דעם ענין פון גבורה איז דאס אין אן אופן פון "בלי ויתור כלל", אינגאנצן אן ענין של גבורות.

מ'וויל דאך אבער אז ס'זאל זיין דער ענין פון חסד ורחמים, און ניט דער ענין פון גבורה, אפי' ניט גבורה דקדושה, אדער (בלשון וואס איז פארבונדן מיט פסח) מיצרים וגבולים דקדושה, נאר מ'וויל אז ס'זאל זיין דער ענין פון חסד ודחמים, אין אן אופן שלמעלה ממדידה והגבלה -

קומט "אמימד" - וואס "אמימר הוא בחי' חסד כשמו אמימר שאמירה הוא לשון רכה"[198] - און איז מבאר, אז דאס וואס דער ניט-איד האט געטאן (דאס וואס "הוה מדלי לי המיינאי ותיתיי' ניהלי'") איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "והיו מלכים אומניך".

נו. כמדובר כמ"פ וואס עס שטייט אין זהר[199] אז די סיפורים פון תורה (פון ש"ס) זיינען אן ענין של תורה והוראה, און אין דערויף איז דא א לימוד אין עבודת ה' - איז עד"ז אויך בנדו"ד:

עבודת ה' דארף ניט זיין אין אן אופן של גבורות - ער רעכנט אויס אז ער טוט עד כדי כך און ווייסער שטייט אים ניט אן, דערפאר וואס ער איז א "זקן ואינו לפי כבודו"[200] וכיו"ב, נאר די עבודה דארף זיין אין אן אופן פון חסד ורחמים.

וואס מצד דעם ענין פון רחמים איז דער חסד אין אן אופן וואס איז בלי מדידה והגבלה - ביז כמדובר כמ"פ בנוגע צום מארז"ל[201] "מי שאין בו דעה אסור לרחם עליו", אז דערפון גופא איז די הוכחה אויף וויפל מ'דארף אויף אים רחמנות האבן, ד.ה. אז עס דארף זיין דער ענין פון חסד ורחמים בלי מדידה והגבלה.

און דער אופן העבודה פועל'ט אז פון דעם ענין פון "המיינאי" ווי דאס איז אין וועלט, זאל ווערן דער ענין פון "המיינאי" אין ארמית, ביז ווי "המיינאי" שטייט אין תורה,

- אז -

------------

198) לקוטי לוי"צ שם ס"ע רמז. 199) ה"ג נג, ב. וראה גם שם קנב, א. 200) ראה ב"מ ל, א. 201) ברכות לג, א.

אויך דערפון ווערט א לימוד אין נגלה דהתורה, און אין נסתר — [illegible] פנימיות התורה.

בד. אין דערויף איז דא נאך אן ענין וואס איז פארבונדן מיט עבודת ה':

ס'איז מבואר אין שו"ע[202] אז מ'דארף אנטאן א גארטל צום דאווענען דערפאר וואס ס'שטייט[203] "הכון לקראת אלקיך ישראל", ווי די גמרא זאגט אין שבת[204], און ווי עס ווערט אראפגעבראכט אין ספרי מוסר און ספרי חסידות.

און עס ברענגט זיך אראפ אין ספרי מוסר, אז דער ענין פון א גארטל איז - אויף מחלק זיין צווישן דעם "פלגא דלעילא" מיטן "פלגא דלתתא", וואס אין "פלגא דלעילא" געפינען זיך די איידעלע אברים, דער לב, אברי הנשימה, ועאכו"כ די ענינים שבראש. משא"כ אין "פלגא דלתתא", וואס דארטן געפינען זיך די אברי העיכול, ביז צו די אברים דורך וועלכע מ'ווערט באפרייט פון פסולה וכיו"ב - און דערפאר דארף מען האבן דעם גארטל, אויף צו מחלק זיין צווישן דעם "פלגא דלעילא" מיטן "פלגא דלתתא".

וכידוע דער סיפור (ע"ד דער סיפור הגמרא אין זבחים) אז אמאל האט מען געזעהן איינעם וואס האט געטראגן דעם גארטל צו הויך. האט מען אים געזאגט ער זאל אראפלאזן דעם גארטל נידעריקער - וואס די הסברה אין דערויף איז, אז בשעת דער גארטל איז נידעריקער, קומט צו אין דעם "פלגא דלעילא", און עס ווערט וויי ניקער דער "פלגא דלתתא".

און מ'פלעגט אמאל זאגן בדרך רמז, בנוגע צו בני ישמעאל וואס זיי טראגן דעם גארטל אויפן קאפ - אז אזוי ווי זיי האבן ניט געוואלט אנעמען די תורה, דערפאר וואס זיי קענען ניט מקיים זיין דעם ציווי פון "לא תנאף"[205], איז ווייבאלד אז בא זיי קען ניט זיין א הגבלה אין דעם ענין פון "לא תנאף" וואס איז פארבונדן מיטן "פלגא דלתתא", טראגן זיי דעם גארטל אויפן קאפ, ד.ה. אז בא זיי איז ניט "פלגא דלתתא", נאר די קאפ גייט אויך אריין אין דעם חלק וואס איז "לתתא".

°

בה. אין קדושה איז אויך דא דער ענין פון א גארטל על הראש - וואס דאס איז דער ענין פון "מצנפת", וואס די מצנפת איז (ניט געווען אזוי ווי א יארמולקע, נאר ס'איז) געווען שש

- עשרה -

---

202) או"ח סצ"א ס"ב. שו"ע אדה"ז שם. 203) עמוס ד, יב. 204) י, א. 205) יתרו כ, יג.

הנחה הת' בלתי מוגה

עשרה אמות, בדוגמת האבנט וואס ער איז געווען ל"ב אמה, און ס'איז געווען אין אן אופן פון "כרך על גבי כרך"[206].

ד.ה. אז צווישן די בגדי כהונה זיינען געווען צוויי לבושים בדוגמא פון א גארטל: דער אבנט, און די מצנפת (פון דעם כה"ג), וואס דאס איז א העכערער גארטל.

און מצד דערויף וואס "נשתלשלו מהן", איז דא דער ענין וואס מ'טוט אן א גארטל, דערפאר וואס ס'דארף זיין דער ענין פון "הכון לקראת אלקיך ישראל" – אבער בנוגע צו "מצנפת", איז ניט יעדערער זוכה דערצו, ווארום דאס איז פארבונדן מיט כהונה גדולה.

וואס אע"פ אז אידן זיינען "ממלכת כהנים", און ער טייטשט אפ אין בעה"ט[207] אז דאס מיינט "כהנים גדולים" – אעפ"כ, אין פשש"מ איז "ממלכת כהנים" א כהן סתם (ניט קיין כהן גדול).

און דאס איז דער אויספיר פון דעם סיפור אין גמרא, אז ווען דער מלך האט אים אראפגעלאזט דעם גארטל, האט ער אים געזאגט "ממלכת כהנים וגוי קדוש כתיב בכו".

ד.ה. אז דער "המיינאי" ווערט א לבוש וואס איז "לכבוד ולתפארת"[208], און עס באווייזט אז ער געהערט צו "ממלכת כהנים", דורך דערויף וואס ער איז א "גוי קדוש";

ער דארף טאקע האבן דעם ענין פון "פלגא דלתתא", ווארום עס דארף זיין דער ענין פון אכילה ושתי', דארף מען האבן די אברים דורך וועלכע מ'ווערט באפרייט פון פסולת (וויבאלד אז ס'איז ניט ווי ס'איז געווען ביים "מן"[209]), ביז ווי עס שטייט אין זהר[210] אז "לא תנאף .. פסקא טעמא .. אי לאו דפסקא טעמא אסיר אפילו לאולדה .. ובמה דפסקא טעמא אסיר ושרי", עס דארף זיין דער ענין פון יחוד איש ואשתו, כדי ס'זאל זיין קיום העולם, "לשבת יצרה"[211] –

אבער דאס גופא וואס ער ווייסט אז דאס איז "פלגא דלתתא" (ס'איז א נידעריקע זאך), פועל'ט ביי אים אז דאס ווערט תחת ממשלת ושליטה פון דעם "פלגא דלעילא", ובדרך ממילא ווערט ביי אים דער ענין פון "כל מעשיך יהיו לשם שמים", און "בכל דרכיך דעהו".

משא"כ בנוגע צו בני ישמעאל, וואס בא זיי איז ניטא

- דער -

------------

206) רמב"ם הל' כלי המקדש פ"ח הי"ט. 207) עה"פ. 208) תצוה שם, ב. 209) ראה יומא עה, ב. ובפרש"י שם ד"ה נבלע. פרש"י עה"פ חקת כא, ה. לקו"ת עקב יז, א. 210) ח"ב צג, ב. 211) ישעי' מה, יח.

דער ענין פון א גארטל, נאר בא זיי איז דא א לבוש על הראש (וואס ווערט אנגערופן "הרביע"). בדוגמת האבנט וואס איז געווען אין אן אופן פון דורך כרך על גבי כרך - און דאס איז על הראש, וואס זייער קאפ קען ניט נעמען דעם ענין פון תורה (דערפאר וואס זיי קענען ניט מקיים זיין דעם ענין פון "לא תנאף"), געפינט זיך זייער קאפ אין דעם "(פלגא ר)להתא".

נט. ובנוגע לעניננו:

מ'זוכט דאך רמזים אין יעדן ענין, און רמזים לטובה, ובפרט ע"פ המבואר[212] אז כללות ענין הגלות איז אין אן אופן פון "היינו כחולמים"[213], און בנוגע צו א חלום זאגט מען דאך אז "הכל הולך אחר הפתרון"[214] -

איז מען פותר דעם חלום מיוסד אויף דעם סיפור הגמרא וואס ווערט געבראכט אין זהר - וואס דארטן ווערט דערציילט וועגן מלך פרס, און מ'זאגט אז עניננו איז געווען, זעהן אז דער "המיינאי" פון א אידן זאל זיין אין אן אופן אז דורך דעם וועט ביים אידן צוקומען אין זיין קשר און פארבונד מיט "ממלכה כהנים", ביז אין אן אופן וואס מ'זעט דאס בגלוי, ע"ד ווי ס'איז געווען דארטן, אז 'ער האט אים אויפגעהויבן דעם גארטל אז ער זאל זיין במקומו, וואס דורך דערויף איז ביים אמורא צוגעקומען אין דעם ענין פון "לכבוד ולתפארת" כפשוטו.

און דערפון (ווי דער ענין שטייט אין תורה) קומט דאס אראפ אין כללות העולם, ווי ס'איז מבואר אין לקו"ת[215] אז כללות סדר ההשתלשלות ווערט אנגערופן בשם "פרס", מלשון "פרוסה", ד.ה. אז ס'איז ניט דער עיקר הענין, מערניט ווי אן אמצעי און א מיטל דורך וועלכן מ'קומט צו צום תכלית הענין,

[ע"ד ווי די עבודה פון תומ"צ "על מנה לקבל פרס"[216] איז ניט תכלית השלימות אין קיום ההומ"צ, ס'איז מערניט ווי אן אמצעי דורך וועלכן מ'קומט צו דער עבודה פון תומ"צ אין אן אופן פון "שלא על מנת לקבל פרס", וכמרז"ל[217] "מתוך שלא לשמה בא לשמה", אז דורך דער עבודה פון "שלא לשמה", "על מנה לקבל פרס", קומט מען צו צום אופן העבודה פון "לשמה", "שלא על מנת לקבל פרס"],

און דערנאך קומט דאס אראפ אין סדר השתלשלות גופא -

- אין -

---

212) תו"א וישב כח, ג ואילך. ועוד. 213) תהלים קכו, א. וראה תענית כג. א. 214) ב"ר פפ"ט, ח. 215) תזריע כ, ב. שה"ש יז, א. 216) אבות פ"א מ"ג. 217) פסחים נ, ב.

אין דעם ענין פון פרס ומדי, כמבואר אין תו"א[218] ווי די ענינים זיינען ברוחניות.

וואס בשעת די ענינים שטייען אין תורה, איז דאס גאר אן אנדער ענין - ס'איז אן ענין פון ליכטיקייט,

וע"ד ווי מ'געפינט אין דער הפטרה פון פ' צו, אז ס'זיינען דא פסוקים וואס מדלגין בינהיים, דערפאר וואס דארטן שטייען ענינים בלתי רצויים, און דערנאך קומט דאס אראפ אין אויר העולם (צום שומע), און מ'טייטשט דאס לויט ווי דאס איז אין פשש"מ, און דערנאך ווערט דער "נשתלשלו מהן" - איז אבער דא ווי דער ענין שטייט אין תורה, וואס דארטן איז דאס גאר אנדערש.

ובדוגמת הסיפור וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו האט דערציילט[219] וועגן דעם מיטעלן רבי'ן, אז אזוי איז דער אלטער רבי געווען דער קורא בהורה, ס'איז אבער געווען אמאל ווען דער אלטער רבי איז ניט געווען אין דעם זעלבן ארט וואו דער מיטעלער רבי איז געווען, און דער מיטעלער רבי האט געהערט די תוכחה (פון פ' כי תבוא) פון א צווייטן, איז ער דערפון געווארן ניט געזונט אין בריאות גשמיה כפשוטה,

האט מען ביי אים געפרעגט: היתכן, ער הערט דאך די קריאה מידי שנה בשנה? - האט דער מיטעלער רבי געענטפערט: אז דער טאטע לייענט איז גאר אנדערש!

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת מ'איז מעלה די ענינים פון וועלט למקורם ושרשם ווי זיי שטייען אין תורה - זיינען זיי באופן אחר לגמרי.

ס. וכן יהי' לנו - אז אלע ענינים זאלן נפהר ווערן לטוב, ביז אין אן אופן פון "ויהפוך ה' אלקיך לך את הקללה לברכה"[220], וואס דאס איז פון די פסוקים וואס מ'זאגט ביי "הטבה חלום"[221].

און ניט קוקנדיק אויף דערויף וואס ס'זיינען דא אין דערויף פירושים און רמזים וכו' - זאל זיין דער ענין פון "והיו מלכים אומניך" כפשוטו של ענין, אז זיי וועלן זיך פארנעמען מיט יעדער אידן, אלס יחיד און א פרט, און זעהן אז ער זאל אויסזעהן שענער און אים זאל זיין בעסער, ביז אז ער זאל זיין כתאים להכליהו ולשלימותו וואס איז געזאגט געווארן אויף אים - "ואתם תהיו לי ממלכת כהנים",

- כן -

------------

218) קיח, ב. 219) היום יום ע' פח. 220) תצא כג, ו. 221) ברכות נה, ב.

כך תהי' לנו. למטה בעשרה טפחים, כפשוטם של ענינים.

סא. און דאס זאל זיין די הכנה קרובה צום "אהפוך אל עמים שפה ברורה גו' לעבדו שכם אחד"[222]. בגאולה האמיתית והשלימה, וואס "בניסן נגאלו ובניסן עתידין להגאל",

וואס דעמולט וועט מען בדרך ממילא זיין בחגה"פ אין ירושלים הבנוי', אין ירושלים עיה"ק בשלימותה ובאחדותה, "עיר שחוברה לה יחדיו"[223],

און דארטן וועט זיין דער "קהל גדול ישובו הנה"[224], און ווי געבראכט אין בדיוו[225] אז בשעת הקרבת קרבן פסח האבן אלע אידן געדארפט זיין (מ'האט נים געקענט יוצא זיין דורך א שליח), און מ'האט אליין געדארפט עסן פון דעם קרבן פסח.

און מ'וועט עסן דעם קרבן פסח מתוך חירות, און אין אן אופן פון "למשחה" - "לגדולה"[226], וואס דערפאר דארף דאס זיין אכילת צלי דוקא[227],

און די חירות איז מען ממשיך אויף כל עניני הפסח, ביז אויך אין די לעצטע טעג פון גלות - אז ס'זאל זיין אזא חירות וואס "הורה אמת" זאגט אז דאס איז חירות.

וכאמור לעיל אז וויבאלד "בניסן נגאלו ובניסן עתידין להגאל", וועט בדרך ממילא זיין דער "ונאכל שם מן הזבחים ומן הפסחים", אין אן אופן פון "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותנו", צוזאמען מיט בניו ובנותיו הקטנים, און ווי געערדט פריער אז מ'גיט דעם קרבן פסח אפי' צו קטנים (באר פיצלאך קינדער) וואס בא זיי איז דאס אין אן אופן פון "שלא בדעתן" (זיי זיינען נאך נים שייך צו דעם ענין פון דעת (באיזה אופן שיהי')) - וועט דער ענין פון אתהפכא, אז זיי עסן אויך "מן הזבחים ומן הפסחים".

און "קהל גדול ישובו הנה", ע"י משיח צדקנו, וכפס"ד הרמב"ם - אין אן אופן אז "מיד הן נגאלין".

צוה לנגן ניגון הכנה. ניגון אדה"ז (בבא הרביעית פ"א). ניע זשוריצי חלאפצי.

* * *

סב. אזוי ווי ס'איז דא דער ענין אז פריער איז מען מצוה - און -

---

222) צפני' ג, ט. 223) תהלים קכב, ג. 224) ירמי' לא, ח. 225) דעש"ק, שבת הגדול ש.ז. 226) ספרי ופרש"י עה"פ קרח יח, ח. זבחים צא, א. 227) זבחים שם.

הנחה הת' בלתי מוגה

און דערנאך "חוזרין ומזרזין אותו בשעת מעשה"[228] - דערמאנט מען און מען איז מזרז נאכאמאל בשעת מעשה וועגן כללות המבצעים, אנהויבנדיק פון די מבצעים וואס זיינען פארבונדן מיט פסח - ובפרט לויט ווי רש"י ברענגט אראפ אין תחלה הסדרה, אז "ביותר צריך הכתוב לזרז במקום שיש בו חסרון כיס" - וואס בנדו"ד גיט מען דאך די געלט פון קופת הקהל, ס'איז אבער דא דער ענין פון חסרון זמן וכיו"ב.

און דערפאר איז מען מזרז אז מ'זאל טאן אין דערויף ביתר שאת וביתר עוז, און מתוך שמחה וטוב לבב, וואס דעמולט וועט דאס זיין בזריזות המתאימה, און עס דארף דאך זיין דער ענין הזרידות, אין אן אופן פון "חפזון", וויבאלד אז מ'געפינט זיך נאך אין גלות, און מ'האלט פאר דעם "בשובה ונחת תושעון" וואס וועט זיין אין רגע הגאולה.

און היילן זיך אין דעם "אחישנה"[229] לקראת משיח צדקנו, וואס צוליב דערויף דארף מען האבן די גאולה פון יעדער אידן, פון קליין ביז גרויס, ביז צו בניו ובנותיו הקטנים, סיי בידיעה און סיי בפשטות.

וואס דערפאר דארף מען מוסיף זיין אין די מבצעים וואס זיינען פארבונדן מיט "מבצע פסח", מיט אלע פרטים שבזה, און מוסיף זיין אין כללות המבצעים: "מבצע חינוך", "מבצע אהבת ישראל", "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "מבצע בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'",

ובפרט "מבצע נרות שבת קודש", כולל אויך נרות יו"ט, וואס דאס איז פארבונדן מיט ברכת "שהחינו" (עכ"פ אין די ימים הראשונים), ועד"ז "מבצע כשרות האכו"ש", כולל אויך כשרות הכלים והאכו"ש אין ימי הפסח, וואס דאס איז דאך דורש א זהירות מיוחדה, ועד"ז דער ענין פון טהרת המשפחה.

און דאס זאל נאכמער צוהיילן דעם "מבצע הכי גדול", וואס דאס טוט דער "גדול" האמיתי, דער אויבערשטער - דער "מבצע" פון גאולה האמיתית והשלימה,

וואס דאס וועט זיין לאחרי ההקדמה פון דעם "נס גדול" - אז "כהרף עין"[230], און אן קיינע ענינים בלהי רצויים, ואדרבה, מתוך הרחבה ומתוך שמחה וטוב לבב, זאל זיין דער ענין פון "לכל בנ"י הי' אור במושבותם"[231], נאך זייענדיק "במושבותם", אין ארצות הגלות כפשוטו, און אין דעם מעמד ומצב פון גלות ווי דאס איז אין ארץ הקודש.

- און -

------------

228) פרש"י עה"פ יהרו יט, כד. 229) ישעי' ס, כב. וראה סנהדרין צח, א. 230) מכילתא ופרש"י עה"פ בא יב, כא. 231) בא י, כג.

און ס'זאל זיין גלייך דער ענין פון אתהפכא מחשוכא לנהורא וממרירו למיתקא, נאך אין די לעצטע טעג פון גלות, און ווי געזעדס פדיער אז ס'זאל זיין דער ענין פון "והיו מלכים אומניך ושרותיהם מניקותיך".

און טאנצן אויף מקבל זיין פני משיח צדקנו, און צוזאמען מיט אים מקריב זיין דעם קרבן פסח אין ערב פסח, נאך דעם ענין הביקור שלפנ"ז,

[וואס אע"פ אז דער ענין פון "מקחו בעשור", ד' ימים קודם הקרבת הפסח, איז דא מערניט ווי בא פסח מצרים - דארף אבער זיין דער ענין הביקור בא דעם וואס מ'קויפט דעם שה (אויף צו מאכן פון איס א קרבן פסח)],

זאל דער ענין הביקור אויך זיין אין א מעמד ומצב פון גאולה כפשוטה, "ונאכל שם מן הזבחים ומן הפסחים", ומתוך שמחה וטוב לבב.

צוה לנגן ממצרים גאלתנו. הושיעה את עמך.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניקאווא.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן מסתמא מאכן א ברכה אחרונה.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ממצרים גאלתנו.

* * *

הנחת הת' בלתי מוגה

## י״א ניסן ה׳תשל״ט

דער אויבערשטער זאָל בענטשן יעדערן וכל בני ביתו וכל השייך אליו, בברכתו של הקב״ה, וואָס תוספתו מרובה על העיקר*, בטוב הנראה והנגלה, בכל המצטרך בגשמיות וברוחניות, ובגשמיות וברוחניות גם יחד,

און — בחג הפסח כשר ושמח.

---

*) ב״ר פס״א, ד. ועוד. — וראה באריכה שיחת ש״פ וישלח התשכ״ט — נדפסה בלקו״ש ח״ה ע׳ 422 ואילך, ובקונטרס בפ״ע — ברוקלין, תשל״ט.

בס"ד. שיחת אור לי"ג ניסן ה'תשל"ט. הנחת הת' בלתי מוגה

א. ס'איז דאך דער יום ההילולא פון כ"ק אדמו"ר הצ"צ, וואס דער ענין פון יום ההילולא איז, ווי דער אלטער רבי שרייבט אין אגה"ק הידועה[1], אז "פעולתו אשר עבד בה" און "כל עמל האדם שעמלה נפשו בחייו" וואס איז געווען "בהעלם והסתר", איז "מתגלה ומאיר בבתי' גילוי מלמעלה למטה בעת פטירתו".

און וויבאלד אז "הימים האלה נזכרים ונעשים"[2], איז פארשטאנדיק, אז מידי שנה בשנה ווען עס קומט דער יום ההסתלקות, ווערן נאכאמאל אויפגעטאן די זעלבע ענינים פונקט ווי ס'איז געווען בפעם הראשונה.

ובפרט ווען מ'דערמאנט דאס אין א מקום קדוש - אין א "בית גדול"[3], "שמגדלין בו תורה" און "מגדלין בו תפלה"[4] (ווי גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות[5]) - וואס דאס איז א מעלה מצד דעם ענין פון "מקום",

ועד"ז איז דא א מעלה מצד דעם ענין פון "נפש" - אז דאס ווערט געטאן במעמד פון כו"כ עשיריות מישראל,

ועד"ז איז דא א מעלה מצד דעם ענין פון "שנה" (דער ענין פון זמן) - אז דאס איז אין חודש ניסן, וואס גאנץ חודש ניסן ווערט אנגערופן "חודש של גאולה"[6].

ב. עאכו"כ אז דאס איז אין די טעג וואס זיינען נאך "שבת הגדול", וואס דער ענין פון "שבת הגדול" איז פארבונדן מיט דעם "נס גדול" (ווי דער אלטער רבי בדענגט אראפ[7] אלס פסק הלכה דעם טעם פארוואס דער שבת ווערט אנגערופן "שבת הגדול"),

און ווי גערעדט פריער[8] בארוכה, אז דער ענין פון "נס גדול" איז - אן ענין של גדלות אין "נס" גופא:

כללות הענין פון "נס" איז אן ענין וואס איז מורם ומנושא פון הנהגת העולם ע"פ טבע, ווי מ'ברענגט[9] א ראי' אז "נס" איז אן ענין של הרמה, דערפון וואס ס'שטייט[10] "נס על הגבעה",

- וואס -

------------

1) סי' ז"ך וכ"ח. 2) ל' הכתוב - אסתר ט, כח. וראה רמ"ז בספר תיקון שובבים הובא ונתבאר בספר לב דוד להחיד"א פכ"ט. 3) מ"ב כה, ט. 4) מגילה כז, א. 5) שיחת מוצאי ש"פ צו, שבה"ג, אור לי"א ניסן סל"ה. 6) שמו"ר פט"ו, יא. 7) בשלחנו או"ח ר"ס הל. 8) שיחה הנ"ל ס"ח. 9) פרש"י עה"פ יתרו כ, יז. וראה גם פרש"י עה"פ הקח כא, ח. ועוד. 10) ישעי' ל, יז.

וואס אין דערויף איז מודגש נאך אן ענין: דער ענין פון "גבעה" און "הר" איז, אז ער איז העכער פון דעם שטח וואס איז ארום אים, ד.ה. אז אין טבע גופא איז דאס א "הר", און דער "נס" איז "על הגבעה", נאך העכער ווי דער "הר",

און אין דעם ענין פון "נס" גופא, קומט נאך צו אז דאס איז א "נס גדול".

און וויבאלד אז דער ענין פון שבת איז, אז "מיני' מתברכין כולהו יומין"[11], איז פארשטאנדיק, אז די טעג וואס קומען לאחרי "שבת הגדול", האבן א השפעה מיוחדת וועלכע זיי באקומען פון דעם ענין פון "נס גדול".

ועאכו"כ אז מ'שטייט אין די ד' ימי הביקור, וואס דעמולט דארף מען מבקר זיין דעם קרבן פסח, און זעהן אז ער זאל זיין בשלימות[12].

וואס אין קביעות שנה זו, האט מען אלע מעלות צוזאמען:

י"ג ניסן איז אלעמאל אין די ד' ימי הביקור, אבער בנוגע צו "שבת הגדול", קען זיין א קביעות וואס "שבת הגדול" איז ניט אין די ד' ימי הביקור - ווען פסח איז חל ביום השבת; און בקביעות שנה זו איז "שבת הגדול" אויך אין די ד' ימי הביקור.

ועד"ז קען זיין די קביעות אז "שבת הגדול" איז בי"ד ניסן, וואס דעמולט איז י"ג ניסן פאר "שבת הגדול" - און בקביעות שנה זו איז י"ג ניסן נאך "שבת הגדול", ד.ה. אז אין י"ג ניסן איז דא די השפעה פון "שבת הגדול", נוסף אויף די מעלה פון י"ג ניסן מצ"ע.

דערנאך קומט אויך צו די מעלה אין קביעות שנה זו, אז י"ג ניסן איז חל ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב[13] - וואס די קביעות פון שנה זו איז פונקט ווי ס'איז געווען בפעם הראשונה, אז "עשור לחודש" איז געווען ביום השבת[14], וואס דעמולט קומט אוים אז י"ג ניסן איז ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב.

ג. פון יעדער ענין האט דאך א איד א נתינת כח בעבודתו, ווארום וויבאלד אז "כל אחד ואחד חייב לומר בשבילי נברא העולם"[15], איז פארשטאנדיק, אז יעדער ענין אין וועלט איז

- באשאפן -

------------

11) ראה זח"ב סג, ב. פח, א. 12) ראה פסחים צו, א. מכילתא ופרש"י עה"פ בא יב, ו. 13) ראה פרש"י עה"פ בראשית א, ז. 14) הוד"ה ואוהו - שבת פז, ב. טור ושו"ע אדה"ז או"ח שם. 15) סנהדרין לז, סע"א במשנה.

באשאפן געווארן "בשבילי", כדי אז ס'זאל זיין דער "אני נבראתי לשמש את קוני"[16].

ועפ"ז איז אויך בענינגו - די התוועדות וואס איז פאר-בונדן מיט י"ג ניסן, און מיט "שבת הגדול", און מיט די ימים שבינתיים, און די ימים שלאח"ז - אז דערפון דארף זיין א הוראה אין עבודת האדם:

מ'האט דערמאנט פריער (ס"ב) אז י"ג ניסן איז אין די ד' ימי הביקור, וואס דער תכלית פון דעם ביקור איז, אז גלייך ווי עס ענדיקט זיך דער טאג פון י"ג ניסן, און עס קומט דער טאג פון י"ד ניסן, זאל זיין (די צוגרייטונג און דערנאך) די הקרבה פון קרבן פסח.

וכמדובר כמ"פ אז דער ענין הקרבנות, כולל אויך קרבן פסח. איז דא ברוחניות הענינים בכל מקום ובכל זמן. אפי' אין חו"ל, און אפי' לאחרי שחרב ביהמ"ק.

און אין דערויף קומט צו דער כללות הענין פון פסח - דער ענין הגאולה, וואס נוסף לזה וואס דער גאנצער חודש איז א "חודש של גאולה", קומט נאך צו אין ד' ימי הביקור די הכנה קרובה צו דער גאולה בפועל, וואס איז געווען בחמשה עשר בניסן,

און דעמולט איז די הכנה צו הקרבה קרבן פסח, וואס ער ווערט אנגערופן "פסח" "על שם הדילוג"[17] - אין דערויף באשטייט דער ענין הגאולה ברוחניות הענינים, ווארום דער פנימיות און נשמה פון יצי"מ איז דער ענין הדילוג, ארויס-שפרינגען פון אלע מדידות והגבלות (ניט אז מ'גייט ארויס פון מצרים, נאר מ'שפרינגט ארויס פון מצרים, פון מיצרים וגבולים), כמבואר אין לקו"ת[18] דער ענין פון "מדלג על ההרים מקפץ על הגבעות"[19], אז "דילוג ברגל א' וקפיצה בב' רגלים" וכו'.

וואס דאס איז כללות העבודה פון ימי הפסח, אז מ'זאל ארויסשפרינגען פון אלע מדידות והגבלות. און דערצו דארף מען האבן די הכנה אין די ימים שלפני חג הפסח.

ד. עס איז דא א מעלה מיוחדת אין עבודת ההכנה - וויבאלד אז אין דערויף זעט זיך אן דער אויפטו פון עבודה האדם.

והביאור בזה:

- דער -

---

16) קידושין בסופה. 17) פרש"י עה"פ בא שם, יא. וראה גם פרש"י עה"פ שם. יג. 18) שה"ש טו, סע"ב ואילך. 19) שה"ש ב. ח.



הנחה הת' בלתי מוגה

דער אויפטו פון עבודה האדם זעט זיך אן ווען ער טוט אן ענין וואס היינגט אפ אין אים, אן ענין של רשות וכיו"ב.

ולדוגמא: ווען מ'דארף קובע זיין ווען וועט זיין ר"ח ניסן, וואס דאס איז אן ענין וואס איז תלוי אין אידן, ווארום אידן קענען דאס קובע זיין מיט א טאג פריער אדער שפעטער, מיט צוויי טעג פריער אדער שפעטער, דאס איז אן ענין וואס היינגט אפ אין אידן[20] - איז אין דערויף זעט זיך אן דער אויפטו פון עבודת האדם;

אבער נאך דערויף וואס מ'האט שוין קובע געווען דעם טאג פון ר"ח, האבן שוין אידן אפגעטאן זייער'ס, און ווען עס קומט דער טאג פון י"ג ניסן, י"ד ניסן און ט"ו ניסן, איז דאס שוין ניט תלוי אין אידן; דאס איז שוין פארבונדן מיטן מהלך השמש והירח, וואס "חקות שמים וארץ"[21] זיינען אין אן אופן פון "לא ישבותו"[22].

ועד"ז איז אויך פארשטאנדיק, בנוגע צו הקרבה קרבן פסח, מיט די הכנה לזה - דער ענין הביקור:

ווען עס רעדט זיך וועגן הקרבת קרבן פסח, איז וויבאלד אז דאס איז א ציווי פון דעם אויבערשטן, זעט זיך ניט אן אין דערויף אויך אזוי פיל דער אויפטו פון עבודת האדם, ווארום דער טבע פון א אידן העלפט אים ארויס מקיים זיין דעם רצון הבורא, כפס"ד הרמב"ם[23] אז יעדער איד, אין וועלכן מעמד ומצב ער זאל נאר זיין, וויל ער בטבעו מקיים זיין רצון הקב"ה.

ווען עס רעדט זיך אבער וועגן דעם ענין פון ביקור - אין פסח דורות, וואס דעמולט איז ניטא קיין ציווי אז מ'זאל נעמען דעם פסח ד' ימים קודם ההקרבה,

[ניט ווי אין פסח מצרים, וואס דעמולט איז געווען א ציווי מיוחד אז ד' ימים קודם הקרבת הפסח דארף ער שוין נעמען דעם פסח לרשותו, און מבקר זיין אים בכל יום (מיט אלע חילוקים צווישן פסח מצרים מיט פסח דורות)[12]],

איז בשעה ער טוט אן ענין אויף וועלכן ער איז ניט מצווה, אן ענין של רשות וכיו"ב, איז אין דערויף מודגש דער "קב שלו"[24], זיין פעולה און אויפטו, נאכמער ווי דאס איז אין עשית הפסח (הקרבת הפסח, און דערנאך אכילת הפסח).

בנוגע צו קיום המצוה, מיט אלע גילויים וועלכע זיינען

- דערמיט -

------------

20) ראה פסיקתא דר"כ פ"ה (פרשת החודש). שמו"ר שם, ב. ר"ה כה, א. ועוד. 21) ל' הכתוב - ירמי' לג, כה. 22) נח ח, כב. 23) הל' גירושין ספ"ב. 24) ראה ב"מ לח, א.

דערמיט פארבונדן - איז דאס דוקא בשעת הקרבת הפסח (וואס דעמולט איז דא דער ענין פון אמידה הלל[25], מיט אלע עניינים וואס באווייזן אויף עניינים של ברכה, המשכה וגילוי[26]), און דערנאך בשעת אכילת הפסח (וואס דעמולט מאכט מען די ברכה וכו׳) - משא"כ אין די ד׳ ימי הביקור;

אבער בנוגע צו "פעולתו אשר עבד בה" - זעט זיך דאס אן מער אין דעם ענין פון "קדש עצמך במותר לך"[27], אין עניני הרשות וביו"ב[28].

און אין ד׳ ימי הביקור גופא, איז דא א מעלה אין י"ג ניסן לגבי די פריערדיקע ימי הביקור:

יכי הביקור הויבן זיך אן פון "עשור לחודש", וואס דעמולט דארף זיין דער "משכו וקחו"[29], און בכל יום פון ימי הביקור שלאח"ז, קומט צו אין זיין פעולה דער ענין פון "מעלין בקודש"[30],

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען עס קומט צו י"ג ניסן (ערב פון י"ד ניסן, וואס דעמולט איז מען מקריב דעם פסח), קומט צו אין זיין פעולה מערער ווי דאס איז געווען בי׳ ניסן, בי"א ניסן, און בי"ב ניסן.

ה. בנוגע לענינגו - דער יום ההסתלקות פון א נשיא הדור, איז וויבאלד אז "קדושה לא זזה ממקומה"[31], איז פארשטאנדיק, אז "פעולתו אשר עבד בה" (אלע עניינים וואס ער האט אויפגע-טאן) איז אין אן אופן אז דאס איז ניט זז ממקומו, דאס איז קיים בתקפו עד היום הזה, און אויך על כל הזמנים שלאח"ז.

און דערצו קומט אויך די הוספה אין י"ג ניסן, וואס דעמולט איז דא דער ענין פון "והימים האלה נזכרים ונעשים" - אז "כל עמל האדם שעמלה נפשו בחייו למעלה . . מתגלה ומאיר בבחי׳ גילוי מלמעלה למטה", ד.ה. אז ווי דאס שטייט למעלה אין דעם שורש ומקור, ווערט דאס נמשך ונתגלה למטה מטה,

ביז (ווי ער זאגט אין דער אגה"ק) אז "פועל ישועות בקרב הארץ לכפר על עון הדור אף גם על הזדונות", בדוגמת הענין פון פרה אדומה [וואס "חטאה קריי׳ רחמנא"[32], און זי איז "נעשה בחוץ"[33] דוקא, ניט ווי שאר הקרבנות וואס זיינען

- [בפנים] -

---

25) פסחים סד, א במשנה. 26) ראה לקו"ת צו יד, ד. 27) יבמות כ, א. 28) לשליכות הענין - ראה שיחה אחש"פ סכ"ה. 29) בא שם, כא. 30) ברכות כח, א. וש"נ. 31) ראה ע"ח ש"ד פ"ג. של"ד פ"ג. של"ה פ"א. אגה"ק ביאור לסי׳ ז"ך. 32) ע"ז כג, ב. 33) יומא סה, א. ספרי ופרש"י עה"פ חקה יט, ג. רמב"ם הל׳ פרה אדומה רפ"ג.

בפנים] וואס איז מכפר אפי' אויף אזא טומאה וואס דערפון איז "נתכרכמו פניו" פון משה רבינו (הכמה דקדושה), און ער האט געפרעגט "בכה ההא מהרתו"[34].

ו. כמדובר כמ"פ אז "המעשה הוא העיקר"[35] - איז דערפון דא א הוראה אין עבודת האדם לבוראו:

ווען א איד זעט אין וועלט אן ענין וואס לכאו' איז דאס אן ענין פון "זדונות", און נאכמער: עס קען גאר זיין אז ע"פ "תורת אמת" איז דאס טאקע אן ענין פון "זדונות" -

זאגט מען דעם אידן אז מ'גיט אים אפ די בעל-הבית'שקייט אויף דער גאנצער וועלט (וויבאלד אז "בשבילי נברא העולם"), אז דורך דערויף וואס זיין עבודה איז בדוגמת און מעין פון דעם ענין פון פרה אדומה (דער אפר הפרה, מיטן "מים חיים אל כלי"[36], מיט אלע פרטים שבזה - ווי דאס איז אין עבודה האדם), וועט ער אויפטאן דעם ענין פון כפרה אויך אויף די "זדונות".

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון יום הסתלקותם של צדיקים, וואס דאס איז דאך בדוגמת הענין פון "אסתלק יקרא דקוב"ה בכולהו עלמין"[37], ווי ס'איז מבואר אין המשך ההילולא[38] אז דאס איז ניט קיין ענין של סילוק כפשוטו ח"ו, נאר ס'איז אזא גילוי וואס ווערט אנגערופן בשם "אסתלק",

און ווי ס'איז מבואר אין אגה"ק הנ"ל, אז אלע ענינים ווי זיי שטייען אין שורש ומקור, ווערן דעמולט נתגלה דא למטה, כמבואר בארוכה אין סידור אין די דרושים פון ל"ג בעומר[39], ביז וואנעט אז דאס איז "פועל ישועות בקרב הארץ", אז אפי' אין "קרב הארץ", וואס דאס איז דאך הכליה השפלות (אין "ארץ" גופא איז דאס "בקרב הארץ"), דער ענין פון "זדונות" ממש (ע"פ "תורת אמת"), טוט דאס אויף דעם ענין פון "ישועות", אז עס ווערט נהפך צו "זכיות".

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון "פסח", וואס ענינו איז - דילוג וקפיצה, אין אן אופן פון "מדלג על ההרים מקפץ על הגבעות", ס'איז נאכמער (כביכול) פון פעולת האבות והאמהות ("הרים" און "גבעות")[40], וואדום איצטער האלט מען דאך לאחרי מ"ת, ובמכש"כ וק"ו אז מ'האלט שוין לאחרי ההכנה לזה - וואס מ'זאגט דאך[41] אז "לא הי' צריך להתחיל את

- התורה -

------------

34) במדב"ר פי"ט, ד. תנחומא חקה ו (בסופו). 35) אבות פ"א מי"ז. 36) חקת שם, יז. 37) ראה זח"ב קכח, ב. תניא פכ"ז (לד, א). ועוד. 38) ד"ה באתי לגני ה'שי"ת פ"א (סה"מ ה'תש"י ע' 112). וראה תו"א ויקהל פט, ד. 39) דש, רע"ג. 40) ר"ה יא, א. ועוד. 41) פרש"י ר"פ בראשית.

התורה אלא מהחודש הזה לכם", ד.ה. אז אין דער הכנה גופא איז דאס שוין התחלת התורה.

ז. און "התורה היא נצחית"[42] - כולל אויך די הוראה בנוגע לפועל, מהפך זיין די "זדונות" צו דעם ענין פון "זכיות".

און וויבאלד אז "איני מבקש לפי כחי אלא לפי כחן"[43], איז פארשטאנדיק, אז מלכתחלה גיט מען די כחות כדי אז מ'זאל דאס קענען אויפטאן.

ביז אין אן אופן ווי עס ווערט אויפגעטאן אין חודש ניסן, וואס בחודש ניסן איז ניטא דער ענין פון אמירת תחנון[44] - ס'איז דא אמאל וואס אויף צו מהפך זיין דעם ענין פון "זדונות" דארף מען אנקומען צו אמירת "אשמנו" וכו', ווען עס קומט אבער צו חודש ניסן, טוט מען דאס אויף אן אמירה התחנון -

וויבאלד אז ביום השני פון חודש ניסן (ווען "הקריב נתנאל בן צוער"[45]) איז דא דער ענין פון שריפה הפרה[46].

ח. און דערנאך ווען עס קומט דער טאג פון י"ג ניסן, ווערט דער גילוי פון ענין ההסתלקות, בדוגמת הענין פון "אסתלק יקרא דקוב"ה בכולהו עלמין", און דער גילוי קומט אראפ למטה מטה, ביז "בקרב הארץ", און אין אן אופן פון "פועל ישועה בקרב הארץ", אז אין "קרב הארץ" ווערט אויפ-געטאן דער ענין פון "נס גדול".

און דאס קומט אראפ לכל ההולכים באורחותיו ולכל ההולכים בדרכיו. און צו די אלע ביט וועלכע זיי קומען אין פארבינדונג און זיינען זיך משהדל בשפיע זיין אויף זיי - אז זיי האבן אויך בכח צו אויפטאן דעם ענין, אז בשעה עס זעט זיך אן אין ווערט אן ענין וואס עס ווייזט זיך אויס אז דאס איז "זדונות", היפך רצון הבורא לגמרי, ביז וואנעט אז "הורת אמה" זאגט אז דאס איז היפך הרצון, איז "בשעתא חדא ביומא חדא וברגעא חדא"[47] טוט ער אויף דעם "כיד הן נגאלין"[48], אז ער איז גואל דעם ניצוץ קדושה וואס איז דא אין דערויף,

ביז וואנעט אז ער טוט אויף אין דעם ניצוץ קדושה אן ענין של הירות אכיתיה; אין אן אופן פון "כאפילה לאור

- גדול" -

---

42) הניא רפי"ז. 43) במדב"ר פי"ב, ג. 44) סידור אדה"ז לפני "ובא לציון". טושו"ע (ואדה"ז) שם סתכ"ט ס"ב (ס"ח). 45) נשא ז, יח. 46) פרש"י ד"ה ופרעת - גיטין ס, ריש ע"ב. פרש"י עה"פ נשא שם, א. 47) זח"א קכט, רע"א. 48) רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ה.

גדול"[49] (ע"ד הענין פון "נס גדול"), ועד"ז אויך בנוגע צו דעם אידן מיט וועלכן ער האט צוטאן, אז ער איז אים מהפך און נעמט אים ארויס "מאפילה לאור גדול".

מ'דארף נאר האבן זיין החלטה צו טאן אין דערויף, און זיין פעולה בזה (בדוגמת "פעולתו אשר עבד בה"), וואס דעמולט וועדט גלייך דער ענין אז "הקב"ה עוזרו"[50], און דער ענין טוט זיך אויף אין אן אופן פון "מיד".

ט. און וויבאלד אז י"ג ניסן איז פון די ימי הביקור - פועל'ט מען אויפן אידן מיט וועלכן ער האט צוטאן, אז דער איד איז זיך מבקר פון אלע ענינים בלתי רצויים, און ער איז עומד הכן כולו בשלימותו אויף מקבל זיין די אלע ברכות (כלשון הידוע פון נשיא דורנו[51]).

און ווען עס קומט דער גמר פון י"ג ניסן, וואס דעמולט שטייט ער שוין בשלימותו, קומט ער גלייך צו י"ד ניסן, אנהויבנדיק פון "אור לארבעה עשר", וואס דעמולט "בודקין את החמץ לאור הנר"[52], דער "נר ה' נשמת אדם"[53], וויבאלד אז דער "נר ה' נשמת אדם" איז שוין ביי אים בשלימות.

און נאך דעם ענין פון בדיקת חמץ קומט דער ענין פון ביעור חמץ, און דערנאך קומט עד צו דער ערב פסח'דיקע "שמורה", און דערנאך קומט ער צום "ליל שימורים", ביז צו דער מצה וואס דארף גאר ניט האבן קיין ענין של שימור[54], דערפאר וואס "נגלה עליהם מלך מלכי המלכים", אין אן אופן פון "בכבודו ובעצמו".

און נאך פאר דערויף ווערט אויפגעטאן די גאולה בפשטות, ובדרך ממילא וועדט דער "ונאכל שם מן הזבחים ומן הפסחים"[55], אין אה"ק, און אין ירושלים עיה"ק, צוזאמען מיט אלע ענינים בשלימותם,

און טאן דאס צוזאמען מיט אלע אידן, ווי גערעדט פריער[56] בארוכה, אז דער אויפטו פון קרבן פסח איז, אז מ'קען ניט יוצא זיין דורך א שליח, נאר מ'דארף אליין זיין דעדביי (און אליין עסן פון דעם קרבן פסח), ביז וואנעט אז דערצו

- זיינען -

------------

49) הגש"פ מפסחים קטז, ב במשנה. 50) קידושין ל, ב. ודאה גם סוכה נב, ריש ע"ב. 51) בםכתבו מיום א' כ"ו אד"ד, תרח"ץ (נדפס בקונטרס לו בתחלתו (סה"מ קונטרסים ח"ב שצז, ב)). 52) ריש מס' פסחים. 53) משלי כ, כז. ודאה ד"ה אור לארבעה עשר ה'ש"ת (סה"מ ה'ש"ת ע' 37 ואילך). ועוד. 54) דאה לקו"ת צו יב, ב. 55) ברכת "אשר גאלנו" מפסחים קטז, ב במשנה. 56) שיחת מוצאי ש"פ צו סל"ט ואילך.

זיינען שייך אפי׳ "בנו ובתו הקטנים", און אפי׳ "עבדו ושפחתו הכנענים"[57], עאכו"כ די וועלכע זיינען נענטער צו אים בדרגתם - וואס איצטער איז דאך אכילת המצה בדוגמת אכילת הפסח[58].

י. און טאן די אלע ענינים אין אן אופן פון "מלכתחילה אריבער", וואס דאס איז ענינו פון דעם רבי׳ן מהר"ש[59],

וכידוע דער פתגם פון חסידים בנוגע צום רבי׳ן מהר"ש מיטן צ"צ, אז י"ג ניסן (דער יום ההילולא פון צ"צ) און י"ג תשרי (דער יום ההילולא פון דעם רבי׳ן מהר"ש), זיינען אין אן אופן פון "אחד באחד יגשו ורוח לא יבוא ביניהם"[60].

טוט מען די אלע ענינים אין אן אופן פון "מלכתחילה אריבער", און מ׳האט א פריילעכע א געזונטע און א הצלחה׳דיקע הכנה אויף פסח,

ביז צו "ונאכל שם מן הזבחים ומן הפסחים", אין ביהמ"ק השלישי שיבנה ע"י משיח צדקנו, וואס יוליכנו קוממיות לארצנו, אויף צו פראוועז דארטן דעם קרבן פסח, בשמחה ובטוב לבב.

* * *

יא. די אלע ענינים וועגן וועלכע מ׳האט גערעדט פריער, זיינען דאך אלץ פרטים וועלכע זיינען פארבונדן מיט כללות הענין פון יציאת מצרים.

וואס בנוגע צו דעם ענין פון יצי"מ, שטייט אין חינוך אז דאס איז א "יסוד גדול ועמוד חזק בהורתינו ובאמונהינו"[61] (ווי געבראכט אין דעם בריוו[62], און גערעדט בארוכה אין דער פריערדיקער התוועדות[63]).

און ווי מ׳זעט אז יעדער ענין שבהורה איז פארבונדן מיט דעם ענין פון יצי"מ, ווי עס ווערט אראפגעבראכט אין פוסקים[64] אז אלע מצוות זיינען פארבונדן מיט "זכר ליציאת מצרים",

אנהויבנדיק פון שבת, וואס סיי בא קידוש, און סיי ביים דאווענען, זאגט מען אז דאס איז "זכר ליציאת מצרים".

און ווי מ׳פרעגט די שאלה אין מאמרי חסידות[65]: היתכן

- אז -

------------

57) פסחים פח, א. 58) טושו"ע (ואדה"ז) שם סהע"ז כ"א (ס"ג). 59) ראה לקו"ש ח"א ע׳ 124. חי"ב ע׳ 186. ועוד. 60) איוב מא, ח. 61) חינוך מצוה כא. 62) דעש"ק, שבת הגדול ש.ז. 63) שיחה הנ"ל ס"ה. 64) ראה חינוך שם. 65) אוה"ת וארא ס"ע קעא ואילך.

אז שבת דארף אנקומען צו דעם ענין פון יצי"מ - שבת איז דאך פארבונדן דערמיט וואס "ששת ימים עשה ה׳ את השמים ואת הארץ וביום השביעי שבת וינפש"[66]?

ואדרבה: בנוגע צו שבת געפינט מען דאך אז דעמולט איז גאר ניט געווען דער ענין פון שעבוד מצרים[67],

וואס דערצו האט מען ניט געדארפט אנקומען צו די אלע עצות וואס מ׳האט געדארפט האבן אז פרעה זאל מודה זיין אז "ה׳ הצדיק ואני ועמי הרשעים"[68], ביז צו "והוצאתי אתכם מתחת סבלות מצרים", און "והצלתי גו׳ וגאלתי גו׳ ולקחתי גו׳"[69] - נאך פאר דערויף האט פרעה מסכים געווען אויף דעם ענין פון שמירה שבה, ע"פ הצעת משה אז בשבת זאלן אידן באפרייט ווערן פון סבלות מצרים,

וואס דער ענין איז געווען בהסכמת פרעה (מ׳האט אים ניט מכריח געווען ער זאל דאס טאן) - ד.ה. אז ווי די וועלט איז געשטאנען קודם מ"ת, ווען ס׳איז נאך געווען די גזירה אז "עליונים לא ירדו לתחתונים כו׳"[70], איז געווען דער הסכם פון פרעה (החתון שאין למטה ממנו) אויף דעם ענין פון שמירת שבת.

ובדוגמת הפתגם הידוע פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[71], אז די נשמה איז מלכתחילה ניט געגאנגען אין גלות - וואס עד"ז איז בנוגע צו שבת ניט געווען דער ענין פון שעבוד מצרים.

אבער אעפ"כ זעט מען, אז בנוגע צו שבת זאגט מען "זכר ליציאת מצרים", ועד"ז איז דאס אויך בנוגע צו אלע ענינים שבתורה.

יב. דער גודל הענין פון יצי"מ - איז אויך מודגש אין גאנץ קאפיטל ע"ה פון תהלים, וואס דארטן זעט מען א דבר פלא:

דער כזכור הויבט זיך אן מיט "האזינה עמי תורתי גו׳", ד.ה. אז דאס איז אן ענין כללי אין תורה, און ווי ער איז מדגיש כמ"פ אין דעם מזמור דעם הכרח הענין פון לימוד התורה וקיום מצוותי׳ - "ויקם עדות ביעקב ותורה שם בישראל"[72], וואס "עדוה" איז דער ענין פון מצוות, כמבואר בכמה דרושים[73],

- כולל -

------------

66) תשא לא, יז. 67) שמו"ר פ"א, כח. 68) וארא ט, כז.
69) שם ו. ו. 70) שמו"ר פי"ב, ג. תנחומא וארא טו.
71) סה"מ קונטרסים ח"א קעה, ב. לקו"ד כרך ד תרצב, א.
72) שם, ה. 73) ראה בארוכה ד"ה ויקם עדות ה׳ש"ת (סה"מ ה׳ש"ת ע׳ 51 ואילך). ועוד.

כולל אויך שלילת ההנהגה ההפכית, ווי ער איז מאריך בזה אין כו"כ פסוקים, און אפי' די שלילה פון "ויכנסו"[74].

און ער זאגט אויף דערויף "אפתחה במשל פי גו'"[75], און אין וואס באשטייט דער "משל" – אז מ'זאל וויסן "נפלאותיו אשר עשה"[76], אז "נגד אבותם עשה פלא בארץ מצרים"[77], און "אשר שם במצרים אותותיו גו'"[78], און ווי ער איז מאריך אין די נסים ונפלאות וואס זיינען געווען אין מצרים, ביז מיט פרטים און פרטי פרטים.

ביז וואנעט אז בשעת רבי אליעזר און רבי עקיבא דאדפן אפלערנען וויפל מכות עס זיינען געווען אין מצרים און על הים, צי "מאתים מכות". אדער "חמשים ומאתים מכות"[79] – לערנט מען דאס אפ פון א פסוק אין דעם מזמור[80].

ד.ה. אז פון דעם פסוק לערנט מען אפ בנוגע צו כללות ענין הנפלאות וואס זיינען געווען אין מצרים – וואס כללותם זיינען די "עשרה נסים נעשו לאבותינו במצרים"[81] וואס די נסים זיינען באשטאנען אין דעם ענין פון "והפלה ה' בין גו' ישראל ובין גו' מצרים"[82], און אין דערויף גופא לערנט מען נאך פרטים און פרטי פרטים, און מ'איז זיי מגלה בדיבור און דערנאך אויך בכתב.

ביז אז דער לימוד וואס מ'לערנט אפ פון דעם פסוק בנוגע צו מספר המכות וואס זיינען געווען אין מצרים, איז געווארן א חלק פון אמירת ההגדה בדורותנו אלו, אין אן אופן פון חוק ולא יעבור,

כמבואר אין ראשונים[83] אז בנוגע צום נוסח ההגדה זיינען געווען חילוקי מנהגים, און עס זיינען געווען דורות און מקומות אין וועלכע מ'האט ניט געזאגט די פיסקאות (אע"פ אז דער ענין איז בקיומו ובתקפו, ווארום דאס האבן געזאגט ר"א און ר"ע, צוזאמען מיטן ביאור בזה ע"י האמוראים, וואס די תנאים ואמוראים זיינען דאך געווען "זרועות וירכין דקדושה");

אבער לאחרי זמן איז נתפשט געווארן בכל הפוצות ישראל, אז אין דער הגדה זאל מען אויך זאגן די פיסקאות וועלכע זיינען מבאר בפרטיות וויפל מכות עס זיינען געווען אין מצרים,

- און -

------------

74) תהלים שם, נו. 75) שם, ב. 76) שם, ד. 77) שם, יב. 78) שם, מג. 79) מכילתא עה"פ בשלח יד, לא. 80) שם, מט. 81) אבות פ"ה מ"ד. 82) וארא ט, ד. 83) ראה הגש"פ עם לקוטי טעמים פיסקא ר"י הגלילי (בהוצאות תשל"ג, תשל"ו, תשל"ט – ע' כו). וש"נ.

און אין אן אופן אז דאס זאל אנקומען און דורכנעמען אפי' די הינוקות, וואס זיי פרעגן "מה נשתנה", און מ'ענטפערט זיי דעם גאנצן נוסח ההגדה, כולל אויך דעם פרט פון מספר המכות, אע"פ אז דאס איז ניט קיין ענין וואס שטייט אין תושב"כ (אדער אין פרש"י אויף הושב"כ), און ס'איז ניט קיין דין מפורש אין שו"ע (דער דין איז נאר אז עס דארף זיין סיפור יציאת מצרים).

וואס דערפון זעט מען, אז פון תהלים (וואס דאס איז א חלק פון תושב"כ) איז אויך דא א הכרח אויף דערויף וואס יצי"מ איז א "יסוד גדול ועמוד חזק בתורתינו ובאמונתינו", ביז אז דאס איז פארבונדן מיט כללות הענין פון "האזינה עמי תורתי".

יג. און עד כדי כך איז נוגע דער ענין פון יצי"מ, ביז אז אין דערויף איז תלוי די גאולה האמיתית והשלימה - וויבאלד אז די גאולה איז תלוי אין מעשינו ועבודתנו במשך זמן הגלות[84], און דער ענין פון יצי"מ איז אן ענין עיקרי אין עבודת האדם.

וואס אין זמן הגלוה דארף זיין דער ענין פון "אזכרה מקדם פלאך"[85], ווארום דעמולט געפינט מען זיך אין א מעמד ומצב של עיבור, וואס "אותותינו לא ראינו גו'"[86], מיט אלע פרטים שבזה, ווי דער אלטער רבי איז מבאר[87] פארוואס ווערט דער גלות אנגערופן בשם עיבור -

אבער אעפ"כ, מצד דערויף וואס אידן זיינען "עם קרובו"[88] (ווי ער ברענגט אין די דרושים הנ"ל[89]), האט זיי דער אויבערשטער געגעבן דעם כח, אז זייער עבודה אין זמן הגלות זאל מכריח זיין (כביכול) אז ס'זאל זיין "אותותינו ראינו", ביז צו דעם ענין פון "מיד הן נגאלין" (ניט נאר אז עס וועט אמאל זיין דער ענין הגאולה, נאר אין אן אופן פון "מיד").

ביז אז ס'וועט זיין "ודוד עבדי נשיא להם לעולם"[90] (אדער ווי עס שטייט אין דעם צווייטן פסוק[91] "מלך עליהם") -

וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס ס'שטייט אין דעם מזמור[92] "ויבחר בדוד עבדו ויקחהו ממכלאות צאן", ווי ער טייטשט אפ אין מדרש[93] אז מ'האט אים אויסגעפרואווט דערמיט וואס כ'וועט זעהן זיין יחס צו צאן, און דערזעהנדיק

- אז -

------------

84) ראה תניא רפל"ז. 85) תהלים עז, יב. 86) שם עד, ט.
87) תו"א וארא נה, א ואילך. 88) תהלים קמח, יד.
89) הו"א שם, ג. 90) יחזקאל לז, כה. 91) שם, כד.
92) תהלים עח, ע. 93) שמו"ר פ"ב, ב-ג.

אז ביי אים איז דא א יחס של רחמנות, איז "הביאו לרעות ביעקב עמו"[94],

בדוגמא ווי ס'איז געווען בא משה רבינו[95], וואס ער איז דער "גואל ראשון" - איז אזוי אויך בנוגע צו דוד, וואס "דוד עבדי נשיא (אדער "מלך") להם לעולם".

און ווי ער איז מסיים אין דעם מזמור[96] אז דאס ווערט אין אן אופן פון "לעולם", וואס "עולם" באווייזט אויף דעם ענין הנצחיות.

יד. דער מזמור אין תהלים, איז דאך געזאגט געווארן דורך דוד, וואס ער איז "נעים זמירות ישראל"[97], ד.ה. אז דוד המלך האט געזאגט די "זמירות" בשם כל ישראל[98], כל אחד ואחת מבנ"י,

און ווי מ'האט געזעהן בדורות שלפננו, און אויך בדורנו זה, אז עס זיינען דא כו"כ נשים וואס זיינען מצטיינות אין אמירת תהלים,

וכידוע דער סיפור וואס איז געווען מיטן בעל ההילולא, דער צ"צ, אז בשעת מ'האט גערעדט וועגן די אמירת תהלים פון זיין רביצין (זיין פרוי) ניט מיט דעם יחס לויט ווי ביי אים איז אויסגעקומען - האט ער געזאגט, אז איר זאגן תהלים האט אים ארויסגענומען פון פעטערבורג,

- כידוע דער סיפור פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו אין דעם קונטרס הידוע בנוגע צום צ"צ און תנועת ההשכלה, אז דאס וואס ער איז געווען דארטן איז געווען פארבונדן מיטן חינוך פון בני ובנות ישראל, מיט אלע ענינים וואס זיינען דארטן געווען - האט דער צ"צ געזאגט אז איר אמירת ההלים האט אים ארויסגענומען פון פעטערבורג.

און ווי מ'זעט בפועל ביי אנשים פשוטים, אז אמירת ההלים דערנעמט זיי נאכמער ווי דער ענין התפלה, ביז אז דאס דערנעמט די פנימיות און די נקודת היהדות שבו.

וכידוע אויך די סיפורים פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, בנוגע צו אמירת תהלים, וואס כמה מהם זיינען שוין געדרוקט אין דעם קובץ מכתבים וואס איז געדרוקט געווארן צוזאמען מיטן ההלים.

טו. די הוראה דערפון בנוגע לפועל:

עס זיינען דא אזוינע אידן, וואס ווען עס קומט צו דעם

- ענין -

-------------

94) תהלים שם, עא. 95) שמו"ר שם. 96) שם, סט.
97) ש"ב כג, א. 98) ראה לקו"ש ח"ז ע' 213. ועוד.

הנחת הת' בלתי מוגה

ענין פון אמירת תהלים, קוקן זיי אויף דערויף אז דאס איז אן עבודה וואס איז ניט שייך צו די וואס זיינען שייך צו לימוד התורה, ביז צום לימוד פון "נגעים ואהלות" - דארפן זיי וויסן דעם גודל הענין פון אמירת תהלים.

ובפרט לויט ווי עס ברענגט זיך אראפ אין מדרש תהלים (ווי עס ווערט אויך אנגערופן "מדרש שוחר טוב") בהתחלתו, אויפן פסוק[99] "יהיו לרצון אמרי פי" - אז דוד המלך האט געבעטן (און האט אויסגעבעטן - ווארום "תפלה עושה"[100], ובפרט תפלת דוד) אז דער ענין פון אמירת תהלים, תהלות ותשבחות, זאל אויפטאן דעם זעלבן ענין וואס עס טוט אויף דער לימוד פון דעם טיפסטן ענין אין תורה - "נגעים ואהלות".

וואס דאס איז מוסיף עידוד אין קיום תקנת כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו בנוגע צו אמירת תהלים - אמירה ההלים בכל יום לויט ווי עס ווערט פאנאנדערגעטיילט לימי החודש, און אויך דער קאפיטל תהלים וואס איז פארבונדן מיטן יום ההולדת, און דערנאך אויך דער ענין פון אמירת תהלים בשופי מזמן לזמן, כידוע כמה סיפורים בזה[101].

טז. און די נקודה הפנימית שבזה איז - דער קירוב און אהבת ישראל צו די אידן וואס מ'רופט זיי אן בשם תהלים-אידן, דערפאר וואס דערווייל זיינען זיי נאך ניט צוגעקומען צו דעם ענין פון לימוד התורה, און זיי ווייסן נאך ניט וועגן דעם ענין פון קיום המצוות בהידור, נאר זיי זיינען שייך צו אמירת תהלים.

און מ'זעט בפועל אז בשעת מ'קומט צוגיין צו אזא אידן מיט א פסוק פון תהלים - ווערט דאס אין אן אופן פון "אפתחה במשל פי אביעה חידות מני קדם", אז ער זאל צוקוקן צו דעם ענין פון "ויקם עדות ביעקב והורה שם בישראל" - כללות הענין פון קיום התומ"צ.

וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דעם ענין פון תהלים - כמדובר כבר"פ[102] אז אין תהלים זיינען דא צוויי ענינים: תהלים איז אן ענין פון "תהלות ותשבחות", און תהלים איז אויך אן ענין פון תורה - איינער פון די כ"ד ספרים פון תושב"כ.

בקשת דוד אז דער ענין פון אמירת תהלים זאל זיין אזוי ווי "נגעים ואהלות", איז נאר בנוגע צו דעם ענין השכר

- (אז -

---

99) תהלים יט, טו. 100) ויק"ר פ"י, ה. 101) דאה קובץ מכתבים לתהלים (אהלי י"י) ע' 200-201. 102) לקו"ש חגה"ש תשל"ח סי"א קרוב לסופו.

(אז דער שכר אויף אמירת תהלים זאל זיין אזוי ווי דער שכר וואס מ'באקומט אויפן שווערסטן ענין אין תורה - "נגעים ואהלות"); אבער בנוגע צום עצם הענין פון תהלים, איז תהלים איינער פון די כ"ד ספרים פון תושב"כ - אן ענין פון תורה.

און ס'איז ניט דער פשט אז אין תהלים זיינען דא פסוקים פון וועלכע מ'לערנט אפ עניני אין תורה (בדוגמא ווי געבראכט פריער די פיסקא אין הגדה וועלכע מ'לערנט אפ פון א פסוק אין מזמור ע"ח), און ס'זיינען דא פסוקים וואס עניינם איז תהלות ותשבחות - נאר יעדער פסוק פון תהלים האט אין זיך ביידע ענינים: אן ענין פון תהלות ותשבחות, און אן ענין פון תורה.

ד.ה. אז דער אויפטו פון תהלים איז - אז דארטן ווערן די ענינים פון תהלוה והשבחות מיט תורה - איין זאך, ביז אז מ'קען ניט פאנאנדערטיילן צווישן זיי.

וכידוע דער כלל וואס חסידות איז מדגיש בכ"מ[103], אז אויף צו מאחד זיין צוויי ענינים, און מאכן פון זיי איין זאך - דארף מען האבן אן ענין וואס איז העכער פון ביידן, וואס דוקא ער קען זיי מאחד זיין.

יז. דער כללות הענין פון תהלים איז פארבונדן מיט דעם ענין פון יציאת מצרים:

די גמרא[104] דערציילט אז "כנור הי' תלוי למעלה ממטתו של דוד וכיון שהגיע חצות לילה בא רוח צפונית ונושבת בו ומנגן מאליו מיד הי' עומד כו'", און דאס האט אים מעורר געווען אז ס'זאל זיין דער ענין פון "חצות לילה אקום להודות לך"[105] - ער זאל זאגן תהלים.

וואס דא איז ניט געווען קיין ענין פון אתעדל"ת (וואס דעמולט קען מען באטראכטן צי דאס איז בשלימות און בהידור וכו'), נאר ס'איז אן ענין פון "רוח צפונית מנשבת כו'", און דאס רירט אן דעם כינור, און דורך דעם רירט דאס אן דוד'ן אז ביי אים זאל זיין דער ענין פון "חצות לילה אקום להודות לך" - דער ענין פון אמירת תהלים.

און די גמרא פארבינדט דעם "חצות לילה אקום להודות לך", מיט דעם "חצות לילה" אויף וועלכן משה רבינו האט געזאגט "כה אמר ה' כחצות הלילה אני יוצא בתוך מצרים"[106].

און ווי דער בעל ההילולא איז מבאר בארוכה דעם ענין

- פון -

---

103) ראה אגה"ק רסי"ב. ובכ"מ. 104) ברכות ג, ב. 105) תהלים קיט. סב. 106) בא יא, ד.

פון "חצות לילה", אין אוה"ת[107] אין די דרושים אויפן פסוק[108] "ויחלק עליהם לילה" וואס איז געווען ביים ערשטן אידן, אברהם אבינו - און עד פארבינדט דאס מיטן "חצות לילה" פון יצי"מ, און מיטן "חצות לילה אקום להודות לך", און מיטן "חצות לילה" פון כל הדורות כולם.

וואס די נקודה הכללית פון "חצות לילה" איז - אז דעמולט ווערט דעד "נגוף למצרים ורפוא לישראל"[109] בבת אחת, אין אן אופן אז מ'קען גאר ניט פאנאנדערטיילן צווישן זיי, און דאס ברענגט דעם ענין פון חפזון דשכינה, חפזון דמצרים, ביז צו חפזון דישראל[110].

יח. און דאס ווערט אויפגעטאן דורך דעם וואס מ'טוט די אלע ענינים פון מעשינו ועבודתנו כל משך זמן הגלות אין אן אופן פון "חפזון",

כידוע דעד בדיוו פון דעם רבי'ן נ"ע[111] [וואס זיין יום הילולא איז געווען אין ב' ניסן] אז בזמנים אלו דארף די עבודה ניט זיין אין אן אופן פון סדר, אז מ'זאל ווארטן מיט איין עבודה ביז מ'וועט ענדיקן די צווייטע עבודה וכו', נאר עס דארף זיין "חטוף ואכול חטוף ושתי"[112], אין אן אופן פון "חפזון".

און דאס ווערט אויפגעטאן דורך דערויף וואס מ'טוט די אלע ענינים טובים - אנהויבנדיק פון דעם ענין שהזמן גרמא, דער ענין פון "מבצע פסח", מיט אלע ענינים וואס זיינען דערמיט פארבונדן,

און וויבאלד אז "מצוה גוררת מצוה"[113], און "מבצע גורר מבצע" - איז דאס אויך כולל אלע אנדערע מבצעים: "מבצע אהבת ישראל", "מבצע חינוך", "מבצע תודה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "מבצע בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'", "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע כשרות האכו"ש", און "מבצע טהרת המשפחה".

און דעמולט קומט מען צו "ויבחר בדוד עבדו", און "ודוד עבדי נשיא להם לעולם" - דער "מבצע" פון דעם אויבערשטן, אז "בניסן נגאלו ובניסן עתידין להגאל"[114], ובלשון הרמב"ם[115] "הבטיחה הורה" אז ס'וועט זיין "מיד הן נגאלין" -

---

107) לך לך עג, א. וראה גם אוה"ת בא כרך ז ע' ב'תרלג ואילך. 108) לך לך יד, טו. 109) זח"ב לו, א. 110) ראה ברכות ט, א. מכילתא עה"פ בא יב, יא. שמו"ר פי"ט, ו. ספרי ופרש"י עה"פ ראה טז, ג. 111) נדפס במבוא לקונטרס ומעין ע' 22. 112) עירובין נד, א. 113) אבות פ"ד מ"ב. 114) ר"ה יא, א. 115) הל' תשובה פ"ז ה"ה.

נגאלין", "ונאכל שם מן הזבחים ומן הפסחים", ובעגלא דידן.

* * *

יט. מ'האט געדעדט פריער אז יום ההילולא איז פארבונדן מיט "כל עמל האדם שעמלה נפשו בחייו" - וואס די אלע פעולות וואס ער האט געטאן במשך כל ימי חייו זיינען קיימים אויך איצטער, ווארום מה-דאך אז "דברי צדיקים קיימים לעד", איז עאכו"כ בנוגע צו "פעולתו אשר עבד בה".

און דעדנאך ווען עס קומט דער יום ההילולא, ווערט דער ענין פון "והימים האלה נזכרים ונעשים", אז ווי דאס שטייט אין שודש ומקור ווערט דאס נתגלה און ס'איז מאיר למטה, כמבואר אין די דרושים פון ל"ג בעומר ובכ"מ.

כ. בנוגע צו די פעולות פון דעם צ"צ, זיינען דא כו"כ ענינים - עס איז אבער דא די נקודה הפנימית וועלכע מ'געפינט בכמה ענינים שלו, וואס בכללות איז דאס דער ענין פון ארומנעמען און דורכנעמען יעדער אידן און אלע אידן.

וכידוע די סיפורים פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו בנוגע צו דער תקופה פון דעם צ"צ (דער דוד השלישי), אז דעמולט איז געווארן די אחדות צווישן חסידים מיט די וואס אין די דורות שלפנ"ז (בזמן הבעש"ט, בזמן המגיד, בזמן פון דעם אלטן רבי'ן, און בזמן פון דעם מיטעלן רבי'ן) האבן מנגד געווען צו דעם ענין פון חסידות, וואס דאס האט זיך אויפגעטאן אין דעם דור און אונטער דער הנהגה און נשיאות פון דעם צ"צ.

[מ'מיינט ניט מחלק זיין ח"ו בין הרים גדולים, און מבאר זיין די מעלה וכו' לגבי אנדערע, ועאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן נשיאי ישראל -

ס'איז מערניט וואס אזוי ווי מ'זוכט אין יעדער ענין א הודאה אין דעם ענין פון "לשמש את קוני" - איז דא אן ענין וואס מ'זעט בגלוי אויך בעיני בשר (ביז אז אפי' אנשים כעדכנו, ביז צו א פשוט שבפשוטים ממש, קענען דאס אויך זעהן בעיני בשר), אז אין זמן הנשיאות פון דעם צ"צ, האבן אלע מודה געווען און מבטל געווען זייער התנגדות צו חסידות].

כא. עד"ז זעט מען אויך אויף וויפל דער צ"צ האט זיך מתעסק געווען אין דעם ענין פון חינוך - וואס א טייל פון די פעולות ווערן באשריבן אין דעם קונטרס פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, וואס דארטן ווערט דערציילט ווי דער צ"צ האט זיך כשתדל געווען און גע'פועל'ט בא דער מכשלה אדידה וואס איז געווען בימים ההם במדינה ההיא, אז מ'זאל ניט מאכן קיין ענינים בלהי רצויים בנוגע צו חינוך, נאר ס'זאל זיין באופן הרצוי.

- וואס -

וואס די התעסקות בזה איז געווען פארבונדן מיט מס"נ וכו׳, ביז וואנעס אז כ׳האט געהאט צו אים די טענה, היתכן אז ער שטעלט זיך איין אין סכנה צוליב די אלע ענינים, כידוע די סיפורים פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו וועגן דעם.

וואס די נקודה אין דערויף איז געווען - אז ווען עס קומט צו חינוך פון אידישע קינדער, ווערן בטל די אלע מדידות והגבלות.

און אין דערויף האט מען אויך געזעהן, אז בשעת עס זיינען געווען די אסיפות אין פעטערבורג בנוגע צו דעם ענין החינוך, וואס אין די אסיפות האבן זיך משתתף געווען באי-כח פון כל חוגי בנ"י - איז דער ראש המדברים, און דער וואס האט זיך געשטעלט מיט א מס"נ (ווען מ׳האט געדארפט האבן אן ענין של מס"נ) - איז געווען דער צ"צ, און דערנאך האבן די אנדערע אויך מסכים געווען דערצו, ביז אז דאס איז געווארן אויך זייער מיינונג, ווי עס ווערט דערציילט אין דעם קונטרס הנ"ל.

און אע"פ אז לכאו׳ זיינען געווען אנדערע וועלכע זיינען געווען מקורב למלכות מערער ווי דער צ"צ (וואס דורך זיי האט דער צ"צ טאקע אויסגעפירט זיינע ענינים) - זעט מען אבער אין מהלך הענינים אז דאס איז געווען פארבונדן מיט זיין מס"נ.

כב. וכידוע אויך די פעולות פון דעם צ"צ בנוגע צו די אידן וועלכע האבן זיך געפונען בצבא (וואס דעמולט פלעגט מען כאפן אידישע קינדער בגיל צעיר, פאר בר-מצוה, און מ׳פלעגט זיי אויסלערנען הכסיסי מלחמה וכו׳) - אז ער האט געשיקט שלוחים אין די ערטער וואו מ׳האט זיי פארפירט, און כ׳האט זיי פודה געווען פון דארטן, כידוע די סיפורים בזה ווי עס ווערט דערציילט בכמה רשימות.

וכידוע דער סיפור[116] אז זייענדיק אין פעטערבורג, האט אים די ממשלה געגעבן א רשיון ער זאל זיך טרעפן מיט די אידישע סאלדאטן (וועלכע זיינען געווען אין א מעמד ומצב פון שומרי המלך וביה המלכות) און זאגן פאר זיי א מאמר - וואס דער מאמר האט זיך אנגעהויבן מיט "שמע ישראל ה׳ אלקינו ה׳ אחד", וכידוע דער תוכן המאמר, ווי ס׳איז שוין אפגעדרוקט אין דעם סיום וחותם פון דעם קונטרס.

וואס דאס איז געווען בדוגמת הענין פון "והיו מלכים - אומניך" -

------------

116) קונטרס ה"צמח צדק" ותנועה ה"השכלה" ע׳ 30 ואילך.

אומניך"[117] - אז דער סדר וואס איז געווען אין "מצרים" פון דער מדינה גופא, האט מכריח געווען אז מ'זאל צולאזן און מאשר זיין און געבן א נתינת כח און מסייע זיין אז די סאלדאטן זאלן קענען הערן א מאמר.

וואס אין דערויף זעט מען אז זיין פעולה איז געווען, אריינעמען אין דעם ענין פון פנימיות העבודה (דער ענין פון "שמע ישראל ה' אלקינו ה' אחד"), אויך אנשים פשוטים שבפשוטים, ביז אפי' די וואס זייער מעמד ומצב איז געווען נאך ערגער ווי א תינוק שנשבה לבין העכו"ם, ווארום זיי זיינען שוין געווען גדולים (ניט קיין תינוק), און כל ענינם איז געווען שטיין מיט א מס"נ פאר מלך המדינה כפשוטו -

האט מען זיי מעורר געווען, ביז אין אן אופן אז זיי האבן פארלאנגט אז דער צ"צ זאל קומען זאגן פאר זיי א מאמר, ביז אז די ממשלה האט געדארפט מסכים זיין אויף דערויף, און זיי האבן צוגעשטעלט די גאנצע נוחיות כדי אז מ'זאל דאס קענען דורכפירן בפועל.

כג. און דערנאך איז דאס געווארן א "נבואה שהוצרכה לדורות"[118], וואס דערפאר האט מען דאס דערנאך איבערגעשריבן און מעתיק געווען, און דערנאך האט מען דאס אויך אפגעדרוקט, ביז אין אן אופן אז דאס ווערט א "מאמר" וואס איז מאיר והולך, אויך בזכננו זה, עד סוף כל הדורות.

און דערפון איז געווארן אן ענין וואס מ'לערנט איצטער כתוך הרחבה, כולל אויך הרחבה אין תורה וכצווהי' - אז אפי' ווען מ'קאכט זיך אין קבלה און אין רזין דאורייתא, ביז צו רזין דרזין, איז בשעה מ'לערנט דעם מאמר כדבעי, באקומט מען נייע ענינים און נייע הוראה,

ביז אז דורך דערויף קומט אויך צו אין די שווערסטע ענינים פון תורה, אין "נגעים ואהלות" - אז כצד דערויף וואס דער מאמר איז אים מאיר, לערנט ער מיט אן אנדער קאך, מיט אן אנדער חיות און מיט אן אנדער ליכטיקייט, ניט נאר א גרעסערע, א טיפערע אדער א ברייטערע, נאר אין אן אופן וואס איז שלא בערך כלל.

כד. די הוראה דערפון:

עס דארף זיין די תנועה כללית אז מ'זאל וויסן אז ס'איז בטל געווארן דער גאנצער ענין פון ההנגדוה, און בשעת אז עס ווייזט זיך אויס אז ס'איז דא אן ענין של התנגדות,

- דארף -

---

117) ישעי' מט. כג. 118) ראה מגילה יד, א.



הנהת הת' בלתי מוגה

דארף מען וויסן אז דאס איז מערניס ווי "צל ההרים"[119], ס'איז מערניס וואס נדמו להם להרים;

מ'דארף נאר געפינען די וועג ווי אזוי צוצוגיין צו דעם ענין (ניט אין א דרך עקלתון), און דער עיקר איז - אז מ'דארף דאס וועלן מיט אן אמת, און ניט צוליב ענינים בלתי רצויים.

און בשעת מ'קומט צוגיין צו זיי מיט "תורת אמת", ביז ווי תורה איז לאמיתתה - צוזאמען מיט פנימיות התורה, וואס איז נתגלה געווארן בדורנו זה - געפינט מען אז ס'איז דא "עין רואה" און "אוזן שומעת"[120].

וואס דאס איז די הוראה כללית וואס עס האט זיך אויפגעטאן דורך "פעולתו אשר עבד בה" פון דעם צ"צ, און דערנאך איז דאס געווארן אין אן אופן אז "קדושה לא זזה ממקומה", ועכ"פ אין אן אופן אז די וועלט איז מוכשר לזה, ואין הדבר תלוי אלא במעשינו ועבודתנו.

כה. און בשעת מ'גייט אין דער וועג, וועט מען צוגרייטן יעדער אידן און אלע אידן צוזאמען, אז נאך אין די לעצטע טעג פון גלות זאל זיין "לכל בנ"י הי' אור במושבותם"[121],

אנהויבנדיק פון דעם ענין החינוך - מחנך זיין זיך אליין (ווארום "מצוה בו יותר מבשלוחו"[122]), און דערנאך מחנך זיין יעדער אידן צו וועלכן ער קען נאר דערגרייכן, אין די ענינים צו וועלכע ער דארף נאך צוקומען,

וואס דעמולט ווערט דער ענין פון "מאיר עיני שניהם ה'"[123], אז ביי אים גופא קומען צו אזוינע ענינים צו וועלכע ער וואלט ניט געקענט דערגרייכן לולא זאת, ווי ס'איז פארשטאנדיק פון דער הקדמה פון דעם אלטן רבי'ן צום ספר הניא קדישא.

און דעמולט פועל'ט מען אויף אלע אידן, "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותנו", אז זיי זאלן זיין עומדים הכן כולם מקבל זיין פני משיח צדקנו, אין אן אופן פון "ביד רמה"[124], ומתוך הרחבה, און "כספם וזהבם אתם"[125], אז כ'נעמט-מיט די אלע ניצוצי קדושה וואס זיינען דא אין מכונם של ישראל[126], ביז צו "כספם וזהבם אתם" כפשוטו, אין אן אופן אז "לא תשאר פרסה"[127],

- און -

---

119) ל' הכתוב - שופטים ט, לו. 120) ל' המשנה - אבות פ"ב מ"א. 121) בא י, כג. 122) קידושין מא, א.
123) משלי כט, יג. וראה תמורה טז, א. 124) בשלח יד, ח.
125) ישעי' ס, ט. 126) ראה כש"ט (הוצאת קה"ת) כרי"ח (כח, סע"ב ואילך). ועוד. 127) בא שם, כו.

און בקרוב ממש ווערט דער ענין פון "קהל גדול ישובו הנה"[128] - עולה זיין אין "הר ה'"[129], וואס דאס איז ארץ ישראל (וואס זי איז "גבוה מכל הארצות"[130]), און דארטן גופא אין ירושלים, "עיר שחוברה לה יחדיו"[131], זי איז מחבר יעדער אידן מיט אלע אידן (ווי די גמרא פסק'נט אפ אין סיום מסכת חגיגה[132]),

ביז אז מ'קומט אין ביהמ"ק, ביז אין קדשי קדשים, "שער השמים"[133] - וואס דארטן האט מען דעם אויבערשטן אין אן אופן אז "השמים ושמי השמים לא יכלכלוך אף כי הבית הזה"[134] - וואס יעדער איד האט דאס בפנימיות לבבו, אין אן אופן פון "ושכנתי בתוכם"[135].

וכידוע דער ווארט וואס דער רבי מהר"ש האט געזאגט צום צ"צ[136], אז אידן ווילן גאולה כפשוטה, און ביהמ"ק בפשטות, צוזאמען מיט קדשי קדשים בפשטות, אין ירושלים עיה"ק כפשוטה, און אין א"י כפשוטה, צוזאמען מיט יעדער אידן און מיט אלע אידן, און צוזאמען מיט שליכות התורה ומצוותי', בקרוב ממש.

* * *

כו. מ'האט גערעדט בארוכה אין דער פריערדיקער התוועדות[137], אז אע"פ אז דער ענין החינוך דארף זיין בכל יום ויום,

ובפרט לויט ווי ס'איז פארשטאנדיק פון תורת הבעש"ט[138] אז פון יעדער זאך וואס א איד הערט אדער זעט, דארף ער אפלערנען א הוראה אין עבודת הבורא - וואס בדקות איז דאס אן ענין של חינוך (וואס ער איז זיך מחנך) -

ווארום איידער ער האט דאס געהערט אדער געזעהן, האט ער דערפון ניט געוואוסט, און ווען ער הערט אדער ער זעט דאס, זאגט מען אים אז ער דארף דערפון אפלערנען א הוראה אין עבודה ה';

ער האט די ברירה זיך ניט מתבונן זיין אין דעם, ובמילא וועט ער דערפון ניט באקומען קיין לימוד אין עבודת ה' - אבער ווען ער געוואוינט זיך איין אין דעם, און איז זיך מחנך אין אן אופן אז פון יעדער ענין וואס ער הערט

- אדער -

---

128) ירמי' לא, ח. 129) וירא כב, יד ובפרש"י.
130) זבחים נד, ב. ספרי ופרש"י עה"פ דברים א, כה.
131) תהלים קכב, ג. 132) ירושלמי חגיגה פ"ג ה"ו.
133) ויצא כח, יז ובפרש"י. 134) מ"א ח, כז. 135) תרומה כה, ח. וראה ר"ח שער האהבה פ"ו קרוב להחלהו. ובכ"מ.
136) לקו"ש ח"ו ע' 80 הע' 70. 137) שיחה הנ"ל סי"ד ואילך.
138) כש"ט הוספות אות קכז-קכט. וש"נ.

אדער זעט דארף אים עפעס צוקומען - געפינט ער טאקע די הוראה דערפון אין עבודת ה׳,

זיינען אבער דא זמנים בשנה וועלכע זיינען מסוגל במיוחד אויף דעם ענין החינוך.

בדוגמא ווי "זמן חרותנו", ווען אידן זיינען באפרייט געווארן פון "סבלות מצרים", וואס דעמולט איז געווען לידת עם ישראל, כמבואר אין יחזקאל[139] בארוכה - האט זיך דעמולט אנגעהויבן דער ענין החינוך וההכנה צום "תעבדון את האלקים על ההר הזה"[140], וויבאלד אז נאך דער לידה הויבט זיך אן דער שיפור הולד און חינוך הולד, כמבואר אין יחזקאל (אין דעם זעלבן קאפיטל) ווי דער אויבערשטער האט זיך פארנומען מיט מחנך זיין און משפר זיין אידן, מיט אלע פרטים שבזה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז חג הפסח איז א זמן וואס איז פארבונדן במיוחד מיט דעם ענין החינוך

ועד"ז איז אויך בנוגע צו "זמן מתן תורתנו", ווי גערעדט אמאל בארוכה וועגן דעם מאמר המדרש[141] אז בשעת מ"ת זיינען אידן געווען בדוגמת התינוק וואס געפינט זיך אין בית-הספר.

כז. בדוגמא ווי דאס איז בנוגע צו כללות הענין פון מ"ת, אז אע"פ וואס מ׳זאגט "מה להלן (בא מעמד הר סיני) באימה וביראה כו׳ אף כאן כו׳"[142], יעדער מאל ווען א איד איז "קורא ושונה"[143], אעפ"כ איז אבער דא דער יום (און זמן) מיוחד בשנה, וואס דאס איז "זמן מתן תורתנו".

ועד"ז (און נאכמער) אויך בנוגע צו דעם ענין פון יצי"מ - אז אע"פ אז בכל יום דארף מען דערמאנען דעם ענין פון יצי"מ, לכה"פ פעמיים בכל יום, בבוקר ובערב[144] (וואס בפועל זאגט מען דאך ק"ש (וואס דארטן דערמאנט מען דעם ענין פון יצי"מ) כמ"פ במשך היום), און מ׳דערמאנט דעם ענין פון יצי"מ אין נאך כו"כ ענינים במשך היום - בא הנחת תפילין[145], בא ציצית[146] וכיו"ב,

און אפי׳ בנוגע צו קטנים - לערנט מען זיי זאגן "שמע ישראל" -

---

139) קאפיטל טז. 140) שמות ג, יב. 141) ירושלמי תענית פ"ד ה"ה (כ, ב). הוד"ה פורענות - שבת קטז, דע"א. 142) ברכות כב, א. 143) ראה תדא"ר דפי"ח. יל"ש איכה רמז תתרלד. וראה הו"א יתרו סז, ב. 144) טואו"ח סס"ו. סרל"ו. שו"ע אדה"ז שם סס"ו סי"ב. סס"ז ס"א. 145) טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סכ"ה ס"ה (סי"א). 146) ראה פרש"י ס"פ שלח.

ישראל", און ברכות, און די י"ב פסוקים ומאמרי רז"ל, אנהויבנדיק פון "תורה צוה לנו משה מורשה גו'"[147], וואס דער ענין פון "תורה צוה לנו משה" (דער "תעבדון את האלקים על ההר הזה") האט געקענט זיין ערשט נאך דער הקדמה פון "בהוציאך את העם ממצרים", וואס דעמולט האט זיך אנגעהויבן התחלת ענין החינוך, ביז ווען מ'איז געקומען אין בית-הספר, און דעמולט איז געווארן דער "תורה צוה לנו משה",

איז אבער דא דער זמן מיוחד בשנה, "זמן חרותנו", וואס דעמולט איז מודגש במיוחד דער ענין פון יציאת מצרים.

און דערפון איז פארשטאנדיק בנוגע צו דעם ענין החינוך, אז אע"פ אז דער ענין החינוך דארף זיין בכל יום ויום - זיינען אבער דא זמנים מיוחדים וואס דעמולט איז מודגש במיוחד דער ענין החינוך.

כח. און מ'זעט בפועל די תועלת שבדבר - אז דורך דערויף וואס מ'איז קובע א זמן מיוחד בשנה אלס "זמן מתן תורתנו", און א זמן מיוחד אלס "זמן חרותנו", און א זמן מיוחד אלס "זמן שמחתנו" (די שמחה פון "ישמח ה' במעשיו" און "ישמח ישראל בעושיו"[148]), אע"פ אז די ענינים זיינען אויך דא בכל יום ויום -

פועל'ט מען אויפן נה"א, ביז אז מ'פועל'ט אויך אויפן גוף ונה"ב, אז עס זאל צוקומען יחר שאת ויתר עוז אין דעם ענין.

ועד"ז איז אויך בנוגע צו דעם ענין החינוך - אז דאס גיט צו יתר שאת ויתר עוז אין די פריערדיקע ידיעות, און נאכמער: דאס ברענגט אים צו ידיעות חדשות, ביז אין אן אופן פון אין ערוך,

ד.ה. ניט נאר אז "מי שיש לו מנה רוצה מאתים כו'"[149], נאר דורך ריבוי הכמות ווערט אויך א נייע איכות און א נייע מציאות.

בדוגמא ווי גערעדט כמ"פ[150] וועגן דעם ענין פון ציבור, אז דורך דערויף וואס צען יחידים קלייבן זיך צוזאמען, ווערט א נייע מציאות פון אן "עדה קדושה"[151],

- ועד"ז -

------------

147) ברכה לג, ד. וראה סוכה מב, א. הל' ת"ת לאדה"ז בהתחלתן. 148) ל' הכתוב - תהלים קד, לא. קמט, ב. וראה לקו"ת שמע"צ פה, ד ואילך. 149) ראה קה"ר פ"א, יג. פ"ג, י. בחיי ס"פ חיי שרה. 150) ראה לקו"ש בהעלותך תשל"ז ס"י. ועוד. 151) ראה ברכות כא, ב.

ועד"ז וועט עס קלייבן זיך צוזאמען מאה, אלף וריבוא - לדעת פון דעם תנא וואס האלט אז דעמולט ווערט א שינוי אין דעם נוסח פון ברכת המזון, כמבואר אין משנה אין מס' ברכות[152],

און ווי מ'געפינט בכ"מ עד"ז, אז ריבוי אין כמות פועל'ט אויך אויף די איכות, אז ס'זאל ווערן א נייע מציאות של איכות.

וכמדובר בארוכה אין די פריערדיקע התוועדויות בשנים שעברו.

כט. בנוגע לענייננו:

אזוי ווי עס זיינען שוין געקומען צום פארברייינגען די פארשטייער און די בעלי-בתים (די אמת'ע בעלי-בתים) פון עיר הבירה, און זיי זיינען געקומען מיט ידיעות חדשות, בנוגע צו דעם וואס עס האט זיך דארט געערעדט וועגן דעם ענין פון חינוך און יום החינוך -

איז יש לקוות אז סוכ"ס וועט דאס דורכנעמען אלע אוה"ע, אז זיי זאלן מקיים זיין די שבע מצוות בני נח מיט אלע פרטים און סניפים און סעיפים שבהם,

און אויך צוהעלפן אידן זיי זאלן קענען לערנען תורה און מקיים זיין מצוות כדבעי, ביז אין אן אופן של הידור, און מהדרין מן המהדרין, אין אן אופן פון "והיו מלכים אומניך ושרותיהם מניקותיך".

און עס זאל אראפקומען בפועל - בנוגע צו די ענינים וואס מ'דארף זאל מען אויסנוצן דעם ענין פון "דינא דמלכותא דינא"[153], עאכו"כ אז מ'וועט אויסנוצן די ענינים וואס זיינען שוין דא אין "דינא דמלכותא" אויף ענינים טובים,

אנהויבנדיק פון "בשביל התורה שנקראת ראשית", וואס דאס איז פארבונדן מיט "בשביל ישראל שנקראו ראשית", ווי רש"י ברענגט אראפ בתחלת פירושו על התורה.

און וויבאלד אז די אלע ענינים ווערן געטאן (ניט נאר בהסכם, נאר אויך) מיט אן אישור, מיט א יפוי כח און מיט אן "עין יפה" פון "מלכותא" - זאל מען דאס אויסנוצן בשלימות, ומתוך שמחה וטוב לבב.

און פארענדיקן די פכים קטנים וואס מ'דארף טאן אין דעם ענין החינוך - מחנך זיין אז זיי זאלן וויסן אז "זה הקטן גדול יהי'",

- און -

------------

152) מס, ב. 153) גיטין י, ב. וש"נ.

און דורך די ניצוצי קדושה וואס זיינען דא אין די פכים קטנים, וועט מען אויפמאכן דעס "אור גדול" פון "קומי אורי כי בא אורך (ווארום) וכבוד ה׳ עליך זרח"[154], בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו.

* * *

ל. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה הא לחמא עניא.

* * *

לא. בנוגע צו אן ענין אין נגלה - וועט מען מוסיף זיין עטליכע נקודות בנוגע צו אן ענין וואס איז מבואר אין דעם בריוו:

אין דעם בריוו האט זיך גערעדט וועגן קרבן פסח, אז ער איז א קרבן יחיד, ולאידך, איז ער אויך א מעין פון א קרבן ציבור.

וואס קרבן פסח איז דאך א קרבן יחיד, ביז אז אין אים איז מודגש דער ענין היחיד נאכמער ווי דאס איז אין די אנדערע קרבנות יחיד - וויבאלד אז "הפסח אינו נאכל אלא למנויו"[155], וואס דער מינוי טיילט אוים דעם יחיד המתמנה פון אנדערע יחידים (וואס זיינען דומים לו בתכליה, בלי כל שינוי) וועלכע זיינען ניט נתמנה געווארן אויפן קרבן - וואס דעם ענין געפינט מען ניט אין אנדערע קרבנות יחיד.

וואס דער ענין המינוי בא קרבן פסח, איז ניט קיין ענין של הידור אדער א דבר טוב, דורך וועלכן מ׳איז יוצא י"ח קיום מצות קרבן פסח, נאר נאכמער: אן דערויף קען מען ניט עסן דעם קרבן פסח, ווארום "אינו נאכל אלא למנויו".

און דאס וואס מ׳געפינט אז ר"ש משאנץ[156] האלט אז דאס וואס "הפסח אינו נאכל אלא למנויו" איז נאר בנוגע צו יוצא זיין די מצוה פון אכילת הפסח, אבער עצם האכילה פון קרבן פסח (ניט אויף צו יוצא זיין דעם ענין פון קיום המצוה) קען זיין אויך אן מינוי - איז דאס מערניט ווי א דעת יחיד, און אלע זיינען מחולק אויף אים, און זיי האלטן אז "אינו נאכל אלא למנויו" כפשוטו, אז אן דעם מינוי טאר מען ניט עסן פון דעם קרבן פסח.

ד.ה. אז דער קרבן פסח איז שייך נאר צו דעם יחיד וואס איז אויסגעטיילט געווארן פון אנדערע יחידים און האט זיך ממנה געווען אויפן שה, אין אן אופן פון "מהיוה משה -

\- מחיוהי׳ -

---

154) ישעי׳ ס, א. 155) זבחים נו, ב במשנה.
156) להו"כ צו ז, יט.

מחיותי׳ דשה"[157] (משא"כ נאך דערויף, וואס דעמאלט העלפט שוין ניט קיין מינוי).

לב. לאידך איז אבער מודגש אין קרבן פסח דער ענין פון ציבור:

אנדערע קרבנות (קרבנות יחיד, און קרבנות ציבור) קענען געטאן ווערן אויך ע"י שליח, אבער בנוגע צו קרבן פסח, דארף מען האבן אז דער גאנצער ציבור זאל זיין בשעת הקרבת הקרבן, און דער גאנצער ציבור דארף עסן פון דעם קרבן פסח (מ׳קען ניט יוצא זיין דורך א שליח), ד.ה. אז יעדערער פון די מנויים דארף עסן פון דעם קרבן לכה"פ דעם שיעור פון כזית (כמבואר בכ"מ).

און נאכמער: ביי אנדערע קרבנות ציבור, זיינען געווען די "אנשי מעמד"[158], וואס זיי זיינען געווען די שלוחים פון אלע אידן, משא"כ בא קרבן פסח, וואס מ׳האט ניט געקענט יוצא זיין דורך דערויף וואס די "אנשי מעמד" וכיו"ב זיינען געווען דערביי, נאר מ׳האט געדארפט האבן אז דער גאנצער ציבור זאל זיין דערביי.

און ווי ס׳איז אויך מודגש דער ענין הציבור בכתוב - ווי עס שטייט[159] "ושחטו אותו כל קהל עדת ישראל", ועד"ז ווערט דער ענין הציבור איבערגע׳חזר׳ט אין די ווייטערדיקע פסוקים - "כל עדה ישראל", "כל בני ישראל"[160].

לג. די הדגשה אויף דעם ענין הציבור וואס איז דא אין קרבן פסח, איז געזאגט געווארן אפי׳ בנוגע צו פסח מצרים (פון וועלכן עס נעמט זיך דער פסח דורות), וואס דארטן איז נאכמער מודגש דער ענין היחיד:

אין פסח מצרים האט געדארפט זיין דער ענין פון "ולקחו מן הדם ונתנו על שתי המזוזות ועל המשקוף גו׳"[161], וואס די מזוזות מיטן משקוף זיינען דאך געווען במקום המזבח[162], זעט מען אז אפי׳ דער מזבח איז אויך געווען פארבונדן מיטן בית פון דעם יחיד דוקא,

ווארום יעדער חבורה האט געדארפט עסן אין א באזונדער בית, און מ׳האט ניט געטארט מערב זיין איין חבורה מיט א צווייטע חבורה, איין בית מיט א צווייטן בית - ד.ה. אז אפי׳ דער מזבח איז אויך פארבונדן מיטן יחיד,

- משא"כ -

------------

157) בא יב, ד. פסחים פט, סע"א. ועוד. 158) תעניה כו, א במשנה. ספרי ופרש"י עה"פ פינחס כה, ב. דמב"ם הל׳ כלי המקדש רפ"ו. 159) בא שם, ו. 160) שם, מז-נ. 161) שם, ז. 162) מכילתא עה"פ. פסחים צו, א.

משא"כ אין פסח דורות, וואס דארטן איז דער ענין פון יחיד געווען אויסגעשטעלט נאר בנוגע צו כמה פרטים (דער ענין פון "משכו וקחו" וואס עס דארף זיין פון ממון היחיד, און עס האט געדארפט זיין למנויו דוקא, וכיו"ב), מ'האט אבער מקריב געווען דעם פסח אין דעם זעלבן אופן, וואס לגבי דעם ענין ווערן שוין אלע פאראייניקט.

לד. די הדגשה אויף דעם ענין היחיד וואס איז דא אין קרבן פסח לגבי אנדערע קרבנות יחיד, איז אויך מודגש אין שחיטת הפסח:

אין אלע קרבנות יחיד, קען די שחיטה זיין דורך יעדערן וואס וויל (א כהן, א לוי, אדער א זר), ס'איז ניטא קיין חיוב אז דער וואס ברענגט דעם קרבן דארף אים שחט'ן, און ס'איז ניטא קיין חיוב אז שלוחו דארף דאס שחט'ן.

משא"כ בנוגע צו קרבן פסח, וואס דארטן שטייט "ושחטו אותו כל קהל עדת ישראל" - און ווי די גמרא[163] פרעגט "וכי כל הקהל כולן שוחטין, אלא מכאן ששלוחו של אדם כמותו" (ווי רש"י ברענגט דאס אראפ בפירושו עה"ת), ד.ה. אז בא קרבן פסח איז דא די הדגשה אז די שחיטה דארף זיין דוקא ע"י שלוחו.

וכמבואר אין אחרונים[164] אז אע"פ אז דערפון לערנט מען דעם דין פון "שלוחו של אדם כמותו" על כל התורה כולה - געפינט מען אבער ניט דעם לשון ("ושחטו אותו כל קהל עדת ישראל" - אז ער (אדער שלוחו) דארף דאס שחט'ן) בנוגע צו שאר הקרבנות,

[בנוגע צו קרבנות ציבור איז קיין קושיא ניט, ווארום דארטן איז דער כהן דער שליח פון ב"ד, וואס ב"ד קומט במקום הציבור - אבער בא קרבנות יחיד געפינט מען אויך ניט אזא לשון אז ער דארף דאס שחט'ן],

ער דארף נאר ברענגען דעם קרבן, און די אלע איבעריקע ענינים ווערן געטאן ע"י אחרים, און ס'איז ניטא די הדגשה אז דאס דארף געטאן ווערן דורך שלוחו דוקא.

משא"כ בנוגע צו קרבן פסח, וואס דארטן איז מודגש אז ער דארף דאס שחט'ן, און אויב ער קען ניט שחט'ן, דארף דאס שחט'ן זיינער א שליח, וויבאלד אז "שלוחו של אדם כמותו".

לה. כמדובר כמ"פ אז אין יעדער ענין דארף זיין א נפק"מ בנוגע לפועל (בלשון הגמרא "מאי בינייהו") - איז עד"ז אויך בנדו"ד:

- בשעה -

---

163) קידושין מא, ב. 164) מנ"ח מצוה ה' בסופו.

הנחה הת' בלתי מוגה

בשעה ער זאגט אז ער וויל ניט אז יענער זאל שחט'ן דעם קרבן פאר אים, אדער אז ער איז מודר הנאה מחבירו, וואס דעמולט טאר ער ניט הנאה האבן פון אים - איז בנוגע צו אלע קרבנות, וואס דארפן דארף ער ניט שחט'ן אליין, און מ'דארף ניט האבן אז דער שוחט זאל זיין "שלוחו של אדם כמותו", קען יענער שחט'ן דעם קרבן; משא"כ בא קרבן פסח, קען יענער ניט שחט'ן פאר אים, וויבאלד ער וויל ניט אז יענער זאל זיין שלוחו, אדער ווייל ער טאר ניט הנאה האבן פון יענעם, קען יענער ניט זיין שלוחו, כמבואר אין אחרונים[165].

וואס דערפון זעט מען אז די הרגשה אויף דעם ענין היחיד וואס איז דא בא קרבן פסח נאכמער ווי אין די אנדערע קרבנות יחיד, איז ניט נאר בנוגע צו אכילת הפסח, נאר אויך בנוגע צו שחיטת הפסח.

לו. ס'איז דא נאך אן ענין (וואס איז נאכמער אן ענין) פון נגלה - דער ענין פון "מעות חטים", כמדובר לעיל[166] אז דער ענין פון "מבצע פסח" הויבט זיך אן מיט "מעות חטים".

וכמדובר כמ"פ אז בשעת א איד זאגט א צווייטן אידן ער זאל טאן עפעס אן ענין, דארף ער אים באווייזן א ביישפיל - ווארום "ועמך כולם צדיקים"[167], און "צדיקים דומין לבוראן"[168], און ווען דער אויבערשטער האט מבטל געווען די גזירה פון "עליונים לא ירדו לתחתונים כו'", איז דאס געווען אין אן אופן פון "ואני המתחיל" -

און דערפאר ווען מען זיך נוהג זיין מיטן מנהג הידוע, אז מ'וועט בעטן די "טאנקיסטן" זיי זאלן ארויפגיין, און פאנאנדערטיילן א דאלאר צו יעדער אידן וואס געפינט זיך דא, על מנת אז פאר פסח זאל בעך דאס אפגעבן (אדער איבערבייטן און געבן א דאלאר אדער כערער במקומו) אין א קופה פון "מעות חטים" (אדער צו א מענטשן וואס דארף האבן "מעות חטים").

און אזוי ווי דער "ועד הכסדר" ווערט מבולבל (ווען די טאנקיסטן גייען ארויף) און זיי ווייסן ניט ווער איז א טאנקיסט, און ווער עם נעמט גלאט אזוי (ווארום ער זעט אז מ'גיט דאלארן, גייט ער און נעמט פאר זיך, און ניט נאר איינעם, נאר צוויי אדער דריי - ער מיינט ניט דעם דאלאר, נאר דעם ענין טוב שבזה) -

חזר'ט מען איבער נאכאמאל און נאכאמאל (ניט פארלאזנדיק - זיך -

---

165) שם. 166) שיחה הנ"ל סכ"ט. 167) ישעי' שם, כב.
168) ב"ר פכ"ז. ח.

זיך אויפן "ועד המסדר") - אז עס זאלן ארויפגיין מערניט ווי די "טאנקיסטן", און זיי זאלן געבן יעדערן מערניט ווי איין און איינציקן דאלאר.

און ס'איז ניט דער טייטש אז מ'איז מקפיד אויף די געלט ח"ו, נאר אזוי ווי דאס איז אן ענין וואס איז היפך הסדר, און מ'האט געהערט פון כ"ק מו"ח אדמו"ר זיין גודל החביבות צום ענין הסדר - איז בשעת מ'געפינט זיך אין זיינע ד' אמות, במקום שלמד תורה און במקום שהתפלל, און בביתו וברשותו - בעט מען אז מ'זאל זיך מתנהג זיין מיט א סדר, און עס וועט קיינעם ניט שאטן, ניט אין זיינע גשמיות, און ניט אין זיינע רוחניות, ואדרבה.

וכמדובר אז ס'זאלן ארויפגיין מערניט ווי די טאנקיסטן, און פאנאנדערטיילן צו יעדערן מערניט ווי איין און איינציקן דאלאר, בשמחה ובטוב לבב, און דערנאך זאל מען זיך משתדל זיין אפגעבן דעם דאלאר (אדער תמורתו) אין א קופה פון "מעות חטים" (אדער צו איינעם וואס איז זקוק צו "מעות חטים").

לז. און אזוי ווי געזעדט פריער (ס"כ-כד) אז ס'איז ניטא קיין ענין של התנגדות, און עס זיינען ניטא קיינע מדידות והגבלות - בעט מען אויך אז די אלע וואס הערן די ווערטער דורכן טעלעפאן ("הוק-אפ", מיט אלע-ערליי לשונות ווי עס ווערט אנגערופן אין שפת המדינה), זאלן אויך טאן די זעלבע זאך -

עס זאל זיך געפינען איינער (בריצוי רוב הקהל, אדער דער רב אדער דער משפיע וואס געפינט זיך אין דער מסיבה) וואס זאל געבן - בשליחותי בבקשתי ובבעותי - צו יעדערן פון די מסובים דארטן, אנשים נשים וטף, א "יחידה", אן איינציקע מטבע אין מטבע המדינה (בדוגמא ווי מ'גיט דא א דאלאר).

און דערנאך זאל ער ניט פראוועון קיין קונצן מיט קיין שפיצלאך וכו' (ניט זיין קיין חסיד וואס איז היפך פון חסיד חכם - כידוע דער לשון בזה[169]), נאר ער זאל צושיקן א ידיעה אין "מזכירות" אז ער האט ארויסגעגעבן בשליחותי בבקשתי ובבעותי אזוי פיל און אזוי פיל מטבעות המדינה,

[וארום ע"פ דין דארף געלט האבן א חשבון, און מ'דארף דאס ציילן, ביז ווי דער דין איז[170] בנוגע צו נרות חנוכה, אז מ'טאר ניט ציילן געלט לאור פון נרות חנוכה - זעט מען דאך אז דאס וואס מ'דארף ציילן געלט איז נוגע צו אן ענין פון הודה].

- און -

---

169) סוכה כ. א. כא. ב. 170) שבה כב, א.

און בלי נדר וועט מען אים אפצאלן דאס וואס ער האט ארויסגעגעבן. לא פחות ולא יותר.

און דעם שכר אויף דעו טרחא - וועט אים דער אויבערשטער געבן מידו המלאה הפתוחה הקדושה והרחבה, צוזאמען מיט "הגדושה" (מיט א גימ"ל) ווי ס'שטייט אין דעם סידור פון בעש"ט.

לח. און "אין מזרזין אלא המזורזין"[171] - זאלן ארויפגייין די טאנקיסטן, און יעדערער פון זיי זאל נעמען כפי נדבה לבו, און דערנאך פאנאנדערטיילן לכל המסובים,

ועד"ז זאל איינער ארויפטראגן אין עזרת נשים, און פאנאנדערטיילן צו נשי ובנות ישראל וואס געפינען זיך דא, א דאלאר לכל אחד ואחת, און אין דעם זעלבן אופן - אז מ'זאל דאס אפגעבן לפני חג הפסח אין א קופה של "מעות חטים".

לט. און דער אויבערשטער זאל געבן יעדער אידן און אלע אידן א חג הפסח כשר ושמח, און ממשיך זיין די כשרות און די שמחה על כל השנה כולה,

בידוע וואס ס'שטייט אין כתבי האריז"ל (געבראכט אין באר היטב[172]) אז דורך דערויף וואס בימי הפסח איז מען נזהר פון א משהו חמץ. העלפט דאס אים אז דער אויבערשטער היט אים פון ענינים בלתי רצויים במשך כל השנה כולה.

און בקרוב ממש וועט מען זעהן בעיני בשר ווי אזוי עס וועט זיין דער "ואת רוח הטומאה אעביר מן הארץ"[173] - מ'וועט ניט דארפן האבן קיין שבירה ביוחדה, ווארום מ'וועט האלטן בא די דרגא פון מצה עשירה.

און מ'זאל האבן עשירות ברוחניות ובגשמיות אין די לעצטע טעג פון גלות, ובקרוב ממש וועט מען מיטנעמען "כספם וזהבם אתם". און "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותנו" וועט מען גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו.

און "והקיצו ורננו שוכני עפר"[174] - דער בעל ההילולא, און דער בעל ההילולא פון ב' ניסן. און דער בעל ההילולא פון יו"ד שבט. און דער בעל ההילולא פון י"ג תשרי. און דער בעל ההילולא פון ט' כסלו. און דער בעל ההילולא פון כ"ד טבת. און משיח בראשם. ויוליכנו קוממיות לארצנו.

- צוה -

------------

171) במדב"ר פ"ז, ו. 172) או"ח ר"ב הכז. 173) זכרי' יג. ב. 174) ישעי' כו. יט.

- אור לי"ג ניסן -

צוה לנגן ניגון הכנה. ניגון ארה"ז (בבא הרביעיה פ"א). ניע זשוריצי חלאפצי. והיא שעמדה.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן א-לי אתה.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

סרם צאהו התחיל לנגן א-לי אתה.

* * *

הנחת הת' בלתי מוגה

# ברכות כ״ק אדמו״ר שליט״א להת׳ שיחיו
# בעת ביקורו לפני עריכת הסדר

## בתו״ת ליל א׳ דחגה״פ ה׳תשל״ט

אזוי ווי די קביעות פון היינטיקן יאר איז — אז גלייך פון יו״ט גייט מען אריין אין שבת, מקדושת יו״ט לקדושת שבת, וואס קדושת שבת איז א קדושה גדולה הרבה יותר[1],

זאל זיין דער ענין פון "ילכו מחיל אל חיל"[2] בכל עניני התורה ומצוות" ובהצלחה, און אין אן אופן של חירות.

וכידוע דער פתגם פון כ״ק מו״ח אדמו״ר[3] אז פסח ענדיקט זיך ניט, וואס דערפאר זאגט מען ניט אין דער הגדה "חסל סידור פסח", וויבאלד אז פסח ווערט נמשך בכל השנה כולה —

זאל אזוי אויך זיין אין דעם ענין פון "ילכו מחיל אל חיל", אז ס'זאל נמשך ווערן בכל השנה כולה, בכל עניני התורה ומצוות".

אין דערויף קומט נאך צו אז די הכנה צו שבת הויבט זיך שוין אן פון יו״ט, ווי מ'זאגט אין דעם נוסח פון "עירוב תבשילין"[4] אז מ'גרייט צו ביו״ט די ענינים פון שבת,

ביז וואנעט אז שוין בערב יו״ט פסח האט מען שוין צוגעגרייט סיי די ענינים פון יו״ט און סיי די ענינים פון שבת; דעמולט איז שוין דא דער מוכן פון כל ההכנות פון יו״ט[5] און פון שבת[5*].

ווי די צוויי דיעות[6] אין דעם טעם פון "עירוב תבשילין" — צוליב דעם ענין פון כבוד יו״ט, און כדי צו באווארענען דעם ענין פון כבוד שבת —

---

1) ועד שאומרים עז״ה "המבדיל בין קודש לקודש" ובדוגמת חילוק דבריאה ואצילות (המשך וככה תרל״ז פ״ה). וראה לקו״ש חט״ז ע׳ 189. ושנ״נ.

2) ל׳ הכתוב — תהלים פד, ח. וראה ברכות בסופה. שו״ע אדה״ז או״ח ר״ס קנ״ה. ושי״נ.

3) סה״ש תש״ג ע׳ 75. וראה הגש״פ עם לקוטי טעמים כו׳ (קה״ת תשל״ט) ע׳ שצא ואילך.

4) ראה שו״ע אדה״ז או״ח סתקכ״ז ס״ה.

5) ועיי״ש "התחיל לבשל תבשיל א׳ מעיו״ט הרי "מה שמבשל ביו״ט אינו אלא כגומר והולך מה שהתחיל מעיו״ט" ושו״ע אדה״ז שם ס״ב — ע״פ הטעם "כדי להרבות בכבוד יו״ט".

5*) ד ע״י שאתה מזקיקו לבשל תבשיל א׳ מעיו״ט בשביל תיקון צרכי סעודת השבת שלאחריו, הוא נזכר על [illegible] צרכי השבת מעיו״ט, ובורר מנה יפה לשבת כו׳ (שם — ע״פ הטעם "כדי להרבות בכבוד שבת").

6) ביצה טו״ב (טו, ב). שו״ע אדה״ז שם. ולהעיר מלשון אדה״ז ("מפני ב׳ דברים תיקנו חכמים דבר זה כו׳") מטבע הכ״ד משום שבת — ובניה על דבר״ד משום יו״ט. ואולי י״ל דכו״ע אית להו הא והא ומר אמר חדא ומר אמר חדא ולא פליגי אלא שהטעם דשבת אינו לעיכובא.

זאל אזוי אויך זיין אין די לעצטע טעג פון גלות, אין דעם „ערב" פון „זמן חרותנו" פון דער גאולה האמיתית והשלימה[7], אז מ'זאל שוין האבן צוגעגרייט די אלע ענינים פון דער גאולה בשמחה ובטוב לבב, און אין אן אופן של חירות אמיתית.

און גרייטן זיך לקבל פני משיח צדקנו, וואס דעמולט וועט מען לערנען סיי נגלה דתורה און סיי פנימיות התורה[8], ובעיקר — פנימיות התורה, תורתו של משיח[9],

וואס דאס ווערט אויפגעטאן ע"י מעשינו ועבודתינו במשך זמן הגלות[10], דורך דעם[11] וואס מ'לערנט נגלה דתורה און פנימיות התורה גם יחד, ובהקדמת עבודת התפלה[12].

און מ'זאל אריבערשפרינגען[13] און אריינטאנצן אין דער גאולה האמיתית והשלימה, בביאת משיח צדקנו בקרוב ממש וכלשון הרמב"ם[14] „מיד הן נגאלין".

א כשר'ן און א פריילעכן פסח.

---

7) ראה לקו"ש חכ"ו ע' 281 ואילך. ושי"נ.

8) שהם מעין החילוק דיו"ט ושבת, מקרא קודש וקודש.

9) לקו"ת צו יז, א. שער האמונה פנ"ו. ועוד. וראה פרש"י עה"פ שה"ש א, ב.

10) ראה תניא רפל"ז.

11) בדוגמת המבואר בלקו"ת (תזו"ע כג, א. ובכ"מ) ובפירוש מרז"ל (פסחים נ, א. ושי"נ) אשרי מי שבא לכאן ותלמודו בידו, שע"י הלימוד בעוה"ז „זוכה ללמוד ג"כ בג"ע כו'". ועפ"מ בתניא שם י"ל שעד"ז הוא גם בנוגע לתורתו של משיח, שההכנה לזה הוא לימוד פנימיות התורה במשך זמן הגלות.

12) ראה קונטרס התפלה. ולהעיר ש„מעלת העסק בתורה שאחר התפלה היא גבוה יותר מהתורה שקודם התפלה" — לקו"ת ברכה צו, ב. ועוד.

13) ד„פסח" היא ע"ש הדילוג וההקפצה — ראה פרש"י עה"פ בא יב, יב־יג. סידור האריז"ל במקומו.

14) הל' תשובה פ"ז ה"ה.

## להתלמידים שיחיו יוצאי פרס, באולם עריכת הסדר שלהם, ליל א׳ דחגה״פ ה׳תשל״ט

אזוי ווי די קביעות פון היינטיקן יאר איז — אז גלייך פון פסח גייט מען אריין אין שבת,

און די הכנות צו שבת הויבן זיך אן נאך אין פסח, און נאך אין ערב פסח,

זאל דער אויבערשטער העלפן אז ס׳זאל זיין א חג הפסח כשר ושמח, און א שבת כשר ושמח.

און ס׳זאל נמשך ווערן בכל השנה כולה, אז ס׳זאל זיין דער „ילכו מחיל אל חיל״ אין אלע ענינים פון קדושה, אין אן אופן פון „מעלין בקודש״[1].

ביז אז מ׳וועט זוכה זיין בקרוב צו ביאת משיח צדקנו, וואס במילא[2] וועט מען לשנה הבאה זיין אין ירושלים עיה״ק און אין אה״ק,

און מ׳וועט מקריב זיין דעם קרבן פסח אין בית המקדש השלישי.

---

1) ברכות כח, א. וש״נ.

2) ראה לקו״ש ח״ב ע׳ 543.

## להתלמידות תחיינה, יוצאות פרס (ב„מכון חנה״) ליל א׳ דחגה״פ ה׳תשל״ט

אזוי ווי די קביעות פון היינטיקן יאר איז — אז גלייך פון יו״ט „מועדים לשמחה״[1] גייט מען אריין אין שבת — „וקראת[2] לשבת עונג״[1].

און נאך בערב יו״ט מאכט מען אן עירוב תבשילין אלס הכנה צו יו״ט ושבת[3] —

זאל די שמחה נמשך ווערן בכל השנה כולה, און אין אן אופן פון חרות,

און ביז איבער א יאר זאל זיין ביאת משיח צדקנו,

און זיך זעהן מיט אלע אידן צוזאמען אין ירושלים עיר הקודש, און איר זאלט דארטן פראווען דעם סדר מיט אייערע משפחות.

---

1) ראה שו״ע אדה״ז או״ח ר״ס רכב. לקו״ת צו יא, ד ואילך. ובכ״מ.

2) ישעי׳ נח, יג.

3) ראה לעיל בהברכה להת׳ ובהערה שם.

באולם עריכת הסדר עבור יוצאי רוסי׳ ע״י מוסד „פרי״
ליל א׳ דחגה״פ ה׳תשל״ט

(תרגום מרוסית)

א כשר׳ן און א פריילעכן פסח.

און איר זאלט בקרוב ממש באגעגענען זיך און זיין צוזאמען מיט אייערע קרובים און פריינס, וועלכע געפינען זיך דערווייל אין „יענע״ לענדער, ובחירות.

און איר זאלט איבער א יאר פראוון פסח אין ירושלים עיה״ק צוזאמען מיט משיח צדקנו.

בשורות טובות, גוטע ידיעות און אלעס בעסטע.

# Благословение Любавичского Ребе שליט״א во время посещения коллективного *Сейдера* для иммигрантов из России, в первую ночь Песаха 5739 года:

א כשר׳ן און א פריילעכן פסח

кашерного и веселого Песах,

чтобы в скором будущем Вы встретились и были вместе, свободными, с Вашими родственниками и друзьями, которые пока еще находятся в «тех» странах,

и чтобы в будущем году Вы справляли Песах в священном Иерусалиме вместе с *Мошиах Цидкейну* (с праведным Мошиахом).

בשורות טובות, хорошие вести и всего наилучшего.

להתלמידות ד"מכון חנה" תחיינה,

ליל א׳ דחגה"פ ה׳תשל"ט

אזוי ווי די קביעות פון היינטיקן יאר איז — אז שבת קומט באלד נאך די ערשטע טעג פון פסח,

זאל נמשך ווערן אויף א גאנץ יאר אז עס זאלן זיין פריילעכע וואכעדיקע טעג, פריילעכע יום־טוב׳דיקע טעג און פריילעכע שבת׳דיקע טעג.

און דער אויבערשטער זאל אייך העלפן אז איבער א יאר זאל יעדערע פון אייך פראווען דעם סדר בא זיך מיט אן אייגענער פאמיליע, און בחירות — האבן אלץ וואס איר נויטיקט זיך, און בינתיים זאל קומען משיח צדקנו.

א כשר׳ן און א פריילעכן פסח, און הערן פון אייך בשורות טובות.

בס"ד. שיחת אחרון של פסח ה'תשל"ט. הנחת הת' בלתי מוגה

כ"ק אדמו"ר שליט"א נטל ידיו הק' לסעודה.

צוה לנגן אתה בחרתנו.

א. ס'איז דאך א התוועדות וואס איז פארבונדן מיט אחרון של פסח, און דערנאך אויך מיט סעודתו של משיח,

וואס דער ענין פון סעודתו של משיח איז נתגלה געווארן באופן גלוי ומפורסם ערשט בדורותנו, און פאר דערויף האט מען נאר געוואוסט וועגן דעם ענין פון אחרון של פסח.

דער ענין פון אחרון של פסח איז - דער סיום וחותם פון חג הפסח, וואס מצד דעם ענין פון "מעלין בקודש"[1], איז פארשטאנדיק, אז ווען עס קומט דער סיום פון חג הפסח, איז דאס באופן נעלה יותר, ד.ה. אז באחרון של פסח איז דער תכלית השלימות פון חג הפסח.

ב. דער גודל המעלה פון אחרון של פסח איז אויך פארשטאנדיק דערפון וואס ס'איז מבואר אין לקו"ת אין די דרושים פון שש"פ[2] (וואס אחש"פ איז דער יו"ט שני פון שש"פ), אז בנוגע צו שש"פ שטייט[3] "וביום השביעי עצרת לה' אלקיך לא תעשה מלאכה", און וויבאלד אז ס'שטייט "לא תעשה מלאכה" סתם, איז אפי' מלאכת אוכל נפש אויך אסור, וויבאלד אז דעמולט איז "עצרת לה' אלקיך".

אע"פ אז דער דין איז אז בשש"פ מעג מען טאן מלאכת אוכל נפש, אזוי ווי אין אלע אנדערע ימים טובים, אבער אעפ"כ איז פארשטאנדיק, אז די מלאכת אוכל נפש וואס מ'מאכט אין שש"פ איז באופן נעלה יותר ווי דאס איז אין די אנדערע ימים טובים, ווארום דעמולט איז "עצרת לה' אלקיך".

והביאור בזה:

די גמרא[4] זאגט "כתוב אחד אומר עצרת לה' אלקיך וכתוב אחד אומר עצרת תהי' לכם . . חציו לה' וחציו לכם", וואס דאס זאגט מען בנוגע צו אלע ימים טובים, אז דעמולט איז "חציו לה' וחציו לכם".

די נפק"מ איז אבער אויף וואס איז עיקר ההדגשה, צי אויף דעם "חציו לה'", אדער אויף דעם "חציו לכם":

- בנוגע -

---

1) ברכות כח, א. וש"נ. 2) צו טו, ב. שם, ד ואילך. סידור דפט, א. רצב, ג ואילך. ועוד. 3) ראה טז, ח. 4) פסחים סח, ב. 5) פינחס כט, לה.

בנוגע צו שמע"צ שטייט "עצרת תהי' לכם", ד.ה. אז די הדגשה איז אויף דעם "חציו לכם"; און בנוגע צו שש"פ שטייט "עצרת לה' אלקיך", ד.ה. אז דער ענין וואס שטייט בהדגשה ובגילוי איז דער ענין פון "חציו לה'" ("עצרת לה' אלקיך")[6], ביז וואנעט אז דער "חציו לכם" ווערט נבלע ונכלל אין "עצרת לה' אלקיך", און דערפאר ווערט דאס אויך געטאן אין אן אופן פון "עצרת לה' אלקיך".

ד.ה. אז דער יו"ט פון שש"פ איז טאקע אזוי ווי אלע אנדערע ימים טובים - דער ענין פון "מועדים לשמחה", און דעמולט דארף זיין דער ענין פון סעודת יו"ט, און "אין שמחה אלא ביין"[7], מיט אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט יו"ט - אבער דעמולט זיינען די אלע ענינים אין אן אופן פון "עצרת לה' אלקיך".

און דאס איז אויך פארבונדן דערמיט וואס בשש"פ זאגט מען ניט קיין "שהחינו"[8], וואס דאס איז דער איינציקער יו"ט אין וועלכן מ'זאגט ניט קיין "שהחינו", וואס דער טעם אויף דערויף איז[9], דערפאר וואס "שהחינו" זאגט מען נאר אויף א שמחה גלוי', און בשש"פ איז די שמחה ניט קיין שמחה גלוי'

ווארום אע"פ אז דאס איז טאקע "מועדים לשמחה", מיט אלע ענינים וואס זיינען דערמיט פארבונדן, איז דאס אבער אין אן אופן אז אפי' די ענינים הגשמיים זיינען אין דער דרגא פון "עצרת לה' אלקיך".

ג. דערפון איז פארשטאנדיק דער גודל המעלה פון שש"פ (אויך ע"פ נגלה), אז דעמולט זיינען אלע ענינים פון שש"פ אין אן אופן פון "עצרת לה' אלקיך".

און ס'איז פארשטאנדיק אז אזוי איז דאס אויך בנוגע צו אחש"פ, ווארום אחש"פ איז דער יו"ט שני פון שש"פ, און ס'איז מבואר אין לקו"ה[10] דער ענין פון יו"ט שני של גליות, אז דאס איז דערפאר וואס עס ווערט נמשך אן אור נעלה ביותר וועלכן מ'קען ניט פארנעמען מערניט ווי אין 24 שעה, וואס דערפאר דארף מען האבן דעם יו"ט שני של גליות.

ובפרט אז כצד דעם ענין פון "מעלין בקודש" קומט נאך צו א מעלה אין אחש"פ אויף שש"פ, ביז וואנעט אז אחש"פ איז דער תכלית השליכות פון חגה"פ.

- ד. -

------------

6) דאה לקו"ה שם (טו, ב). 7) פסחים קט, א. 8) טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סת"צ ס"ז (סי"ב). 9) ראה לקו"ש ח"ב ע' 546. 10) שמע"צ צב, ג. וראה גם דרכ"צ קיד, א ואילך.

ד. דער ענין פון אחש"פ איז פארשטאנדיק בהקדם הביאור אין כללות הענין פון חגה"פ, וואס אחש"פ איז דער סיום און גמר פון חג הפסח:

דער ענין פון חגה"פ איז "זמן חרותנו", ווי מ'זאגט אין קידוש און אין נוסח התפלה, וואס דאס גייט אויך אויף שש"פ און אחש"פ, וויבאלד אז דעמולט זאגט מען אויך "זמן חרותנו".

און אפי' לויטן קס"ד[11] אז בשש"פ און באחש"פ דארף מען זאגן "זמן שמחתנו", איז אבער פארשטאנדיק, אז די שמחה איז פארבונדן מיט דעם ענין פון חירות, ד.ה. אז די שמחה איז דערפאר וואס דאס איז "זמן חרותנו".

און ווי ס'איז פארשטאנדיק בפשטות, אז דער ענין פון שמחה איז שייך דוקא ווען מ'שטייט אין א מעמד ומצב פון חירות, ווארום אויב ס'איז דא דער ענין העבדות, איז ניט שייך קיין ענין של שמחה; עבדות מיט שמחה זיינען הפכיים זה כזה.

ה. אין דער שמחה וואס קומט מצד דעם ענין החירות זיינען אבער דא כמה אופנים:

ווען מ'זאגט אז די שמחה איז פארבונדן מיט "זמן חרותנו", איז וויבאלד אז מ'זאגט אז דאס איז "זמן חרותנו", דערמאנט דאס און אין דעדויף איז מודגש אז פריער איז געווען א מעמד ומצב פון עבדות, און די שמחה איז דערפאר וואס מ'איז אויסגעלייזט געווארן;

משא"כ ווען מ'זאגט "זמן שמחתנו" סתם, קען דאס זיין אזא שמחה וואס איז אינגאנצן ניט פארבונדן מיט אן ענין פון יציאה לחירות פון א מעמד ומצב של עבדות, ווארום אויך ביי איינעם וואס איז קיינמאל ניט געווען קיין עבד קען זיין דער ענין השמחה, און א שמחה גדולה ביותר.

וואס די צוויי אופנים אין שמחה, זיינען ע"ד די צוויי אופנים אין מנוחה[12]: די מנוחה וואס קומט גלייך נאך דער עבודה, וואס דעמולט הערט זיך אן אז פריער איז געווען א מעמד ומצב של עבודה, און איצטער רוהט ער-זיך אפ דערפון; און די מנוחה וואס איז ניט פארבונדן מיט אן ענין של עבודה ויגיעה.

ו. און ס'איז פארשטאנדיק, אז בשעת ס'איז קיינמאל ניט

- געווען -

---

11) כהרי"ל (בשם י"א). הובא בחק יעקב או"ח סת"צ סק"ט.
12) ראה או"ה נח נז, ב. הנעך הדס"ו ע' תתקכד. ובכ"מ.

געווען קיין ענין של עבדות, איז די שמחה גרעסער פון א שמחה וואס איז פארבונדן מיט דער יציאה פון א מעמד ומצב של עבדות,

ווארום בשעת ער איז אמאל געשטאנען אין א מעמד ומצב של עבדות, איז ער טאקע שמח דערפון וואס ער איז ארויסגעגאנגען מעבדות לחירות, ער געדיינקט אבער אז אמאל איז ער געווען אין א מעמד ומצב של עבדות, וואס דער זכרון שטערט אז די שמחה זאל זיין בשלימות; משא"כ ווען ס'איז קיינמאל ניט געווען קיין ענין של עבדות, ס'איז מלכתחלה א מעמד ומצב של חירות, וואס דעמולט איז די שמחה גדולה ביותר.

וואס אע"פ אז ס'איז דא א מעלה אין דער שמחה פון דער יציאה מעבדות לחירות לגבי די שמחה פון א מעמד ומצב של חירות מלכתחלה,

כמבואר בכ"מ[13] אז ווען ער גייט ארויס פון א מעמד ומצב וואס ער איז געווען בשבי' און טוחן בבית האסודים וכו', איז דעמולט דא א שמחה גדולה ביותר, אין אן אופן וואס איז שלא בערך לגמרי, מצד דערויף וואס ער גייט אריבער מן הקצה אל הקצה, ווארום ער האט פארזוכט דעם טעם פון עבדות, איז ביי אים דא גאר א גרויסע שמחה, דערפון וואס ער איז דערפון אויסגעלייזט געווארן; משא"כ ווען ס'איז מלכתחלה א מעמד ומצב של חירות, וואס דעמולט הערט ער ניט אן אויף אזוי פיל די מעלה שבזה, ובלשון הידוע[14] אז תענוג תמידי אינו תענוג -

איז אבער אויך דא א מעלה אין דעם ענין השמחה וואס איז ניט פארבונדן מיט א מעמד ומצב של עבדות (ווען ס'איז מלכתחלה אן ענין של חירות), מצד דערויף וואס מ'האט אינגאנצן ניט קיין שייכות צו דעם ענין פון עבדות.

ד.ה. אז איןביידע אופנים איז דא א מעלה, ויש בזה מה שאין בזה.

ז. די מעלה וואס איז דא אין דער יציאה מעבדות לחירות, איז אויך מודגש אין דערויף וואס אין ימות המשיח וועט מען אויך דערמאנען דעם ענין פון יצי"מ (ווי מ'זאגט אין דער הגדה)[15]:

די גאולה אין ימות המשיח וועט דאך זיין א גאולה שאין אחרי' גלות[16], ובמילא וועט מען קענען פארגעסן אויף דעם

- גאנצן -

------------

13) תניא פל"א (מ, סע"א ואילך). 14) אוה"ת מסות ע' א'שכט. ועוד. 15) ברכות יב, סע"ב במשנה. 16) תוד"ה ה"ג ונאמר - פסחים קטז, ב.

גאנצן ענין הגלות, ווארום אע"פ אז פריער איז געווען דער ענין פון גלות, איז אבער וויסנדיק אז מכאן ולהבא וועט בטל ווערן דער גאנצער ענין הגלות, פועל'ט דאס א שמחה וואס איז העכער פון דעם ענין היציאה מעבדות לחירות.

אבער אעפ"כ וועט מען דערמאנען דעם ענין פון יצי"מ אויך אין ימות המשיח, אע"פ וואס יצי"מ איז א גאולה שיש אחרי' גלות - די ד' גליות וואס זיינען געווען דערנאך (וואס גלות מצרים איז דער שורש לכל הגליות[17], וואס דערפאר איז "כל המלכיות נקראו ע"ש מצרים ע"ש שהם מצירות לישראל"[18]), ד.ה. אז אין דערויף איז מודגש די יציאה מעבדות לחירות -

וויבאלד אז "אנוס ע"פ הדיבור" (עס איז דא דער ציווי "למען תזכור את יום צאתך מארץ מצרים כל ימי חייך"[19]) - מצד די מעלה וואס איז דא אין דעם אריבערגאנג מן הקצה אל הקצה, מעבדות לחירות, ובלשון הידוע - דער ענין פון אתכפיא, מיט כל הביאורים שבזה[20].

ד.ה. אז לולא הציווי וואלט מען אין ימות המשיח ניט דערמאנט דעם ענין פון עבדות, נאר מצד הציווי דערמאנט מען עכ"פ דעם ענין פון <u>יציאת</u> מצרים (די יציאה פון דעם מעמד ומצב של עבדות), מצד די מעלה וואס איז דא אין דער יציאה מעבדות לחירות.

ח. וי"ל אז דאס איז דער חילוק צווישן שש"פ און אחש"פ:

שש"פ קומט בהמשך צו יום ראשון של פסח, ער איז דער שביעי פון דעם ראשון, נאר אין דערויף גופא איז ער באופן נעלה יותר (מצד דעם ענין פון "מעלין בקודש"), ובכללות זיינען שבעת ימי הפסח פארבונדן מיט שבעת ימי ההיקף.

און דערנאך קומט דער ענין פון אחש"פ, וואס ער איז שוין א סוג בפ"ע, ער ווערט ניט אנגערופן שמיני של פסח (בהמשך צו די פריערדיקע טעג), נאר אחש"פ, דערפאר וואס ער איז א סוג וענין בפ"ע (נוסף אויף דער מעלה וואס עס קומט צו מצד "מעלין בקודש").

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז שש"פ איז נאך א המשך צו יצי"מ, ד.ה. אז אין דערויף איז נאך מודגש דער מעמד ומצב של עבדות, משא"כ אחש"פ, וואס ער איז אן ענין בפ"ע, ס'איז ניט פארבונדן מיט דעם מעמד ומצב של עבדות, נאר מלכתחלה אן ענין של חירות.

- ט. -

---

17) לקו"ת להאריז"ל פ' כי תצא. וראה סה"מ תש"ט ע' 107.
18) ב"ר פט"ז, ה. 19) ראה שם, ג. 20) ראה סה"ב תש"ח ע' 167. ובארוכה - ד"ה ובראשי חדשיכם דבוצאי ש"פ אחרי תשל"ח.

ס. עפ"ז וועט מען אויך פארשטיין פארוואס איז דער ענין פון סעודה כשיה באחש"פ דוקא, און ניט בשביעי של פסח,

וואס אע"פ אז מצד דעם ענין פון "כעלין בקודש" איז דא א מעלה אין אחש"פ לגבי שש"פ, איז דאס אבער נאך ניט קיין טעם מספיק אויף דעם וואס דער ענין פון סעודה משיח איז ניטא אויך בשש"פ (ניט נאר באחרון של פסח),

ובפרט לויט ווי גערעדט פריער (ס"ב) וועגן גודל המעלה פון שש"פ, אז דעמולט איז "עצרת לה' אלקיך לא תעשה מלאכה" סתם, אפי' מלאכת אוכל נפש, ביז וואנעט אז דאס קומט אראפ אויך אין א דין ע"פ נגלה, אז דערפון לערנט מען אפ[21] אז דער וואס איז מתענה ביו"ט, איז ער אסור אפי' אין מלאכה אוכל נפש (דער דין איז אויך אין אלע ימים טובים, אבער בגלוי ובפירוש שטייט דאס בנוגע צו שש"פ),

וואס עפ"ז האט דאך לכאו' געדארפט זיין דער ענין פון סעודת משיח (ניט נאר אין אחש"פ, נאר) אויך אין שש"פ?

איז דער ביאור בזה פארשטאנדיק ע"פ האמור לעיל:

דער ענין פון סעודת משיח איז פארבונדן מיטן מעמד ומצב וואס וועט זיין אין ימות המשיח, וואס דער תכלית השלימות אין ימות המשיח איז, אז ס'איז אינגאנצן ניטא קיין זכר פון דעם ענין הגלוה,

ככבואר אין שער האמונה[22] אז דאס וואס מ'זאגט[23] "אין בין העוה"ז לימות המשיח אלא שעבוד מלכיות בלבד", רעדט זיך נאר וועגן די ערשטע תקופה פון ימות המשיח, וואס דעמולט וועט מען נאך געדיינקען דעם מעמד ומצב פון "שעבוד מלכיות". און אין דעריויף וועט באשטיין דער חידוש פון ימות המשיח, אז דעמולט וועט ניט זיין דער ענין פון "שעבוד מלכיות", ווי ס'איז פארשטאנדיק פון דעם לשון "אין בין כו' אלא שעבוד מלכיות", אז מ'דארף שולל זיין דעם ענין פון "שעבוד מלכיות":

דערנאך וועט אבער זיין די צווייטע תקופה פון ימות המשיח. לאחר תחייה המתים, וואס דער חידוש דערפון וועט ניט זיין דער שלילת הענין פון "שעבוד מלכיות", נאר עס וועט זיין א מציאות חדשה לגמרי (ע"ד הענין פון תחיית המתים כפשוטו. אז עס ווערט א מציאות חדשה), עס וועט זיך אינגאנצן ניט אנהערן אז מ'איז ארויס פון א מעמד ומצב פון "שעבוד מלכיות", דערפאר וואס אין יענעם מעמד ומצב איז

- אינגאנצן -

------------

21) מג"א או"ח סתקכ"ז סקכ"ב. וראה לקו"ת צו שם.
22) פט, ב. 23) ברכות לד, ב. וש"נ.

אינגאנצן ניט שייך קיין ענין של עבדות און "שעבוד מלכיות".

און דערפאר איז סעודתו של משיח פארבונדן מיט אחש"פ דוקא און ניט מיט ש"פ, וויבאלד אז דער ענין פון אחש"פ איז אן ענין וסוג בפ"ע, וואס איז ניט פארבונדן מיט קיין ענין של עבדות (ווי די פריערדיקע טעג פון פסח, כולל אויך ש"פ), ס׳איז מלכתחלה א מעמד ומצב של חירות - ע"ד ווי ס׳וועט זיין אין תכלית השלימות פון ימות המשיח, א מעמד ומצב וואס איז מלכתחלה ניט שייך צום ענין פון "שעבוד מלכיות".

י. די הוראה און דער "בכן" דערפון בנוגע לפועל - כמדובר כמ"פ אז פון אלע מועדים וימים טובים דארף מען ארויסנעמען א הוראה אין עבודת ה׳ על כל השנה כולה:

ווען א איד איז זיך עוסק אין תומ"צ, שטייט ער אין א מעמד ומצב של חירות, כמרז"ל[24] אין לך בן חורין אלא מי שעוסק בתלמוד תורה", ווארום די תורה איז חכמתו ורצונו של הקב"ה[25], און "תורה קדמה לעולם"[26], תורה איז העכער פון וועלט, און דערפאר ווען ער איז זיך עוסק אין תורה, איז ער העכער פון די הגבלות פון וועלט.

ועד"ז איז אויך בנוגע צו קיום המצוות, אז דעמולט שטייט ער אין א מעמד ומצב פון חירות. ווארום ער איז מקיים די מצוות דערפאר וואס "קדשנו במצותיו וצונו", במילא איז ער עבדו של הקב"ה, וכמרז"ל[27] "שטרי קודם", ובמילא שטייט ער אין א מעמד ומצב פון "עבד מלך כמלך"[28], און נאכמער: "עבד מלך מלך"[29].

וכמדובר כמ"פ אז דאס וואס "דינא דמלכותא דינא"[30], איז נאר בנוגע צו ענינים וועלכע זיינען ניט בסתירה מיט קיום התומ"צ, ווען עס קומט אבער צו אן ענין פון תומ"צ, איז ניטא דער גאנצער ענין פון "דינא דמלכותא דינא", ס׳איז ניטא קיין מציאות של עבדות, ער שטייט אין א מעמד ומצב פון "בן חורין".

וכידוע דער פתגם פון כ"ק מו"ח אדמו"ר[31], אז די נשמה איז מלכתחלה ניט געגאנגען אין גלות - ווען עס רעדט זיך וועגן ענינים פון דער נשמה, ענינים פון תומ"צ וכו׳, איז דארטן ניטא די גאנצע מציאות פון גלות,

- וואס -

---

24) אבות פ"ו מ"ב. 25) תניא פ"ד (ח, סע"א). ובכ"מ. 26) ב"ר פ"א. ד. ועוד. 27) תו"א ופרש"י עה"פ בהר כה, מב. 28) שבועות מז, ב. 29) פרש"י עה"פ בהעלותך יב, ח. דברים א, ז. 30) גיטין י, ב. ועוד. 31) לקו"ד כרך ד תרצא. ב. סה"מ קונטרסים ח"א קעה, ב.

וואס אע"פ אז דער קיום פון תומ"צ דארף זיין ע"י הגוף דוקא, ווערט דאס אבער אויפגעטאן ע"י אמצעות הנשמה, און די נשמה איז קיינמאל ניט געגאנגען אין גלות.

יא. און אין דעם מעמד ומצב של חירות וואס איז דא אין קיום התומ"צ, קענען זיין צוויי אופנים:

ער פילט אז ס'איז דא א מעמד ומצב של עבדות, און ער גייט דערפון ארויס, און שטייט אין א מעמד ומצב של חירות.

דערנאך איז אבער דא א מעמד ומצב של חירות נעלה יותר - אז ס'איז מלכתחלה ניטא קיין ענין של עבדות, ס'איז ניטא קיין ענין של עבדות מיט וועלכן ער דארף מלחמה האבן און ארויסגיין דערפון.

בדוגמא ווי עס וועט זיין לע"ל, לאחרי תחיית המתים, וואס דעמולט וועט זיין א מציאות חדשה לגמרי, און דער אויפטו וועט ניט זיין אין שלילת הענין פון "שעבוד מלכיות", ווארום דעמולט איז מלכתחלה ניט שייך דער גאנצער ענין פון "שעבוד מלכיות".

יב. עפ"ז וועט מען פארשטיין דאס וואס חנני' מישאל ועזרי' האבן געזאגט צו נבוכדנאצר, אז ווען עס רעדט זיך וועגן עניני העולם, וועלן זיי אים פאלגן, אבער בנוגע צו ענינים פון תומ"צ, איז "אה וכלב שוים"[32] -

וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק, פארוואס האבן זיי געזאגט אזא אויסשפראך: עס דארף דאך זיין דער ענין פון כבוד מלכות, און ווי מ'געפינט אז ס'איז געווען "וישנס כהניו גו'"[33] אפי' בנוגע צו אזא מלך וכו', עאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן נבוכדנאצר וואס ער איז געווען "שבט אפי"[34], און אויף אים זאגט מען "והלבנון באדיר יפול"[35], תורת אמת רופט אים אן "אדיר" - האבן זיי זיך געדארפט פירן מיט אים אין דעם אופן המתאים צו כבוד מלכות, איז פארוואס האבן זיי אים געזאגט אזא אויסשפראך וואס איז אן ענין של ביטול לגמרי?!

איז דער ביאור בזה:

דער ענין פון א כלב איז, אז ער איז שומר את העדר.

[ו]וי מ'געפינט אין מדרש[36] אז מ'איז מפליא דעם ריבוי

- הכלבים -

------------

32) במדב"ר פט"ו, טו. 33) מ"א יח, מו. וראה מצו"ד עה"פ. זבחים קב, א. 34) ל' הכתוב - ישעי' י, ה. 35) ישעי' שם, לד. וראה גיטין נו, ריש ע"ב. 36) ב"ר פע"ג, יא.



הנחה הה' בלתי מוגה

הכלבים וואס יעקב אבינו האט געהאט, וואס ענינם פון די כלבים איז געווען, היטן דעם עדר.

וואס לכאו׳ איז ניט פארשטאנדיק: וואס איז נוגע דער ריבוי מספר הכלבים, נוגע איז נאר דער ריבוי העדרים וואס ער האט געהאט, ווי מ׳זעט פון דער מנחה וואס ער האט געשיקט צו עשו׳ן, אז דארטן זיינען געווען א ריבוי מינים, סיי מינים טהורים און סיי מינים טמאים -

נאר וויבאלד אז די כלבים זיינען שומרים את העדר, איז בשעת מ׳זאגט אז עס זיינען געווען ריבוי כלבים, איז פארשטאנדיק אז עס זיינען געווען ריבוי עדרים פון צאן ובקר, וואס צוליב זיי האט מען געדארפט האבן אזוי פיל כלבים.

און דאס האבן זיי אים געוואלט מרמז זיין, אז ווען עס קומט צו ענינים פון תומ"צ, איז "את וכלב שוים", זיין גאנצע מציאות איז - ער זאל זיין דער שומר את העדר, ד.ה. אז ער איז א טפל צום עדר, וואס אין דעם עדר זיינען דא ריבוי מינים, מינים טהורים און מינים טמאים, און ער איז א טפל צום גאנצן עדר.

וואס דערמיט האבן זיי אים געזאגט, אז ווען עס קומט צו ענינים פון תומ"צ, איז ער אינגאנצן ניט קיין מציאות, זיין גאנצע מציאות איז נאר - שומר את העדר, א טפל צום עדר, ד.ה. ניט אז ער איז א מציאות וועלכע מ׳דארף מהפך זיין לטוב,

[ע"ד ווי די גמרא[37] זאגט בנוגע צום נחש "חבל על שמש גדול שאבד מן העולם", אז בתחלת ברה"ע, ווען "עולם על מילואו נברא"[38], איז דער נחש געשטאנען אין א מעמד ומצב פון "שמש גדול"],

נאר זיין גאנצע מציאות איז - א מציאות של טפל, שומר את העדר.

יב. ונחזור לעניננו - די הוראה וואס מ׳נעמט ארויס פון אחש"פ על כל השנה כולה:

די עבודה אין קיום התומ"צ דארף זיין אין אן אופן של חירות לגמרי, אז ס׳איז מלכתחלה ניטא קיין מציאות של עבדות - ע"ד ענין החירות פון אחש"פ, וואס עס האט קיין שייכות ניט צו אן ענין של עבדות (כנ"ל בארוכה).

בתחלת העבודה שטייט ער טאקע אין א מעמד ומצב אז ער האט א שייכות מיט עניני העולם, און ער דארף ארויסגיין פון

- די -

---

37) סנהדרין נט. ב.   38) ראה ב"ר פי"ד, ז. פי"ג, ג.

די אלע ענינים, און עוסק זיין זיך אין לימוד התורה,

כמבואר אין תניא[39] אז בהלה הלימוד דארף זיין די הכנה פון "מסירת נפשו לה'", אז ער זאגט זיך אפ פון כל עניני העולם, און פארנעמט זיך מיט לימוד התורה,

אבער דעמולט איז דער לימוד התורה נאך ניט בשלימות, ווי ס'איז פארשטאנדיק בפשטות, אז בשעת ער דארף שולל זיין די העלמות והסתרים פון עניני העולם, קען ניט זיין די העמקה אין לימוד התורה בשלימות, ווארום ער איז פארנומען מיט שולל זיין די העלמות והסתרים.

דוקא ווען ער שטייט אין א מעמד ומצב של חירות לגמרי, ער האט ניט קיין שייכות מיט אן ענין של עבדות, מיט עניני העולם, ער דארף ניט שולל זיין ענינים פון העלמות והסתרים - דעמולט קען זיין דער לימוד התורה בתכלית השלימות.

וואס בכללות זיינען דאס די צוויי אופני עבודה פון אתכפיא און אתהפכא:

תחלת העבודה איז אין אן אופן פון אתכפיא, כמבואר אין תניא[40] דער ענין פון "עובד אלקים", אז ער האט מלחמה מיטן טבע פון נה"ב, ביז אפי' מיטן טבע פון נה"א,

און דערנאך קומט די עבודה פון אתהפכא, אז ער דארף גאר ניט מלחמה האבן מיטן טבע העולם, דעדפאר וואס דער טבע איז גאר ניט קיין כנגד.

יד. ובנוגע לפועל:

מ'האט שוין גערעדט כמ"פ אז דער ענין פון לימוד התורה דארף זיין אין אן אופן אז ווען עס קלינגט דער טעלעפאן, דארף ער ניט האבן קיין השתדלות ער זאל פועל'ן בא זיך כמעט זיין אין לימוד התורה און ניט אויפהויבן דעם טעלעפאן, ווארום דאס האט מיט אים קיין שייכות ניט, איצטער איז זיין מציאות - תורה, און בעולמו איז ניטא קיין אנדער זאך.

ס'איז ניט דער טייטש אז ער הערט ניט אז עס קלינגט דער טעלעפאן - ער האט דעם חוש השמיעה, הערט ער אז עס קלינגט דער טעלעפאן,

וואס דער חוש השמיעה איז ניט אזוי ווי אנדערע חושים, חוש הדיבור וכיו"ב, וואס בשעת ער וויל דאס ניט טאן, טוט ער דאס ניט - נאר ער מוז הערן.

- בא -

------------

39) ספמ"א.  40) פט"ו.

בא יחידי סגולה געפינט מען טאקע אז זיי זיינען געווען בעלי-בתים אויך אויף זייער חוש השמיעה, כידוע דער סיפור מיטן רבי'ן נ"ע - ער האלט נאך אבער ניט אין אזא הויכע דרגא, הערט ער יע,

דאס האט אבער קיין שייכות ניט צו אים, עס אַרט אים ניט, ווארום בעולמו איז דאס ניטא.

דאס איז פונקט ווי ער הערט ווי עס פאלט אראפ א לעפל, אדער אז א לעפל פאלט אראפ פון איין טעלער אין דער צווייטער טעלער, וואס מצד דערויף וואס ער האט דעם חוש השמיעה, הערט ער דאס, ס'איז אים אבער אינגאנצן ניט נוגע (דאס איז נוגע צום קינד וואס שפילט זיך דערבים).

ווען ער לערנט תורה, איז ניטא קיין אנדער זאך בעולמו, מערניט ווי דער ענין וואס ער לערנט אין תורה - דער ענין פון "המחליף פרה בחמור" (וואס די דוגמא ווערט אראפגעבראכט בכ"מ) וכיו"ב.

ובדוגמא ווען דער טעלעפאן קלינגט בשבת ויו"ט, דארף ער דאך ניט האבן קיין השתדלות פועל'ן בא זיך ער זאל ניט אויפהויבן דעם טעלעפאן - איז עד"ז אויך ווען ער לערנט תורה, דארף דאס זיין אין דעם זעלבן אופן, אז ער דארף ניט האבן קיין השתדלות פועל'ן בא זיך ער זאל ניט אויפהויבן דעם טעלעפאן.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דאס איז ניט קיין ענין וואס איז שייך מערניט ווי צו יחידי סגולה, נאר ס'איז אן ענין וואס איז שייך צו יעדער אידן - ווי געבראכט די דוגמא דערפון וואס בשבת ויו"ט דארף ער ניט האבן קיין השתדלות פועל'ן אויף זיך ער זאל ניט אויפהויבן דעם טעלעפאן, וואס דאס איז אן ענין וואס איז שייך צו יעדער אידן.

און אע"פ אז נוסף אויף דעם ענין פון לימוד התורה דארף ער טאן אויך אנדערע ענינים - מאנט מען אבער פון אים אז אין דעם זמן וואס ער לערנט תורה, זאל דאס זיין אין אופן אז דעמולט איז בעולמו ניטא קיין אנדער זאך, מערניט ווי דער ענין פון לימוד התורה.

כו. ועאכו"כ אז בשעה ער לערנט תורה, טראכט ער ניט וועגן די ענינים של מטהר וואס וועלן זיין נאך דעם זמן הלימוד (וואס ער איז א גרויסער סוחר - אלע דרייען אים, און ער דרייט אלעמען) - ע"ד ווי ער טראכט ניט בשבת ויו"ט וועגן

- די -

------------

41) לקו"ט ח"א ע' 25 ואילך.

די עניני מסחר וואס וועלן זיין ווען דער טעלעפאן וועט קלינגען במוצאי שבת ויו"ט.

ועד"ז וועט א רב שטייט באחש"פ, און ער האט דאך בא זיך שטרות פון מכירת המץ, הויבט ער אן טראכטן אז באלד קומט דער זמן וואס ער דארף אפקויפן צוריק דעם המץ, און ער האט דאך מענטשן וואס האבן אים פארקויפט זייער המץ, און זיי וועלן דאס באלד גיין נוצן וכו׳ - איז וועט מ׳געפינט זיך נאך אין אחש"פ דארף ער וועגן דערויף ניט טראכטן, ערשט ווען עס וועט קומען דער זמן וועט ער טראכטן וועגן דעם.

און ווי מען געפינט[42] אז ווען עס רעדט זיך וועגן א שיעור של חמשים אמה, וואס אפילו א חוט השערה בייט שוין דעם שיעור, זאגט מען אז דער שיעור איז בדיוק, און "כל מדות חכמים כן הוא" - ביז דער נקודה איז דאס אויף איין אופן, און פון דער נקודה הויבט זיך אן א מציאות חדשה.

ועד"ז בנדו"ד - כל זמן מ׳שטייט נאך אין די רגעים פון אחש"פ (אין חו"ל, און אין א"י - אין שש"פ), זיינען אלע ענינים פון חמץ ניטא במציאות, ווארום וויבאלד אז ס׳איז דא דער איסור פון "בל יראה" און "בל ימצא", איז פארשטאנדיק אז ער טראכט ניט וועגן דערויף, ברשותו ובעולמו איז דאס ניטא במציאות.

ועד"ז איז דאס אויך אין נמשל - אז ווען עס רעדט זיך וועגן ענינים וואס זיינען היפך פון מצה, טראכט ער אינגאנצן ניט וועגן דערויף, ווארום ער שטייט נאך אין די רגעים פון אחש"פ,

ד.ה. אז דאס איז אין אן אופן וואס ער דארף גארניט האבן קיין מלחמה מיט די ענינים, אין אן אופן של אתכפיא, ווארום די גאנצע מציאות פון עמלק׳ן איז ניטא, עס איז ניט געבליבן קיין זכר דערפון - און אין אזא אופן איז כללות עבודהו.

און "לא בשמים היא"[43] - ווי מ׳זעט במוחש אז בנוגע צו שבת ויו"ט איז די ההעסקוה אין עניני העולם אינגאנצן מושלל ביי אים. און ער דארף גארניט האבן קיין מלחמה פועל׳ן דאס בא זיך.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז "לא רחוקה היא"[44] אז אויך אין ימות החול, ווען ער איז זיך עוסק אין די ענינים פון תומ"צ. זאל ער אינגאנצן ניט דארפן שולל זיין די מציאות פון עניני העולם, ווארום אע"פ אז ער הערט טאקע אז

- די -

------------

42) ב"ב כג, ב ובהוד"ה ועל דא. 43) נצבים ל, יב. 44) שם, יא.

די מציאות איז דא בעולם, איז אבער בעולמו ניטא די גאנצע זאך, און ס'איז אים אינגאנצן ניט מבלבל.

טז. און דאס איז דער אויפטו פון אחש"פ, וואס דעמולט איז דא דער ענין פון סעודתו של משיח:

מ'האט גערעדט אמאל בארוכה[45], אז דער אויפטו פון סעודתו של משיח איז, אז דער ענין פון משיח קומט אראפ אין אן ענין גשמי בגלוי.

בשעת מ'רעדט וועגן משיח, איז דאס נאר ווי משיח שטייט אין דיבור; בשעת מ'לערנט וועגן משיח, איז דאס ווי משיח שטייט אין אמיתית המציאות - אין תורה;

עס איז אבער דא אן אופן וואס דער ענין פון משיח קומט אראפ בגלוי אין גשמיות, ביז אז דאס ווערט דם ובשר כבשרו - ווי רבותינו נשיאינו זאגן אז דער ענין איז דא פעם אחת בשנה, אין סעודתו של משיח.

וואס לכאו', איז ניט פארשטאנדיק וואס איז דער עילוי פון אחש"פ לגבי די אנדערע טעג פון פסח: ס'איז דאך ידוע דער מורא'דיקער ווארט וואס שטייט אין המשך וככה[46], אז ווען מ'עסט מצה עסט מען אלקות (דערפאר וואס מצה איז דער ענין פון מותין דאבא וכו'), ד.ה. אז אלקות ווערט דם ובשר כבשרו איז וואס איז שוין דער אויפטו פון סעודת משיח?!

איז דער ביאור בזה - ע"ד דער חילוק הערך וואס איז דא אין אחש"פ לגבי שבעה ימי הפסח, אז דאס איז בדוגמא צו דער צווייטער תקופה פון ימות המשיח, אז דעמולט איז מען גארניט שולל די מציאות פון גלוה - איז עד"ז אויך דער עילוי פון סעודה משיח לגבי די אנדערע טעג פון פסח, ווי דער ביאור אין דערויף זאל נאר זיין.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז פון אחש"פ נעמט מען דעם כח אז די עבודה אין תומ"צ בכל השנה כולה זאל זיין אין אן אופן אז עס זיינען ניטא קיינע ענינים המבלבלים - וויבאלד אז דעמולט איז דא דער ענין פון סעודתו של משיח, ד.ה. אז דער ענין פון משיח קומט אראפ אין גשמיות בגלוי, און אין ימות המשיח איז ניטא קיין מציאות של גלות, עס זיינען אינגאנצן ניטא קיינע ענינים המבלבלים.

יז. און דאס איז די הוראה בפועל וואס מ'נעמט ארויס פון אחרון של פסח:

- אחש"פ -

------------

45) לקו"ש ח"ז ע' 273. 46) הרל"ז פ"ס.

אחש"פ דערמאנט אז מ'מאנט בא יעדער אידן (און יעדער איד קען צוקומען דערצו) אז אין דעם זמן פון ליכוד ההורה, זאל בעולכו ניט זיין קיין אנדער זאך, מערניט ווי דער ענין פון ליכוד ההורה.

וואס אע"פ אז קודם הליכוד האט ער זיך אויך מהעסק געווען מיט עניני קדושה, עניני הרשות, "כל מעשיך יהיו לשם שמים"[47], און "בכל דרכיך דעהו"[48], אעפ"כ, ווען ער לערנט הורה, שטעלט ער זיך אוועק אין אן אנדער מעמד ומצב לגמרי, ער איז העכער פון וועלט, ובמילא זיינען ניטא קיינע ענינים המבלבלים.

ווארום וויבאלד אז "הורה קדמה לעולם", איז פארשטאנ-דיק, אז ווען ער לערנט תורה שטייט ער העכער פון וועלט,

ווארום אין "הורת אמה" זיינען ניטא קיין שינויים, און ווי דער רמב"ם[49] זאגט "זאת ההורה לא ההא מוהלפה", איז פארשטאנדיק אז דאס וואס "זאה התורה לא ההא מוחלפת", איז ניט נאר לגבי מארגן, נאר אויך לגבי ווי הורה איז געווען ווען "הורה קדמה לעולם", ד.ה. אז איצטער איז אויך "הורה קדמה לעולם".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז פונקט אזוי ווי קודם ברה"ע האט מען ניט גערארפט הארעווען אז די ענינים פון וועלט זאלן ניט מבלבל זיין צו הורה (וויבאלד אז ס'איז נאך ניט געווען קיין וועלט. "הורה קדמה לעולם"), איז עד"ז אויך איצטער. וויבאלד אז "זאה ההורה לא ההא מוהלפה", ד.ה. אז דערפון נעמט מען דעם כח אז איצטער זאל דאס אויך זיין אין דעם זעלבן אופן - ובמילא איז קיין פלא ניט ווי אזוי קען ער טאן עבודהו אין אן אופן ווי ס'איז ניטא קיין מציאות פון וועלט.

און וויבאלד אז "ליכוד מביא לידי מעשה"[50], איז פארשטאנדיק, אז בשעה דער ליכוד ההורה איז אין אן אופן אז ס'איז ניטא קיין מציאות פון וועלט, פועל'ט דאס אז דער מעשה (וואס קומט ארויס פון דעם לימוד) זאל אויך זיין אין דעם זעלבן אופן, אז דעמולט איז ניטא קיין מציאות פון וועלט.

יח. און דאס איז די נהינה מה וואס מ'נעמט פון אהש"פ על כל השנה כולה, אז די עבודה זאל זיין אין אן אופן אז ס'איז

- ניטא -

------------

47) אבות פ"א מי"ב. 48) משלי ג, ו. 49) עיקר הט' מי"ג עקרים. וראה רמב"ם הל' יסוה"ה רפ"ט. הל' מלכים פי"א סוף ה"ג. פיהמ"ש לפ' חלק יסוד התשיעי (ע"פ הוצאה הרב קאפח). 50) קידושין מ, ב.

ניטא קיין מציאות פון וועלט, בדוגמא ווי דער אופן העבודה פון שבת, וואס שבת איז העכער פון וועלט.

וואס אין שבת זיינען דאך דא צוויי דרגות[*]: שבת איז דער יום השביעי, ד.ה. ער קומט בהמשך צו די ששה ימים שלפניו, נאר ער איז העכער פון זיי; און ס'איז דא די העכערע דרגא אין שבת - אז שבת איז למעלה מהזמן,

[וואס דאס איז דאך דער ביאור אויף דעם וואס לאחרי השבת הויבט מען אן זאגן נאכאמאל "היום יום ראשון בשבת", דערפאר וואס שבת איז למעלה מהזמן, און דערנאך הויבט זיך אן א מנין חדש פון זמן],

וכמבואר בכ"מ, אז תכלית השלימות פון שבת איז דער ענין וואס שבת איז למעלה מהזמן.

און דאס איז אויך דער קשר (בדא"פ) פון שבת מיט שביעי של פסח און אחרון של פסח:

שבת איז דער ענין פון ספירת המלכות, וואס זי איז כולל אלע שבעת ימי ההיקף, וואס דאס איז די ערשטע דרגא אין שבת; און צוזאמען דערמיט איז שבת דער ענין פון ספירת הבינה[*], דער ענין פון חירות[*], וואס זי איז די ספירה השכיניה (כלמסלמ"ע), דער ענין וואס איז שומר ההיקף[*], וואס דאס איז די העכערע דרגא אין שבת, דאס וואס שבת איז למעלה מהזמן.

וואס די ערשטע דרגא אין שבת, איז ע"ד הענין פון שש"פ, און די העכערע דרגא פון שבת, דאס וואס שבת איז למעלה מהזמן, ספירת הבינה, איז ע"ד הענין פון אחרון של פסח -

וואס אין אה"ק איז דאס נכלל אין שש"פ, ע"ד ווי די העכערע דרגא פון שבת איז נכלל אין די נידעריקע דרגא; און אין חו"ל, אין א מעמד ומצב וואס מ'דארף אנקומען צו מער גילוי, מער ביאור און מער פירוש, ווערט דאס פאנאנדערגע-טיילט אין א טאג בפ"ע - אחרון של פסח.

יט. ויה"ר אז בקרוב ממש זאל מען זוכה זיין "ליום שכולו שבת ומנוחה לחיי העולמים"[*], וואס ער איז כולל אין זיך אלע שבתות מיט זייערע שלימות וכו', בדוגמא ווי די גאולה העתידה (וואס וועט זיין אין דעם זכן וואס "יום שכולו שבת

- ומנוחה -

---

51) ראה ד"ה ויהי ביום השמיני תש"ד (פ"י-יא) והש"ה (פ"א-ב). 52) ראה לקו"ת אמור לו, ב. בהנסמן בלקו"ש שבה"ג תשל"ו הע' 50. 53) לקו"ת שם, ג. ר"ה ס, ב. וש"נ. 54) ראה תשובות הרשב"א ח"א ס"ט. ד"ה הנ"ל שם. 55) תמיד בסופה.

הנחת הת' בלתי מוגה

ומנוחה לחיי העולמים") איז כולל אין זיך אלע גאולות, ווארום די גאולה וועט זיין שלא בערך צו דער גאולה פון יצי"מ (אע"פ אז מ'זאגט "כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות"[56], מיט א כ"ף הדמיון, און אויך לע"ל וועט מען דערמאנען דעם ענין פון יצי"מ, דערפאר וואס "אנוס ע"פ הדיבור").

ויה"ר אז די עבודה זאל אראפקומען בפועל אין דער עבודה יום-יומית פון לימוד התורה וקיום המצוה, וואס דעמולט וועט דער לימוד התורה און קיום המצווה געשאן ווערן מתוך תענוג ושמחה, ווארום עס זיינען ניטא קיינע ענינים וועלכע מ'דארף שולל זיין, דערפאר וואס עס ווערט דער "מחה אמחה (אפי') את זכר עמלק"[57].

און דעמולט ווערט דער תענוג אמיתי, בדוגמת שלימות התענוג פון שבת, וואס בלשון החסידות איז דאס תענוג העצמי[58],

און עס ווערט א שמחה אן כדידות והגבלות, ווארום אע"פ אז די שמחה פון כללות המועדים איז במדידה והגבלה, כמבואר אין דרושי פורים[59], אעפ"כ, וויבאלד אז ס'איז דא דער "מיסמך גאולה לגאולה"[60], איז מען ממשיך די שמחה אין אן אופן פון "עד דלא ידע"[61] אין דעם "ידע" פון אחש"פ, און עס ווערט די שמחה הכי גדולה.

כ. די עבודה באופן האמור, אז מ'שטייט העכער פון טבע העולם, איז פארבונדן מיט כללות הגילוי פון דעם בעש"ט -

כידוע דער פתגם[62] וואס ר"מ הארדאקער האט געזאגט אויפן בעש"ט, אז "אחד הי' ומהקדמונים לא קם כמוהו ואחריו לעפר מי יקום", וכמבואר אין חסידות[63] דער גודל העילוי פון "בעל שם טוב", אז ער איז דער בעה"ב אויף דעם ענין פון "שם", און אפי' אויף אזא שם וואס מצ"ע איז ער "שם טוב" - איז ער דער בעה"ב פון דעם "שם טוב", ביז וואנעט אז יעדער ענין וואס איז למעלה מהטבע, זאגט מען אז דאס איז א "בעל-שם'סקע הנהגה", א "בעל-שם'סקע מעשה", א "בעל-שם'סקער מופת",

ועד"ז בנוגע צו די עבודה האמורה, אז בשעה מ'געפינט זיך אין ימות החול, און מ'עפענט א ספר פון תושב"כ, הושבע"פ, נגלה און חסידות, זאל מען שטיין אין א מעמד ומצב

- אז -

------------

56) מיכה ז, טו. 57) בשלח יז, יד. 58) ראה המשך תרס"ו ע' תקמד ואילך. 59) תו"א רד"ה חייב אינש הב' (צח, א). שם צט, ג ואילך. ועוד. 60) מגילה ו, סע"ב. 61) שם ז, ב. 62) באגרת שלו - נדפסה בספר פרי הארץ (זיטאמיר תרכ"ז ע' 60. ווארשא תרל"ט ע' 54). 63) ראה לקו"ש ח"ח ע' 27.

אז ס'איז ניטא קיין מציאות פון וועלט - איז דאס א "בעל-שם'סקע הנהגה", סיי ווען עס רעדט זיך וועגן יעדער אידן בפ"ע, עאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן א קבוצה פון אידן.

און דאס פועל'ט אז דער תענוג הכי אמיתי והכי גדול, און די שמחה הכי אמיתית והכי גדולה, זאל נמשך ווערן למטה אפי' אין ענייני החול,

און מ'שטעלט זיך אוועק למעלה פון דעם העלם והסתר פון וועלט, ביז אין אן אופן ווי ס'איז געווען לפני הצמצום, קודם שנבה"ע, וואס דאס גייט אויף כללות ההשתלשלות,

כן תהי' לנו אין דער עבודה היום-יומית, ומהוך הרחבה.

* * *

כא. האמור לעיל איז פארבונדן מיטן כללות הענין פון אחש"פ, וואס פריער איז דא דער יום ראשון פון פסח, און דערנאך קומט מען צו שש"פ, אין אן אופן פון "מעלין בקודש", וואס בכללות איז דאס דער ענין פון שבעת ימי ההיקף, ביז צום עילוי פון שש"פ וואס דערמולט איז "עצרת לה' אלקיך", כמבואר אין לקו"ת און אין די דרושים שלאח"ז;

און דערנאך קומט דער ענין פון אחש"פ, וואס דאס איז נאך העכער פון שבעת ימי ההיקף, וואס דערפאר ווערט ער אנגערופן אחש"פ און ניט שמיני של פסח (אזוי ווי שמיני עצרת), ווייבאלד ער איז אן ענין בפ"ע, צוזאמען מיט די הוראה וואס מ'נעמט ארויס דערפון, כנ"ל בארוכה.

דערנאך איז דאך אבער געקומען דער זמן וואס מ'האט מגלה געווען אז באחש"פ איז דא דער ענין פון סעודתו של משיח, וואס דערפון דארף אויך זיין א הוראה - נוסף אויף דער הוראה כללית פון אחרון של פסח.

כב. בנוגע צו סעודתו של משיח ווערט געברענגט אז דאס איז די סעודה שלישית פון אחש"פ, וואס דאס דערמאנט גלייך אויף דעם ענין פון שלש סעודות פון שבת - ד.ה. אז סעודת משיח איז פארבונדן מיט סעודה שלישית פון שבת.

וואס צווישן די שלש סעודות פון שבת, איז די סעודה שלישית די דרגא הכי נעליה:

אין כללות השבת זיינען דא כמה דרגות[64]: די מנוחה וואס איז פארבונדן דערמיט וואס ער איז נח ממלאכתו, וואס דורך דערויף נעמט ער אראפ דעם רושם פון דער טרחא ויגיעה שלפנ"ז,

- וואס -

---

64) ראה סידור קמט, א ואילך. אוה"ת נה נז. א ואילך. ועוד.

וואס אויף דערויף זאגט מען "מתוקה שנת העובד"[65], אז די שינה פון אן "עובד" איז אין אן אופן של בהיקות - וואס דאס איז די מנוחה פון "מעלי שבתא".

דערנאך איז דא דער ענין המנוחה וואס איז ניט פארבונדן מיט מלאכה (דאס וואס ער איז נח ממלאכתו), וואס אויף דערויף זאגט מען "שינה בשבת תענוג"[66] - וואס דאס איז דער ענין פון יומא דשבתא, די סעודה שני' פון שבת.

און דערנאך קומט דער ענין פון סעודה שלישית, וואס דאס איז די דרגא הכי נעלית אין שבת, כמבואר אין המשך תרס"ו[67] אז דאס איז בדוגמה "יום שכולו שבת ומנוחה לחיי העולמים".

כג. וויבאלד אז סעודה שלישית איז בדוגמת "יום שכולו שבת ומנוחה לחיי העולמים", זעט מען טאקע אז רבותינו נשיאינו האבן ניט מדייק געווען בנוגע צו סעודה שלישיה אז ס'זאל זיין א סעודה אזוי ווי די אנדערע סעודות, דערפאר וואס דאס איז בדוגמא צו לע"ל, וואס "אין בו לא אכילה ולא שתי'"[68].

און מ'פארבינדט דאס אויך דערמיט וואס דער לימוד[69] אז בשבת דארפן זיין ג' סעודות איז דערפון וואס ס'שטייט דריי מאל "היום", און וויבאלד אז צום דריטן מאל שטייט "היום לא תמצאוהו"[70], איז דאס ניט אזוי ווי די אנדערע צוויי סעודות, נאר דעמולט עסט מען ניט[71].

אבער אעפ"כ זעט מען אז ס'איז געווען די הוראה פון רבותינו נשיאינו[72] אז מ'זאל עפעס טועם זיין צו סעודה שלישית, טועם זיין פירות אדער מיני תרגימא, אדער ווי די עצה הידועה אז גלייך נאך קידוש זאל מען טועם זיין מיני תרגימא, כדי ס'זאל זיין קידוש במקום סעודה, און מפסיק זיין מיט תפלה מנחה, און ערשט דערנאך עסן סעודה שבת, וואס דעמולט ווערט דאס פאררעכנט פאר שלש סעודות, כידוע די תשובה פון ר' נחמי' דובראווונער אין דברי נחמי'[73], ווי געערדט אמאל באריכה די שקו"ט בזה.

ביז וואנעט אז עס זיינען געווען חסידים וואס האבן מקפיד געווען און מהדר געווען אינגאנצן ניט עסן סעודה שלישית, דערפאר וואס דאס איז בדוגמא צו לע"ל, און מסתמא זיינען איצטער אויך דא אזעלכע חסידים, און מ'איז דאס ניט

- שולל -

------------

65) קהלת ה, יא. 66) יל"ר עה"פ ואתחנן ד, יט. 67) שם. 68) ברכות יז, א. 69) שבת קיז, סע"ב. שו"ע אדה"ז ר"ס עדר. 70) בשלח טז, כה. 71) היום יום ע' ל. 72) היום יום שם. 73) חלק או"ח סי"ז-יט.

שולל, ווארום אזוי האבן זיך געפירט זקני החסידים, און מסתמא אויך די חסידים הראשונים -

מ'איז נאר מעורר וועגן דער הנהגה פון רבותינו נשיאינו בזה, אדער די עצה וואס מ'האט געזעהן כמ"פ בא כ"ק מו"ח אדמו"ר, אז נאך קידוש פלעגט ער עפעס טועם זיין, און דאוונען מנחה, און דערנאך עסן סעודת שבת, אדער די עצה פון דעם רבי'ן נ"ע, אז מ'זאל טועם זיין צו סעודה שלישית פירות און מיני תרגימא, אדער יוצא זיין מיט דברי תורה.

דערביי דארף מען אבער באווארענען, אז ווען מ'וויל יוצא זיין מיט דברי תורה, זאל מען ניט זאגן קיין אייגענע חידושי תורה, ווארום עס קען דאך זיין אז במוצאי שבת וועט קומען א צווייטער און וועט אפפרעגן די חידושי תורה וואס ער האט מחדש געווען, וועט נתברר ווערן אז דאס איז ניט קיין דברי תורה, ובמילא האט ער ניט יוצא געווען ידי חובת סעודת שלישית!

כד. דער ענין וואס מ'געפינט בא סעודה שלישית, אז פון איין זייט זאגט מען אז דעמולט איז "היום לא תמצאוהו", און דאס איז בדוגמא צו לע"ל וואס "אין בו לא אכילה ולא שתי'", וואס דערפאר איז דאס ניט קיין סעודה ווי די אנדערע סעודות, ולאידך זאגט מען אז מ'דארף עפעס טועם זיין - געפינט מען אויך בנוגע צו שביעי של פסח (ואחרון של פסח):

בנוגע צו שש"פ (ואחש"פ) שטייט אז דעמולט איז "עצרת לה' אלקיך לא תעשה מלאכה", אפי' ניט קיין מלאכה אוכל נפש, ווארום דאס איז העכער פון דעם ענין האכילה; און צוזאמען דערמיט איז דאס א יו"ט אזוי ווי אלע אנדערע ימים טובים, און עס דארף זיין דער ענין פון סעודת יו"ט, און שמחה יו"ט, וואס "אין שמחה אלא ביין", און בזמן שביהמ"ק הי' קיים "אין שמחה אלא בבשר".

און דאס איז אויך דער קשר מיט סעודתו של משיח - אז פון איין זייט דארף דאס זיין א סעודה דוקא, ולאידך איז דאס פארבונדן מיט סעודה שלישיה, וואס ענינה איז "היום לא תמצאוהו", אז ס'איז ניטא דער ענין פון אכילה ושתי'.

כה. והביאור בזה:

בנוגע צו עוה"ב זאגט מען דאך אז "אין בו לא אכילה ולא שתי'", וכידוע די מחלוקה פון דעם רמב"ם מיטן רמב"ן וועגן דעם ענין פון עוה"ב (ווי עס ווערט אראפגעבראכט אין לקו"ת[74], און אין אנדערע דרושים), וואס לדעת הרמב"ם איז

- עוה"ב -

------------

74) צו טו, ג.

עוה"ב תכלית השלימות, וויבאלד אז דארטן וועלן זיין נשמות בלא גופים.

פרעגט מען אויף דערויף די שאלה[75]: אויב עס רעדט זיך וועגן נשמות בלא גופים, איז וואס איז דער חידוש אז "אין בו לא אכילה ולא שתי'", מאי קמ"ל, עס רעדט זיך דאך וועגן נשמות בלא גופים?!

און דערפאר איז די מסקנא פון חסידות[76] כדעת הרמב"ן, אז מ'רעדט טאקע וועגן א נשמה בגוף, און דער חידוש איז אז אע"פ אז ס'וועט זיין א נשמה בגוף, וועט אבער ניט זיין דער ענין פון אכילה ושתי'.

עס איז אבער נאך אלץ ניט פארשטאנדיק: וויבאלד אז "כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא ברא דבר אחד לבטלה"[77], איז צוליב וואס וועט מען דארפן האבן די אברי העיכול וכו', עס וועט דאך ניט זיין דער ענין פון אכילה ושתי'[78]?

נאכמער: צוליב וואס דארף מען בכלל האבן דעם גוף - "יוצר עין הלא יביט"[79], דאס וואס דער עין הגשמי זעט, איז דאך נאר מצד דעם כח הראי' וואס איז דא אין דער נשמה, איז דאך עאכו"כ אז ווי די נשמה שטייט אן הגבלות הגוף, איז ביי איר דא דער כח הראי' באופן נעלה יותר, ועד"ז "הנוטע אוזן הלא ישמע", ועד"ז בנוגע צו שאר אברי הגוף - צוליב וואס דארף מען האבן דעם גוף?

איז דער ביאור בזה - אז אין דעם גוף איז דא א ניצוץ קדושה וואס איז נאך העכער פון דער נשמה, און דערפאר באקומט ער מלמעלה א השפעה גדולה יותר, וואס די נשמה מצ"ע וואלט דאס ניט געקענט מקבל זיין, נאר דורך דעם גוף: דער גוף דארף אבער אנקומען צו דער נשמה, ווארום בפועל ווערט דאס נמשך און נתגלה דורך דער נשמה.

אין דערויף גופא בלייבט נאך אבער א שאלה: וויבאלד אז "אין בו לא אכילה ולא שתי'", איז דאך דער גוף ניט פועל פעולהו, איז וואס האט מען דערפון וואס די נשמה געפינט זיך אין דעם גוף?

איז דערפון פארשטאנדיק, אז אע"פ אז דאס איז ניט גשמיות כפשוטה, "אין בו לא אכילה ולא שתי'", פונדעסטוועגן, דאס גופא וואס עס קומט דורך דעם גוף. פועל'ט דאס אז ס'זאל

- נמשך -

------------

75) הרמב"ן בשער הגמול שלו - הובא בלקו"ת שם.
76) לקו"ת שם. דרמ"צ יד, ב. ועוד. וראה אוה"ת חקת ס"ע התט. שם כרך ה ע' א'תרלז. 77) שבת עז, ב. 78) אוה"ת ואתחנן ע' קנד. וראה גם אוה"ת שה"ש ע' תשעה-ו. תשצא-ב. 79) תהלים צד, ט.

נמשך ווערן די המשכה וואס איז פארבונדן מיטן ניצוץ קדושה וואס איז דא אין דעם גוף, ביז וואנעט אז דערפון ווערט אויך אן ענין של מזון פאר דער נשמה.

וואס דאס איז אויך דער ביאור אין דעם וואס מ'איז מדייק טועם זיין פירות און מיני תרגימא בסעודה שלישית, אע"פ אז דעמולט זאגט מען "היום לא תמצאוהו" - כדי אז ס'זאל האבן אן אחיזה אין גשמיות, וואס דורך דעריף וועט קענען זיין די המשכה הכי נעלית, ביז צו עצמות ומהות.

וע"ד המבואר אין תניא[80] אז תכלית הכוונה פון בריאת העולמות איז - אז ס'זאל זיין די עבודה אין עוה"ז התחתון שאין למטה ממנו, דערפאר וואס "כך עלה ברצונו ית'" האבן א דירה אין עוה"ז התחתון, ועד"ז איז אויך בנוגע צום גוף, אז די כוונה איז אז די עבודה זאל זיין פארבונדן מיטן גוף און מיט גשמיות.

כו. עפ"ז איז פארשטאנדיק די הוראה פון סעודתו של משיח וואס מ'פראוועט אין אחרון של פסח:

נאך דעריף וואס מ'ווייסט די הוראה האמורה פון אחש"פ, אז ווען ער איז מקיים תומ"צ שטייט ער אין א מעמד ומצב וואס בעולמו איז ניטא קיין אנדער זאך, מערניט ווי די ענינים פון תומ"צ - קען דאך זיין אז ער וועט זיין אינגאנצן אפגעטראגן פון גשמיות; ער געפינט זיך אין וועלט פון תומ"צ, און ניט נאר וואס ער געדיינקט ניט וועגן ענינים גשמיים, נאר נאכמער: ער האט ניט קיין שייכות דערצו כלל וכלל.

איף דעריף קומט די הוראה פון סעודהו של משיח - א סעודה גשמית וואס איז פארבונדן מיט משיח'ן - אז אויך דעמולט דארף ער האבן א שייכות צו גשמיות.

און ווי דער אלטער רבי[81] איז מבאר דעם מארז"ל[82] אז בשעת התפלה דארף זיין "עיניו למטה ולבו למעלה", אז אויב בשעת התפלה וועט ער זיין אין אן אופן אז כולו איז רוחניות (עס וועט ניט זיין דער ענין פון "עיניו למטה"), קען מען ניט וויסן ווי וועט ער זיך פירן ווען ער וועט קומען "למטה", אין וועלט;

דוקא דורך דעריף וואס זייענדיק "למעלה" האט ער אויך א שייכות מיטן "מטה", באווארענט ער אז ווען ער וועט קומען

- "למטה" -

---

80) רפל"ו. 81) לקו"ה ראה כד, א. וראה גם דרכ"צ כד, א. 82) יבמות קה, ב.

"למטה", אין וועלט, וועט ער שטיין אין דער זעלבער שלימות אין וועלכע ער איז געשטאנען זייענדיק "למעלה".

כז. והביאור בזה:

בשעה ער לערנט תורה און איז מקיים מצוות אין אן אופן אז ער האט קיין שייכות ניט מיט וועלט - איז וויבאלד אז "ע"כ אתה חי"[83], און עס דארף זיין דער ענין פון "הנהג בהם כנהג דרך ארץ"[84], ביז ווי ס'איז מבואר אין אגה"ק[85] אז אפילו הלמידי חכמים וואס עיקר עבודתם איז אין לימוד התורה, דארף בא זיי אויך זיין דער ענין פון צדקה און גמ"ח, נוסף אויף דעם קיום המצוות שהזמ"ג - קען מען ניט וויסן אויב ער איז גרייט אויף דעם ענין פון "הנהג בהם מנהג דרך ארץ" אז ס'זאל זיין באופן המתאים, אין אן אופן פון "ושמרו דרך ה' לעשות צדקה ומשפט"[86], אז זייענדיק אין וועלט זאל זיין דער ענין פון "צדקה ומשפט".

און אויף דערויף קומט די הוראה פון סעודתו של משיח - אז די הנהגה פון משיח'ן פארבינדט מען מיט אכו"ש כפשוטה, כולל אויך דער ענין פון יין, וויבאלד אז "אין שמחה אלא ביין" - ס'איז אבער אכו"ש פון יו"ט, מיט אלע עילויים וואס זיינען דא אין סעודת מצוה.

און דאס פועל'ט אז אויך ווען דער גוף געפינט זיך אין די לעצטע רגעים פון גלות [כידוע דער פתגם פון כ"ק מו"ח אדמו"ר[87] אז דער איבערשטער האט אונז (דעם גוף) געשיקט אין גלות, און ער וועט אונז ארויסנעמען פון גלות, ביז אין אן אופן פון "כהרף עין"[87] - אבער דערווייל געפינט מען זיך נאך אין גלות], און ער טוט אין "הנהג בהם מנהג דרך ארץ", ער האט צוטאן מיט גשמיות העולם, זאל ער דעמולט שטיין אין דעם אופן ההנהגה פון אחרון של פסח.

וואס דערפאר זעט מען אז באחש"פ פראוועט מען סעודתו של משיח - א סעודה וואס איז פארבונדן מיט אכילה ושתי' כפשוטה, עס דארף האבן דעם שיעור כדי מ'זאל קענען מאכן אויף דערויף א ברכה אחרונה, ברכת המזון וכיו"ב, און ס'איז פארבונדן מיט אן ענין של שמחה וואס ווערט דורך יין כפשוטו, ד.ה. אז מ'פארבינדט דעם ענין פון אחש"פ און משיח - מיט גשמיות כפשוטה,

וואס דאס פועל'ט אז אויך לאחרי הבדלה, און אויך נאך דערויף וואס ער גייט ארויס פון דעם מעמד ומצב, זאל דאס

- נמשך -

---

83) אבות ספ"ד. 84) ברכות לה, ב. 85) ס"ה (קה, סע"ב ואילך). 86) וירא יח, יט. 87) מכילתא ופרש"י עה"פ בא יב, מא.

נמשך ווערן אויך דעמולט ווען ער שטייט אין אן אנדער מעמד ומצב, אין אן אופן פון פעולה נמשכת, וויבאלד ער האט דאס געהאט בא סעודתו של משיח.

ד.ה. אז אויך ווען ער געפינט זיך אין וועלט, שטייט ער אין א מעמד ומצב ווי ס'איז ניטא קיין וועלט, ווארום אע"פ אז עס דארף זיין א וועלט, שטייט זי אבער פונקט ווי זי איז געווען קודם בריאת העולם.

וואס אע"פ אז די וועלט איז באשאפן געווארן מאין ליש, איז ווי איז שייך צו זאגן אז די וועלט שטייט אין דעם זעלבן אופן ווי זי איז געשטאנען קודם בריאת העולם? - איז איינער פון די ביאורים בזה:

קודם ברה"ע איז געווען דער ענין פון "שיער בעצמו בכח כל מה שיהי' בפועל"[88], ווארום ווען עס וואלט ח"ו ניט געווען דער "שיער בעצמו בכח", וואלט כביכול ניט געקענט זיין דער ענין פון ברה"ע בפועל, און לאחר ברה"ע איז דער "שיער עצמו בכח" ארופגעקומען אין פועל.

און דאס איז וואס מ'זאגט אז די וועלט שטייט אין דעם זעלבן אופן ווי זי איז געשטאנען קודם ברה"ע - אז דער "בפועל" שטייט אין דעם זעלבן אופן ווי "שיער בעצמו בכח", עס קומט נאר צו די מעלה פון "תחתון", דער ניצוץ קדושה וואס איז פארבונדן מיט גוף דוקא, וואס ער איז שלא בערך פון דער דרגא צו וועלכע די נשמה קען דערגרייכן מצ"ע.

און דאס איז די הוראה פון סעודתו של משיח - אז זייענדיק אין דעם מעמד ומצב פון אחש"פ, פארבינדט מען דאס מיט גשמיות, עכ"פ ווי דאס שטייט אין אחש"פ - א סעודה גשמית און יין גשמי, און שמחה של מצוה,

וואס דורך דערויף קומט צו בשעה מעשה דער הוקף הברכה, אז עס ווערט נמשך ביז אין גשמיות העולם, און אויך אז דער ענין ווערט נמשך אויף אלע יכים שלאח"ז.

כה. עפ"ז ווערט פארשטאנדיק נאך אן ענין:

מ'האט גערעדט אין דער פריערדיקער ההוועדות[89], אז אין די ד' יכי הביקוד וואס כ'איז מבקר דעם קרבן פסח, איז דא א מעלה לגבי דעם ענין פון הקרבת קרבן פסח -

ווארום דער ענין פון הקרבת קרבן פסח איז א ציווי פון דעם אויבערשטן, איז בשעת עס רעדט זיך וועגן אן ענין פון

- חכמתו -

---

88) מק"מ לזח"א סו, א. שער היחוד פ"י-יא. פט"ז. אמ"ב שער הק"ש פ"י ואילך. המשך תרס"ו ע' קצט ואילך. ועוד.
89) דאור לי"ג ניסן.

חכמתו ורצונו של הקב"ה, איז דער טבע נפשו פון א אידן אז ער ציט זיך צו מקיים זיין רצונו של הקב"ה, כפס"ד הרמב"ם[90] הידוע, איז קיין פלא ניט אז ער איז מקיים די מצוה בשלימותה;

ווען עס רעדט זיך אבער וועגן די ד' ימי ביקור, וואס בגלוי איז דאס ניט קיין מ"ע מן התורה (ניט ווי בא פסח מצרים וואס דעמולט איז דאס געווען א מצוה)[91], איז דארטן ניטא דער ענין אז דער טבע פון נה"א ציט אים צו טאן דעם ענין - און דערפאר בשעת ער טוט דאס בשלימות, איז אין דעדויף דא א גרעסערן עילוי.

האט מען אויף דערויף געפרעגט: די גמרא[92] זאגט דאך "גדול המצווה ועושה יותר משאינו מצווה ועושה", וואס אויף דערויף זיינען דא דריי טעמים אין תוס'[93], ווי דער צ"צ ברענגט דאס אראפ באריכות אין אוה"ת[94] - איז וואס זאגט מען אז ס'איז דא א מעלה אין די ד' ימי ביקור לגבי הקרבת הקרבן, דערפאר וואס דער ענין פון ביקור איז ניט קיין מ"ע מה"ת?

איז דער ביאור בזה - אז אין יעדער ענין איז דא א מעלה וואס איז ניטא אין דעם צווייטן ענין:

ביי א "מצווה ועושה" איז דא די מעלה פון אתכפיא[95] וואס ער ברעכט דעם טבע פון נה"ב, ווי תוס'[96] איז מבאר אז מצד דערויף וואס ער איז מצווה, שטעלט זיך דער יצה"ר אנטקעגן, און ער דארף כופה זיין דעם יצה"ר.

אבער ביי "אינו מצווה ועושה" איז דא די מעלה וואס ער איז משנה דעם טבע פון נה"א - ווארום ביי א "מצווה ועושה" ציט אים דער טבע פון נה"א צו מקיים זיין די מצוה, און דער ענין פון אתכפיא איז נאר בנוגע צום נה"ב, כשא"כ ביי א "אינו מצווה ועושה", ווען עס רעדט זיך וועגן עניני הרשות, וועגן דעם ענין פון "קדש עצמך במותר לך"[97], ועאכו"כ וועגן ענינים וואס זיינען רשות לגמרי - דארף ער משנה זיין דעם טבע פון נה"א, ווארום זי ציט אים ניט צו טאן דעם ענין, דערפאר וואס ס'איז ניט קיין ענין של מצוה, ד.ה. אז דורך דערויף ווערט אויפגעטאן דער ענין פון יצי"מ אויך בנוגע צום נפש האלקית.

וואס דאס איז בדוגמת המבואר לעיל וועגן דער מעלה וואס איז דא אין גשמיות דוקא, וואס דאס איז ע"ד די מעלה פון "אינו מצווה ועושה".

- כט. -

------------

90) הל' גירושין ספ"ב. 91) פרש"י עה"פ בא שם, ו.
92) ע"ז ג, א. וש"נ. 93) ד"ה גדול - ע"ז שם. ד"ה זה - קידושין לא, א. 94) מסעי ע' א'תיג. 95) ראה אוה"ת שם ע' א'תיד. 96) ע"ז שם. וראה ט"ז ליו"ד סרמ"ו סק"ג. ש"ם שם סק"ז. 97) יבמות כ, א.



הנחת הת' בלתי מוגה

כט. און דאס איז די הוראה וואס קומט ארויס פון סעודתו של משיח - דורך דערויף וואס מ'האט אונז מגלה געווען דעם ענין, און געגעבן דעם כח אז מ'זאל דאס קענען טאן בפועל - אז באחש"פ זאל זיין א סעודה נוספת, וואס "שמו אשר יקראו לו בלה"ק" דורך רבותינו נשיאינו איז (אויף אידיש) "משיח'ס סעודה", וואס דאס איז א נאמען וואס איז געגעבן געווארן דורך נשיאי ישראל, און דער נאמען איז מהוה ומחי' ומקיים דעם ענין[98].

און דאס דארף זיין פארבונדן מיט אכילה גשמית דוקא (ניט קיין אכילה חומרית ח"ו, נאר אן אכילה גשמית), אין אן אופן פון "ואכלת ושבעת", כדי עד זאל קענען מקיים זיין דעם "וברכת"[99],

און דאס דארף אויך זיין פארבונדן מיט אן ענין של שמחה, וואס לכל הדעות איז "אין שמחה אלא ביין", און אין אן אופן פון שלימות - ד' כוסות,

ביז אין אן אופן פון "כוסי רוי'"[100], וואס דאס איז אין אן אופן וואס איז שלא בערך, כידוע אז "רוי'" איז בגימטריא רכ"א[101], וואס דער ענין פון גימט' איז מערניט ווי דער רמז שבדבר, כמבואר אין תניא[102], ד.ה. אז בעצם איז דאס כולל א סאך מער ווי רכ"א, נאר נאך דערויף ווי דאס קומט אראפ למטה, אין סעודת משיח וכיו"ב, דעמולט קומט דאס אראפ אין אן אופן של גימטריא.

און משנה לשנה דארף מען מער מהדר זיין אין דעם ענין פון סעודת משיח, ביז וואנעט אז מ'זאל אריינעמען אלע אידן אין דעם ענין פון סעודת משיח, וואס דורך דערויף וועלן אלע אידן ארויסגיין פון גלות.

וואס וויבאלד אז די גאולה פון דעם גלות האחרון וועט זיין אין אן אופן אז קיין איין און איינציקער איד וועט ניט בלייבן אין גלות[103], איז פארשטאנדיק אז די גאולה פון יעדער אידן איז נוגע צו כלל ישראל, ביז אז ס'איז אויך נוגע צו "שכינתא בגלותא"[104].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ס'איז נוגע אריינציען אלע אידן אין דעם ענין פון סעודתו של משיח (נוסף אויף דעם

- כללות -

------------

98) שעהיוה"א רפ"א. 99) עקב ח, י. שו"ע אדה"ז או"ח סקפ"ד ס"ב. 100) תהלים כג, ה. וראה ב"ר פפ"ח, ה. 101) יהל אור ע' פז. 102) שעהיוה"א שם (עז, א). 103) ראה לקו"ש חי"א ע' 1 ואילך. וש"נ. 104) ראה מגילה כט, א. פרש"י עה"פ נצבים ל, ג. ועוד.

כללות הלימוד פון שש"פ און אחש"פ), אין אן אופן אז דאס קומט אראפ אויך צום מטה ווי ער שטייט במצבו, און צוזאמען דערמיט אויך די הוראה פון רבותינו נשיאינו[105] וועגן די ד' כוסות פון אחרון של פסח.

ויה"ר אז דורך דעם קיום פון דעם ענין, וועט מען ממהר זיין דעם "מיד הן נגאלין"[106], וואס ליידער ציט זיך דער "מיד" צו פיל צייט - זאל דאס זיין "מיד" ממש,

און גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו, מהוך סעודתו של משיח, בעגלא דידן.

ל. מסתמא וועט מען איצטער מקיים זיין דעם ענין פון די ד' סעודות.

(ואח"כ אמר:) מ'האט צו מיר א טענה פארוואס זאג איך ניט ד' כוסות, נאר ד' סעודות - איז דער ביאור בזה:

בנוגע צו די ד' כוסות איז דאך דער דין אז אויף יעדער כוס מאכט מען א ברכה בפ"ע, און ער ווערט ניט נפטר ע"י ברכת השני (ניט אזוי ווי בנוגע צו ברכה אחרונה, וואס מ'מאכט ניט קיין ברכה אחרונה אויף יעדער כוס), דערפאר וואס יעדער כוס האט א חשיבות בפ"ע[107].

און דער ענין פון "כוס" האט א שייכות צו סעודה, ווי כ'זעט דאס אויך דערפון וואס בנוגע צו קידוש במקום סעודה, קען מען יוצא זיין מיט נאך א כוס יין אלס מקום סעודה[108] - און דערפאר קען מען זאגן ד' סעודות.

* * *

לא. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות.

* * *

לב. מ'האט גערעדט אין דעם מאמר (וואס ער איז מיוסד אויף די מאמרים פון רבותינו נשיאינו, וואס כמה מהם זיינען שוין געדרוקט געווארן) וועגן דעם ענין פון "לא יבוש מפני בני אדם המלעיגים".

וואס דאס איז די התחלה פון אלע ד' חלקי השו"ע, וואס דער ערשטער חלק פון שו"ע איז "אורח היים", און דארטן גופא זיינען דא כו"ב סימנים, און אין יעדער סימן זיינען דא כמה

- סעיפים -

------------

105) היום יום ע' כז. 106) רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ה. 107) שו"ע אדה"ז או"ח סו"ס העד. וש"נ. 108) שם סרע"ג ס"ז.

סעיפים - איז אין דעם ערשטן סעיף פון דעם ערשטן סימן פון דעם ערשטן חלק פון שו"ע, שטייט דער ענין פון "לא יבוש מפני בני אדם המלעיגים".

און וויבאלד אז "איני מבקש לפי כחי אלא לפי כחן"[109], איז פארשטאנדיק, אז ס'איז א דבר ברור אז יעדער איד קען מקיים זיין די הוראה הנ"ל.

לג. דער שו"ע בכלל, ובפרט חלק "אורח חיים", איז שייך צו אלע אידן, מקטנם ועד גדולם, אנשים ונשים.

ביז וואנעט אז דאס איז שייך אפי' צו קטנים, ווארום בא קטנים דארף אויך זיין דער ענין פון לימוד התורה, ווארום וויבאלד אז ווען ער ווערט בן י"ג שנה ויום א' ווערט ער מחוייב אין אלע מצוות, איז דאך פארשטאנדיק אז אין דערויף איז אויך נכלל דער חיוב פון ידיעת התורה נאך איידער ער ווערט בן י"ג שנה, ווארום גלייך ווי ער ווערט בן י"ג שנה איז ער שוין מחוייב אין כמה מצוות, דארף ער דאך וויסן ווי אזוי צו מקיים זיין די מצוות,

אנהויבנדיק פון מצות ק"ש, כמבואר אין ראשונים[110] אז איינער פון די טעמים אויף דעם וואס די התחלה פון ש"ס איז "מאימתי קורין את שמע בערבית" איז - דערפאר וואס דאס איז די ערשטע מצוה אין וועלכע מ'ווערט מחוייב ווען מ'ווערט בן י"ג שנה ויום אחד,

וואס כדי ער זאל קענען מקיים זיין די מצוה פון ק"ש ווי עס דארף צו זיין, דארף ער דאס לערנען אין תורה,

קומט דאך אויס אז נאך איידער ער ווערט בן י"ג שנה, איז ער שוין מחוייב אין לימוד התורה; טאקע מערניט ווי אין אן אופן של הכנה צו קיום המצוה, ער איז אבער מחוייב אין לימוד התורה.

וואס התחלת הלימוד הויבט זיך אן מיטן פסוק[111] "תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב"[112], און ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין הל' ת"ת שלו[113], אז פריער דארף מען לערנען מיטן קינד די אותיות, און דערנאך די נקודות, די תיבות, און דערנאך פירוש התיבות, און דערנאך ווען ער קענען זאגן די ווערטער פון ק"ש, צוזאמען מיטן פירוש המלות (וואס ביים ערשטן פסוק פון ק"ש איז דאך די כוונה מעכבת[114]).

- ועד"ז -

---

109) במדב"ר פי"ב. ג. 110) הגה"ה מר' ישעי' אחרון בהקדמה פיהמ"ש להרמב"ם. וראה גם הון עשיר וחידושי הרי"ם ריש מס' ברכות. 111) ברכה לג, ד. 112) סוכה מב, א. 113) בההלהן. 114) טושו"ע (ואדה"ז) או"ח ס"ס סה.

ועד"ז איז אויך בנוגע צו אלע מצווה, אז דורך דערויף וואס נאך איידער ער ווערט בן י"ג שנה לערנט ער ווי צו מקיים זיין די מצווה, וועט ער קענען מקיים זיין די מצוות ווען ער וועט ווערן מחוייב אין זיי.

ובפרט אז עס קומט נאך צו דער ענין החינוך, ווי דער אלטער רבי איז מבאר בארוכה אין או"ח סימן שמג, ובפרט בנוגע צו לימוד התורה, וואס "מ"ע מן התורה על האב ללמד את בנו הקטן תורה"[115], און מצד דערויף ווערט אויך א חיוב אויפן קטן[116].

לד. דער כללות הענין פון חינוך איז דאך פארבונדן מיט חג הפסח, ווארום בחגה"פ זיינען אידן געבארן געווארן אלס א פאלק, בדוגמא פון א קליין קינד וואס ווערט געבארן, כמבואר אין יחזקאל[117] בארוכה, און אויך אין די מפרשים דארטן, ווי ס'איז געווען די הנהגה מיט אידן ווען זיי זיינען געבארן געווארן אלס א פאלק בט"ו בניסן.

און דער ענין פון יצי"מ (וואס דעמולט זיינען אידן געבארן געווארן אלס א פאלק) איז דאך געווען כדי אז ס'זאל זיין דער "בהוציאך את העם ממצרים תעבדון את האלקים על ההר הזה"[118] - דער ענין פון מ"ת, וואס צוליב דערויף האבן אידן געדארפט האבן דעם חינוך והכנה לזה.

און אויף דערויף זאגט מען אז "הימים האלו נזכרים ונעשים"[119], אז בכל שנה ושנה ווערט דאס אויפגעטאן פון-דאס-ניי, און מיט א חיות.

ביז וואנעט אז דאס איז נוגע אויך צו קטנים, ביז אפי' צו פיצלאך קינדער, ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס מ'זוכט כמה עצות און מ'מאכט כמה שינויים כדי שלא יישנו התינוקות[120], און זיי זאלן הערן דעם סיפור פון יצי"מ, וויבאלד אז ס'איז נוגע אויך צו זיי, ווי מ'זאגט אין דער הגדה "לא את אבותינו בלבד גאל הקב"ה ממצרים אלא אף אותנו גאל עמהם",

ביז וואנעט אז "בכל דור ודור (און ווי דער אלטער רבי איז מוסיף[121] "ובכל יום ויום") חייב אדם לראות את עצמו כאילו הוא יצא ממצרים"[122], אז בכל יום ויום איז דא דער ענין פון יציאת מצרים.

- לה. -

------------

115) הל' ת"ת שם. 116) ראה לקו"ש קדושים תשל"ח ס"ה. 117) קאפיטל טז. 118) שמות ג, יב. 119) ל' הכתוב - אסתר ט, כח. וראה רמ"ז בספר תיקון שובבים. הובא ונתבאר בספר לב דוד להחיד"א פכ"ט. 120) טושו"ע (ואדה"ז) או"ח ר"ס תעב. ועוד. 121) תניא רפמ"ז. 122) פסחים קטז, ב במשנה.

לה. כאמור לעיל אז דער שו"ע איז שייך צו יעדער אידן, אפי׳ צו קטנים - איז גלייך בהתחלת השו"ע,

[וואס עיקר פון דעם שו"ע איז, ארויסברענגען די מסקנות פון עניני ההורה בנוגע לפועל, אז מ׳זאל וויסן "את המעשה אשר יעשון" און "אשר לא תעשינה"[123], און דארטן ווערט דאס ארויסגעבראכט מיט א לשון ברור, אין אן אופן פון "שלחן ערוך"[124], אז ס׳זאל זיין פארשטאנדיק פאר יעדער אידן],

שטייט דארטן דער יסוד פון אלע עניינים - "לא יבוש מפני בנ"א המלעיגים".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אין דעם ענין פון "לא יבוש מפני בנ"א המלעיגים" זיינען דא צוויי קצוות: דאס איז א דבר קל, ולאידך, דארף מען אויף דערויף האבן מס"נ[125].

און ווי מ׳זעט בפועל אז עס זיינען דא כו"כ פון עמינו עם בנ"י וואס מ׳רעדט מיט זיי וועגן קיום התומ"צ מיט אלע פרטים שבזה, לויט ווי עס שטייט אין שו"ע, און בא רובם ככולם ממש איז די אייניציקע זאך וואס איז מעכב - די טענה "מה יאמרו הבריות", וואס וועלן זאגן די שכנים, ער האט מורא אז עס וועלן קומען די "מלעיגים" און זאגן "כה יום מיומים".

און אפי׳ ווען ער פועל׳ט בא זיך ער זאל ניט נתפעל ווערן דערפון וואס עס זאגט דער שכן, דערפאר וואס דער שכן איז קלענער פון אים - האט ער אבער מורא אפשר וועט אים די ווייב פרעגן "מה יום מיומים".

און מ׳זעט בפועל (בפרט בדורנו זה ובמדינה זו) לאידך, אז בשעת מ׳פועל׳ט אויף זיך דעם ענין פון "לא יבוש מפני בנ"א המלעיגים", זיינען ניטא קיינע מונעים ומסתירים אויף דעם ענין פון תומ"צ, מערניט ווי דער "א-ל זר אשר בקרבך", דער יצה"ר[126], וואס ער ווערט אנגערופן "מלך זקן וכסיל"[127].

און מ׳זעט אויך בפועל אז די אלע דרכים (חוץ פון דרך התומ"צ) אין וועלכע מ׳האט זיך געפרואווט גיין, האבן ניט מצליח געווען, און מ׳איז געגאנגען מדרגא לדרגא מלמעלה למטה, ביז וואנעט מ׳האט שוין ניט געוואלט קוקן אויף זיך!

ער איז געגאנגען לויט "שרירות לבו", און דערפאר האט

- ער -

------------

123) ל׳ הכתוב - יתרו יח, כ. ויקרא ד, ב. ועוד.
124) ראה פרש"י ר"פ משפטים. 125) ראה סה"מ אידיש סד"ה אין הקב"ה בא בטרוניא. ד"ה אני ישנה הש"ס. 126) שבת קה, ב. 127) קהלת ד, יג ובפרש"י עה"פ. זח"א קעט, סע"א ואילך. ועוד.

ער ניט געוואלט איבערגעבן זיינע קינדער און אייניקלאך אין א חינוך על טהרת הקודש, און אפי׳ ניט אין חינוך הכשר, ווארום ער האט מורא געהאט אז דער קינד וועט אים פרעגן: היתכן אז ער פירט זיך אין אזא אופן, ער האט דאך געלערנט אז מ׳דארף זיך פירן באופן אחר! איז כדי ער זאל אים ניט פרעגן קיין קושיות, גיט ער אים ניט איבער אין אן ארט וואו ער זאל באקומען א חינוך הכשר.

און מ׳האט שוין געזעהן בפועל (בפרט במדינה זו) וואס דערפון איז ארויסגעקומען!

לו. ובנוגע לפועל - איז מה שהי׳ הי׳, און פון איצטער דארף זיין די הנהגה באופן אחר.

און ווי דערמאנט אין מאמר אז ס׳שטייט "כימי צאתך מארץ מצרים", לשון רבים, דערפאר וואס אין יעדן טאג קען זיין דער ענין פון יצי"מ, ער דארף נאר וועלן מיט אן אמת, איז דעמולט "הקב"ה עוזרו"[128].

וואס אזוי איז דאך אויך ע"פ נגלה - ווי אלע אידן זאגן אין דער הגדה "לא את אבותינו בלבד גאל הקב"ה ממצרים אלא אף אותנו גאל עמהם", ביז וואנעט אז ע"פ הלכה דארף מען דערמאנען דעם ענין פון יצי"מ פעמיים בכל יום, בבוקר ובערב[129].

און ס׳איז פארשטאנדיק בפשטות, אז וויבאלד "תורת אמת" מאנט אז מ׳זאל דערמאנען דעם ענין פון יצי"מ, איז דאס ניט "לבטלה" ח"ו, און ווען הורה זאגט אים אז ער איז ניט יוצא י"ח דורך דעם וואס ער האט נעכטן דערמאנט דעם ענין פון יצי"מ, נאר ער דארף דאס דערמאנען היינט, און ניט נאר דערמאנען דאס בלב. נאר אויך בפה[130] - איז דאס ניט קיין דברים בטלים,

וואס בשעה אן ענין קומט ניט אראפ אין מעשה בפועל, קען דאס טאקע זיין אן ענין רצוי, אן ענין אמיתי, אבער וויבאלד אז דער ענין האט ניט פועל געווען פעולתו, איז דאס "דברים בטלים", ווארום בנוגע לפועל איז דערפון גארניט ארויסגעקומען.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז וויבאלד דער ענין פון זכירה יצי"מ איז א ציווי אין "תורת אמת", וואס זי איז אויך "תורת חיים", א הוראה אין חיי יום-יום, מוז דאס זיין

- אין -

------------

128) קידושין ל, ב. סוכה נב, ריש ע"ב. 129) טור או"ח סס"ו. שו"ע אדה"ז או"ח סס"ז ס"א. 130) ראה הניא רפל"ח. שו"ע אדה"ז שם סס"ב רס"ג.

אין אן אופן אז דאס קומט אראפ אין מעשה בפועל, וואס דעמולט איז ער מקיים דעם ציווי פון זכירה יציאת מצרים.

לז. און אזוי ווי ס'איז געווען אין יצי"מ, אז גלייך ווען "הגיע הקץ לא עכבן המקום כהרף עין", און ס'איז גלייך ארויסגעגאנגען פון גלות, אין אן אופן פון "ביד רמה"[131], בקומה זקופה, ד.ה. ניט נאר אז מ'האט זיך ניט געשעמט דערמיט, נאר אדרבה, מ'האט זיך געפרייט מיטן "גאון יעקב",

ד.ה. אז ניט קוקנדיק אויף דערויף וואס ביז דעמולט זיינען אידן געווען פארשקלאפט אין מצרים, אין ענינים אחרים, מנהגים אחרים און חיי יום-יום אחרים, פונדעסטוועגן, גלייך ווען "הגיע הקץ", און ס'איז געקומען די צייט פון "פקד פקדתי"[132], זיינען אלע אידן ארויסגעגאנגען פון מצרים -

איז עד"ז אויך בנוגע צו דעם ענין פון יצי"מ שבכל יום - אז א איד ווייסט אז דער אויבערשטער איז גרייט אים ארויס-העלפן, אין אן אופן פון "לא עכבן המקום כהרף עין".

און ער נעמט-מיט זיינע קינדער און אייניקלאך, "בנערינו ובזקנינו גו' בבנינו ובבנותנו"[133], און מ'גייט אלע צוזאמען צום "תעבדון את האלקים על ההר הזה", צו פירן זיך אזוי ווי אידן דארפן זיך פירן.

און דעמולט איז ער מצליח אז ס'זאל זיין די גאולה האמיתית והשלימה, און ער קומט צום ענין פון "אז ישיר משה ובנ"י"[134] וואס איז געווען בשש"פ, און עס ווערט דער ענין פון "זה א-לי ואנוהו"[135], ער באווייזט מיטן פינגער[136] אויף ענינים פון אידישקייט און ג-טליכקייט, על כל צעד וצעד.

לח. און אויף דערויף זאגט מען אז דער אייינציקער תנאי אויף דערויף איז - "לא יבוש מפני בני אדם המלעיגים".

ער דארף וויסן אז דער אכת'ער טעם אויף דעם וואס יענער לאכט אפ פון אים, איז דאס דערפאר וואס ער איז אים מקנא אויף דערויף וואס ער האט בא זיך די שטארקייט צו פירן זיך לויט ווי א איד דארף זיך פירן.

ווארום יעדער איד האט דאך א נשמה וואס "היתה באמנה אתו"[137]. און ווי דער רמב"ם [וואס ער איז געווען דער "מורה הנבוכים" און דער רופא הנשמות והגופים] פסק'נט אז יעדער

- איד -

------------

131) בשלה יד, ח. 132) שמות שם, טז. 133) בא י, ט.
134) בשלה טו, א. 135) שם, ב. 136) פרש"י עה"פ. שמו"ר ספכ"ג. 137) הניא ספכ"ד.

איד וויל מקיים זיין דעם רצון פון דעם אויבערשטן, לויט ווי עס שטייט אין שו"ע,

און ניט לויט די תיקונים וואס זיינען געווארן מצד "מעשה ידי אדם", וואס "עצביהם כסף וזהב"[138], זיי בוקן זיך צו די הנאות פון עוה"ז, וואס זייער סמל איז "כסף וזהב", וואס דערפאר איז "עינים להם ולא יראו"[139], זיי זעהן ניט דעם ענין פון "שאו מרום עיניכם וראו מי ברא אלה"[140], און "אזנים להם ולא ישמעו"[141], בא זיי איז ניטא דער "אוזן ששמעה על הר סיני"[142] אז "אנכי ה' אלקיך אשר הוצאתיך מארץ מצרים"[143], וויל ער ניט ארויסגיין פון די מיצרים וגבולים פון הנאות עולם הזה,

און אפי' ווען ער פועל'ט שוין בא זיך ער זאל וועלן ארויסגיין פון מצרים, הויבט ער זיך אן שעמען דערפון וואס די מלעיגים וועלן זאגן - וואס יענער איז אים גאר מקנא אויף דעם וואס ער האט געפועל'ט בא זיך ארויסגיין פון מצרים, נאר כדי צו פארענטפערן זיך, זוכט ער טעמים ע"פ שכל פארוואס וויל ער בלייבן שטעקן אין מצרים!

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון "לא יבוש מפני בנ"א המלעיגים" איז די וועג דורך וועלכע ער וועט בדרך ממילא צוקומען צום קיום פון אלע ד' חלקי השו"ע, אן קיינע שינויים,

כולל אויך דעם ציווי פון "ושננתם לבניך - אלו התלמידים"[144], אז די אלע וועלכע זיינען נאך ניט צוגעקומען צו דעם מעמד ומצב, איז ער זיך משתדל בכל כחו אז זיי זאלן דערצו צוקומען.

לט. און אז מ'פרעגט ווי אזוי קען מען צוקומען צום מעמד ומצב פון "לא יבוש מפני בנ"א המלעיגים" - ברענגט אראפ גלייך דער רמ"א [כידוע דער ווארט וואס מ'זאגט ע"ר הצחות[145], אז "בנ"י יוצאים ביד רמה" - לויטן רמ"א] דעם ענין פון "שויתי ה' לנגדי תמיד"[146]:

ער דארף ניט זיין קיין גרויסער בעל עבודה, ער דארף ניט זיין קיין גרויסער משכיל אדער א גרויסער למדן - ער דארף נאר וויסן אז "שויתי ה' לנגדי תמיד",

- ד.ה. -

------------

138) תהלים קטו, ד. 139) שם, ה. 140) ישעי' מ, כו.
141) תהלים שם, ו. 142) מכילתא ופרש"י עה"פ משפטים כא, ו.
143) יתרו כ, ב. 144) ואתחנן ו, ז. ספרי ופרש"י עה"פ. רמב"ם הל' ת"ת פ"א ה"ב. הל' ת"ת לאדה"ז פ"א ס"ח.
145) שו"ה שו"מ מהדורא חמישאה סח"י. ועוד. 146) ל' הכתוב - תהלים טז, ח.

ד.ה. ניט נאר אז דער אויבערשטער האט באשאפן די וועלט מיט א סאך יארן צוריק, נאר "שויתי ה׳ לנגדי תמיד", דער אויבערשטער געפינט זיך אין דעם זעלבן מקום, אין דעם זעלבן זמן און אין דעם זעלבן מעמד ומצב אין וועלכן ער געפינט זיך, איז דאך פארשטאנדיק, אז ער האט ניט וואס צו שעמען זיך פון א בו"ד, ווען לעבן אים שטייט מלך מלכי המלכים הקב"ה.

און דעמולט איז ילך לבטח דרכו אין דרך ה׳, וואס דאס ווערט דער דרך פון יעדער אידן און פון אלע אידן.

מ. און מ׳זאגט א אידן אז ער דארף גלייך איבערגעבן זיין רצון צום אויבערשטן, און טאן דאס וואס דער אויבערשטער הייסט, ווארום ס׳איז ניטא קיין צייט צו ווארטן ביז וואנעט ער וועט לערנען חסידות, און וועט אויספרעגן די אלע ראיות אויף יעדער ענין, אויף די י"ג עיקרים וכיו"ב, ביז וואנעט אז ער וועט צוקומען דערצו בשכלו - און ס׳איז דאך א זיכערע זאך אז סוכ"ס וועט ער צוקומען דערצו בשכלו - ווארום בכל רגע ורגע דארף זיין דער "אני נבראתי לשמש את קוני"[147].

און ס׳איז דאך זיכער אז ער וויל לעבן חיים אמיתיים, וואס דאס ווערט דורך "ואתם הדבקים בה׳ אלקיכם (וואס דעמולט איז) חיים כולכם היום"[148] - במילא דארף ער מקיים זיין תומ"צ בכל רגע ורגע, וויבאלד אז "הם חיינו ואורך ימינו".

און בשעה אז ביי אים איז דא דער קיום התומ"צ במעשה בפועל, וואס "המעשה הוא העיקר"[149], פועל׳ט דאס אז דער לימוד וועט אויך זיין בהצלחה, און ער וועט צוקומען צו דער מסקנא אמיתית בהקדם (וואס ביי א צווייטן וואלט דאס גענומען א סאך מער צייט) - סיי בנוגע צום לימוד וואס איז מביא לידי מעשה, און סיי בנוגע צום לימוד וואס איז פארבונדן מיטן הכרח אויף כללות הענין פון קיום התומ"צ.

מא. און בשעת ער דארף משנה זיין טבעו, און פרעגט בא זיך: מה יום מיומים, וויבאלד אז ביז איצטער האט ער זיך געפירט באופן הפכי, באופן בלתי רצוי, איז פארוואס זאל ער מיטאמאל משנה זיין הנהגתו?!

זאגט מען אים: "לא יבוש מפני בנ"א המלעיגים", כאפ זיך ארויף אויפן מקור החיים, און פיר זיך ווי א איד דארף זיך פירן!

- און -

---

147) קידושין בסופה. 148) ואתחנן ד, ד. 149) אבות פ"א מי"ז.

און מ'זאגט אים אז אויב עס ווערט נאר זיין דער ענין פון "שויתי ה' לנגדי תמיד", ווערט בדרך ממילא זיין דער ענין פון "לא יבוש מפני בני אדם המלעיגים".

וואס דער ענין פון "שויתי ה' לנגדי תמיד", איז ניט מכריח אז ער דארף שטענדיק טראכטן נאר וועגן דעריף - נאר בדוגמא ווי דער "תמיד" וואס שטייט ביים "נר תמיד"[150], וואס מ'האט אים אנגעצונדן מערניס ווי איין מאל (בכל יום), און ער האט מאיר געווען "מערב עד בוקר"[151], און ווי דער רמב"ם[152] איז דערביי מוסיף, אז דערנאך האט מען אים אנגעצונדן בבוקר, און ער האט מאיר געווען עד הערב,

איז עד"ז אויך אין עבודת ה' - אז ער דארף אנצינדן דעם "נר ה' נשמה אדם"[153], דורך "נר מצוה והורה אור"[154], און דורך דעריף וואס ער צינדט דאס אן אין איין רגע פון דעם טאג, לייכט דאס אין אן אופן פון "תמיד" על כל היום כולו, און דאס ווערט באלייכטן דרכו בחיים, און דעמולט איז "הקב"ה עוזרו" ער זאל זיך קענען פירן לויט די ד' חלקי השו"ע.

וואס דאס איז אויך געזאגט געווארן בנוגע צו איינעם וואס איז שוין באמצע הדרך, נאר מאיזה סיבה שהחי' איז דורכ-געגאנגען א טאג וואס ער האט זיך דעמולט געפירט שלא כדבעי - זאגט מען אים: "לא יבוש מפני בנ"א המלעיגים", ער זאל זיך ניט שעמען דערפון וואס ער פרעגט בא זיך אליין מה יום מיומים, אדער אז "אשה חיקו"[155] אדער זיינע שכנים פרעגן ביי אים פארוואס איז ער משנה הנהגתו לגבי ווי ס'איז געווען נעכטן - ווערט ער דערפון ניט נהפעל, ווארום ער גייט צוזאמען מיטן אויבערשטן, און צוזאמען מיט "מגיד דבריו ליעקב חקיו ומשפטיו לישראל"[156], ער פירט זיך לויטן ציווי פון מלך מלכי המלכים הקב"ה בכבודו ובעצמו.

מב. עאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן די קינדער און איניקלאך - דארף מען באווארענען אז זיי זאלן ניט דארפן דורכגיין די אלע מפיקוה און מאטערנישן וואס זיינען פארבונדן מיט ארץ מצרים,

ווי מ'זעט דעם טבע פון עלטערן, אז אפי' ווען פאר זיך ווילן זיי ניט טורח זיין אזוי פיל, איז ווען עס רעדט

- זיך -

------------

150) תצוה כז, כ. אמור כד, ב ובפרש"י. 151) תצוה שם, כא. אמור שם. ג. 152) הל' תמידין ומוספין פ"ג הי"ב. וראה כס"מ ולח"מ שם. ועוד. 153) משלי כ, כז. 154) שם ו, כג. 155) ע"פ ל' הכתוב - ראה יג, ז. 156) תהלים קמז, יט. וראה שמו"ר פ"ל. ט.

זיך אבער וועגן זייערע קינדער, זיינען זיי זיך משהדל ביז אין אן אופן פון מס"נ, אז די קינדער זאלן האבן אלץ וואס עס פעלט זיי.

וואס דאס וועדט אויפגעטאן דורך דערויף וואס כלכתחלה גיט מען די קינדער א חינוך הכשר, ביז צו חינוך על טהרת הקודש, דערפאר וואס זיי געהערן צום "ממלכת כהנים וגוי קדוש"[157],

מ'גיט זיי אריין אין א חדר וואו מ'לערנט "תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב", אפי' ווען ער איז ערשט "מתחיל לדבר", ווארום גלייך פון דעם רגע שנולד איז ער פון "ממלכת כהנים וגוי קדוש", און ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין שו"ע שלו אין מהדו"ת[158] אז בשעת המילה הויבט זיך אן די כניסה פון נה"א, וואס זי איז "באמנה אתו" אין יעדער מעמד ומצב אין וועלכן ער זאל זיך נאר געפינען.

וואס דורך דעם וואס מ'איז אים מחנך אין דרך החיים, דורך דערויף וואס די הויז איז א כשר'ע, לויט ווי ס'איז מתאים צו דער הנהגה פון אידן אלס "גוי קדוש" - וואקסט ער בדרך הישר, און ער דארף ניט דורכגיין די אלע מאטערנישן און נסיונות און שאלות און די מהשבות המטרידות וואס עס גייט דורך דער וואס האט ניט באקומען אזא חינוך.

און וויבאלד אז בהגה"פ הויבט זיך אן א נייער זמן בנוגע צום ענין החינוך - דארף מען זיך משהדל זיין אז יעדער קינד זאל באקומען א אידישן חינוך כדבעי,

און דאס וואס בעבר האט געפעלט אין דעם ענין החינוך, אדער אז דער חינוך איז געווען שלא כדבעי - איז מה שהי' הי', און "אין לך דבר שעומד בפני התשובה"[159],

ובפרט אז בהגה"פ ווערן אידן געבארן פון-דאס-ניי. באקומט מען דעמולט כחות חדשים אויף צו טאן אין די אלע ענינים.

און ס'איז פארשטאנדיק, אז לויט ווי מ'שטעלט זיך אוועק אין דעם זמן פון הגה"פ, אין דעם "ראשון הוא לכם לחדשי השנה"[160], ווערט דאס נמשך אויף א גאנץ יאר.

און עס ווערט אין אן אופן ווי ס'איז געווען בא יצי"מ, וואס דעמולט זיינען אלע אידן געווען צדיקים, ווארום דעמולט זיינען זיי געבארן געווארן אלס א פאלק, כקטן שנולד,

- כמבואר -

------------

157) יתרו יט, ו. 158) או"ח סוס"ד. 159) רמב"ם הל' תשובה ספ"ג. וראה ירושלמי פאה פ"א סה"א. ועוד. 160) בא שם, ב.

כמבואר אין ספרי מוסר און ספרי חסידות, מיוסד אויף ספרי קבלה.

און דעמולט איז ילך לבטח דרכו אין לימוד התורה וקיום המצוה, און וועט אין דערויף אריינעמען אלע אידן, "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותנו".

און דאס איז ממהר דעם ענין פון ביאת משיח צדקנו, וואס דעמולט וועט יעדער איד און אלע אידן אדויסגיין פון גלות, און עס וועט זיין דער "קהל גדול ישובו הנה"[161], בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו.

* * *

מג. מ'האט גערעדט פריער וועגן דעם ענין פון "לא יבוש מפני בנ"א המלעיגים", וואס דאס איז די התחלה פון אלע ד' חלקי השו"ע - דאס שטייט אין דעם ערשטן סעיף פון דעם ערשטן סימן פון דעם ערשטן חלק פון דעם שו"ע.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז מ'ווייסט טאקע אז א מענטשן איז שווער משנה זיין טבעו ורצונו, וואס "הרגל נעשה טבע"[162], און פונדעסטוועגן מאנט "תורת חיים" בא יעדער אידן אז ס'זאל זיין "לא יבוש מפני בני אדם המלעיגים", אע"פ אז דאס איז היפך טבעו.

און וויבאלד אז תורה מאנט דאס, איז פארשטאנדיק אז ער קען דאס מקיים זיין בקלות - נאך איידער ער לערנט די אנדערע חלקים פון שו"ע, נאך איידער עד לערנט הל' ק"ש און שמו"ע, נאך איידער עד לערנט אפי' הל' ברכות השחר, קען ער שוין מקיים זיין דעם ציווי פון "לא יבוש מפני בני אדם המלעיגים".

עס דארף נאר זיין דעד ענין פון "שויתי ה' לנגדי תמיד" - ער דערמאנט זיך אז דער אויבערשטער געפינט זיך לעבן אים און צוזאמען מיט אים, אין דעם זעלבן מקום און אין דעם זעלבן זמן,

וואס אויף דערויף דארף א איד ניט אנקומען צו קיין עבודה, ווארום אידן זיינען "מאמינים בני מאמינים"[163], וואס דאס איז געווען אפי' קודם מ"ה, ווען אידן זיינען נאך געווען אין מצרים, ועאכו"כ ווי דאס איז לאחרי מתן תורה.

מד. ובפרט נאך דערויף וואס מ'האט געזעהן דאס וואס ס'איז

- געווען -

---

161) ירמי' לא, ה. 162) ראה שבילי אמונה נ"ד ש"ב. שו"ה הרמ"ע מפאנו סל"ו. הניא ספי"ד. פמ"ד (סג, ב).
163) שבת צז, א.



הנחה הת' בלתי מוגה

געווען בזכן הגלות - אז די אלע וואס זיינען אוועק פון אידישקייט, איז נאך דערויף וואס ס'איז דורכגעגאנגען א משך זמן קצר [די וואס האבן מער זוכה געווען, האט דאס גענומען דריי דורות, און די וואס האבן ניט זוכה געווען אויף אזוי פיל, האט דאס גענומען צוויי דורות, און די וואס האבן נאך ווייניקער זוכה געווען, האט דאס גענומען מערניט ווי איין דור], איז ניט געבליבן קיין שריד ופליט פון זייער אידישקייט,

און די וואס האבן תשובה געטאן, איז ניט געבליבן קיין שריד ופליט פון זייער פריערדיקער מעמד ומצב, און זיי זיינען געקומען צוריק צו זייער שורש ומקור - ווי זייערע עלטערן האבן זיך געפירט, און אזוי ווייטער, עד תחלת כל הדורות.

און בנוגע צו די וואס זיינען אוועק פון אידישקייט, איז אפי' אויב ס'איז געווען אין אן אופן פון "מאריך אף", און עס האט גענומען נאך א דור - איז דאס אבער געווען אין אן אופן אז מ'איז געגאנגען מדחי אל דחי, ביז וואנעט אז מ'איז אינגאנצן פארלארן געגאנגען פון אידישקייט, פון דעם אידישן פאלק, און פון אן אדם בכלל,

ווארום דורך דערויף וואס ער גייט אוועק פון אידישקייט, פארלירט ער זיין כבוד אלס מענטש אפי' ביי אוה"ע [ע"ד ווי די גמרא[164] זאגט "האוכל בשוק הרי זה דומה לכלב", דערפאר וואס ער איז ניט מקפיד על כבודו[165]],

ווארום וואס פאר א פנים קען ער שוין האבן אפי' ביי אוה"ע, ווען זיי ווייסן אז ער האט אפגעלאזט אידישקייט:

א מענטש וואס איז געבארן געווארן אלס "ממלכת כהנים וגוי קדוש", און האט אונטער זיך צענדליקער דורות פון אידן, עלטערן און זיידע'ס וואס האבן זיך מוסר נפש געווען בפועל פאר אידישקייט, און ער בארימט זיך דערמיט וואס ער האט געהאט אזא זיידן, און ווען ער שעמט זיך ניט, היינגט ער אויף אין זיין משרד א המונה פון זיין זיידן, אז אלע זאלן זעהן ווי זיין זיידע האט אויסגעזעהן -

און אעפ"כ, ווען ס'איז געקומען צו כסף וזהב כפשוטו און צו כבוד העולם, איז ער ניט ביי"געשטאנען דעם נסיון, און האט זיך אפגעריסן פון 25, 30, 40, 45 דורות פון אידן, כדי ער זאל האבן מער כבוד און מער הנאות העולם, כדי ער זאל קענען עסן און טרינקען וואס ער וויל, און ער זאל קענען גיין בשרירות לבו, וויסנדיק אז דאס קומט פון דעם יצה"ר -

- פארשטייט -

------------

164) קידושין מ, סע"ב. 165) פרש"י שם ד"ה ופסול לעדות.

פארשטייט מען דאך דערפון ווי קען ער שוין אויסזעהן ביי אוה"ע, און סוכ"ס דערפילט ער ווי זיי קוקן אויף אים!

און בשעת ער האלט זיך אן אין אידישקייט, באקומט ער כבוד (ניט נאר כבוד המדומה, נאר כבוד) אמיתי פון אלע אוה"ע וואס געפינען זיך מסביבו, ביז וואנעט אז "ברוך תהי׳ מכל העמים"[166], זיי ווינטשן זיך אז הלואי זאלן זייערע קינדער גיין אין די ריכטיקע וועג, און ניט אראפגיין פון דעם ריכטיקן וועג צוליב ענינים פון כסף וזהב, קנאה והאוה וכו׳, כמבואר אין ספרי מוסר.

מה. אויף צו מאכן דאס נאך גרינגער - באווייזט דער אויבערשטער אז מ׳זאל זעהן בעיני בשר אז עס זיינען דא מענטשן וואס האבן זיך איבערגעקערט מן הקצה אל הקצה, און האבן זיך אומגעקערט לשרשם ומקורם, און אנגעהויבן לעבן זייערע חיי היום-יום ווי א גאנצער איד,

ניט ווי א האלבער איד, וואס ר"ה און יוהכ"פ פירט ער זיך באופן כך, און אין ימות החול פירט ער זיך באופן אחר, און בשבה - ווי אמאל, נאר ווי א גאנצער איד, בנפשו ורוחו ונשמתו וגופו,

און זיי געפינען זיך אין א מעמד ומצב פון מנוחת הנפש, וואס דאס ברענגט אויך צו מנוחה הגוף און בריאות הגוף, און מ׳זעט ווי זיי זיינען צופרידן פון דרכם החדשה - וואס באמת איז די דרך הישנה פון אלע דורות פון אידן, ביז צו מעמד הר סיני, וואס דאס איז געווען דער סיום וחותם פון יציאת מצרים (און אחרון של פסח).

און מ׳זעט אז עס זיינען דא א סאך דוגמאות אזוינע (אן קיין עין הרע), וואס יעדער איינער קען דאס זעהן, און אפלערנען זיך דערפון בנוגע צו זיין עבודה.

מו. בהמשך לזה - איז כאן המקום מעורר זיין און מעודד זיין וועגן דערויף אז ס׳איז דא א מדינה וואס איז געווען ווייט פון אידישקייט, און דערנאך איז דארטן געווארן א התעוררות, און צענדליקער און צענדליקער אידן, אנשים ונשים. האבן זיך אומגעקערט צו קיום התומ"צ, און זיי טוען אויך אין דעם ענין פון "ואהבה לרעך כמוך"[167], ובפרט בנוגע צום יוגענט, אז כהם יראו וכן יעשו, און כשנה לשנה איז דאס מוסיף והולך - וואס דאס איז מדינת צרפת.

- וואס -

------------

166) עקב ז, יד. וראה ד"ה ולקחתם לכם דמוצאי ש"פ האזינו, י"ג תשרי ש.ז. 167) קדושים יט, יח.

וואס ס'איז דאך ידוע[168] דער יחס פון רבותינו נשיאינו צו דער מדינה, און ווי זיי האבן גערעדט וועגן דער מדינה - האם מען אבער לאחרונה געזעהן אז "לא אלמן ישראל"[169] ח"ו. און ס'איז דארטן געווארן א רוח טהרה, און דערנאך זיינען געווען כמה ענינים און סיבות וואס האבן דאס פארשטארקט און צוגעהיילט, און עס זיינען דא צענדליקער אידן, אנשים ונשים, וואס זיינען געווארן חובבי תומ"צ, און זיי לערנען סיי נגלה דתורה און סיי פנימיות התורה, און עס זיינען אויך דא עטליכע וואס טוען אין עבודת התפלה.

וואס דערפאר דארף מען זיי מעודד זיין און מחזק זיין אין זייער עבודה אין קיום התומ"צ - אז בשעת מ'טוט א מעשה אחד טוב, פועל'ט דאס אויף אלע אידן, אפי' אויף א אידן וואס געפינט זיך אין קצוי תבל, ביז וואנעט אז דאס פועל'ט על כל העולם כולו, כפס"ד הרמב"ם[170] הידוע, עאכו"כ ווען דאס ווערט געטאן דורך עשרה מישראל, וואס "אכל בי עשרה שכינתא שריא"[171], עאכו"כ דורך מאות ואלפים מבנ"י כ"י, און אין אן אופן פון הולך ומוסיף ואור.

וכמדובר כמ"פ אז יעדערער דארף טאן כל התלוי בו אויף מקרב זיין א צווייטן אידן, וויבאלד אז דאס איז נוגע אויך צו אים - ווארום די גאולה פון דעם גלות וועט זיין אין אן אופן אז קיין איין און איינציקער איד וועט ניט בלייבן אין גלות, איז דאך פארשטאנדיק, אז אפי' ווען ער טראכט וועגן זיין גאולה, דארף ער טאן כל התלוי בו אויף ארויסנעמען פון גלות יעדן אידן וועלכן ער טרעפט, ארויסנעמען אים פון זיין גלות פרטי, און דורך דעריויף וועט קומען די גאולה הכללית.

און אזוי ווי ס'איז דא די קבוצה פון מדינת צרפת וואס איז געקומען אהערצו אויף חגה"פ, און כמה מהם געפינען זיך אין דער התוועדות - זאלן זיי זאגן לחיים, און אלע זאלן זאגן צוזאמען מיט זיי, און זיי זאלן זינגען זייער ניגון "האדרת והאמונה",

ויה"ר אז אלע צוזאמען, בתוככי כלל ישראל, זאלן זוכה זיין צו זעהן אז "המלוכה והממשלה לחי עולמים", ביז צו "התהלה והתפארת לחי עולמים", בביאת משיח צדקנו.

ניגנו הניגון "האדרת והאמונה".

* * *

- מז. -

------------

168) ראה ספר ההולדות אדה"ז ע' רנט ואילך. ועוד.
169) ל' הכתוב - ירמי' נא, ה. 170) הל' תשובה פ"ג ה"ד.
171) סנהדרין לט, א.

מז. ביים אויבערשטן זיינען דא צוויי דרכים:

ס'איז דא א דרך אין אן אופן של חסד ורחמים - בנוגע צו די וואס בא זיי איז געווען דער "יערה רוח ממרום"[172], און זיי זיינען נתעורר געווארן און נתקרב געווארן צום דרך פון תומ"צ, וואס אין יעדער מעמד ומצב אין וועלכן א איד זאל זיך נאר געפינען, קען ער שטענדיק נתעלה ווערן צו א העכערן מעמד ומצב, ביז אין אן אופן פון "ואתהלכה ברחבה"[173] אין די ענינים פון תומ"צ.

דערנאך איז אבער דא דער צווייטער דרך - אויב מאיזה סיבה האט זיך פארהאלטן דער "יערה רוח ממרום", פירט זיך דער אויבערשטער מיט א הנהגה הפכית, און דאס פועל'ט אז כ'זאל אנקומען אין אן ארט פון תומ"צ, "הוה גולה למקום תורה"[174].

וואס בשעת דער לימוד התורה איז במקום שנולד, ד.ה. אז ער בלייבט אין זיינע רגילות, אין זיין טבע און אין זיינע מדות, ער עסט און שלאפט לויט ווי ער איז איינגעוואוינט, און ערשט דערנאך ווען ער האט צייט לערנט ער תורה - איז דעמולט דער לימוד התורה שלא כדבעי;

דוקא ווען ער איז "גולה", ער גייט אוועק "מארצך ממולדתך ומבית אביך"[175], און ער זעצט זיך אוועק לערנען תורה - דעמולט איז דער לימוד התורה בהצלחה.

עס זיינען דא אזוינע וואס שרייען, אז מ'טאר ניט אנרירן אין בריאות הגוף, און זיי טענה'ן, אז אין די זמנים הפנויים פון שמירת בריאות הגוף, דעמולט וועט מען לערנען תורה - און ס'איז דאך א זיכערע זאך אז מ'קען מקיים זיין ביידע ענינים.

און וויבאלד אז ס'איז דא דער ציווי פון "ונשמרתם מאד לנפשותיכם"[176], איז ער דאס מקיים אין אן אופן של הידור, און נאכמער: וויסנדיק אז "ספיקא לחומרא"[177] איז דאס גאר ניט קיין הידור, נאר אין דערויף באשטייט דער קיום הציווי, ווער רעדט נאך ווען ער דערהערט אז ס'איז דא אן עניך פון כהדרין בן המהדרין, פירט ער זיך אין דעם אופן - איז דאך פארשטאנדיק וואס פאר א זמן וועט שוין בלייבן ביי אים אויף לימוד התורה!

- דער -

---

172) ע"פ ישעי' לב, טו. 173) תהלים קיט, מה.
174) אבות פ"ד מי"ד. 175) לך לך יב, א. וראה המשך תרס"ו ע' שצז ואילך. לקו"ש ח"א ע' 17 ואילך. ועוד. 176) ואתחנן ד, טו. וראה ברכות לב, סע"ב. 177) ראה ביצה ג, ב. ועוד.

דער סדר פון תורה איז - "הוה גולה למקום תורה", ער דארף אוועקגיין פון זיינע רצונות און רגילות'ן, און דעמולט וועט דער לימוד התורה זיין בהצלחה.

און אע"פ אז אים דוכט זיך אז דאס זיינען "חיי צער", ווארום ס'איז היפך פון זיין רגילות במשך כו"כ שנים - וועט ער אבער דערנאך זעהן אז דערפון וועט זיין דער "(חיי צער) התחי'"[178], דורך דערויף וועט ער ווערן לעבעדיק מיטן אמת'ן לעבן,

און דערפון ווערט דער "אשריך בעוה"ז", ניט נאר אין עוה"ב. נאר אין עוה"ז כפשוטו, נאך קודם ביאת משיח.

און בשעה אז מאיזה סיבה שתהי' איז ניטא דער "הוה גולה למקום תורה" - ווערט דאס דורך אן אופן בלתי רצוי.

וואס דער אויבערשטער איז דאך עצם הטוב, און טבע הטוב להטיב[179] - איז די כוונה בזה, ברענגען זיי צו היים פון לימוד התורה און קיום המצוות.

מח. און דאס איז די צווייטע קבוצה - ילדי פרס,

[איך וויים ניט פארוואס רופט מען זיי מיטן נאמען פון עכו"ם, בשעת ס'איז דא דער שם המדינה אין לה"ק - "פרס (ומדי)"; בנוגע צו שטרות איז נוגע דער שם של עכו"ם[180], אבער דא רעדט זיך ניט וועגן שטרות],

וואס זיי האבן זיך געפונען אין אן ארט וואו דער מצב היהדות איז ניט געווען בתכלית השלימות, און מ'האט געפראוועט בכמה אופנים מוסיף זיין דארטן אין ענינים פון אידישקייט, און ס'איז ניט געגאנגען בהצלחה;

עס איז טאקע "לב ישראל ער הוא", אפי' ווען "אני ישנה - בגלותא"[181], ס'איז אבער געווען מיט א מדידה והגבלה מסוימת.

און וויבאלד אז דער אויבערשטער האט געוואלט אז בא זיי זאל צוקומען אין קיום התומ"צ, האט ער זיי געדארפט ברענגען אין אן ארט וואו זיי וועלן קענען מקיים זיין תומ"צ בקלות, און דורך דעם איז בא זיי מקוים געווארן דער "הוה גולה למקום תורה".

און "הנצנים נראו בארץ"[182] - די נערים ונערות וואס זיינען פון דארטן געקומען, וואס די כוונה אין דערויף

- (ס'איז -

------------

178) אבות פ"ו מ"ד. 179) ראה עמה"ם שער שעשועי המלך רפ"א. שעהיוה"א פ"ד (עט, א). 180) ראה שו"ע אה"ע סקכ"ה ס"ג ובפ"ת שם. ועוד. 181) שה"ש ה. ב. זח"ג צה. א. 182) שה"ש ב. יב.

(ס'איז קיין נפק"מ ניט וואס זיי טראכטן) איז - "מה' מצעדי גבר כוננו ודרכו יחפץ"[183], כדי אז זיי זאלן צוקומען צו קיום התומ"צ, וויבאלד אז מפני כמה סיבות איז דער קיום המצווה דארטן געווען זייער שווער אדער אינגאנצן אום-מעגליך.

מט. בנוגע צום כללות המעמד ומצב אין יענע מדינה, זוכט מען סיבות ע"פ טבע, היתכן אז ס'זאל זיין אזא שינוי מן הקצה אל הקצה - געפינט מען אז עד"ז איז געווען אין פרס מיט כו"כ דורות לפנ"ז:

מ'האט גערעדט אמאל בארוכה[184], אז נאך דעריף וואס מ'מאכט די ברכה "שעשה נסים לאבותינו" אויפן נס פורים, און מ'לייענט די מגילה, הויבט מען אן ליינען ענינים וואס האבן קיין שייכות ניט לכאו' מיט נס פון פורים:

צום נס פון פורים האט א שייכות דאס וואס עס ווערט דערציילט אין דער מגילה וועגן "תקפו של נס" (וואס אין דערויף זיינען דא כמה דעות[185] פון וואנעט הויבט זיך אן דער סיפור פון "תקפו של נס"), און אין פשוטו של מקרא - אז ס'איז געווען א כלך, און ס'איז געווען א שר וואס האט געהייסן המן, און דערנאך איז געווען א גזירה וכו', און אז מ'דארף דערציילן וועגן אסתר, דארף מען דערציילן אז זי איז געווען "בת אביחיל דוד מרדכי"[186];

וואס איז אבער נוגע צום נס פון פורים די גאנצע אריכות הסיפור וועגן אחשורוש'ן, אז ער איז געווען א מלך "מהודו ועד כוש", און אז ער האט געמאכט א משתה וואס האט גענומען כו"כ ימים, און ער האט באוויזן "יקר תפארת גדולתו"?!

איז ניט פארשטאנדיק: די גאנצע אריכות הסיפור ביז צו "תקפו של נס", איז לכאו' א הפסק צווישן דער ברכה "שעשה נסים לאבותינו", מיט "תקפו של נס"?

האט מען מבאר געווען בארוכה, אז אין דערויף איז דא א הוראה נפלאה:

כדי צו באווארענען א גזירה וואס איז געקומען מיט כמה וכמה שנים לאח"ז, איז געווען די גאנצע מהפכה מיט ושתי, ביזן גאנצן אריכות הסיפור וועגן "בית הנשים" - כדי אז דערנאך זאל זיין דער "ונהפוך הוא אשר ישלטו היהודים המה בשונאיהם"[187], און "רבים מעמי הארץ מתיהדים"[188], און "ליהודים

- היתה -

------------

183) תהלים לז, כג. 184) ראה שיחת ש"פ תצוה, שושן פורים תשל"ז סכ"ב ואילך. 185) מגילה יט, א. 186) אסתר ב, טו. 187) שם ט, א. 188) שם ח, יז.

היתה אורה ושמחה וששון ויקר"[189] כפשוטו, וואס דאס איז פאר-בונדן מיט "אורה זו תורה שמחה זה יו"ט ששון זו מילה ויקר אלו תפילין"[190], וואס "הוקשה כל התורה כולה לתפילין"[191].

ד.ה. אז די גאנצע כוונה פון אלע "שבע ועשרים ומאה מדינה" איז - כדי אז ס'זאל זיין "ער "ונוח מאויביהם"[192] בי"ד און ט"ו אדר, וואס דעמולט איז געווארן דער "קיימו וקבלו"[193] בנוגע צו די ענינים פון "אורה זו תורה". ביז "ויקר אלו תפילין". וואס דעמולט גיט דער אויבערשטער די ענינים פון "אורה ושמחה וששון ויקר" כפשוטו.

נ. האמור לעיל איז ניט קיין ענין של דרוש, אויף וועלכן מ'קען זיך דינגען, אדער זאגן א דרוש טוב יותר - נאר ס'איז אן ענין וואס שטייט אין נגלה דתורה:

די משנה[194] זאגט אז "כל אחד ואחד חייב לומר (ניט נאר אז ער קען זאגן. נאר "חייב לומר") בשבילי נברא העולם" - כדי ער זאל משמש זיין את קונו, דורך קיום ההומ"צ.

וואס אע"פ אז ער ווייסט אז "אתם המעט מכל העמים"[195], און צווישן אידן גופא איז ער א יחיד, עס זיינען דא נאך אידן. און אין וועלט זיינען אויך דא אנדערע נבראים פון דצ"ח, אין אן אופן פון ריבוי מופלג, ווי ס'שטייט[196] "מה רבו מעשיך" און "מה גדלו מעשיך" - זאגט אבער "תורת אמת" אז א איד דארף זאגן "בשבילי נברא העולם".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק. אז יעדער מהמכה וואס טרעפט אין וועלט. מוז האבן א שייכות צו תומ"צ - נאר ס'איז דא אמאל וואס מ'דארף דאס זוכן בחורים וסדקים. און ס'איז דא אמאל וואס מ'זעט דאס בגלוי.

אזוי ווי בנדו"ד - אז מ'זעט אז פון דארטן זיינען געקומען א סאך נערים ונערות כ"י, און בא זיי קומט צו אין די ענינים פון תומ"צ.

און שלא מדעת הטועים וואס האבן מורא צי מ'וועט זיי קענען האלטן אדער ניט - אויב מ'וועט נאר וועלן, וועט מען זיי זיכער קענען האלטן אין ד' אמות פון אידישקייט און תומ"צ, ווארום אע"פ וואס "אני ישנה" איז אבער "לבי ער". ווי ער זאגט אין מדרש[197] להקב"ה ולמצותיו.

- ביז -

------------

189) שם. טז. 190) מגילה טז. ב. 191) קידושין לה, א. 192) אסתר ט, טז. 193) שם. כז. 194) סנהדרין לז, סע"א. 195) ואתחנן ז. ז. 196) תהלים קד. כד. צב, ו. 197) יל"ש עה"פ (רמז התקפה).

ביז וואנעט אז מ׳וועט פועל׳ן אז זיי וועלן זיין אין אן אופן פון טופח ע"מ להטפיח, אז דורך דערויף וואס בא זיי איז דא דער "גולה למקום תורה" כפשוטה [וואס דאס איז פאר-בונדן מיט א צער גדול ביותר, ווי ס׳שטייט אין ספר החינוך[198] אז דער צער פון גלות איז קרוב צו דעם צער פון היפך החיים], וועלן זיי משפיע זיין אויף די וואס בא זיי איז דער "גולה" מערניט ווי פון זייער רגילות, זיי געפינען זיך אבער בביתם ובעירם.

ובפרט ווי מ׳האט געזעהן אז זיי האבן זיך איצטער משתתף געווען אין דער ההלוכה, אויף גיין משמח זיין אידן,

כמדובר כמ"פ אז עס זיינען דא מצוות התלויות בשכל שבראש. ברגש שבלב, ביז צו מצוות התלויות ברגלים - וואס דאס איז פארבונדן מיטן מנהג וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר האט איינגעפירט, אז בימים טובים און ימים קבועים בשנה, זאל מען גיין משמח זיין אידן, וואס דאס איז א מצוה שברגל, און פארבונדן מיט "הוי רץ למצוה"[199], ווי דער אלטער רבי ברענגט דאס אראפ בשו"ע שלו[200],

האט מען געזעהן אז זיי האבן זיך אין דערויף משתתף געווען, און מתוך שירה, און זיכער איז דאס געווען אין אן אופן פון טופח ע"מ להטפיח, און זיי האבן משמח געווען די אידן וואס האבן זיך געפונען אין זייערע ד׳ אמות, אע"פ אז יענע אידן זיינען הושבים, און זיי זיינען ערשט אנגעקומען אהערצו.

נא. ויה"ר אז עס זאל צוקומען מער כח ועוד בא די וואס האבן זיך בהעסק געווען מיט מסדר זיין זיי בגשמיות, ועאכו"כ (אדער גם) מסדר זיין זיי ברוחניות, אז זיי זאלן באקומען א חינוך פון תומ"צ בחיי יום-יום,

וואס דאס וועט בא זיי פועל׳ן אז זיי זאלן גיין מחיל אל חיל ברוחניות, און דורך דערויף אויך בגשמיות, אז ניט קוקנדיק אויף דערויף וואס זיי געפינען זיך ניט בארץ מולדתם, וועלן זיך מסתדר זיין אויף א גוטן אופן כפשוטו, אנהויבנדיק פון די "הנצנים נראו בארץ".

און אזוי ווי מ׳האט געזעהן אז דורך דער השתדלות ביז איצטער. האט מען מצליח געווען אין אן אופן שלמעלה מדרך הטבע, איז עאכו"כ אז אויב מ׳וועט מוסיף זיין אין דער השתדלות. וועט מען נאכמער מצליח זיין.

- און -

------------

198) מצוה ת"י. 199) אבות פ"ד מ"ב. 200) או"ח ס"צ סי"ג.

און טאן אין דערויף אין אן אופן פון "לא יבוש כפני בנ"א המלעיגים". וויסנדיק אז "שויתי ה' לנגדי תמיד", און "הקב"ה עוזרו", ועד"ז העלפט ער ארויס די אידן וואס זיינען געקומען פון פרס, "מנער ועד זקן טף ונשים"[201], ע"ד ווי ס'איז געווען אין זמן פורים.

און מ'זאל ניט מורא האבן אז ס'איז א שאד אזא גרויסע טרחא צוליב א קליינער צאל פון אידן, ווארום יעדער איד איז דאך אן "עולם מלא"[202], ובפרט אז דורך דערויף וועט מען קענען מקרב זיין די גאנצע משפחה, מיט אלע וואס געפינען זיך מסביבו.

נב. וויבאלד אז מ'געפינט זיך אין סעודתו של משיח, און מ'דארף דאס פארבינדן מיט אן ענין גשמי - זאלן זיי (די קינדער וואס זיינען געקומען פון דארטן) זאגן לחיים,

ועד"ז (ובמכש"כ וק"ו) אויך בנוגע צו די וואס האבן זיך משתתף געווען אין כסדר זיין (אדער אז זיי וועלן זיך אנהויבן משתתף זיין אין דעם), און מכאן ולהבא וועלן זיי טאן אין דערויף נאכמער.

און צו זיי זאלן אויך נצטרף ווערן די אלע וואס זיינען געגאנגען אויף דער תהלוכה אין מקומות אחרים, אויף משכח זיין אידן אין בתי כנסיות און בתי מדרשות.

און די שמחה זאל פורץ זיין די לעצטע שיריים פון דעם גלות, און עס זאל קומען דער חירות האמיתית.

און מ'זאל גיין אין דער ההלוכה אויף מקבל זיין פני משיח צדקנו, בעגלא דידן.

[כ"ק אדמו"ר שליט"א ביקש להרגם את הנ"ל - בנוגע למעשה בפועל - בפרסית].

* * *

נג. מ'דארף דאך אויך זאגן א ניגון פאר די רוסישע אידן -

וההחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

* * *

נד. בהמשך להמדובר לעיל וועגן דעם ענין פון חינוך - איז כאן המקום מעורר זיין, אז אזוי ווי עס קומט דער זמן הקיץ, דארף מען אנהויבן פארשרייבן (ניט אום יו"ט געווארן) קינדער אין מחנות קיץ וואו מ'באקומט א חינוך הכשר, ביז צו א חינוך על טהרה הקודש.

- און -

---

201) אסתר ג, יג. 202) סנהדרין שם.

און מ'דארף אנהויבן גלייך פון איצטער. כדי אז דערנאך זאל מען ניט דארפן פועל'ן אז מ'זאל משנה זיין און פאר- שרייבן אין אן אנדער מחנה קיץ (וויבאלד אז מ'האט שוין פאר- שריבן דעם קינד אין אן אנדער מחנה קיץ).

וכמדובר כמ"פ וועגן דער מעלה וואס איז דא אין דעם חינוך וואס מ'באקומט אין א מחנה קיץ, לגבי דעם חינוך וואס מ'באקומט במשך כל השנה כולה - אז אין דעם מחנה קיץ געפינט זיך דער קינד במשך כל היום והלילה אין די זעלבע ד' אמות, און בשעת דער מחנה קיץ איז כדבעי, הערט ער ניט און זעט ניט קיין דברים בלתי רצויים, און ביי אים זיינען ניטא קיינע ענינים המבלבלים פון תומ"צ.

וואס דאס פועל'ט ער זאל גיין לבטח דרכו במשך פון דעם זמן וואס ער געפינט זיך אין דעם מחנה קיץ, און דערנאך וועט דאס אויך פועל'ן על כל השנה כולה. ווען ער קומט צוריק צו מקומו ורגילותו, ביז וואנעט אז ער איז משנה זיין גאנצע הויז, אז דארטן זאל צוקומען אין אידישקייט, אין אן אופן פון מוסיף והולך ואור.

נד. בהמשך צו "מבצע חינוך" - איז כאן המקום מעורר זיין באכאכאל וועגן די אנדערע מבצעים:

"מבצע אהבת ישראל", "מבצע תורה", "מבצע תפילין". "מבצע מזוזה". "מבצע צדקה". "מבצע בית מלא ספרים - יבנה והמבי'".

און די מבצעים וואס זיינען פארבונדן במיוחד מיט נשי ובנות ישראל: "מבצע נרות שבת קודש ויו"ט". "מבצע כשרות האכילה ושתי'". און "מבצע טהרת המשפחה".

וואס דאס האט א שייכות מיוחדת צו הגה"פ, ווי ס'איז מבואר אין מדרש[203] אז "בשכר נשים צדקניות שהיו באותו הדור נגאלו אבותינו ממצרים".

וע"פ המבואר אין ספרים[204] אז דער דור פון עקבתא דמשיחא איז בדוגמת הדור שיצא ממצרים - איז פארשטאנדיק, אז די גאולה העתידה איז אויך תלוי אין נשי ישראל. דורך דעדויף וואס זיי וועלן אויפטועז צבאות ישראל אויף גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו.

וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דעדויף וואס בילדותם גרייטן זיי זיך צו (דורך דעם וואס מ גיט זיי דעם חינוך

- (המתאים) -

------------

203) סוטה יא, ב. שמו"ר פ"א, יב. ועוד. 204) ל"ת וס' הליקוטים להאריז"ל עה"פ שמות ג, ד. שער הגלגולים הקדמה כ'.

המהאים) אויף צו זיין אן "עקרת הבית", כל אחת ואחת בביתה, ביז וואנעס אז זי מאכט פון דער הויז א הויז אויף וועלכע דער אויבערשטער זאגט "ושכנתי בתוכם"[205], אז דאס ווערט א "מקדש מעט"[206], און עס ווערט א "בית גדול"[207], "שמגדלין בו תורה" און "מגדלין בו תפלה"[208]. אז מ'האדעווועט אויף די קינדער אין די ענינים פון תורה ותפלה,

ביז וואנעס אז דאס ווערט א "בית גדול" צום גדול האמיתי - אז עס ווערט דארטן דער "ושכנתי בתוכם".

און דורך כללות כל המבצעים, וואס מספרם איז עשר, וועט מען צוקומען צו דער גאולה העשירית, וואס איז פאר-בונדן[209] מיט דער פרה העשירית[210], און מיט דער שירה העשירית[211], און מיטן מנין העשירי[212]. וואס דאס וועט זיין דורך דעם רועה פון אידן - משיח צדקנו. בעגלא דידן.

* * *

נה. ס'איז דאך אויך רגיל צו זאגן אן ענין אין נגלה, בהמשך צו דעם וואס מ'האט גערעדט אין דער פריערדיקער ההוועדות[213] - אלס א השתתפות אין דעם "כינוס תורה" וואס וועט פארקומען מארגן.

וואס דערמאנט האט מען גערעדט וועגן דעם דין פון א קטן בפסח, און אויף דערויף האט מען געפרעגט כמה שאלות, וועט מען ענטפערן בקיצור עכ"פ אויף עטליכע נקודות.

ועד"ז אויך בנוגע צו פרש"י אויף די פרשה חומש פון היינטיקן טאג - מבאר זיין ע"פ פנימיות הענינים, וואס נוסף לזה וואס דאס איז אחש"פ. איז דאס אויך יום חמישי בשבוע פון פ' שמיני, וכידוע די תקנה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, אז בכל יום זאל מען לערנען די פרשה חומש וואס איז פארבונדן מיט דעם טאג, וואס דער שיעור חומש פון היינטיקן טאג איז, פון חמישי ביז ששי.

נו. מ'האט גערעדט וועגן דער שקו"ט צי "שה לבית אבות" איז דאורייתא אדער "לאו דאורייתא". האט מען זיך געשטעלט אויפן לשון פון דעם אלטן רבי'ן אין שו"ע[214] "להאכיל פסח לקטן . .

- אע"פ -

------------

205) תרומה כה, ח. וראה ר"ה שער האהבה פ"ו קרוב להתחלתו. ועוד. 206) ראה מגילה כט. א. 207) ל' הכתוב - מ"ב כה, ט. 208) מגילה כז, א. 209) ראה אוה"ת כה"ש בהתחלתו. 210) רמב"ם הל' פרה אדומה ספ"ג. 211) מכילתא עה"פ בשלח טו. א. 212) במדב"ר פ"ב. יא. ועוד. 213) דמוצאי ש"פ צו, אור לי"א ניסן. 214) או"ח סתמ"ג ס"ה.

אדער בפשטות יותר, אז דער אלטער רבי זאגט דעם לשון "אע"פ שלא נמנה עליו" וואס דאס מיינט אז מ'האט אים ניט כמנה געווען בפועל - דערפאר וואס אין דערויף איז דא א חידוש, אז אע"פ וואס מ'האט אים ניט ממנה געווען, מעג מען אים מאכיל זיין דעם פסח (אע"פ אז אפי' ווען מ'איז אים ממנה בפועל, איז ער אויך ניט בגדר מינוי).

והביאור בזה:

אין כללות הדין[217] אז "כל דבר שהוא משום חינוך מצוה, מותר לספות לו איסור בידים, כגון להאכיל פסח לקטן . . אע"פ שלא נמנה עליו ואין הפסח נאכל אלא למנוייו", איז דא א געוואלדיקער חידוש:

דער אלטער רבי[218] זאגט אז "לספות לו איסור בידים אסור לכל אדם מה"ת . . שנאמר[219] לא תאכלום ופירשו חכמים[220] לא תאכילום לקטנים" - קומט דאך אויס אז דער ענין פון "חינוך מצוה" וואס איז מערניט ווי מד"ס[221], איז מבטל דעם איסור פון "לא תאכילום" וואס איז מה"ת, ד.ה. אז א זאך וואס מיט א רגע לפנ"ז איז געווען אסור מה"ת, ווערט איצטער מותר.

אין תוס' קען מען ניט וויסן צי דער איסור פון "לספות לו בידים" איז מה"ת - אבער דער אלטער רבי זאגט בפירוש "אסור לכל אדם מה"ת", און אעפ"כ, צוליב דעם ענין פון "חינוך מצוה" איז מען מבטל דעם איסור מה"ת פון "לא האכילום".

און אין דערויף קומט נאך צו דער חידוש אז "אע"פ שלא נמנה עליו", מעג מען אים אויך מאכיל זיין דעם פסח, צוליב "חינוך מצוה". והביאור בזה:

אין קרבן פסח איז דאך דא דער תנאי אז מ'דארף זיך אויף אים ממנה זיין קודם שחיטת הפסח, ווי מ'לערנט אפ[222] דערפון וואס ס'שטייט[223] "מהיות משה", אז דער מינוי דארף זיין "מחיותי' של שה".

איז לכאו', וויבאלד אז בשעת השחיטה האט דער אב ניט ממנה געווען את בנו הקטן אויפן פסח, קומט דאך אויס אז ער האט דעמולט ניט געטראכט וועגן דעם ענין החינוך, וואלט מען לכאו' געדארפט זאגן אז ער קען אים ניט מאכיל זיין פון דעם פסח, ווארום מצד דעם ענין פון "חינוך מצוה", האט ער אים געדארפט מחנך זיין בשלימות, און אויך ממנה זיין אויפן פסח,

- ווארום -

---

217) שו"ע אדה"ז שם. 218) שם ס"ה. 219) פרשתנו יא, ב.
220) יבמות קיד, סע"א. 221) שו"ע אדה"ז שם ס"ב.
222) פסחים פט, סע"א. ועוד. 223) בא יב, ד.

אע"פ <u>שלא נמנה עליו</u> כו׳", און געוואלט לערנען אין דערויף כמה פשטים.

ולפלא גדול ווי האט מען געוואלט לערנען די אלע פשטים - בשעת מ׳גיט א קוק אין דעם מקור פון וואנעט דער אלטער רבי נעמט דאס (און מ׳זעט דאס וואס ער האט מעתיק געווען, און דאס וואס ער האט מוסיף געווען), פאלן אפ בדרך ממילא כמה פירושים, און עס בלייבט דער ריכטיקער פירוש.

און מ׳גיט א קוק אין די מ"מ וואס מ׳האט אנגעצייכנט אויף דעם ענין [די מ"מ וואס זיינען געדרוקט געווארן בחייו פון דעם אלטן רבי׳ן (פון אים אליין, אדער פון זיין ברודער), זיינען ניטא אויף דעם ענין, עס זיינען אבער דא די מ"מ וואס זיינען געדרוקט געווארן דורך די וואס האבן זיך מתעסק געווען מיט געפינען די מ"מ אויף די אלע ענינים אין שו"ע, און עס קומט זיי א יישר-כח אויף דעם], זעט מען אז דארטן איז צוגעצייכנט אז בפשטות (- מ׳קען דאך ניט וויסן וואס דער אלטער רבי האט געטראכט) איז דער מקור אויף דעם דין אין מג"א אין דעם זעלבן סימן.

דער מג"א[215] זאגט: "וכ"כ התוס׳ בפסחים דף פ"ח[216] דמותר להאכיל פסח לקטן אע"פ שלא נמנה עליו, כיון שהוא חינוך מצוה".

וואס דער מג"א זאגט דעם זעלבן לשון פון דעם אלטן רבי׳ן "אע"פ שלא נמנה עליו", ער ברענגט אז דער מקור אויף דערויף איז - דער תוס׳ אין פסחים.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז מ׳קען ניט מדייק זיין פון דעם לשון "אע"פ שלא נמנה עליו", אז ווען מ׳וואלט אים יע ממנה געווען (בפועל), וואלט דער דין געווען באופן אחר, ד.ה. אז ביי א קטן איז דא מינוי מן התורה - ווארום תוס׳ טייטשט אפ דאס וואס די גמרא זאגט "שה לבית מ"מ" - "פי׳ משום דשה לבית לאו דאורייתא", און דאס וואס מ׳גיט דעם קטן פון קרבן פסח, איז נאר צוליב "חינוך מצוה", ד.ה. אז דאס איז מערניט ווי מדרבנן.

נז. און דאס וואס דער אלטער רבי (און דער מג"א) זאגט "אע"פ שלא נמנה עליו" - קען מען זאגן אויף צוויי אופנים:

"אע"פ שלא נמנה עליו", אז ער איז ניט בגדר פון מינוי, און דאס וואס ער זאגט "אע"פ שלא נמנה עליו" איז - ווייל ס׳איז קיין נפק"מ ניט צי ער האט אים ממנה געווען אדער ניט, דערפאר וואס ער איז ניט בגדר מינוי;

- אדער -

------------

215) סשמ"ג סק"ג. 216) ע"א - ד"ה שה.

ווארום וויבאלד אז "כל דהיקון רבנן כעין דאורייתא תיקון"[224] - איז בשעה מ'איז אים מאכיל דעם פסח כדרבנן, מצד "חינוך מצוה", דארף דאס זיין "כעין דאורייתא", אז פריער זאל אים דער אב מכנה זיין אויפן פסח, און אויב ער האט אים נים ממנה געווען, ד.ה. אז דער חינוך איז נים בשלימות, איז שוין ניט שייך דער חינוך אין אכילה הפסח.

און דאס איז דער חידוש אז "אע"פ שלא נמנה עליו", ד.ה. אז בשעה השחיטה האט ער ניט געטראכט וועגן דעם ענין ההינוך, איז ווען עס קומט צו אכילת הפסח, ווערט ער מחוייב אין זיין חינוך עכ"פ פון דעם רגע, און ער דארף אים מחנך זיין אין אכילת הפסח עכ"פ.

ביז וואנעט אז צוליב דעם "חינוך מצוה" פון אכילת הפסח (אפי' אן מינוי). איז מען מבטל דעם איסור מה"ת פון "לא תאכילום" - אע"פ אז בעת שחיטת הפסח האט ער ניט געטראכט וועגן דעם ענין פון "חינוך מצוה", והראי', אז ער האט אים ניט ממנה געווען אויפן פסח.

נח. ווען דער אלטער רבי רעדט וועגן "להאכיל פסח לקטן", איז ער מוסיף "לקטן שהגיע לחינוך" (וואס די הוספה שטייט ניט אין מג"א), וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דוקא אויב "הגיע לחינוך" מעג מען אים מאכיל זיין דעם פסח, אבער איידער "הגיע לחינוך", טאר מען אים ניט מאכיל זיין דעם פסח. וויבאלד אז ס'איז ניט שייך דער טעם פון "חינוך מצוה".

ועפ"ז וועט אויסקומען נאך א נפק"מ צווישן די צוויי טעמים פארוואס מ'מעג געבן א קטן פון קרבן פסח - מצד "חינוך מצוה"[225]. אדער אז וויבאלד ער איז ניט בגדר מינוי, איז ביי אים ניטא דער איסור וואס "הפסח אינו נאכל אלא למנוייו"[226] - בנוגע צו א קטן שלא הגיע להינוך:

מצד דעם טעם פון "חינוך מצוה", טאר מען אים ניט געבן פון קרבן פסח. ווארום איידער הגיע לחינוך איז ביי אים ניטא דער ענין פון "חינוך מצוה":

און מצד דעם טעם אז דער וואס איז ניט בגדר מינוי, איז ביי אים ניטא דער איסור וואס "הפסח אינו נאכל אלא למנוייו" - מעג מען אים געבן פון קרבן פסח, וויבאלד אז ער איז ניט בגדר מינוי.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז מ'דארף ניט אנקומען

- צו -

------------

224) פסחים ל. ב. וש"נ. 225) תוס' שם. 226) ר"ן לנדרים לו. א ד"ה אר"ז שה לבית.

צו דער נפק"מ וואס דער מנחת חינוך[227] ברענגט בנוגע א חרש ושוטה, וואס בא זיי איז ניטא דער ענין פון "חינוך מצוה", און זיי זיינען ניט בגדר מינוי (ווי דערמאנט אין דער פריערדיקער התוועדות) - דערפאר וואס די נפק"מ איז דא ביים זעלבן קטן, קודם שהגיע לחינוך.

נט. עד"ז האט מען אויך געפרעגט וועגן דעם וואס מ'האט גערעדט אז פון דעם אלטן רבי'נס שו"ע איז משמע אז ער איז מכריע ווי די סברא פון דעם ראגאטשאווער - אז אין אנדערע ערטער אין דעם ראגאטשאווער קומט אויס באופן אחר.

איז די הסברה בזה - אז אין ראגאטשאווער זיינען דא עטליכע סברות וועלכע זיינען ניט הלוי זב"ז, און אז דער אלטער רבי איז מכריע כסברתו אין איין ענין, איז קיין הכרח ניט אז דערפאר דארף ער מכריע זיין כסברתו אין די אנדערע ענינים.

און ווי מ'זעט ביים ראגאטשאווער אז לאחרי משך זמן פלעגט ביי אים צוקומען א נייע סברא אין דעם ענין - איז עד"ז אויך בנוגע צום ביאור אין דברי הרמב"ם, אז די עטליכע סברות האט ער געשריבן אין זמנים שונים, במילא קען זיין אז דאס איז א סברא חדשה לגברי (וואס כוז ניט שטימען מיט דער פריערדיקער סברא), אדער אז ער איז מוסיף ביאור אין דעם וואס ער האט געשריבן אין דעם ערשטן מאל, וויבאלד אז צום ערשטן מאל האט ער ניט געשריבן די אלע הסברות שבזה,

ווי מ'געפינט דעם זעלבן ענין בא כו"כ גדולים, אז צום ערשטן מאל האבן זיי געשריבן בקיצור, און דערנאך פלעגן זיי דאס מבאר זיין בארוכה, און מיט מער פרטים,

ביז ווי מ'זאגט אז "דברי תורה עניים במקומן ועשירים במקום אחר"[228], ווארום ניט אין יעדן ארט וויל מען ממצה זיין די גאנצע עשירות וואס איז דא אין דעם ענין, וואס דערפאר וועט מ'פארגלייכט דאס לגבי א צווייטן ארט, איז דאס אין אן אופן פון "עניים".

ס. ובנוגע לענינינו:

די סברא העיקרית פון דעם ראגאטשאווער וואס דער אלטער רבי איז מכריע לויט דער סברא איז - אז בשעה ער האט געטאן אן ענין ווען ער איז ניט געווען מחוייב אין דערויף, פטר'ט דאס אים פון טאן דעם ענין ווען עס קומט דער זמן וואס ער וועט מחוייב בזה. אע"פ אז ווען ער האט געטאן די פעולה

- איז -

---

227) מצוה ה סק"ב. 228) ירושלמי ר"ה פ"ג ה"ה.

איז ער ניט געווען מחוייב אין דעם, ווייבאלד אז די פעולה איז א פעולה נמשכה[229].

ולדוגמא - דער רמב"ם[230] פסק'נט אז "קטן שהגדיל בין שני פסחים", וואס ער איז מחוייב אין פסח שני, איז "אם שחטו עליו בראשון פטור":

דאס וואס ער איז מחוייב אין פסח שני איז דאך מה"ת, ווארום בשעת דער רמב"ם זאגט "חייבין לעשות פסח שני" סתם, איז די כוונה בזה אז ס'איז א חיוב מה"ת (און ס'איז דאך ניט שייך צו זאגן אז מ'איז מחוייב אין קרבן פסח מדרבנן).

און אעפ"כ זאגט מען אז "אם שחטו עליו בראשון פטור", ד.ה. אז דורך דערויף וואס ביי אים איז געווען דער.מעשה פון שחיטת הפסח אין דעם זמן וואס ער איז ניט געווען מחוייב אין דעם, ווערט ער פטור פון דעם חיוב פון פסח שני לאחר שהגדיל, אע"פ אז לולא זאת וואס "שחטו עליו בראשון", וואלט ער געווען מחוייב אין פסח שני מן התורה.

וואס ווייבאלד אז מ'געפינט ניט אז רש"י און תוס' און אנדערע ראשונים זאלן זיך קריגן אויפן רמב"ם, איז פארשטאנ-דיק אז זיי האלטן אויך ווי דער רמב"ם.

און דער ראגאטשאווער[231] פארבינדט דאס מיט כו"כ ענינים עד"ז, און אויך דערמיט וואס ס'איז דא דער חיוב פון לימוד התורה אויף א קטן, ווארום אע"פ אז ער ווערט מחוייב במצוות ערשט ווען ער ווערט בן י"ג שנה, אעפ"כ דארף ביי אים זיין לפנ"ז דער ענין פון ידיעה התורה, כדי ער זאל קענען מקיים זיין די מצוות.

וואס אין דערויף זעט מען אויך, אז די פעולה פון לימוד התורה וואס ער האט געטאן בקטנותו, ווערט נמשך און העלפט אים ארויס בגדלותו, ער זאל וויסן ווי אזוי צו מקיים זיין די מצוות.

וואס ווייבאלד ער פארבינדט דאס מיט דעם ענין פון לימוד התורה, איז בהכרח צו זאגן אז די שחיטה פון דעם קרבן פסח איז א פעולה נמשכת, ווארום אויב מ'וועט זאגן אז דערפון בלייבט ניט קיין רושם לאח"ז, האט דאס קיין שייכות ניט צו לימוד התורה, ווייבאלד אז דארטן בלייבט די ידיעה פון דעם לימוד וואס ער האט געלערנט בקטנותו, ווארום ער געדיינקט דאס וואס ער האט געלערנט.

און די הוכחה אויף דעם וואס שחיטת הפסח איז א פעולה

- נמשכת -

------------

229) צפע"נ הל' תרומות פ"ב הי"ב. 230) הל' ק"פ פ"ה ה"ז. 231) שו"ת צפע"נ דווינסק ח"ב ס"י.

נמשכת איז - דערפון וואס רער פסח "אינו נאכל אלא למנוייו", ד.ה. אז אכילת הפסח קען זיין דוקא אויב מ׳האט זיך ממנה געווען אויפן קרבן בשעת שחיטת הפסח, וואס דערפון איז פאר-שטאנדיק, אז די פעולה פון שחיטת הפסח איז א פעולה נמשכת - אויך בשעת האכילה.

און וויבאלד אז פסח שני איז פארבונדן מיט פסח ראשון, און די פעולת השחיטה איז א פעולה נמשכת, ווערט זי נמשך אויך אין פסח שני, און דערפאר איז "אם שחטו עליו בראשון פטור", וויבאלד אז זיין פעולה אין פסח ראשון ווערט נמשך אויך אין פסח שני.

[און דאס וואס אכילת הפסח איז מעדניס ווי עד חצות[232] (אדער עד שיעלה עמוד השחר[233]) איז קיין סתירה ניט צו דעם וואס שחיטת הפסח איז א פעולה נמשכת, ווארום דאס האט ניט קיין שייכות צו שחיטת הפסח; דאס איז א תנאי אין אכילת הפסח, אז אכילת הפסח דארף זיין אין א זמן מוגבל, אבער פעולת השחיטה איז א פעולה נמשכת].

ד.ה. אז פעולת השחיטה (וואס איז א פעולה נמשכה) אין פסח ראשון, וואס איז נאר מדרבנן, מצד "חינוך מצוה", העלפט אויך אראפנעמען דעם חיוב פון פסח שני וואס איז מן התורה - ע"ד ווי מ׳געפינט אז דער "חינוך מצוה" וואס איז מדרבנן איז מבטל דעם איסור פון "לא תאכילום" וואס איז מן התורה[234].

סא. דערנאך זיינען דא אין ראגאטשאווער נאך סברוה:

דער ראגאטשאווער[235] זאגט אז דאס וואס "אם שחטו עליו בראשון פטור", איז דוקא "שהקטן הי׳ אחד מבני חבורה", אבער אויב ער איז נאר געווען "בגדר שה לבית אב", ד.ה. אז מ׳האט אים ניט ממנה געווען אלס איינער פון בני חבורה, נאר אלס טפל צום "בית אב", איז ער הייב אין פסח שני.

דער אלטער רבי נעמט אבער ניט אן די סברא, ווארום ס׳איז א דוחק צו מחלק זיין און זאגן אז "שה לבית" איז א באזונדער דין פון מינוי אלס אחד מבני חבורה.

בשעת מ׳זאגט אז מה"ת איז דא א דין מינוי, איז שייך צו מחלק זיין צווישן "שה לבית" מיט מינוי אלס אחד מבני חבורה; ווען מ׳זאגט אבער אז דאס איז מערניט ווי מדרבנן,

- איז -

---

232) זבחים נו, ב במשנה. 233) רמב"ם שם ספ"ח.
234) לשליכוה הענין - ראה שיחה מוצאי ש"פ שמיני.
235) צפע"נ הל׳ תרומות שס. שו"ת דווינסק ח"ב ס"ח.

איז ניטא קיין הכרה צו מחלק זיין צווישן "שה לבית" מיט מינוי אלס אחד מבני החבורה, ווארום ס׳איז א דוחק אויף וועלכן מ׳דארף האבן א הכרח גדול.

וכאמור לעיל אז דער אלטער רבי און דער מג"א נעמען אן כשיטת התוס׳, אז דאס וואס מ׳איז מאכיל צום קטן פון דעם פסח איז נאר מדרבנן, צוליב "חינוך מצוה"[236] - ניט ווי שיטת הר"ן[237] און דער ר"י קורקוס[238], און אזוי איז אויך משמע פון דער גירסא אין מכילתא[239] וואס דער כס"מ[240] ברענגט אראפ, אז דאס וואס א קטן עסט פון קרבן פסח איז מדאורייתא, ווי עס ווערט אראפגעבראכט אין די הגהות פון חת"ס צום שו"ע (געדרוקט אין די נייע שו"ע׳ס אויפן גליון).

(חסר קצת).

סב. עד"ז ברענגט דער ראגאטשאווער[239] נאך א סברא:

דאס וואס דער רמב"ם פסק׳נט אז "אם שחטו עליו בראשון פטור מפסח שני", רעדט זיך אין א פאל וואס בשעת שחיטת הפסח איז ער שוין געווען בן י"ג שנה, נאר לא הביא ב׳ שערות, וואס דעמולט איז ער פטור פון פסח שני, ווארום נאך דערויף וואס הביא ב׳ שערות. איז אגלאי מילתא למפרע אז בעת שחיטת הפסח איז ער שוין געווען א גדול.

דער אלטער רבי נעמט אבער ניט אן די סברא, ווארום דער רמב"ם איז ניט מחלק וועגן וועלכן קטן עס רעדט זיך.

און בפשטות איז ניט מסתבר צו זאגן אז דער רמב"ם זאל רעדן וועגן א מציאות וואס בפסח איז ער געווען בן י"ג שנה, נאר לא הביא ב׳ שערות. און בין פסח ראשון לפסח שני איז הביא ב׳ שערות.

[ווארום מ׳מוז זאגן אז בעת האכילה האט ער נאך ניט געבראכט ב׳ שערות, ווארום אויב הביא ב׳ שערות קודם אכילת הפסח. זאגט דער ראגאטשאווער[239] אז ער טאר ניט עסן פון דעם פסח. דערפאר וואס דעמולט איז הל׳ אויף אים דער איסור וואס "הפסח אינו נאכל אלא למנוייו"] -

דערפאר וואס דאס איז א דבר בלתי רגיל כלל:

ע"פ רוב איז דער גיל פון י"ג שנה מיט ב׳ שערות פארבונדן זב"ז, זיי קומען ביידע צוזאמען, און בשעת מ׳ווייסט

- ניט -

------------

236) ראה גם פס"ד להצ"צ - חידושים על הרמב"ם בהחלהו.
237) נדרים שם. 238) הובא בכס"מ לרמב"ם שם פ"ה ה"ז,
239) עה"פ בא שם, כד. 240) שם ה"ו.



הנחה הת׳ בלתי מוגה

ניט צו הביא ב' שערות אדער ניט, שטעלט מען אויף דער חזקה אז כסתמא הביא ב' שערות (ווען ס'איז ניט נוגע צו אן ענין מה"ת, וואס דעמולט דארף מען האבן א בידור במיוחד)[241],

ועאכו"כ אז ס'זאל נעמען א ריבוי זמן צווישן י"ג שנה ביז הבאת ב' שערות, וואס דאס איז זיכער א דבר בלתי רגיל כלל -

און דערפאר איז ניט מסתבר צו זאגן אז דער רמב"ם רעדט נאר אין אזא פאל.

סג. ע"פ האמור לעיל קומט אויס פון דעם אלטן רבי'נס שו"ע עטליכע נקודות:

צום אלעם ערשטן זעט מען אז דער אלטער רבי איז מכריע כשיטת התוס', אז אכילת הקטן אין קרבן פסח איז נאר מדרבנן, מצד "חינוך מצוה", ובמילא אויף צו מבאר זיין דברי הרמב"ם, דארף מען אנקומען צום ביאור פון דעם ראגאטשאווער. און ניט ווי דער ביאור פון ר"ח הלוי[242], וואס ער זאגט אז ביי א קטן איז דא א גדר פון מינוי מן התורה.

און מ'זעט אויך דעם חידוש אז דער ענין פון "חינוך מצוה" וואס איז מערניט ווי מדרבנן, נעמט אראפ דעם איסור פון "לא תאכילום" וואס איז מן התורה.

און מ'זעט אויך אז דער אלטער רבי איז מוסיף "לקטן שהגיע לחינוך", וואדום ווייבאלד אז דאס וואס ער עסט דעם פסח איז נאר צוליב "חינוך מצוה", איז דאס דוקא ווען הגיע לחינוך.

און דערנאך קומט דער הידוש אין "אע"פ שלא נמנה עליו", אז אע"פ וואס בעת שחיטת הפסח האט ער ניט געטראכט וועגן דעם ענין החינוך, און ער האט אים ניט ממנה געווען, אעפ"כ דארף ער אים מחנך זיין אין אכילת הפסח,

און מ'זאגט ניט אז ווייבאלד דער ענין פון "חינוך מצוה" איז מדרבנן, איז הם הקנו והם תקנו - במילא מוז אויך זיין דער ענין פון מינוי, און אויב ער האט אים ניט ממנה געווען, טאר ער ניט עסן פון דעם פסח, ווארום אויב ער וועט אים געבן פון דעם פסח אע"פ וואס ער האט אים ניט ממנה געווען, איז ער אים מחנך עסן דעם קרבן פסח אן מינוי - נאר מ'זאגט אז מצד "חינוך מצוה" דארף ער אים מחנך זיין אין אכילת הפסח עכ"פ, אפי' ווען ער האט אים ניט ממנה געווען.

ועד"ז זיינען דא נאך כמה מרגניתא וואס מ'קען

- ארויסנעמען -

------------

241) שו"ע או"ח סנ"ה ס"ה. ובנ"כ שם. 242) לרמב"ם שם.

ארויסנעמען פון דעם אלטן רבי'נס לשון אין שו"ע.

סד. אין דער פרשה חומש פון היינטיקן טאג[243] ווערט דערציילט אז "את שעיר החטאת דרש דרש משה והנה שורף ויקצוף על אלעזר ועל איתמר . . מדוע לא אכלתם את החטאת", און אויף דערויף האט אהרן געענטפערט "ותקראנה אותי כאלה ואכלתי חטאת היום הייטב בעיני ה'", און מ'איז מסיים "וישמע משה וייטב בעיניו".

און ווי רש"י[244] זאגט אז "שלשה שעירי חטאות קרבו בו ביום, שעיר עזים ושעיר נחשון ושעיר ר"ח ומכולן לא נשרף אלא זה (שעיר ר"ח) . . לפי שהוא קדשי דורות, אבל בקדשי שעה סמכו על משה שאמר להם במנחה[245] ואכלוה מצות", וואס דאס איז געווען די טענה פון אהרן אז "אם שמעת בקדשי שעה אין לך להקל בקדשי דורות"[246].

וואס אויף דערויף זאגט רש"י[247] אז מצד דערויף וואס ס'איז געווען דער "ויקצוף", איז "בא לכלל כעס בא לכלל טעות", וואס זיין טעות איז געווען אז ער האט געמיינט אז קדשי דורות איז גלייך ווי קדשי שעה.

דארף מען פארשטיין: דער ענין פון כעס טוט ניט אויף קיין נייע זאך, עס קען נאר אויפטאן ער זאל פארגעסן אן ענין וואס ער האט געהערט, ד.ה. אז מצד דעם טבע פון משה רבינו, דארף אויסקומען אז קדשי דורות איז גלייך צו קדשי שעה;

דארף מען פארשטיין: וואס איז דער ביאור אז מצד דעם טבע פון משה רבינו מאנט זיך אז קדשי דורות זאלן זיין אזוי ווי קדשי שעה, און מצד דעם טבע פון אהרן מאנט זיך אז ס'זאל זיין א חילוק צווישן קדשי דורות מיט קדשי שעה.

סה. והביאור בזה[248]:

דער חילוק צווישן משה רבינו מיט אהרן איז - אז משה רבינו האט געהערט פון דעם אויבערשטן, און אהרן האט דאס איבערגעגעבן צו אידן, ווי ס'שטייט[249] "ואהרן אחיך יהי' נביאך", דערפאר וואס משה רבינו איז געווען "כבד פה וכבד לשון"[250].

ד.ה. אז ענינו פון משה רבינו איז - איבערגעבן דאס

- וואס -

------------

243) פרשהנו י, טז-כ. 244) שם, טז. 245) פרשתנו שם, יב. 246) פרש"י שם, יט. 247) מטות לא, כא. 248) ראה גם לקו"ש שמיני תשל"ח ס"ז. 249) וארא ז, א. 250) שמות ד, י.

וואס ער האט געהערט פון דעם אויבערשטן, "תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב", ווי הורה איז מצ"ע, ווי ס'שטייט[251] "זכרו תורת משה עבדי";

און ענינו פון אהרן איז - בדוגמה א "מתורגמן"[252] וואס גיט איבער און איז מתרגם די דבדים פון דעם ראש ישיבה, אזוי אז די תלמידים זאלן דאס קענען פארשטיין, וויבאלד אז זיי קענען ניט מקבל זיין פון דעם ראש ישיבה אליין, דערפאר וואס ס'איז צו הויך פאר זיי.

און ווי מ'געפינט[253] אז דער סדר פון לימוד התורה איז געווען אין אן אופן, אז פריער האט משה רבינו געלערנט מיט אהרן, און דערנאך מיט בני אהרן, און מיט די זקנים, און דערנאך מיט אלע אידן, און דערנאך האט אהרן געלערנט מיט אלע אידן נאכאמאל - כדי אז אלע אידן זאלן דאס קענען פארשטיין.

און וויבאלד אז ענינו של משה איז געווען דער ענין פון תורה, און אויך משה רבינו זאגט מען[254] "משה אמת והורתו אמת" (נאך איידער מ'רעדט וועגן תורה, זאגט מען גלייך "משה אמת"), וואס דער ענין פון "אמת" איז, אז אין דערויף זיינען ניטא קיין שינויים,

ווי עס שטייט אין ירושלמי[255] אויפן פסוק[256] "אני ראשון ואני אחרון ומבלעדי אין אלקים", אז דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "אמת", וויבאלד אז דער א' איז ההלת האותיות, און דער מ"ם איז אמצע האותיות, און דער ת' איז סוף האותיות, ד.ה. אז פון דעם אנהויב ביז דעם סוף איז ניטא קיינע שינויים -

איז פארשטאנדיק, אז מצד טבעו פון משה רבינו לייגט זיך אז ס'איז ניטא קיין חילוק צווישן קדשי שעה מיט קדשי דורות; וויבאלד אז ס'איז דא א ציווי וועגן קדשי שעה, איז דאס אויך בא קדשי דורות, ווארום מצד דעם ענין פון "אמת", איז ניט שייך קיין ענין של שינויים.

ענינו פון אהרן איז אבער געווען - "אוהב שלום ורודף שלום אוהב את הבריות ומקרבן לתורה"[257], ווי עס שטייט אין אדר"נ[258] אז אהרן פלעגט <u>משנה</u> זיין מפני השלום. און ענינו איז "אוהב את הבריות ומקרבן לתורה". ער פארנעמט זיך אפילו

- מיט -

---

251) מלאכי ג, כב. וראה שכו"ר פ"ל. ד. ועוד. 252) ה"א עה"פ שם, טז. ה"א ופרש"י עה"פ וארא שם. 253) עירובין נד, ב. פרש"י עה"פ תשא לד, לב. 254) תנחומא קרח יא. 255) סנהדרין פ"א ה"א (א. ב). 256) ישעי' מד, ו. 257) אבות פ"א מי"ב. 258) רפי"ב.

מיט "בריות"[259] אויף מקרב זיין זיי להורה. און ער פארנעמט זיך מיט יעדערן לפי ענינו.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ביי אהרן איז אויסגעקומען אז עס דארף זיין א חילוק צווישן קדשי שעה מיט קדשי דורות, ווארום ענינו פון אהרן איז, אז ער איז משנה דעם ענין און טראגט דאס אראפ צו יעדערן לפי ענינו, איז פארשטאנדיק אז ביי אים לייגט זיך אז עס דארף זיין א חילוק צווישן קדשי שעה מיט קדשי דורות.

ס'איז טאקע ניט קיין הכרח אז ס'זאל זיין א חילוק צווישן קדשי שעה מיט קדשי דורות, ס'איז אבער אזוי מסתבר, דערפאר וואס דאס זיינען צוויי באזונדערע ענינים; דאס איז קדשי דורות, אן ענין נצחי, און דאס איז קדשי שעה.

און דאס איז אויך וואס רש"י[260] זאגט אז משה רבינו "הודה ולא בוש לומר לא שמעתי", נאר ער האט געזאגט שמעתי ושכחתי"[261] (כידוע די צוויי פירושים אין רש"י און אין ספרא[262]), ד.ה. אז אזוי איז טאקע געווען דער ציווי, נאר "שכחתי", און ער האט געזאגט לויט ווי ס'איז אויסגעקומען מצד טבעו[263].

סו. די הוראה דערפון אין עבודת האדם:

די עבודה פון א אידן דארף זיין אין אן אופן פון "אוהב את הבריות ומקרבן להורה", ער דארף זיך מתעסק זיין אפי' מיט "בריות", אויף מקרב זיין זיי להורה.

און די ההעסקות מיט א צווייטן אידן, קען זיין אדער אין אן אופן פון "שעה", אדער אין אן אופן פון "דורות", אז דאס בלייבט אויף שטענדיק.

וואס איןביידע אופנים דארף מען טאן אין אן אופן של מס"נ, ווארום אפי' ווען מ'פועל'ט אויף א אידן אין אן אופן פון "שעה", איז דאס אויך א גרויסע זאך, ווארום אפי' דורך א מעשה אחד. דיבור אחד און מחשבה אחת, איז מען מכריע "את עצמו ואת כל העולם כולו לכף זכות". ביז אז "מביא לו ולהם תשועה והצלה" (וויבאלד אז די וועלט איז אין אן אופן פון "מחצה על מחצה"). כפס"ד הרמב"ם[270]:

די נפק"מ איז נאר - אז בשעה ער קען טאן צוויי ענינים, איין ענין איז אין אן אופן פון "שעה", און דער צווייטער

- ענין -

------------

259) ראה תניא פל"ב (מא, ב). 260) פרשתנו שם. כ.
261) זבחים קא. ריש ע"ב. 262) ראה לקו"ש הנ"ל ס"א-ד.
263) לשלילות הענין - ראה שיחה בוצאי ש"פ שמיני.

ענין איז אין אן אופן פון "דורות", האט א קדימה דער ענין וואס איז "לדורות" [ע"ד הענין פון תדיר ושאינו תדיר תדיר קודם[264]].

סז. ויה"ר אז אזוי ווי בא יצי"מ איז געווען דער "וינחם"[265] ע"י משה ואהרן, זאל אזוי זיין בקרוב ממש בביאה משיח צדקנו, ווארום עס וועט זיין דער ענין פון תחיה המתים, און "אהרן ומשה עמהם"[266],

וואס אע"פ אז עס שטייט אין זהר[267] אז פון ביאה משיח צדקנו ביז צו התחיה המתים וועלן דורכגיין 40 יאר - איז ווען משיח וועט קומען וועט ער פארענטפערן אויך די קושיא; דער עיקר איז אבער אז עס זאל זיין בפועל ממש.

און ווי געבראכט פריער (ס"ס, ובהמאמר) דאס וואס מ'שטייט אין שער האמונה, אז דער אויפטו פון התחיה המתים איז ניט שלילת הענין פון "שעבוד מלכיות", נאר דעמולט וועט זיין אן "עולם חדש"[268]. ע"ד ווי עס וועלן זיין "שמים חדשים וארץ חדשה"[269], און "תורה חדשה"[270], און אידן וועלן אויך זיין אין אן אופן פון "חדשים", ווארום עס וועט נתגלה ווערן דער גילוי פון פנימיות עתיק[271], כמדובר לעיל (בהמאמר) בארוכה - זאל דאס זיין כפשוטו, למטה מעשרה טפחים.

און גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו בעגלא דידן, וואס דעמולט וועט מען מקריב זיין דעם פסח שני - ווי באלד אז לגבי די גדלות וואס וועט זיין בשעה מ'וועט לערנען תורתו של משיח, שטייט מען איצטער אין אן אופן פון קטנות.

וכידוע די שקו"ט אין אחרונים[272], צי מ'וועט דארפן מקריב זיין פסח שני אויב דער ביהמ"ק וועט אויפגעבויט ווערן צווישן פסח ראשון ביז פסח שני, וואס אין כאן המקום להאריך בזה.

וואס דא איז ניט נוגע די גאנצע שקו"ט - נאר אז עס זאל זיין בפועל כפשוטו, למטה מעשרה טפחים, ובעגלא דידן.

צוה לנגן ניגון הכנה. ניגון אדה"ז (בבא הרביעית פ"א). ניע זשוריצי חלאפצי.

- (ואמר:) -

---

264) ברכות נא. ב. וש"נ. 265) תהלים עה. נב.
266) יומא ה. ב. וראה גם תוד"ה אחד - פסחים קיד, ב.
267) ח"א קלט. א (בבהנ"ע). 268) ראה ב"ר פ"ל, ח.
269) ישעי' סה, יז. 270) ויק"ר פי"ג, ג. 271) פע"ח שער הק"ש פט"ו. לקו"ה שה"ש בסופו. 272) שו"ת יוסף אומץ להחיד"א ס"ו.

(ואמר:) מסתמא וועט מען טרינקען די ד׳ כוסות פאר ברכת המזון.

(ואח"כ אמר:) די וואס זיינען געקומען לאחרי הבדלה, זאלן אויך טרינקען די ד׳ כוסות, וויבאלד אז "אל תפרוש מן הציבור"[273].

צוה לנגן "סלוזשבא יעווריייסקיא".

ברך ברכת המזון. תפלת ערבית. הבדלה. וחילק לכל אחד ואחד מכוס של ברכה.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

* * *

------------

273) אבות פ"ב מ"ד.

בס"ד. שיחת מוצאי ש"פ שמיני, מבה"ח אייר ה'תשל"ט.

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

א. די התוועדות קומט דאך בהמשך צו שבת מברכים חודש אייר - וואס יעדער שבת מברכים איז אין די לעצטע טעג פון חודש, און דעמולט איז מען מברך דעם קומענדיקן חודש - קומט דאך אויס אז שבת מברכים חודש אייר פארבינדט חודש ניסן מיט חודש אייר.

אין דערויף קומט נאך צו די שייכות מיוחדת וואס עס איז דא צווישן די חדשים ניסן מיט אייר (נוסף אויף דערויף וואס שבת מברכים פארבינדט זיי צוזאמען):

פונקט ווי חודש ניסן האט זיך זיין "רגל" - פסח ראשון, אזוי האט אויך חודש אייר זיין "רגל" - פסח שני.

וואס דער צד השוה צווישן ביידע חדשים איז נים נאר אז אין ביידע איז דא א "רגל", נאר אז אין ביידן איז דא דער <u>זעלבער</u> "רגל",

ווארום דער ענין פון פסח שני איז - כשמו כן הוא - אז ער איז פארבונדן מיט פסח ראשון; די גאנצע מציאות פון פסח שני איז דא נאר אויב עס האט געפעלט ח"ו דער ענין פון פסח ראשון.

אין פסח שני איז טאקע אויך דא אן ענין בפ"ע, ווי ס'איז פארשטאנדיק פון פס"ד הרמב"ם[1] "גר שנתגייר בין פסח ראשון לפסח שני, וכן קטן שהגדיל בין שני פסחים, חייבין לעשות פסח שני", וואס דערפון זעט מען דאך אז פסח שני איז נים נאר אן ענין פון תשלומין אויף פסח ראשון (ווארום אין פסח ראשון זיינען זיי נים געווען מחוייב, און אעפ"כ "חייבין לעשות פסח שני"), כמבואר אין אחרונים[2] די שקו"ט בזה - איז אבער עיקר ענינו אלס תשלומין פון פסח ראשון.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דאס וואס שבת מברכים איז מקשר די צוויי חדשים ניסן מיט אייר, איז ביתר שאת וביתר עוז פון דעם קישור וואס יעדער שבת מברכים איז מקשר צוויי חדשים - וויבאלד אז די צוויי חדשים ניסן און אייר האבן א שייכות קרובה צווישן זיך בלאו הכי.

ב. בנוגע צו א אידן - איז דאך יעדער ענין פארבונדן מיט דער חיות אין מציאות פון א אידן, וואס דער חיות און לעבן פון א אידן איז דאך די תורה ומצוותי', וואס "הם חיינו ואורך ימינו".

- ובלשון -

------------

1) הל' ק"פ פ"ה ה"ז. 2) ראה לקו"ש בהעלותך תשל"ז ס"א-ב. וש"נ.

ובלשון הגמרא (אין סוף מסכת קידושין) "אני נבראתי לשמש את קוני", וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך קיום המצוות, אנהויבנדיק פון "תלמוד תורה כנגד כולם"[3], וואס דאס ברענגט דערנאך צום קיום פון אלע מצוות, וויבאלד אז "תלמוד מביא לידי מעשה"[4] - דורך לימוד התורה ווייסט ער וואס ער דארף טאן און ווי אזוי ער דארף דינען דעם אויבערשטן.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז פון די צוויי חדשים ניסן און אייר, און דער קשר צווישן זיי, דארף זיין א הוראה אין עבודת ה',

און די הוראה דארף מען זוכן אין תורה (לויט די כללים און דעם דרך הלימוד פון תורה) - ווארום מה-דאך אז ווען עס רעדט זיך וועגן עניני חול און עניני הרשות, זאגט מען אז תורה ווערט אנגערופן "תורה אור"[5], זי באלייכט אים די וועג ער זאל וויסן ווי אזוי ער דארף זיך פירן אין עניני החול און עניני הרשות, איז דאך עאכו"כ בנוגע צו די ענינים פון תומ"צ און אן עניין וואס איז פארבונדן מיט עבודת ה', אז די הוראה אויף דערויף נעמט זיך פון תורה.

וואס אין דערויף זיינען דא כו"כ הוראות - דארף מען לכל לראש זוכן א הוראה כללית וואס איז פארבונדן מיט עבודת ה',

און אזא הוראה וואס איז שייך צו יעדער אידן און צו אלע אידן, ווארום אלע אידן האבן א שייכות צו שבת מברכים חודש אייר,

און ניט נאר אז אלע אידן האבן דערצו א שייכות אין אן אופן של גזירה אויף וועלכע מ'האט ניט קיין טעם, נאר ס'איז אן עניין וואס איז פארשטאנדיק בשכל פון יעדערן וואס איז געקומען לאיזה הבנה שהיא,

איז דערפון פארשטאנדיק, אז די הוראה דארף אדאפקומען ביז אין ענינים הכי פשוטים, וואס יעדערער האט צו זיי א שייכות - און ס'איז אויך פארשטאנדיק, אז אויך דער אופן ווי מ'לערנט אפ די הוראה איז בפשטות, ביז אז אפי' קטנים אין הבנה והשגה זאלן אויך קענען ארויסקריגן די הוראה.

ג. דער כללות הענין פון חודש ניסן איז - כשמו כן הוא - מלשון "נס", וואס דער נס פון חודש ניסן באשטייט אין דעם ענין פון יצי"מ, אז פריער זיינען אידן געווען אין א מעמד ומצב של עבודה, און דערנאך איז געקומען חודש ניסן, דער

- "חודש -

------------

3) פאה רפ"א. 4) קידושין מ, ב. 5) משלי ו, כג.

"חודש של גאולה"[6], וואס דעמולס זיינען אידן ארויסגעגאנגען פון מצרים.

וואס וועגן דעם נס פון יצי"מ ווייסט אפי' א פיצל קינד, ווארום מען איז זיך דאך משתדל שלא יישנו התינוקות צום סדר[7], במילא ווייסן זיי וועגן דעם ענין פון יצי"מ.

און ווען ער ווערט "בן חמש שנים למקרא"[8], לערנט ער וועגן דערויף נאכמער בפרטיות - אז אויף חודש ניסן שטייט[9] "החודש הזה לכם ראש חדשים גו'", און דעמולט איז געווען די הקרבה פון קרבן פסח, און דער ענין פון יצי"מ, און דערנאך דארף מען דאס ממשיך זיין על כל חדשי השנה.

און דער ענין פון חודש אייר איז - אז דעמולט זיינען שוין אידן געווען אין א מעמד ומצב פון בני חורין, און זיי האבן זיך געפונען אין מדבר, און דעמולט (בט"ז באייר[10]) האט אנגעהויבן גיין דער "מן", וואס דאס האט זיי באזארגט מיט כל עניניהם.

וואס אפי' אידער דער קינד לערנט די מדרז"ל וואס דערציילן אז דעמולט האט אנגעהויבן גיין דער מן - פארשטייט ער אבער אליין, אז וויבאלד אז ארויסגייענדיק פון מצרים איז "גם צידה לא עשו להם"[11] (ווי מ'האט אים דערציילט צום סדר), און אעפ"כ זיינען זיי בחודש אייר געווען אין מדבר, פארשטייט ער אז דער אויבערשטער האט זיי גואל געווען אין אן אופן אז אויך זייענדיק אין מדבר זאל זיי גארניט פעלן.

וואס די צוויי ענינים הנ"ל (דער ענין פון חודש ניסן, וואס דעמולט איז געווען דער ענין פון יצי"מ, און דער ענין פון חודש אייר, וואס דעמולט זיינען אידן געווען אין מדבר וכו') - זיינען פארשטאנדיק בפשטות אפי' צו דעם וואס הויבט ערשט אן לערנען די ענינים פון אידישקייט.

ד. די הוראה דערפון אין עבודת ה':

כללות עבודת ה' טיילט זיך אין צוויי קוין - דער ענין פון "סור מרע", וואס דאס זיינען די ענינים פון "לא תעשה", זאכן וואס מ'טאר ניט טאן, און מ'דארף דערפון אוועקגיין, "סור מרע";

און דער ענין פון "עשה טוב", וואס דאס זיינען די ענינים פון מצות עשה, כולל אויך די מצוות וואס זיינען

- מדרבנן -

------------

6) שמו"ר פט"ו, יא. 7) פסחים קט, רע"א. טושו"ע (ואדה"ז) או"ח ר"ס תעב. 8) אבות פ"ה מכ"ב. 9) בא יב, ב. 10) פרש"י עה"פ בשלח טז, א. 11) בא שם, לט.

מדרבנן, ביז צו די ענינים פון "כל מעשיך יהיו לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו"[12], וואס דאס זיינען עניני רשות און עניני חול.

איז בשעת מ'זאגט אים אז ער דארף זיך פירן אין אן אופן פון "סור מרע" - הויבט ער אן טראכטן בא זיך, אז דאס גופא וואס מ'זאגט אים "סור מרע" איז מדגיש אז ס'איז דא א מציאות של רע וועלכן מ'דארף באווארענען (ווארום לולא זאת איז דאך ניט שייך אז מ'זאל דארפן אוועקגיין פון דעם רע),

איז ידע איניש בנפשי', יעדערער ווייסט בא זיך אז קודם ההתבוננות שטייט ער אין א מעמד ומצב פון "עיר פרא אדם יולד"[13], און אז ער וועט גיין "בשרירות לבו"[14], וועט ער גיין אין א וועג וואס איז היפך הטוב,

און ער זעט אז ס'איז דא די מציאות פון "נתתי לפניך היום את החיים ואת הטוב גו'"[15] און דער היפך דערפון, וואס אפי' אויב ער האט נאך ניט געלערנט וועגן רעט, זעט ער אבער פון מעשה בפועל בחיי היום-יום אז ער דארף באווארענען ער זאל ניט נכשל ווערן אין ענינים בלתי רצויים, און ער זאל אוועקגיין פון דעם רע, ביז ער זאל דערפון אינגאנצן אוועקגיין -

הויבט ער אן צו טראכטן: וויבאלד אז בעולם איז דא א מציאות של רע, איז ווי וועט ער קענען אויספירן אז ביי אים זאל זיין דער "סור מרע" בשלימות?!

און ווי ס'איז פארשטאנדיק, אז עבודת ה' קען ניט זיין אין אן אופן פון אחד בפה ואחד בלב, ווארום "ה' יראה ללבב"[16], ד.ה. אז די מחשבה פון א מענטשן איז גלוי ביים אויבערשטן אזוי ווי דיבור און מעשה - קומט דאך אויס אז ער דארף זיין "סור מרע" אין מעשה דיבור און מחשבה,

און בנוגע צו מחשבה, שטייט דאך אין תניא[17] (און ס'איז אויך פארשטאנדיק בפשטות) אז א מענטש איז א בעה"ב נאר בנוגע צו דעם וואס ער איז "מסיח דעתו מיד שנזכר שהוא הרהור רע ואינו מקבלו ברצון", ער איז אבער ניט קיין בעה"ב אויף צו פועל'ן אז אים זאל אינגאנצן ניט אריינפאלן קיין מחשבה בלתי רצוי', עס קען אים אריינפאלן שלא באשכתו,

ווארום ער איז באשאפן געווארן מיט א חוש השמיעה און חוש הראי', איז בשעת ער גייט ארויס בחוץ, מחוץ פון די ד' אמות של תורה והלכה ויראת שמים, דערזעט ער ענינים וועלכע זיינען פארבונדן מיט וועלט -

- און -

------------

12) אבות פ"ב מי"ב. משלי ג. ו. 13) איוב יא. יב.
14) ע"פ נצבים כט. יח. 15) שם ל. טו. 16) ש"א טז. ז.
17) ספי"ב.

און ווי גערעדט בארוכה אין דער פריערדיקער התוועדות[18] אז "עולם" איז מלשון העלם והסתר,

ובפרט אז דער העלם והסתר פון וועלט איז בתוקף גדול - וואס דאס איז דאך דער צווייטער אפטייטש פון "עולם", לשון עלם, וואס דאס באווייזט אויף אן ענין של תקיפות[19],

און "עולם" איז דאך ניט דער טייטש מעדניס ווי איין נקודה, נאר דאס איז א המשך אין זמן און א המשך אין מקום - בשעת מ'זאגט דעם ווארט "וועלט" (אדער בלשון חז"ל - "עולם"), מיינט מען א גרויסן שטח אין זמן און אין מקום,

איז פארשטאנדיק, אז ווען ער גייט ארויס אין וועלט, וואס דארטן איז דער העלם והסתר בתוקף גדול - קען ער דארטן זעהן ענינים בלתי רצויים.

און אעפ"כ פארלאנגט מען פון אים אז ער זאל זיין "סור מרע", און דאס ווערט א חלק עיקרי אין עבודתו לבוראו, בכילא מוז דאס געטאן ווערן בשלימות, ובבכש"כ וק"ו: מה-דאך אז דער וואס איז משרת א מלך בשר ודם טוט ער דאס בשלימות, איז עאכו"כ בנוגע צו מלך מלכי המלכים הקב"ה.

און מ'זאגט אים אז דער ענין פון "סור מרע" דארף זיין בכל רגע ורגע, ווארום וויבאלד אז "אני נבראתי לשמש את קוני", איז בכל רגע וואס זיין מציאות איז פאראן, דארף ער דינען דעם אויבערשטן, ווארום אין דערויף באשטייט זיין גאנצע מציאות,

[וכמדובר כמ"פ בארוכה[20] אז די גאנצע מציאות פון אנשי המדינה איז - אז זיי זיינען בטל צום מלך, ביז אז דאס קומט אראפ אין א דין בפועל[21], און מצד דערויף וואס "נשתלשלו מהן"[22], קומט דאס אויך אראפ אין הנהגת העולם, ביז אפי' בא ניט אידן],

פרעגט ער די שאלה: ווי אזוי וועט ער דאס קענען דורכ-פירן בפועל?!

ה. אויף דערויף קומט דער לימוד והוראה פון חודש ניסן:

די גאולה פון מצרים (וואס איז געווען בחודש ניסן) איז געקומען נאך דערויף וואס מ'איז געווען אין מצרים במשך כמה דורות,

- וואס -

---

18) ד"ה כימי צאתך דאחש"פ. 19) ד"ה כימי צאתך תש"ח פ"ח (סה"מ תש"ח ע' 160). 20) לקו"ש ח"ד ע' 1050. ח"ח ע' 25. ועוד. 21) ראה חגיגה ה, ב. רמב"ם הל' מלכים פ"ג ה"ח. 22) ל' התניא רפ"ג.

וואס מצרים איז דאך געווען "ערות הארץ"[23], ביז וואנעט אז מ'דארף באווארענען במיוחד אז "כמעשה ארץ מצרים אשר ישבתם בה לא תעשו"[24], און ווי רש"י טייטשט אפ "מגיד שמעשיהם של מצריים . . מקולקלים מכל האומות" -

און אעפ"כ, איז מען פון דארטן ארויסגעגאנגען אין אן אופן פון "ביד רמה"[25], ווי דערציילט בארוכה בשעת הסדר.

און וויבאלד מ'זאגט אים אז עס דארף זיין "למען תזכור את יום צאתך מארץ מצרים כל ימי חייך"[26] (ווי געזאגט בשעת רעם סדר), וואס דאס איז דאך א ציווי מה"ת - איז א דבר הפשוט אז מ'מיינט ניט סתם געדיינקען ללא כל תועלת, נאר אין דערויף איז דא א געוואלדיקער תוכן וואס איז נוגע אין דעם טאג-טעגליכן לעבן, אין יעדער טאג פון זיין לעבן, סיי ביום און סיי בלילה.

און מ'זאגט אים אז דאס וואס אמאל איז געווען דער ענין פון יצי"מ, האט דאס א שייכות און ס'איז נוגע אויך צו אים, ווי געזאגט אין דער הגדה אז "לא את אבותינו בלבד גאל הקב"ה ממצרים אלא אף אותנו גאל עמהם", וואס דערפאר זאגט מען[27] אז "בכל דור ודור - און ווי דער אלטער רבי[28] איז דאס מפרש "בכל יום ויום" - חייב אדם לראות את עצמו כאילו הוא יצא ממצרים".

איז דאך פארשטאנדיק, אז ווען ער פרעגט: ווי אזוי קען ער דינען דעם אויבערשטן אין דעם ענין פון "סור מרע" בתכלית השלימות, וויסנדיק דעם חשבון וואס עס טוט זיך מיט זיינע כחות און מיט זיינע רגילות'ן וכו' -

זאגט מען אים אז ער האט די הוראה פון כללות חודש ניסן, וואס ענינו איז אן ענין של "נס", וואס דאס איז דער ענין פון יציאת מצרים:

ווען עס וואלט זיך ניט געהאנדלט וועגן עס ישראל "עם קרובו"[29], דארף מען אריינגיין אין חשבונות, אין מדידה והגבלה, און אין מיצרים וגבולים,

וויבאלד אבער אז עס רעדט זיך וועגן א פאלק וועלכן דער אויבערשטער האט ארויסגענומען פון מצרים אין אן אופן פון "לקחת לו גוי מקרב גוי במסות באותות ובמופתים ובמלחמה וביד חזקה ובזרוע נטוי' גו'"[30], מיט אלע פרטים וואס זיינען געווען בא יצי"מ, ווי דערציילט בארוכה אין דער הגדה - איז

- פארשטאנדיק -

------------

23) מקץ מב, יב. 24) אחרי יח, ג. 25) בשלח יד, ח.
26) ראה טז, ג. 27) הגש"פ מפסחים קטז, ב במשנה.
28) תניא רפמ"ז. 29) תהלים קמח. יד. 30) ואתחנן ד, לד.

פארשטאנדיק אז ביי אזא פאלק איז ניט שייך קיין ענין של חשבונות.

און דערפון פארשטייט א איד בנוגע לעבודתו, אז אזא הנהגה איז ביי אים קיין חידוש ניט, וואדום כבר הי' לעולמים, ואדרבה, ביי אים איז דער טבע אז ער לעבט אין אן אופן של נסים, זיין גאנצע הנהגה איז העכער פון וועלט - וואס דאס איז דאך דער אפטייטש פון "נס", מלשון הרמה, ווי ס'שטייט[31] "ארים נסי"[32].

ו. און ווי מ'זעט בפועל אז די הנהגה פון א אידן בכל עניניו איז העכער פון וועלט - עס קומט צו אן ענין של מסחר, איז אלע מענטשן דארפן זיך משתדל זיין אין זייער פרנסה במשך פון אלע זיבן טעג פון דער וואך, און א אידן זאגט מען בפשטות אז ווען עס קומט דער זיבעטער טאג פון דער וואך, דארף ער זיך ניט פארנעמען מיט הארעוועון אויף זיין פרנסה, ועד"ז זיינען דא כו"כ ימים טובים בשנה אין וועלכע ער פארנעמט זיך ניט מיט זיין פרנסה.

ער לעבט צוזאמען מיט נאך מענטשן אין דער זעלבער גאס - זאגט מען די אנדערע מענטשן אז זיי טארן ניט שובת זיין ביום השבת, ביז אז דאס איז נוגע צו זייער קיום, וואדום "עכו"ם ששבת חייב מיתה"[33]; און א אידן זאגט מען אז זיין קיום (אלס נשמה בגוף אין עוה"ז הגשמי) איז תלוי אין דעם וואס זיין הנהגה וועט זיין אין אן אופן אז ווען עס קומט דער זיבעטער טאג, הארעוועט ער ניט אויף זיין פרנסה, און נאכמער: ניט נאר אז ער הארעוועט ניט, נאר ער פארנעמט זיך אינגאנצן ניט מיט עובדין דחול, ער עסט מן המוכן (ווי ס'שטייט[34] "והכינו את אשר יביאו גו'"), און ביי אים איז "כל מלאכתך עשוי'"[35].

ועד"ז קומען צו נאך ימים טובים אין וועלכע ער פאר-נעמט זיך ניט מיט זיין פרנסה - ווי ער האט ערשט געזעהן אין חודש ניסן אז ס'זיינען דא די שכונת ימי הפסח (אין חוץ לארץ), וואס אפי' בחוה"מ דארף מען אויך ניט טאן קיין מלאכה, סיידן ווען ס'איז א דבר האבד[36].

ז. און דאס איז די הוראה וואס א איד נעמט אדויס פון חודש ניסן, דער "ראשון הוא לכם לחדשי השנה"[9] - וואס ענינו

- פון -

---

31) ישעי' מט, כב. 32) פרש"י עה"פ יתרו כ, יז. וראה גם פרש"י עה"פ חקת כא, ח. 33) סנהדרין נח, סע"ב. 34) בשלח טז, ה. 35) מכילתא ופרש"י עה"פ יתרו שם, ט. כושו"ע (ואדה"ז) או"ח סש"ו ס"ח (סכ"א). 36) מו"ק י, ב. כושו"ע או"ח ר"ס תקלז.

הנחה הת' בלתי מוגה

פון דעם חודש איז - כשמו כן הוא - אן ענין של "נס",
וכתוכנו - אז דערבולט איז געווען דער נס פון יציאת מצרים -

אז די הנהגה פון א אידן איז א הנהגה נסית, ד.ה. אז מלכתחלה איז זיין הנהגה באופן נסי[37].

ביז וואנעט אז דאס וואס מ׳זאגט א אידן אז "אין סומכין על הנס"[38], וואס דערפאר דארף זיין דער "(וברכך ה׳ אלקיך) בכל אשר תעשה"[39], ער דארף טאן ע"פ דרך הטבע - איז דאס ביי אים א שינוי פון זיין טבע, ווארום דער טבע פון א אידן איז דער ענין פון נסים.

ובמילא פארשטייט ער אז ער האט ניט וואס צו רעכענען זיך מיט חשבונות און מיצרים וגבולים, און טענה׳ן אז "עיר פרא אדם יולד", און "אין חבוש מתיר עצמו מבית האסורים"[40], און "אתם המעט מכל העמים"[41], מיט אלע טעמים שכליים, און טעמים שונים ומשונים, וועלכע קומען פון דעם יצר וואס איז דער היפך פון יצ"ט, און זיינען מבלבל א אידן פון זיין עבודה לשמש את קונו - ווארום זיין הנהגה איז אין אן אופן של "נס".

און מ׳זאגט אים אז בכל יום ויום איז דא דער ענין פון יצי"מ - וואס בא יצי"מ האט מען געזעהן אז אין דעם רגע איידער מ׳איז ארויסגעגאנגען פון מצרים, איז מען געווען אין א לאנד וואס "תורת אמת" רופט איר אן "ערות הארץ", און גלייך אין א רגע לאח"ז איז געווען דער ענין הגאולה, און מ׳איז אריבערגעגאנגען מן הקצה אל הקצה, ער איז געווארן אינגאנצן אן אנדער מענטש, אן אנדער מציאות און אן אנדער הנהגה, און דאס ווערט ביי אים א טבע -

איז פארשטאנדיק ווי אזוי קען ביי אים זיין דער ענין פון "סור מרע" בתכלית השליכות וההידור, אע"פ וואס אין א רגע לפנ"ז איז ער געווען אין א מצב הפכי לגמרי רח"ל - ווארום "בשעתא חדא וברגעא חדא"[42] (מיט אלע פרטים וואס מ׳זאגט בנוגע צום ענין התשובה) ווערט ער נהפך מן הקצה אל הקצה, און ווערט א מציאות חדשה, בדוגמא ווי ס׳איז געווען אין יציאת מצרים בפעם הראשונה.

ח. דערנאך זאגט מען א אידן אז עס דארף אויך זיין דער ענין פון "עשה טוב", ווארום אין כללות הענין פון "לשמש את קוני" זיינען דא צוויי קוין, דער ענין פון "סור מרע",

- שמירת -

------------

37) ראה בארוכה לקו"ש תזריע-פ׳ החודש תשל"ח. וש"נ.
38) פסחים סד, ב. 39) ראה טו, יח. וראה ספרי עה"פ.
40) ברכות ה, ב. וש"נ. 41) ואתחנן ז, ז. 42) זח"א קכט, סע"א.


הנחת הת׳ בלתי מוגה

שכירות כל"ת, און דער ענין פון "עשה טוב", עשית המצוות עשה.

אין דערויף איז אבער דא א נייע שווערקייט:

ווען מ'זאגט אים ער זאל ניט אנרירן א דבר בלתי רצוי, איז דאס ניט אזוי שווער, ווארום מ'מאנט פון אים ער זאל ניט האבן צוטאן מיט דער זאך;

ווען מ'זאגט אים אבער אז עס דארף זיין "עשה טוב", ער זאל נעמען אן ענין פון וועלט, כסף וזהב פון ארץ מצרים, אן ענין של מאכל ומשקה, אדער שאר עניני העולם, און מקיים זיין דערמיט א מ"ע - קומט ער צוגיין מיט א נייע שאלה:

בנוגע צו זיך ווייסט ער אז ער איז פארבונדן מיט דער הנהגה פון חודש ניסן - אן ענין של "נס" (כנ"ל בארוכה), אבער דא רעדט זיך ווען א מדבר, א וועלט וואס פירט זיך אין אן אופן אז "עולם כמנהגו נוהג",

[בנוגע צו חודש ניסן זאגט מען "ראשון הוא לכם גו'" - צו אידן דוקא, און דער כללות הענין פון יצי"מ איז געווען פאר אידן דוקא, "לקחת לו גוי מקרב גוי", און די מצריים זיינען געבליבן אין מצרים],

פרעגט ער: ווי אזוי קען זיין ער זאל נעמען א חלק פון וועלט, און מאכן דערפון אן ענין של טוב, לויט ווי דער אויבערשטער וויל?!

ס. אויף דערויף קומט די הוראה פון חודש אייר:

אין חודש אייר זיינען אידן געווען אין א מדבר, "ארץ לא זרועה"[43], מיט אלע פירושים שבדבר, א מדבר וואס דארטן איז דא "נחש שרף ועקרב וצמאון אשר אין מים"[44],

און דארטן האבן אידן דורכגעפירט זייער שליחות, דורך די אלע ענינים וועלכע מ'האט זיי געגעבן זייענדיק אין מדבר,

וואס אע"פ אז זיי האבן טאקע געגעסן "לחם מן השמים"[45], האבן זיי דאך אבער גענומען דעם לחם ניט אין "שמים", נאר נאך דערויף וואס ער איז אראפגעקומען למטה, אין מדבר, און איז געלעגן על הארץ, וואס דעמולט איז געווען דער "ולקטו אותו"[46], ועד"ז אויך בנוגע צו בארה של מרים, ועד"ז בנוגע לשאר הצרכים פון אידן,

ד.ה. אז זייענדיק אין מדבר האבן אידן גענומען עניני

- העולם -

------------

43) ירמי' ב, ב. 44) עקב ח, טו. 45) בשלח שם, ד. 46) שם, כא.

העולם וועלכע זיינען געווען אין מדבר, און געמאכט דערפון אן עניין (פון מאכל ומשקה און שאר צרכיהם) דורך וועלכן זיי זאלן דינען דעם אויבערשטן.

י. און מ׳זאגט אים אז חודש אייר קומט נאך פאר חודש סיון - פאר דעם עניין פון מתן תורה,

ד.ה. אז ס׳איז ניט דער סייסט אז פריער דארף ער לערנען כל התורה כולה, און ערשט דערנאך קען ער נעמען אן עניין פון וועלט און דורך אים מקיים זיין דעם עניין פון "עשה טוב" - נאר ס׳איז אן עניין וואס ער האט בירושה:

נאך דערויף וואס בחודש ניסן איז געווען דער "הקב"ה עוזרו"[47], אז ער האט ארויסגענומען אידן פון מצרים - איז דערנאך געווען "וואולך אתכם ארבעים שנה במדבר"[48], וואס די התחלה בזה האט זיך אנגעהויבן אין חודש אייר, אין א חודש וואס הייסט שוין ניט "ניסן", דערפאר וואס מ׳איז שוין ארויסגעגאנגען אויף צו טאן דעם עניין פון "עשה טוב" דורך די ענינים טבעיים און עניני העולם -

און אעפ"כ זיינען אידן געווען בשלימותם במשך פון גאנץ חודש אייר - אע"פ וואס ארויסגייענדיק פון מצרים איז "גם צידה לא עשו להם", וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו שאר צרכי האדם (ניט נאר אכילה, נאר אויך שהי׳ וכו׳), זיינען זיי געשטאנען בשלימותם במשך פון דעם גאנצן חודש, און האבן דורכגעפירט זייער שליחות.

ביז אז דער חודש ווערט אנגערופן בלה"ק בשם "זיו"[49], וואס "זיו" מיינט אז דאס שיינט, ד.ה. ס׳איז ניט סתם א חודש, נאר א חודש וואס שיינט,

און ווי די גמרא[50] זאגט אז דער חודש ווערט אנגערופן "זיו", דערפאר וואס "נולדו בו זיותני עולם", דעמולט זיינען געבארן געווארן די אבות, וואס זיי האבן באשיינט די וועלט.

יא. און דאס איז דער כללות הלימוד וואס מ׳לערנט אפ פון חודש אייר - אז ווען עס קומט צו דער עבודה בפועל פון "עשה טוב", און מ׳דארף מסביר זיין א אידן בפרטיות ובאריכות ההסברה ווי אזוי ער קען אויפטאן דעם עניין פון "עשה טוב" דורך עניני העולם, און טאן דאס בשלימות, אין אן אופן פון - "עבדו" -

------------

47) קידושין ל, ב. וראה גם סוכה נב, ריש ע"ב.
48) נצבים כט, ד. 49) ב"א ו, א. וראה זח"ג קיז, ב. הובא בלקו"ת במדבר ג, א. 50) ר"ה יא, א.



הנחה בלתי מוגה

"עבדו את ה' בשמחה"[51] (אזוי ווי אלע ענינים פון עבודת ה' וואס דארפן געטאן ווערן מתוך שמחה[52]) -

דאגט מען אים אז דער סדר איז אז נאך חודש ניסן גייט מען אריין אין חודש אייר - מ'גייט ארויס אין וועלט אויף צו אויפטאן דעם ענין פון "עשה טוב" דורך עניני העולם.

און ס'איז ניט קיין חידוש, וואָרום די גאנצע כוונה פון יצי"מ איז כדי אז דערנאך זאל מען ארויסגייין און אויפטאן אין וועלט, אז אלע עניני העולם זאלן זיין אין אן אופן אז "לא נבראו אלא לשמשני"[53] (כדי ער זאל האבן זיין אכו"ש און כל צרכיו), וואס דאס איז די הקדמה אז ס'זאל זיין דער "אני נבראתי לשמש את קוני".

און די עבודה פון חודש אייר (חודש "זיו") ווערט אויפגעטאן אין אן אופן אז דאס קומט גלייך נאך חודש ניסן, וואס "ניסן" איז דער ענין פון "נס", אן ענין של הרמה, "ארים נסי", ביז ווי די גמרא[54] זאגט אז צוויי נו"ן איז פארבונדן מיט "נסי נסים נעשו לו" -

וואס וויבאלד אז חודש ניסן איז דער "ראשון הוא לכם לחדשי השנה", איז פארשטאנדיק, אז דאס איז א הוראה על כל חדשי השנה, אויך אויף חודש אייר, און אין אן אופן אז כל הקרוב קרוב, ער איז מקבל די השפעה קודם, כידוע דער ביאור בזה[55].

יב. און דאס איז די הוראה כללית פון די חדשים ניסן און אייר - אז א איד קען דורכפירן בשלימות תכלית בריאתו, וואס "אני נבראתי לשמש את קוני", אין ביידע קוין וואס זיינען דא אין עבודת האדם, דער קו פון "סור מרע", און דער קו פון "עשה טוב".

און מיט דער הרגשה פון שבת מברכים חודש אייר, וואס דאס פארבינדט צוזאמען די חדשים ניסן מיט אייר, ד.ה. אז דאס פארבינדט צוזאמען דעם ענין פון "סור מרע" מיטן ענין פון "עשה טוב",

וואָרום כדי אז דער ענין פון "עשה טוב" זאל זיין בשליכות, דארף מען האבן די הקדמה פון "סור מרע"[56] - כמדובר כמ"פ וועגן דעם משל פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, אז

- בשעת -

---

51) תהלים ק, ב. 52) ראה רמב"ם סוף הל' לולב. 53) קידושין בסופה. 54) ברכות נז, רע"א ובפרש"י שם ד"ה הנינא. 55) אגה"ק ביאור לסי' ז"ך. 56) ראה אוה"ת בלק ע' תתקצז. לקו"ש ח"א ע' 124.

בשעה מ׳לייגט אריין א מאכל טוב אין א כלי בלתי רצוי׳, איז ניט נאר אז דעמולט איז דער מאכל ניט בשלימותו. נאר אדרבה. עס ווערט נאך ערגער דערפון ווי עס וואלט געווען ילולא זאת.

און דערפאר דארף זיין די הקדמה פון "סור מרע". אז עס זאלן ניט זיין קיין ענינים בלתי רצויים, און גלייך נאך דערויף קומט דער ענין פון "עשה טוב".

און דאס ווערט אויפגעטאן אין אן אופן אז דער ענין פון שבת (מברכים חודש אייר) פארבינדט דעם ענין פון "סור מרע" מיטן ענין פון "עשה טוב" (חודש ניסן מיט חודש אייר) - וואס דעמולט איז "הקב"ה עוזרו" ביתר שאת וביתר עז, וויבאלד אז דעמולט איז "כל מלאכתך עשוי׳".

יג. און פון חודש ניסן ווערט געבענטשט חודש אייר, און דערנאך ווערט דאס נמשך על כל חדשי השנה, און על כל השנה כולה,

אז יעדער איר און אלע אידן האבן אלע ענינים פון טוב וברכה, ווי זיי ווערן אויסגערעכנט אין די זעקס תוארים וואס מ׳זאגט אין דער תפלה פון "יחדשהו" - "לחיים ולשלום, לששון ולשמחה, לישועה ולנחמה",

און מ׳איז מסיים "ונאמר אמן", אז דאס איז אין אן אופן פון אמת ואמונה, און ס׳איז א דבר קיים במשך כל החודש, און דערנאך אויך במשך כל השנה כולה - אז עס ווערט א שנה של נסים, און א שנה של "זיו",

ביז צום נס העיקרי - גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, וואס דעמולט וועט זיין "כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות"[57].

* * *

יד. האמור לעיל איז דאך שייך אין יעדער שבת מברכים אייר, וואס דער שבת פארבינדט די חדשים ניסן מיט אייר, מיט אלע פרטים שבזה, ווי גערעדט פריער בארוכה,

און דערנאך קומט צו א הוראה מיוחדת וואס איז פארבונדן מיט דער קביעות מיוחדת פון שנה זו - וכידוע תורת הבעש"ט[58] אז פון יעדער ענין לערנט מען אפ א הוראה אין עבודה האדם, וואס "אני נבראתי לשמש את קוני" (ווי גערעדט כמ"פ בארוכה וועגן דער תורה הבעש"ט, און ס׳איז שוין געדרוקט וועגן דערויף אין מאמרי רבותינו נשיאינו),

- ועאכו"כ -

------------

נז) מיכה ז, טו. וראה אוה"ת נ"ך ע׳ תפו ואילך.
נח) כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות קכז-קכט. וש"נ.

ועאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן אן ענין פון קביעות השנה, וואס דאס איז דאך אן ענין אין הורה, און פארבונדן מיט "החודש הזה לכם ראש חדשים ראשון הוא לכם לחדשי השנה" - דער ענין פון קידוש חדשים און עיבור שנים און קביעות השנים[59] עד סוף כל הדורות - איז א זיכערע זאך אז דערפון דארף זיין א הוראה אין עבודת ה'.

וכמדובר כמ"פ אז די הוראה וואס מ'לערנט אפ פון א קביעות מיוחדת, איז ניט נאר בנוגע צום יאר ווען די קביעות איז באופן כזה, נאר די הוראה איז על כל השנים כולם, ס'איז מערניט וואס בשנה זו איז דא א הדגשה מיוחדת אויף דעם ענין.

בדוגמא ווי גערעדט פריער[60] וועגן דעם ענין פון יצי"מ, אז מ'דארף דערמאנען דעם ענין פון יצי"מ בכל יום, וואס א זכרון ע"פ "תורת חיים" דארף זיין אין אן אופן אז ס'זאל האבן א ווירקונג, נאך ס'איז דא א זמן מיוחד בשנה (דער זמן פון חגה"פ) וואס דעמולט שטייט דאס בהדגשה וביתר שאת ויתר עוז, און דערפון נעמט מען די הוראה בנוגע לכל ימי השנה, ועד"ז איז אויך בנוגע צו "זמן מתן תורתנו", און "זמן שמחתנו" וכו'.

טו. די קביעות פון שבת מברכים חודש אייר (וואס קומט אלע-מאל אין דעם הוהם פון חודש ניסן) בשנה זו איז - אז דאס איז פארבונדן מיט דער קריאת התורה פון פרשת שמיני.

אין דעם שבת הויבט מען טאקע אן לייענען די פרשה שלאח"ז, דאס איז אבער נאר צו מנחה, משא"כ אבער ביז דעם זמן פון מנחה, ד.ה. אז רוב היום איז פארבונדן מיט דער קריאה פון פרשת שמיני,

און נאכמער: אפי' ווען עס קומט דער לעצטער רגע פון דעם שבת, און מ'פרעגט ביי אים וועלכער שבת איז דאס - זאגט ער אז דאס איז שבת פרשת שמיני.

און וויבאלד אז מ'זאגט אז "תורה" איז מלשון הוראה[61], ד.ה. אז פון יעדער ענין בתורה דארף מען אפלערנען א הוראה בחיים -

איז עאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן אן ענין פון תורה וואס איז פארבונדן מיט דער קריאה וואס מ'לייענט דעמולט, וואס דאס איז פארבונדן רערמיט וואס "משה רבינו תיקן להם לישראל שיהיו קורין בתורה ברבים בשבת בשני ובחמישי כדי

- שלא -

---

59) פסיקתא פ' החודש (פ"ה). ועוד. 60) שיחה מוצאי ש"פ צו, שבה"ג, אור לי"א ניסן סי"ד ואילך. 61) זח"ג נג, ב.

שלא ישהו שלשה ימים בלא שמיעת תורה"[62] (וואס די תקנה איז שוין געווען קודם מ"ת) - איז א זיכערע זאך אז אין דערויף איז דא א הוראה אין עבודת ה'.

ובפרט לויט די תורה פון דעם אלטן רבי'ן[63] אז מ'דארף לעבן מיט דער צייט - מיט די ענינים פון פרשת השבוע וואס מ'לערנט און מ'לייענט בציבור בזמן ההוא.

טז. אין דערויף קומט צו נאך אן ענין:

דער לימוד און קריאה בתורה אין פ' שמיני, האט זיך אנגעהויבן גלייך נאך שבת הגדול, ד.ה. אז אנהויבנדיק פון דער הכנה צו פסח, די ד' ימי הביקור[64], און ערב פסח, און כל ימי הפסח, זיינען אלע טעג פארבונדן מיט פ' שמיני (נאך שבת הגדול האט זיך אנגעהויבן דער לימוד פון פ' שמיני, און דערנאך איז געווען א צווייטע וואך וואס איז אויך פארבונדן מיט פרשת שמיני) -

וואס דאס איז מוסיף יתר שאת ויתר עוז אין דער הוראה וואס מ'דארף ארויסנעמען פון פרשת שמיני.

און די הוראה דארף זיין אזא הוראה וואס איז פארשטאנדיק צו יעדער אידן - בדוגמא ווי געדעדט פריער וועגן דער הוראה וואס מ'דארף ארויסנעמען פון די חדשים ניסן און אייר, אז עס דארף זיין א כללות'דיקע הוראה וואס איז נוגע אפי' צו א קטן שבקטנים.

יז. אין תחלת הסדרה פון פ' שמיני (אין דעם חלק הסדרה וואס מ'הויבט שוין אן לייענען בשבת הגדול צו מנחה - פון אנהויב ביז שני), ווערט דערציילט וועגן די ענינים וואס זיינען געווען "ביום השמיני - שמיני למילואים", וואס דאס איז געווען ר"ח ניסן, וואס "הוקם המשכן בו ביום" (ווי רש"י[65] ברענגט אראפ) - אז דעמולט איז געווען חנוכת המשכן בתכלית השלימות,

ביז אז ס'איז געווען דער "וירא כבוד ה' אל כל העם"[66], און ס'איז געווען "ותצא אש מלפני ה' . . וירא כל העם גו'"[67] - מ'האט געזעהן ג-טליכקייט אין אן אופן של ראי' ממש, בעיני בשר.

- און -

---

62) רמב"ם הל' תפלה רפי"ב. וראה ב"ק פב, א. וראה גם ירושלמי מגילה פ"ד ה"א (כח, א). 63) היום יום ע' נב. סה"ש תש"ב ע' 29 ואילך. 64) ראה פסחים צו, א. מכילתא ופרש"י עה"פ בא שם. ו. 65) ריש פרשתנו. משבת פז. ב. הו"ב עה"פ. ועוד. 66) פרשתנו ט. כג. 67) שם. כד.

און דאס האבן געזעהן ניט נאר משה ואהרן און זקני ישראל (ווי דערציילט איז אנהויב פון דער פרשה אז "קרא משה לאהרן ולבניו ולזקני ישראל"). נאר דאס האבן געזעהן אלע אידן "וירא כבוד ה' אל כל העם", און "וירא כל העם"[68], אלע אידן האבן דאס געזעהן, ביז אפי' א קטן שבקטנים פון אידן.

וואס דאס איז געווען דער אויפטו פון יום השמיני למילואים לגבי די שבעת ימי המילואים:

אין שבעת ימי המילואים האט מען אויך אויפגעשטעלט דעם משכן[69], און ס'איז אויך געווען אין אן אופן פון שלימות (כמבואר אין מפרשי המקרא[70] אז "מילואים" איז אויך כלשון שלימות) - דעמולט איז אבער ניט געווען די שלימות אז אפילו א פליישיקע אויג (עיני בשר) זאל אויך קענען זעהן דעם "כבוד ה'", זעהן דעם "ותצא אש מלפני ה'" - דער ענין האט זיך אויפגעטאן ערשט ביום השמיני.

ובלשון התסידות[71] - אין שבעת ימי המילואים זיינען טאקע געווען גילויים נעלים ביותר, אבער כדי אז ס'זאל זיין אזא גילוי וואס קען אנקומען ביז אין מטה מטה, אזוי אז מ'זאל דאס קענען זעהן בעיני בשר - דארף מען האבן א גילוי פון א מקום גבוה גבוה ביותר, וואס דוקא דער גילוי קומט אן אין מטה מטה ביותר, ביז אז מ'קען דאס זעהן בעיני בשר - וואס דאס האט זיך אויפגעטאן ביום השמיני.

יח. די הוראה דערפון פאר יעדער אידן:

דער כללות ענין המשכן איז דאך - "ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם"[72], ד.ה. אז דורך דערויף וואס מ'שטעלט אויף דעם משכן, ווערט אויסגעפירט דער תכלית דערפון - אז ס'זאל זיין "ושכנתי בתוכם".

און אויף דערויף זאגט מען[73] "בתוכו לא נאמר אלא בתוכם, בתוך כל אחד ואחד", ד.ה. אז יעדע אידישע הויז זאל ווערן א משכן צום אויבערשטן, אויף וועלכן דער אויבערשטער וועט קענען זאגן "ושכנתי בתוכם", אז ער געפינט זיך אין דער הויז.

וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דערויף וואס יעדער איד איז ממלא זיין שליחות וואס "אני נבראתי לשמש את קוני" בשלימות,

- און -

------------

68) ראה גם בד"ה ויהי ביום השמיני דשבת זו. 69) פרש"י עה"פ פרשתנו שם, כג. 70) ראה פרש"י עה"פ צו ח, כב. 71) ראה בארוכה לקו"ש שמיני תשל"ז. וש"נ. 72) תרומה כה, ח. 73) ר"ח שער האהבה פ"ו קרוב להתחלתו. ועוד.

און ער מוט דאס אין אן אופן פון "בנערינו ובזקנינו גו' בבנינו ובבנותנו"[74], צוזאמען מיט דער גאנצער משפחה - וואס דעמולט ווערט די גאנצע הויז אזוי ווי דער משכן און מקדש (וואס "משכן אקרי מקדש כו'"[75]), אויף וועלכן דער אויבערשטער זאגט "ושכנתי בתוכם", אז ער געפינט זיך אין דער הויז, אין דער משפחה.

יט. דעם ענין פון "ושכנתי בתוכם" וואס איז פארבונדן מיט דער גאנצער הויז און מיט דער גאנצער משפחה - געפינט מען אויך אין דעם קרבן פסח (דער קרבן וואס מ'האט מקריב געווען ווען מ'איז ארויסגעגאנגען פון מצרים):

אין קרבן פסח געפינט מען א חידוש וואס מ'געפינט ניט אין שאר הקרבנות - אז דאס איז געווען אין אן אופן פון "שה לבית"[76], ס'איז געווען פארבונדן מיט דער גאנצער משפחה, די גאנצע הויז איז נכלל געווארן אין דעם איין און איינציקן קרבן.

און נאכמער: מ'קען צוציען צום קרבן פסח א צווייטן אידן און א דריטן אידן וכו', ווי עס שטייט[77] "ואם ימעט הבית מהיות משה ולקח הוא ושכנו הקרוב אל ביתו גו'",

ד.ה. אז דורך דערויף וואס ער שטייט אין א מעמד ומצב פון "אתם המעט מכל העמים", ער שטייט אין א מעמד ומצב פון "ימעט הבית", זיין מציאות און ישות איז אין אן אופן פון "ימעט" (עס פארנעמט ניט אלע ענינים) -

גיט דאס אן ארט אז ס'זאל זיין "ולקח הוא ושכנו הקרוב אל ביתו", ער זאל אריינעמען אין דעם קרבן פסח אויך "שכנו הקרוב אליו", וואס אלע אידן זיינען אין אן אופן פון "כל ישראל . . חברים"[78], און "כל ישראל ערבים זה בזה"[79].

ובדוגמא ווי דער אלטער רבי[80] טייטשט אפ דאס וואס ס'שטייט בנוגע צו אברהם אבינו[81] "לעשות צדקה ומשפט" - אז פריער איז דא דער ענין פון "משפט", און דערפון קומט ארויס דער ענין פון "צדקה":

אברהם אבינו האט געמאכט א "משפט" אויף צו וויסן וויפל פון זיינע נכסים האבן א שייכות צו אים, און דעמולט איז ער צוגעקומען צו דער מסקנא אז "אנכי עפר ואפר"[82], און

- דער -

------------

74) בא י, ט. 75) עירובין ב, א. 76) בא יב, ג.
77) שם, ד. 78) ע"פ ל' הכתוב - שופטים כ, יא. וראה חגיגה כו, א. אגה"ק סו"ס כב. 79) שבועות לט, סע"א. 80) הו"א בשלח סג, ב. 81) וירא יח, יט. 82) שם. כז.

דער עיקר קומט גאר א צווייטן אידן. ובמילא איז דערפון ארויסגעקומען דער ענין פון "צדקה" בתכלית השלימות.

וואס אויף אברהם אבינו זאגט מען דאך[83] "אחד הי' אברהם", וואס פון אים וואקסט אויס יעדער איד און אלע אידן - זאגט מען "למען אשר יצוה את בניו ואת ביתו אחריו ושמרו דרך ה' לעשות צדקה ומשפט"[81], אין דעם זעלבן אופן ווי ס'איז געווען ביי אברהם אבינו.

כ. אין דערויף קומט צו נאך א זאך:

וויבאלד אז מ'האלט שוין נאך מ"ת, דארף מען ניט ווארטן קיין זיבן טעג (שבעת ימי המילואים) ביז וואנעט מ'וועט קומען צו דעם ענין פון יום השמיני - נאר דער ענין קען אויפגעטאן ווערן בכל רגע ורגע,

[בדוגמא ווי מ'האט גערעדט פריער בארוכה[84] אז לאחרי מ"ת איז מען ממשיך דורך דער מצה שלפני חצות די זעלבע גילויים וואס קודם מ"ת האט מען זיי ממשיך געווען דורך דער מצה שלאחרי חצות],

עאכו"כ ווען מ'האלט שוין נאך דעם לימוד וואס מ'האט ארויסגענומען פון דעם ענין פון יצי"מ בחמשה עשר בניסן, און די ימים שלאח"ז - האט מען דעמולט דעם כח צו אויפטאן דעם אויפטו פון יום השמיני.

ואין הדבר תלוי אלא ברצונו פון א אידן, ובלשון הרמב"ם[85] "רשות לכל אדם נתונה", עד זאל מאכן פון זיין הויז אזא הויז אויף וועלכע דער אויבערשטער זאגט "ושכנתי בתוכם",

אז דאס ווערט א הויז וואו מ'זעט ג-טליכקייט בעיני בשר, דורך דערויף וואס מ'זעט דארטן אידישקייט בעיני בשר - וואס אידישקייט מאכט פון דער הויז א משכן ודירה לו ית'.

וכאמור לעיל אז דער ענין איז שייך ניט נאר צו יחידי סגולה, אדער נאר צו "זקני ישראל", נאר דאס האט א שייכות לכל אחד ואחת מישראל - "כל העם".

כא. און בקביעות שנה זו האט מען דעם ענין פון יום השמיני צוזאמען מיט שבת מברכים חודש אייר - וואס פון שבת מברכים אייר נעמט מען ארויס די הוראה כללית בנוגע צו דער עבודה פון "סור מרע" און "עשה טוב", אז דאס דארף זיין אין אן

- אופן -

------------

83) יחזקאל לג, כד. 84) בד"ה הא לחמא עניא דאור לי"ג ניסן. וראה לקו"ה צו יד, א ואילך. סד"ה אור לארבעה עשר ה'ש"ה (סה"מ ה'ש"ת ע' 43). 85) הל' תשובה רפ"ה.

אופן פון "ניסן". ד.ה. אז בלכתחילה שטעלט ער זיך אוועק אין אן אופן וואס איז היפך פון מיצרים וגבולים פון מצרים, היפך פון הנהגת הטבע,

וועו עס קומט צו ענינים פון אידישקייט און תומ"צ, מאכט ער ניט קיינע חשבונות פון טבע - וויבאלד אז אזוי שטייט אין שו"ע, איז א זיכערע זאך אז ער דארף אזוי טאן (ניט ווי הנהגת העולם מסביבו, וואס איז אין אן אופן פון "לא ישבותו"[86]), ווי גערעדט באריכות אין דער פריערדיקער התוועדות[87].

און די הנהגה פון "ניסן" ווערט ביי אים א הנהגה טבעית, ד.ה. אז וועו עס קומט צו אן ענין פון אידישקייט, דארף מען זיך ניט איינ'טענה'ן מיט אים, נאר ער טוט דאס בדרך ממילא, און ווי די גמרא[88] זאגט "אנא מחזיק טיבו לראשי דכד הוה מטי מודים הוה כרע מגרמי'"; וועו עס קומט צו "מודים", בוקט ער זיך פון זיך אליין, און ער דארף ניט קיין השתדלות בזה, ווארום דאס איז דער טבע פון א אידישן גוף.

און ווי מ'ברענגט אויף דערויף דעם משל דערפון וואס א בעל-חי שפרינגט ניט אין פייער[89], און אז ער שפרינגט אין פייער איז ער ניט קיין נארמאלער [וואס דאס איז נוגע צו דיני שמירה אויף בע"ח, איז אויב דער בע"ח האט געשפרונגען אין פייער, איז דער שומר ניט שולדיק, דערפאר וואס אויף אזא זאך האט ער ניט גענומען קיין התחייבות[90]] -

ובמכש"כ וק"ו וועו עס רעדט זיך וועגן דער נה"ב פון א אידן, וואס ביי איר איז אן ענין פון היפך רצון ה' - אזוי ווי פייער, דאס איז אן ענין וואס פארברענט איר, עס מאכט איר אויס מציאות, איז דער טבע פון נה"ב אז ס'איז גאר מלכתחלה ניט שייך זי זאל שפרינגען אין פייער, במכש"כ וק"ו פון דעם טבע פון א שור כבש ועז כפשוטו.

כב. און דאס ווערט אויפגעטאן אין אן אופן אז מ'זעט בעיני בשר אז דאס איז דער טבע פון א אידן - וואס דאס איז דער אויפטו פון יום השמיני, אז א איד זאל זעהן אלקות בעיני בשר

און ווי גערעדט פריער (ס"כ) אז דעמולט האט מען בעדארפט האבן די הכנה פון שבעת ימי המילואים, אבער נאך דערויף וואס דער ענין האט זיך אויפגעטאן אין משכן, איז דאס געווארן אין אן אופן פון פעולה נמשכת,

- ובפרט -

------------

86) נח ח, כב. 87) בד"ה כימי צאתך דאחש"פ. ובארוכה בהשיחה סל"ט ואילך. 88) ירושלמי ברכות פ"ד סוף ה"ה. 89) ראה טושו"ע חו"מ ר"ס שפג. 90) ראה ב"ק צג, א-ב.

ובפרט אז דער משכן שעמה משה איז א נצחי, ווי די גמרא׳ זאגט אז אין דערויף האבן אוה"ע ניט געהאט קיין שליטה (ווי גערעדט כמ"פ באריכה[92]),

וואס וויבאלד אז מ׳זאגט אז דער משכן איז א נצחי, איז פארשטאנדיק, אז דער פירוש בזה איז ניט נאר אז ער וועט נתגלה ווערן לע"ל, נאר איצטער איז דאס אויך אן ענין נצחי - אז דאס פועל׳ט אויף יעדער אידן, אז דורך הנהגתו כדבעי זאלן ביי אים ווערן אלע ענינים פון דעם מקדש און די ענינים פון דעם משכן (כמובן פון פשטות הענינים אז עס זיינען געווען כמה ענינים וועלכע זיינען ניט געווען אין מקדש), ווי דאס שפיגלט זיך אפ אין עבודת האדם.

ובנוגע לענינינו - דער לימוד וואס מ׳נעמט ארויס פון פ׳ שמיני, אז יעדער איד האט מכח צו שטעלן זיך אין דעם מעמד ומצב אין וועלכן אידן זיינען געשטאנען ביום השמיני בפעם הראשונה,

[ער שטייט אין אן אופן פון "עמדו הכן כולכם"[93] אויף צו טאן דעם ענין, ווארום מ׳האט אים געגעבן בחירה חפשית - ער דארף נאר מגלה זיין זיין אמת׳ן רצון, דורך דערויף וואס ער נעמט אראפ די ענינים המכסים (אויב עס זיינען דא אזוינע ענינים), און דעמולט שטייט דער רצון בגלוי],

וואס דעמולט ווערט דער ענין פון "וירא אליכם כבוד ה׳" - ווי גערעדט אמאל באריכה[94] וועגן דעם ספרא הפלאי אויף דעם פסוק, אז משה רבינו האט געזאגט צו אידן "כשם שהוא יחידי בעולם כך תהא עבודתכם מיוחדת לפניו".

כג. די הוראה דערפון בנוגע לפועל - כמדובר כמ"פ אז "המעשה (דער "בכן") הוא העיקר"[95]:

דערפון וואס שבת מברכים אייר פאלט אויס אין פ׳ שמיני, נעמט א איד ארויס די הוראה, אז נוסף אויף דערויף וואס ער איז מקיים דעם ענין פון "סור מרע" און "עשה טוב", פועל׳ט דאס אויך דעם "וירא אליכם כבוד ה׳", אז ער זעט על כל צעד ושעל ווי אזוי "הקב"ה עוזרו",

און ער זעט ווי דער אויבערשטער געפינט זיך מיט אים,

- אז -

------------

91) סוטה ט, א. ועוד. 92) ראה לקו"ש פקודי תשי"ז ס"ב. וש"נ. 93) ל׳ כ"ק מו"ח אדמו"ר בבכתבו מכ"ו אד"ר הרח"ץ - נדפס בריש קונטרס ב׳ ניסן הרח"ץ - קונטרס לו (סה"מ קונטרסים ח"ב שצז, ב). 94) שיחה אחש"פ תשל"ז סכ"ז ואילך. 95) אבות פ"א מי"ז.

אז "ה׳ נצב עליו . . ומביט עליו ובוחן כליות ולב אם עובדו כראוי"[96] - וואס ווען א איד באטראכט זיך אין דערויף וואס דער אויבערשטער קוקט זיך צו צו זיין הנהגה, איז דאס גופא גיט אים דעם כח אויף צו מקיים זיין אלע ענינים וואס שטייען אין אלע ד׳ חלקי השו"ע,

ווי געדעדט אין דער פריערדיקער התוועדות[97] אז אין התחלת השו"ע האט דער רמ"א [וואס "בנ"י יוצאים ביד רמ"א"[98]] באווארענט דעם ענין פון "שויתי ה׳ לנגדי תמיד"[99], און ער האט דאס אריינגעשטעלט אין דעם ערשטן סעיף פון דעם ערשטן סימן פון דעם ערשטן חלק פון שו"ע -

וואדום נאך דערויף וואס ס׳איז דא דער ענין פון "שויתי ה׳ לנגדי תמיד", ווערט בדרך ממילא דער קיום פון אלע ד׳ חלקי השו"ע, וואס זיי זיינען כולל כל החיים כולם, כולל אויך די חיים דלע"ל, וואס זיי זיינען תלוי אין מעשינו ועבודתנו אין משך זמן הגלות[100].

כד. און מ׳טוט דאס (ווי ס׳איז געווען ביום השמיני) אין אן אופן פון "וירא העם וירונו" - "ושבחו"[101], אז מ׳שטייט בגלוי אין אן אופן אז מ׳איז משבח דעם אויבערשטן,

און מ׳טוט דאס מתוך שירה - וואס "וירונו" איז אויך מלשון "רינה", וואס דאס איז פון די עשרה שמות של שמחה[102], ד.ה. אז מ׳טוט דאס מתוך שמחה, ביז אין אן אופן אז די שמחה קומט ארויס בגלוי בדיבור - אין שירה.

און דורך דער שמחה איז מען פורץ די אייגענע גדרים, ביז אז מ׳איז פורץ די גדרים פון דעם גאנצער וועלט[103],

און עס ווערט אויפגעטאן דער "יעלה הפורץ לפנינו"[104], ווי ער טייטשט אפ אין מדרש[105] אז דאס גייט אויף משיח צדקנו,

יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, במהרה בימינו ממש.

* * *

כה. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה ויהי ביום השמיני.

* * *

- כו. -

------------

96) תניא רפמ"א. 97) שיחת אחש"פ סל"ט ואילך. 98) שו"ת שו"מ מהדורא חמישאה סת"י. ועוד. 99) ל׳ הכתוב - תהלים טז, ח. 100) ראה תניא רפל"ז. 101) ת"א עה"פ. 102) אדר"נ פל"ד, ט. 103) ראה בארוכה ד"ה שמח תשמח תרנ"ד ע׳ 49 ואילך. 104) ע"פ מיכה ב, יג. 105) ב"ר פפ"ה, יד. ובפרש"י שם.

כו. ס׳איז דאך הגי׳ אז אין א ההוועדות וואס איז פארבונדן מיט שבת, איז מען מבאר א פסוק פון דער סדרה (וואס מ׳האט געלייענט אין דעם שבת) מיט פרש"י.

וכמדובר כמ"פ אז וויבאלד רש"י[106] זאגט "אני לא באתי אלא לפשוטו של מקרא", איז פארשטאנדיק, אז אין פרש"י זיינען דא אלע ענינים וואס זיינען נוגע צו דער הבנה פון פשוטו של מקרא, און אין דערויף פעלט ניט קיין זאך.

ביז וואנעט אז בשעת ס׳איז דא א זאך וואס האט ניט קיין פירוש אין פשש"מ, זאגט רש"י "לא ידעתי" (ווי מ׳געפינט דאס אין פרש"י במ"מ[107]) - איז דאך דערפון פארשטאנדיק, אז אומעטום וואו ס׳איז דא א שוועריקייט אין פשש"מ, פארענטפערט דאס רש"י, סיידן וואו ער זאגט "לא ידעתי".

כז. אין פרשתנו איז דא א שאלה בנוגע צו כמה פסוקים, וואס ע"ד הפשט איז ניט פארשטאנדיק וואס קומען זיי דערציילן:

אין אונזער פרשה רעדט זיך וועגן די סימני טהרה פון בהמות וכו׳, שטייט דארטן[108]: "כל מפרסת פרסה ושוסעת שסע פרסות מעלת גרה בבהמה אותה תאכלו", און דערנאך[109] איז דער פסוק ממשיך: "אך את זה לא תאכלו ממעלי הגרה וממפריסי הפרסה את הגמל . . ואת השפן . . ואת הארנבת . . ואת החזיר גו׳", דערפאר וואס זיי האבן מערניט ווי איין סימן טהרה.

איז ניט פארשטאנדיק: וויבאלד אז ס׳שטייט שוין אין פסוק אז מ׳דארף האבן צוויי סימני טהרה, איז צוליב וואס דארף מען האבן די גאנצע אריכות (ווי ער רעכנט זיי אויס בפרטיות) אז עס זיינען דא אזוינע וואס האבן מערניט ווי איין סימן, און מ׳טאר זיי ניט עסן - מ׳ווייסט דאך שוין אז מ׳דארף האבן צוויי סימני טהרה?!

און אז מ׳קוקט אין פרש"י - געפינט מען ניט קיין הסברה אין דערויף.

די קשיא ווערט נאך שטארקער:

ווען מ׳קומט צו סימני דגים, זעט מען אז ס׳שטייט נאר "כל אשר לו סנפיר וקשקשת . . אותם תאכלו . . וכל אשר אין לו סנפיר וקשקשת . . לא תאכלו"[110].

וואס דער בן חמש למקרא ווייסט אז עס זיינען דא פארשידענע נעמען פון דגים, ווארום אפי׳ אז ער האט נאך ניט

- געלערנט -

---

106) עה"פ בראשית ג, ה. 107) ראה בהנסמן בלקו"ש ח"ה ע׳ 1 שוה"ג הא׳ להע׳ 2. 108) יא, ג. 109) שם, ד-ז. 110) שם. ט-יא.

הנחה הת׳ בלתי מוגה

געלערנט די שמות פון די דגים, ווייסט ער דאס אבער פון חיי היום-יום, עאכו"כ אויב דער מלמד דערציילט אים אז ס'איז דא דער "לויתן", מיט אלע פרטים וואס זיינען דא אין דערויף אין תושבע"פ,

און אעפ"כ איז דער פסוק ניט מאריך צו זאגן אז אויב ס'איז דא א דג וואס האט מערניט ווי איין סימן, טאר מען אים ניט עסן - ווארום אז מ'ווייסט שוין פון פריער אז מ'דארף האבן צוויי סימנים, דארף מען ניט איבער'חזר'ן אז דער סוג וואס האט מערניט ווי איין סימן איז אסור באכילה.

איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס בנוגע צו סימני טהרה חזר'ט מען איבער (מיט אן אריכות) אז ס'זיינען דא אזוינע וואס האבן מערניט ווי איין סימן, און מ'טאר זיי ניט עסן?

כח. לכאו' וואלט מען געקענט פרעגן די זעלבע שאלה בנוגע צו "שרץ העוף":

עס שטייט אין פסוקי[111] "את זה תאכלו מכל שרץ העוף ההולך על ארבע אשר לו כרעים ממעל לרגליו לנתר בהן על הארץ", און דערנאך[112] איז דער פסוק ממשיך "את אלה מהם תאכלו את הארבה למינו ואת הסלעם למינהו ואת החרגול למינהו ואת החגב למינהו", אע"פ אז פריער האט ער שוין געזאגט די סימני טהרה?

אבער דארטן[113] איז רש"י מבאר אז נוסף צו די אלע סימני טהרה, דארף מען האבן "שיהא שמו חגב" (ווי דער מקור אויף דערויף זאל נאר זיין), ר.ה. אז נוסף צו די סימנים דארף מען אויך וויסן אז זיין נאמען איז "חגב" וכיו"ב, וואס דערפאר דארף מען האבן די אריכות הפרטים נאך דערויף וואס מ'ווייסט שוין די סימנים.

וואס דאס איז אויך דער ענטפער אויף דעם וואס אין פ' ראה[114] ווערן אויסגערעכנט די עשר מינים פון בהמות וחיות וועלכע זיינען מותר באכילה, אע"פ אז נאך דערויף זאגט ער די סימני טהרה - וויבאלד אז נוסף אויף די סימני טהרה דארף מען אויך האבן אז מ'זאל וויסן אז זיין נאמען איז אזוי.

דאס איז אבער שייך צו זאגן נאר בנוגע צו די וואס האבן די סימני טהרה, אז נוסף אויף דערויף וואס זיי האבן די סימנים, דארף מען אויך האבן אז זייער נאמען זאל זיין אזא נאמען;

אבער בנוגע צו די וואס האבן ניט די סימני טהרה, קען

- מען -

------------

111) שם. כא. 112) שם. כב. 113) עה"פ שם, כא. 114) יד, ד-ה.

מען ניט זאגן אז מ'איז ניט געננג דאס וואס ביי אים פעלט איין סימן טהרה (אז מ'זאל אים ניט טארן עסן), נאר מ'דארף אויך האבן אז זיין נאמען זאל זיין "גמל" וכיו"ב - ווארום אויב ער האט מערניט ווי איין סימן טהרה, איז א זיכערע זאך אז מ'טאר אים ניט עסן (ס'איז קיין נפק"מ ניט מיט וועלכן נאמען ווערט ער אנגערופן).

און אעפ"כ איז דער פסוק מאריך בנוגע צו די וואס האבן מערניט ווי איין סימן אז מ'טאר זיי ניט עסן - דארף מען האבן א ביאור אין פשש"מ פארוואס איז מען מאריך אין דערויף.

וכפי שיתבאר לקמן.

כט. אין די הערות אויפן זהר[115] שטעלט ער זיך אויף דעם וואס ס'שטייט אין זהר דיש פרשתנו[116] "ויהי ביום השמיני וגו', ר' יצחק פתח ברן יחד כוכבי בוקר ויריעו כל בני אלקים[117], זכאין אינון ישראל דקב"ה יהיב לון אורייתא וכו'",

און ער איז מבאר די "שייכות דהפתיחה הזאת הכא, ולמה ר' יצחק דוקא פתח בה", אז דאס איז דערפאר וואס יום השמיני איז פארבונדן מיט דעם ענין פון גבורות, וואס דעמולט איז געווען "מיתה בני אהרן נדב ואביהוא מפני שהקריבו אש זרה, בחי' גבורות", ווי ער איז מבאר באריכה.

ער איז אבער ניט מבאר די שייכות דערפון מיטן המשך המאמר אין זהר "זכאין אינון ישראל דקב"ה יהיב לון אורייתא", וואס דאס קומט גלייך נאך דערויף וואס ער ברענגט דעם פסוק "ברן יחד כוכבי בוקר גו'".

עד"ז איז ער ניט מבאר נאך אן ענין:

דער סיפור פון מיתת נדב ואביהוא (וואס דערמיט פארבינדט ער דעם מאמר הזהר מיט פ' שמיני) קומט ערשט נאך אריכות הסיפור וועגן אנדערע ענינים -

דארף מען אויך געפינען די שייכות דערפון צו <u>התחלת</u> הסדרה, וואס אין התחלת הסדרה רעדט זיך וועגן דער <u>מעלה</u> פון יום השמיני למילואים, אז נאך דערויף וואס עס זיינען דא די שבעת ימי המילואים, "שבעת ימים ימלא את ידכם"[118], קומט דערנאך דער אויפטו פון יום השמיני (ווי גערעדט אויך אין דעם מאמר, וואס ער איז מיוסד אויף מאמרי רבותינו נשיאינו).

וכפי שיתבאר לקמן.

- ל. -

------------

115) לקוטי לוי"צ לזח"ג ע' רסז. 116) ח"ג רלה, ב. 117) איוב לח, ז. 118) צו שם, לג.

ל. וויבאלד אז אין היינטיקן שבת האט מען אנגעהויבן לערנען פרקי אבות - וועט מען אויך מבאר זיין א משנה אין היינטיקן פרק - פרק ראשון.

אין משנה ט' שטייט: "שמעון בן שטח אומר, הוי מרבה לחקור את העדים, והוי זהיר בדבריך שמא מתוכם ילמדו לשקר".

וואס דער פירוש בזה איז - אז בשעת א דיין הערט אן עדות, דארף ער זיך ניט באגנוגענען דערמיט וואס ער הערט דאס בקיצור ובשטחיות, נאר מ'זאגט אים "הוי מרבה לחקור את העדים".

און דערנאך איז די משנה ממשיך, אז אע"פ וואס ער דארף מרבה זיין אין חקירת העדים, זאגט מען אים אבער "הוי זהיר בדבריך שמא מתוכם ילמדו לשקר" - ווארום[119] עס קען זיין אז פון זיין סגנון הדיבור וועלן זיי פארשטיין אז אויב זיי וועלן ענטפערן באופן כך וועט זיין דער פס"ד לחסד, און אויב זיי וועלן ענטפערן באופן אחר וועט דער פס"ד זיין להיפך, און דאס קען ווירקן אויף זיי אז "ילמדו לשקר", אויב זיי האבן עפעס א נטי' אין דערויף, לחסד אדער להיפך החסד.

וואס עפ"ז קומט אויס אז די משנה איז געזאגט געווארן מערניט ווי צו דיינים, ד.ה. אפי' ניט צו די וואס פסק'נען אין ענינים פון איסור והיתר וכיו"ב, נאר צו די וואס פאר-נעמען זיך מיט קבלת עדות -

וואס צוליב דערויף דארף מען האבן א לימוד נוסף, ניט נאר דער לימוד וואס איז פארבונדן מיט "יורה יורה" (וואס דארטן איז ניט שייך דער ענין פון קבלת עדות),

און ווי דער אלטער רבי זאגט אין הל' עדות[120] "קבלה עדות צריך ג' מומחין יודעין הלכות עדות כשר ופסול וזהירים בקבלתם לכוין עדות כל אחד וא' כמו שצוו חכמים הוי זהיר בדבריך שמא מהוך דבריך ילמדו לשקר", און ער איז מביא דארטן מיטן לשון פון דעם נימוקי יוסף (אראפגעבראכט אין ב"י[121]) אז "מקרוב התחילו הדיוטות לקבל עדים ומטים עקלקולותם", ד.ה. ניט נאר אז ס'זיינען דא "עקלקלות", נאר אז "מטים עקלקולותם", ווי די משנה זאגט "שמא מתוכם ילמדו לשקר".

איז אע"פ אז דער רמב"ם[122] זאגט טאקע אז מסכת אבות האט א שייכות מיוחדת צו דיינים ("מוסר הדיינים"), וואס דערפאר

- איז -

---

119) רבינו יונה ורע"ב כאן. 120) ס"ס. 121) חו"מ סו"ס כח ד"ה כתב המרדכי. 122) בהקדמתו לפיהמ"ש ד"ה והחלק השני.

איז די מסכת אוועקגעשטעלט געווארן נאך מסכת סנהדרין וכו'. אבער אעפ"כ, וויבאלד אז מ'האט דעם כדי אז מסכת אבות איז "מילי דחסידותא" (ווי די גמרא[123] זאגט "האי מאן דבעי למהוי חסידא . . לקיים מילי דאבות") - דארף מען זאגן אז דאס האט א שייכות לכל אחד ואחת מישראל.

ובפרט אז דער לימוד פון פרקי אבות אין די שבתות שבין פסח לעצרת איז פארבונדן מיט דער הכנה והקדמה צו מ"ת[124] - אזוי ווי ס'איז געווען בפעם הראשונה, אז גלייך נאך "בהוציאך את העם ממצרים", האט זיך אנגעהויבן די הכנה צום "תעבדון את האלקים על ההר הזה"[125], דער ענין פון מתן תורה.

און ווי ס'איז פארשטאנדיק, אז אלע ענינים פון מסכת אבות (ניט נאר פרק ששי, וואס ער ווערט אנגערופן בגלוי בשם "קנין תורה"[126]) האבן א שייכות צו תורה - וויבאלד אז דארטן רעדט זיך וועגן "דרך ארץ", וואס "דרך ארץ קדמה לתורה"[127].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אע"פ וואס בעיקר איז מסכת אבות שייך צו דינים, האט דאס אבער אויך א שייכות עיקרית צו קבלת התורה, ובמילא האט דאס א שייכות לכל אחד ואחת מישראל (וואס נשים זיינען דאך אויך מברך ברכת התורה[128]) -

דארף מען פארשטיין דעם ביאור אין דער משנה "שמעון בן שטח אומר הוי מרבה לחקור את העדים וכו'" - ווי דאס איז בנוגע לעבודתו ולהנהגתו של כל אחד ואחת מישראל.

לא. אויך דארף מען פארשטיין: וואס איז די שייכות פון דעם מאמר "הוי מרבה לחקור את העדים כו'" צו "שמעון בן שטח".

וכמדובר כמ"פ בארוכה (און שוין אויך געדרוקט[129]) אז ס'זיינען דא כמה ראיות אז דער נאמען פון בעל המאמר האט א שייכות צום תוכן פון תורתו.

ובדוגמא ווי מ'זאגט אין דער הגדה "חכם מה הוא אומר", ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו טייטשט אפ[130] אז "מה שהוא בעצם מהותו הנה כן הוא אומר ומגלה בעצמו", און ווי דאס איז אויך בפשטות, אז דורך זיין אמירה קען מען וויסן צי ער

- איז -

------------

123) ב"ק ל, א. 124) ראה מדרש שמואל בהקדמה. ועוד. 125) שמות ג, יב. 126) ראה מד"ש אבות רפ"ו. 127) ויק"ר פ"ט, ג. וראה אבות פ"ג מי"ז. 128) שו"ע (ואדה"ז) או"ח סוף סמ"ז. 129) לקו"ש פרקי אבות פ"א ש.ז. סוס"ב. 130) סה"מ ה'ש"ח ע' 44. וראה גם הגש"פ עם לקוטי טעמים כו' בפיסקא זו.

איז א "חכם", צי ער איז א "תם", אדער ער איז פון די אנדערע צוויי דרגות.

וואס דאס איז אפי׳ ווען עס רעדט זיך וועגן אן אמירה סתם, עאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן אן אמירה אין תורה, וואס בא יעדער איד איז די תורה "חיינו ואורך ימינו", עאכו"כ בא תנאים און אמוראים, וואס בא זיי איז תורה געווען חייהם ממש -

איז דערפון פארשטאנדיק, אז די תורה וואס זיי האבן געזאגט איז פארבונדן מיט זייער נשמה, וואס די נשמה באקומט איר חיות דורך דעם שם - דער שם וואס איז צוגעפאסט צו דער נשמה, כמבואר אין כתבי האריז"ל[131] אז דער שם האט א שייכות צו דער נשמה.

וואס דערפאר איז מבואר אין כתבי האריז"ל[132] בנוגע צו א נאמען וואס עלטערן גיבן זייער קינד, וואס לכאו׳ איז ניט פארשטאנדיק: היתכן אז דער נאמען זאל דערנאך ווערן "שמו אשר יקראו לו", ווי דער מגיד[133] איז מבאר אז דער נאמען איז ממשיך דעם "נפש חי׳", אז דורך דערויף לעבט דער נפש?

איז דער ביאור בזה, אז דער אויבערשטער גיט אריין די עלטערן דעם געדאנק וואס פאר א נאמען זיי זאלן געבן - אזא נאמען וואס איז מתאים צום שורש הנשמה.

ובפרט אז מ׳זעט אז ס׳זיינען דא כו"כ ענינים אין משנה (ועאכו"כ אין גמרא) וואס שטייען אן דעם נאמען פון בעל המאמר - איז דערפון פארשטאנדיק, אז בשעת מ׳ברענגט דעם נאמען, איז נוסף לזה וואס דאס איז נוגע להלכה, אז מ׳זאל וויסן ווער איז דער רב און ווער איז דער תלמיד, און ווער איז דער זקן שבחבורה וכיו"ב, כדי מ׳זאל וויסן ווי צו פסק׳נען די הלכה, איז דער נאמען אויך פארבונדן מיטן תוכן המאמר, כמבואר בכמה ספרים בארוכה.

ועד"ז בנדו"ד - אז דער נאמען "שמעון בן שטח" איז פאר-בונדן מיטן תוכן המאמר "הוי מרבה לחקור את העדים כו׳", וכפי שיתבאר לקמן.

לב. כאן המקום צו משלים זיין דאס וואס עס האט זיך גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות[134] וועגן דעם ביאור אין פרש"י בפרשתנו אז אהרן האט גע׳טענה׳ט צו משה רבינו "אם שמעת

- בקדשי -

-------------

131) שער הגלגולים הקדמה כג. שעד מאכרי רז"ל בסופו. עמה"מ שער א׳ ספ"ד. 132) שם. 133) או"ה ס"פ בראשיה. 134) שיחת אחש"פ סס"ד ואילך.

בקדשי שעה איז רק להקל בקדשי דורות"[135], און דערנאך איז "וישמע משה וייטב בעיניו - הודה ולא בוש לומר לא שמעתי"[136].

וואס מ'האט מבאר געווען ע"פ פנימיות הענינים, אז בא משה רבינו האט זיך געלייגט בפשטות אז ס'איז ניטא קיין חילוק צווישן קדשי שעה מיט קדשי דורות, דערפאר וואס וועגן משה זאגט די גמרא אין סנהדרין[137] אז "אמת דאה", און די גמרא[138] זאגט אז "משה אמת ותורתו אמת", און אין "אמת" זיינען ניטא קיין שינויים (ווי ס'שטייט אין ירושלמי[139] אויפן פסוק[140] "אני ראשון ואני אחרון ומבלעדי אין אלקים") - האט ער געהאלטן אז ס'איז ניטא קיין חילוק צווישן קדשי שעה מיט קדשי דורות.

משא"כ בנוגע צו אהרן, וואס ענינו איז געווען "אוהב שלום ורודף שלום אוהב את הבריות ומקרבן לתורה" (ווי ס'שטייט אין היינטיקן פרק[141]), עד האט זיך אראפגעלאזט צו יעדערן לפי ענינו, ביז ווי עס שטייט אין אדר"נ[142] אז ער פלעגט אפי' משנה זיין פון דעם אמת מפני השלום - האט זיך ביי אים געלייגט אז ס'איז דא א חילוק צווישן קדשי שעה מיט קדשי דורות, ווי געערעדט באריכה דעם ביאור הענין.

מ'דארף נאך אבער האבן דעם ביאור בזה אין פשש"מ - ווארום דער בן חמש למקרא האט נאך ניט געלערנט אז ענינו פון אהרן איז געווען "אוהב את הבריות ומקרבן לתודה", און ער האט נאך ניט געלערנט די גמרא אז "משה אמת ותורתו אמת" [ער ווייסט אפי' ניט דאס וואס דער רמב"ם[143] זאגט אז "זאת התורה לא תהא מוחלפת"] - דארף מען האבן א ביאור אין פשש"מ: פארוואס האט זיך געלייגט בא משה רבינו אז ס'איז ניטא קיין חילוק צווישן קדשי שעה מיט קדשי דורות, און בא אהרן האט זיך געלייגט אז ס'איז דא א נפק"מ צווישן קדשי שעה מיט קדשי דורות.

לג. לכאו' וואלט מען געקענט זאגן אז אין פשש"מ איז דאס מלכתחלה ניט קיין קושיא, ווארום דער בן חמש למקרא פארשטייט אז "אין דעותיהם שוות", איז ביי אים קיין שאלה ניט פארוואס לייגט זיך בא משה באופן כך און בא אהרן באופן אחד.

מ'קען אבער אזוי ניט זאגן, ווארום די סברא אז ס'איז

- דא -

------------

135) פרש"י פרשתנו י, יט. 136) פרשהנו שם, כ ובפרש"י.
137) קיא, סע"א. 138) דאה ב"ב עד, א. תנחומא קרח יא.
139) סנהדרין פ"א ה"א (א, ב). 140) ישעי' מד, ו.
141) מי"ב. 142) רפי"ב. 143) בעיקר הט' בהי"ג עיקרים.
וראה בפיהמ"ש שלו לפ' חלק יסוד התשיעי (ע"פ הוצאת הרב קאפח).

דא א חילוק צווישן קדשי שעה מיט קדשי דורות, איז א סברא פשוטה ביותר; אין דערויף גופא וואס מ׳זאגט אז דאס איז קדשי שעה און דאס איז קדשי דורות, איז מודגש דער חילוק וואס איז דא צווישן זיי.

ועפ"ד ווי מ׳זאגט[144] אז "טעה בדבר משנה חוזר", וויבאלד אז אין אן ענין וואס שטייט אין משנה איז ניט שייך קיין טעות, דערפאר וואס יעדער רב און פוסק דארף דאס וויסן - איז עד"ז ווען עס רעדט זיך וועגן א סברא פשוטה ביותר, וואס דעמולט קען ער אפילו מורה זיין בפני רבו[145], וויבאלד אז ס׳איז א סברא פשוטה וואס יעדערער (וואס איז שייך צו הבנה והשגה) קען זיך כאפן אויף דערויף.

איז ניט פארשטאנדיק: ווי קומט דאס אז אהרן האט געדארפט מחדש זיין בא משה (ביז אז מ׳זאגט "וישמע משה וייטב בעיניו") א סברא פשוטה ביותר, אז ס׳איז דא א חילוק צווישן קדשי שעה מיט קדשי דורות?!

[די שאלה אויף וועלכע מ׳קען זיך דינגען איז נאר צי דער חילוק צווישן קדשי שעה מיט קדשי דורות איז אויך בנוגע צום פרט וואס אהרן האט געזאגט "ותקראנה אותי כאלה ואכלתי חטאת היום הייטב בעיני ה׳"[146] - אבער ווען אהרן האט זיך פארענטפערט פאר משה, האט ער מיט אים ניט גערעדט וועגן פרטי הדברים, ער האט אים נאר געזאגט די סברא פשוטה אז "אם שמעת בקדשי שעה אין לך להקל בקדשי דורות", אז ס׳איז דא א חילוק צווישן קדשי שעה מיט קדשי דורות].

לד. די קושיא איז נאך שטארקער:

ניט נאר וואס בא משה רבינו איז געווען א סברא אז ס׳איז ניטא קיין חילוק צווישן קדשי שעה מיט קדשי דורות, נאר די סברא איז ביי אים געווען מיט אזא פשיטות, ביז וואנעט אז ווען ער האט דערהערט אז מ׳האט ניט געטאן אזוי, איז געווען "ויקצוף"[147].

וואס דער בן חמש למקרא פארשטייט אז משה רבינו האט ניט געהאט קיין שייכות מיט אן ענין של קצף, ווארום ער ווייסט אז משה רבינו איז אויסגעשטאנען פון אידן אלע ענינים וואס זיינען געווען (ווי ער האט שוין געלערנט לפנ"ז), און אעפ"כ האט ער געהאט צוטאן מיט זיי, און האט זיך משפל געווען מיט זיי וכו׳ -

- און -

------------

144) סנהדרין לג, א. וש"נ. טושו"ע חו"מ רסכ"ה.
145) טושו"ע או"ח סרמ"ב ס"ה. 146) פרשתנו שם, יט.
147) שם, טז.

און דא זעט מען אז וועו עד האט דערהערט אז ב'האט געמאן אן ענין וואס לייגט זיך אין שכל הפשוט (ב'האט כחלק געוועו צווישן קדשי שעה כיו קדשי דורות), האט ער ניט געזאגט אז דער דין איז באופן אחר, נאר ס'איז גלייך געוועו "ויקצוף".

נאכמער: אין פ' מטות[148] זאגט רש"י "וכן אתה מוצא בשמיני למילואים שנאמר ויקצוף על אלעזר ועל איתמר, בא לכלל כעס בא לכלל טעות", אבער בפרשתנו זאגט דאס ניט רש"י, דערפאר וואס עס קען טאקע זיין אז דא איז דער "ויקצוף" געוועו ווי עס דארף צו זיין (ניט קיין ענין של טעות) -

וואס לכאורה איז איפכא מסתברא: בפרשתנו רעדט זיך דאך וועגן א סברא פשוטה ביותר, וואס אע"פ אז "אין דיעותיהם שוות", איז דאך דאס א סברא פשוטה ביותר אויף וועלכע יעדערער קען זיך כאפן, און אעפ"כ איז געוועו דער "ויקצוף".

לה. עפ"ז איז ניט פארשטאנדיק לאידך:

וויבאלד אז בא משה רבינו איז געוועו אפגעלייגט בפשיטות אז ס'איז ניטא קיין חילוק צווישן קדשי שעה מיט קדשי דורות (ביז אז ס'איז געוועו דער "ויקצוף") - איז ניט פארשטאנדיק ווי אזוי האט אים אהרן דערנומען דערמיט וואס ער האט אים געזאגט "אם שמעת בקדשי שעה אין לך להקל בקדשי דורות";

אהרן האט ניט געזאגט אז ס'איז א זיכערע זאך אז קדשי דורות זיינען אסור באכילה צו אן אונן, ער האט נאר געזאגט אז ס'איז ניט מוכרח אז דער זעלבער דין וואס איז דא בא קדשי שעה ("ואכלוה" - אע"פ אז זיי זיינען אוננין[149]) זאל אויך זיין בא קדשי דורות, עס קען זיין אז קדשי דורות זיינען אסור באכילה צו אן אונן -

איז ווי אזוי האט ער דערמיט דערנומען משה רבינו (וואס פריער איז ביי אים געוועו דער "ויקצוף"), ביז אז "וישמע משה וייטב בעיניו", ד.ה. אז אפילו בעיני משה (וואס ער איז געוועו דער גרעסטער חכם צווישן אידן) איז דאס געוועו א סברא טובה, ביז אז דערנאך איז ארויסגעקומען די תוצאה אז "הודה ולא בוש לומר לא שמעתי"?!

וואס וויבאלד אז רש"י איז דאס ניט מפרש, איז פארשטאנדיק, אז דער ביאור בזה איז פארשטאנדיק ע"ד הפשט - פארוואס איז געוועו דער "ויקצוף", און ווי אזוי איז דערנאך געווארן דער "וייטב בעיניו".

- וכפי -

------------

148) לא, כא. 149) פרשתנו שם, יב ובפרש"י.

וכפי שיתבאר לקמן ווי אלע ענינים זיינען פארשטאנדיק אין פשטות הכתובים.

לו. מ'האט אויך דערמאנט אין דער פריערדיקער התוועדות[150] וועגן דעם וואס רש"י טייטשט אפ אויף "וייטב בעיניו", אז "הודה ולא בוש לומר לא שמעתי", אז אין דערויף זיינען דא צוויי פירושים[151]:

א) כפשוטו, אז משה רבינו האט מודה געווען און האט זיך ניט געשעמט צו זאגן "לא שמעתי", ד.ה. אז ער האט ניט געהערט פון דעם אויבערשטן דעם דין,

ב) וויבאלד אז "לא בוש", האט ער ניט געזאגט "לא שמעתי", נאר ער האט געזאגט "שמעתי ושכחתי" - וואס דעמולט איז דאס מתאים מיט פירוש הגמרא[152] אז ער האט געזאגט "שמעתי ושכחתי", ועד"ז שטייט אין תיב"ע (עה"פ) אז "אפיק כרוזא במשריתא לכימר אנא הוא דאיתעלמית הילכתא מני ואהרן אחי אדכר יתה לי".

וואס אין פרש"י שטייט נאר "הודה ולא בוש לומר לא שמעתי" (אן די הוספה פון "שמעתי ושכחתי") - עס זיינען אבער דא אנדערע כתבי-יד פון פרש"י, וואס דארטן שטייט "הודה ולא בוש לומר לו (צו אהרן) שמעתי", אז ער האט געהערט דעם דין, נאר ער האט דאס פארגעסן.

וואס אין רוב הכתבי-יד (ובמילא אויך אין די דפוסים) איז די גירסא הרגילה "לא בוש לומר לא (מיט אן אל"ף) שמעתי", און אזוי איז אויך משמע פון לשון הגמרא, אז פריער שטייט "לא שמעתי", און דערנאך שטייט "שמעתי ושכחתי".

ס'איז אבער ניט קיין ראי' מוכחת, ווארום רש"י ברענגט נאר דאס וואס ס'איז מוכרח אין פשש"מ, און עד מוז ניט ברענגען דעם לשון הגמרא:

מ'געפינט אבער אז עס זיינען דא כתבי-יד וואו ס'שטייט "הודה ולא בוש לומר לו שמעתי", מתאים צום פירוש אין גמרא אז ער האט געזאגט "שמעתי ושכחתי".

לז. מען איז דאך אלעמאל ממיים מיט אן ענין של פועל - דארף מען דא ניט זוכן וואס איז די הוראה פון פרש"י, נאר ס'איז גענוג אז מ'זאל אננעמען די הוראה כפשוטה:

אע"פ אז אים ווייזט זיך אויס אז ער איז דער גרעסטער

- לכדן -

------------

150) שיחה הנ"ל סס"ה. 151) ראה לקו"ש שמיני תשמ"ה ס"א-ד. ובהנסמן שם בע' 2 152) זבחים קא, א-ב.

לבדן, און עס קען זיין אז ער איז מאקע דער גרעסטער לבדן - דארף ער וויסן זיין אז ער איז מערניט ווי א בשר ודם, ובמילא קען זיין אז ער זאל אמאל א טעות האבן, און אז עס טרעפט אזא זאך, דארף ער זיך פירן אזוי ווי משה רבינו האט זיך געפירט, אז "הודה ולא בוש כו'".

וואס בנוגע צו משה רבינו זעט מען, אז אע"פ אז ער האט געקענט מאכן דעם חשבון אז ער איז דער וואס "קבל תורה מסיני ומסרה כו'"[153], איז אויב עס ווערט זיך ארויסווייזן אז ער האט געטאן עפעס אן ענין שלא כדבעי, קען דאך דאס אנרירן צום כללות הענין פון "ויאמינו בה'"[154] (ניט נאר "במשה עבדו"), ווארום "ויאמינו בה' ובמשה עבדו" גייען ביידע זאכן צוזאמען[155] -

האט ער זיך אבער דערמיט ניט גערעכנט, וויבאלד אז דער ענין פון אמת איז העכער פון אלץ, און "הודה ולא בוש לומר לא שמעתי"; אהרן האט זיך אליין געכאפט אויף דער סברא, און משה רבינו האט געדארפט אנקומען אז אהרן זאל דאס אים מחדש זיין!

איי איז דאך די קושיא: דו האסט דאך באקומען די תורה, און דו ביסט דער פוסק הדור, און דער וואס "מסרה ליהושע", און פאר דערויף צו אהרן?! - רירט דאס אבער ניט אן אין דעם ענין פון "ויאמינו בה' ובמשה עבדו", ואדרבה, דורך דעם וואס מ'זעט אז ער שעמט זיך ניט און זאגט דעם אמת, ווערט נאך שטארקער דער ענין פון "ויאמינו בה' ובמשה עבדו".

ועד"ז ווען ער הויבט אן טענה'ן אז אמת טאקע אז "לא שמעתי", אדער "שמעתי ושכחתי", אבער היתכן ער זאל מודה זיין אויף דערויף, און נאך מודה זיין ברבים - זאגט מען אים אז אזוי האט געטאן משה רבינו: ער האט אריינגעשריבן אין תורה אז "וישמע משה וייטב בעיניו", וואס דער פירוש בזה אין פשט"מ איז, אז "הודה ולא בוש לומר לא שמעתי".

ובמכש"כ וק"ו בנוגע צו יעדער אידן, אז ווי גרויס עס זאל זיך אים נאר ווייזן אז ער איז, און ווי גרויס ער זאל נאר זיין בפועל - דארף דאס ניט אנרירן צו אמיתית הענין, אז אויב מאיזה סיבה שתהי' האט ער געטאן אן ענין שלא כדבעי, ניט נאר דערפאר וואס ער האט א טעות געהאט, נאר אפילו דערפאר וואס "לא שמעתי" (עס איז נאך ניט געקומען די צייט ער זאל צוקומען צו דעם שכל. מאיזה סיבה שתהי'), איז אז עס ווערט א בירור בדבר, דארף ער זיך פירן אין אן

- אופן -

------------

קנג) אבות רפ"א. קנד) בשלח יד, לא. קנה) ראה מכילתא עה"פ.

אופן פון "הודה ולא בוש לומר לא שמעתי".

ועד"ז בשעת ער איז א למדן און א פוסק - האט ער דאך אויך געלערנט מסכתא זבחים, ווייסט ער אז ס'שטייט דארטן אז משה רבינו "הודה ולא בוש כו'";

רש"י בפירושו עה"ת איז ניט קיין פוסק נאר מערניט ווי א מפרש, אבער מסכתא זבחים איז דאך ענינה פסקי דינים אין דיני קדשים -

און ער איז דאך א למדן, און איז אליין קודש, צי קדשי קדשים, ווי זיין לומדות זאל נאר זיין - איז דאך עאכו"כ אז ער דארף זיך פירן לויטן פס"ד פון דער גמרא אין זבחים, במכש"כ וק"ו פון דער הנהגה פון משה רבינו, א הנהגה בפועל, און א "מעשה רב"[156], אז "הודה ולא בוש כו'".

און דאס וואס מ'וועט ווימן אז ער איז דורכגעפאלן - וועט דאס אים ניט שאטן, ואדרבה, דורך דערויף וואס ער וועט זיך פירן אין אן אופן פון "דכא ושפל רוח", וועט דאס אים ארויסהעלפן אז ביי אים זאל זיין דער "מרום וקדוש אשכון"[157].

ועד"ז אויך בנוגע צו די הוראות וואס מ'לערנט אפ פון פרקי אבות, וכפי שיתבאר לקמן.

לח. ויה"ר אז אזוי ווי מ'גרייט זיך צו חודש אייר, און מ'האלט אינמיטן פון ספה"ע, וואס ביידע ענינים (חודש אייר און ספה"ע) זיינען א ממוצע צווישן "בהוציאך את העם ממצרים" (יצי"מ) מיט "תעבדון את האלקים על ההר הזה" (מ"ת) - זאל זיין דער לימוד התורה ביתר שאת וביתר עוז,

און מ'זאל זיך ניט רעכנען מיטן כבוד המדומה, נאר ס'זאל זיין אין אן אופן פון "הודה ולא בוש כו'",

ואדרבה, דוקא דורך דער הנהגה אין אן אופן פון "ונפשי כעפר לכל תהי'", אין ווועלען מעמד ומצב ער זאל נאר זיין, און אין וועלכן מעמד ומצב עס זאל נאר זיין דער וואס געפינט זיך אין דעם "כל" (פאר וועמען ער שטייט "כעפר") - וועט אויפגעטאן דער "פתח לבי בתורתך", וויבאלד אז די הקדמה לזה איז "ונפשי כעפר לכל תהי'".

און דעמולט איז באווארענט אז דער לימוד התורה וועט זיין אין אן אופן פון "לימוד מביא לידי מעשה", אז פון דעם לימוד וועט מען צוקומען צום ענין המעשה, לויטן פס"ד פון שו"ע, און דעמולט וועלן זיין מעשינו ועבודהינו אין אן אופן פון שלימות,

- ובקרוב -

------------

156) ראה שבת נא, א. וש"נ. 157) ישעי' נז, טו.

ובקרוב ממש וועט מען הערנען תורתו של משיח, בפיו של משיח, בגאולה האמיתית והשלימה, בעגלא דידן.

* * *

לט. כאן המקום צו מבאר זיין כמה פרטים בנוגע צו דעם וואס עס האט זיך גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות[158] אלס א השתתפות אין דעם "כינוס תורה", בנוגע צו דעם ענין פון קטן בפסח.

ובפרט אז מארגן קומט דאך פאר דער המשך פון דעם "כינוס תורה" - איז כאן הזמן משלים זיין די נקודות וואס מ'האט נאך ניט מבאר געווען איינגאנצן, מפני כו"כ סיבות.

מ. מ'האט מבאר געווען[159] אז שחיטת הפסח איז א פעולה נמשכת.

וואס לכאורה קען מען ברייינגען א ראי' אויף דערויף, דערפון וואס פסח ראשון פטר'ט אים פון דעם חיוב פון פסח שני:

ווען ער וואלט ניט מקריב געווען פסח ראשון, וואלט ער געדארפט מקריב זיין פסח שני, קומט דאך אויס אז דער פסח ראשון פטר'ט אים פון פסח שני, ובמילא איז פארשטאנדיק אז די פעולה פון פסח ראשון איז א פעולה נמשכת, ווארום דאס פטר'ט אים פון פסח שני.

דאס איז אבער קיין ראי' ניט - ווארום פסח שני איז תשלומין פון פסח ראשון, ד.ה. ס'איז ניט דער טייטש אז ס'איז דא א חיוב צו מקריב זיין פסח שני, און פסח ראשון פטר'ט אים פון דעם חיוב (וואס דעמולט וואלט דאס געווען א הוכחה אז דאס איז א פעולה נמשכת), נאר אדרבה, דער גאנצער ענין פון פסח שני איז מערניט ווי אן ענין פון תשלומין אויף פסח ראשון, אז אויב ער האט ניט מקריב געווען דעם פסח ראשון, האט ער א חיוב מקריב זיין פסח שני.

ד.ה. אז דער ענין פון תשלומין איז ניט פארבונדן דערמיט וואס דאס איז א פעולה נמשכת; עס קען זיין אז די פעולה איז מערניט ווי אויף איין רגע, און פונדעסטוועגן איז דאס אן ענין אויף וועלכן ס'איז דא תשלומין.

און ווי מ'געפינט אז עס זיינען דא כו"כ מצוות וואס בא זיי איז דא דער ענין פון תשלומין, אזוי ווי בנוגע צו תפלה - און'אעפ"כ איז דאס ניט קיין פעולה נמשכת.

- ועד"ז -

------------

158) שיחה הנ"ל סנ"ה ואילך. 159) שם ס"ס.

הנחת הת' בלתי מוגה

ועד"ז געפינט מען בנוגע צו הקרבת עולת ראי׳ ביו"ט, וואס "יש לו תשלומין כל שבעה"[160] - איז ראך ניט דער סייטש אז בשעת ער איז מקריב ביו"ט עולת ראי׳, איז דאס א פעולה נמשכת אויף אלע שבעה ימים; דער דין איז נאר, אז אויב ער האט ניט מקריב געווען ביו"ט, איז "יש לו תשלומין כל שבעה", דאס איז אבער ניט קיין פעולה נמשכת.

וכידוע די שקו"ט[161] בנוגע צו מצוות וואס מ׳דארף מקיים זיין פעם אחת ביום (וואס דעמולט מאכט מען די ברכה), און מ׳קען זיי מקיים זיין במשך כל היום (אזוי ווי תפילין, ציצית און לולב, וכיו"ב) - צי דער זמן פון קיום המצוה איז כל היום, וואס דעמולט דארף מען זאגן אז די פעולה וואס ער האט געטאן בתחלת היום ווערט נמשך על כל היום כולו, אדער אז זמנה איז בתחלת היום, און דערנאך איז דאס מערניט ווי אן ענין פון תשלומין.

וואס דערפון זעט מען אויך אז דער ענין פון תשלומין איז ניט פארבונדן דערמיט וואס פעולת המצוה איז א פעולה נמשכת, ואדרבה, פון דעם לשון תשלומין גופא איז משמע אז דאס איז א פעולה חד-פעמית, וואס דערפאר איז אויב מ׳האט דאס ניט געטאן, דארף מען דאס אפצאלן (תשלומין).

ועד"ז איז בנוגע צו פסח שני - אז ער איז תשלומין פון פסח ראשון, ס׳איז אבער ניט קיין ראי׳ אז די פעולה פון פסח ראשון איז א פעולה נמשכת.

מא. און דערפאר האט מען מבאר געווען אז די ראי׳ אויף דערויף איז פון פס"ר הרמב"ם[162] "גר שנתגייר בין פסח ראשון לפסח שני, וכן קטן שהגדיל בין שני פסחים, חייבין לעשות פסח שני, ואם שחטו עליו בראשון פטור" - וואס דערפון זעט מען אז פעולת השחיטה פון פסח ראשון איז א פעולה נמשכת:

וויבאלד אז דער קטן איז ניט געווען מחוייב אין פסח ראשון, קען מען ניט זאגן אז ביי אים איז דער חיוב פון פסח שני אלס אן ענין פון תשלומין (וויבאלד אז ער איז ניט געווען מחוייב אין פסח ראשון) - און אעפ"כ זאגט מען אז "אם שחטו עליו בראשון פטור", דערפאר וואס די פעולה פון שחיטת הפסח איז א פעולה נמשכת ביז צו פסח שני.

דערפון איז אבער נאך אלץ ניט קיין ראי׳ אז דאס וואס ער איז פטור פון פסח שני ("אם שחטו עליו בראשון") איז דערפאר וואס פעולת השחיטה פון פסח ראשון איז א פעולה

- נמשכת -

---

160) ר"ה ד, ב. 161) ראה מפענ"צ פ"ה ס"ז-ח. סי"ס-כ.
162) הל׳ ק"פ פ"ה ה"ז.

נמשכת - עס קען זיין אז בא קרבן פסח האט די תורה מלכתחלה מתקן געווען אז "אם שחטו עליו בראשון פטור", דערפאר וואס כללות הענין פון פסח שני איז אן ענין פון תשלומין, און ניט דערפאר וואס דאס איז א פעולה נמשכת.

מב. און דערפאר האט מען געבראכט די ראי׳ אז שחיטת הפסח איז א פעולה נמשכת - דערפון וואס "הפסח אינו נאכל אלא למנויו"[163]:

וויבאלד אז אכילת הפסח קען זיין דוקא אויב עד האט זיך ממנה געווען קודם שחיטת הפסח, איז דערפון פארשטאנדיק, אז פעולת השחיטה איז ניט קיין פעולה חד-פעמית, נאר ס׳איז א פעולה נמשכת, זי ציט זיך ביז צו דער אכילה.

און וויבאלד אז פעולת השחיטה ווערט נמשך לאח"ז (ביז דער אכילה), האט ניט קיין ארט צו זאגן אז פעולת השחיטה ענדיקט זיך מיט אכילת הפסח, נאר בפשטות דארף מען זאגן אז פעולת השחיטה איז א פעולה נמשכת אויך לאחרי האכילה,

ווארום אע"פ אז אכילת הפסח איז פארבונדן מיט שחיטת הפסח, ווי מ׳זאגט אז דער פסח "לא בא מתחלתו אלא לאכילה"[164], זעט מען דאך אבער אז דער רמב"ם[165] רעכנט אוים דעם ענין פון שחיטת הפסח און אכילת הפסח, אלס צוויי באזונדערע מצוות -

איז אזוי ווי מ׳זעט אז די מצוה פון אכילת הפסח שטעלט ניט אפ די מצוה פון שחיטת הפסח[166] (אע"פ אז זיי זיינען באזונדערע מצוות), איז בפשטות מסתבר צו זאגן אז שחיטת הפסח ווערט נמשך אויך לאח"ז - ביז צו פסח שני.

און ווי געזעדט דעמולט אז דאס וואס מ׳געפינט א הגבלה אין אכילת הפסח ("עד חצות"[167]), האט דאס ניט קיין שייכות צו שחיטת הפסח [בנוגע צו שחיטת הפסח איז דא די הגבלה אז דאס דארף געשען ווערן "בין הערבים"[168]] - דאס איז א דין אין אכילת הפסח, אז דאס דארף זיין ביז חצות, אבער די פעולת השחיטה איז א פעולה נמשכת, ביז צו פסח שני.

און דערפאר איז דער דין אז "אם שחטו עליו בראשון פטור", וויבאלד אז פעולת השחיטה פון פסח ראשון ווערט נמשך ביז צו פסח שני.

מג. בנוגע צו דעם ענין פון מינוי ביי א קטן:

- אין -

---

163) זבחים נו, ב במשנה. 164) פסחים עו, ב במשנה.
165) בסהמ"צ שלו מ"ע נה-נו. וראה בארוכה לקו"ש בא תשל"ו.
166) דעת ר"נ ור"י בפסחים עח, ב ואילך. 167) זבחים שם.
168) בא יב, ו.

אין דעם כללות הענין פון מינוי זיינען דא צוויי ענינים: דער מעשה פון דעם מינוי, און די מצוה שבזה.

וואס בנוגע צו דער מצוה וואס איז דא אין דעם מינוי, איז וויבאלד אז א קטן איז ניט מחוייב אין תורה ומצוותי׳, און ווי דער רמב"ם[169] זאגט אז קטנים "אינן בני דעת", איז בא זיי ניט שייך די מצוה וואס איז דא אין דעם מינוי.

אבער בנוגע צו מעשה המינוי - איז מען ניט שולל דעם מעשה המינוי פון א קטן, ווארום דער דין[170] איז אז קטן אין לו מחשבה, אבער יש לו מעשה, האט ער דעם מעשה המינוי.

און ווי מ׳געפינט בנוגע צו שחיטה[171], וואס דארטן דארף מען האבן סיי אן ענין של מעשה און סיי אן ענין של מחשבה - אז אויב א קטן האט שוחט געווען, און ס׳איז געווען א גדול העומד על גביו, העלפט די שחיטה, וויבאלד אז דער מעשה פון דעם קטן איז א מעשה, און דא איז אויך דא דער ענין פון מחשבה, וויבאלד אז גדול עומד על גביו.

און אע"פ אז בנדו"ד איז ניט געווען קיין מעשה פון דעם קטן, ווארום דעם מעשה המינוי טוט דאך דער <u>אב</u> - לערנט מען אפ[172] פון "שה לבית"[173] אז מעשה המינוי פון דעם אב הממנה העלפט לגבי דעם קטן המתמנה, אדעד אפי׳ אויב ער האט אים ניט ממנה געווען - וויבאלד אז ער איז "מתכוין לחנכו במצוות", במכש"כ וק"ו דערפון וואס מ׳זעט אז דורך דערויף וואס א גדול איז עומד על גביו, פארבינדט דאס מחשבת הגדול מיט מעשה הקטן.

און אין דערויף זעט מען דעם חידוש אז אע"פ וואס ביים קטן איז דער פסח מערניט ווי מדרבנן (מצד "חינוך מצוה"), העלפט דאס אבער אויך לגבי א חיוב וואס איז מה"ת, אז מצד דערויף וואס די פעולה איז א פעולה נמשכת, פטר׳ט דאס אים פון דעם חיוב (מה"ת) פון פסח שני -

בדוגמא ווי מ׳זאגט[174] אין פסח ראשון גופא, אז דער ענין פון "חינוך מצוה", וואס איז נאר מדרבנן, איז מבטל דעם איסור פון "לא תאכילום"[175], וואס איז מה"ת, ווי גערעדט פריער בארוכה[176].

מד. דעם ענין (אז מעשה המינוי פון דעם אב, העלפט לגבי דעם קטן) געפינט מען אויך אין מצות מילה:

- דער -

------------

169) הל׳ ק"פ פ"ב ה"ד. 170) חולין יב, ב ואילך. 171) חולין שם. וראה גם סוכה מב, ריש ע"ב. 172) פסחים פח, א. 173) בא שם, ג. 174) שו"ע אדה"ז או"ח סשמ"ג ס"ח. 175) יבמות קיד, סע"א. 176) שיחה הנ"ל סנ"ז.

דער דין[177] איז אז "האב חייב בבנו למולו", און אויב "לא מלו אוהו", איז "כשיגדל הוא חייב למול את עצמו"[178].

האס מען גערעדט אמאל באריכה[179] אז אין דערויף קען מען זאגן אויף צוויי אופנים:

א) מלכתחלה איז דער חיוב ארויפגעלייגט געווארן אויפן אב, אז דער אב דארף מל זיין דעם בן, און בשעת אז דער אב האט אים ניט גע׳מל׳ט, איז לכשיגדל קומט צו א חיוב אויך אויפן בן, וויבאלד אז ער איז שוין מחוייב אין מצוות.

ב) דער חיוב איז מלכתחלה ארויפגעלייגט געווארן אויפן בן, ווארום דער חיוב איז אז "ימול בשר ערלתו"[180], און וויבאלד אז דער בשר איז דעם קטן׳ס, ליגט דער חיוב אויפן קטן, נאר אזוי ווי ער איז רערווייילע א קטן, און ער קען דאס אליין ניט מקיים זיין, קומט צו א חיוב צום אב, אז ער דארף אים מל זיין.

און ווי גערעדט די נפק"מ בנוגע לפועל: אויב כאיזה סיבה שהי׳ האט אים דער אב ניט מל געווען ווען ער איז געווען א קטן, און נאך דערויף וואס ער איז געווארן א גדול זאגט דער אב אז ער וויל אים מל זיין, און דער קטן זאגט אז ער וויל זיך אליין מל זיין - איז אויב דער חיוב איז מלכתחלה אויפן אב, דארף אים דער אב מל זיין, און אויב דער חיוב איז מלכתחלה אויפן בן, דארף ער זיך אליין מל זיין.

ועד"ז איז די נפק"מ בשעת דער אב האט זיך אויך ניט גע׳מל׳ט, און ער דארף מל זיין את בנו, איז דעמולט די שאלה הוא לימול ובנו לימול מי קודם,

דער אב קען ניט מל זיין בנו, ווארום "המל ימול"[181], אבער ווען עס רעדט זיך וועגן מל זיין דורך א מוהל (ווי כ׳סוס איצטער), איז די שאלה מי קודם:

אויב דער חיוב איז מלכתחלה אויפן אב, איז בנו קודם, און אויב דער חיוב איז מלכתחלה אויפן בן, איז דער אב קודם.

וואס לויט דער שיטה אז דער חיוב איז מלכתחילה אויפן בן, נאר אזוי ווי דער איז א קטן, טוט דאס דער אב - זעט מען דאך אז מעשה האב העלפט לגבי דעם בן, אז דערנאך ווען ער ווערט א גדול דארף ער ניט האבן קיין הטפת דם בריה.
- מה. -

------------

177) קידושין כט, א. רמב"ם הל׳ מילה פ"א ה"א.
178) קידושין שם ובפרש"י ד"ה מיחייב. רמב"ם שם ה"ב.
179) ראה לקו"ש חי"א ע׳ 41 הע׳ 19. והע׳ 26. 180) תזריע יב, ג. ירושלמי קידושין פ"א ה"ז בתחלתה. 181) מנחות מב, א. וראה ט"ז יו"ד ר"ס רסד. ועוד.

מה. מ'קען אבער זאגן אז פון מילה איז קיין ראי' ניט - ווארום דער גדר פון מילה איז אז עס דארף זיין "ימול בשר ערלתו", וואס דער בשר אליין איז דאך ניט שייך צו קיין ענין של הבנה (די הבנה איז אין דעם שכל שבמוח), איז דערפאר קיין נפק"מ ניט ווער עס טוט דעם מעשה המילה, דער עיקר איז אז ער איז גע'מל'ט, און דערפאר ווען דער אב האט אים מל געווען בקטנותו, דארף ער ניט האבן קיין הטפת דם ברית.

איז דא א בעסערע ראי' פון דעם ענין פון פדיון הבן:

בנוגע צום חיוב פון פדיון הבן, קען מען אויך זאגן אויף צוויי אופנים (ווי גערעדט אמאל בארוכה[182]):

א) דער חיוב הפדיון ליגט אויפן אב, ב) דער חיוב ליגט אויפן בן.

און ס'איז מסתבר בפשטות אז דער חיוב ליגט אויפן בן, ווארום דער גאנצער ענין פון פדיון הבן איז דערפאר וואס "ויהרוג ה' כל בכור בארץ מצרים"[183], און ער (דער בן) איז דערפון ניצל געווארן, און דאס וואס ס'שטייט "כל בכור אדם בבניך תפדה", און "כל בכור בני אפדה"[184], איז דאס דערפאר וואס בשעת דער קינד איז בן שלושים יום, קען ער דאס אליין ניט טאן, האט מען דאס איבערגעגעבן צום אב.

וואס דער ענין פון פדיון הבן איז ניט אזוי ווי דער ענין פון מילה (וואס איז פארבונדן מיטן בשר), און אעפ"כ זעט מען אז נאך דערויף וואס דער אב האט אים פודה געווען בקטנותו, דארף ער זיך דערנאך ניט פודה
דער חיוב ליגט אויף אים), דערפאר וואס מעשה האב העלפט אויך לגבי דעם בן.

וואס דערפון איז אויך די ראי' בנוגע לענינינו, אז מעשה המינוי פון דעם אב העלפט לגבי דעם קטן, און דערפאר דארף ער דערנאך ניט מקריב זיין פסח שני, וויבאלד אז די פעולה פון שחיטת הפסח (וואס העלפט אויך לגבי דעם קטן, דערפאר וואס דער אב האט אים ממנה געווען) איז א פעולה נמשכת, ביז צו פסח שני.

און עס זיינען דא נאך כמה הסתעפויות וואס קומען ארויס דערפון, וואס אין כאן המקום להאריך בזה.

מו. דער ביאור אין פרש"י פארוואס דארף רש"י ניט

- באווארענען -

------------

182) לקו"ש חי"א ע' 44 ואילך ובהערות שם. 183) בא יג, טו. 184) שם. יג-טו.

באווארענען אין פשש"מ וואס איז געווען די סברא פון משה רבינו, אז ס'איז ניטא קיין חילוק צווישן קדשי שעה מיט קדשי דורות:

אויף "שאו את אחיכם גו'"[185] זאגט רש"י "שלא לערבב את השמחה", ועד"ז זאגט רש"י אויף "ראשיכם אל תפרעו גו'"[186], "אל תערבבו שמחתו של מקום", ביז וואנעט אז ס'איז געווען דער ציווי[187] "קחו את המנחה גו' ואכלוה", "אע"פ שאתם אוננין וקדשים אסורים לאונן", כדי אז מ'זאל ניט מערבב זיין שמחתו של מקום.

און וויבאלד אז מ'טאר ניט מערבב זיין שמחתו של מקום, איז דאך קיין נפק"מ ניט צי עס רעדט זיך וועגן קדשי שעה אדער וועגן קדשי דורות.

און דערפאר ווען משה רבינו האט דערהערט אז מ'האט פאר-ברענט דעם שעיר החטאת, אע"פ אז ס'איז געווען א ציווי מ'זאל ניט מערבב זיין שמחתו של מקום, און מ'זאל ניט פראווען קיין ענין של אבילות - איז געווען דער "ויקצוף".

ועפ"ז איז פארשטאנדיק אין פשש"מ פארוואס האט משה רבינו געהאלטן אז ס'איז ניטא קיין חילוק צווישן קדשי שעה מיט קדשי דורות, ביז אז ס'איז געווען "ויקצוף" - וויבאלד אז ס'איז געווען דער ציווי אז מ'זאל ניט פראווען קיין ענין של אבילות, כדי אז מ'זאל ניט מערבב זיין שמחתו של מקום.

כז. עפ"ז וועדט אבער די שאלה לאידך גיסא:

פארוואס בשעת אהרן האט אים געזאגט "אם שמעת בקדשי שעה אין לך להקל בקדשי דורות", איז געווען "וישמע משה וייטב בעיניו" - וויבאלד אז מ'טאר ניט מערבב זיין שמחתו של מקום, איז מאי נפק"מ צי עס רעדט זיך וועגן קדשי שעה אדער וועגן קדשי דורות?

ווען מען דאס פארשטיין בהקדים וואס רש"י[188] זאגט "כאדם האומר לחבירו העבר את הכוס לפני הכלה, שלא לערבב את השמחה" - וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: דא איז דאך נוגע דער ענין פון "שלא לערבב את השמחה", איז וואס קומט דא צו מיטן משל "כאדם האומר לחבירו העבר את הכוס מלפני הכלה"?

[דער משל שטייט טאקע אין מדרש[189], אבער כמדובר כמ"פ אז רש"י ברענגט פון מדרש נאר דאס וואס ס'איז נוגע אין פשש"מ].

- איז -

------------

185) פרשתנו שם. ד. 186) שם. ו. 187) שם. יב. בפרש"י. 188) עה"פ שם. ד. 189) ראה תנחומא אחרי ג.

איז דער ביאור בזה:

ווען מ׳זאגט "העבר את המת מלפני הכלה", איז ניט דער פיישט אז מ׳איז מבטל די גאנצע מציאות פון אבילות, ס׳איז מערניס וואס מ׳איז מעביר את המת מלפני הכלה, כדי אז מ׳זאל ניט מערבב זיין די שמחה, אבער דארטן וואו דער מת געפינט זיך (נאך דערויף וואס מ׳האט אים מעביר געווען מלפני הכלה) דארף זיין דער ענין פון אבילות, צוליב כבוד המת וכו׳.

און דאס איז געווען די טענה פון אהרן - "ותקראנה אותי כאלה ואכלתי חטאת היום הייטב בעיני ה׳", וויבאלד אז אכילת החטאת איז ניט אין דעם זעלבן ארט וואו ס׳איז געווען שמחתו של מקום:

דער ענין פון "ותצא אש מלפני ה׳ ותאכל על המזבח גו׳"[190], און אלע ענינים פון הנוכת המשכן וואס זיינען געווען ביום השמיני - זיינען געווען לעבן דעם מזבח.

און בנוגע צו אכילת קדשים - עסט מען דאס ניט לעבן דעם מזבח; אכילת קדשים איז געווען לפנים מן הקלעים[191], אבער זיכער ניט לעבן דעם מזבח.

[די גמרא זאגט אין זבחים[192] אז "אם הקיפו עכו"ם את כל העזרה הכהנים נכנסים לשם (להיכל) ואוכלין שם קדשי קדשים" - אבער דא רעדט זיך דאך וועגן חנוכת המשכן, וואס דעמולט זיינען אלע ענינים געווען בהרחבה, האט מען זיכער ניט געגעסן די קדשים לעבן דעם מזבח].

האט אהרן גע׳טענה׳ט אז די הסברה פון "שלא לערבב את השמחה" איז ניט מחייב אז מ׳זאל ניט פראווען קיין ענין של אבילות, און עסן די קדשים, ווארום:

צוליב "לא לערבב את השמחה" זאגט מען נאר "העבר את המת מלפני הכלה", ד.ה. אז דארטן וואו די כלה געפינט זיך, טאר ניט זיין קיין ענין של אבילות, אבער אין אן אנדער ארט דארף גאר זיין דער ענין פון אבילות -

ועד"ז בנדו"ד: "שמחתו של מקום" איז געווען לעבן דעם מזבח (וואס דארטן זיינען געווען אלע ענינים פון חנוכת המשכן) - קען מען ניט זאגן אז צוליב דערויף זאל מען דארפן עסן די קדשים, ווארום אכילת הקדשים איז אין א צווייטן ארט (ניט לעבן דעם מזבח), און וויבאלד אז עס רעדט זיך וועגן א צווייטן ארט, דארף דארטן זיין דער ענין פון אבילות, ובמילא טאר מען ניט עסן די קדשים.

- און -

------------

190) פרשתנו ט, כד. 191) זבחים פ"ה מ"ג-ה. 192) סג, א.

און דאס איז וואס אהרן האט געזאגט "ותקראנה אותי כאלה" - לעבן דעם מזבח, דארף זיין דער "העבר את המת מלפני הכלה", אבער "ואכלתי חטאת היום" איז א צווייטן ארט (ניט לעבן דעם מזבח), איז "הייטב בעיני ה'"?! - און אויף דערויף זאגט מען אז "וישמע משה וייטב בעיניו".

וואס דערמיט איז פארשטאנדיק צוליב וואס ברענגט רש"י דעם משל "כאדם האומר לחבירו העבר את המת מלפני הכלה", און פארוואס איז געווען דער "וייטב בעיניו".

ועפ"ז איז פארשטאנדיק אז רש"י דארף דא גארניט מוסיף זיין, ווארום בשעת מ'איז מדייק אין פרש"י, זעט מען אז מלכתחלה איז ניטא די שאלה.

מח. דער ביאור אין פשש"מ - פארוואס ברענגט מען אויך די נעמען פון "גמל" וכיו"ב, נוסף אויף דערויף וואס עס שטייען שוין די סימני טהרה:

ווען עס וואלטן געשטאנען נאר די סימני טהרה, וואלט מען געמיינט אז אויב עס זיינען נאר דא די סימני טהרה, איז אפי' אז ער קומט פון א גמל, איז ער אויך כשר, ווארום ער האט די סימני טהרה, און דערפאר דארף מען אויך מוסיף זיין די נעמען פון די מינים האסורים, אז מ'זאל וויסן אז אויב ער קומט פון א גמל וכיו"ב, איז ער אסור באכילה, אפי' אויב ער האט די סימני טהרה.

והביאור בזה:

אין פ' וישלח[193] אויפן פסוק "הוא ענה אשר מצא את הימים במדבר גו'", זאגט רש"י אז "ימים" מיינט "פרדים, הרביע חמור על סוס נקבה וילדה פרד" - וואס א "פרד" האט אין זיך א ביסל פון א חמור, און א ביסל פון א סוס, ווי דער בן חמש למקרא זעט בפועל.

[עס זיינען דא מלמדים - ובפרט אין "יונייטעד-סטייט'ס" - וואס ווייסן ניט ווי עס קוקט אויס א "חמור", א "סוס" און א "פרד" -

אבער רש"י טייטשט דאך אפ פשש"כ אין אן אופן אז דער קינד ("בן חמש למקרא") זאל דאס קענען פארשטיין, כוז מען זאגן אז דער קינד ווייסט וואס איז א "חמור", א "סוס" און א "פרד", ווארום רש"י דארף דאך איס מסביר זיין מיט אן ענין וועלכן ער ווייסט דערפון - ווייסט דער קינד אז א "פרד" האט אין זיך א ביסל פון א "חמור" און א ביסל פון א "סוס".]

- וואס -

------------

193) לז, כד.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז עס קען זיין א מציאות אז מ׳זאל מרביע זיין א "גמל" מיט א "חזיר", און דעמולט וועט נולד ווערן א חי׳ וואס האט אין זיך א ביסל פון א "גמל" און א ביסל פון א "חזיר" -

ובמילא קען זיין אז די חי׳ זאל האבן צוויי סימני טהרה: דער סימן טהרה פון א "גמל", וואס "מעלה גרה הוא", און דער סימן טהרה פון א "חזיר", וואס "מפריס פרסה הוא".

ועד"ז קען זיין אז מ׳זאל מרביע זיין א "גמל" מיט א בהמה טהורה, און ס׳זאל נולד ווערן א בעל-חי וואס האט די צוויי סימני טהרה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען עס וואלט נאר געשטאנען אז מ׳דארף האבן די צוויי סימני טהרה, וואלט מען געמיינט אז אין אזא פאל (וואס מ׳איז מרביע א "גמל" מיט א "חזיר", אדער מיט א בהמה טהורה) איז עס מותר, וויבאלד אז ס׳זיינען דא די צוויי סימני טהרה -

דארף דער פסוק באווארענען דעם ענין, דורך דעם וואס מ׳איז אויך מוסיף די נעמען פון די מינים האסורים, וואס דעמולט ווייסט מען אז אויב ער קומט פון דער בהמה אדער חי׳, איז ער אסור באכילה, אע"פ אז ער האט די צוויי סימני טהרה.

וואס דער בן חמש למקרא ווייסט נאך ניט רעם דין פון א בע"ח וואס איז נולד געווארן פון א בהמה טמאה מיט א בהמה טהורה, צי ער איז הולך אחר האם אדער אחר האב[194] - אבער אין פשש"מ באווארענט מען אז אויב ער קומט פון א "גמל" וכיו"ב, איז ער אסור באכילה.

וואס אזוי איז דאך אויך די הלכה אז "הבא מן הטמא טמא"[195], און אפי׳ אז מ׳וועט זיך דינגען און זאגן אז דאס איז א דעת יחיד וכיו"ב - באווארענט מען אין פשש"מ (דורך דער הוספה פון די נעמען "גמל" וכיו"ב) אז אויב ער קומט אויך פון א "גמל", איז ער אסור באכילה, אע"פ אז ער האט די צוויי סימני טהרה.

מט. עפ"ז ווערט אויך פארענטפערט דאס וואס מ׳רעכנט אויס אין פ׳ ראה די נעמען פון די בהמות וחיות המותרים באכילה, אע"פ אז מ׳רעכנט אויס די סימני טהרה (ווארום דעם דין אז "צריך שיהא שמו כו׳", געפינט מען נאר בנוגע צו זעלטענע ענינים):

עס קען זיין א מציאות פון א שור וואס איז ניט קיין - "הכים" -

------------

194) בכורות ז, א. 195) שם ה, ב.

הנחה הת׳ בלתי מוגה

"המים", וואס דערווייל טאר מען אים נים מקריב זיין אלס א קרבן, ער איז אבער מותר באכילה.

וואס איינער פון די מוכין איז - "קלוט - פרסותיו קלוטה"[196], ער האט נים דעם סימן פון "מפריס פרסה", ועד"ז קען זיין א מום אין דעם ענין פון "מעלה גרה", אז ער איז נים "מעלה גרה", ד.ה. אז ס'איז א סוג בהמה וואס איז מותר, א "שור" אדער א "שה", ער האט אבער א מום אז "פרסותיו קלוטות", אדער אז ער איז נים "מעלה גרה".

איז ווען עס וואלט נאר געשטאנען אז מ'דארף האבן די צוויי סימני טהרה (און עס וואלט נים געשטאנען די נעמען), וואלט מען געמיינט אז א שור וואס פרסותיו קלוטות איז אסור באכילה, ווארום ער האט מערניט ווי איין סימן טהרה - ·

און דערפאר שטייט אויך די נעמען פון די דברים המותרים, אויף צו זאגן אז וויבאלד זיין נאמען איז "שור" וכיו"ב, מעג מען אים עסן, אפי' אויב ער האט מערניט ווי איין סימן טהרה (דערפאר וואס ער איז א בעל מום).

וואס דאס איז אויך מהאים צום דין אז "הבא מן הטהור טהור", און ווי דער בן חכש לבקרא פארשטייט בפשטות אז דער זרע גייט נאכן אב און אם, וואס בשעת דער אב און דער אם זיינען פון צוויי אנדערע מינים, איז דא א שאלה צי מ'גייט נאכן אב אדער נאכן אם, אבער ווען ביידע זיינען פון דעם זעלבן מין, איז קיין נפק"מ נים ווי ער איז נולד געווארן - אפי' אויב פרסותיו קלוטות אדער ער איז נים "מעלה גרה", איז ער מותר באכילה, וויבאלד אז ער איז דער מין פון "שור".

ועפ"ז איז אויך פארשטאנדיק דאס וואס מ'רעכנט אויס בא "שרץ העוף" - "את אלה מהם תאכלו את הארבה למינו גו' ואת החגב למינהו", אז דאס איז כדי צו באווארענען אז בשעת ער הייסט מיט דעם נאמען, איז אע"פ אז ביי אים פעלט א סימן (דערפאר וואס ער איז א בעל מום), איז ער אויך מותר באכילה (נוסף אויפן ביאור האמור לעיל אז "צריך שיהא שמו חגב").

נ. דער ביאור אין די הערות אויפן זהר:

די שייכות פון דעם ענין וואס שטייט אין המשך מאמר הזהר, אז "זכאין אינון ישראל דקב"ה יהיב לון אורייתא כו'", מיט דעם ענין וואס ער איז מבאר אין דער הערה, איז פארשטאנדיק בפשטות:

אין דער הערה איז מבואר אז דא רעדט זיך וועגן דעם

- ענין -

---

196) פרש"י עה"פ אמור כב, כג.

ענין פון מיתוק הגבורות - וואס דאס איז כללות ענין ההורה ("אורייתא"), בלשון הרמב"ם[197] והספרי[198] אז "ההורה ניתנה לעשות שלום בעולם", וואס דער ענין פון "שלום" איז שייך דוקא ווען עס איז דא א דבר והיפוכו, און ער מאכט שלום צווישן זיי.

און דערפאר דארף ער דאס ניט מבאר זיין, וויבאלד אז ס'איז א דבר המובן בפשטות, ובפרט אז דעמולט איז נאך געווען דער קוצר הנייר וכו', נאר ער איז מבאר דאס וואס ער האט געוואלט מוסיף זיין בזה.

נא. דער ביאור אין דער שייכות פון מאמר הזהר "ר' יצחק פתח ברן יחד כוכבי בוקר ויריעו בני אלקים" מיט תחלת הפרשה - דער ענין פון יום השמיני למילואים:

אין ביאורי הזהר פון דעם צ"צ[199] איז מבואר די שייכות פון דעם מאמר הזהר מיטן ענין פון יום השמיני, און דערפאר דארף ער דאס ניט מבאר זיין אין די הערות.

און אין די הערות איז ער מוסיף ביאור, אז דאס האט אויך א שייכות מיט דעם ענין וואס שטייט לאח"ז - דער סיפור פון מיתת נדב ואביהוא,

וואס דאס האט א שייכות מיוחדת מיט דעם ענין פון יום השמיני:

ס'איז מבואר אין חסידות[200] אז בא נדב ואביהוא איז געווען דער ענין פון רצוא אן א שוב, וואס דערפאר איז דערנאך ארויסגעקומען דער ענין פון שבירת הגבורות, ווי ער איז מבאר אין דער הערה.

און דאס איז פארבונדן מיט יום השמיני למילואים, ווארום מצד די גילויים וואס זיינען געווען ביום השמיני (וואס ער איז דער שומר ההיקף, אדער אין דעם צווייטן לשון[201] - דער עצם וואס איז שומר די גילויים), איז געווען אן ארט אויף דעם ענין פון רצוא אן א שוב, משא"כ אין שבעה ימי המילואים.

נב. בנוגע צום ביאור פון דעם צ"צ אין ביאורי הזהר וועגן דער שייכות פון "ברן יחד כוכבי בוקר גו'" מיט יום השמיני למילואים -

- איז -

------------

197) סוף הל' חנוכה. 198) עה"פ נשא ו. כו. וראה לקו"ש ח"ח ע' 349 ואילך. 199) פרשהנו כרך ב ע' התכט ואילך. 200) ראה בארוכה ד"ה אחרי מות תרס"ט פי"ב-יג. 201) ד"ה ויהי ביום השמיני תש"ד (פי"א) ותש"ה (פ"ב). ועוד.

איז מבואר אז דערפון האט מען נאך ניט געוואוסט דעם ביאור וואס שטייט אין ביאוה"ז, ווארום דאס איז דאך געדרוקט געווארן פון די ביכלאך וואס זיינען נתגלה געווארן און אפגעגעבן לדפוס ערשט בזמנים האחרונים;

אבער אעפ"כ איז ער ניט מבאר אין דער הערה די שייכות דערפון צו התחלת הסדרה (דער ענין פון יום השמיני), נאר די שייכות מיט דעם ענין פון מיתת נדב ואביהוא וואס שטייט לאח"ז - דערפאר וואס מ׳קען דאס מבאר זיין ע"ד ביאור הצ"צ אין ביאוה"ז (ניט מיט די אותיות פון דעם צ"צ, אבער עד"ז):

כדי אז ס׳זאל זיין דער ענין פון המתקת הגבורות (וואס דאס איז דער ענין פון "ברן יחד כוכבי בוקר ויריעו גו׳", כמבואר אין דער הערה) - דארף מען האבן אז ס׳זאל זיין אן אור גדול ביותר, וואס בכחו דוקא צו ממתיק זיין די גבורות, וואס דאס איז דער גילוי אור פון יום השמיני.

ובפרט ע"פ המבואר אין המשך תער"ב[202] אז אין המתקת הגבורות זיינען דא צוויי אופנים: דורך א דבר מד (אז די גבורות אליין ווערן נהפך לחסד), אדער דורך אן ענין של חסדים (אז די גבורות ווערן בטל מצד ריבוי החסדים),

און ווי ער ברענגט אראפ דארטן[203] אז דאס איז דער חילוק צווישן דעם נקב הימני מיט דעם פרדשקא (חוטם) מיטן נקב השמאלי[204].

וואס בעיקר וועט דער ענין זיין בביאת משיח צדקנו[205], ווי ער איז מבאר דארטן אז ביי אים וועט זיין דער ענין פון "ונחה עליו רוח ה׳"[206], און "והריחו ביראת ה׳"[207].

נג. וכן תהי׳ לנו בקרוב ממש - ווי געזאגט ערשט אין הבדלה "כן תהי׳ לנו" - צוזאמען מיט "אורה ושמחה וששון ויקר"[208], סיי כדרשת רז"ל[209], און סיי כפשוטו, וואס "אין מקרא יוצא מידי פשוטו"[210].

און מ׳זאל אויף דערויף ניט ווארטן ביז ביאת משיח צדקנו, נאר אזוי ווי ס׳איז געווען בפעם הראשונה, אז נאך זייענדיק אין דעם מעמד ומצב פון "אכתי עבדי אחשורוש אנן"[211], איז געווען דער ענין פון "אורה ושמחה וששון ויקר", סיי

- כפשוטו -

°

------------

202) ה"ב ע׳ תלו ואילך. ה"ג ע׳ א׳שטו ואילך. 203) ח"א ע׳ תמח. 204) זח"ג קל, ב. רפט, א. 205) ראה זה"ג שם. המשך הנ"ל שם ע׳ הנ. 206) ישעי׳ יא, ב. 207) שם, ג. 208) אסתר ח, טז. 209) מגילה טז, ב. 210) שבת סג, א. 211) מגילה יד, א.

כפשוטו און סיי כדרשת הז"ל בזה. איז "כן תהי' לנו" אין די לעצטע טעג פון גלות.

ובקרוב ממש זאל מען טאנצן מיט א שמחה אמיתית, "בנערינו ובזקנינו גו' בבנינו ובבנותנו", לקבל פני משיח צדקנו.

* * *

נד. דער ביאור אין דער משנה "שמעון בן שטח אומר הוי מרבה לחקור את העדים כו'":

מ'האט גערעדט פריער אז דער ענין פון "הוי מרבה לחקור את העדים כו'", איז נוגע במיוחד צו דיינים, ווי געבראכט פריער פון שו"ע הל' עדות, אז מיט קבלת עדות קענען זיך פארנעמען נאר די וואס זיינען "מומחין" אין דערויף.

וואס דערפון זעט מען אויף וויפל ס'איז נוגע אויך בזמן הזה, אז אע"פ אז עס זיינען ניטא קיין סמוכין וכו'[212] (נאך ווייניקער ווי ס'איז געווען בזמן הטור והשו"ע, ווארום "אכשור דרא בתמי'"[213] - איז אבער דא דער דין אז קבלת עדות מוז זיין דוקא דורך "מומחין יודעין הלכות עדות וכו'", צוזאמען מיט דער באווארעניש אז "הדיוטות" זיינען "מטים עקלקלותם" (ווי דערמאנט פריער פון דעם אלטן רבי'נס שו"ע).

דער ענין מוז דאך אבער האבן א שייכות אויך צו יעדער אידן, וויבאלד אז ס'איז א "מנהג ישראל" (וואס "מנהג ישראל תורה הוא"[214]) אז מ'זאל לערנען פרקי אבות אין שבתות הקיץ,

ובפרט אין די שבתות שבין פסח לעצרת, וואס דעמולט איז אנגענומען אובעטום אז מ'זאל לערנען פרקי אבות, מיט דער הדגשה אז דער טעם בזה איז - אלס הקדמה צו קבלת התורה (און לימוד התורה כדבעי) אין "זמן מתן תורתנו", וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס דארף האבן א שייכות צו יעדער אידן.

נה. והביאור בזה:

כדי אז לימוד התורה זאל זיין כדבעי, דארף מען באווארענען אז ס'זאל ניט זיין אין אן אופן פון "מגלה פנים בתורה שלא כהלכה"[215].

וואס דער ענין פון "מגלה פנים בתורה שלא כהלכה" ווערט דורך דערויף וואס ער איז משוחד, און דער עיקר שוחד איז דער ענין פון אהבת עצמו:

- בשעת -

------------

212) ראה סמ"ע חו"מ ס"א סק"ה. 213) יבמות לט, ב ובפרש"י. 214) תוד"ה נפסל - מנחות כ, ב 215) אבות פ"ג מי"א.

בשעת אז ער איז דורכגעפאלן רח"ל (מאיזה סיבה שתהי') און געטאן א מעשה "אשר לא תעשינה"[216], אדער ער האט פארפעלט טאן א מעשה וואס מ'דארף יע טאן,

איז מצד דעם ענין פון אהכת עצמו - ווערט ער א משוחד, און ער וויל זיך איינרעדן (ובמילא - איינרעדן די אלע ארום זיך) אז דאס איז ניט קיין עבירה, און אדרבה, ביז וואנעט אז ער ווערט א "מגלה פנים בתורה שלא כהלכה".

נו. אין דערויף איז דא די הדגשה אז ער איז "מגלה פנים בתורה (שלא כהלכה)", אין תורה, און אין תורה גופא טוט ער דאס אין אן אופן פון "פנים". והביאור בזה:

לימוד התורה קען זיין אין אן אופן פון כלאחר יד,. מהיכי-תיתי, אן התבוננות און עמקות; און עס קען זיין אין אן אופן פון "פנים".

וואס דער חילוק צווישן פנים און עורף (אחורים) איז[217] - אז אין "פנים" זיינען דא אלע חושים, און דארט איז ניכר דער "חכמת אדם תאיר פניו"[218], משא"כ אין עורף (אחורים), וואס דארטן זיינען ניט ניכר די אלע ענינים.

ועד"ז בנוגע צו לימוד התורה, אז ס'איז דא דער לימוד אין אן אופן פון עורף, ער לערנט אן חשק, אין אן אופן פון "מצות אנשים מלומדה"[219].

וואס דעמולט איז ער ניט שייך צו פסק'נען א הלכה, ובמילא איז אויך ניט שייך צו זאגן אז ער איז "מגלה פנים בתורה שלא כהלכה", ווארום זיין לימוד איז ניט אין אן אופן פון "פנים".

נז. וכידוע דער סיפור פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, אז איינער איז צו אים אריין און האט ביי אים געפרעגט אן עצה, און דערנאך ווען ס'האט זיך גערעדט וועגן ענינים פון תורה ומצוות, און כ"ק מו"ח אדמו"ר האט אים געזאגט ער זאל טאן באופן כך וכך - האט ער גענטפערט: רבי, איר זאלט וויסן זיין אז איך בין אן אפיקורס רח"ל, איז וואס רעדט איר מיט מיר וועגן אזוינע ענינים?!

האט אים כ"ק מו"ח אדמו"ר געענטפערט: דו קענסט זאגן אז דו ביסט אן "אינו יודע", אבער זאגן אז דו ביסט אן

- "אפיקורס" -

---

216) ל' הכתוב - ויקרא ד, ב. ועוד. 217) ראה ד"ה באתי לגני תשל"ז ס"ו. 218) קהלת ח, א. וראה תו"א ויצא כג, רע"ג. 219) ישעי' כט, יג. וראה תו"א ד"פ וארא.

"אפיקורס" – אן "אפיקורס" איז דער וואס איז "יודע את רבונו ומכוין למרוד בו"[220], ער דארף פריער וויסן אין וואס ער איז מורד!

דו וועסט קנאקן "סעמיטשקעס" און זאגן אז דו ביסט אן "אפיקורס"?! – דו ביסט אן "עם הארץ", ניט קיין "אפיקורס"!

[אין רוסלאנד איז געווען אזא "בוש" (אן אילן) וואס פירותיו האבן זיך אנגערופן (אויף רוסיש) "סעמיטשקעס", און אכילתם איז געווען אין אן אופן אז דער אראפנעמען די קליפה איז בעגאנגען מיט א קנאק – האט מען דאס אנגערופן "קנאקן סעמיטשקעס",

און די וואס האבן ניט געהאט וואס צו טאן, אדער זיי האבן גערעכנט אז זיי האבן שוין מתקן געווען זיך און די גאנצע וועלט, און זיי קענען זיך זעצן אפרוהען – איז כדי ניט צו גיין ליידיק, האבן זיי געקנאקט "סעמיטשקעס"].

ועד"ז בנדו"ד: כדי צו זיין "מגלה פנים בתורה שלא כהלכה" – איז אויב ער וועט לערנען אין אן אופן פון מהיכי-תיתי, וועט ער ניט גורם זיין קיין היזק פון "מגלה פנים בתורה שלא כהלכה", ווארום אלע ווייסן אז ער קנאקט "סעמיטשקעס"!

אויף צו זיין א "מגלה פנים בתורה שלא כהלכה", דארף ער מאקע לערנען און גוט הארעווען, ביז אין אן אופן אז ס'זאל זיין ניכר אין זיין "פנים" אז ער האט געלערנט מיט א התעמקות, און האט געשוויצט אויף דערויף – און ניט אז נאך דערויף וואס ער האט אפגעגעסן און אפגעטרונקען און אפגע-שלאפן, און ער האט ניט מיט וואס צו ממלא זיין זמנו, גיט ער א קוק אין א ספר.

נח. דערפון איז פארשטאנדיק, אז עס רעדט זיך וועגן איינעם וואס לערנט מאקע ווי מ'דארף לערנען, בהתמדה ובשקידה וכו' – אבער אזוי ווי ער איז משוחד, ובפרט נאך א משוחד מצד אהבת עצמו – ווייסט ער מאקע אז ער איז דורכגעפאלן, אבער ביי אים פעלט דער תוקף אז ס'זאל זיין דער "הורה ולא בוש" צו זאגן אז "דברים שאמרתי לפניכם טעות הן בידי"[221].

ביז וואנעט אז אים פעלט אפי' די שטארקייט צו משנה זיין דרכו, ווארום ער האט ניט די שטארקייט פירן זיך אין אן אופן פון "לא יתבייש מפני בנ"א המלעיגים"[222].

- און -

---

220) ל' רז"ל בתו"כ ופרש"י עה"פ בחוקותי כו, יד. פרש"י עה"פ נח י, ט. לך לך יג, יג. 221) שבת סג, ב. וש"נ. 222) רמ"א או"ח ס"א. שו"ע אדה"ז שם ס"ג. במהדו"ב ס"א.

הנחה הת' בלתי מוגה

און ווי גערעדט פריער באריכות[223] אז די הויפט זאך וואס מ׳טראכט איז - וואס וועט זאגן דער "נעיבאר" (דער שכן) ווען ער וועט זעהן אז מיטאמאל האט ער זיך אנגעהויבן פירן באופן אחר; ער וועט פרעגן: "מה יום מיומים".

איי ער איז געקומען לידי הכרת האמת אז דאס איז דער אמת׳ער וועג - האט ער ניט בא זיך די שטארקייט בייטן זיין הנהגה!

ובמילא זוכט ער וועגן אויף צו בארעכטיקן זיך אליין, און אויב ער איז א בעל שכל, וויל ער זיך בארעכטיקן אויך ע"פ שכל,

און אויב ער איז ניט קיין בעל שכל - וויל ער אבער יוצא זיין און אויסנעמען (ניט נאר בא די "מלעיגים", נאר) אויך ביי אנשים בעלי תוכן, כדי זיי זאלן איט געבן די עניינים פון כבוד המדומה, און "עצביהם כסף וזהב"[224], מיט אלע פרטים ווי אויסגערעכנט פריער,

זעצט ער זיך הארעווען אין תורה, אויף צו ארויסבאקומען א פס"ד וואס איז להיפך דערפון וואס עס שטייט אין שו"ע - ער איז העכער פון שו"ע! וואס דעמולט ווערט ער א "מגלה פנים בתורה שלא כהלכה".

נט. און בשעת ער וויל אז דאס זאל אנגענומען ווערן - מאכט ער א "קאמיטע", וואס אין דער "קאמיטע" נעמט ער אריין די וואס זיינען עושי רצונו, און זיי פסק׳נען אזוי ווי ער וויל - ובמילא ווערט דאס שוין א דעת הרבים.

ווער רעדט נאך אויב דער וואס זיצט אין דער "קאמיטע" האט אמאל געלערנט, במילא ווייסט ער "גירסא דינקותא"[225], אדער אז ער לערנט נאך אויך איצטער - ער איז אבער אויך א משוחד, איז ער "מגלה פנים בתורה שלא כהלכה".

וואס בשעת ער מאכט א "קאמיטע", ווערט ער בא זיך חשוב׳ער, און דערנאך איז ער לוחץ אויף די וואס זיינען זיך משתתף אין דער "קאמיטע" אז זיי זאלן זאגן אז 2 מאל 2 איז 5!

איי די וועלט וועט דאס סיי-ווי ניט אנעמען, איז וואס וועט ארויסקומען פון דעם וואס מ׳וועט שרייען אז אידישקייט איז - פארן מיט א "קאר" אום שבת רח"ל, ווען מ׳ווייסט אז 50 דורות נאכאנאנד האבן זיך אידן מוסר נפש געווען אויף ניט פארן מיט א קאר אום שבת?!

- טענה׳ט -

---

223) שיחת אחש"פ סו"ס מא. 224) ל׳ הכתוב - תהלים קטו, ד. 225) ראה שבת כא, ב ובפרש"י שם ד"ה גירסא.

נענה'ט ער אבער, אז וואס גרעסער דעם היגן איז, איז בשעת מ'וועט דאס איבער'חזר'ן כמ"פ, וועט דאס מוב"ב נתקבל ווערן.

ובפרט אז דערנאך וועט מען נאך חתמ'נען אויף דערויף, און מ'וועט זיך חתמ'נען מיט אלע טיטול'ן:

איינער האט א טיטול אז ער איז א גוטער "ארכיטעקט" - וואס פאר א שייכות האט דאס צו הלכה! דער צווייטער האט א טיטול אז ער איז א "בעל צדקה" - וואס פאר א שייכות האט דאס צו הלכה! דער דריטער האט א טיטול אז ער איז א גוטער "פסיכאלאג", און דער פערטער האט א טיטול אז ער איז א גוטער "חוקר הישנות" ("ארכיאלאג"), און דער אנדערער האט א טיטול אז ער איז א גוטער "היסטאריקער" - אז דו ביסט א גוטער "היסטאריקער", האסט עפעס א שייכות צו פארשטיין א תוס'?!

טענה'ט ער אבער אז טבע העולם איז, אז וויבאלד ער האט א טיטול, און האט באקומען א "דיפלאם", און מ'האט אים אוועקגעזעצט אויף א ביינקל, אין אן אופן אז ער איז העכער פון שבעים ואחד אנשים דוגמתו, איז ער דאך בדוגמא פון יענעם וואס איז געווען דער ראש פון ע"א אנשים -

איז דאך א זיכערע זאך אז בשעת ער וועט זיך אונטער-שרייבן מיטן נאמען "דאקטער", און דערנאך וועט ער שרייבן די און די אותיות, מיט אלע ר"ת'ן [וואס ער האט שוין אליין פארגעסן וואס דער ר"ת מיינט, ס'איז אבער א גאנצע שורה פון אותיות וואס איז מסביר אין וועלכן "אוניווערסיטעט" ער האט געלערנט, און וואס ער האט מסיים געווען] - וועט מען אים זיכער פאלגן!

ס. צווישן די טיטול'ן וואס מ'שרייבט אויף אים - איז אויך דא דער טיטול אז בשעת אין "אוניווערסיטעט" זיינען געווען די וואס האבן געשפילט אין "פוטבאל", האט ער אין דערויף אויך מצליח געווען:

בשעה מ'האט געדארפט "ארייננשלאגן" (ווי זיי רופן דאס אן) דעם "כדור" אין דעם און דעם ארט - איז ער געווען דער בעסטער "שלאגער", און ניט נאר מיט דער רעכטער פוס, נאר אפי' מיט דער לינקער פוס, מיט אלע פרטים שבזה!

[עס זיינען דא אזוינע וואס ווייסן ניט וואס איז "פוטבאל" - איז דא א דין אין שו"ע[226] אז "אסור לשחוק בכדור בשבת" -

------------

226) או"ח סש"ח סכ"ה. שו"ע אדה"ז שם סמ"ג.

בשבה". כיון דער גאנצער שקו"ט בזה, וואס אפי' פרובע אידן ווייסן אויך פון דער שקו"ט, און אעפ"כ זאגט מען א קאפיטל תהלים אנשטאט טאן אזא זאך!.

מסתמא זיינען דא אזוינע וואס זיינען מומחים אין דעם ענין - ווייסן זיי מסתמא די אלע הצטיינויות:

אין אמעריקע איז דאך יעדער זאך מיט א סדר מסודר [בדוגמא ווי ס'איז געווען אין יענע מדינה ימ"ש וזכרה - להבדיל צווישן אמעריקע מיט יענע מדינה] - איז בשעת מ'שלאגט אריין מיט דער לינקער פוס, און דאס גייט בהצלחה מרובה, און ניט איינעס נאר צוויי און דריי און פיר, ביז וואנעט אז הלוך ומוסיף ואור - איז מען דאס מוסיף אין זיין טיטול.

און ווי מ'זעט אין טבע העולם - עולם מלשון העלם והסתר בתוקף הכי גדול - אז בשעת איינער איז מצליח אין אלע-ערליי "סייענס", און דער צווייטער איז מצליח אין כדור (אין "פוטבאל") - איז אויפן "קעמפוס" האט ער (דער וואס איז מצליח אין "פוטבאל") דעם גרעסטן נאמען!

ביז וואנעט אז אויך ווען מ'רעדט וועגן "עצביהם כסף וזהב" - איז דעם גרעסטן סכום געלט באקומט (ניט דער וואס איז א גוטער רופא, א גוטער ארכיטעקט, א גוטער היסטאריקער וכיו"ב, נאר) דער וואס קען "ארייןשלאגן" דעם כדור אין דעם און דעם פתח, סיי מיט דער רעכטער פוס און סיי מיט דער לינקער פוס, ניט קוקנדיק ווער עס גייט נגדו - ער באקומט דעם גרעסטן סכום פון געלט!

איז וויבאלד אז דער אויבערשטער האט געהאלפן און ער האט מצליח געווען אויך אין "פוטבאל" - איז דאך זיכער אז עד ווערט דער פוסק אויף כל הענינים שבעולם!

סא. וכאמור לעיל אז מ'קלייבט צוזאמען א "קאמיטע" און מ'גיט אויס טויזנטער דאלער זיי זאלן זיצן און רעדן "דברים בטלים" - צי מ'וועט קענען מבטל זיין א דין אין שו"ע (און זאגן אז דאס איז נאך א דין אין אידישקייט), צי מ'וועט ניט קענען מבטל זיין!

ס'טייטש! דער שו"ע זאגט אז "זאת התורה לא תהא מוחלפת". און שו"ע זאגט אז שפילן אין "פוטבאל" איז אן ענין וואס קען ניט ברענגען קיין תועלה אין לימוד התורה און הבנת התורה, דאס איז אן ענין וואס נעמט צו די צייט און נעמט צו די שימה לב.

און ווי עס שטייט אין חובת הלבבות[227] אז ס'קען ניט

- זיין -

---

227) שער ה' פ"ג אופן כ"ה.

[illegible]

זיין אהבה העולם און אהבת ה' אין דער זעלבער כלי,

ווער רעדט נאך אז רוב שיבה לבבו און רוב השתדלותו און רוב יכיו גיט ער אפ אויף אלע ענינים, א חוץ אויף לימוד התורה כדבעי, כדי צו וועלן וויסן וואס תורה זאגט!

ניט יאגן זיך צו וויסן וואס זאגט די "וועלט" ארום איס, און דערנאך נוצן אויף דעם דאס וואס ער האט בדשותו עטליכע (אדער א סאך) דאלאר, און האט ברשותו די יכולת אויף פאנאנדערטיילן שטעלע'ס, און האט ברשותו די 22 אותיות פון לעו"ז וואס ער קען שרייבן נאך זיין נאמען, ווארום ער האט געלערנט אין אזוי פיל און אזוי פיל אוניווערסיטעטן, און האט אין אלע מצליח געווען,

אין איין ארט האט ער אבער ניט געלערנט - אין אן ארט וואס מ'לערנט תורה ביראת שמים, אין אן ארט וואס מ'לערנט אז מ'דארף לייגן תפילין בכל יום ויום, און אז מ'דארף עסן כשר בכל יום ויום, און מ'לערנט אין אן אופן אז דאס זאל נחקק ווערן ביים תלמיד און אדאפקומען בפועל.

וואס דערפאר איז מען מדגיש אז לימוד התורה איז טאקע א לימוד "היא חכמתכם ובינתכם"[228], אבער דאס וואס "גדול לימוד", איז נאר דערפאר וואס ער איז "מביא לידי מעשה".

און כדי אז דער לימוד זאל ברענגען לידי מעשה, דארף ער לערנען ביי אזא וואס לערנט תורה און לעבט מיט תורה, און איז דאס מקיים במעשה בפועל.

ער האט אבער געלערנט ביי איינעם וואס לערנט תורה, און לייגט ניט קיין תפילין רח"ל, און טענה'ט אז תורה איז אן ענין של חכמה והבנה והסברה, איז ער מסביר דאס וואס עס שטייט אין שו"ע, דאס האט אבער קיין שייכות ניט צו זיין הנהגה פרטיה, אין דערויף טאר מען זיך ניט מישן, דאס געהערט צו איס, וכרצונו יעשה!

סב. כ"ק מו"ה אדמו"ר נשיא דורנו האט אמאל געשריבן בארוכה צו איינעם (וואס האט געשריבן אז ער וויל אז כ"ק מו"ח אדמו"ד זאל איס אויסשטעלן די שיעורים אין תורה וכו'), אז דער טבע פון תורה איז, אז אויב מ'וויל אין איר מצליח זיין, דארף דער גוף זיין א כשר'ער, און הנהגה היום דארף זיין א כשר'ע, כתאים צו דער הנהגת התורה.

וואס דאס איז ניט בדוגמת חכמות חיצוניות, אז מ'קען זיין א גרויסער מומחה אין חכמת הרפואה [וואס חכמה הרפואה

- האט -

------------

228) ואתחנן ד, ו.

האט דאך "פארשריבן" הוראות ביי בנוגע צו היינט ביי בנוגע צו בריאים, און אליין טאן להיפך רח"ל ווי הכמת הרפואה זאגט - און דאס זאל ניט אנרירן אין דעם אז די כסקנות און די הוראות און די פעולה וואס ער טוט אלס א רופא זאלן זיין בשליכוה.

עד"ז בנוגע צו דעם וואס איז א חכם אין בויען בנינים,

[וואס דאס דארף זיין "בחכמה בתבונה ובדעת"[229], ווי דער אויבערשטער האט געוואלט אז ס'זאל זיין דער בנין בתי בנ"י - אזוי ווי דאס איז בנוגע לביתו, בנין ביהמ"ק ובנין המשכן, נאר כדי ס'זאל זיין דער ענין פון בחירה חפשית, האט מען געמאכט אז בנוגע צו א בית פון יעדער מענטשן זאל מען אויך דארפן צונוצן חכמה דוקא],

אז ער קען זיין א גרויסער מומחה אין בנין בנינים, און אז ס'וועט אבער קומען צו בנין ביתו, זאל ער בויען א בית להיפך פון אלע כללים און הוראות.

דער בית וועט טאקע איינפאלן (ווי די גמרא[230] זאגט אז די בתים וואס זיינען געווען אין "שרון" פלעגן אלעמאל איינ-פאלן), מיט די אלע היזקות וועלכע קומען ארויס דערפון - איז דאס מזיק נאר דעם אויף וועלכן דער בנין איז געפאלן; עס איז אבער ניט קיין הכרח דאס זאל מזיק זיין די ידיעה אין חכמת בנין בתים.

משא"כ בנוגע צו לימוד התורה, האט תורה דעם טבע אז אויב "לא זכה", ווערט דאס פאר אים דער היפך פון "סם חיים"[231] (איך וויל ניט דערמאנען דעם נאמען)!

בשעת "לא זכה", ווארום זיין כוונה אין לימוד התורה איז ניט כדי צו אויסגעפינען וואס תורה וויל, נאר צופאסטן "תורה" צו זיך, ניט מקרב זיין "בריות" צו "תורה", נאר אראפנעמען תורה צו "בריות"[232] - ווערט דאס ביי אים דער היפך פון "סם חיים".

און דערנאך ווערט דאס ביי אים אין אן אופן אז ער מיינט אז אזוי איז דער אמת!

וע"ד המדובר כמ"פ דעם דיוק אין דעם וואס ס'שטייט[233] "כי השוחד יעור עיני חכמים ויסלף דברי צדיקים", אז ס'שטייט ניט אז דער שוחד וועט ברענגען אז דער חכם זאל

- זאגן -

------------

229) ויקהל לה, לא. 230) סוטה מג, א ובפרש"י שם ד"ה אף. ועוד. 231) יומא עב, ב. 232) ראה לקו"ש ה"א ע' 100. ח"ב ע' 316. 233) שופטים טז, יט.



הנחה הת' בלתי מוגה

זאגן קאפויער (וואס דערמיט ווערט ער א סומא), נאר מ'מיינט אז "השוחד יעור עיני חכמים". ער בלייבט מאקע א חכם, נאר דער שוחד מאכט אים פאר אן "עור" רח"ל,

און דערמיט איז בשעת אז איין אמה'ן איז דאס א לאך אין וואנט, וואס אויב ער וועט אהינצו גיין, קען ער אראפפאלן און "נעשה גל כו'"[234] רח"ל - איז מצד דערויף וואס ער איז אן "עור", רעדט ער זיך איין (און רעדט איין אנדערע) אז דאס איז ניט קיין לאך אין וואנט, נאר ס'איז א פתח לצאה מבנו, און דערנאך האט ער דאס וואס ס'ווערט דערפון וואס מ'קריכט דורך א לאך און מ'מיינט אז דאס איז א טיר'

סג. וכאמור לעיל אז ס'איז א מעשה מבהיל:

עס זיינען דא טויזנטער אידישע קינדער וואס מ'קען זיי ניט געבן אן אמת'ן אידישן חינוך, דערפאר וואס ס'איז ניטא געניג געלט -

נעמט מען פון כספי ציבור, און מ'זעצט אוועק א "קאבינעט" פון ערוואקסענע מענטשן (וואס ווען מ'וואלט זיי ניט געצאלט וואלטן זיי אפשר געגאנגען בדרך הישר), און מ'זאגט זיי אז זיי זאלן וויסן זיין אז די דעה פון דעם און פון דעם צווייטן און פון דעם דריטן איז, אז די מסקנא פון דער "קאבינעט" דארף זיין להיפך פון שו"ע!

אדרי ווי עס פאסט אבער ניט אז אלע זאלן זאגן די זעלבע זאך - שטעלט מען אויס אז א פאר זאלן זאגן באופן כך. מ'באווארענט אבער אז דאס זאל זיין דער מיעוט, און דערנאך איז דעה הרוב באופן אחר!

און דערנאך מוז מען דאס אָן איין אן איצטלא של ישוב-הדעת, אין מ'זאגט אז מ'איז ניט געמאך געווארן געכאפטער-היי"ד, נאר מ'איז געזעסן כו"כ חדשים ביז אז מ'איז געקומען צו דער מסקנא!

- די מסקנא איז שוין געווען איידער מ'האט זיך אוועק-געזעצט. מידוע ידועים - אויף דערויף דארף מען ניט וויסן ענינים שבסוד, וואָרום ס'איז א דבר גלוי.

° די צרה (שלא תבוא ולא תהי') האט שוין געדארפט זיין מיט א צייט צוריק. האט מען דאס אפגעשריען כאילו סיבה שהתי', און מ'האט דאס קוים איינגעהאלטן אז ס'זאל דורכגיין נאך א משך זמן, אבער מזמ"ס איז דער "שוחד" געווארן אזוי גרויס, אז מ'האט גוזן איינגעגעבן די "קאבינעט".

- ובאזרי.

------------

[illegible]

 [illegible]

וכאמור אז מ׳האט נעמער׳ט איין דערויף כספי ציבור וואס בדרך ממילא פעלט דאס פאר די ענינים הנחוצים, ביז צו ענינים של פקו"נ ברוחניות. און אפשר גאר אויך פקו"נ בגשמיות - כדי אז מב"פ זאל קענען זאגן אז זיין הנהגה איז א אידישע הנהגה, בשילא דארף ער האבן תלמידים און תלמידות, און ער דארף זיין א יושב בראש, און ער איז הולך ומוסיף שטופן אידן אויף דעם ענין וואס איז דער היפך פון "לכו ונלכה באור ה׳"[235] רח"ל!

וואס דאס איז דאך א דבר מבהיל, ס׳איז היפך השכל לגמרי - עס זיינען שוין דורכגעגאנגען 50 דורות פון אידן וואס האבן געלעבט ע"פ התורה, און ער פירט אידן אין אן אופן וואס איז היפך פון דרך התורה!

סד. אידן געפינען זיך איצטער אין א מצב איום ונורא, זיי זיינען א כבשה אחת בין שבעים זאבים[236],

ווי מ׳ווייסט וואס עס טוט זיך אין אה"ק, און מ׳ווייסט וואס עס טוט זיך דא און דארטן הילו"ת - און ס׳זאל זיין (כאמור) "אורה ושמחה וששון ויקר" אין חו"ל, ועאכו"כ אין אה"ק,

און אעפ"כ, איז וואס פעלט זיי, אין וואס ליגט מען, און אויף וואס פטר׳ט מען אידישע געלט - אויף צו משנה זיין דעם נוסח פון סידור התפלה!

אין דעם אלטן סידור וויל מען ניט דאווענען - איז מען בעפאלן אויף א המצאה: מ׳וועט אריינבעמען אין סידור יעדער ענין, צי אן ענין טוב אדער אן ענין לא טוב, אבי ניט פון קיין סידור און ניט פון קיין מחזור, און מ׳זאגט אז דורך דערויף וועט מען צוציען אידן צו עבודת ה׳!

ער וויל ניט גיין דאווענען בציבור רח"ל - ער ווייסט אז מ׳דארף דאווענען בציבור. ווארום זיין זיידע (און דעם זיידן׳ס פאטער, און אלע דורות לפנ"ז) האט זיך אויף דערויף מוסר נפש געווען, אבער מאיזה סיבה שתהי׳ וויל ער דאס ניט טאן -

איז מען געפאלן אויף א המצאה:

אזוי ווי מ׳דארף אים מקרב זיין צו אכט׳ע אידישקייט, וועט מען אגם הייסן עובר זיין אן עבירה, און פאָרן שבת אין א קאר צום שול!

- וואס -

------------

235) ל׳ הכתוב - ישעי׳ ב. ה. וראה מה"ש תש"ה ס"ע 32 ואילך. 236) הנחומא תולדות ה. אסת"ר פ"י, יא.

הנחה הת׳ בלתי מוגה

וואס כל היודע דבר ווייסט אז אין א קאר זיינען דא פונקען, און מ׳איז עובר כמ"פ אויף דעם איסור פון "מכבה" און "מבעיר"; מ׳רעדט שוין ניט וועגן דער גזירה "שמא יתקן", צי די גזירה פון מוקצה, מיט אלע איבעריקע ענינים - ער איז פשוט מחלל שבת בפרהסיא דורך דעם וואס ער טוט מלאכות וואס זיינען אסור מה"ת, און זיינען פארבונדן מיט אן איסור סקילה!

זאגט מען אים ער זאל קומען צופארן שבת אין מקום פלוני, און דארטן וועט מען האלטן פאר אים א רעדע, און מ׳וועט אים דערציילן וועגן ביכלעך וואס האבן זיך אפגעדרוקט און זיינען געווארן "בעסט-סעלער" (מאיזה סיבה שתהי׳), וואס דארטן רעדט זיך וועגן ענינים וואס האבן קיין שייכות ניט צו תורה ומצוותי׳, און א חלק חשוב מהם רעדן וועגן ענינים וואס זיינען היפך הצניעות - וואס רעמולט ווערט דאס (ניט נאר אן ענין של איסור - וואס דאס אליין איז שוין געגוג, נאר) אויך אן ענין של מיאוס!

און וועגן דערויף האלט מען די דרשה, און מ׳זאגט אז דער "ראביי" איז א מומחה ווי אזוי צו מקרב זיין אידן צו אידישקייט, ווארום ער ווייסט וועלכער ביכל איז געווארן דער "בעסט-סעלער", און ער ווייסט וועלכע "פאליטיקע" וועט נושא חן זיין בא די וואס געפינען זיך און הערן זיין "ספיטש"!

סה. איך האב באקומען פון איינעם א געדרוקטע דרשה (א "סערמאן") וואס ער האט געהאלטן ראש השנה,

[ער איז געבארן ביי א פאטער א ליובאוויטשער חסיד, און ער איז אליין אויך א וואוילער מענטש, און האט געקענט לערנען (און אפשר קען ער נאך איצטער אויך לערנען), און ער איז געשטאנען אין קישור מיטן אלטן משפיע, א קרוב זיינער וכו׳],

אזוי ווי ער האט מצליח געווען און בא זיי׳ דרשה זיינען געווען 1000 מענטשן (צי 1,500 מענטשן - וויפל מענטשן עס זיינען דארטן געווען), האט מען, זעלבסט-פארשטענדליך, אפגעדרוקט די דרשה (די דרשה איז געווען אויף ענגליש, און מ׳האט דאס אפגעדרוקט אויך אויף ענגליש).

וואס אין דער דרשה זיינען געווען כו"כ ענינים - א חוץ ענינים פון יראת שמים.

דערנאך האב איך זיך מיט אים געטראפן, פרעגט ער מיר: נו וואס זאגט איר אויף דער דרשה? זאג איך אים: איך וועל בא ייר פרעגן א שאלה:

האסט דארטן געזאגט כו"כ ענינים, וואס ווען מ׳וואלט

- גערעדט -

געדענקט וועגן ... ינ'ט אין א מקום וואו אידן לערנען אויך צו הערן א ווארט פון אידישקייט, א ווארט פון תורה, נאר) אין גאס, אדער אין א מקום וואס מ'טאר ניט לערנען תורה, איז דער רעיון כצד עצמו איז א רעיון טוב.

און דו ברענגסט אויף דערויף א ראי' אז ס'איז געווען אן אדם גדול וואס האט אזוי געזאגט, פרעג איך בא דיר - וואו איז מענטשליכקייט: וואס דארפסטו ברענגען א ראי' פון "עמערסאן" (אזוי איז געווען די מעשה) - אן אמעריקאנער גוי וואס ער האט געהאט א גוטן נאמען וכו', וואס אין כאן המקום להאריך בזה,

[הלוואי וואלט איך אויך ניט געוואוסט פון אים - אבער אזוי ווי איך האב געלייענט די דרשה און איך האב געפרעגט ווער דאס איז געווען, האב איך באקומען דעם ביכל מיט אלע זאכן - איר דארפט אבער זיכער ניט וויסן פון אים],

דאס איז דאך אן ענין וואס שטייט אין תושב"כ, וואס אפי' הצדוקים מודים בה[237] - איז וואס שעמסטו זיך צו דערמאנען אז דער ענין שטייט אין תנ"ך?!

ווילסט ניט שרייבן "להבדיל", שרייב ניט קיין "לה־־יל", ווילסט ברענגען א ראי' פון א גוי רוקא, דערפאר וואס דו ביסט א תינוק שנשבה בין העכו"ם, און דו ביסט אראפגעפאלן בא זיך - דערמאן אבער לכה"פ אז אידן האלטן אזוי מצד תושב"כ, מצד תורה שלהם, "לא תהא תורה שלימה שלנו כשיחה בטלה שלהם"[238]!

בפרט אז דו האסט דאך געהאלטן די דרשה בר"ה, און דערנאך גייסטו דאס דרוקן מיט דיין נאמען, און מ'ווייסט דאך פון וואנעט דו שטאמסט!

דערנאך פרעג איך בא דיר - האב איך אים געזאגט - וואס וועט זאגן דיין אייניקל אויף דערויף:

עס קען דאך זיין אז ער וועט "פאלן" און וועט באקומען א חינוך (מן הצד - אין וועלכן מ'וועט אים אויך מחנך זיין) אין אן אידישן אופן,

איז וועז ער וועט זעהן דיין דרשה, און וועט זעהן אז דו ברענגסט אן ענין וואס שטייט אין תנ"ך, און דו שרייבסט ניט אז ס'שטייט אין תנ"ך - וועט ער קומען און וועט פרעגן: זיידע! דו שרייבסט אז דו ביסט א "ראביי" אזוי פיל און

- אזוי -

------------

237) ראה סנהדרין לג, ב. 238) ראה ב"ב קטז, רע"א. מנחות סה, ריש ע"ב.

אזוי פיל צענדליקער יארן, און דו האסט געמאכט א פירוש אויף כו"כ ענינים פון תורה - איז ווי קומט דאס אז דו האסט פארגעסן (אדער דו האסט ניט געוואוסט) אז דער ענין שטייט אין תנ"ך?!

און ס׳איז דאך א זיכערע זאך אז דו ווייסט ניט זאגן דעם אייניקל אז דו האסט דערפון געוואוסט און ניט געוואלט ארייננשטעלן - ווארום דעמולט וועלן זיך ביים אייניקל שטעלן די האָר קאפויער!

אז דאס איז דאך א זאך וואס שטייט אין "בייבל", וואס דערפון האלטן "מייקל", "דזשערי" און "דזשעפרי", מיט אלע גוי׳שע קינדער מיט וועלכע ער שפילט זיך - איז אויב זיין זיידע וואלט געוואוסט דערפון, וואלט ער זיכער ניט געהאלטן ערגער ווי "מייקל" האלט, מוז מען דאך זאגן אז דער זיידע האט ניט געוואוסט פון דעם ענין - איז וואס וועסטו דעמולט ענטפערן דעם אייניקל?!

ער איז אבער געבליבן בא זיין׳ס, און איך בין געבליבן בא מיין׳ס!

סו. בנוגע לענייננו:

מ׳האט גערעדט פריער (סנ"ה) אז בשעת מ׳איז א משוחד פון אהבת עצמו - קען מען ניט וויסן וואוהין מ׳וועט פארקריכן.

ביז ווי מ׳זעט בפועל די מעשה הכי אחרונה, א מעשה פון "שומו שמים": מ׳זעצט אוועק כו"כ מענטשן אויף אן ענין וואס מ׳האט א נאמען געגעבן אז מ׳גייט מברר זיין א הלכה לאמיתתה, און מ׳צאלט זיי הון תועפות - און די גאנצע זאך איז מיט דער כוונה ומחשבה תחלה, אז דייער פסק [איך וויל ניט זאגן "דיין"] וועט זיין באופן כך וכך, היפך פון דעם שו"ע, וויבאלד אז דאס איז דעה הרוב!

און ס׳איז א זיכערע זאך אז זיי זיינען "לומדים", ווארום נאך יעדער נאמען שטייט אזוי פיל און אזוי פיל "דיגרים", און מ׳האט באקומען אזוי פיל און אזוי פיל "פאפירלעך".

און די גרעסטע ראי׳ איז - אז ס׳איז געווען א מיעוט וואס האבן סאקע געזאגט פארקערט, איז דאך א סימן אז די שקו"ט איז געווען אין אן אופן אז כ׳האט בוחן געווען את הענין לכל צדדיו.

און איצטער גייט זיך דאס אפדרוקן, און דערנאך וועלן זיי אזוינע וואס וועלן שרייען אז ס׳איז ניט שייכות צו זאגן - בכל הדורות איז געווען א ספק אין דעם. און דוקא די

- "הכבי" -

"..בני רחם" פון אונזער דור זיינען געפאלן אויף דער המצאה אז האבן מברר געווען די הלכה לאמיתה!

און ח"ו צו זאגן אז באמת האלטן זיי אנדערש, און זיי האבן גע'חתמ'ט קאפויער מפני טעמים צדדיים - ווארום ס'וועט הייסן אז מ'זאגט לשון הרע, און מ'איז מוציא שם רע וכו', און ווי קען מען ברענגען א פירוד און א מחלוקת בא אידן?!

סז. און וויבאלד אז ער קען זיין א משוחד פון אהבת עצמו זאגט מען אים אז ער דארף פרעגן עדות בא א צווייטן, ווי אזוי דארף זיין די הנהגה שלו.

ווארום בנוגע למעשה בפועל, האט אים דער אויבערשטער געגעבן בחירה חפשית ווי ער זאל זיך פירן; דער רב קען אים זאגן ווי איז דער דין, אבער דעם מעשה בפועל דארף ער אליין טאן בידיו וברגליו, בשכלו ובלבו וכו' (ביט וועלכן אבר די מצוה איז פארבונדן) - איז דאך פארשטאנדיק, אז בנוגע צו זיין מחשבה דיבור ומעשה איז ער דער פוסק אחרון,

און דערפאר זאגט מען אים אז ער דארף פרעגן עדות ביי א צווייטן ווי אזוי ער דארף זיך פירן.

סח. אין די "עדים" בא וועמען ער קען פרעגן - זיינען דא כו"כ סוגים:

די גמרא[239] זאגט אז "קורות ביתו של אדם מעידים בו" - ווען מ'גיט א קוק אויף זיין ווארנט, און מ'זעט וואס פאר א ספרים געפינען זיך דארטן, און וואס פאר א תמונות הייגען דארטן, און וואס עס טוט זיך בנוגע צו דער מזוזה וכו' - יען מען שוין וויסן ווי איז זיין הנהגה.

ובפשטות - מ'דארף זיך ניט נאכפרעגן וועגן זייטיקע זאכן, מ'דארף א קוק טאן צי ביי אים איז דא א כשר'ע מזוזה, און צי ביי אים זיינען דא די ספרים אויף וועלכע זיין זיידע האט זיך מוסר נפש געווען אז זיי זאלן געלערנט ווערן (און געלייענט ווערן - ווען מ'האט ניט קיין מעגליכקייט להתבונן בזה) כדי לזכן לזכן, און דער ליכוד זאל זיין "מביא לידי מעשה".

און ווי מ'זעט בפועל, אז ווען מ'גייט אריין צו די וואס האבן די אלע צעטלאך מיט די אלע "דיגרים", זעט מען אז בא רובם זיינען אויסגעשטעלט אלע ספרים פון ניט-אידי, ווארום אין דער דרשה וואס ער דארף זאגן פארן עולם, דארף

- ער -

------------

239) תענית יא, א.

ער ארייגשטעלן זאכן וואס עס האבן געזאגט ניט-אידן, און וואס דער ניט-איד איז ווייטער פון אידישקייט, איז ער מער חשוב אז מ'זאל אים נוצן אלס א יסוד, און דורך דעריף וועט ער באווייזן אז ער איז בקי בכל הספרות שבכל העולם כולו!

ווער רעדט נאך וועגן א מזוזה על כל דלת ודלת - דאס איז אן אלטער מנהג פון "אוועך-סיס" (מעבר לים), פאר אים איז גענוג איין מזוזה,

ווער רעדט נאך וועגן בודק זיין די מזוזה, צי ס'איז מערניס ווי א "שיידל", אדער אז דארטן איז טאקע דא א מזוזה וואס איז געשריבן אויף פארמעט, און ניט קיין פאטאגראפיע וכו' - ס'איז א זאך וואס ער האלט ניט דערפון, מיט אלע ראיות שבדבר וכו'.

וואס דאס איז איין סוג פון "עדים", בא וועמען ער קען פרעגן עדות ווי אזוי דארף זיין די הנהגה שלו.

סס. עד"ז איז דא דער ענין פון עדות אין אן אופן פון "והוא עד או ראה או ידע"[240], אז דער ענין פון ראי' און שמיעה זיינען די עדים.

והביאור בזה: רש"י ברענגט אראפ בפירושו עה"ת[241] (וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דאס האט א שייכות אפי' צו א תינוק בן חמש שנים) דעם טעם אויפן דין פון "ורצע אדוניו את אזנו במרצע", אז דאס איז דערפאר וואס "אוזן זאת ששמעה על הר סיני לא תגנוב והלך וגנב תרצע".

וואס בכלל טאר מען דאך ניט פארגיסן יענעמ'ס בלוט, ווי ס'שטייט[242] "שופך דם האדם גו'", מ'טאר ניט מצער זיין א צווייטן אידן, וויבאלד אז דאס איז דער היפך פון "ואהבת לרעך כמוך[243] (וואס דאס איז "כל התורה כולה"[244]) -

אבער ווען עס רעדט זיך וועגן א גנב וואס האט גע'גנב'ט אזוי פיל, ביז אז מ'האט אים געכאפט, און "נמכר בגניבתו"[245], און דערנאך זאגט ער "אהבתי את אדוני גו' לא אצא חפשי"[246] - איז דער דין, אז ס'דארף זיין "והגישו אדוניו אל האלקים גו' ורצע אדוניו את אזנו במרצע".

און כ'זאגט אז דער טעם אויף דעריף איז - "אוזן זאת ששמעה על הר סיני לא תגנוב והלך וגנב תרצע":

- עס -

240) ל' הכתוב - ויקרא ה, א. 241) עה"פ משפטים כא, ו.
242) נח ט, ו. 243) קדושים יט, יח. 244) שבת לא, א.
245) משפטים כב, ב. וראה פרש"י עה"פ שם כא, ב.
246) משפטים כא, ה.

עס רעדט זיך וועגן אינעם וואס "רואה" איז גניבה, און דערנאך גייט ער און פארטריקט די געלט וואס ער האט געגנב'ט. און דערבולט האט ער ניט כיט וואס צו אפצאלן, ביז אז "נמכר בגניבתו" -

זאגט מען אז "אוזן זאת", דער אויער פון דעם גנב, איז "שמעה על הר סיני לא תגנוב", ווארום אויב נאר דער אויער פון זיין עלטער זיידן האט דאס געהערט, גיט דאס ניט קיין היתר אז מ'זאל לעכערן זיין אוזן, מוז מען דאך זאגן אז דער אוזן פון דעם גנב האט אליין געהערט אין הר סיני דעם ציווי פון "לא תגנוב".

[וואס דאס איז א דין וואס שטייט אין תורה, און קיינער קען דאס ניט בייטן, אפי' אויב מ'וועט אוועקזעצן א "קאמיטע", און מ'וועט זיי באצאלן כפלים, אדער כמ"פ ככה - וועט מען אויך ניט קענען מסלף זיין דעם דין פון "ורצע אדוניו את אזנו במרצע".

מ'קען זאגן אז דאס איז "בארבאריש", מיט אלע גוטע לשונות און ביאורים וכו' - אבער אזוי בלייבט דער דין, צוזאמען מיטן טעם, אז "אוזן זאת ששמעה על הר סיני לא תגנוב והלך וגנב תרצע"].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער "אוזן" (דער ענין פון שמיעה) איז אויך אן עדות פאר א אידן, ער זאל וויסן ווי אזוי ער דארף זיך פירן, דורך דערויף וואס ער הערט די עדות פון דעם "אוזן זאת ששמעה על הר סיני".

ע. און דאס איז וואס מ'געפינט אז בא מ"ת איז געווען דער ענין פון "שומעין את הנראה ורואין את הנשמע"[247] - ס'איז געווען סיי דער ענין פון ראי' און סיי דער ענין פון שמיעה, ד.ה. די צוויי ענינים פון ראי' און שמיעה, זיינען די עדות וואס זאגן עדות ווי אזוי דארף זיין די הנהגה פון א אידן (ווי געבראכט פריער דעם לשון פון פסוק "והוא עד או ראה או ידע").

און דאס איז אויך דער ביאור אין דעם וואס דער רמב"ם איז מבאר אין הל' יסוה"ת[248], אז דער אויפטו פון מ"ת איז געווען, אז "עינינו ראו ולא זר ואזנינו שמעו ולא אחר", וואס לכאו', צוליב וואס דארף מען האבןביידע ענינים (סיי "עינינו ראו", און סיי "אזנינו שמעו")?

איז דער ביאור בזה - אז עס זיינען דא זאכן וואס

- מ'קען -

------------

247) מכילתא עה"פ יתרו כ, טו. וראה גם פרש"י עה"פ.
248) רפ"ח.

מ׳קען קולט זיין מיט ראי׳, און זאכן וואס כ׳קען קולט זיין מיט שמיעה, און וויבאלד אז כ"ת האט געדארפט דורכנעמען אלע ענינים פון וועלט, האט מען געדארפט האבן סיי דעם ענין פון ראי׳ און סיי דעם ענין פון שמיעה.

עא. און אויף דערויף זאגט מען א אידן, אז בשעה ער וועט זיך צוהערן צו זיינע "עדים" - "עינינו ראו ולא זר ואזנינו שמעו ולא אחר" - וועט ער וויסן צו פסק׳נען ווי אזוי זאל זיין הנהגתו אין מחשבה דיבור ומעשה.

מ׳באווארענט אבער אז עס דארף זיין אין אן אופן פון "הוי מרבה לחקור את העדים":

אויב ער וועט פרעגן בא די עדים מערניט ווי בדרך אגב און בשטחיות, וועלן זיי אים דערציילן דאס וואס זיי האבן געזעהן און געהערט היינט בייטאג וכיו"ב;

ווען ער וועט אבער מרבה זיין אין חקירת העדים, וועט ער צוקומען צו די אמת׳ע מסקנא, ווי דער רמב"ם[249] זאגט אז אין וועלכן מעמד ומצב א איד זאל נאר זיין, וויל ער שטענדיק מקיים זיין רצון ה׳,

ס׳איז מערניט וואס ביי איינעם ליגט דאס הויבן-אויף, און ביי א צווייטן איז דאס אין אן אופן וואס כ׳דארף אנקומען צו דוכן די "עדים", כדי אז דער פס"ד זאל זיין ווי עס דארף צו זיין - וואס דערפאר באווארענט מען "הוי מרבה לחקור את העדים".

אבער אזוי ווי עס קען זיין ער זאל זיין משוחד פון אהבת עצמו (וואס דעמולט קען מען דאך ניט וויסן וואוהין וועט אים דער שוחד פארפלעפן) - זאגט מען אים "והוי זהיר בדבריך שמא מתוכם ילמדו לשקר":

עס קען זיין אז ער וועט מלכתחלה רעדן אין אזא אופן, אז ער וועט מלמד זיין די עדים (דעם עין כיסן אוזן) אז זיי זאלן זאגן א שקר. ד.ה. ניט נאר אז זיי וועלן אים ניט זאגן דעם אמת, נאר נאכמער: ער וועט מאכן אז זיי זאלן נאך מסייע זיין צו זיינע הנהגה, וואס צום ערשטן מאל איז דאס געווען א דורכפאל, און דערנאך ווען "עבר ושנה" איז "נעשה לו כהיתר"[250].

און דערפאר באווארענט מען אים "והוי זהיר בדבריך שמא מתוכם ילמדו לשקר", אז ער זאל ניט צוגיין אין אן אופן אז ס׳זאל ארויסקומען אן עדות שקר (אז די עדים זאלן מסייע זיין צו זיין הנהגה). נאר "הוי זהיר בדבריך".

- עב. -

------------

249) הל׳ גירושין ספ"ב. 250) ראה יומא פו, ב.

עב. און דאס איז די הוראה "כי אחד ואחה כישראל, וואס ער לערנט פרקי אבות, און ווייסט אז דארטן זיינען דא כו"כ פירושים. כולל אויך דעם פירוש ע"ד המוסר והחסידות (נוסף אויפן פירוש הפשוט אז עס רעדט זיך וועגן דיינים כפשוטו):

בשעת ער האט א ספק בנוגע צו "המעשה אשר יעשון" און "אשר לא תעשינה", ביז אין אן אופן אז דער ספק איז דערפאר וואס אין תורה איז דער ענין נאך ניט נתברר געווארן (מאיזה סיבה שתהי'),

[כמבואר אין אגה"ק אז אין תורה זיינען דא כו"כ ספיקות, און מ'ווארט אויף דעם "תלמיד ותיק", א נשמה בגוף (וואס איר האט מען געגעבן די כחות), אז דורך אים זאל נתברר ווערן אן ענין אין תורה וואס במשך כל הזמנים כולם איז ער געשטאנען בספק],

זאגט מען אים אז ער דארף חוקר זיין א צווייטן ענין וואס איז ניט בשוחד אין רעדויף, און דאס ווערט אן ענין של עדות, און די חקירה דארף זיין אין אן אופן פון "הוי מרבה לחקור את העדים".

ועד"ז בשעת ער דארף מברר זיין אן ענין אין תורה - דארף ער באווארענען אז ער זאל ניט וועלן לערנען די תורה ווי תורה זאל פסק'נען, נאר ער זאל וועלן לערנען פון דער תורה ווי אזוי ער דארף פסק'נען.

און אז ער טענה'ט, אז תורה איז "תורת אמת", איז ווי קען זיין א מציאות פון "מגלה פנים בתורה שלא כהלכה" (ס'זאל זיין "שלא כהלכה", און פונדעסטוועגן זאל דאס זיין א "פנים בתורה")?

זאגט מען אים, אז תורה מצ"ע איז "הלא כה דברי כאש"[251], און "אין דברי תורה מקבלין טומאה"[252], עאכו"כ אז עס האט ניט קיין שייכות מיט היפך האמת; דאס איז "דבר ה' זו הלכה"[253], און "זאת התורה לא תהא מוחלפת",

אבער לטובתו של האדם (אז ס'זאל ניט זיין קיין "נהמא דכיסופא"[254]) האט דער אויבערשטער געוואלט אז ס'זאל זיין "נתתי לפניך את החיים ואת הטוב" און דעם היפך דערפון, און ס'זאל זיין "ובחרת בחיים"[255], אז מיט דיין בחירה חפשית זאלסטו אויסקלייבן דעם ענין פון "חיים" - "תורת חיים",

און כדי אז ס'זאל קענען זיין דער ענין פון בחירה

- חפשית -

------------

251) ירמי' כג, כט. 252) ברכות כב, א. 253) שבת קלח, ב. 254) ראה ירושלמי ערלה פ"א ה"ג. 255) נצבים ל, יט.



הנחה הת' בלתי מוגה

חפשית, האט דער אויבערשטער געוואלט אז ס'זאל קענען זיין די מציאות פון "מגלה פנים בתורה שלא כהלכה".

און אויף דערויף זאגט מען אים, אז אויב ער איז זיך חושד (אדער אז א צווייטער איז אים חושד) אז ער איז ניט קיין נאמן ער זאל פסק'נען ווי עס דארף צו זיין - איז צונעמען ביי אים די בחירה חפשית, איז ניט קיין סדר הנהגה, דער אויבערשטער פירט זיך ניט אזוי - בנוגע לפועל בלייבט ער דער פוסק אחרון;

מ'בעט זיך אבער ביי אים, און מ'גיט אים די עצה, אז ער זאל זיך פירן אין אן אופן פון "הוי מרבה לחקור את העדים", און אין אן אופן אז ער זאל זיי ניט וועלן לערנען וואס זיי זאלן זאגן, נאר "הוי זהיר בדבריך שמא מתוכם ילמדו לשקר", וואס סוכ"ס וויל דאך יעדער מענטש (עאכו"כ א איד) דערגרייכן צום אמת, ובפרט לויטן פס"ד הרמב"ם הנ"ל.

עג. די שייכות דערפון מיט "שמעון בן שטח":

שמעון בן שטח[256] איז געזעסן צווישן 71 גדולים, ווען זיי זיינען נאך געווען צדוקים,

ווארום ער איז געווען זיכער אז ער וועט קענען ביי-שטיין דעם נסיון, און ער האט אויף דערויף געהאט א הסכם, ווארום מ'האט אים געשיקט דורט, מיט אלע פרטים וואס זיינען דארטן געווען,

און ער איז טאקע ביייגעשטאנען דעם נסיון, דורך דערויף וואס לשעה קלה איז ער געזעסן ביניהם, און ווען מ'האט עפעס גערעדט, האט ער זיך אין דערויף אריינגעמישט, ביז וואנעט אז צום ערשטן טאג האט ער גע'פועל'ט אויף איינעם פון די צדוקים אז בסקובו זאל ווערן אן איש כשר, און דעם צווייטן טאג האט ער גע'פועל'ט אויף נאך איינעם, ביז וואנעט אז אלע צדוקים זיינען געבליבן מבחוץ, און די פרושים (די וואס האבן געלערנט תורה לאמיתתה) זיינען געבליבן בפנים[257], וואס דעמולט איז אלץ געווארן כדבעי.

וואס בשעת מ'געפינט זיך אין אזא מעמד ומצב, איז נאכמער נוגע די באווארעניש פון "הוי מרבה לחקור את העדים", ווארום מ'געפינט זיך אין א מעמד ומצב אז אלע "דיינים" ("דיינים" מיט געגנז-פיסלאך) זיינען "צדוקים"!

עד. ועד"ז איז פארשטאנדיק ווי דאס איז אין עבודת האדם:

- אזוי -

------------

256) בהבא לקמן ראה הולדות הו"א (הייכאן) בערכו (ח"ג ע' 1212 ואילך). וש"נ. 257) בגיה"ה תענית פ"י.

אזוי ווי ער קען ניט אוועקגיין פון זיך, און ער דארף אליין מקיים זיין תוכ"צ (ער קען דאס ניט מקיים זיין דורך א צווייטן),

און דער אויבערשטער האט אים געגעבן בחירה חפשית, און ער וויל אז ברצונו הטוב זאל ער תשובה טאן, און אוועקשטעלן זיך אין דרך התורה והמצוה (און מ׳איז אים מבטיח אז "אין לך דבר שעומד בפני התשובה"[258] -

דארף ער זיך פארנעמען מיט ארויסגעבן דעם פס"ד בנוגע צו זיין מחשבה דיבור ומעשה בפועל, און דאס דארף זיין אין אן אופן פון "הוי מרבה לחקור את העדים".

און ווען ער טענה׳ט, ווי אזוי וועט ער זיך קענען איבערשטעלן "בשעתא חדא וברגעא חדא" (וואס דאס איז דער אויפטו פון תשובה) אין א מעמד ומצב וואס איז מן הקצה אל הקצה - דערציילט מען אים די מעשה מיט "שמעון בן שטח", אז בשעת ס׳איז ניט געווען קיין אנדער וועג, איז ער אריין צווישן די צדוקים, און איינציקווייז האט ער ארויסגענומען די צדוקים, און אריינגעבראכט די פרושים.

עה. דער ביאור הפשוט אין די שייכות פון "שמעון בן שטח" מיטן מאמר "הוי מרבה לחקור את העדים":

מפרשים[259] זיינען מבאר, אז וויבאלד מ׳געפינט אז "שמעון בן שטח תלה שמונים נשים באשקלון" ביום אחד[260], קען מען דאך מיינען אז עס מוז ניט זיין דער ענין פון חקירת העדים וכו׳ כדבעי, ווארום בשעת אז תלה שמונים נשים ביום אחד, קען דאך ניט זיין דער ענין פון חקירת העדים כדבעי -

באווארענט מען אז דעמולט איז געווען "השעה צריכה לכך", אבער דער סדר הרגיל איז - "הוי מרבה לחקור את העדים".

ד.ה. אז מצד דער הנהגה פון "מילי דחסידותא", איז אפי׳ ווען עס רעדט זיך וועגן א דיין ווי "שמעון בן שטח", וואס ער איז געווען דער ראש הסנהדרין - דארף ער זיך אויך פירן אין אן אופן פון "הוי מרבה לחקור את העדים".

און אים זאגט מען אויך "והוי זהיר בדבריך שמא מתוכם ילמדו לשקר" - ווארום ער איז מערניט ווי א בשר ודם, במילא דארף ער זיך היטן אז זיין דיבור זאל ניט זיין אין אן אופן

- אז -

------------

258) רמב"ם הל׳ תשובה ספ"ג. וראה ירושלמי פאה פ"א סוף ה"א. זח"ב קו, א. מהנ"ע בז"ח ס"פ בראשית. ועוד.
259) רשב"ם הובא במדרש שמואל באז. 260) סנהדרין מה, ב. ירושלמי חגיגה פ"ב ה"ב. סנהדרין פ"ו. פרש"י סנהדרין מד, ב.

אז ביי א צווייטן וועט דערפון ווערן א הנהגה פון זאגן דעם היפך האמת.

עו. די הוראה הנ"ל אין עבודת האדם, איז [illegible] מרומז אין דעם נאמען "שמעון בן שטח":

"שמעון" איז פארבונדן מיט "אוזן זאת ששמעה על הר סיני", וואס זי איז פון די "עדים" וועלכע זאגן עדות ווי אזוי עס דארף זיין עבודת האדם.

און דער ענין פון "שמעון" דארף זיין אין אן אופן פון "שטח", אז מ'פארשפרייט דאס און מ'לייגט דאס פאנאנדער אויף א שטח רחב (וואס דאס איז דער אפטייטש פון "שטח", ווי ס'שטייט[261] "וישטחו להם שטוח").

וואס אין עבודת האדם מיינט דאס - אז די עדות וואס מ'הערט פון דעם "אוזן זאת ששמעה על הר סיני", דארף מען פאנאנדערקלייבן לכל הפרטים ופרטי פרטים,

ד.ה. אז עס דארף זיין אין אן אופן פון "מרבה לחקור את העדים" (דאס וואס ער האט געהערט פון די "עדים" ווי אזוי דארף זיין הנהגתו), און אין אן אופן פון "הוי זהיר בדבריך שמא מתוכם ילמדו לשקר".

וואס דעם אפטייטש אין "שמעון בן שטח" האב איך דערווייל אין ערגעץ נים געפונען - עס איז דאך אבער ידוע דער בריוו פון דעם רבי'ן נ"ע[262] (דער פאטער פון כ"ק מו"ח אדמו"ר), אז בשעת מ'זאגט אן ענין פון וועלכן עס קען ארויס-קומען א הוספה אין יראת שמים, האט מען רשות צו זאגן אן ענין נאך איידער מ'האט געזען [illegible] זיין ערגעץ געדרוקט אדער געשריבן.

עז. ויה"ר אז די דברים האמורים זאלן מוסיף זיין אין יראת ה' און אין אהבת ה', און אין מעשה המצוות בפועל, וואס "המעשה הוא העיקר".

ובקרוב ממש זאל מקוים ווערן דער "ומלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים"[263], און אין אן אופן ווי דאס קען זיין נאך קודם ביאת משיח צדקנו, וואס מעין זה דארף דאך זיין קודם ביאת משיח צדקנו,

ווארום וויבאלד אז מ'האט די הודעה אז אלע ענינים וואס וועלן זיין לאחרי ביאת משיח צדקנו ווערן אויפגעטאן

- ע"י -

---

261) בהעלותך יא, לב. 262) קונטרס עה"ח ס"ע 87 ואילך.
263) ישעי' יא, ט.

ע"י מעשינו ועבודתנו במשך זמן הגלות, איז פארשטאנדיק, אז אין זמן העבודה דארף זיין א מעין פון דעם ענין וועלכן מ'טוט אויף, אין אן אופן פון "מדה כנגד מדה"[264].

ובפרט ע"פ המדובר כמ"פ אז לויט אלע סימנים האלט מען שוין אין דרא דעקבתא דמשיחא, און מ'האלט שוין קרוב ממש צו ביאת משיח צדקנו, וואס דעמולט וועט זיין דער ענין פון "ומלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים" –

זאל אזוי אויך זיין אין די לעצטע טעג פון גלות, סיי בנוגע צו לימוד נגלה דתורה, און סיי בנוגע צו לימוד פנימיות התורה,

וואס דוקא דער לימוד פון פנימיות התורה ווערט אנגערופן "כמים לים מכסים" – דערפאר וואס דאס פארדעקט די מציאות פון דעם אדם הלומד, אזוי אז ווען מ'גיט א קוק אויף אים, זעט מען (ניט קיין "קאמיטע", ניט קיין "טשערמאן", ניט קיין "מעמבער" מיט אלע אנדערע ענינים, נאר) מערניט ווי דעם ענין פון "מים",

וואס דאס איז דער ענין פון "כמים לים מכסים" – ווי מ'זעט בפועל אז אע"פ אז "כל שיש ביבשה יש בים"[265], אעפ"כ, בשעת מ'קוקט אויפן ים, זעט מען מערניט ווי די מציאות פון "מים"; ער ווייסט אז דארטן איז דא "כל מה שיש ביבשה", אבער זייער מציאות דארטן איז אין אן אופן אז זיי זעהן זיך אן אלס "מים",

ובפרט לויט ווי גערעדט אמאל בארוכה[266] וועגן דעת רשב"ג[267] אז "כל שהוא מבריית המים" איז ניט תוצץ, דערפאר וואס זיין מציאות איז דער ענין פון "מים" (ביז אז דאס איז נוגע אין הלכה בפועל, בנוגע לכמה ענינים).

עח. ויה"ר אז מ'זאל מוסיף זיין אין לימוד התורה וקיום מצותי', אנהויבנדיק פון דעם ענין פון "מבצע חינוך", ווי גערעדט בארוכה אין די התוועדויות הקודמות.

וואס איצטער איז דאך דאס אן ענין שהזמן גרמא, וויבאלד אז איצטער איז די צייט וואס מ'פארשרייבט קינדער אין די "קעמפ'ס",

ועד"ז בנוגע לכל מקום וואו מ'קען פועל'ן אז מ'זאל אריבערנעמען די קינדער פון א מקום חינוך טוב צו א בעסערן

- מקום -

------------

264) ראה סוטה ח, ב. פס"ז עה"פ שמות ג, ו. ועוד.
265) חולין קכז, א. 266) ראה גם לקו"ש חגה"פ תשל"ח ס"ו ובהע' 42 שם. 267) מקואות פ"ו מ"ז. וראה תוי"ט שם. וש"נ.

הנחת הת' בלתי מוגה

מקום חינוך, ביז צו א חינוך על טהרת הקודש, בהכלית השלימות.

עס. און וויבאלד אז "מצוה גוררת מצוה"[268] - איז דאס אויך פארבונדן מיט אלע מבצעים:

"מבצע אהבת ישראל", "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'", "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע כשרות האכו"ש", און "מבצע טהרת המשפחה",

וואס די מבצעים זיינען כולל און זיי ברענגען צום לימוד וקיום כל התורה ומצוותי'.

און טאן די אלע ענינים מתוך "אורה ושמחה וששון ויקר" כפשוטו, נאך זייענדיק אין די לעצטע טעג פון גלות, און גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו, בקרוב ממש.

צוה לנגן ופרצת. עוצו עצה ותופר. הושיעה את עמך.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

[נתן את המזונות עבור (המשך) ה"כינוס תורה" שיתקיים מחר - ביום א'].

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

* * *

------------

268) אבות פ"ד מ"ב.

**בס״ד. ברכת כ״ק אדמו״ר שליט״א להת׳ השלוחים שיחיו הנוסעים לישיבה גדולה ד„קאראקאס״ וישיבה גדולה ד„סיאטל״ – יום ג׳, שהוכפל בו כי טוב, ז״ך ניסן ה׳תשל״ט.**

פארט געזונטערהייט.

איר זאָלט האָבן הצלחה אין לימוד הנגלה און אין לימוד החסידות און אין קיום המצוות בהידור,

און איר זאָלט זיין חסידים יראי שמים און למדנים.

מ׳וועט געבן יעדן איינעם אַ דאָלאַר אויף צו געבן לצדקה אין דעם אָרט וואוהין איר פאָרט.

[נתן לכאו״א מהשלוחים שיחיו שטר של דולר].

עס זאָל זיין בּאַ אייך ווי עס האָט זיך גערעדט [1] אויף „ויהי ביום השמיני״ [2], אַז „נטל עשר עטרות״ [3].

און עס זאָל זיין בהצלחה רבה.

---

1) בד״ה ויהי ביום השמיני דמוצאי ש״פ שמיני (שהוא יום העשירי מאי דחה״פ והשבת דיום השמיני, אחש״פ), מבה״ח אייר.

2) ר״פ שמיני.

3) שבת פז, ב. תו״כ ופרש״י עה״פ. ועוד.

בס"ד. שיחה מוצאי ש"פ הזו"כ, בדר"ה אייר.
אור לב' אייר ה'תשל"ט.

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

א. מ'האט דאך ערשט געדאווענט מעריב, צוזאמען מיט ספירה העומר, און אין דער תפלה וואס מ'זאגט נאך ספה"ע, האט מען דערמאנט אז דער טאג איז פארבונדן מיט "תפארת שבתפארת".

און דאס איז איינער פון די טעמים פון דער התוועדות - וויבאלד אז דאס איז דער טאג פון "תפארת שבתפארת",

וואס דער ענין פון "תפארת שבתפארת" איז דערנאך ארויס-געקומען בגלוי - דורך דערויף זואס דאס איז געווארן דער יום ההולדת פון א נשיא בישראל.

וואס אלע ענינים פון תומ"צ זיינען דאך נצחיים, ביז ווי ס'איז מבואר אין תניא אז "יחוד זה למעלה הוא נצחי לעולם ועד" (אז מעשה המצוה, און דער יחוד וואס ווערט אויפ-געטאן דורך דעם, איז "נצחי לעולם ועד"), ועאכו"כ אן ענין וואס איז פארבונדן מיט א נשיא בישראל, ועאכו"כ ווען דאס איז זיין יום הולדת,

וכידוע די הפלאות פון יום ההולדת - ווי ס'איז נתגלה געווארן דורך כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו (מיוסד אויף תושב"כ און תושבע"פ), אז ביום הולדת של אדם מזלו שולט ועוזר לו[2] (ווי ס'איז שוין אפגעדרוקט בארוכה בכ"מ[3]), און מידי שנה בשנה ווען עס קומט דער טאג, איז "הימים האלה נזכרים ונעשים"[4].

ב. אין דערויף קומט נאך צו די שייכות פון יעדער אידן צו דעם טאג:

יעדער איד איז דאך מקיים אין דעם טאג די מצוה פון ספה"ע, וואס דאס איז א מצוה וואס קומט מיט א ברכה,

[וואס אין דערויף איז דא א חידוש אז מ'מאכט א ברכה בכל יום ויום, אע"פ אז דאס איז א מצוה נמשכה אין אלע ארבעים ותשעה ימים[5], און אעפ"כ מאכט מען בכל יום נאך א ברכה, וואס ענינה איז המשכה[6]],

- און -

-------------

1) פכ"ה (לב. א). 2) ראה ירושלמי ר"ה פ"ג ה"ח ובקה"ע שם. 3) ראה לקו"ש ח"ה ע' 140 הע' 1 ובשוה"ג שם. 4) אסתר ט, כח. וראה רמ"ז בספר תיקון שובבים הובא ונתבאר בספר לב דוד להחיד"א פכ"ט. 5) ראה לקו"ש ח"ז ע' 267 ואילך ובהע' א שם. 6) ראה הו"א ויצא לז, ג. ועוד.

און דערנאך זאגט יעדער איד אין דער תפלה שלאחרי ספה"ע, אז אין דעם טאג איז דא די המשכה וואס איז פארבונדן מיט היקון נשמתו, און אין דערויף גופא - דער ענין פון "תפארת שבתפארת".

וואס דער ענין מאכט שטארקער דעם קישור פון יעדער פרט און יעדער יחיד צו דעם טאג וואס איז פארבונדן מיט "תפארת שבתפארת".

ג. אין דעם ענין פון ספה"ע איז דא אן ענין של הפלאה - וואס הלואי וואלט מען זיך אין דערויף מתבונן געוועזן בשעת התפלה און ספה"ע, וואלט מען געזעהן אז דאס איז גאר אן ענין וואס מ'געפינט ניט בגלוי בא שאר המצוות:

ניט קוקנדיק אויף דערויף וואס בזמן הזה איז די מצוה פון ספה"ע מדרבנן ווי מערנינ7, און די ספירה פון יעדער טאג איז א המשך פון 49 טעג (מיט נאך כו"כ ענינים) - זאגט מען אבער בגלוי אין דער תפלה שלאחרי ספה"ע (דאס וואס ס'שטייט אין פס"ד הרמב"ם8), אז דורך דערויף וואס דער יחיד וועט מתקן זיין (ניט זיין גאנצע קומה, אלע 49 פרטים שבו, נאר) מערניק ווי איין און איינציקן פרט שבו (ובלילה זה - דער ענין פון "תפארת שבתפארת"), זאגט מען אלט א דבר הפשוט אז "על ידי זה יושפע שפע רב בכל העולמות".

ס'איז ניט קיין בקשה וואס מ'בעט אז ס'זאל זיין "יושפע שפע רב כו'", נאר מ'זאגט בפשטות אז "על ידי זה" וואס ער איז מתקן איין פרט פון כללות נפשו, איז דאס אן ענין וואס איז נוגע לכל העולמות, וויבאלד אז דורך דערויף ווערט נשפע "שפע רב בכל העולמות", עס ווערט נשפע א שפע חדש, און דער שפע איז "שפע רב".

וואס דאס זאגט מען אידעד מ'איז מסיים די תפלה, קודם אמירת "עלינו לשבת" (לויט מנהג חב"ד אז ספה"ע איז קודם אמירה עלינו), כדי אז די תפלה פון "עלינו לשבת" זאל גיין אויך אויף דערויף - און ס'איז א זיכערע זאך אז די זאך וועט זיך אויפטאן, ווארום אזוי האט א איד מתפלל געווען.

ד. וכאמור אז דער ענין פון ספה"ע מאכט שטארקער דעם קשר מיטן נשיא וואס איז געבארן געווארן אין דעם טאג, און דאס ווערט אן ענין נצחי, אז בכל שנה ושנה אין יום ההולדת, איז "מזלו שולט", און זיין הנהגה מיט זיינע ברכות זיינען דעמולט גובר, מיט אלע פרטים שבדבר.

- און -

---

7) שו"ע אדה"ז או"ח סתפ"ט ס"ב. 8) הל' תשובה פ"ג ה"ד.

און ס'איז נים קיין ענין וואס איז פארבונדן נאר מיטן נשיא, נאר דערנאך דארף דאס אויך אנקומען צו די אלע וואס "בתר רישא גופא אזיל"[9].

ובפרט אז מ'פארבינדט דאס מיט לימוד תורתו, און וויבאלד אז "לימוד מביא לידי מעשה"[10], ווערט דער קיום המצוות כפי רצונו - מיט דער הדגשה וואס ער האט מדגיש געווען דעם ענין פון "לכתחילה אריבער"[11].

וואס אויב די הדגשה פון "לכתחילה אריבער" איז געזאגט געווארן אפי' בנוגע צו עניני העולם, איז עאכו"כ ווי דאס איז מודגש בנוגע צו עניני התורה ומצוותי'.

ה. וכאמור אז אין דערויף קומט צו דער ענין פון מצות ספה"ע, צוזאמען מיט דער ברכה שלפנ"ז, און מיט דער כוונה פון ספירת העומר,

וזי דער אלטער רבי שרייבט בסידורו "יכוין לספירה של אותו הלילה ולהיבה אחת של "אנא בכח" והיבה אחת של מזמור "אלקים יחננו" ואות א' מפסוק ישמחו" - וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס איז א דבר השוה לכל נפש, ד.ה. אז אפילו ביי א פשוט שבפשוטים דארף אויך זיין די כוונה,

[כמדובר כמ"פ אז מ'ווייסט פון די חסידים פון דעם אלטן רבי'ן און פון די נשיאים שלאחריו, אז דער סידור פון דעם אלטן רבי'ן איז א דבר השוה לכל נפש. וואס דערפאר זעט מען אז די סודות און כוונות וועלכע זיינען שייך נאר צו יחידי סגולה, האט דער אלטער רבי נים אריינגעשטעלט בסידורו.

ביז וואנעט אז ס'איז געווען אן אומצופרידנקייט דערפון וואס מ'האט אריינגעשטעלט אין א סידור (אין שמו"ע וכיו"ב) די שמות פון דעם אויבערשטן מיט פארשידענע נקודות. וואס יעדער ניקוד באווייזט אויף אנדערע כוונות - און די טענה בזה איז געווען, אז דאס איז נים קיין דבר השוה לכל נפש. און דער סידור דארף זיין אין אן אופן וואס איז שוה לכל נפש[12].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז וויבאלד דער אלטער רבי האט געשריבן בסידורו אז בנוגע צו ספה"ע דארף זיין "יכוין כו'". איז דאס א דבר השוה לכל נפש].

וכאמור אי איז דער הפלה שלאחרי ספה"ע זאגט מען אז

- ער -

-------------

9) עירובין כא. א. 10) קידושין מ, ב. 11) ראה לקו"ש ח"א ע' 121, חי"ב ע' 180. 12) ראה שער הכולל פ"ו ס"ט - הובא ב"פתח דבר" לסידור עם דא"ח הע' 3.

"על ידי זה יושפע שפע רב בכל העולמות", און פאר דערויף זאָגט מען "הרחמן הוא יחזיר לנו עבודת בית המקדש למקומה במהרה בימינו אמן סלה".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דאס איז אן ענין וואס איז שייך לכל אחד ואחת, ובפרט ווי מ'זעט בדורנו זה אז כו"כ נשים ובנות זיינען אויך מקיים די מצוה פון ספה"ע[13].

ו. וכן תהי' לנו - לויט די הדגשה פון דעם נשיא וואס היינט איז זיין הולדת (וואס דעמולט איז "מזלו שולט") - "מלכתחילה אריבער" - אז ס'זאל זיין "לכתחילה אריבער" אין עבודת ה', אין לימוד התורה און אין קיום המצוות,

כולל אויך די מצוה פון ספה"ע - אין אן אופן פון "שבע שבתות תמימות תהיינה"[14], וואס דאס הייבט אן אין דער ספירה פון יעדער טאג בפ"ע (מיטן פס"ד אז בכל יום מאכט מען א ברכה בפ"ע).

און נוסף אויף דערויף וואס דורך ספה"ע ווערט אויפגעטאן אז "יושפע שפע רב בכל העולמות" (אין יעדער טאג פון ספה"ע) - זאל בקרוב ממש זיין דער "ותחזינה עינינו" דעם קיום היעוד אז "הרחמן הוא יחזיר לנו עבודת בית המקדש למקומה", בעגלא דידן. בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו,

וואס דעמולט וועט זיין די מצוה פון ספה"ע מן התורה, ובפרט לויט ווי גערעדט אמאל באריכה[15], אז לדעת כמה אחרונים איז אויב דער ביהמ"ק וועט געבויט ווערן באמצע ספה"ע, וועט אריינגערעכנט ווערן די ספה"ע וואס איז געווען מדרבנן, און מ'וועט קענען ממשיך זיין די ספה"ע וואס איז מה"ת, אין איין חשבון, און אין איין ענין פון "תמימות",

ביז אז מ'וועט קומען צו די שלימות פון יום החמשים, וואס דעמולט איז דער ענין פון מ"ת - כולל אויך תורתו של משיח, וואס משיח ילמד תורה את כל העם כולו[16], ואנחנו בתוכם, בקרוב ממש, בעגלא דידן.

* * *

ז. דער טאג וואס זיין ספירה איז פארבונדן מיט "תפארת שבתפארה" איז דאך אלעמאל אין ב' אייר, וואס ב' אייר קומט לאחרי גמר הענינים פון א' באייר.

און וויבאלד אז ע"פ תורה איז דא דער ענין פון סדר

- זמנים -

------------

13) ראה שו"ע אדה"ז שם. 14) אמור כג, טו. 15) ראה גם לקו"ש ח"א ע' 272. 16) לקו"ת צו יז, א. שער האמונה פנ"ו.

זכנים, איז פארשטאנדיק, אז די צווייי טעג (א' אייר און ב' אייר) קומען אלס המשך זה לזה.

בשעת מ'גיט א קוק אין הושב"כ, אין תושבע"פ, און אין מדרשי חז"ל, זעהן וואס זיינען די ענינים וועלכע זיינען פארבונדן מיט א' באייר,

[וואס כידי שנה בשנה ווען עס קומט דער טאג פון א' אייר, ווערט דער "הימים האלה נזכרים ונעשים", כידוע דער ביאור בזה אין כתבי האריז"ל[17] אז דורך דעריוף וואס "נזכרים" כדבעי, ווערט אויפגעטאן דער "נעשים" אזוי ווי ס'איז געווען-בפעם הראשונה],

געפינט מען צום אלעם ערשטן אין חומש[18] אז "באחד לחודש השני בשנה השנית לצאתם מארץ מצרים" איז געווען דער ענין פון "שאו את ראש כל עדת בני ישראל" - דער מנין פון בנ"י.

און ווי דער זהר[19] איז מדגיש אז חודש אייר ווערט אנגע-רופן "חודש זיו"[20] - ס'איז מאיר אין אלע ענינים און אין אלע עולמות, און דעמולט איז געווען דער מנין פון בנ"י.

און ווי רש"י טייטשט אפ [וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס איז אן ענין וואס מ'קען מסביר זיין לכל אחד ואחת מישראל, אפי' צו קטנים] אז "מתוך חיבתן לפניו מונה אותם כל שעה", ד.ה. אז דער מנין פון בנ"י איז פארבונדן מיט "חיבתן לפניו".

און ווי רש"י[21] זאגט וועגן דעם ענין פון מנין בנ"י, אז דאס איז "להודיע חיבתן שנמשלו לכוכבים שמוציאן ומכניסן במספר ובשמותם".

וואס דער ענין פון די "כוכבים" איז, אז אע"פ אז זיי זיינען נראים קטנים (ניט נאר קלענער פון דעם "מאור הגדול". נאר אפי' קלענער פון דעם "מאור הקטן"), ברענגט אבער רש"י אין אנהויב מסכת פסחים[22] ובכ"מ, אז עס זיינען דא כוכבים גדולים ביותר - און דאס איז פארבונדן מיט דער מעלה פון אידן וואס "נמשלו לכוכבים".

[און אע"פ אז "אומה זו כשולה לעפר וכשולה לכוכבים כו'"[23], ד.ה. אז אין דעריוף איז אויך דא דער קצה השני (אז "כשולה לעפר") - איז אבער מבואר בכ"מ אז די צוויי ענינים זיינען פארבונדן זה בזה:

- דורך -

------------

17) נסמן לעיל הע' 1. 18) במדבר א, א-ב. 19) ח"ג קיז, ב. וראה לקו"ה במדבר ג, א. ועוד. 20) כ"א ו, א. 21) ר"פ שמות. 22) ב, א ד"ה הא קמ"ל. ועוד. 23) מגילה טז, א. פרש"י עה"פ אסתר ו, יג.

דורך דערויף וואס אידן זיינען "המעט מכל העמים"[24], ווי די גברא זאגט אין חולין[25] אז "ממעטין עצמם", ביז אין אן אופן פון "ונפשי כעפר לכל תהי'", אזוי ווי "ארץ" וואס "הכל דשין עלי'"[26] - מאכט דאס זיי אז זיי זאלן זיין אזוי ווי "כוכבים"].

ביז וואנעט אז די מעלה פון ענין המנין איז - אז דבר שבמנין לא בטל[27], מיט אלע מעלות וואס זיינען דא אין דערויף.

און עס ווערט באווארענט אין דרושי חסידות[28] (מיוסד אויפן של"ה[29]) אז אע"פ אז "אין הברכה מצוי' . . בדבר המנוי"[30] - איז דאס אבער אזא מנין וואס דארטן איז חל די ברכה.

ביז וואנעט אז דער מנין פון בנ"י איז אין אן אופן פון "שאו את ראש כל עדת בנ"י גו' לגולגלותם", כמבואר באריכה אין די דרושים[31], אז אפי' דער "ראש" פון יעדער אידן, און דער "ראש" פון כללות האומה, ווערט ער אויפגעהויבן (דורך דעם מנין) - "שאו את ראש",

ביז אין אן אופן פון "לגולגלותם", בדוגמת הגולגולת וואס איז מקיף אויף אלע ענינים הנמצאים בראש, וואס דאס איז דער ענין פון כתר, און אין כתר גופא - דער העכסטער אופן וואס איז דא אין כתר, ביז צו עצמות ומהות.

ח. דער כללות ענין המנין איז - מערניט ווי דער ענין הגילוי, ד.ה. עס ווערט ניט אויפגעטאן א נייע מציאות דורך דעם מנין (די מציאות פון דער זאך איז געווען אויך קודם המנין), ס'איז מערניט וואס מ'איז מגלה וויפל ס'איז דא (און ווי זיי טיילן זיך - יעדער שבט באזונדער, יעדער משפחה באזונדער, וכיו"ב), מ'איז מגלה א מציאות וואס איז שוין דא בלאו הכי.

און ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס מ'זאגט אז "מהוך חיבתן לפניו מונה אותם" - אז די חיבה איז ניט קיין ענין וואס ווערט אויפגעטאן דורך דעם מנין, נאר אדרבה, דער מנין איז מגלה אז פאר דערויף איז געווען דער ענין פון "חיבתן", וואס צוליב דערויף איז "מונה אותם".

לאידך זעט מען אבער, אז דער ענין המנין איז א דבר הכי גדול, ביז וואנעט אז אין תורה איז דא א ריבוי מופלג

- פון -

---

24) ואתחנן ז, ז. 25) פט, א. 26) מת"כ לב"ר פמ"א, ט.
27) ביצה ג, ב. 28) אוה"ת תשא ע' א'תכח. 29) שמז, א.
30) ב"מ כב, א. ועוד. 31) לקו"ת ר"פ במדבר.

פון אוהיות והיבוה ופסוקים אויף צו דערציילן ווען פרטי הכנין, ביז אז גאנץ חומש במדבר ווערט אנגערופן[32] "חומש הפקודים" - איז אויב מ'וועט זאגן אז ס'איז כערניג וואס מ'דארף מגלה זיין דעם ענין, איז ניט פארשטאנדיק: צוליב וואס דארף מען האבן די גאנצע אריכות?!

איז דאך דערפון פארשטאנדיק, אז דורך דערויף וואס מ'איז מגלה דעם ענין (פון "חיבתן") דורך דעם מנין, איז מען מחדש אין דעם דבר הנמנה אן עילוי הכי נעלה.

ד.ה. אז אע"פ אז די "היבה" איז די סיבה פון דעם מנין, און דער מנין איז מערניט ווי א מסובב - געפינט מען אבער עד"ז דעם ענין פון "יפה כח הבן מכח האב"[33], ועד"ז בנדו"ד אז דער מסובב (דער מנין) טוט אויף א דבר הכי גדול, ביז אין אן אופן וואס איז שלא בערך לגבי ווי ס'איז געווען פריער, אין דער סיבה (די חיבה).

און ווי דערמאנט פריער (ס"ז) דער אויפטו פון דעם ענין המנין אין הלכה בפועל, אז דבר שבמנין לא בטל, ד.ה. אז אידער מ'ציילט די זאך, איז אע"פ אז די זאך האט אין זיך אלע מעלות מיט אלע פרטים, איז דאס אבער אן ענין וואס ווערט בטל ברוב אדער בששים וכיו"ב: און נאך דערויף וואס די זאך ווערט געציילט (וואס לכאו' איז גארניט צוגעקומען אין דער זאך), ווערט דאס ניט בטל אפי' ווען ס'איז דא אלף כנגדו.

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו "חיבתן". אז דורך דעם מנין קומט צו ביי אידן אן ענין חדש, ביז אין אן אופן וואס איז שלא בערך.

ט. דער אויפטו פון ענין המנין איז אויך פארבונדן מיט כללות הענין פון ספירת העומר:

לכאו' איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק: וואס איז דער ענין פון מצות ספה"ע, ציילן אז ס'איז דורכגעגאנגען נאך א טאג - ס'איז דאך אן ענין וואס איז אינגאנצן ניט תלוי אין אים, ער איז אויף דערויף ניט קיין בעה"ב, און ער קען אין דערויף גארניט משנה זיין; ס'איז קיין נפק"מ ניט צי ער וועט ציילן דעם טאג וואס איז דורכגעגאנגען אדער ער וועט אים ניט ציילן, ווארום "יום ולילה לא ישבותו"[34], און אז עס גייען דורך מ"ט טעג, קומט בדרך ממילא דער יום החמשים (אפי' אויב ער וועט ניט ציילן די טעג)?!

- און -

------------

32) יומא כח, ב. פרש"י עה"פ תבא ל, טז. 33) שבועות יח, א. 34) נח ח, כב.



הנחת הת' בלתי מוגה

און אעפ"כ זאגט מען אז עס דארף זיין דער ענין פון ספה"ע, און ניט נאר אז ב"ד דארף ציילן די טעג (ע"ד ווי דער ענין פון הקרבה התכיד וכיו"ב, וואס דאס איז פארבונדן מיט ב"ד), נאר ס'איז א מצוה וואס ליגט אויף יעדער יחיד, אז ער דארף מקיים זיין די מצוה - און די מצוה באשטייט אין דעם וואס ער זאגט אז ער ווייסט אז ס'איז דורכגעגאנגען נאך א טאג!

דער ד"ן אין סוף מסכת פסחים ברענגט אראפ פון מדרש אגדה, אז דער ענין פון ספה"ע איז פארבונדן מיט די געגועים פון אידן צו קבלת התורה, אז פון יצי"מ האבן אידן געציילט די טעג וויפל טעג עס זיינען שוין דורכגעגאנגען, בייןנקענדיק צו מ"ת, און דערפאר האט מען מתקן געווען דעם ענין פון ספירת העומר.

אבער דער ביאור איז נאר בנוגע צו ספה"ע בפעם הראשונה, ווען ס'איז ארויסגעגאנגען פון מצרים, וואס דעמולט האבן די געגועים צו מ"ה (וואס האבן זיך ארויסגעדריקט דורך ספה"ע) געבראכט דעם ענין פון מ"ת;

אבער איצטער איז דאך דער ענין פון ספה"ע ניט פאר-בונדן מיט געגועים צו מ"ת, מ'ציילט וויפל טעג עס זיינען דורכגעגאנגען פון הקרבת העומר בזמן שביהמ"ק הי' קיים, און לכאו' זעט מען ניט אין דערויף קיין ענין של געגועים צו מ"ה. און מ'זעט ניט אז דורך זיין ספה"ע זאל זיך עפעס אויפ-טאן בנוגע צו זיין קשר צווישן פסח מיט שבועות, לכאו' איז גענוג אז ער ווייסט אז ווען עס וועלן דורכגיין 49 טעג, וועט קומען דער יום החמשים, "זמן מתן תורתנו".

איז לכאו', לכאי נפק"מ צי ער וועט ציילן אדער ער וועט ניט ציילן. און אפי' אויב מ'דארף ציילן, ציילן דאך רובם פון בנ"י, איז וואס דארף מען האבן אז ער זאל אויך ציילן, און בזמן שביהמ"ק הי' קיים האט דאך ב"ד (וואס זיי-נען "אביהם של כל ישראל") באווארענט אלע ענינים של ציבור, כולל די קרבנות וואס מ'דארף ברענגען בחג השבועות, האבן זיי אויך געציילט דעם ענין פון ספה"ע, איז צוליב וואס דארף מען האבן אז ער זאל אויך ציילן?!

איז דאך דערפון פארשטאנדיק גודל הענין וואס עס טוט זיך אויף דורך דעם ענין המנין, אז דורך דערויף וואס ער ציילט אן ענין אויף וועלכן ער איז ניט קיין בעה"ב, ער איז מגלה אז ער ווייסט אז ס'איז דורכגעגאנגען יום ולילה, אדער אז עס הויבט זיך אן דער נייער יום ולילה (די וועלט ווייסט בלאה"כ, ב"ד ווייסט בלאה"כ - ער איז נאר מגלה אז ער ווייסט אויך דערפון) - מאכט דאס אים נענטער צו מ"ת, בדוגמא ווי ס'איז געווען בפעם הראשונה.

- ביז -

ביז ווי געהערטס פריער (ס"ג) אז דורך זיין ספירה ווערט אויפגעטאן דער ענין פון "יושפע שפע רב בכל העולמות".

י. און דאס איז פארבונדן דערמיט וואס מ'האט געהערט פריער (ס"ח), אז מ'זעט דעם גודל ענין המנין אויך אין הלכה – וואס אע"פ אז לכאו' האט ער גארניט אויפגעטאן אין דער זאך דורך דעם מנין, זאגט אבער הלכה אז דורך דעם מנין האט זיך אויפגעטאן א דבר נפלא – אז די זאך ווערט קיינמאל ניט בטל.

וואס דאס איז אן ענין של תקיפות אין עוה"ז הגשמי והחומרי, אז דורך דעם וואס מ'ציילט די זאך, ווערט דאס ניט בטל בפני כל העולם כולו.

און דערמיט איז פארשטאנדיק ווי אזוי ער קען אויפטאן אז "יושפע שפע רב בכל העולמות" – ווארום אפי' לגבי עולמות העליונים ווערט ער אויך ניט בטל, ואדרבה, ער ווערט דער בעה"ב אויף די עולמות העליונים, אזוי אז דורך תפלתו ופעולותיו (ובפרט דורך ספה"ע) איז "יושפע שפע רב בכל העולמות".

יא. עפ"ז איז פארשטאנדיק די שייכות מיוחדת וואס איז דא צווישן א' אייר מיט ב' אייר, וואס זיי קומען זה לאחרי זה:

נאך דערויף וואס ס'איז דא בגלוי דער ענין פון "שאו את ראש כל עדת בנ"י גו'", וואס דאס ווערט אויפגעטאן "באחד לחודש השני" [וואס "הימים האלה נזכרים ונעשים", אין דעם זעלבן אופן ווי ס'איז געווען בפעם הראשונה "בשנה השנית לצאתם מארץ מצרים"], קומט גלייך דער ענין פון ספה"ע (אויך אן ענין של מנין) וואס איז פארבונדן מיט "תפארת שבתפארת" (אין ב' אייר), וואס דאס איז א פרט גדול אין דעם כללות הענין פון ספירת העומר,

ווארום מה-דאך אז אין יעדער טאג פון ספה"ע ווערט אויפגעטאן דער ענין פון "יושפע שפע רב בכל העולמות", איז עאכו"כ בנוגע צו ספה"ע וואס איז פארבונדן מיט "תפארת שבתפארת" –

כידוע דער סיפור פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[35], אז בשעת מ'האט משבח געווען פאר דעם צ"צ אן ענין פון דעם רבי'ן מהר"ש (דער בעל יום ההולדת), האט דער צ"צ געזאגט אז לגבי "תפארת שבתפארת" איז דאס ניט קיין הפלאה!

וואס דאס איז דאך געווען אין זמן הנשיאות פון דעם

- צ"צ -

---

35) היום יום ע' נ.

הנחת הת' בלתי מוגה

צ"צ [וכידוע דער פתגם אז ס'איז דא איין און איינציקער נשיא. "דבר אחד לדור"[36], וכידוע דער סיפור פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[37] בנוגע צום צ"צ מיטן מיטעלן רבי'ן], און ס'איז געווען א סאך צייט קודם בר-מצוה – איז "בוצין בוצין מקטפי' ידיע"[38], אז שוין דעמולט האט אויפגעטאן און גע'פועל'ט אויף אים דער ענין פון "תפארת שבתפארת".

און דערנאך פארבינדט מען זיך מיט ענינו פון דעם רבי'ן מהר"ש (ובפרט ווען דאס ווערט אויפגעטאן במעמד כמה עשיריות בישראל), וואס דאס איז דער ענין פון "תפארת שבתפארת" (ווי ס'איז פארשטאנדיק פון דעם פתגם פון דעם צ"צ וועגן דעם רבי'ן מהר"ש),

וואס זיין הנהגה איז דאך געווען אין אן אופן פון "לכתחילה אריבער", און כידוע די סיפורים פון רבותינו נשיאינו[39] אז בכמה ענינים איז געווען ביים רבי'ן מהר"ש א בעל-שם'סקע הנהגה, כמדובר כמ"פ בארוכה.

און דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע לכל אחד ואחד וואס פירן זיך אין אן אופן "אשר הורנו מדרכיו ונלכה באורחותיו", ווי ער זאגט אין אגה"ק[40],

און ווי ער איז מסיים אין דער אגה"ק "נצח סלה ועד", אז דאס איז אן ענין נצחי וואס ווערט ניט בטל, סיי אין ביים און סיי אין זכן. וכמרז"ל[41] "כל מקום שנאמר נצח סלה ועד אין לו הפסק עולמית", וואס דאס איז אפי' ווען עס שטייט בערנים ווי איין לשון, ועאכו"כ אז דער אלטער רבי שרייבט דא אלע דריי לשונות "נצח סלה ועד" –

ד.ה. אז דער אופן ההנהגה פון דעם רבי'ן מהר"ש, ווערט נמשך לכל אחד ואחת, אין אלע זייערע פעולוה, און אין אלע פרטים שבדבר.

יב. די כוונה אין כללות הענין פון ספירת העומר איז – [illegible] "על ידי זה יושפע שפע רב בכל העולמות".

וואס די המשכה בעולם ווערט נמשך דורך דעם וואס ס'איז דא א משכן ומקדש לו ית', וואס דארטן געפינט זיך עצמות ומהוה.

און פון דעם ביהמ"ק קומט אראפ דער "שפע רב בכל העולמות", דורך דעם "היכל ק"ק שבכל עולם ועולם", כמבואר

- אין -

------------

36) סנהדרין ח. א. פרש"י עה"פ וילך לא, ז. 37) לקו"ש ה"ה ע' 373. 38) ברכות מח, א. 39) ראה לקו"ש ח"ד ע' 1101. 40) בי' ז"ך. 41) עירובין נד, א.

אין תניא (אין די לעצטע פרקים[42]) די פרטי הדברים ביטן סדר ההשתלשלות שבזה,

וואס פון דעם קד"ק קומט דאס אראפ אין קודש, ... דער עזרה, ביז בכל העולם כולו, און בכל העולמות כולם - ... די "חלוני שקופים אטומים"[43]. וואס "משם אורה יוצאה לעולם"[44].

יב. דער ענין פון ביהמ"ק איז פארבונדן בםיוחד מיט א' אייר - ווי עס ווערט דערציילט אין תנ"ך (אין מלכים[45] און אין דה"י[46]) אז דעמולט האט זיך אנגעהויבן דער בנין ביהמ"ק הראשון.

וכאמור לעיל אז יעדער ענין וואס איז פארבונדן מיט תומ"צ, איז אין אן אופן אז "יחוד זה למעלה הוא נצחי לעולם ועד", עאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן אן ענין כללי, ועאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן התחלת בנין ביהמ"ק הראשון, וואס דארטן איז געווען דער "ואכבדה"[47], מיט א ה"א (ניט ווי אין ביהמ"ק השני), און דארטן איז אויך געווען דער משכן שעשה משה, ווי ס'שטייט אין מדרש[48] אז ער איז דארטן נגנז געווארן,

ביז אז דער ביהמ"ק השלישי וועט אויך געבויט ווערן דארטן, אין אן אופן ווי ס'איז געווען אין דעם משכן און ביהמ"ק, ווי דער רמב"ם זאגט אין הל' ביהב"ח בהתחלתו[49] אז "בנין העתיד להבנות אע"פ שהוא כתוב ביחזקאל אינו מפורש ומבואר", וואס דערפאר וועט מען בויען אזוי ווי ס'איז געווען דער פריערדיקער ביהמ"ק, ביז אז בנוגע לכמה פרטים וועט דאס זיין ווי ס'איז געווען אין דעם משכן.

יד. און גלייך נאך א' אייר, וואס דעמולט האט זיך אנגעהויבן דער בנין ביהמ"ק הראשון, זאגט מען בלילה שלאח"ז (ב' אייר) אין ספה"ע "הרחמן הוא יחזיר לנו עבודת ביהמ"ק למקומה במהרה בימינו",

וואס דער ביהמ"ק השלישי וועט זיין אין כמה פרטים אזוי ווי דער ביהמ"ק הראשון (ווי געבראכט פריער פון רמב"ם אז "אע"פ שהוא כתוב ביחזקאל אינו מפורש ומבואר").

ובפרט בנוגע צום ארון. וואס אין ביהמ"ק השלישי וועט ניט זיין קיין נייער ארון, נאר עס וועט זיין דער זעלבער

- ארון -

------------

42) פנ"ב-נג. 43) מ"א ו, ד. וראה מנחות פו, ב ובפרש"י שם ד"ה שקופים. 44) ירושלמי ברכות פ"ד ה"ה. 45) מ"א ו, א. 46) דה"ב ג, ב. 47) יומא דכתיב - חגי א, ח. וראה יומא כא, ב. 48) סוטה ט, א. 49) פ"א ה"ד.

ארון וואס משה רבינו האט געמאכט און אים געשטעלט אין משכן. און דערנאך איז ער געווען אין ביהמ"ק הראשון - נאך דערויף וואס ער איז דורכגעגאנגען די כמה מקומות, און איז דערנאך געווען "באוהל"[50], ווי דערציילט אין נ"ך די אלע פרטים שבזה, ביז וואנעט מ'האט אויפגעבויט דעם בית "אשר שם כבוד ה'" און מ'האט דארטן אריינגעשטעלט דעם ארון,

און דערנאך איז דער ארון געווען אין ביהמ"ק השני, אבער ניט בשלימותו, נאר אין אן אופן וואס ער איז נגנז געווארן דארטן - לדעת כמה תנאים[51],

וואס דער זעלבער ארון וועט זיין אין ביהמ"ק השלישי בשלימותו, צוזאמען מיט אלע "חמשה דברים" וואס זיינען געווען אין ביהמ"ק הראשון, און נאך מיט א הוספה בזה.

וואס התחלת כל העניינים האט זיך אנגעהויבן בא' אי'ר, וואס דעמולט האט מען אנגעהויבן בויען דעם ביהמ"ק הראשון, און פון דעם "יחוד זה למעלה הוא נצחי לעולם ועד" קומט דאס ארויס בגילוי אויך למטה, אין בנין ביהמ"ק השלישי בקרוב ממש,

וואס אויף דערויף איז מען מתפלל "הרחמן הוא יחזיר לנו עבודת ביהמ"ק למקומה במהרה בימינו", וואס דאס גייט אויפן ביהמ"ק השלישי, וואס וועט געבויט ווערן אין דער גאולה האמיתית והשלימה.

טו. דערפון איז פארשטאנדיק דער גודל הענין פון ספה"ע:

דער ענין אז "יושפע שפע רב בכל העולמות", ועד"ז דער מילוי הבקשה אז "הרחמן הוא יחזיר לנו עבודת ביהמ"ק למקומה במהרה בימינו" - ווערט אויפגעטאן דורך דעם ענין שהזמ"ג - דורך דער מצוה פון ספה"ע, וואס די נאכט איז דאס די ספירה וואס איז פארבונדן מיט "תפארת שבתפארת".

וואס דערפון זעט מען דעם גודל המעלה פון יעדער מצוה. אפי' ווען עס רעדט זיך וועגן א "מצוה קלה"[52] ער איז ניט מקיל אין דער מצוה ה"ו, דאס איז אבער א "מצוה קלה" לגבי אן אנדער מצוה וואס איז "חמורה" - בנוגע צום ענין השכר והפכו כו'], ביז צו דער מצוה פון ספה"ע ווי דאס איז בזמן הזה, וואס דאס איז מערניט ווי א מצוה מדרבנן -

דאגט מען אבער אז "על ידי זה יושפע שפע רב בכל העולמות"; עס הויבט זיך אן מיט תיקון נפשו, אבער דערנאך איז ער אויך מתקן כל־העולמות כולם, אז זיי ווערן ראוי צו

- מקבל -

---

50) ש"ב ז, ו. שהש"ר פ"א, טז [ג]. 51) יומא נג, ב.
52) ראה אבות רפ"ב. וראה תנחומא עקב ב. דב"ר פ"ו, ב. ועוד.

מקבל זיין דעם "שפע רב", און דאס איז אויך כסייע צום מילוי הבקשה אז "הרחמן הוא יחזיר לנו עבודת ביהמ"ק לםקומה במהרה בימינו".

ובפרט ווען דאס קומט גלייך בהמשך צו די ענינים וואס זיינען געווען בא' באייר, כולל אויך דער ענין פון "שאו את ראש כל עדת בנ"י", וואס דאס באווייזט אויף דער חשיבות פון א אידן, אז דער אויבערשטער אליין ציילט אים - וואס "יחוד זה למעלה הוא נצחי לעולם ועד", ובפרט אז דאס איז אן ענין וואס שטייט אין תושב"כ, וואס דעמולט ווערט דער מנין אן ענין נצחי אויך למטה, כידוע דער ביאור פון דעם ראגאטשאווער[53] בנוגע צו די נצחיות פון די ענינים וואס שטייען אין תושב"כ, ווי גערעדט כמ"פ בארוכה[54].

טז. און אע"פ אז ער קען זיך ניט מסביר זיין בשכלו, ווי אזוי קען זיין אז דורך דערויף וואס ער איז מקיים א מצוה מדרבנן (און ידע איניש בנפשי' זיין מעמד ומצב), וועט אויפ-געבויט ווערן דער ביהמ"ק השלישי, וואס ס'איז שוין 19 הונדערט יאר וואס מ'קען זיך אויף אים ניט דערווארטן -

זאגט מען אים אבער אז אזוי איז דער אמת לאמיתו, צי ער פארשטייט דעם טעם און קשר הענינים, צי ער פארשטייט ניט,

אז דורך דערויף וואס ער איז מקיים די מצוה פון ספה"ע, און טוט דאס ווי עס שטייט אין סידור "יכוין לספירה של אותו הלילה ולתיבה אחת של "אנא בכח" ותיבה אחת של מזמור "אלקים יחננו" ואות א' מפסוק ישמחו",

[אין וואס די כוונה באשטייט - זיינען דא אזוינע וואס צו זיי האט דאס ניט קיין שייכות, אבער וויבאלד אז דער אלטער רבי זאגט "יכוין", איז ער מכוין לדעת פון דעם אלטן רבי'ן, כידוע די תשובות און די ביאורים בזה[55], מיט כל הפרטים שבדבר.

אין אנדערע מצוות זאגט ניט דער אלטער רבי "יכוין", אבער בנוגע צו דער מצוה פון ספה"ע דארף זיין דער ענין פון "יכוין",

וואס דאס איז געזאגט געווארן צו יעדער אידן, אפילו דער וואס לא ידע מאי קאמר. ווארום מ'טייטשט אים אפ אז "יכוין" איז אן ענין וואס איז פארבונדן מיט כיוון און מיט מחשבה, ובפשטות - עס באווייזט די וועג וואוהין זאל גיין

- כח -

------------

53) מפענ"צ פ"ה ס"ב. צפע"נ עה"ת עה"פ בראשית ה, א.
54) לקו"ש ח"ח ע' 151. 55) ראה שער הכולל שם (בשם בעל הרוקח).

כח כחשבתו, ובלשון הידוע[56] "כיון לבו", אז צוזאמען מיט דער מחשבה גייט מיט אויך די הארץ, וואס דאס איז דאך גאנץ בא יעדער אידן, און שטענדיק איז "היתה באמנה אתו"[57],

ווערט אויפגעטאן בדרך ממילא דער מסובב - אז "הרחמן הוא יחזיר לנו עבודת ביהמ"ק למקומה במהרה בימינו", אין אן אופן וואס אין ענין יוצא מידי פשוטו.

און ס'איז קיין נפק"מ ניט צי ער פארשטייט דאס בכל החכמה בינה ודעת שלו, וויבאלד אז דאס איז דער אמת לאמיתו, ובמילא דארף ער צום אלעם ערשטן טאן דעם ענין, און דאס גופא וועט פועל'ן אז ער זאל זיין מערער מוכשר און אים זאל זיין לייכטער צו פארשטיין דעם קשר הענינים.

יז. און דאס איז מזרז און מעודד את כל אחד ואחת מישראל, אז מ'זאל וויסן די גדלות פון א אידן ווען ער האלט זיך אין תומ"צ און אידישקייט,

וואס דאס פארבינדט אים און דורך דעם ווערט ער איין זאך מיטן נותן התורה און מצווה המצוות, וואס דאס איז דער אויבערשטער,

וואס ער איז דער בורא פון כל העולמות כולם, און ער איז דער מקור הברכות, און ער איז דער וואס וועט אויפבויען דעם ביהמ"ק השלישי, ווי עס שטייט אין זהר[58] אז אין ביהמ"ק השלישי וועט זיין דער אויפטו אז ער וועט אויפגעבויט ווערן ע"י הקב"ה בכבודו ובעצמו, "מקדש אד' כוננו ידיך"[59],

[כמדובר כמ"פ[60] אז ס'איז קיין סתירה ניט צו דעם וואס דער רמב"ם[61] זאגט אז משיח צדקנו וועט אויפבויען דעם ביהמ"ק, ואין כאן המקום להאריך בזה],

אבער דער בנין פון ביהמ"ק השלישי ווערט אויפגעטאן דורך יעדן איינציקן איד, דורך דעם וואס ער איז מקיים א מצוה מדרבנן, ועאכו"כ א מצוה מן התורה, ביז צו כללות מעשינו ועבודתנו במשך זמן הגלות.

און עד כדי כך שטייט די מעלה פון א אידן בגלוי, ביז אז מ'דערציילט בגלוי אז אין דעם יום שלפנ"ז (א' אייר) האט דער אויבערשטער געציילט די אידן, וואס פון דעמולט האט יעדער איד די חשיבות און דעם תוקף אז איננו בטל לעולם, וויבאלד אז ער איז א דבר שבמנין.

- יח. -

---

56) ברכות ל, א. ועוד. 57) שם ספכ"ד. 58) ח"א כח, א. ח"ג רכא, א. 59) בשלח טו, יז. ודאה פרש"י עה"פ. 60) לקו"ש חי"א ע' 98. חי"ג ע' 84, הע' 36. 61) הל' מלכים רפי"א.

יח. און וויבאלד אז מ׳קוקט פון א טאג וואס רעמולט האט זיך אנגעהויבן דער בנין פון ביהמ"ק הראשון אין עוה"ז הגשמי, וואס זיין אויפטו איז אז דאס איז אן ענין של "ביה" (און ניט "ואהי׳ מתהלך באוהל"[50]), וואס דאס איז נענטע׳ צו דעם ענין פון "נצח סלה ועד", דער ענין פון נצחיות,

וואס פון דעמולט אן ווערט דער ענין אויפגעטאן מחדש אין א׳ אייר בכל שנה ושנה, און דערנאך ווערט דאס נמשך אין דעם טאג שלאח"ז -

איז דאס נאכמער מעודד און מזרז א אידן צום מללות הענין פון קיום התומ"צ, וואס ענינם איז, אויפטאן אין עוה"ז הגשמי, בדוגמת ביהמ"ק.

ובפרט ווען עס רעדט זיך וועגן מצות ספה"ע, וואס דורך דעם איז ער מתקן א חלק בנפשו, ובנדו"ד - דעד ענין פון "תפארת שבתפארת" שבנפשו, ביז אז דערמיט איז ער מתקן דעם ענין פון "תפארת שבתפארת" שבכל העולמות,

וואס דער ענין פון תפארת איז, ווי חסידות טייטשט אפ אז דאס איז די התכללות פון אלע ענינים (וואס דעמולט איז דאס די ריכטיקע תפארה), וואס תפארת גופא איז דאך אויך כלול פון שבעה מדות, איז אין תפארה גופא איז דאס תפארת שבתפארת.

יט. דער ביאור אין דעם ענין פון "תפארה שבתפארת" ווי דאס איז אין עבודת האדם:

בנוגע צו די שבעה שמות שנקרא בהם הקב"ה, די שבעה שמות הקדושים[62], וואס זיי זיינען פארשידענע שמות און פארשידענע נקודות וכו׳, איז מבואר[63] אז דאס איז מערניט ווי בנוגע צו זייער גילוי אין וועלט,

ולדוגמא: שם א-ל איז דער ענין פון חסד, ווי מ׳שטייט[64] "חסד א-ל כל היום", און שם אלקים איז דער ענין פון גבורה, ווי ער טייטשט אפ אין שו"ע[65] "בעל היכולת ובעל הכחות כולם",

אבער בנוגע צום אור און די פנימיות שלהם, איז דאס דער ענין פון שם הוי׳, וואס דאס איז דער שם העצם, שם המפורש און שם המיוחד[66].

אבער בנוגע צו ספירת התפארה, איז מבואר בכמה דרושים[67],

- אז -

-------------

62) שבועות לה, סע"א. 63) ראה אוה"ת נח כרך ו תתרסז, א. ועוד. 64) תהלים נב, ג. 65) או"ח ס"ה. 66) ראה לקו"ש ויצא תשל"ד הע׳ 36, 37. 38. 67) אוה"ת שם. מכוה ע׳ קו ואילך.

אז סיי דער אור (די פנימיות) און סיי דער כלי (דער גילוי אין וועלט) זיינען ביידע פארבונדן מיט שם הוי׳.

וואס דער אויפטו פון שם הוי׳ לגבי די אנדערע שמות, איז פארשטאנדיק דערפון וואס שם הוי׳ איז דער שם העצם, שם המפורש און שם המיוחד - זאגט מען אז די פנימיות פון אלע שמות איז דער ענין פון שם הוי׳, אבער אין ספירת התפארת שטייט דאס בגילוי, ווארום דארטן איז סיי דער אור און סיי דער כלי פארבונדן מיט שם הוי׳.

כ. און וויבאלד אז "עמך כולם צדיקים"[68], און "צדיקים דומין לבוראם"[69], איז פארשטאנדיק, אז ביי א אידן איז אויך דא דער ענין פון ספירת התפארת:

ביי א אידן איז דא די פנימיות שלו, די נשמה, "חלק אלוקה ממעל ממש"[70], וואס דאס איז ב-טליכקייט אליין, און ס׳איז אויך דא דער חלק הגלוי שבו, וואס דאס איז כולל כל כחות נפשו, און מחשבה דיבור ומעשה, ביז צום נה"ב און דער גוף און חלקו בעולם.

און ווען עס רעדט זיך וועגן דער עבודה פון אידן - זיינען דא אזוינע וואס ענינם איז ע"ד שם א-ל, ענינו איז אז ער איז משפיע חסד, און עס זיינען דא אזוינע וואס ענינם איז שם אלקים, דער ענין פון "בעל היכולת ובעל הכחות כולם" ווי דאס איז אין עבודת האדם, ביז צו דעם ענין פון שם אד׳, אז ער ווערט א בעה"ב על כל עניניו און על חלקו בעולם - וואס דאס גופא איז דאך מדגיש אז כ׳דארף אנקומען צום ענין האדנות, ווארום לולא זאת קען מען ניט וויסן ווי אזוי דאס וועט זיך דורכפירן.

עס איז אבער דא דער אופן העבודה וואס איז פארבונדן מיט ספירת התפארת -- אז סיי זיין גילוי און סיי זיין פנימיות (דער אור מיטן כלי) זיינען ביידע פארבונדן מיט שם הוי׳, ד.ה. אז ביי אים שטייט בגלוי דאס וואס א איד איז בעצם, און דאס וואס א איד איז מיוחד, דער ענין פון יחידה שבנפש, און דאס וואס ער איז מפורש, אז זיין פנימיות ווערט ערקלערט און מוסבר בכל פרטי עניניו (ע"ד ווי שם הוי׳ איז שם העצם, שם המיוחד און שם המפורש), מיט אלע ביאורים וואס זיינען דא אין שם הוי׳ בנוגע צום אויבערשטן, וואס עד"ז איז אויך בנוגע צו אידן, וויבאלד אז "עמך כולם צדיקים", און "צדיקים דומין לבוראם".

וואס דאס איז דער ענין פון תפארת אין עבודה - אז סיי

- זיין -

------------

68) ישעי׳ ס, כא. 69) ב"ר פס"ז ח. 70) תניא רפ"ב.



הנהה הה׳ בלתי מוגה

זייען פנימיות און סיי זייען גילוי איז פארבונדן מיט שם הוי' - וואס דעמולט בלייבט אויך א חילוק צווישן די פנימיות מיטן גילוי, ווארום דאס איז אור און דאס איז כלי, און ס'איז ניט בדומה ווי שם הוי' שטייט אין כלי לגבי ווי ער שטייט אין אור, אבער אעפ"כ זיינען ביידע פארבונדן מיט שם הוי'.

בדוגמא ווי דאס איז בנוגע צום גוף מיט דער נשמה, וואס דער גוף פון א אידן איז אויך א גוף קדוש (ביז אז עס זיינען דא פרטי דינים וואס זיינען פארבונדן מיט קדושת הגוף[71]), און די נשמה פון א אידן איז אויך א נשמה קדושה, ס'איז "חלק אלוקה ממעל ממש",

איז מצד דעם עצם ענין הקדושה, איז סיי דער כלי און סיי דער אור, דער גוף מיט די נשמה, זיינען ביידע קדושים; ס'איז טאקע ניט דומה קדושת הגוף צו קדושת הנשמה, אבער דער גוף האט אין זיך אויך אן ענין של קדושה, וואס אן ענין של קדושה איז ניט מעלים ומסתיר אויף אן אנדער ענין של קדושה, עאכו"כ אז אין דערויף איז ניט שייך צו זאגן קיין ענין של התנגדות ח"ו.

כא. ובנוגע לפועל:

אזוי ווי מ'קומט דאך פון א טאג וואס דעמולט האט זיך אנגעהויבן דער בנין פון ביהמ"ק, וואס כללות הענין פון דעם משכן מיטן ביהמ"ק איז - אז מ'האט גענומען פון וועלט "כסף זהב ונחושת", און מ'האט דערפון געמאכט א ("אוהל" און דערנאך א) "בית" צום אויבערשטן, וואס דארטן געפינט זיך דער דר בהבית בכל עצמותו ומהותו[72],

איז כן תהי' לנו - בא יעדערן בעבודתו, אז ער טוט אויף דעם קשר צווישן די נשמה מיטן גוף, און צווישן איב מיט חלקו בעולם,

ווארום וויבאלד אז דאס איז א חלק בעולם וואס געהערט צום "גוי קדוש", איז דערפון גופא די הוכחה אז דער חלק איז אויך קדוש (ווארום אויב ניט, וואלט דאס ניט געהאט קיין שייכות צו א אידן), מ'דארף נאר מגלה זיין די קדושה שבזה.

ובדוגמא ווי ס'שטייט אין תנחומא[73] אז דער אויבערשטער האט אויסגעקליבן אידן מכל העמים, "אהה בחרתנו מכל העמים",

- און -

-------------

71) ראה שו"ע יו"ד סרס"ג ס"ה. 72) ראה אוה"ת בלק ע' תקצז. הכשך תרס"ו ס"ע ג. סה"מ הרע"ה ע' קצג. ועוד.
73) ראה ה. וראה מכילתא בההלתו.



הנחת הת' בלתי מוגה

און האט אויסגעקליבן א"י ככל הארצות, און דערנאך האט ער געזאגט אז ער וועט געבן די לאנד וואס ער האט אויסגעקליבן צום פאלק וואס ער האט אויסגעקליבן, אין אן אופן אז ס'זאל זיין א קשר ושייכות ביניהם, ביז אז זיי זאלן ווערן איין זאך, ביז וואנעט אז מ'זאגט אויף א"י "ארץ אשר גו' תמיד עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[74].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דורך דערויף וואס די "ארץ" שבנפשו איז ווי עס דארף צו זיין

[ווי עס ברענגט זיך אראפ אין די דרושים[75] אויפן פסוק[76] "השמים כסאי והארץ הדום רגלי" (וואס דאס איז א פסוק פון היינטיקע הפטרה) דער מארז"ל[77] "למה נקרא שמה ארץ שרצתה לעשות רצון קונה" – וואס דער רצון פון א אידן איז דאך אלעמאל בשלימות, כפס"ד הרמב"ם[78]],

קומט דאס אויך ארויס אין דער ארץ וואס דער אויבערשטער האט אויסגעקליבן מכל הארצות (א"י), ווארום א"י איז פארבונדן מיט אידן אין אן אופן פון נחלת עולם, און אין אן אופן פון "נצח סלה ועד", אז אין דערויף זיינען ניטא קיינע שינויים.

כב. און בשעת א איד באווייזט אז זיין "ארץ" שטייט בשליכות, אין אן אופן אז "רצתה לעשות רצון קונה" – קומט דאס דערנאך אראפ אין עקב שברגל, און דאס קומט אראפ אויך בלילה, און דאס קומט אראפ בדיבור, אפי' אין א מצוה וואס איז כערניט ווי מדברי סופרים, ביז אז ער מאכט אויף דערויף א ברכה, וואס דאס באווייזט אויף אן ענין של שמחה אויף דערויף וואס ער האט זוכה געווען צו קיום מצוה זו.

ובפרט לויט ווי דער מנהג איז בכמה קהילות אז פאר ספה"ע זאגט מען "הנני מוכן ומזומן", מיט אלע פרטי הבקשות שבדבר – וואס אע"פ אז לויט מנהג חב"ד זאגט מען דאס ניט, ווערן אבער די אלע ענינים נכלל אין די תפלות וואס מ'זאגט נאך ספה"ע (כמובן ופשוט, און מ'דארף אין דערויף ניט האבן קיין אריכות).

און דאס ווערט נמשך פון תפארת שבתפארת, און אין אן אופן פון מלכתחילה אריבער,

און אין אן אופן אז דאס קומט גלייך נאך א' באייר, נאך דעם כניץ פון אידן, וואס דאס מאכט זיי פאר א דבר שבמנין וואס ווערט קיינמאל ניט בטל,

- און -

------------

74) עקב יא, יב. 75) הו"א בראשית א, ג. ועוד.
76) ישעי' סו, א. 77) ב"ר פ"ה, ח. 78) הל' גירושין ספ"ב.

הנחה הת' בלתי מוגה

און דאס קומט גלייך נאך דער התחלה פון בנין ביהמ"ק, וואס דאס איז געווען בא' באייר, און דערנאך ווערט נמשך דער המשך הבני' פון דעם ביהמ"ק.

כג. און אזוי ווי מ'זאגט אז די גאולה פון דעם איצטיקן גלות וועט זיין אין אן אופן אז "מיד הן נגאלין"[79], איז עד"ז אויך בנוגע צום ביהמ"ק השלישי, אז גלייך נאך התחלת הבנין שלו, ווערט דער שלימות הבנין בכל הפרטים שבו, ביז צו תכלית השלימות.

וכן תהי' לנו, למטה מעשרה טפחים, ואין ענין יוצא מידי פשוטו - אז מ'וועט זעהן בעיני בשר דעם קיום היעוד "ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים",

וואס דארטן וועט מען מקיים זיין אלע מצוות, כולל אויך די מצוה פון ספירת העומר,

און ווי גערעדט פריער (ס"ו) אז לדעת כמה אחרונים איז אויב דער ביהמ"ק וועט געבויט ווערן אינמיטן פון ספה"ע, וועט מען קענען ממשיך זיין אין מצות ספה"ע מה"ת, און דאס וועט זיין אלס א המשך צו ספירת העומר שלפנ"ז.

און דאס וועט ברענגען צום גילוי פון תורתו של משיח נאך פאר "זמן מתן תורתנו", עאכו"כ אלס הכנה צו "זמן מתן תורתנו" - וואס אין לימוד תורתו של משיח וועלן דאך אויך זיין עליות, ביז צו עליות עד אין קץ, ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס נאך דעם לימוד פון דעם ערשטן טאג, וועט מען אויך לערנען מארגן און איבערמארגן, ביז אין אן אופן פון "נצח סלה ועד".

ועיקר הדברים איז - אין אן אופן אז אין ענין יוצא מידי פשוטו - אז עס וועט זיין דער "מיד הן נגאלין", און עס וועט גלייך געבויט ווערן דער ביהמ"ק, ושם נעשה לפניך את קרבנות חובותינו כו' כמצות רצונך כמו שכתבת עלינו בתורתך ע"י משה עבדך, בקרוב ממש, ומלכתחילה אריבער.

* * *

כד. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה והי' מדי חודש בחדשו.

* * *

כה. ס'איז דאך רגיל במוצאי שבת צו מבאר זיין א פסוק מיט פרש"י אין פרשת השבוע - ובפרט ווי דאס איז אין דעם מוצאי שבת, וואס ער האט א שייכות מיוחדת צום שבת שלפנ"ז,

- וויבאלד -

------------

79) רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ה.

וויבאלד אז ב׳ אייר האט א שייכות מיוחדת צו א׳ אייר, ווי גערעדט פריער בארוכה.

וואס בנוגע צו פרש"י, איז אע"פ אז עס ווייזט זיך אויס אז דאס איז א פירוש פאר תינוקות - זאגט אבער דער של"ה[80] אז אין פרש"י זיינען דא ענינים נפלאים, ובסגנון פון רבותינו נשיאינו[81] אז פרש"י אויף חומש איז יינה של תורה,

ביז ווי מ׳זעט אז ס׳זיינען דא כו"כ ספרים וואס פאר-נעמען זיך מיט פירוש רש"י על התורה.

וואס אע"פ אז מ׳ווייסט ניט די כללים לויט וועלכע האט רש"י געשריבן פירושו, איז אבער פארשטאנדיק, אז מ׳קען ארויסנעמען די כללים פון פרש"י עצמו,

און ס׳איז בהכרח צו זאגן אזוי, ווארום וויבאלד אז רש"י האט געשריבן פירושו אין אזא סגנון וואס זאל זיין מובן, האט ער זיכער אריינגעגעבן אין זיין פירוש אלע שליסלען וואס מ׳דארף האבן כדי אז מ׳זאל זיך קענען פאנאנדערקלייבן און לערנען פירושו כפי רצונו וכוונתו.

ובפרט בנוגע צו די כללים וואס רש"י אליין זאגט זיי בפירושו עה"ת, וואס איינער פון די הויפט-כללים (וואס דערפאר זאגט אים רש"י גלייך אין פ׳ בראשית[82]) איז - "אני לא באתי אלא לפשוטו של מקרא".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בנוגע צו די אלע דיוקים ושאלות וואס מ׳פרעגט אין פרש"י, איז נוסף אויף דער שקו"ט וואס איז דא אין ספרים ע"פ רמז, ע"פ דרוש, ע"פ סוד און ע"פ הלכה, כוז זיין לכל לראש דער לימוד ע"ד הפשט, און דער לימוד ע"ד הפשט דארף זיין אין אן אופן וואס איז פארשטאנדיק פאר יעדערן וואס הויבט אן לערנען מקרא, וואס דער סדר הלימוד איז דאך "בן חמש למקרא"[83].

כו. אין דעם סיום פון דער צווייטער סדרה (וואס אין היינטיקן שבת זיינען דא צוויי פרשיות) פון היינטיקן שבת (קאפיטל טו פסוק לא) שטייט: "והזרתם את בנ"י מטומאתם".

שטעלט זיך רש"י "והזרתם", און טייטשט אפ: "אין נזירה אלא פרישה, וכן נזורו אחור[84], וכן נזיר אחיו"[85].

וואס דער פירוש אז "אין נזירה אלא פרישה" שטייט אין ספרא על אתר. אבער כנ"ל כמ"פ אז וויבאלד רש"י ברענגט

- אראפ -

---

80) במס׳ שבועות שלו קפא, א. 81) היום יום ע׳ כד.
82) ג, ח. 83) אבות פ"ה מכ"ב. 84) ישעי׳ א, ד. 85) ויחי מט, כו.



הנחה הת׳ בלתי מוגה

אראפ דעם פירוש (ובפרט אז ער זאגט ניט "רבוהינו דרשו" וכיו"ב), איז פארשטאנדיק, אז דאס איז פשש"מ, ד.ה. אז אין פשש"מ איז דער אפטייטש פון נזירה – פרישה.

און אויף דערויף ברענגט רש"י א ראי׳ דערפון וואס ס׳שטייט אין ישעי׳ "נזורו אחור", וואס דער פירוש דערפון איז, אז אידן זיינען געגאנגען צוריק און זיך אפגעשיידט, און די צווייטע ראי׳ ברענגט רש"י דערפון וואס ס׳שטייט אין פ׳ ויחי "נזיר אחיו", וואס דער פירוש דערפון איז (ווי רש"י טייטשט אפ) "פרישא דאחוהי, שנבדל מאחיו".

וואס בשעת מלמדים לערנען מיט די קינדער דעם פרש"י, לערנען זיי דאס אפ שנעל, און דערנאך גייט מען ווייטער,

ובפרט די וואס לערנען פ׳ השבוע פרייטאג (ווי דער מנהג איז בכ"מ) – איז וויבאלד אז דער פסוק איז בסוף הסדרה, און ס׳איז ניטא קיין צייט צו מאריך זיין אין דעם, און קיין קושיות האט ער ניט – גייט מען גלייך ווייטער.

כז. ווען מ׳גיט אבער א קוק אין פרש"י, זעט מען אז דער פירוש איז כולו מוקשה:

א) ווען רש"י טייטשט אפ דאס וואס ס׳שטייט "והזרתם", אז "אין נזירה אלא פרישה", דארף ער צום אלעם ערשטן מבאר זיין וואס איז די שייכות פון "והזרתם" (אן א נו"ן) צו "נזירה" ("נזורו", "נזיר") מיט א נו"ן;

בשעת רש"י זאגט "אין נזירה אלא פרישה" דארטן וואו ס׳שטייט "נזיר" וכיו"ב, דארף ער ניט האבן קיינע הקדמות, און ער קען גלייך זאגן "אין נזירה אלא פרישה"; אבער דא שטייט דאך "והזרתם" אן א נו"ן, דארף רש"י צום אלעם ערשטן מבאר זיין די שייכות פון "והזרתם" צו "נזירה" (בנו"ן), און ערשט דערנאך מבאר זיין אז "אין נזירה אלא פרישה"?

עס זיינען דא מפרשים[86] וואס זיינען מבאר אז "מלת והזרתם שרשו נזר, אלא שנבלע הנו"ן בדגש הזי"ן", ד.ה. אז דער דגש פון דעם זי"ן איז אנשטאט דעם נו"ן, ובכילא איז דאס אזוי ווי ס׳וואלט געשטאנען "והנזרתם", און דערפאר קען רש"י אפטייטשן אז "אין נזירה אלא פרישה".

דער בן חמש למקרא האט דאך אבער ניט געלערנט קיין דקדוק, במכש"כ וק"ו דערפון וואס רוב פון די מלמדים וואס לערנען מיט די קינדער (כבודם במקומם מונח) ווייסן אויך ניט דעם כלל אין דקדוק, אז בשעת ס׳איז דא א דגש אין אן

- אות -

------------

86) רא"ם ושפ"ח כאן. ועוד.



הנחת הת׳ בלתי מוגה

אות וואס עס דארף ניט זיין קיין דגש (ווי עס שטייט אין ספר יצירה[87] אז א דגש איז שייך נאר אין די אותיות בג"ד כפר"ת), קומט דאס אנשטאט אן אנדער אות - ביז זיי זעהן דאס אין שפתי חכמים ווייסן זיי ניט דעדפון,

איז דאך פארשטאנדיק אז דאס איז ניט קיין ענין וואס האט א שייכות צו א בן חמש למקרא, ווארום ער ווייסט ניט דעם כלל אין דקדוק, במכש"כ וק"ו וואס-גרעסערע ווייסן אויך ניט פון דעם כלל, ווי ידע איניש בנפשי' - ביז איך האב דאס געזעהן אין רא"ם האב איך אויך ניט געוואוסט וועגן דעם כלל.

און אעפ"כ טייטשט אפ רש"י "אין נזירה אלא פרישה" אן קיינע הקדמות, כאילו ווי דער בן חמש למקרא פארשטייט אליין אז "והזרתם" איז דער ענין פון "נזירה" (בנו"ן), און רש"י דארף אים נאר מסביר זיין אז "אין נזירה אלא פרישה".

ב) כמדובר כמ"פ אז בשעת רש"י ברענגט צוויי ראיות, איז דאס דערפאר וואס אויף דער ערשטער ראי' איז נאך דא עפעס א שוועריקייט, וואס ווערט פארענטפערט דערמיט וואס ער ברענגט די צווייטע ראי', אבער אעפ"כ איז די ערשטע ראי' די ראי' העיקרית, וואס דערפאר ברענגט ער איר אלס דער ערשטער ראי'.

דארף מען פארשטיין: וואס איז די שוועריקייט וואס עס בלייבט אויף דער ערשטער ראי', און פארוואס איז דאס אבער פארט די ראי' העיקרית.

ג) אפי' אויב מ'דארף האבן צוויי ראיות - איז אבער ניט פארשטאנדיק דער סדר דערפון:

פריער ברענגט רש"י די ראי' פון דעם פסוק "נזורו אחור", וואס דאס איז א פסוק פון ישעי', און ערשט דערנאך ברענגט ער די ראי' פון דעם פסוק "נזיר אחיו", וואס דאס איז א פסוק וואס דער בן חמש למקרא האט שוין געלערנט אין פ' ויחי?!

ד) צוליב וואס דארף רש"י אנקומען צו א ראי' פון א פסוק וואס שטייט אין ישעי' - אפי' אויב דער בן חמש למקרא געדיינקט ניט דעם פסוק "נזיר אחיו", וועט ער דאך באלד לערנען פ' אמור, וועט ער זעהן אז דארטן[88] שטייט "וינזרו מקדשי בנ"י", און רש"י טייטשט דארטן אפ "אין נזירה אלא פרישה", קען דאך רש"י ברענגען די ראי' פון פ' אמור און ניט פון ישעי'?

ה) לכאו' האט רש"י געדארפט ברענגען א ראי' פון פ'

- נשא -

------------

87) פ"ד מ"א. 88) כב, ב.

נשא, וואס דארטן[89] איז דא א גאנצע פרשה וואס רעדט זיך וועגן א "נזיר" – ניט נאר איין מאל (אזוי ווי "נזורו אחור", "נזיר אחיו", אדער "וינזרו מקדשי בנ"י"), נאר עס ווערט איבערגע׳חזר׳ט כמ"פ דער לשון "נזיר"?

נאכמער: אין דער פרשה וואו עס רעדט זיך וועגן "נזיר", שטייט אויך דער לשון "להזיר" און "יזיר"[90], אן א נו"ן, וואס דאס איז די ראי׳ הכי קרובה צו "והזרתם" וואס איז אויך אן א נו"ן –

און דעמולט וואלט מען ניט געדארפט ברענגען די ראי׳ פון "נזורו אחור" און פון "נזיר אחיו", און פארענטפערן פארוואס שטייט דא "והזרתם" אן א נו"ן.

ו) דער מקור פון פרש"י איז דאך אין ספרא, וואס דארטן שטייט: "אין נזירה אלא הפרשה, וכן הוא אומר[91] וינזרו מאחרי גו׳ ואומר נזורו אחור".

וואס דע"י איז משנה דערפון וואס ס׳שטייט אין ספרא – די ערשטע ראי׳ פון ספרא (פון דעם פסוק "וינזרו מאחרי") ברענגט ניט דע"י, נאר די ערשטע ראי׳ אין פרש"י איז פון דעם פסוק "נזורו אחור", און דערנאך ברענגט ער די ראי׳ פון "נזיר אחיו".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ע"ד ההלכה, וואס דאס איז דער אופן הלימוד אין ספרא, איז די ערשטע ראי׳ פון דעם פסוק "וינזרו מאחרי", משא"כ ע"ד הפשט איז דאס ניט אזוי – אדער דערפאר וואס פון "וינזרו מאחרי" איז קיין ראי׳ ניט, אדער דערפאר וואס מ׳דארף דערצו ניט אנקומען, און די ערשטע ראי׳ איז פון דעם פסוק "נזורו אחור" – דארף מען פארשטיין דעם ביאור בזה.

כח. די דיוקים הנ"ל זיינען אין פרש"י על אתר, און דערנאך קומען צו נאך דיוקים ווען מ׳גיט א קוק אין פרש"י אויף די אנדערע פסוקים:

א) אין פ׳ אמור טייטשט אפ רש"י אויף "וינזרו מקדשי בנ"י" – "אין נזירה אלא פרישה", ועד"ז טייטשט ער אפ אין פ׳ נשא אז "אין נזירה בכל מקום אלא פרישה", ועד"ז טייטשט ער אפ אויפן פסוק "נזורו אחור" אין ישעי׳ "אין נזירה בכל מקום אלא לשון פרישות".

איז ניט פארשטאנדיק: וויבאלד אז רש"י האט שוין ארויס-געגעבן דעם כלל אז "אין נזירה אלא פרישה", ווי מ׳האט שוין

– געלערנט –

---

89) ו, ב ואילך. 90) שם. ב-ג. 91) יחזקאל יד. ז.

געלערנט בפרשתנו, איז צוליב וואס דארף ער דאס איבער׳חזר׳ן נאכאמאל אין פ׳ אמור, אין פ׳ נשא און אין ישעי׳?

ווען רש"י וואלט ניט געזאגט בפרשתנו א כלל אז "אין נזירה אלא פרישה", נאר ער וואלט אפגעטייטשט אז "והזרתם" מיינט "ותפרשון" (ווי עס שטייט אין תרגום), וואלט מען זיך געקענט דינגען און זאגן אז דא איז דער אפטייטש הפרשה, משא"כ במקום אחר; אבער וויבאלד אז רש"י גיט ארויס א כלל אז אומעטום איז "אין נזירה אלא פרישה", איז ניט פארשטאנ-דיק: צוליב וואס דארף ער דאס איבער׳חזר׳ן כמה פעמים?

ב) אויך דארף מען פארשטיין די שינויים וואס זיינען דא אין פירוש רש"י:

אויפן פסוק "נזיר אחיו" טייטשט אפ רש"י "כמו וינזרו מקדשי בנ"י, נזורו אחור", און אויפן פסוק "וינזרו מקדשי בנ"י" טייטשט ער אפ "וכן הוא אומר וינזרו מאחרי, נזורו אחור", און אויפן פסוק "נזורו אחור" טייטשט ער אפ "וכן הוא אומר וינזרו מקדשי בנ"י, נזיר אחיו".

וכמדובר כמ"פ אז מ׳קען ניט זאגן אז דאס איז באקראי און מצד חוסר הדיוק ח"ו, ובפרט נאך ווען מ׳זעט אז בכל מקום ומקום איז דא א שינוי אין די ראיות און אין זייער סדר - מוז מען דאך זאגן אז פשט"כ איז מכריח אז אין דעם פסוק דארפן זיין די ראיות אין דעם סדר, און אין אן אנדער פסוק דארפן די ראיות זיין אין אן אנדער סדר.

ועפ"ז איז ניט פארשטאנדיק בנוגע לפירוש רש"י בפרשתנו:

רש"י ברענגט א ראי׳ פון "נזורו אחור" און פון "נזיר אחיו" - איז בשעת מ׳גיט א קוק אין פרש"י אויף "נזורו אחור" און "נזיר אחיו", זעט מען אז דארטן ברענגט רש"י א ראי׳ פון "וינזרו מקדשי בנ"י", וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער עיקר ראי׳ איז פון "וינזרו מקדשי בנ"י" -

איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס בפרשתנו ברענגט רש"י די ראי׳ פון "נזורו אחור" און "נזיר אחיו", און היפס-איבער די ראי׳ פון "וינזרו מקדשי בנ"י", וואס פון דארטן איז גאר די ראי׳ אויף "נזורו אחור" און "נזיר אחיו", און בפרשתנו דערמאנט ער דאס אינגאנצן ניט, אפי׳ ניט אלס א צווייטע ראי׳?!

כיט נאך ככה דיוקים בדבר.

כס. מ׳איז דאך אויך נהוג צו מבאר זיין אן ענין אין די הערוה אויפן זהר:

עס ווערט דערציילט אין זהר פון פרשה תזריע[92] אז "רבי אלעזר -

------------

92) ח"ג נב, א.

הנחה הת׳ בלתי מוגה

אלעזר הוה אזיל . . והוה עמי' רבי אבא, א"ר אבא ניפא מלין דאורייתא ונזיל, פתח רבי אלעזר ואמר אמרי[93] נא אחותי את כו'".

שטעלט ער זיך אויף דערויף אין די הערות[94], און איז מבאר, אז "התחיל לדרוש בזה הפסוק דוקא, כי זה אמר אברהם בעת שהלך בדרך למצרים עם שרה, ור"א ור' אבא, הם ע"ד אברהם ושרה . . א"כ הליכתם בדרך הוא ע"ד כמו הליכת אברהם ושרה בדרך, ואברהם אמר אז אמרי נא אחותי את, לכן התחיל ר' אלעזר ג"כ לדרוש בהפסוק הזה".

וואס וויבאלד אז די ענינים פון תורה זיינען בתכלית הדיוק, קען מען ניט זאגן אז די שייכות איז מערניס ווי אין כללות הדבר (אז ר"א און ר' אבא זיינען ע"ד אברהם ושרה, און הליכתם בדרך איז ע"ר הליכת אברהם ושרה בדרך), נאר די שייכות איז אויך אין פרטי הדברים.

דארף מען פארשטיין: אין זהר איז מבואר אז דורך דעם וואס אברהם האט געזאגט צו שרה "אמרי נא אחותי את למען ייטב לי בעבורך גו'", איז דערנאך ארויסגעקומען אז ווען ער איז ארויסגעגאנגען פון מצרים איז ער געווען "כבד מאד במקנה בכסף ובזהב"[95] - און אין דער הערה איז ניט מבואר וואו איז דער קשר מיט ר"א און ר' אבא אין דעם פרט, אז דורך ר' אבא (וואס איז בדוגמת שרה) איז ארויסגעקומען בא ר"א דער ענין פון "במקנה בכסף ובזהב"?

וואס לרוב הפשיטות שבזה, האט ער דאס ניט מבאר געווען, און האט זיך פארלאזט אז מ'וועט דאס אליין פארשטיין. וכפי שיתבאר לקמן.

ל. אין די שבתות וואס מ'לערנט פרקי אבות, איז כען דאך אויך רגיל צו מבאר זיין א משנה אין פרקי אבות.

ובפרט אין די שבתות שבין פסח לעצרת, וואס דעמולט זאגן דאך אלע פרקי אבות - ניט ווי דאס איז בכל שבתות הקיץ, וואס דעמולט איז נאר "יש נוהגין" זאגן פרקי אבות (ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ בסידורו).

אין פרק שני משנה ג (לויט ווי דער אלטער רבי איז מחלק די משניות) שטייט: "הוו זהירין ברשות, שאין מקרבין לו לאדם, אלא לצורך עצמן, נראין כאוהבין בשעת הנאתן. ואין עומדין לו לאדם בשעת דחקו".

- סייטשן -

------------

93) לך לך יב, יג. 94) לקוטי לוי"צ לזה"ג ע' ערד.
95) לך לך יג, ב.

טייטשן אפ מפרשים[96] אז "רשות" מיינט "שררה", ד.ה. די שלטונות המדינה והמקום, און אויך דערויף זאגט די משנה "הוו זהירין ברשות", אז מ'זאל זיין אפגעהיט אין די יחסים און קשרים וואס מ'האט מיט די שלטונות.

ווארום דאס וואס "נראין כאוהבין", איז מערניט ווי "בשעת הנאתן": דאס איז מערניט ווי צוליב דער הנאה וואס זיי האבן דערפון, על מנת לקבל פרס, און ניט דערפאר וואס מ'דארף ליב האבן א מענטשן; און דאס איז מערניט ווי "בשעת הנאתן", אבער אין א רגע לאח"ז קען מען ניט וויסן צי מ'קען זיך פארלאזן אויף זיי, ווארום "אין עומדין לו לאדם בשעת דתקו".

לא. דארף מען פארשטיין:

א) מסכת אבות איז דאך "מילי דחסידותא"[97], ד.ה. אז נאך דערויף וואס א איד איז לומד תורה און איז מקיים מצוות, דארף מען אויך האבן אז ער זאל זיך פירן אין אן אופן פון לפנים משורת הדין, "מילי דחסידותא", קומט מסכת אבות און איז מסביר ווי דארף זיין די הנהגה מצד "מילי דחסידותא".

איז ניט פארשטאנדיק: וואס איז די שייכות פון דער משנה "הוו זהירין בדשות כו'" צו "מילי דחסידותא" - עס האט ניט קיין שייכות צו לימוד התורה, עס האט ניט קיין שייכות צו קיום המצוות, און עס האט ניט קיין שייכות צו "כל מעשיך יהיו לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו"[98] - איז פארוואס שטעלט מען דאס אריין צווישן די ענינים פון "מילי דחסידותא"?

נאכמער: דער ענין פון "הוו זהירין ברשות כו'", שטייט ניט צוזאמען מיט דער פריערדיקער משנה[99], וואס דארטן רעדט זיך וועגן די וואס זיינען "עוסקים עם הציבור" - וואס די "עוסקים עם הציבור" דארפן דאך האבן צוטאן מיטן "רשות", זאגט מען זיי "הוו זהירין ברשות"[100].

[וואס דעמאלט בלייבט נאך אלץ ניט פארשטאנדיק: די משנה איז מדגיש אז "כל העוסקים עם הציבור, יהיו עוסקים עמהם לשם שמים", און דער ענין פון "הוו זהירין ברשות" איז ניט פארבונדן מיט דער התעסקות אין עניני ציבור "לשם שמים", ווארום אפי' ווען די התעסקות איז ניט "לשם שמים", דארף אויך זיין דער ענין פון "הוו זהירין ברשות"],

נאר דאס שטייט אלס א משנה בפ"ע, וואס דערפון איז

- פארשטאנדיק -

------------

96) פרש"י. ועוד. 97) ראה ב"ק ל, א. 98) אבות פ"ב מי"ב. משלי ג, ו. 99) משנה ב. 100) ראה מדרש שמואל כאן.

פארשטאנדיק אז דאס איז אן ענין בפ"ע. כמדובר כמ"פ אז דאס וואס א משנה איז בפ"ע (נים קיין בבא אין דער זעלבער משנה, וואס דעמולט האט דאס א שייכות לפני' ולאחרי', מיט אלע כללים וואס די גמרא זאגט בכ"מ בנוגע צו רישא און מציעתא און סיפא פון איין משנה), איז עס מכרית צו זאגן אז דאס איז אן ענין בפ"ע -

דארף מען פארשטיין: וואס פאר א שייכות האט די משנה צו "מילי דחסידותא"?

ב) בשעת די משנה זאגט "הוו זהירין ברשות", הייסט דאס אז די משנה רעדט צו די וואס האבן צוטאן מיט די שלטונות, וואס צו זיי איז די הוראה "הוו זהירין ברשות"; אבער דער וואס האט נים צוטאן מיט די שלטונות, האט ער נים קיין הוראה וואס ער קען ארויסנעמען פון דער משנה -

איז נים פארשטאנדיק: ווי קען זיין אז א משנה וואס שטייט אין פרקי אבות, וואס ענינה איז "מילי דחסידותא", און מ'לערנט דאס אלס הקדמה צו מ"ת - זאל נים האבן קיין שייכות צו יעדער אידן, מערניט ווי צו די אידן וואס האבן צוטאן מיט די שלטונות?!

ג) אין פרק ראשון[101] שטייט: "אל תתודע לרשות", ד.ה. אז מצד "מילי דחסידותא" דארף די הנהגה זיין אין אן אופן פון "אל תתודע לרשות", און דא זאגט די משנה "הוו זהירין ברשות", וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז מ'דארף יע האבן צוטאן מיטן "רשות", ס'איז מערניט וואס עס דארף זיין "הוו זהירין ברשות"?

מפרשים[102] ווילן זאגן, אז אע"פ אז די משנה זאגט "אל תתודע לרשות", איז דאס נאר ע"ד הרגיל - ער קען האבן פרנסה דורך האבן צוטאן מיטן "רשות", אדער באופן אחר, זאגט מען אים "אל תתודע לרשות";

אבער די "עוסקים עם הציבור . . לשם שמים", דארפן האבן צוטאן מיטן "רשות", און צו זיי זאגט די משנה אז אע"פ אז זיי האבן צוטאן מיטן "רשות", דארף דאס זיין אין אן אופן פון "הוו זהירין ברשות".

אבער עפ"ז האט דאס געדארפט שטיין אין דער זעלבער משנה - אז אע"פ וואס בכלל זאגט מען "אל תתודע לרשות". איז אבער דא אמאל וואס מ'דארף האבן צוטאן מיטן "רשות", ווען עס רעדט זיך וועגן די "עוסקים עם הציבור . . לשם שמים". וואס צו זיי זאגט מען "הוו זהירין ברשות" - און וויבאלד

- אז -

------------

101) משנה י.   102) רע"ב, תוי"ט וכד"ש כאן.

אז דאס שטייט אין א באזונדער משנה, איז דערפון די הוכחה אז דאס קומט ניט בהמשך צו דער פריערדיקער משנה.

מיט נאך כמה דיוקים, וכפי שיתבאר לקמן.

לב. כאן המקום להמשיך ולסיים בנוגע להמדובר לעיל, אז דער ענין פון ב׳ אייר איז דער ענין פון תפארת שבתפארת, וואס דאס איז דער ענין פון ב׳ אייר ווי דאס איז מצ"ע, און דערצו קומט צו דער ענין אז ב׳ אייר קומט אלס המשך צו א׳ אייר, וואס דעמולט איז געווען דער מנין פון בנ"י, און התחלת בנין ביהמ"ק.

וואס בקביעות שנה זו קומט צו נאך אן ענין - אז דאס קומט אויס אין מוצאי שבת, וואס דערפון דארף דאך אויך זיין א לימוד והוראה, וויבאלד אז קביעות השנה איז אן ענין ע"פ תורה, ובפרט לויט תורת הבעש"ט[103] אז פון יעדער ענין וואס איד זעט אדער הערט, דארף ער ארויסנעמען א הוראה אין עבודת ה׳.

והביאור בזה:

דער כללות הענין פון מוצאי שבת, ובפרט א התוועדות און א סעודה און א ניגון של שמחה וואס איז דא דעמולט, איז פארבונדן מיט דוד מלכא משיחא, ווי עס שטייט אין סידור האריז"ל[104].

וואס אויף יעדער טאג פון דער וואך זאגט מען "אני מאמין באמונה שלימה בביאת המשיח . . אחכה לו בכל יום שיבוא"[105], אבער אעפ"כ זיינען דא זמנים וואס דעמולט שטייט דאס מערער בגלוי,

בדוגמא ווי דאס איז ווען מ׳איז מתפלל "ותחזינה עינינו בשובך לציון", און אין ימות החול - נאך פאר דערויף, ווען מ׳זאגט "את צמח דוד עבדך מהרה תצמיח", וואס דעמולט שטייט דאס מער בגילוי ובהדגשה,

ועד"ז איז אויך במוצאי שבת, וואס דעמולט פראוועט מען "סעודתא דדוד מלכא משיחא".

ובפרט ווען עס קלייבן זיך צוזאמען עשרה מישראל, וואס "אכל בי׳ עשרה שכינתא שריא"[106], און מ׳קלייבט זיך צוזאמען אין א "בית גדול"[107], "שמגדלין בו תורה" און "מגדלין בו

- תפלה" -

---

103) כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות קכז-קכט.
104) להר"ש מרשקוב במקומו. 105) עיקר הי"ב מי"ג עקרים.
106) סנהדרין לט, א. 107) מ"ב כה,ט.

תפלה"[108], און מ׳פארבינדט דאס מיט "סעודתא דדוד מלכא משיחא" (דורך מיני תרגימא וכיו"ב), און מיט זמירות, אין אן אופן פון מלוה את המלך ואת המלכה[109] -

איז דאס נאכמער מגלה און דאס מאכט נאכמער דעם "אחישנה"[110], און עס איז מזרז דעם "מיר הן נגאלין", וויבאלד אז מ׳פארבינדט דעם ענין פון דוד מלכא משיחא מיט אן ענין גשמי - א סעודה מיט לחם גשמי, סעודתא דדוד מלכא משיחא.

בדוגמא ווי גערעדט פריער[111] בארוכה וועגן סעודתו של משיח וואס מ׳פראוועט אין אחרון של פסח (וואס דאס איז דאך אן ענין וואס מ׳האט מגלה געווען בדורנו זה דוקא), אז מ׳פארבינדט דעם ענין פון משיח מיט א סעודה גשמית.

און במוצאי שבת קומט צו אין דערויף נאכמער תוקף - ווארום בנוגע צו מוצאי שבת איז דא דער פס"ד אין שו"ע[112] אז דעמולט דארף זיין "יסדר אדם שולחנו", און עס דארף זיין זמירות, מיט אלע ענינים וואס מ׳רעכנט אויס בנוגע צו מוצאי שבת.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז במוצאי שבת שטייט דער ענין פון "הרחמן הוא יחזיר לנו עבודת ביהמ"ק למקומה" נאכמער בהדגשה.

און דעמולט שטייט נאכמער בהדגשה דער ענין פון "יושפע שפע רב בכל העולמות" - ווארום השפעת השפע אין וועלט גייט דורך דעם ביהמ"ק, כמבואר אין תניא[113] אז אזוי ווי חיות האדם קומט פריער אין מוח שבראש, און פון דארטן קומט ראס אראפ אין לב, ביז צו די "תלת שליטין אינון"[114], וואס זיי טיילן פאנאנדער דעם חיות בכל אברי הגוף, איז עד"ז אויך בנוגע צו כללות העולם כולו, אז דער שפע קומט אראפ אין ביהמ"ק, אין היכל קד"ק, און פון דארטן ווערט דאס נמשך בכל העולם, ועד"ז איז אויך בכל העולמות כולם, אז די השפעה קומט דורך דעם היכל קד"ק פון דעם עולם, ווי גערעדט פריער (סי"ב).

לג. בנוגע צו עבודת האדם - קומט אויך צו דער ענין וואס מ׳קומט ערשט פון א טאג וואס דעמולט איז "כל מלאכתך עשוי׳"[115], און זיין עבודה באשטייט נאר אין דעם ענין פון תענוג, "וקראת לשבת עונג"[116].

- וואס -

------------

108) מגילה כז, א. 109) ראה שו"ע אדה"ז או"ח ס"ש ס"ב. ועוד. 110) ישעי׳ ס, כב. סנהדרין צח, א. 111) שיחת אחש"פ סט"ז ואילך. 112) שם ס"א-ב. 113) פנ"א-נג. 114) זח"ב קנג, א. 115) מכילתא עה"פ יתרו כ, ט. טושו"ע (ואדה"ז) סש"ו ס"ח (סכ"א). 116) ישעי׳ נח, יג.

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט מוצאי שבת, ווארום דעמולט איז ער מלוה את המלך ואת המלכה, וכמדובר כמ"פ אז דער ענין פון מלוה זיין את המלך ואת המלכה איז מדגיש אז כ׳געפינט זיך נאך צוזאמען מיט זיי; ער איז טאקע ניט בהיכל המלך, ווארום דאס איז אין אן אופן וואס ער איז מלוה את המלך, ער געפינט זיך אבער צוזאמען מיטן מלך,

וואס בשעת ער איז א נארמאלער מענטש, ווייסט ער אז די גדלות פון דעם מלך בהיכל מלכותו, איז ניט דערפאר וואס דער היכל איז זייער גרויס, נאר אדרבה, מצד דערויף וואס דארטן געפינט זיך דער מלך, דאס איז דער היכל פון דעם מלך, דערפאר איז דא די גדלות און די שמחה ותענוג אין היכל המלך,

איז פארשטאנדיק, אז אע"פ וואס ער איז טאקע ניט בהיכל המלך, ווארום ער שטייט אין א מעמד ומצב וואס ער איז מלוה את המלך, האט ער אבער דעם עיקר הענין - ער געפינט זיך צוזאמען מיטן מלך, און דאס וואס ער איז מלוה דעם מלך (און געפינט זיך ניט אין היכל המלכות) דארף ניט אנרירן יראתו ואהבתו צום מלך און מילוי פקודות המלך.

און וויבאלד אז פון שבת איז "מתברכין כולהו יומי"[117], ווערט דאס נמשך אין די "ששת ימים תעשה מלאכה"[118] - וואס די אמת׳ע מלאכה איז דער ענין וואס "אני נבראתי לשמש את קוני"[119], דער ענין פון לימוד התורה וקיום מצוותי׳ - אז ער נעמט-מיט אהינצו דעם ענין פון "כל מלאכתך עשוי׳", ד.ה. אז די עבודה איז פאר אים אינגאנצן ניט קיין ענין של טרחא,

און זיין עבודה איז אין אן אופן של תענוג, אז ער האט תענוג דערפון וואס דער אויבערשטער האט תענוג פון לימוד התורה וקיום מצוותי׳, כמבואר בארוכה אין תניא[120] דער גודל השמחה וואס ווערט ביי אים ווען ער איז זיך מתבונן אז ער איז א שפל אנשים, און אעפ"כ האט דער מלך מלכי המלכים הקב"ה אויסגעקליבן אים אז ער זאל אים פארשאפן עונג און נחת רוח, "נחת רוח לפני שאמרתי ונעשה רצוני"[121].

לד. דערפון איז פארשטאנדיק, אז זיין עבודה איז אין אן אופן אז "כל מלאכתך עשוי׳", ובמילא איז עבודתו אין אן אופן של תענוג,

און דעמולט שטעלט אים צו דער אויבערשטער דעם ענין פון "ונתתי גשמיכם בעתם"[122], מיט אלע ברכות וואס ווערן אויסגערעכנט אין דער פרשה.

- וכידוע -

------------

117) זח"ב סג, ב. פח, א. 118) ויקהל לה, ב.
119) קידושין בסופה. 120) פל"ג. 121) ספרי ופרש"י עה"פ פינחס כח, ח. 122) בחוקותי כו, ד.

וכידוע דער סיפור[123] בנוגע צום בעש"ט [וואס וויבאלד אז מ'דערציילט דאס אונז, איז פארשטאנדיק (ע"פ תורת הבעש"ט) אז יעדער איד קען דערפון אפלערנען עפעס בנוגע לעבודתו] אז אמאל איז ער געגאנגען און האט אנגעקלאפט אויף א לאדן, און געזאגט אז ער דארף האבן פרנסה, און איז גלייך אוועק געגאנגען, און דערנאך איז ארויסגעלאפן א איד פון דער הויז, און האט געגעבן דעם בעש"ט דאס וואס ער האט געדארפט האבן.

האט מען דערנאך געפרעגט דעם בעש"ט – ממ"נ: וויבאלד אז ער האט ניט געוואוסט אויף דעם אידן, איז דאך א סימן אז ער האט ניט געדארפט אנקומען צו אים (ווארום אויב ער וואלט געדארפט אנקומען צו אים, וואלט ער דאך געוואוסט ביז יענער וועט אים ענטפערן), איז צוליב וואס האט ער געדארפט אנקלאפן אין לאדן?!

דערציילן תסידים אז דער בעש"ט האט געענטפערט, אז עס שטייט[124] "וברכך ה' אלקיך בכל אשר תעשה", במילא דארף מען האבן די עשי' פון א אידן – איז א קלאפ אין לאדן אויך אן עשי', איז נאך דערויף וואס ער האט אנגעקלאפט אויפן לאדן, האט ער אפגעטאן זיין'ס, ער האט שוין דעם "מלאכתך אשר תעשה", און דערנאך וועט זיין דער "וברכך ה' אלקיך" – אויב דער אויבערשטער וועט אים געבן דורך דעם אידן, איז גוט, אויב דורך א צווייטן אידן, איז ווייטער גוט, און אויב דורך א דריטן אידן, איז ווייטער גוט – מ'דארף נאר האבן זיין עשי', און ער האט שוין געקלאפט אויפן לאדן.

ועד"ז איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו דער עבודה פון יעדער אידן, אז ער שטעלט זיך אוועק אין א מעמד ומצב פון "כל מלאכתך עשוי'", און דאס וואס עס דארף זיין דער "בכל אשר תעשה" – שטעלט ער זיך אוועק מיט א בטחון חזק ביותר, און דעמולט איז א קלאפ אין לאדן אויך גענוג אלס "בכל אשר תעשה", און וויבאלד אז ס'איז גענוג, דארף מען ניט האבן מער.

לה. וכמבואר בארוכה אין ספהמ"צ פון דעם צ"צ[125], אז בנוגע צו דעם ענין פון פרנסה, דארף מען וויסן אז "ברכת ה' היא תעשיר"[126], נאר אזוי ווי "אין סומכין על הנס"[127], וויל דער אויבערשטער אז מ'זאל מאכן א לבוש אין טבע, אז ס'זאל זיין דער "כל אשר תעשה", ווארום עס קען ניט זיין קיין הנהגה נסית בתמידות.

און וויבאלד אז דער ענין פון "כל אשר תעשה" איז

– מערניט –

---

123) לקו"ש ח"ה ע' 344. ח"ז ס"ע 225. 124) ראה טו, יח. וראה ספרי עה"פ. 125) דרמ"צ קז, ב. 126) משלי י, כב. 127) פסחים סד, ב.

מעריט ווי א לבוש צום "וברכך ה' אלקיך", איז פארשטאנדיק. אז ־יאס וואס כ'מאכט א גרעסערן לבוש, העלפט ניט אז ס'זאל ארויסקומען ברכת ה' אין א גרעסערן אופן.

וואס דאס איז עד"מ ווי דער ענין הלבוש בגשמיות (וואס א משל איז דאך מכוון אין אלע פרטים), אז "אדם שתופר לו בגד שצריך לתופרו כמדת גופו, ואם הוא ב' אמות ועושה לו לבוש מג' או ד' אמות, ה"ז מקלקל וגורם שיכשל בו ויפול לגמדי", ד.ה. אז בשעת ער מאכט א לענגערן לבוש, איז ניט דער טייטש אז ביי אים איז צוגעקומען נאך א שטיקל אין זיין לבוש, נאר אדרבה, ווען דער לבוש איז צו לאנג, פארפלאנטערט ער זיך צווישן די פיס, און ס'איז אים מונע פון זיין א "ישר הולך"[128],

ועד"ז איז דאס אויך אין נמשל, אז בשעת ער איז מרבה אין די לבושים ע"ד הטבע צו ברכת ה', איז אע"פ אז דאס זיינען לבושים וואס זיינען מותר ע"פ שו"ע (ווארום אויב ס'איז א דבר האסור, איז מאי קמ"ל אז דאס דארף ניט זיין?!), אבער אעפ"כ, וויבאלד אז ס'איז לענגער דערפון וואס ער דארף האבן, איז "המרבה בלבושים לא העדיף מאומה, ואדרבה מקלקל יותר".

[סיידן ווען ער וויל ווערן אן עשיר, וואס דעמולט זאגט מען אים "ירבה בסחורה"[129], ווארום דעמולט ווערט דאס א לבוש ע"פ טבע, און ע"פ שו"ע און ע"פ פנימיות התורה (ווי דער צ"צ ברענגט דארטן אראפ)].

לו. דערפון איז פארשטאנדיק בנוגע לענייננו:

בשעת ער שטעלט זיך אוועק אין א מעמד ומצב אז פאר אים איז געניג א קלאפ אין לאדן, און ער מיינט דאס מיט אן אכה. און ער טוט דאס דערפאר וואס כל היום כולו איז ביי אים מוקדש צו תומ"צ, בכילא האט ער ניט קיין צייט אויף צו מאכן לאנגע לבושים, פאר אים איז געניג אויך קורצע לבושים - ווערט דאס טאקע אין אזא אופן אז פאר אים איז גענוג דער קלאפ אין לאדן אויף צו באקומען דעם "וברכך ה' אלקיך".

בשעת די גשמיות איז ביי אים א "לאנגע", דארף ער האבן "לאנגע" לבושים, ווי כ'זעט בפועל אז בשעת מ'האט לאנגע פיס, מוז מען האבן לאנגע מכנסים:

בשעת ער האט א גרעסערע קאפ, דארף ער ניט האבן א גרעסערע שלאפע אדער גרעסערן מקיף (ווי מ'רופט דאס אן),

- זיין -

------------

128) ל' הכתוב - מיכה ב, ז. 129) נדה ע, ב.

זיין קאפ איז סאקע גרעסער, אבער די מדה פון דער שלאפע קען בלייבן די זעלבע ווי דער וואס האט א קלענערע קאפ,

ובפרט ווי דאס איז בדורותינו אלו, אז דער מקיף איז ניט מקיף את כל הראש כולו, נאר מערניט ווי א טייל פון דעם ראש,

וכידוע די שקו"ט בזה[130] וואס איז דער שיעור וואס מ'קען יוצא זיין דעם ענין פון כיסוי הראש - צי מ'איז יוצא מיט א מקיף וואס איז מערניט ווי אן אצבע על אצבע (ווי די "מהדרים" וואס גייען מיט אזא מקיף, און מ'דארף זוכן עצות (דורך שפילקעס) אז עס זאל זיך ניט אראפגליטשן וכו'), אדער אז דער מקיף דארף מקיף זיין רוב הראש,

ס'איז אבער ניטא קיין הידור אז דער מקיף זאל זיין אין אן אופן ווי ס'שטייט[131] בנוגע צו נשים, אז מ'זאל ניט זעהן שערה מתחתיו - לכל הדעות איז גענוג אויב דער מקיף איז מכסה רוב הראש,

אבער בשעת ער האט לאנגע פיס, דארף ער האבן לאנגע מכנסים, ווי דער דין[132] איז אז א ת"ח איז דער וואס מ'זעט ניט בשרו מתחתיו אפי' טפח - איז פארשטאנדיק, אז בשעת ער האט לאנגע פיס, דארף ער האבן לאנגע מכנסים, ווארום ער דארף צודעקן נאך א טפח און נאך א טפח.

ווער הייסט אים אבער האבן לאנגע פיס (וואס דעמולט וועט ער דארפן האבן לאנגע לבושים) - דער ענין פון "הוי רץ למצוה"[133] קען געטאן ווערן אפי' ווען ער מאכט ניט די פוס לאנג, ווארום ער קען פארן מיט אן אפטאמאביל!

אויב ער איז א בעה"ב אויף מאכן לענגער - מאכט ער לענגער די קאפ מיטן שכל שבו, ער מאכט לענגער דעם לב מיטן רגש שבו, און ער מאכט לענגער דעם ענין פון "הוי רץ למצוה", כולל אויך דעם ענין פון "קדש עצמך במותר לך"[134], און מצוות וואס זיינען בגדר "כל מעשיך יהיו לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו".

אבער ווען ער מאכט די מכנסים נאך לענגער פון זיינע לאנגע פיס - איז א זיכערע זאך אז דאס ברענגט ניט קיין תועלת, נאר אדרבה, דאס איז אים גאר מבלבל.

לז. און דאס איז דער תוספת לימוד וואס מ'האט אין קביעות

- שנה -

------------

130) שו"ת הלל אומר סמ"ג. 131) שו"ת צ"צ אה"ע ח"א סקל"ט. ועוד. 132) ב"ב נז, ב. רמב"ם הל' דעות פ"ה ה"ט. 133) אבות פ"ד מ"ב. 134) יבמות כ, א.

שנה זו. אז הפארה שבהפארה איז פארבונדן מיט מוצאי שבת קודש:

וויבאלד אז א איד קומט פון א מעל"ע וואס "כל מלאכתך עשוי'", און "וקראת לשבת עונג", זיין עבודה דעמולט איז בהוך תענוג, וואס דער ענין פון התענוג איז כולל אין זיך אלע כחות, אויך כח העשי', ביז צו עשי' שבעשי', אבער אין אן אופן אז אלע כחות זיינען דורכגענומען מיט דעם ענין התענוג -

נעמט ער דאס מיט אויף כל ימות השבוע שלאח"ז, וויבאלד אז "מיני' מתברכין כולהו יומי", און ער נעמט דאס מיט על כל ימות השנה שלאח"ז, אז עס ווערט א שנה של תענוג,

און פון דעם אות ת"ו - וואס דערמיט הויבט זיך אן דער ווארט תענוג - צוזאמען דערמיט וואס דער ת"ו איז פארבונדן מיט תורה תשובה און תפלה (ווי גערעדט אמאל בארוכה[135]), קומט מען נאכאמאל צו דער התחלה פון דעם אל"ף בי"ת - אז עס ווערט א שנת אורה, שנת ברכה און שנת גאולה,

ביז צו דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, בעגלא דידן, ובקרוב ממש.

* * *

לח. דער ביאור אין פרש"י:

רש"י ברענגט א ראי' אז "אין נזירה אלא פרישה" דערפון וואס ס'שטייט "נזורו אחור", וואס דארטן איז מודגש אז "נזירה" מיינט "פרישה" - ווארום "(נזורו) אחור" איז מבליט אז עס רעדט זיך וועגן שינוי מקום (גשמי, או רוחני) - וואס דאס מיינט "פרישה" *.

און דאס וואס "נזורו" איז מיט א נו"ן, און "והזרתם" איז אן א נו"ן - דארף רש"י ניט מבאר זיין, דערפאר וואס דער בן חמש למקרא פארשטייט דאס מעצמו:

רש"י האט געשריבן פירושו פאר א בן חמש למקרא וואס פארשטייט לשון הקודש, והראי' - אז רש"י האט געשריבן פירושו אין לה"ק, און ניט אין פראנצויזיש (ס'איז מערניט וואס בשעת אין לה"ק איז דער ווארט ניט אזוי קלאר, ברענגט רש"י אויך דעם לע"ז פון דעם ווארט, אלס תוספת ביאור).

- ווייטער -

*) אלא שקשה לומר כן (פרישה) בנוגע למקום, ולכן האריך רש"י (בראיות וכפל לשון) בפירושו בישעי'.

135) לקו"ש ח"ה ע' 125.

ווייסט דער בן חמש למקרא אז בשעה מ׳וויל זאגן אז די זאך איז געטאן געווארן, לשון** נפעל (דורך א צווייטן), איז מען מוסיף א נו"ן.

ולדוגמא: "אכל" מיינט: געגעסן, און בשעת מ׳וויל זאגן אז די זאך איז געגעסן געווארן, לשון נפעל, זאגט מען: "נאכל" (מיט א נו"ן). ועד"ז - "כתב" מיינט: געשריבן, און "נכתב" מיינט: געשריבן געווארן.

ועד"ז בנדו"ד: דער "יסוד"*** פון דער תיבה איז די צוויי אותיות "זר", און דער נו"ן איז לשימוש נפעל.

וכידוע שיטת רש"י דיסוד תיבה לאו דוקא דשלש אותיות (כדעת כו"כ) אלא אפילו ב׳[136], או אות אחת.

פארשטייט דער בן חמש למקרא אז "נזורו" שטייט מיט א נו"ן דערפאר וואס דאס איז לשון נפעל - מען איז אפגעשיידט געווארן (דורך א צווייטע זאך - דורך זייער רצון והאוה וכיו"ב), און "והזרתם" שטייט אן א נו"ן, רערפאר וואס דאס איז לשון הפעיל - איר זאלט אפשיידן (ניט לשון נפעל).

לס. לכאורה, וואלט מען געקענט זאגן באופן אחר:

אין פ׳ לך[137] זאגט רש"י: "והנו"ן בו יתירה ליסוד הנופל בו לפרקים כגון נו"ן של נושך ונו"ן של נושא". ועד"ז זאגט רש"י אין פ׳ ויחי[138]: "(היו"ד) עיקר הוא ביסוד . . ופעמים שנופלת ממנו, וכמה אותיות משמשות בלשון זה והם נקדאים עיקר נופל כגון נו"ן של נוגף ושל נושך". ועד"ז אין פ׳ שמות[139]: "וכל נו"ן שהיא באה בתיבה לפרקים ונופלת ממנו כנו"ן של נוגף נושא נותן נושך כשהיא מדברה לשון ופעלתם תנקד כו׳".

- ועפ"ז -

------------

**) כ"ה ל׳ רש"י בריבוי מקומות - "לשון". ולהעיר כראב"ע (אמור כב, ב. ובכ"מ) דלשונו "בנין".

***) לשון רש"י ברוב המקומות הוא "יסוד", לבד ממקומות בודדים - לדוגמא: "עיקר" (ויחי מט, י), "שורש" (וארא ט, לא).

אודות הלשון "שורש" (וארא שם): 1) צ"ע בכת"י רש"י הבכולים כתוב "שורש". 2) צ"ע אולי דוקא "שורש" בהאים לשלול הקס"ד דחילוף אות יסודיה (משא"כ שלילה הוספה על היסוד) - וכפי שרואים שמחליפים (חלק מה)יסוד, משא"כ בשורש, ושינוי בהיסוד - אין הכרח שישנה הבית. משא"כ בשורש.

------------

136) ראה פרש"י עה"פ הצוה כט, א. ועוד. 137) יז, א.
138) מט, י. 139) ג, כב.

ועפ"ז וואלט מען געקענט זאגן בנדו"ד, אז יסוד התיבה איז "נזר", און דער נו"ן איז "עיקר נופל" (וואס דערפאר שטייט דא "והזרתם" אן א נו"ן) [כפי' הראב"ע, מפרשי רש"י, ועוד].

מ'קען אבער אזוי ניט זאגן, ווארום בפרשתנו שרייבט דאס ניט רש"י, און ער איז דאס אפילו ניט מרמז (אע"פ אז ער שרייבט דאס דריי מאל), און דארטן ברענגט ער ניט קיין דוגמא פון דעם ווארט "נזר".

מ. רש"י קען ניט ברענגען קיין ראי' (אז "אין נזירה אלא פרישה") פון דער פרשה שלימה דנזיר (וואס דארטן שטייט כמ"פ דער לשון "נזיר", און אויך "ידיר", אן א נו"ן) - ווארום פון דארטן קען מען (אויך) ברענגען א ראי' להיפך:

לכאורה איז דארטן מפורש דער פירוש פון תיבת "נזיר", אז דאס איז דערפאר וואס "נזר אלקיו על ראשו"[140], וואס "נזר" מיינט "כתר" - און דעם זעלבן ווארט געפינט מען אויך אן א נו"ן "זר זהב"[141], ווי רש"י טייטשט אפ אז "זר" איז "כמין כתר" - איז דאס ניט פארבונדן מיט דעם ענין פון "פרישה".

מא. עד"ז קען רש"י ניט ברענגען קיין ראי' (אז "אין נזירה אלא פרישה") דערפון וואס ס'שטייט "וינזרו מקדשי בנ"י" - ווארום:

"וינזרו" איז דאך מיט א נו"ן, ניט אזוי ווי "והזרתם", און דארטן קען מען ניט פארענטפערן אז דער נו"ן איז פאר- בונדן מיט לשון נפעל, ווארום ווען מ'זאגט לשון נפעל אין לשון עתיד (ציווי), מען זאל זיך אפשיידן, דארף ניט זיין קיין נו"ן,

ולדוגמא: דער ווארט "אכל" בלשון נפעל איז "נאכל", און בלשון עתיד זאגט מען "יֵאָכל". ועד"ז "כתב" בלשון נפעל איז "נכתב", און בלשון עתיד זאגט מען "יִכתב".

מב. וויבאלד אז עס זיינען דא תיבות וואס בא זיי איז דער נו"ן א חלק פון דעם יסוד (אזוי ווי "נשך" וכיו"ב) - איז אויף צו שולל זיין די סברא אז בא "נזירה" איז דער נו"ן ניט קיין חלק פון דעם יסוד, ברענגט רש"י נאך א ראי' (אויף צו מחזק זיין די פריערדיקע ראי') פון "נזיר אחיו", וואס דער פירוש פון "נזיר" איז אויך "פרישה", און דארטן איז דער נו"ן אויך לשון נפעל:

- אויף -

------------

140) נשא שם, ז. 141) תרומה כה, יא.

הנחה הה' בלתי מוגה

אויף "נזיר אחיו" זאגט רש"י "פרישא דאחוהי שנבדל מאחיו", ועד"ז זאגט רש"י אין פ' ברכה[142] אז "נזיר אחיו" מיינט "שהופרש מאחיו במכירתו".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז "נזיר אחיו" איז אויך לשון נפעל - ער איז נבדל ונפרש פון אחיו, דורך דערויף וואס "אחיו" האבן אים מפריש געווען,

האס מען דערפון נאך א ראי' אז "אין נזירה אלא פרישה", און דער נו"ן איז לשון נפעל.

מג. אבער אעפ"כ איז די ערשטע ראי' (הכי חזקה) פון דעם פסוק "נזורו אחור" (אין ישעי'), און ניט פון דעם פסוק "נזיר אחיו" (אין ויחי) - ווארום:

נוסף על האמור לעיל אז עיקר הראי' איז פון "נזורו אחור", דערפאר וואס "אחור" איז מבליט אז עס רעדט זיך וועגן שינוי מקום, פרישה, קומען צו נאך צוויי טעמים:

א) וויבאלד אז יוסף איז געווען אין מצרים, וואס דארטן איז ניט געווען ווער עס זאל אים מפריש זיין און פון וועמען ער זאל זיין מופרש, מוז מען דאך זאגן אז דאס וואס ער איז געווען "נזיר אחיו", מובדל און מופרש פון אחיו, באשטייט אין "מכירתו".

און דערפאר איז קשה קצת צו פארגלייכן דעם פסוק "נזיר אחיו" מיט "והזרתם" - ווארום דער ענין פון "נזיר אחיו" (וואס באשטייט אין מכירתו) איז געווען מערניט ווי פעם אחת, און לפני כו"כ שנים, משא"כ דער ציווי "והזרתם", וואס דאס איז א ציווי אויף אלעמאל.

ב) ועיקר: "נזיר אחיו" איז א שם (התואר) און ניט קיין פעולה, קען מען דערפון ניט ברענגען די ערשטע ראי' (הכי חזקה) צו "והזרתם", וואס דאס איז א פעולה, ווארום מ'קען זאגן אז בא "נזיר אחיו" איז דער נו"ן פון יסוד התיבה, און ניט קיין לשון נפעל.

און ווי מ'געפינט אז דער שם מוז ניט זיין מדויק לפי הפעולה - ולדוגמא: דער נאמען "משה" איז דערפאר וואס "מן המים משיתיהו"[143], און אעפ"כ איז זיין נאמען ניט "משוי" (ווי ראב"ע איז מבאר אז "השמות אינם נשברים כמו הפעלים").

ועד"ז דער נאמען "ראובן" איז דערפאר וואס "ראה ה' גו'"[144], און אעפ"כ איז זיין נאמען "ראובן" [ביז ווי

- כ'סייטשט -

------------

142) לג, טז. 143) שמות ב, י. 144) ויצא כט, לב.



הנחת הת' בלתי מוגה

מ׳טייטשט דאס אפ[145] "ראו מה בין בני לבן חמי"], און ניט "ראה" (בקמ"ץ). ועד"ז דער נאמען "שמעון" איז רערפאר וואס "שמע ה׳ גו׳"[146], און אעפ"כ איז זיין נאמען "שמעון" (בחירי"ק), און ניט "שמע" (בקמ"ץ).

און דערפאר ברענגט רש"י די ראי׳ פון "נזיר אחיו" אלס א צווייטע ראי׳ - לתוספת חיזוק צו דער ערשטער ראי׳.

בנוגע צו די דיוקים אין פרש"י בשאר המקומות - איז אזוי ווי מארגן איז יום העבודה, וועט מען דאס איצטער ניט פארענטפערן, נאר מ׳וועט אריבערגיין צום ביאור אין דער הערה אויפן זהר, און דער ביאור אין פרקי אבות.

מד. בנוגע צו דער הערה אין זהר, וואס ער איז מבאר אז ר"א און ר׳ אבא זיינען בדוגמת אברהם ושרה -

איז דאס פארבונדן דערמיט וואס ס׳איז מבואר אין תשובות הרשב"א[147] (און עס ווערט אראפגעבראכט אין די דרושים פון צ"צ, אין אוה"ת פ׳ חיי שרה[148], אין דעם מאמר ד"ה רבי בנאה הוה קא מציין מערתא, וואס דאס איז דעם אלטן רבי׳נס א מאמר), אז דאס וואס מ׳זאגט אז אברהם ושרה איז בדוגמת נשמה וגוף, מיינט מען ניט להוציא את הענינים מפשטותם ח"ו, נאר מ׳וויל מוסיף זיין אז ע"ר הדרוש והרמז איז אויך דא דער ענין אז אברהם ושרה זיינען בדוגמת נשמה וגוף.

וואס בזמן הרשב"א זיינען געווען כו"כ חכמי ישראל וואס האבן געלערנט אז אברהם ושרה זיינען בדוגמת נשמה וגוף (מיט אלע פרטים וואס זיי האבן מבאר געווען אין דעם), און דערפון איז געווארן א גאנצער שטורעם: היתכן אז חכמי ישראל ווילן מוציא זיין את הענינים מפשוטם (ובפרט אז מ׳האט געלעבט אין אזוינע מדינות וואו ס׳איז געווען א חשש אז עס וועלן זיין אזוינע וואס וועלן זיך אנכאפן אין דערויף אויף מוציא זיין די ענינים פון תורה מפשוטם), און מ׳האט געוואלט אז דער רשב"א זאל זיי מעניש זיין.

האט זיך דער רשב"א אריינגעלייגט אין דערויף, און ער האט חוקר ודורש געווען דעם ענין, און האט אויסגעפונען אז זיי זיינען אמח׳ע חכמי ישראל און גדולי ישראל (ווי דער רשב"א שרייבט זייערע טיטול׳ן) -

ווי זיי האבן מסביר געווען אז ס׳איז א זיכערע זאך אז "אין מקרא יוצא מידי-פשוטו"[149], און אז מ׳זאגט "אין קורין

- אבות -

---

145) ברכות ז, ב. פרש"י עה"פ. 146) ויצא שם, לג.
147) ח"א סתי"ח. 148) קיט, ב ואילך. כרך ב תמב, א ואילך.
149) שבת סג, א.



הנחה הת׳ בלתי מוגה

אבות אלא לשלשה"[150] (ועד"ז בנוגע צו די אמהות), מיינט מען די אבות אברהם יצחק ויעקב כפשוטם;

זיי ווילן אבער אויך ארויסנעמען דערפון א רמז ע"ד הדרוש וע"ד המוסר וואס מ'קען דערפון אפלערנען אין עבודת האדם, און דערפאר זאגן זיי אז אין דערויף איז אויך דא דער רמז אז אברהם ושרה זיינען בדוגמת נשמה וגוף, מיט דער גאנצער אריכות התשובה וואס זיי האבן געענטפערט צום רשב"א.

און דערפאר ברענגט ער אויך אין דעם מאמר ד"ה דבי בנאה הוה קא מציין מערתא, אז צום אלעם ערשטן איז דא דער ענין פון אברהם ושרה כפשוטו, און דערנאך קומט צו אין דערויף דער ענין ווי דאס איז ע"פ סודות התורה.

און דערפון איז אויך פארשטאנדיק, אז דאס וואס מ'טייטשט אפ אז אברהם ושרה איז דער ענין פון חכמה ובינה, איז מעצמו מובן אז מ'מיינט ניט מוציא זיין די ענינים מפשוטם ח"ו - עס זיינען געווען אברהם ושרה בפשטות, און זיי זיינען געגאנגען אין מצרים, מיטן גאנצן סדר השתלשלות וואס איז ארויסגעקומען לאח"ז - אין דערויף איז אבער אויך דא דער רמז אז דאס איז פארבונדן מיט חכמה ובינה ווי דאס איז אין ספירות, און ווי דאס איז אין עבודת האדם, און פארבונדן מיט דעם ענין פון נשמה וגוף.

מה. אין דערויף איז דא נאך א הוספה:

די ענינים ווי זיי זיינען לויט פשוטם של כתובים, זיינען נאר "גופי תורה", און די ענינים ווי זיי זיינען ע"ד הדרוש הרמז והסוד, זיינען "נשמתא דאורייתא" (ווי עס שטייט אין זהר פ' בהעלותך[151]) - ובדוגמא פון א נשמה וגוף, וואס דער עיקר איז די נשמה, נאר כדי אז די נשמה זאל פועל זיין פעולתה, דארף דאס דורכגיין דורך דעם גוף, ועד"ז איז אויך בנוגע צו גופי תורה און נשמתא דאורייתא.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען מ'רעדט וועגן דעם וואס אברהם ושרה זיינען געגאנגען אין מצרים, איז דער עיקר אין דערויף, דאס וואס ס'איז געגאנגען ספירה החכמה און ספירת הבינה, און די נשמות פון אברהם ושרה;

נאר כדי אז די ספירות און די נשמות זאלן קענען דורכפירן שליחותם, דארפן זיי זיין מלובש אין א גוף, ביז צו א גוף וועלכן מ'זעט בעיני בשר, אזא גוף וואס פרעה ועבדיו קענען זעהן,

- וואס -

------------

150) ברכות טז, ב. 151) קנב, א.

וואס דערכולט וועט זיך קענען אויספירן דער תכלית ושלימות הכוונה צוליב וועלכע אברהם איז געקומען אין מצרים - אז ער זאל זיין "כבד מאד במקנה בכסף ובזהב",

וואס דאס גייט סאקע אויף מקנה און כסף וזהב כפשוטו ("אין מקרא יוצא מידי פשוטו"), דער עיקר אין דערויף איז אבער די ניצוצי קדושה וועלכע זיינען דא אין דערויף, וואס אברהם ושרה זיינען ניט געווען להוט נאך כסף וזהב מצ"ע, נאר כדי אז זיי זאלן דאס ברענגען אין א"י און דערמיט דינען דעם אויבערשטן דורך נתינת צדקה און הכנסת אורחים וכו׳.

מו. עפ"ז וועט מען פארשטיין דעם קשר פון דעם וואס "פתח ר"א ואמר אמרי נא אחותי את", מיט דער הליכה פון אברהם ושרה אין מצרים, וואס דארטן האט אברהם געזאגט "אמרי נא אחותי את". והביאור בזה:

ר׳ אלעזר איז דאך געווען דער זון פון רשב"י, און וויבאלד אז רשב"י האט געזאגט "אם שנים הן אני ובני הן"[152], איז פארשטאנדיק אז בא ר"א איז אויך געווען "תורתו אומנתו", אזוי ווי בא רשב"י[153],

און וויבאלד אז ער איז געגאנגען און זיך מתחבר געווען מיט ר׳ אבא, איז פארשטאנדיק, אז ר׳ אבא איז אויך געווען אין א דרגא פון "תורתו אומנתו",

[בדוגמא ווי די גמרא[154] דערציילט בנוגע צו ריש לקיש, אז בשעת ער האט זיך מתחבר געווען און געהאט צוטאן מיט איינעם, האט מען געוואוסט אז מ׳קען זיך פארלאזן אויף יענעם, והראי׳, אז ריש לקיש איז זיך מתחבר מיט אים;

ד"ל האט זיך ניט מפלפל געווען מיט אים אין תורה, וואס דערפון מוז ער זיין א בר שכל, ר"ל האט נאר גערעדט מיט אים, ער האט געהאט מיט אים עפעס א יחס - איז דאס שוין א סימן אז ער איז א ירא ושלם, און מ׳קען זיך פארלאזן אויף אים].

ובפרט לויט ווי ער ברענגט אראפ אין דער הערה די דרגות פון ר"א און ר׳ אבא, אז "ר"א הוא בחי׳ חכמה ור׳ אבא בחי׳ בינה" (און ער ברענגט אויף דערויף דעם מקור אין קבלה) - איז פארשטאנדיק אז ר׳ אבא איז אויך געווען אין דער דרגא פון "תורתו-אומנתו".

- מז. -

------------

152) סוכה מה, ב. 153) ראה שבת יא, א. טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סו"ס קו. הל׳ ת"ת לאדה"ז פ"ד ס"ד-ה.
154) יומא ט, ב.

מז. ווערט אין דערויף א שאלה עיקרית:

ווי קומט צו ר"א און ר׳ אבא אז זיי זאלן גיין בדרך - זיי זיינען דאך אין דער דרגא פון "תורתו אומנתו", דארפן זיי זיצן אין ביהמ"ד און ניט מפסיק זיין פון לימוד התורה?!

און מ׳קען ניט זאגן אז די הליכה בדרך האט ניט גע׳פועל׳ט קיין הפסק אין לימוד התורה, ווארום ער דערציילט אין זהר אז ר׳ אבא האט געזאגט "נימא מלין דאורייתא", אז מ׳זאל זאגן א דבר תורה, איז דאך דערפון פארשטאנדיק, אז מצד דערויף וואס זיי זיינען געגאנגען בדרך האבן זיי מפסיק געווען פון לימוד התורה.

דארף מען דאך זאגן אז די הליכה בדרך איז געווען צוליב אן ענין אויף וועלכן מ׳האט געמעגט מפסיק זיין, דערפאר וואס מ׳האט געמוזט מפסיק זיין - ווי מ׳געפינט אז עס זיינען געווען כמ"פ פאלן פון הליכה בדרך וואס איז געווען פארבונדן מיט אן ענין פון פקו"נ.

ובדוגמא ווי מ׳געפינט אז רשב"י (וואס "תורתו אומנתו") האט מפסיק געווען "לעשות סוכה ולעשות לולב"[155], און אויך צו ק"ש, ווי גערעדט אמאל בארוכה[156].

און דערפון איז פארשטאנדיק, אז וויבאלד זיי זיינען געגאנגען בדרך (און זיינען ניט געווען אין ביהמ"ד, וואס דארטן איז "תורתם אומנתם"), איז דאס גופא א הוכחה אז זיי האבן געדארפט ארויסנעמען די ניצוצי קדושה וואס געפינען זיך אין עניני העולם, אין מקנה און כסף וזהב, וואס דערפאר גייען זיי ארויס פון ביהמ"ד און זיי גייען בדרך.

און דא האט ר׳ אבא מחדש געווען, אז דאס וואס מ׳זאגט "העוסק במצוה פטור מן המצוה"[157], איז דאס נאר ווען די צווייטע מצוה איז אים מבלבל צו טאן די ערשטע מצוה, אבער אויב ער קען טאן ביידע ענינים צוזאמען, באפרייט דאס אים ניט פון דער אנדער מצוה - ועד"ז בנדו"ד, אז זיי קענען גיין בדרך און אויספירן זייער שליחות, און צוזאמען דערמיט זאגן אויך אן ענין אין תורה.

מח. עפ"ז איז פארשטאנדיק אז נאך דערויף וואס ער איז מבאר אז ר"א און ר׳ אבא זיינען בדוגמת אברהם ושרה, דארף ער שוין ניט מבאר זיין די שייכות דערפון מיט "אמרי נא אחותי את", ווארום דאס איז פארשטאנדיק בפשטות:

- אין -

------------

155) ירושלמי ברכות פ"א ה"ב. שבת פ"א ה"ב. 156) לקו"ש פרקי אבות ש.ז. פ"ב מ"ג. 157) סוכה כה. א. ועוד.

אין זהר בדענגט זיך דער המשך הפסוק "למען ייטב לי בעבורך" (אין לקוטי לוי"צ האט דאס דער מעתיק ניט מעתיק געווען, דאס שטייט אבער אין זהר), וואס דאס איז דער ענין פון העלאה הניצוצות וואס זיינען געווען אין דעם מקנה וכסף וזהב וואס אברהם האט ארויסגענומען פון מצרים.

וואס בשעת ר"א און ר' אבא לאזן זיך ארויס און גייען אין וועלט (אע"פ וואס ענינם איז "תורתו אומנתו"), איז פאדשטאנדיק, אז זיי גייען רוכש זיין די ניצוצי קדושה וואס געפינען זיך אין עניני העולם - בדוגמא ווי ס'איז געווען ביי אברהם ושרה, אז זיי האבן ארויסגענומען די ניצוצי קדושה וואס זיינען געווען אין דעם מקנה וכסף וזהב.

און דאס איז וואס "פתח ר' אבא ואמר אמרי נא אחותי' את", וואס אין המשך הפסוק שטייט "למען ייטב לי בעבורך" - וויבאלד אז זייער הליכה בדרך איז געווען פארבונדן מיט העלאת הניצוצות - בדוגמת הליכת אברהם ושרה אין מצרים.

מט. דערפון קומט ארויס א הוראה בנוגע לכל אחד ואחת מישראל:

מ'האט דערמאנט פריער דאס וואס ס'שטייט אין תשובות הרשב"א, אז אברהם ושרה זיינען בדוגמת נשמה וגוף.

וואס די נשמה מצ"ע איז ניט שייך צו קיינע ענינים וועלכע זיינען היפך רצון ה', זי איז אבער יורד "מאיגרא רמה לבירא עמיקתא"[158], און זי שטייט אין א מעמד ומצב פון "מצרים", מיצרים וגבולים, וואס דאס קענען איר מבלבל זיין (און אפרייסן ח"ו - בגלוי עכ"פ) פון עבודת ה'.

און אויף דערויף זאגט מען אז אע"פ אז דאס איז טאקע א ירידה גדולה, מאיגרא רמה לבירא עמיקתא, איז דאס אבער א ירידה צורך עלי', ביז אין אן אופן אז די נשמה (וואס איז בדוגמת אברהם) זאגט "למען ייטב לי בעבורך" - די ירידה פון דער נשמה איז טאקע צוליב דעם גוף, אבער דורך דערויף ווערט אויך אן עילוי אין דער נשמה, "למען ייטב לי בעבורך", ביז צו אן עילוי אין אן אופן פון "כבד מאד במקנה בכסף ובזהב", מיט אלע פרטים שבזה.

נ. עד"ז איז אויך פארשטאנדיק ווי דאס איז בנוגע צו די כחות חכמה ובינה ווי זיי זיינען אין נפש האדם:

ס'איז מבואר אין תניא[159] אז דער כח החכמה איז "מקור השכל", וואס דאס איז די נקודת היהדות וואס איז דא בא

- יעדער -

---

158) ראה חגיגה ה, ב. 159) פי"ח.

יעדער אידן, וואס די נקודת היהדות איז אין אן אופן אז "היתה באמנה אתו"[160].

און דערנאך קומט דער ענין פון בינה, וואס זי איז בדוגמת אות ה"א פון שם הוי׳, דארטן איז שוין דא די התפשטות לאורך ורוחב[161], און אויף דערויף איז געבויט דער סדר השתלשלות, וואס דערפאר ווערט בינה אנגערופן "אם הבנים שמחה"[162], מיט אלע פרטים וואס ווערן נתבאר אין דעם ענין.

און ווי גערעדט פריער בארוכה[163], אז יום השמיני איז דער ענין פון בינה, וואס בינה איז טאקע העכער פון שבעת ימי ההיקף, עס ווערט אבער אנגערופן "שומר ההיקף" (בלשון הרשב"א[164]), ד.ה. אז דאס האט א שייכות מיטן היקף (וואס דערפאר ווערט ער אנגערופן "שמיני"), נאר ס׳איז שטארקער פון דעם היקף, וואס דערפאר איז ער דער שומר ההיקף.

און דערנאך איז דא דער ענין וואס "נטל עשר עטרות"[165], וואס דאס גייט אויף דעם ענין התכמה, ולמעלה מזה - דער ענין הכתר, ביז צו פנימיות הכתר כו׳, וואס חכמה איז דער ענין האחדות, און דארטן איז ניט שייך דער ענין פון התחלקות, וואס דערפאר איז דאס מרומז אין אות יו"ד, וואס איז מערניט ווי א נקודה, און דארטן איז ניטא קיין התפשטות לאורך ורוחב.

וואס אין עבודת האדם איז דאס דער ענין פון נקודת היהדות, וואס דארטן איז ניט שייך קיינע שקו"ט׳ס, ווארום ער זעט אלקות, און די נקודת היהדות איז אין אן אופן אז "גם בשעת החטא היתה באמנה אתו".

און אויף דערויף זאגט מען אז עס דארף זיין "ורעה אמונה"[166], אז מ׳דארף ממשיך זיין דעם ענין האמונה אין אלע כחות, אז אלע כחות זאלן זיין דורכגענומען מיטן כח האמונה, און ניט נאר אין אן אופן מקיף, נאר אין אן אופן פון "ורעה אמונה" - אין אן אופן פנימי, כמבואר בארוכה אין די דרושים[167] אויף דעם פסוק.

וואס בשעת עס רעדט זיך וועגן כח הבינה שבנפשו ולמטה מזה - דארטן דארף מען שוין האבן די באווארעניש פון ענינים

- בלתי -

------------

160) שם ספכ"ד. 161) ראה אגה"ת פ"ה (צד, ב ואילך). 162) ראה לקו"ת צו יא, ג. ועוד. 163) בד"ה ויהי ביום השמיני דמוצאי ש"פ שמיני, מבה"ח אייר. 164) ח"א ס"ס. וראה בארוכה ד"ה ויהי ביום השמיני דשנת תש"ד ותש"ה. 165) שבת פז, ב. תו"כ ופרש"י ר"פ שמיני. 166) תהלים לז, ג. 167) לקו"ה ואתחנן ד, ב ואילך. ועוד.

בלתי רצויים (וויבאלד אז פון בינה ולמטה איז שוין שייך די ענינים, דערפאר וואס דאס איז די התחלה פון סדר השתלשלות), ווארום מ'גייט אוועק אין א דרך רחוקה, "מאיגרא רמה לבירא עמיקתא", דארף מען האבן די באווארעניש אז ס'זאל זיין אין אן אופן פון "אשר יצוה את בניו ואת ביתו אחריו ושמרו דרך ה' לעשות צדקה ומשפט"[168], ווארום עס קען אויך זיין די הליכה אין אן אופן הפכי.

נא. און אויף דערויף קומט די הוראה דערפון וואס ר"א זאגט "אמרי נא אחותי את":

דער ענין פון "אלעזר" איז - כשמו - "אלקי אבי בעזרי"[169], וואס דאס איז דער ענין פון "הקב"ה עוזרו"[170], וואס דאס איז פארבונדן מיט דער נקודת היהדות וואס איז דא בְא יעדער אידן (דער ענין פון חכמה).

און ר' אבא איז דער ענין פון בינה, וואס בינה איז דער התחלה פון וועלכע עס קומט דערנאך ארויס דער גאנצער סדר השתלשלות אין עבודת האדם.

זאגט ר"א צו ר' אבא - די נשמה צום גוף (חכמה צו בינה) - "אמרי נא אחותי את". והביאור בזה:

אזוי ווי עס קען זיין אז שרי פרעה און פרעה זאלן זיך טשעפען מיטן גוף, וויבאלד אז זיי געפינען עפעס א דמיון והשוואה צום גוף, ווי עס שטייט אין תניא[171] אז דער גוף איז "נדמה בחוכדיותו לגופי אוה"ע" -

זאגט די נשמה צום גוף "אמרי נא אחותי את", אז דער גוף זאל זיין פארבונדן מיט דער נשמה, אין אן אופן פון "אחותי את",

וואס "אחות" באווייזט אויף אן ענין של חיבור, ווי ס'ברענגט[172] די ראי' אויף דערויף פון דעם לשון[173] "איחוי אלכסנדרי",

[וואס אין דערויף דארף מען האבן א ביאור: פארוואס ברענגט מען די ראי' פון "איחוי אלכסנדרי" דוקא, מ'געפינט דאך כמ"פ אז ס'שטייט "אח" מלשון "איחוי"],

וואס דאס איז דאך דער אויפטו פון אן אחות לגבי אן - אשה -

---

168) וירא יח, יט. 169) יתרו יח, ד. וראה אוה"ת חקת ע' השצט. שם ע' תתיד. 170) קידושין ל, ב. וראה גם סוכה נב, ריש ע"ב. 171) פמ"ט (ע, רע"א). 172) לקו"ת ר"פ בהר. ועוד. 173) ב"ק כו, ריש ע"ב.



הנחה הת' בלתי מוגה

אשה - אז ביי אן אשה איז דאס נאר מזמן לזמן, און דערויף זיינען דא הפסקים, משא"כ ביי אן אחות, וואס דאס איז אן אהבה שאינה פוסקת,

דארף זיין דער ענין פון "אמרי נא אחותי את", אז דער גוף זאל זיין מאוחד און פארבונדן מיט דער נשמה, און די נשמה איז מאיר אין דעם גוף.

נב. און בשעת אז דער גוף איז פארבונדן מיט דער נשמה, און די נשמה איז מאיר אין דעם גוף - פירן אויס די נשמה מיטן גוף דעם אויבערשטן׳ס שליחות,

אז דער גוף גייט ארויס פון "מצרים" כפשוטו, ער גייט ארויס פון די מיצרים וגבולים, ביז וואנעס אז ער גייט ארויס אפי׳ פון די מיצרים וגבולים רוחניים דקדושה.

און דעמולט שטעלט מען זיך אוועק אין אן אופן פון הרחבה, ביז אין אן אופן פון "ופרצת ימה וקדמה וצפונה ונגבה"[174], "נחלה בלי מצרים"[175],

וואס די התחלה בזה (דער ענין פון "נחלה בלי מצרים") הויבט זיך אן פון סעודה שלישית (ווי די גמרא זאגט אין שבת[176]), און דערנאך ווערט דאס אויך נמשך אין מוצאי שבת, וויבאלד אז מוצאי שבת איז בסמיכות צו סעודה שלישית,

ובפרט לויט ווי ס׳איז געווען דער מנהג אז מ׳פלעגט מאריך זיין אין דער סעודה שלישית, אדער אין די מאמרים וואס מ׳פלעגט דעמולט זאגן - ביז אין דער צייט פון מלוה מלכה.

און מ׳איז מלוה את המלך ואת המלכה אין די לעצטע רגעים פון חול - פון גלות,

און מ׳גייט צוזאמען מיט זיי אין ארצנו הקדושה, "ארץ אשר גו׳ עיני ה׳ אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה". און דארטן גופא - אין ירושלים עיה"ק, וואס "עתידה ירושלים שתתפשט בכל ארץ ישראל"[177], און דארטן גופא - אין קדש קדשים.

ווי ס׳שטייט "והתפללו אליך דרך ארצם"[178]. און "דרך העיר אשר בחרת"[179], און "אל הבית הזה"[180], ביז "אל המקום הזה"[181]. דער מקום פון קד"ק, וואס "זה שער השמים"[182].

- בקרוב -

------------

174) ויצא כח. יד. 175) שבת קיח, ב. 176) שם.
177) ראה יל"ש ישעי׳ רמז תקג. 178) מ"א ח, מח. 179) שם. מד. 180) שם, כב. 181) שם. לה. וראה שו"ע (ואדה"ז) או"ח ר"ס צד. 182) ויצא שם. יז. וראה פרש"י עה"פ.

בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, אין אן אופן פון "מיד הן נגאלין", כיד ממש.

* * *

נג. דער ביאור אין דער משנה "הוו זהירין ברשות כו'":

עס זיינען דא מפרשים[183] וואס ווילן מבאר זיין די שייכות פון דער משנה צו יעדער אידן - אז "רשות" מיינט ניט שלטונות, נאר "רשות" מיינט - עניני הרשות, די ענינים המותרים, און אויף דערויף זאגט מען "הוו זהירין ברשות", אז מ'דארף זיין אפגעהיט אפי' אין עניני הרשות, ווי זיי זיינען מבאר באריכה דעם ביאור המשנה.

עס איז אבער ניט נוגע צו מאריך זיין אין דערויף - ווארום די גירסא וואס דער אלטער רבי ברענגט בסידורו, איז ניט "רָשות", נאר "הוו זהירין בָרָשות",

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דאס איז דער זעלבער ענין פון "רשות" אויף וועלכן מ'זאגט אין דעם ערשטן פרק "אל תתודע לרשות",

וואס דאס איז אויך מתאים מיטן פירוש פון רוב המפרשים, אז "רשות" גייט אויף די שלטונות.

נד. עס איז דא נאך אן ענין אין דער משנה וועלכן מ'דארף באווארענען:

אין פירוש הרמב"ם טייטשט ער אפ דעם ווארט "רשות" (סיי אין דער משנה "הוו זהירין ברשות", און סיי אין דער משנה "אל תתודע לרשות") - "השלטונות בימי הקדם".

וואס כל ימי איז בא מיר געווען די שאלה: וואס איז די הוספה פון "בימי הקדם", דאס איז דאך א זאך וואס האט ניט קיין קלעפ?!

און בפשטות האט זיך בא מיר געלייגט, אז אין פירוש הרמב"ם איז טאקע ניט געשטאנען "בימי הקדם", נאר ווען ר' שמואל בן יהודה אבן תבון האט געמאכט די העתקה פון פירוש הרמב"ם, האט ער מוסיף געווען די ווערטער "בימי הקדם", דערפאר וואס אין יענע צייטן האט מען מורא געהאט פון די שלטונות, אז דערפון זאלן ניט ארויסקומען ענינים בלתי רצויים,

בדוגמא ווי ס'איז געווען אין פולין און אין רוסלאנד.

- אז -

---

183) כד"ש כאן.

אז צוליב דערויף וואס מ'האט מורא געהאט פארן צענזור. האט מען משנה געווען כמה ענינים.

און איצטער האט מען ארויסגעגעבן נאכאמאל דעם פירוש המשניות העתקה קאפח (ווי מ'דרוקט דאס אן), און דארטן זעט מען טאקע אז אין פירוש הרמב"ם (אויף אראביש) איז געשטאנען מערנים ווי דער לשון "שלטונות", אן די הוספה "בימי הקדם".

[מ'דארף נאר מברר זיין צי די הוספה פון "בימי הקדם" איז געווארן דורך דעם מדפיס, אדער אז דאס איז שוין ניתוסף געווארן גלייך ווען מ'האט דאס מעתיק געווען].

נה. בנוגע לענייננו - איז לכאו' ניט פארשטאנדיק: וואס איז די הוראה פון דער משנה "הוו זהירין ברשות" בנוגע צו יעדער אידן?

מ'מוז דאך זאגן אז אין דערויף איז דא א הוראה פאר יעדער אידן, ווארום "התורה על הרוב תדבר"[184], איז דאס אויך א הוראה פאר רובם ככולם פון אידן. און ניט נאר פאר די אידן וואס האבן צוטאן מיט די שלטונות.

ובדוגמא ווי גערעדט אין א פריערדיקע ההתוועדות[185], אז אע"פ אז דער רמב"ם[186] שרייבט אז מסכת אבות איז "בוסר הדיינין" [וואס דערפאר איז מקומה נאך מסכת סנהדרין און מסכת מכות], אעפ"כ, וויבאלד אז מ'זאגט אז דאס איז "מילי דחסידותא", און ס'איז געגעבן געווארן אויך לרובם ככולם פון אידן, מוז מען זאגן אז אין דערויף איז אויך דא א הוראה לכאו"א מישראל.

ועד"ז בנוגע לענייננו - אז אזוי ווי ס'איז דא דער ענין פון "רשות" כפשוטו - די שלטונות המדינה והמקום. איז עד"ז דא דער ענין פון "רשות" ביי אידן גופא - אז מ'האט אים אויסגעקליבן ער זאל זיין פון די טובער טובי העיר וכיו"ב. ועד"ז איז אויך דא דער ענין פון "רשות" בא יעדערן בעניניו.

נו. דער ביאור אין דעם:

די גמרא זאגט אין נדרים[187] אז דער גוף ווערט אנגערופן "עיר קטנה". און אין דער עיר זיינען דא "אנשים בה מעט". וואס דאס זיינען די אברי האדם. און דערנאך איז דא דער "איש מסכן וחכם". וואס ער דארף זיין דער מושל ושליט אויף דער עיר.

- וואס -

------------

184) כו"ג ח"ג פי"ד. 185) שיחת יו"ד שבט מכ"ס.
186) בהקדמתו לפיהמ"ש ד"ה וההלק השני. 187) לב, ב.

וואס ביי א מענטשן זיינען דאך דא די ענינים פון מחשבה דיבור ומעשה, וואס דערפון נעמען זיך אלע פעולות פון דעם מענטשן - און זיי ווערן אנגעפירט דורך דעם שליט שבאדם, וואס ער דייסט זיי וואס צו טאן.

וואס דער שליט ביי א מענטשן איז דער ענין השכל שבו, אדער דער ענין הרגש וההתאוה שבלב, ביז ווי ער זאגט אין זהר אז "תלת שליטין אינון מוחא לבא וכבדא", כמבואר אין דער שיחה הידועה (געדרוקט אין תורה שלום[188]) ווי דאס איז אין עבודת האדם.

ווארום ס'איז ניט גענוג אז דער שכל אליין זאל זיין דער שליט שבאדם, נאר מ'דארף אויך האבן דעם רגש שבלב, כדי אז דער שכל זאל ניט זיין קיין פארפרארענער שטיק אייז, '

וכידוע דער פתגם[189] אויף דעם וואס מ'זאגט[190] "זוטרא דבכו מחי' מתים" - אז ס'איז ניטא קיין גרעסערער ענין פון היפך החיים ווי דער שכל שבאדם, און אויף דערויף דארף מען האבן דעם רגש שבלב, כדי צו מאכן פון דעם שכל א לעבעדיקע זאך, ער זאל ניט זיין קיין פארפרארענער שטיק אייז.

ד.ה. אז דער שכל שבראש דארף זיין אין אן אופן אז פון אים זאל דערנאך ארויסקומען דער ענין פון "ואהבת את ה' אלקיך"[191], ווי דער רמב"ם[192] זאגט "והיאך היא הדרך לאהבתו ויראתו, בשעה שיתבונן האדם כו'", וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די התחלה בזה הויבט זיך אן פון דעם שכל שבראש, נאר עס דארף זיין אין אן אופן אז דערפון זאל ארויסקומען די מדות שבלב.

כז. און אויף דערויף קומט די הוראה פון דער משנה - "הוו זהירין ברשות":

מ'ביז האבן צוטאן מיטן "רשות" - דער שכל שבראש און דער רגש שבלב, :ווארום אויב ער נוצט ניט אויס דעם שכל שבראש און דעם רגש שבלב, גייט ער ארום ווי א שיף אן א רודער - ער דארף זיי נוצן כדי אז זיי זאלן זיין די שליטים אויף אלע רמ"ח אברים ושס"ה גידים שבו;

מ'זאגט נאר "הוו זהירין ברשות", מ'דארף האבן א זהירות. ווארום עס קען זיין אז "נראין כאוהבין" צום מענטשן, און באמת איז דאס גאר באופן הפכי (כדלקמן).

וואס דאס איז אויך מתאים מיט דער הוראה "אל תתודע לרשות":

- "ה. ע" -

------------

188) ע' 120 ואילך. 189) היום יום ע' ‎_א. 190) ע"ז י, ב. 191) ואתחנן ו, ה. 192) הל' יסוה"ת פ"ב ה"ב.

"תתורע" איז מלשון דעת, וואס דעה איז דער ענין פון התקשרות והתחברות[193], און אויף דערויף זאגט מען "אל ההודע לרשות", ד.ה. אז ער דארף טאקע האבן דעם ענין פון "רשות" (כנ"ל), אבער ניט אין אן אופן פון "תתודע", אין אן אופן של התקשרות והתחברות (כדלקמן).

נח. דער ביאור אין דעם:

עס איז דא אמאל וואס דער שכל שבראש אדער דער רגש שבלב זאגן אים אז ער זאל טאן אן ענין בלתי רצוי, און אז ער קוקט אויף דערויף, זעט ער אז דאס איז אזא "רשות" וואס "נראין כאוהבין" - דער שכל און דער רגש גיבן אים נאך, און ער האט הנאה פון זייער יחס צו אים.

עאכו"כ ווען ער שטייט אין א מעמד ומצב פון "עיר פרא אדם יולד"[194], וואס דעמולט פירט ער זיך נאר לויטן שליט שבלב (דער רגש שבלב) - איז "העין רואה והלב חומד"[195], האט ער הנאה פון דעם יחס וואס דער לב האט צו אים, וויבאלד אז "נראין כאוהבין".

וכידוע[196] דער דיוק אין דעם מארז"ל[197] "כך אומנתו של יצה"ר היום אומר לו עשה כך כו'" - אז דער יצה"ר הויבט אן מיט א הסכם צו הנהגת האדם;

איידער דער יצה"ר ווערט דער בעה"ב אויפן מענטשן, איז דאך זיין הנהגה ווי עס דארף צו זיין, א הנהגה טובה - הויבט אן דער יצה"ר דערמיט וואס "אומר לו עשה כך", ער איז מסכים מיט זיין הנהגה, ער זאגט אים: יישר כח. דו ביסט א לומד תורה און א מקיים מצוות, דו וועסט ווערן א גדול בתורה, א פוסק בישראל, א מנהיג ישראל, דו וועסט האבן ש"י עולמות, און אלע וועלן זיך אפבריען פון דיר (ווי די גמרא זאגט אין ב"ב[198]), מיט אלע פרטים שבדבר, און סוכ"ס ווערט ער דער בעה"ב אויף אים.

ועד"ז איז בנדו"ד - אז דער "רשות" איז "נראין כאוהבין", ער באווייזט אים אז ער איז אוהבו, און ער האט הנאה פון אים.

קען ער דאך טראכטן אז ער דארף אים אינגאנצן ארויס-ווארפן, און ניט האבן צוטאן מיטן "רשות" (מיטן שכל ורגש) - איז מצד שורה הדין קען ער זיך טאקע פירן אין אזא אופן.

- אבי -

------------

193) תניא ספ"ג. 194) איוב יא, יב. 195) פרש"י עה"פ שלח טו, לט. 196) סה"ב קונטרסים ח"א לז, א. 197) שבת קה, ב. 198) עה, א.

אבי ער זאל לערנען תורה און מקיים זיין מצוות - אבער מצד דער הנהגה פון "מילי דחסידותא" זאגט מען אים אז עס דארף זיין "הוו זהירין ברשות":

"מילי דחסידותא" זאגט אז עבודת ה' דארף זיין אין אן אופן פון "בכל לבבך - בשני יצריך"[199], ד.ה. אז ער דארף האבן צוטאן אויך מיטן יצה"ר (און ניט ער זאל איינגאנצן ניט האבן צוטאן מיט אים), נאר עס דארף זיין אין אן אופן של זהירות, "הוו זהירין ברשות".

נט. די זעלבע הוראה איז אויך שייך ביי א אידן וואס בטבעו איז ער א ירא שמים און אוהב ה' און א מתמיד בלימודו וכו',

אדער אז ער איז צוגעקומען דערצו דורך עבודתו, דורך דעם וואס ער האט מבער געווען דעם רע שבקרבו, און ער איז צוגעקומען צו דער דרגא פון "עבד ה'", און ער דארף מערניט אנקומען צו דעם ענין פון "עובד אלקים", "לשון הוה", דערפאר וואס "כבר עבד וגמר לגבדי עבודת המלחמה עם הרע"[200], און ער שטייט אין א דרגא אז ווען עס קומט צו מודים איז "מנפשי' כרע"[201],

[ע"ד הסיפור פון דעם רבי'ן נ"ע[202], אז אין שנת הבר-מציה האט ער גע'פועל'ט אויף זיין גוף ער זאל זיך פירן ע"פ תו"ע - ניט מצד דעם וואס די נשמה וועט אים באווייזן ווי ער דארף זיך פירן, נאר אז דער גוף מצ"ע וועט זיך פירן ע"פ השו"ע - בידוע דער אריכות הסיפור בזה, אז דעמולט איז ער געווארן אן איש, און בעת הבר-מצוה האט אים דער בעל יום ההולדת (דער רבי מהר"ש) געבענטשט ער זאל זיין אן אדם[203] -

זאגט די משנה אז אפי' ווען א איד האלט אין אזא דרגא, דארף ביי אים אויך זיין דער ענין פון "הוו זהירין בדשות".

ט. והביאור בזה:

אפי' ווען ער שטייט אין א דרגא וואס זיין "רשות" איז דער יצ"ט - דארף ער אבער וויסן אז דער יצ"ט האט אויך חשבונות; טאקע חשבונות דקדושה, אבער אן ענין של חשבון, און ניט קיין הנהגה וואס איז למעלה ממדידה והגבלה פון דעם שכל שבמוח און דער רגש שבלב.

- און -

------------

199) ברכות נד, א במשנה. ספרי ופרש"י עה"פ ואתחנן שם. 200) תניא פט"ו. 201) ראה ירושלמי ברכות פ"ב ה"ד. תוד"ה עיון - שבת קיח, ב. ועוד. 202) סה"ש תש"ג ע' 4. שם ע' 64. 203) קונטרס חנוך לנער ס"ע 9 ואילך. לקו"ד כרך א קמב, סע"ב. סה"מ תשי"א ע' 246.

און דערפאר זאגט מען אים "הוו זהירין ברשות" - ווארום די עבודה פון "ואהבת את ה' אלקיך", דארף זיין אין אן אופן פון "בכל לבבך ובכל נפשך ובכל מאדך", אין אן אופן פון מס"נ[204], העכער פון די מיצרים וגבולים און מדידות והגבלות פון דעם שכל שבמוח ורגש שבלב.

ווארום דער יצ"ט האט זיך זיינע חשבונות דקדושה, און אז מ'רעדט מיט אים וועגן אן ענין פון מס"נ, הויבט ער אן שרייען: תורה מה תהא עלי', אייב ער וועט זיך מוסר נפש זיין, איז ווער וועט לערנען תורה?!

און אז מ'זאגט אז עס וועט זיך געפינען א צווייטער וואס וועט לערנען תורה, זאגט ער: ווער וועט לערנען תורה אזוי גוט ווי ער לערנט תורה, ווארום אין דוגמתו - אזוי שטייט אין זיין כתב סמיכה, און מיט א חתימה בדבר!

און דערפאר זאגט מען "הוו זהירין ברשות" - אז מ'דארף האבן א זהירות אפי' וועגן דער "רשות" איז דער יצ"ט. ווארום די עבודה דארף זיין אין אן אופן פון מס"נ. און ניט ווי עס קומט אויס מצד דעם שכל ורגש (אפילו) פון דעם יצר טוב.

סא. אויף דערויף איז דא א געוואלדיקע ראי' - אויך ע"פ נגלה:

עס ווערט דערציילט אין דעם ספר מגיד מישרים פון דעם ב"י [וואס דארטן דערציילט ער די זאכן וואס דער "מגיד" האט אים געזאגט בחלומו], אז פריער האט מען אים מבטיח געווען אז ער זאל זוכה זיין לאיתוקדא על קדושת שמו ית'.

און לאחרי זמן, איז מצד דעם וואס זיין עבודה און זיין אופן הלימוד איז ניט געווען בתכלית השלימות [וואס אזוי איז לימודו געווען אין אן אופן פון "אני המשנה המדברת בפיך" (ווי עס ווערט דערציילט אין א צווייטן ארט אין מגיד מישרים] - האט מען אים געזאגט, אז דערפאר נעמט מען צו ביי אים דעם זכות להשרף על קידוש שמו ית'.

וואס לכאו' איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק[205] וואס איז דאס פאר אן עונש:

דער ב"י האט דאך געשריבן דעם חיבור אויפן טור, און דערנאך האט ער געשריבן דעם שו"ע. און דורך דערויף איז ער געווארן דער פוסק לכל הדורות. וואס לאורו גייען עד סוף כל הדורות,

- און -

------------

204) ראה ברכות שם. 205) ראה אוה"ת יוהכ"פ כרך ד ע' ב'קלה.

און בדרך ממילא האט ער אויך א חלק אין אלע מעשים טובים וואס איד: טוען לויטן שו"ע - וואס לולא דעם שו"ע. איז וועד ווייסט וואס עס וואלט געווען!

וואס אפי׳ אויב כתיבת השו"ע וואלט דורכגעפירט געווארן דורך א צווייטן (ניט דורך דעם ב"י) - וואלט דאך דאס אבער ניט געווען אין זיין חלק און אין זיין זכות - ווארום כדי ס׳זאל זיין עכ"פ אין אן אופן פון "שנים אוחזין בטלית"[206], דארף ער דאך אוחז זיין אין דערויף,

[ובפרט לויטן סיפור הידוע אז חוץ פון דעם ב"י זיינען געווען נאך צוויי (אדער נאך איינער) וואס זיינען געווען ראוי צו ווערן די פוסקים בישראל - און צווישן זיי אלע האט ער זוכה געווען זיין דער פוסק בישראל, וואס לאורו נלך עד סוף כל הדורות].

וכמבואר בארוכה אין אגה"ק[207] דער גודל המעלה פון בירור הספיקות און פסק הלכה, ביז אז "באים העליונים לשמוע חידושי תורה מהתחתונים כו׳", ד.ה. אז בא זיי ווערט נפתר דער ספק, דורך דעם חידוש פון דעם "תלמיד ותיק" - ועאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן כתיבת כל השו"ע!

וואס צו דעם גאנצן ענין האט דער ב"י זוכה געווען נאך דעם גאנצן סיפור הנ"ל (אז מ׳האט אים געזאגט אז ער וועט ניט האבן דעם זכות נשרף ווערן על קידוש שמו ית׳) - ווארום חיבת וסיום השו"ע איז געווען ערשט בסוף ימיו; עס קען זיין אז דער סיום פון זיין חיבור אויפן טור איז אויך געווען נאך דעם גאנצן סיפור, אבער עכ"פ דער סיום פון דעם שו"ע איז זיכער געווען נאך דעם גאנצן סיפור.

איז ניט פארשטאנדיק: וואס איז דאס פאר אן עונש אז ער זאל ניט זוכה זיין נשרף ווערן על קידוש שמו ית׳ - דורך ... האט ער דאך זוכה געווען צו שרייבן דעם שו"ע און ... דער פוסק בישראל על כל הדורות"!

איז דאך דערפון פארשטאנדיק, אז דער עילוי פון מס"נ, איז שלא בערך העכער לגבי דעם ענין וואס ווערט אויפגעטאן דורך דעם געוואלדיקן ענין בתורה פון לאסוקי שמעתא אליבא דהלכתא[208], דורך כתיבת השו"ע!

מב. און דאס איז די הוראה פון דער בשנה "הוו זהירין ברשות" - ווארום מצד דעם יצ"ט מאנט זיך ניט דער ענין פון

- נ' -

---

206) ראה סה"מ ה׳ש"ה ע׳ 57. קונטרס ליבו׳ החסידות פי"ב.
207) סכ"ו (קכד, ב ואילך). 208) יומא כו, א.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

מס"נ, ווארום דער יצ"ט דארף דאך אויך עפעס האבן דערפון. וויל ער ניט דעם ענין פון מס"נ,

[וואס דערפאר שטייט ניט דער ענין פון מס"נ אין תורה[209] - אדער אז עכ"פ דער טעם אויף מס"נ שטייט ניט אין תור[210]', כמבואר באדוכה בכ"מ[211]],

און דערפאר זאגט מען "הוו זהירין ברשות", ווארום דער "רשות" (דער שכל ומדות דקדושה) איז "נראין כאוהבין", עס ווייזט זיך אויס אז זיי זיינען "אוהבין", און ווי א איד שטייט אין א מדידה והגבלה, איז דער "רשות" טאקע "אוהבו" - ער וויל אז ס'זאל זיין אן ענין פון וועלכן דער מענטש (און דער שליט אויפן מענטשן) זאל הנאה האבן.

און דערפאר זאגט מען "הוו זהירין ברשות" - ווארום ווי א איד שטייט באמיתית ענינו, מצד עצמות ומהות פון דעם אידן, איז ער למעלה ממדידה והגבלה, און דערפאר דארף ער האבן א זהירות פון יעדער ענין של "רשות" (שלטון), וויבאלד אז דאס איז אים מגביל.

ד.ה. אז מצד די כחות הגלויים פון דער נשמה, שכל און מדות, וויל די נשמה האבן עניניס וועלכע זיינען לצורך עצמה ולהנאתה; דערנאך איז אבער דא ווי א איד שטייט העכער פון זיין שכל און מדות, העכער פון אלע כחות פנימיים, וואס דעמולט איז ער מקריב און איז מוסר נפשו ורצונו וכל הכחות שלו -

וואס דעמולט האבן ניט די כחות פנימיים זייער הנאה דערפון, דאס איז אבער תכלית בריאתו, אז ס'זאל זיין דער ענין פון מס"נ, איבערגעבן נפשו ורצונו און דעם תענוג שלו וכו'.

און ווי ס'איז פארשטאנדיק אויך בפשטות - בשעת א איד איז מקיים מצוה צדקה, שטייט אין הניא[212] אז דער "יד המחלקה צדקה לעניים", ווערט א "מרכבה ממש לרצון העליון";

אבער ווען ער איז זיך מוסר נפש, האט ניט דער יד דעם ענין פון "מרכבה", ווארום כדי אז דער יד זאל זיין א מרכבה, דארף די זיין "יד המחלקת צדקה לעניים" - ד.ה. אז די נשמה עצמה האט טאקע אן ענין של מס"נ, אבער דער יד האט ניט דעם ענין פון "מרכבה".

און אעפ"כ זאגט מען אז תכלית בריאתו איז - אז ביי אים זאל זיין דער ענין פון מס"נ.

- סג. -

------------

209) סה"כ תש"ט ע' 121. 210) תו"א מג"א צט, ב. לקו"ת ויקרא ד, ג. 211) ראה בארוכה סה"מ שם בהערה. 212) פכ"ג (כח, ב).

סג. וכידוע דער סיפור וואס מ'דערציילט אויפן בעש"ט (און אין אנדערע ספרים ווערט דאס דערציילט אויף אנדערע צדיקים), אז אמאל האט ער געטאן אן ענין פון "הקב"ה גוזר גזירה וצדיק מבטלה"[213], האט מען אים געזאגט, אז מ'וועט טאן לויט זיין רצון (ווארום מ'האט ניט קיין ברירה כביכול, און מ'מוז דאס מקיים זיין), אבער אזוי ווי ער האט געטאן אן ענין וואס איז היפך פון סדר השתלשלות, אנדערש פון דער מדידה והגבלה דלמעלה, וועט מען אים געבן אן עונש אז ער וועט ניט האבן קיין חלק לעוה"ב.

ווען ער האט דאס דערהערט, האט ער א פאטש געטאן און געזאגט בשמחה גדולה, אז איצטער וועט ער קענען דינען דעם אויבערשטן באמת, אין אן אופן פון "לשמה", "שלא על מנת לקבל פרס"[214], ווארום ער ווייסט אז ער האט ניט קיין חלק לעוה"ב.

וואס בשעת ער האט ניט קיין חלק לעוה"ב, האט ער ניט דעם לויתן מיטן שור הבר, מיט אלע פירושים ורמזים וואס זיינען דא אין דערויף, עס העלפט ניט קיינע קונצן! ער האט טאקע א העכערע זאך, אן ענין של מס"נ, אבער דעם חלק לעוה"ב האט ער ניט - און אעפ"כ איז ער געווען דערפון צופרידן.

סד. דערמיט וועט מען אויך פארשטיין דעם ביאור והסבר אין א סיפור וואס מ'דערציילט אויף דעם מגיד'ס א תלמיד - ר' זושא מאניפאלי[215]:

די תלמידי המגיד זיינען געווען גאוני עולם, סיי אין נגלה און סיי אין חסידות, אין פנימיות התורה וכו', ס'איז אבער פארשטאנדיק, אז צווישן זיי זיינען געווען חילוקי דרגות, ווארום "אין דעותיהם שוות"[216].

ביז ווי בני הגאון המחבר שרייבן בהקדמתם צום שו"ע, אז פון אלע תלמידים האט דער מגיד בוחר געווען דעם אלטן רבי'ן אז ער זאל שרייבן דעם שו"ע - וואס דאס איז פארבונדן מיטן אופן הלימוד פון לאסוקי שמעתתא אליבא דהלכתא, פאנאנ-דערקלייבן זיך צווישן אלע דעות, און אנשרייבן דעם פס"ד להלכה, אז ס'זאל ווערן א הוראה לדורות - וואס אזא ענין האט געטאן נאר דער ב"י, און דערנאך צווישן אלע תלמידי המגיד - נאר דער אלטער רבי.

וואס צווישן תלמידי המגיד זיינען געווען גרעסערע לומדים פון ר' זושא מאניפאלי - איז געווען אמאל צווישן

- תלמידי -

---

213) מו"ק טז, ב. 214) אבות פ"א מ"ג. 215) לקו"ד כרך ג הקמה, א. 216) ראה ברכות נח, א.

תלמידי המגיד א שקו"ט ופלפול אין אן אופן נעלה ביותר, וואס ר' זושא האט ניט געקענט דערגרייכן צו דעם אופן פון הבנה והשגה,

איז ער אוועקגעגאנגען און האט זיך פאנאנדערגעוויינט - פארוואס קען זושא ניט פארשטיין דיין תורה - האט מען אים געגעבן מלמעלה במתנה די הבנה והשגה אין דעם שכל.

וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: דער חילוק צווישן תלמידי המגיד (אז עס זיינען געווען גרעסערע לומדים פון ר' זושא) איז געבליבן אויך שפעטער (ס'איז מערניט וואס מ'האט אים געגעבן די הבנה והשגה אין דעם ענין), וואדום יעדערער האט זיך זיין אופן עבודה,

ע"ד ווי עס זיינען דא מארי עובדין טבין און מארי תורה[117], וואס מארי עובדין טבין קאכן זיך אין עובדין טבין. און מארי תורה קאכן זיך אין הבנה והשגה בתורה, און אין מארי תורה גופא, קען זיין אז ער האט א שייכות מיוחדה צו איין חלק בתורה,

וואס בשעה אז שורש נשמתו איז פון מארי עובדין טבין, אדער אז מצד שורש נשמתו האט ער א שייכות מיוחדה צו איין חלק אין תורה, און ניט צו א צווייטן חלק בתורה - מאנט מען ניט פון אים דעם צווייטן ענין, און ניט דערפאר וואס מ'פראוועט מיט אים א חסד, נאר דערפאר וואס דאס איז ניט תכלית בריאתו,

[ובידוע וואס מ'דערציילט אז ר' זושא מאניפאלי האט געזאגט, אז ווען ער וועט קומען אין ב"ד של מעלה, וועט מען ביי אים ניט מאנען פארוואס איז ער ניט געווען ווי דער גדול, ווי א צווייטער אדער א דריטער גדול, נאר מ'וועט ביי אים מאנען פארוואס איז ער ניט געווען ווי זושא מאניפאלי האט געדארפט זיין, דער ענין האט ביי אים געדארפט זיין בשלימות],

איז ניט פארשטאנדיק: צוליב וואס האט ער געבעטן ער זאל האבן די הבנה והשגה אין דעם ענין בתורה, ער איז דאך דערנאך געבליבן אין זיין דרגא?

איז דער ביאור בזה - אז ס'איז דא אמאל וואס עס דארף זיין די תנועה פון כס"נ, אז ער גייט ארויס פון זיינע הגבלות, און פון זיין סדר אין עבודה.

וע"ד ווי דאס איז אין כלל ישראל, אז אע"פ אז

- ס'זיינען -

------------

117) ראה אגה"ק ס"ה (קט, א). ביאוה"ז וישב כה, א-ב.

הנחה הת' בלתי מוגה

ס'זיינען דא די חילוקי דרגות פון "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך" און "שואב מימיך", האבן זיי אבער אלע דעם צד השוה פון "נצבים היום כולכם לפני ה' אלקיכם"[218] - וואס דאס איז דער ענין פון מס"נ.

וואס במשך כל השנה איז דער ענין פון מס"נ בערניס ווי דער יסוד פון דער עבודה, און די עבודה בפועל איז פארבונדן מיט די כחות פנימיים, שכל און מדות וכיו"ב, וואס דעמולט איז די הנהגה לויט ווי "רשות" ווייזט איס אן (דער שכל און מדות פון נה"א, מוח ולב, ביז צו כח העשי' פון נה"א וואס איז פארבונדן מיט "כבדא");

וועז עס קומט אבער דער טאג פון ר"ה, דעמולט שטייען אלע אידן אין אן אופן פון "נצבים גו' לפני ה' אלקיכם", אז די עבודה אליין איז אין א מעמד ומצב פון מס"נ.

ועד"ז איז אויך דא דער חילוק במשך היום כולו - אז עס זיינען דא זמנים וואס דעמולט איז מערער מודגש דער ענין פון מס"נ.

סה. און דאס איז די הוראה פון דער משנה "הוו זהירין ברשות" - סיי בנוגע צו "רשות" פון לעו"ז, וואס דאס איז דער "מלך זקן וכסיל"[219] וואס מאכט א מצור אויף דער "עיר קטנה", און סיי בנוגע צו "רשות" דקדושה, מדידות והגבלות דקדושה.

ד.ה. אז מ'דארף זיך טאקע נוצן מיטן "רשות", נאר עס דארף זיין אין אן אופן פון זהירות - ער דארף וויסן אז די הנאה און די טובה וואס ער האט פון דער "רשות", איז מערניס ווי "נראין כאוהבין", ס'איז אבער ניט זייז תכלית, וואדוס זייז תכלית איז דער ענין פון מס"נ.

וואס בכלל איז דאך דא א חילוק אין דער עבודה במשך השנה, אז עס זיינען דא זמנים מסויימים וואס דעמולט דארף זיין די עבודה אין אן אופן פון מס"נ,

ועד"ז איז דאס אויך אין השתלשלות פון כל הימים - אז עס זיינען דא דורות וואס ענינם איז שכל דקדושה, און עס זיינען דא דורות וואס ענינם איז "זרועות וירכין בסטרא דקדושה" (ווי מ'זאגט אין דעם נוסח פון "מענה לשון"), ביז צו דרא דעקבתא דמשיחא, וואס ענינו איז דער ענין פון מס"נ -

קען מען טאקע ניט זאגן אז ס'איז א חיוב ע"פ תורה אז

- ס'זאל -

---

218) נצבים כט, ט. 219) קהלת ד, יג. וראה פדש"י עה"פ. זח"א קעט, סע"א.

ס'זאל זיין דער ענין פון מס"נ, ער קען טענה'ן אז לויט שורש נשמתו דארף ער זיך פירן לויט דער מדידה והגבלה דקדושה - ער געפינט זיך ניט ביים סדר פון פסח, וואס דעמולט דארף ער ארויסגיין פון מצרים,

[ואדרבה: ער האלט דאך אינמיטן ספה"ע (לאחרי יצי"מ), וואס דער גאנצער ענין פון ספה"ע באשטייט אין דעם וואס ער האלט א חשבון - ניט למעלה ממדידה והגבלה, נאר מדידה והגבלה דוקא,

נאר אין ספה"ע גופא איז דא די ברכה, וואס ענינה איז המשכה, און די תוצאות וועלכע קומען ארויס דערפון - אז "יושפע שפע רב בכל העולמות", ווי גערעדט פריער בארוכה], איז אע"פ אז כמה דרכים למקום, עס זיינען דא מארי תורה, מארי עובדין טבין, ביז צו דער עבודה פון דרא דעקבתא דמשיחא, די עבודה אין אן אופן פון מס"נ (וואס לגבי דעם אופן עבודה איז משה רבינו געווען "עניו מאד מכל האדם אשר על פני האדמה"[220], ווי גערעדט פריער בארוכה[221]) -

זאגט אבער "מילי דחסידותא", אז אין וועלכן דור ער זאל זיך נאר געפינען, אין וועלכן מקום ער זאל זיך נאר געפינען, און אין וועלכן מעמד ומצב ער זאל זיך נאר געפינען - דארף זיין דער ענין פון "הוו זהירין ברשות":

ער דארף זיין זהיר אין די הוראות וואס ער באקומט פון זיין "רשות", וואדוס אפי' אויב ער האלט בא דער דרגא פון "בכל לבבך - בשני יצריך", דארף ער אויך האבן א זהירות, בדוגמא ווי מ'זאגט[222] בנוגע צו א בעל תשובה אז ער דארף האבן א זהירות מיוחדת דערפאר וואס "סורו רע",

און ער דארף אויך זיין זהיר אין די הוראות וואס ער באקומט פון "רשות" דקדושה, פון זיין שכל און מדות דקדושה, וואדוס "נראין כאוהבין בשעת הנאתן", זיי זיינען אויסן זייער שלימות, שלימות העבודה פון שכל, שלימות העבודה פון מדות, און שלימות העבודה פון כח העשי' - און עס דארף ביי אים זיין דער ענין פון מס"נ.

סו. און דאס ווערט די הכנה אמיתית צו מ"ת - וויבאלד אז דער ענין פון מ"ת איז געקומען דורך הקדמת נעשה לנשמע[223],

- וואס -

------------

220) בהעלותך יב, ג. וראה סד"ה ויאמר משה עטר"ת (סה"מ עטר"ת ע' תנד). נעתק בלקו"ד כרך א קי, א. סה"מ קונטרסים ח"א נג, ב ואילך. סה"מ תש"י ע' 237. 221) ד"ה כימי צאתך דאחש"פ. 222) ראה לקו"ת ואתחנן ט. ד. ובכ"מ. 223) ראה שבת פח. א.

וואס דאס איז דאך דער ענין פון מסירת הרצון, אז נאך אײדער ער ווייסט עפעס, זאגט ער גלייך "נעשה", ער גיט איבער זיין רצון אינגאנצן צום אויבערשטן, וכמבואר בארוכה אין די דרושים אויפן מארז"ל בשעה שהקדימו ישראל נעשה לנשמע.

וואס מצד הנהגה שכלית דארף זיין פריער "נשמע" און דערנאך "נעשה" - זאגט מען אבער אז אידן זיינען "עמא פזיזא דקדמיהו פומייכו לאודנייכו"[224], תורה אליין זאגט אז ס'איז ניט קיין נארמאלע הנהגה, ס'איז א הנהגה פון "פזיזות",

וואס אין פזיזות איז דא א מעמד ומצב וואס איז היפך הכוונה, ווי דער צ"צ[225] ברענגט אראפ פון של"ה[226] אז ס'איז דא דער ענין פון חפזון און פזיזות - ס'איז דא פזיזות דלעו"ז, "פחז כמים"[227], און ס'איז דא פזיזות דקדושה,

זאגט מען אז דוקא די הנהגה פון פזיזות טוט אויף דעם "תומת ישרים תנחם"[228], און דורך דערויף קומט מען צו צו דעם ענין פון מ"ת.

וואס די הנהגה אין אן אופן פון פזיזות דארף ניט זיין במשך פון דער גאנצער צייט - ווארום אז מ'וואלט געשריען "נעשה ונשמע" במשך כל השנים כולם, וואלט מען קיינמאל ניט צוגעקומען צום "נשמע",

נאר נאך דערויף וואס ס'איז דא דער ענין פון הקדמת נעשה לנשמע - דארף זיין די עבודה וואס איז פארבונדן מיט כחות פנימיים, וואס דעמולט זאגט מען אז "זמן תורה לחוד" און "זמן תפלה לחוד"[229];

עס איז דא די עבודה פון לימוד התורה, דער ענין פון חכמה ובינה, ווי ס'שטייט[230] "כי היא חכמתכם ובינתכם", און דערנאך איז דא דער ענין פון עבודת התפלה, וואס דעמולט דארף זיין דער "דע לפני מי אתה עומד"[231], און דעמולט שטייט ער "כעבדא קמי' מרי'"[232], ער איז אינגאנצן ניט קיין מציאות פאר זיך,

וואס דעמולט (בשעת התפלה) דארף מען האבן דעם ענין פון "הוו זהירין ברשות", כדי ער זאל שטיין אין א תנועה של מס"נ.

סז. ויה"ר אז מ'זאל זוכה זיין צו מקיים זיין די אלע

- ענינים -

------------

224) שבת שם. 225) אוה"ת בא ס"ע דש ואילך. 226) סה, ב. 227) ויחי מט, ד. 228) משלי יא, ג. שבת שם, ריש ע"ב. 229) שבת י, א. 230) ואתחנן ד, ו. 231) ראה ברכות כח, ב. 232) שבת שם. טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סו"ס צה.

ענינים אין מעשה בפועל, וואס "המעשה הוא העיקר"[233],

און דאס זאל זיין די הכנה קרובה צו קבלת התורה, אז נאך דערויף וואס מ'וועט האבן אלע "שבע שבתות תמימות תהיינה", וועט זיין דער ענין פון קבלת התורה בפנימיות ובשלימות, ובלשון פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו - קבלת התורה בשמחה ובפנימיות.

וואס די הכנה לזה ווערט אויפגעטאן דורך דעם ענין פון ספה"ע, אז דורך דערויף וואס מ'ציילט 49 טעג, קומט מען צו צום "תספרו חמשים יום"[234] - אע"פ וואס דער יום החמשים איז העכער דערפון, וואס דערפאר קען מען אים ניט ציילן[235].

און וויבאלד אז "מיד הן נגאלין" - ווערט מען נגאל גלייך אין מוצאי שבת קודש, בהמשך צו דער התוועדות וואס איז פארבונדן מיט "סעודתא דדוד מלכא משיחא", וואס דעמולט וועט געבויט ווערן דער ביהמ"ק, און ס'וועט זיין דער המשך פון ספה"ע אלס א מ"ע מן התורה (לדעת כו"כ פוסקים),

און בדרך ממילא וועט מען מקיים זיין אין "יום הביכורים" די מצוה פון ביכורים כפשוטה, אין ארצנו הקדושה.

און ביז דעמולט וועט מען האבן דעם ענין פון שלימות הארץ, דערפאר וואס מ'האט די שלימות פון יעדער אידן און פון אלע אידן, דורך דערויף וואס יעדערער פון זיי האט דעם ענין פון שלימות התורה,

כולל אויך דעם ענין פון שלימות כלשון שלמים און שלום - אז מ'האט שלום אמיתי, ניט קיין איינגערעדטער חלום, מיט אלע ענינים וועלכע זיינען פוגם אין שלימות התורה, שלימות העם און שלימות אה"ק היל"ת -

נאר מ'נעמט-מיט יעדער אידן און אלע אידן, יעדער ענין אין תורה און אלע ענינים אין תורה, און יעדער פרט אין אה"ק און אלע פרטים אין אה"ק - און פון זיי אלע מאכט מען אן ענין של קדושה, א דירה לו ית', ביז צו עצמות ומהות. ומתוך שמחה וטוב לבב.

צוה לנגן כלכתחילה אריבער.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה. וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

[נתן את היין והמזונות עבור ההתוועדות של צאגו"ח שהתקיים מחר - ב' אייר]. טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

------------

(233) אבות פ"א מי"ז. (234) אמור כג, טז. (235) ראה לקו"ת במדבר י, ד. שה"ש לה, ג.



הנחה בלתי מוגה

**בס"ד. ברכת כ"ק אדמו"ר שליט"א**
**להת' השלוחים שיחיו הנוסעים לישיבה גדולה ד"מיאמי"**
**– יום ד' פ' במדבר, כ"ו אייר ה'תשל"ט.**

פארט געזונטערהייט, און ס'זאל זיין בהצלחה רבה.

אַזוי ווי פרשת השבוע איז פרשת במדבר, וואָס דאָרטן רעדט זיך וועגן "לוי"[1] און "קהת"[2], וואָס אין שבט לוי גופא (וואָס כללות ענינו איז דער ענין פון לימוד התורה[3]) זיינען בני קהת געווען די נושאי הארון[4], און בזמן הזה איז דער ענין פון "קהת" (נשיאת הארון) — תלמידים (און אַלע) וואָס זיינען יושבים באהלה של תורה,

זאָל אייך דער אויבערשטער מצליח זיין אין לימוד הנגלה און אין לימוד החסידות, ובהקדמת עבודת התפלה[5], און דער לימוד זאָל זיין מביא לידי מעשה[6].

און אַזוי ווי עס שטייט אין זהר[7] (און דער רבי (מהורש"ב) נ"ע איז דאָס מבאר אין דעם מאמר פון ל"ג בעומר[8] וואָס איז געזאָגט געוואָרן לפני ששים שנה — אין שנת עטר"ת) בנוגע צו מעלת רשב"י אין דעם ענין פון "קרני הוד"[9], אַז "אנא ידענא דאנפאי נהירין" (ומשה "לא ידע כי קרן עור פניו"[10]) — זאָל דאָס זיין ביי אייך[11].

און איר זאָלט מצליח זיין אין הפצת היהדות און הפצת התורה, נגלה און חסידות — ווי ער איז מבאר אין דעם מאמר[12] אַז דער אויפטו פון רשב"י איז געווען "לגלות בחי' פנימיות התורה", און איצטער — מצוה לגלות[13].

• • •

אויף צו מקשר זיין מיט אַ מעשה בפועל — וועט מען געבן יעדערן פון אייך אַ חוברת "לקוטי שיחות", און אויך אַ פאָר דאָלער אויף צדקה.

[נתן לכאו"א מהשלוחים שיחיו — לקו"ש פרקי אבות — פרק ו' ש.ז. ושני שטרות של דולר].

אַזוי ווי איר זיינט דאָך אַ מנין[14], און "עדה קדושה"[15], זאָל זיין די הצלחה רבה אויך אין אַן אופן ווי דאָס איז ביי אַ מנין[16].

———●———

1) בתחיל בשיעור היום: ג, ה ואילך. 2) בפרש בשיעור יום השבת: ד, ב ואילך. 3) ברכה לג, יוד. ראה רמב"ם הל' שמיטה ויובל בסופו. 4) פרשתנו, ג, לא. ועוד. וראה לקו"ת נשא כא, א. כג, ג. אוה"ת נשא ע' רלד ואילך. ועוד. ולהעיר מתנחומא פרשתנו יב (הובא בפרש"י ויחי נ, יג). 5) ראה לקו"ת ברכה צו, ב. 6) ראה קידושין מ, ב. 7) ח"ג קלב, ב. 8) ד"ה להבין ענין הילולא דרשב"י — סה"מ עטר"ת ע' תיט ואילך. 9) קרני הוד תורה — ר"ת קהת. וראה שמו"ר פמ"ז, ו. תנחומא ס"פ תשא. 10) תשא לד, כט. כי גילוי פנימיות התורה הי' ע"י רשב"י דוקא (ראה ד"ה להבין, שם) וגם אח"כ היתה נסתרה כי בכל ת"ח כ"א ליחידי סגולה (אגה"ק סכ"ו). 11) כי. כמ"ש האריז"ל, בדורות אלו האחרונים מצוה לגלות זאת החכמה (אגה"ק שם). וראה הקדמת הרח"ו לשער ההקדמות (הועתקה גם בקונטרס עה"ח בסופו) שזה מעכב את הגאולה. עיי"ש באריכות ובקונטרס הנ"ל. 12) שם ע' תכ. 13) ראה אגה"ק וקונטרס עה"ח הנ"ל. ועוד. 14) להעיר שעשרה נקראים (בשו"ע יבב"ב) מנין כתב. וראה באו"א מע' מנין. 15) ראה ברכות כא, ב. ועוד. 16) ראה ג"כ אגה"ק סכ"ג. קונטרס החלצו.

בס"ד. שיחת מוצאי ש"פ במדבר, מבה"ח ער"ח סיון ה'תשל"ט.

הנחת הת' בלתי מוגה

א. ס'איז דאך א התוועדות פון מוצאי שבת וואס איז פארבונדן מיט א שבת וואס האט אין זיך כו"כ ענינים:

לכל לראש איז דאס שבת מברכים החודש, און ס'איז ידוע דער מנהג וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו האט איינגעפירט[1], אז אין שבת מברכים החודש זאל זיין א התוועדות.

[אע"פ אז צוליב כמה סיבות צדדיות (וואס זיינען בהשגחה פרטית) איז איצטער די התוועדות במוצאי שבת - איז אבער דער מקור וההחלה פון דער התוועדות - א התוועדות פון שבת מברכים החודש].

ב. אין חדשים גופא זיינען דאך דא כו"כ חדשים - איז וויבאלד אז "לא ברא הקב"ה בעולמו דבר אחד לבטלה"[2], איז פארשטאנדיק, אז יעדער חודש (ובמילא אויך יעדער ראש חודש, און שבת מברכים החודש) האט אין זיך אן ענין מיוחד וואס איז נימא אין די אנדערע חדשים.

עס איז מאקע דא א צד השוה אין כו"כ ענינים פון ראש חודש. אבער אעפ"כ האט זיך יעדער ר"ח (און שבת מברכים החודש) ענינו המיוחד.

און ווי מ'זעט בפשטות אז די מאורעות וענינים פון איין חודש, זיינען ניט בדומה צו די מאורעות וענינים פון א צווייטן חודש.

ביז וואנעט אז אין עיקר המאורעות, וואס דאס איז דער ענין פון תורה [וואורום די גאנצע וועלט איז באשאפן געווארן "בשביל ישראל שנקראו ראשית, ובשביל התורה שנקראת ראשית"[3]], איז אויך דא א חילוק צווישן די חדשים: די ענינים וואס מ'לייענט אין תורה אין איין חודש, זיינען ניט בדומה צו די ענינים אין תורה וואס מ'לייענט אין א צווייטן חודש.

ועד"ז בנוגע צו עבודת האדם - אז די עבודה פון איין חודש איז ניט בדומה צו דער עבודה פון אן אנדער חודש.

ג. האמור לעיל אז יעדער חודש האט ענינו המיוחד. איז אויך פארשטאנדיק דערפון וואס מ'שטייט אין ספרי קבלה[4] אז אין יעדער חודש איז דא אן אנדער צירוף פון שם הוי'.

- וכידוע -

---

1) קובץ מכתבים לתהלים ע' 92. היום יום ע' ו. 2) שבת עז, ב. ועוד. 3) פרש"י ר"פ בראשית. 4) פרדס שי"ג פ"ג. ועוד.

וכידוע הורת הבעש"ט[5] אויפן פסוק[6] "לעולם ה' דברך נצב בשמים", אז דער דבר ה' וואס איז דא אין "שמים" (ועד"ז בכל הברואים) איז מהוה ומהי' ומקיים די "שמים", ועאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן שם הוי' (וואס זיין צירוף איז דא אין יעדער חודש), וואס כשמו כן הוא - הוי' מלשון מהוה[7].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז וויבאלד יעדער חודש האט א צירוף מיוחד פון שם הוי', וואס ער איז מהוה ומהי' ומקיים דעם חודש - האט יעדער חודש אן ענין מיוחד וואס איז ניטא אין דעם צווייטן חודש[8].

וואדום אע"פ אז די אותיות פון שם הוי' וועלכע זיינען מהוה יעדן חודש זיינען די זעלבע פיר אותיות - איז דאס אבער אין אן אנדער צירוף,

ובפרט ע"פ הידוע[9] אז "כל אות הקודמת בצירוף היא הגוברת והיא העיקר בבריאה זו",

און ווי מ'זעט אויך בפשטות אז ווען מ'וויל שרייבן די תיבה בקיצור, שרייבט מען נאר די אות הראשונה פון דער תיבה, און מ'מיינט דערמיט די גאנצע תיבה,

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז יעדער חודש האט ענינו המיוחד, וויבאלד אז דער צירוף פון שם הוי' וואס איז אין דעם חודש, איז אין אן אנדער אופן ווי דאס איז אין א צווייטן חודש.

ד. נוסף לזה וואס דער שבת איז שבת מברכים חודש סיון, קומט אויך צו דער ענין וואס דער שבת ווערט אנגערופן ע"ש די הפטרה - "מחר חודש".

וואס אין דערויף איז דא א חידוש:

ס'איז ידוע דער כלל[10] אז די הפטרה דארף זיין בהתאם צו דער פרשה, און אין דער פרשה גופא - דער סיום הפרשה, און דערפאר ווערט זי אנגערופן בשם "הפטרה" - דער סיום פון דער סדרה.

וואס דערפאר זעט מען אז ווען מ'לייענט צוויי אדער דריי פרשיות - דארף די הפטרה זיין בהתאם צו דער לעצטער

- פרשה -

---

5) שעהיוה"א בתחלתו. 6) תהלים קיט. פט. 7) ראה שעהיוה"א רפ"ד. זח"ג רנז, ב. ועוד. 8) ראה גם אוה"ת פינחס ע' א'קסז ואילך. 9) שעהיוה"א פי"ב (פט, ב). 10) טור או"ח סתכ"ח קרוב לסופו. רמ"א שם ס"ח. טושו"ע (וראה גם שו"ע אדה"ז) שם ר"ס רפד.

פרשה וואס ב׳האט געלייענט" (ווארום וויבאלד אז די הפטרה איז דער סיום פון דער פרשה, דארף זי זיין דער סיום פון די לעצטע פרשה).

כשא"כ איך דער הפטרה פון "מחר חודש", וואס זי האט נים קיין שייכות מים דער פרשה וואס מ׳האט געלייענט. ווארום איך יעדן שבת "מחר הודש" זאגט מען די הפטרה פון "מחר חודש". אן קיין אונטערשייד וועלכע פרשה מ׳האט געלייענט פריער.

[עס זיינען דא נאך הפטרות וואס האבן קיין שייכות נים לכאו׳ צו דער פרשה. ע"ד ווי די הפטרה פון שבת שובה וכיו"ב - אבער דעמולט קען מען נאך געפינען עפעס א קשר צווישן דער הפטרה מים דער פרשה. וויבאלד אז מ׳זאגט די הפטרה נאר אין איין שבת (אדער צוויי).

[ע"ד ווי מ׳געפינט אז ס׳זיינען דא הפטרות וואס האבן א שייכות צו צוויי פרשיות, ווי די הפטרה פון "רני עקרה", וואס מ׳זאגט איר אין פ׳ נח און אין פ׳ כי תצא],

כשא"כ די הפטרה פון "מחר חודש", וואס מ׳זאגט איר אין יעדן שבת "מחר הודש". אין וועלכע פרשה עס זאל נאר זיין - איז שווערער צו געפינען א קשר פון דער הפטרה ("מחר הודש") מים כל"ב פרשיות בתורה.

וואס דאס באווייזט אויף וויפל דער ענין פון "מחר חודש" איז אן ענין עיקרי אין דעם שבת, ביז וואנעט אז דאס איז דוחה (כביכול) דעם ענין וואס מ׳זאגט אז די הפטרה דארף האבן א שייכות מים דער פרשה, ווארום מ׳זאגט דעמולט די הפטרה פון "מחר חודש", אע"פ אז עס האט נים קיין שייכות צו דער פרשה.

ה. איך דערויף קומט צו נאך אן ענין:

די הפטרה פון "מחר הודש" זאגט מען אויך ווען שבת איז דער ערשטער טאג פון ר"ח, און דערנאך קומט "מחר הודש". דער צווייטער טאג פון ר"ח - וואס לויט מנהגנו" זאגט מען אויך דעם פסוק ראשון ואחרון פון דער הפטרה פון "מחר הודש" (נוסף אויף דער הפטרה פון שבת ר"ח).

אבער דעמולט זאגט מען בערניט ווי דעם פסוק ראשון ואחרון פון "מחר הודש", כשא"כ בנדו"ד. אז שבת איז ערב ר"ה, און דערפון גייט מען גלייך אריין אין ר"ח. וואס דעמולט זאגט מען נאר די הפטרה פון "מחר חודש".

- ו. -

---

11) שו"ע (ואדה"ז) או"ח סו"ס רפד (ס"ג). רמ"א סו"ס תכה.
12) כמנהג הספרדים - סידור שם. ד. וראה שו"ע או"ה סתכ"ה ס"ב.

ו. פון יעדער ענין דארף מען דאך האבן א הוצאה בפועל, כמרז"ל[13] "המעשה הוא העיקר", ועד"ז בנדו"ד - א התוועדות וואס איז פארבונדן מיט א שבת וואס האט אין זיך פיר ענינים (שבת מברכים החודש, חודש סיון, "מחר חודש", און שבת איז ערב ר"ח, און ניט שבת ר"ח צוזאמען מיט "מחר חודש") - אז דערפון דארף זיין א הוראה און א הוצאה בנוגע לפועל.

וואס ווייבאלד אז דאס זיינען פיר באזונדערע ענינים, איז פארשטאנדיק אז פון יעדער ענין דארף זיין א באזונדער הוראה בנוגע צו מעשה בפועל; און צוזאמען דערמיט דארף זיין א הוראה וואס קומט ארויס פון דעם צירוף פון אלע פיר ענינים.

און ווי די גמרא[14] זאגט אז "גבירי דטעונא דמדלי איניש לכתפי' תילתא דטעוני' הוי", ד.ה. אז א משא וואס "האדם עצמו מגביהו על כתפו ואין אחר מסייעו" איז מערניט ווי "שליש כשאוי שנושא כשמסייעו אחר"[15],

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אויב בנוגע צו ענינים גשמיים (ווי טראגן א משא) זאגט מען אז דורך א סיוע פון א צווייטן קען מען אויפטאן כמ"פ ככה מער ווי ביידע וואלטן אויפגעטאן ווי יעדערער פון זיי שטייט בפ"ע,

איז עאכו"כ אז אזוי איז דאס בנוגע צו ענינים רוחניים,

[וואס ענינים רוחניים זיינען ניט אויף אזוי פיל אפגע-טיילט איינער פון דעם צווייטן אזוי ווי ענינים גשמיים],

אז דורך דעם סיוע און דער צירוף פון כמה ענינים ביחד, ווערט אויפגעטאן כמ"פ ככה מער ווי עס וואלט אויפגעטאן געווארן דורך די כמה ענינים ווי יעדערער שטייט בפ"ע.

און ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין תניא[16] אז דורך דעם צירוף פון כמה אותיות יחד, קומט צו אן אור חדש, אן אור "העולה על כולנה", אז עס ווערט א "המשכת כח עליון וחיות כללית הכוללת ושקולה כנגד כל מיני הכחות והחיות פרטיות של האותיות".

און ווי ס'איז אויך פארשטאנדיק בפשטות: יעדער ווארט איז צוזאמענגעשטעלט פון כמה אותיות. וואס יעדער אות האט זיך זיין תוכן און פירוש,

ווי די גמרא[17] טייטשט אפ דעם פירוש פון אל"ף בי"ת, אז דאס איז דער ענין פון "אל"ף בינה", ועד"ז איז מבואר אין מפרשים דעם אפטייטש פון אותיות האל"ף בי"ת,

- און -

------------

13) אבות פ"א מי"ז. 14) סוטה לד, א. 15) פרש"י שם ד"ה דמדלי' וד"ה תילתא. 16) שעהיוה"א שם (פט, א). וראה ספר הערכים-חב"ד כרך ג ע' שע. וש"נ. 17) שבת קד, א.

און בשעת עס ווערט דער צירוף פון כמה אותיות ביחד אין א תיבה - איז נוסף אויפן הוכן ופירוש פון יעדער אות בפ"ע, קומט אויך צו דער הוכן און פירוש פון כל התיבה כולה.

ולדוגמא: דער אפטייטש פון דעם ווארט "בראשית" איז - בהתחלה (וואס דאס איז דער אפטייטש אין פשש"מ, און דערנאך זיינען דא נאך כו"כ פירושים אין שאר חלקי התורה) - וואס דא איז דא דער הוכן ופירוש פון יעדער אות בפ"ע, און נוסף לזה - אויך דער תוכן ופירוש פון כל התיבה.

וואס דער תוכן ופירוש כל התיבה איז אן ענין "העולה על כולנה" און איז דער עיקר לגבי דעם תוכן ופירוש פון יעדער אות בפ"ע, ווארום ווען מ'זאגט די תיבה פון "בראשית", איז ניט אזוי מודגש דער הוכן ופירוש פון יעדער אות בפ"ע, נאר דאס ווערט דורכגענומען מיטן הוכן ופירוש פון כל התיבה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק בנוגע לענינגו - אז די הוראה וואס קומט ארוים פון דעם צירוף פון אלע פיר ענינים, איז "עולה על כולנה" און מער עיקר ווי די הוראות וואס מ'נעמט ארוים פון יעדער ענין בפ"ע.

ז. בנוגע לענינגו:

ביי א אידן הויבט זיך אן יעדער זאך - לכל לראש - מיט הורה.

און ווי יעדער איד זאגט בתפלתו להקב"ה, אז די ענינים פון הומ"צ זיינען "חיינו ואורך ימינו" - ווי געזאגט ערשט אין הפלת מעריב פון מוצאי שבת,

[וואס בשעת התפלה איז דא דער ענין פון "רע לפני מי אהה עומד"[א] בהכרתו של כאו"א (אין וועלכן מקום ער זאל זיך נאר געפינען בתפלהו, עאכו"כ ווען ער איז מתפלל בציבור אין ביהכ"נ און ביהמ"ד) - איז דאך פארשטאנדיק אז ס'איז ניט שייך ער זאל וועלן אויספיינען זיך אדער יוצא זיין פאר איכעצן, ווארום בהכרתו איז דא דער ענין פון "דע לפני מי אהה עוכד", און אז ער זאגט "כי הם חיינו ואורך ימינו", איז דאס טאקע אזוי],

ד.ה. אז כדי ער זאל זיין א לעבעדיקע מציאות, מוז ער זיין פארבונדן מיט הורה, און פירן זיך לויט הוראות ההורה, ווארום די תורה איז "חיינו ואורך ימינו", דוקא דורך דערויף וועדט ער לעבעדיק באמת.

ח. און דאס האט א קשר מיוחד צו דער התוועדות:

- די -

------------

א) ראה ברכות כח. ב.

די התוועדות איז פארבונדן מיט שבת מברכים חודש סיון, וואס ענינו המיוחד פון חודש סיון איז - דער ענין פון מ"ת.

אין דערויף קומט נאך צו אז בשנה זו איז די קביעות פון שבת מברכים חודש סיון - אין ערב ר"ח סיון, און די התוועדות וואס איז פארבונדן מיט שבת מברכים, קומט פאר אין מוצאי שבת - ר"ח סיון.

וואס ר"ח סיון האט דאך א שייכות מיוחדת צו מ"ת - ווארום מקרא מלא דיבר הכתוב[19] "בחודש השלישי גו' ביום הזה באו מדבר סיני גו' ויחן שם ישראל נגד ההר", אז בר"ח סיון זיינען אידן אנגעקומען און זיך אוועקגעשטעלט "נגד ההר", און זיינען געווען גרייט אויף צו מקבל זיין די תורה.

און ווי ס'איז אויך פארשטאנדיק לויטן ביאור פון דעם אלטן רבי'ן (ע"פ תורת החסידות)[20], אז דעמולט האבן אידן מסיים געווען אלע הכנות צו מ"ת, און זיינען שוין געווען גרייט צו קבלת התורה.

וואס דאס איז אויך דער פירוש הפשוט אין "ויחן שם ישראל נגד ההר" - אז זיי זיינען מוכן מקבל זיין דעם ענין פון "הר סיני", וואס ענינו איז דער ענין פון תורה, ווי מ'זאגט אין פרקי אבות[21] "משה קבל תורה מסיני",

וכידוע דער דיוק המפרשים[22] אז לכאו' האט געדארפט שטיין "משה קבל תורה מהקב"ה", און ניט "מסיני" - נאר דאס איז דערפאר וואס "סיני" איז פארבונדן מיט דעם ענין פון תורה, וויבאלד אז תורה האט אויפגעטאן אז די וועלט זאל שטיין אין א מעמד ומצב פון "הר סיני" - אין אן אופן פון "והר סיני עשן כולו"[23], וואס דאס באווייזט אויף דעם ענין הביטול, מיט אלע ענינים וועלכע זיינען דערמיט פארבונדן.

און ווי עס שטייט אין מדרש[24] אז ווען דער אויבערשטער האט געזעהן אז אידן שטייען אין א מעמד ומצב פון "ויחן", לשון יחיד, "כאיש אחד בלב אחד"[25] - האט דער אויבערשטער געזאגט אז איצטער וועט ער זיי געבן די תורה (משא"כ לפנ"ז, ווען ס'איז ניט געווען אין אן אופן פון "ויחן").

ט. דערפון איז פארשטאנדיק, אז די תוצאה העיקריח וואס

- דארף -

------------

19) יתרו יט, א-ב. 20) תו"א יתרו סז, ג. 21) רפ"א.
22) ראה מד"ש כאן. וראה לקו"ש ע' 279 (ושם ע' 276 ואילך). שיחה מוצאי ש"פ נשא, י"ב סיון ה'תשל"ח ס"ט. סט"ז.
23) יתרו שם, יח. 24) ויק"ר פ"ט, ט. דא"ז פ' השלום.
25) מכילתא ופרש"י עה"פ יתרו שם, ב.

דארף ארויסקומען פון דער התוועדות בנוגע למעשה בפועל - דארף זיך אויסדריקן אין דעם ענין פון הכנה צו מ"ת און קבלת התורה, וויבאלד אז בר"ח סיון שטייען אידן אין אן אופן אז "באו מדבר סיני" און "ויחן שם ישראל נגד ההר", אזוי אז מצדם קען שוין זיין דער ענין פון "קבל תורה מסיני".

און וויבאלד אז "גדול תלמוד שמביא לידי מעשה"[26], קומט דאס אראפ בדרך ממילא אין קיום המצוות, ביז אין קיום המצוות בהידור.

וואס דאס איז די נקודה וואס קומט ארויס פון דעם צירוף פון אלע פיר ענינים - אז עס דארף ארויסקומען א חיות חדש אין דעם ענין פון לימוד התורה.

י. און כדי אז דער לימוד התורה זאל זיין כדבעי. דארף מען דערצו האבן די "ארבעים ושמונה דברים" דורך וועלכע "התורה נקנית", וואס צווישן זיי איז אויך דא דער ענין פון "דבוק חברים" און "פלפול התלמידים"[27].

און ווי די גמרא[28] זאגט אן ענין בלתי רצוי אויף דעם וואס לערנט תורה ביחידות, ווארום הצלחה אין לימוד התורה קען זיין דוקא ווען ס'איז דא דער ענין פון "דבוק חברים" און "פלפול התלמידים", ביז אז "מתלמידי יותר מכולן"[29].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז נאך איידער מ'רעדט וועגן דעם וואס דער לימוד איז "מביא לידי מעשה", נאר ווען מ'רעדט וועגן דעם לימוד אליין. דארף דאס זיין אין אן אופן פון "ומתלמידי יותר מכולן",

ד.ה. אז ער דארף זיך משתדל זיין און זוכן לערנען תורה מיט יעדערן צו וועמען ער קען נאר דערגרייכן - ווארום ע"ד ווי מ'זאגט[30] "לעולם ילמד אדם במקום שלבו חפץ", דערפאר וואס דעמולט וועט ער האבן א גרעסערע הצלחה אין לימוד התורה. איז עד"ז קען זיין אז יענער איז "הפץ" לערנען פון אים דוקא.

ובפרט ע"פ המבואר אין דער הקדמה פון תניא דער ענין פון "מאיר עיני שניהם ה'"[31], אז דורך דערויף וואס ער לערנט מיט א צווייטן, ווערט בא ביידן דער ענין פון הארת העינים, אז זיי באקומען א גרעסערן פארשטאנד וכו' אין תורה.

יא. וויבאלד אז תורה איז א "תורה אחה" און א תורה שלימה,

- איז -

---

26) קידושין מ, ב. 27) אבות פ"ו מ"ו. 28) ברכות סג, ב. תענית ז, א. מכות י, א. 29) תענית ומכות שם. 30) ראה ע"ז יט, א. 31) משלי כט, יג. תמורה טז, א.

איז פארשטאנדיק, אז האמור לעיל וועגן הפצת התורה בכל מקום שידו מגעת, איז גערעדט געווארן בנוגע לכל חלקי התורה, נגלה און חסידות, און אלע אופנים פון לימוד התורה, פשט רמז דרוש וסוד,

ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין הל' ת"ת[32] פון "חכמי האמת" [דאס ווערט אבער פס"ד ברור אין שו"ע] אז "כל נפש צריכה לתיקונה לעסוק בפרד"ס כפי מה שהיא יכולה להשיג ולידע", וויבאלד אז "זהו תיקון שלימותה".

און בשעת אז דער לימוד התורה איז אין אן אופן פון שלימות – ווערט דאס די הכנה צו נתינת התורה און קבלת התורה בשלימות.

יב. די שלימות פון לימוד התורה איז אויך כולל דעם ענין פון "משים שלום בפמליא של מעלה ובפמליא של מטה", וואס ווערט אויפגעטאן דורך "כל העוסק בתורה לשמה"[33].

ביז צו דעם ענין פון "ונתתי שלום בארץ ושכבתם ואין מחריד"[34] כפשוטו, ביז צו "ואולך אתכם קוממיות – בקומה זקופה"[35] – כן תהי' לנו אין די לעצטע טעג פון גלות.

און דאס וועט ממהר זיין ביאת משיח צדקנו, וואס דעמולט וועט זיין דער אמת'ער ענין פון "ואולך אתכם קוממיות",

און דעמולט וועט זיין דער אמה'ער ענין פון "ונתתי שלום בארץ ושכבתם ואין מחריד", א שלום אמיתי, שאין אחריו ענינים של דאגות כלל, וויבאלד אז "בחוקותי תלכו ואת מצותי תשמרו"[36],

בקרוב ממש, ובעגלא דידן.

* * *

יג. בנוגע צו דעם ענין פון קבלת התורה און (פאר דערויף) נתינת התורה, איז דא א סיפור פון חז"ל וואס דערפון איז אויך דא א הוראה בנוגע למעשה בפועל.

וואס וויבאלד אז דער סיפור (דלקמן) איז איינגעשטעלט געווארן אין תושבע"פ, און איז געווארן א חלק פון "תורה אחת", איז פארשטאנדיק, אז אין דערויף איז דא א הוראה אין עבודה ה', ככדובר כמ"פ אז וויבאלד תורה איז א תורה שלימה און "תורה אמת", איז אין יעדער פרט שבה דא דער ענין פון תורה – מלשון הוראה[37].

- און -

---

32) פ"א ס"ד. 33) סנהדרין צט, ב. 34) בחוקותי כו, ו. 35) שם. יג ובפרש"י. 36) שם, ג. 37) זח"ג נג, ב. וראה שם קנב, א.

און אע"פ אז ס'איז ארויסגעגעבן געווארן אין אן אופן של סיפור - דארף אבער דערפון אויך ארויסקומען א הוראה,

ואדרבה: לויט די כללים פון הלכה איז דא א מעלה אין "מעשה רב"[38], ביז ווי די גמרא[39] זאגט "אין למדין הלכה לא מפי לימוד כו' עד שיאמרו לו הלכה למעשה",

וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק, אז בשעה מ'דערציילט א סיפור וואס איז געווען בפועל, איז קיין ספק ניט אז אזוי איז דער פס"ד (אע"פ אז אין דעריוף איז געווען א שקו"ט, וואס "אלו ואלו דברי אלקים חיים"[40]).

און אע"פ אז דער סיפור (דלקמן) שטייט אין מדרש, דער חלק האגדה שבתורה, וואס אגדה און הלכה זיינען באזונדערע חלקים אין תורה - האט מען אבער גערעדט כמ"פ[41] אז דאס איז נאר בנוגע צו כללי התורה, אז ס'זיינען דא באזונדערע כללים אין הלכה, און באזונדערע כללים אין אגדה,

[בדוגמא ווי דאס איז אין הלכה גופא, אז דיני ממונות און דיני נפשות האבן באזונדערע כללים, און "ממונא מאיסורא לא ילפינן"[42] וכיו"ב],

אבער אויך דער חלק האגדה שבתורה איז א חלק פון תורה וואס ענינה איז - הוראה.

און ווי מ'זעט בפועל אז עס זיינען דא צענדליקער הלכות אין שו"ע וואס זייער מקור איז פון אן עניין וואס שטייט אין חלק האגדה שבתורה.

יד. עס ווערט דערציילט אין מדרש[43] אז "בשעה שעמדו ישראל לפני הר סיני לקבל התורה אמר להם הקב"ה . . הביאו לי ערבים טובים שתשמרוה ואני נותנה לכם".

און ווען אידן האבן מציע געווען כו"כ ענינים און אנשים וועלכע זאלן זיין "ערבים", האט זיי דער אויבערשטער ניט געוואלט אנעמען, כמבואר בארוכה אין מדרש די טעמים פארוואס דער אויבערשטער האט זיי ניט געוואלט אנעמען אלס "ערבים".

ביז אז אידן האבן געזאגט "בנינו עורבים אותנו", וואס דעמולט האט דער אויבערשטער געזאגט "הא ודאי ערבים טובים, על ידיהם אתננה לכם".

- ד.ה. -

------------

38) ראה שבת כא, א. וש"נ. ב"ב קל, ב. 39) ב"ב שם. 40) עירובין יג, ב. 41) ראה גם לקו"ש ח"ה ע' 389 ובהערות שם. 42) ברכות יט, סע"ב. וש"נ. 43) שהש"ר פ"א, ד.

ד.ה. אז דוקא ווען אידן האבן צוגעזאגט אז זיי נעמען אויף זיך צו אויפהאדעווען די קינדער אין דרך התורה והמצוה, אזוי אז די קינדער וועלן זיין די ערבים פאר די אבות ואמהות, זיידע׳ס און באבע׳ס, פאר די מחנכים און פאר כלל ישראל,

[כמדובר כמ"פ וועגן דעם וואס דער אלטער רבי[44] טייטשט אפ דאס וואס ס׳שטייט אין ספרי[45] "ושננתם לבניך - אלו התלמידים", אז "מ"ע של תורה על כל חכם וחכם מישראל ללמד את כל התלמידים כו׳", ד.ה. אז ער דארף לערנען תורה מיט די אלע צו וועלכע ער קען דערגרייכן,

ווארום וויבאלד אז ס׳איז דא אן ענין וואס ער ווייסט, און זיי ווייסן נאך ניט, אפי׳ אז דאס איז מערניט ווי אן "אות אחת" (ווי ס׳שטייט אין פרקי אבות[46]) - דארף ער גיין און לערנען דעם ענין מיט די אלע וואס ווייסן נאך ניט דערפון],

איז דאס געווען די "ערבות" וועלכע דער אויבערשטער האט אנגענומען, און דורך דערויף האבן אידן מקבל געווען די תורה.

סו. דער ביאור אין דערויף איז:

עס שטייט אין מדרש[47] אז "מחשבתן של ישראל קדמה לכל דבר", אפי׳ לתורה, וואס די ראי׳ אויף דערויף איז, דערפון וואס אין גאנץ תורה שטייט "צו את בנ"י" און "דבר אל בנ"י", וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז איידער ס׳איז דא דער ענין פון תורה, דארף זיין די מציאות פון אידן, צו וועלכע מ׳גיט איבער ציוויי התורה.

און וויבאלד אז "התורה היא נצחית"[48], איז פארשטאנדיק, אז מ׳דארף דערצו האבן די מציאות פון בנ"י - וואס צו זיי זאל זיין דער "צו את בנ"י" און "דבר אל בנ"י" - אויך אין אן אופן נצחי.

וואס אויף דערויף דארף מען האבן דעם ענין פון "חנוך לנער ע"פ דרכו", ווען ער איז נאך א קינד, וואס דעמולט ווערט אויפגעטאן אז "גם כי יזקין לא יסור ממנה"[49], וואס דעמולט איז דא די מציאות פון אידן וועלכע זיינען מקיים די תורה אין אן אופן נצחי,

- ווארום -

------------

44) הל׳ ת"ה פ"א ס"ח. 45) עה"פ ואתחנן ו, ז. 46) פ"ו כ"ג - נתבאר לקמן סנ"ב ואילך. 47) ב"ר פ"א, ד. 48) תניא רפי"ז. 49) משלי כב, ו.

ווארום זייענדיק אין א מעמד ומצב פון "כי יזקין" האט ער דעם חינוך וואס מ׳האט אים מחנך געווען זייענדיק א "נער", און דעמולט איז ער מחנך אויך זיינע קינדער אין דעם אופן, וואס דורך דערויף איז מען מבטיח דעם ענין פון נצחיות התורה.

און דערפאר האט דער אויבערשטער אנגענומען דוקא די ערבות פון "בנינו עורבים אותנו" - וויבאלד אז דורך דערויף איז מען מבטיח נצחיות התורה.

טז. רערפון איז פארשטאנדיק, אז נוסף על האמור לעיל אז די נקודה העיקרית וואס דארף ארויסקומען פון דער ההוועדות איז - דער ענין אז די תורה איז "חיינו ואורך ימינו",

[וואס דאס ווערט ניט דורך דערויף וואס מ׳האט די תורה אויף דער "פאליצע", אדער אז ער לערנט די תורה מערניט ווי אין זמנים קבועים בשנה, ביום אדער בלילה, נאר דורך דערויף וואס דער לימוד התורה איז אין אן אופן אז בכל רגע ורגע וואס ער לעבט, ווייסט ער אז ער לעבט מיט תורה, וואס די איז "חיינו ואורך ימינו"],

איז אויך דא די נקודה השני׳ וואס דארף ארויסקומען פון דער ההוועדות - דער ענין החינוך פון אידישע קינדער, וויבאלד אז זיי זיינען די "ערבים" אויף דעם לימוד התורה וקיום המצוות פון כל בני ישראל.

וואס בעצם איז דאס ניט קיין נקודה שני׳. נאר ס׳איז די זעלבע נקורה פון לימוד התורה פאר זיך אליין -

ווי ס׳איז פארשטאנדיק פון דער שקו"ט אין הלכה[50] ווי דארף זיין דער סדר אין לימוד התורה ווען בנו איז "זריז וממולח" ממנו, וואס דערפון זעט מען אז דער לימוד התורה פאר זיך איז פארבונדן מיטן חיוב וואס ער איז מחוייב לערנען תורה עם בנו,

ביז ווי גערעדט אמאל בארוכה[51] אז פון דעם פסוק "ושננתם לבניך" לערנט מען אפ דעם חיוב פון לימוד התורה.

יז. ובנוגע לפועל:

אזוי ווי בר"ח סיון הויבט זיך שוין אן די הכנה צו מ"ה[52] (וויבאלד אז דעמולט איז געווען "באו מדבר סיני", און "ויחן שם ישראל נגד ההר"),

- [וואס -

------------

50) קידושין כט, ב. טושו"ע יו"ד סרמ"ה ס"ב. הל׳ ת"ת שם ס"ז. 51) לקו"ש ואתחנן תשל"ח. 52) ראה שו"ע אדה"ז או"ה סו"ס הצד.

וואס אע"פ אז "בכל יום יהיו בעיניך ("כחדשים"[53], ביז) חדשים"[54] ממש, ד.ה. אז בכל יום ויום איז דא דער ענין פון נתינת התורה מחדש[55], ובלשון המדרש[56] "כל הקורא ושונה הקב"ה קורא ושונה כנגדו", וואס דערפאר זאגט מען[57] "מה להלן באימה וביראה וברתת ובזיע אף כאן כו׳", ווי דער אלטער רבי איז מבאר בארוכה אין תו"א אין דעם דרוש פון בחודש השלישי[58] -

איז דאך אבער דער עיקר הענין פון מ"ת אין "זמן מתן תורתנו", און דערפון נעמט מען דאס על כל השנה כולה, ווי געמערדט אין א פריערדיקער התוועדות[59],

וכידוע דאס וואס ס׳שטייט אין כתבי האריז"ל[60] אז בכל שנה ושנה ווערט אויפגעטאן דער "והימים האלה נזכרים ונעשים"[61], עס חזר׳ט זיך איבער אין דעם זעלבן אופן ווי ס׳איז געווען בפעם הראשונה,

און נאכמער: וויבאלד אז ס׳איז דא דער ציווי פון "מעלין בקודש"[62], איז פארשטאנדיק, אז דאס איז נאך ביתר שאת וביתר עוז לגבי ווי ס׳איז געווען בפעם הראשונה,

און ווי דער אלטער רבי זאגט אין אגה"ק[63] אז בכל שנה ושנה איז "יורד אור חדש עליון יותר שלא הי׳ מאיר עדיין מימי עולם אור עליון כזה" - וואס דארטן רעדט זיך וועגן דעם ענין פון ר"ה, אבער דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו דעם ענין פון ר"ה אין יעדער ענין פרטי, ובפרט אין אן ענין כללי ווי דער ענין פון קבלה התורה -

איז אלס הכנה צו קבלת התורה, דארפן זיך בני ובנות ישראל משתדל זיין מוסיף זיין אין לימוד התורה, סיי א הוספה באיכות הלימוד, אז דער לימוד וואס ער האט געלערנט ביז איצטער זאל זיין מיט מער חיות, און סיי א הוספה אין כמות הלימוד.

ועד"ז מוסיף זיין אין דעם "חנוך לנער ע"פ דרכו" - אז די קטנים (ילדים וילדות) וועלכע זיינען אין דעם גיל חינוך, זאלן אויך מוסיף זיין אין לימוד התורה.

- יח. -

------------

53) ראה ספרי ופרש"י עה"פ ואתחנן שם, ו. 54) פרש"י עה"פ תבוא כו, טז. 55) ראה לקו"ת תזריע כג, א. סוכות פא, ג. 56) תדא"ר רפי"ח. יל"ש איכה רמז התרלד. 57) ברכות כב, א. 58) יתרו סז, ב. 59) מוצאי ש"פ צו, שבה"ג, אור לי"א ניסן סי"ד. 60) רמ"ז בספר תיקון שובבים. הובא ונתבאר בספר לב דוד להחיד"א פכ"ט. 61) ל׳ הכתוב - אסתר ט, כח. 62) ברכות כח, א. וש"נ. 63) סוף סי"ד.

יח. און וויבאלד אז ס'איז דא דער כלל[64] "כל האומר אין לו אלא תורה כו' אפילו תורה אין לו", נאר עס דארף זיין "תורה וגמ"ח",

ביז ווי די גמרא[65] זאגט אז "תורה תחלתה גמ"ח וסופה גמ"ח", און עצם נתינת התורה מהקב"ה לישראל איז אן ענין פון "לך ה' הצדקה"[66] -

איז פארשטאנדיק אז די הוספה אין לימוד התורה (אנהויבנדיק פון ר"ח סיון) אלס הכנה צו מ"ת, דארף אויך זיין פארבונדן מיט א הוספה אין נתינת הצדקה.

וכאמור לעיל - סיי בנוגע צו גדולים און סיי בנוגע צו קטנים, אז סיי גדולים און סיי קטנים זאלן מוסיף זיין אין לימוד התורה און אין נתינת הצדקה.

יט. די הוספה אין לימוד התורה און אין נתינת הצדקה וואס דארף זיין אנהויבנדיק פון ר"ח סיון (אלס הכנה צו מ"ת), דארף אויך זיין אין ימי התשלומין פון "זמן מתן תורתנו", ד.ה. ביז י"ב סיון ועד בכלל[67].

וואס אע"פ אז דער כללות הענין פון תשלומין איז שייך דוקא אויב מ'האט פארפעלט און ניט געטאן דעם ענין אין זמן החיוב, משא"כ ווען מ'האט דאס געטאן אין זמן החיוב, וואס דעמולט איז לכאו' ניט שייך קיין ענין של תשלומין -

איז אבער דערפון גופא וואס מ'זאגט אז אין די טעג קען מען משלים זיין די ענינים פון מ"ח, איז פארשטאנדיק, אז די טעג האבן א ספעציעלע שייכות צו דעם ענין פון מתן תורה.

נאכמער: וויבאלד אז לאחרי מ"ת האט דער אויבערשטער געגעבן א אידן נאך א טאג, איז א זיכערע זאך אז דער טאג דארף זיין אנגעפילט מיט ענינים של טוב און קדושה, ולכל לראש - דער ענין פון לימוד התורה.

און אע"פ אז אין "זמן מתן תורתנו" האט ער אפגעטאן אלע ענינים בשלימות, אעפ"כ, וויבאלד אז תורה איז "תורת חיים", א לעבעדיקע זאך, און זי איז "ארוכה מארץ מדה ורחבה מני ים"[68], איז פארשטאנדיק, אז אע"פ אז לויטן מעמד ומצב אין וועלכן ער איז געשטאנען אין "זמן מתן תורתנו" האט ער אויפגעטאן אלע ענינים בשלימות, איז וויבאלד אז זיין גוף איז געווארן עלטער מיט נאך א טאג, ועאכו"כ אז די נשמה איז

- געווארן -

---

64) יבמות קט, ב. אגה"ק ס"ה (קח, סע"ב). ועוד.
65) סוטה יד. א. 66) ל' הכתוב - דניאל ט, ז. 67) ראה סידור אדה"ז לפני ובא לציון. 68) איוב יא, ט.

געווארן עלטער און רייכער און טיפער און לעבעדיקער - דארף ער מוסיף זיין אין לימוד התורה, וויבאלד אז דאס איז "חיינו ואורך ימינו".

ד.ה. אז נוסף אויף דעם ענין פון "מעלין בקודש" וואס דארף זיין בכל השנה כולה, דארף זיין א הוספה מיוחדה וועגן מ'קומט צו ימים מיוחדים בשנה, וואס דעמולט איז די יכולת (ובמילא אויך דער חיוב, און דער זכות) א גרעסערע -

וואס בנוגע צו דעם ענין פון לימוד התורה - זיינען דאס ימי ההכנה צו "זמן מתן תורתנו", "זמן מתן תורתנו", און ימי התשלומין שלו.

כ. די הוראה וועגן מוסיף זיין (סיי בכמות און סיי באיכות) אין לימוד התורה און אין נתינת הצדקה, איז סיי בנוגע צו גדולים און סיי בנוגע צו קטנים.

ובפרט בנוגע צו גדולים, וואס זיי האט דער אויבערשטער געגעבן דעם זכות צו אויפטאן דעם ענין פון "אמור ואמרת - להזהיר גדולים על הקטנים"[69].

וואס דער לשון "<u>להזהיר</u> גדולים על הקטנים", און ניט "לצוות" וכיו"ב, איז אויך מלשון "זוהר ואור", ע"ד ווי דער אלטער רבי טייטשט אפ[70] דעם ענין פון "במאי הוי זהיר טפי"[71], אז דאס מיינט "באיזה מצוה האיר לו האור האלקי יותר".

ועד"ז בנדו"ד - אז דורך דעם "להזהיר גדולים על הקטנים" - ער פארנעמט זיך מיט קטנים, סיי קטנים כפשוטו, און סיי קטנים באיכות - ווערט ביי אים ליכטיקער אין אלע זיינע ענינים, ווארום עס ווערט דער ענין פון "כאיר עיני שניהם ה'".

כא. און דעמולט האט מען די אלע ענינים וועלכע קומען אלס א תוצאה פון לימוד התורה - אז עס ווערט מקוים דער "ונתתי גשמיכם בעתם ונתנה הארץ יבולה גו'"[72], ביז אלע פרטים וואס ווערן דארטן אויסגערעכנט, ביז "ואולך אתכם קוממיות", אין אן אופן פון "אין מקרא יוצא מידי פשוטו"[73].

און אפי' די וואס האלטן שוין בא דער דרגא אז דער קיום התומ"צ שלהם איז ניט צוליב אן ענין של שכר, "אל תהיו כעבדים המשמשין את הרב על מנת לקבל פרס"[74], זיי איז גאר ניט נוגע וואס פאר א שכר זיי וועלן באקומען דערפאר -

- איז -

------------

69) יבמות קיד, סע"א. הו"כ ופרש"י ר"פ אמור. 70) סה"מ תש"ח ע' 240. וראה אגה"ק ס"ז. 71) שבת קיח, ב.
72) בחוקותי שם, ד. 73) שבת סג, א. וש"נ. 74) אבות פ"א מ"ג.

איז דאך אבער מבאר דער רמב"ם [וואס ער איז געווען דער "מורה הנבוכים" בדורו, און על כל הדורות עלאה"ז] אז די יעודים גשמיים וואס שטייען אין תורה, איז עס ניט קיין ענין וואס האט א שייכות נאר צו די וואס האלטן ניט אין דער דרגא פון עבודה לשמה, וואס דערפאר דארף מען זיי געבן שכר צדדי,

נאר אדרבה, דורך דערויף וואס מ'גיט אלע יעודים גשמיים, "ונתתי גשמיכם בעתם ונתנה הארץ יבולה", "ונתתי שלום בארץ ושכבתם ואין מחריד" - קען דעמולט זיין דער לימוד התורה בתכלית השלימות, ובלשון הרמב"ם* - "במתכונתה", וויבאלד אז עס זיינען ניטא קיינע ענינים המבלבלים.

ווארום יעדער איד איז דאך מחוייב אין לימוד התורה, כפס"ד הרמב"ם* והשו"ע* - מ'האט דאך אבער צוטאן מיט א נשמה בגוף, א גוף וואס געפינט זיך אין "בירא עמיקתא"*, אין עוה"ז הגשמי והחומרי - איז בשעת ער דארף ניט מלחמה האבן און מבטל זיין די ענינים המבלבלים (דערפאר וואס "ושכבתם ואין מחריד" - עס איז אינגאנצן ניטא קיין מציאות פון א "מחריד", צוזאמען מיט אלע ברכות וואס ווערן אויסגערעכנט אין דער פרשה), קען דעמולט זיין דער לימוד התורה לשמה בתכלית השלימות.

כב. אזוי ווי מצד ריבוי הדיבור קען מען אפגיין פון דער נקודה - איז די נקודה בכל האמור לעיל בפשטות:

ס'איז א זיכערע זאך אז מען האט זיך עוסק געווען אין לימוד התורה און אין נתינת הצדקה (מיט אלע פרטים שבדבר), ווארום "כל ישראל בחזקת כשרות"*;

מ'וויל אבער אז פון ההוועדות זו זאל צוקומען א הוספה אין לימוד התורה און נתינת הצדקה - אין צוזאמענהאנג מיטן זכות פון די "יומין זכאין" - אנהויבנדיק פון ר"ח סיון ביז י"ב סיון,

וואס די ברכה והצלחה אויף ר"ח סיון איז שוין געגעבן געווארן אין שבת מברכים חודש סיון. מיט אלע זעקס לשונות של ברכה, ביז צום סיום "ונאמר אמן". אז דאס איז אן ענין של קיימא - און דאס ווערט נמשך למטה מעשרה טפחים, און אן מניעות ועיכובים,

- ובפשטות -

------------

75) הל' תשובה פ"ט. 76) בפיהמ"ש מכות בסופה. נתבאר בארוכה בלקו"ש חגה"ש-פרקי אבות ע.ז. ס"ג ואילך. 77) הל' ה"ה פ"א ה"ח. 78) יו"ד ר"ס רמו. שו"ע אדה"ז או"ח ר"ס קנה. 79) ראה חגיגה ה, ב. 80) רמב"ם הל' קדה"ח פ"ב ה"ב.

הנחה הת' בלתי מוגה

ובפשטות - מ׳זאל מוסיף זיין סיי באיכות און סיי בכמות אין לימוד התורה. און אין נתינת הצדקה.

כג. און אע"פ אז מ׳רעדט וועגן אן עניין וואס דארף אנגייען ביז י"ב סיון - איז אבער אפגע׳פסק׳נט אין שו"ע[81] אז בשעה די זאך איז ניט בידו של האדם, עס איז מחוסר זמן, איז דורך דעם וואס ער נעמט אן די החלטה הקיפה אז ווען עס וועט קומען דער זמן וועט ער זיך פירן אין אזא אופן, ווערט דאס שוין פאררעכנט פונקט ווי ער האט דאס שוין געטאן בפועל, ביז וואנעט אז דאס איז שוין ממשיך די אלע המשכות וואס ווערן נמשך דורך דער מעשה בפועל.

וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דערויף וואס במוצאי שבת מברכים חודש סיון, ר"ח סיון, איז ער מחליט אז אנהויבנ-דיק פון ר"ח סיון ביז י"ב סיון. וועט ער זיך פירן באופן האמור.

און דעמולט האט ער שוין דעם שכר כפשוטו, און אויך דעם שכר וואס באשטייט אין דעם וואס מ׳נעמט אראפ די אלע בלבולים צו דער הצלחה רבה בכל עניניו, עאכו"כ אין די ענינים העיקריים - לימוד התורה וקיום המצווה.

וואס די אלע ענינים זיינען ענינים וואס זיינען מפורש אין תורה בכ"מ, ס׳איז מערניט וואס מ׳ברענגט דאס אראפ בדיבור. דערפאר וואס דאס איז א "יום זכאי". און א זמן מסוגל:

דאס איז מוצאי שבת קודש, וואס דעמולט איז דא דער עניין פון "סעודהא דדוד מלכא משיחא"[82], און מוצאי שבת מברכים החודש, און שבת מברכים פון חודש השלישי (חודש סיון), און א שבת וואס גלייך פון אים גייט מען אריין (ניט אין א יום החול, יום המעשה, נאר) אין ר"ח, און אין אן אופן אז די קדושה פון שבת ווערט אן "ערב" צו ר"ח, וואס דערפון איז פארשטאנדיק דער גודל העילוי צו וועלכן מ׳דער-גרייכט בר"ח.

און ס׳זאל אראפקומען אין מעשה בפועל כפשוטו, אז ס׳זאל זיין "ילכו מחיל אל חיל"[83] אין לימוד התורה וקיום מצוותי׳.

און מיטנעמען אויך די גאנצע וועלט - וואס זי איז

- באשאפן -

------------

81) או"ח בהקע"א ס"ג. וראה תענית ח, ב. 82) סידור האריז"ל (להר"ש מרשקוב) במקומו. פע"ח סוף שער השבת. 83) ל׳ הכתוב - תהלים פד, ח. וראה ברכות בסופה. ועוד.

באשפן געווארן "בשביל התורה שנקראת ראשית ובשביל ישראל שנקראו ראשית" - אז זי זאל אויך גיין "מחיל אל חיל", דורך דערויף וואס יעדערער טוט אויף אין חלקו בעולם, וואס דורך דערויף ווערט דאס אויפגעטאן אין כללות העולם כולו, ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין ספרו תניא קדישא[84].

ביז אז מ'וועט גיין "מחיל אל חיל" לקבל פני משיח צדקנו, וללמוד תורתו - תורתו של משיח, בקרוב ממש, ובעגלא דידן.

* * *

כד. דובר בארוכה אודות המצב באה"ק.

* * *

כה. צוה לנגן ואכר מאמר ד"ה ויאמר לו יהונתן מחר חודש.

* * *

כו. ס'איז דאך אויך רגיל אז אין א ההוועדות וואס איז פארבונדן מיט שבת (ועד"ז במוצאי שבת) איז מען מבאר א פסוק מיט פרש"י פון פרשת השבוע וואס מ'האט געלייענט בשבת זו.

ובפרשתנו איז דא א פרש"י וואס כמה מפרשים שטעלן זיך אויף אים, אבער זייער ביאור איז ניט אויסגעהאלטן לויט דעם כלל פון רש"י[85] אז "אני לא באתי אלא לפשוטו של מקרא", אין אן אופן אז א "בן חמש למקרא" זאל דאס אויך קענען פארשטיין, ניט וויסנדיק דאס וואס ס'שטייט אין משנה און גמרא (וואס ער האט נאך ניט געלערנט), און די שקו"ט און פלפולים וואס מפרשי רש"י ברענגען אראפ.

כז. אין פרשתנו (קאפיטל א' פסוק נג) שטייט: "והלוים יחנו סביב למשכן העדות ולא יהי' קצף על עדת בני ישראל גו'".

שטעלט זיך רש"י אויף די ווערטער "ולא יהי' קצף", און טייטשט דאס אפ מיט א גאנצע אריכות: "אם תעשו כמצותי לא יהי' קצף ואם לאו, שיכנסו זרים בעבודתם זו, יהי' קצף כמו שמצינו במעשה קרח[86] כי יצא הקצף וגו'".

איז ניט פארשטאנדיק:

א) מ'האט שוין געזעדט כמ"פ אז פונקט אזוי ווי אין פרש"י פעלט ניט קיין זאך וואס איז דורש ביאור אין פשש"מ, אזוי איז אין פרש"י ניטא קיין איבעריקע ענינים, אן ענין וואס איז ניט פארבונדן מיט מבאר זיין פשוטו של מקרא.

- ווארום -

------------

84) פל"ז. 85) עה"פ בראשית ג, ה. 86) קרח יז, יא.

ווארום מה-דאך אז אפי' גדולי ישראל וואס זיינען געוועז קלענער פון רש"י (אויב מ'מעסט זיי) זיינען געוועז נזהר אין "שפת יתר", איז עאכו"כ בנוגע צו רש"י בפירושו על ההודה, וואס דאס איז געווארן א פירוש וואס מ'לערנט אים בכל הדורות כולם,

ווי מ'זעט בפשטות אז ס'איז ניטא קיין פירוש המקרא וואס איז נתפשט געווארן און אנגענומען געווארן בא כל בני ישראל אזוי ווי פירוש רש"י,

ביז ווי ס'איז אפגע'פסק'נט אין שו"ע* בנוגע צו דעם ענין פון "שנים מקרא ואחד תרגום", אז אנשטאט "תרגום" קען מען יוצא זיין מיט פירוש רש"י -

איז א זיכערע זאך אז אין פירוש רש"י זיינען ניטא קיין איבעריקע ענינים.

איז ניט פארשטאנדיק: צוליב וואס דארף מען האבן די גאנצע אריכות אין פרש"י - דער בן חמש למקרא האט שוין געלערנט כמ"פ דעם כלל פון "מכלל לאו אתה שומע הן וכו'"*, איז דאך מעצמו מובן אז אויב מ'וועט מקיים זיין דעם ציווי, איז "לא יהי' קצף", און אויב מ'וועט ניט מקיים זיין דעם ציווי, וועט זיין פארקערט - איז צוליב וואס דארף מען האבן די גאנצע אריכות אין פירוש רש"י?

ב) רש"י זאגט "ואם לאו שיכנסו זרים בעבודתם זו", איז ניט פארשטאנדיק: לכאו' איז גענוג ווען מ'זאגט "ואם לאו" סתם, צוליב וואס דארף רש"י מוסיף זיין "שיכנסו זרים בעבודתם זו"?

ג) צוליב וואס דארף רש"י זאגן "כמו שמצינו במעשה קרח כו'" - מ'געפינט ניט אין פרש"י אז ער זאל ברענגען א ראי' אויף אן ענין וואס דער אויבערשטער איז מבטיח, אז ס'איז טאקע מקוים געווארן, ווארום דער בן חמש למקרא דארף ניט האבן קיין ראיות אויף דערויף, ביי אים איז א זיכערע זאך אז וויבאלד דער אויבערשטער האט געזאגט אז עס וועט זיין אזוי, וועט דאס טאקע זיין - איז צוליב וואס ברענגט רש"י די ראי' "כמו שמצינו במעשה קרח"?

עס זיינען דא מפרשים* וואס ווילן זאגן אז רש"י ברענגט "מעשה קרח" אלס א ראי' אז דאס וואס שטייט פריער* "והזר הקרב יומת", מיינט דאס "בידי שמים" - און מ'לערנט דאס אפ כיט א ק"ו פון עבודת הכהנים וואס איז א קדושה

- נעלית -

------------

87) או"ח סרפ"ה ס"ב. שו"ע אדה"ז שם. 88) פרש"י עה"פ תשא ל, כ. וראה שפ"ח פרשתנו שם. 89) משכיל לדוד, רא"ם וגו"א פרשתנו שם, נא-נג. ועוד. 90) פרשתנו שם, נא.

הנחה הת' בלתי מוגה

נעליה יוהר, אדער פון דעם פסוק "ולא יהי' בבני ישראל נגף גו'" אין פרשה בהעלותך[91].

דער בן חמש למקרא האט נאך אבער ניט געלערנט די אלע ענינים - דארף מען אים מבאר זיין ע"פ פשוטו של מקרא.

וכמדובר כמ"פ אז פרש"י איז טאקע אויסגעהאלטן אויך ע"פ דרך ההלכה, ביז ווי עס שטייט אין של"ה[92] אז אין פרש"י זיינען דא ענינים פון "נפלאות" אויך אין דרך הדרוש והרמז והסוד - אבער לכל לראש דארף דאס זיין אויסגעהאלטן לויט דרך הלימוד פון פשוטו של מקרא.

וכפי שיתבאר לקמן.

כח. אין די הערות פון טאטן[93] אויפן זהר פון פ' במדבר[94], איז דא מערניט ווי איין שורה, וואס דארטן צייכנט ער צו רעם וואס ער האט מבאר געווען אין פ' קדושים[95], בנוגע צו דעם סדר פון טלית ותפילין, מי קדם למי, ווי גערעדט וועגן דעם כמ"פ בארוכה.

מ'וויל דאך דאס אבער פארבינדן מיט א דבר חדש און א ביאור חדש -

איז אין די הערות אויף פ' נשא[96] [וואס בשבת צו מנחה האט מען דאך אנגעהויבן ליינען פ' נשא] שטעלט ער זיך אויף א פסוק אין סוף פרשת במדבר[97] "אהרן ובניו יבואו ושמו אותם איש איש על עבודתו ואל משאו",

און ער איז מבאר אז "הלוים הם בחי' גבורות", און "אהרן ובניו (ש)הם בחי' חסדים" (ווי ער איז מבאר דארטן אז "כהן (ש)הוא מדת החסד . . ולכן מברכין לברך את עמו ישראל באהבה, באהבה דוקא שהוא בחי' חסד"), און דאס איז וואס "אהרן ובניו יבואו ושמו אותם איש איש על עבודתו ואל משאו", אז "אהרן ובניו שהם בחי' חסדים ישימו אותם שיתקנו אותם, הוא מה שימתקו את הגבורות דהלוים".

וואס נוסף אויף דעם ביאור אין דעם וואס א כהן איש החסד מאכט איבער א צווייטן וואס ענינו איז דער ענין פון גבורה, און די הוראה דערפון בנוגע לעבודת כאו"א (וואס דאס איז דאך דער תכלית הלימוד, אז ס'זאל זיין "מביא לידי מעשה") - איז אין דערויף אויך דא די שייכות מיט דעם וואס ער ברענגט אין דער הערה אויפן זהר פון פ' במדבר, בנוגע צו דעם ענין פון טלית ותפילין.

- וכפי -

------------

91) ח, יט. 92) במס' שבועות שלו קפא, א. 93) לקוטי לוי"צ לזח"ג ע' שנג. 94) ח"ג קכ, ב. 95) ע' שיד.
96) שם ע' שעב. 97) ד, יט.

וכפי שיתבאר לקמן.

כט. דאס איז דאך א שבת וואס מ'לערנט פרקי אבות לכל הדעות - וועס מען זיך שטעלן אויף א משנה אין דעס פרק פון היינטיקן שבת, פרק ששי, "קנין תורה"[98].

אין משנה ג' (לויט די חלוקה פון דעם אלטן רבי'ן בסידורו) שטייט: "הלומד מחבירו פרק אחד או הלכה אחת או פסוק אחד או דיבור אחד או אפילו אות אחת, צריך לנהג בו כבוד, שכן מצינו בדוד מלך ישראל, שלא למד מאחיתופל אלא שני דברים בלבד, קראו רבו אלופו ומיודעו . . הלומד מחבירו פרק אחד או הלכה אחת או פסוק אחד או דיבור אחד או אפילו אות אחת, עאכו"כ שצריך לנהג בו כבוד".

[וואס דאס האט א שייכות לכל בנ"י, ווארום "עמך כולם צדיקים"[99], און יעדער איד איז מחוייב אין לימוד התורה, וואס דערפון גופא איז די הוכחה אז עד האט א שייכות צו לימוד התורה (ווארום אויב ניט, וואלט מען אים ניט מחייב געווען אין לימוד התורה)].

וכמדובר כמ"פ אז יעדער ענין אין משנה און אין ברייתא איז בדיוק, ביז צו תכלית הדיוק (אע"פ אז דאס איז ניט תורה שבכתב - געפינט מען אבער אין דער משנה א דבר והיפוכו:

ווען די משנה זאגט "הלומד מחבירו פרק אחד או הלכה אחת או פסוק אחד או דיבור אחד או אפילו אות אחת", שטייט ניט "בלבד", ווארום ס'איז מעצמו מובן אז "אות <u>אחת</u>" מיינט מערניט ווי איין אות;

ולאידך: ווען די משנה רעדט וועגן דעם וואס דוד האט געלערנט פון אחיתופל, זאגט די משנה "שלא למד מאחיתופל אלא שני דברים <u>בלבד</u>", און דערנאך חזר'ט איבער די משנה א צווייטן מאל "ומה דוד מלך ישראל שלא למד מאחיתופל אלא שני דברים <u>בלבד</u>".

וואס לכאו' איז איפכא מסתברא: אויב מ'דארף באווארענען אז דאס איז "בלבד" און ניט מער דערפון, איז צום אלעם ערשטן דארף מען דאס באווארענען ווען מ'רעדט וועגן א כמות קטנה ביותר - "אות אחת", וואס דעמולט ווייסט מען במכש"כ וק"ו וועגן א גרעסערע כמות, אז ס'איז "בלבד" און ניט מער,

און אין דער משנה איז להיפך: בא "<u>אות אחת</u>" באווארענט מען ניט "בלבד", און בא "<u>שני דברים</u>" באווארענט מען "בלבד"?!

וכפי שיתבאר לקמן.

- ל. -

------------

98) דאה מד"ש לאבות רפ"ו. ועוד. 99) ישעי' ס, כא.

ל. בהמשך להמדובר לעיל וועגן דער הוספה אין לימוד התורה און אין נתינת צדקה וואס דארף געטאן ווערן דורך אידישע קינדער - איז כאן המקום להוסיף אז ס'איז דא א דבר פלא וואס מ'געפינט בנוגע צו דער מעלה פון אידישע קינדער:

די גמרא[100] טייטשט אפ דעם פסוק[101] "אל תגעו במשיחי", אז "משיחי אלו תינוקות של בית רבן".

וואס בפשטות גייט "משיחי" אויף די אידן וועלכע זיינען אין א מעמד ומצב נעלה ביותר, זיי זיינען מורם מעם, וואס דערפאר שטייט דאס בחדא מחתא מיט "נביאי" ("ובנביאי אל תרעו") - און דא טייטשט אפ די גמרא אז "משיחי" גייט אויף "תינוקות של בית רבן"!

אין פרש"י[102] [וואס אויך בפירושו על הגמרא זוכט רש"י א ביאור ע"ד הפשט - נאר אין גמרא קען דאס זיין א פשט וואס איז פארשטאנדיק צו א "בן חמש עשרה לגמרא", משא"כ בפירושו עה"ת, וואס דארף מוז דאס זיין פארשטאנדיק פאר א "בן חמש למקרא"] איז מבואר דער קשר צווישן "תינוקות של בית רבן" מיט "משיחי" - אז "דרך תינוקות למושחן בשמן",

[ווי די גמרא[103] זאגט "הנותן פת לתינוק צריך להודיע לאמו, מאי עביד לי'. . שאיף לי' משחא", ווי רש"י[104] טייטשט אפ "ישפשפנו בשמן כו'"].

עס איז אבער שווער צו זאגן אז צוליב דערויף וואס "דרך תינוקות למושחן בשמן", זאלן זיי אנגערופן ווערן בשם "משיחי" - א נאמען וואס אין פשוטם של כתובים באווייזט דאס אויף אזא וואס איז מורם מעם?!

בדוגמא ווי מ'געפינט אז ס'איז געווען א כהן סתם, און ס'איז געווען א העכערע דרגא אין כהונה - "כהן המשיח"[105], אדער "משוח מלחמה"[106].

עד"ז געפינט מען אז שאול ווערט אנגערופן "משיח ה'"[107], ועד"ז געפינט מען אז דוד המלך איז "נמשח בקרן" (וואס דערפאר "נמשכה מלכותו")[108].

עאכו"כ לויטן ביאור אז "משיח" סתם גייט אויף משיח בן דוד - וואס דעמולט ווערט די קושיא נאכמער שטורעמ'דיק:

ענינו פון משיח איז דאך תכלית השלימות, ווי עס שטייט

- אין -

------------

100) שבת קיט, ב. 101) דה"א טז, כב. 102) שבת שם ד"ה במשיחי. 103) שם י, ב. 104) שם ד"ה שייף. 105) צו ו, טו. ועוד. 106) סוטה פ"ח (מב, א ואילך). רמב"ם הל' מלכים פ"ז ה"ב-ג. 107) ש"א כד, ז. ועוד. 108) מגילה יד, א.



הנחה הת' בלתי מוגה

אין מדרש[109] אויפן פסוק[110] "ירום ונשא וגבה מאד", "ירום מאברהם ונשא מיצחק וגבה מיעקב", און ווי דער רמב"ם זאגט אז ער איז "קרוב למשה רבינו", ביז וואנעט אז "נשא ממשה"[112].

ביז וואנעט אז "מאד אותיות אדם", אז ער איז העכער פון אדה"ר ווי ער איז געווען לאחרי החטא[113], און נאכמער: העכער פון אדה"ר אפי' ווי ער איז געווען קודם החטא[114] (כידוע די צוויי דעות שבזה).

וואס דאס איז אויך מתאים דערמיט וואס ס'איז מבואר[115] אז עס זיינען דא צוויי מאל וואס ס'שטייט "אלה תולדות" מלא: "אלה תולדות השמים והארץ"[116], דערפאר וואס "עולם על מילואו נברא"[117], וואס דאס גייט אויף די וועלט (כולל אויך אדה"ר) ווי זי איז געווען קודם החטא; און "אלה תולדות פרץ"[118], וואס דאס גייט אויף משיח בן דוד[119], ווי דער פסוק[120] איז דערנאך ממשיך "וישי הוליד את דוד",

און דער "אלה תולדות פרץ" וואס גייט אויף משיח צדקנו, איז נאך העכער פון דעם "אלה תולדות השמים והארץ"[121], ד.ה. אז משיח צדקנו איז העכער פון אדה"ר אפי' ווי ער איז געווען קודם החטא, ווען ס'איז געווען דער מעמד ומצב פון "כשמחך יצירך בג"ע מקדם", ווען "עולם על מילואו נברא".

און דא זאגט מען אז "תינוקות של בית רבן" ווערן אנגערופן בשם "משיחי"?!

לא. האמור לעיל אז "תינוקות של בית רבן" ווערן אנגערופן בשם "משיחי", איז פארבונדן דערמיט וואס מ'האט גערעדט פריער אז די קטנים בישראל זאלן מוסיף זיין אין לימוד התורה און אין נתינת הצדקה:

דורך דעם לימוד התורה פון קטנים, ווערט אויפגעטאן דער ענין פון "מפי עוללים ויונקים יסדת עוז" - "אין עוז אלא תורה"[122] - "להשבית אויב ומתנקם"[123].

- וואס -

------------

109) תנחומא ס"פ תולדות. 110) ישעי' נב, יג. 111) הל' תשובה פ"ט ה"ב. 112) תנחומא שם. וראה לקו"ש ח"ו ע' 254. 113) ספר הגלגולים פי"ט - הובא בלקו"ת צו יז, א. מסעי פט, ג. 114) ל"ת להאריז"ל פ' תשא. ס' הליקוטים פ' שמות. וראה לקו"ת שה"ש בסופו. 115) ב"ר פי"ב, ו. ועוד. 116) בראשית ב, ד. 117) ראה ב"ר שם. פי"ד, ז. פי"ג, ג. 118) רות ד, יח. 119) ראה ב"ר פפ"ה, יד. 120) רות שם, כב. 121) ראה גם ד"ה ויהי ביום השמיני דמוצאי ש"פ שמיני, מבה"ח אייר. 122) שהש"ר פ"ב, ג [ג]. 123) תהלים ח, ג.



הנחה הה' בלתי מוגה

וואס דער הכליה השלימות איז "להשבית אויב ומתנקם" וועט זיין בביאה (וע"י) משיח צדקנו, וואס אויף דערויף זאגט מען "מזמור שיר ליום השבת"[124] - למשבית מזיקין מן העולם"[125].

און וויבאלד אז א מעין דערפון ווערט אויפגעטאן דורך דעם ענין פון "מפי עוללים ויונקים יסדת עוז" (ווארום דורך דעם ווערט דער "להשבית אויב ומתנקם") - ווערן זיי אנגערופן בשם "משיחי".

לב. עפ"ז ווערט אבער די שאלה לאידך: מ'דארף אנרופן יעדער אידן בשם "משיח"?

איז ערשטן'ס - פארוואס טאקע ניט, הלואי זאל מען אנרופן יעדער אידן בשם משיח, און תבא עליהם ברכה,

ובפרט ע"פ המדובר כמ"פ[126] וועגן דעם וואס ס'שטייט אין ירושלמי[127], אז דער פסוק[128] "דרך כוכב מיעקב" - וואס גייט בפשטות אויף משיח'ן[129] - גייט אויף יעדער אידן, ווי ס'איז מבואר אין מאור עינים[130] אז בא יעדער אידן איז דא א ניצוץ פון נשמת משיח, פונקט אזוי ווי בא משיח איז דא א ניצוץ פון נשמת כאו"א מישראל.

אבער אעפ"כ קען מען ניט אנרופן יעדער אידן בשם "משיח", מערניט ווי "תינוקות של בית רבן". והביאור בזה:

ווען עס רעדט זיך וועגן א אידן וואס איז שוין מחוייב במצוות, קען מען ניט אנרופן אים בגלוי בשם "משיח", ווארום אז מ'וועט אים אנרופן בשם "משיח" איז דעם חלל פון עוה"ז, אין רשות הרבים, וועט דער שומע פרעגן א שאלה: ווי רופט מען אים כיט אזא נאמען, ער איז דאך שוין מחוייב במצוות, און אעפ"כ זעט זיך ניט אן ביי אים דער ענין פון "משיח" - איז ווי קען מען אים אנרופן בגלוי בשם "משיח"?!

משא"כ ווען מ'רעדט וועגן "תינוקות של בית רבן", א תינוק וואס איז נאך ניט מחוייב במצוות - קען מען אים אנרופן בגלוי בשם "משיח", דערפאר וואס דער ענין פון "משיח" איז ביי אים דא "בכח":

איצטער איז ער טאקע א "תינוק", ער האט אבער א מוטער וואס איז אים מחנך ווי א אידישע מוטער דארף מחנך זיין,

[כמדובר כמ"פ אז ההחלה החינוך הויבט זיך אן פון דער

- מוטער -

------------

124) שם צב, א. 125) תו"כ עה"פ בחוקותי כו, ו. 126) לקו"ש ח"ב ע' 599. 127) מע"ש פ"ד ה"ו. 128) בלק כד, יז. 129) ראה רמב"ן עה"פ. ועוד. 130) ס"פ פינחס.

מוטער, ווארום איידער ער קומט צו דעם גיל וואס "מתחיל לדבר", וואס דעמולט איז אביו "מלמדו תורה"[131], ביז נאך דערויף וואס ער איז "בן שש", איז ער א "קטן שצריך לאמו"[132], וואס דעמולט איז אים די מוטער מחנך,

האט ער בכח צוקומען צו דעם אז דער ענין פון "משיח" זאל ביי אים זיין בגלוי - און מ'האפט און מ'איז זיכער אז ער וועט דאס אראפברענגען בפועל, וויבאלד אז "כל ישראל בחזקת כשרות" - און דערפאר זאגט מען אז "תינוקות של בית רבן" (און אפי' איידער ער גייט אין "חדר", וויבאלד אז ער האט בכח צו ווערן א תשב"ר) ווערן אנגערופן בגלוי בשם "משיחי".

און ווען מ'פרעגט: ער דארף דאך זיין א שלם אין לימוד התורה וקיום המצוות כדי אז מ'זאל אים קענען אנרופן בשם "משיח" -

זאגט מען אז דער אויבערשטער האט אים באשאפן אלס א תינוק (נים ווי אדה"ר וואס ער איז באשאפן געווארן אלס א בן עשרים שנה[133], און איז גלייך געווארן מחוייב במצוות) - פריער איז ער יוצא לאויר העולם, און דערנאך גייט דורך א משך זמן ביז אז ער ווערט מחוייב אין תורה ומצווה,

איז בשעה ער איז אין דעם מעמד ומצב פון א "תינוק", האט ער בכח צוקומען צו דעם ענין פון "משיחי".

און ווי ער זאגט אין תדא"ר[134] אז "חייב כאו"א מישראל לומר מתי יגיעו מעשי למעשה אבותי אברהם יצחק ויעקב",

ובפרט לויט ווי גערעדט פריער אז בא יעדער אידן איז דא א ניצוץ פון נשמת משיח - איז דאך פארשטאנדיק, אז בשעת ער וועט מגביר זיין דעם ניצוץ, ביז אז דער ניצוץ וועט דורכנעמען זיין גאנצע מציאות - ווערט זיין גאנצע מציאות אזוי ווי דער ניצוץ - א ניצוץ פון נשמת משיח.

און דערפאר קען מען אנרופן בגלוי בשם "משיחי" דוקא די "תינוקות של בית רבן", אע"פ אז בכללות יוהר זאגט מען אז בא יעדער אידן איז דא דער ענין פון משיח.

לג. און דאס איז אויך דער פארבונד מיט "בנביאי אל תרעו" (וואס שטייט נאך "אל תגעו במשיחי") - ווארום די "תינוקות של בית רבן" האבן בכח צוקומען צו דער דרגא פון "משיחי", וואס משיח איז "קרוב למשה", און נאכמער: "נשא ממשה" (וואס

- ענינו -

------------

131) ספרי ופרש"י עה"פ עקב יא, יט. וראה גם סוכה מב, א. ועוד. 132) עירובין פב, ב. 133) ב"ר פי"ד, ז. 134) רפכ"ה.

ענינו של משה איז "נביאי"), אע"פ אז משה איז דער "גואל ראשון" און "גואל אחרון"[135],

וכידוע דער סיפור אז מ'האט געפרעגט ביים אלטן רבי'ן ווער איז גרעסער - משיח צי משה רבינו וכו',

איך האב ניט געהערט דעם סיפור פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, בין איך ניט מחוייב צו איבער'חזר'ן דעם סיפור, דער ענין איז אבער אן ענין אמיתי.

לד. בנוגע למעשה בפועל, וואס "המעשה הוא העיקר", האט מען דאך גערעדט פריער, אז מ'זאל זיך משתדל זיין און מוסיף זיין אין לימוד ההורה און אין נתינת הצדקה, סיי בנוגע לעצמו, און סיי בנוגע צו "תינוקות של בית רבן", ביז צו "עוללים ויונקים", וואס דורך דערויף ווערט אויפגעטאן דער ענין פון "להשבית אויב ומתנקם".

וואס דאס איז אויך פארבונדן דערמיט וואס די גמרא[136] זאגט: "מה יעשה אדם וינצל מחבלו של משיח, יעסוק בתורה ובגמילות חסדים".

ד.ה. אז דורך דעם ענין פון לימוד התורה און נתינת צדקה, איז מען זוכה צו דערלעבן משיח'ן און זעהן משיח'ן בעיני בשר (בלשון הגמרא[137] אז ס'זאל זיין "ייתי" און "איחמיניי"), און מ'ווערט ניצל פון "חבלו של משיח", אפילו אין דעם דקות'דיקן אופן וואס איז דא אין "חבלו של משיח",

[וואדרום בנוגע צו דעם ענין פון "חבלו של משיח" באופן הפשוט - האט מען דאך גערעדט בארוכה אין די פריערדיקע ההוועדויות[138], אז דער מיטעלער רבי שרייבט אין שער התשובה[139], אז עס וועלן מערניט זיין קיינע ענינים בלתי רצויים, ווארום מ'האט שוין יוצא געווען מיט אלע ענינים וואס זיינען געווען בעבר].

וואס דער ענין פון "חבלו של משיח" איז - ווי רש"י[140] טייטשט אפ: "פחדים וחבלים שיהיו בימיו מחיל הנכרים".

[אין שבת[141] טייטשט אפ רש"י "חבלו של משיח" - "חבלי לשון חבלי יולדה"[142], אבער דא טייטשט ער דאס אפ מיט א גאנצע אריכות: "חבלו של משיח - גורלו, ולקמן בעי מאי היא, ל"א פחדים וחבלים שיהיו בימיו מחיל הנכרים"].

- און -

---

135) ראה שמו"ר פ"ב, ד. זח"א רנג, א. ועוד.
136) סנהדרין צח, ב. 137) שם. 138) שיחת ליל ט"ו בשבט ש.ז. ס"מ. ועוד. 139) ה, ב. 140) ד"ה חבלו של משיח - סנהדרין שם. 141) קיח, א ד"ה הנ"ל. 142) הושע יג, יג.

און דאס איז וואס מ'האט גערעדט פריער (סכ"ד) אז עס זיינען ניטא קיין גרעסערע "פחדים וחבלים" דערפון וואס אידן האבן זיך איינגערעדט אז מ'דארף האבן א פחד (ביז צו א טרייסלעניש) פון דעם "חיל" פון אומות העולם.

מ'ווייסט אז "לב מלכים ושרים ביד ה'"[143] און זיי האבן ניט קיין בחירה, און מ'ווייסט אז דער אויבערשטער היט די כבשה אחת וואס געפינט זיך בין שבעים זאבים[144], און מ'איז מאמין באמונה פשוטה אין ביאת המשיח, "אחכה לו בכל יום שיבוא"[145] - אבער אז ער קומט אראפ למטה מעשרה טפחים, ווערט ביי אים "חבלו של משיח", ער שטייט מיט א פחד דערפון וואס א גוי האט אן ארמיי מיט נשק.

וואס דאס איז דער אפטייטש פון "חבלים" - ער בינדט זיך אליין אריין אין גלות, וואס די נשמה איז דאך מלכתחלה ניט געגאנגען אין גלות[146], ער בינדט איר אבער צו (דורך גופו ונפשו הבהמית און זיין סביבה) אין גלות, זאגנדיק אז מ'דארף זיך שרעקן פון א גוי, דערפאר וואס ער האט די "ידים ידי עשו"[147], ער האט "חיל" וכו', ובמילא איז "אל תתגרה בגוי קטן"[148] וכו'.

דער וואס האט געזאגט אז די נשמה איז מלכתחלה ניט געגאנגען אין גלות, האט געוואוסט אז ס'שטייט "אל תתגרה בגוי קטן", און אעפ"כ האט ער געזאגט אז די נשמה איז ניט געגאנגען אין גלות (ווי גערעדט אין א פריערדיקע התוועדות אז ס'איז ניט קיין סתירה בדבר).

און אויף דערויף זאגט מען אז דורך דעם ענין פון לימוד התורה און נתינת הצדקה, ווערט מען ניצל פון "חבלו של משיח".

לה. אין דערויף קומט נאך צו די שייכות מיטן שבת שלפנ"ז:

דער מהרש"א (אין חדא"ג[149]) שטעלט זיך אויף דעם וואס די גמרא זאגט "מה יעשה אדם וינצל מחבלו של משיח, יעסוק בתורה ובגמילות חסדים", און זאגט: "הכ"ל דיקיים ג' סעודות בשבת כדאמרינן פ' כל כתבי[150] ע"ש", וואס דארט זאגט די גמרא: "כל המקיים שלש סעודות בשבת ניצול כו' מחבלו של משיח".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק דער קשר צווישן דעם וואס

- מ'האט -

---

143) ע"פ משלי כא, א. 144) ראה תנחומא תולדות ה. ועוד.
145) עיקר הי"ב מי"ג עיקרים. 146) לקו"ד כרך ד תרצב, א.
147) תולדות כז, כב. 148) ראה פסחים קיג, א.
149) לסנהדרין שם. 150) שבת שם.

מ׳האט געדעדט וועגן דער הוספה אין לימוד התורה און נתינת הצדקה, מיט דעם שבת שלפנ"ז, ווארום פארנאכט איז דא דער ענין פון סעודה שלישיה, און דאס ווערט נמשך און אריינגע-צויגן אויך איצטער, ווען מ׳רעדט וועגן דער הוספה אין לימוד התורה און נתינת הצדקה -

וואס דורך דיביידע ענינים (דער ענין פון שלש סעודות, און דער ענין פון לימוד התורה און נתינת צדקה) ווערט מען ניצל פון "חבלו של משיח".

לו. אזוי ווי דער עולם איז פארמאטערט, און מארגן איז (טאקע ניט קיין יום המעשה, ווארום ס׳איז ר"ח, ס׳איז אבער) א יום המותר במלאכה - דארף מען ארויסגעבן די נקודה בנוגע למעשה בפועל (וואס קומט ארויס פון ריבוי הדיבורים):

מ׳זאל מרבה זיין סיי בכמות און סיי באיכות אין לימוד התורה און אין נתינת צדקה,

ובפרט בנוגע צו קטנים - אז בא זיי זאל זיין א הוספה אין דעם ענין פון "מפי עוללים ויונקים יסדה עוז", וואס "עוז" גייט אויף דעם ענין פון תורה, "אין עוז אלא תורה", און עס גייט אויך אויף דעם ענין הצדקה, ווי ס׳איז פארשטאנ-דיק בפשטות אז צדקה איז אן ענין של "עוז", ווארום דערמיט איז מען מחזק און מעודד א צווייטן אידן וואס איז א שוואכער (אין געלט, אן עצה טובה וכיו"ב), און ער גיט אים אן ענין של "עוז",

דורך דערויף וואס ער איז מיט אים גומל חסד און גיט אים די צדקה [ווי דער אלטער רבי איז מאריך אין תניא[151] אז מיט דער פרוטה וואס ער גיט דעם עני איז "הי׳ יכול לקנות היי נפשו"], ניט ערווארטנדיק אז יענער וועט אים עפעס צוריקצאלן דערפאר - וואס דאס איז דער אויפטו פון צדקה לגבי גמ"ח (אע"פ אז בכלל זאגט מען אז "גדולה גמ"ח יותר כן הצדקה"[152]).

לז. וכאמור לעיל אז "המעשה הוא העיקר" - מ׳איז ניט אויסן די שקו"ט און די פלפולים מיט די דרשות ורמזים, נאר מ׳מיינט בפשטות:

אז נוסף אויף דער פעולה אין אלע מבצעים: "מבצע חינוך" און "מבצע אהבת ישראל" - וואס מצד דעם ענין פון אהבת ישראל איז מען מחנך אידן אין אלע איבעריקע מבצעים: תורה, תפילין, מזוזה, צדקה, בית מלא ספרים - יבנה וחכמי׳, נרות

- שבת -

------------

151) פל"ז (מח, סע"ב). 152) סוכה מט, ב.

שבת קודש ויו"ט, כשרות האכו"ש, און טהרת המשפחה, מיט אלע ענינים המסתעפים מזה,

זאל זיין א הדגשה מיוחדה בנוגע צו דעם ענין פון לימוד התורה און נתינת צדקה, אנהויבנדיק פון זיך אליין, און דערנאך אויך בנוגע צו די קינדער, ילדים וילדות.

און דאס וועט מקרב זיין דעם ענין פון "ציון במשפט (דער ענין פון תורה[153]) תפדה ושבי' בצדקה"[154], בגאולה האמיתית והשלימה בקרוב ממש,

אזוי אז מ'וועט קענען מקבל זיין די תורה צוזאמען מיט משיח צדקנו, און פראוועז די הכנות צו קבלת התורה צוזאמען מיט אים - ד.ה. אז ס'וועט זיין דער ענין אז משיח ילמד תורה את כל העם כולו[155] פאר דעם נייעם "זמן מתן תורתנו" (מצד מ"ת פון דעם פאריקן יאר, וואס ער איז בתקפו ביז צום מ"ת פון דעם יאר), ועאכו"כ לאחרי "זמן מתן תורתנו".

לח. און דורך דערויף וועט זיין דער ענין פון "שאו את ראש כל עדת בנ"י"[156], ווי דער אלטער רבי טייטשט אפ[157] אז דער אויבערשטער הויבט אויף יעדער אידן מיט אלע זיינע ענינים, ביז וואנעט אז ער הויבט אויף דעם "ראש" פון אידן, ד.ה. אז ווי א איד שטייט אין דעם העכסטן מעמד ומצב ("ראש") וועדט ער נאכמער אויפגעהויבן, ביז אין אן אופן פון "לגולגלותם".

ביז אז עס וועדט שליכוה כל העם כולו, ווי מ'איז מסיים דעם מנין פון כל בני ישראל, וואס אין דעם מנין זיינען נכלל געווארן אלע אידן,

און אין דערויף איז אויך דא דער שבט לוי - "לגיון של מלך"[158],

כן תהי' לנו - ובפרט לויט ווי דער רמב"ם שרייבט אין סוף הל' שמיטה ויובל, אז דורך דעם וואס מ'טוט ענינים של הקב"ה (כולל אויך דער ענין פון לימוד התורה און נתינת צדקה), וועדט אויפגעטאן אז "אני חלקך ונחלתך"[159].

כולל אויך דעם ענין פון שלימות הארץ, ארץ ישראל לגבולותי', אין דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, במהרה בימינו ממש.

* * *

- לט. -

---

153) לקו"ת ר"פ דברים. 154) ישעי' א, כז. 155) לקו"ה יז, א. שער האמונה פנ"ו. 156) פרשתנו א, ב. 157) לקו"ת ריש פרשתנו. 158) במדב"ר פ"א, יב. פרש"י עה"פ פרשתנו א, מט. 159) קרח יח, כ.



הנחה הה' בלתי מוגה

לט. דער ביאור אין פרש"י:

ווען דער בן חמש למקרא לערנט דעם פסוק "ולא יהי' קצף גו'", ווערט ביי אים א קושיא גדולה:

פריער איז דאך שוין געשטאנען "והזר הקרב יומת", איז וואס קומט צו אין דעם ענין פון "ולא יהי' קצף" - דאס דארף דאך עפעס מוסיף זיין אויף "והזר הקרב יומת"?

לכאו' וואלט מען געקענט מבאר זיין בפשטות: וויבאלד אז אין פסוק שטייט "והלוים יחנו סביב למשכן העדות ולא יהי' קצף גו'", איז דער פירוש בזה אז אויב ס'וועט זיין "הלוים יחנו סביב למשכן העדות", איז "לא יהי' קצף", און אויב ס'וועט ניט זיין "והלוים יחנו סביב למשכן העדות", וועט זיין א קצף.

וואס דעמולט איז פארשטאנדיק די הוספה פון "ולא יהי' קצף" אויף דעם וואס ס'שטייט פריער "והזר הקרב יומת":

דער ציווי פון "והלוים יחנו סביב לםשכן העדות" איז דאך געווען כדי צו באווארענען דעם "הזר הקרב יוכת" -

איז בשעה די לויים זיינען ניט ממלא דעם תפקיד פון "יחנו סביב למשכן העדות" - איז אויב דערפון איז ארויסגע-קומען דער ענין פון "הזר הקרב", קומט אויף דערויף דער עונש הכי חמור ("הזר הקרב יומת");

אבער אויב ס'האט נאר געפעלט דער קיום הציווי פון "הלוים יחנו סביב למשכן העדות", און בפועל איז ניט געווען דער "הזר הקרב" (ווארום ס'איז דאך ניט קיין הכרח אז ווען עס פעלט דער "הלוים יחנו סביב למשכן העדות" מוז זיין דער "הזר הקרב") - איז נאר דא דער ענין פון קצף.

ד.ה. אז עס קומט טאקע אן עונש אויף דעם וואס מ'האט ניט מקיים געווען דעם ציווי פון "הלוים יחנו סביב למשכן העדות", אבער ניט קיין עונש הכי חמור (דער ענין פון "יומת"), נאר מערניט ווי אן ענין של "קצף":

אנשטאט דעם וואס בא די לויים איז דא די מעלה פון "נתונים המה לי"[160], וועט זיין א תנועה פון "קצף"; ניט קיין תנועה פון חן וחסד ורחמים, נאר א תנועה פון "קצף".

מ. רש"י לערנט אבער ניט אזוי[161] - רש"י טייטשט אפ "אם תעשו כמצותי לא יהי' קצף, ואם לאו, שיכנסו זרים בעבודתם זו, יהי' קצף":

- דאס -

------------

160) בהעלותך שם, טז. 161) ראה שפ"ח עה"פ.

דאס וואס ס'שטייט אין פסוק "ולא יהי' קצף", גייט ניט נאר אויף דעם וואס שטייט אין תחלת הפסוק "והלוים יחנו סביב למשכן העדות", וואס דעמולט דארף מען זאגן אז דער "מכלל הן אתה שומע לאו" מיינט, אז אויב עס וועט נאר פעלן דער ענין פון "הלוים יחנו סביב למשכן העדות" (אפי' אז ס'וועט ניט זיין "הזר הקרב" בפועל), וועט שוין זיין א "קצף" -

נאר דאס גייט אויך אויף די פרטים וועלכע שטייען אין די פריערדיקע פסוקים[162] - "הפקד את הלוים על משכן העדות . המה ישאו את המשכן . . ובנסוע המשכן יורידו אותו הלוים ובחנות המשכן יקימו אותו",

און אויף דערויף זאגט מען: "אם תעשו כמצותי", אז די לויים וועלן טאן זייער עבודה בכל הפרטים, איז "לא יהי' קצף", אבער "ואם לאו, שיכנסו זרים בעבודתם זו", עס וועט זיין דער "הזר הקרב" צו עבודת הלויים, איז "יהי' קצף".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אויב עס פעלט נאר דער פרט פון "הלוים יחנו סביב למשכן העדות", עס איז אבער ניט געווען דער "הזר הקרב" בפועל - איז דעמולט ניטא קיין ענין של "קצף", און דער ענין פון "קצף" איז נאר אויב "יכנסו זרים בעבודתם זו".

מא. וויבאלד אז רש"י לערנט באופן אחר ווי מ'וואלט געקענט לערנען בפשטות, דארף רש"י ברענגען א ראי' לפירושו - און אויף דערויף זאגט ער: "כמו שמצינו במעשה קרח כי יצא הקצף וגו'".

והביאור בזה:

צום אלעם ערשטן האט קרח מקהיל געווען כל העדה, און גע'טענה'ט צו משה ואהרן "מדוע תתנשאו על קהל ה'"[163].

וואס דורך דערויף וואס ער האט מקהיל געווען את כל העדה, כולל אויך שבט לוי, האט ער מבטל געווען דעם ענין פון "הלוים יחנו סביב למשכן העדות" אז ס'זאל ניט קענען זיין "הזר הקרב", ער האט מבטל געווען די שמירה פון די לויים אז א "זר" זאל ניט אריינגיין, ווארום ער האט זיי מקהיל געווען און אנגערעדט אז כל העדה כולם קדושים.

דעמולט איז נאך אבער ניט געווען קיין ענין פון "הזר הקרב" בפועל - דער ענין פון "הזר הקרב" איז געווען ערשט אויף מארגן, "בוקר ויודע ה'"[164], וואס דעמולט איז געווען דער ענין פון הקטרת הקטורת - "ותנו בהן אש ושימו עליהן קטורת לפני ה' מחר"[165]. - און -

------------

162) פרשהנו שם, נ-נא. 163) קרח טז, ג. 164) שם, ה. 165) שם. ז.

און דא זעט מען אז דער ענין פון "כי יצא הקצף גו׳" איז געווען ערשט נאך דערויף וואס מ'האט מקטיר געווען די קטורת*, ד.ה. נאך דערויף וואס ס'איז געווען בפועל דער ענין פון "הזר הקרב", משא"כ לפנ"ז, ווען מ'האט נאר מבטל געווען דעם ענין פון "הלוים יחנו סביב למשכן העדות" (עס איז אבער נאך ניט געווען דער "הזר הקרב" בפועל), וואס דעמולט איז ניט געווען קיין "קצף".

מב. עפ"ז דארף מען אבער פארשטיין: וואס איז די הוספה פון "ולא יהי׳ קצף" אויף דעם וואס ס'שטייט שוין פריער "והזר הקרב יומת"?

איז דער ביאור בזה אויך פארשטאנדיק פון "מעשה קרח":

דער עונש וואס איז געווען בא "מעשה קרח", איז ניט געווען נאר אויף די "חמשים ומאתים איש מקריבי הקטורה"[166], וואס בא זיי איז געווען דער עונש פון "הזר הקרב יומת", נאר ס'איז אויך געווען דער ענין פון "והפתח הארץ את פי׳ ותבלע אותם גו׳" , און "כל ישראל אשר סביבותיהם נסו לקולם גו׳" , ד.ה. אז ס'איז אויך געווען אן ענין נוסף פון "קצף".

מג. עפ"ז ווערט פארענטפערט נאך אן ענין:

מפרשים שטעלן זיך אויף דעם וואס רש"י טייטשט אפ אויף "והזר הקרב יומת", אז דאס מיינט "בידי שמים", אז לכאו׳ איז ניט פארשטאנדיק: פון וואנעט איז די ראי׳ אז דאס מיינט "בידי שמים"?

ואדרבה : לויט פשט"ם איז דער פירוש פון "יומת" - בידי אדם; ווען ס'וואלט געשטאנען "יומת", מיינט דאס בפשטות בידי שמים, אבער אז ס'שטייט "ימות", מיינט דאס בידי אדם.

ובפרט אז דער בן חמש למקרא געדיינקט ראס וואס ער האט געלערנט אין פ׳ משפטים [ניט אלע וואס געפינען זיך דא געדיינקען דאס, ובמילא איז בא זיי ניטא קיין קושיא], וואס דארטן[170] שטייט "וגם בעליו יומת", און רש"י טייטשט אפ "בידי שמים", און דערנאך איז ער גלייך ממשיך "יכול בידי אדם ת"ל כו׳" -

- וואס -

------------

*) אף שהקצף "דמעשה קורח" הי׳ למחרתו דהקטרת הקטורת (קורח יז, ו-יא) הרי מפרש רש"י שהי׳ על כניסת הזרים (ולא על תלונת העדה דלמחרתו - ויסודו מובן דכו"כ תלונות היו לפני זה ולא יצא קצף) ותלונת העדה הייתה רק בירור שגם עליהם חל הקצף (ועל הזרים שנכנסו - הי׳ יותר מקצף כ"א שריפה).

------------

166) שם, לה. 167) שם, לב. 168) שם, לד. 169) ראה משכיל לדוד כאן. 170) כא, כט.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בפשטות איז דער פירוש פון "יומת" בידי אדם, און מ׳דארף אנקומען צו א ראי׳ מיוחדה אז דאס מיינט בידי שמים.

וואס די מפרשים שטעלן זיך טאקע אויף דערויף, און זיינען מבאר די ראי׳ פון רש"י אז דאס מיינט "בידי שמים" - א ראי׳ פון א גז"ש מיט א ק"ו וכו׳, וואס די אלע ענינים האט דער בן חמש למקרא נאך ניט געלערנט, האט דאך רש"י געדארפט מבאר זיין וואס איז די ראי׳ אז "יומת" מיינט "בידי שמים"?

מד. איז דער ביאור בזה:

מ׳האט גערעדט כמ"פ אין כללי רש"י, אז ס׳איז דא אמאל וואס דורך דעם ביאור אין המשך הענין ווערט באווארענט א שאלה אין א פריערדיקן פירוש רש"י, וויבאלד אז דאס קומט אין דעם זעלבן המשך, און ווען דער מלמד לערנט מיטן קינד, לערנט ער ניט מיט אים קיין חצי דבר, נאר ער לערנט גלייך דעם גאנצן המשך.

ער לערנט טאקע ניט איין פרשה צוזאמען מיט די פרשה שלאחרי׳, וואס דערפאר זאגט מען אז רש"י פארלאזט זיך ניט אויף דעם וואס ער טייטשט אפ לאח"ז, ווארום דערווייל האט דאס דער בן חמש נאך ניט געלערנט,

[ובמכש"כ וק"ו: מה-דאך אז דער רמב"ם אין ספרו "יד החזקה" (א ספר וואס איז געמאכט געווארן פאר לומדים וועלכע דארפן פסק׳נען הלכות) פארלאזט זיך ניט אויף דעם וואס ער שרייבט שפעטער (כידוע דער כלל אין כללי הרמב"ם[171]), איז עאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן פרש"י וואס איז געשריבן געווארן פאר א בן חמש למקרא].

דאס איז אבער נאר ווען דער ענין שלאח"ז שטייט ניט אין דעם זעלבן המשך, אבער בשעת אז דאס שטייט אין דעם זעלבן המשך נאר א ביסל שפעטער, זאגט רש"י צום קינד, אז ער וועט לערנען דעם זעלבן המשך הענין, וועט פארענטפערט ווערן זיין קושיא.

ועד"ז בנדו"ד: וויבאלד אז אויפן פסוק "ולא יהי׳ קצף" (וואס קומט גלייך אין דעם זעלבן המשך הענין פון "הזר הקרב יומת") ברענגט אראפ רש"י "כמו שמצינו בבעשה קרח", איז דערפון פארשטאנדיק אויף די ראי׳ אז "יומת" מיינט "בידי שמים", ווארום דער עונש פון "הזר הקרב יומת" וואס איז

- געווען -

------------

171) יד מלאכי כללי הרמב"ם כלל ו׳.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

געוועז "במעשה קרח" איז געוועז "בידי שמים" (סיי בנוגע צו די שרופים, און סיי בנוגע צו די בלועים).

מה. דערפון זעט מען נאך אן ענין:

אע"פ אז קרח האט מקהיל געוועז את כל העדה אנטקעגן "משה אמת ותורתו אמת"[172], און ער איז געוועז א "מגלה פנים בתורה שלא כהלכה"[173], מיט אלע ענינים וואס זיינען געוועז דערמיט פארבונדן (וואס א טייל פון זיי ברענגט רש"י בפירושו);

ער האט זיך געפירט אין אן אופן פון "מחזיקין במחלוקת"[174], און ניט נאר אז ביי אים אליין איז געוועז דער היפך פון "זכה", נאר ס'איז אויך געוועז דער היפך פון "זיכה את הרבים"[175], ביז וואנעט אז ער האט מקהיל געוועז גאנץ שבט לוי (ווי עס שטייט[176] "רב לכם בני לוי"), "לגיונו של מלך", אויף צו פירן א מחלוקת מיט "משה אמת והורתו אמת" - קומט דאך לכאו' א געוואלדיקער עונש אויף דערויף,

זאגט אבער רש"י אז דעמולט איז נאך ניט געוועז קיין עונש, און ניט נאר אז ס'איז ניט געוועז קיין עונש פון מיתה, נאר אפי' אן עונש פון "קצף" איז אויך ניט געוועז; דער "קצף" איז געקומען ערשט נאך דערויף וואס ס'איז געוועז אן ענין של מעשה בפועל, אבער כל זמן אז ס'איז נאך ניט געוועז קיין מעשה בפועל, איז ניט געוועז אפי' אן ענין של "קצף".

ד.ה. אז נאך די גאנצע מחלוקת האט מען זיי מזהיר געוועז מיט אן אזהרה חמורה, ווי רש"י[177] ברענגט אראפ בארוכה, און ערשט נאך דערויף וואס זיי האבן ניט חרטה געהאט, אין געגומען אויף זיך ברענגען די קטורה (ווי רש"י[178] זאגט אז "לא טפשים היו", און "קרח שפקה הי'", און אעפ"כ איז "קבלו עליהם"), און ס'איז געוועז דער מעשה בפועל - ערשט דעמולט בייט איבער דער אויבערשטער פון אן ענין של "חן" צו אן ענין של "קצף".

מו. דערפון האט מען דעם לימוד והוראה און נהינת כח בעבודת כאו"א:

- אפי' -

------------

172) תנחומא קרח יא. וראה ב"ב עד, א. 173) ראה ירושלמי סנהדרין פ"י (לה, א. לו, א). 174) ראה סנהדרין קי, א. הובא בפרש"י עה"פ קרח שם, יב. וראה גם פרש"י עה"פ שם. א. ועוד. 175) ראה אבות פ"ה מי"ח. 176) קרח שם, ז. 177) עה"פ שם, ו. 178) עה"פ שם, ז.

אפי׳ אויב מצד סיבות שונות ומשונות האט ביי א אידן געפעלט אין דעם ענין פון "יחנו סביב למשכן העדות", ביי אים האט געפעלט די שמירה פון ענינים בלהי רצויים,

[וע"ד ווי עס שטייט אין פרקי אבות[179] "הרחק משכן רע ואל תתחבר לרשע", ווי דער רמב"ם אין הל׳ דעות[180] איז מאריך בזה, ועד"ז טאר מען ניט דורכגיין אין באשטימטע שכונות[181]],

איז כל זמן אז עס קומט ניט אראפ אין א מעשה בפועל, שטייט נאך אלץ א איד אין א מעמד ומצב אז ער האט א נשיאת חן (ניט נאר בעיני אדם, נאר אויך) "בעיני אלקים", וואס דאס איז מדת הדין[182], און אפי׳ דארטן האט ער אויך דעם ענין פון נשיאת חן, און דעמולט איז נאך ניטא קיין ענין של "קצף".

ואדרבה: "הקב"ה עוזרו"[183] און איז מאריך אפו און האפט נאך אלץ (וואס תקותו של הקב"ה גופא איז א נתינת כח) אז ער וועט תשובה טאן,

ביז ווי די גמרא[184] טייטשט אפ אויף "אם בחוקותי תלכו גו׳", "אין אם אלא לשון תחנונים" - אז דער אויבערשטער איז זיך מתחנן ביי א אידן אז ער זאל לערנען תורה און מקיים זיין מצוות,

ועאכו"כ אז דער אויבערשטער איז זיך מתחנן ביי א פאר-בלאנדזשעטע שאף אז די זאל תשובה טאן - בדוגמא ווי עס ווערט דערציילט אין מדרש[185] אז משה רבינו איז נאכגעלאפן דוקא נאך די שאף וואס איז געווען תועה במדבר.

וואס דאס איז די הוראה בנוגע לכל אחד ואחת מישראל - אז ס׳איז א זיכערע זאך אז "בל ידח ממנו נדח"[186] (ווי דער אלטער רבי ברענגט דאס אראפ אין הל׳ ת"ת[187] אלס א פס"ד, און איז דאס מבאר בארוכה אין ספר התניא[188]), דאס קען דאך אבער זיין לאחר זמן, "בגלגול זה או בגלגול אחר", און דערווייליע ווייסט ער ניט אין וועלכן מעמד ומצב ער געפינט זיך -

זאגט רש"י בפשטות (אפי׳ צו א בן חמש למקרא) אז כל זמן ס׳איז ניטא קיין ענין פון מעשה בפועל, איז אפי׳ אז עס האלט אין א מעמד ומצב ווי ס׳איז געווען בא "מעשה קרח"

- (אידער -

------------

179) פ"א מ"ז. 180) רפ"ו. 181) ראה ע"ז יא, ב. יז, סע"א ואילך. טושו"ע יו"ד ר"ס קמט. אה"ע ר"ס כא. 182) ראה גם פרש"י ר"פ בראשית. 183) קידושין ל, ב. סוכה נב, ריש ע"ב. 184) ע"ז ה, סע"א. וראה סה"מ תש"ב ע׳ 114. 185) שמו"ר פ"ב, ב. 186) ע"פ ש"ב יד, יד. 187) פ"ד סוף ה"ג. 188) ספל"ט.

(איידער ס'איז אראפגעקומען אין מעשה בפועל), איז נאך אלץ ניטא קיין ענין של "קצף",

ובמילא איז "הקב"ה עוזרו" ער זאל תשובה טאן, אין אן אופן פון "חן" און אהבה, ווי ס'שטייט[189] "אהבתי אתכם אמר ה'",

און עס ווערט דער "מיד הן נגאלין"[190] פון יצרו הרע, און פון דעם גלות הכללי - בקרוב ממש, ובדרכי נועם ודרכי שלום.

מז. דער ביאור אין די הערות אויפן זהר:

דער ביאור אין דעם פסוק "ושמו אותם איש איש על עבודתו ואל משאו", אז אהרן ובניו וואס ענינם איז דער ענין החסד, "ישימו אותם שיתקנו אותם, הוא מה שימתקו את הגבורות דהלוים", איז פארבונדן מיט כללות הענין און דער סדר פון טלית ותפילין. והביאור בזה:

ס'איז ידוע דער בריוו פון דעם רבי'ן נ"ע (וואס איז שוין געדרוקט[191]) וואס ער איז מבאר דעם טעם אויף דעם וואס דער ענין התפלה איז ווען ער איז מעוטר אין טלית ותפילין, וכמבואר בארוכה אין סידור האריז"ל[192] דער סדר בזה.

און אין דער הערה אויף פ' קדושים טוט ער אויף נאך אן ענין:

אין זהר[193] שטייט דער סדר "אנח תפילין ואתחפי בכסויי דמצוה", איז ער מבאר אין דער הערה אז "אין הכוונה על הנחה הטלית (כי באמת הנחה הטלית צ"ל קודם הנחת תפילין), אלא מה שמכסה את התפילין אחר שהניחם בהטלית", ווי ער ברענגט דאס אראפ פון משנת חסידים[194], וכמבואר בארוכה אין סידור האריז"ל.

ד.ה. אז דער סדר איז טאקע אז פריער דארף זיין דער ענין פון טליה, דער ענין פון מקיף, און דערנאך דער ענין פון תפילין, וואס ענינם פון תפילין (ובפרט די רצועות) איז ממשיך זיין בפנימיות;

אבער נאך דערויף וואס ער האט שוין געלייגט תפילין, דארף ער מכסה זיין די תפילין מיטן טלית (ווי ס'איז מבואר אין משנת חסידים און אין סידור האריז"ל אין פארשידענע לשונות).

- וואס -

---

189) מלאכי א, ב. 190) רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ה. 191) בקובץ מכתבים (א) מכתב א'. 192) בפקוכו. 193) ח"ג פא, א. 194) מס' הנחת תפילין פ"ג סוף מ"ס.

וואס אין איין ארט[195] שטייט דער טעם אויף דערויף - אז תפילין איז דער ענין פון המשכה בפנימיות, און טלית איז דער ענין פון מקיף, דארף מען מקיף זיין די פנימיות, וואס דערפאר דארף מען מכסה זיין די תפילין מיטן טלית.

און אין א צווייטן ארט[196] שטייט אז תפילין איז אויך אן ענין של מקיף, וואס דערפאר זיינען די תפילין בולט על הראש מבחוץ (אן ענין של מקיף), דאס איז אבער אן ענין של מקיף נאר אויף דעם ראש, כללות ענין המוחין, ד.ה. א מקיף השייך אל הפנימי, משא"כ דער ענין הטלית וואס איז מקיף ראשו ורובו[197], וואס דערפאר דארף דער טלית מקיף זיין אויך די תפילין.

מה. דער חילוק צווישן טלית און תפילין איז ע"ד כללות החילוק צווישן תורה מיט מצוות: מצווה איז דער ענין פון מקיף, ע"ד ענין הטלית, אן ענין של לבוש[198], און תורה איז דער ענין פון פנימי, ע"ד ענין התפילין[199].

און ע"ד ווי מ'איז מבאר אז אין תפילין איז אויך דא דער ענין המקיף (השייך אל הפנימי), איז עד"ז אויך בנוגע צו תורה:

דער פסוק[200] "למען תהי' תורת ה' בפיך", גייט אויף מצות תפילין[201], און כללות ענין התפילין איז המשכה המוחין[202], וואס דאס איז דער ענין פון המשכה פנימית;

און צוזאמען דערמיט זאגט מען אז דער ענין פון תפילין איז מקיף על הראש, און די רצועות זיינען אויך ממשיך די המשכות אין א פנימיות[203], וואס בחיצוניות איז דאס אלץ אן ענין של מקיף (ווי דערמאנט פריער אז דאס איז א מקיף השייך אל הפנימי).

ועד"ז איז אויך בנוגע צו תורה[204]:

אויף תורה שטייט[205] "ותורתך בתוך מעי", און כללות ענין ההורה איז המשכה המוחין, ווארום תורה איז דאך דער ענין פון מוחין (כמבואר אין תניא קרוב לסופו[206]);

- און -

------------

195) מ"ח שם. 196) סידור האריז"ל שם. סידור להר"ש מרשקוב. 197) ראה גם דרמ"צ יז, א. 198) שם טז, א. ובכ"מ. 199) ראה אוה"ת בא ע' שמו ואילך. ובכ"מ. 200) בא יג, ט. 201) ראה קידושין לה, א. ועוד. 202) דרמ"צ שם, סע"ב ואילך. ובכ"מ. 203) ראה סידור האריז"ל ודרמ"צ שם. 204) ראה גם ד"ה והי' לכם לציצית תש"ב ספ"א ואילך (סה"מ שם ע' 119 ואילך). 205) תהלים מ, ט. וראה תניא פ"ה. 206) קו"א ד"ה להבין מ"ש בפע"ה (קנה, א ואילך).

און צוזאמען דערמיט זאגט מען אז תורה איז דער ענין פון מקיף, ווארום ענינה איז "עוטה אור כשלמה"[207], וכמבואר אין תניא בתחלתו[208] אז "התורה היא מזון וגם לבוש", און "הבל הדיבור נעשה בחי' אור מקיף".

מט. און דאס איז וואס דער סדר איז פריער דער ענין הטלית און דערנאך דער ענין התפילין, ווארום פריער דארף זיין דער ענין המקיף, און דערנאך ווערט דאס נמשך בפנימיות.

ועד"ז איז אויך בנוגע צו דעם ענין פון לימוד התורה - אז דער שלימות פון לימוד התורה איז ווען דאס קומט לאחרי עבודת התפלה[209], נאך דערויף וואס ער איז געווען מעוטר אין טלית ותפילין (וואס בכללות איז עס דער ענין פון מצוות), ד.ה. אז פריער איז דא דער ענין פון מצוות (טלית ותפילין), דער ענין המקיף, און ערשט דערנאך קומט דער ענין פון לימוד התורה, דער ענין פון פנימיות,

דערנאך איז אבער דא דער מקיף וואס קומט לאחרי הפנימי, דאס וואס ער איז מכסה די תפילין מיטן טלית - ע"ד ווי אין לימוד התורה דארף זיין די כוונה פון לשמה (כמבואר אין תניא[210] אז בכל שעה דארף זיין די כוונה פון לשמה), לשם התורה[211], וואס דאס באווייזט אויף אן ענין פון מקיף, נוסף לזה וואס כללות ענין התורה ומצוותי' איז פארבונדן מיט קבלת עול, אן ענין של מקיף, כמבואר בארוכה בכ"מ.

ד.ה. אז דער אויפטו דערפון וואס מ'איז מכסה די תפילין מיטן טלית איז - אז דער פנימי (דער ענין פון תפילין) דארף זיין פארבונדן מיט דעם ענין המקיף (דער ענין הטלית,

בדוגמא ווי דאס איז אין דעם ענין הטלית - דער ענין המקיף, אז פון אים ווערן נמשך די חוטי הציצית, וואס זיי זיינען מרמז אויף די תרי"ג מצוות (ווי רש"י[212] ברענגט אראפ), כולל אויך די מצוה פון ת"ת, וואס ענינה איז דער ענין הפנימיות, ד.ה. אז דער פנימי (מצוה לימוד התורה) איז פארבונדן מיטן מקיף (טלית).

נ. עפ"ז ווערט מען פארשטיין דעם קשר צווישן דעם ענין וואס דער טלית איז מכסה די תפילין (אז דער פנימי איז פאר-בונדן מיטן מקיף) מיט דעם ענין פון "אהרן ובניו יבואו

- ושמו -

------------

207) תהלים קד, ב. 208) ספ"ה. 209) ראה לקו"ת ברכה צו, ב. 210) ספמ"א. 211) ראה לקו"ש פרקי אבות פ"ו ש.ז. ס"ד. וש"נ. 212) עה"פ שלח טו, לט.

ושמו אותם איש איש על עבודתו ואל משאו" (דער ענין פון מיתוק הגבורות בחסדים):

דער כללות הענין פון חסד איז אן ענין של מקיף, און דער ענין פון גבורה איז אן ענין פון פנימיות, ווארום כדי אז ס'זאל נמשך ווערן אין א פנימיות, דארף זיין אן ענין של גבורה וצמצום.

מ'וויל אבער אז דער צמצום און גבורה וואס איז פאר-בונדן מיטן ענין הפנימי, זאל זיין אין אן אופן אז עס נעמט זיך און ס'איז דורכגענומען מיט דעם ענין המקיף - ד.ה. אז דער צמצום און גבורה זאל אויפטאן המשכת המקיף בפנימיות.

בדוגמת המבואר בכ"מ[213] וועגן דעם אויפטו פון עבודת האדם לגבי ווי די וועלט איז מצד ברה"ע - וואס לכאורה, וויבאלד אז ברה"ע איז מצד דעם ענין פון "כי חפץ חסד הוא"[214], איז דאך דאס דער העכסטער ענין אין חסד וואס קען נאר זיין?

איז דער ביאור אין דערויף, אז דורך דעם ענין פון לימוד התורה - וואס תורה איז "תורת חסד"[215] - און קיום מצוותי' (וויבאלד אז לימוד מביא לידי מעשה), טוט מען אויף א הוספה אין דער וועלט - וואס "עולם חסד יבנה"[216], מצד "כי חפץ חסד הוא". און "טבע הטוב להטיב"[217] - אז עס ווערט אויפ-געטאן דער ענין פון דירה לו ית' בתחתונים.

וואס דער ענין פון דירה בתחתונים ווערט אויפגעטאן דורך דעם וואס מ'איז ממשיך די אלע ענינים בפנימיות, און הכשכה בפנימיות איז דורך אן ענין של גבורה וצמצום - ד.ה. אז דער ענין הגבורה והצמצום איז, אויף צו ממשיך זיין די ענינים בפנימיות.

ועד"ז איז דאס אויך אין דעם ענין פון לימוד התורה, אז תורה מצ"ע איז "תורת חסד", אן ענין של מקיף, און זי דארף אראפקומען בפנימיות, אין אן אופן פון "ותורתך בתוך מעי".

אבער די המשכה בפנימיות וואס ווערט אויפגעטאן דורך אן ענין של צמצומים, איז אין אן אופן אז דאס איז פארבונדן און דורכגענומען מיטן מקיף מקיף (דער ענין הצמצום איז - צו ממשיך זיין דעם מקיף בפנימיות) - בדוגמא ווי די חוטי

- הציצית -

------------

213) ראה גם ד"ה תקעו תרצ"א פ"ג (סה"מ קונטרסים ח"א ע' קכג ואילך). 214) מיכה ז, יח. וראה לקו"ת ר"ה נח, ב. ועוד. 215) ראה משלי לא, כו. סוכה מט, סע"ב. 216) תהלים פט, ג. וראה סה"מ תש"ח ע' 273. ועוד. 217) ראה עמה"מ שער שעשועי המלך רפ"א. שעהיוה"א פ"ד (עט, א).


הנחה הת' בלתי מוגה

הציציה ווערן נמשך פון דעם טלית[218].

נא. און דאס איז דער ענין וואס "אהרן ובניו", די כהנים, וואס ענינם איז דער ענין פון חסד, זיינען מתקן די לויים, וואס ענינם איז דער ענין פון גבורה (מיתוק הגבורות פון די לויים דורך די חסדים פון די כהנים):

דער ענין פון אהרן איז דער ענין החסד, ווארום ענינו של אהרן איז "אוהב שלום ורודף שלום אוהב את הבריות ומקרבן להורה"[219], און די לויים איז ענינם דער ענין פון גבורות - דארף מען האבן אז די גבורות פון די לויים זאלן זיין דורכגענומען מיט די חסדים פון די כהנים, ד.ה. ניט אן ענין של גבורה סתם, נאר דער ענין פון המשכת החסד בפנימיות (ע"י גבורה וצמצום).

און אין עבודת האדם - ווערט דאס אויפגעטאן דורך דעם ענין פון עבודת התפלה:

דער כללות החילוק צווישן משה מיט אהרן איז, אז משה איז שושבינא דמלכא[220], דער ענין פון תורה[221], און אהרן איז דער ענין פון שושבינא דמטרוניתא[220], דער ענין פון תפלה[221].

און אויף דערויף זאגט מען אז דער לימוד התורה דארף זיין דורכגענומען מיט עבודת התפלה.

און דאס איז דער תיקון וואס אהרן ובניו (דער ענין פון חסד) טוען אויף אין די לויים (דער ענין פון גבורה) - אז ס'זאל ניט זיין גבורות סתם, נאר אין אן אופן אז דורך זיי זאל נמשך ווערן דער מקיף בפנימיות,

ביז צו תכלית השלימות פון גבורה - אז דאס איז דער ענין פון תגבורת החיות, ע"ד הענין פון גבורות גשמים,

כמבואר אין דרושי חסידות[222] פארוואס זאגט מען דעם לשון "גבורות גשמים"[223], און מ'פארבינדט דאס מיט דער ברכה שני' פון תפלת העמידה, וואס דארטן זאגט מען "אתה גבור לעולם אד'",

ביז וואנעט אז לע"ל וועט מען זאגן ליצחק דוקא "כי אתה אבינו"[224], כמבואר אין דרושי פורים[225] ובכ"מ, וואס

- דעמולט -

------------

218) ראה דרמ"צ שם, א. ד"ה והי' לכם לציציה הנ"ל פ"ג. 219) אבות פ"א מי"ב. 220) זח"א רסו, ב. ח"ב מט, ב. ח"ג כ, א (ברע"מ) נג, ב. ערה, ב. 221) ראה ספר הערכים-חב"ד כרך ב ערך אהרן - ביחס למשה ס"ז סק"ב. 222) סידור סא, ד. לקו"ת ואתחנן יג, רע"ג. וראה סידור רמז, א. 223) ברכות לג. א במשנה. 224) שבת פט. ב. 225) תו"א מג"א צג, א ואילך. ועוד.

דעמולט וועט זיין דער תכלית השלימות פון ענין הגבורה.

ובפשטות מיינט דאס - אז נאך דערויף וואס מ'האט שוין יוצא געווען מיט די גבורות פון דעם גלות בכלל, און די גבורות פון דעם גלות אין דור האחרון, ביז צו די גבורות פון תקופהנו זו, אז ס'איז דא א חושך כפול ומכופל אין אן אופן וואס אין לשער -

זאל נמשך ווערן תיכף ומיד (און אין אן אופן פון פעולה נמשכת, אויך לאח"ז) דער תשלום השכר, מיט אלע פרטים שבזה, ביז צו דער גאולה האמיתית והשלימה, בקרוב ממש.

נב. דער ביאור אין דער משנה:

ס'איז ידוע דער ביאור פון דעם בעש"ט [וואס שטייט אין בן פורת יוסף (פון דעם תלמיד פון דעם בעש"ט - ר' יעקב יוסף מפולנא), און אראפגעבראכט אויך אין כתר שם טוב[226] (וואס "כתר שם טוב" איז דאך איינער פון די דריי ספרים וועגן וועלכע כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו האט גערעדט[227])] אויף דער משנה:

"כשאדם לומד מרב הגון התורה היא פרה ורבה אצלו כנודע, וכשלומד מרשע אזי אינו פרה ורבה אלא נשאר כפשוטו כמו שלמד ממנו, ולז"א מה דוד שלמד מאחיתופל ב' דברים בלבד, דהי' רשע ולא הי' פרה ורבה רק נשאר ב' דברים לבד כמו שלמד ממנו".

ד.ה. אז בשעת א איד לערנט הורה פון א רב הגון כדבעי, איז אפי' אויב ער לערנט מערניט ווי אן "אות אחה", קען מען דאס ניט אנרופן "בלבד", ווארום "ההורה היא פרה ורבה אצלו", וויבאלד אז "נעשית לו סם חיים"[228], און דערפון קענען ארויס-קומען כו"כ ענינים.

ווי מ'זעט טאקע אז פון אן "אות אחת" בתורה, לערנט מען אפ ריבוי ענינים ביז צו ענינים פון הלכה בפועל,

און ווי די דוגמא וואס ברענגט זיך אין חסידות[229], אז פון דעם וא"ו פון "וכי ישאל איש" וואס קומט צו אין דער פרשה פון שואל[230], איז אויסגעוואקסן "פרק השואל במס' ב"מ" - א גאנצער פרק אין הושבע"פ, וואס דארטן איז דא משנה און גמרא, מיט א שקו"ט פון ראשונים און אחרונים, ביז אין פסקי דינים בפועל.

משא"כ אבער ווען מ'רעדט וועגן דעם לימוד וואס דוד

- האט -

------------

226) סכ"ב (ד, סע"ג ואילך). 227) שיחה י"ב-י"ג תמוז תש"ט (סה"מ תש"י ע' 256). 228) יומא עב, ב. 229) לקו"ת ברכה צה. ד. 230) משפטים כב, יג.

האט געלערנט פון אחיתופל, איז וויבאלד אז אחיתופל איז געווען א רשע (ווי די גמרא אין סנהדרין[231] זאגט אויף אים כו"כ ענינים), איז אע"פ אז דוד האט ביי אים געלערנט "שני דברים" (ניט נאר אן "אות אחת"), איז דאס געווען אין אן אופן פון "בלבד", אז דאס איז געבליבן "כמו שלמד ממנו", און דערפון איז דערנאך גארניט ארויסגעקומען.

נג. עס איז אבער ניט פארשטאנדיק:

די גמרא[232] דערציילט אז "בשעה שכרה דוד שיתין קפא תהומא ובעא למשטפא עלמא, אמר דוד מי איכא דידע אי שרי למכתב שם אחספא ונשדי' בתהומא ומנח . . נשא אחיתופל ק"ו בעצמו כו' אמר לי' שרי, כתב שם אחספא ושדי לתהומא ונחית תהומא כו'" -

זעט מען דאך אז פון די "שני דברים" וואס דוד האט געלערנט פון אחיתופל (וואס צווישן זיי איז דער ק"ו פון וועלכן ער האט אפגעלערנט אז "שרי למכתב שם אחספא כו'"[233]), איז ארויסגעקומען דער ענין וואס מ'האט מציל געווען די גאנצע וועלט דערפון וואס "בעא (תהומא) למשטפא עלמא" - איז ווי קען מען זאגן אז די "שני דברים" וואס דוד האט געלערנט פון אחיתופל זיינען געווען "שני דברים <u>בלבד</u>", אז דערפון איז דערנאך גארניט ארויסגעקומען?

איז דער ביאור בזה:

די פעולה וואס איז ארויסגעקומען דערפון וואס דוד האט געלערנט פון אחיתופל - די הצלה פון דער גאנצער וועלט פון דעם שטפון, וואס דאס איז א פעולה נמשכה עד היום הזה - געהערט דאס צו <u>דוד</u> אליין (ניט צו אחיתופל),

ווארום אחיתופל האט אים געלערנט די "שני דברים" אין אן אופן פון "בלבד", אז דערפון קען גארניט ארויסקומען;

נאר דערנאך האט דאס דוד איבערגעמאכט ע"י עבודתו, און דעמולט האט <u>ער</u> אויפגעטאן די הצלה פון דער גאנצער וועלט.

וואס דער ענין געהערט צו דוד'ן, דאס איז דוד'ס אן ענין, ווארום דער לימוד מיט אחיתופל איז געווען אין אן אופן פון "בלבד", נאר ע"י <u>עבודתו</u> האט דאס דוד איבערגעמאכט און האט מציל געווען די גאנצע וועלט.

נד. עפ"ז וועט מען פארשטיין נאך אן ענין (אויף וועלכן מ'האט שוין גערעדט כמ"פ[234]):

- די -

------------

231) קו, ב. 232) סוכה נג, סע"א ואילך. וראה גם ירושלמי סנהדרין פ"י ה"ב (לח, א). 233) מחו"ו לאבות כאן. 234) ראה גם לקו"ש ח"ד ע' 1178 הע' 13.

<u>הנחה הת' בלתי מוגה</u>

די משנה[235] זאגט "כל האומר דבר בשם אומרו מביא גאולה לעולם", ביז ווי דער מג"א[236] ברענגט אראפ פון מדרש[237], אז "כל שאינו אומר דבר בשם אומרו עליו הכתוב[238] אומר אל תגזול דל כי דל הוא", ד.ה. אז דאס איז גאר אן ענין של גזילה.

איז לכאו' ניט פארשטאנדיק: מ'געפינט כו"כ ענינים אין די ספרים פון גדולי ישראל, וואס זיי זאגן דאס מדעת עצמם, און ניט "בשם אומרו"?

וואס דאס איז ניט קיין ענין וואס מ'דארף אנקומען צו חכמי הסוד און חכמי הקבלה - אז מ'גיט א קוק אין רמב"ם, זעט מען אז ער זאגט ניט די אלע ענינים "בשם אומרו".

און ווי דער רמב"ם אליין שרייבט[239] אז צוליב א געוויסע סיבה האט ער ניט אראפגעבראכט די אלע מקורות צו די הלכות, און דערנאך האט ער געזעהן אז עס פעלט טאקע - ער האט געזאגט איינעם דעם מקור פון א געוויסער ענין, און דערנאך האט ער געדארפט געפינען א צווייטן ארט וכו'.

בנוגע צו דעם וואס דער ב"י האט ניט געשריבן אין דעם שו"ע די מקורות פון די הלכות, איז קיין קושיא ניט, ווארום איידער ער האט געשריבן דעם שו"ע האט ער געשריבן זיין חיבור אויפן טור, וואס דארטן ברענגט ער יעדער ענין "בשם אומרו";

אבער בנוגע צום רמב"ם געפינט מען ניט אז איידער ער האט געשריבן דעם "יד החזקה" האט ער געשריבן נאך א חיבור וואס דארטן ברענגט ער די ענינים "בשם אומרם"; איידער ער האט געשריבן דעם "יד החזקה", האט ער געשריבן דעם פירוש המשניות - דארטן איז אבער דא א מיעוט מצומצם פון דינים והלכות לגבי ווי דאס איז אין ספרו "יד החזקה".

פעלט דאך ביי אים, לכאורה, דער גאנצער ענין פון "אומר דבר בשם אומרו"?

האט מען גערעדט כמ"פ[240] דעם ביאור בזה - אז אע"פ אז ער האט טאקע געהערט דעם ענין פון א צווייטן, איז נאך דערויף וואס ער הארעוועט אויף דעם ענין ביז וואנעט אז מצ"ע לייגט זיך אזוי בשכלו - ווערט דאס זיינע א זאך, און ער דארף דאס שוין ניט איבערזאגן "בשם אומרו", וויבאלד אז ס'איז געווארן זיינע א זאך.

- נה. -

---

235) אבות פ"ו סוף מ"ו. 236) או"ח סקנ"ו.
237) תנחומא במדבר כב. יל"ש עה"פ משלי כג, כב. 238) משלי שם. 239) באגרת שלו לר' פינחס ב"ר משולם (אגרות הרמב"ם ע' 180 ואילך). 240) ראה גם ד"ה שלום רב דמוצאי ש"פ וישב, כבה"ח טבת תשל"ח.

נה. דעם ענין געפינט מען בפירוש אין גמרא (וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס איז ניט קיין חידוש אין דעם אופן פון לימוד התורה, נאר אנדערש קען גאר ניט זיין):

די גמרא[241] זאגט "בתחלה נקראת (התורה) על שמו של הקב"ה ולבסוף נקראת על שמו, שנאמר[242] בתורת ה' חפצו ובתורתו יהגה יומם ולילה", ד.ה. אז בתחלת הלימוד, ווען ער לערנט נאר לגירסא, איז דאס "תורת ה'", און "משלמדה וגרסה"[243] און ער קומט צו דער דרגא אז ער לערנט בעיון וכו', דעמולט ווערט דאס אנגערופן "תורתו".

וואס דאס איז אויך נוגע צו הלכה בפועל - ווי די גמרא[244] זאגט אז "רב שמחל על כבודו כבודו מחול", דערפאר וואס "תורה דילי' היא דכתיב ובתורתו יהגה יומם ולילה", און ווי רש"י[245] טייטשט אפ אז "בתחלה היא נקראת תורת ה' ("בתורת ה' חפצו") ומשלמדה וגרסה היא נקראת תורתו".

און דער דין אז "רב שמחל על כבודו כבודו מחול", איז דאך ניט נאר ביי א רב וואס לערנט מיטן תלמיד מערניט ווי ענינים וואס ער האט אליין מחדש געווען, נאר אפי' אויב ער לערנט מיטן תלמיד די ענינים וואס ער האט געהערט פון רבו,

[ווי ס'איז פארשטאנדיק בפשטות דערפון וואס די גמרא[246] זאגט "אפילו לא האיר עיניו אלא במשנה אחת זה הוא רבו, אמר רבא כגון רב סחורה דאסברן זוהמא ליסטרון" -

וואס ס'איז דאך ניט קיין הכרח אז דער וואס האט מסביר געווען דעם טייטש פון "זוהמא ליסטרון" האט דאס אליין געוואוסט, דערפאר וואס ער האט אלעמאל געקענט אראביש - עס קען זיין אז ער האט דאס געהערט פון א צווייטן, און אעפ"כ ווערט ער אנגערופן "רבו"].

און אעפ"כ זאגט מען אז "רב שמחל על כבודו כבודו מחול", דערפאר וואס אויך די ענינים אין תורה וועלכע ער האט געהערט מרבו, ווערן אין אן אופן פון "תורתו", זיינע א זאך. ווארום וויבאלד אז "למדה וגרסה", ווערט דאס "תורתו".

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנדו"ד - אז דאס וואס דוד האט געלערנט פון אחיתופל איז אין אן אופן פון "שני דברים בלבד", און דערנאך האט דאס דוד איבערגעטאכט אין אן אופן אז ס'איז געווארן "תורתו", און עס ווערט פאררעכנט אז ער האט גע'פועל'ט די הצלה פון כל העולם כולו.

- נו. -

---

241) ע"ז יט, א. וראה גם קידושין לב, סע"א ואילך. 242) תהלים א, ב. 243) ל' רש"י קידושין שם, ריש ע"ב ד"ה ובתורתו. 244) קידושין שם. 245) שם. 246) ב"מ לג, א.

נו. אין דערויף ווערט אבער א שאלה נוספת:

וויבאלד אז די "שני דברים" וואס אחיתופל האט געלערנט מיט דוד'ן זיינען ענינים פון "תורת אמת" (והראי', אז דוד האט זיי אנגענומען און גע'פסק'נט לויט דעם די הלכה בפועל), וואס אויף תורה זאגט מען "הלא כה דברי כאש"[247] -

איז ניט פארשטאנדיק: ווי אזוי קען אחיתופל טאן אזא זאך, אז אן ענין פון תורה זאל זיין אין אן אופן פון "בלבד" (אז דערפון זאל גארניט ארויסקומען) - דאס איז דאך א חלק פון תורה, איז ווי קען ער דאס מגביל זיין אז דערפון זאל ניט זיין קיין צמיחה, און דערפון זאלן ניט ארויסקומען נאך ענינים?!

נז. איז דער ביאור בזה:

מ'האט דערמאנט פריער תורת הבעש"ט אז "כשאדם לומד מרב הגון התורה היא פרה ורבה אצלו", וואס דאס איז דער ענין פון "פרו ורבו" ווי דאס איז אין תורה, כמבואר בארוכה אין זהר[248].

וואס דאס איז בדוגמת הענין פון "פרו ורבו" כפשוטו, ווי ס'איז מבואר בכ"מ (אויך אין המשך כל הנהנה רנ"ב) אז ס'איז דא דער ענין פון יחוד שמשא וסיהרא, ועד"ז איז דא דער ענין פון זו"נ דא למטה, און דערפון ווערט דער קיום המצוה פון "פרו ורבו" כפשוטו.

וואס בנוגע צו דעם ענין ההולדה כפשוטו, ברענגט זיך אין חסידות[249] אז עס קען זיין א מציאות פון אן אב ואם וואס מצד הטבע (לויט ווי אלע רופאים זאגן) זיינען בא זיי אלע ענינים בשלימות, און אעפ"כ זיינען זיי ניט מוליד ילדים רח"ל.

און מ'איז דאס מבאר, לויט דעם וואס די גמרא[250] זאגט "שלשה שותפין הן באדם, הקב"ה ואביו ואמו כו'":

כדי ס'זאל זיין דער ענין ההולדה - וואס אין דערויף איז דאך דא דער גילוי פון כח הא"ס - ווארום דער ולד וואס ווערט געבארן, ווען דערנאך אויך האבן א ולד, א.ז.וו. עד א"ס[251], וואס דאס איז א גילוי כח הא"ס ווי עס קען נתגלה ווערן אין נבראים - דארף מען אויף דערויף האבן דעם דריטן שותף, דער אויבערשטער, וואס ער איז אין סוף;

- און -

---

247) ירמי' כג, כט. ברכות כב, א. 248) ח"א יב, ב. 249) ד"ה שמח תשמח הרנ"ז ע' 7. סה"מ עטר"ת ע' תיד. ובכ"מ. 250) קידושין ל, סע"ב. 251) לקו"ת שה"ש כ, א. ועוד.

און בשעת אז ס'איז ניטא די פעולה פון דעם דריטן שותף - קענען טאקע דער אב און דער אם זיין בשלימות, דערפון וועט אבער ניט ווערן קיין ענין של הולדה.

נח. עד"ז איז דאס אויך אין לימוד התורה:

כדי אז די תורה זאל זיין אין אן אופן פון "פרה ורבה אצלו", ד.ה. אז פון די "שני דברים" אדער אפי' פון דעם "אות אחת" וואס ער האט געלערנט אין תורה, זאל זיין אן ענין של הולדה -

דארף דער לימוד זיין דורכגענומען מיט יראת שמים, אין אן אופן אז דער רב איז "דומה למלאך ה' צבאות"[252], וואס דעמולט איז דא דער דריטער שותף (דער אויבערשטער) אין זיין לימוד התורה, און דורך דערויף ווערט דער לימוד התורה אין אן אופן פון "פרה ורבה".

ד.ה. אז דורך דערויף וואס ער איז מברך בתורה תחלה, איז ער ממשיך דעם "נותן התורה" (וואס ער איז אין אן אופן פון א"ס) אין לימוד התורה שלו[253],

ווי עס שטייט אין מעין החכמה און אין ספר הבהיר (געבראכט אין דרושי חסידות[254]), אז דוד המלך האט מחבר געווען אורייתא וקוב"ה, ועד"ז איז דאס אויך בא יעדער אידן, דורך דערויף וואס "ברכו בתורה תחלה"[255],

און דעמולט ווערן די "שני דברים" אדער דער "אות אחת" וואס ער האט געלערנט אין תורה, אין אן אופן פון "ארוכה מארץ מדה"[256], אז אין דערויף איז דא דער ענין פון "פרו ורבו" ביז אין אן אופן של אין סוף.

ועפ"ז איז פארשטאנדיק, אז אחיתופל האט ניט משנה געווען קיין ענין אין תורה, ס'איז מערניט וואס ביי אים איז ניט געווען די הקדמה פון "ברכו בתורה תחלה", ער האט ניט ממשיך געווען דעם "נותן התורה" אין זיין לימוד התורה -

און דערפאר זיינען די "שני דברים" וואס ער האט געלערנט מיט דוד געווען אין אן אופן פון "בלבד", ס'איז דערפון ניט געווען קיין ענין של הולדה, ווארום עס האט געפעלט די פעולה פון דעם דריטן שותף (דער "נותן התורה"), וואס דורך אים ווערט אויפגעטאן דער ענין ההולדה אין אן אופן פון אין סוף.

- נס. -

------------

252) מו"ק יז, א. 253) ראה לקו"ת ראה כט, א. ועוד. 254) לקו"ת שלח מז, ג. נא, א. ובכ"מ. 255) נדרים פא, א. ב"מ פה, ריש ע"ב. 256) איוב יא, ט.

נס. דערפון איז אויך פארשטאנדיק לאידך גיסא:

בשעת א איד לערנט הורה מיט דער הקדמה פון "ברכו בתורה החלה", איז ניט נאר אז ער איז מצליח אין זיין לימוד התורה, און איז מצליח אין חלקו בעולם, אז ער איז שולל דעם ענין פון "על מה אבדה הארץ גו' על עזבם את תורתי"[257], וואס די עצה אויף דערויף איז דער ענין פון "ברכו בתורה תחלה", כמבואר אין חידושי הר"ן[258] ובב"מ[259] -

נאר נאכמער: אפי' אויב לפי שעה איז ער שייך צו לערנען מערניט ווי אן "אות אחת", און ער איז נאך ניט שייך צו פארשטיין נאך ענינים,

ביז ווי דער של"ה[260] ברענגט אראפ אז דער וואס לא ידע מאי קאמר, זאל ער לכה"פ חזר'ן די נעמען פון די פרשיות, די נעמען פון די מסכתות, וכיו"ב - וואס דאס איז דאך מערניט ווי "דבר אחד", דער נאמען פון א מסכת, דער נאמען פון א פרשה, ביז צו אן "אות אחת",

זאגט מען אים אבער אז וויבאלד זיין לימוד התורה איז פארבונדן מיטן "נותן התורה", איז א זיכערע זאך אז דער "אות אחת" וואס ער האט געלערנט איז ניט אין אן אופן פון "בלבד", נאר דורך דערויף וועט ביי אים צוקומען א שופי גדול אין דעם ענין פון לימוד התורה.

ועד"ז איז פארשטאנדיק, אז בשעה ער לערנט מיט א צווייטן אידן אן "אות אחת" - דערפאר וואס מערער דערפון ווייסט ער אליין ניט (און ניט ווייל ער איז א קצר עין ח"ו, וואס דערפאר לערנט ער מיט אים מערניט ווי אן "אות אחת") - איז ניט נאר אז ער האט די תקוה חזקה אז ביי אים וועט צוקומען אין לימוד התורה, נאר ביי דעם מיט וועמען ער האט געלערנט דעם "אות אחת", וועט אויך צוקומען אין לימוד התורה,

ביז וואנעט אז די משנה זאגט "הלומד מחבירו פרק אחד כו' או אפילו אות אחת, צריך לנהג בו כבוד", ובמכש"כ וק"ו: "מה דוד מלך ישראל שלא למד מאחיתופל אלא שני דברים בלבד קראו רבו כו', הלומד מחבירו כו' אפילו אות אחת (ניט אין אן אופן פון "בלבד") עאכו"כ שצריך לנהג בו כבוד", וויבאלד אז פון דעם "אות אחת" וועט דערנאך ארויסקומען א שופי גדול אין דעם ענין פון לימוד התורה.

ס. דערפון האט מען א מוסר השכל:

- עס -

---

257) ירמי' ט, יא-יב. 258) לנדרים שם. 259) ב"ח או"ח סכ"ז. שו"ע אדה"ז ר"ס כז. 260) יג, סע"א ואילך בהגה"ה.

עס זיינען דא אזוינע וואס טענה'ן - ווי אזוי זאגט מען איס ער זאל גיין טאן אין "מבצע תורה", בשעת ער ווייסט אז ער האט א שייכות מערניט ווי צו א "פרק אחד", מערניט ווי צו אן "אות אחת", און מער האט ער ניט קיין הבנה - ער איז טאקע ניט שולדיק, ער איז א תינוק שנשבה לבין העכו"ם, אבער בנוגע לפועל ווייסט ער מערניט ווי "פרק אחד" אדער מערניט ווי אן "אות אחת" - איז וואס מאנט מען פון איס ער זאל טאן אין "מבצע תורה"?!

זאגט מען איס: הער דיך איין, ס'איז ניטא קיין צייט! אט קומט משיח! איז לויף ארויס אין גאס און לערן תורה מיט א אידן! דו קענסט מערניט ווי "פרק אחד" - לערן מיט איס "פרק אחד"!

נאכמער: אפי' אויב דו ווייסט מערניט ווי "דיבור אחד, או אפילו אות אחת", מ'האט דיר געלערנט אל"ף בי"ת, און דו ווייסט צורת האות פון אן אל"ף, איז גיי ארויס אין גאס און שריי אל"ף! דו וועסט טרעפן א אידן וואס ווייסט ניט וואס אן אל"ף איז, וועסטו דאס איס מסביר זיין!

טענה'ט ער אבער - נו, וואס וועט שוין זיין אז ער וועט וויסן וואס אן אל"ף איז?!

זאגט מען איס - ניין! דו וועסט טאקע אנהויבן מיט אן אל"ף, און דערנאך קען אפי' זיין אז דו וועסט פון איס אוועקגיין - אבער וויבאלד אז דאס איז אן "אות אחת" פון תורה, איז דאס ניט קיין "אות אחת בלבד", נאר דערפון וועט אויסוואקסן א "פרק אחד", ביז צו א ריבוי עניניס אין תורה.

סא. ויה"ר אז פון די רייד און די בעטעניש און די איבער'-חזר'ן וכו' - זאל ארויסקומען אן ענין פון מעשה בפועל.

און ס'זאל זיין ווי מ'האט ערשט געזאגט אין דער הבדלה - אז אזוי ווי "ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר", סיי כפשוטו (וואס "אין מקרא יוצא מידי פשוטו") און סיי מיט אלע מדרשי רז"ל שבדבר, איז "כן יהי' לנו", סיי כפשוטו און סיי מיט אלע פירושים שבדבר.

און ס'זאל זיין דער "מסמך גאולה לגאולה"[261] - אז פון דער גאולה פון ימי הפורים, און פון דער גאולה פון "ימי צאתך מארץ מצרים" וואס איז געווען אין חג הפסח,

וואס איצטער שטייט מען דאך אין די טעג פון ספירת העומר, וועלכע קומען אלס המשך צו יצי"מ, ווי דער אלטער

- רבי -

------------

261) מגילה ו, סע"ב.

רבי ברענגט אראפ אין דעם דרוש פון בחודש השלישי[262] דעם חידוש (וואס איז מיוסד אויפן זהר אין פ' אמור[263]) אז גלייך בצאתם ממצרים איז געווען דער "וספרתם לכם ממחרת השבת"[264], מיט אלע פרטים שבדבר, ביז צום "תעבדון את האלקים על ההר הזה"[265],

[דער ר"ן[266] ברענגט אראפ פון מדרש אגדה אז נאך יצי"מ האבן אידן געהאט געגועים צו דעם ענין פון מ"ת, און פון די געגועים איז דערנאך ארויסגעקומען דער ענין פון ספה"ע;

און דער חידוש וואס דער אלטער רבי ברענגט (מיוסד אויפן זהר) איז - אז שוין דעמולט איז געווען דער ענין פון "וספרתם לכם ממחרת השבת"],

זאל זיין דער "כיסוך גאולה לגאולה" - צו דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

וכן תהי' לנו - בנוגע צו די אלע ענינים האמורים, סיי די ענינים כפשוטם, און סיי לויט די מדרשי חז"ל שבזה, וואס "הורה אחת לכולנה" - זאל דאס זיין אין אן אופן פון כן תהי' לנו, למכה מעשרה טפחים.

און אין אן אופן פון "המבדיל בין קודש לחול, בין אור לחושך", ובדוגמה זה ממש - דער "המבדיל כו' בין ישראל לעמים", אז ס'זאל זיין גיור כהלכה דוקא (ווי גערעדט כמ"פ בארוכה וועגן דעם ענין פון "מיהו יהודי").

ובקרוב ממש זאל מען צוקומען צום "המבדיל כו' בין קודש לחול" - צווישן דעם "חול" וואס איז דא אין גלות, מיט דעם "קודש" פון ימי הגאולה,

גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, בעגלא דידן.

צוה לנגן "אין אדיר". עוצו עצה ותופר. הושיעה את עמך. אני מאמין.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן מסתמא מאכן א ברכה אחרונה, און דערמאנען אויך ר"ח.

טרם צאתו התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

* * *

------------

262) תו"א יתרו סז, ג. 263) ח"ג צז, סע"א ואילך.
264) אמור כג, טו. 265) שמות ג, יב. 266) סוף מס' פסחים.

## ת י ק ו ן   ט ע ו ת

לשיחת מוצאי ש"פ שמיני, מבה"ח אייר

בע׳ לח, שו"ה בקטנותו, נדפס פודה,
וצ"ל: פודה זיין (אע"פ אז

בס"ד. קטע כשיחה מוצאי ש"פ במדבר, מבה"ח וער"ח סיון ה'תשל"ט.

הנחה פרטית בלתי מוגה

אע"פ וואס בכלל איז א התוועדות, און מיט קע"ה כן ירבו, דארף מען דאך רעדן מערניט וועגן ענינים המשמחים,

און דעמולט האט מען דאך די הבטחוה פון הורהו תורת חיים, הוראה בחיים, אז במכ"ש וק"ו: מה-דאך אז "מעט אור דוחה הרבה חושך", עד"ז אויך מעט שמחה - עאכו"כ אז מ'איז מרבה בשמחה - איז דאס גופא איז מבטל ענינים וואס זיי זיינען היפך השמחה,

וויבאלד אבער אז דאס איז ענינים של פועל, און דער מצב איז ניט הולך איין אן אופן פון "מעלין" בקדושה, נאר, אדרבא, רח"ל, ניט פאר קיין אידן געדאכט - איין א כיוון הפכי,

ובפרט נאך אז מ'האט נאך מכוין געווען, וויסנדיק צי ניט-וויסנדיק, דוקא אויך צו יום זה - ניט קוקנדיק אז דאס איז דער טאג וואס "באו מדבר סיני",

און ווי גמרא טייטשט אפ אין שבת, אז דעמולט ווערט בטל דער גאנצער ענין הפחד פאר אוה"ע, ביז וואנענט אז "ירדה" דער ענין פון היפך האהבה צו כל עניני העולם, איז דאס ירד אין עוה"ז התחתון, למטה מעשרה טפחים -

האט מען מכוין געווען אט דעם טאג אויף אפטאן נאך אן ענין אין דער גאנצער שורת הענינים והמעשים בפועל, וואס מ'גייט רח"ל דעם היפך פון עלי' והליכה מחיל אל חיל, נאר פונקט פארקערט (איך וויל ניט זאגן דעם לשון בפועל) -

האט מען קיין ברירה ניט, דערמאנען, עכ"פ בקיצור, אט דעם ענין,

וכמדובר כמ"פ, אז אע"פ וואס לכאורה, מ'זעט דאך, אז מחאות לכאורה העלפן ניט, איז וואס וועט העלפן נאך א מחאה און נאך א דיבור וכו':

אדרבא: וויבאלד אז ס'וועט ניט העלפן - איז דאך דאס ח"ו אן ענין פון דברים בטלים, וויבאלד אז זיי פירן ניט אויס תכליתם וכוונתם,

עאכו"כ אז מ'קען רעדן אין דעם זמן דברי תורה וההעוררות אין יראה-שמים וכיו"ב - איז דאך דאס אן ענין נאך פון היפך העולה וכיו"ב -

האט מען אבער קיין ברירה ניט, ובפרט נאך לויט דעם ציווי התורה, אז דאס איז צוויי באזונדערע ענינים: דער ענין פון "הוכח תוכיח" איז איין ציווי; צי וועט ער דערנאך מצליח זיין צי ניט מצליח זיין - דאס איז הלוי בהקב"ה, אבער אויף אים איז דא דער ציווי פון "הוכח תוכיח",

דערנאך קומען צוגיין מדרשי חז"ל און זיינען נאך מוסיף בזה, אז אע"פ וואס אים ווייזט זיך אויס, אז על אתר האט ער גארניט אויפגעטאן, און קען גאר זיין אז ניט אים ווייזט זיך אויס, נאר טאקע די מעשה בפועל אז ער האט גארניט אויפגעטאן - איז אעפ"כ, בלשון חז"ל, "אפילו מאה פעמים",

ואין הלכה יוצאה מידי פשוטו, דאס איז דאך א הלכה: אז אע"פ וואס מ'האט גערעדט 99 מאל, און דער מצב איז געבליבן ווי געווען פדיעד (וואס דערפאר איז דא אן אפשריות אז עס זאל ווייטער זיין "הוכח תוכיח") - איז דער ציווי אויף אים "אפילו מאה פעמים"!

ובפרט נאך, אז אז מ'וויל איז לערנט מען די ענינים אז זיי זיינען אין א כעבד ומצב אז אויב עס וואלט ניט געווען די הוכחה - איז וועד ווייס, רח"ל, וואו כ'וואלט געהאלטן ווען כ'וואלט ניט גערעדט 99 מאל ביז איצטער!

און ווי כ'זעט דאס בככה ענינים בפועל, ווי ס'איז דערנאך נתברר

געווארן, אז אע"פ וואס בשעת הדיבור האט מען ניט געזען בעיני בשר וואס מ'האט דורך דערויף אויפגעטאן - איז אבער נתברר געווארן לאחר זמן, אז ס'איז געווען א פעולה בשעה מעשה (עכ"פ אין אן עיכוב, אז עס זאל ניט זיין קיין הולך דער היפך פון "מחיל אל חיל" נאר אין א-כיוון הפכי), ביז וואנענט אז במשך הזמן האט מען זיך דערמיט גערעכנט וכו'.

ובפרט נאך, אז וויבאלד אז מ'האט א ציווי אין תורת חיים אז "כל ישראל בחזקת כשרות הם",

און מ'רעדט דאך ניט א חו"ד פרטית, נאר אן ענין איבערגע'חזר'ט אן ענין וואס שטייט אין תורה -

איז "כל ישראל בחזקת כשרות הם", אז עס קען זיין, אז מ'וועט דער-מאנען, ובפרט נאך במעמד פון כמה עשרה מישראל, וואס "אכל בי' עשרה" איז "שכינתא שרי'", און אין א מקום קדוש - "בית גדול" - שמגדלין בו תפלה - א בית הכנסת, ו"בית גדול" - שמגדלין בו תורה - א בית המדרש, וואו מ'לערנט שיעורים קבועים בתורה -

וועט דאס פועל זיין פעולתה למעלה, ביז וואנענט אז עס וועט אויך פועל זיין די פעולה למטה, והמעשה הוא העיקר - אז עס וועט זיין דער שינוי בנוגע למעשה בפועל.

ווארום כאמור, איז די בחינה על כל דבר - איז דער "בכן" שבדבר, און דער מעשה שבדבר,

און ווי גערעדט כמה פעמים, און ווי יעדערער איז מודה, ביז אפילו אז "עולם", מלשון העלם והסתר, איז אויך מודה, אז וואס איז די בחינה אויף א רפואה, צי דאס איז א ריכטיקע רפואה, צי דאס איז, ח"ו, ניט קיין רפואה, נאר א היפך - מ'זעט וואס איז ארויס בפועל, אז דער וואס איז גע-זקוק לרפואה איז ער געווארן געזונט!

ועד"ז בשאר ענינים, ביז אין רפואות הנפש, וואס דאס איז דאך די תועלת און די בחינה פון מוסר און חסידות, ווי רבותינו נשיאינו זיינען מסביר, אז דער "בכן" איז דאס איז די בחינה צי ער האט געלערנט, און דאס האט אים געלערנט, ווי עס דארף-צו-זיין, ווארום ער האט מברר געווען מדותיו הטבעיים, עכ"פ - ער גייט אין דער ריכטונג און ס'האט טוין געזען מעשה בפועל.

וואס עד"ז איז אויך פארשטאנדיק, אז דאס וואס עס האט זיך גערעדט בנוגע צו "ונתתי שלום בארץ", און אט דאס וואס מ'רעדט אויך, ביז ווי מ'רעדט אין רה"ר, דעם ענין פון שלום,

ביז אז רה"ל מהם ומהכונס: ס'איז דאך דא אט די וואס פראווען שמחה און פרייען זיך, און זעען אז אלע ארום זיי זאלן זיך פרייען, פאר די אלע ענינים וואס מ'האט אפגעטאן אין דעם ענין וואס מ'האט דאס א נאמען געגעבן אין עלמא דשקרא - א הסכם של שלום -

איז ער כשמח זיך, און משמח אנדערע, און ס'איז כבריה אט די וואס ווילן ניט זיין בשמחה: וויבאלד אז זיי באקומען פון זיי געלט, און זיינען תלוי אין זייער יחס - אז זיי זאלן אויך פראווען שמחה,

אויף אן ענין, וואס לולי דמסתפינא, און לולי וואס דאס איז א שעה הדוא, כוצאי שבה קודש סעודתא דמלכא משיחא - וואלט מען געדארפט גוזר תענית זיין על כל העולם כולו אויף דעם ענין וואס ווערט אנגערופן הסכם של שלום, וואס בפועל איז דאס פונקט דער היפך שבזה!

און ניט ווי די ענינים זיינען מצד ענינים שלמעלה מעשרה טפחים, אין ענינים רוחניים; "המעשה הוא העיקר" - ווי די ענינים זיינען למטה מעשרה טפחים!

אוּן אט דאס איז - בהקדמה:

פארוואס האט עלמא דשקרא א נאמען געגעבן דאס בשם "הסכם של שלום"? ווארום ווי גערעדט אמאל באריכה בנוגע צו לימוד התורה וקיום מצוותי' בכלל,

וואס ס'איז דא ידע אינש בנפשי'; מה-דאך אז מ'זאגט אז "אין צדיק בארץ אשר יעשה טוב ולא יחטא", עאכו"כ דער וואס האלט ביי א דרגא פון א בינוני, און "הלואי בינוני"; ער האלט נאך אפשר ווייניקער דערפון - ווייס ער דאך מעמדו ומצבו,

דערנאך איז דא אט די וואס זיי האבן דא אויפגעשטעלט די כתות, רח"ל, בישראל - צי זיי רופן דאס אן "רעפארמער" וכיו"ב - וואס בא זיי איז דאס אויך דער ענין וואס "יעשה טוב" --

ס'איז דאך אפילו די וואס זיינען היפך פון צדיקים איז דאך אויך "מלאים מצוות כרימון", איז דאך עאכו"כ אז ער איז בגדר פון "יעשה טוב",

ביי אים איז אבער אויך דא אט דער ענין בלהי-רצוי - איז דאך דאס אויך דא בא שומרי תורה ומצוה, כאמור לעיל "יעשה טוב ולא יחטא" איז גאר "אין צדיק בארץ",

דער חילוק איז אבער א חילוק עיקרי:

בשעת אט דער וואס ער איז א שומר תורה ומצוה ווי הורת אמת וויל, בהשקפותיו, איז אט דעמולט ווייס ער, אז "ולא יחטא", ביי אים האט אויסגעפעלט אין שלימזה, אדער א חטא כפשוטו - איז דאס אן ענין של "חטא",

איז אע"פ וואס אן ענין של חטא איז חוטא ופוגם, מיט אלע ענינים וואס ווערט אויפגעטאן, ולכל לראש - דאס רירט-אן דעם קשר און דעם חיבור פון א אידן מיטן אויבערשטן, וואס ער איז דער מקור הטוב וקדושה;

וויבאלד אבער ער ווייס אז דאס איז א חטא - איז אט דעמולט איז: קרוב לודאי, ביז וואנענט, ווי עס שטייט אין ספרים, איז א זיכערע זאך אז ער וועט תשובה-טאן,

ובפרט נאך - נאך דערויף ווי ער איז מכלא זיין תאוה, איז אט דעמולט האט ער זיך שוין בארואיקט, איז אט דערכולט, וועט ער זיך באטראכטן אין א מצב שקט, ווען ער איז ניט פאדשלונגען פון דער תאוה: וואס האט ער דא געטאן - איז אט דעמולט איז "כעמידו על האמת", וועט ער תשובה טאן, ווארום ער ווייס אז ער האט געטאן א חטא;

בשעת מ'שטעלט-אויף א שיטה און מ'זאגט אז דאס איז ניט א חטא נאר דאס איז א מצוה, און אט דאס איז טוב און אט דאס איז קדושה - איז ער שולל פון זיך אליין די מציאות אז ער וועט אמאל תשובה-טאן!

ווארום ער רעכנט גאר, ער האט זיך איינגערעדט, אנדערע האבן אים איינגערעדט, אז ער האט געטאן א מצוה - איז אויף וואס האט ער וואס צו תשובה-טאן; אדרבא - מ'דארף אים פאטשן און קלאפן אויף דער פלייצע און זאגן "יישר כוחך",

און דערנאך איז הולך ומפתה אחרים, אז מכנו יראו וכן יעשו; ניט נאר ער אליין האט ביי אים ניט דעם ענין פון "זכה", גאר אנשטאט פון "זיכה את הרבים" - גייט ער און דערט אזוי מיט אחרים!

בשעת מ'וזאלט אפגעטייטשט דעם ענין כפשוטו: "שלום" איז דער טייטש אז ס'איז דא צוויי צדדים, און אע"פ וואס ס'איז ניט קיין הכרח אז זיי זאלן זיין שוה בשוה; איינער איז שטארקער און דער צווייטער איז שוואכער צי באיכות צי בכמות; בשעה מ'מאכט אבער שלום - איז דאס איז אין זיך כולל, אז דאס איז ניט נאר שלום פאר איין צד, ווארום ער האט אלץ באקומען

- דאס איז אויך שלום פארן צווייטן צד - דער צווייטער צד האט אויך באקומען, נאר ער האט באקומען ווייניקער, ווארום ער איז דער שוואכערער.

בשעת אבער ס'איז אן ענין במעשה בפועל האט איין צד באקומען אלץ; דער צווייטער צד האט באקומען גארניט,

וכאמור כמ"פ: ניט דער פשט איז ער האט באקומען אלץ וואס ער האט געוואלט - אזא מציאות איז ניט שייך, ווארום "מי שיש לו מנה" איז "רוצה מאתים", ובפרט נאך - ער זאגט אליין אז ער וויל מערער,

אבער אט דאס וואס עס האט זיך אפגעטאן במעשה בפועל ע"י הסכם זה - איז דא צוויי חלקים: ס'איז דא איין חלק וואס ער געפינט זיך בעולם הדיבור, וואס אט דעמולט דיבור איז זעט מען בפועל (ניט נאר מ'קען דאס משער זיין אין השקפה העולם, אין חקירה; נאר מ'זעט בפועל), אז אומר ואינו עושה, גוזר ואינו מקיים, מיט אלע פרטים וואס איין כאן המקום למנות בזה, עאכו"כ - אויב ס'איז גאר ניט געווען די אמירה און די גזירה וכו',

דערנאך איז דא אט דער צווייטער טייל, וואס דאס איז מעשה בפועל.

וואס אין מעשה בפועל איז אויך דא צוויי חלקים: ס'איז דא דער חלק המעשה פון וועלכן מ'קען ניט חרטה-האבן, דערנאך איז דא אן ענין אין מעשה וואס אים פאלט איין אן איינפאל, און מארגן אינדערפרי (צי דעם זעלבן טאג אין א שעה שפעטער) קען ער מבטל זיין די מעשה.

וואס דער מעמד ומצב ווי ס'האט זיך אפגעטאן במשך פון די צוויי יאר ווי ס'גייט די שקו"ט: בנוגע למעשה בפועל האט איין צד געהאלטן אין איין באקומען, און מזמן לזמן האט מען געגעבן נאך א ביסעלע און נאך א ביסעלע;

דער צווייטער צד האט באקומען ענינים של הבטחות בדיבור, און אפילו אין די הבטחה שבדיבור, איז אויך געגאנגען ניט אין אן אופן פון הולך ומוסיף, נאר אין אן אופן פון הולך ופוחת - דאס האט מען אויך אנגעהויבן צוזאגן וואס ווייניקער!

- דאס איז א דבר גלוי לכל; מ'מאכט דערפון קיין סוד ניט, איז דערפון פארשטאנדיק, אז דער וואס רופט דאס אן בשם "שלום", וואס פירושו של שלום איז אז ביידע צדדים באקומען עפעס א דבר ממשי, ניט מערניט ווי א דיבור, און אין דעם דיבור גופא איז מען הולך ופוחת - איז דאס ניט אן ענין של שלום; דאס איז אן ענין של נסיגה! אפגעטראטן יום אחר יום!

זינט דער אויבערשטער האט באווייזן דעם נס, און ס'איז געווען דעמולט דער "הפול עליהם אימתה ופחד בגדול זרועך ידמו כאבן",

ביז וואנענט אז דאס איז געווען גלוי לכל העמים, אז מ'מוז זיך דערמיט רעכענען און אויפהערן די ענינים בלתי-רצויים, עכ"פ לזמן מסויים,

אט דעמולט האט זיך אנגעהויבן א שקו"ט, און נאך יעדער שקו"ט, כאמור. איז ארויס א טייל וואס מ'האט גערעדט בדיבור, גע'חתמ'עט א פאפיר,

וואס א החימה אויף א פאפיר ווייס מען שוין דעם הוקף שבדבר און דער תוכן שבדבר און די נצחיות שבדבר,

און די ראי' איז פון די פאפירן גופא: מ'פארגלייכט דעם ערשטן פאפיר מיטן צווייטן, מיטן לעצטן, און מיט דעם פאפיר וואס וועט זיין מארגן אדער איבער-מארגן אדער "מחר לאחר זמן" - זעט מען, אז עס האט ניט קיין ממשות די ההתחייבות, אע"פ וואס ס'איז געווען גע'חתמ'עט, ובמעמד עדים, און דערנאך האט מען זיך געקושט, און דערנאך האט מען געפראוועט א באנקעט, א שמחה גדולה, ביז "והבקע הארץ לקולם".

בשעה ס'איז געקומען אן ענין של מעשה; וואס זעט מען אין מעשה

בפועל? - זעט מען, אז דער צד שכנגד באקומט מזמן לזמן נאך אן ענין און נאך א פרט!

וכאמור לעיל: אין חלק המעשה גופא, איז דאך דא אין מעשה וואס מ'קען מבטל זיין, דערנאך איז דא א מעשה אויף וועלכע מ'ווערט אויס בעה"ב דערפאר וואס דאס געפינט זיך שוין אין רשות פון דעם צד השני -

איז אפילו אט די מעשה וואס דער צד שכנגד האט לכאורה געטאן, און דאס איז, וואס לשעה קלה האט מען צוגענומען דעם צבא ממקום פלוני, אדער צוגענומען די געלט במקום פלוני - האט מען שוין געזען בעבר, אז דערנאך, ווען ס'איז איינגעפאלן אן אנדער סברא, און דער עיקר - אן אנדער האפענונג (ריכטיקער געזאגט: נים קיין האפענונג), אז מער קען מען שוין אויף אן אנדער וועג ניט דערגרייכן - איז אט דעמולט האט מען מבטל געווען די מעשה.

ס'איז אבער דא אזא מעשה וואס מ'קען אויף איר קיין חרטה ניט האבן, און דאס איז: בשעת מ'גיט-אפ א שטח, עאכו"כ א שטח וואס ער געפינט זיך על הגבול,

וכאמור ככה פעמים: ס'איז ניט קיין נפק"מ וואו דער גבול איז, צי אין חו"ל צי אין ארה"ק; ס'איז ניט קיין נפק"מ צי ס'רעדט זיך וועגן א ישוב פון אידן אין ארה"ק צי אין חו"ל - איז אומעטום דער זעלבער דין, ופסק-דין להלכה למעשה, אז בשעת ס'איז דא אן "עיר היושבת על הספר", וואס געפינט זיך אויפן גרעניץ, "על הגבול", איז אט דעמולט האט מען דעם כלל, אז אויב מען לאזט אהינצו אריין אפילו איינעם וואס ער פארלאנגט מערניט ווי "קש ותבן",

און דערנאך וועט ער גיין צוריק; ניט דער פשט ער וויל דאס פאר-נעמען; ער וויל האבן דעם "קש ותבן" און דערנאך וועט ער אוועק צוריק צו זיך -

אט דאס איז דער פסק אין שולחן ערוך!

און ביט א הלכה אין שו"ע קען מען זיך ניט שפילן, און זאגן דרשות! און זאגן, אז וויבאלד ער האט באקומען נאך א לירה אויף א ישיבה - לערנט ער קאפויר דעם פס"ד אין שו"ע; דאס גייט ניט אן: שו"ע בייט זיך ניט דורך דעם וואס מ'באקומט א לירה, אדער טויזנט לירה, אדער א מיליאן לירות, אויף א דבר הכי קדוש - איז "ההורה זו לא תהי' מוחלפת"!

פסק'נט אט דער שו"ע במעשה בפועל, אז אויב מ'לאזט אים אריין נעמען אט דעם "קש ותבן", דאס רעדט זיך אבער וועגן א ישוב פון אידן, צי אין ארה"ק צי אין חו"ל, וואס געפינט זיך על הגבול - דארף ער וויסן דיין, אז הורת אמת זאגט אים, אז דעמולט איז דא די סכנה פון "תפתח הארץ לפניו" (ובחו"ל - דער ישוב)!

און דערפאר רעכנט מען זיך ניט מיט שבה, מ'רעכנט זיך ניט מיט קיינע ענינים ניט, עאכו"כ אז מ'רעכנט זיך ניט מיט כבוד המדוכה, עאכו"כ אז מ'רעכנט זיך ניט מיט געלט, אפילו אזוינע געלט וואס מ'זאגט אז א גרעסטע טייל דערפון וועט גיין אויף ענינים של טוב וקדושה; וויבאלד אז דאס איז היפך ההורה - איז דאס היפך פון "היא חיינו ואורך ימינו"; איז דאס היפך פון ליכוד התורה וקיום המצוות מיט כל הענינים שבדבר.

וואס דאס איז, ווי געזעדט, פון שטאנדפונקט פון הלכה;

דערנאך איז, ווי גערעדט כמה פעמים, ווי מ'זאגט בנוגע צו עניני דינים, אז ס'איז דא דער ענין ווי ס'איז מעשה בפועל: אז מ'זעט פקוח נפש בפועל - ווערט דאס אן ענין וואס מ'פרעגט ביי דעם וואס ער איז א מומחה אויף פקוח נפש.

ובהקדמה, ווי געזאגט פריער: די ענינים וואס מ'האט באקומען לכאורה - איז דאס ענינים בדיבור; ענינים פון א פאפיר וואס איז גע'חתמ'עט דורך איינעם און דורך עטלעכע,

וואס זיי האבן פריער גע'חתמ'עט נאך פאפירן; וועלן חתמ'ענען בדרך בטבע פאפירן לאחרי זה,

וואס מסמך אחד, איין פאפיר, איז ניט גלייך צו דעם צווייטן; דאס האבן זיי אלע א צד-השוה: ס'איז דא כמה שינויים, אמאל בכיוון זה אמאל בכיוון אחר, אבער דער צד-השוה בכולם - אז איינער איז ניט גלייך צו דעם צווייטן מיט שינויים,

און מ'שעמט זיך ניט זאגן: ס'איז דער זעלבער חותם, די זעלבע תנאים מיט די זעלבע הסברות, און אעפ"כ איז מען משנה א פרט; משנה א כלל, משנה כמה פרטים, משנה כמה ענינים כלליים.

דערנאך איז דא זאכן וואס אין בידיו, אין דרך הטבע, אויף דערויף חרטה-האבן, וואס דאס איז - ווי מ'האט אפגעגעבן, ווי גערעדט כמ"פ, א גרעסטע טייל פון מדבר סיני; אפגעגעבן אבו-ראדעס, די מקורות פון וואנענט מ'האט גענומען נאפט,

וואס בדרך הטבע, "אין סומכין על הנס" איז דאס א דין אין תורה, איז בדרך הטבע דארף א איד, און א קיבוץ פון אידן, טאן אז ער זאל באזארגן זיינע הצטרכות אין אן אופן "בכל מלאכתך אשר תעשה" - די פעולות וואס ער וועט טאן; ער דארף טאן א פעולה, "מלאכתך", און אט דעמולט "וברכך ה' אלקיך",

עאכו"כ אז ער דארף ניט מהדס זיין, חרוב-מאכן, אט דאס וואס ס'איז געווען "וברכך ה' אלקיך", דער איבערשטער האט דאס אפגעגעבן, און דערנאך איז געקומען דער, פב"פ, און האט געהייסן, און מ'האט דאס אפגעטאן בפועל: אפגעגעבן צוריק!

און דאס איז א זאך וואס אין דרך הטבע קען מען דאס ניט ציען צוריק! ס'איז ניט א פאפיר אליין,-און מארגן האט ער דערפון חרטה; ס'געפינט זיך שוין דארטן אט די וואס לאזן ניט צו און וואס נעמען דאס לתכליתם ולכוונתם ולמטרתם היא.

עד"ז בנוגע וואס ווי געזאגט פריער וואס מ'גייט אפטאן, היל"ת, האט מען שוין אפגעטאן ביום הששי,

און מ'זעט ווי אזוי בהשגחה פרטית איז אין יעדער ענין דא א רמז: יום השישי בא דעם צד שכנגד איז "יום אידיהם", וואס דעמולט איז דא די אלע הגבלות מיט די זהירות'ן וואס מ'דארף זיין זהיר אז דער בא' וועמען דאס איז א "יום אידם" זאל ניט קענען טייטשן אז דאס איז אים בייגעשטאנען,

האט מען מכוין געווען, רחה"ל, את השעה, ביודעים צי בלא יודעים, און אט דער ענין וואס מ'האט געזאגט אז מ'וועט זיך מוסר-נפש זיין און מ'וועט פון דארט ניט אוועקגיין, און דאס וואס מ'האט געזאגט אז לאחרי זמן וועט מען קובען אהינצו זיך באזעצן - האט מען דאס ביום הששי אפגעגעבן צום צד שכנגד,

און אפגעגעבן דאס אין אן אופן של בזיון לצד זה שאין למטה ממנו! ווי מ'ווייס שוין די פרטים ווי אזוי ס'איז געווען דער אפגעבן; ווי אזוי עס זיינען געווען די ההנונים אז עכ"פ זאל דער פרט ניט זיין און יענער פרט זאל ניט זיין, כדי ניט אויפצורייצן די געמיטער - און עס האט אויך ניט געהאלפן!

די מענה איז: אז ס'איז דא פרטים וואס מ'האט אפגעהאלטן - דערפאר

קומט קיין יישר-כח ניט! דו ביסט דער וואס גיט דאס אפ - איז וואס באריכטסטו זיך, אז דער בזיון איז געווען ניט 100% נאר ער איז געווען 50%!

וכאמור, דאס איז אין אזא אופן וואס צוריק קען מען דאס ניט נעמען!

און דערנאך זאגט מען, אז "בחודש השלישי ביום הזה", ווען עס דארף זיין דער "באו מדבר סיני ויחן שם ישראל נגד ההר" אויף מקבל זיין תורת אמת, וואס די האט מבטיח געווען "ואולך אתכם קוממיות", נאר עס דארף זיין א הכנה דומה לזה פון א אידן, אז ער פאלט ניט אראפ פאר "א-ל זר אשר בקרבך". דער יצר, עאכו"כ אז ער פאלט בא זיך ניט אראפ פאר אן אינו-יהודי, אע"פ וואס יענער איז א הקיף מיט אלע פרטים וואס ער האט בזה - איז אט דעמולט המורה זה מאכט מען פון דעם עניין א שמחה הכי גדולה!

כ'איז זיך משתדל, אז בכל הפוצות ישראל זאל מען ארומגיין און זאגן "מזל טוב" און "יישר כח": מ'האט דערלעבט. רח"ל רעם טאג וואס אט דעמולט פליט מען ביידע צוזאמען פון איין ארט אין א צווייטן,

און דאס איז ניט אן עניין מ'האט שוין געזאגט קלאר אז דאס איז אן עניין של שלום - אין נייעם חדשים ארום וועט מען טראכטן צי דאס איז שלום צי ניט, דערווייילע איז "שלום" מערניט ווי אויף פאפיר; בנוגע למעשה בפועל, פתיחת הגבולות מיט אלע פרטים וואס אין כאן המקום להאריך בזה - האט מען זיך ניט וואס צו היילן!

טאקע די הסברה: מ'דארף ניט אויפרייצן, "אל תתגרה בגוי קטן", עאכו"כ מיט אלע אומות פון די ערבים וואס געפינען זיך ארום און ארום, וואס דארף מען זיי אויפרייצן? -

די נפק"מ איז אבער - פארוואס מ'טוט דאס! דעם טעם זאגט מען טאקע דעם טעם; די שאלה איז אבער: צי דאס איז דער טעם האמיתי, צי דאס איז (דער טעם) אן אויסרייד,

און ווי מ'וועט דאס זען מארגן און איבער-מארגן, ווי עס וועט זיין געדרוקט אין די צייטונגען פון דעם צד שכנגד, וואס איז געווען דער טעם האמיתי און ווי אזוי מ'וועט זיך דערמיט באריטען!

מ'געפינט זיך אבער, כאמור, אין אן עלמא דשקרא, און מ'געפינט זיך אין א דור יתום, ביז וואנענט אז מ'געפינט זיך "העם ההולכים בחושך", און מ'האט די הבטחה "ראו אור גדול" - שטייט דאס אבער בלשון עתיד, האט מען געמאן ענינים אין אזא אופן אז מ'קען זיך גארניט דינגען אין דעם וואס איז דער תוכן העניין, צי דאס איז אן עניין פון א "מזל טוב" ושמחה, ביז א שמחה גדולה, אדער דאס איז אן עניין הפכי,

און אט דאס איז, כאמור, ווי געזאגט פריער: מ'האט אפגעגעבן אבו-דאדעס - האט מען גלייך געדארפט אנקומען צו חדשים אין פרס וכיו"ב; האט מען צוגענומען פרס - גייט מען איצטער, און מ'האט שוין דאס אפגעטאן: מיט א בזיון גדול אפגעגעבן דעם צווייטן מקור פון נאפט,

און מ'באריכט זיך, אז דורך דערויף איז געווארן שלום!

כאמור: מ'האט זיך גארנישט ניט מתקדם (?) געווען זיך בפועל!

הבטחות האט מען געהאט כמה פעמים, און דערנאך האט מען זיי גלייך מבטל געווען; דאס וואס עס האט זיך אפגעטאן בפועל, אז אט רעם ארט פון וואנענט מ'האט געקענט באקומען נאפט - האט מען קוים גע'פועל'ט א הבטחה אז מ'וועט פארקויפן, און אפשר, און בהנאים, און ווי ס'וועט זיין די שטימונג, מיט אלע פרטי הדברים.

אז ס'איז ניט געווען מיט וואס זיך צו טרייסטן - האט מען גע'פועל'ט אז מ'זאל דורכלאזן א שיף, א'ער שיפן לשון רבים, אין העלה הידועה,

וואס ווי קומען זיי בעה"ב אויף דער תעלה - איז דארט געשטאנען צה"ל און געווען דארט דער פולער בעה"ב! דערנאך האט מען זיך דערשראקן פאר גוים, פאר אומות העולם, און מ'האט אפגעגעבן א פקודה אז צה"ל זאל פון דארט אוועקגיין! נאך דערויף ווי זיי זיינען דארט געווען בעה"ב!

און ווי מ'האט שוין דערנאך מגלה געווען, אז כמה שנים לאחרי הענין פון נסיגה דעם ערשטן מאל פון תעלת סועץ, וואס דעמולט איז דאך געווען א דרישה חזקה פון וואשינגטאן, ביז וואנענט אז מ'האט מבריח געווען, ענגלאנד און פראנקרייך און אידן וכו' וכו' -

האבן זיי דערנאך גע'טענה'ט און געמאנט: פארוואס האט איר דאס גע-פאלגט?! האט מען זיי געזאגט: סטייטש! איר האט דאך מאיים געווען, און געזאגט, אז אויב ניט איז אט דעמולט וועט זיין די און די אלע סאנקציעס - האט מען זיי געענטפערט: מיר האבן קיין ברירה ניט געהאט, מיר האבן גע-דארפט מאיים זיין בדיבור; ווי קומט דאס אבער צו אייך אז איר האט דאס אפגעטאן בפועל?!

און איצטער בארימט מען זיך! כידוע דער סיפור אז איינער איז גע-קומען רח"ל און אונטערגעצונדן זיין הויז, און דערנאך געקומען צו בעטן אז מ'זאל אים געבן די "אינשורענס", והראי' ווארום אז ניט, וועט ער צינדט ניט אונטער - וואלט ער דאך ניט געקענט באקומען קיין חלק פון דעם ממון פון די "אינשורענס",

"אנגעצונדן" - אפגעטראטן פון תעלת סועץ; אפגעטראטן מצד אן "עלה נדף", ווי איצטער איז דאס נתגלה געווארן, און דעמולט האט מען געוואוסט כו"כ אויך מאחורי הפרגוד, אז אויב מ'וועט זיך שטעלן מיט עקשנות וועט מען אויספירן, נאר ס'האט ניט געדארפט זיין קיין עקשנות פון פראנקרייך און ענגלאנד אז זיי זאלן זיך גיין רייסן פאר די וואס זיי געפינען זיך על אתר, און זייער צבא געפינט זיך דארטן, וידם על העליונה - ניט מצד דערויף דערפאר וואס "בטח על צה"ל", רח"ל, "כחי ועוצם ידי" - נאר דערפאר וואס "ישראל בטח בה' עזרם ומגינם הוא", און ער האט זיי געגעבן יענעם נצחון, און די נצחונות שלאחרי זה.

וואס טוט מען איצטער? - גיט מען איצטער אוועק דעם צווייטן ארט וואו עס געפינט זיך די נאפט, און דערנאך וועט מען זיך אנהויבן דינגען וועגן דערויף אויך, אז עס קען גאר זיין אז עס וועט זיין א טובה, מיט די אלע "הישגים", מ'זאל גיין מאכן א באנקעט וואס עס איז געקומען דער טאג און דער צד שכנגד האט דאס מקבל געווען בסבר פנים יפות -

איז צוגעקומען נאך א מעשה מבהיל, וואס כ'זעט דאס צושרייבן - דאס באווייזט אבער עד היכן הדברים מגיעים:

ס'איז געווען א מעשה פון א אידן וואס ער האט זיך געפונען בשבי, און מ'האט אים ניט געוואלט ארויסלאזן (בשבי איך צד שכנגד), ביז וואנענט מ'האט אים אויסגעביטן אויף עטלעכע און זיבעציק פון צד שכנגד!

וואס דאס איז געקומען באותו הזמן וואס בשעה ארה"ב האט געמאכט אזא הוזה דומה לזה מיט ארצות פון "מועצה [הבריה]", מיט רוסלאנד - האט מען אויסגעביטן פינף - אויף צוויי; דא האט מען אויסגעביטן איינעם - אויף עטלעכע און זיבעציק!

אכה מאקע אז כ'וואלט פרעגן די שאלה אין הלכה - קען מען זיך דינגען דינגען: ווייבאלד אז דאס רעדט זיך פקוח נפש פון איין אידן, איז אט דעמולט, אז כ'דארף אפגעבן כו"כ פעמים - איז אט דעמולט דא אן ארט אז כ'זאל זיך דינגען אין דעם ווי עס דארף זיין דער דין:

אין דערויף גופא איז אבער צוגעקומען אן ענין עיקרי: בגלוי האט

מען געזאגט, אז וויבאלד אז ס'איז ניט געווען קיין אנדער ברירה, און וויבאלד אז דאס איז א איד מיט א משפחה, במילא האט מען זיך ניט געקענט רעכענען וויפל מ'וועט דערפאר ארויסלאזן פון בית האסורים - האט מען דאס אפגעטאן.

האט מען געפרעגט די שאלה: ס'איז דאך געווען מעשה בפועל א סאך מאל וואס מ'האט געגנובעט "בני ערובה" ("האסטעדזשעס" ווי מ'רופט דאס דא אן), און די טעראריסטן האבן פארלאנגט מ'זאל באפרייען אט-די-און-די - ניט זיבעציק מאל אזויפיל; אדער א מספר שוה, אדער צוויי מאל אזויפיל, און איר אליין האט מכריז געווען, אז דאס איז א נקודה עיקרית אז מ'וועט זיך ניט אונטערגעבן קיין איום,

און מיט א טעם בצדו, און א טעם וואס האט אן ארט אין הלכה; האט אן ארט אין שכל הפשוט; האט אפילו אן ארט אין דיפלאמאטיע (וואס אט דאס איז דאך די זאך אויף וואס מ'בויט איצטער): אז אויב מ'וועט באווייזן אט דעם וועג, אז דורך אן איום לאזט מען ארויס און מ'פועל'ט עפעס ענינים - וועט דאס מגרה זיין אז דערפאר זאל מען זיך יאגן נאך בני-ערובה - איז ניטא קיין אנדער עצה אז מ'וועט זען אז דאס וועט ניט העלפן!

און אזוי האט מען אנגעהאלטן יארן נאכאנאנד, און דאס האט געבראכט צו קרבנות פון אידן, ווי פארשריבן די נעמען - ענינים שבגלוי,

און דא מיטאמאל האט מען חרטה געהאט, און חרטה געהאט אין אן אופן מבהיל: ווי געזאגט פריער: איינער - אויף עטלעכע און זיבעציק!

באמור אבער, בשעת מ'זאגט אזא טענה, און רח"ל יעדער איד איז פאר-וויסטיגט, און אז ער דערהערט א סיפור אז ס'איז ניט געווען קיין אנדער וועג אויף באפרייען סיידן מ'האט באפרייט עטלעכע און זיבעציג - טראכט ער בא זיך: אפשר איז דאס די וועג, און אפשר איז ניט געווען קיין אנדער וועג, און "נפש אחת מישראל" איז קיום "עולם מלא", עאכו"כ אז עס רעדט זיך מערניט ווי וועגן עטלעכע און זיבעציק.

וואס עד כאן איז געווען ווי ס'איז געווען, ווי געזאגט פריער, ווי עס האט זיך געפירט בעולם - איידער מ'האט זיך געכאפט אז "אמת מארץ תצמח", האט מען אנגעזאגט די רעדנער און די שרייער אין ארה"ק און אין חו"ל: זאלסט מאכן א שווייג ווער די עטלעכע און זיבעציק זיינען, אדרבא - מ'זאל מאכן שמחות והילולות: מ'האט גע'חתמ'עט א "הסכם" וואס דאס איז איינער פון זיינע סעיפים, וואס אן דעם סעיף וואלט מען אויך גע'חתמ'עט דעם הסכם אויף דער נסיגה,

ביז וואנענט, א וועלט קען מען דאך ניט אפנארן די גאנצע צייט און אין אלע ענינים, און מ'ווייס דאך אז ס'איז דאך דא אנדערע וואס מאיזה סיבה שתהי' וועלן זיי דאס סוכ"ס מגלה זיין, ביז וואנענט אז מ'האט מגלה געווען, אז צווישן אט די עטלעכע און זיבעציק איז געווען כמעט א האלב אט די וואס זיינען דארט ניט געווען בבית האסורים וועגן ענינים של מה-בכך.

וואס אפילו וועגן ענינים של מה-בכך האט מען אויך אנגעהאלטן די שיטה יארן נאכאנאנד אויף ניט נאכגעבן זיך קיין איומים פון טעראריסטן,

איז דארט געווען קרוב צו האלב, עטלעכע און דרייסיק, אט די וואס האבן בפועל זיך פארנומען מיט ענינים של מעשה הבלה, ביז - מעשה חבלה וואס עס האט געקאסט נפשות ממש!

זעלבסט-פארשטענדלעך: בא דיפלאמאטן איז ניטא "אין מעצר לרוחם" - האט מען אנגעהויבן זוכן אויף דערויף אויף הסברות ווי אזוי מ'האט דאס געדארפט טאן, האט מען אבער געפרעגט א שאלה פשוטה: אויב דאס איז דער

ריכטיקער טעם מיט דער טענה וכו׳ - פארוואס האט איר דערפון געמאכט א סוד? איר האט דאך געקענט לכתחילה זאגן ווי די מעשה איז בפועל, נאר וואס דען, מ׳האט קיין ברירה ניט מצד טעמים פשוטים, טעמים כמוסים וכו׳ - מוז מען ארויסלאזן רה"ל א רצח וואס זאגט בפירוש "אכלהי ואוכל עוד", היל"ת!

ניט ער זאגט ער האט תשובה-געטאן; ער זאגט בפירוש אז ער האלט ניט בא תשובה!

כאמור לעיל (ווי פריער געזאגט): ביי אים איז דאס אן ענין של טוב וצדק.

און אז מ׳פרעגט פארוואס האט מען דערפון געמאכט א סוד - האט מען אויף דערויף אויך געפונען טעמים: מ׳דארף ניט מאכן שווער אויפן הארצן; דער טעם, יענער טעם -

כאמור לעיל: דא איז ניט נוגע די טעמים וואס אין שכל, און וואס א שכל קען נעמען שוחד, און דעמולט איז "השוחד יעור עיני חכמים": תורה איז מעיד אז ער איז א חכם; וויבאלד ער האט אבער אין דעם ענין געווען שוחד - איז "יעור עיני חכמים": אים ווייז זיך אויס "ויסלף דברי צדיקים" - אז דאס איז אן ענין של צדקה ויושר.

וכאמור לעיל: דאס איז א מעשה וואס מ׳קען ניט מאכן צוריק! די עטלעכע און זיבעציק געפינען זיך בהפשי, און געפינען זיך אין דעם ארט וואס רח"ל, היל"ה, מ׳זעט ניט קיין סיבה פארוואס זיי זאלן זיך ניט משתדל זיין נאך אמאל, ביל"ה!

און וואס כאמור לעיל, דאס איז ניט נאר דער ענין כשהוא לעצמו - דאס באווייזט אויף דער שיטה, רח"ל, וואס מ׳האט אנגענומען: די ערשטע זאך, אז מ׳קען מעלים זיין את האמת, ביז וואנענט אז מ׳קען זאגן פארקערט פון דעם אמת, אבי עס זאל זיך דורכפירן א דבר טוב, א דבר הכי טוב, מיט אלע גוטע זאכן - וויסנדיק אז דאס איז "מילתא דעבידא לגלויי", און וויסנדיק אז "מהם ידאו וכן יעשו" אט די וואס זיי זיינען מאיים און זיי זיינען לוחץ אז ס׳איז ניטא קיין זאך וואס מ׳קען ניט פועל זיין, רח"ל, והא ראי׳ - ס׳איז ניטא קיין גרעסטער ענין, קיין גדעסטער נאכגעבן, קיין גרעסטע נסיגה, וואס מ׳האט זיך געהאלטן יאדן נאכאנאד בא דעם מעבר ומצב, און מ׳האט איינגעשטעלט. און, רח"ל, פארלארן כמה נפשות מישראל צוליב דער שיטה - און מיט אמאל האט מען ארויסגעלאזט עטלעכע און דרייסיק (?)!

די איינרעדעניש, אז אנדערש וואלטן ניט גע׳חתמ׳עט דער ראש אין וואשינגטאן, דער ראש אין מצרים - איז אפילו פאר קינדער ווערט מען דאס אויך ניט איינרעדן!

און די טענה וואס מ׳זאגט, כאמור לעיל, אז עס קען זיין אז צוליב איין אידן דארף מען אזוי טאן ע"פ שו"ע - ניט דאס איז געווען דער טעם וואס מ׳האט דאס געטאן!

דער טעם איז געווען - דאס איז א חלק פון א גאנצער שיטה, וואס די "שיטה" איז - דער היפך פון "ואולך אתכם קוממיות"!

כאמור אין דער פריעדדיקער ההתוועדות: בשעת רה"ל מ׳שפייט, און ער ווייט אז דאס איז געשפיגן אין פנים - רעדט מען איין א צווייטן, אז דאס איז גשמי ברכה! און מ׳הייסט אים ער זאל מאכן א ברכה "הטוב והמטיב": ניט א ברכה בפועל - אבער מאכן א באנקעט און מאכן א מזל-טוב, מ׳זאל מאנאן אין די גאסן, און אויפהויבן טאנצן, מיט אלע זאכן וואס זיינען דערמיט פארבונדן!

וכאמור לעיל: דא איז ניט נאר די מעשה בפועל בשעה מעשה; דאס בלייבט ניט קיין סוד, דאס ווייס דער צד שכנגד, און דער צד שכנגד האט דערפון א

ליכוד הפשוט, אז וויבאלד ער האט מצליח געווען ביז איצטער, און וויבאלד אז מ'האט געשפיגן און געפאטשט און געטאן כל עניני בזיון, און דערנאך הייסט מען און מ'דרוקט אין די צייטונגען אז דאס איז אן ענין פון גשמי ברכה, און דאס איז אן ענין פון שלום אמיתי, און דאס איז א שלום פאר קינדער און אייניקלעך, מיט דער הוספה אז ס'איז ניטא קיין אנדער וועג, רח"ל. פאר דעם איבערשטן פון "ונתתי שלום בארץ" מיידן אט די וועג - מה יעשה הצד שכנגד און זאל ניט ממשיך זיין אין דער שיטה! און ווי ער איז ר"ל מאקע ממשיך.

ביז וואנענט מ'האט זיך אנגעהויבן באריכטן, אז ס'איז דא מעשה בפועל וואס מ'האט געטאן. וואס האט מען געטאן מעשה בפועל? - מ'האט באזעצט אין אזויפיל און אזויפיל ערטער אויך אין דער "גדה המערבית", אין דעם ברעג פון דעם ירדן וואס געפינט זיך אין "יהודה ושומרון".

דאס איז א מעשה, ס'איז א מעשה טוב, ליה מאן דפליג, און עס קומט א גרויסן יישר-כח: בנוגע אבער צי דאס גאראנטירט שלום, צי דאס באווארנט אז כן יקום - האט מען אליין באוויזן אט דעם פראקטיק, אז "הפה שאסר הוא הפה שהתיר", ועד"ז פונקט דער היפך: געהייסן ארויספארן פון דארטן, ואין פוצה פה ומצפצף. - די הבטחה וואס מ'האט באקומען: אז מ'וועט בעטן און מ'וועט רעדן מיט צד שכנגד אז ער זאל געבן הנחות, עפענען די גבולים, לאזן גיין ארבעטן, לאזן די ניט-אידן פארדינען אין ארץ הקודש, און צונעמען די געלט צוריק אין על-אריש און צו זיך אין די משפחות, מיט נאך ענינים טובים שבכיו"ב,

ביז דער תכלית השלימות, אז מ'וועט ביי אים פועל זיין, אז די שדות וואס בלייבן בא דעם צד השני, זאל מען לאזן די בעה"ב פון די שדות קומען זיי באארבעטן, און וואס וועט דערנאך זיין, מיט די פירות מיט יבול השדה וכו' - וועט מען דערנאך זען - פארשטייט זיך שוין וואס פאר א הישג איז שוין דא אין דערויף!

און דער עיקר איז, אז מ'זאל וויסן זיין אז דאס איז א הישג! דאס איז ניט, ווי געזאגט פריער, מ'האט אנגעצונדן א הויז, און בשעה עס האט אפגע-ברענט איין חדר האט מען די איבעריקע פארלאשן, נאר וואס דען, מ'האט ניט געהאט קיין אנדער עצה: עס האט געמוזט, רח"ל, ברענען, נאר אנשטאט פון דער גאנצער הויז. היל"ת, האט אפגעברענט מערניט ווי איין צימער, וואס די מעשה בפועל איז פונקט דער היפך'

פון וואנענט ווייס מען אז ס'איז פונקט דער היפך? ווארום אויף די זאכן וואס מ'האט זיך געשטעלט בתוקף, ווי מ'איז געווען דער מעמד ומצב מיט יארן צוריק - האט מען דעמולט אויסגעפירט און מ'האט ניט אפגעגעבן!

ביז וואנענט אויך מאמור, מ'דערציילט אז מ'האט געמאכט אזויפיל און אזויפיל התיישבויות, וכאמור לעיל: ס'איז א דבר טוב און א מעשה נכון, האט אין זיך אלע מעלות, ביז פון א מצוה פון ישוב ארץ הקודש; מ'דארף ניט האבן קיין גרעסערע מעלה -

מ'פארגעסט אבער דערציילן, אז דאס איז ניט אין אן אופן וואס מ'האט געהאט אויף מגין זיין על הגבול, ווארום מגין זיין על הגבול דארף מען באזעצן אין די ערטער וואס דעמולט איז דאס ניט עטלעכע און דרייסיק, נאר עס דארף זיין כמה פעמים ככה,

און דארט איז ניט נאר מ'טוט דאס ניט - מ'איז ממטיה, און דער עיקר - המעשה הוא העיקר - מ'לאזט זיך דארטן ניט באזעצן!

און מ'איז ניט מצד צדק ויושר, ווי אנדערע ווילן זיך איינרעדן, אז דעמולט דארף מען איבעצן ארויסנעמען מנחלהו, עכ"פ אן אינו-יהודי; אז מ'וועט באזעצן די חלקי הגבול וואס זיי זיינען פנויים, ווי רש"י ברענגט אראפ אין בחוקותי, אז דאס איז

---

אראפ אין בחוקותי, אז דאס איז א ברכה אין ארץ הקודש, אז "ושממה הארץ", איז ווייבאלד אז אידן קענען זיך דארט ניט באזעצן - שטייט דאס אין אן אופן פון "שממה": ס'איז א מקום ריק מבנ"א, און ער געפינט זיך על הגבול, און מ'האט מציע געווען און גערעדט, און געווען אזוינע וואס האבן זיך געבעטן אין ארה"ק פון דער מפלגה פון א צווייטער מפלגה, פון אלע מפלגות, אז מ'זאל באזעצן דעם גבול, אט דעמולט וועט מען מטיל זיין אימה ופחד, דעמולט וועט מען זען אז מען מיינט דאס מיט אן אמת, דעמולט וועט מען קענען איינרעדן אז דאס איז א מעשה שאין לחזור בו -

האט מען דאס עד היום הזה ניט נאר ניט גע'פועל'ט - מ'האט בפירוש מכריז געווען אז מ'האט באזעצט כך וכך, דערנאך וועט מען מאכן אסיפות מיט תוכניות, מיט אלע-ערליי ענינים וואו מ'זאל נאך באזעצן -- מ'מיידט אויס צו דערמאנען אז דאס איז אן ענין וואס איז פארבונדן מיט הגנה על הגבול,

וואס ס'איז נאך ערגער: דאס ווערט געטאן אין אזא אופן אז דאס קען ניט מגין זיין על הגבול כדבעי, ווארום פון איין ישוב ביז דעם צווייטן איז "פרוץ מרובה על העומד": דורך דארטן קען אריינגיין, רח"ל בילה"ת, די פאר וועמען ע"פ הלכה, ע"פ שכל, ע"פ דיפלאמאטיע, דארף מען פאר זיי מורא-האבן!

אוועקגעשטעלט א מעמד ומצב: מ'האט מעסיק געווען דעם צבא, מיט די גענעראלן, ווי אזוי צו מאכן די חגיגה לכבוד פון דעם הסכם שלום!

זיי דארפן זיך פארנעמען באווארענען, בשעת מ'איז פארנומען מיט א זייטיקן ענין - אט דעמולט איז, הילה"ת, דאס איז דער זמן אויף ענינים וואס דער וואס וויל עפעס טאן א דבר בלהי רצוי, און ער ווייס אז דער גוף המגין איז פארנומען מיט זייטיקע זאכן: אט דא דארף ער טאנצן אויפן הסכם של שלום, דערנאך דארף ער זיך אוועקשטעלן אין א פאראד אויף מקבל-פנים זיין פון די און די וואס זיי קומען אפנעמען דעם חלק מיט יענעם חלק מיט דעם רכוש מיט א צווייטן רכוש - דארף מען דאך אים צושטעלן, אזוי איז גיבוני מלכות, במילא האט מען קיין ברירה ניט, אפשר האט מען טאקע קיין ברירה ניט -

אבער אין דערויף ליגט מען ראשו ורובו: ווי אזוי דער "פראטאקאל" וועט מקויים ווערן, איז מען מעסיק דעם רמטכ"ל, דעם עומד בראש, מיט די עומדים תחתיו, און ער זאל ארומפארן, ער זאל ארומפליען - האפענטליך, מסתמא איז ער דאך בחזקת כשרות, "שליח עושה שליחותו" - האט ער אלץ בא-ווארנט אז מ'זאל ניט אויסנוצן דעם שעת בלבול הכוחין, מיט דעם ענין וואס מ'זאגט אויף א נסיגה, רח"ל, אויף א נפילה, אז דאס איז א הישג און אז דאס איז א שלום, ביז אז דאס איז א שלום וואס וועט באזארגן די אייניקלעך.

וואס כאמור לעיל: דאס נעמט גאר צו די מעגלעכקייט אז מ'וועט אמאל וועלן עפעס טאן אויף פאררינכטן דאס - ווארום ער האט דאך געטאן א גוטע זאך! איז וואס דארף מען דא פאררינכטן! ובפרט נאך אז דורך דערויף האט מען נאך באקומען די אלע ענינים מיט אלע באנקעטן מיט די טאנצעריי, און די וואס שטייען בהגבלוה און שעמען זיך נאך פאר אימעצן - זאגן זיי: "וגילו ברעדה"! אבער "וגילו"!

ביז וואנענט אז מ'האט ערלויבט מ'זאל שרייבן אין צייטונגען, אז שלום איז דאס - דאס איז אבער א שלום וואס ער איז פארבונדן מיט הישוה וספיקוה, במילא האט מען א שווערע הארץ:

נוגע איז נוגע די מעשה בפועל: וואס האט מען אפגעטאן א מעשה שאין להזור בו - זעט מען, כאמור לעיל, אלץ אין איין כיוון: אפגעגעבן אבו-ראדעס, אפגעגעבן על-אריש, איצטער פליט מען אין באר-שבע מיט קוקן וואס קען מען דארטן אפגעבן, אפגעגעבן די שטעטעלע און זיבעציק וואס מ'האט זיי ארויסגעלאזט פון הפיסה, און זיי זיינען איצטער במקום שלבם חפץ, און דער

עיקר - אויפגעפענט דעם גבול אז "כל הארץ לפניך" - קענסט זיך דינגען ווען אלץ וואס דו ווילסט!

וויל מען מנחם זיין מיט דעם ענין פון ירושלים; אויף ירושלים האט מען זיך געשטעלט בתוקף, והא-ראי' - די ראי', יענע ראי', א צווייטע ראי' א דריטע ראי'! -

ע"פ הלכה איז ניטא קיין חילוק פון ירושלים - ביז א שטאט אין יהודה ושומרון, ווען ס'איז פארבונדן מיט פקוח נפש. איז דאס אזא מעמד ומצב אז מ'נעמט-אן אז דאס איז דער דין אין שו"ע, אז אויב ס'איז א שאלה פון פתיחת הארץ - טאר מען ניט אפגעבן קיין שעל אין יהודה ושומרון!

נעמט מען אן אט די שיטה, וואס איך ווייס ניט אויף וואס זי איז געבויט, אז ס'איז ניטא קיין פקוח נפש און קיין סכנה, ווארום מ'האט גע'חתמ'עט פאפירן, אדער אז מ'האט קיין ברירה ניט וכיו"ב - איז אט דעמולט מעג מען אפגעבן, פונקט ווי מ'גיט-אפ אין יהודה ושומרון מעג מען אפגעבן פון ירושלים העתיקה, אויב דאס איז פארבונדן מיט פקוח-נפש!

און די וואס מ'האט זיי איינגערעדט אז זיי זאלן זאגן אנדערש - היט מען זיך אז מ'זאל ניט וויסן ווי דער פסק-דין איז, אז דאס איז גלייך יהודה ושומרון מיט ירושלים, און אויב מ'זאגט אז פקוח-נפש איז מחייב אז פקוח-נפש דוחה הכל כדי מ'זאל חתמ'ענען דעם פאפיר, ווער דאס בא-ווארענען (כ'ווייס ניט וואס באווארענען, אבער עכ"פ באווארענען) א זאך וואס ע"פ הלכה האט דאס תוקף, איז וויבאלד אז מ'מאנט גאנץ ירושלים העתיקה, ניט קיין שעל - פסק'נט דער זעלבער דין אפ, ווי דו זאגסט בנוגע צו יהודה ושומרון - זאגסטו דאס אויף ירושלים העתיקה!

וואס דערפון פארשטייט מען דעם תוקף אויף וועלכן מ'שטעלט אויף ירושלים ניט אויף יהודה ושומרון!

דערנאך האט זיך אנגעהויבן די טענה (כ'ווייס ניט פון וואנענט כ'האט דאס גענומען): אז וויבאלד אז פירן א מלחמה און שיקן אידן אויף סכנה דארף מען האבן אויף דערויף סנהדרין און מ'דארף האבן אויף דערויף א מלך, מיט די אלע גדרים וואס עס שטייט אין רמב"ם, אין הלכות מלכים, און אט דעמולט קען סנהדרין של ע"א (ניט סנהדרין קטנה), מיט א מלך ישראל (ע"פ דין א מלך מישראל, "מבית דוד", מיט אלע פרטים שבדבר) - ער האט בכח אויף הייסן אידן גיין פירן א מלחמה:

וויבאלד אז דער מעמד ומצב איז ניטא, דאס זיינען הכל מודים, ביז וואנענט אז ס'איז א דבר ברור אז ס'איז פאר "אתחלתא דגאולה", מ'געפינט זיך אין גלות, נאך ניטא קיין גרעסערער גלות ווי מ'געפינט זיך אין גלות בא פחד פון אומות איך ארה"ק - נאך א גרעסערער פחד ווי ס'איז דא בשאר המדינות,

במילא איז ניטא דער וואס זאל קענען מגייס זיין צבא לשם מלחמה, וויבאלד אז דאס שטעלט-איין אין סכנה מיט פקוח נפשות וכו' - לכאורה א טענה חזקה -

די שאלה איז אבער: שו"ע זאגט, אז אויב ס'איז דא אן ארט אין חו"ל און ער קומט על קש ותבן - דארף מען נעמען נשק און ארויס גרייטן אויף מלחמה!

וואס דער שו"ע איז געזאגט געווארן אויף חו"ל; דער פס"ד אין שו"ע איז געזאגט געווארן בזמן הזה, וואס ס'איז ניטא קיין סנהדרין, ניטא קיין מלך וכו',

דער עיקר איז אבער: מ'ווייס א מנהג מדורי דורות, אז אע"פ אז

אין מלך בישראל, אין סנהדרין בישראל, ביז די אלע כהונה און רשות'ן, ביז זכיות און סמכויות וואס סנהדרין האט און מלך האט וכו',

און ה"ו צו זאגן אז אימעצער האט דאס איבערגענומען אדער מ'האט דאס אימעצן געגעבן - דאס ווארט מען ביז משיח וועט קומען, און דעמולט וועט זיין "ואשיבה שופטייך כבראשונה", מיט די אלע פרטים שבדבר,

איז כדי עס זאל ניט זיין עם ישראל רח"ל א הפקר, איז א דין אין שו"ע אז ס'איז דא דער ענין פון קהל, און דער ענין פון "שבעה טובי העיר", און דער ענין פון מנהיגי הקהילות, אדער מנהיגי השכונה, אדער מנהיגי הקיבוץ בישראל,

וואס דעמולט טאקע מכריז זיין מלחמות קען מען ניט; בויען א מקדש - רח"ל הילה"ת! ס'איז אן ענין פאר משיח בן דוד וכיו"ב מיט שאר ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט הלכות מלכים ומלחמותיהן (ווי די הלכות ווערן אנגערופן אין רמב"ם איידער ס'איז געווען די צנזורה);

בנוגע אבער צו מגין זיין על ישראל - וואס הייסט מ'וועט זאגן אז א איד דארף זיך לאזן הפקר און האט קיין רשות ניט נעמען א פאליסמאן ער זאל אויף אים מגין זיין! ס'איז דאך א זאך וואס הי' לא תהי'!

און ווי מ'זעט דאס בפועל, ווי ס'איז געווען בכל מקום, און - ווי ס'איז איצטער אויך דא, און דא אין חו"ל: מ'איז זך משתדל בכל הענינים להגן על נפשיה בישראל, על ממון ישראל, על שלום ישראל, על מנוחת הנפש ומנוחת הגוף פון א אידן.

ביז וואנענט ווי דער דין איז ע"פ שו"ע, אז אפילו דיני נפשות האט "שבעה טובי העיר" רשות אויף צו דן זיין - ווי מ'האט דאס געטאן בפועל אין כו"כ קהילות אין דורות שלפנ"ז!

וואס דעמולט, כאמור, עס האט זיך געהאנדלט וועגן א מסור וכיו"ב, כידוע אין תשובות הרא"ש, אין זמן הרא"ש, בכו"כ מקומות ובכו"כ ענינים, און ס'איז אויך דער דין אפגע'פסק'נט אין הלכות רוצחים און הלכות רוצחים (וואס מצד דער צענזורא איז די הלכה ניט נפוץ בישראל),

אבער מ'דארף ניט אנקומען צו דער הלכה - דאס איז דאך אן ענין וואס האט קיינמאל ניט געקענט עולה זיין על הדעת אז מ'וועט ארויסגעבן אזא פסק דין, אז וויבאלד אז ס'איז ניטא איצטער קיין מלך בישראל, און וויבאלד אז ס'איז ניטא קיין סנהדרין, און וויבאלד אז ס'איז ניטא וכו' - טאר מען ניט מגין זיין אידן וואס זיי זאלן שטיין אין דעם פתח השער פון יהודה ושומרון, ניט צולאזן אז טעראריסטן זאלן אריין אין ארץ ישראל! קיינעם וועט ניט איינפאלן זאגן אזא זאך!

אז מ'איז דאס מקשר מיט דעם ענין - איז דאס אן ענין וואס דאס איז בלבול המוח; עס האט קיין שייכות: דאס איז ניט "טענו בחטים והודה לו בשעורים" - דאס איז אן ענין וואס אין פקוח נפשות שפילט מען זיך מיט ענינים של פירושים וואס זיי זיינען היפך ההלכה!

וכאמור, דער אויבערשטער האט געהאלפן, מ'איז דא איינער וואס קאכט זיך און איז פארקאכט אויף אזויפיל, אז ער שפארט זיך דוקא אז דאס דארף געמאן ווערן מצד דעם כח כאילו עס וואלט געווען סנהדרין -

איז ניט ער טוט דורך דערויף א טובה; אז מ'איז מכה דעם דין לאיזה צד שיהי' - איז מוכ"ח מרענגט דאס א בלבול מיט א קלקול, ניט קיין תיקון!

בטעה מ'שטעלט אוועק דעם דין על תיקונו, וכאמור לעיל: דאס איז קיינעמס אויפטו ניט; דאס איז געדרוקט אין שו"ע מכו"כ דורות, אין הלכות שבת, אז וואו אידן באזעצן זיך - דארפן זיי טאן ענינים אויף מגין זיין אויף דייער ארט, און אויב זיי געפינען אז ס'איז ניטא קיין אנדער וועג

באווארענען "קש והבן", וואס איז פארבונדן מיט פתיחה הארץ לפניהם, סיידן דורך נשק,

וואס יעדערער ווייס אז מ'נעמט נשק איז דאס אן ענין פון פקוח נפשות -

איז אט דעמולט איז דאס א דין אין שו"ע בזמן הזה, בחו"ל, אז דער וואס האט עפעס א השפעה - דארף ער זען אז מ'זאל נעמען נשק בשבת און אוועקשטעלן זיך להגן!

ביז וואנענט אז מ'האט געזען אז דאס איז ווייניק - איז מען געפאלן אויף נאך א הכצאה, אז אמת טאקע, פונקט אזוי ווי בנוגע צו בריאות (געזונט) דארף מען פרעגן ביי א דאקטאר, אזוי דארף מען בעניינים של בטחון פרעגן ביי אנשי בטחון, ביי אנשי הצבא -

אזוי ווי איצטער איז געווארן א שינוי, אז א מלחמה און נצחון במלחמה איז פארבונדן ניט נאר מיט נשק, נאר אויך פארבונדן מיט נשיאה-חן בא פארשידענע אומות,

וואס כדי צו פועל זיין נשיאה-חן בא די אומות, אז זיי זאלן שיקן נשק און געבן געלט וכו' - דארף מען אנקומען צו א פאליטיקער, במילא דארף מען אנקומען צו א דיפלאמאט, במילא דארף מען פרעגן סיי בא אנשי צבא סיי ביי אנשי פאליטיקא, ביז אז מ'דארף פרעגן בא דיפלאמאטן ווי מ'דארף טאן!

מ'האט נאך געבראכט אויף דערויף א דוגמא: אז פונקט אזוי ווי אז א חולה זאל זיין געזונט, דארף ער דאך זיין געזונט אין אלע אברים חיוניים שבו, שבהם הנשמה תלוי', במילא, איז אמת טאקע, מ'מוז האבן א מיינונג פון דעם וואס ער איז אן אבר שהנשמה תלוי' בו, פארבונדן מיט לב; אויב מ'וועט זיך אבער ניט רעכענען מיט דער מיינונג פון דעם וואס ער איז א מומחה אין שאר האברים שהנשמה תלוי' בהם - איז דאס ניט קיין רפואה, ווארום ס'איז דא נאך אן אבר, צי נאך כמה אברים, וואס דארט איז אויך דא נשמה תלוי' בו!

- האט דער איבערשטער געהאלפן אז מ'דארף זיך ניט דינגען צו וואס אזא שיטה ברענגט. און דאס איז - מ'האט איצטער מפרסם געווען דעם מספר הקרבנות, רח"ל ה' ינקום דמם, פון דער מלחמה וואס האט זיך אנגעהויבן ביום הכפורים - לגבי דעם מספק הקרבנות, ה' ינקום דמם, וואס איז געווען אין ארץ הקודש אין די פריערדיקע מלחמות,

האט מען געזען בפועל, ובמספר ובכמות, אז די קרבנות זיינען כנגד כולם: וויפל קרבנות ס'איז נאר געווען בא די פריערדיקע קרבנות - איז אין דער איין און איינציקער מלחמה וואס האט זיך אנגעהויבן ביוהכ"פ איז גע-ווען קרבנות כנגד כולם!

וואס דאס איז א קלארער חשבון אין פקוח נפש.

דערנאך גיט מען א קוק: וואס איז דער טעם, ע"פ טבע, אמת טאקע הכל מן השמים, אין אדם נוקף אצבעו, איז אבער א דין אין שו"ע, אז בשעת ס'איז דא א סיבה וואס מ'רעכנט אז זי קען ברענגען למחלה, עאכו"כ א זאך וואס איז נאך ערגער פון א מחלה - איז אט דעמולט דארף מען טאן, וויבאלד אז חכמת הרפואה זאגט אז דאס איז די סיבה פון דער מחלה - דארף מען טאן כל התלוי בו בדרך הטבע אויף מבטל זיין די סיבה!

עד"ז איז בנוגע צו דער מלחמה: וואס איז געווען דער חילוק פון דער מלחמה ביז די פריערדיקע מלחמות? - האט מען זיך געקענט דינגען, און מען האט זיך געדונגען,

ביז וואנענט אז איצטער האט מען שוין אפגעדרוקט דעם דו"ח וואס כל הצדדים מודים, אז דאס איז געווען דער מעמד ומצב ווי דאס האט זיך געפירט.

וואס איז דעמולט געווען די נקודה וואס האט געבראכט צו א מלחמה באופן כזה, אז די קרבנות איז געווען כנגד כל שאר המלחמות? - איז געווען א חילוק עיקרי:

ס'איז געווען צוויי דיעות, איין דיעה איז געווען פון אנשי צבא, וואס האט געזאגט א דבר ברור, אז אויב מ'וועט מאכן דעם גיוס מיט צוויי שעה צו מיט דריי שעה, מיט פיר שעה פריער, און מ'וועט שטיין מוכן - איז קען זיין אז דאס וועט מפחיד זיין און מ'וועט מלכתחילה נישט קומען לידי מלחמה; אפילו אז עס וועט אעפ"כ קומען לידי מלחמה - וועט מען זיין צו-געגרייט, במילא וועט זיין א מספר מועט פון קרבנות וכו',

דערנאך איז געווען די אנשי הפאליטיקע מיט אנשי הדיפלאמאטיע, וואס זיי האבן געזאגט: טאקע דער חשבון צבאי איז א ריכטיקער - מ'מוז זיך אבער רעכענען מיט אומות העולם!

וויבאלד אז אוה"ע וועלן דערהערן אז מ'וועט גיין מגייס זיין קודם התחלת המלחמה -.וועט דאס ווערן א ברוגז, וועט מען רערפאר דעם ענין נים טאן, אין דעם ענין יא טאן וכו' וכו',

איז אע"פ וואס דער חשבון פון אנשי בטחון און אנשי צבא איז א ריכטיקער, וואס איז אבער נוגע צו כמה זכן לאחרי זה, און עס קען נאך זיין אז בשעת מעשה גופא מוז מען אנקומען צו חסד לאומים, און מ'האט פאר-געסן מסיים זיין, "חסד לאומים חטאת" - אשר לכן, זאל מען נים מגייס זיין, און טאן ענינים בחשאי, מיט אלע פרטים, און מ'זאל מודיע זיין די אוה"ע אז מ'איז נים מגייס, און מ'איז נים צוגעגרייט, מיט אלע פרטים שבדבר - וויסנדיק אז דאס וועט דערגיין צום צד שכנגד!

וואס איז געווען דערנאך בפועל, כאמור? - אז עס האט געקאסט קרבנות כמה פעמים ככה ווי עס האט געקענט זיין בדרך הטבע (אויף וויפל א איד מעג זאגן אז עס האט געקענט זיין אנדערש, אע"פ וואס יעדער ענין איז דאך בהשגחה פרטית, אעפ"כ איז מען דאך מחוייב מאכן א חשבון בדרך הטבע כדי צו וויסן די הנהגה לעתיד לבוא), האט מען געזען אז דאס איז געווען די תוצאה,

ביז וואנענט אז איצטער זיינען מודה אט די דיפלאמאטן מיט די פאלי-טיקער וכו' אז ס'איז געווען א טעות אפילו מצידם אז מ'האט נים געפאלגט די אנשי צבא!

וואס איצטער איז "תורה זו לא תהי' מוחלפת" - ס'איז דער זעלבער מעמד ומצב איצטער:

אז מ'וועט פאלגן מערניט ווי אנשי צבא - באווארנט מען לדעה כולם (אפילו לויט די פאליטיקער מיט די דיפלאמאטן) פקוח נפש על אחר, באווארנט מען אט דאס וואס עס קען, רח"ל היל"ת, טרעפן מארגן און איבער-מארגן ובעתיד הקרוב;

בשעת מ'וועט גיין רח"ל פאלגן דיפלאמאטן מיט די פאליטיקער וסייעתם שלו - איז אט דעמולט, אפילו אז מ'זאל זאגן, לשיטתם (צו זיי זאגן דאס בפירוש, צו זיי זיינען דאס מעלים, פונקט ווי מ'האט מעלים געווען בנוגע צו שאר ענינים), איז דער מצב איז, אז ס'איז רח"ל שטעלט מען איין אין סכנה פקוח נפש היל"ת פון עשיריות (איך וויל נים זאגן קיין גרעסער צאל פון אידן); "תפתח הארץ לפניהם" ווי דער לשון פון דער הלכה איז,

מיט דער באווארעניש, אז אפשר, בעתיד הרחוק, איין א זמן לאח"ז, וועט מען בלייבן אין יהסים טובים מיטן "חסד לאומים חטאת"!

און אט דעמולט זאל זיך געפינען איין און איינציקער רב וואס זאל האס'ענען זיין נאכען אויף א פס"ד אז מ'מעג שטעלן אין סכנה רח"ל הונדער-טער אידן בהוה, כדי צו באווארענען, אז אין זמן לאחרי זה זאל דעמולט

זיין אזא מעמד ומצב אז מ'וועט שטיין אין יחסים טובים מיט "חסד לאומים", און זאגן אז אזוי זאגט תורת אמת - היפך וואס עס שטייט אין הלכות שבת, אז מ'דארף באווארענען אפילו "קש ותבן", מצד דעם חשש פון "הפתח הארץ לפניהם".

וואס דאס איז דאך גערעדט געווארן בנוגע צו אט די אידן וואס בגלוי איז הנהגתם ע"פ שו"ע:

בהעלם ובפנימיות הנפש איז יעדער איד וויל זיך פירן ע"פ שו"ע, ווי דער רמב"ם שרייבט בארוכה, אבער בא זיי איז דאס אויך בגלוי,

ס'איז אבער דא אזוינע, מצד סיבות שונות ומשונות, וואס זיי פירן זיך לויט די חשבונות ווי עס קומט-אויס אין שכל העולם, אין שכל הפשוט, מ'איז זיך מתייעץ ווי עס קומט-אויס בא חכמי אוה"ע וכיו"ב, "והשועה ברוב יועץ",

איז אויך בא זיי איז דער ערשטער כלל אין הכסיסי מלחמה, אין תכסיסי שלום, אז מ'מוז לערנען מן העבר! דער ערשטער לערנען מן העבר וואס ס'איז דא - איז דאס אין דער לעצטער מלחמה (והלואי זאל זי טאקע זיין די לעצטע מלחמה בארה"ק ובכל מקום שבעולם),

וואס דארט איז געווען די אפלערנונג א ברורה, אז בשעת מ'האט זיך דערשראקן פאר א לחץ ואיום מחוץ לגבול ישראל, און בשעת מ'האט נאכגעגעבן אן איום, און בשעה מ'האט זיך ניט גערעכנט מיט דיעה אחידה פון אלע אנשי צבא, אז בשעת מ'גיט-אפ די נעפט שטעלט מען אין סכנה בפועל די אנשי צבא בישראל, און דאס איז סכנה בפועל, און מגדיל די אפשריות פון א מלחמה, היל"ת, בשעת מ'באזעצט ניט דעם גבול, איז, ווי דער לשון פון שו"ע, דאס שטייט א פירצה, וואס "פירצה קוראה" ווי עס שטייט דערנאך "לגנב", און דא רעדט זיך אין אן ערגערן אופן,

ובפרט נאך אז מ'איז מכריז ומודיע, אז קיין איד זאל ניט האבן אין זיך דעם תוקף גיין דארטן באזעצן, אפילו להגן על הגבול - דארף וואס דאס וועט גיין שלא בסדר און שלא ברשיון!

- איר ווילט דאס זאל גיין בסדר - מאכט א זיצונג פון די וואס דארפן מחליט זיין, זיין דן דעם ענין, וע"פ עינינו ותוכנו הוא, ניט רעכענענדיק זיך מיט זייטיקע ענינים, און זייט מחליט, צי מ'דארף באזעצן דעם גבול, צי מ'מעג אים לאזן א גבול פרוץ,

און אט דעמולט, אויב מ'וועט נאר מחליט זיין אז מ'דארף אים באזעצן - איז במשך פון תיכף ומיד קען מען באזעצן דעם גאנצן גבול,

און דעמולט וועט דאס זיין א מעשה בפועל, וקרוב לומר - א מעשה שאין לחזור בו! עס וועט זיין אזוי קלאר אז מ'האט אנגענומען א החלטה אז מ'דארף מגין זיין על הגבול, ווארום יהודה ושומרון געהערט צו אידן, און אידן וועלן זיך דארט באזעצן, ביז וואנענט אז מ'האט באזעצט דעם גבול!

בדיבור זאגט מען אז אידן מעגן זיך דארטן באזעצן, דערנאך איז מען גלייך מוסיף (און כ'איז דאס מקיים בפועל), אז מ'וועט ניט צולאזן דארט אידן באזעצן זיך סיידן מ'וועט באקומען א רשיון, און סיידן עס וועט זיין מיט א סדר ותכנית, וואס אויף דערויף דארף מען האבן זיצונגען, און אויף דערויף דארף מען האבן "וועדים", און אויף דערויף דארף מען האבן צייט, און אויף דערויף דארף מען האבן געלט, און אויף דערויף דארף מען האבן הסכם, מיט אלע ענינים וואס "ירחיק עדותו", "עדים בצפון" (?).

און דאס וואס עס זעט דער צד השני, זעט ער, אז בדיבור זאגט מען אלע-ערליי גוטע דיבורים, פונקט ווי מ'האט געזאגט וועגן על-אריש און

וועגן אבו-ראדעס, און איצטער וועגן די נעפט וואס געפינט זיך דא מיטן גאנצן הוקף - דערנאך האט מען דאס אפגעגעבן,

און וויייניק וואס מ'האט דאס אפגעגעבן - מ'מאכט דערפון א שמחה ביים א היכא, און מ'זעט "שמחתי ושימחתי אחרים": מ'וויל איינרעדן אידן אז מ'האט זיך וואס צו פרייען, ווארום דאס איז ניט נסיגה און נפילה רח"ל - דאס איז א נצחון! נאר א נצחון א דיפלומטי;

וואס דאס הייסט אזא ברי' - ווייס איך ניט! אבער אזוי האט מען דאס א נאמען געגעבן! וואס דאס גיט - ווייסן זיי אויך ניט! והא-ראי', מ'האט געזען אז בעבר האט דאס גארניט געגעבן, און דארטן וואו מ'האט זיך געשטעלט בהוקף - האט מען דערפון געהאט במעשה בפועל.

וכאמור, דאס איז דאך א מחאה פון א יחיד. - טאקע במעמד כמה כישראל און דאס וועט זיכער דערגייין אויך דורכן טעלעפאן בכמה מקומות -

איז די ערשטע זאך וואס מ'טוט מיר אפ: אזוי ווי ס'איז דא מלמדים, וואס זיי דארפן באקומען משכורת, בכילא דארפן זיי דאך אנקומען צו פאר-שידענע עזר און שטיצע - האט מען אפגעטאן, אז די מלמדים זאלן באקומען שווערער די משכורה. אדער א טייל פון די משכורדה - דערפאר וואס איך מאך א מחאה אז מ'זאל ניט אפגעבן אף שטל צו אראבער!

- דאס איז דאך יורד להייו! "יורד להייו" פון הבירו איז איינע פון די גרעסטע זאכן וועגן וועלכע עס רעדט זיך אין שו"ע!

און מ'שעמט זיך ניט, וויסנדיק אז עס וועט דערגייין די ידיעה אהערצו - צונעמען געלט, וואס א בלהי-אוהב האט שוין אויך מסכים געווען אז מ'דארף געבן, האט מען אים גערופן, און געהייסן, ער זאל אראפנעמען מאכן נאך ווייניקער,

וויסנדיק אז די געלט גייט - רח"ל איך דארף ניט אנקומען צו זיין מתנת בו"ד היל"ה, אבער דער מלמד וואס געפינט זיך אין ארה"ק, האב איך קיין ברירה ניט: איך מוז בעטן מזכה זיין נאך א אידן (ווי איך טייטש דאס אפ) מיט דעם ענין וואס ער וועט אויסהאלטן א מלמד מיט א ראש-ישיבה וואס לערנט מיט א אידן הורה ביר"ש! און דעט אז ער זאל אויסוואקסן אזא איד וואס ער האט חיבת הארץ, און חיבת התורה, און חיבת הקב"ה, און חיבת כל בנ"י!

- צוזאמען דערמיט האדעוועט מען אים, אז מ'דארף זיך ניט דערשרעקן פאר גוי'אישקייט, און אז מ'דארף זיך ניט נאכגעבן, אז עס קומט צוגייין איינער און זאגט, אז דו קענסט באקומען געלט, אבער פיר זיך ניט ווי בא דיר קיכט-אויס - זאגט ער, אז דאס איז צוויי באזונדערע זאכן: פרנסה דארף אים געבן דער אויבערשטער, און דער אויבערשטער האט מזכה געווען א צווייטן אידן ער זאל זיין דער שליח, בכילא האט ער אים געמאכט אט דעם וואס וועט מהלק זיין די קופה -

אבער ניט רח"ל ארויסנעמען פון דער קופה געלט וואס געהערט צו אט דעם מלמד אדער ראש-ישיבה,

און מ'וויים דעם טעם פארוואס ער נעמט דאס ארויס, דערפאר וואס מ'איז ניט מסכים דערמיט וואס ער זיצט אויף א בענקל, ווארום ער נוצט דעם בענקל אויף אפגעבן אזויפיל אידן, אידישע קינדער, אין א הינוך היפך התורה - כדי ער זאל האבן אזויפיל קינדער אין א חינוך הכשר.

שטעלט זיך ניט אפ באוויידן - אין מדרש זאגט ער א כלל אז "כל המרחם על האכזרים" איז "סופו" איז ער "מתאכזר על הרחמנים"!

וואס דאס איז דער קשר פון זאגן אז מ'מעג אפגעבן אידישע ערד, וואס

מ'האט איינגעגומען מיט מסירת-נפש, צוזאמען מיט א נס גלוי, און צוזאמען או דאס איז פארבונדן וואס דאס איז מגין על הארץ, היפך פון פחיחת הארץ לפניהם - איז ער אויף זיי "מרחם" - לאזט זיך דאס אויס "כהאכזר" אויף די אויף וועלכע תורה הייסט זיך מרחם זיין,

כאמור - צוגענומען געלט, לכתחילה, דער ערשטער, אז עס וועט פעלן ווייניקער געלט, ווארום דאס האט א שייכות צו דעם וואס ער טענה'ט אז מ'דארף זיך פירן "ואילך אהכם קוממיוה", און ניט עפענען ארץ ישראל לפניהם, דערנאך איז דא דער צווייטער וואס רופט אים ארויס, און הייסט אים זאגן אז ער האט נאך ווייניק געשניטן, מ'דארף נאך עפעס אראפנעמען, וויסנדיק אז דאס איז נוגע צו דעם מלמד, צו דעם ראש-ישיבה, אדער צו די לערערין וואס זי לערנט מיט קינדער תורת הוי', מיט אהבת ה' מיט יראת ה', מיט אהבת ישראל, מיט אלע זאכן וואס תורהנו לערנט אונז.

און וויסנדיק נאכמערער: ער ווייסט דאך אז איך וועל זיך ניט אפ-שרעקן דערפאר, בכילא וועט ער דאך דאס אויך ניט אויספירן. פון וואנענט ווייס ער איך וועל זיך ניט אפשרעקן? - ווארום ס'איז ניט דעם ערשטן מאל!

ס'איז אבער נאך קיינמאל ניט געווען אזויפיל בגלוי ווי ס'איז גע-ווען דעם לעצטן מאל, ס'איז נאך קיינמאל ניט געווען אזויפיל פארבונדן איינס מיט די צווייטע: זאגן אז כ'מעג אפגעבן ארה"ק, וואס מ'עפנט אויף הארץ לפניהם, צו גויים,

וכאמור לעיל: דאס איז כולל ירושלים אין עיר העתיקה! מ'קען ניט מסלף זיין דעם דין: אויב דאס איז דער ענין פון פקוח נפש וואס דוחה כל התורה כולה, און ס'איז פארבונדן אז ס'איז ניטא קיין סנהדרין און קיין מלך - איז דאס חל אויף ירושלים העתיקה, מיטן כותל המערבי, מיטן הר הבית מיט אלע זאכן וואס געפינען זיך דארטן!

וואס דאס איז א דבר ברור, אין דערויף איז זיך ניט שייך צו דינגען זיך!

אויף אזויפיל זאל דאס זיין פארבונדן בגלוי - ביז וואנענט אז אפשר לכה"פ די מהאה וועט העלפן אין דעם ענין: אזוי ווי סוכ"ס וועט דאך דאס נתגלה ווערן, און מ'וועט וויסן ווער האט געטאן דעם ערשטן שלב, דעם צווייטן שלב דעם דריטן שלב - וועט דאס סוכ"ס ישמעו ויראו, מכאן ולהבא וועט ווערן אן אנדער הנהגה, וועט דעמולט דער מלמד און ראש-ישיבה האבן ניט בהרחבה, אבער עכ"פ מעדער וויפל ער האט איצטער,

ארער, אויב זיי האבן ניט קיין זכוה אויף דעם - וועט דער אויבער-שטער געפינען אנדערע גבאים דורך וועלכע זיי וועלן דאס באקומען!

ח"ו אז דער אויבערשטער וועט איבערלאזן זייער פרנסה אין אזוינע הענט וואס ווילן דאס אויסניצן בנוגע צו די ענינים האמורים לעיל!

וכאמור, איך בין נאכאמאל מדגיש: איך האב ניט דערמאנט קיין נאמען... און ניט דערמאנט קיין מפלגה,

דערנאך וועלן דאך זיין אזוינע, מאיזו כוונה שתהי', אז מ'וועט זאגן אז איך האב אויף דעם מרמז געווען, און יענעם געמיינט וכו' -

איז דאס איז די מעשה פון צ"צ, אז דער צ"צ האט געזאגט אז ער איז ווי א "קאפעליוש-מאכער" (ווי א ), ווי דער וואס מאכט היטלען; דער וואס מאכן א היטל, איז א היטל האט דאך א מדה מסויימה, און הענגט דאס אויף אויפן צוועקל, דערנאך אז עס קומט צוגיין דער און מעסט-אן פאר-שידענע-ערליי היטלען, געפינט ער סוכ"ס וואס זי איז געמאכט געווארן לפי מדת ראשו (לויט דער מאס פון זיין קאפ), איז אט דעמולט קויפט ער אט די היטל.

דערנאך האט דער צ"צ מקיים געווען: און אים מיין איך טאקע!

אט דאס וואס איך מיין איז דאס ניט נוגע; אויב איך וואלט געוואלט מגלה זיין - איז אט דעמולט וואלט איך ניט געדארפט האבן מ'זאל מיר טאן א טובה, און דער חכם גדול פון "חכמי לידשאנקע" איז געפאלן אויף דער המצאה אז דאס מיין איך און דאס בין איך מרמז, און ער איז דאס דער וואס דארף מיר טאן די טובה און מפרש זיין כוונתי -

מוחל די טובות, און ס'איז בפירוש היפך הכוונה שלי: כ'וואלט גע-וואלט אז מ'זאל מפרש זיין - וואלט איך געזאגט דעם נאמען!

ובנוגע לעניננו, אט דאס וואס ס'איז נוגע, ניט אט די וואס יורד לחיי חבירו וכו' - איצטער רערט זיך וועגן אן ענין כללי, כאמור לעיל:

אז "ביום אידיהם", ביום הששי, האט מען מיטן גרעסטן בזיון אפגע-געבן אט דעם ארט וואס מיט א צייט צוריק האט מען גע'טענה'ט אז היל"ת, מ'בלייבט דארט לעד ולעולמי עולמים, מ'וועט זיך רארט באזעצן,

רערנאך איז "בחודש השלישי ביום הזה באו מדבר סיני", ר"ח סיון - פארט מען מיט א הילולא און מיט א חינגא, מקצה הארץ ועד קצהו, און מ'הייסט אז מ'זאל זיך משמח זיין און באגריסן וכו',

טאקע "אל תתגרה בגוי קטן", עאכו"כ "בגוי גדול", און דאס וואס עס געהערט צו תכסיסי פאפליטיקא, תכסיסי גינוני מלכות, מיטן פראטאקאל וכו' - זאכן געזונטערהייט; מ'טאר אבער ניט איינרעדן א חולה, אז זיין חולאה איז דאס א סימן של בריאות, ווארום אט דעמולט וועט ער ניט זוכן קיין דאקטער; מ'האט אים איינגערעדט אז דאס איז זיין געזונט!

און מ'טוט דאס "אכלתי ואוכל עוד"!

וכאמור, וויסן זיין וואס ס'איז בטחון - איז אט דאס איז דער ענין וואס די אנשי צבא זיינען די איינציקע מומחים, בפרט לויט דער מעשה בפועל. מעשה רב, וואס ס'איז געווען נאך דער מלחמה פון יוהכ"פ,

עד"ז וויסן בנוגע צו א פס"ד בתורה דארף מען פרעגן ביי אזא וואס ער איז ניט משוחד: ניט ער טיילט די געלט, און ניט ער איז דער וואס ער איז א נאמן אז ער וועט דערציילן (מתאר) זיין איך וואס עס באשטייט די שאלה, ווארום די שאלה קען מען איר פרעגן אין אזא אופן - אז זי זאל זיין פונקט פארקערט ווי די מציאות איז, במילא באקומט די הלכה, דעם פס"ד, אויך פארקערט פון דער מציאוה, דערנאך זאגט ער אז דאס איז געווען אט די מציאות,

ווי דאס איז בנדו"ד: מ'האט מהאר געווען דעם מצב אז כצר פקוה נפש דארף מען אפגעבן יהודה ושומרון, עכ"פ חלקים פון יהודה ושומרון, וכאמור, אלס א תוצאה מזה - אין שאר חלקי ארץ ישראל, ואדרבא, אט דאס איז פקוח נפש וואס דוחה כל התורה כולה -

היפך ווי דער מצב איז בפועל, אז פקוח נפש בהוה איז ווי עס האט באוויזן די מלחמה פון מלחמה יוהכ"פ, וואס דאס איז מעשה רב און הכל מודים, ניטא שוין קיין מחלוקה בזה צווישן כדינאים און אנשי צבא וכו' - זעט מען א דבר ברור וגלוי, אז פקוח נפש איז דורש, אז אע"פ וואס ס'איז ניטא קיין מלך, און אע"פ וואס ס'איז ניטא קיין סנהדרין, און אע"פ וואס מ'האט ניט קיין סמכויות פון א מלך און פון סנהדרין און פון כלל ישראל כולו - איז אבער דא א חיוב אויף יעדער אידן "ונשמרתם מאד לנפשותיכם", ביז וואנענט אז ס'איז א דין "אל יעמוד במקום סכנה". אפילו א סכנה הכי קלה מיט אלע פרטים שבדבר. ווי אויסגערעכנט אין דינים אין שו"ע,

במילא, אז עס געפינען זיך מער ווי איין איד, עס געפינט זיך א

קיבוץ, און א קיבוץ גדול, כן ירבו - איז דא א חיוב אז זיי זאלן מגין זיין, לויט די חשבונות אין דרכי הטבע, און דורך מענטשן וואס זיי קענען מגין זיין, און ווייסן ווי אזוי צו מגין זיין, אויך בדרך הטבע.

און אט דאס ווערט די כלי, בשעת "מלאכתך אשר תעשה" איז בשלימות וכדבעי - האט מען "וברכך ה' אלקיך בכל אשר תעשה", אפילו אן עשי' קלה: מערניט ווי אנגעגרייט דעם נשק, מערניט ווי באוויזן אט דעם וואס מאנט "קשׁ ותבן" און דערנאך זאגט ער וועט ער גיין צוריק, אז מ'וועט זיך שטעלן אויף דערויף, און מ'וועט זיך שטעלן בתוקף.

און מ'זאגט אים אויך דעם טעם (דאס איז שוין געדרוקט, ס'איז פאר קיינעם קיין סוד ניט, אויך ניט פאר אוה"ע), אז דאס עפנט אויף הארץ לפניהם, וואס ער ווייס אז דאס איז זיין אמת'ער טעם; מ'וועט דאס ניט מגלה זיין, "אל תפתח פה" - אט דאס איז זיין טעם.

און וואס לײדער האט מען אלץ געטאן אז דער טעם זאל ער זען איז מצליח, ווארום דער ערשטער נאכגעבן - האט געבראכט א צווייטן נאכגעבן, און א דריטן נאכגעבן, ביז דעם מעמד ומצב וואס מ'שטייט איצטער.

און רח"ל היל"ה, דער "עוצו עצה", וואס מ'איז זיך נאך מתייעץ אויף מכאן ולהבא: וואס זאל מען נאך צונעמען אין א שלב ראשון שלאחרי מוצאי שבה, און וואס זאל מען צוגרייטן אויף א שלב שני, וכו' וכו' - וואס אין כאן המקום להאריך בזה ולצער בזה, ובפרט נאך פון "אל תפתח פה".

ויהי רצון אז די מחאה זאל העלפן, אז עכ"פ זאל מען יוצא-זיין מיט די ענינים של נסיגה ונפילה וואס איז געווען ביז איצטער.

וואס דאס וועט מכריח זיין, וויבאלד אז "מצוה גוררת מצוה" - אז מ'וועט אנהויבן פארריכטן אויך אט די נסיגות און נפילות וואס מ'האט געטאן ביז איצטער.

און ווי געמעדט כמ"פ: ס'איז דא מענטשן וואס ווילן איינרעדן, אז ס'איז שוין סיי-ווי פארפאלן, במילא איז וואס קען מען טאן?

זאל מען ווייסן זיין: מ'לעבט אין א וועלט אז ס'איז ניטא קיין זאך וואס איז פארפאלן.

ביז וואנענט, אז אויך אין ענינים גשמיים: מ'וועט זיך שטעלן בתוקף - וועט מען באקומען צוריק אט דאס וואס געהערט אידן ע"פ תורה, און באקומען דאס בדרכי נועם ובדרכי שלום, און אין וועגן און אופנים ווי ס'איז מותר אין זמן הגלות, וואס דעמולט איז אין מלך בישראל און אין סנהדרין בישראל מיט אלע פרטים - ס'איז אבער דא וועגן פון שבעה טובי העיר מיט פסקי דינים פון שו"ע, וואס "התורה זו לא תהי' מוחלפת" סיי אין חו"ל סיי אין א"י.

און אט דאס ווערט די הכנה קרוב "שתהיו עמלים בתורה", ובפרט ווי געמעדט פריער אז מ'וועט דאך גלייך פון דער התוועדות אנהויבן טאן אז עס זאל זיין "עמלים בתורה" יעדערער בנוגע צו זיך.

ובפרט בנוגע צו קינדער, וואס דעמולט איז "מפי עוללים ויונקים יסדת עוז גו' להשבית אויב ומתנקם" - וועט דאס "להשבית", וועט דאס מאכן א ביטול, אז מ'וועט גאר ניט דארפן אנקומען לידי ענינים בלתי-רצויים; עס וועט זיין געגוג אז מ'האט דעם נשק - מ'וועט אים ניט דארפן נוצן.

עס וועט זיין דער "ונתתי שלום בארץ" הקודש; "ונתתי שלום" בכל מקום וואו אידן געפינען זיך בכל מושבותיהם, בתכלית השלום ווי עס קען זיין אין ימי הגלות, וואס אויך דעמולט איז "לכל בני ישראל הי' אור במושבותם", וואס דאס איז געווען ווען אידן זיינען נאך געווען אין מצרים.

בשעת פרעה איז געווען בתקפו,

און דעמולט וועט זיין די הכנה קרובה, ווי ס'איז דעמולט געווען, גלייך אין א פאר טעג נאך דערויף איז "ובני ישראל יוצאים ביד רמה", "כימי צאתך מארץ מצרים - אראנו נפלאות", בביאת משיח צדקנו,

יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו.

* * *

אד"ש (מראה על היד עוה"פ): יש כאן ששה אצבעות ישנם ברואים כאלה (בחיוך) אבל עם ישראל (הם) כפי שהקב"ה רצה... (ראה קידושין כ"ד סע"ב) ואד"ש הצביע כלפי ידו של הקב"ה (כביכול) ואמר: גם כאן חמשה אצבעות...

(בקשר לציור של תפילין): אבל הרי יש שכותבים הכתוב בלא כ', אבל אדה"ז כותב בכ'.

ניגש להתמונה של "כרובים" ואמר: צריך להיות צורה של תינוקות בלי זקן, וגם הפנים בכלל צריך להיות לא של מבוגד אלא של תינוק. (שהרי כתוב שהי' להם פנים כמו של תינוק) וגם כן הכנפיים צ"ל סוככות על הארון - ל' הכתוב כנפיהם סוככות על הארון (הכפורת), לא למעלה כ"א למטה. (נ"א: מדוע הכרובים לא סוככים בכנפיהם גם למטה הרי לשון הכתוב הוא "סוככים בכנפיהם" ומשמע בין מלמעלה ובין מלמטה).

ניגש להתמונה של "כנור" ואמר: (בקשר להנימין) - צריך להיות שבע או עשרה לפעמים גם ארבעה אבל לא ששה. (ראה ילקוט תהילים, פ' לג).

ניגש להתמונה של תפילין וציצית. והראה על התפילין של ראש ואמר: שצריכים להיות קווים לא רק למטה אלא גם למעלה. (נ"א: בה"של ראש" היו הפסים (המראים על ההבדל בין ד' הבתים) נראים רק מאחור אך לא מלמעלה, והעיר לו כ"ק אד"ש שהפסים צריכים להיות גם מלמעלה וגם מלפנים (א"א לראות צד זה כלל בציור) ומאחור).

**הנ"ל:** את זה כנראה עשיתי באמצע המלחמה.

**אד"ש:** של יוהכ"פ?

**הנ"ל:** כן.

ניגש להתמונה שבה מתואר כל העולם באופן חשוך והקליפה מתגברת, ומוסלמי עומד על מגדל, ויהודי עומד בצד עם נר. ואמר אד"ש: צריך להגביה היהודי שהוא יהי' למעלה.

**הנ"ל:** זה יהי' בזמן דלעת"ל - ועכשיו זמן הגלות.

**אד"ש:** צריך להתחיל בזמן הגלות.

ניגש להתמונה של "לבנה אדומה". ואמר אד"ש: אני לא עוסק בתכונה, אבל הלבנה א"א להיות בצורה כזאת במציאות.

**הנ"ל:** זה יכול להיות גם שקיעת השמש.

**אד"ש:** אז צריך להיות עננים. לא איכפת לי אם זה הלבנה אבל בכל אופן צ"ל בצורה שהיא ג"כ במציאות כך.

**אד"ש:** בהנוגע להציור של מוסלמי עומד על מגדל הנ"ל אין צריכים לחכות, כיון שנמצאים בחודש כסלו, אולי תצייר כאן (הצביע לעבר קצה העליון השמאלי של התמונה...) שיהי' למעלה מהמוסלמי.

**הנ"ל:** עוד השבוע אחקן.

**אד"ש:** איך שלא יהי' לכאן או לכאן אבל בכל אופן - למעלה גם במקום, גם בגשמיות.

**אד"ש:** ניגש לחדר קטן שם היו מונחות כמה ציורים.

**הנ"ל:** כאן הדברים הנוראים שלא רציתי להראות לא נמצא מקום... אד"ש נכנס לשם והביט על התמונות.

אח"כ חזר להביט על התמונות. וניגש לתמונה איך שאנשי אשור עובדים. (וכנ"ל לא הי' כתוב התוכן של התמונה).

**אד"ש:** אצל הציירים של מצרים הי' חוק לצייר (הראש) כאן והגוף במקום ההוא. (הערת המעתיק - שלא היו מציירים כל הגוף כנגד הרואה כ"א רק החזה משא"כ הראש הי' נוטה לצד כו'). איני יודע הפירוש אבל כך הוא המנהג שלהם בכל דור של מצרים שחלק החזה הוא מציירים כנגד הרואה כמו כאן (הראה על הציור). שהפנים כמו כאן והרגלים כמו כאן אבל חלק הזה (החזה) כמו איש הזה (הראה על הציור). (כוונת אד"ש: שבציור שעשה הי' שני אנשים א' נצטייר עם כל הגוף נגד הרואה משא"כ השני פניו ורגליו להצד משא"כ החזה (כמו ציור המצריים). ומכיון שהם מצריים הי' לו לצייר שני האנשים באופן זה. ע"כ) "וכיון שכאן הוא הדגשה שזה מצרי צריך להיות החזה כאן כי זה הנמשל שלהם שהם מציירים זה.

**הנ"ל:** זה מדבר על אשור.

ניגש להתמונה של "כרובים" ואמר אד"ש: יש כאן עוה"פ הבעי' של הכרובים - עם הפנים שזה איש מבוגר והכנפיים הם למעלה ולא...

ניגש להתמונה של הרבי הצ"צ בנר. (ונראה כמו נר של קרח שהקרח נמס). ואמר הנ"ל: לפני סוף הגלות.

**אד"ש:** אבל זה הרושם של קרח שזה נמס (כבר).

**הנ"ל:** כך צ"ל. זה רגע לפני הגאולה.

חזר לענין של הכרובים.

**אד"ש:** זה לא כמו הכתוב, אבל זה מסתמא מחסרון ידיעה מהכתובים ומאמרי חז"ל... החסרון הוא יותר דגוש שכל הנוצרים מציירים באופן כך.

**הנ"ל:** ואיך באמת צ"ל?

**אד"ש:** סוככים על הכפורת - כתוב מפורש בתורה! סוככים למטה - כתוב סוככים בכנפיהם על הכפורת. וכאן הם למעלה מהכפורת. אלא על הכפורת גופא "והמעל" גופא צריך.. וכפי... שאמרתי שכאן חסרון נוסף שזהו שיטת הנוצרים למה הם מציירים כך... צריך לא לישב רחוק, ככתוב, אבל לא באופן שזקופים אלא למטה יותר והעיקר שהכנפים צ"ל באופן ... יותר למטה על הכפורת. (נ"א: בהתמונה הנ"ל היו הכרובים נראים יותר גבוה מהאדרון, ואמר כ"ק אד"ש שכתוב "סוככים בכנפיהם מעל הכפורת" וכאן לא רק שהם למעלה מהכפורת, אלא על

רשימה פרטית בלתי מוגה

הכפורת גופא, בהמעלה גופא, בהחלק הכי עליון, והוסיף כ"ק אד"ש: וכפי שאמרתי שיש כאן חסרון נוסף שזוהי שיטת הנוצרים ואינני יודע למה הם מציירים כך, צריך להיות "פניהם איש אל אחיור" ככתוב, אבל לא באופן זקוף אלא למטה יותר, והעיקר שהכנפיים צריכים להיות למטה סוככים על הכפורת)

ניגש לאיזה תמונות ושאל אד"ש: מה יש כאן? - יש כאן כמה שקנו?

**הנ"ל:** כבר מזמן.

**אד"ש:** אתה צריך לפרסם שאתה מוכר אותם. השאר עכ"פ. יש כאן ג"כ מחיר קבוע בדולארים?

**הנ"ל:** אנשים התעלפו על המחירים (הגדולים) וע"כ לא רציתי לפגוע בבריאותם).

**אד"ש:** (בחיוך), צריך לעשות מודעה שזהו רק לאנשים בריאים... ולעשות המחירים על התמונות, בכדי שלא יטרידו אותך אח"כ (בעת מעשה)... (נ"א: תפרסם את זה בדדיו, וזה צריך להיות בחיאורי' כיון שהאנשים שיסתכלו לא יצטרכו לשאול).

**אד"ש:** זה הכל מה שיש? אין ציור של חסיד רוקד?

**הנ"ל:** יש.

**אד"ש:** איפה?

הראה לכ"ק אד"ש ציור איך שא' מלובש בכתר רוקד. ואמר אד"ש: זה נראה כמו שהולך בכתר! להכתיר את המלך, או מלאך, או א"ע, אבל אין שום ריקוד?

**הנ"ל:** ריקודי שמחה.

**אד"ש:** אבל זה נראה שהוא הולך בדרכו והולך עם הכתר למישהו הנמצא שם.

אח"כ אמר לו אד"ש: עכ"פ יש לך עוד זמן.. תעשה כמה ליטוגרפיות.

אח"כ ראה תמונה... ושאלוהו אד"ש: אם זה מירושלים.

**הנ"ל:** זה לא מדוייק זה קומפוזיצי'.

אד"ש (לר"י קרינסקי שי'): מען זאל מאכן א קטלוג מיט די פרייזעס פון די בילדער ופנה אל הנ"ל ואמר: שיעשה ציור איך שחסידים רוקדים.

**הנ"ל:** אני רציתי לנסוע מעיר לעיר ובתקוה שימכרו אחדים מהתמונות...

**אד"ש:** בוודאי בי"ט כסלו יהי' כמה אורחים מארה"ב וממדינות אחרות. אם תסתדר כאן שיהי' מסודר, אזי יסדרו המסדרים הכל מחדש, שיבקרו כאן ויהיו מוכנים ליטוגרפיות וצילומים, ויכול כ"א לקנות ולקחת למקומו, ובפרט כדאי שיהי' איזה ביאור עכ"פ ביאור קצר מתוכן הציור, וכן מה טוב ליתן למסקנא ציור ממצות מעשיות, מקום שמצוייר תפילין, ציצית, נרות שבת וכיו"ב, לבאר תוכן הציור כמו שיבוא,, והעיקר שאח"כ יהי' משהו שמקשר ציור מסויים למצוות מסוימות כמו תפילין, ציצית, כשרות, נרות שבת, שופר, אבל העיקר שיהי' ג"כ המחיר ויה"ר שיהי' בהצלחה. (נ"א: ואם תסדר עמהם שיהי' דבר מסודר לעשות צילומים ושכל אחד יוכל לקנותם, ולקחת את זה עמו למקומו, ובפרט שכדאי

<u>רשימה פרטית בלתי מוגה</u>

שיהי' איזה ביאור, עכ"פ ביאור קצר מתוכן הציור, וכן, הפועל, המביא לידי מסקנא בהנוגע לשעת מעשה).

אח"כ שאלוהו אד"ש: כמה ציורים חתמת "חברון". אבל ציור א' כתוב "קרית ארבע". צריך שיהי' כתוב "חברון". (נ"א: אד"ש אמר לו שישנה תמונה שחסר בה שם הצייר, וכן שיכתוב על התמונות "קרית ארבע").

תודה רבה על הנחת רוח, ויה"ר שיהי' בהצלחה הולכת וגוברת, (ומבורכת)

בשעה 4:30 לערך הלך אד"ש בחזרה ל-770. כשנכנס הביט ב"זאל" ואח"כ נכנס לחדרו הק'. אח"כ נכנס הנ"ל לכ"ק אד"ש ושהה שם זמן מה. אד"ש אמר לו שהתמונות מה שעשה ע"ע - שהם מראים על ענינים רוחניים יעשה אותם כמו שהם בגשמיות הדברים, שהרי לע"ל יהיו כל הענינים בגשמיות כפשוטו, ואין מקרא יוצא מידי פשוטו.

**אד"ש**: שאלוהו אם עשה איזה תמונות בהיותו כאן, וענה בשלילה, והטעם ע"ז מפני שהי' "מרה שחורה". ואמר אד"ש: שיעשה תמונה מציור של "מרה שחורה" ..

**רשימת דברי כ"ק אד"ש, בזמנים שונים, ה'תשל"ס.**

יום ה', י"ד כסלו: לאחר קידוש לבנה שאל כ"ק אד"ש את הריל"ג האם זה שהוא מגיע מאוחר מהאוהל לא גורם לביטול תורה, והאם הבחורים יושבים ולומדים לאחר תפלת מנחה, וענה הריל"ג שמסתמא לומדים! חייך אד"ש ושאל בלשון תמיהה "מ'לערענט טאקע?".

יום ד' כ' כסלו: קיבל ליחידות. בין הנכנסים היו כאלו שאד"ש שאלם מתי הם נוסעים וכשענו - אחרי חנוכה, רשם זאת אד"ש בפתק ולא נתן להם דולר. א' נכנס עם בניו ונכדיו, אד"ש נתן להם הדולרים וכשרצה לתת לנכד הקטן, ניגש הסב לקחת את הדולר ולהעבירו לילד, הרבי אמר לסבא שהילד די גדול בכדי לקחת לבדו, ע"כ הרים הסבא את נכדו והוא לקח את הדולר מידי אד"ש. אד"ש שאלו מתי הוא חוזר חזרה לאה"ק, השיב הנ"ל: לאחר כ"ד טבת, אמר לו אד"ש שיהי' בהתוועדות של חנוכה ואז הוא יקבל דמי חנוכה. לבסוף, לפני צאתו אמר הסב לרבי שכל הזמן הוא יהי' כאן, ענה הרבי ברוסית: לוצ'י קייעב'ו ניע נאייד'אש (פתגם האומר שיותר טוב מקייעב (רוסי') לא תמצא), היינו יותר טוב מכאן.

אח"כ נכנס הרב דיין מברזיל, ובקש מאד"ש ברכה לבריאות, אד"ש אמר לו: קבלתי את מכתבך לפני שבועיים (ונקב את התאריך) ושלחתי תשובה, אם עדיין לא קבלת את התשובה אענה לך עכשיו מפה לפה!.

אח"כ נכנס הרב יוסף בן חמו מארגנטינה ואמר לו אד"ש: מה בקשר לשני הבחורים היהודים שנעלמו בארגנטינה? האם זה מצד השלטון הקודם או מצד השלטון החדש? - מאיזה סיבה שזה הגיע, העיקר הוא שתתעסק בענין, אעפ"י שאי"ז לפי כבודו, אמנם הרי מצאנו ביבמות לגבי כהן גדול שהלך בדרך וראה שילד נפל על גג, נכנס הכה"ג והוציאו אעפ"י שאי"ז לפי כבודו ומישהו אחר הי' יכול לעשות זאת, בכ"ז הכהן הגדול התעסק בזה, וגם כאן עד"ז הוא צריך להתעסק בזה. (נ"א - אד"ש: מה המצב דהיהודים במדינה שלו? הנ"ל: הם טערארישטן אד"ש: צריכים לחשוב אפילו על יהודי א'. והביא מגמ' יומא שפקו"נ דוחה כו').

כמו"כ כיון שאתה דורש דרשות בציבור, ע"כ רצוי שתדפיס את הדרשות, וכן להוציא ספרים. כמו"כ בנוגע לחמיו שהוא ג"כ דורש בציבור שידפיס את דרשותיו.

הנ"ל: חמי חולה והוא איננו יכול.

אד"ש: חמיך הוא "יעקע", אצלו הכל מסודר, והוא שומר על הבריאות, במילא שיסדר זמן גם עבור כתיבת דרשותיו.

אח"כ אמר כ"ק אד"ש להרב בן חמו מ-"פרו", (אחיו של הנ"ל) אתה דורש ג"כ ביום חול, וכיון שאתה נמצא במקומך ואתה בא מאירופה(?) ומכיון שזה שני מקומות נפרדים וה"הברה" היא אחרת, וקשה להבין אותך טוב, במילא תעשה "טייפס" (הקלטות) מהדרשות, בכדי שהקהל יתרגל לדרשות שלך.

יום ה' כ"א כסלו: קיבל ליחידות. בין הנכנסים הי' הר' ליווי ושהה אצל אד"ש כשעה וארבעים דקות, הוא סיפר לרבי אודות ביקורו האחרון ברוסי', בין רשימה פרטית בלתי מוגה

הדברים שסיפר לאד"ש: שהחסידים ברוסי' מסרו למסור לאד"ש שהם שרים ג"כ את הניגון "אתה הא-ל עושה פלא" וגם אומרים לחיים שאד"ש יהי' בריא, אד"ש בשמעו זאת פרץ בבכי...

רב בדרום אפריקה נכנס ליחידות, ואמר לו אד"ש: שישתדל שיהיו מנורות בשביל כ"א שנמצא בבית האסורים. וכן אמר לו אד"ש: שצא"ח יכול ללמוד ממנו בפעולותיו.

יום ב', זאת חנוכה: בעת ההתוועדות לאחר השיחה הב' הורה כ"ק אד"ש לעשות שבע ברכות והחתן ב.ג. עשה שבע ברכות, הר' י.ל.ש. ברך ברכת המזון ושכח לומר את המלים "שהשמחה במעונו", אד"ש רמז לו בידו הק' שטעה. לאחר השבע ברכות הביט אד"ש לעבר החתן עד שהוא אמר "לחיים". הר' ז. טייבל ניגש לאד"ש, אמר לחיים והתחיל לומר משהו, אולם אד"ש הראה לו בידו שקשה לשמוע עתה והורה לו לומר לחיים. בניגונים מחא בידיו הק' מחוזק ורמז בראשו הק' בחוזק להגביר השירה. רמז להר' ל. ביסטריצקי לומר לחיים.

אמר שבסוף ההתוועדות יעלו הטנקיסטין, יקבלו חבילת דולרים, יקחו 2$ לעצמם ואת השאר יחלקו לקהל 2$ לכאו"א, א' בהור דמי חנוכה והב' שיתנוהו לצדקה בשליחותו, והוסיף שמסתמא יתנהגו לפי הסדר הרגיל שיעלו בצד א' (מערב) וירדו בצד הב' (מזרח). הר' פ. מאצקין בקש ברכה מאד"ש, אמר לו אד"ש: "איר זאלט האבן א רפואה קרובה און א רפואה שלימה", אמר הנ"ל שרוצה תשובה, אמר לו אד"ש: תשובה זאלט איר טאהן מיט אייערע תלמידים און מושפעים, דאס איז די בעססע תשובה, אבער מתוך שמחה.

בתחילת חלוקת הדולרים חיפש אחד הר' וויינברג (שלוקח עבור הנשים) שיקח עבור עזרת נשים, הנ"ל ניגש ולקח, אח"כ ניגש עוד פעם ואמר שיש קהל גדול וזה לא הספיק, שאלו אד"ש באם צריך עוד, ענה הנ"ל כן!, נתן לו אד"ש עוד חבילה. א' מהקהל (כנראה אורח חדש) ניגש ואד"ש נתן לו חבילה של דולרים, ההוא נשאר לעמוד (כנראה לא הבין מדוע הוא מקבל חבילה שלימה ולא 2$), אד"ש אמר לו שיקח את הכסף ויחלק את זה לאנשים, אח"כ אמר הריל"ג "הם חושבים שנותנים את זה בשבילם, שיחלקו את זה". אד"ש שאל א' האם הוא נוסע למבצעים, ענה הנ"ל שלא!, הריל"ג לקח ממנו את חבילה הדולרים. כמו"כ שאל א' האם הוא מדריך או טנקיסט, ונתן לו חבילת דולרים. באמצע החלוקה אמר אד"ש לב. קליין שיודיע להם (הנ"ל עומד בצד מערב יותר) שהרבי מחלק רק לטנקיסטין ושהם יחלקו את זה לקהל.

אח"כ אמר שאלו שהיו צריכים לקבל משקה במוצאי סוכות ומוצאי שמח"ה ולא קבלו מפני סיבות שונות, או שלא היו או שלא ניגשו, שיגשו עתה ויקבלו, ושוב גם כאן שיגשו רק אלו שלא קבלו כי בתוספת אין שום ענין וכו'. שוב התחלו ניגשים הרבה אנשים ואד"ש נתן לכאו"א בקבוק קטן של משקה. ניגש הר' פרידמאן מאיטליא, אד"ש שאלו האם הילד קיבל חנוכה געלט, ענה הנ"ל כן!, והוסיף שהוא בעצמו עדיין לא קיבל, שאלו אד"ש למה לא? ענה הנ"ל שבנו יתן לו, אמר לו אד"ש שלא יקח את של בנו אלא אחרים. כמו"כ ניגש עולה מרוסי' לקבל משקה, אד"ש נתן לו בקבוק וחייך אליו.

באמצע נגמר המשקה, אד"ש אמר לאחרון שניגש שעוד מעט יהי' עוד ושאל את הריל"ג אם יש עוד, כן רמז בידו הק' להריל"ג אם יש עוד משקה, הריל"ג ניגש למ.ה. ושאלו באם יש עוד משקה, אולם לא הי'. ובנתיים ציווה לנגן: האפ קאזאק ובעת השירה מחא בכפיו הק' בחוזק. בתוך הניגון שוב רמז להריל"ג באם יש עוד משקה והריל"ג רמז שאין עדיין. ציווה לנגן: ניגון הכנה וד' בבות

רשימה פרטית בלתי מוגה

(רמז באצבעו: בבא הד' פ"א) אח"כ רמז לשיר ניע זוריצ'י, ובאמצע הניגונים רמז שוב להריל"ג באם יש עוד בקבוקים. החחיל לנגן בעצמו ניעט ניעט... ובאמצע הביאו עוד משקה בבקבוקים גדולים, הריל"ג חילק זאת לחוך בקבוקים ריקים של יין, אח"כ הביאו עוד בקבוקים קטנים ולאחר שגמרו לשיר ניעט ניעט רמז הריל"ג לרבי שיש עוד משקה ואד"ש המשיך לחלק זאת.

הר' ווילענקין מנחלת הר חב"ד באה"ק ניגש לאד"ש יחד עם בנו ואמר לאד"ש משהו אודות בנו, אד"ש נתן לו בקבוק משקה ובנו נשאר לעמוד ע"י אד"ש, אד"ש הראה לו באצבעו שילך אחר אביו, אך הילד נשאר לעמוד כי לא הבין, הריל"ג ניגש ומשכו ואד"ש חייך. אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה, החחיל לנגן כי בשמחה חצאו וקם ממקומו. בדרכו עמד הר' שלום בער (סידני) העכט, אד"ש הביט עליו ב"פ ושאלו באם הוא קיבל חנוכה געלט, הנ"ל השיב שלא!, והריל"ג נחן לאד"ש דולרים, אד"ש נתן $2 להר' העכט וכן לבנו $2, כל הזמן רמז בידו הק' להגביר השירה.

<u>יום א'</u> <u>נר</u> <u>ז'</u> <u>דחנוכה,</u> <u>ב'</u> <u>דר"ח</u> <u>טבת</u>: כ"ק אד"ש ירד לחפלח מנחה ואמר שיחה לחלמידי כתוח הראשונות דהישיבות, ולדחלמידי "של"ה" שי'.

לפני שאד"ש ירד מהבמה ניגש ד"י מישיבח "תורה ודעת" ושוחח עם אד"ש במשך כמה דקות, אד"ש החכופף אליו ושוחח עמו. אד"ש אמר לו שיחנך את החלמידים שלו בצורה טובה וכיון שהוא כהן "תומיך ואוריך לאיש חסידיך", שיחנך אותם בכזה אופן, וכן שיהי' מעלין בקודש כי גם בקדושה צ"ל עלי'. כשנכנס כ"ק אד"ש לתפלח ערביח, בהכנסו הביט במבט חזק לעבר החנוכי', הר' מ. הארליג ניגש לאד"ש ואד"ש אמר לו שאי אפשר להבחין בין השמש לשאר הנרות, א' שם נר חדש על השמש ואד"ש עשה בידו הק' כעין ביטול.

<u>יום</u> <u>ד'</u> <u>י"א</u> <u>טבת</u>: אחרי תפלח מנחה עמדו ע"י ג"ע הת' מר אורן מברזיל (שהי' אורח הדינר של ישיבת תומכי תמימים), הר' וויינברג והר' שבתי הלפרין.

אח"כ אמר הר' וויינברג לאד"ש שיש גם נוסעת, ברך אותה אד"ש בנסיעה טובה ובשמיעת בשו"ט והצלחה רבה, אח"כ פנה אד"ש להר' וויינברג ולהר' הלפרין ואמר להם איר האט דאך קאמישען. אח"כ ברך שאר הנוסעים בנסיעה טובה ובשמיעת בשו"ט.

בג"ע הת' שאל אד"ש את ריל"ג באם יש לבנה, יצא לקידוש לבנה, באמירת שלום עליכם חיפש את מר רוזן ואמר לו שלום עליכם.

<u>יום</u> <u>ג'</u> <u>כ"ד</u> <u>טבת</u>: לפני שאד"ש נסע לביחו קרא להר' מ. פלר (שנוסע לושינגטון לסנאטור ממינסוטה רודי בושוויץ - שהחקרב לחסידי חב"ד במינסוטה ע"יד ר' מ. פלר) ונתן לו שני חלקי תולדות אדה"ז - באנגלית, כשיצא פנה אד"ש לבנו של ר' מ. פלר ושאלו באם גם נוסע לושינגטון וכשענה בחיוב נתן לו אד"ש כמה מטבעות כדי לחת לצדקה שם, אח"כ ברך אותם בנסיעה טובה ובשמיעה בשו"ט.

<u>יום</u> <u>ד'</u> <u>כ"ה</u> <u>טבת</u>: אחרי תפלת מנחה עמדו ע"י ג"ע הת' משפ' אורן מברזיל, אמר להם אד"ש (באנגלית): תודה רבה על עזרחכם (במוסדות חב"ד שם), ושיהי' לו הצלחה בעבודתו ובהפצה היהדות, כאן ושם, ושיהי' נח"ד ובשו"ט.

הר' וויינברג אמר לאד"ש שאחותו של מר אורן גם נוסעת היום, ואמרה שמבינה צרפחית, אמר אד"ש את הנ"ל בצרפתית, אח"כ שאל אד"ש בחיוך: אין וואס

<u>רשימה</u> <u>פרטית</u> <u>בלתי</u> <u>מוגה</u>

